יידישער וויסנשאפטלעכער אינסטיטוט
עקאנאמיש־סטאטיסטישע סעקציע

# שריפטן
## פאר
# עקאנאמיק און סטאטיסטיק

ערשטער באנד

רעדאַקטאָר

יעקב לעשצינסקי

בערלין * 1928

קאָאָפּעראטיווער פארלאג „קולטור־ליגע“ — וואַרשע

# פון דער רעדאקציע

דער ערשטער באנד „שריפטן" פון דער עקאנאמיש־סטאטיסטישער סעקציע ביים יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט האט אויף זיך לאנג געלאזטווארטן. און ס'איז קיין חידוש ניט — ס'איז גענוג א קוק טוען אויפן אינהאלט, כדי צו זעהען, אז צוויי דריטל פון גאנצן באנד זיינען געשריבן פון רעדאקטאר און פון רעדאקציע־סעקרעטאר, און דאס הייסט, אז דער גרעסטער טייל מאטעריאלן פאר'ן באנד „שריפטן" זיינען געווארן באארבעט און צוגעגרייט אין סעקציע גופא. דאס איז אבער געטוען געווארן ניט מחמת מיר האבן געוואלט פארכאפן דעם באנד און האבן ניט געגעבן קיין פלאץ פאר זייטיגע מיטארבעטער. אלע מיטלען זיינען אנגענומען געווארן אויף צוציען וואס מער דרויסנדיגע מיטארבעטער, און מיט א רוהיגן געוויסן קאנען מיר זאגן, אז מיר האבן דערגרייכט דעם מאקסימום, וואס ס'איז מעגליך בא אונזער ארימקייט אין עקאנאמיש־סטאטיסטישע קרעפטן. די סיבה איז גאר א אנדערע און זי ליגט אין דער טבע פון דעם געביט, וועלכן אונזער סעקציע קומט אויס צו באארבעטן.

בא די אומות העולם ווערט סטאטיסטיק געזאמלט, באארבעט און פארעפנטליכט פון מלוכה'שע, שטאטישע און אנדערע געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס און ארגאניזאציעס. דער מאטעריאל איז קאנצענטרירט אין א באשטימטער צאל אויסגאבעס און אין א באשטימטער שפראך. דעם פריוואט־געלערנטן איז גרינג צוקומען צו דעם דאזיגן גרייטן און מערסטנטיילס פון די בעסטע ספעציאליסטן באארבעטן און קלאסיפיצירטן מאטעריאל און אים אויסנוצן פאר זיינע וויסנשאפטליכע צוועקן. בא אונז פעלן אינגאנצן אזעלכע אינסטיטוציעס — אונזערע גרעסטע צענטראלע אלוועלטליכע ארגאניזאציעס זיינען,ליידער, נאך ניט דערוואקסן צום געדאנק פון שאפן א סטאטיסטישע צענטראלע. און אויב די סטאטיסטיש־עקאנאמישע סעקציע קאן דערווייל ניט פרעטענדירן אויף אזעלכע שווערע אונטערנעמונגען ווי זעלבשטענדיג זאמלען סטאטיסטישע מאטעריאלן אדער באארבעטן רויע מאטעריאלן פון די סטאטיסטישע ארכיוון אין פארשיידענע מלוכות און לענדער, ווייל אויף דערויף זיינען נויטיג גאר גרויסע פינאנציעלע און ארגאניזאטארישע כחות, האט זי אויף זיך גענומען א באשיידענערע, אבער נאך אויך גענוג שווערע און קאסטבארע אויפגאבע — צונויפטראגן, סיסטעמאטיזירן, קלאסיפיצירן, באארבעטן און פארעפנטליכן דעם סטאטיסטישן מאטעריאל איבער אידן, וואס איז צעזייט און צעווארפן איבער הונדערטע אויסגאבעס אין צענדליגע שפראכן. אט די דאזיגע, דוכט זיך, באשיידענע ארבעט פאדערט גאר, גאר אסך צייט, כחות און מיטלען, קאן ניט אויסגעפילט ווערן פון א פריוואט־פערזאן און מוז געמאכט ווערן דורך א אינסטיטוציע, ספעציעל פאר דעם צוועק געשאפן.

די „שריפטן", וואס ליגן פאר'ן לייענער, נויטיגן זיך ניט אין קיין הקדמה, כדי אויפצוקלערן זייערע אויפגאבעס און צילן. די „שריפטן" זיינען א המשך פון די „בלעטער פאר אידישע דעמאגראפיע, סטאטיסטיק און עקאנאמיק" און די רעדאקציע וועט שטרעבן פארטצוזעצן און ווייטער אנטוויקלען די יונגע וויסנשאפטליכע טראדיציעס פון די „סטאטיסטישע בלעטער". זיינען דאך פאקטיש, ווי באקאנט, אויך די „סטאטיסטישע בלעטער" רעדיגירט געווארן פון דעם זעלבן רעדאקציע־באשטאנד, ווי די איצטיגע „שריפטן".

דער באנד „שריפטן", וועלכער איז געווען געפלאנט אויף 25 בויגן, איז זיך צעוואקסן און פאר־מאגט גאנצע 38 בויגן. דערביי זיינען די צוויי וויכטיגסטע אפטיילן — די איבערזיכטן און די ביבליא־גראפיע — שטארק פארקירצט געווארן צוליב דוחק אין פלאץ. ס'האט זיך בכלל ארויסגעשטעלט, אז די „שריפטן" קאנען ניט אזוי אפט ערשיינען, אז זיי זאלן זיין ביכולת אויספילן די מיסיע פון פארעפנטליכן לויפנדיגע נויטיגע סטאטיסטישע מאטעריאלן. פאר דעם דאזיגן וויכטיגן צוועק מוז געשאפן ווערן א ספעציעלער פעריאדישער ארגאן, וואס זאל דינען אויסשליסליך דער פראקטישער נויט אין אביעקטיווע סטאטיסטישע מאטעריאלן וועגן אידישן לעבן. און די „שריפטן" זאלן זיין געווידמעט נאר גרעסערע פארשונגען און שטודיעס. שאפן אזא פעריאדישן ארגאן וועט זיין די ערשטע און נאענטסטע אויפגאבע פון דער סעקציע, ניט אפשטעלנדיג דערביי דאס צוגרייטן פון צווייטן באנד „שריפטן".

די ארטיקלען פון ד"ר י. ברוצקוס און פראפ. ברעזשנא זיינען איבערזעצט פון רוסיש. די אר־טיקלען פון ד"ר ר. בעקער, ד"ר מ. י. גוטמאן, ד"ר רודאלף וואסערמאן און ד"ר נ. מ. געלבער זיינען איבערזעצט פון דייטש. אלע איבעריגע ארטיקלען זיינען געשריבן אין אידיש.

צום באדויערן, איז צוליב טעכנישע סיבות די אָרטאָגראַפיע פון דאזיגן באנד „שריפטן" ניט ענליך צו דער אָרטאָגראַפיע פון אלע איבעריגע אויסגאבעס פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט.

די רעדאקציע האלט פאר איר אנגענעמען חוב אויסצודריקן איר טיפסטן דאנק די ה"ה פראפ. סיירוס אדלער (פילאדעלפיע), ד"ר בערנהארד קאהן (בערלין) און ד"ר דזשייקאָב ביליקאָפף (פילאדעלפיע), וועלכע האבן ארויסגעוויזן א אויסערגעוויינליך ווארימע אויפמערקזאמקייט צו די צילן און ארבעטן פון דער רעדאקציע און האבן מעגליך געמאכט דאס ערשיינען פונם 1־טן באנד „שריפטן".

בערלין, אקטאבער 1928

# אינהאלט

## ערשטער טייל: פארשונגען און שטודיעס



## צווייטער טייל: איבערזיכטן און נאטיצן



## דריטער טייל: ביבליאגראפיע

# די אנטוויקלונג פון אידישן פאלק פאר די לעצטע 100 יאר

יעקב לעשצינסקי

# Das jüdische Volk im Wandel der letzten Hundert Jahre

von **Jakob Lestschinsky**

## אריינפיר

צוויי פּראָצעסן כאַראַקטעריזירן אַם בולטסטן די אַנטוויקלונג פון אידישן פאָלק אין לעצטן יאָרהונדערט — איבערוואַנדערונג און איבערשיכטונג. עקספּאַנסיע און קאָנצענטראַציע — דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער איבערוואַנדערונג; אויפקום פון נייע קלאַסן און קלאַסן־דיפערענציאַציע — דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער איבערשיכטונג. ביידע פּראָצעסן האָבן זיך איינצייטיג אָנגעהויבן, זיינען פּאַראַלעל געוואַקסן און האָבן געגנזייטיג שטאַרק באַווירקט און באַאיינפלוסט איינער דעם אַנדערן.

דער פּייף פון ערשטן לאָקאָמאָטיוו אין דער וועלט — 1825 — האָט ווי אָנגעזאָגט די בשורה ניט נאָר פונם קומענדיגן קאָלאָסאַלן ניט באַקאַנטן אין דער געשיכטע וואוקס פון דער מענשהייט, פון איר פאַרשפּרייטונג איבער נייע וועלט־טיילן און פון אומגעהויערן וואוקס פון עקאָנאָמישע און קולטורעלע רייכקייטן, נאָר אויך פון דער אָנקומענדיגער רעוואָלוציע אין לעבן פון קליינעם אידישן פאָלק, פון זיין שנעלן כמותדיגן וואוקס, פון זיין פאַרשפּרייטן זיך איבער דער גאָרער וועלט און פון זיין טיפן סאָציאַלן איבערבוי.

דער קאָלאָסאַלער קוואַנטיטאַטיווער וואוקס פון אידישן פאָלק, וואָס האָט ניט זיינסגלייכן אין דער אידישער געשיכטע; דער אונטערגאַנג פון דער פּוילישער פּריציש־שליאַכטישער ווירטשאַפט־סיסטעם און פון דעם לייב־אייגנטום אין גאַנץ מזרח־אייראָפּע; דער שנעלער וואוקס פון קאַפּיטאַליזם אין מיטל־ און אין מזרח־אייראָפּע, וועלכער האָט געשאַפן אַ סך נייע פּרנסות און נייע באַשעפטיגונגען, האָט אָבער אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס אָפּגעשאַפט פאַרמיטלער־קוואַלן פון חיונה, פון וועלכע די גרעסטע מערהייט פון אידישן פאָלק האָט געלעבט, — אָט די דאָזיגע אַלע סיבות האָבן געטריבן גרויסע מאַסן אידן צו בייטן זייער געאָגראַפישן אָרט, ווי זייער סאָציאַלן פּנים, האָט זיי געצוואונגען זוכן אי נייע פּלעצער אין דער וועלט, אי נייע באַשעפטיגונגען אין דער געזעלשאַפט.

די מעכאַנישע און אינדוסטריעלע רעוואָלוציע, וואָס האָט אין משך פון 19־טן יאָרהונדערט ביזן טיפסטן גרונד פאַרענדערט די פיזיאָנאָמיע פון דער גאַנצער וועלט, וואָס האָט אומגעהויער פאַרגרעסערט די קאָמוניקאַציע־מעגליכקייטן און פאַרבונדן די ווייטסטע עקן פון דער וועלט, וואָס האָט איבערגעטראָגן דעם צענטר פון עקאָנאָמישן לעבן פון דאָרף אין שטאָט, וואָס האָט בכלל די שטאָטישע קלאַסן געמאַכט פאַר די הויפּט־טרעגער פון דער מענשליכער געשיכטע, — אָט די דאָזיגע רעוואָלוציע האָט אויך מעגליך געמאַכט די אידישע פאַרשפּרייטונג איבער דער גאָרער וועלט, די אידישע גרויס־שטאָטישקייט און קאָמפּאַקטקייט, דאָס שטייגן פון די אַלטע אידישע קלאַסן צו דער מדרגה פון הערשנדיגע גרופּעס, ווי דאָס אויפקומען פון נייע קלאַסן, סאָציאַל אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע. די דאָזיגע אורבאַנישע רעוואָלוציע האָט פאַרגרעסערט אומגעהויער דעם ווירקונג־קרייז און די איינפלוס־וואָג פון דער עלטסטער אין שטאָטישסטער נאַציע אין אייראָפּע, האָט געעפנט קאָלאָסאַלע מעגליכקייטן פאַר די אַקומולירטע אין אידנטום פינאַנסיעלע און האַנדל־פעיִקייטן און ערפאַרונגען און האָט געשאַפן אַ קאָלאָסאַלן ווירקונג־פּלאַץ פאַר דער אידישער פיזישער באַוועגליכקייט און פּסיכישער רירעוודיגקייט.

נאָך הונדערטער יאָרן פון בלאָנדזשען און פּלאָגן זיך ווי אַ פרעמד שטאָטיש פאָלק צווישן אַגראַר־דאָרפישע נאַציעס, ווי אַ פאַרמיטלער־וואַנדערענדיג פאָלק צווישן פעסט איינגעזעסענע, ווייניג באַוועגליכע, צום באָדן צוגעבונדענע און פון באָדן חיונה ציִענדיגע פּריציש־פּויערשע פעלקער, האָט דאָס אידישע פאָלק ענדליך אין 19־טן יאָרהונדערט זיך דערפילט אין דער מאָדערנער שטאָט אין זיין שאַפונג־סטיכיע, אין זיין ווירקונג־ספערע. זיינע „פאַרשאָלטענע" פּרנסות און באַשעפטיגונגען, פאַר וועלכע אים איז אויסגעקומען אויסצושטייען אַזוי פיל עִנוּיים קשים, זיינען דערהויבן געוואָרן צו העכסט נוצליכע נאַציאָנאַל־מלוכה׳שע פונקציעס, און דער איד האָט זיך דאָס ערשטע מאָל אין גלות דערפילט אין דער היים, זיך דערפילט גלייך באַרעכטיגט אויף לעבן און שאַפן, גלייך באַרעכטיגט אויף מאַכט און קאַמף, גלייך באַרעכטיגט מיט די ניי אויפגעקומענע קלאַסן, צו וועלכע ער האָט זיך באַהעפט, מיט וועלכע ער האָט פאַרבונדן זיין גורל. נאָך שטאַרקער איז געווען דאָס דאָזיגע היים־ און גלייכבאַרעכטיגונג־געפיל בײַ די ניי אויפגעקומענע אידישע שטאָטישע פּראָלעטאַרישע קלאַסן, וועלכע זיינען צוזאַמען געוואַקסן מיט די זעלביגע קלאַסן בײַ די אַרומיגע פעלקער, צוזאַמען מיט זיי דורכגעמאַכט דעם שווערן וועג פון פאַריער־באַנצע־שווייגס צו אַ אָרגאַניזירטן קעמפנדיגן, באַוואוסטזיניגן קלאַס מיט אַלמענשליכע, די וועלט איבערבויענדיגע אידעאַלן.

ערשט אין דער ספערע פון דער מאָדערנער שטאָטישער דיפערענצירטער געזעלשאַפט, וואָס אין איר שאַפן האָט דער איד אַזאַ גרויסן חלק, האָט ער זיך געקאָנט דערפילן בירגער־גלייך און קלאַסן־גלייך. דאָס איז אָבער געווען אויסגעשלאָסן אין פּריצישן מאַיאָנטעק און אין פּויערשן דאָרף, אין די דאָזיגע צוויי אָפּגעצוימטע פון דער וועלט, אין זיך איינגעשלאָסענע פּרימיטיווע ווירטשאַפט־אָרגאַניזאַציעס, וואו דער איד האָט געקאָנט אויף אַ ווײַלע צונויף קומען, האָט געקאָנט אויסשפּילן אַ סאָציאַל־נויטווענדיגע פונקציע, אַ שעדליכע אָדער נוצליכע פאַר דעם אָדער יענעם קלאַס, האָט אָבער ניט געקאָנט אָרגאַניש

צוזאַמענהאַקסן מיט העמען ס׳ניט איז פון די צוויי געגנגעזעצטע קלאַסן, האָט ניט געקאָנט אָרגאַניש זיך באַהעפטן צו איינעם פון זי, ווייל איינער איז געשטאַנען צו הויך און דער צווייטער צו נידריג. צום ערשטן איז ניט מעגליך געווען צוצוקומען און צום צווייטן האָט ניט געלוינט. ניט האָבנדיג קיין פּלאַץ אין די דאָזיגע קלאַסן, האָט דער איד זיך אַריינגעשפּאַרט צווישן די דאָזיגע צוויי קלאַסן. אין די דאָזיגע צווישן־קלאַסנדיגע פּאָזיציע פון אידן, אָט די סאָציאַלע אויסנאַם־לאַגע זיינע, אָט די סאָציאַלע יחיד במינו׳דיגקייט האָט גורם געווען אין דער טראַגישקייט פון דער אידישער לאַגע: דער איד האָט געמוזט בלייבן אַ פרעמדקערפּער ניט נאָר סאָציאַל, נאָר אויך פּאָליטיש און קולטורעל. אָט די דאָזיגע צווישן־קלאַסנדיגע פּאָזיציע, פאַרשטאַרקט דורך נאַציאָנאַלער פאַרשידנקייט און דורך פּאָליטישער און קולטורעלער אָפּגעפרעמדקייט, האָט אָפּגעקאָסט דעם אידן ניט ווייניג קרבנות און האָט אים געבראַכט ניט איינמאָל אויפן ראַנד פון תהום.

מיט דעם וואוקס פון שטאָטישע קלאַסן באַ דער אַרומיגער באַפעלקערונג, פון איין זייט, און פון סאָציאַל אונטערגעדריקטע עקספּלואַטירטע קלאַסן באַ אידן, פון דער צווייטער זייט, ווערט אָפּגעשאַפט אָט די טרויעריגע פּריווילעגיע פון סאָציאַלער אויסנאַם־לאַגע; דאָס אידישע פאָלק הייבט אָן ווערן פעלקער־גלייך — אַ דיפערענצירטער קאָלעקטיוו, וואָס האָט אין דער אַרומיגער באַפעלקערונג קלאַסן־פריינט און קלאַסן־פיינט, אַ דיפערענצירטער אָרגאַניזם מיט פאַרשיידנאַרטיגע סאָציאַלע פונקציעס, מיט אַ קאַמף צווישן די סאָציאַלע טרעגער פון די דאָזיגע פונקציעס.

אָט דער פּראָצעס פון ווערן סאָציאַל פעלקער־גלייך, אַ שווערער און קרענקליכער, וואָס ציעט זיך שוין הונדערט יאָר און איז נאָך הייט ניט פאַרענדיגט, דערקלערט אונז אויך די נאַציאָנאַלע געזעלשאַפטליכע באַוועגונגען באַ אידן אין לעצטן יאָרהונדערט: די אַסימילאַציע־שטרוימען פון דער אידישער גרויס־בורזשואַזיע וועגן פולשטענדיגן בטל ווערן בששים אין די אויסגעוואַקסענע באַ דער אַרומיגער באַפעלקערונג הערשנדיגע שטאָטישע קלאַסן; די ציוניסטישע חלומות פון אידישן מיטל־ און קליין־בירגערטום, וואָס האָבן אַם שטאַרקסטן געליטן פון דער קאָנקורענץ פון די ניי־אויפגעקומענע פאַרמיטלער־קלאַסן אין דער אַרומיגער וועלט; און דער קאַמף פון די אַרבעטנדיגע קלאַסן פאַר גלייכע נאַציאָנאַלע רעכט און גלייכן נאַציאָנאַלן ווערט.

מיר פּרובן אין אונזער ווייטערדיגער אַרבעט געבן אַ עסקיז פון דעם בנין־ווערק, וואָס דאַרף פאַרשטעלן און באַלייכטן די פאַרגעקומענע גרויסע און טיפע שנוים און ענדערונגען אין סאָציאַלן לעבן און געאָגראַפישער פאַרשפּרייטונג פון אידישן פאָלק, נאָר מאַטעריאַל און אַלגעמיינע קאָנטורן פון גרויסן בנין — די עקאָנאָמישע געשיכטע פון אידישן פאָלק אין לעצטן יאָרהונדערט,—ווייל די זאַמל־אַרבעט פון צוגיטראָגן ציגל צום גרויסן בנין האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. און די פאָרגעלייגטע אַרבעט באַטראַכטן מיר נאָר, ווי אַ צושטייער־פּלאַן און צושטייער־מאַטעריאַל צו דעם קומענדיגן בנין.

אין ערשטן טייל פון אונזער אַרבעט וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויפן וואוקס און פאַרשפּרייטונג פון אידישן פאָלק; אין צווייטן טייל וועלן מיר באַהאַנדלען די סאָציאַלע איבערשיכטונגען און די סאָציאַלע דיפערענציאַציע באַ אידן אין לעצטן יאָרהונדערט; און אין דריטן טייל וועלן מיר געבן אַ עקאָנאָמיש בילד פון איצטיגן אידנטום אויפן גרונד פון די לעצטע ציילונגען און פאָרשונגען.

די איבערוואַנדערונגען נעמען אַרום אַ גאַנצע רייע ערשיינונגען: דאָס אַריבערציען פון גרויסע אידישע מאַסן פון אַגראַר־אָפּגעשטאַנענע לענדער אין אינדוסטריעל־קולטורעלע, פון מלוכות מיט אַ סלאַווישער קולטור־הערשאַפט אין מלוכות מיט אַ דייטש־ענגלישער קולטור־הערשאַפט; פּאַראַלעל גייט אין די אַלטע וואוין־ערטער אַ ברייטערע פאַרשפּרייטונג איבערן לאַנד מיט אַ טענדענץ זיך קאָנצענטרירן אין די מער אינדוסטריאַליזירטע קאַנטן און אין די גרויסע שטעט; די אורבאַניזירונג, וואָס גייט שוין אין די אַלטע היימען אומעטום באַ אידן אַ סך שטאַרקער און אימפּעטדיגער, ווי באַ די אַרומיגע פעלקער, באַקומט אַ סך אַ אינטענסיווערן טעמפּ אין די נייע איינוואַנדערונג־לענדער, וואו די אידישע מאַסן ווערן כמעט אויסשליסליך *גרויס־שטאָטישע* איינוואוינער און דערביי זייער קאָנצענטרירט און קאָמפּאַקט. די קאָנצענטראַציע פון גרויסע אידישע קהילות אין די גרעסטע שטעט פון דער וועלט דערגרייכט אַ מדרגה, וועלכע מאַכט דאָס אידישע פאָלק פאַר די קאָמפּאַקטעסטע און גרויס־שטאָטישסטע נאַציע אין דער וועלט.

פון אַ קליין דריי־מיליאָניג פאָלק, וואָס איז געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער אומצאָליגע דערפער און שטעטלאַך, קליינטשקע, בטל־בששימדיגע אינזעלאַך, וואָס איז געווען פאַרשטופּט אין זיין גרעסטער מערהייט אין דעם עקאָנאָמיש, קולטורעל און פּאָליטיש אָפּגעשטאַנענסטן ווינקל פון דער וועלט — דרום־מזרח־אייראָפּע, קליין־אַזיע און צפון־אַפריקע, — זיינען אידן אין איינע הונדערט יאָר אויסגעוואַקסן צו אַ 15־מיליאָניגער נאַציע, וועלכע איז פאַרשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט, וועלכע איז געדיכט באַזעצט אין די אינדוסטריעל־אַנטוויקלטסטע לענדער, וועלכע איז גרויס־שטאָטיש קאָנצענטרירט און קאָמפּאַקט צונויפגענומען ווי קיין אַנדער פאָלק.

ערשט אינם לעצטן יאָרהונדערט איז באַשאַפן געוואָרן דאָס *וועלט־אידנטום*, איז אויפגעקומען די *גרויסע גרויס־שטאָטישע, גרויס־קהלות׳דיגע אידישע וועלט־נאַציע*. וואָרום אַזוי גרויס אין צאָל — 15 מיליאָן; אַזוי פאַרשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט—אין מער פון זעכציג מלוכות; אַזוי קאָמפּאַקט קאָנצענטרירט אין די גרעסטע שטעט פון דער וועלט — כמעט אַ דריטל פון אידישן פאָלק אין די 15 גרעסטע שטעט פון דער קולטורעלער וועלט, איז נאָך דאָס אידישע פאָלק קיינמאָל ניט געווען.

קאָנצענטרירט אין אַגראַר־לענדער, דאָרפיש־קליינשטעטלש, האָבן אידן אויסגעפילט די פונקציעס פון פאַרמיטלער צווישן פויער און פריץ און פון באַדינער פון די דאָזיגע צוויי הויפּטקלאַסן. דערמיט זאָל ניט געמיינט ווערן, אַז די עקאָנאָמישע פונקציעס זיינען געווען דער רעזולטאַט און ניט די סיבה פון דער דאָרפיש־קליינשטעטלשער צעוואָרפנקייט פון די אידישע מאַסן צום אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט. סלאַוויש־טערקיש לויט זייער מלוכה־אָנגעהעריגקייט, דאָרפיש־קליינשטעטלש לויט זייערע וואוין־ערטער, קליין־קרעמעריש, קליין־הענדלעריש לויט זייערע פּראָפעסיעס, האָבן 85—90 פּראָצענט פון אידישן פאָלק נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק געפירט אַ לעבן פון שרעקליכן דלות און אָרימקייט, אַ געטאָ־לעבן פון קנעכט, פון רעכטלאָזע פּאַריער, אָן יעדע אייגענע וועלטליכע קולטור, אָן אַ שום

שייכות, חוץ גאַנץ זעלטענע יחידי־סגולה, צו דער קולטור פון די אַרומיגע פעלקער, אָן יעדן צוזאַמענהאַנג מיט וועלכן ס'ניט איז קלאַס פון די אַרומיגע פעלקער, פרעמדע און פאַרהאַסטע, גערודפטע און געפּלאָגטע, — אַ דורכאויס'יגע ניט־פּראָדוצירנדיגע מאַסע, וואָס לעבט מאַטעריעל פון רעשטלאַך פונם טיש פון דער אַרומיגער באַפעלקערונג, קולטורעל פון רעשטלאַך פון דער אייגענער פאַרעלטערטער אַלטער קולטור און פּאָליטיש פון זכרונות, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין די תפלות.

פון די איבעריגע 10—15 פּראָצענט מערב־אייראָפּייאישע אידן האָט אַ גאַנצע העלפט געלעבט אין דייטשלאַנד, וואו נאָר אַ גאַנץ דינער שיכט באַנקירן און גרויס־הענדלער האָט געלעבט רחבות'דיג און געהאַלטן אין פאַקטישן באַהעפטן זיך צו דער אַרומיגער קולטור; די גרעסטע מערהייט אָבער דייטשע אידן האָט נאָך צוריק מיט הונדערט יאָר אויך געלעבט אַ קלאָגעדיג אָרים לעבן פון קליין־הענדלער און קליין־קרעמער אין דאָרף און אין שטעטל, פּאָליטיש רעכטלאָזע און קולטורעל אַ סך אָרימער פון זייערע מזרח־ברידער, וואָרום ש ו י ן אָפּגעריסענע פון די קוואַלן, זאָל זיין אָרימע און גענוג אויסגעטריקענטע, אָבער דאָך קוואַלן פון טויזנט־יאָריגע טראַדיציעס, זיינען זיי נ אָ ך געווען גאַנץ ווייט פון די קוואַלן פון דער דייטשער קולטור. דער דינער שיכט גרויס־בורזשואַזיע פון די דייטשע אידן האָט גיך געדאַרט און אָפּגעפאַלן, וואָרום דער יונגער דור האָט גאָר ניט געוואָלט זיך שטאַרק ברעכן דעם קאָפּ איבער אַ סינטעז צווישן אידישקייט און דייטשקייט און דורך טובלען זיך דערגרייכט אַלע זיינע אידעאַלן: אַ פרייען צוטריט צום אויפבוי פון דער נייער דייטשער מלוכה, מיט איר קאָלאָסאַל גיך אויפגעקומענער אינדוסטריע, מיט איר בליץ־שנעל אויסגעוואַקסענעם אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל, מיט איר פאַרצווייגטער רייכער קולטור און גרויסער פּאָליטישער מאַכט. צו גרויס און רייך זיינען געווען די פּערספּעקטיוון פון דער וואַקסנדיגער אַרומיגער וועלט, אַז דאָס שוואַכע דייטשע אידנטום זאָל קאָנען דעם נסיון ביישטייען, האָט עס טאַקי געמוזט בריינגען אויף דעם דאָזיגן מזבח די מערהייט פון זיינע בעסטע זין.

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך קלאָגעדיגער אין נאַציאָנאַלן זין האָט געמוזט זיין דער גורל פון די ענגלישע, פראַנצויזישע און איטאַליענישע אידן, וועלכע זיינען געווען ווייניגער אין צאָל, ווייטער פון די מזרח־אייראָפּייאישע אידישע צענטרען און דעריבער אויסגעטרוקנטער און פאַר'עקרה'טער, אויסגעשעפּטער און זאַפּטלאָזער. זיינען טאַקי די ענגלישע און פראַנצויזישע אידן געבליבן אומבאַפרוכפּערט אַפילו פונם צושטראָם פון די אידישע מאַסן פון מזרח־אייראָפּע — צו פאַרדאַרט זיינען די דאָזיגע צווייגן, זיי זאָלן מער אויפבליען, ווי אויף נדבות פאַר געליטענע פון פּאָגראָמען.

קליין אין צאָל הייסט כמעט כסדר שוואַך אין שאַפן; אָרים אין כמות מוז מאַכן אָרים אין איכות, באַזונדער ווען אונטער דעם וואָרט זאָל מען פאַרשטייען ניט נאָר קולטור־פרוכטן, נאָר אויך סאָציאַלע און פּאָליטישע אַנטוויקלונג. פאַר אַלע פעלקער, פאַר די מלוכה'שע, ווי מלוכה'לאָזע, בלייבט פעסט דער געזעץ, אַז וואָס גרעסער, אַלץ שטאַרקער, רייכער און שעפערישער; וואָס קלענער, אַלץ שוואַכער, אָרימער און פרוכטלאָזער. די צאָל באַשטימט סוף כל סוף דעם גורל פון יעדן קאָלעקטיוו. און אויב ס'זיינען פאַראַן ניט ווייניג ביישפּילן אין דער געשיכטע, ווען גרויסע כמות איז ניט צוזאַמענגעפאַלן מיט גרויסער איכות, זיינען אָבער ניטאָ קיין פאַרקערטע פאַלן, ווען קליינע כמות זאָל געבן גרויסע סאָציאַלע, פּאָליטישע און קולטורעלע איכות.

דער צאָליגער וואוקס פון אידישן פּאָלק אין לעצטן יאָרהונדערט באַווייזט, אַז ערשט באַ די נייע לעבנס־באַדינגונגען האָט די ביאָלאָגישע פּאָלק־ענערגיע אָנגעהויבן געבן רייכע פרוכטן; פון 1825 ביז 1925 האָט זיך דאָס אידישע פּאָלק כמעט פאַרפינפאַכט — אַ וואוקס אַנדערטהאַלבן מאָל גרעסער, ווי באַ דער באַפעלקערונג פון אייראָפּע, אַ וואוקס, וואָס אין דער אידישער געשיכטע איז ניטאָ זיינסגלייכן. און דערביי זיינען די דאָזיגע רעזולטאַטן דערגרייכט געוואָרן אויפן ראַציאָנאַלסטן אופן—דער עיקר דורך אַ שטאַרק פאַרקלענערטע שטאַרבליכקייט און ניט דורך אַ הויכע געבורטליכקייט.

ביים מלוכה'לאָזן עקסטעריטאָריאַלן אידישן פּאָלק איז די וויכטיגסטע פראַגע נאָך דער צאָל די קאָנצענטראַציע־פראַגע, די קאָמפּאַקטקייט־מדרגה.

קליינע ישובים, קליינע קהלות האָבן געקאָנט איינהאַלטן זייער נאַציאָנאַלן פּרצוף און אַנטוויקלען אייגענע און אייגנאַרטיגע לעבנס־פאָרמען נאָר באַ דער סאָציאַלער אויסנאַמלאַגע, וועלכע אידן האָבן פאַרנומען אין דער געזעלשאַפט פון פריציש־פּויערשן פּרימיטיוון לעבנס־סדר, נאָר באַ דער סאָציאַלער, פּאָליטישער און קולטורעלער איזאָלירטקייט, אין וועלכער אידן האָבן זיך געפונען ביז צוריק מיט הונדערט יאָר, נאָר באַ דער אינעווייניגסטער סאָציאַלער איינאַרטיגקייט און ניט־דיפערענצירטקייט, וועלכע האָט אויסגעטיילט און אָפּגעטיילט די אידישע גרופּע פונם גאַנצן אַרום. קליינע קהלות אָבער אין מאָדערנע גרויסע שטעט מיט זייערע פאַרפלייצנדיגע כוואַליעס פון סאָציאַלן קאַמף, פּאָליטישן געראַנגל און קולטורעלן ניוועלירן, באַ דעם אָרגאַנישן סאָציאַלן, פּאָליטישן און טייל־ווייז אויך קולטורעלן צוזאַמענוואַקסן פונם אידן מיט'ן פרעמדן אַרום, באַ אַ קלאַסן־דיפערענצירטער אידישער גרופּע, וואָס אירע פאַרשיידענע טיילן האָבן גאַנץ געגנגעזעצטע סאָציאַלע און פּאָליטישע צוציענדיגע און אָפּשטויסנדיגע סעקטאָרן אינם אַרומיגן געזעלשאַפטליכן קרייז, באַ אַזאַ סיטואַציע איז אַסימילאַציע אומפאַרמיידליך, איז בטל בששים ווערן דער איינציגער נאַטירליכער וועג און אויסוועג. גרויסע קאָמפּאַקטע געדיכטע מאַסן אָבער מוזן זוכן און שאַפן אייגענע לעבנס־פאָרמען, מוזן זוכן און געפינען וועגן פון קאָלעקטיוון שאַפן, פון קאָלעקטיוון אויסלעבן זיך, פון קאָלעקטיווער אַנטפּלעקונג און אַנטוויקלונג. געדיכטע מאַסן פון אַלטע געשיכטליכע אויסבילדונגען מיט הונדערט־דורותדיגע שיקזאַל־טראַדיציעס געפינען כמעט אינסטינקטיוו דעם גלייכגעוויכט צווישן דער נויטיגער מאָס פון צופּאַסונג צו דער אַרומיגער פרעמדער סביבה און נויטיגער מאָס פון קאָנסערווירן און איינהיטן אייגענע טראַדיציאָנעלע קולטור־פאָרמען און לעבנס־אייגנאַרטיגקייטן.

אויף דעם גרויסן כמות'דיגן וואוקס פון אידישן פּאָלק פאַרן לעצטן יאָרהונדערט און באַזונדערס אויף דער קאָלאָסאַלער פאַרמערונג פון דעם מזרח־אייראָפּייאישן אידנטום, אויף דער כמות'דיגער פאַרטיילונג פון אידישן פּאָלק איבער דער גאָרער וועלט, אויף דער פאַרענדערטער ראָלע פון פאַרשיידענע אידישע קבוצים, אויף דער כמות'דיגער קאָנצענטראַציע אין די גרעסטע שטעט פון דער וועלט און אויף דעם צונויפנעמען זיך פון אידנטום אין געדיכטע, קאָמפּאַקטע מאַסן, — אויף אָט די אַלע זייער אינטערעסאַנטע פראַגעס וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אין ערשטן טייל פון אונזער אַרבעט.

# I. וואוקס, פאַרשפּרייטונג און קאָנצענטראַציע

1

מיר מאַכן דאָ אַ פּרוב צו געבן אַ בּילד פון וואוקס פון אידישן פאָלק און פון זיין פאַרשפּרייטונג איבּער באַזונדערע לענדער, מלוכות און וועלט־טיילן פאַר הונדערט יאָר — פון 1825 בּיז 1925. מיר זאָגן אַ בּ י ל ד, מחמת מיר ווילן, אַז אַזוי זאָל מען אויפנעמען אינזער פּרוב, וואָס איז בכלל דער ערשטער פון אַזאַ מין.

גענויע דאַטן און ציפערן וועגן דער צאָל אידן אַפילו אין אונזער צייט זיינען ניט בנמצא. וועגן מער פון אַ דריטל פון אידישן פאָלק האָבּן מיר נאָר שאַצונגען און השערות. אָבּער די איצטיגע השערותדיגע אויסרעכנונגען וועגן דער צאָל אידן אין די לענדער, וואו די פאָלק־ציילונגען נעמען ניט אין בּאַטראַכט ניט די רעליגיע און ניט די פאָלקשאַפט פון די געציילטע, זיינען אין פאַרגלייך מיט די אַמאָליגע אָפיציעלע ציילונג־רעזולטאַטן ממש אַ אידעאַל.

ערשט ווען מען פאַרטיפט זיך אין דער גאַנצער גענוג רייכער ליטעראַטור איבּער דער צאָל אידן צו פאַרשיידענע מאָמענטן פון לעצטן יאָרהונדערט, זעהט מען, וואָס פאַר אַ שרעקליכער תהו ובהו ס'הערשט אינם דאָזיגן געבּיט. פאַראַנטוואָרטליכסטע אינסטיטוציעס און פערזאָנען פאַרעפנטליכן אָדער חזר'ן איבּער דאַטן און ציפערן, וואָס בּאַ דער מינדעסטער קריטישער בּאַציאונג מוזן זיי אַרויסרופן די גרעסטע ספקות. נאָר איינינע בּיישפּילן.

אין צענדליגע קוועלן קאָן מען געפינען די פאָלגנדיגע אָפיציעלע דאַטן וועגן דער צאָל אידן אין אַ ל ט ן ע ס ט ר י י ך:

| | |
|---|---|
| 1830 | 355,693 |
| 1850 | 476,423 |
| 1869 | 820,200 |

דער יאָרליכער צוואַקס איז אַלזאָ געווען בּאַ אידן:

| | |
|---|---|
| פון 1830 בּיז 1850 | 1,70 % |
| „ 1850 „ 1869 | 3,80 % |

בּאַ דער גאַנצער בּאַפעלקערונג איז דער צוואַקס פאַר די אַנטשפּרעכנדיגע צייט־אָפּשניטן געווען 0,81% און 0,76%.

דער נאַטירליכער צוואַקס בּאַ אידן איז געוויס געווען אַבּיסל גרעסער, ווי בּאַ דער אַרומיגער בּאַפעלקערונג, וואָרום בּאַ אידן איז שוין צו יענער צייט די שטאַרבּליכקייט געווען קלענער, אָבּער ס'איז אַבּסאָלוט אויסגעשלאָסן, אַז ער זאָל זיין פ י נ ף מאָל גרעסער, ווי ס'בּאַקומט זיך אין די יאָרן פון 1850 בּיז 1869. אַזוי ווי קיין איינוואַנדערונג פון אידן פון אַנדערע לענדער קיין עסטרייך איז געוויס אויך ניט געווען און, פאַרקערט, ס'איז געווען אַ קליינע אויסוואַנדערונג פון גאַליצישע אידן קיין דייטשלאַנד, פאַלט אויך אָפּ די מעגליכקייט פון אַ מ ע כ אַ נ י ־ ש ע ר פאַרגרעסערונג פון דער צאָל אידן.

אָט איז נאָך אַ בּיישפּיל. לויט די אָפיציעלע דאַטן פון דער רוסישער רעגירונג איז אין ק אָ נ ג ר ע ס ־ פּ ו י ל ן געווען אידן:

| | |
|---|---|
| 1816 | 213,000 |
| 1831 | 373,000 |
| 1846 | 558,000 |
| 1855 | 566,000 |

ס'בּאַקומט זיך אַן אַבּסורד, וואָס וואַרפט זיך יעדן אין די אויגן: אין די ערשטע 15 יאָר אַ יאָרליכער צוואַקס פון 5,0%; אין די צווייטע 15 יאָר פון 3,3% און אין די לעצטע אַכט יאָר— אַ נישטיגער צוואַקס פון 0,16%. ס'איז קלאָר, אַז די דאַטן פון אַלע דריי צייט־אָפּשניטן זיינען פאַלשע, וואָרום ס'זיינען ניט בּאַקאַנט אַזעלכע פאַקטן, וועלכע זאָלן האָבּן געהויבּן דעם צוואַקס בּיז אַ אומגעהויערער מדרגה פון פינף פּראָצענט יאָרליך, ווי ס'זיינען ניט בּאַקאַנט די סיבּות, וועלכע וואָלטן געקאָנט ערקלערן אַזאַ נישטיגן צוואַקס, ווי 0,16 פּראָצענט.

לויט די אָפיציעלע דאַטן פון דער רוסישער רעגירונג זיינען געווען איינוואוינער אין די 15 ת ח ו ם ־ ג ו בּ ע ר נ י ע ס:

| | 1838 | 1847 | צוואַקס 1838—1847 |
|---|---|---|---|
| אידן . . . . | 1.030.000 | 1.041.000 | 11.000 |
| ניט־אידן . . | 13.970.000 | 15.656.000 | 1.686.000 |

פאַר ניין יאָר איז בּאַ אַ מיליאָן אידן צוגעקומען סך־הכל עלף טויזנט נפשות, דאָס הייסט 0,1% יאָרליך. בּאַ די ניט־אידן איז דער צוואַקס געווען אַ נאָרמאַלער—1,3% יאָרליך, און ס'איז אַ בּאַקאַנטער פאַקט, אַז שוין צו יענער צייט איז בּאַ די רוסישע אידן געווען אַ קלענערע שטאַרבּליכקייט, ווי בּאַ די ניט־אידן. שפּעטער מיט 16 יאָר — אין 1863־טן — גיבּן שוין די אָפיציעלע דאַטן אָן 1,581,000 אידן אין די זעלבּע 15 גובּערניעס, ד. ה. אַ צוואַקס שוין פון 3,2% אַ יאָר.

מיר וואָלטן געקאָנט בּריינגען נאָך אַ סך אַזעלכע סתירות־דיגע און קוריאָזע בּיישפּילן, אָבּער מיר רעכענען, אַז די געבּראַכטע בּאַרעכטיגן אונז צום אויספיר, אַז אָן ג ר י נ ד ל י כ ע א ו י ס ־ בּ ע ס ע ר ו נ ג ע ן א ו ן ק אָ ר ע ק ט י ו ו ן אין די ידיעות פון די צייטן, ווען יעדע ציילונג פלעגט אַרויסרופן אַ פּאַניק בּאַ אידן, קאָן מען אַזעלכע דאַטן ניט געבּרויכן.

זיך אָפּשטעלן בּאַריכות אויף די סיבּות, וועלכע האָבּן געצוואונגען די אידן זיך אויסבּאַהאַלטן פון די ציילונגען, וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ. מיר וועלן זיך בּאַגיגענען מיט אַ פּאָר ציטאַטן, וועלכע בּאַשטעטיגן דעם פאַקט פון מורא פון אידן פאַר די אָפיציעלע ציילונגען.

וועגן די ציילונגען אין ע ס ט ר י י ך שרייבּט דער הויף־סעקרעטאַר פון דער קייזערליכער דירעקציע פאַר אַדמיניסטראַטיווע סטאַטיסטיק אַ ד אָ ל ף ש י מ ע ר [1]) פאָלגנדיגס:

„אַזוי ווי די פריערדיגע ציילונגען האָבּן געהאַט ריין רעקרוט־צילן, האָבּן די אידן זיך בּאַהאַלטן פון די דאָזיגע ציילונגען. ס'איז בּאַקאַנט, אַז בּאַזונדער אין די צפון־לענדער פלעגט דער גאַנצער יונגער דור אידן בּיים אָנקומען פון דער ציילונג־קאָמיסיע אַנטלויפן און פלעגט זיך אומקערן ערשט נאָכן אָפּפאָרן פון דער קאָמיסיע. אַפילו בּאַ דער לעצטער ציילונג (1869—י. ל.), וועלכע האָט אַרויסגערופן אַ סך אַ קלענערן פּחד, ווייל זי האָט געהאַט נאָר אַדמיניסטראַטיווע און קיינע רעקרוט־צוועקן, זיינען נאָך געווען פאַלן פון אויסבּאַהאַלטן זיך“.

אין 1819־טן יאָר האָט מען פאַרהאַלטן אין די 15 רוסישע תחום־גובּערניעס 133,000 אידן, וועלכע האָבּן זיך אויסבּאַהאַלטן בּשעת דער 7־טער רעוויזיע און וועלכע די קהלות האָבּן נאָכדעם צוגעשריבּן, ווייל די מאַכט האָט אַרויפגעלייגט פאַר די דאָזיגע פעלנדיגע גרויסע שטראָפן אויף די קהלות [2])· און אָט

1) Gustav Adolf Schimmer: Statistik des Judentums. Wien 1873 p. 5.

2) В. О. Леванда: Полный хронологическій сборникъ законовъ и положеній, касающихся евреевъ. С. Петербургъ 1872 Стр. 101.

וואָס ס'שרייבט איינער, וואָס האָט גענומען אַ אָנטייל אין אַ געאָגראַפישער עקספּעדיציע אין די תחום־גובערניעס אין דער מיט פון 19־טן יאָרהונדערט:

„פעסטשטעלן די צאָל אידן איז איצט ניט ווייניגער שווער, ווי אין די צייטן פון דוד המלך. באַ דעם אויסבאַהאַלטן זיך פון די אידן פון די רעוויזיעס, באַ דער אחדות, וואָס הערשט אין דעם פּרט צווישן קהל און די איינצעלנע מיטגלידער, איז יעדע סטאַטיסטיק ווייט פונם אמת. דער אידישער קהל—דאָס איז עפּיס אַ תהום, וואו די מענשן ווערן נעלם אָן אַ שפור. די צאָל געבוירענע האָט באַזונדערס שטאַרק אָנגעהויבן פאַלן זינט מען האָט באַפעלן צאָלן דרייסיג קאָפּיקעס פאַר פאַרשרייבן די ניי־געבוירענע אין די מעטריקעס־ביכער".

דער מחבר ברענגט אַלס ביישפּיל, אַז לויט די דאַטן פון די ווילנער קהלשע ביכער קומט אויס, אַז פאַר די יאָרן פון 1850 ביז 1856 זיינען געשטאָרבן אין ווילנאָ—9244 אידן און געבוירן געוואָרן זיינען סך־הכל—5619. קומט אויס, אַז אין 7 יאָר האָבן ווילנער אידן גאָר פאַרלוירן 3625 נפשות. דער מחבר איראָניזירט און זאָגט: „ווען ס'זאָל אַזוי חלילה ווייטער גייען, וועט ווילנע אין 1875־טן יאָר בלייבן גאָר אָן אידן. אָבער פון דער דאָזיגער שרעקליכער פּערספּעקטיוו קאָן מען זייער גרינג באַפרייט ווערן, ווען מען וועט נאָר נעמען פירן בעסער די מעטריקעס־ביכער". [1]

ס'איז גענוג באַקאַנט, אַז גראָדע אינם אַמאָליגן צאַרישן רוסלאַנד האָבן אידן געהאַט גאַנץ גענוג שטייערליכע און רעקרוטישע טעמים צו ווען אויסמיידן די רשימות פון די רעוויזיעס, און מיר וועלן דעריבער זיך ניט אָפּשטעלן גענויער אויפן דאָזיגן ענין.

אַלע געבראַכטע ביישפּילן זיינען גענומען פון אייראָפּייאישע לענדער, וואו ס'זיינען כאָטש געווען וועלכע ס'ניט איז דאַטן, ניט גאָר ריכטיגע, אָפּט גאַנץ פאַלשע, אָבער דאָך דאַטן, וואָס גיבן אַ שטיקל אָנהאַלט, ווייזן אַ שטיקל וועג. טויזנט מאָל ערגער ווערט די לאַגע, ווען מען גייט איבער צו דער צאָל אידן אין אַזיע און אַפריקע. דאָ פאַלט מען אַריין אין אַ תהום פון קוריאָזן און אַנעקדאָטן, אַרויסגעזאָגטע אָבער פון זייער פאַראַנטוואָרטליכע געלערנטע און פאָרשער. מיר ברענגען נאָר איין ביישפּיל.

דער זייער קאָמפּעטענטער פאַך־סטאַטיסטיקער ד"ר ד י ט ע ר י צ י, וועלכער איז געשטאַנען אַ סך יאָרן אין דער שפּיץ פון פּרייסישן סטאַטיסטישן אַמט און האָט געווינען אַ שענעם נאָמען פאַר זיינע גלענצענדיגע סטאַטיסטישע אַרבעטן, שרייבט אין 1851־טן יאָר אין אַנ'אַרטיקל איבער דער באַפעלקערונג פון דער וועלט לויט די רעליגיעס:

„פאַרהעלטניסמעסיג וואוינט נאָך די גרעסטע צאָל אידן פון אַלע וועלט־טיילן אין אַזיע; זייער צאָל דאָרטן דערגרייכט ביז ד ר יי מ י ל י אָ ן... חוץ דעם, וואוינען אַ סך אידן אין צפון־אַפריקע, וואו זיי פאַרנעמען זיך מיט האַנדל; אַ סך פּאָרטוגיזישע אידן זיינען נאָך זייער גירוש פון פּאָרטוגאַל אַוועק קיין אַפריקע; מען קאָן רעכנען אין אַפריקע צ וו יי מ י ט אַ ה אַ ל ב ן מ י ל י אָ ן אידן... בנוגע אידן איז די צאָל אַ כ ט מ י ל י אָ ן ניט באַדייטנדיג געענדערט געוואָרן". [2]

אַלע דריי דאַטן — 3 מיליאָן אידן אין אַזיע, 2 ½ מיליאָן אין אַפריקע און 8 מיליאָן אין דער גאָרער וועלט צו יענער צייט — קאָנען איצט באַ אונז אַרויסרופן נאָר אַ שמייכל. אָבער צו דער צייט, ווען זיי זיינען געשריבן געוואָרן, האָט מען זיי אויפגענומען אָן ספקות, ווייל מען האָט ווירקליך וועגן די אידן אין אַ סך לענדער געוואוסט אַזוי ווייניג, אַז אַ טעות אין אַ מיליאָן און אין צוויי מיליאָן נפשות איז ניט געווען אויסגעשלאָסן.

איינס איז קלאָר פון די אַלע געבראַכטע ביישפּילן: ווייל מען זיך ניט אָפּזאָגן אינגאַנצן פונם געדאַנק געבן אַ בילד וועגן דעם וואוקס און פאַרטיילונג פון אידישן פאָלק כאָטש פאַר די לעצטע הונדערט יאָר, מוז מען זוכן נייע מעטאָדן און וועגן. וואָרום גלאַט נעמען די ידיעות וועגן דער צאָל אידן אין פאַרשיידענע לענדער אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, ווי זיי ווערן געבראַכט אין אָפיציעלע און ניט־אָפיציעלע אויסגאַבעס, וואָס מען האָט באַ אונז אייגנטליך געטאָן ביז איצט, זיי צונויפלייגן און ברענגען אַ סך־הכל פון דער צאָל אידן אין דער וועלט און זייער פאַרטיילונג, וואָלט געבראַכט צו זייער קוריאָזע רעזולטאַטן. ראשית, זיינען די קוועלן ביז כמעט סוף 19־טן יאָרהונדערט אַזוי סתירות'דיג, אַז מען קאָן גרינג זיך שטיצן אויף איינצעלנע אויטאָריטעטן און דערווייזן, אַז צום סוף פון דער ערשטער העלפט פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט זיינען געווען אויף דער וועלט ניט ווייניגער פון אַכט מיליאָן אידן, און מען קאָן אויך געפינען גענוג אויטאָריטעטן, לויט וועלכע מען וועט קוים צונויפציילן צו דער דאָזיגער צייט דריי מיליאָן אידן. שנית, וואָלט זיך באַקומען אַזאַ מאָדנע זאַך — אין איין און דער זעלבער צייט און אין איין לאַנד איז אַ צוואַקס פינף פּראָצענט יאָרליך און אין זיין שכנותדיגן לאַנד, וואו די לעבנס־באַדינגונגען זיינען כמעט דיזעלבע, איז ער נאָר איין פּראָצענט לשנה אָדער גאָר נאָך ווייניגער; אָדער נאָך קוריאָזער—אין איין און דעם זעלבן לאַנד איז אין איין צייט־אָפּשניט דער צוואַקס גאָר הויך; אינם באַלד קומענדיגן צייט־אָפּשניט איז ער גאָר קליין און נאָכדעם ווידער גאָר גרויס. און דערביי איז אַבסאָלוט אוממעגליך צו געפינען וועלכע ס'ניט איז ממשות'דיגע סיבות פאַר די דאָזיגע מאָדנע וואַקלונגען און שאָקלונגען.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף פאָלגנדיגן אויסוועג פונם דאָזיגן פּלאָנטער: מיר האָבן פאַרן אויסגאַנג־פּונקט גענומען פאַר יעדן לאַנד די דאַטן פון יענער פאָלק־ציילונג, וואָס פאַרדינט דעם גרעסטן צוטרוי; פאַר די לענדער, וואו די פאָלק־ציילונגען רעגיסטרירן ניט די אמונה אָדער פאָלקשאַפט אָדער וואו ס'קומען גאָר ניט פאָר קיין פאָלק־ציילונגען, האָבן מיר גענומען יענע שאַצונג, וועלכע פאַרדינט דעם גרעסטן צוטרוי; גייענדיג אויף צוריק און נעמענדיג אין באַטראַכט פאַר יעדן לאַנד דעם בערכ'דיגן נאַטירליכן צוואַקס און די בערכ'דיגע אויסוואַנדערונג אָדער איינוואַנדערונג פאַר יעדן צייט־אָפּשניט, זיינען מיר אויף אַזאַ אופן געקומען צו דער בערכ'דיגער צאָל אידן אין יעדן לאַנד אין די יאָרן 1925, 1900, 1880, 1850 און 1825. די פאַראַנענע אָפיציעלע אָדער ניט־אָפיציעלע דאַטן אָדער שאַצונגען וועגן דער צאָל אידן אין באַזונדערע לענדער האָבן אונז געדינט פאַר אַ קאָנטראָל איבער די באַקומענע רעזולטאַטן.

מיר קאָנען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף דער דאָזיגער דורכגעמאַכטער שווערער מעטאָדאָלאָגישער אַרבעט, הגם דאָס וואָלט געהאַט ניט קיין קליינעם וויסנשאַפטליכן ווערט. מיר מוזן זיך באַגרעניצען נאָר מיטן אויספיר, אַז מיר זיינען טיף איבערצייגט, דאָס הגם די אַבסאָלוטע צאָלן, וואָס ווערן געבראַכט אין טאַבעלע I, קאָנען ניט פּרעטענדירן אויף פּינקטליכקייט, גיבן זיי

1) Матерiалы для географiи и статистики Россiи, собранные офицерами генеральнаго штаба, Виленьская губ. Составилъ генеральнаго штаба капитанъ А. Коревъ СПБ. 1861 стр. 306.

2) Die Vertheilung der Bevölkerung auf der Erde nach Religionsverschiedenheiten. Mittheilungen des Stat. Bureaus in Berlin 1857 p. 87-109.

Tab. — I — טאב.

## דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין פארשיידענע וועלט־טיילן און לענדער 1825—1925

## Das Wachstum der jüdischen Bevölkerung in den einzelnen Erdteilen u. Ländern

| Erdteil und Land | 1925 | 1900 | 1880 | 1850 | 1825 | וועלט־טיילן און לענדער |
|---|---|---|---|---|---|---|
| **I. Europa** | **9 295 000** | **8 690 500** | **6 771 000** | **4 127 500** | **2 730 000** | **I. איירָאפּע** |
| **A. Westeuropäische Länder** | **1 677 000** | **1 328 500** | **1 044 500** | **693 500** | **458 000** | **א. מערב־איי־אָפּייאישע לענדער** |
| Deutsches Reich * | 564 000 | 520 000 | 466 000 | 340 000 | 223 000 | דייטשלאַנד (אָן פּויזן און עלז.־לאָטרינגען) |
| davon: Preußen | 404 000 | 357 000 | 307 000 | 155 000 | 88 000 | פון דעם אין: פּרייסן |
| Bayern | 49 000 | 54 900 | 53 500 | 56 000 | 55 000 | בייערן |
| Baden | 24 000 | 26 000 | 27 000 | 23 000 | 17 000 | באַדן |
| Hessen | 20 000 | 25 500 | 27 000 | 37 000 | 20 000 | העסן |
| Hamburg | 19 900 | 18 000 | 16 000 | 7 500 | 7 000 | האַמבורג |
| Sachsen | 23 500 | 12 400 | 6 500 | 1 100 | 750 | זאַקסן |
| Württemberg | 10 800 | 12 000 | 13 000 | 12 500 | 9 000 | ווירטעמבערג |
| Sonstige Länder | 12 800 | 14 200 | 16 000 | 47 900 | 26 250 | אנד׳ לענדער |
| Böhmen, Mähren u. Niederösterreich | 375 000 | 310 000 | 245 000 | 130 000 | 85 000 | בעהמען, מעהרן און נידערעסטרייך |
| England, Walles u. Irland | 300 000 | 200 000 | 90 000 | 45 000 | 20 000 | ענגלאַנד, אועלס און אירלאַנד |
| Frankreich (m. Els.-Lothringen) | 165 000 | 115 000 | 100 000 | 75 000 | 50 000 | פראַנקרייך (מיט עלזאַס־לאָטרינגען) |
| davon Elsaß-Lothringen | 40 000 | 35 000 | 39 000 | 43 000 | 30 000 | פון דעם אין עלזאַס־לאָטרינגען |
| Holland | 120 000 | 104 000 | 82 000 | 59 000 | 45 000 | האָלאַנד |
| Belgien | 60 000 | 20 000 | 5 000 | 4 000 | 2 000 | בעלגיע |
| Italien | 46 000 | 35 000 | 36 000 | 30 000 | 25 000 | איטאַליע |
| Schweiz | 22 000 | 12 500 | 7 500 | 3 000 | 2 000 | שווייץ |
| Sonst. westeurop. Länder | 25 000 | 12 000 | 13 000 | 7 500 | 6 000 | אנדערע לענדער |
| **B. Osteuropäische Länder** | **7 618 000** | **7 362 000** | **5 726 500** | **3 434 000** | **2 272 000** | **ב. מזרח־איי־אָפּייאישע לענדער** |
| Ehemaliges Rußland | 5 285 000 | 5 175 000 | 3 980 000 | 2 350 000 | 1 600 000 | דאָס פאַרמלחמה׳דיגע רוסלאַנד |
| davon in: Kongreß-Polen (ohne Posen) | 1 475 000 | 1 325 000 | 1 005 000 | 575 000 | 400 000 | פון דעם אין: קרוין־פּוילן |
| Ukraine, Neurußl., Bessarab. | 2 150 000 | 2 200 000 | 1 600 000 | 925 000 | 625 000 | אוקר׳ ניירוס׳ בעסאַראַביע |
| Litauen u. Weißrußland | 1 200 000 | 1 450 000 | 1 225 000 | 800 000 | 550 000 | ליטע און ווייסרוסלאַנד |
| Sonstigen Teilen | 460 000 | 200 000 | 150 000 | 50 000 | 25 000 | אנדערע טיילן |
| Galizien | 740 000 | 811 000 | 687 000 | 450 000 | 275 000 | גאַליציע |
| Ungarn | 983 000 | 852 000 | 638 000 | 352 000 | 200 000 | אונגאַרן |
| Rumänien | 300 000 | 267 000 | 200 000 | 130 000 | 80 000 | רומעניע |
| Bukovina | 120 000 | 96 000 | 67 500 | 15 000 | 8 000 | בוקאָווינע |
| Bulgarien | 50 000 | 34 000 | 20 000 | 10 000 | 7 000 | בולגאַריע |
| Posen | 15 000 | 35 000 | 57 000 | 75 000 | 65 000 | פּויזן |
| Sonstige osteurop. Länder | 125 000 | 92 000 | 77 000 | 52 000 | 37 000 | אנדערע לענדער |
| **II. Amerika** | **4 370 000** | **1 175 000** | **250 000** | **65 000** | **10 000** | **II. אַמעריקע** |
| **III. Asien** | **662 000** | **420 000** | **350 000** | **320 000** | **300 000** | **III. אַזיע** |
| **IV. Afrika** | **448 000** | **300 000** | **280 000** | **250 000** | **240 000** | **IV. אַפריקע** |
| **V. Australien** | **25 500** | **17 000** | **12 000** | **2 000** | **1 000** | **V. אויסטראַליע** |
| **Gesamtzahl der Juden** | **14 800 500** | **10 602 500** | **7 663 000** | **4 764 500** | **3 281 000** | **די גאַנצע וועלט **** |
| davon: Europa | 62,8 | 82,0 | 88,8 | 86,6 | 83,2 | פון דעם: איירָאפּע |
| West-Europa | 11,3 | 12,5 | 13,6 | 14,5 | 14,0 | מערב־איירָאפּע |
| Ost-Europa | 51,5 | 69,5 | 74,7 | 72,1 | 69,2 | מזרח־איירָאפּע |
| Amerika | 29,5 | 11,1 | 3,4 | 1,4 | 0,3 | אַמעריקע |
| Asien | 4,5 | 4,0 | 4,6 | 6,7 | 9,2 | אַזיע |
| Afrika | 3,0 | 2,8 | 3,6 | 5,3 | 7,3 | אַפריקע |
| Australien | 0,2 | 0,1 | 0,1 | — | — | אויסטראַליע |
| Insgesamt | **100,0** | **100,0** | **100,0** | **100,0** | **100,0** | צוזאַמען |

* Ohne Posen u. Elsaß-Lothringen

** די צאָל פאַר 1925 פאַלט ניט אינגאַנצען צונויף מיט דער צאָל אידן אין דער וועלט (14 830 800), וואָס איז פון מיר אנגעגעבן אין די "סטאַטיסטישע בלעטער" נ׳ 5, ווייל די ציילונגען אין עסטרייך און דייטשלאַנד האָבן אריינגעטראָגן א קליינע ענדערונג.

דאָך אַ בילד פון וואוקס און פאַרטיילונג פון אידישן פאָלק פאַר הונדערט יאָר, וועלכעס איז זייער נאָענט צו דער ווירקליכקייט.

אונזער ערשטער פּרוב צו געבן אַזאַ בילד איז געווים ניט דער פולקאָמענסטער, — מיר וועלן זיין ביז גאָר צופרידן, ווען אונזער התחלה וועט געבן אַ שטויס דעם געדאַנק אין דעם פּרט און וועט ברייגען צו ווייטערדיגע אויסבעסערונגען.

מיר גייען איבער צו טאַבעלע I, אין וועלכער ס'ווערט געגעבן דאָס אַנטוויקלונג־בילד פונם אידנטום פאַר הונדערט יאָר.

די צאָל אידן אין דער גאַנצער וועלט האָט באַטראָפן:

**Die Gesamtzahl der Juden auf der Erde beträgt:**

| | |
|---|---|
| 1825 . . . . . . . . . . | 3.281.000 |
| 1850 . . . . . . . . . . | 4.764.500 |
| 1880 . . . . . . . . . . | 7.663.000 |
| 1900 . . . . . . . . . . | 10.602.500 |
| 1925 . . . . . . . . . . | 14.800.500 |

דער צוואַקס ביים אידישן פאָלק איז אויף אַזאַ אופן געווען:

**Somit beträgt die Zunahme des jüdischen Volkes:**

| יאָרליכער דורכשניט Durchschnitt pro Jahr % | abs. | אבסאלוטע צאָל in absoluten Zahlen | פעריאָד Zeitabschnitt |
|---|---|---|---|
| 1,81 | 59.340 | 1.483.500 | 1825 — 1850 |
| 2,03 | 96.616 | 2.898.500 | 1850 — 1880 |
| 1,92 | 146.975 | 2.939.500 | 1880 — 1900 |
| 1.58 | 167.920 | 4.198.000 | 1900 — 1925 |

פאַר הונדערט יאָר איז דאָס אידישע פאָלק אויסגעוואַקסן כמעט פינף מאָל. דער גרעסטער רעלאַטיווער וואוקס איז געווען אין די יאָרן פון 1850 ביז 1880 — 2,03 יאָרליכער פּראָצענט־דורכשניט. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס צו דער דאָזיגער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַדייטנדיג פאַלן פון דער שטאַרבליכקייט בײַ די אידן פון דער גאָרער וועלט, בײַ די מערב־אידן אין אַ שטאַרקערן טעמפּ, בײַ די מזרח־אידן עטוואָס שוואַכער, בעת די צאָל געבורטן איז נאָך געווען גאַנץ גרויס בײַ די אידן פון אַלע לענדער. אמת, צום סוף פון 19־טן יאָרהונ־דערט איז שוין געקומען אַ שטאַרקער איבערבּרוך אינם צוואַקס בײַ די מערב־אידן, מחמת די צאָל געבורטן האָט אָנגעהויבן צו די 90־ער יאָרן שטאַרק פאַלן, אָבער דאָס האָט זיך גערעקט מיט דעם אָנגעקומענעם שטאַרקערן טעמפּ פונם פאַלן פון דער שטאַרבליכקייט בײַ די מזרח־אידן, בעת די צאָל געבורטן בײַ די לעצטע איז נאָך דעמאָלט געבליבן אויף אַ גרויסער הויך. אין דער צייט פון 1825 ביז 1850 איז דער יאָרליכער פּראָצענט־צוואַקס געווען נאָר 1,81, מחמת בײַ אַלע מזרח־אידן איז נאָך דעמאָלט געווען אַ הויכע שטאַרבליכקייט; אין די לעצטע 25 יאָר — פון 1900 ביז 1925—איז דער יאָרליכער פּראָצענט־צוואַקס געווען נאָך נידריגער—1,58, מחמת בײַ די מערב־אידן איז שוין צו דער דאָזיגער צייט די צאָל געבורטן אַזוי נידריג געפאַלן, אַז אָפּט דעקן זיי ניט די טויט־פאַלן, בײַ די מזרח־אידן האָט די צאָל געבורטן גענומען פאַלן אין אַ שטאַרקערן טעמפּ ווי דאָס פאַלן פון דער שטאַרבליכקייט, און דערצו זיינען צוגעקומען די צען מלחמה־, רעוואָלוציע־ און פּאָגראָם־יאָרן, וועלכע האָבן, חוץ דירעקטע קרבנות, שטאַרק אָפּגעהאַלטן דעם נאַטירליכן צוואַקס.

נאָר אַפילו אין די לעצטע 25 יאָר, ווען דאָס מזרח־אידנטום, דער פרוכטבאַרסטער טייל פון וועלט־אידנטום, האָט איבערגע־לעבט אַזוי פיל שרעקליכע קאַטאַסטראָפעס, איז דאָך דער אַבסאָ־לוטער צוואַקס געווען דורכשניטליך יאָרליך בײַ 170 טויזנט נפשות, וואָס ס'האָט אויסגעמאַכט מער פון אַנדערטהאַלבן פּראָצענט יאָרליך. 170 טויזנט איז דער דורכשניטליכער צו־וואַקס פאַר אַלע לעצטע 25 יאָר. מען מוז דעריבער אָננעמען, אַז בײַ היינטיגן טאָג איז דער אַבסאָלוטער יאָרליכער צוואַקס פון וועלט־אידנטום בײַ 200 טויזנט נפשות אַ יאָר אָדער 13—14 אויף טויזנט. דאָס איז אַ צוואַקס, וואָס פאַלט בערך צונויף מיט דעם צוואַקס פון דייטשן פאָלק, און אַזוי ווי ס'וואָלט געווען קאָמיש צו רעדן איצט וועגן פיזישער דעגענעראַציע פון דער דייטשער נאַציע, אַזוי איז לעכערליך צו רעדן וועגן דעגענעראַ־ציע פון וועלט־אידנטום. דאָס, פאַרשטייט זיך, שליסט ניט אויס די ריכטיגקייט פון דער מיינונג, אַז בײַ איינצלנע טיילן פון אידנטום — בײַ די מערב־אידן און בײַ די ספרדישע אידן — מערקן זיך סימפּטאָמען פון אויסאַרטונג.

פאַר די הונדערט יאָר, וואָס די טאַבעלע I נעמט אַרום, איז פאָרגעקומען אַ גאַנצע איבערקערעניש אין פּרט פון פאַר־טיילונג פון וועלט־אידנטום אויף באַזונדערע ערד־טיילן.

Tab. — II — טאַב.

## די ענדערונגען אין דער פארטיילונג פון אידישן פאלק אויף באזונדערע ערד־טיילן

### Die Veränderung in der räumlichen Gliederung des jüdischen Volkes

| צוזאמען Insgesamt % | abs. | אויסטראַליע Australien % | abs. | אפריקע Afrika % | abs. | אזיע Asien % | abs. | אמעריקע Amerika % | abs. | אייראפע Europa % | abs. | Jahr — יאר |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 100.0 | 3.281.000 | — | 1.000 | 7,3 | 240.000 | 9,2 | 300.000 | 0.3 | 10.000 | 83,2 | 2.730.000 | 1825 |
| 100.0 | 7.663.000 | 0,1 | 12.000 | 3,6 | 280.000 | 4,6 | 350.000 | 3.3 | 250.000 | 88,4 | 6.771.000 | 1880 |
| 100.0 | 14.800.500 | 0,2 | 25.500 | 3.0 | 448.000 | 4,5 | 662.000 | 29,5 | 4.370.000 | 62,8 | 9.295.000 | 1925 |

אין 1825־טן יאָר זיינען געווען אין אַזיע און אַפריקע 16,5% פון אַלע אידן פון דער וועלט, ד. ה. אַ זעקסטל פון וועלט־אידנטום; דערביי מוז מען געדענקען, אַז דעמאָלט איז אין די דאָזיגע צוויי וועלט־טיילן כמעט ניט געווען קיין אייראָפּייאישע אידן, ווען איצט מאַכן די לעצטע אויס כמעט אַ דריטל פון אַלע אַזיאַטיש־אַפריקאַנישע אידן. די דאָזיגע אַלט־איינגעזעסענע אַזיאַטיש־אַפריקאַנישע אידן, אָפּגעריסענע און אָפּגעפרעמדטע פונם הויפּט־שטאַם פון וועלט־אידנטום, פון די אַשכנזישע אידן,

מאַכן שוין אין 1925־טן יאָר אויס נאָר בערך פינף פּראָצענט, וואָרום אַלע אידן פון די דאָזיגע וועלט־טיילן מאַכן אויס סך־הכל 7,5% פון וועלט־אידנטום.

נעמט מען אַראָפּ פון דער צאָל אידן אין אַזיע און אַפריקע אין 1925־טן יאָר די אייראָפּעאישע אידן, וועלכע האָבן אַהינצו איינגעוואַנדערט ערשט אין די לעצטע 60 יאָר, ווי די רוסישע אידן אין קאַווקאַז און סיביר, די אידן אין פּאַלעסטינע און דרום־אַפריקע, די ענגלישע, פראַנצויזישע און רוסיש־פּוילישע אידן אין מצרים, טוניס און אַלזשיר, באַקומט מען אַלט־איינגעזעסענע אַזיאַטיש־אַפריקאַנישע אידן בערך 700 טויזנט, ווען אין 1825־טן האָט זייער צאָל באַטראָפן 540 טויזנט. דער צוואַקס פאַר הונדערט יאָר איז ממש אַ נישטיגער — 160 טויזנט.

מען קאָן דאָס גאַנצע אידנטום טיילן אויף צוויי גרויסע גרופּעס: פון איין זייט די אשכנזים און פון דער אַנדערער די ספרדים מיט אַלע איבעריגע צווייגן, ווי די גאָר אַלט־איינגעזעסענע אַזיאַטיש־אַפריקאַנישע אידן, וועלכע וואוינען דאָרטן נאָך פון פאַרן גירוש פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל און געפונען זיך שוין פון לאַנג אונטערן איינפלוס פון דער אַראַבישער קולטור. צו די 700 טויזנט ספרדיש־אַראַבישע אידן מוז מען דעמאָלט צוגעבן די ספרדישע אידן פון אייראָפּע און פון די אַנדערע וועלט־טיילן — סך־הכל באַ 200 טויזנט. מיר באַקומען, אַז פון די 14,800,000 אידן צום יאָר 1925 זיינען געווען אשכנזים בערך 13,900,000 אָדער 94 פּראָצענט און ספרדיש־אַראַבישע אידן בערך — 900,000 אָדער זעקס פּראָצענט. צוריק מיט הונדערט יאָר איז די לאַגע געווען בערך אַזוי: פון 3,280,000 אידן זיינען געווען אשכנזים—2,680,000 אָדער 82 פּראָצענט און ספרדים מיט אַנדערע — 600,000 (540 טויזנט אין אַזיע און אַפריקע און 60,000 אין די איבעריגע וועלט־טיילן) אָדער 18 פּראָצענט. די כמותדיגע וואָג פון די ספרדיש־אַראַבישע אידן אין אידנטום האָט זיך אַלזאָ פאַרקלענערט 3 מאָל.

נעמט מען די אַשכנזישע אידן אַליין, אָן די ספרדיש־אַראַבישע, באַקומט מען, אַז פון 2,680,000 אין 1825־טן זיינען זיי אויסגעוואַקסן ביז 13,900,000 אָדער אַ פאַרגרעסערונג פון מער ווי פינף מאָל. דער אַבסאָלוטער דורכשניטליכער יאָרלי־כער צוואַקס פאַר אַלע הונדערט יאָר איז געווען 112 טויזנט נפשות. מען קאָן איינגנטליך זאָגן, אַז פאַר די לעצטע הונדערט יאָר איז דער אַשכנזישער שטאַם פון אידישן פאָלק אויסגעוואַקסן צום איצטיגן וועלט־אידנטום, בעת אַלע איבעריגע צווייגן פון אידישן פאָלק האַלטן אין פאַרדאַרן און אונטערגייען.

צוריק מיט הונדערט יאָר זיינען די צוויי באַגריפן—אַשכנזישע און אייראָפּעאישע אידן—כמעט צוזאַמענגעפאַלן; פאַר די דאָזיגע הונדערט יאָר האָבן זיך די אייראָפּעאישע אידן פאַרשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט און ווען מען זאָגט אַשכנזישע אידן, מוז מען צו די אייראָפּעאישע אידן נאָך צוגעבן כמעט אַלע אַמע־ריקאַנישע אידן, אַלע אויסטראַלישע אידן און כמעט אַ דריטל פון די אידן פון אַזיע און אַפריקע. אין אייראָפּאַ גופא האָבן, אמת, תמיד געלעבט אין לעבן עד היום אויך ניט קיין אשכנזישע אידן, אָבער זיי מאַכן אויס אַזאַ נישטיגן פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט די מיליאָנען אַשכנזישע, אַז זיי קומען ניט אין באַטראַכט.

צוריק מיט הונדערט יאָר האָבן געלעבט אין אייראָפּע 83,2% פון וועלט־אידנטום; אין 1880־טן יאָר, איידער די גרויסע עמיג־ראַציע־כוואַליעס פון מזרח־אידנטום האָבן זיך אויפגעהויבן, שוין 88,3 פּראָצענט פון אַלע אידן און אין 1925־טן יאָר נאָר 62,8%. דער גרעסטער יורש פון צוואַקס פון אייראָפּעאישן אידנטום איז אַמעריקע, וואו צוריק מיט הונדערט יאָר איז געווען סך־הכל 0,3% פון וועלט־אידנטום, אין 1880 אויך סך־הכל 3,4% און אין 1925 שוין גאַנצע 29,5% אָדער כמעט אַ דריטל. אַזוי ווי דאָס אַמעריקאַנער אידנטום האָט איצטער דעם גרעסטן רעלאַטיוון נאַטירליכן צוואַקס פון אַלע אידן פון דער וועלט און חוץ דעם וואַנדערן אַריין אַפילו אין די גאָר לעצטע יאָרן באַ 30 טויזנט אידן יאָרליך, קאָן מען רעכענען, אַז צו 1930 וועט אַמעריקאַ האָבן קרוב צו פינף מיליאָן אידן אָדער אַ דריטל פונם אידנטום.

פאַר די לעצטע 45 יאָר האָט זיך פאַרקלענערט אין אייראָפּע דער רעלאַטיווער טייל פון וועלט־אידנטום. ס'וואָלט אָבער געווען אַ טעות פון דערפון וועלן אויסדרינגען, אַז אין אייראָפּע ווערט בכלל קלענער די צאָל אידן, — די גרעסטע אויסוואַנדערונג האָט דערווייל נאָך קיינמאָל ניט צוגענומען דעם גאַנצן נאַטירליכן צוואַקס. און די צאָל אידן אין אייראָפּע האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן אַפילו אין די לעצטע 45 יאָר און אַפילו אין די גאָר לעצטע 25 יאָר, ווען דאָס אייראָפּעאישע אידנטום האָט איבערגעלעבט אַזעלכע גוואַלדיגע קאַטאַסטראָפעס און די אויס־וואַנדערונג האָט דערגרייכט איר העכסטע מדרגה.

לאָמיר פאַרגלייכן דעם וואוקס פון די אידן אין פאַרשיידענע וועלט־טיילן:

Tab. — III — טאבי

## דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין די פארשיידענע וועלט־טיילן

**Das Wachstum der jüd. Bevölkerung in den einzelnen Erdteilen 1825—1925**

| Erdteile | Zunahme: — :צוּוואַקס | | | | 1925 | 1880 | 1825 | וועלט־טייל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1880 — 1925 | | 1825 — 1880 | | | | | |
| | % | abs. | % | abs. | | | | |
| Europa | 37,3 | 2 524 000 | 148,0 | 4 041 000 | 9 295 000 | 6 771 000 | 2 730 000 | אייראָפּע |
| Amerika | 1648,0 | 4 120 000 | 2400,0 | 240 000 | 4 370 000 | 250 000 | 10 000 | אַמעריקע |
| Asien | 89,1 | 312 000 | 16,7 | 50 000 | 662 000 | 350 000 | 300 000 | אַזיע |
| Afrika | 60,0 | 168 000 | 16,7 | 40 000 | 448 000 | 280 000 | 240 000 | אַפריקע |
| Australien | 112,5 | 13 500 | 1100,0 | 11 000 | 25 500 | 12 000 | 1 000 | אויסטראַליע |
| **Zusammen** | **93,1** | **7 137 500** | **133,6** | **4 382 000** | **14 800 500** | **7 663 000** | **3 281 000** | **צוזאַמען** |

אייראָפּע האָט געהאַט דעם גרעסטן צוואַקס אין די יאָרן פון 1825 ביז 1880. פאַר די דאָזיגע 55 יאָר האָט זיך די אידישע באַפעלקערונג פון אייראָפּע 2 און אַ האַלב מאָל פאַרגרעסערט. פאַר די לעצטע 45 יאָר — פון 1880 ביז 1925 — האָט זיך שוין די אידישע באַפעלקערונג פון אייראָפּע פאַרגרעסערט סך הכל אויף אַביסל מער פון איין דריטל. דאָס ערקלערט זיך דער עיקר מיט דער אויסוואַנדערונג, וועלכע האָט צוגענומען פון אייראָפּע פאַר דעם דאָזיגן פעריאָד צייט בערך 3,250,000 אידן, פון וועלכע באַ דריי מיליאָן האָבן איבערגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און די איבעריגע אין אַנדערע וועלט־טיילן. גיט מען צו די דאָזיגע אויסגעוואַנדערטע פון אייראָפּע אידישע מאַסע, וועט זיך באַקומען גאָר אַ אַנדער רעזולטאַט.

דעם גרעסטן צוואַקס האָט געהאַט, פאַרשטייט זיך, אַמעריקע: אינם ערשטן צייט־אָפּשניט האָט זיך דאָ די אידישע באַפעלקערונג 25 מאָל פאַרגרעסערט און אין צווייטן צייט־אָפּשניט — 16 מאָל. אַזיע און אַפריקע האָבן אינם ערשטן צייט־אָפּשניט, ווען קיין צוואַנדערונג פון אַנדערע וועלט־טיילן איז נאָך ניט געווען, געהאַט גאָר אַ קליינעם צוואַקס, אַ ניין מאָל קלענערן צוואַקס, ווי דאָס אייראָפּייאישע אידנטום; אין צווייטן צייט־אָפּשניט האָבן זיי שוין געהאַט אַ גרעסערן צוואַקס, ווי דאָס אייראָפּייאישע אידנטום, אָבער דאָס איז נאָר אַ רעזולטאַט פון איינוואַנדערונג פון אייראָפּייאישע אידן און ניט פון אַ פאַרגרעסערטן נאַטירליכן צוואַקס.

דאָס אייראָפּייאישע אידנטום בלייבט דערוויל דער רוב מנין פון אידישן פאָלק. אַזוי ווי דער נאַטירליכער צוואַקס פון אייראָפּייאישן אידנטום איז יעדנפאַלס ניט ווייניגער פון 100 טויזנט יאָרליך און אפשר נאָך מער; די אויסוואַנדערונג נעמט די לעצטע יאָרן צו ניט מער פון 50 טויזנט אידן אַ יאָר, באַקומט זיך, אַז דאָס אייראָפּייאישע אידנטום האַלט דאָך אין וואַקסן, הגם אין אַ שוואַכערער מאָס, ווי דאָס אַמעריקאַנישע אידנטום, וועלכעס האָט אַ נאַטירליכן צוואַקס — באַ אַ סך אַ קלענערער אידישער באַפעלקערונג — פון בערך 80 טויזנט אַ יאָר און אַ איינוואַנדערונג פון אַזעלכע 30 טויזנט אַ יאָר.

שטעלט מען זיך פאָר דעם וועלט־קוגל פאַר די אויגן, איז גרינג צו באַמערקן, אַז צוריק מיט הונדערט יאָר האָבן געוואוינט צונויפגעשטופּט אינם אָפּגעשטאַנענסטן אַגראַר־ווינקל פון אייראָפּע, — וואָס גרעניצט פון צפון־מזרח מיט גרויס־רוסלאַנד, פון מערב־זייט מיט דייטשלאַנד און פון דרום־זייט מיט איטאַליע, — און אין אַזיע און אַפריקע 2,812000 אידן פון 3,281000 אָדער 85,7 פּראָצענט. אין לענדער מיט אַ מערב־אייראָפּייאישער קולטור האָבן דעמאָלט געלעבט סך־הכל 14.3 פּראָצענט פון אַלע אידן. אין 1925־טן יאָר האָבן שוין אין די אָפּגעשטאַנענע אַגראַר־לענדער — מיט אַזיע און אַפריקע — געלעבט נאָר 60 פּראָצענט פון אידישן פאָלק און אין לענדער מיט אַ מערב־אייראָפּייאישער קולטור גאַנצע 40 פּראָצענט פון וועלט־אידנטום.

אָט דאָס איבעררוקן זיך פון גרויסע טיילן פון אידנטום פון די אַגראַר־לענדער אין די אינדוסטריעלע, פון די קולטורעל־אָפּגעשטאַנענסטע אין די קולטור־אַנטוויקלסטע, פון פּאָליטישע דעספּאָטיעס אין די דעמאָקראַטישסטע; אָט דאָס אַרויסרייסן זיך פון די לענדער מיט דער סלאַווישער קולטור־הערשאַפט אין די לענדער מיט ענגליש־דייטשער קולטור־הערשאַפט, — אָט דאָס איז אפשר דער וויכטיגסטער פאַקט פון דער אידישער געשיכטע פאַר די לעצטע הונדערט יאָר. און דער דאָזיגער פאַקט איז געוואָרן דער וויכטיגסטער פאַקטאָר פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַלע זייטן פון אידישן לעבן אין XX־טן יאָרהונדערט.

פון די 70 פּראָצענט פון אידישן פאָלק, וואָס זיינען געווען צום אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט צונויפגעשטופּט אין די עקאָנאָמיש, קולטורעל און פּאָליטיש אָפּגעשטאַנענסטע לענדער פון אייראָפּע, האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן איבער דער גאָרער וועלט גרויסע מאַסן אידן, וועלכע האָבן אויסגעפּילט צוויי וויכטיגע היסטאָרישע מיסיעס: 1) זיי האָבן אַריינגעבראַכט פרישן לעבנסזאַפט אין די שוואַכע צווייגלאַך פון אידישן פאָלק אין מערב־אייראָפּע, באַ וועלכע דער נאַציאָנאַלער געפיל און דער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין האָבן קוים געטליעט און וואָלטן געווים געווען אויסגעלאָשן געוואָרן, ווען ניט דער צושטראָם פון פרישן בלוט פון די מזרח־אייראָפּייאישע אידן; 2) זיי האָבן געשאַפן גאַנץ נייע גרויסע און געדיכטע אידישע צענטרען, וועלכע האָבן אין אַ קורצער צייט געוווּנען אַזוי פיל מאַטעריעלע מאַכט און פּאָליטישע וואָג, אַז זיי קאָנען מיט רעכט פּרעטענדירן אויף דער פירער־ראָלע אינם וועלט־אידנטום.

ס'איז זיך גרינג פאָרצושטעלן, וואָס ס'וואָלט געוואָרן פון דייטשן אידנטום אָן דעם צופלוס פון די מזרח־אייראָפּייאישע אידן פון פויזן; נאָך טרויעריגער, פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, וואָלט געווען דער גורל פון די נאָך שוואַכערע אידנטום־צווייגן, פון די פראַנצויזישע און ענגלישע אידן, אָן דעם צופלוס פון „דייטשע אידן“ (פאַקטיש זייער אַ סך פויזנער) און שפּעטער פון די רוסיש־פּוילישע איינוואַנדערער.

די דייטשע אידן, הגם זיי האָבן איינגעשלונגען כמעט אַלע פויזנער אידן, וועלכע האָבן אויסגעמאַכט צום אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט גאַנצע 40 פּראָצענט פון אַלע פּרייסישע אידן און 30 פּראָצענט פון אַלע דייטשע אידן, וואָלטן שוין די לעצטע 30 יאָר געווים געהאַט אַ נעגאַטיוון נאַטירליכן צוואַקס, ווען ניט דער פרישער שטראָם מזרח־אידן, רוסיש־פּוילישע, וועלכע מאַכן איצט אויס אַ גאַנץ באַדייטנדיגן חלק פון דייטשן אידנטום. וויל מען ריכטיג אָפּשאַצן דעם גאַנצן *ביאָלאָגישן* באַטייט פאַרן דייטשן אידנטום פון דער צוואַנדערונג פון די מזרח־אייראָפּייאישע אידן, מוז מען געדענקען, אַז דער נאַטירליכער צוואַקס באַ די פויזענער אידן איז געווען די גאַנצע צייט העכער מיט אַ גאַנץ דריטל, ווי באַ די איבעריגע פּרייסישע אידן און געווים אויך ווי באַ די איבעריגע דייטשע אידן, און אַז די צאָל קינדער באַ די איינגעוואַנדערטע אידן פון רוסלאַנד און פּוילן איז צוויי מאָל אַזוי גרויס, ווי באַ די דייטשע אידן. אויב די לעצטע פאָלקציילונג ווייזט דאָך אַ קאַטאַסטראָפאַלע פאַרקלענערונג פון די דייטשע אידן, איז דאָס נאָר אַ באַווייז, ווי גרויס די דאָזיגע קאַטאַסטראָפע וואָלט געווען אָן דעם צושטראָם פון די פויזענער און רוסיש־פּוילישע אידן. מיר וועלן אפשר גאָר ניט זיין ווייט פונם אמת, ווען מיר וועלן אַרויסזאָגן די השערה, אַז די איצטיגע דייטשע אידן באַשטייען אויף אַ העלפט פון קינדער און אייניקלאַך פון מזרח־אייראָפּייאישע אידן.

אָבער אויך *סאָציאַל* האָט דער צושטראָם פון מזרח־אייראָפּייאישע אידן גוט געווירקט אויף די דייטשע אידן. די לעצטע זיינען באַשטאַנען כמעט אויסשליסליך פון הענדלער און קרעמער; בעלי־מלאכות האָבן זיי געהאַט גאָר ווייניג צווישן זיך. לויט דער ציילונג פון 1849־טן יאָר איז אויסגעקומען אויף יעדע טויזנט פויזענער אידן 74 בעלי־מלאכות און אויף יעדע טויזנט פון די איבעריגע פּרייסישע אידן נאָר 44. די איינוואַנדערונג פון די רוסיש־פּוילישע אידן פון די לעצטע 50 יאָר איז

באַשטאַנען דער עיקר פון בעלי־מלאכות און אַרבעטער. מען מוז דעריבער רעכענען, אַז דאָס ביסל פּראָדוצירענדיגע עלעמענטן, וואָס די דייטשע אידן פאַרמאָגן נאָך, באַשטייט דער עיקר פון מזרח־אייראָפּייאישע אידן אָדער פון קינדער פון אַזעלכע.

די קליינע צאָל אידן, וואָס האָבן געלעבט צום אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט אין ענגלאַנד און פראַנקרייך, וואָלטן געוויס געהען אַראָפּגענידערט צום מצב פון די איטאַליענישע אידן, וואו ס'איז כמעט זיי אינגאַנצן אייסגעלאָשן געוואָרן דער אידישער פונק, ווען ניט דער צושטראָם פון פּוילישע און אַנדערע דייטשישע אידן אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט; פאַר די פּאַריזער אידן האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע דער צושטראָם פון די עלזאַס־לאָטרינגישע אידן; אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט און אין ערשטן פערטל פון 20־טן האָבן די דאָזיגע ביידע לענדער באַקומען גרויסע מאַסן רוסיש־פּוילישע אידישע איינוואַנדערער. אויב דער דאָזיגער צושטראָם פון מזרח־אייראָפּייאישע און פון זאַפּטיגערערע טיילן פון מערב־אייראָפּייאישע אידן האָט ניט געקאָנט באַפרוכפּערן די קליינע צאָל אַלט־איינגעזעסענע פראַנצויזישע און ענגלישע אידן אויף גרויסע נאַציאָנאַלע שאַפונגען, האָט ער כאָטש איינגעהאַלטן און אפשר אינגאַנצן אָפּגעהאַלטן זייער פולשטענדיגן אונטערגאַנג, וועלכער איז געווען אומפאַרמיידליך.

אין טאַבעלע V (ז. 12) איז אייראָפּע איינגעטיילט אין צוויי גרויסע גרופּעס: מערב־אייראָפּייאישע און מזרח־אייראָפּייאישע לענדער. די צאָל אידן האָט באַטראָפן:

Tab. — IV — טאַבי

## דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין די מערב־און מזרח־אייראפייאישע לענדער
## Das Wachstum der jüdischen Bevölkerung in Ost- u. Westeuropa 1825—1925

| Zunahme der jüd. Bevölkerung — צוואַקס פון דער איד. באַפעלק· | | | | | | | | 1925 | 1900 | 1850 | 1825 | Gebiet — געביט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1825—1925 | | 1900—1925 | | 1850—1900 | | 1825—1850 | | | | | | |
| % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | | | | | |
| 266,2 | 1 219 000 | 26,2 | 348 500 | 91,7 | 635 500 | 51,3 | 235 000 | 1 677 000 | 1 328 500 | 693 000 | 458 000 | מערב־אייראפע West-Europa |
| 235,3 | 5 346 000 | 3,5 | 256 000 | 114,4 | 3 928 000 | 51,1 | 1 162 000 | 7 618 000 | 7 862 000 | 3 434 000 | 2 272 000 | מזרח־אייראפע Ost-Europa |

די טאַבעלע IV שפּיגלט אָפּ די גאַנצע אַנטוויקלונג פון די צוויי, לויט זייער סאָציאַלן בוי און קולטורעלן מצב גאַנץ באַזונדערע טיילן פון אידנטום.

אינם ערשטן צייט־אָפּשניט — 1825 ביז 1850 — פאַלט דער צוואַקס באַ ביידע טיילן כמעט צונויף: 51,3 פּראָצענט באַ די אידן אין מערב־אייראָפּע און 51,1% באַ די אידן אין מזרח־אייראָפּע. און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך: קיין אויסוואַנדערונג מעבר לים איז נאָך כמעט ניט געווען; די קליינע אויסוואַנדערונג פון פּוזענער אידן (מזרח־אייראָפּייאישע) אין די פאַראייניגטע שטאַטן אַריין האָט זיך געדעקט מיט דער אויסוואַנדערונג פון ביירישע אידן אַהינצו־זשע; דער נאַטירליכער צוואַקס איז געווען באַ ביידע טיילן גלייך. באַ די מערב־אייראָפּייאישע אידן איז שוין דעמאָלט די שטאַרבליכקייט געווען אַביסל קלענער, ווי באַ די מזרח־אייראָפּייאישע אידן, איז אָבער באַ זיי אויך די געבורטליכקייט געווען בערך אויף אַזוי פיל קלענער.

אין צווייטן צייט־אָפּשניט 1850—900 איז דער צוואַקס באַ די אידן אין מזרח־אייראָפּע שוין העכער, ווי אין מערב־אייראָפּע. און דאָס איז ניט קוקנדיג דערויף, וואָס פון מזרח־אייראָפּע איז שוין דעמאָלט געגאַנגען אַ אויסוואַנדערונג אי קיין מערב־אייראָפּע, אי קיין אַמעריקע. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס באַ די אידן אין מזרח־אייראָפּע איז אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט געווען אַ הויכער נאַטירליכער צוואַקס צוליב דער געפאַלענער שטאַרבליכקייט, ווען באַ די מערב־אידן האָט שוין דער נאַטירליכער צוואַקס אָנגעהויבן זינקען צוליב דער געפאַלענער געבורטליכקייט. וויל מען פעסטשטעלן ניט דעם צוואַקס פון אידן אין מערב־אייראָפּע און אין מזרח־אייראָפּע, נאָר דעם צוואַקס פאַר דער גענומענער צייט באַ די מערב־אייראָפּייאישע און מזרח־אייראָפּייאישע אידן, מוז מען אַראָפּנעמען פון דער צאָל מערב־אייראָפּייאישע אידן די בערך 250,000 מזרח־אייראָפּייאישע אידן, וואָס האָבן אין 1900־טן יאָר געלעבט אין מערב־אייראָפּע, און זיי צוגעבן צו דער צאָל מזרח־אייראָפּייאישע אידן; צו די לעצטע מוז מען אויך צוגעבן בערך 800 טויזנט מזרח־אייראָפּייאישע אידן, וואָס זיינען שוין געווען דעמאָלט אין פאַרשיידענע מלוכות אין אַמעריקע. מיר וואָלטן באַקומען, אַז מזרח־אייראָפּייאישע אידן זיינען געווען באמת אין 1900־טן יאָר ניט 7,362,000 נאָר 8,412,000 — אַ צוואַקס פון 1850 ביז 1900 אויף כמעט פינף מיליאָן נפשות אָדער אויף 145 פּראָצענט. פאַרקערט, באַ די מערב־אייראָפּייאישע אידן דאַרף מען אַראָפּנעמען די 250 טויזנט מזרח־אייראָפּייאישע אידן און צוגעבן די בערך 150 טויזנט מערב־אייראָפּייאישע אידן, וואָס זיינען געווען אין אַמעריקאַ; מיר וועלן דעמאָלט באַקומען, אַז די מערב־אייראָפּייאישע אידן האָבן זיך פאַרגרעסערט נאָר אויף 77 פּראָצענט פאַר די זעלבע 50 יאָר. ס'באַקומט זיך אַלזאָ, אַז אין משך פון דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט האָט דאָס מזרח־אייראָפּייאישע אידנטום געהאַט אַ טאָפּעלטן נאַטירליכן צוואַקס, ווי די מערב־אייראָפּייאישע אידן.

דעם נאָר וואָס געמאַכטן חשבון מוז מען באַזונדערס האָבן אין זינען ביים באַטראַכטן דעם לעצטן צייט־אָפּשניט. ס'באַקומט זיך, אַז אין מזרח־אייראָפּע איז דאָס אידנטום אויסגעוואַקסן זיבן מאָל ווייניגער, ווי אין מערב־אייראָפּע. דאָס איז טאַקי ריכטיג, אָבער דאָס האָט געטראָפן ניט מחמת באַ די מזרח־אייראָפּייאישע אידן איז געפאַלן דער נאַטירליכער צוואַקס אָדער מחמת באַ די מערב־אייראָפּייאישע אידן האָט ער זיך געהויבן, נאָר מחמת פון מזרח־אייראָפּע האָבן פאַר די דאָזיגע 25 יאָר אויסגעוואַנדערט בערך 2,300,000 אידן, פון וועלכע בערך 300,000 האָבן זיך באַזעצט אין מערב־אייראָפּע און האָבן דערמיט פאַרגרעסערט דאָרטן דעם צוואַקס.

פאַר הונדערט יאָר קומט אויס, אַז אין מערב־אייראָפּע האָט זיך דאָס אידנטום פאַרגרעסערט אויף 266,2 פּראָצענט און אין מזרח־אייראָפּע אויף 235,3 פּראָצענט. דאָס באַווייזט, אַז ס'איז געווען אַ איבערוואַנדערונג פון מזרח־אייראָפּע, פון די סלאַווישע לענדער, קיין מערב־אייראָפּע, אין די דייטש־ענגלישע מלוכות. ווייל מען אָבער מאַכן אַ חשבון פונם וואוקס פון מזרח־אייראָפּייאישן און מערב־אייראָפּייאישן אידנטום, מוז מען אַראָפּגעמען ביים לעצטן בערך 550 טויזנט מזרח־אייראָפּייאישע אידן, וואָס וואוינען איצט אין מערב־אייראָפּע, און זיי צוגעבן צו די ערשטע; צו די מזרח־אייראָפּייאישע אידן מוז מען אויך צוגעבן 4,200,000 פון די אַמעריקאַנישע אידן, 400,000 פון אַזיע און אַפריקע און 10.000 פון אויסטראַליע; צו די מערב־אייראָפּייאישע אידן מוז מען צוגעבן בערך 200.000 „יאַהודים“, וואָס וואוינען אין אַמעריקאַ און אין אַנדערע וועלט־טיילן. דעמאָלט וועלן מיר באַקומען:

| גרופּע—Volksteil | 1825 | 1925 | צוּוואַקס — Zunahme abs. | % |
|---|---|---|---|---|
| מזרח־אייראפּייאישע אידן Osteuropäische Judenheit | 2.272.000 | 12.778.000 | 10.506.000 | 462 |
| מערב־אייראפּייאישע אידן Westeuropäische Judenheit | 458.000 | 1.327.000 | 869.000 | 190 |

די מערב־אייראָפּייאישע אידן האָבן זיך פאַר הונדערט יאָר אַפילו ניט פאַרדרייפאַכט, ווען דאָס מזרח־אייראָפּייאישע אידנטום האָט זיך כמעט פאַרזעקספאַכט.

דער דאָזיגער ביאָלאָגישער פאַקט איז פון קאָלאָסאַלער וויכטיגקייט. באַ היינטיגן טאָג איז דער נאַטירליכער צוואַקס באַ די מערב־אייראָפּייאישע אידן, וואָס באַשטייען אויף דריי פערטל פון מיטל־ און גרויס־בורזשואַזיע און פון בורזשואַזער אינטעליגענץ, גלייך נול אָדער אפשר איז ער גאָר נעגאַטיוו; און דער ביאָלאָגישער וואוקס פון אידישן פאָלק פאַלט אינגאַנצן אויפן חלק פון די מזרח־אייראָפּייאישע אידן, וועלכע באַשטייען אויף אַ העלפט פון פּראָדוצירנדיגע עלעמענטן און אויף נאָך דרייסיג פּראָצענט אָרימע קליינבירגערליכע מאַסן.

פון די מערב־אייראָפּייאישע לענדער איז באַזונדער גרויס די פאַרגרעסערונג פון דער צאָל אידן אין ענגלאַנד — פון 20 טויזנט אידן אין 1825־טן יאָר איז געוואָרן 300 טויזנט אין 1925; אין בעלגיע איז די פּראָצענטועלע פאַרגרעסערונג געווען נאָך שטאַרקער — פון 2000 אין 1825 אויף 60 טויזנט אין 1925; שטאַרק איז אויך געווען דער וואוקס פון דער צאָל אידן אין דער שווייץ—פון צוויי טויזנט אויף 22 טויזנט. דער וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין די דאָזיגע אַלע אויסגערעכנטע לענדער איז, פאַרשטייט זיך, כמעט אינגאַנצען אַ רעזולטאַט פון דער איינוואַנדערונג פון מזרח־אייראָפּייאישע אידן. דער באַדייטנדיגער וואוקס פון דער צאָל אידן אין בעהמען, מעהרן און נידערעסטרייך און אין פראַנקרייך ערקלערט זיך אויך אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס מיט דער איינוואַנדערונג פון מזרח־אייראָפּייאישע אידן. אַזוי קאָן מען רעכענען, אַז די ווינער אידישע קהילה, וואָס האָט געציילט אין 1825־טן יאָר בערך באַ טויזנט אידן און איצט ציילט זי מער פון 200 טויזנט אידן, באַשטייט אויף אַ העלפט און אפשר נאָך מער פון אָנגעקומענע אין משך פון גאַנצען יאָרהונדערט גאַליציישע אידן. דאָס זעלבע קאָן מען אויך זאָגן וועגן פראַנקרייך, וואו די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך פאַרגרעסערט זעקס מאָל (אָן עלזאַס־לאָטרינגען).

אין דייטשלאַנד האָט זיך די אידישע באַפעלקערונג פאַרגרעסערט פאַר די גענומענע הונדערט יאָר בערך 2 און אַ האַלב מאָל — פון 223 טויזנט אין 1825 אויף 564 טויזנט. אויך אין דער דאָזיגער פאַרגרעסערונג איז פאַראַן אַ גרויסער חלק מזרח־אייראָפּייאישע אידן, ווי מיר האָבן שוין העכער געניוער דערקלערט.

גייט מען איבער צו באַזונדערע לענדער און מלוכות אין מזרח־אייראָפּע, וואַרפט זיך אין די אויגן דער באַדייטנדיגער וואוקס אין בוקאָווינע — פון 8000 אין 1825 אויף 120 טויזנט אין 1925 און דאָס שרעקליכע פאַלן פון דער צאָל אידן אין פויזן — פון 65 טויזנט אין 1825 אויף 15 טויזנט אין 1925. בוקאָווינע האָט באַקומען אַ גרויסע צוואַנדערונג פון גאַליציע; פון פויזן האָט די גרעסטע צאָל אידן איבערגעוואַנדערט קיין דייטשלאַנד און אַ געוויסער טייל אויך קיין אַמעריקאַ. באַדייטנד איז געווען דער וואוקס פון אידן אין אונגאַרן, כמעט פינף מאָל, כאָטש אונגאַרישע אידן באַטייליגן זיך אין דער אויסוואַנדערונג פון אייראָפּע קיין אַמעריקע שוין זייער אַ סך יאָרן— פון דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט אָן. אמת, די דאָזיגע אויסוואַנדערונג האָט קיינמאָל ניט אָנגענומען אַזאַ מאַסן־כאַראַקטער, ווי אין די מער מזרח־אייראָפּייאיש אויסגעשפּראָכענע לענדער, ווי, למשל, אין גאַליציע, פּוילן אָדער ליטע. אין גאַליציע, אינם לאַנד פון גרעסטן נאַטירליכן צוואַקס, האָט זיך די צאָל אידן פאַר הונדערט יאָר כמעט פאַרדרייפאַכט, ניט געקוקט דערויף, וואָס פון דאַנען איז געגאַנגען אַ גרויסע עמיגראַציע קיין נידערעסטרייך, בוקאָווינע, דייטשלאַנד און אין אַלע מלוכות פון אַמעריקאַ. פאַר די לעצטע 25 יאָר, ווען די אויסוואַנדערונג האָט דערגרייכט איר העכסטע מדרגה, און דערצו זיינען צוגעקומען די מלחמה־צרות און מלחמה־אַרויסשיקונגען, האָט זיך די צאָל אידן אין גאַליציע באַדייטנדיג פאַרקלענערט.

פון די לענדער פון פאַר'מלחמה'דיגן רוסלאַנד איז דער וואוקס געווען אַם שטאַרקסטן אין די גרויס־רוסישע גובערניעס, וועלכע גייען אַריין אין דער רובריק „אַנדערע טיילן“ — פון 25 טויזנט ביז 460 טויזנט, אַ פאַרגרעסערונג פון כמעט 20 מאָל. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זיינען אידן, איינגעוואַנדערטע דער עיקר פון ליטע, ווייס־רוסלאַנד און אוקראַינע און אין אַ קליינער מאָס אויך פון פּוילן. דעם קלענסטן צוואַקס האָט געהאַט דער קאַנט ליטע און ווייס־רוסלאַנד, די אַזוי גערופענע צפון־מערב'דיגע גובערניעס פון אַמאָליגן רוסלאַנד — פון דעם דאָזיגן קאַנט איז געגאַנגען אַ באַדייטנדיגע אויסוואַנדערונג אין משך פון גאַנצן יאָרהונדערט קיין ניי־רוסלאַנד, גרויס־רוסלאַנד, פּוילן און אין אַלע מעבר־לימדיגע לענדער. און ניט געקוקט אויף דער דאָזיגער קאָלאָסאַלער אויסוואַנדערונג האָט זיך דאָך די צאל אידן אַפילו אינם דאָזיגן קאַנט אין משך פון יאָרהונדערט מער ווי צוויי מאָל פאַרגרעסערט. אָבער ליטע און ווייס־רוסלאַנד האָבן אין די לעצטע 25 יאָר פאַרלוירן פון זייער אידישער קרן־באַפעלקערונג, — ווייל אין די דאָזיגע יאָרן האָט די אויסוואַנדערונג שוין צוגענומען, ווייזט אויס, ניט נאָר דעם נאַטירליכן צוואַקס, נאָר האָט אויך פאַרכאַפּט פון קרן און חוץ דעם האָט דער דאָזיגער קאַנט אַ סך מער געליטן פון דער מלחמה און פון די אַרויסשיקונגען, ווי אַלע אַנדערע טיילן פון פאַרמלחמהדיגן רוסלאַנד. אין קרוין־פּוילן איז די אידישע באַפעל־

קערונג פאַר די גענומענע הונדערט יאָר איז געוואַקסן 3 און אַ האַלב מאָל — דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער דאָזיגער קאַנט, כאָטש ער האָט די גאַנצע צייט געהאַט אַ געוויסע אויס־וואַנדערונג, אַ קליינע אין שכנותדיגן דייטשלאַנד און אין אַנדערע אייראָפּייאישע מלוכות און אַ גאַנץ באַדייטנדיגע אין איבערלימדיגע מלוכות, האָט ער אָבער איינצייטיג געהאַט אויך אַ צוהאַנדערונג פון ליטוויש־ווייסרוסישע און טיילווייז אויך אוקראַאינישע אידן. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט אוקראַאינע, נייַרוסלאַנד און בעסאַראַביע. דאָ האָט זיך די אידישע באַפעלקערונג אויך 3 און אַ האַלב מאָל פאַרגרעסערט, כאָטש ס׳איז געגאַנגען פון דאַנען אַ גרויסע אויסוואַנדערונג. נייַרוסלאַנד און בעסאַראַביע האָבן צוגעצויגן גרויסע מאַסן אידן, ניט נאָר פון די אוקראַאינישע גובערניעס, ווי וואָלין און פּאָדאָליע, נאָר אויך פון ליטע און ווייס־רוסלאַנד און טייל־ווייז אויך פון פוילן.*

די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער ראָלע פון איינצעלנע אידישע קיבוצים אין אייראָפּייאישן אידנטום אין משך פון הונדערט יאָר פון 1925 ביז 1825, זיינען פאָרגעשטעלט אין רעלאַטיווע צאָלן אין דער ווייטער־געבראַכטער טאַבעלע V.

Tab. — V — טאַב.

**די ענדערונגען אין דער כמות־וואָג פון די איינצעלנע אידישע קבוצים אין אייראפע**

**Veränderungen in der relativen Größe der einzeln. jüd. Gemeinschaften in Europa**

| Land | 1925 | 1900 | 1880 | 1820 | 1825 | לענדער |
|---|---|---|---|---|---|---|
| **I. West-Europa** | 18,0 | 15,2 | 15,4 | 16,8 | 16,8 | I. מערב־אייראפע |
| **Deutschland (ohne Posen u. Elsaß)** | 6,1 | 6,0 | 6,9 | 8,2 | 8,2 | דייטשלאנד (אן פּויזן און עלזאס) |
| davon: Preußen | 4,4 | 4,1 | 4,5 | 3,8 | 3,2 | פרייסן |
| Bayern | 0,5 | 0,6 | 0,8 | 1,4 | 2,0 | בייערן |
| Sonstige Länder | 1,2 | 1,3 | 1,6 | 3,0 | 3,0 | אנדערע טיילן |
| **Böhmen, Mähren, Niederösterreich** | 4,0 | 3,6 | 3,6 | 3,2 | 3,1 | בעהמען, מעהרן, נידערעסטרייך |
| **England, Walles u. Irland** | 3,2 | 2,3 | 1.3 | 1,1 | 0,7 | ענגלאנד, אועלס און אירלאנד |
| **Frankreich (mit Elsaß)** | 1,8 | 1,3 | 1,5 | 1,8 | 1,8 | פראנקרייך (מיט עלזאס) |
| Elsaß-Lothringen | 0,4 | 0,4 | 0,6 | 1,1 | 1,1 | עלזאַס־לאָטרינגען |
| **Holland** | 1,3 | 1,2 | 1,2 | 1,4 | 1,7 | האלאנד |
| **Belgien** | 0,6 | 0,2 | 0,1 | 0,1 | 0,1 | בעלגיע |
| **Italien** | 0,5 | 0,4 | 0,5 | 0,7 | 0,9 | איטאליע |
| **Sonst. westeurop. Länder** | 0,5 | 0,2 | 0,3 | 0,3 | 0,3 | אנד. מערב־אייראפּייאישע לענדער |
| **II. Ost-Europa** | 82,0 | 84,8 | 84,6 | 83,2 | 83,2 | II. מזרח־אייראפע |
| **Europäisches Russland** | 56,9 | 59,5 | 58,8 | 56,9 | 58,6 | אייראפּייאיש רוסלאנד |
| davon: Kongreß-Polen | 15,9 | 15,2 | 14,9 | 13,9 | 14,7 | קאָנגרעס־פוילן |
| Ukraine, Neurußl., Bessarabien | 23,1 | 25,3 | 23,6 | 22,4 | 22,9 | אוקראינע, ניי־רוסל., בעסאראביע |
| Litauen u. Weißrußland | 12,9 | 16,7 | 18,1 | 19,4 | 20,1 | ליטע און ווייסרוסלאנד |
| Sonstige Teile | 5,0 | 2,3 | 2,2 | 1,2 | 0,9 | אנדערע טיילן |
| **Galizien** | 8,0 | 9,3 | 10,1 | 10,9 | 10,0 | גאליציע |
| **Ungarn** | 10,6 | 9,8 | 9,4 | 8,5 | 7,3 | אונגארן |
| **Rumänien** | 3,2 | 3,2 | 3,0 | 3,1 | 2,9 | רומעניע |
| **Bukovina** | 1,3 | 1,1 | 1,0 | 0,4 | 0,3 | בוקאווינע |
| **Bulgarien** | 0,5 | 0,4 | 0,3 | 0,2 | 0,3 | בולגאריע |
| **Posen** | 0,2 | 0,4 | 0,9 | 1,9 | 2,4 | פּויזן |
| **Sonst. osteurop. Länder** | 1,3 | 1,1 | 1,1 | 1,3 | 1,4 | אנד. מזרח־אייראפּייאישע לענדער |
| **Europa überhaupt** | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | גאנץ אייראפע |

מיר זעהען, אַז אין פּרט פון געאָגראַפישער פאַרטיילונג אין די גרענעצן פון אייראָפּע אַליין, זיינען קיין גרויסע ענדערונגען ניט פאָרגעקומען — חוץ פּויזן און ליטע און ווייסרוסלאַנד. די כמותדיגע וואָג פון פּויזענער קיבוץ אין אייראָפּייאישן אידנטום האָט זיך פאַרקלענערט צוועלף מאָל; די כמותדיגע וואָג פון ליטוויש־ווייסרוסישן קיבוץ האָט זיך פאַרקלענערט אויף העכער אַ דריטל. עטוואָס האָט זיך אויך פאַרקלענערט די כמותדיגע וואָג פון גאַליציישן אידנטום — פון 10,0% פון אַלע אייראָפּייאישע אידן אין 1825 האָט איצט גאַליציע נאָר 8,0% פון אייראָפּייאישן אידנטום.

* איבער דעם וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין ניי־רוסלאנד און אויך בעסאראביע האב איך געבראכט גענויערע און אויספירליכערע דאטן אין מיין בוך: „דאס אידישע פאלק אין ציפערן“.

פון די מערב־אייראָפּייאישע אידישע קבוצים איז אָפּגע־שוואַכט געוואָרן די וואָג פון דייטשן אידישן קיבוץ — פון 8,2% פון אַלע אייראָפּייאישע אידן אין 1825 איז איצט אין דייטשלאַנד נאָר פאַראַן 6,1% פון אייראָפּייאישן אידנטום. אָבער אין די ראַמען פון דייטשלאַנד אַליין איז אַ גרויסער חילוק צווישן איינצלנע מלוכות: אין פּרייסן, למשל, איז אויך אַזוי פיל אויסגעוואַקסן די צאָל אידן, אַז די כמותדיגע וואָג פון פּרייסישן אידישן קיבוץ אין אייראָפּייאישן אידנטום איז אויסגעוואַקסן, ווען די כמותדיגע וואָג פון בייערישן קיבוץ אין אייראָפּייאישן אידנטום האָט זיך פאַרקלענערט פיר מאָל.

די ראָל און וואָג פון די באַזונדערע דייטש־אידישע קבוצים אין גאַנצן דייטשן אידנטום אין די דריי פּעריאָדן 1825, 1880 און 1925 קאָן מען זעהען פון פאָלגנדיגער טאַ־בעלע VI.

Tab. — VI — טאַב·

## די ענדערונגען אין דער כמות־וואג פון איינצעלנע אידישע לענדער־קבוצים אינם דייטשן אידנטום

## Die territoriale Änderungen im Aufbau des deutschen Judentums 1825—1925

| לאנד — Länder | די אַבסאָלוטע צאַל אידן Abs. Zahl der jüd. Bevölk. 1825 | 1880 | 1925 | % פון אלע אידן אין דייטשלאנד In % des ges. deutschen Judentums 1825 | 1880 | 1925 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| פּרייסן — Preußen | 88.000 | 307.181 | 403.969 | 39,5 | 66,0 | 71,6 |
| בייערן — Bayern | 55.000 | 53.526 | 49.145 | 24,7 | 11,5 | 8,7 |
| באַדן — Baden | 17.000 | 27.278 | 24.064 | 7,6 | 5,9 | 4,3 |
| העסן — Hessen | 20.000 | 26.746 | 20.401 | 9,0 | 5,7 | 3,6 |
| האַמבורג — Hamburg | 7.000 | 16.024 | 19.904 | 3,1 | 3,4 | 3,5 |
| זאַקסן — Sachsen | 750 | 6.516 | 23.552 | 0,3 | 1,4 | 4,1 |
| ווירטעמבערג — Württemberg | 9.000 | 13.331 | 10.827 | 4,0 | 2,9 | 1,9 |
| אנד· — Sonstige (ohne Posen u. Elsaß-Lothr.) | 26.250 | 15.123 | 12.817 | 11,8 | 3,2 | 2.3 |
| **צוזאמען — Zusammen** | **223.000** | **465.725** | **564.379** | **100,0** | **100,0** | **100,0** |

מיר זעהען, אַז פאַר הונדערט יאָר איז די פאַרגרעסערונג פון אידישן קיבוץ געווען אין (1825=100):

| | |
|---|---|
| דייטשלאנד בכלל | 253 |
| פּרייסן | 459 |
| בייערן | 89 |
| באַדן | 141 |
| העסן | 102 |
| האמבורג | 284 |
| זאַקסן | 3.140 |
| ווירטעמבערג | 120 |
| אנדערע לענדער | 49 |

דאָס אינדוסטריעלע זאַקסן פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ; דאָס צווייטע אָרט פאַרנעמט פּרייסן; נאָך פּרייסן גייט האַמבורג — אַלזאָ אַ באַדייטנדיגע פאַרגרעסערונג איז פאָרגעקומען אין די אינדוסטריעלע טיילן פון דייטשלאַנד. פאַרקערט, דאָס אַגראַרישע בייערן האָט פאַרלאָרן אַ ניינטל פון איר צאָל אידן אין 1825; די קליינע פּראָווינצן מיט קליינע גרופּקעלאַך אידן האָבן פאַר־לאָרן אַ העלפט פון זייער אידישער קרן־באַפעלקערונג. וועגן דער גרויס־שטאָטישער קאָנצענטראַציע בײַ די דייטשע אידן, וואָס שפּילט ניט קיין קליינע ראָלע אין פּרט פון צוציען צו דער אָדער יענער פּראָווינץ, וועלן מיר נאָך רעדן ווייטער.

פון דער זעלבער טאַבעלע זעהט מען, אַז די פּרייסישע אידן, וואָס האָבן אויסגעמאַכט אין 1825 קאַרגע צוויי פינפטל פון אַלע אידן אין דייטשלאַנד, בילדן שוין אין 1925 כמעט דריי־פערטל פון גאַנצן דייטשן אידנטום. בייערן, וואו ס'איז געווען אַ גאַנץ פערטל פון דייטשן אידנטום, פאַרמאָגט איצט נאָר איין צוועלפטל דייטשע אידן; אין די קליינע פּראָווינצן זיינען געווען צעוואָרפן קליינע גרופּקעלאַך — אַ אַכטל פון אַלע דייטשע אידן, — איצט זיינען געבליבן אין די דאָזיגע אַלע פּראָווינצען נאָר 2,3% פון דייטשן אידנטום. די דייטשע אידן האָבן זיך קאָנצענטרירט פאַר די הונדערט יאָר אין די אינדוסטריעל אַנטוויקלטע פּראָווינצען פון דייטש־לאַנד און דער עיקר אין די גרויסע שטעט.

צוריק מיט הונדערט יאָר האָט דאָס אַגראַרישע בייערן געהאַט צוויי פּראָצענט פון אייראָפּייאישן אידנטום — איצט נאָר 0,5%. פאַרקערט, פּרייסן האָט געהאַט צוריק מיט הונדערט יאָר 3,2% פון אייראָפּייאישן אידנטום און איצט — 4,3%.

קערן מיר זיך נאָך אום צו טאַבעלע V זעהען מיר, אַז באַדייטנדיג איז אויסגעוואַקסן די כמות'דיגע וואָג פון ענגלישן אידישן קבוץ — פון 0,7% פון אַלע אייראָפּייאישע אידן אין 1825 איז ער אויסגעוואַקסן ביז 3,2% אין 1925. עטוואָס האָט זיך פאַרשטאַרקט די וואָג פון אונגאַרישן אידישן קיבוץ — פון 7,3% פון אַלע אייראָפּייאישע אידן אין 1825 האָט ער זיך אויפגעהויבן ביז 10,6% אין 1925.

צוליב פאַרגלייך־צוועקן און צוליב די ענדערונגען, וואָס די מלחמה האָט אַריינגעטראָגן אין די פּאָליטישע גרעניצן פון די אייראָפּייאישע מלוכות, איז אונז אויסגעקומען ביז אַהער זיך ווייניג רעכענען מיטן מלוכה־פּרינציפּ און זיך האַלטן מער ביים פּרינציפּ פון באַזונדערע קאַנטן און לענדער. דאָס האָט געהאַט נאָך די מעלה, וואָס די דאָזיגע קאַנטן און לענדער שטעלן פאָר מיט זיך גאַנץ אָפט ריין־עטנאָגראַפישע אויס־שניטן און ס'איז זייער גרינג צו באַקומען אַ פאָרשטעלונג, ווי אידן זיינען פאַרשפּרייט צווישן פאַרשיידענע פ ע ל ק ע ר. ס'איז אָבער אויך אינטערעסאַנט פעסטצושטעלן די מ ל ו כ ה־ראַמען, אין וועלכע פאַרשיידענע טיילן פון וועלט־אידנטום געפינען זיך.

ווייל די פּאָליטישע שיטה און מלוכה־פאָרם האָבן דאָך ניט קיין קליינעם איינפלוס אויפן גורל פון די דאָזיגע טיילן פון אידישן פאָלק. מיר ברענגען דעריבער אין דער ווייטערדיגער טאַבעלע די פּאַרטיילונג פון וועלט־אידנטום לויט מלוכות אין דריי צייט־אָפּשניטן.

אין משך פון גאַנצן 19־טן יאָרהונדערט האָט אין די גרעניצן פון דער רוסלענדישער מלוכה געלעבט באַ אַ העלפט פון וועלט־אידנטום — אין 1925־טן יאָר נאָר ווייניגער פון אַ פינפטל. אין די גרעניצן פון דער צווייטער פעלקער־מלוכה פון אייראָפּע, אין עסטרייך־אונגאַרן, האָט געלעבט אין 19־טן יאָרהונדערט פון אַ זעקסטל (1825) ביז כמעט אַ פינפטל (1900) פון אידישן פאָלק — איצט נאָר 5,7%. דאָס איז איינער פון די וויכטיגסטע פאַרן אידישן פאָלק רעזולטאַטן פון דער מלחמה — פאַר דער מלחמה האָבן צוויי דריטל פון אידישן פאָלק געלעבט אין פעלקער־מלוכות, אין מלוכות, וואו אַ סך פעלקער האָבן געקעמפט צווישן זיך און וואו דאָס אידישע פאָלק, צוליב אַ סך היסטאָרישע סיבות, איז געגאַנגען מיט דער הערשנדיגער מלוכה־נאַציע; נאָכן צעפאַלן פון די דאָזיגע גרויסע פעלקער־מלוכות קומט שוין אויס די אידישע מינדערהייטן אומעטום זיך מער רעכענען מיט דער הערשנדיגער עטנאָגראַפישער מערהייט. אויפן אָרט פון רוסן און דייטשן, וואָס זיינען געווען די הערשנדיגע מלוכה־נאַציעס אין די צוויי דערמאָנטע פעלקער־מלוכות, זיינען אויפגעקומען אונגאַרן, טשעכן, פּוילן, אוקראַינער, ווייסרוסן — עטנאָגראַפישע מערהייטן אין די ניי־געגרינדעטע מלוכות. און כאָטש די דאָזיגע אַלע ניי־געגרינדעטע מלוכות זיינען פאַקטיש געבליבן פעלקער־מלוכות בזעיר אַנפּין, איז דאָך דער קאַמף פון דער אידישער מינדערהייט פיל שווערער און קאָמפּליצירטער געוואָרן. אין די גרויסע פעלקער־מלוכות, וואו די פאַרשיידנאַרטיגע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע אינטערעסן פון באַזונדערע פעלקער האָבן זיך שטאַרק געקרייצט, איז פאַרן אידישן מיעוט געווען גרינגער צוגעפינען פריינד אין קאַמף פאַר זיין קיום, ווי איצט, ווען אָפט קומט אויס דער אידישער מינדערהייט כמעט אַליין שטייען פּנים אל פּנים מיט אַ עטנאָגראַפישער מערהייט, וועלכע איז איינציייטיג אַ מלוכה־מערהייט. ניט דאָ איז אָבער דאָס אָרט זיך אָפּשטעלן באַריכות אויף די נייע באַדינגונגען, וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן פאַר'ן אידישן מיעוט מיט'ן צעפאַלן פון די צוויי גרויסע פעלקער־מלוכות — אונזער אויפגאַבע איז געבן די כמותדיגע אויסדרוקן פון די פאָרגעקומענע שנוים.

Tab. — VII — .טאַב

## די ענדערונגען אין דער פארטיילונג פון אידישן פאלק לויטן מלוכה־פרינציפ

### Die Veränderungen in der Staaten-Gruppierung des jüdischen Volkes

| 1925 | | 1900 | | 1825 | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| פראָצענט פון איד. פאָלק in % des jüd. Volkes | abs. | פראָצענט פון איד. פאָלק in % des jüd. Volkes | abs. | פראָצענט פון איד. פאָלק in % des jüd. Volkes | abs. | Staat — מלוכה |
| 27,0 | 4.000.000 | 10,4 | 1.100.000 | 0,2 | 8.000 | U. S. Amer. — פאַראייניגטע שטאַטן |
| 19,3 | 2.850.000 | — | — | — | — | Polen — פּוילן |
| 18,2 | 2.700.000 | 48,8 | 5.175.000 | 48,8 | 1.600.000 | Rußland — רוסלאַנד |
| 5,9 | 870.000 | 2,5 | 267.000 | 2,4 | 80,000 | Rumänien — רומעניע |
| 3,8 | 564.000 | 5,5 | 587.000 | 8,8 | 288.000 | Deutsches Reich — דייטשלאַנד |
| 2,4 | 360.000 | — | — | — | — | Tschechoslovakei — טשעכאָסלאָוואַקיי |
| 2,0 | 300.000 | 2,0 | 200.000 | 0,6 | 20.000 | England — ענגלאַנד |
| 1,5 | 225.000 | 11,5 | 1.225.000 | 11,2 | 368.000 | Österreich — עסטרייך |
| 1,2 | 165.000 | 0,8 | 80.000 | 1,5 | 50.000 | Frankreich — פראַנקרייך |
| 1,1 | 160.000 | 0,2 | 30.000 | — | — | Argentinien — אַרגענטינע |
| 1,1 | 160.000 | — | — | — | — | Litauen — ליטע |
| 0,9 | 140.000 | 0,1 | 15.000 | — | — | Kanada — קאַנאַדע |
| 0,8 | 120.000 | 1,0 | 104.000 | 1,4 | 45.000 | Niederlande — האָלאַנד |
| 0,7 | 110.000 | — | — | — | — | Palästina — פּאַלעסטינע |
| 0,8 | 115.000 | 0,1 | 6.000 | — | — | Griechenland — גריכנלאַנד |
| 0,7 | 105.000 | — | — | — | — | Lettland — לעטלאַנד |
| 12,6 | 1.856.500 | 17,1 | 1.813.500 | 25,1 | 822.000 | Sonstige Länder — אנדערע לענדער |
| 100,0 | 14.800.500 | 100,0 | 10.602.500 | 100 0 | 3.281.000 | Zusammen — צוזאַמען |

פון טאַבעלע VII זעהען מיר אויך, אַז פאַר די פאַרגאַנגענע הונדערט יאָר האָט זיך באַזעצט אין איין מלוכה, אין אַמעריקע־אין די פאַראייניגטע שטאַטן — מער פון אַ פערטל פון וועלט־אידנטום. דער פּראָצענט פון אידישן פאָלק, וואָס וואוינט אין דייטשלאַנד, האָט זיך פאַרקלענערט אויף אַ העלפט, בשעת אין ענגלאַנד לעבט איצט דריי מאָל אַ גרעסערער חלק פון אידנטום.

כמעט צוויי דריטל פון גאַנצן אידישן פאָלק לעבן אין דריי מלוכות — פאַראייניגטע שטאַטן, פּוילן און רוסלאַנד. גיט מען צו רומעניע, אונגאַרן, דייטשלאַנד, טשעכאָ־סלאָוואַקיי, ענגלאַנד, פראַנקרייך, עסטרייך, אַרגענטינאַ, פּאַלעסטינאַ, ליטע, קאַנאַדע, האָלאַנד און גריכנלאַנד באַקומט מען, אַז אין 16 מלוכות מיט ניט ווייניגער פון 100 טויזנט אין יעדער לעבן 88

פון וועלט־אידנטום און 12 פּראָצענט אידן לעבן צעוואָרפן איבער כמעט 50 מלוכות.

2

מיר גייען איבער צו דער גרויסשטאָטישקייט און קאָמפּאַקט־קייט פון אידישן פאָלק.

גרויס־שטאָטיש און קאָמפּאַקט פאַלן אָפט צוזאַמען — די גרעסטע אידישע קהלות געפינען זיך טאַקי אין די גרעסטע צענטרען פון דער וועלט. דאָס איז אָבער ניט קיין מוז און ניט שטענדיג און אומעטום טרעפט דאָס. למשל, אין 1850־טן יאָר איז אין באַרדיטשעוו געווען דריי מאָל מער אידן, ווי אין בערלין — דאָך זיינען די בערלינער אידן געווען גרויס־שטאָטישע און די באַרדיטשעווער ניט; פאַר דער מלחמה איז אין אומאַן געווען דריימאָל מער אידן, ווי אין מאָסקווע, אָבער די אומאַנער אידן זיינען געווען קליין־שטאָטישע און די מאָסקווער גרויס־שטאָטישע. פאַקטיש אָבער זיינען אידן דאָס גרויס־שטאָטישסטע און קאָנצענטרירטסטע פאָלק אין דער וועלט — זיי האָבן זיך צו־נויפגענומען אין גרויסע קאָמפּאַקטע קהילות אין די גרעסטע שטעט פון דער וועלט, אין די נערוון־צענטרען פון איצטיגן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן.

לאָמיר צוערשט זעהען, ווי ווייט ג ר ו י ס ־ ש ט אָ ט י ש אידן זיינען איצט. אין דער גאַנצער וועלט זיינען פאַראַן 19 שטעט מיט מער פון אַ מיליאָן איינוואוינער. פון זיי זיינען צוויי אין כינאַ, צוויי אין יאַפּאַן און איינע אין אינדיע. די דאָזיגע פינף שטעט קומען פאַר אונז ניט אין באַטראַכט, מחמת אין די דאָזיגע מלוכות זיינען אידן כמעט ווי ניטאָ. בלייבן 14 גרעסטע מיליאָניגע שטעט אין אייראָפּע און אַמעריקע, ווייל אַפריקע און אויסטראַליע פאַרמאָגן ניט קיין שטעט מיט מער פון אַ מיליאָן נפשות. אין די דאָזיגע 14 גרעסטע צענטרען פון דער ציוויליזיר־טער וועלט, וועלכע זיינען אויסגערעכנט באַ אונז אין טאַבעלע IX האָבן געוואוינט אין 1925־טן יאָר קרוב צו 38 מיליאָנען מענשן; פון זיי זיינען געווען אידן בערך 3,450,000 אָדער 9,1 פּראָצענט. די אידן מאַכן אויס בערך נאָר צוויי פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון אייראָפּע און אַמעריקאַ — קומט אויס, אַז אין די שטעט מיט מער פון אַ מיליאָן איינוואוינער מאַכן די אידן אויס 4 און אַ האַלב מאָל אַ גרעסערן פּראָצענט, ווי אין דער באַפעלקערונג בכלל.

אין אייראָפּע און אַמעריקאַ זיינען איצט פאַראַן בערך 665 מיליאָן איינוואוינער. די 38 מיליאָן גרויס־שטאָטישע איינוואוי־נער מאַכן אויס אויף אַזאַ אופן 5,7 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. אידן זיינען פאַראַן אין אייראָפּאַ און אַמעריקאַ בערך 13,665,000 — אַלזאָ מאַכן די גרויס־שטאָטישע אידן אויס 25,3 פּראָצענט פון אַלע אידן פון די דאָזיגע צוויי וועלט־טיילן, 4 און אַ האַלב מאָל מער, ווי באַ דער ניט אידישער באַפעלקע־רונג. רעכנט מען אויס דעם פּראָצענט גרויס־שטאָטישע אידן לגבי דעם גאַנצן וועלט־אידנטום, באַקומט מען, אַז זיי מאַכן אויס 23 פּראָצענט.

ס'זיינען פאַראַן מלוכות וואו דער פּראָצענט איינוואוינער אין שטעט מיט מער פון אַ מיליאָן נפשות איז העכער איידער דער אויבן געבראַכטער דורכשניט־פּראָצענט פאַר ביידע וועלט־טיילן, אָבער באַ קיין מלוכה אין דער וועלט דערגרייכט ער ניט צום פּראָצענט גרויס־שטאָטישע איינוואוינער, וואָס באַ אידן. אַזוי האָבן געוואוינט אין שטעט מיט מער פון אַ מיליאָן נפשות אין 1925־טן יאָר:

| | |
|---|---|
| אין ענגלאַנד . . . . . . | 18,0 פּראָצענט |
| " די פאראייני. שטאטן . | 12,0 " |
| " דייטשלאנד . . . . . | 8,0 " |
| " פראנקרייך . . . . . . | 7,0 " |
| " רוסלאנד . . . . . . | 2,5 " |
| **באַ אידי** . . . . . . . . | **23,0** " |

ס'איז אָנגענומען, אַז ערטער מיט מער פון 100 טויזנט איינ־וואוינער ווערן שוין פאַררעכנט פאַר גרויסע שטעט. לאָמיר זעהען, וואָס פאַר אַ פּראָצענט אידן וואוינען אין אַזעלכע גרויסע שטעט און לאָמיר פאַרגלייכן אידן מיט איניגע אַנדערע פעלקער.

אין שטעט מיט מער פון 100 טויזנט נפשות האָבן גע־וואוינט אין 1925־טן יאָר:

| | |
|---|---|
| אין ענגלאנד . . . . . . | 40,0 פּראָצענט |
| " די פאראייני. שטאטן . | 27,3 " |
| " דייטשלאנד . . . . . | 26,7 " |
| " פוילן . . . . . . . . | 7,0 " |
| " רוסלאַנד . . . . . . . | 6,5 " |
| **א י ד ן** . . . . . . . . | **45,0** " |

מיר האָבן גענומען נאָר די שטעט, וואָס זיינען אַריין אין טאַבעלע IX ד.ה. נאָר אַזעלכע שטעט מיט מער פון 100 טויזנט איינוואוינער, וואו ס'האָבן געלעבט ניט ווייניגער פון 10 טויזנט אידן. ס'זיינען אָבער פאַראַן אַ סך גרויסע שטעט, וואָס האָבן קלענערע אידישע קהלות, און ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אַז ניט ווייניגער פון אַ העלפט פון וועלט־אידנטום לעבט אין גרויסע שטעט מיט מער פון 100 טויזנט אין יעדער. אַ העלפט פון אידישן פאָלק איז אַלזאָ ג ר ו י ס ־ ש ט אָ ט י ש.

לאָמיר איצט איבערגייען צו דער ק אָ מ פּ אַ ק ט ק י י ט, צו דער קאָנצענטראַציע פון אידן אין גרויסע קהלות.

טאַבעלע IX ברייננגט אַ רשימה פון 166 קהילות מיט מער פון 10,000 אידן אין יעדער. לויט באַזונדערע גרופּעס האָבן זיי זיך געטיילט:

Tab. — VIII — טאַב.

**איינטיילונג פון די קהלות מיט מער פון 10 000 אידן**
**לויט באזונדערע גרופעס**
1920—26

Gliederung der Gemeinden mit 10.000 und mehr Juden

| גרויס פון קהלה (לויט דער צאל אידן) Gemeinde-Gruppen (Grösse der jüd. Bev.) | צאל קהלות Zahl der Gemeinden | די צאל אידן אין זיי — Zahl der jüd. Bev.: abs. | פּראצענט — in Prozenten: פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג d. ges. Bev. dieser Städte | פּראצענט — in Prozenten: פון גאַנצן אידישן פאָלק d. ges. jüd. Volkes |
|---|---|---|---|---|
| 100.000 — | 15 | 4.288.537 | 12,2 | 28,9 |
| 50.000 — 100.000 | 18 | 1.166.265 | 11,0 | 7,9 |
| 25.000 — 50.000 | 32 | 1.077.013 | 11,8 | 7,3 |
| 10.000 — 25.000 | 101 | 1.507.688 | 9,2 | 10,2 |
| Zus.—סך־הכל | 166 | 8.039.503 | 11,2 | 54,3 |

מער פון אַכט מיליאָן אידן אָדער 54,3 פּראָצענט פון וועלט־אידנטום לעבן אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידישע נפשות אין יעדער. אָבער כמעט 30 פּראָצענט פון אי־

Tab. — IX — טאב.

# רשימה פון שטעט מיט מער פון 10.000 אידישע נפשות לויט באזונדערע גרופעס

## Städte mit einer jüdischen Bevölkerung von 10.000 Seelen und mehr

| Städte | די צאָל אידן Jüd. Bevölkerung % | abs. | די גאַנצע באפעלקערונג Gesamt-bevölkerung | Jahr—יאר | Land — לאנד | שטעט |
|---|---|---|---|---|---|---|
| **I. Mit 100.000 Juden und mehr** | | | | | | I. שטעט מיט 100.000 אידן און מער |
| 1. New-Jork | 29,8 | *1 750 000 | 5 873 356 | 1925 | U. S. A. — פאראייני. שטאטן | 1. ניו־יאָרק |
| 2. Warschau | 32,5 | 322 185 | 992 450 | 1925 | Polen — פוילן | 2. ווארשע |
| 3. Chicago | 10,0 | * 300 000 | 2 995 239 | 1925 | U. S. A. — פאראייני. שטאטן | 3. טשיקאַגאָ |
| 4. Philadelphia | 13,9 | * 275 000 | 1 979 364 | 1925 | U.S.A. — פאראייני. שטאַטן | 4. פילאַדעלפיע |
| 5. Budapest | 22,9 | 212 736 | 930 247 | 1921 | Ungarn — אונגארן | 5. בודאפעשט |
| 6. Wien | 10,8 | 201 513 | 1 865 780 | 1923 | Österreich — עסטרייך | 6. ווין |
| 7. London | 2,7 | *200 000 | 7 480 201 | 1925 | England — ענגלאנד | 7. לאָנדאָן |
| 8. Odessa | 44,4 | 190 135 | 427 831 | 1920 | Ukraine — אוקראינע | 8. אָדעס |
| 9. Berlin | 4,3 | 172 672 | 4 024 162 | 1925 | Deutschland — דייטשלאנד | 9. בערלין |
| 10. Lodz | 34,5 | 156 155 | 452 079 | 1921 | Polen — פוילן | 10. לאָדז |
| 11. Kiew | 32,0 | 128 141 | 400 714 | 1923 | Ukraine — אוקראינע | 11. קיעוו |
| 12. Buenos Aires | 6,1 | * 120 000 | 1 973 328 | 1925 | Argentinien — ארגענטינע | 12. בוענאָס־אַירעס |
| 13. Moskau | 5,5 | * 110 000 | 2 018 286 | 1926 | Zentr. Rußl. — צענטר. רוסל. | 13. מאָסקווע |
| 14. Paris | 3,5 | * 100 000 | 2 871 429 | 1925 | Frankreich — פראנקרייך | 14. פאַריז |
| 15. Cleveland | 10,7 | * 100 000 | 936 485 | 1925 | U. S. A. — פאראייני. שטאטן | 15. קליוולענד |
| **Insgesamt** | **12,2** | **4 288 537** | **35 220 951** | **1921—26** | — — — — — — — — | **צוזאמען** |
| **II. Mit 50.000-100.000 jüd. Einwohner** | | | | | | II. שטעט מיט 50.000 ביז 100.000 אידן |
| 16. Boston | 10,2 | * 80 000 | 781 529 | 1925 | U. S. A. — פאראייני. שטאטן | 16. באָסטאָן |
| 17. Kischinew | 60,2 | * 80 000 | 133 000 | 1925 | Bessarabien — בעסאראביע | 17. קישינעוו |
| 18. Lemberg | 35,0 | 76 854 | 219 388 | 1921 | Galizien — גאליציע | 18. לעמבערג |
| 19. Jekaterinoslaw | 44,7 | 72 928 | 162 965 | 1920 | Ukraine — אוקראינע | 19. יעקאַטערינאָסלאַוו |
| 20. Baltimore | 8,8 | * 70 000 | 796 296 | 1925 | U. S. A. — פאראייני. שטאטן | 20. באלטימאָר |
| 21. Charkow | 17,2 | * 70 000 | 407 578 | 1926 | Ukraine — אוקראינע | 21. כאַרקאָוו |
| 22. Constantinople | 3,9 | * 70 000 | 1 800 000 | 1925 | Türkei — טערקיי | 22. קאָנסטאַנטינאָפל |
| 23. Amsterdam | 10,3 | 67 249 | 647 427 | 1920 | Holland — האָלאַנד | 23. אַמסטערדאַם |
| 24. Leningrad | 5,3 | * 84 412 | 1 591 770 | 1926 | Zentr. Rußl. — צענטר. רוסל. | 24. לענינגראַד |
| 25. Pittsburgh | 9,5 | * 60 000 | 631 563 | 1925 | U. S. A. — פאראייני. שטאטן | 25. פיטסבורג |
| 26. St. Louis | 7,3 | * 60 000 | 821 543 | 1925 | U. S. A. — פאראייני. שטאטן | 26. סאַן לואיס |
| 27. Saloniki | 22,8 | * 60 000 | 263 002 | 1925 | Griechenland — גריכנלאנד | 27. סאַלאָניקי |
| 28. Wilno | 43,2 | 56 163 | 130 000 | 1923 | Polen — פוילן | 28. ווילנע |
| 29. Newark | 12,2 | * 55 000 | 452 513 | 1925 | U.S.A — פאראייני. שטאטן | 29. נואַרק |
| 30. Minsk | 40,8 | 53 659 | 131 483 | 1926 | Weißrußland — ווייסרוסל. | 30. מינסק |
| 31. Bukarest | 14,3 | * 50 000 | 350 000 | 1925 | Rumänien — רומעניע | 31. בוקארעשט |
| 32. Detroit | 4,0 | * 50 000 | 1 242 044 | 1925 | U. S. A. — פאראייני. שטאטן | 32. דעטראָיט |
| 33. Jaffa mit Tel-Aviv | 62,5 | * 50 000 | 80 000 | 1926 | Palästina — פאלעסטינע | 33. יפו מיט תל־אביב |
| **Insgesamt** | **11,0** | **1 166 265** | **10 642 101** | **1920—26** | — — — — — — — — | **צוזאמען** |

* די ציפערן, וואס זיינען באצייכנט מיט א שטערן, זיינען געבויעט אויף שאצונגען. די שאצונגען פון דער צאל אידן אין די שטעט פון די פאר־אייניגטע שטאטן זיינען גענומען מערסטנסטייל פון אמעריקאנער אידישן יארבוך פארן יאר 1926, פילאדעלפיע.

Anmerkung: Die mit einem Stern versehenen Zahlen beruhen auf Schätzungen. Die Zahl der Einwohner in den Städten der U. S. A. sind hauptsächlich dem American Jewish Jearbook für 1926, Philadelphia, entnommen

Tab. — IX — טאַב·

Fortsetzung — המשך

| Städte | די צאָל אידן<br>Jüd. Bevölkerung | | די גאַנצע באַפעלקערונג<br>Gesamt-bevölkerung | Jahr—יאָר | Land — לאַנד | שטעט |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 0/0 | abs. | | | | |
| **III. Mit 25.000-50.000 jüd. Einwohnern** | | | | | | **III· שטעט מיט 25.000 ביז 50.000 אידן** |
| 34. Jerusalem . . . . . | 60,0 | *48 000 | 80 000 | 1926 | . . Palästina — פאַלעסטינע | 34· ירושלים . . . . . . |
| 35. Krakau . . . . . . | 24,6 | 45 192 | 183 706 | 1921 | . . . . Galizien — גאַליציע | 35· קראָקע . . . . . . |
| 36. Jassi . . . . . . . | 60,0 | *45 000 | 75 000 | 1925 | . . . Rumänien רומעניע | 36· יאַסי . . . . . . . |
| 37. Los Angeles . . . . | 7,8 | *45 000 | 576 673 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 37· לאָס אנדזשעלאָס . . |
| 38. Czernowitz . . . . | 47,6 | 43 701 | 91 852 | 1919 | . . Bucovina — בוקאָווינע | 38· טשערנאָוויץ . . . . |
| 39. Montreal . . . . . | 6,9 | 42 717 | 618 506 | 1921 | . . . . Kanada — קאַנאַדע | 39· מאָנטרעאַל . . . . |
| 40. Rostow am Don . . | 13,2 | *40 000 | 302 416 | 1925 | . . . Ukraine — אוקראַינע | 40· ראָסטאָווביים דאָן . |
| 41. Bialostok . . . . . | 51,6 | 39 602 | 76 792 | 1921 | . . . . . . Polen — פוילן | 41· ביאַלאָסטאָק . . . . |
| 42. Riga . . . . . . . | 11,7 | 39 459 | 337 699 | 1925 | . . . Lettland — לעטלאַנד | 42· ריגע . . . . . . . |
| 43. Gomel . . . . . . | 43,7 | 37 740 | 86 390 | 1926 | Weißrußland — ווייסרוסל· | 43· האָמעל . . . . . . |
| 44. Lublin . . . . . . | 39,6 | 37 337 | 94 412 | 1921 | . . . . . . . Polen — פוילן | 44· לובלין . . . . . . |
| 45. Witebsk . . . . . . | 37,5 | 37 086 | 98 780 | 1926 | Weißrußland — ווייסרוסל· | 45· וויטעבסק . . . . . |
| 46. Manchester . . . . | 4,7 | *35 000 | 750 000 | 1921 | . . . England — ענגלאַנד | 46· מאַנטשעסטער . . . |
| 47. Bagdad . . . . . . | 14,0 | *35 000 | 250 000 | 1923 | Mesopotamien — מעסאָפּאָט· | 47· באַגדאַד . . . . . . |
| 48. Toronto . . . . . . | 6,6 | 34 619 | 521 893 | 1921 | . . . . Kanada — קאַנאַדע | 48· טאָראָנטאָ . . . . . |
| 49. Jelisabethgrad . . . | 41,3 | 31 812 | 77 129 | 1920 | . . . Ukraine — אוקראַינע | 49· יעליסאַוועטגראַד . . |
| 50. Prag . . . . . . . | 4,7 | 31 751 | 676 657 | 1920 | Cechoslovakei — טשעכאסל· | 50· פּראַג . . . . . . . |
| 51. Nikolajew . . . . . | 28,5 | 31 003 | 108 820 | 1923 | . . . Ukraine — אוקראַינע | 51· ניקאָלאַיעוו . . . . |
| 52. Krementschug . . . | 53,4 | 29 373 | 54 976 | 1923 | . . . Ukraine — אוקראַינע | 52· קרעמענטשוג . . . . |
| 53. Frankfurt a. M. . . | 6,3 | 29 385 | 467 520 | 1925 | . Deutschland — דייטשלאַנד | 53· פראַנקפורט ביים מאַין |
| 54. Alexandrien . . . . | 6,5 | 29 207 | 450 000 | 1925 | . . . . Aegypten — עגיפּטן | 54· אַלעקסאַנדריע . . . |
| 55. Zytomir . . . . . . | 42,2 | 28 783 | 68 280 | 1923 | . . . Ukraine — אוקראַינע | 55· זשיטאָמיר . . . . . |
| 56. Berditschew . . . . | 65,1 | 28 381 | 43 574 | 1923 | . . . Ukraine — אוקראַינע | 56· באַרדיטשעוו . . . . |
| 57. Leeds . . . . . . . | 5,9 | *28 000 | 470 000 | 1921 | . . . England — ענגלאַנד | 57· לידס . . . . . . . |
| 58. Cherson . . . . . . | 37,1 | 27 613 | 74 483 | 1920 | . . . Ukraine — אוקראַינע | 58· כערסאָן . . . . . . |
| 59. San Francisko . . . | 4,7 | *26 000 | 557 530 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 59· סאַן פראַנציסקאָ . . |
| 60. Uman . . . . . . . | 57,2 | 25 252 | 44 159 | 1920 | . . . Ukraine — אוקראַינע | 60· אומאַן . . . . . . . |
| 61. Antwerpen . . . . . | 6,2 | *25 000 | 408 039 | 1920 | . . . . Belgien — בעלגיע | 61· אַנטווערפּען . . . . |
| 62. Beyrut . . . . . . | 26,3 | *25 000 | 95 000 | 1925 | . . . . . . Syrien — סיריע | 62· באַירוט . . . . . . |
| 63. Cairo . . . . . . . | 3,1 | *25 000 | 795 000 | 1925 | . . . Aegypten — עגיפּטן | 63· קאַירא . . . . . . . |
| 64. Cincinnati . . . . . | 6,1 | *25 000 | 409 333 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 64· סינסינאַטי . . . . . |
| 65. Oran . . . . . . . | 16,6 | *25 000 | 150 000 | 1925 | . . . . Algerien — אלזשיר | 65· אָראַן . . . . . . . |
| Insgesamt . . | **11,8** | **1 077 013** | **9 094 619** | **1920—26** | — — — — — — — — | צוזאַמען . . |
| **IV. Mit 10.000-25.000 jüd. Einwohnern** | | | | | | **IV· שטעט מיט 10·000 ביז 25·000 אידן** |
| 66. Kowno . . . . . . | 27,1 | 24 691 | 91 302 | 1923 | . . . . . . Litauen — ליטע | 66· קאָוונע . . . . . . |
| 67. Radom . . . . . . | 39,7 | 24 465 | 61 599 | 1921 | . . . . . . . Polen — פוילן | 67· ראַדאָם . . . . . . . |
| 68. Stanislau . . . . . | 45,2 | 23 248 | 51 391 | 1921 | . . . . Galizien — גאַליציע | 68· סטאַניסלאַוו . . . . |
| 69. Breslau . . . . . . | 4,2 | 23 240 | 557 139 | 1925 | Deutschland — דייטשלאַנד | 69· ברעסלוי . . . . . . |
| 70. Częstochow . . . . | 28,1 | 22 663 | 80 473 | 1921 | . . . . . . . Polen — פוילן | 70· טשענסטאָכאָוו . . . |
| 71. Großwardein . . . . | 24,4 | 22 000 | 90 000 | 1923 | Transilv. — טראַנסילוואַניע | 71· גראָסוואַרדיין . . . |
| 72. Poltawa . . . . . . | 28,4 | 21 751 | 76 648 | 1920 | . . . Ukraine — אוקראַינע | 72· פּאָלטאַווע . . . . . |
| 73. Rowno . . . . . . | 71,2 | 21 702 | 30 482 | 1921 | . . . . . . . Polen — פוילן | 73· ראָוונע . . . . . . |
| 74. Bobruisk . . . . . | 39,6 | 21 561 | 54 384 | 1923 | Weißrußland — ווייסרוסל· | 74· באָברויסק . . . . . |

Tab. — IX — טאב·

Fortsetzung המשך

| Städte | די צאָל אידן Jüd. Bevölkerung % | abs. | די גאַנצע באַפעלקערונג Gesamt-bevölkerung | Jahr—יאר | Land — לאַנד | שטעט |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 75. Winnitza | 39,3 | 20 201 | 51 365 | 1923 | Ukraine — אוקראַינע | 75· וויניצע |
| 76. Johannisburg | 6,9 | 20 085 | 290 000 | 1921 | Süd Afrika — דרום אפריקע | 76· יאָהאַניסבורג |
| 77. New Haven | 11,2 | * 20 000 | 178 927 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 77· ניו־העוון |
| 78. Brüssel | 2,6 | * 20 000 | 756 105 | 1925 | Belgien — בעלגיע | 78· בריוסעל |
| 79. Milwaukee | 3,9 | * 20 000 | 509 192 | 1925 | U S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 79· מילוואָקי |
| 80. Hartford | 12,5 | * 20 000 | 160 197 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 80· האַרטפאָרד |
| 81. Algier | 9,7 | * 20 000 | 206 595 | 1921 | Algerien — אלזשיר | 81· אלזשיר· |
| 82. Botoschani | 58,4 | * 20 000 | 34 219 | 1925 | Bessarabien — בעסאַראַביע | 82· באָטאָשאַני |
| 83. Tiflis | 7,2 | * 20 000 | 279 565 | 1926 | Kaukasus — קאַווקאַז | 83· טיפליס |
| 84. Buffalo | 3,7 | * 20 000 | 538 016 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 84· באַפאַלאָ |
| 85. Bender | 34,5 | 19 937 | 57 782 | 1910 | Bessarabien — בעסאַראַביע | 85· בענדער |
| 86. Bielce | 60,0 | 19 635 | 32 725 | 1910 | Bessarabien — בעסאַראַביע | 86· בעלץ |
| 87. Tunis | 11,1 | 19 030 | 171 672 | 1925 | Tunis — טוניס | 87· טוניס |
| 88. Grodno | 53,9 | 18 697 | 34 694 | 1921 | Polen — פוילן | 88· גראָדנאָ |
| 89. Hamburg | 1,7 | 18 669 | 1 079 126 | 1925 | Deutschland — דייטשלאַנד | 89· האַמבורג |
| 90. Przemysl | 38,3 | 18 360 | 47 958 | 1921 | Galizien — גאַליציע | 90· פשעמישל· |
| 91. Galaz | 24,0 | * 18 000 | 75 000 | 1925 | Rumänien — רומעניע | 91· גאַלאַץ |
| 92. Pinsk | 74,6 | 17 513 | 23 468 | 1921 | Polen — פוילן | 92· פינסק |
| 93. Bendin | 62,1 | 17 298 | 27 855 | 1921 | Polen — פוילן | 93· בענדין |
| 94. Mohilew | 34,3 | 17 170 | 50 104 | 1923 | Ukraine — אוקראַינע | 94· מאָהילעוו· |
| 95. Sofia | 11,0 | 17 038 | 154 431 | 1920 | Bulgarien — בולגאַריע | 95· סאָפיאַ |
| 96. Adrianopol | 30,4 | 17 000 | 56 000 | 1925 | Türkei — טערקיי | 96· אַדריאַנאָפאָל |
| 97. Belaja Zerkow | 44,6 | 16 877 | 37 868 | 1923 | Ukraine — אוקראַינע | 97· ביעלאָצערקאָוו |
| 98. Providence | 6,2 | 16 500 | 267 918 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 98· פראָווידענס |
| 99. Köln | 2,3 | 16 093 | 700 222 | 1925 | Deutschland — דייטשלאַנד | 99· קעלן· |
| 100. Tripolis | 53,3 | * 16 000 | 30 000 | 1921 | Tripolis — טריפאָליס | 100· טריפאָליס |
| 101. Brest-Litowsk | 53,0 | 15 630 | 29 460 | 1921 | Polen — פוילן | 101· בריסק־ליטאָווסק |
| 102. Tarnow | 44,1 | 15 608 | 35 347 | 1921 | Galizien — גאַליציע | 102· טאַרנאָוו |
| 103. Kalisch | 34,9 | 15 566 | 44 613 | 1921 | Polen — פוילן | 103· קאַליש |
| 104. Kielce | 37,6 | 15 530 | 41 346 | 1921 | Polen — פוילן | 104· קעלץ |
| 105. Constantine | 18,8 | * 15 000 | 80 000 | 1923 | Algerien — אלזשיר | 105· קאָנסטאַנטין· |
| 106. Saratow | 7,1 | * 15 000 | 211 756 | 1925 | Zentr. Rußl. — צענטר· רוסל· | 106· סאַראַטאָוו |
| 107. Glasgow | 1,5 | * 15 000 | 1 034 174 | 1923 | England — ענגלאַנד | 107· גלאַזגאָוו |
| 108. Bachmut | 51,2 | * 15 000 | 29 294 | 1926 | Ukraine — אוקראַינע | 108· באַכמוט |
| 109. Baku | 3,4 | * 15 000 | 446 832 | 1926 | Kaukasus — קאַווקאַז | 109· באַקו· |
| 110. Charbin | 25,0 | * 15 000 | 60 000 | 1925 | Ferner Osten — ווייטער מזרח | 110· כאַרבין· |
| 111. Minneapolis | 3,5 | * 15 000 | 425 435 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 111· מינעאַפאַליס |
| 112. Paterson | 10,6 | * 15 000 | 141 695 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 112· פעטערסאָן |
| 113. Washington | 3,0 | * 15 000 | 497 906 | 1923 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 113· וואַשינגטאָן |
| 114. Cluj | 14,3 | 15 000 | 105 000 | 1923 | Transliv. — טראַנסילוואַניע | 114· קלוזש (קלויזנבורג) |
| 115. Luck | 70,2 | 14 860 | 21 151 | 1921 | Polen — פוילן | 115· לוצק· |
| 116. Rochester | 3,2 | 10 000 | 316 786 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 116· ראָטשעסטער |
| 117. Chelsea | 30,9 | 14 800 | 47 505 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 117· טשילזי· |
| 118. Siedlec | 47,9 | 14 685 | 30 667 | 1921 | Polen — פוילן | 118· סיעדלעץ |
| 119. Mohilew Pod. | 44,9 | 14 652 | 32 604 | 1923 | Ukraine — אוקראַינע | 119· מאָהילעוו פאָד· |
| 120. Kolomyja | 45,9 | 14 544 | 31 708 | 1921 | Galizien — גאַליציע | 120· קאָלאָמיאַ· |
| 121. Winnipeg | 8,1 | 14 449 | 179 087 | 1921 | Kanada — קאַנאַדאַ | 121· וויניפעג |

Tab. — IX — טאַב·

Fortsetzung — המשך

| Städte | די צאָל אידן Jüd. Bevölkerung % | abs. | די גאַנצע באַפעלקערונג Gesamtbevölkerung | Jahr — יאָר | Land — לאַנד | שטעט |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 122. Tarnopol | 44,6 | 13 768 | 30 891 | 1921 | Galizien — גאַליציע | 122· טאַרנאָפּאָל |
| 123. Sosnowiec | 15,8 | 13 646 | 86 497 | 1921 | Polen — פּוילן | 123· סאָסנאָוויעץ |
| 124. Kamienietz Pod. | 46,9 | 13 450 | 29 837 | 1923 | Ukraine — אוקראַינע | 124· קאַמיענעץ פּאָדאָלסק |
| 125. Casablanca | 6,8 | 13 010 | 191 690 | 1921 | Marokko — מאַראָקאָ | 125· קאַזאַבלאַנקאַ |
| 126. Kowel | 61,3 | 12 758 | 20 818 | 1921 | Polen — פּוילן | 126· קאָוועל |
| 127. Proskurow | 49,9 | 12 674 | 25 411 | 1923 | Ukraine — אוקראַינע | 127· פּראָסקוראָוו |
| 128. Leipzig | 1,9 | 12 594 | 679 159 | 1925 | Deutschland — דייטשלאַנד | 128· לייפּציג |
| 129. Tanger | 25,0 | *12 500 | 50 000 | 1925 | Marokko — מאַראָקאָ | 129· טאַנזשער |
| 130. Jersey | 4,0 | *12 500 | 315 280 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 130· דזשוירזי |
| 131. Tschernigow | 34,2 | 12 278 | 29 995 | 1923 | Ukraine — אוקראַינע | 131· טשערניגאָוו |
| 132. Chelm | 52,0 | 12 064 | 23 221 | 1921 | Polen — פּוילן | 132· כעלם |
| 133. Kansas City | 3,3 | *12 000 | 367 481 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 133· קענזאַס סיטי |
| 134. Syracuse | 6,6 | *12 000 | 182 003 | 1925 | U.S A. — פאַראייני· שטאַטן | 134· סייראַקיוז |
| 135. Braila | 18,2 | *12 000 | 65 911 | 1925 | Rumänien — רומעניע | 135· בּראַילאַ |
| 136. Dwinsk | 40,8 | 11 838 | 29 003 | 1921 | Lettland — לעטלאַנד | 136· דווינסק |
| 137. Drohobycz | 44,3 | 11 833 | 26 736 | 1921 | Galizien — גאַליציע | 137· דראָהאָביטש |
| 138. Smolensk | 16,7 | *11 796 | 70 247 | 1923 | Weißrußland — ווייסרוסל· | 138· סמאָלענסק |
| 139. Atlantic City | 22,0 | 11 750 | 53 287 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 139· אַטלאַנטיק סיטי |
| 140. Denver | 3,9 | 11 750 | 280 911 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 140· דענווער |
| 141. Piotrkow | 28,4 | 11 630 | 40 992 | 1921 | Polen — פּוילן | 141· פּיאָטרקאָוו |
| 142. Rzeszow | 45,5 | 11 361 | 24 942 | 1921 | Galizien — גאַליציע | 142· זשעשאָוו |
| 143. Tscherkassi | 35,1 | 11 226 | 32 021 | 1920 | Ukraine — אוקראַינע | 143· טשערקאַס |
| 144. Marokko | 7,9 | 11 043 | 139 874 | 1921 | Marokko — מאַראָקאָ | 144· מאַראָקאָ |
| 145. Marmarosch | 55,1 | 11 026 | 20 000 | 1923 | Transilv. — טראַנסילוואַניע | 145· מאַרמאַראָש |
| 146. Stryi | 40,2 | 10 988 | 27 358 | 1921 | Galizien — גאַליציע | 146· סטרי |
| 147. Bratislava | 11,8 | 10 973 | 93 189 | 1921 | Čechosl. — טשעכאָסל· | 147· בּראַטיסלאַוואַ |
| 148. Rotterdam | 2,1 | 10 876 | 516 271 | 1920 | Holland — האָלאַנד | 148· ראָטערדאַם |
| 149. Brünn | 4,9 | 10 866 | 221 758 | 1921 | Čechosl. — טשעכאָסל· | 149· בּריון |
| 150. Zaporožie | 24,5 | 10 755 | 43 886 | 1923 | Ukraine — אוקראַינע | 150· זאַפּאָראָזשיע |
| 151. Jusow | 32,7 | 10 500 | 32 100 | 1923 | Ukraine — אוקראַינע | 151· יוזאָוו |
| 152. Romni | 43,0 | 10 242 | 23 804 | 1920 | Ukraine — אוקראַינע | 152· ראָמני |
| 153. Ostrowiec | 51,2 | 10 095 | 19 705 | 1921 | Polen — פּוילן | 153· אָסטראָוויעץ |
| 154. Tomaszew | 35,6 | 10 070 | 28 285 | 1921 | Polen — פּוילן | 154· טאָמאַשעוו |
| 155. München | 1,5 | 10 068 | 680 704 | 1925 | Deutschland — דייטשלאַנד | 155· מינכען |
| 156. Mukačewo | 48,0 | 10 012 | 20 865 | 1921 | Čechosl. — טשעכאָסל· | 156· מוקאַטשעוו |
| 157. Captown | 4,8 | *10 000 | 207 404 | 1925 | Süd Africa — דרום אפריקע | 157· קייפּטאַון |
| 158. Atlanta | 5,0 | *10 000 | 200 616 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 158· אַטלאַנטאַ |
| 159. Indianapolis | 2,8 | *10 000 | 358 819 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 159· אינדיאַנאַפּאָליס |
| 160. Omaha | 4,7 | *10 000 | 211 768 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 160· אָמאַהאַ |
| 161. St. Paul | 4,1 | *10 000 | 246 001 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 161· סאַן פּאָל |
| 162. Springfield | 7,0 | *10 000 | 142 224 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 162· ספּרינגפילד |
| 163. Worcester | 5,2 | *10 000 | 192 242 | 1925 | U.S.A. — פאַראייני· שטאַטן | 163· וואָטשעסטער |
| 164. Sana | 40,0 | *10 000 | 25 000 | 1920 | Arabien — אַראַביע | 164· סאַנאַ |
| 165. Aleppo | 7,1 | *10 000 | 140 000 | 1920 | Syrien — סיריע | 165· אַלעפּאָ |
| 166. Fez | 8,0 | *10 000 | 125 000 | 1921 | Marokko — מאַראָקאָ | 166· פעץ |
| Insgesamt | 8,8 | 1 507 688 | 17 159 895 | 1920—26 | — — — — | צוזאַמען |
| **Überhaupt** | **11,2** | **8 039 503** | **72 117 566** | **1920—26** | — — — — | סך־הכּל |

דישן פאָלק לעבן אַ סך מער קאָנצענטרירט — אין קהילות מיט מער פון 100 טויזנט און יעדער. אין קהלות מיט מער פון 25 טויזנט אין יעדער לעבן באַ 45 פּראָצענט פון גאַנצן אידישן פאָלק. דאָס איז בערך אַזאַ קאָנצענטרירקייט ווי באַ די אַמעריקאַנער און דייטשן.

אין דער טאַבעלע ברייגנען מיר אויך דעם פּראָצענט, וואָס אידן מאַכן אויס לגבי דער אַרומיגער באַפעלקערונג אין פאַרשיידענע טיפּן קהלות. מעגן זיין די קהילות ווי גרויס, אָבער זייער חשיבות איז דערביי, אַז זיי זאָלן פאָרשטעלן אַ באַדייטנדיגן טייל פון דער אַרומיגער באַפעלקערונג, זיי זאָלן ניט זיין קיין נישטיגע גרויס אין פאַרגלייך מיט די אַרומיגע גרויסע מאַסן. מיר זעהען, אַז אין אַלגעמיינעם מאַכן זיי אויס פון 10 ביז 12 פּראָצענט פון דער אַרומיגער באַפעלקערונג. דאָס איז אָבער אַ דורכשניט־פּראָצענט. פאַקטיש איז די לאַגע גאַנץ אַנדערש, און אין צענדליגע גרויסע שטעט מאַכן די אידישע קהלות אויס גאָר אַ הויכן פּראָצענט. למשל, אין ניו־יאָרק מאַכן די אידן אויס 28,9 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג און בילדן דאָרטן אַפילו אַ רעלאַטיווע מערהייט.

לאָמיר אַלע 166 קהלות איינטיילן אין עטליכע גרופּעס לויט דעם פּראָצענט לגבי דער אַרומיגער באַפעלקערונג.

אידישע קהלות, וואָס מאַכן אויס לגבי דער אַרומיגער באַפעלקערונג:

| | |
|---|---|
| 70 ביז 80 פּראָצ. | 3 |
| 60 „ 70 „ | 8 |
| 50 „ 60 „ | 11 |
| 40 „ 50 „ | 24 |
| 30 „ 40 „ | 21 |
| 20 „ 30 „ | 16 |
| 10 „ 20 „ | 24 |
| ווייניגער פון 10 „ | 59 |

מער פון אַ העלפט מאַכן אידן אויס אין 22 שטעט; מער פון 30% מאַכן אידן אויס אין 67 קהלות — דאָס זיינען אַלץ שטעט אין מזרח־אייראָפּע: אין רוסלאַנד, פּוילן, רומעניע און אין פּאַלעסטינאַ. אין די מערב־אייראָפּייאישע לענדער און אין אַמעריקע בילדן די אידן אין די שטעט אַ קלענערן פּראָצענט.

אויך דאָ מוזן מיר באַמערקן, אַז ס'האַנדלט זיך נאָר וועגן קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן; קליינע שטעטלאַך מיט ווייניגער פון 10 טויזנט אידן און מיט אַ אידישער מערהייט זיינען פאַראַן אַ סך, אַ סך מער.

די צאָל שטעט, וואו אידן בילדן מער אָדער ווייניגער אַ באַדייטנדיגע גרויס, איז געווים וויכטיג, אָבער אַ סך וויכטיגער איז דער פּראָצענט, וואָס די דאָזיגע אידישע קהלות מיט אַזאַ גרויסער כמותדיגער וואָג אין די שטעט, מאַכט אויס באַ אידן. מיר וועלן דאָ אויסרעכענען דעם דאָזיגן פּראָצענט ניט לגבי דעם גאַנצן אידישן פאָלק, נאָר לגבי דער צאָל אידן, וואָס וואוינען אין די באַטראַכטע 166 גרויסע אידישע קהלות (טאַב. X).

אומגעפער אַ העלפט פון דער אידישער מאַסע, וואָס איז צונויפגענומען אין גרויסע קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אין יעדער, בילדעט אין די גרויסע שטעט, וואו זי איז קאָנצענטרירט, מער פון אַ דריטל פון דער אַרומיגער באַפעלקערונג. אַנדערש געזאָגט 30 פּראָצענט פון גאַנצען וועלט־אידנטום לעבט אין גרויסע שטעט קאָמפּאַקט און קאָנצענטרירט, בילדעדיג לגבי דער אַרומיגער באַפעלקערונג מער פון אַ דריטל און פאָרשטעלנדיג אויף אַזאַ אופן זייער אַ באַדייטנדיגע כמותדיגע קראַפט אין די געגעבענע שטעט.

לאָמיר איבערגייען צו דער אַנטוויקלונג פון דער קאָנצענטראַציע פון די אידישע מאַסן אין גרויסע קהלות און צו דער מדרגה פון דער דאָזיגער קאָמפּאַקטקייט אין פאַרשיידענע לענדער. מיר נעמען רוסלאַנד, פּוילן און גאַליציע, דייטשלאַנד מיט עסטרייך און די פאַראייניגטע שטאַטן.

טאַב. — X — Tab.

## די גרויסע אידישע קהלות לויטן פּראָצענט צו דער גאַנצער באַפעלקערונג

**Gliederung der Städte mit 10 000 und mehr Juden nach der Größe des jüd. Anteils an der Ges. Bevölk.**

| פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג<br>Gemeinden mit . . . % jüd. Einw. | צאָל שטעט<br>Zahl der Gemeinden | די גאַנצע באַפעלקערונג<br>Gesamtbevölkerung | פון דעם אידן — davon Juden<br>abs. | % פון דער אַרומיגער באַפעלק.<br>in % der ges. Bev. | % פון דער אידישער באַפעלקערונג<br>in % der jüd. Bev. |
|---|---|---|---|---|---|
| 0—10 | 59 | 45 393 180 | 1 928 544 | 4,2 | 24,0 |
| 10—25 | 31 | 14 402 924 | 1 888 099 | 13,1 | 23,5 |
| 25—50 | 54 | 11 356 869 | 3 654 974 | 32,2 | 45,4 |
| 50— | 22 | 964 593 | 567 886 | 58,9 | 7,1 |
| צוזאַמען — Insgesamt | 166 | 72 117 566 | 8 039 503 | 11,2 | 100,0 |

טאַב. XI גיט אונז דעם וואוקס פון קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן אין יעדער אין רוסלאַנד. מיר נעמען רוסלאַנד, ווי איך ווייטער אַלע איבעריגע מלוכות, אין זייערע איצטיגע גרעניצן. ס'וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז פאַר די לעצטע צענדליגע יאָרן איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע קאָמפּאַקטע אידישע באַפעלקערונג אין יענע שטעט, וועלכע זיינען געווען פאַרשפאַרט פאַר אידן. ווייניגע פון זיי האָבן געעפנט זייערע טויערן פאַר אידן נאָך פאַר דער לעצטער רעוואָלוציע — די מערהייט און די גרעסטע פון זיי, ווי לענינגראַד, מאָסקווע, כאַרקאָוו און קיעוו, זיינען געוואָרן פריי פאַר אידן ערשט נאָך דער ליקווידאַציע פון צאַרישן רעזשים. און אין איין צענדליג יאָר האָבן די דאָזיגע הענדלערישע און אינדוסטריעלע צענטרען פון רוסלאַנד באַקומען צוגעשטראָמט הונדערטע טויזנטע אידן. אמת, ס'זיינען געווען ניט געוויינליכע סיבות, וואָס האָבן דעם דאָזיגן שטראָם קינסטליך פאַרגרעסערט און פאַרשטאַרקט; ס'איז אָבער גאָר קיין ספק ניט, אַז די דאָזיגע קאָנצענטראַציע ליגט

אויפן וועג פון דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון אידישן לעבן אין רוסלאַנד.

צעטיילט מען די טאַבעלע XI אויף צוויי גרופעס: קהלות פון שטעט אויסער דעם תחום (קיעוו, מאָסקווע, לענינגראַד, כאַרקאָוו, ראָסטאָוו, טיפליס, סאַראַטאָוו, באַקו און סמאָלענסק) און קהלות אין תחום־שטעט, באַקומט מען, אַז אין די ערשטע ניין שטעט איז דער וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג געווען צוועלף מאָל שטאַרקער, ווי אין די לעצטע.

אין די ערשטע ניין שטעט זיינען געווען אידן:

| | |
|---|---|
| 1847 | 5 503 |
| 1897 | 90 745 |
| 1920–26 | 516 349 |

פאַר דער גאַנצער צייט האָט זיך די אידישע באַפעלקערונג אין די דאָזיגע ניין שטעט פאַרגרעסערט העכער נייַנציג מאָל: אין די ערשטע 50 יאָר כמעט אַכטצען מאָל און אין די לעצטע 30 יאָר מער ווי פינף מאָל. אין די איבעריגע 29 שטעט פון רוסלאַנד זיינען געווען אידן:

| | |
|---|---|
| 1847 | 158 892 |
| 1897 | 649 715 |
| 1920–26 | 839 792 |

פון 1847 ביז 1926 האָט זיך די אידישע באַפעלקערונג אין די דאָזיגע 29 שטעט פאַרגרעסערט נאָר ווייניגער פון פינף מאָל, אַלזאָ אַכטצען מאָל שוואַכער ווי אין די פריערדיגע אויסערתחומדיגע ניין שטעט. באַזונדערס שוואַך איז געווען דער וואוקס פון די לעצטע דרייסיג קהלות אין צווייטן צייט־אָפּשניט (1897—1926). די צאָל אידן האָט זיך פאַרגרעסערט אויף 29.2 פראָצענט, ווען אין ערשטן צייט־אָפּשניט האָט זי זיך דאָך פאַרגרעסערט פיר מאָל.

נעמט מען גאַנץ רוסלאַנד, באַקומט זיך, אַז פאַר דער גאַנצער גענומענער צייט (1847—1926) האָט זיך די אידישע באַפעלקערונג אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן פאַרגרעסערט מער פון אַכט מאָל. פון דער זעלבער טאַבעלע זעהען מיר אויך, אַז אין 1847 האָט דאָס רוסישע אידנטום אין זיינע איצטיגע רוסלענדישע גרעניצן געהאַט נאָר דריי קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן אין יעדער. און 1897 זיינען שוין געווען אַזעלכע קהלות 28 (מיט פּאָלאָצק און סלוצק, וועלכע האָבן אין 1926־טן יאָר ווייניגער ווי צו צען טויזנט אידן) און אין 1926־טן יאָר—38. פון אַלע רוסישע אידן האָבן געלעבט אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן אין 1847 — 6,0 פראָצענט, אין 1897 — 28,2 פראָצענט, אין 1926 — 50.2 פראָצענט.

Tab. — XI — טאַב.

## דער וואוקס פון די גרויסע אידישע קהלות אין רוסלאַנד

## Das Wachstum der größten jüdischen Gemeinden in Rußland

| Städte — שטעט | 1920–26 | 1897 | 1847 |
|---|---|---|---|
| Odessa — אָדעס | 190 135 | 138 915 | 17 000 |
| Kiew — קיעוו | 128 141 | 31 801 | 3 013 |
| Moskau — מאָסקווע | *132 000 | 8 473 | 300 |
| יעקאַטערינאָסלאַוו — Jekaterinoslaw | 72 928 | 40 009 | 3 365 |
| Charkow — כאַרקאָוו | 70 000 | 11 013 | 129 |
| Leningrad — לענינגראַד | 84 412 | 17 251 | 2 000 |
| Minsk — מינסק | 53 659 | 47 562 | 12 976 |
| Rostow — ראָסטאָוו | 40 000 | 11 838 | — |
| Zytomir — זשיטאָמיר | 28 783 | 30 748 | 9 489 |
| קרעמענטשוג — Krementschug | 29 373 | 29 869 | 3 745 |
| Witebsk — וויטעבסק | 37 086 | 34 420 | 9 417 |
| Gomel — האָמעל | 37 740 | 20 385 | 9 730 |
| Nikolajew — ניקאָלאַיעוו | 31 003 | 20 109 | 811 |
| יעליסאַוועטגראַד — Jelisabethgrad | 31 812 | 23 969 | 8 073 |
| Mohilew — מאָהילעוו | 17 170 | 21 539 | 7 897 |
| Cherson — כערסאָן | 27 613 | 17 755 | 3 832 |
| Berditschew — באַרדיטשעוו | 28 381 | 41 617 | 23 160 |
| Bobruisk — באָברויסק | 21 561 | 20 760 | 4 702 |
| Uman — אומאַן | 25 252 | 17 945 | 4 333 |
| Poltawa — פּאָלטאַוואַ | 21 751 | 11 046 | 2 073 |

| Städte — שטעט | 1920 | 1897 | 1847 |
|---|---|---|---|
| Winnitza — וויניצע | 20 201 | 11 689 | 3 882 |
| Tiflis — טיפליס | 20 000 | 3 668 | 61 |
| Proskurow — פּראָסקוראָוו | 12 674 | 11 411 | 3 107 |
| Bielaja Zerkow/בעלאָצערקאָוו | 16 877 | 18 720 | 6 665 |
| Bachmut — באַכמוט | 15 000 | 3 259 | 496 |
| Baku — באַקו | 15 000 | 3 241 | — |
| Saratow — סאַראַטאָוו | 15 000 | 1 460 | — |
| Balta — באַלטאַ | 14 924 | 13 235 | 5 165 |
| מאָהילעוו־פּאָדאָלסק — Mohilew-Podolsk | 14 652 | 12 344 | 5 411 |
| קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק — Kamieniec-Podolsk | 13 450 | 16 211 | 4 629 |
| Pawlograd — פּאַוולאָגראַד | 11 647 | 4 382 | 979 |
| Tscherkassi — טשערקאַסי | 11 226 | 10 950 | 1 568 |
| Mariupol — מאַריופּאָל | 11 047 | 5 013 | 111 |
| Radomysl — ראַדאָמיסל | 10 827 | 7 502 | 2 734 |
| Jusow — יוזאָוו | 10 500 | 3 168 | — |
| טשערניגאָוו — Tschernigow | 12 278 | 8 805 | 2 783 |
| Romni — ראָמני | 10 242 | 6 378 | 759 |
| Smolensk — סמאָלענסק | 11 796 | ·2 000 | — |
| Insgesamt — סך־הכל | 1 356 141 | 740 460 | 164 395 |

* לויט די רעזולטאטן פון דער ציילונג 1926 , וועלכע זיינען אנגעקומען בא דער לעצטער קארעקטור.

באמ׳: די שטעט באלטע, פאוולאגראד, מאריופאל און ראדאמיסל זיינען אין טאבעלע IX דורכגעלאזט.

טאַבעלע XII גיט אונז דעם וואוקס פון די גרויסע אידישע קהלות אין פוילן. דער חילוק אינם וואוקס פון דער קאָנצענטראַציע אין גאַליציע און אינם איבעריגן טייל פון פוילן, וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן. אין גאַליציע זיינען אין 1921־טן יאָר געווען קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן צען; זייער אידישע באַפעלקערונג האָט זיך פון 1856־טן יאָר סך־הכל פאַרדאָפּלט. אינם איבעריגן פוילן זיינען געווען אין 1921 אידישע קהלות מיט מער פון 10 טויזנט נפשות 22, און זייער אידישע באַפעלקערונג האָט זיך פאַר דער זעלבער צייט פאַרגרעסערט זעקס מאָל. אין גאַליציע האָט געלעבט אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן אין 1921 סך־הכל 32 פּראָצענט פון אַלע אידן; אין איבעריגן פוילן — מער פון 40%. פוילן אין זיינע איצטיגע גרעניצן האָט געהאַט אין 1856־טן יאָר אַכט קהלות מיט מער פון צען טויזנט אידן אין יעדער — פון דעם אין גאַליציע אַליין פינף. אין 1856־טן יאָר האָט אין גאַליציע געלעבט אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן 17,5% פון אַלע דאָרטיגע אידן און אין איבעריגן פוילן בערך נאָר 9% פון אַלע אידן. פאַר דער צייט פון 1856־טן ביז 1921 האָט זיך די לאַגע גרינדליך געענדערט, און די קאָנצענטראַציע אין גרויסע קהלות האָט אין אינדוסטריאַליזירטן קרוין־פוילן שטאַרק איבערגעיאָגט די זעלביגע אינם אָפּגעשטאַנענעם אַגראַרישן גאַליציע.

Tab. — XII — טאַב·

## דער וואוקס פון די גרויסע אידישע קהלות אין פוילן און גאַליציע

### Das Wachstum der größten jüdischen Gemeinden in Polen

| Städte — שטעט | 1921 | 1897 | 1856 |
|---|---|---|---|
| וואַרשע — Warschau . . . . | 322 185* | 219 141 | 41 062 |
| לאָדז — Lodz . . . . . . . | 156 155 | 98 677 | 2 775 |
| ווילנא — Wilno . . . . . . | 56 163 | 63 996 | 23 050 |
| ביאַלאָסטאָק — Bialostok . . | 39 602 | 41 905 | 6 714 |
| לובלין — Lublin . . . . . . | 37 337 | 24 280 | 8 588 |
| ראַדאָם — Radom . . . . . | 24 465 | 11 277 | 1 495 |
| טשענסטאָכאָוו — Częstochow | 22 663 | 11 980 | 2 976 |
| ראָוונאָ — Rowno . . . . . | 21 702 | 13 780 | 3 788 |
| גראָדנאָ — Grodno . . . . | 18 697 | 22 684 | 10 300 |
| פינסק — Pinsk . . . . . . | 17 513 | 21 065 | 5 050 |
| בענדין — Będin . . . . . | 17 298 | 10 839 | 2 440 |
| בריסק — Brest-Litowsk . . | 15 630 | 30 608 | 8 136 |
| קאַליש — Kalisch . . . . . | 15 566 | 7 597 | 4 353 |
| קיעלץ — Kielce . . . . . . | 15 530 | 6 399 | 101 |
| לוצק — Luck . . . . . . . | 14 860 | 9 468 | 5 010 |
| סיעדלעץ — Siedlce . . . . | 14 685 | 11 440 | 4 804 |
| סאָסנאָוויעץ — Sosnowice . | 13 646 | 2 921 | — |
| קאָוועל — Kowel . . . . . | 12 758 | 8 521 | 2 647 |
| כעלם — Chelm . . . . . . | 12 064 | 7 615 | 2 370 |
| פּעטראָקאָוו — Piotrkow . . | 11 630 | 9 543 | 4 151 |
| אָסטראָוויעץ — Ostrowiec . . | 10 095 | 6 146 | 2 236 |
| טאָמאַשאָוו — Tomaszow . . | 10 070 | 9 386 | 1 863 |
| **פוילן — Zus. in Polen** | **880 314** | **649 276** | **144 409** |
| לעמבערג — Lemberg . . . | 76 854 | 44 258 | 26 694 |
| קראָקע — Krakau . . . . | 45 192 | 25 670 | 17 971 |
| פּשעמישל — Przemysl . . | 18 360 | 13 319 | 5 962 |
| קאָלאָמיאַ — Kolomyja . . . | 14 544 | 16 417 | 9 019 |
| סטאַניסלאַוו — Stanislau . . | 23 248 | 13 826 | 8 088 |
| טאַרנאָוו — Tarnow . . . . | 15 608 | 12 484 | 11 153 |
| טאַרנאָפּאָל — Tarnopol . . | 13 768 | 13 330 | 10 848 |
| דראָהאָביטש — Drohobicz . | 11 833 | 8 674 | 15 711 |
| זשעשאָוו — Rzeszow . . . | 11 361 | 6 144 | 5 801 |
| סטרי — Stryj . . . . . . | 10 988 | 8 554 | 4 405 |
| **גאַליציע — Zus. in Galiz.**** | **241 756** | **162 676** | **115 652** |

באַזונדערס אינטערעסאַנט איז די טאַבעלע וועגן דער קאָנצענטראַציע פון אידנטום אין די דייטשע גרויסע שטעט. מיר האָבן צוגעגעבן אויך ווין, מחמת מיר רעדן דאָ וועגן געביט מיט אַ הערשנדיגער דייטשישער קולטור. אין די אַכט שטעט, וואָס האָבן איצט מער פון 10 טויזנט אידן, לעבן 484.234 אידן אָדער 61,3 פּראָצענט פון אַלע אידן אין דייטשלאַנד און עסטרייך. אין די דאָזיגע שטעט האָבן געלעבט פון אַלע אידן אין דייטשלאַנד און עסטרייך אין זייערע איצטיגע גרעניצן.

9,8 . . . . . . . . 1825
12,1 . . . . . . . . 1850
45,8 . . . . . . . . 1900
61,3 . . . . . . . . 1925

נעמט מען אָבער ניט אַלע אַכט שטעט און נאָר די, וואָס האָבן פּאַרמאַנענט קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן, קומט אויס, אַז פון אַלע אידן אין דייטשלאַנד און עסטרייך אין זייערע איצטיגע גרעניצן האָבן געלעבט אין קהלות

Tab. — XIII — טאַב·

## דער וואוקס פון די גרויסע אידישע קהלות אין דייטשלאַנד

### Das Wachstum der größten jüd. Gemeinden in Deutschland

| Städte — שטעט | 1925 | 1900 | 1880 | 1850 | 1825 |
|---|---|---|---|---|---|
| 1· בערלין — Berlin . | 172 672 | 106 000 | 53 916 | 9 595 | 4 079 |
| 2· פראַנקפורט אַ מ· — Frankfurt a Main | 29 385 | 21 874 | 13 856 | 10 000 | 4 530 [1] |
| 3· ברעסלוי — Breslau | 23 240 | 19 743 | 17 543 | 7 384 | 4 409 |
| 4· האמבורג — Hamburg | 18 669 | 17 949 | 16 024 | 10 000 | 7 000 [2] |
| 5· קעלן — Köln . . | 16 093 | 9 745 | 3 172 | 1 286 | 132 [3] |
| 6· לייפּציג — Leipzig . | 12 594 | 6 171 | 3 179 | 320 | 140 [4] |
| 7· מינכען — München | 10 068 | 8 739 | 4 144 | 1 208 [6] | 825 [5] |
| 8· ווין — Wien . . | 201 513 [7] | 146 926 | 73 271 | 2 000 | 1 000 |
| **צוז· — Zus.** | **484 234** | **337 147** | **185 105** | **41 793** | **22 115** |

[1] 1823; [2] 1814; [3] 1808; [4] 1832; [5] 1830; [6] 1852; [7] 1923.

*) 1925, **) 1900

מיט מער פון 10 טויזנט אידן (אויסגערעכנט אין פראָצענטן):

| | |
|---|---|
| 1825 | — |
| 1850 | 6,0 |
| 1880 | 32,0 |
| 1900 | 44,8 |
| 1925 | 61,3 |

אין 1825 האָט נאָך קיין איינע פון די דערמאָנטע אַכט שטעט ניט געהאַט קיין 10 טויזנט אידן. די אַבסאָלוטע צאָל אידן אין די גענומענע אַכט שטעט האָט זיך פאַרגרעסערט פאַר הונדערט יאָר 22 מאָל.

דער וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג פאַר די 100 יאָר אין איינצלנע שטעט איז געווען זייער פאַרשיידן — אין ווין האָט זיך די צאָל אידן פאַרגרעסערט 200 מאָל; פאַר דער זעלבער צייט זעהען מיר אַ פאַרגרעסערונג אין:

| | |
|---|---|
| בערלין | 42 מאָל |
| קעלן | „ 121 |
| לייפציג | „ 90 |

וועגן דעם וואוקס פון די אידישע קהלות אין די פאַראייניגטע שטאַטן גיט אונז מאַטעריאַל טאַבעלע XIV. מיר נעמען דאָ נאָר די לעצטע 25 יאָר, מחמת אין דער מערהייט פון די אויסגערעכנטע שטעט זיינען די אידישע קהלות אויפגעקומען ערשט אין די לעצטע יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. דאָס אַמעריקאַנער אידנטום איז קאָנצענטרירט אַ סך שטאַרקער, ווי די אידן פון וועלכן ס'ניט איז אַנדער לאַנד. אין קהלות מיט מער פון 10.000 אידן האָבן געוואוינט:

| | | די צאַל קהלות | % פון אלע אידן אין די פ׳ שטאטן |
|---|---|---|---|
| אין | 1900 | 12 | 75,7 |
| 〃 | 1925 | 32 | 77,8 |

מער פון דריי פערטל פון אַלע אידן אין די פאַראייניגטע שטאַטן לעבן קאָמפּאַקט אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן אין יעדער.

Tab. — XIV — טאַבּ׳

## דער וואוקס פון די גרויסע אידישע קהלות אין די פאראייניגטע שטאטן

### Das Wachstum der größten jüdischen Gemeinden in den Vereinigten Staaten

| Städte — שטעט | 1925 | 1900 | Städte — שטעט | 1925 | 1900 |
|---|---|---|---|---|---|
| 1· ניו־יאָרק — New-York | 1 700 000 | 500 000 | 18· פראָווידענס — Providence | 16 500 | 3 500 |
| 2· טשיקאַגאָ — Chicago | 300 000 | 60 000 | 19· מינעאפּאָליס — Minneapolis | 15 000 | 6 000 |
| 3· פילאדעלפיע — Philadelphia | 275 000 | 75 000 | 20· פּעטערסאָן — Paterson | 15 000 | 4 000 |
| 4· קליוולענד — Cleveland | 100 000 | 20 000 | 21· ראטשעסטער — Rochester | 10 000 | 5 000 |
| 5· באָסטאָן — Boston | 80 000 | 40 000 | 22· טשילזי — Chelsea | 14 800 | 1 500 |
| 6· באַלטימאָר — Baltimore | 70 000 | 25 000 | 23· דזשוירזי סיטי — Jersey City | 12 500 | 8 000 |
| 7· פיטסבורג — Pittsburgh | 60 000 | 20 000 | 24· קענזאס סיטי — Kansas City | 12 000 | 6 000 |
| 8· סאן לואי — St. Louis | 60 000 | 35 000 | 25· אַטלאַנטיק סיטי — Atlantic City | 11 750 | 3 000 |
| 9· נואַרק — Newark | 55 000 | 15 000 | 26· דענווער — Denver, Colo | 11 750 | 3 000 |
| 10· דעטראָיט — Detroit | 50 000 | 10 000 | 27· אטלאַנטא — Atlanta | 10 000 | 1 500 |
| 11· לאס אַנזשעלעס — Los Angeles | 45 000 | 2 000 | 28· אינדיאנאפאָליס — Indianapolis | 10 000 | 4 000 |
| 12· סאן פראנציסקא — San Francisko | 26 000 | 17 000 | 29· אמאהא — Omaha | 10 000 | 3 000 |
| 13· סינסינאַטי — Cincinnati | 25 000 | 15 000 | 30· סאן פּאָל — St. Paul | 10 000 | 5 000 |
| 14· הארטפארד — Hartford | 20 000 | 2 000 | 31· ספרינגפילד — Springfield | 10 000 | 3 000 |
| 15· מילוואָקי — Milwaukee | 20 000 | 7 000 | 32· וואָטשעסטער — Worcester | 10 000 | 1 000 |
| 16· ניו העוון — New Haven | 20 000 | 5 500 | | | |
| 17· באָפאַלאָ — Buffalo | 20 000 | 6 000 | צוזאמען — Insgesamt | 3 105 300 | 912 000 |

די קאָמפּאַקטקייט פון אידישן פאָלק איז אַלזאָ זייער פאַרשיידן אין באַזונדערע לענדער. טאַב XV גיט אונז די מדרגה פון קאָנצענטראַציע און קאָמפּאַקטקייט לויט באַזונ־דערע לענדער אין צוויי צייט־אָפּשניטן — 1900 און 1925. די מלוכות האָבן מיר גענומען אין זייערע איצטיגע גרעניצן.

די קאָמפּאַקטקייט־מדרגה פון דער אידישער באַפעלקע־רונג האָט זיך פאַר די לעצטע 25 יאָר מער ווי פאַרדאָפּלט. אויפן ערשטן אָרט גייען די פאַראייניגטע שטאַטן, וועלכע האָבן שוין אין 1900־טן יאָר געהאַט 45 פראָצענט פון אַלע דאָרטיגע אידן קאָנצענטרירט אין קהלות מיט מער פון 100 טויזנט אין יעדער; אין 1925־טן יאָר האָבן שוין 59.4 פראָצענט פון אַלע דאָרטיגע אידן געלעבט אין קהלות מיט מער פון הונדערט טויזנט. אויפן צווייטן אָרט גייט דייטשלאַנד (מיט עסטרייך) — כמעט אַ העלפט 47,4 דייטשישע אידן לעבן אין קהלות מיט מער פון הונדערט טויזנט אידן. פוילן און רוסלאַנד האָבן איצט בערך אַ זעקסטל פון זייערע אידן אין קהלות מיט מער פון 100 טויזנט אידן.

אין די קהלות מיט מער פון הונדערט טויזנט אידישע נפשות האָבן געלעבט פון אַלע אידן אין אַנטשפּרעכנדיגן לאַנד (אין פראָצענטן):

| 1925 | 1900 | לאנד |
|---|---|---|
| 59,4 | 45,5 | פאראייניגטע שטאטן . . . . . . . . |
| 47,4 | 37,1 | דייטשלאנד און עסטרייך . . . . . |
| 16,8 | 7,5 | פוילן און גאַליציע . . . . . . . . |
| 16,6 | 5,6 | רוסלאַנד . . . . . . . . . . . . . |
| 13,8 | 17,7 | איבעריגע לענדער . . . . . . . . |
| 28.9 | 13,0 | דאס וועלט־אידנטום . . . . |

אין קהלות מיט מער פון 25 טויזנט אידן האָבן געלעבט פון אַלע אידן אין יעדן לאַנד (אין פּראָצענטן):

| 1925 | 1900 | לאנד |
|---|---|---|
| 71,2 | 66,8 | פאראייניגטע שטאטן . . . . . . . . |
| 51,1 | 37,1 | דייטשלאנד און עסטרייך . . . . . |
| 25,8 | 18,0 | פוילן און גאליציע . . . . . . . . |
| 38,9 | 15,8 | רוסלאנד . . . . . . . . . . . . . |
| 33,8 | 22,3 | איבעריגע לענדער . . . . . . . . |
| 44,1 | 24,8 | דאס גאנצע אידנטום . . |

אין 1900־טן יאָר האָבן אַ פערטל פון אידישן פאָלק געלעבט אין קהלות מיט מער פון 25 טויזנט אידן; אין 1925 — 44,1 פּראָצענט. אין נאָך אַמאָל פאַרנעמען די פאַראייניגטע שטאַטן דעם ערשטן אָרט און דייטשלאַנד און עסטרייך דעם צווייטן; רוסלאַנד האָט אין 1900־טן יאָר געהאַט נאָר 15,8% אידן אין גרויסע קהלות מיט מער פון 25 טויזנט אין יעדער, ווייניגער תּוי פּוילן. און אין 1925 שוין 38.9 אַ סך מער פון פּוילן.

די קאָנצענטראַציע אין קהלות מיט מער פון 10 טויזנט אידן האָט זיך פאַר די באַטראַכטע 25 יאָר — 1900־1925 — זייער פאַרשטאַרקט: פון 34,3 פּראָצענט פון אַלע אידן אין 1900 ביז 54.3 און 1925. דער סדר פון די לענדער לויט דער מדרגה פון קאָמפּאַקטקייט בלייבט דער פריערדיגער — פאַראייניגטע שטאַטן, דייטשלאַנד און עסטרייך, רוסלאַנד און פּוילן.

פון די אַלע געבראַכטע דאַטן זעהען מיר, אַז די קאָנצענטראַציע פון די אידישע מאַסן אין גרויסע שטעט און דאָס צונויפנעמען זיך אין גרויסע קאָמפּאַקטע קהלות גייען האַנט בּאַ האַנט אין האַלטן אין איין פאַרשטאַרקן זיך. דער דאָזיגער פּראָצעס איז אָבער נאָך ווייט ניט קיין פאַרענדיגטער און וועט געוויס אין די נאָענטע יאָרן זיך ווייטער אַנטוויקלען, באַזונדערס אין די מזרח־אייראָפּייאישע לענדער, וואו די אידן האָבן ערשט ניט לאַנג באַקומען אַלע פּאָליטישע פרייהייטן און וואו די אינדוסטריע און דער האַנדל האַלטן ערשט ביים אָנהויב פון זייער אַנטוויקלונג. אָבער שוין איצט איז דאָס אידישע פאָלק דאָס גרויסשטאָטישסטע צווישן אַלע פעלקער.

Tab. — XV — טאַבּ.

## די פארטיילונג פון דער אידישער באפעלקערונג אנהויב 20־טן יארהונדערט און איצט לויט דער גרויס פון די קהלות

## Die Agglomerationstufe der jüd. Bevölkerung zu Beginn des XX. Jhdts und nach dem Kriege

| די צאל איינוואוינער / Die Größe der Bevölkerung | דאס גאנצע אידישע פאלק / Die gesamte Judenheit | | פון דעם אין — davon in: רוסלאנד / Rußland | | פוילן – גאליציע / Polen u. Galizien | | דייטשלאנד / Deutschland | | פאראייני. שטאטן / Verein. Staaten | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % |
| **Zu Beginn des XX. Jahrhunderts — אנהויב XX-טן יארהונדערט** | | | | | | | | | | |
| אידן בכלל — Ges. Zahl d jüd. Bev. | 10602500 | 100,0 | 2 500 000 | 100,0 | 2 900 000 | 100,0 | 682 000 | 100,0 | 1 100 000 | 100,0 |
| פון דעם אין / davon in (Gemeinden): 100·000 און מער u. mehr | 1 374 188 | 13,0 | 138 915 | 5,6 | 219 149 | 7,5 | 252 816 | 37,1 | 500 000 | 45,5 |
| 50 000 — 100 000 | 566 975 | 5,3 | — | — | 162 673 | 5,6 | — | — | 135 000 | 12,2 |
| 25 000 — 50 000 | 691 688 | 6,5 | 256 026 | 10,2 | 142 441 | 4.9 | — | — | 100 000 | 9,1 |
| 10 000 — 25 000 | 1 003 881 | 9,5 | 310 915 | 12,4 | 220 429 | 7,6 | 59 566 | 8,7 | 97 500 | 8,9 |
| Zus. — צוזאמען | 3 636 732 | 34,3 | 705 856 | 28,2 | 744 692 | 25,6 | 312 382 | 45,8 | 832 500 | 75,7 |
| **In den Jahren — 1920-26 — אין די יארן** | | | | | | | | | | |
| אידן בכלל — Ges. Zahl d. jüd. Bev. | 14800500 | 100,0 | 2 700 000 | 100,0 | 2 850 000 | 100,0 | 789 000 | 100,0 | 4 000 000 | 100,0 |
| פון דעם אין / davon in (Gemeinden): 100 000 און מער u. mehr | 4 288 537 | 28,9 | 450 276 | 16,6 | 478 340 | 16,8 | 374 185 | 47,4 | 2 375 000 | 59,4 |
| 50 000 — 100 000 | 1 166 265 | 7,9 | 280 999 | 10,3 | 133 017 | 4,7 | — | — | 375 000 | 9,4 |
| 25 000 — 50 000 | 1 077 013 | 7,3 | 317 043 | 12.0 | 122 131 | 4.3 | 29 385 | 3,7 | 96 000 | 2,4 |
| 10 000 — 25 000 | 1 507 688 | 10,2 | 307 823 | 11,3 | 388 582 | 13,6 | 80 664 | 10,2 | 259 300 | 6,6 |
| Zus. — צוזאמען | 8 039 503 | 54,3 | 1 356 141 | 50,2 | 1 122 070 | 39,4 | 484 234 | 61.3 | 3 105 300 | 77,8 |

באמערקונגען: 1) בנוגע צום אָנהויב XX־טן יאָרהונדערט זיינען די דאַטן גענומען: פאַר רוסלאַנד און קאָנגרעס־פּוילן — 1897, פאַר אַלע איבעריגע לענדער [illegible]. 2) די פּראָצענטן פון אָנהויב XX־טן יאָרהונדערטס פון דער [illegible] טאַבעלע שטימען ניט מיט די סך־הכּלען פון די טאַבעלעס פאַר [illegible] לענדער. מחמת אָט די טאַבעלעס אַנטהאַלטן אויך יענע קהלות מיט העכער 10000 אידן אין 1925, וועלכע האָבן צום אָנהויב XX־טן יאָרהונדערט נאָך ניט געהאַט קיין 10000 אידישע נפשות. 3) דייטשלאַנד איז גענומען צוזאַמען מיט עסטרייך, אין די גרעניצן פון 1925.

# II. איבערשיכטונג און צעגלידערונג

1

אין משך פון לעצטן יאָרהונדערט זיינען פאָרגעקומען צוויי פּראָצעסן, וועלכע האָבן געפירט צו עקאָנאָמישער אַסימילאַציע פון די אידן מיט דער אַרומיגער באַפעלקערונג־מערהייט. ריכטיגער ניט אַסימילאַציע, נאָר דערנעענטערונג און ענליך־ווערן. וואָרום ניט איינצלנע אידן האָבן זיך אַריינגעגאָסן אין אַרומיגע באַזונדערע קלאַסן, אַלטע, ניי־אויפגעקומענע אָדער שטאַרק אויסגעוואַקסענע, און זיינען בטל געוואָרן בששים, נאָר ס'זיינען באַ אידן געשאַפן געוואָרן נייע אייגענע און ביז אַ געוויסער מאָס נאָך אַלץ אייגנאַרטיגע קלאַסן, ענליכע צו די זעלבע קלאַסן אין דער אַרומיגער וועלט. פון דער צווייטער זייט, האָבן זיך די באַשעפטיגונגען, וועלכע זיינען הונדערטער יאָרן געווען כמעט אַ מאָנאָפּאָל פון אידן, אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט אין דער אַרומיגער סביבה, אַז זי האָט אָנגעהויבן אויסזעהען „אידיש“, אַז די אויסגעוואַקסענע „אידישע“ קלאַסן אין דער דאָזיגער אַרומיגער סביבה האָבן אָנגעהויבן שאַפן אַ לעבן בצלמם ובדמותם. דאָס דאָזיגע אַרומיגע „פאַראידישטע“ לעבן איז אין פילע פרטים אַנדערש, ווי דאָס זעלבע האָט אויסגעזעהען באַ אידן, אָבער אין תוך און אין טיפן מהות איז דאָס „אידיש“ — באַוועגליך, רירעווידיג, צופּאַסנדיג, פאַרענדערליך, טומלדיג און רעש'דיג, פליסנדיג און שטראָמנדיג. אויפן פּאָן פון פאַרגליווערטן **ס ט אַ ט י ש ן** פּריציש־פּויערשן לעבן האָט די **ד י נ אַ מ י ש ע** פיגור פונם האַנדל־טרייבנדיגן אידן געמוזט מאַכן אַ מאָדנעם איינדרוק און האָט געמוזט רייצן און אויפרייצן; אין דער מאָדערנער כוואַליעדיגער שטאָט איז די דאָזיגע דינאַמישע פיגור די האַרמאָנישסטע ערשיינונג, און אַלץ שטרעבט צו ווערן וואָס ענליכער צו איר און זי דעריאָגן און איבעריאָגן.

אמת, נאָך עד היום איז ניט אינגאַנצען אויסגעלעבט די סאָציאַלע אויסנאַם־לאַגע פון אידן; נאָך עד היום זיינען דער סאָציאַלער שיכטן־בוי און די קלאַסן־גלידערונג באַ אידן זייער אייגנאַרטיג און אַ סך אַנדערש ווי באַ די אַרומיגע פעלקער, אָבער ס'איז ביז אַ געוויסער מאָס אויסגעלעבט יענע שרייענדיגע סאָציאַלע יחיד־במינו'דיגקייט, וועלכע איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר'ן אידישן סאָציאַלן קערפּער ערשט צוריק מיט אַזעלכע הונדערט יאָר; די סאָציאַלע אַנדערשקייט אין פאַרגלייך מיט דער גאַנצער אַרומיגער וועלט, וועלכע האָט געמאַכט דעם אידן פאַר אַ מין מאָנסטער־ערשיינונג, פאַר אַ אתה־בחרתנו־גרופּע באַ זיך און פאַר אַ פאַרמיאוסטע בריאה באַ פרעמדע; פאַר אַ גרופּע, באַ וועלכער האַנדל און מסחר זיינען דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזער הייליגער טראַדיציע און אַלע אַנדערע „פּיזישע“ באַשעפטיגונגען זיינען געפאַלן צו דער מדרגה פון אומווירדיגע און דערנידערנדיגע; פאַר אַ גרופּע, וואָס די שנאה און פאַראַכטונג צו איר זיינען געוואַקסן, וואָס מער זי האָט פאַרהייליגט איר סאָציאַלע אויסנאַם־לאַגע, וואָס מער זי האָט זיך געגרויסט מיט איר איזאָלירטן סאָציאַלן צושטאַנד.

צוויי פּראָצעסן האָבן געפירט צום אָפּשוואַכן פון דער דאָזיגער סתירה צווישן דער אידישער און אַרומיגער וועלט — די אַרומיגע וועלט איז געוואָרן אין לעצטן יאָרהונדערט אַלץ „אידישער און אידישער“, האָט אויסגעטיילט פון זיך אַלץ מער שטאָטישע קלאַסן, אַלץ מער האַנדל־ און פאַרמיטלער־עלעמענטן, אַלץ מער דינאַמישע צווישן־קלאַסן, און די אידישע וועלט איז געוואָרן אַלץ „גואישער און גואישער“, אַלץ מער געשאַפן באַ זיך אַרבעטנדיגע פּראָדוצירנדיגע שיכטן, אַלץ מער זיך פאַרבונדן מיט די פּרימערע ווירטשאַפט־פאָרמען, אַלץ מער זיך באַהעפט מיט באָדן און פּראָדוקציע, הכלל געשאַפן באַ זיך אַלץ מער **ס ט אַ ט י ש ע  ג ר ו נ ט ־ ק ל אַ ס ן**.

דאָס באַהעפטן זיך מיט באָדן, וואָס ליגט ניט אויף דער ליניע פון דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג, האָט פאַרכאַפּט זייער אַ שמאָל פּאַסעקל אין אידישן לעבן; דאָס באַהעפטן זיך צו פּראָדוקציע, געטריבן פון דער אינדוסטריאַליזירונג אין דער אַרומיגער וועלט, האָט אָנגענומען אַ סך ברייטערע מאַסשטאַבן און האָט געהאַט אַ טיפערן איינפלוס אויף דעם איבעראַנדערשן און באַנייען פון אידישן לעבן. ביידע פּראָצעסן אָבער זיינען פאַר דער אידישער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג נאַטירליך און נויטווענדיג.

נאָך פאַרן צעפאַלן פון פּוילן איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידישע מאַסן געוואָרן אַזוי קריטיש, אַז די איבערשיכטונג־פראַגע האָט זיך ווי פון זיך אַליין געשטעלט. און ניט נאָר די איבערשיכטונג־פראַגע, נאָר אויך די עמיגראַציע־פראַגע.

אין 1776, 1777 און 1778 האָבן זיך עטליכע אידישע קהלות פון פּוילן געווענדט אין דער קאַנצעלאַריע פון דער ניט לאַנג געגרינדעטער ניי־רוסישער גובערניע און געבעטן זיי ערלויבן זיך באַזעצן דאָרטן און ווערן רוסישע אונטערטאַנען. די אידן האָבן געבעטן פאַרשיידענע הנחות און פּריווילעגיעס, ווי ניט צאָלן קיין שטייערן די ערשטע יאָרן, ניט צאָלן קיין שטייערן אויף די אַריינגעפירטע זאַכן און געלדער, רעליגיעזע פרייהייט, רעכט אויף אַ אידישן בית עולם און רעכט חתונה האָבן מיט אידישע טעכטער פון פּוילן. זיי האָבן אויך געבעטן ערלויבן זיי מיטצוברענגען מיט זיך אַ געוויסע צאָל עמער בראָנפן אָן צאָל־געלט און האָבן געבעטן רעכט צו האַנדלען מיט משקאות אין ניי־רוסלאַנד. באַ אַזעלכע שטרעבונגען איז געווען גאַנץ נאַטירליך, וואָס די אידן האָבן געבעטן ערלויבעניש זיך באַזעצן אין אַזעלכע מקומות אין ניי־רוסלאַנד, וועלכע זיינען שוין געווען מער אָדער ווייניגער באַפעלקערט. די מאַכט־אָרגאַנען פון דער ניי־רוסישער גובערניע האָבן אָבער געהאַט גאָר אַנדערע צילן — ניט לאָזן אידן זיך באַזעצן אין די באַפעלקערטע געגענטן, נאָר, פאַרקערט, זיי צוציען אין יענע טיילן פון דער גובערניע, וואו מען נויטיגט זיך מער אין מענשן־מאַטעריאַל; נאָך שאַרפער האָבן זיי באַקעמפט די טענדענץ צו איינפירן דאָרטן די שענק־פּרנסה און מיטצוברענגען נאָך דערצו בראָנפן אָן צאָל־געלט פון פּוילן. די מאַכט האָט געפאָדערט, אַז די פאַרטרעטער פון די אידישע קהלות, וואָס ווילן איבערוואַנדערן, זאָלן ברענגען „קלאָרע באַווייזן, אַז אַלע, וואָס ווילן איבערגייען אויף זיך באַזעצן, מענשן פון אידישן גלויבן, זיינען לייטישע מענשן, ניט קיין בעטלערס, האָבן ווירקליך קאַפּיטאַלן (וועלכע קאָנען, נאַטירליך, געברויכט ווערן אויף פאַרשיידענע האַנדל־אָפּעראַציעס) אָדער אַ וועלכע ס'ניט איז מלאכה“.[1] ס'האָט זיך געהאַנדלט, אַלזאָ, וועגן אַ שטאָטישער קאָלאָניזאַציע. און ס'זיינען טאַקי אַריבערגעפאָרן פון פּוילן, באַזונדערס פון באַלטער קאַנט, ניט ווייניג אידישע

1) ז״ה: „Дѣло о выходящихъ изъ-за границы въ Новороссійскую губернію жидахъ“ — Записки Императорскаго Одесскаго Общества Исторіи и Древностей. т. XVII. Одесса 1894 г. Отдѣленіе III р. 163-188.

משפחות און האָבן זיך באַזעצט אין נײַ־רוסלאַנד. ס'איז גאָר קײן ספק ניט, אַז די דאָזיגע אידישע משפחות האָבן צוגעצויגן קרובים און נאָענטע, וועלכע האָבן שוין ניט באַדאַרפט אַזוי לאַנג זיך משתדל זײַן, ווי די ערשטע פּיאָנערן.

די בקשות פון די פּוילישע אידן צום גובערנאַטאָר פון דער נײַ־רוסישער גובערניע זײַנען זייער אינטערעסאַנט און שטעלן פאָר מיט זיך אַ וויכטיגן דאָקומענט, וואָס באַלײַכט ניט נאָר דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון די דעמאָלטיגע פּוילישע אידן, נאָר אויך זייער קולטורעלן מצב. מיר קאָנען, לײַדער, דאָ ניט זיך געננוי אָפּשטעלן אויף זיי און מיר וועלן זיך מוזן באַגרעניצן מיט ברײַנגען אײנע פון זיי.

דעם 13־טן יוני 1776 איז דערלאַנגט געוואָרן אין נאָמען פון עטליכע אידן דעם גובערנאַטאָר מוראָמצעוו פאָלגנדיגע בקשה:

„מיר, אויסגערעכנטע, ווילן זיך באַזעצן אין נאָוואָראָסיער גובערניע און וואוינען דאָרטן אין פאַרשיידענע ערטער, און נעמליך: אין סערביש־גוסאַרישן נאָוואָמירגאָראָדער שאַנץ, אין דער סלאָבאָדאַ פון פירסטן, און די דאָלמאַטיש־גוסאַרישע דמיטראָווער און נעסטעראָווער שאַנצן, אין דעם מאַצעדאָניש־גוסאַרישן קרוקאָווער שאַנץ, אין דער פּעטריקאָווער ראָטע פון יעליסאַוועטגראַדער פּיקערנער פּאָלק, צוליב וואָס מיר בעטן אונטערטעניג אײַער עקסעלענץ, אַזוי ווי מיר ווילן איבערטײַען אויף זיך באַזעצן אין דער נאָענטער צײַט, ניט אָפּזאָגן צו באַפעלן, מע זאָל מאַכן אינם דמיטראָווער שאַנץ דערווייל פאַר מלוכה־געלט פופציג הײַזער פאַר האַנדל־געשעפטן און אַ שול צום דאַווענען, וואָרום ס'גייט צו ווינטער און מיר וועלן ניט באַוויזן דאָס צומאַכן פאַר אייגן געלט. נאָך אונזער באַזעצן זיך אין דעם דערמאָנטן שאַנץ, וועלן מיר די אויסגעלייגטע סומע אומקערן צו אַ באַשטימטן טערמין; און אַז מע זאָל אונז אָפּגעבן אַ פּלאַץ אויף צו באַהאַלטן אונזערע מתים און מיר זאָלן מעגן אַרײַנפירן פון די פּוילישע מקומות קיין רוסלאַנד בראָנפן, צו איין רובל צאָל־געלט פון עמער און מען זאָל אונז ניט שטערן פאַרקויפן אין אונזערע הײַזער בראָנפן און דאָס גלײַכן; מע זאָל ניט לאָזן די דורכגייענדיגע פאָלקן און קאָמאַנדעס אונז שלעכטס טוען און ראַבעווען, ניט פאַרהערן אונז דינגען רוסישע אַרבעטער צו דינסט, און אויב צווישן אונז זאָל זיך, חלילה, טרעפן אַ מחלוקת, זאָל דער קאָמאַנדיר, וואָס וועט איבער אונז געשטעלט ווערן, די זאַך באַטראַכטן פאַר גאַנץ קהל און פאַרן רב; באַפרײַען אונז אויף 7 יאָר פון אַלע שטײַערן און אויב שפּעטער זאָל אויף אונז אַרויפגעלייגט ווערן אַ שטײַער, זאָל מען איצט אונז געבן אַ שריפטליכע ערקלערונג, און מען זאָל באַפרײַען פון צאָל־געלט אונזער באַוועגליך און אומבאַוועגליך פאַרמעגן בײַם איבערפאָרן דאָס ערשטע מאָל דעם גרעניץ, דאָסזעלבע אויך בײַם איבערפירן דעמאָלט בראָנפן און ווײַן; מ'זאָל אונז באַשיצן פון רציחות און איבערפאַלן, מע זאָל אונז ניט שטערן זיך האַלטן בײַ אונזער גלויבן, מע זאָל אונז לאָזן פרײַ חתונה האָבן, ווען בייעט זיך מאַכן געמיין ברית פון פּוילן און פון דאָרטן זיי אַריבערברײַנגען אין די ערטער פון אונזער באַזעצן זיך אָדער פון אונז אַהין חתונה מאַכן; מען זאָל אַוועקשטעלן איבער אונז אַן אויבער־אָפיציר פאַר אַ אויפזעהער לויט דעם רצון פון אײַער עקסעלענץ, און אויף דער דאָזיגער אונזערער בקשה אַזוי גוט זײַן געבן אַ שריפטליכע באַשטעטיגונג דעם גאַנצן קהל אונזערן, וועלכע זאָל זײַן אונזער דור לזכרון נצח, באַשטימען לויט אונזער אויסקלײַב אַ זיכערן אָפיציר אויף צו באַגלײַטן אונז קיין רוסלאַנד, וואו מיר דאַרפן זיך באַזעצן, און געבן אונז אַ מיליטער־קאָמאַנדע, כדי מיר זאָלן קאָנען רוהיג אַריבערפאָרן. אין אונזערע אַלטע וואוין־ערטער זײַנען מיר קײנעם ניט גאָר ניט שולדיג געבליבן, נאָר, פאַרקערט, עטליכע דאָרטיגע אײַנוואוינער זײַנען אונז בעלי־חובות און וועגן אַלץ בעטן מיר מיט אַ רעזאָלוציע באַקאַנט מאַכן אײַער געשעצטע מײַנונג".[1]

דערבײַ איז געווען בײַגעלייגט פאָלגנדיגער בילעט:

„די איבערגעבער פון דעם, בנימין מאַגראַוויטש, לייזער וועלמאַנאָוויטש, חיים וויצקאָוויטש און חיים לייבאָוויטש, וועלכע ווילן אַריבערפאָרן פון דער סלאָבאָדאַ באַלטע אין די גרעניצן פון נאָוואָראָסיער גובערניע מיט זייערע און נאָך מיט אַ סך אַנדערע משפּחות, זיי אַליין און אַלע, וואָס וועלן מיט זיי קומען, אַרויסגעבן אַ דורכלאָז־ערלויבעניש ביז קרעמענטשוג, וואו זיי דאַרפן זיך מעלדן אין דער קאַנצעלאַריע פון נאָוואָראָסיער גובערניע און בעטן אַנאָרט אויף זיך באַזעצן אַליין און אויך פאַר אַלע זייערע קאַמעראַדן, וועלכע ווילן אַהין אַריבערפאָרן, און נאָך דער באַשטימונג פון אַזעלכן אַריבערפאָרן אַהין מיט אַלע זייערע פאַרמעגנס: דערבײַ זאָל דאָס רוסישע מיליטער, אָפּהיטנדיג זיי פון יעדער שלעכטס, אַרויסווייזן זיי הילף. געגעבן אין פּוילישן שטעטל מאָהילעוו אויפן דניעפּר יאַנואַר 22־טן 1775־טן יאָר. אײַגנהענדיג געחתמעט גראַף רומיאַנצעוו".[2]

אויף דער דאָזיגער בקשה האָט דער גובערנאַטאָר געענטפערט פונקטן־ווייז און האָט דערקלערט, אַז זיי קאָנען זיך באַזעצן אין נאָוואָראָסיער גובערניע, אָבער נאָר בײַם אָרט, וואו דער אינגול פאַלט אַרײַן אין בוג, בײַם טײַך בוג און ווײַטער העכער מיטן דניעפּר, אַז קײַן הײַזער פאַר די אידן אויף מלוכה־געלט קאָן מען ניט בויען, נאָר אַז מען ערלויבט זיי זיך באַזעצן איבער ווינטער אין יעליסאַוועטגראַדער פּראָווינץ, וואו מע קאָן דינגען דירות, אַז אַ פּלאַץ אויף אַ בית־עולם וועלן זיי באַקומען, אַז וועגן אַריבערפירן בראָנפן פון פּוילן מיט איין רובל צאָל־געלט פון עמער און וועגן רעכט פאַרקויפן בראָנפן וועלן אידן האָבן דיזעלבע רעכט, ווי אַלע תושבים פון נאָוואָראָסיער גובערניע, אַז די אידן וועלן געהיט ווערן פון רציחות און אָנפאַלן, ווי אַלע אײַנוואוינער, אַז דינגען קריסטליכע אַרבעטער איז ניט פאַרבאָטן, אַז משפּטן וועט מען אידן ווי זיי ווילן, ד. ה. פאַר קהל און פאַרן רב אין די אויגן, בנוגע שטײַערן וועלן די אידן־איבערוואַנדערער באַפרײַט ווערן אויף 7 יאָר, אָבער נאָך די 7 יאָר מוזן זיי צאָלן שטײַערן, סוחרים און פאַבריקאַנטן איין קאָפּיקע פון רובל פון גאַנצן קאַפּיטאַל און אַלע איבעריגע און בעלי־מלאכות צוויי רובל פון אַ מאַנספּערשוין, אַז יעדע משפּחה קאָן אַרײַנפירן אָן צאָל־געלט סחורה, אויף 300 רובל און פאַר מער מוז מען צאָלן, אַז האַלטן די אידישע אמונה קאָנען זיי ווי זיי ווילן און אויך חתונה האָבן פרײַ, אַז אַ אויבער־אָפיציר וועט באַשטימט ווערן איבער די אידן, אַז שיקן אַ מיליטער־קאָמאַנדע קיין אויסלאַנד אויף באַגלײַטן די איבערוואַנדערער קאָן מען ניט און אַזוי ווײַטער.

1) דאָרטן.

2) דאָרטן.

פון די דאָזיגע דאָקומענטן ווערט קלאָר, אַז אידן האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, ווי שטאַרק מען נויטיגט זיך אין זיי און אַז זיי קאָנען שטעלן פאָדערונגען און אַז די מאַכט איז ווירקליך געווען גרייט אויף גרויסע הנחות און קאָנדיציעס אַבי באַקומען איבערוואַנדערער. ס'איז אָבער כאַראַקטעריסטיש, וואָס די אידן האָבן מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן באַקומען ערד אויף באַאַרבעטן און וואָס די רוסישע מאַכט, וועלכע האָט מיט ליכט געזוכט קאָלאָניסטן, האָט די אידישע איבערוואַנדערער אַפילו ניט פאָרגעלייגט זיך באַזעצן אויף ערד. שענקן און האַנדל און צולעצט מלאכה, אָט וועגן וואָס מען האָט גערעט, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אידישע איבערוואַנדערער. און טאַקי אין דער דאָזיגער נאָוואָראָסיער גובערניע איז פאַרלייגט געוואָרן שפּעטער מיט דריי צענדליג יאָר דער פונדאַמענט פאַר יענער קאָלאָניזאַציע-באַוועגונג, וועלכע גיט ערשט איצט אירע גוטע פרוכטן.

גאָר גיך ווערן די קאַנטן פאָדאָליע און וואָלין, פון וואַנען מען האָט זיך געריסן קיין ניי-רוסלאַנד, און אין די שכנישע גובערניעס, ווי פּאָלטאַווער און טשערניגאָווער גובערניע, טיילן פון דער רוסישער אימפּעריע, און ס'הויבט זיך אָן אַ גרעסערע איבערוואַנדערונג ניט נאָר פון די נאָענטע אוקראַינישע גובערניעס, נאָר אויך פון די ווייס-רוסישע און ליטווישע גובערניעס. פּאָלטאַווער, כערסאָנער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניעס, וועלכע האָבן כמעט גאָר ניט פאַרמאָגט קיין אידן צום סוף 18-טן יאָרהונדערט, ווערן שוין אין ערשטן פערטל פון 19-טן יאָרהונדערט באַזעצט מיט עטליכע צענדליג טויזנט אידן.[1])

אין דער זעלבער נאָוואָראָסיער גובערניע, וואוהין ס'האָט אַזוי געצויגן די אידישע שענקערס פון די איבערפולטע מיט דעם מין פוילישע שטעטלאַך און דערפער, ווערט אָנהויב 19-טן יאָרהונדערט פאַרלייגט דער פונדאַמענט פאַר יענער קאָלאָניזאַציע-באַוועגונג, וואָס אירע פרוכטן שניידן מיר ערשט איצט. פון וועמען איז געקומען די איניציאַטיוו? לויט דער אַלגעמיין אָנגענומענער מיינונג איז די רוסישע רעגירונג געשטויסן געוואָרן אויפן געדאַנק פון אידישער קאָלאָניזאַציע אין ניי-רוסלאַנד פון אידישן ליוועראַנט און רייכן סוחר נאָטקין, וועלכער איז מסתמא געווען באַקאַנט מיט די קאָלאָניזאַציע-פּראָיעקטן פון דער עסטרייכישער און פּרייסישער רעגירונג און האָט פון זיי געשעפּט מאַטעריאַל פאַר זיינע באַריכטן און פאָרשלאַגן[2]). ס'איז אָבער אויך מעגליך, אַז די התחלה, און דווקא אַ פּראַקטישע התחלה, איז גאָר געמאַכט געוואָרן פון פשוטע אידן, וועלכע האָבן זיך אַליין באַזעצט אויף ערד און גענומען באַאַרבעטן ערד און האָדעווען פי. אַזוי שרייבט סקאַלקאַווסקי:

„די אידישע קאָלאָניעס זיינען פאָרמעל געגרינדעט געוואָרן אַרום 1807-טן יאָר, נאָר אַ קליינע לאַנדווירטשאַפטליכע באַזעצונג האָט זיך אָנגעהויבן אין סאַמע סוף פון 1790-טע יאָרן. ווען אַקוראַט, ווייסן מיר ניט פּאָזיטיוו. דעמאָלט האָבן זיי (אידן—י. ל.) אויסגעבעטן ערד פאַר זיך אין כערסאָנער גובערניע, ווען זי איז נאָר פאַרנומען געוואָרן נאָך די זאַפּאָראָזשצעס, און דאָרטן האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט ערד-אַרבעט און פי-האָדעוואַניע. ניט געקוקט אויף דער איינגעבוירענער שנאה פון אידן צו שווערע פעלד-אַרבעטן און צו תושב'קייט, האָט דער ביישפּיל פון די ערשטע קאָלאָניסטן געווירקט אויף זיי אַזוי שטאַרק, אַז פון 1807 ביז 1809 האָבן זיך געגרינדעט שוין 9 קאָלאָניעס; אין 1810-טן יאָר האָט מען גערעכנט אין זיי 600 פאַמיליעס מיט 3640 נפשות פוןביידע מינים“[1])

אַ סך גרעסער אָבער איז געווען דער שטראָם, וואָס האָט זיך געצויגן צו די שטעט, ווי אָדעס, כערסאָן, יעקאַטערינאָסלאַוו, קרעמענטשוג און אַנדערע — פאַר יענע צייטן איז דאָס געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיגע איבערוואַנדערונג פון די איבערבאַפעלקערטע מיט אידן „פוילישע“ גובערניעס[2]).

פון די ריין-פוילישע גובערניעס האָט זיך די אידישע באַפעלקערונג געריסן קיין מערב-אייראָפּע — קיין דייטשלאַנד און דורך דייטשלאַנד ווייטער, קיין לאָנדאָן און אין די פאַראייניגטע שטאַטן. אויב מיר טרעפן אין די 50-ער און 60-ער יאָרן שוין באַדייטנדיגע גרופּעס פוילישע אידן אין ענגלישע און אַמעריקאַנישע שטעט, איז דאָס געוויס אַ רעזולטאַט פון דער איינוואַנדערונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אָנהויב 19-טן יאָרהונדערט, ניט שפּעטער יעדנפאַלס פון די 20-ער יאָרן פונם דאָזיגן יאָרהונדערט. באַווייזן זיינען פאַראַן ניט ווייניג.

פון אָנהויב 19-טן יאָרהונדערט אָן הערט ניט אויף דער קאַמף פון די פּרייסישע רעגירונגען געגן דער איינוואַנדערונג פון רוסיש-פוילישע אידן, וועלכע רייסן זיך ממש אַריין קיין פּויזן, כאָטש פון פּויזן גופא גייט שוין דעמאָלט אַ אויסוואַנדערונג אין אַנדערע דייטשע טיילן פון פּרייסן און אַפילו קיין ענגלאַנד און אַמעריקאַ.

דער קאָרעספּאָנדענט פון דעם זשורנאַל „מאָנאַטסשריפט פאַר געשיכטע און וויסנשאַפט פון אידנטום“ שרייבט אין 1851-טן יאָר פון לאָנדאָן (ז. 50):

„די דאָזיגע גרויסאַרטיגע אַנשטאַלט Jews free School געפינט זיך אין אַ שטאָט-טייל, וואו ס'איז צונויפגעפּרעסט כמעט די גאַנצע אידישע אָרימקייט, אין אַ שטאָט-טייל, וואָס מען מוז אים אַליין זעהען, כדי האָבן כאָטש אַ ווייטע פאָרשטעלונג וועגן דער ענגשאַפט און אומריינקייט פון די גאַסן, וועגן דער שטיקנדיגער אַטמאָספער, וועגן דעם ליאַרמענדיגן קליין-האַנדל און דעם וויסטן טויב-מאַכנדיגן זשאַרגאָן, וועלכער רייסט זיך דאָרטן פון אַלע זייטן אין אויער אַריין“.

צווישן די דאָזיגע לאָנדאָנער אידן זיינען מסתמא געווען ניט ווייניג פּויזענער אידן, וועלכע האָבן גערעדט דעם „וויסטן טויב-מאַכנדיגן זשאַרגאָן“, אָבער געוויס זיינען געווען אויך ניט ווייניג אידן פון קאָנגרעס-פּוילן און ליטע, וועלכע זיינען אפשר געקומען קיין לאָנדאָן דורך פּויזן, וואו זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אַ קורצע צייט.

1) אין פּאָלטאַווער גובערניע איז אין 1804-טן יאָר געווען מענער אידן — 2114; כופל'ט מען אויף צוויי, באַקומט מען 4228 אידישע נפשות אָדער 0,3% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג; אין 1840 זיינען שוין געווען אין דער דאָזיגער גובערניע 16,455 אידן אָדער 1,0% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג; אין 1863-טן יאָר זיינען שוין געווען אידן 34,220 אָדער 2,0% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. אַ סך אינטענסיווער איז געווען דער וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין כערסאָנער גובערניע. זעה И. Павловскій: Статистика еврейскаго населенія въ Полтавской губерніи. Полтава 1908; Скальковскій: Опытъ статистическаго описанія Новороссійскаго края Одесса 1850; יעקב לעשצינסקי: דאָס אידישע פאלק אין ציפערן. בערלין 1922 ז. 38—35.

2) זעה: ש. דובנאוו: די נייסטע געשיכטע פון אידישן פאלק — בערלין 1923 .2 I ז. 232, אויך Ю. Гессенъ — Евреи въ Россіи. С-Петербургъ 1906 р. 43—45.

1) Скальковскій: Опытъ статистическаго описанія Новороссійскаго края. Одесса 1850 р. 314

2) אַ גאַנץ באַדייטנדיגע איבערוואַנדערונג פון די „פוילישע“ גובערניעס איז אויך געגאַנגען קיין בעסאַראַביע. אַזוי זיינען אין בעסאַראַביע געווען אין 1816 באַ 5 טויזנט אידישע משפחות אָדער 20 טויזנט נפשות און אין 1857 שוין 78,751, כמעט פיר מאָל מער. זעה: Записки Одесскаго Общества Исторіи и Древностей. Одесса 1867 т. VI. р. 257-58

די מזרח־אידישע קאָלאָניע אין לאָנדאָן איז שוין דעמאָלט געווען ניט קליין, וואָס מען קאָן הריגען פון דער צאָל אָרימע קינדער אין דער דערמאָנטער שולע, וועלכע האָט דערגרייכט אַריבער טויזנט. שוין צו יענער צייט פלעגן פוילישע אידן, אַריינגערעכנט פויזענער, אויפן וועג קיין אַמעריקאַ פאַרבלייבן אַ שטיק צייט אין ענגלאַנד, אָפטער אין לאָנדאָן. אַזוי שרייבט אין זעלבן זשורנאַל שפּעטער מיט פיר יאָר דער קאָרעספּאָנדענט (1855 ז. 143).

„מען רעכנט, אַז די צאָל אידן אין ענגלאַנד, מיט די פרעמדע, וואָס זייער צאָל ווערט יעדעס יאָר שטאַרק פאַרגרעסערט, באַטרעפט בערך 35 000, און פון זיי אין לאָנדאָן 18 000. די לעצטע יאָרן האָבן אַ סך פרעמדע אידן, וועלכע האָבן געוואוינט אויף דער פּראָווינץ, און זיינען באַקאַנט מיטן נאָמען „רייזענדע", אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקאַ. עטליכע רייכע פרעמדע (צעשפּרייט פון מיר. — י. ל.) אידן זיינען אין דער לעצטער צייט אַוועק קיין אויסטראַליע".

זיינען, הייסט עס, שוין געווען דעמאָלט און ענגלאַנד פוילישע אידן, וועלכע האָבן אָפּגעלעבט אין לאַנד אַ צייט, האָבן געמאַכט אויף הוצאות און האָבן זיך געלאָזט קיין אַמעריקאַ אָדער זיינען גאָר רייך געוואָרן און האָבן זיך געלאָזט קיין אויסטראַליע מאַכן געשעפטן. ס'איז קלאָר, אַז שוין אין די 20־ער און 30־ער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט איז געגאַנגען אַ געוויסע אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד און פרעמדע מלוכות. פאַרשטייט זיך, ס'איז מעגליך, אַז אין ענגלאַנד זיינען צווישן די פרעמדע געווען אויך גאַליציאַנער אידן. פאַר אונז איז אָבער נאָר וויכטיג געווען פעסטשטעלן פאָלגנדיגס: די איבערבאַפעלקערונג בא אידן אין די געוועזענע טיילן פון פוילן האָט געטריבן צו אויסוואַנדערונג, צו זוכן נייע מקומות, שוין צום סוף 18־טן און צום אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט. פאַר איין טייל האָט זיך געעפנט נייע־רוסלאַנד, בעסאַראַביע און די גובערניעס טשערניגאָווער און פּאָלטאַווער, וועלכע האָבן פריער געהערט צו רוסלאַנד און האָבן געהאַט זייער אַ קליינע אידישע באַפעלקערונג און ערשט נאָך דער צעטיילונג פון פוילן האָבן זיי באַקומען אַ געדיכטע אידישע באַפעלקערונג; אַ צווייטער טייל פוילישע אידן האָט געזוכט און דורכגעלייגט דעם וועג אין די מערב־אייראָפּייאישע און אַמעריקאַנישע לענדער. אין דער שפּיץ פונם לעצטן טייל זיינען געגאַנגען די פויזענער אידן, וועלכע האָבן אויסגעוואַנדערט אונטער אַ פרעמדן פאַס, ווי „דייטשע אידן", וועלכע זיינען אָבער נאָך אין דער אמתן געהען אי לויט זייערע פּראָפעסיעס אי לויט זייער שפּראַך פוילישע אידן. [1]

בכלל האָבן די פוילישע אידן, וואָס זיינען אַריבער צו דייטשלאַנד נאָך די צעטיילונגען, זייער גיך גענומען דעם וואַנדערשטאָב אין די הענט און זיך געלאָזט קיין מערב־אייראָפּע, קיין בערלין פריער פון אַלץ, נאָר אויך קיין ענגלאַנד און אַפילו קיין אַמעריקאַ. אָט וואָס דערציילט וועגן דער אויסוואַנדערונג פון אידן פון איינעם פון די געביטן, וואָס פרייסן האָט אָקופּירט:

„ווען פרידריך דער גרויסער האָט אָקופּירט דעם נעץ־דיסטריקט (1772), האָט ער באַלד פאַרשטאַנען מיט זיין אַדלער־קוק, אַז מען קאָן ניט טראַכטן וועגן הייבן די לאַנדקולטור, ביז מען וועט ניט אַפּרוימען די אידן פון

1) זעה: J. Lestschinski: Weltwirtschaftliches Archiv Bd 25. H. 1. p. 73-75. Kiel 1927.

וועג. ווי אין זיין נאַטור איז געווען, האָט ער ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות, האָט באַלד באַפעלן אַריבערשיקן איבערן גרעניץ 4000 הויזירער־ און בעטלער־אידן, וועלכע האָבן זיך אַרומגעדרייט אין לאַנד. אַנטקעגן דעם האָט ער אָבער באַפעלן פאַרמעגליכע און אָרענטליכע אידן פאַרגרינגערן דאָס באַזעצן זיך אינם קליינעם נעץ־דיסטריקט. אין יאָר 1812 האָבן די דאָזיגע אידן, גליקליכערע, ווי זייערע פויזענער ברידער, באַקומען מלוכה'שע בירגעררעכט. דאָך האָט זיך זייער צאָל פאַרקלענערט און ניט פאַרגרעסערט. וואָרום, ווייל צוליב זייער גרויסער צאָל האָבן זיי ניט געקאָנט זיך דערנערן, זיינען זיי אַוועק אין גרויסע מאַסן און גייען נאָך איצט קיין אַמעריקאַ אָדער אין די הויפּט־שטעט. אַזוי איז איצט פאַראַן אין בערלין אמתע אידישע קאָלאָניעס פון צעמפּעלבורג און פון מערקיש־פרידלאַנד" [2]

לויטן באַפעל פון פרידריך דעם גרויסן האָבן געמעגט בלייבן נאָר יענע אידן, וועלכע האָבן געהאַט אַ פאַרמעגן ניט ווייניגער פון 1000 טאַלער, אָבער אַ „באַלד פאָרגענומענע ציילונג פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט באַוויזן, אַז פון 7000 נפשות האָבן נאָר פון 20 ביז 30 פאַמיליעס (מיט צוזאַמען 191 נפשות) געקאָנט דערווייזן, אַז זיי האָבן מער פון 1000 טאַלער". [3] און כאָטש מען האָט איבערן גרעניץ אַריבערגעשיקט עטליכע טויזנט אידן איז זייער צאָל צום סוף 18־טן יאָרהונדערט געווען גרעסער ווי אין 1772, מחמת ס'איז די גאַנצע צייט פאָרגעקומען אַ אומלעגאַלע צוואַנדערונג פון פוילישע אידן.

דאָ האָט זיך גראָד געהאַנדלט וועגן זייער אַ קליינער צאָל אידן, וועגן אַזעלכע 10—9 טויזנט אידן. [4] אָבער זייער גורל איז געווען דער גורל פון אַלע פוילישע אידן, וואָס זיינען אַריבער צו דייטשלאַנד: זיי זיינען געוואָרן די פּיאָנערן פון דער אויסוואַנדערונג פון מזרח־אייראָפּע, די פּיאָנערן פון דער איינוואַנדערונג קיין אַמעריקאַ און דערהויבער די וועג־ווייזער אין דעם פּרט פאַרן גאַנצן מזרח־אייראָפּייאישן אידנטום. וועגן דער ראָל פון די פויזענער אידן אינם דורכלייגן אַ וועג קיין אַמעריקאַ האָבן מיר גערעדט באַריכותדיגער אינם אַרטיקל אין „וועלטווירטשאַפטליכן אַרכיוו", אויף וועלכן מיר ווייזן אָן העכער.

אַז אַ געוויסע אויסוואַנדערונג פון פוילישע אידן אין די פאַראייניגטע שטאַטן אַריין האָט זיך אָנגעהויבן גאָר אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט, איז קלאָר פון די באַשרייבונגען פון י. י. בנימין. פון 50 קהלות, וואָס ווערן בא אים אויסגערעכנט, זיינען געווען 14 פון פוילישן נוסח, 19 פון דייטשן, 7 פּאָרטוגעזישע און 10 אַנדערע. אַלזאָ די פוילישע געמיינדעס האָבן שוין צו זיין צייט — 60—1858 — אויסגעמאַכט מער פון אַ פערטל פון אַלע קהלות אין צפון אַמעריקאַ. ווען זיינען געגרינדעט געוואָרן די דאָזיגע קהלות? אויפן גרונד פון זיינע מאַטעריאַלן האָבן מיר אויסגעשטעלט פאָלגנדיגע אינטערעסאַנטע טאַבעלע: [5]

2) F. Wf. Schmitt: Topographie des Flatower Kreises. Preussische Provinzial-Blätter. Band V. Seite 450, Königsberg 1854.
צעשפּרייט אומעטום פון מיר — י. ל.

3) Dr. A. Heppner und I. Herzberg: Aus der Vergangenheit und Gegenwart der Juden in den Posener Landen. 1904 p. 178.

4) אין די שטעט פונם נעץ־דיסטריקט זיינען געווען אין 1800 יאר—8152 אידן פון 35594 אדער בא 23.0 פראצענט. זעה: Jacob Jacobson: Stellung der Juden in den 1793 und 1795 von Preußen erworbenen polnischen Provinzen zur Zeit der Besitznahme. — Monatsschrift für Geschichte und Wissenschaft des Judentums 1921 Juli-September, Breslau p. 217

5) J. J. Benjamin—Reise in den östlichen Staaten der Union und San—Franzisco. Hannover 1862.

| יאָר | דייטש־אידישע | פויליש־אידישע | פּאָרטו־גיזיש־אידישע | אנדערע | צוזאַ־מען |
|---|---|---|---|---|---|
| 1730 | — | — | 1 | — | 1 |
| 1782 | — | — | 1 | — | 1 |
| 1791 | — | — | 1 | — | 1 |
| 1802 | 1 | — | — | — | 1 |
| 1819 | — | 1 | — | — | 1 |
| 1823 | 1 | — | — | — | 1 |
| 1828 | 1 | — | — | — | 1 |
| 1830 | 1 | 1 | — | — | 2 |
| 1840 | 2 | 1 | — | — | 3 |
| 1841 | 2 | — | — | — | 2 |
| 1843 | 1 | — | — | 1 | 2 |
| 1845 | 1 | — | — | 1 | 2 |
| 1846 | — | 2 | 1 | — | 3 |
| 1847 | 1 | — | 2 | 1 | 4 |
| 1848 | 1 | — | — | 1 | 2 |
| 1849 | 2 | 1 | — | — | 3 |
| 1850 | 2 | 2 | — | — | 4 |
| 1851 | 1 | 1 | — | 1 | 3 |
| 1852 | 1 | 2 | — | 2 | 5 |
| 1853 | 1 | 1 | — | 2 | 4 |
| 1855 | — | 1 | — | — | 1 |
| 1856 | — | — | 1 | — | 1 |
| 1858 | — | 1 | — | — | 1 |
| 1859 | — | — | — | 1 | 1 |
| סך־הכל | 19 | 14 | 7 | 10 | 50 |

ביזן 19־טן יאָרהונדערט זיינען געגרינדעט געוואָרן סך־הכל דריי קהלות, אַלע פון ספרדישע אידן; אין סאַמע אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט (1802) ווערט געגרינדעט די ערשטע דייטש־אידישע קהלה, אין 1819 — די ערשטע פויליש־אידישע קהלה. ביז 1830 ווערן סך־הכל געגרינדעט 7 אידישע קהלות.

פון 1830 ביז 1840 . . . 5 פון זיי 2 פוילישע
" 1841 " 1850 . . . 22 " " 3 "
" 1851 " 1859 . . . 16 " 8 "

אינם לעצטן יאָרצענדליג מאַכן שוין אויס די פויליש־אידישע קהלות אַ העלפט פון אַלע געגרינדעטע קהלות, אָבער אויך פריער מאַכן זיי אויס ניט קיין קליינעם פּראָצענט.

די פוילישע אידן האָבן זיך אין אַ גרעסערער מאָס באַזעצט אין ניו־יאָרק, ווי די דייטשע, אָבער זיי האָבן אויך שוין געהאַט קהלות אין גאַנץ ווייטע פון ניו־יאָרק שטעט. דאָס באַווייזט, אַז צו דער באַטראַכטער צייט האָבן זיי שוין געהאַט ברייטע פאַרבינדונגען מיט פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד.

אין דער פאָלגנדיגער טאַבעלע געבן מיר אויפן גרונט פון די זעלבע מאַטעריאַלן פון י. י. בנימין די פאַרטיילונג פון די דאָזיגע פופציג קהלות לויט באַזונדערע שטעט פון די פאַר־אייניגטע שטאַטן.

| שטעט | דייטש־אידישע | פויליש־אידישע | פּאָרטוגי־זישע | אנדערע | צוזאַמען |
|---|---|---|---|---|---|
| ניו־יאָרק . . . . | 7 | 8 | 2 | 6 | 23 |
| פילאַדעלפיע . . | 2 | 1 | 3 | 1 | 7 |
| באַלטימאָר . | 2 | 1 | — | 3 | 6 |
| סינסינאַטי . . | 4 | 2 | — | — | 6 |
| ניו-ארלעאַן . | 2 | 1 | 1 | — | 4 |
| ריטשמאָנד . . | 1 | 1 | 1 | — | 3 |
| וואשינגטאָן . . | 1 | — | — | — | 1 |
| סך־הכל | 19 | 14 | 7 | 10 | 50 |

פאַרשטייט זיך, אַז די געבראַכטע ידיעות שעפּן ניט אויס אַלע מאַטעריאַלן וועגן די ערשטע איינגעוואַנדערטע פוילישע אידן. אַזוי לייענען מיר אין דער „אַלגעמיינער צייטונג פון אידנטום" פון 1850־טן יאָר אַזאַ קאָרעספּאָנדענץ פון באָס־טאָן, וואָס ווערט באַ י. י. בנימין גאָר ניט דערמאָנט:

„דאָ האָט זיך געבילדעט אַ פולשטענדיג אָרגאַניזירטע פוילישע געמיינדע, וועלכע ציילט שוין מער פון 100 פערזאָנען".[1]

מען דאַרף געדענקען, אַז ביז וואַנעט ס'גרינדעט זיך אַ קהלה אין אַ שטאָט, קאָנען אַוועקגיין ניט ווייניג יאָרן, נאָכ־דעם ווי אַ סך איינצעלנע אידן פון פאַרשיידענע קאַנטן אָדער לענדער וואוינען שוין דאָרטן.

סאיז פאַראַן אַ גרונד משער צו זיין, אַז די גרעסטע צאָל איינגעוואַנדערטע אין די פאַראייניגטע שטאַטן פוילישע אידן אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט זיינען געווען טאַקי פון קרוין־פוילן. די פוזענער אידן האָבן געוויס זיך גערעכנט פאַר דייטשע אידן און זיך אַרויסגעגעבן פאַר אַזעלכע; פון די ליטוויש־ווייסרוסישע גובערניעס איז מען נאָך דעמאָלט גאָר ווייניג געפאָרן קיין אַמעריקאַ, וויל מען האָט געהאַט אַ סך ווייניגער פאַרבינדונגען, ווי די אידן פון קרוין־פוילן, וועלכע האָבן פאָרט איינגעהאַלטן געוויסע באַציאונגען מיט די פוזענער אידן אויך נאָכדעם, ווי יענע זיינען געוואָרן „דייטשן". אמת, די אויסוואַנדערונג פון די קרוין־פוילישע גובער־ניעס האָט זיך געדעקט נאָך מיט אַ שטאַרקן עודף מיט אַ צוואַנדערונג פון ליטוויש־ווייס־רוסישע אידן. דער דאָזיגער צושטראָם האָט זיך אָבער אָנגעהויבן ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, ווען אין קרוין־פוילן האָט אָנגעהויבן שנעל וואַקסן די אינדוסטריע און צוזאַמען דערמיט דער האַנדל.

די איבערוואַנדערונג פון פּאָדאָליע, וואָלין, ווייסרוסלאַנד און ליטע קיין נייי־רוסלאַנד; די איבערוואַנדערונג פון פוזענער אידן אין דייטשע שטעט; די אויסוואַנדערונג פון פוזענער אידן און טייל־ווייז אויך פון פוילישע אידן קיין ענגלאַנד און אַמעריקאַ — אָט די דאָזיגע אַלע איבערוואַנדערונגען און אויסוואַנדערונגען זאָגן עדות, אַז שוין אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן די אידן פון מזרח־אייראָפּאַ ענערגיש געזוכט נייע פּלעצער, נייע לענדער, אַז דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט געטריבן צו זוכן נייע ערטער אין דער וועלט.

אַז די אויסוואַנדערונג האָט ניט געקאָנט לעזן דעם שווערן עקאָנאָמישן קריזיס בפרט נאָך דעמאָלט, ווען זי איז

1) Allgemeine Zeitung des Judentums. — Leipzig 1850 p, 45.

נאָך געווען אין דער ערשטער סטאַדיע, אין דער, אַזוי צו זאָגן, צוגרייטונג־סטאַדיע, איז קלאָר; ווייל אָן גרויסע מאַסן אין די איינוואַנדערונג־לענדער איז אויך אוממעגליך אַ אויסוואַנדערונג פון גרויסע מאַסן. יעדע אויסוואַנדערונג געפינט זיך אין אַ געוויסער פּראָפּאָרץ צו דער שוין איינגעוואַנדערטער אין אַ באַשטימטן לאַנד מאַסע. דאָס הייסט ניט, אַז יעדע איינגעוואַנדערטע מאַסע מוז נאָך זיך ציען אַ אַנטשפּרעכנדיג שטאַרקע אויסוואַנדערונג. ריכטיג איז נאָר דאָס אומגעקערטע — די גרויס פון דער איינוואַנדערונג איז שטאַרק אָפּהענגיג פון דער שוין איינגעוואַנדערטער מאַסע. דעריבער איז נאַטירליך, וואָס די איבערשיכטונג־פראַגע איז געווען פון אַ סך אַ גרעסערער וויכטיגקייט און נויטהווענדיגקייט.

דער אומנאָרמאַלער, הויקערדיגער סאָציאַלער בוי פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פּוילן איז געווען שוין קלאָר פאַר אַ סך נאָך פאַרן צעפאַלן פון דער פּוילישער מלוכה. אַפילו בײַם בעסטן צושטאַנד פון דער פּריציש־שליאַכטישער ווירטשאַפט האָט געמוזט אָנקומען אַ קריזיס — די פרנסות, ווי אַרענדע, שענק, קליין־קרעמעריי און קליין־האַנדל, וועלכע האָבן באַשעפטיגט אַכציג אָדער נאָך מער פּראָצענט אידן, האָבן געהאַט צו באַגרעניצטע מעגליכקייטן פון אַנטוויקלונג, אַז זיי זאָלן געהען קאָנען איינשלינגען און ווייטער שפּייזן דעם נאַטירליכן צוואַקס פון דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכער איז שוין אין אַכצענטן יאָרהונדערט געווען אַ סך באַדייטנדיגער, ווי אין די פריערדיגע יאָרהונדערטן. היינט בפרט נאָך, אַז די פּוילישע שטעט האָבן צו דער צייט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון געפאַלנקייט, און דער פּריצישער הויף, דער צענטער און דער יסוד פון דער גאַנצער ווירטשאַפט־שטה, האָט אַרויסגעוויזן בולטע סימנים פון אַ אומפאַרמיידליכן צעפאַלן. איז טאַקי די לאַגע פון דער אידישער באַפעלקערונג, פונם דאָזיגן משרת פון פּריצישן הויף און „הערשער" איבערן כלאָפּ, פונם דאָזיגן אַרומלויפער צווישן הויף און דאָרף, פונם דאָזיגן פאָלק־צווישן־קלאַס געוואָרן טראַגיש און אומדערטרעגליך.

די פּוילישע פּראָיעקטן ערב דער לעצטער צעטיילונג וועגן מאַכן אידן פאַר „נוצליכע בירגער" — ערד־אַרבעטער און בעלי־מלאכות — זיינען גענוג באַקאַנט און מיר וועלן זיך אויף זיי דאָ ניט אָפּשטעלן. אָבער אַ סך שאַרפער ווערט געשטעלט די איבערשיכטונג־פראַגע ערשט נאָך דער צעטיילונג פון פּוילן — און לײַדער ניט אַזוי פון אידן אָדער אידישע פירער, ווי פון די רעגירונגען, וועלכע האָבן געירשנט די צעפאַלענע פּוילישע מלוכה. זיי האָבן פאָרמולירט די דאָזיגע פּראָבלעם אַזוי קלאָר און באַשטימט, אַז אין משך פון גאַנצן לעצטן יאָרהונדערט, אָנגעהויבן פון די משכילים און געענדיגט מיט די מאָדערנסטע פּראָדוקטיוויזירונג־שטרעמונגען האָט דער אידישער געזעלשאַפטליכער געדאַנק כמעט גאָר ניט צוגעגעבן צום תוך, צום עיקר הענין.

אונזערע היסטאָריקער, וואָס פאַלן אָן, און מיט רעכט, אויף די מעטאָדן און מיטלען, מיט וועלכע די זעלבסטהערשנדיגע רעגירונגען האָבן געוואָלט לעזן אָזאַ שווערע פראַגע, ווי די אידישע עקאָנאָמישע איבערשיכטונג, דערשאַצן אָבער ניט, נאָך אונזער מיינונג, דעם ווערט פון דער פּראָגראַם גופא, וועלכע איז צוזאַמענגעפאַלן בײַ אַלע דריי רעגירונגען — בײַ דער עסטרייכישער, רוסישער און פּריסישער — ביז אין איינצלנע פּרטים; נאָך היינטער באַליכטן זיי די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן די דאָזיגע פּראָגראַם און וואָס האָבן געשטערט זי צו פאַרווירקליכן. ס'באַקומט זיך אַ איינדרוק, ווי די אידישע היסטאָריקער וואָלטן באַרעכטיגט די אידישע מאַסן, וועלכע האָבן אַלע פרובן פון איבערשיכטונג — פון צוציען אידן צו ערד־אַרבעט, מלאכה און פאַבריקאַציע — באַגעגנט ווי אַ גזרה. אונזער דור קאָן זיך שוין ערלויבן אַנדערש אויפנעמען די דאָזיגע „גזירות" און אויך אַנדערש אָפּשאַצן די באַציאונג פון די דעמאָלטיגע פאַסטוכער פון אידישן פאָלק, פון די רבנים און צדיקים, צו די דאָזיגע גזירות. אַבסאָלוט ניט באַרעכטיגענדיג די שטרעבונג פון די דעספּאָטישע רעגירונגען צו מאַכן אידן פאַר „נוצליכע בירגער", איידער מען האָט זיי געמאַכט פאַר בירגער בכלל, און ניט לייקענענדיג, אַז די אַדמיניסטראַטיווע אַפּיטרופּסות האָט געקאָנט באַגראָבן די בעסטע אונטערנעמונגען, מוז מען אָבער דאָך מודה זיין, אַז ניט ווייניג האָט געהאָלפן צום דורכפאַל פון אַלע פּראָיעקטן די פּאַסיווע און אַ סך אָפטער נעגאַטיווע באַציאונג פון די אידישע מאַסן און פון זייערע דעמאָלטיגע פירער צו די דאָזיגע איבערשיכטונג־פּלענער.

חוץ איינצלנע אויסנאַמען, טאַקי באמת יחידי סגולה, ווי אַ מנשה איליער, אָדער דער באַקאַנטער רב יהודה ליב מרגלית, האָט די אידישע מאַסע צוזאַמען מיט איהרע רבנישע און צדיקימשע פירער געשטעקט אין אַזאַ חשך ואפילה, אַז די אידעען פון די רעגירונגען, אין תוך פּראָגרעסיווע און בנוגע צום אידישן לעבן טיף רעוואָלוציאָנערע, זיינען געווען הימל ווייט פון זייער פאַרשטאַנד און פון זייער פּסיכאָלאָגיע. דאָס קליינע קופּקעלע משכילים, וואָס האָט ניט געהאַט נאָך דעמאָלט קיין שום איינפלוס אויף די אידישע מאַסן, האָט נעבאַך געמוזט זיך אָנשפּאַרן אויף די דעספּאָטישע רעגירונגען און וואַרטן פון זיי ישועות. די משכילים האָבן געוויס אַריבערגעכאַפּט די מאָס אין גייען צוזאַמען מיט די רעגירונגען; זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען צו אונטערשיידן צווישן פּראָגרעסיווע אידעען און רעאַקציאָנערע וועגן; זיי זיינען געווען צו ווייניג פּאָליטיש אַנטוויקלט. כדי צו אָפּשאַצן ווי געהעריג דעם ווערט פון פּאָליטישע רעפאָרמעס, און אין דעם פּרט האָט דער געזונטער אינסטינקט פון די מאַסן אָפטמאָל אָנגעוויזן דעם ריכטיגערן און ווירדיגערן וועג ווי דער טרוקענער שכל פון די ראַציאָנאַליסטישע משכילים; אָבער מען מוז זיך אַריבערטראָגן אין יענער היסטאָרישער סיטואַציע, כדי צו פאַרשטייען די טיפע אומגעהויערע פאַרצווייפלונג, וועלכע האָט געטריבן די ערשטע מאָדערנע פאָלק־פריינד אין די אָרעמס פון דעספּאָטישע רעגירונגען. אָרימע לייט סתם, קבצנים, דלפנים, עניים, ואביונים, שענקערס, אַרענדאַרעס, פאַקטאָרס, מעקלערלאַך, טעלער־לעקער, איבערקויפערס און אַלץ־קויפערס, ווי אָרים און דערשלאָגן זיי זאָלן ניט זיין, ווי שרעקליך זייער גורל און זייערע פּערספּעקטיוון זאָלן ניט זיין — אָט די דאָזיגע אַלע עלעמענטן זיינען ניט קיין מאַטעריאַל פאַר סאָציאַלע אָדער פּאָליטישע באַוועגונגען. זיי קאָנען ניט זיין קיין ס ו ב י ע ק ט פון זייער באַפרייאונג, ווייל אייגנטליך איז גאָרניט געווען פון וועמען זיך סאָציאַל צו באַפרייען; זיי קאָנען זיין אַ נ ' אָ ב י ע ק ט פון רחמנות אָדער פון דעספּאָטישער אַפּוטרופּסות. און דאָ האָבן זיך טאַקי צונויפגעטראָפן די גרויסע רחמנות־געפילן פון די משכילים צו זייערע אָרימע און דערשלאָגענע ברידער מיט די פּראָגרעסיווע און ווינשענסווערטע אידעען פון די דעספּאָטישע אַנטיסעמיטישע רעגירונגען, און ווי ווילד דער שידוך זעהט ניט אויס, איז ער בײַ יענער היסטאָרישער סיטואַציע געווען אפשר פאַרשטענדליך.

אַז די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידישע מאַסן פון דער געוועזענער פּוילישער מלוכה איז געווען מער ווי קאַטאַסטראָפאַל, דערינגט אַרויס ניט נאָר פון דעם, וואָס אַפילו די אכזריות־דיגע צאַרישע גובערנאַטאָרן, שונאי־ישראל ביזן מאַרך פון די ביינער, זיינען דערציטערט געוואָרן פונם דערזעהענעם אידישן דלות און האָבן אים באַשריבן מיט אַזעלכע שוואַרצע פאַרבן, אַז די האָר שטעלן זיך נאָך איצט קאַפּויר, ווען מען לייענט די דאָזיגע באַריכטן; פיל אינטערעסאַנטער און באַווייזענדיגער פאַר אונז איז דאָס, וואָס בײַ דער באַציאונג צו אַרבעט, וואָס האָט געהערשט בײַ אידן דעמאָלט, האָבן זיך דאָך געפינען פילע טויזנדער משפּחות, וואָס זיינען געווען גרייט זיך לאָזן אַפילו אין עק וועלט אַריין — נײַ־רוסלאַנד מיט זיינע ווילדע סטעפּעס איז געווים געווען אַנהויב 19־טן יאָרהונדערט פאַר אַ אידן פון מאָהילעווער אָדער וויטעבסקער גובערניע אַ סך אַ פאַרוואָרפענער און שרעקליכער אָרט, ווי איצט ניו־יאָרק אָדער אַפילו בוענאָס־איירעס — און זיך נעמען פאַר דער שווערסטער אַרבעט.

אָט ווי ס׳באַשרייבן אין 1811־טן יאָר די קאָלאָניסטן פון שדה־מנוחה אין אַ בקשה צו אַ פאַרטרעטער פון דער רעגירונג, וועלכער איז געקומען ספּעציעל זיך באַקענען מיט דער לאַגע פון די אידישע קאָלאָניעס, זייערע ענוים קשים אין וועג און אין כערסאָנער מדבר:

„מיר, אידן, אַ פאָלק, וואָס איז ניט געוויינט צו ערד־אַרבעט, האָבן זיך פאַרנומען תמיד מיט אַנדערע באַשעפטיגונגען פון די צייטן פון דוד המלך אָן. נאָר דערוויסנדיג זיך פונם מאַניפעסט, האָבן מיר געטראַכט באַקומען אויף ברויט און פוראַזש אין וועג צו 25 און אויפן אָרט צו 10 קאָפּיקעס און האָבן בײַ זיך געפועלט פאַרלאָזן אונזערע היימען, און זיך לאָזן אין וועג אַריין אויף אייגן געלד און עטליכע פון אונז זיינען געפאָרן מיטן וואַסער, האָבן געצאָלט פאַר נעמען זיי אויף די שיפן. אונזער וועג האָט געדויערט ביז פיר חדשים און מיר זיינען לסוף אָנגעקומען קיין קרעמענטשוג. פון דאָרטן אויף געדונגענע פון דער קאַזנאַ פורען אויף באַזעצן זיך און האָבן באַקומען ניט קיין גרויסן חלק שפּייז־געלד, וועלכע מיר האָבן געמוזט דעמאָלט זשע אָפּצאָלן פאַרן ברייגגען אונז קיין קרעמענטשוג. און אָנגעקומען אויף אַ פוסטן ערד־חלק, האָבן מיר באַקומען געלד־הלוואות אויף אַליין אין זייער אַ קליינער סומע. אויסגעמאַטערטע פון וועג, פון קעלט, שלעכטן וועטער און אַנדערע שווערינקייטן, האָבן מיר געמוזט זיך נעמען פאַר בויען הייזער; די צאָל משפחות אונזערע האָט זיך מיטן אָנקומען פון נאָך אייניגע פאַרגרעסערט, נאָר צוליב דער אָנגעקומענער זומער אַלגעמיינער עפּידעמיע — זיינען מיר געווען אין פאַרצווייפלונג... פון די מלוכהשע קאָלאָניעס האָט מען אונז געהאָלפן, מיר האָבן זיך געצווינגען ווי ס׳ניט איז פאַרענדיגן דאָס בויען, כדי ס׳זאָל ניט אויסקומען ווינטערן אין פרעמדע וואוינונגען, און פאַרענדיגט, האָבן מיר געמוזט זיך פאַרזאָרגן מיט היי פאַר די געקויפטע פי און האָבן אים אַביסל אָנגעשניטן; אָבער פון דער שרפה אין סטעפּ איז דאָס היי פאַרברענט געוואָרן און מיר בײַ אונזער אָרימקייט האָבן געמוזט קויפן היי. אין מיטן אַ גרויסער סטעפּ, בײַ גרויזאַמען ווינטער, פאַר אונז זייער אַ שווערן, האָבן מיר זיך גענומען צו אַקערן אַ מדבר, וואָס איז קיינמאָל ניט צעאַקערט געוואָרן. אונזער אומפּראַקטישקייט, דאָס פעלן פון קאָלאָניעס אין דער נאָענט, בײַ וועלכע מען זאָל זיך צולערנען, האָבן אונז געצווינגען דינגען מענשן, מיר האָבן געצאָלט צו 15 רובל פאַר אַ דעסיאַטין. די אַרויסגעגעבענע אָבער גאָר קליינע שפּייז־סומע, ניט אַזוי ווי קאָלאָניסטן צו 10 קאָפּ. אַ מעת־לעת נאָר צו 5 קאָפּיקעס, בײַ אַ גרויסן איבער בײַם בייטן גרויסע אַסיגנאַציעס אויף קליינע, האָט אונז ווייניג געהאָלפן, בפרט נאָך אין אַ מדבר־אָרט, וואו מען האָט איינגעקויפט ברויט פאַר דער מאָלדאַווישער אַרמיי. מיר האָבן זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן, מיר האָבן ניט געוואוסט, וואו צו זוכן, מיר האָבן ניט געפינען קיין מיטלען. ס׳האָט זיך געמאַכט, אַז מיר קויפן תבואה, נאָר מיר האָבן ניט קיין מעגליכקייט די איבערמאָלן אויף מעהל, איבערדעם האָבן מיר געמוזט קאָכן די תבואה אָדער זי אין שטויסלאַך צעשטויסן און עסן. אָטדאָס איז אונזער ווילדער צושטאַנד, אָבער פונם איבערבייט פון קלימאַט, וואַסער, פון נויט, מיט איין וואָרט, פון פאַרצווייפלונג, מרה שחורה און קראַנקהייטן זיינען אין משך פון דריי יאָר אויסגעשטאָרבן פון אונז מער פון 200 נפשות ניט נאָר זקנים און קינדער, נאָר גאַנצע משפחות זיינען געוואָרן קרבנות פון טויט, אין איצט זיינען געבליבן נאָר 116 משפחות יתומים, וואָס האָבן ניט קיין עסן און ניט קיין בגד; אַלמנות אָן יעדע שטיצע; און אַלע מיר זיינען אָרים, אומגליקליך! איר זיינט אַמאָל געווען אַ עדות פון אונזערע העלדישקייטן, גיט אַ קוק אויך איצט אויף אונז מיט אַ גוטן מיין, גיט אָפּ צייט אויף באַטראַכטן אונזער לאַגע און אייער גוטהאַרציגקייט וועט אויסקלייבן שטיצע אויף פאַרבעסערן אונזערע ווירטשאַפטן און וועט אונז באַלוינען מיט הילף. מיר זיינען אַלע אָרים, אַ סך געליטן און בעטן נאָר שטיצע אַקוראַט אַזוי פיל, וויפיל איר וועט באַשליסן אַנדערע אידישע קאָלאָניעס צו באַשטימען“.[1]

כמעט דאָס אייגענע האָבן געשריבן אין זייערע בקשות אויך די אידישע קאָלאָניסטן פון אינגולעץ, קאַמיאַנק, באַבראָווי־קוט און פון אַלע איבריגע קאָלאָניעס. נעמט מען אַפילו אָן, אַז די קאָלאָניסטן האָבן אין זייערע בקשות די פאַרבן אַביסל שוואַרצער געמאַכט, מוז מען דאָך קומען צום אויספיר, אַז נאָר אַ אָרימקייט, וואָס האָט גאָר קיין גרעניץ ניט, האָט געקאָנט טרייבן די אידן אין די ווילדע מדבריות פון נײַ־רוסלאַנד; אַז נאָר מענשן, וואָס האָבן ניט קיינע אויסזיכטן און קיינע האָפענונגען אין דער אַלטער היים, האָבן זיך געקאָנט לאָזן אין אַנאָרט, וואו „צוליב די קלימאַטישע אייגנשאַפטן פון קאַנט, צוליב דעם שלעכטן וואַסער און אויספעלן פון הייץ־מאַטעריאַל און דער עיקר צוליב דעם אויספעלן פון ברויט איבער דער אומגערעטעניש, האָבן געווילדעוועט פיבער, קדחת, שלשול און פי־מגפה, וואָס האָבן גורם געווען אַ שרעקליכע שטאַרבליכקייט, וואָרום אויף היילן מענשן און פי איז אויך ניט געווען קיינער, ווייל ס׳האָבן אויסגעפעלט פרייע דאָקטוירים“.[1]

וועגן דעם פרוב צו באַזעצן אידן אויף ערד אין גאַליציע שרייבט שטייגער:

„ס׳האָט געהערט צו די כונות פון דער רעגירונג צוציען אידן צו לאַנדווירטשאַפט, כדי זיי צוביסלאַך אָפּציען פונם פּאַקטישן מאָנאָפּאָל אויפן האַנדל און זיי פאַרבינדען אין זייערע אינטערעסן מיט דער איבעריגער באַפעלקערונג. און מען האָט דערצו אָנגענומען דירעקטע און אומדירעקטע

1) В. Н. Никитинъ — Евреи Земледѣльцы. СПБ. 1887 г. р. 28, 56-57

מיטלען. צו די ערשטע געהערטן די ערלויבטניש קויפן און אַרענדירן ערד און די ערשטע דריי יאָר זיך באַנוצן מיט קריסטליכע געדונגענע אַרבעטער, כדי זיך גענוג אויסלערנען די פעלד־אַרבעט; ווייטער דער באַפעל צו באַזעצן אידן אויף ערד און דאָס אָפטע אויפמונטערן זיי פריצים צו דעם. היין דעם זיינען די אידן, וועלכע האָבן זיך איינגאַנצן געווידמעט דעם אַקערבוי, זיך ניט פאַרנעמענדיג מער מיט האַנדל אָדער מיט אַנדערע באַשעפטיגונגען, באַפרייט געוואָרן פון טאָלעראַנץ־שטייער, פון חתונה־טאַקסע, און פון ליכט־מותרות־אָפּצאָל . . . פרעמדע אידן איז געוואָרן ערלויבט זיך באַזעצן אין גאַליציע נאָר דעמאָלט, ווען זיי האָבן ערקלערט, אַז זיי וועלן זיך ווידמען דעם אַקערבוי און אַז זיי קאָנען זיך באַזעצן אויף ערד פון אייגענע מיטלען. . אַלס דירעקטער מיטל איז געווען אָפּגעגעבן אַ באַפעל, אַז יעדע אידישע קהלה, זאָל באַזעצן אויף ערד אַ געוויסע צאָל משפחות". [1])

שטייגער דערציילט ווייטער, אַז לויטן באַפעל האָבן די אידישע קהלות באַדאַרפט קאָלאָניזירן 1332 משפחות און דאָך געפינט זיך אין גאַנץ גאַליציע אין יאָר 1822 סך־הכל 836 אידישע לאַנדווירטן, פון וועלכע נאָר 451 האָבן זיך באַזעצט אויף ערד אויפן חשבון פון קהלות. און ער גיט צו:

„חוץ דעם פאַרנעמען זיך נאָך די אַלע ווירקליך אויפגעציילטע לאַנדווירטן מיט לאַנדווירטשאַפט אַליין אָדער מיט לאַנדווירטשאַפט אַלס הויפט־באַשעפטיגונג זייער זעלטן. אין 1826־טן יאָר האָבן זיך פאַררעגיסטרירט אַלס לאַנדווירטן נאָך 724 משפחות". [2])

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז אינטערעסאַנט צו ברייגען אַ בריוו, וואָס אַ גרופע אידן פון זעלעשצעק האָבן געשיקט צום עסטרייכישן קייזער נאָכדעם, ווי זיי האָבן געבעטן ערד באַ דער אָרטיגער מאַכט, אויספאַרקויפט אַלע זייערע בעבעכעס, אָפּגעוואַרט אַ גאַנץ יאָר און זיך ניט דערוואַרט צו גאָר ניט. זיי האָבן געשריבן:

„מיר האָבן באַשלאָסן אַוועקוואַרפן דעם קליינעם האַנדל און זיך באַפרייען פון אים און זיך ווידמען ערד־אַרבעט; אַזוי ווי מען טרייסט אונז מיט הבטחות פון צייט צו צייט, אַ יאָר איז שוין אַוועקגעגאַנגען און מיר האָבן קיין פעלדער ניט באַקומען, ווייסן מיר שוין גאָר ניט וואָס אָנהייבן טוען, ווייל מיר האָבן שוין אונזער ביסל אָרימקייט, וואָס מיר האָבן געהאַט, אויפגעגעסן און ווייסן ניט מער, ווי מיר זאָלן זיך דערנערן, ווייל מיר האָבן צוליב דעם אונזער גאַנץ גוטס געפּטרט". [3])

פון די נאָרוואָס געבראַכטע ציטאַטן ווערט איינס קלאָר: ביידע צדדים, הן די מלוכה־אַדמיניסטראַציע און הן די אידישע געזעלשאַפט דינען ניט געווען גענוג באַרופן צו אַזאַ שווערער און קאָמפּליצירטער אויפגאַבע, ווי שאַפן אַ אידישן לאַנדווירטשאַפטליכן קלאַס. אָבער דאָס פּאַרזייטע קערנדל איז דאָך סוף כל סוף אויפגעגאַנגען, אין ניי־רוסלאַנד און גאַליציע פאַרמאָגן איצט צענדליגע טויזנטע אידישע משפחות, וואָס ציען חיונה פון לאַנדווירטשאַפט.

ביז גאָר אינטערעסאַנט איז געווען דאָס גרינדן אין קרעמענטשוג אַ געוואַנט־פאַבריק ספּעציעל פאַר אידן אין יאָר 1809. דער דעמאָלטיגער מיניסטער פאַר אינערע ענינים קוריאַקין מאָטיווירט אַזוי די נויטיגקייט אין פאַרשפּרייטן פאַבריקאַציע צווישן אידן:

„כאָטש דעם דאָזיגן פאָלק (די אידן — י. ל.) זיינען געגעבן געוואָרן פאַר (въ замѣну) די אַרויסשיקונגען (פון די דערפער — י. ל.) פאַרשיידענע הנחות און פריווילעגיעס ביז געלד־הלוואות ביים גרינדן געוואַנט־ און אַנדערע פאַבריקן, ביים קויפן ערד און דאָס גלייכן, וואָס איינגע פאַרמעגליכע וועלן מיט חשק אויסנוצן, אָבער די גרעסטע צאָל פון זיי (פון אידן — י. ל.) זיינען אַזוי אָרים, אַז ניט האָבנדיג איצט קיין פעסטע לעבנסמיטלען און ניט קיין דאַך איבערן קאָפּ, קאָנען זיי אַליין גאָר ניט פאָרנעמען פאַר זיך און פון זייערע ערטער קאָנען זיי זיך ניט רירן און עתּיק ניט, און די רעגירונג מוז איצט נעמען אויף זיך אָנווייזן די דאָזיגע אידן, אָפּהיטנדיג דערביי די אינטערעסן פון דער קאַזנאַ, אַ וועג צום איבערפאָרן און צו אַ שטענדיגער פרנסה" [4])

לויטן באַפעל פון מיניסטער האָט מען באַדאַרפט אויסקלייבן „אידן, וואָס האָבן קיין קאַפּיטאַל ניט, פולשטענדיגע ליידיגגייער, וואָס קאָנען ניט קיין שום קונסט און מלאכה". [5]) און הגם די פאַבריק איז געווען באמת אַ קאַזאַרמע, וואו מען האָט געהאַלטן די אַרבעטער פאַרשפּאַרט און געקוקט אויף זיי ווי אויף קנעכט [6]) און וואו מען האָט אַבסאָלוט ניט אַ טראַכט געטוען צו זאָרגן פאַר שאַפן פאַסיגע לעבנס־ און אַרבעט־באַדינגונגען פאַר דעם לופט־אידן, פון וועלכן מען האָט געוואָלט מיט אַ מאָל מאַכן אַ פאַבריק־אַרבעטער [7]), האָבן זיך דאָך די ערשטע יאָרן געפונען צווישן אידן גענוג בעלנים, וועלכע זיינען אָנגעקומען אויף דער פאַבריק.

די צאָל אידישע אַרבעטער (אונז דוכט, אַז דאָס זיינען בכלל געווען די ערשטע אידישע פאַבריק־אַרבעטער [8]) אויף דער

---

1) Michael Stöger Darstellung der gesetzlichen Verfassung der galizischen Judenschaft Lemberg, Przemysl, Stanislawow und Tarnow, 1833 S. 155-59

2) ibid s. 160

3) Dr. M. Balaban: Dzieje Zydów w Galizyi i w Rzeczypospolitej krakowskiej 1772-1868. Lwow 1914 S 41 זעה אויך: ד"ר אברהם יעקב בראַווער — יוסף השני ויהודי גאַליציה" השלח 1910. אודעסא ז. 340.

4) К. Павловскій: Кременчугская фабрика суконделія для евреевъ въ началѣ XIX вѣка, Полтава 1915 p. 4

5) דאָרטן ז. 5.

6) דער פּאָלטאַווער גענעראַל־גובערנאַטאָר שרייבט אַזוי צום געהילף פון אינספּעקטאָר אויף דער פאַבריק: „כדי אויסצוזאָרגן פּוילקייט, צו וועלכער סזיינען געוויינט געוואָרן אַלע פאַראַנענע באַ דער וועב־פאַבריק אידן, בין איך זיכער, אַז סקאָן זיין, אַז דער איינציגער און בעסטער מיטל איז אַ שטרענגע פאָדערונג אויספילן די פליכטן, וואָס מען קאָן דערגרייכן ניט מיט ווערטער, נאָר מיט שטאַרקע מעשים, וואָס באַשטייען אין לייבשטראָפן, וועלכע איך האָב איך שוין לאַנג ערלויבט אויסצונוצן מיט דער הילף פון דער פּאָליציי". דאָרטן ז. 10.

7) ניט געקוקט אויף דעם, וואָס צווישן די אָנגענומענע אידישע אַרבעטער זיינען געווען ניט ווייניג משפחה־מענשן, האָט מען זיי געהאַלטן אין איין צימער, און ערשט נאָך דעם אָנהייבן פון קרעמענטשוגער רב און קהל האָט מען זיי ערלויבט מאַכן ווענטלאַך און זיך איינאָרדנען פּאַמיליע־ווייז.

8) פון 98 וועב־שטולן אין 1806—8 אין די גובערניעס ווילנער, גראָדנער, מינסקער, פּאָדאָלער, וויטעבסקער און קיעווער זיינען געווען אידישע 18. צי האָבן אידן אַליין געאַרבעט אויף די שטולן אָדער זיי האָבן געהאַלטן קריסטן, איז אומבאַקאַנט. זעה: Полный Хронологическій Сборникъ законовъ и положеній. касающихся евреевъ. В. О. Леванда. С. Петербургъ 1874 г. стр. 73-76 אין מינסקער גובערניע האָבן אידן געהאַט אויף פריצישער ערד 16 פאַבריקן (1808); אין ווילנער גובערניע אין שטעטל איליע—5 גלאָז־וואַוואָדן; אין גאָראָדנע—2 לעדער—וואַוואָדן; אין דרויע—2 זייף־זאַוואָדן (פון 1786 ביז 1790). 1 פּאַפּיר־פאַבריק; אין באַבאַזנע 8 געוואַנד־פאַבריקן — צי האָבן אידישע אַרבעטער דאָרטן געאַרבעט איז ווידער אַמאָל ניט באַקאַנט. Ю. Гессенъ: Евреи въ Россіи СПБ. п. 360. — ס'איז באַקאַנט די צאָל אידישע אַרבעטער אין דער געוואַנד־פאַבריק אין כאַבנאָ, קיעווער גוב. אין די פערציגער יאָרן. זעה: Фундуклей: Статистическое описаніе Кіевской губерніи. 1855 p. 14

קרעמענטשוגער קאַזיאָנער פאַבריק די יאָרן 1809 ביז 1817 איז געווען לויט דעם נאָרוואָס ציטירטן פ אַ וו ל אָ וו ס ק י : [1]

| יאר | צאל נפשות | פון זיי האבן געארבעט |
|---|---|---|
| 1809 | 150 | 63 |
| 1810 | — | 93 |
| 1810* | 232 | 148 |
| 1811 | 180 | 70 |
| 1813 | 108 | 37 |
| 1815 | 37 | — |
| 1816 | 63 | — |
| 1817 | 55 | — |

* אפריל.

די ערשטע צייט איז די אַרבעט אויף דער פאַבריק געגאַנגען גאַנץ גוט און דער געהילף פון פאַבריק־אינספעקטאָר האָט געשריבן דעם פּאָלטאַווער גובערנאַטאָר: „ניין משפּחות האָבן זיך שוין אינגאַנצן אויסגעלערנט געוואַנט מאַכן און מען קאָן זיי אָפּלאָזן פון דער פאַבריק." [2]) לויטן באַפעל פון גובערנאַטאָר האָט מען די דאָזיגע ניין משפּחות צעטיילט מתנות 37 רובל מיט 40 קאָפּיקעס. ניט אָפּשטעלנדיג זיך דאָ באַריכות אויף די סיבות, וואָס האָבן באַגראָבן דעם דאָזיגן יעדנפאַלס זייער אינטערעסאַנטן עקספּערימענט, וועלן מיר נאָר ברענגען אַ פּאָר ווערטער פון אַ ווענדונג, מיט וועלכער דער קרעמענטשוגער קהל האָט זיך געווענדט צום פּאָלטאַווער גובערנאַטאָר שוין אין 1811־טן יאָר. קהל שרייבט: „די אידן באַקומען ניט דאָס שפּייז־געלד, וואָס מען האָט זיי צוגעזאָגט, און דערייבער פּייניגן זיי זיך און קאָנען זיך ניט דערנערן און זייערע קינדער פאַלן אַריין אין חולאתן". [3])

איינס איז אָבער קלאָר — און דאָס איז אונז דער עיקר דאָ געווען וויכטיג פעסטצושטעלן: אויף אַ גאַנץ נייע אומבאַקאַנטע שווערע אַרבעט באַ שווערע קאַזאַרמע־באַדינגונגען האָבן זיך לכתחילה געפונען גענוג אידן־בעלנים. זיי האָבן זיך געפונען, ווייל דער דלות האָט געטריבן. זיי זיינען זיך אָבער צעלאָפן, ווען די באַדינגונגען זיינען געוואָרן אומדערטרעגליך.

און אינטערעסאַנט, וואָס די מאָטיוון, וועלכע האָבן געטריבן די געווערב־קאַמער פון פּויזן בעטן באַ דער פּרייסישער רעגירונג אַ מאָנאָפּאָל אויף 10 יאָר פאַר אידן, וועלכע האָבן געוואָלט עפענען אין דער דאָזיגער שטאָט אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט אַ זאָקן־פאַבריק, פאַלן אינגאַנצן צונויף מיט די טעמים, וואָס האָבן געבראַכט צום גרינדן דורך דער רוסישער רעגירונג די באַשריבענע געוואַנט־פאַבריק. ס׳האָבן זיך געווענדעט די אידן אברהם און ישראל מונק און בער לייזער צו דער קאַמער פון פּויזן מיט אַ בקשה אויסשתדל׳ענען פאַר זיי אַ מאָנאָפּאָל אויף 10 יאָר פאַר אַ זאָקן־פאַבריק, וועלכע זיי ווילן גרינדן. די קאַמער רעקאָמענדירט געבן אַזאַ מאָנאָפּאָל און מאָטיווירט, „ווייל דאָס איז דער ערשטער שריט פון דער אָרטיגער אידישער נאַציע, וואָס קאָן איינגעוועניגער לייכטיגייער שטעלן באַ אַרבעט און טעטיגקייט". [4])

פיל אינטערעסאַנטער אָבער איז די מודעה פון דער פּרייסישער רעגירונג אין ביאַליסטאָק פון 23־טן דעצעמבער 1801־טן יאָר, וועלכע ווייזט, פון איין זייט, ווי באַגייסטערט די אַדמיניסטראַציע האָט אויפגענומען אידן־אַרבעטער און, פון דער צווייטער זייט, אַז אַפילו דעמאָלט האָבן זיך צווישן אידן געפונען בעלנים אויף די שווערסטע אַרבעטן.

די דייטשע קריג־ און דאָמענען־קאַמער אין ביאַליסטאָק האָט מודיע געווען פאָלגנדיגס:

„צווישן פילע אידישע איינוואוינער, וואָס האָבן געאַרבעט באַ דעם קאַנאַל־גראָבן אַלס טאָג־אַרבעטער, האָבן זיך גאַנץ באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט געדולד, אויסהאַלטן און פעסטקייט פאָלגנדיגע:

נאַטעק בערקאָוויטש פון Stawiszken
שמעון סאַמולאָוויטש פון Wygoken
אברהם בערג פון Lacha
אהרון אַבראַהאַם פון Vicenfen
משה קושעל פון Przaski
דוד מיכאל פון Myzna.

לויטן באַפעל פון העכערן פינאַנץ־דעפּאַרטאַמענט פון דער פּראָווינץ ניי־מזרח־פּרייסן האָט די קעניגליכע קריג־ און דאָמענען־קאַמער געהייסן אויסצאָלן יעדן פון זיי ווי אַ פּרעמיע זעקס רייכסטאַלער, וואָס ס׳ווערט דורך דעם באַקאַנט געמאַכט אַלעמען". [5])

און נאָך אינטערעסאַנטער איז דער פּרעמיע־פּלאַן פון דער פּרייסישער רעגירונג פאַר די דעמאָלט פאַרנומענע וואַרשעווער, קאַלישער, ביאַלאָסטאָקער און פּלאָצקער דעפּאַרטאַמענטן. דער פּלאַן האָט אין זינען ניט נאָר אידן, נאָר די באַפעלקערונג פון גאַנצן קאַנט, וועלכן די רעגירונג האָט געהאָפט דורך אַנטוויקלען אינדוסטריע און אינטענסיווירן די לאַנדווירטשאַפט פעסטער צובינדן און באַהעפטן צו דער פּרייסישער מלוכה. ס׳איז אָבער אינטערעסאַנט, וואָס בעת אין אַלע פונקטן פון פּרעמיע־פּלאַן, וועלכע זיינען נוגע די קריסטליכע באַפעלקערונג, רעדט זיך נאָר וועגן הויבן די לאַנדווירטשאַפט און פאַרשפּרייטן פאַבריקאַציע, שטעלן מיט זיך פאָר די פונקטן וועגן אידן אַ גאַנצע און דעטאַלירטע פּראָדוקטיווירונג־פּראָגראַם, אַ פּראָגראַם, וואָס וואַרפט זייער אַ אינטערעסאַנטן שיין ניט נאָר אויף די, וועלכע האָבן פאַרנומען אַזאַ אַרבעט, נאָר אויך אויף דער סביבה, אין וועלכער מען האָט געוואָלט איינפלאַנצן אַרבעט, אין וועלכער מען האָט געוואָלט פאַרזייען נייע סאָציאַלע קלאַסן. מיר ברענגען ווייטער נאָר די פונקטן פון פּרעמיע־פּלאַן, וועלכע רעדן וועגן אידן:

„31) יענע דריי קריסטליכע מייסטער אין יעדן קאַמער־דעפּאַרטאַמענט, וואָס וועלן פון 1־טן יוני 1802 ביז 1808 יעדעס יאָר צונעמען און אויסלערנען די גרעסטע צאָל אידישע לערן־אינגלאַך, וועלן באַקומען, אָפּהענגיג פון דער צאָל לערן־אינגלאַך, איטליכער 50 רייכסטאַלער — אַ העלפט נאָכן ערשטן לערן־יאָר און די צווייטע העלפט נאָכדעם, ווי דער לערן־אינג וועט שוין זיין אויסגעלערנט. ווער אָבער ס׳וויל האָבן 50 רייכסטאַלער, מוז אויסלערנען ניט ווייניגער פון צוויי לערן־אינגלאַך; ווער ס׳וויל האָבן 100 רייכסטאַלער, מוז אויסלערנען ניט ווייניגער פון דריי און ווער ס׳וויל האָבן 150 רייכסטאַלער מוז אויסלערנען ניט ווייניגער ווי 4 לערן־אינגלאַך.

1) פּאַוולאָווסקי א. א. ה. ז. 8—7.
2) דאָרטן ז. 8.
3) דאָרטן ז. 9.

4) **Moritz Jaffe**: Die Stadt Posen unter preußischer Herrschaft—Aus den Schriften des Vereins für Sozialpolitik. Herausgegeben von Ludwig Bernhard. Leipzig 1908, p. 72

5) Beiträge zur Beschreibung von Süd- und Neu-Ostpreußen. Erster Band, Erstes Heft. Berlin 1803, p. 42

32) ס'ווערט באַשטימט אין יעדן דעפּאַרטאַמענט פאַר דריי דערוואַקסענע אידישע אינגלאַך איטליכן 20 רייכסטאַלער, אויב ער וועט פון 1802 ביז 1808 זיך אָפּגעבן לאַנדווירטשאַפט אָדער אַ אַנדער פּראָפעסיע בײַ קריסטליכע פּויערים אָדער מייסטערס.

33) פאַר דריי דערוואַקסענע אידישע אינגלאַך אין יעדן דעפּאַרטאַמענט איטליכן 30 רייכסטאַלער, אויב ער וועט זיך פאַרנעמען אין די דערמאָנטע זעקס יאָר מיט דער פּראָפעסיע פון אַ מולאַר, סטאָליאַר אָדער שמיד.

34) פאַר 10 אידישע אינטערטאַנען אין יעדן דעפּאַרטאַמענט יעדעס יאָר איטליכן 20 רייכסטאַלער, אויב ער וועט אין משך פון דער דערמאָנטער צייט אַרבעטן ווי אַ קנעכט [1]) בײַ קריסטליכע איינוואוינער אין דאָרף און וועט אַרבעטן אין איין אָרט דריי יאָר בײַ לאַנדווירטשאַפט און וועט אין דער האָזיגער צייט זיך גוט אויפפירן און פלייסיג אַרבעטן.

35) יענע דריי אידישע לערער וועלן באַקומען איטליכער 10 רייכסטאַלער, וועלכע וועלן אין יעדן קאַמער־דעפּאַרטאַמענט מיטהעלפן, אַז 10 אידן זאָלן זיך באַזעצן אויף ערד.

36) יענע דריי אידישע משפחות אין יעדן דעפּאַרטאַמענט וועלן באַקומען, חוץ דער געוויינליכער אונטערשטיצונג, נאָך אַ פּרעמיע פון 200 רייכסטאַלער איטליכע, אויב זי וועלן מיט אידישע הענט באַאַרבעטן, קולטיווירן און באַבויען 4 שטיקער מאַגדעבורגיש פריי לאַנד אָדער מיט גראָז באַוואַקסענע ערד. די בנינים קאָנען אויפגעשטעלט ווערן אויך מיט דער הילף פון קריסטליכע בעלי־מלאכות. ס'איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז די אָפּצאָלונגען פון דער ערד קאָנען ניט זיין גרעסער ווי בײַ קריסטן, וועלכע באַזעצן זיך אויף אַזאַ שטיק ערד.

37) יענע ערשטע פונף באַאַמטע אָדער פינף פריצים אין יעדן דעפּאַרטאַמענט וועלן באַקומען איטליכער 50 רייכסטאַלער, וועלכע וועלן יעדער בײַ זיך אויסהאַלטן און גוט באַהאַנדלען דריי יאָר דורכאַנאַנד דריי אידישע קנעכט אָדער אינגען. חוץ דעם וועט מען די נעמען זייערע מאַכן באַקאַנט און מען וועט זיי צושטעלן צו קעניגליכער גנאָד.

38) יענע זעקס אידישע פאַמיליעס אין ביאַלאָסטאָקער דעפּאַרטאַמענט וועלן באַקומען איטליכע אַ פּרעמיע פון 10 רייכסטאַלער אין דער צייט פון קראַפט פון פּרעמיע־פּלאַן, אויב זיי וועלן אָנהויב ווינטער דערווייזן, אַז זומער האָבן זיי די לענגסטע צייט געאַרבעט בײַ קאַנאַלן, בײַ בויען, בײַ באָדן־אויסבעסערונגען, בײַ יאַסעט־אָפּציִען, אויך בײַ וויכטיגע מעליאָראַציע־אַרבעטן בײַ די טייכן פון דער פּראָווינץ און די אָנפירער פון דער אַרבעט זיינען געווען מיט זיי צופרידן.

יאָך איז נויטיג, אַז דער, וואָס פּרעטענדירט אויף אַזאַ פּרעמיע, זאָל האָבן געאַרבעט ווייניגסטנס דריי חדשים אָדער ניינציג טעג." [2])

מיר האָבן מיט אַ כוון געבראַכט דעם דאָזיגן דאָקומענט אינגאַנצן, מחמת מיר האָבן ניט געפונען אין אונזער געשיכטליכער ליטעראַטור אַפילו קיין רמז וועגן אים. ס'איז גענוג קלאָר, אַז אַלע רעגירונגען, וועלכע האָבן באַקומען טיילן פון אַמאָליגן פּוילישן אידנטום, האָבן באַטראַכט דעם סאָציאַלן בנין פון דער אידישער באַפעלקערונג ווי אַ אַנאָמאַליע, ווי אַ שרייענדיגע סתירה צו דער גאַנצער אַרומיגער אַרבעטנדיגער וועלט, ווי אַ פענאָמענאַלע ערשיינונג, וואָס איז שעדליך פאַר דער אַרומיגער באַפעלקערונג און אויך פאַר די אידן זעלבסט, און אין דעם פּרט זיינען די רעגירונגען געווים געווען גערעכט. פאַרשטייט זיך, אַז מיט זייערע רדיפות און נגישות, ווי דאָס טרייבן פון די דערפער, דאָס צונעמען מיט אַמאָל דאָס רעכט אויף שענקן בײַ גרויסע מאַסן וכדומה, האָבן זיי די קאַטאַסטראָפע פאַרשטאַרקט און פאַרברייטערט, אָבער די קאַטאַסטראָפע גופא איז געווען, ווייל אַנדערש ווי קאַטאַסטראָפאַל און טראַגיש קאָן מען ניט אָנרופן אַ לאַגע, ווען אַ פאָלק דערגייט דערצו, אַז קוים איין זעקסטל איז פאַרנומען בײַ אַרבעט און פינף זעקסטל בײַ פאַרמיטלערישע פרנסות און נאָך אין זייער אַ גרויסער מאָס בײַ די ערגסטע און שענדליכסטע פאַרמיטלערישע פרנסות, ווי שענקערײַ, אַרענדע און פאַקטאָרסטווא און דערביי אין אַ סאָציאַלער סביבה, וואו מער פון 90 פּראָצענט פון דער אַרומיגער באַפעלקערונג איז פאַרנומען בײַ דער סאָכע, וואו אַרבעט איז כמעט דער איינציגער מקור פון לעבן און פאַרמיטלערישע אָדער ליידיג־גייערישע קלאַסן בילדן גאָר, גאָר אַ דינעם שיכט.

מע דאַרף ניט מאַכן קיין אויספיר, אַז אַלע אידן זיינען געווען ווי איבעריג אין דער סאָציאַלער סביבה, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט צוריק מיט הונדערט יאָר. זיי האָבן געוויס אויסגעפילט אַ סך נויטיגע און נוצליכע סאָציאַלע פונקציעס. די אידן האָבן צונויפגענומען די מותרות פון תבואה און אַנדערע דאָרף־פּראָדוקטן און פאַרקויפט קיין מערב־אייראָפּע און דורך דעם פאַרבונדן דעם אָפּגעשטאַנענעם אַגראַרישן טייל פון אייראָפּע מיט איר אינדוסטריעלן טייל; פון דער צווייטער זייט האָבן זיי אַריינגעפירט פאַרשיידענע אויסלענדישע סחורות אין דעם אַגראַרישן טייל פון אייראָפּע און דערמיט אים געטריבן צו אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג. און זייער ריכטיג האָט געשריבן דער באַקאַנטער גובערנאַטאָר פ ר י ז ע ל, וועלכער האָט געשפּילט אַ באַדייטנדיגע ראָלע אין דער פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג בנוגע אידן אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט, אַז „דער אויסלענדישער האַנדל פון די אָרטיגע אידן איז בכלל זייער באַרימט. די רשימה פון די סוחרים ווייזט די צאָל געשעפטן, וואָס פירן האַנדל מיט אויסלאַנד. דער דאָזיגער נוצליכסטער קלאַס אידן קאָן געדולדעט ווערן, אויף וויפיל אַזעלכע מענשן, באַמיענדיג זיך פאַר זייערע אייגענע נוצן, ברייגען אויך נוצן דער געזעלשאַפט." [3]) דער זעלבער פריזעל זאָגט ווייטער, אַז „אין די היגע שטעט, נאָך מער אין די שטעטלאַך איז די גערסטע צאָל בעלי־מלאכות אידן. די האַנט־אַרבעטן, מיט וועלכע זיי פאַרנעמען זיך מערסטענטיילס, זיינען אַזעלכע, וועלכע פאָדערן ווייניגער קראַפט און אָנשטרענגונג, ווי שניידערײַ, שוסטערײַ, גאָלדשמידערײַ, אויסקריצן אויף שטיין און מעטאַל און אַנדערע גרינגע." [4]) אָבער גערעכט איז אויך געווען דער זעלבער פריזעל, וועלכן בערשאַדסקי רופט אָן אוהב ישראל און כאַראַקטעריזירט זיין קוק אויף דער אידן־פראַגע, אַלס „אַ טיפערן און ערנסטערן ווי פון אַלע זיינע פאָרגענגער", ווען ער זאָגט:

1) קנעכט מיינט דאָ דאָס זעלבע, ווי אין רוסישן Батрак

2) Beiträge zur Beschreibung von Süd- und Neu-Ostpreußen- Erster Band. Erstes Heft, Berlin 1803 pp. 30-52

3) С. Бершадскiй: Положенiе о евреяхъ 1804 года.—Восходъ. 1895 г. кн. III p. 88.

4) ibid p. 89

„דער דריטער קלאַס אידן, שוּנקער, איז אַ סך גרעסער אין צאָל פון די ערשטע צוויי“. [1])

און לײדער איז פריזעל אויך גיעוועזן גערעכט אין זיין שאַרפער כאַראַקטעריסטיק פון די אידישע פאַקטאָרס און לופטמענשן, ווען ער האָט געזאָגט, אַז:

„אַ מענש, וואָס האָט ניט קיין זיכערן מקור אויף שפּייזן זיך און זיין פאַמיליע, קאָן אָן ספק גרינג אויף זיך נעמען יעדע פליכט, וועט מסכים זיין אויספילן יעדע פאָדערונג, אויב ער וועט נאָר דערזעהען עפּיס אַ רוח פאַר זיך“. [2])

כמעט דאָס זעלבע, וואָס פריזעל שרייבט וועגן ליטע, שרייבט אַ אַנדער קענער פון אידישן לעבן וועגן גאַליציע. יוסף ראָרער שרייבט:

„פאַר דעם אָפּנעמען גאַליציע דורך עסטרייך איז דער איד געווען כמעט דער איינציגער בעל־מלאכה אין לאַנד. אָבער זעלבסטפאַרשטענדליך זיינען עס ניט אַלע מלאכות, מיט וועלכע דער גאַליצישער אָדער דער אַזוי גערופענער פוילישער איד פאַרנעמט זיך מיט חשק. דער איד פילט זיך אָדער ער מיינט, אַז ער איז צו שוואַך אויף צו זיין אַ גראָבשמיד, אַ סטאָליאַר, טישלער, אַ שטיין־האַקער, כאָטש ער באַווייזט טאָג־טעגליך מיט'ן שלעפּן פון די פעקלאַך סחורה אויף זיינע פּלייצעס, אַז ס'פעלן אים ניט קיין קרעפטן, ווען ער האָט נאָר חשק דערצו“. [3])

מיר מיינען, אַז ביידע מחברים זיינען ניט גערעכט, ווען זיי זאָגן, אַז כמעט אַלע בעלי־מלאכות זיינען געווען אידן. שוין דאָס אַליין, וואָס אַלע שווערע מלאכות זיינען געווען אין קריסטליכע הענט, באַווייזט, אויף וויפיל אַזאַ מיינונג איז איבערטריבן. חוץ דעם דאַרף מען גערענקען, אַז אין פּריצ'ס הויף זיינען געווען ניט ווייניג בעלי־מלאכות און זיי זיינען דאָך געוויס געווען אַלע קריסטן. נאָר צו דער דאָזיגער טעמע וועלן מיר זיך נאָך אומקערן.

ס'איז גענוג צו ברענגען נאָר איינ'גע פּונקטן פון פריזעלס רעפאָרם־פּראָיעקט, כדי זיך איבערצייגן, ווי פּראָגרעסיוו און ווירקליך ראַדיקאַל זיינע אידעען זיינען געווען הן פאַרן דעספּאָטישן צאַרישן רעזשים און הן פאַר דער אָפּגעשטאַנענער אידישער געזעלשאַפט. אַזוי האָט ער פאָרגעלייגט:

2) „סוחרים (אידישע—י. ל.) ערלויבן גלייך מיט אַלע אַנדערע זיך נוצן מיט אַלע פּריווילעגיעס, וואָס זיינען דעם סוחרטום געגעבן.

3) דאָס גלייכן האַנטווערקער פאַראייניגן אין זייערע רעכט מיט די איבעריגע, צושרייבנדיג זיי צו די צעכן, אין וועלכע ביז איצט פלעגן אָנגענומען ווערן אָן אַ חילוק מענשן פון יעדער נאַציע, חוץ נאָר אידן.

4) יענע אָבער, וועלכע פאַרנעמען זיך ניט מיט האַנדל, ניט מיט האַנטווערק, מוזן אומבאַדינגט זיך באַשעפטיגן מיט ערד־אַרבעט. אין דער גרויסער רוסישער אימפעריע איז ניטאָ קיין דוחק אין ערד (צעשפּרייט פון מיר — י. ל.).

כדי די אידן זאָלן ניט זיין פאַרקנעכטעט בײַ די פּריצים, קאָן מען זיי ערלויבן זיך באַזעצן און זיך באַשעפטיגן מיט לאַנדווירטשאַפט אויך אין די מלוכה'שע מאַיאָנטקעס, אויסטיילנדיג פאַר זיי די נויטיגע ערד“ [4])

1) ibid p. 89. 2) ibid p. 91. 4) ibid p. 93.

3) Joseph Rohrer: Versuch über die jüdischen Bewohner der österreichischen Monarchie pp. 60-68

די פּאָליטישע אידעען פריזעלס זיינען געווען צו ראַדיקאַל פאַר דער רעגירונג; זיינע אַגראַריזירונג־אידעען צו ראַדיקאַל פאַר דער דעמאָלטיגער אידישער געזעלשאַפט — ווי אַ וואָרעניש דאַרפן אָבער קלינגען פאַר אונזער דור זיינע ווערטער: „אין דער גרויסער רוסישער אימפעריע איז ניטאָ קיין דוחק אין ערד“. אין פריזעלס צייטן האָבן די דאָזיגע ווערטער נאָך געהאַט גאָר אַ ברייטן זין — דאָס פּעטע נייַ־רוסלאַנד און פילע אַנדערע שטרעקעס ערד אין אייראָפּייאישן רוסלאַנד האָבן נאָך דעמאָלט געוואַרט אויף פרייע הענט, וועלכע זיינען געווען אַזוי פיל בײַם דעמאָלטיגן אידנטום. פרייע הענט פעלן אויך איצטער ניט בײַם רוסישן און בײַם גאַנצן מזרח־אייראָפּייאישן אידנטום; אין דער גרויסער רוסישער סאָוועט־מלוכה איז שוין אָבער ניטאָ אַזאַ שפע אין פרייע גוטע ערד. ניטאָ אַזאַ שפע, אָבער די ווערטער „אין דער גרויסער רוסישער אימפעריע איז ניטאָ קיין דוחק אין ערד“ קאָנען נאָך אויך איצט האָבן אַ גרויסן היסטאָרישן באַטייט פאַרן רוסישן אידנטום.

2

פאַר די לעצטע הונדערט יאָר האָט זיך דאָס בילד פון אידישן לעבן ראַדיקאַל געענדערט. מיר מיינען, אַז דער גאַנג פון די דאָזיגע ענדערונגען וועט פאַר אונז קלאָרער און בולטער אַרויסטרעטן, ווען מיר וועלן גלייך באַווייזן, ווי דאָס אידנטום זעהט איצטער אויס אין סאָציאַל־עקאָנאָמישן זין און נאָכדעם פאַרגלייכן דעם דערגרייכטן צושטאַנד מיט פריערדיגע צייטן.

אין טאַבעלע XVI גיבן מיר די הכנסה־קוואַלן פון אומגעפער אַ העלפט פון אידישן פאָלק. חוץ די דאַטן וועגן רוסלאַנד, וועלכע זיינען שאַצונגען און נאָר קרוב לאמת, זיינען אַלע איבעריגע ידיעות רעזולטאַטן פון פאָלק־ציילונגען; די דאַטן פון טאַבעלע XVI זיינען אַלע פון נאָך דער מלחמה, חוץ דייטשלאַנד, וואו מיר באַנוצן זיך מיט די דאַטן פון 1907, און רומעניע, וואו מיר מוזן זיך באַגניגענען מיט די דאַטן פון 1913. ס'זיינען בלי ספק פאַר דער מלחמה־צייט פאָרגעקומען געוויסע ענדערונגען אין לעבן פון די אידן פון די דאָזיגע ביידע לענדער; זיי זיינען אָבער ניט אַזוי טיף און ראַדיקאַל, אַז זיי זאָלן באַדייטנדיג איבעראַנדערשן דאָס אַלגעמיינע בילד.

מיר באַקומען, אַז די אידן פון די זיבן מלוכות, וועלכע ווערן געבראַכט אין טאַבעלע XVI, האָבן געהאַט חיונה פון:

| | | |
|---|---|---|
| לאַנדווירטשאַפט | 400,276 | 5,5 % |
| אינדוסטריע און מלאכה | 2,396,423 | 32,8 ″ |
| האַנדל און טראַנספּאָרט | 3,058,567 | 41,9 ″ |
| באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס | 448,353 | 6,1 ″ |
| דינערשאַפט און שוואַרץ־אַרבעטער | 117,936 | 1,6 ″ |
| אַנדערע און אָן באַשעפטיגונגען | 884,986 | 12,1 ″ |
| סך־הכל | 7,306,541 | 100,0 ″ |

אומגעפער אַ דריטל פון דער אידישער באַפעלקערונג ציט חיונה פון אינדוסטריע און מלאכה; מער פון 40 פּראָצ.—פון האַנדל און טראַנספּאָרט; פינף און האַלב פּראָצ.—פון לאַנדווירטשאַפט; מער פון 6% פון ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום.

טיילן מיר אַלע הכנסה־קוואַלן אויף צוויי גרויסע גרופּעס: האַנדל און אָן באַשעפטיגונגען פון איין זייט און אַלע איבעריגע הכנסה־קוואַלן, ווי מער אָדער ווייניגער פּראָדוקטיווע, פון דער צווייטער זייט; רעכענען מיר פון דער ערשטער גרופּע אַראָפּ די הכנסה־קוואַלן פון טראַנספּאָרט מיט דריי פּראָצענט און

גיבן מיר זיי צו צו דער צווייטער גרופע הכנסה־קוואַלן, דער־מאָלט באַקומען מיר, אַז די העכער חיבן מיליאָן אידן לעבן איזה אַ העלפט פון האַנדל און אָן באַשטימטע באַשעפטי־גונגען און אויך אַ העלפט פון אינדוסטריע, מלאכה, ערד־אַר־בעט, טראַנספּאָרט, ליבעראַלע פּראָפעסיעס, באַאַמטנטום, שהאַרץ־אַרבעט און באַדינונג.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נאָר אַזוי, ווען מיר נעמען אַלע העכער זיבן מיליאָן אידן צוזאַמען, מערב־אייראָפּייאישע מיט מזרח־אייראָפּייאישע. נעמען מיר אָבער באַזונדערע טיילן אידנטום, באַקומט זיך אַ גרויסער חילוק צווישן זיי. אַזוי האָבן געהאַט חיונה פון לאַנדווירטשאַפט באַ די אידן פון קאַר־פּאַט־רוסלאַנד 27,0% און באַ די אידן פון דייטשלאַנד נאָר 1,0 פּראָצענט; באַ די אידן פון פּוילן און סאָוועט־רוסלאַנד איז דער פּראָצענט אידן, וואָס ציט חיונה פון ערד־אַרבעט, דערועל־בער – 5,8. אין באַזונדערע טיילן פון רוסלאַנד און פּוילן איז דער דאָזיגער פּראָצענט העכער. אַזוי לעבן פון לאַנד־ווירטשאַפט אין ווייס־רוסלאַנד באַ אַ 10 פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג; אין אוקראַינע בערך 7–8 פּראָצענט און אין גאַליציע – 10,9%. אין ווייס־רוסלאַנד און אוקראַינע זיינען דאָס אָבער אַלץ אידן, וואָס באַאַרבעטן אַליין זייער ערד; אין גאַליציע איז פאַראַן אַ באַדייטנדיגער טייל אידישע גוט־באַ־זיצער. דער געאָגראַפישער פּאַס, וואָס נעמט אַרום קאַרפּאַט־רוס־לאַנד, גאַליציע, אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד און וואָס איז דער געדיכטעסטער טייל פון מזרח־אייראָפּייאישן אידנטום, גיט דעם העכסטן פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ לאַנדווירטשאַפט; די אויסגעשפּראָכן מערב־אייראָפּייאישע אידן, ווי די אידן פון דייטשלאַנד און בעמען און מערן, גיבן דעם מינימאַלסטן פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ לאַנדווירטשאַפט.

Tab. — XVI — טאַבּ.

## די הכנסה־קוואלן פון דער אידישער באפעלקערונג אין פארשיידענע לענדער

### Erwerbsquellen der jüdischen Bevölkerung

(ausschl. Militär — אָן דער ארמיי)

| Staat — לאנד | יאר Zählungsjahr | לאַנדווירטשאַפט Landwirtschaft | אינדוסטריע און מלאכה Industrie u. Gewerbe | האַנדל און טראַנ־ספּאָרט Handel u. Verkehr | באַאַמטע און ליב. פּראָפעסיעס Öffentl. Dienst, Freie Berufe | דינער, דינסטן שוואַרץ־אַרבעטער Häusl. Dienst. Lohnarbeiter wechselnd. Art | אנדערע און אָן באַשעפטיגונג Sonstige und ohne Beruf | צוזאמען Insgesamt |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פוילן — Polen . . . . . . . | 1921 | 159 147 | 937 073 | 1 229 988 | 114 555 | 63 824 | 250 467 | 2 755 054 |
| % % | | 5,8 | 34,0 | 44,7 | 4,2 | 2,3 | 9,0 | 100,0 |
| סאָוועט־רוסלאנד — Sowjet-Rußland . | 1927 | 160 000 | 964 000 | 926 000 | 212 000 | 40 000 | 448 000 | 2 750 000 |
| % % | | 5,8 | 35,1 | 33,7 | 7,7 | 1,4 | 16.3 | 100,0 |
| אונגאַרן — Ungarn . . . . . . . | 1920 | 20 804 | 139 629 | 233 345 | 40 992 | 4 614 | 30 683 | 470 067 |
| % % | | 4,4 | 29,7 | 49,7 | 8,7 | 1,0 | 6,5 | 100,0 |
| טשעכאָסלאָוואַקיי בכלל — Tschechoslovakei | 1921 | 43 261 | 78 992 | 155 162 | 25 538 | 2 676 | 47 179 | 352 808 |
| % % | | 12,3 | 22,4 | 43,9 | 7,2 | 0.8 | 13,4 | 100,0 |
| davon: בעהמען, מעהרן, שלעזיע — Böhmen, Mähren, Schlesien . . . . | 1921 | 3 564 | 26 665 | 62 030 | 10 622 | 273 | 21 034 | 124 188 |
| % % | | 2,9 | 21,5 | 50,0 | 8,5 | 0,2 | 16,9 | 100,0 |
| סלאוואקיי — Slovakei . . . . . . . . . | 1921 | 14 569 | 30 268 | 64 786 | 10 081 | 536 | 15 242 | 135 482 |
| % % | | 10,8 | 22,3 | 47,8 | 7,4 | 0,4 | 11,3 | 100,0 |
| קארפאט־רוסלאנד — Karpato-Rußland . . | 1921 | 25 128 | 22 059 | 28 346 | 4 835 | 1 867 | 10 903 | 93 138 |
| % % | | 27,0 | 23,7 | 30,4 | 5,2 | 2,0 | 11,7 | 100.0 |
| רומעניע — Rumänien . . . . . | 1913 | 10 425 | 123 046 | 152 287 | 10 632 | 4 000 | 16 188 | 316 578 |
| % % | | 3,3 | 38,9 | 48,1 | 3,3 | 1.3 | 5,1 | 100,0 |
| לעטלאַנד — Lettland . . . . . . | 1925 | 867 | 25 598 | 48 609 | 7 178 | 930 | 11 853 | 95 035 |
| % % | | 0,9 | 26,9 | 51,1 | 7,6 | 1,0 | 12,5 | 100,0 |
| דייטשלאַנד — Deutschland . . . . | 1907 | 5 772 | 128 085 | 313 176 | 37 458 | 1 892 | 80 616 | 566 999 |
| % % | | 1,0 | 22,6 | 55,2 | 6,6 | 0,3 | 14.2 | 100,0 |
| צוזאַמען — Zus. . . . . | — | 400.276 | 2.396.423 | 3.058.567 | 448.353 | 117.936 | 884.986 | 7.306.541 |
| % % | — | 5,5 | 32,8 | 41,9 | 6,1 | 1,6 | 12,1 | 100,0 |

דער איינציגער חילוק צווישן מזרח־ און מערב־אידנטום בלייבט בנוגע אינדוסטריע און מלאכה. דעם העכסטן פּראָ־צענט גיבן רוסלאַנד און פּוילן מיט די העכער 5 און אַ האַלב מיליאָן מזרח־אייראָפּייאישע אידן, וואָס די, וואָס ציען חיונה פון אינדוסטריע און מלאכה, מאַכן אויס מער פון אַ דריטל; דעם קלענסטן פּראָצענט גיבן די דייטשע אידן און די בעהמען־מעהרישע – ווייניגער פון אַ פערטל. קאַרפּאַט־רוסלאַנד און גאַ־ליציע, וועלכע האָבן באַ דער לאַנדווירטשאַפט פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט, טרעטן שוין איצט אָפּ אויף איינעם פון די לעצ־טע ערטער, גאַנץ נאָענט צו די מערב־אייראָפּייאישע לענדער. פונדעסטוועגן זיינען אַפילו אינם אָפּגעשטאַנענסטן קאַרפּאַט־רוסלאַנד מער אידן פאַרנומען באַ אינדוסטריע און מלאכה,

ווי אין די דריי הויך־אַנטוויקלטע לענדער—דייטשלאַנד, בעהמען און מעהרן.

גייט מען איבער צו האַנדל און טראַנספּאָרט, פאַרנעמען שוין די אידן פון דייטשלאַנד און בעהמען און מעהרן דאָס ערשטע אָרט. דאָרטן לעבן מער פון אַ העלפט אידן פון האַנדל און טראַנספּאָרט. באַלד נאָך די דאָזיגע צוויי לענדער גייט אונגאַרן, וואָס ליגט צווישן מזרח־אייראָפּייאישן און מערב־אייראָפּייאישן אידנטום. נאָכדעם גייט גאַליציע מיט 48,4%; אין רוסלאַנד לעבט פון האַנדל און טראַנספּאָרט אַ דריטל פון דער אידישער באַפעלקערונג; אומגעפער אַזוי פיל אויך אין פוילן (אָן גאַליציע) און דאָס לעצטע אָרט פאַרנעמט קאַרפּאַט־רוסלאַנד מיט נאָר 30 פּראָצענט אידן, וואָס לעבן פון האַנדל און טראַנספּאָרט. רעכנט מען אַראָפּ דעם טראַנספּאָרט — אין די מזרח־אייראָפּייאישע לענדער 3 פּראָצענט און אין די מערב־אייראָפּייאישע איין פּראָצענט בערך—באַקומט מען, אַז אין די ערשטע לעבן פון האַנדל פון אַ פערטל (קאַרפּאַט־רוסלאַנד) ביז העכסטנס 45,0 פּראָצענט (גאַליציע) פון דער אידישער באַפעלקערונג; אין די מערב־אייראָפּייאישע לענדער דערגרייכט דער מינימום 49,0% באַשעפטיגטע אין האַנדל (בעהמען און מעהרן) און דער מאַקסימום מער פון 54% (דייטשלאַנד). אין גאַנצן גענומען גיט דאָס מערב־אייראָפּייאישע אידנטום בערך אַנדערהאַלבן מאָל מער האַנדל־עלעמענטן, ווי דאָס מזרח־אייראָפּייאישע אידנטום.

בנוגע צו ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטע פאַרנעמען דאָס לעצטע אָרט רומעניע און פוילן, וואָס גיבן פון 3 ביז 4%; אין אַלע איבעריגע לענדער לעבן פון דער דאָזיגער גרופּע באַשעפטיגונגען פון 7 ביז 8 פּראָצענט פון אַלע אידן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז זייער אַ סך געווענדט אינם באַשטאַנד פון דער גרופּע — אין רוסלאַנד מאַכן די אידישע קליינע מלוכה־באַאַמטע אויס אַ גרויסן פּראָצענט; אין דייטשלאַנד, פאַרקערט, באַשטייט די דאָזיגע גרופּע דער עיקר פון הויך־קוואַליפיצירטע אינטעלעקטועלע און פון אַ קליינעם פּראָצענט העכערע באַאַמטע.

באַדינונג און שוואַרץ־אַרבעט גיבן חיונה אין פוילן 2,3% פון אַלע אידן און אין דייטשלאַנד נאָר 0,3%; אין קאַרפּאַט־רוסלאַנד 2,0% און אין בעהמען און מעהרן נאָר 0,2%.

די לעצטע גרופּע „אָן באַשעפטיגונגען"—גיט דעם העכסטן פּראָצענט אין סאָוועט־רוסלאַנד און אין די מערב־אייראָפּייאישע לענדער: דאָ באַגעגענען זיך די עקסטרעמען, די גרעסטע אָרימע לייט מיט די רייכסטע עלעמענטן. אין רוסלאַנד געפינט זיך אַ גאַנץ זעקסטל פון דער אידישער באַפעלקערונג אין צושטאַנד פון אַגאָניע, ממש אויפן ראַנד פון תהום, — דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער מלחמה, פון די פּאָגראָמען, פונם מיליטערישן קאָמוניזם און פונם איצטיגן סאָציאַלן סדר אין רוסלאַנד, וואָס גיט ניט קיין מעגליכקייט די דאָזיגע אַלע שוואַכע עלעמענטן זיך אָנהייבגען אויפן האַנדל, ווי דאָס קומט פאָר אין פוילן און אין אַנדערע לענדער. אין דייטשלאַנד און אין בעהמען און מעהרן באַשטייט, פאַרקערט, די דאָזיגע גרופּע אין אַ גרויסער מאָס פון רענטנער, פון מענשן, וואָס לעבן פון זייערע קאַפּיטאַלן, הכלל פון אַזעלכע עלעמענטן, וואָס זיינען צו זאַט, אום זיך נאָך באַשעפטיגן מיט וואָס ס'ניט איז. אין אַלגעמיינעם פאַרנעמט די דאָזיגע גרופּע באַ אידן, וואָס באַשטייט באַ די מזרח־אייראָפּייאישע אידן פון די הונגעריגסטע און באַ די מערב־אייראָפּייאישע אידן פון די זאַטסטע, אַ גוואַלדיג גרויס אָרט — אַ גאַנץ אַכטל פון דער אידישער באַפעלקערונג פון די באַטראַכטע זיבן מלוכות.

טיילן מיר נאָך אַמאָל אַלע הכנסה־קוואַלן אויף צוויי גרויסע גרופּעס: אויף איין זייט האַנדל און אָן באַשעפטיגונגען און אויף דער צווייטער זייט אַלע איבעריגע באַשעפטיגונגען, וועלן מיר באַקומען אַזאַ בילד וועגן אידן אין פאַרשיידענע לענדער:

| | האנדל־עלע־מענטן * און אן באשעפטיגונגען | אלע איבעריגע הכנסה־קוועלן (פראדוקטיווע) |
|---|---|---|
| קאַרפּאַט־רוסלאַנד | 39,1 | 60,9 |
| סאָווי־רוסלאַנד | 47,0 | 53,0 |
| רומעניע | 50,2 | 49,8 |
| פוילן | 50,7 | 49,3 |
| אונגארן | 54,2 | 45,8 |
| סלאָוואַקיי | 56,1 | 43,9 |
| לעטלאַנד | 61,6 | 38,4 |
| בעהמען און מעהרן | 65,9 | 34,1 |
| דייטשלאַנד | 68,4 | 31,6 |

ס'באַקומט זיך אַ גאַנץ אינטערעסאַנטע רייע — פון קאַרפּאַט־רוסלאַנד, וואו כמעט צוויי דריטל פון דער אידישער באַפעלקערונג לעבן פון פּראָדוקטיווע פרנסות, ביז דייטשלאַנד, וואו, פאַרקערט, מער פון צוויי דריטל אידן לעבן פון האַנדל און פון רענטע. סאָוועט־רוסלאַנד פאַרנעמט דאָס צווייטע אָרט לויט דער הויך פון די פּראָדוקטיווע עלעמענטן; פוילן און רומעניע גיבן אויך בערך אַ העלפט, וואָס האָבן פרנסה פון פּראָדוקטיווע באַשעפטיגונגען; די מערב־אייראָפּייאישע אידן האָבן נאָר בערך איין דריטל, וואָס לעבן פון פּראָדוקטיווע פרנסות.

פאַרשטייט זיך, אַז די ווערטער פּראָדוקטיוו און אומפּראָדוקטיוו דאַרפן גענומען ווערן זייער רעלאַטיוו: ניט יעדער, וואָס גייט אַריין אין דער גרופּע אינדוסטריע און מלאכה, אָדער לאַנדווירטשאַפט, איז פּראָדוקטיוו, ווי אויך ניט יעדער, וואָס גייט אַריין אין דער גרופּע האַנדל, איז אומפּראָדוקטיוו. דער ווייטערדיגער אַנאַליז פון דער קלאַסן־גלידערונג באַ דער אידישער באַפעלקערונג וועט אַריינטראָגן די נויטיגע קאָרעקטיוון — באַ דער ספּעציפישער פאַרמיטלעריש־הענדלערישער סטרוקטור, וואָס איז געווען הונדערטע יאָרן אומעטום די הערשנדיגע באַ אידן, איז וויכטיג אַפילו נאָר פעסטשטעלן דעם פּשוטן פאַקט, אַז אין אונזער צייט לעבט מער פון אַ העלפט אידן פון פּראָדוקטיווע באַשעפטיגונגען. וואָרום מיר מיינען, אַז די סאָציאַלע סטרוקטור פון די העכער זיבן מיליאָן אידן, וועגן וועלכע מיר האָבן געבראַכט ידיעות, איז געוויס טיפּיש פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק. און אפשר נאָך מיט אַ קליינעם צוגאָב צו דער גרופּע אינדוסטריע און מלאכה.

די אידן פון די פאַראייניגטע שטאַטן האָבן געוויס אַ גרעסערן פּראָצענט באַשעפטיגטע אין דער אינדוסטריע, ווי די אייראָפּייאישע אידן. מיר האָבן ניט קיין ציפער פאַר די לעצטע יאָרן, אָבער די דאַטן פון 1900־טן יאָר באַווייזן, אַז בערך אַ העלפט פון די אַמעריקאַנישע אידן זיינען באַשעפטיגט אין דער אינדוסטריע. ערב דער מלחמה, איז דער דאָזיגער פּראָצענט געווען אַביסל העכער, און מען קאָן רוהיג אָננעמען, אַז אין

* אויפן טראנספּארט רעכענען מיר אראפּ בא די אידן פון פוילן, רוסלאנד, ק. רוסלאנד, סלאוואקיי און רומעניע דריי פּראצענט; בא די אידן פון דייטשלאנד און בעהמען און מעהרן איין פּראצענט; בא די אידן פון אונגארן און לעטלאנד צוויי פּראצענט. אין יעדן פאל גיבן מיר צו דעם אראפּגערעכנטן פּראצענט צו די איבעריגע הכנסה־קוואלן. די לענדער גייען איז סדר פונם פאלן פון פּראצענט אידן, וואס לעבט פון פּראדוקטיווע פרנסות.

1925־טן יאָר, נאָכדעם, ווי די נאָכמלחמה׳דיגע אַנטוויקלונג האָט אַ געוויסן טייל אידן איבערגעצויגן אין האַנדל, איז דער פּראָצענט באַשעפטיגטע אין אינדוסטריע בערך דער זעלבער, ווי אין 1900־טן. צוזאַמען מיט לאַנדווירטשאַפט, ליבעראַלע פּראָפעסיעס, באַאַמטנטום און שוואַרץ־אַרבעט האָבן די אידן פון די פאַראייניגטע שטאַטן בערך בײַ 60 פּראָצענט אין די פּראָדוקטיווע פּרנסות און 40 פּראָצענט אינם האַנדל. די אַרגענטינער אידן האָבן אויך בערך פון 50 ביז 55 פּראָצענט באַשעפטיגטע אין פּראָדוקטיווע ווירטשאַפט־צווייגן. די אידן אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע, וואו די אָנגעקומענע מזרח־אייראָפּייאישע עלעמענטן מאַכן אויס בערך פון דריי פערטל ביז ניינציג פּראָצענט פון אַלע אָרטיגע אידן און גיבן זייער אַ הויכן פּראָצענט אַרבעטער, פאַרמאָגן אויך געוויס ניט ווייניגער פון 50—60 פּראָצענט באַשעפטיגטע אין פּראָדוקטיווע פּרנסות. די אידן אין אַמסטערדאַם, וואָס מאַכן אויס כמעט 50 פּראָצענט פון אַלע האָלענדישע אידן, האָבן געהאַט לויט דער ציילונג פון 1910 נאָר 35 פּראָצענט פאַרנומענע אין האַנדל, און אַלע איבעריגע זיינען געווען באַשעפטיגט אין אינדוסטריע און מלאכה. די אידן אין פּאַלעסטינאַ האָבן אויך מער פון אַ העלפט באַשעפטיגטע בײַ פּראָדוקטיווע פּרנסות. מיר באַקומען אַלזאָ אַ סך הכל, אַז בנוגע צו העכער צוועלף מיליאָן אידן קאָן מען מיט אַ רוהיגן געוויסן באַהויפּטן, אַז העכער אַ העלפט פון זיי ציט חיונה פון לאַנדווירטשאַפט, אינדוסטריע און מלאכה, ליבעראַלע פּראָפעסיעס, באַאַמטענטום און שוואַרץ־אַרבעט, ד. ה. פון פּרנסות, וואָס מיר באַצייכענען אַלס פּראָדוקטיווע, און אַביסל ווייניגער פון אַ העלפט לעבט פון האַנדל, רענטע, צופעליגע לופט־פּרנסות און ווינט־פאַרדינסטן, צדקה, שטיצע פון קרובים פון די אייַנוואַנדערונג־לענדער וכדומה. דעם גרעסטן פּראָצענט אַרבעטנדיגע עלעמענטן בײַ אידן געבן די אייַנוואַנדערונג־לענדער, ווי די פאַראייניגטע שטאַטן, אַרגענטינע, ענגלאַנד א. א. וו. דעם קלענסטן פּראָצענט באַשעפטיגטע אין פּראָדוקטיווע פּרנסות געבן די מערב־אייראָפּייאישע אידן; דעם מיטלען אָרט פאַרנעמען די אַלטע מזרח־אייראָפּייאישע אידישע קיבוצים.

איינער פון די גרעסטע געווינסן, וואָס דאָס מזרח־אייראָפּייאישע אידנטום האָט באַקומען אין די נייע אייַנוואַנדערונג־ישובים, באַשטייט אין דעם, וואָס ס׳איז פּטור געוואָרן פון דעם שווערן באַלאַסט פון די אומבאַשעפטיגטע און אומפּרנסה׳דיגע, פון די לופט־אידן און צדקה־אידן, וועלכע מאַכן אויס אין די אַלטע אידישע קיבוצים פון 10 ביז 15 פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג און וואָס דריקן שווער אויפן לעבנס־ניוואָ פון אַלע קלאַסן. די דאָזיגע שווערע ירושה פון די פריערדיגע צייטן, פון די צייטן, ווען פאַקטאָרן און מעקלערן און בכלל אַרומדרייען זיך אין מאַרק אָדער אין גאַס איז געווען איינע פון די פאַרשפּרייטסטע פּרנסות בײַ אידן, איז שוין פאַר דער מלחמה געהאַט געווען אין אַ גרויסער מאָס ליקווידירט; די מלחמה מיט אירע נאָכוועען, דער קאָמוניזם אין רוסלאַנד און די אינפלאַציע אין אַלע איבעריגע לענדער מיט קאָמפּאַקטע אידישע מאַסן, האָבן נאָך אַמאָל שטאַרק פאַרגרעסערט בײַ אידן דעם קלאַס מענשן אָן באַשטימטע באַשעפטיגונגען און גאָר אָן באַשעפטיגונגען און האָבן אויף אַזאַ אופן דאָס אידנטום אָפּגעוואָרפן צוריק אויף עטליכע צענדליג יאָר.

מיר האָבן באַטראַכט ביז איצט די סאָציאַלע סטרוקטור פון אידן פאַר זיך אַליין אָן אַ פאַרגלייך מיט אַנדערע פעלקער. דער איטנאַרטיגער סאָציאַלער בוי פון אידישן פאָלק ווערט אָבער קלאָר ערשט, ווען מען שטעלט אים אַוועק פּנים אל פּנים מיט דער אַרומיגער באַפעלקערונג. דעמאָלט שטעלט זיך אַרויס, אַז נאָך איצט איז די סאָציאַלע סטרוקטור פון אידן אַ אויסנאַם, וואָס האָט ניט איר גלייכנס אין דער אַרומיגער באַפעלקערונג.

טאַבעלע XVII גיט אַזאַ פאַרגלייך צווישן אידן און ניט־אידן אין די איינציגע זיבן מלוכות, וואָס מיר האָבן העכער באַטראַכט. זי נעמט אַרום נאָר די עקאָנאָמיש־אַקטיווע באַפעלקערונג.

נעמען מיר די ניט־אידישע און אידישע באַפעלקערונג פון אַלע אויסגערעכנטע זיבן מלוכות צוזאַמען און פאַרגלייכן צווישן זיך, באַקומען מיר אַ גאַנץ אינטערעסאַנט בילד. ס׳זיינען געווען באַשעפטיגט אין פאַרשיידענע ווירטשאַפט־צווייגן פון יעדע הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע:

| | בײַ אידן | בײַ ניט־אידן |
|---|---|---|
| לאַנדווירטשאַפט . . . . . . | 8,3 | 68,0 |
| אינדוסטריע און מלאכה . . | 32,1 | 16,0 |
| האַנדל . . . . . . . . . | 35,4 | 3,0 |
| טראַנספּאָרט . . . . . . . | 2,3 | 2,6 |
| ליב. פּראָפ. און באַאַמטנטום | 6,6 | 2,9 |
| אַנדערע . . . . . . . . . | 15,3 | 7,5 |
| צוזאַמען . . . . | 100,0 | 100,0 |

אַ גאַנצער תהום טיילט אָפּ די אידישע פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. אין לאַנדווירטשאַפט זיינען אידן באַשעפטיגט מער ווי אַכט מאָל ווייניגער; אין האַנדל, פאַרקערט, כמעט צוועלף מאָל מער; אין אינדוסטריע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס צוויי מאָל מער. די לעצטע גרופּע, וועלכע אַנטהאַלט מערסטנטיילס בײַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג אַרבעטלאָזע און בײַ דער אידישער מענשן גאָר אָן אַ שום באַשעפטיגונג, איז בײַ אידן צוויי מאָל גרעסער ווי בײַ ניט־אידן.

לאָמיר פאַרגלייכן די אידישע באַפעלקערונג פון יעדן לאַנד באַזונדער מיט דער אַרומיגער באַפעלקערונג אין באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן. דערבײַ וועלן מיר בײַ איינצלנע ווירטשאַפט־צווייגן צוגעבן אויך אַנדערע לענדער, וואָס זיינען ניט אַריין אין טאַבעלע XVII, אויף וויפיל מיר פאַרמאָגן אַנטשפּרעכנדיגע דאַטן (זעה טאַב. XVIII).

חוץ דער פאַרמלחמה׳דיגער רומעניע, וואו די אידן האָבן פאַרמאָגט זייער אַ קליינעם פּראָצענט באַשעפטיגטע בײַ לאַנדווירטשאַפט, כאָטש די ניט־אידישע באַפעלקערונג גיט גאָר אַ הויכן פּראָצענט פאַרנומענע אינם דאָזיגן ווירטשאַפט־צווייג, באַקומט זיך אַ געוויסער צוזאַמענהאַנג צווישן אידן און ניט־אידן: וואָס מער די ניט־אידישע באַפעלקערונג איז באַשעפטיגט בײַ ערד, אַלץ העכער איז דער פּראָצענט באַשעפטיגטע בײַ לאַנדווירטשאַפט אויך בײַ אידן. פון איין זייט, דייטשלאַנד, בעהמען און מעהרן, וואו די ניט־אידישע באַפעלקערונג גיט אומגעפער אַ דריטל באַשעפטיגטע בײַ דער לאַנדווירטשאַפט, פאַרנעמען זיך בײַ אידן מיט דעם דאָזיגן ווירטשאַפט־צווייג ניט מער ווי 2 פּראָצענט, 15—20 מאָל בערך ווייניגער, ווי ניט־אידן; פון דער צווייטער זייט, רוסלאַנד און פּוילן, וואו די ניט־אידישע באַפעלקערונג גיט מער פון אַכציג פּראָצענט באַשעפטיגטע אין גרופּע „לאַנדווירטשאַפט“,

Tab. — XVII — טאַב.

## די פּראָפעסיאָנעלע גלידערונג פון דער עקאָנאָמ. אַקטיווער באַפעלקערונג בא אידן און ניט־אידן אין פאַרשיידענע לענדער (אָן מיליטער)

## Die Berufsgruppierung der erwerbstätigen jüd. und nichtjüd. Bevölk. in den europ. Ländern (ausschl. Militär)

| צוזאַמען Insgesamt | אנדערע Sonstige | באַאמטע און ליב. פּראָפעסיעס Öffentl. Dienst u. Freie Berufe | קאָמוניקאַציע Verkehr | האַנדל און קרעדיט Handel und Geldwesen | אינדוסטריע און מלאכה Industrie und Gewerbe | לאַנדווירטשאַפט Landwirtschaft | Staat — לאַנד |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | | | **Jüdische Bevölkerung — אידישע באַפעלקערונג** |
| 924 028 | 146 703 | 40 356 | 24 808 | 324 612 | 297 447 | 90 102 | Polen — 1921 — פּוילן |
| 100,0 | 15,8 | 4,4 | 2,7 | 35,1 | 32,2 | 9,8 | % |
| 264 856 | 40 959 | 13 000 | 5 558 | 101 997 | 54 789 | 48 553 | davon Galizien — 1921 — פון דעם גאַליציע |
| 100,0 | 15,5 | 4.9 | 2,1 | 38,5 | 20,7 | 18,3 | % |
| 920 000 | 155 000 | 80 000 | 20 000 | 250 000 | 325 000 | 90 000 | Sowjet-Rußland — 1927 — סאָוועט־רוסלאַנד |
| 100,0 | 17,0 | 8,6 | 2,2 | 27,3 | 35,1 | 9,8 | % |
| 202 072 | 16410 | 17 554 | 6 516 | 89 065 | 63 872 | 8 655 | Ungarn — 1920 — אונגאַרן |
| 100,0 | 8,1 | 8,7 | 3,2 | 44,1 | 31,6 | 4,3 | % |
| 153 092 | 28 203 | 11 125 | 3 285 | 59 848 | 34 729 | 15 902 | Čechoslovakei — 1921 — טשעכאָסלאָוואַקיי |
| 100,0 | 18,4 | 7,3 | 2,1 | 39,1 | 22,7 | 10,4 | % |
| 44 319 | 10 510 | 3 738 | 831 | 19 648 | 8 335 | 1 257 | davon in: — פון דעם אין: Böhmen — 1921 — בעהמען |
| 100,0 | 23,7 | 8,4 | 1,9 | 44,3 | 18,8 | 2,9 | % |
| 23 411 | 5 416 | 1 842 | 652 | 9 436 | 5 655 | 410 | Mähren, Schlesien — 1921 — מעהרן, שלעזיע |
| 100,0 | 23,1 | 7,9 | 2,8 | 40,3 | 24,1 | 1,8 | % |
| 55 053 | 8 120 | 4 038 | 784 | 23 333 | 12 941 | 5 837 | Slovakei — 1921 — סלאָוואַקיי |
| 100,0 | 14,8 | 7,3 | 1,4 | 42,4 | 23,5 | 10,6 | % |
| 30 309 | 4 157 | 1 507 | 1 018 | 7 431 | 7 798 | 8 398 | Karpatrußland — 1921 — קאַרפּאַט־רוסלאַנד |
| 100,0 | 13,7 | 5,0 | 3,4 | 24,5 | 25,7 | 27,7 | % |
| 88 254 | 9 135 | 2 858 | 3 092 | 33 410 | 37 514 | 2 245 | Rumänien — 1913 — רומעניע |
| 100,0 | 10,4 | 3,2 | 3,5 | 37,9 | 42,5 | 2,5 | % |
| 260 953 | 31 783 | 16 823 | 1 602 | 144 004 | 62 995 | 3 746 | Deutschland — 1907 — דייטשלאַנד |
| 100,0 | 12,2 | 6,4 | 0,6 | 55,2 | 24,2 | 1,4 | % |
| **2 548 399** | **387 234** | **168 716** | **59 303** | **900 939** | **821 527** | **210 650** | Zusammen — צוזאַמען |
| **100,0** | **15,3** | **6,6** | **2,3** | **35,4** | **32,1** | **8,3** | % |
| | | | | | | | **Nichtjüdische Bevölkerung — ניט־אידישע באַפעלקערונג** |
| 12 615 716 | 768 232 | 286 025 | 219 052 | 194 136 | 968 920 | 10179 351 | Polen — 1921 — פּוילן |
| 100,0 | 6,1 | 2,3 | 1,7 | 1,5 | 7,7 | 80,7 | % |
| 4 130 638 | 203 433 | 84 754 | 59 521 | 35 727 | 215 309 | 3 531 894 | davon Galizien — 1921 — פון דעם גאַליציע |
| 100,0 | 4,9 | 2,1 | 1,4 | 0,9 | 5,2 | 85,5 | % |
| 74 474 000 | 3 740 000 | 1 961 000 | 1 633 000 | 913 000 | 5 621 000 | 60 606 000 | Sowjet-Rußland — 1927 — סאָוועט־רוסלאַנד |
| 100,0 | 5,0 | 2,6 | 2,2 | 1,2 | 7,6 | 81,4 | % |
| 3 462 503 | 332 648 | 150 177 | 108 655 | 130 404 | 622 586 | 2 118 033 | Ungarn — 1920 — אונגאַרן |
| 100,0 | 9,6 | 4,3 | 3,1 | 3,8 | 18,0 | 61,2 | % |
| 6 219 972 | 826 321 | 266 026 | 239 613 | 301 640 | 2 177 373 | 2 408 999 | Čechoslovakei — 1921 — טשעכאָסלאָוואַקיי |
| 100,0 | 13,3 | 4,3 | 3,9 | 4,8 | 35,0 | 38,7 | % |
| 3 285 079 | 472 034 | 150 149 | 138 955 | 204 528 | 1 359 331 | 960 082 | davon in: — פון דעם אין: Böhmen — 1921 — בעהמען |
| 100,0 | 14,4 | 4,6 | 4,2 | 6,2 | 41,4 | 29,2 | % |
| 1 559 534 | 216 156 | 66 652 | 57 635 | 71 804 | 587 470 | 564 817 | Mähren, Schlesien — 1921 — מעהרן, שלעזיע |
| 100,0 | 13,8 | 4,3 | 3,7 | 4,6 | 37,7 | 35,9 | % |
| 1 183 477 | 117 208 | 42 854 | 39 165 | 24 054 | 214 255 | 745 941 | Slovakei — 1921 — סלאָוואַקיי |
| 100,0 | 9,9 | 3,7 | 3,3 | 2,0 | 18,1 | 63,0 | % |
| 191 182 | 20 203 | 6 371 | 3 858 | 1 254 | 16 317 | 143 179 | Karpatrußland — 1921 — קאַרפּאַט־רוסלאַנד |
| 100,0 | 10,6 | 3,3 | 2,0 | 0,7 | 8,5 | 74,9 | % |
| 3 847 289 | 193 316 | 75 494 | 68 383 | 73 414 | 270 806 | 3 165 876 | Rumänien — 1913 — רומעניע |
| 100,0 | 5,0 | 2,0 | 1,8 | 1,9 | 7,0 | 82,3 | % |
| 29 320 198 | 3 817 539 | 1 055 553 | 1 067 002 | 2 307 334 | 11 193 259 | 9 879 511 | Deutschland — 1907 — דייטשלאַנד |
| 100,0 | 13,0 | 3,6 | 3,6 | 7,9 | 38,2 | 33,7 | % |
| **129 939 678** | **9 678 056** | **3 794 275** | **3 335 705** | **3 919 928** | **20 853 944** | **88 357 770** | Zusammen — צוזאַמען |
| **100,0** | **7,5** | **2,9** | **2,6** | **3,0** | **16,0** | **68,0** | % |

פאַרנעמען זיך באַ אידן מיט ערד־אַרבעט בערך באַ צען פּראָצענט, אומגעפער אַכט מאָל ווייניגער, ווי באַ די ערשטע; אַ גאַנץ באַזונדער אָרט פאַרנעמט קאַרפּאַט־רוסלאַנד, וואו די אידן באַשעפטיגן זיך מיט לאַנדווירטשאַפט נאָר דריי מאָל ווייניגער, ווי די אַרומיגע באַפעלקערונג. אונגאַרן פאַרנעמט אַ מיטל אָרט בנוגע לאַנדווירטשאַפט באַ אידן, — כאָטש דאָס לאַנד בכלל איז נאָך גענוג אַגראַריש, דאָך זיינען באַ אידן באַשעפטיגט באַ ערד נאָר אַביסל מער פון פיר פּראָצענט.

פון הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע זיינען געווען באַשעפטיגט באַ לאַנדווירטשאַפט אין:

| | באַ אידן | באַ ניט־אידן |
|---|---|---|
| פוילן בכלל . . . . . . . . | 9,8 | 80,7 |
| פון דעם אין גאַליציע . . . | 18,3 | 85,5 |
| סאָוויעט־רוסלאַנד . . . . | 9,8 | 81,4 |
| רומעניע . . . . . . . . . | 2,5 | 82,3 |
| קאַרפּאַט־רוסלאַנד . . . . | 27,7 | 74,9 |
| סלאָוואַקיי . . . . . . . . . | 10,6 | 63,0 |
| אונגאַרן . . . . . . . . . . . | 4,3 | 61,2 |
| בעהמען, מעהרן און שלעזיע | 2,5 | 31,4 |
| דייטשלאַנד . . . . . . . . | 1,4 | 33,7 |
| פאַראייניגטע שטאַטן . . . | 1,9[1] | 26,3[2] |
| ארגענטינע . . . . . . . . | 12,5[3] | 85,0 |
| פּאַלעסטינע . . . . . . . . | 12,0[4] | 90,0 |

באַמערקונג: אין גאַליציע איז דער חילוק צווישן דעם פּראָצענט אידישע לאַנדווירטן באַ די עקאָנאָמיש־אַקטיווע און באַ די הכנסה־קוואַלן צו גרויס. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס באַ דער לעצטער ציילונג האָט מען אַ גרעסערע צאָל משפּחה־גלידער, וואָס העלפן אין דער ווירטשאַפט, צוגערעכנט צו די עקאָנאָמיש־אַקטיווע. אַזוי זיינען געווען אין גאַליציע באַ אידן אין 1910 אויף 46066 עקאָנאָמיש־אַקטיווע 47405 פּאַסיווע און אין 1921 איז געווען אויף 48553 עקאָנאָמיש־אַקטיווע 30943 פּאַסיווע. אין די דריי לעצטע לענדער פון דער טאַבעלע זיינען גענומען ניט די עקאָנאָמיש־אַקטיווע, נאָר די גאַנצע באַפעלקערונג.

1) גערעכנט 75 טויזנט אידישע נפשות, וואָס לעבן פון פאַרמעריי באַ אַ אידישער באַפעלקערונג פון 4 מיליאָן אינם יאָר 1926. 2) 1920. 3) גערעכנט 20 טויזנט אידן, וואָס לעבן פון לאַנדווירטשאַפט, באַ אַ אידישער באַפעלקערונג פון 160 טויזנט אין 1925. 4) גערעכנט 18 טויזנט נפשות, וואָס לעבן פון לאַנדווירטשאַפט, באַ אַ באַפעלקערונג פון 150 טויזנט אידן אין 1927.

מיר קאָנען זיך דאָ ניט אַריינלאָזן אין אַ איבערדיגן אַנאַליז פון די געבראַכטע ציפערן און ווייזן, אויף וויפיל מיר פאַרמאָגן אין דעם אָדער יענעם לאַנד טאַקי באמת אַ פּויערים־קלאַס אָדער נאָר אַ פּריצים־קלאַס. דאָס וועלן מיר טון ווייטער ביים אויספירליכן באַטראַכטן פון דער סאָציאַלער סטרוקטור באַ אידן אין איינצעלנע לענדער. אין דעם טייל פון אונזער אַרבעט אינטערעסירט אונז נאָר דער כמותדיגער צושטאַנד. די דאָזיגע באַמערקונג איז חל אויך אויפן ווייטערדיגן אַנאַליז פון טאַבעלע XVII.

ווייל מיר האַלטן שוין באַ אידישער לאַנדווירטשאַפט, וועלן מיר שוין ברענגען אַ צוזאַמענשטעלונג פון דער צאָל אידן, וואָס לעבן פון לאַנדווירטשאַפט אין די אַלע לענדער, וועגן וועלכע מיר פאַרמאָגן ידיעות. טאַבעלע XVIII גיט אונז די דאָזיגע צאָל אידן אין 13 מלוכות מיט אַ אידישער באַפעלקערונג פון בערך צוועלף מיליאָן מיט 600 טויזנט נפשות. מיר באַקומען, אַז באַ די דאָזיגע העכער צוועלף מיליאָן אידן לעבן פון לאַנדווירטשאַפט בערך 4 און אַ האַלב פּראָצענט. פאַרגלייכט מען אידן מיט ענגלענדער, וואָס פאַרמאָגן דעם קלענסטן פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ לאַנדווירטשאַפט, באַקומט זיך דאָך, אַז באַ אידן לעבט מען פון ערד־אַרבעט צוויי מאָל ווייניגער, ווי באַ די ענגלענדער. די אידן אָבער פון באַזונדערע לענדער, ווי פון קאַרפּאַט־רוסלאַנד, גאַליציע, אַרגענטינע, פּאַלעסטינע, אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד האָבן אַ העכערן פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ לאַנדווירטשאַפט, ווי די ענגלענדער.

Tab. — XVIII — טאַב.

**די צאָל אידן, וואָס ציען חיונה פון ערד־אַרבעט**

Die Stärke der jüdischen landwirtschaftlichen Bevölkerung

| Staat — לאַנד | אבסאל. צאָל Abs. Zahl | % פון אידי׳ באַפעלק׳ % d.jüd.Bev. |
|---|---|---|
| Sowjet-Rußland — 1927 — ראַטן־פאַרבאַנד | 160 000 | 5,8 |
| . . . . . . . . Polen — 1921 — פוילן | 159 147 | 5,6 |
| . . U. S. A. — 1925 — פאַראייני. שטאַטן | 75 000 | 1,9 |
| . . . . Rumänien — 1925 — רומעניע | 50 000 | 5,7 |
| . Tschechoslow. — 1921 — טשעכאָסלאָוואַקיי | 43 261 | 12,2 |
| . . . . . . Ungarn — 1921 — אונגאַרן | 20 804 | 4,4 |
| . . Argentinien — 1925 — אַרגענטינע | 20 000 | 12,5 |
| . . . Palästina — 1927 — פּאַלעסטינע | 18 000 | 12,0 |
| . . . . . . . . Litauen — 1927 — ליטע | 6 000 | 3,8 |
| . . . . . Kanada — 1925 — קאַנאַדאַ | 4 000 | 2,9 |
| Sonst.Amerika — 1927 — אַנד.־אַמעריק.־לענד. | 2 000 | 2,8 |
| . . . . Lettland — 1925 — לעטלאַנד | 867 | 0,9 |
| . . Deutschland — 1907 — דייטשלאַנד | 5 772 | 0,9 |
| . . . . . . . Zus. — צוזאַמען | **564 851** | **4,5** |

מיר גייען איבער צו דער אינדוסטריע און מלאכה באַ אידן. פון הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע זיינען געווען באַשעפטיגט באַ אינדוסטריע און מלאכה:

| | באַ אידן | באַ ניט־אידן |
|---|---|---|
| פוילן בכלל . . . . . . . . | 32,2 | 7,7 |
| פון דעם אין גאַליציע. . . | 20,7 | 5,2 |
| רוסלאַנד . . . . . . . . . | 35,1 | 7,6 |
| רומעניע . . . . . . . . . | 42,5 | 7,0 |
| קאַרפּאַט־רוסלאַנד . . . . | 25,7 | 8,5 |
| סלאָוואַקיי . . . . . . . . . | 23,5 | 18,1 |
| אונגאַרן . . . . . . . . . . | 31,6 | 18,0 |
| בעהמען, מעהרן און שלעזיע | 20,7 | 40,2 |
| דייטשלאַנד . . . . . . . . | 24,2 | 38,2 |

ס'וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז אין די אַגראַר־לענדער פאַרנעמען זיך אידן מיט אינדוסטריע 6—5 מאָל מער, ווי די ניט־אידישע באַפעלקערונג; פאַרקערט, אין די אינדוסטריעלע לענדער זיינען באַ אידן באַשעפטיגט אין אינדוסטריע צוויי מאָל אַ קלענערער פּראָצענט, ווי באַ ניט־אידן. אין די סלאַווישע לענדער, חוץ די גאָר אָפּגעשטאַנענע, ווי גאַליציע און קאַרפּאַט־רוסלאַנד, איז בערך אַ דריטל פון דער אידישער באַפעלקערונג באַשעפטיגט באַ אינדוסטריע און מלאכה, ווען באַ ניט־אידן

זיינען אינם דאָזיגן ווירטשאַפט־צווייג פאַרנומען צוויי פינפטל פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע.

פאַרשטייט זיך, אַז אינדוסטריע צו אינדוסטריע איז ניט גלייך און די אידישע שניידער־אינדוסטריע אין פוילן איז ווייט ניט דאָס, וואָס די פוילישע, זאָגן מיר, בערג־ אָדער מעטאַל־אינדוסטריע. וויכטיג איז אויך די סאָציאַלע לאַגע אין דער אינדוסטריע — און די אידישע גרויס־פאַבריקאַנטן פון דייטשלאַנד זיינען גאָר עפּיס אַנדערש, ווי די אידישע אַרבעטער־מאַסן פון פוילן. אָבער, ווי שוין העכער באַמערקט, מוזן מיר זיך דאָ באַגרעניצן מיט דעם אַלגעמיינסטן כמותדיגן בילד און ניט אַריינלאָזן זיך אין אַ טיפערן קוואַליטאַטיוון אַנאַליז, וועלכער וואָלט שטאַרק פאַרגרעסערט די אַרבעט און וואָלט אויך געענדערט איר כאַראַקטער.

פון הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע זיינען געווען באַשעפטיגט באַ האַנדל:

| | באַ אידן | באַ ניט־אידן |
|---|---|---|
| פוילן (אָן גאַליציע) . . . . | 33,7 | 1,9 |
| גאַליציע . . . . . . . . | 38,5 | 0,9 |
| רוסלאַנד . . . . . . . . | 27,3 | 1,2 |
| רומעניע . . . . . . . . | 37,9 | 1,9 |
| קאַרפּאַט־רוסלאַנד . . . . | 24,5 | 0,7 |
| סלאָוואַקיי . . . . . . . . | 42,4 | 2,0 |
| אונגאַרן . . . . . . . . . | 44,1 | 3,8 |
| בעהמען, מעהרן און שלעזיע | 42,9 | 5,7 |
| דייטשלאַנד . . . . . . . . | 55,2 | 7,9 |

וואָס אָפּגעשטאַנענער אַ לאַנד, אַלץ גרעסער די דיסטאַנץ צווישן דעם פּראָצענט האַנדל־עלעמענטן באַ אידן און ניט־אידן. אין די סאַמע אָפּגעשטאַנענע לענדער, ווי גאַליציע און קאַרפּאַט־רוסלאַנד, זיינען אידן באַשעפטיגט מיט האַנדל פ ע ר צ י ג מ אָ ל מער, ווי די אַרומיגע באַפעלקערונג; אין די אַגראַר־לענדער, וואָס פאַרמאָגן שוין אַ גרעסערע אינדוסטריע און אַ מער אַנטוויקלטן האַנדל, איז באַ אידן דער פּראָצענט הענדלער בערך 2 0 מ אָ ל ג ר ע ס ע ר — רוסלאַנד, פוילן, רומעניע און סלאָוואַקיי. אין די דריי אינדוסטריעלע לענדער, ווי דייטשלאַנד און בעהמען און מעהרן, איז שוין באַ אידן דער פּראָצענט הענדלער נאָר 7—8 מאָל מער, ווי באַ ניט־אידן. עס זיינען געווען באַ אידן מער הענדלער ווי באַ ניט־אידן אין:

| | | |
|---|---|---|
| גאַליציע . . . . . . . . . | 42,8 | מאָל |
| קאַרפּ־רוסלאַנד . . . . . . | 40,6 | " |
| רוסלאַנד . . . . . . . . | 22,7 | " |
| סלאָוואַקיי . . . . . . . . | 21,0 | " |
| רומעניע . . . . . . . . . | 19,9 | " |
| פוילן (אָן גאַליציע) . . . . | 17,7 | " |
| אונגאַרן . . . . . . . . . | 11,6 | " |
| בעהמען, מעהרן און שלעזיע | 7,6 | " |
| דייטשלאַנד . . . . . . . . | 6,2 | " |

אין די אַגראַר־לענדער באַקומט זיך אין דעם פּרט אַזאַ תהום־חילוק, אַז ס'איז קיין חידוש ניט, וואָס מען פאַרבייט נאָך איצט אָפט אין די דאָזיגע לענדער דעם נאָמען איד מיט הענדלער. דער ניט־אידישער הענדלער־קלאַס איז אַזוי נישטיג־קליין, אַז ער זעהט זיך ניט אָן אין זיין נאַציאָנאַלער סביבה, ווען באַ אידן איז ער דער באַדייטנדסטער טייל פון פאָלק.

פון הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע זיינען געווען באַשעפטיגט באַ ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום:

| | באַ אידן | באַ ניט־אידי |
|---|---|---|
| פוילן (אָן גאַליציע) . . . | 4,2 | 2,4 |
| גאַליציע . . . . . . . . | 4,9 | 2,1 |
| רוסלאַנד . . . . . . . . | 8,6 | 2,6 |
| רומעניע . . . . . . . . | 3,2 | 2,0 |
| קאַרפּאַט־רוסלאנד . . . . | 5,0 | 3,3 |
| סלאָוואַקיי . . . . . . . . | 7,3 | 3,7 |
| אונגאַרן . . . . . . . . . | 8,7 | 4,3 |
| בעמען, מערן און שלעזיע . | 9,3 | 4,5 |
| דייטשלאַנד . . . . . . . . | 6,4 | 3,6 |

אין אַלע לענדער אָן אויסנאַם איז באַ אידן דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום העכער, ווי באַ ניט־אידן פון די זעלבע לענדער—בערך פון אַנדערט־האַלבן מאָל ביז צוויי מאָל העכער, חוץ רוסלאַנד, וואו דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ די דאָזיגע פּראָפעסיעס באַ אידן איז מער ווי דריי מאָל העכער אַלס באַ ניט־אידן. אין רוסלאַנד, וואו דער פּריוואַטער האַנדל איז זייער אַ שווערע און אומדאַנקבאַרע פּרנסה אין אַלע הינזיכטן, האָט די אידישע יוגנט געמוזט זוכן אַ קאָמפּענסאַציע אין פאַרנעמען וואָס מער פּלעצער אינם באַאַמטנטום. די מערב־אייראָפּייאישע אידן פאַרמאָגן אַ גרעסערן פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום, ווי די מזרח־אייראָפּייאישע אידן, חוץ די אידן פון רוסלאַנד, וואָס פאַרמאָגן, צוליב די שוין אָנגעוויזענע סיבות, דעם העכסטן פּראָצענט באַשעפטיגטע אין דער דאָזיגער פּראָפעסיאָנעלער גרופּע. ס'וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז אין אַלגעמיינעם פאַלט צונויף דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום באַ די מזרח־אייראָפּייאישע אידן מיט דעם זעלבן פּראָצענט באַ די מערב־אייראָפּייאישע ניט־אידן.

מיר האָבן ביז אַהער גערעט וועגן דער לאַגע נאָך דער מלחמה, ווייל די טאַב. XVII ברייגנט דאָך אויף נייִנציג פּראָצענט נאָכמלחמה'דיגע ידיעות. מען מוז צוגעבן, אַז די ציילונגען אין פוילן, אונגאַרן און טשעכאָ־סלאָוואַקיי זיינען פאָרגעקומען אין 1921־טן יאָר, איידער דאָס עקאָנאָמישע לעבן איז אַריין אין זיינע נאָרמאַלע ראַמען, בשעת דער מלחמה־חורבן איז נאָך געווען אין זיין גאַנצער גרויס און די אינפלאַציע־מגפה האָט ערשט זיך צעוויקלט און אָנגעהויבן טאַנצן איר שדים־טאַנץ. ס'איז קיין ספק ניט, אַז פאַר די לעצטע יאָרן האָט זיך דאָס בילד אַביסל געענדערט. ס'איז אָבער ווייטער קיין שום ספק ניט, אַז די ענדערונג האָט געמוזט זיין אַ ניט־באַדייטנדיגע און די אַלגעמיינע איינטיילונג לויט די פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס איז געבליבן בערך די זעלבע. מעגליך, אַז אין פוילן, וואו אין 1921־טן יאָר איז די אינדוסטריע געווען כמעט אינגאַנצן חרוב און די צאָל אידישע אַרבעטער איז דעריבער געווען די מינימאַלסטע, איז איצט די לאַגע אין דעם פּרט באַדייטנדיג בעסער, און דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ אינדוסטריע און מלאכה באַ אידן איז העכער מיט עטליכע פּונקטן.

לאָמיר איצט פּרובן מאַכן אַ פאַרגלייך פון דער נאָכמלחמה'דיגער לאַגע מיט אַ צייטפּונקט פון פאַר דער מלחמה. מיר ברייגנען אין טאַבעלע XIX (ז. 43) די דאַטן צום אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט, נעמענדיג פאַר דייטשלאַנד די דאַטן פון 1895

אין פאַר רוסלאַנד און פּוילן פון 1897. וואַרפט מען אַראָפּ פון טאַבעלע XIX איטאַליע און פון טאַבעלע XVII רומעניע, באַקומען מיר צוויי מאַסן, וואָס פאַלן כמעט צונויף, חוץ אַ גרויסער טייל פון דער איצטיגער טשעכאָ־סלאָוואַקיי איז אין 1900־טן יאָר געווען אין אונגאַרן. יעדנפאַלס די פאַרהעלטניש־צאָלן קאָן מען גענוי פאַרגלייכן.

**גלידערונג פון דער עקאָנאָמיש־אַקטיווער באַפעלקערונג אין אייראָפּע אנהויב XX-יאָרהונד. און נאָך דער וועלט־מלחמה**

Gliederung der erwerbstät. Bevölkerung Europas zu Beginn des XX. Jahrhunderts und nach dem Kriege

| פראָפעסיעס Beruf | אידן — Juden: אנהויב 20־טן יאָרהונדערט Zu Beginn d. XX. Jhdts. | אידן — Juden: נאָך דער מלחמה Nach dem Kriege | קריסטן/Christen: אנהויב 20־טן יאָרהונדערט Zu Beginn d. XX. Jhdts. | קריסטן/Christen: נאָך דער מלחמה Nach dem Kriege |
|---|---|---|---|---|
| לאַנדווירטשאַפט — Landwirtschaft | 5,0 | 8,5 | 54,6 | 67,5 |
| אינדוסטריע און מלאכה — Industrie u. Gewerbe | 33,0 | 31,8 | 22,1 | 16,3 |
| האנדל און קרעדיט — Handel u. Kredit | 35,6 | 35,3 | 4,4 | 3,1 |
| טראַנספּאָרט — Verkehr | 2,7 | 2,3 | 2,2 | 2,6 |
| ליב. פראָפ. און באַאַמטע — Öffentl. Dienst u. Fr. Berufe | 5,2 | 6,7 | 2,6 | 3,0 |
| אַנדערע — Sonstige . . | 18,5 | 15,4 | 14,1 | 7,5 |
| סך־הכל — Insgesamt | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

ס'איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין אַלגעמיינעם איז די אַנט־וויקלונג באַ אידן און באַ ניט־אידן און די באַטראַכטע מלוכות איינע און די זעלבע. דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ לאַנד־ווירטשאַפט איז אויסגעוואַקסן באַ ביידע גרופּעס — באַ אידן אָבער פּראָצענטועל אַ סך שטאַרקער, ווי באַ ניט־אידן. דער פּראָצענט באַשעפטיגטע און אינדוסטריע איז באַ ביידע גרופּעס געפאַלן — באַ ניט־אידן אָבער אַ סך שטאַרקער, ווי באַ אידן. דאָס זעלבע איז אינם האַנדל: באַ ניט־אידן איז דער פּראָצענט געפאַלן אויף מער ווי אַ פערטל, באַ אידן כמעט גאָר ניט. דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום האָט זיך געהויבן באַ ביידע גרופּעס, אָבער באַ אידן אַביסל שטאַרקער; פאַרגרעסערט האָט זיך באַ ביידע גרופּעס דער עיקר די צאָל באַאַמטע. די לעצטע גרופּע — אָן באַשעפטיגונגען און פאַרשיידענע — איז באַ ניט־אידן שטאַרק געפאַלן. דאָ ווירקט דער־עיקר רוסלאַנד, וואו די דאָזיגע גרופּע האָט זיך מער ווי דריי מאָל פאַרקלענערט באַ די ניט־אידן; באַ אידן אָבער איז די דאָזיגע גרופּע אין רוסלאַנד געבליבן כמעט אויף דער זעלבער הייך. דאָס ערקלערט זיך הויפּטזאַכליך דערמיט, וואָס די דעקלאַסירטע עלעמענטן אין רוסלאַנד מאַכן אויס באַ אידן אָן אַנ׳ערך אַ גרעסערן פּראָצענט ווי באַ ניט־אידן און חוץ דעם האָבן די קריסטליכע דעקלאַסירטע עלעמענטן געהאַט די מעגליכקייט איבערגייען אין דאָרף און צו לאַנדווירטשאַפט, ווען באַ אידן זיינען זיי געבליבן אין די שטעט און שטעטלאַך און זייער איבערגייען צו אַנדערע פּרנסות איז אַ פּראָבלעם, וואָס פאָדערט אויף איר לייזונג אַ סך יאָרן.

אין אַלגעמיינעם קאָן מען זאָגן, אַז קיין גרויסע ענדערונגען זיינען אינם סאָציאַלן בוי פון דער אידישער באַפעלקערונג פאַר די 25 יאָר, וואָס טיילן אָפּ די דאַטן פון טאַבעלע XVII פון די דאַטן פון טאַבעלע XIX ניט פאָרגעקומען. מיר מיינען אָבער, אַז אינם ערשטן צענדליג יאָר פונם לויפנדיגן יאָרהונדערט זיינען געוויסע ענדערונגען בלתי ספק פאָרגעקומען — ס'איז געוויס אויסגעוואַקסן דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ אינדוסטריע און מלאכה און פאַרקלענערט געוואָרן דער פּראָצענט פאַרנומענע מיט האַנדל. די מלחמה האָט אָבער אָפּגעווישט די דאָזיגע פּראָגרעסיווע אַנטוויקלונג און האָט אָפּגעוואָרפן די אידישע עקאָנאָמיק אויף צוריק מיט אַ פּאָר צענדליג יאָר [1]). געווירקט האָט אויך די קאָלאָסאַלע אויסוואַנדערונג פון די ערב־מלחמה־יאָרן, וועלכע האָט צוגענומען האַנטווערקערישע עלעמענטן זעקס מאָל מער ווי הענדלערישע. און אויב נאָך דער מלחמה, און אינ־פלאַציע, וועלכע האָבן אַזוי שטאַרק פאַרגרעסערט די צאָל הענד־לער באַ אידן אין איינציגע לענדער, און נאָך דער אויסוואַנדע־רונג, וואָס האָט צוגענומען פון מזרח־אייראָפּע אין משך פון די לעצטע 25 יאָר אומגעפער אַזוי פיל בעלי־מלאכות און אַר־בעטער, וויפיל דאָס גאַנצע מזרח־אייראָפּעאישע אידנטום האָט פאַרמאָגט צום אָנהויב יאָרהונדערט [2]). איז דאָך איצט דער פּראָצענט אידן באַשעפטיגטע באַ אינדוסטריע ניט קלענער, ווי צוריק מיט 25 יאָר, איז דאָס אַ קלאָרער באַווייז, אַז פון 1900 ביז 1914 איז געווען אַ זייער אינטענסיווער איבערגאַנג באַ אידן פון האַנדל צו מלאכה און אינדוסטריע.

גייט מען איבער צו איינצלנע לענדער, איז גרינג צו באַ־מערקן, אַז אַ באַדייטנדיגע ענדערונג איז פאָרגעקומען נאָר אין רוסלאַנד. אַזוי זיינען פון הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע געווען באַשעפטיגט אין רוסלאַנד:

| | 1897 | 1927 |
|---|---|---|
| באַ לאַנדווירטשאַפט . . . . . . . | 2,8 | 9,8 |
| " אינדוסטריע און מלאכה . . . | 36,8 | 35,1 |
| " האַנדל . . . . . . . . . . | 33,6 | 27,3 |
| " טראַנספּאָרט . . . . . . . . | 3,2 | 2,2 |
| " ליב. פראָפ. און באַאַמטנטום . | 5,2 | 8,6 |
| " אַנדערע . . . . . . . . . | 18,4 | 17,0 |
| סך־הכל . . . . . . . | 100,0 | 100,0 |

דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ לאַנדווירטשאַפט האָט זיך 3 און אַ האַלב מאָל פאַרגרעסערט; דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ אינדוסטריע און מלאכה איז געבליבן בערך דער זעלבער; דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ האַנדל האָט זיך בערך אויף אַ פינפטל פאַרקלענערט. וועגן די גאָר לעצטע צוויי גרופּעס איז אונז שוין אויסגעקומען העכער צו רעדן.

מיר האָבן ביז אַהער אַנאַליזירט דעם סאָציאַלן בוי פון דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג און האָבן געזעהן, ווי ווייט פאַרשיידן די דאָזיגע צוויי גרופּעס זיינען. בעת באַ דער אַרומיגער באַפעלקערונג איז די באַזע פון דער פּראָ־פעסיאָנעלער פּיראַמידע מערסטנטיילס די לאַנדווירטשאַפט און באַ איינציגע אינדוסטריעל הויך־אַנטוויקלטע פעלקער (ענגלאַנד, דייטשלאַנד, די פאַראייניגטע שטאַטן און עטליכע קליינע מלוכות)

1) זעה אונזער אַרטיקל אין די „בלעטער פאַר אידישע דעמאָגראַפיע, סטאַטיסטיק און עקאָנאָמיק" נום. 6, ז. 102—81.

2) זעה יעקב לעשצינסקי: די אידישע וואַנדערונג פאַר די לעצטע 25 יאָר. — בערלין 1927. ז. 55—40.

די אינדוסטריע, בילדן בּאַ אידן די בּאַזע נאָך עד היום האַנדל און פאַרמיטלערײַ. און אין דעם פּרט בּלײַבּן די אידן דאָס אתה־בחרתנו־פאָלק, וואָס האָט ניט זײַנס גלײַכן. וואָרום אַפילו די ענגלענדער פאַרמאָגן נאָר 13,1 פּראָצענט בּאַשעפטיגטע אין האַנדל און טראַנספּאָרט (1911) [1]) און די אײַנוואוינער פון די פּאַראײניגטע שטאַטן נאָר 10,2 פּאַרנומענע אין האַנדל (1920)[2]), אַלזאָ 3—4 מאָל ווײניגער ווי אידן. ס'מערקט זיך אָבער אַ קלאָר אויסגעשפּראָכענע טענדענץ אין דער אַנטוויקלונג פון אידנטום, וועלכע פירט דערצו, אַז אינדוסטרײַע זאָל פאַרנעמען דאָס אָרט פונם האַנדל און בּילדן די בּאַזע פון דער אידישער עקאָנאָמיק.

Tab. — XIX — טאבּ.

**די פּראָפ. גלידערונג פון דער עקאנאמיש אקטיווער באפ. בּא אידן און ניט־אידן אנהויב XX יארהונד.**

**Die Berufsgruppierung der erwerbstätigen jüd. und nichtjüd. Bev. zu Beginn des XX. Jhdts.**

| לאנד — Staat | לאנד־ ווירטשאפט Landwirtschaft | אינדוסטריע און מלאכה Industrie u. Gewerbe | האנדל און קרעדיט Handel u. Geldwesen | קאָמוני־ קאציע Verkehr | באאמטע און פרייע פּראָפעסיעס Öffentl. Dienst u. Freie Berufe | אנדערע Sonstige | צוזאמען Insgesamt |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | | | |
| **אידישע באפעלקערונג — Jüdische Bevölkerung** | | | | | | | |
| קאָנגרעס־פּוילן — 1897 * — Polen . . | 10 283 | 198 156 | 148 724 | 15 462 | 21 138 | 113 388 | 507 151 |
| % | 2,0 | 39,1 | 29,3 | 3,1 | 4,2 | 22,3 | 100,0 |
| גאַליציע — 1900 — Galizien . . . . . | 48 070 | 51 153 | 99 422 | 5 176 | 14 675 | 54 633 | 273 129 |
| % | 17,6 | 18,7 | 36,4 | 1,9 | 5,4 | 20,0 | 100,0 |
| רוסלאנד — 1897 — Rußland . . . . . | 27 090 | 357 073 | 326 256 | 30 496 | 50 776 | 178 700 | 970 391 |
| % | 2,8 | 36,8 | 33,6 | 3,2 | 5,2 | 18,4 | 100,0 |
| אונגאַרן — 1900 — Ungarn . . . . . | 24 801 | 104 034 | 109 810 | 9 565 | 21 011 | 31 185 | 300 406 |
| % | 8,3 | 34,6 | 36,5 | 3,2 | 7,0 | 10,4 | 100,0 |
| דייטשלאנד — 1895 — Deutschland . . | 3 371 | 45 993 | 132 636 | 845 | 11 763 | 47 130 | 241 738 |
| % | 1,4 | 19,0 | 54,9 | 0,3 | 4,9 | 19,5 | 100,0 |
| איטאליע — 1901 — Italien . . . . . . | 93 | 1 535 | 8 098 | — | 2 856 | 4 295 | 16 877 |
| % | 0,6 | 9,1 | 48,0 | — | 16,9 | 25,4 | 100,0 |
| **צוזאמען — Zusammen . .** | **113 708** | **757 944** | **824 946** | **61 544** | **122 219** | **429 331** | **2309692** |
| % | 4,9 | 32,8 | 35,7 | 2,7 | 5,3 | 18,6 | 100,0 |
| **ניט־אידישע באפעלקערונג — Nichtjüdische Bevölkerung** | | | | | | | |
| קאָנגרעס־פּוילן — 1897 * — Polen . . | 1 717 511 | 462 170 | 45 877 | 46 776 | 80 203 | 617 023 | 2 969 560 |
| % | 57,8 | 15,6 | 1,5 | 1,6 | 2,7 | 20,8 | 100,0 |
| גאליציע — 1900 — Galizien . . . . . | 3 180 910 | 153 686 | 22 165 | 23 755 | 49 882 | 199 493 | 3 629 891 |
| % | 87,6 | 4,2 | 0,6 | 0,7 | 1,4 | 5,5 | 100,0 |
| רוסלאנד — 1897 — Rußland . . . . . | 16 490 403 | 4 181 954 | 974 230 | 622 011 | 553 918 | 4 799 154 | 27 621 670 |
| % | 59,7 | 15,1 | 3,5 | 2,3 | 2,0 | 17,4 | 100,0 |
| אונגארן — 1900 — Ungarn . . . . . | 4 935 366 | 990 468 | 100 152 | 116 296 | 173 538 | 798 844 | 7 114 664 |
| % | 69,4 | 13,9 | 1,4 | 1,6 | 2,4 | 11,3 | 100,0 |
| דייטשלאנד — 1895 — Deutschland . . | 8 289 321 | 8 235 227 | 1 640 545 | 564 485 | 783 220 | 2 528 169 | 22 040 967 |
| % | 37,6 | 37,4 | 7,4 | 2,6 | 3,5 | 11,5 | 100,0 |
| איטאליע — 1901 — Italien . . . . . . | 9 302 889 | 3 812 145 | 1 176 588 | | 831 455 | 564 762 | 15 687 839 |
| % | 59,3 | 24,3 | 7,5 | | 5,3 | 3,6 | 100,0 |
| **צוזאמען — Zusammen . .** | **43 916 400** | **17 835 650** | **3 959 557** | **1 373 323** | **2 472 216** | **9 507 445** | **79 064 591** |
| % | 55,6 | 22,6 | 5,0 | 1,7 | 3,1 | 12,0 | 100,0 |

*) מיט גראדנער און ווילנער גוב. — Incl. Gouv. Grodno u. Wilno

דער אײַגנאַרטיגער און אין אַ גרויסער מאָס אײנזײטיגער סאָציאַלער בּוי פון דער אידישער בּאַפעלקערונג איז מעגליך נאָר, ווײַל אין דער אמתן בּילדן דאָך ניט אידן קײן זעלבּסטשטענדיגן סאָציאַלן אָרגאַניזם אַפילו אין דעם רעלאַטיוון זין, ווי דאָס איז ריכטיג בּנוגע אַנדערע מאָדערנע פעלקער. אידן זײַנען אומעטום אַ אָרגאַנישער טײל פון דער אַרומיגער סאָציאַלער סביבה און פילן אויס בּאַשטימטע סאָציאַלע פונקציעס אָפּהענגיג פון די בּאַדערפעענישן און אַנטוויקלונג־מדרגה פון דער דאָזיגער סביבה. און ערשט די בּאַטײליגונג פון אידן אין בּאַזונדערע ווירטשאַפט־צווײַגן פון אײנצלנע לענדער מאַכט קלאָר זײער

1) Handwörterbuch d. Staatswissenschaften B. II. Lieferung 37-38 S. 577.

2) ibid S. 575.

ראָלע אין עקאָנאָמישן לעבן פון די דאָזיגע לענדער. מיר גייען דעריבער איבער צו דעם פּראָצענטועלן אָנטייל פון אידן אין פאַרשיידענע פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס אין פאַרשיידענע לענדער. מיר בלייבן אויך דאָ נאָר ביים קוואַנטיטאַטיוון אָפּשאַץ פון דער ראָלע פון אידן אין באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס. ס׳קאָן אָבער אַמאָל טרעפן — און אין געגעבענעם פאַל איז דאָס געווים אַזוי — אַז אַ קליינע אין כמות גרופּע זאָל שפּילן אין דער אמתן אַ גאַנץ באַדייטנדיגע ראָלע. ביים צונויפציילן למשל, די צאָל נפשות, וואָס זיינען באַשעפטיגט אינם האַנדל אין דייטשלאַנד, ווערט דער איד טייץ, דער שעפער פון די אוניווערסאַלע קראָמען, וואָס האָט געמאַכט אַ גאַנצע איבערקעריניש אינם לאחדים־האַנדל און האָט געהאַט דעם גרעסטן איינפלוס אויפן גאַנג און טעמפּ פון דער אַנטוויקלונג פון דייטשן אינעווייניגסטן מאַרק, גערעכנט גלייך מיטן קאָנסערוואַטיוון און אַלטמאָדישן דייטשישן קרעמער עתיץ אין אַ פּראָווינץ־שטאָט, וועלכער האַלט זיך נאָך בײַ די האַנדל־פּרינציפּן פון 18־טן יאָרהונדערט און מיינט ערנסט, אַז די אידישע טיצ׳ס מיט זייערע קליינע רווחים און גרויסע אומזאַצען טרייבן דייטשלאַנד אין תהום פון אונטערגאַנג. ס׳וואָלט דעריבער געווים נייטיג געווען ממלא זיין דעם כמותדיגן אַנאַליז מיט אַ קוואַליטאַטיוון אָפּשאַץ פון דער ראָלע פון אידן אין באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן אין איינצלנע לענדער. מיר מוזן אָבער דערווייל זיך דערפון אָפּזאָגן, ווייל דאָס וואָלט איבערגעריסן דעם גאַנג פון אונזער אַרבעט, וועלכע שטרעבט פריער פון אַלץ געבן דאָס גאַנצע בילד, די ברייטע ראַם, די ראָל פון דער מאַסע און ניט פונם איינצלנעם, די ראָל פון דער גאַנצער גרופּע און ניט פון אירע באַזונדערע גלידער.

טאַב. XX (זייט 45) גיט אונז דעם פּראָצענטועלן אָנטייל פון אידן אין באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן אין איינצלנע לענדער.

אין דער לאַנדווירטשאַפט שפּילן די אידן אין קיין שום לאַנד ניט קיין גרויסע ראָלע. חוץ קאַרפּאַט־רוסלאַנד, וואו זיי מאַכן אויס העכער 5% פון אַלע באַשעפטיגטע אין לאַנדווירטשאַפט, שטעלן זיי אומעטום פאָר אַ גאָר נישטיגן פּראָצענט. די ראָלע פון אידן איז באַדייטנדיג און וואָגיג אינם האַנדל, אָבער אויך ניט אין אַלע לענדער. אין די לענדער מיט אַ מערב־אייראָפּעיאישע קולטור איז די כמותדיגע וואָג פון אידישן האַנדל ניט זייער קיין גרויסע.

פון הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע אין האַנדל זיינען געווען אידן אין:

| | |
|---|---|
| קאַרפּאַט־רוסלאַנד | 85,6 |
| ליטע | 77·5 |
| גאַליציע | 74,1 |
| קאָנגרעס־פּוילן | 66,8 |
| סלאָוואַקיי | 49,2 |
| אונגאַרן | 40,6 |
| בעהמען און מעהרן | 9,5 |
| דייטשלאַנד | 5,9 |

אַ אינטערעסאַנטע ערשיינונג — די כמותדיגע ראָלע פון אידן אינם האַנדל פון דער אַרומיגער סביבה איז אַ פאַרקערטע צו דער ראָלע פון האַנדל אין דער אידישער גרופּע פאַר זיך. אין טאַב. XVII, וואו מיר האָבן געגעבן דעם פּראָפעסיאָנעלן בוי פון דער אידישער באַפעלקערונג, האָט קאַרפּאַט־רוסלאַנד פאַרנומען דאָס לעצטע אָרט לויט דעם קלענסטן פּראָצענט הענדלער בײַ אידן; אין דער טאַבעלע XX פאַרנעמט שוין דייטשלאַנד דאָס לעצטע אָרט, ווייל די דייטש־אידישע הענדלער מאַכן אויס סך־הכל פינף פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיגטע אין האַנדל אין דייטשלאַנד, זיבצן מאָל ווייניגער, ווי אין קאַרפּאַט־רוסלאַנד. אין אַלע לענדער פון מזרח־אייראָפּע איז דער האַנדל אין אידישע הענט אויף צוויי דריטל ביז מער פון פיר פינפטל; אין די האַלב־אינדוסטריאַליזירטע לענדער, ווי אונגאַרן און סלאָוואַקיי, נאָר אויף אַ העלפט; און אין די מערב־אייראָפּעיאישע לענדער איז דער האַנדל שוין ניט מער אין אידישע הענט, יעדנפאַלס לויט דער צאָל, ווייל מאַקסימום זיינען פון הונדערט הענדלער נאָר בײַ צען אידישע און אין דייטשלאַנד נאָר פינף. אין די דאָזיגע לענדער איז אַלזאָ דער האַנדל „אויסגעאידישט" געוואָרן אָדער די קריסטן זיינען „פאַראידישט" געוואָרן.

פאַרגלייכט מען דעם אָנטייל פון אידן אינם האַנדל פון באַזונדערע לענדער מיט זייער פּראָצענט אין דער באַפעלקערונג פון די אַנטשפּרעכנדיגע לענדער, וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז דער ערשטער איז אומעטום בערך צען מאָל שטאַרקער פון צווייטן, ווען, פאַרקערט, בײַ דער לאַנדווירטשאַפט איז דער אָנטייל פון אידן בערך אומעטום צען מאָל שוואַכער פון זייער פּראָצענט אין דער באַפעלקערונג.

די ראָלע פון אידן אין דער אינדוסטריע פון באַזונדערע לענדער איז ניט אַזוי גרויס, ווי אינם האַנדל, אָבער אַ סך גרעסער, ווי אין דער לאַנדווירטשאַפט. אַזוי האָט דער אָנטייל פון אידן אין דער אינדוסטריע אויסגעמאַכט (אין פּראָצענטן) אין:

| | |
|---|---|
| קארפאט־רוסלאנד | 32·3 |
| קאָנגרעס־פּוילן | 29,6 |
| ליטע | 21,3 |
| לעטלאנד | 11,0 |
| גאליציע | 20·3 |
| רומעניע | 12,2 |
| אונגארן | 9,3 |
| סלאָוואַקיי | 5,7 |
| בעהמען און מעהרן | 0,7 |
| דייטשלאנד | 0,6 |

אין די מזרח־אייראָפּעיאישע לענדער, זיינען אידן פאַרטראָטן אין דער אינדוסטריע בערך דריי מאָל שטאַרקער, ווי אין דער באַפעלקערונג; פאַרקערט, אין די אינדוסטריעל הויך־אַנטוויקלטע לענדער ווייניגער, ווי אין דער באַפעלקערונג.

נעמען מיר דעם אָנטייל פון אידן אין ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום, זעהען מיר, אַז ער איז אומעטום אומגעפער 1 און אַ האַלב אָדער 2 מאָל גרעסער, ווי דער אָנטייל פון אידן אין דער באַפעלקערונג, אָבער ער דערגרייכט ניט אין ערגיץ ניט צו דער מדרגה פון אָנטייל פון אידן אין האַנדל אָדער אַפילו אין אינדוסטריע. וואַרפט מען אַראָפּ דאָס באַאַמטנטום, וואוהין אידן ווערן ניט גערן צוגעלאָזט אַפילו אין די מערב־אייראָפּעיאישע לענדער, באַקומט זיך גאָר אַ אַנדער בילד. אַזוי, למשל, האָבן אידן אויסגעמאַכט אין פּוילן פון יעדע הונדערט (אין 1921):

| | |
|---|---|
| אַדוואָקאטן און ריכטער | 41,5 |
| געבילדעטן מעדיצינ. פּערסאָנאל | 31,8 |
| לערער און דערציער | 49,3 |
| ליטעראַטן און וויסנשאפטלער | 15,7 |
| ארטיסטן און מוזיקער | 34,5 |
| אין אלע גרופּעס צוזאמען | 41,0 |

Tab. — XX — טאַבּ.

## דער אנטייל פון אידן אין באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס פון פאַרשיידענע לענדער

### Prozentsatz der erwerbstätigen Juden in den einzelnen Berufen

| לאַנד — Land | יאָר פון ציילונג Zählungsjahr | לאַנדווירטשאַפט Landwirtschaft | אינדוסט׳ און מלאכה Industrie u. Gewerbe | האַנדל און קרעדיט Handel u. Geldwesen | קאָמוניקאַציע Verkehr | באַאַמטע און ליבּ׳ פּראָפעסיעס Öffentl. Dienst u. Freie Berufe | אַנדערע Sonstige | צוזאַמען Insgesamt |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קאָנגרעס־פּוילן — Kongreß-Polen | 1) 1897 | 0,5 | 28,0 | 75,4 | 22,8 | 19,9 | 15,3 | 13,5 |
| | 2) 1921 | 0,7 | 29,6 | 66,8 | 15,4 | 14,9 | 20,0 | 8,4 |
| גאַליציע — Galizien | 1900 | 1,5 | 25,0 | 81,8 | 17,9 | 22,7 | 21,5 | 7,0 |
| | 1910 | 1,3 | 25,8 | 83,4 | 14,9 | 17,4 | 11,6 | 7,6 |
| | 1921 | 1,4 | 20,3 | 74,1 | 8,5 | 13,3 | 16,8 | 6,0 |
| אונגאַרן — Ungarn | 1900 | 0,5 | 9,5 | 52,3 | 7,6 | 10,8 | 3,8 | 4,1 |
| | 1910 | 0,5 | 8,9 | 46,6 | 5,9 | 11,0 | 4,4 | 4,5 |
| | 1921 | 0,4 | 9,3 | 40,6 | 5,7 | 10,5 | 4,7 | 5.5 |
| דייטשלאַנד — Deutschland | 1895 | 0,0 | 0,6 | 7,5 | 0,1 | 1,5 | 1,8 | 1,1 |
| | 1907 | 0,0 | 0,6 | 5,9 | 0,1 | 1,6 | 0,8 | 0,9 |
| בעהמען — Böhmen | 1921 | 0,1 | 0,6 | 8,8 | 0,6 | 2,4 | 2,4 | 1,3 |
| מעהרען און שלעזיע — Mähren u. Schlesien | 1921 | 0,1 | 1,0 | 11,6 | 1,1 | 2,1 | 2,4 | 1,5 |
| קאַרפּאַט־רוסלאַנד — Karpatoruß | 1921 | 5,5 | 32,3 | 85,6 | 20,9 | 11,7 | 17,1 | 13,7 |
| סלאָוואַקיי — Slovakei | 1921 | 0,8 | 5,7 | 49,2 | 2,0 | 8,6 | 6,5 | 4,4 |
| רומעניע — Rumänien | 1913 | 0,1 | 12,2 | 31,3 | 4,3 | 3,6 | 4,5 | 2,2 |
| ליטע — Litauen | 1923 | 0,5 | 21,3 | 77,5 | 18,0 | 19,6 (3 | 25,1 | 6,1 |
| לעטלאַנד (4 — Lettland | 1925 | 0,1 | 11,0 | 40,7 | — | 13,1 (5 | — | — |

1) מיט גראָדנער גוב.; 2) מיט ביאַליסטאָק. וואָיעוו. 3) בא דער אלגעמ. צאל איז אראפּגערעכנט געוואָרן די ארמיי; 4) די גאַנצע באפעלק.; 5) נאר די פרייע פּראָפעס.

ס'באַקומט זיך, אַז אין אַלגעמיינעם זיינען אידן פאַרטראָטן אין די ליבּעראַלע פּראָפעסיעס דריי־פיר מאָל מער, ווי אין דער באַפעלקערונג — בערך אַזוי פיל, ווי אין דער אינדוסטריע. אַנ'אויסנאַם שטעלט נאָר מיט זיך פאָר דער אָפּטייל „ליטעראַטור און וויסנשאַפט“, וואו די אידן מאַכן אויך אויס אַ גאַנץ באַדייטנדיגן פּראָצענט, יעדנפאַלס אַנדערטהאַלבן מאָל אַ גרעסערן, ווי אין דער באַפעלקערונג, אָבער אַ סך אַ קלענערן, ווי אין אַלע איבּעריגע ליבּעראַלע פּראָפעסיעס. אין די קולטור־צווייגן, וואָס זיינען מער שאַפן, ווי פּראָפעסיע, איז אַ סך שווערער דעם אידן אַריינצוקומען, ווי אין יענע, וואו דער פּראָפעסיאָנעלער מאָמענט שפּילט די הויפּטראָלע. אייגענע ליטעראַטור און וויסנשאַפט פאַרמאָגן נאָך אידן ווייניג.

מיר מיינען, אַז די נאָר וואָס געבּראַכטע דאַטן וועגן פּוילן זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע מזרח־אייראָפּייאישע לענדער, ווי די ווייטערדיגע דאַטן וועגן דייטשלאַנד זיינען געוויס טיפּיש פאַר אַלע מערבֿ־אייראָפּייאישע מדינות.

אין אַלגעמיינעם זיינען אידן אין דייטשלאַנד פאַרטראָטן אין די ליבּעראַלע פּראָפעסיעס בערך דריי מאָל שטאַרקער, ווי אין דער באַפעלקערונג. אין איינצלנע צווייגן אָבער זיינען אידן אַ סך מער פאַרטראָטן: צווישן אַדוואָקאַטן און נאָטאַרן — 14 מאָל שטאַרקער, ווי אין דער באַפעלקערונג; צווישן שרייבער און געלערנטע — אַכט מאָל שטאַרקער; צווישן מעדיצינער — זעקס מאָל שטאַרקער, ווי אין דער באַפעלקערונג. אַם ווייניגסטן זיינען אידן פאַרטראָטן צווישן די לערער — פאַרקערט, ווי אין פּוילן. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין פּוילן האָבּן אידן אייגענע שולן — מאָדערנע אָדער חדרים — און פאַרמאָגן דעריבּער אַ אייגענע לערערשאַפט; אין דייטשלאַנד האָבּן אידן זייער ווייניג אייגענע שולן, און אין די מלוכה־שולן ווערן אידן ניט גערן צוגעלאָזט אַפילו אינם רעפּובּליקאַנישן דייטשלאַנד, אַפשיטא שוין פאַר דער רעוואָלוציע.

פון יעדע הונדערט באַשעפטיגטע אין די ווייטער־אויסגערעכנטע פּראָפעסיעס זיינען געווען אידן (פאָלקציילונג אין דייטשלאַנד 1907):

| | |
|---|---|
| ריכטער און פּראָקוראָרן | 4,3 |
| אדוואָקאטן און נאָטאַרן | 14,7 |
| לערער און דערציער | 1,2 |
| געבּילדעטן מעדיציני פּערסאָנאל | 6,0 |
| געלערנטע, שרייבער און זשורנאליסטן | 8,1 |
| מוזיקער, ארטיסטן | 2,2 |
| אין אלע גרופּעס צוזאמען | 2,8 |

אין דייטשלאַנד, וואו די אידן זיינען שוין אַ סך לענגער באַהעפט צו דער אַרומיגער קולטור, גיבן זיי אַ סך אַ גרעסערן פּראָצענט באַטייליגטע אין ליטעראַטור און וויסנשאַפט. נאָר בנוגע צום באַאַמטנטום איז אַפילו אין דייטשלאַנד דאָס אַריינדרינגען גאַנץ שווער. און אויב צווישן די העכערע באַאַמטע האָבן דאָך אידן אויסגעמאַכט אין 1907 1,9%, האָבן זיי צווישן דער גרויסער מאַסע מיטעלע באַאַמטע אויסגעמאַכט סך־הכל 0,4%, ווייניגער אַפילו ווי אין דער באַפעלקערונג. וואָס געדיכטער אַ באַשעפטיגונג איז באַזעצט, אַלץ שווערער איז פרעמדע עלעמענטן אַריינצודרינגען.

אַ געוויסע באַשטעטיגונג פאַר אונזער העכער אַרויסגעזאָגטער מיינונג וועגן דעם אָנטייל פון אידן אין פאַרשיידענע ווירטשאַפט־צווייגן אין מזרח־ און מערב־אייראָפּע גיבן די דאַטן וועגן בוקאָווינע און ווין פאַרן יאָר 1910. אַזוי האָבן אידן אויסגעמאַכט אין פּראָצענטן [1]:

| אָ ר ט | יאָר | אין דער באפעלקערונג | אין דער לאנדווירטשאפט | אין אינדוסטריע און מלאכה | אין האנדל און קאמוניקאציע |
|---|---|---|---|---|---|
| בוקאווינע . . | 1910 | 12,9 | 1,6 | 30,7 | 62,3 |
| ווין. . . . . | 1910 | 8,6 | 1,4 | 5,3 | 14,1 |

די בוקאָווינער אידן זיינען פאַרטראָטן אינם האַנדל פינף מאָל מער און אין דער אינדוסטריע כמעט 2 און אַ האַלב מאָל מער, ווי אין דער באַפעלקערונג, ווען באַ די ווינער אידן מאַכן די אַנטשפּרעכנדיגע צאָלן אויס אַנדערטהאַלבן מאָל מער אין האַנדל און אַנדערטהאַלבן מאָל ווייניגער אין דער אינדוסטריע.

מיר האָבן אויפגעקלערט די ראָלע פון אידן אין פאַרשיידענע ווירטשאַפטצווייגן נאָך דער מלחמה, חוץ רומעניע און דייטשלאַנד, פאַר וועלכע מיר פאַרמאָגן ניט קיין נאָכמלחמה׳דיגע דאַטן און האָבן געמוזט אויסנוצן די פאַרמלחמה׳דיגע ידיעות. דאָ שווימט אַרויף איינע פון די וויכטיגסטע אידישע עקאָנאָמישע פּראָבלעמעס: צי ווערן אידן אַרויסגעשטויסן פון געוויסע ווירטשאַפט־צווייגן אָדער ניין? בנוגע צום גאַנצן 19־טן יאָרהונדערט וועלן מיר די דאָזיגע ערנסטע פראַגע באַהאַנדלען ווייטער. דאָ וועלן מיר נאָר באַטראַכטן די סטאַטיסטישע דאַטן פאַרן אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט און פאַר דער נאָכמלחמה׳דיגער צייט (חוץ דייטשלאַנד, וואו מיר זיינען געצוואונגען פאַרגלייכן 1895 מיט 1907).

לאָמיר צוערשט באַשטימען, וואָס דאַרף מען פאַרשטייען אונטערן וואָרט „אַרויסשטויסן“ — צי אַ פאַרקלענערונג פון דער אַבסאָלוטער צאָל אידן באַשעפטיגטע אין אַ געוויסן ווירטשאַפט־צווייג אָדער פאַך באַ אַ איינצייטיגער פאַרגרעסערונג פון די ניט־אידישע באַשעפטיגטע אין דעם זעלבן צווייג אָדער פאַך אָדער אַ ניט־אַנטשפּרעכנדיגע באַטייליגונג פון אידן אין די ניי־צוגעקומענע פלעצער אין אַ געוויסן ווירטשאַפט־צווייג אָדער פאַך. פאַרשטייט זיך, אַז די פאַר־הנחה מוז דערביי זיין, אַז די צאָל־פאַרהעלטעניש צווישן די צוויי באַפעלקערונג־גרופּעס בלייבט סטאַביל אָדער ענדערט זיך גאַנץ ווייניג. אַ קאָנקרעטער ביישפּיל וועט די פראַגע קלאָרער מאַכן. שטעלן מיר זיך פאָר, אַז אין אַ געוויסן פונקט זיינען געווען איינגאַנצן 100 קרעמער; פון זיי 75 אידן און 25 ניט־אידן. אין 20 יאָר אַרום זיינען געווען אין זעלבן פונקט 200 קרעמער, נאָר שוין 100 אידן און 100 ניט־אידן. די אידן, וועלכע האָבן פריער אויסגעמאַכט 75 פּראָצענט פון אַלע קרעמער און האָבן געקאָנט פּרעטענדירן אויף דעם זעלבן אָנטייל אין די ניי־צוגעקומענע פלעצער, האָבן באַקומען פון צוואַקס נאָר אַ דריטל — 25 אויפן אָרט פון 75 — ווען די ניט־אידן וועלכע האָבן פּראָפּאָרציאָנעל געקאָנט פּרעטענדירן אויף 25 פלעצער, האָבן פאַקטיש באַקומען דריי מאָל מער. שטעלן מיר זיך פאָר, אַז די אַנטוויקלונג אין די נאָענטסטע צוואַנציג יאָר וועט גייען אין דער זעלבער ריכטונג און מיט דעם זעלבן טעמפּ, וועט זיך באַקומען, אַז אין 40 יאָר וועט זיך די לאַגע ענדערן אויף אַזאַ אופן: די אַבסאָלוטע צאָל אידישע הענדלער וועט זיך פאַרטאָפּלען, ווען דער פּראָצענטועלער אָנטייל פון אידן אינם האַנדל וועט זיך אַקוראַט צוויי מאָל פאַרקלענערן.

אין זין פון דער ערשטער דעפיניציע איז ניט פאָרגעקומען קיין אַרויסשטויסונג, ווייל די אַבסאָלוטע צאָל אידישע קרעמער האַלט דאָך די גאַנצע צייט אין וואַקסן; אין זין פון דער צווייטער דעפיניציע איז געווים פאָרגעקומען אַן אַרויסשטויסונג, ריכטיגער אַ „פאַרשיבונג“, אַ איבערדרוק אינם פאַרהעלטניש־אָנטייל פון די צוויי באַפעלקערונג־גרופּעס אינם האַנדל.

מיטן קאָנסטאַטירן פון פאַקט איז אָבער נאָך גאָר ניט געזאָגט וועגן די סיבות. דאָס וואָרט „אַרויסשטויסן“ האָט אין זיך אַ עלעמענט פון קאַמף און קאָנסטאַטירט ווי אַ נצחון פון איין צד איבערן צווייטן; אָבער ניט אימער איז דאָס ריכטיג: די פּויזענער אידישע מיטל־בורזשואַזיע האָט אויסגעוואַנדערט סוף 19־טן און אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט און האָט אָפּגעטראָטן אירע פּאָזיציעס די ניט־אידן ניט מחמת זי איז אַרויסגעשטויסן געוואָרן, נאָר מחמת בערלין האָט איר צוגעזאָגט אַ סך ברייטערע מעגליכקייטן. ס׳איז קיין ספק ניט, אַז אין דער גרויסער אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד פאַר דער מלחמה האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אויך דאָס, וואָס דער עקאָנאָמישער ערפאָלג פון די שוין איינגעוואַנדערטע אידישע מאַסן האָט מער געצויגן צו זיך, ווי די פּערספּעקטיוון אין דער אַלטער היים. אויף אַזאַ אופן ווערט מען אַמאָל, אַזוי צו זאָגן, פריי־וויליג „אַרויסגעשטויסן“, ווייל מען טרעט אָפּ ווייניגער גוטע פּאָזיציעס, כדי צו דערשלאָגן זיך בעסערע און העכערע. דעריבער דאַרף מען זיין זייער פאָרזיכטיג מיט אויספירן פון קאָנסטאַטירטע דורך סטאַטיסטישע דאַטן פאַקטן. מען מוז אין יעדן פאַל שטודירן די קאָנקרעטע סאָציאַלע סביבה, אין וועלכער די פאַקטן זיינען קאָנסטאַטירט געוואָרן, און ערשט אויפן גרונט פון די אויפגעדעקטע רעאַלע עקאָנאָמישע פּראָצעסן פעסטשטעלן די סיבות, וואָס האָבן געבראַכט צו דער אַרויסשטויסונג.

נאָך דער דאָזיגער געצוואונגען־קורצער הקדמה גייען מיר איבער צום מאַטעריאַל, וואָס באַלייכט די אַרויסשטויסונג־פראַגע, ערקלערנדיג גלייך, אַז די דאָזיגע ערנסטע, שווערע און קאָמפּליצירטע טעמע מוז עקסטראַ באַהאַנדלט ווערן און וועט פון אונז דאָ נאָר אָנגעצייכנט אין אַלגעמיינע שטריכן. מיר געברויכן דאָס וואָרט „אַרויסשטויסונג“ אין זין פון אונזער צווייטער דעפיניציע, ווייל אין זין פון אַ אַבסאָלוטער פאַרקלענערונג פון אידן אין געוויסע ווירטשאַפט־צווייגן געפינען מיר די דאָזיגע ערשיינונג זייער זעלטן.

[1]) די דאַטן וועגן בוקאווינע און ווין האבן ניט געקאנט אריינגעשטעלט ווערן אין דער טאבעלע XIX, ווייל זיי זיינען אנדערש גרופירט.

פון טאַבעלע XX איז גרינג צו מערקן, אַז כמעט אין אַלע לענדער האָט זיך דער פּראָצענט אידישע עקאָנאָמיש־אַקטיווע פאַרקלענערט; באַזונדערס באַדייטנדיג איז געווען די דאָזיגע פאַרקלענערונג אויפן געביט פון קאָנגרעס־פוילן. מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס? דאָ האָבן געווירקט געוויס עטליכע סיבות, פון וועלכע די וויכטיגסטע זיינען פאָלגנדיגע: ראשית, האָט זיך דער פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין די מזרח־אייראָפּייאישע לענדער פאַר די לעצטע 25 יאָר פאַרקלענערט, און דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, געמוזט גורם זיין אַ אַנטשפּרעכנדיגע פאַרקלענערונג פון די עקאָנאָמיש־אַקטיווע עלעמענטן. דער פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט זיך אָבער פאַרקלענערט ניט נאָר צוליב דעם, וואָס בּאַ אידן איז דער נאַטירליכער צוואַקס געווען די לעצטע יאָרן אַ קלענערער, נאָר אַ סך מער איבער דעם, וואָס די אידן האָבן געגעבן אַ סך אַ גרעסערע אויסוואַנדערונג. און אַזוי ווי אויסגעוואַנדערט האָבן אין אַ גרויסער מאָס מענשן אין אַלטער פון 20 ביז 50 יאָר, ד. ה. די יאָרן, וואָס גיבן דעם גרעסטן פּראָצענט עקאָנאָמיש־אַקטיווע, איז גאַנץ נאַטירליך, וואָס דער פּראָצענט אידישע עקאָנאָמיש־אַקטיווע האָט זיך אַ סך מער פאַרקלענערט, ווי דער פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג בכלל. אַז אונזער לעצטע השערה איז אַ ריכטיגע, באַווייזט גאַליציע, וואו דער פּראָצענט אידישע עקאָנאָמיש־אַקטיווע האָט זיך גאַנץ וויניג פאַרקלענערט, מחמת פון דאָרטן האָבן ניט־אידן אויסגעוואַנדערט ניט וויניגער פון אידן.

Tab. — XXI — טאַב.

## די פארענדערונגען אינם נאצ. באשטאנד פון האנדל, אינדוסטיע און ליב. פראפ. אין פוילן און גאליציע

## Die Soll-und Effektivzahl der Juden im Handel, in der Industrie u. in den Freien Berufen Polens

| Land — לאנד | פאַקטישער צוואַקס ** Tatsächl. Zunahme: בכלל Insgesamt | davon bei den — פון דעם בא: אידן Juden | davon bei den — פון דעם בא: ניט־אידן N. Juden | זאָל־צוואַקס ** Soll-Zunahme: אידן Juden | זאָל־צוואַקס ** Soll-Zunahme: ניט־אידן N. Juden | דיפערענץ צווישן פאקטישן און זאל־צוואקס Differ. zwischen Soll-und Effektiv-Zahl bei den: אידן Juden | דיפערענץ צווישן פאקטישן און זאל־צוואקס Differ. zwischen Soll-und Effektiv-Zahl bei den: ניט־אידן N. Juden |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| **Handel und Geldwesen — האנדל** | | | | | | | |
| קאנגרעס־פוילן * — Kongreß-Polen . | 101 680 | 43 615 | 58 065 | 76 667 | 25 013 | — 33 052 | + 33 052 |
| % | 100,0 | 42,9 | 57,1 | 75,4 | 24,6 | — 43,1 | + 132,1 |
| גאליציע — Galizien . . . . . | 16 137 | 2 575 | 13 562 | 13 200 | 2 937 | — 10 625 | + 10 625 |
| % | 100,0 | 16,0 | 84,0 | 81,8 | 18,2 | — 80,5 | + 361,8 |
| ווארשע — Warschau . . . . . | 41 247 | 19 121 | 22 126 | 23 057 | 18 190 | — 3 936 | + 3 936 |
| % | 100,0 | 46,4 | 53,6 | 55,9 | 44,1 | — 17,2 | + 21,6 |
| **Industrie und Gewerbe — אינדוסטריע** | | | | | | | |
| קאָנגרעס־פוילן * — Kongreß-Polen . | 131 356 | 31 788 | 99 568 | 36 780 | 94 576 | — 4 992 | + 4 992 |
| % | 100,0 | 24,2 | 75,8 | 28,0 | 72,0 | — 13,6 | + 5,3 |
| גאַליציע — Galizien . . . . . | 65 259 | 3 636 | 61 623 | 16 315 | 48 944 | — 12 679 | + 12 679 |
| % | 100,0 | 5,6 | 94,4 | 25,0 | 75,0 | — 77,7 | + 25,9 |
| ווארשע — Warschau . . . . . | 28 802 | 17 089 | 11 713 | 6 941 | 21 861 | + 10 148 | — 10 148 |
| % | 100,0 | 59,3 | 40,7 | 24,1 | 75,9 | + 146,2 | — 46,4 |
| **Öffentl. Dienst u. Freie Berufe — ליבעראלע פראָפעס. און באַאַמטע** | | | | | | | |
| קאָנגרעס־פוילן * — Kongreß-Polen . | 62 776 | 3 335 | 59 441 | 12 492 | 50 284 | — 9 157 | + 9 157 |
| % | 100.0 | 5,3 | 94,7 | 19,9 | 80,1 | — 73,3 | + 18,2 |
| גאַליציע — Galizien . . . . . | 33 197 | — 1 675 | 34 872 | 7 536 | 25 661 | — 9 211 | + 9 211 |
| % | 100,0 | — 5,0 | 105,0 | 22,7 | 77,3 | — 122,2 | + 35,9 |
| ווארשע — Warschau . . . . . | 30 917 | 4 402 | 26 515 | 3 122 | 27 795 | — 1 280 | + 1 280 |
| % | 100,0 | 14,2 | 85,8 | 10,1 | 89,9 | — 29,1 | + 4,4 |

* קאנגר.־פוילן מיט גראדנער גוב. — Das ehem. Kongr.-Polen samt Gouv. Grodno
** קאנגר. פוילן 1897—921; גאליצ. 1900—921; Kongr. Polen—1897-921; Galiz. 1900-21

די פאַרקלענערונג פון פּראָצענט אידישע עקאָנאָמיש־אַקטיווע מוז פירן צו אַ אַנטשפּרעכנדיגער פאַרקלענערונג אין איינצעלנע ווירטשאַפט־צווייגן. ס'איז אָבער ניט גרינג פעסטצושטעלן די צווייגן, אין וועלכע די דאָזיגע פאַרקלענערונג איז ווירקליך פאָרגעקומען, ווייל דאָ ווירקן דאָך נאָך אַנדערע סיבות, וועלכע ליגן אויסער דער אידישער סביבה — אַ אויסערגעוויינליך גרויסער צוואַקס פון ניט־אידישע עלעמענטן אין אַ געוויסן ווירטשאַפט־צווייג קאָן פאַרקלענערן דעם פּראָצענט אידן אַפילו דעמאָלט, ווען אַבסאָלוט איז די צאָל אידן באַשעפטיגטע אין גענומענעם ווירטשאַפט־צווייג גענוג אויסגעוואַקסן. מיר וועלן דעריבער מוזן אַביסל טיפער אַריינדרינגען אינם אַנאַליז פון די ציפער, וואָס באַלייכטן דעם אָנטייל פון אידן אין פאַרשיידענע ווירטשאַפט־צווייגן פאַר די צוויי גענומענע צייט־פונקטן.

פון טאַבעלע XXI איז צו זעהען, אַז פאַרן לעצטן פערטל

יאָרהונדערט האָט זיך אין עטליכע ווירטשאַפט־צווייגן דער פּראָצענטועלער אָנטייל פון אידן פאַרקלענערט — אין מזרח־אייראָפּע שטאַרקער, ווי אין מערב־אייראָפּע. שנית, וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז אין דער אינדוסטריע איז די דאָזיגע פאַרקלענערונג געשען אין ווייניגער לענדער און אין אַ שוואַכערער מאָס. דאָס דאָזיגע אַלגעמיינע בילד פון אַנטוויקלונג, וואָס גיט אונז אפשר די אַלגעמיינע טענדענץ, באַלייכט אָבער גאָר ווייניג דעם תוך פון דער פראַגע, ווייל פון דער דאָזיגער פּראָצענטועלער פאַרקלענערונג איז ניט צו זעהען, צי איז די דאָזיגע ערשיינונג אַ רעזולטאַט פון אַבסאָלוטער פאַרקלענערונג פון דער צאָל באַשעפטיגטע אידן אין די אַנטשפּרעכנדיגע ווירטשאַפט־צווייגן אָדער אַ פּועל יוצא פון אַ קלענערן אָנטייל פון אידן אין דעם וואוקס פון די דאָזיגע צווייגן. נאָך ווייניגער איז פון דער פּראָצענטועלער פאַרקלענערונג צו זעהען דעם גראַד היזק פון דער אידישער באַפעלקערונג אין די ווירטשאַפט־צווייגן, וואו איר לאַגע איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און פון דער צווייטער זייט, דעם געווינס־גראַד פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. מיר וועלן פּרובן דורך פאָלגנדיגן אַנאַליז באַלייכטן די דאָזיגע פראַגע: מיר וועלן אויסרעכענען דעם *פאַקטישן* אָנטייל פון אידן און ניט־אידן פאַר דעם גענומענעם צייט־אָפּשניט אינם וואוקס פון איינצלנע ווירטשאַפט־צווייגן און דעם אַזוי גערופענעם *זאָל־אָנטייל*, ד. ה. דעם פּראָצענט אינם וואוקס, וואָס אידן אָדער ניט־אידן קומט פּראָפּאָרציאָנעל צו זייערע פּאָזיציעס אין יעדן ווירטשאַפט־צווייג צום אָנהייב פון דעם באַטראַכטן צייט־אָפּשניט. די דיפערענץ צווישן דעם פאַקטישן און זאָל־אָנטייל — אַ פּאָזיטיווע אָדער נעגאַטיווע — און די גרויס פון דער דאָזיגער דיפערענץ וועלן אונז ווייזן, אין וועלכע ווירטשאַפט־צווייגן האָבן זיך די כּחות־פאַרהעלטנישן צווישן די דאָזיגע צוויי באַפעלקערונג־גרופּעס — אידן און ניט־אידן — געביטן, אין וועלכער ריכטונג און אין וואָסער אַ מאָס.

טאַבעלע XXI גיט אונז אַזאַ סטאַטיסטישן אַנאַליז פאַר קאָנגרעס־פּוילן (מיט גראָדנער גובערניע), גאַליציע און וואַרשע. וועגן אַ אַבסאָלוטער פאַרקלענערונג פון אידן אין וועלכן ס'ניט איז ווירטשאַפט־צווייג קאָן קיין רייד ניט זיין, חוץ ליבעראַלע פּראָפעסיעס אין גאַליציע. אידן באַטייליגן זיך אויך אינם צוואַקס, אָבער אין אַ סך אַ קלענערער פּראָפּאָרץ, ווי דאָס קומט זיי. חוץ איין פאַל — אינדוסטריע אין וואַרשע — האָבן אידן אומעטום אַ נעגאַטיווע דיפערענץ צווישן זייער פאַקטישן און זאָל־צוואַקס, דער איבערדרוק אַלזאָ נעמט אַרום אַלע טיילן פון פּוילן און אַלע ווירטשאַפט־צווייגן, אָבער אין זייער אַ פאַרשיידענער מאָס.

אינם האַנדל האָבן אידן געהאַט דעם גרעסטן היזק אין גאַליציע, וואו זייער פאַקטישער צוואַקס איז אויף 80 פּראָצענט קלענער פונם זאָל־צוואַקס; דעם קלענסטן היזק אינם האַנדל האָבן די אידן געהאַט אין וואַרשע, סך־הכל 17 פּראָצענט, ד.ה. אַז מער פון פיר פינפטל פונם צוואַקס אינם דאָזיגן ווירטשאַפט־צווייג איז אַריינגעפאַלן אין אידישע הענט. דאָס באַשטעטיגט אונזער מיינונג, וועלכע מיר האָבן אין אַ אַנדער אָרט אַרויסגעזאָגט, אַז דער ניט־אידישער האַנדל האַלט אָפּ זיינע נצחונות איבערן אידישן דער עיקר אין דאָרף, וואו ער האָט פאַר זיך אַ קאָמפּאַקטע ניט־אידישע באַפעלקערונג און וואו ער איז אויסשליסליך אַ לאחרים־האַנדל; אין די גרעסערע שטעט און אין די העכערע האַנדל־פאָרמען קומט דעם ניט־אידישן האַנדל אָן אַ סך שווערער דאָס אַריינדרינגען אין אַ צווייג, וואָס איז געדיכט באַזעצט פון אידן. אויף וויפיל די גרויסע שטעט ווערן זאַמלפּונקטן פאַר גרויסע ניט־אידישע אַרבעטער־ און באַאַמטן־מאַסן, וואַקסט אויך דער ניט־אידישער לאחרים־האַנדל; פאַרשטייט זיך, אַז אויף וויפיל אין דאָרף ווערט געשאַפן אַ גרויסער ניט־אידישער האַנדל־קלאַס, ווערט אויך פאַרברייטערט דער באָדן פאַר אַ ניט־אידישן מיטעלן און גרויס־האַנדל אין די שטעט — דאָס איז נאָר אַ פראַגע פון צייט. ליידער גיט ניט די נייע פּוילישע פאָלקס־ציילונג פון 1921־טן יאָר קיין מעגליכקייט פאַרגלייכן די מאַטעריאַלן מיט דער רוסישער ציילונג פון 1897 בנוגע צום פאַרטיילן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע גרופּעס אין באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן לויט באַזונדערע טיפּן פונקטן.

אין דער אינדוסטריע האָבן אידן אַ באַדייטנדיגן היזק נאָר אין גאַליציע, וואו זיי האָבן ווי אין האַנדל, פאַרלאָרן כמעט פיר פינפטל פון זייער זאָל־צוואַקס; אַ סך בעסער איז געווען אין קאָנגרעס פּוילן, וואו די אידן האָבן באַקומען גאַנצע 87% פון זייער זאָל־צוואַקס; און גאָר גלענצנד איז געווען די לאַגע אין וואַרשע, וואו די אידן האָבן באַקומען מיט העכער צען טויזנט מער באַשעפטיגטע ווי ס'איז זיי געקומען לויט זייער אָנטייל אין דער אינדוסטריע אין 1897־טן יאָר. פאַרקערט, די ניט־אידן האָבן באַקומען כמעט מיט אַ גאַנצער העלפט ווייניגער אין דער אינדוסטריע, ווי זייער זאָל־צוואַקס. פאַרשטייט זיך, אַז אין אַ גרויסער מאָס דערקלערט זיך דאָס מיט דער אומנאָרמאַלער לאַגע פון 1921־טן יאָר בשעת די ציילונג איז פאָרגעקומען — גרויסע מאַסן קריסטליכע אַרבעטער זיינען בשעתן אָקופּאַציע־הונגער אַנטלאָפן אין דאָרף אַריין, מיט וועלכן זיי האָבן ניט איבערגעריסן אינגאַנצן, ווען די אידן, פאַרקערט, זיינען פון דער פּראָווינץ געלאָפן אין די גרויסע שטעט. ס'איז אינטערעסאַנט, וואָס אינם האַנדל איז בּאַ די ניט־אידן אין וואַרשע פאַראַן אַ סך אַ גרעסערער צוואַקס, ווי אין דער אינדוסטריע. דאָס איז צו דערקלערן נאָר מיט דעם, וואָס דער ניט־אידישער הענדלער האָט אויך ניט געהאַט וואוהין צו אַנטלויפן פון הונגער און האָט געמוזט בלייבן אין שטאָט. מיר מיינען אָבער, אַז חוץ דער נאָר וואָס אָנגעוויזענער סיבה איז פאַראַן נאָך אַ אַנדער אורזאַך, וואָס האָט געמאַכט דעם אָנטייל פון אידן אינם אינדוסטריעלן צוואַקס פון וואַרשע באַדייטנדיג. די זאַך ווערט קלאָר, ווען מען פאַרגלייכט וואַרשע מיט גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן. ס'וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז בּאַ אידן האָט וואַרשע צוגענומען מער פון אַ העלפט פונם גאַנצן אינדוסטריעלן צוואַקס—17,089 פון 31,788; בּאַ ניט־אידן האָט וואַרשע באַקומען סך־הכל איין ניינטל פון זייער גאַנצן אינדוסטריעלן צוואַקס — 11,713 פון 99,568. מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס? מיט דעם, וואָס פאַר אידן איז וואַרשע מיט זיין פאַרצווייגטער הויז־אינדוסטריע דער גרעסטער אינדוסטריעלער צענטר, ווען פאַר ניט־אידן טרעט וואַרשע אָפּ אין אינדוסטריעלן זין די בכורה לאָדז און דאָמבראָווער ראַיאָן. די גרויסע אַנטוויקלונג פון דער הויז־אינדוסטריע פאַר דער מלחמה האָט צוגעצויגן אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס אידן, ווי ניט־אידן.

ס'איז זייער נויטיג אונטערצושטרייכן דעם פאַקט, וואָס אומעטום האָבן אידן אין דער אינדוסטריע פאַרנומען פאַר דעם באַטראַכטן צייט־אָפּשניט אַ סך גרעסערע פּאָזיציעס, ווי אינם האַנדל, וואו זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַ סך שוואַכער, כאָטש דער האַנדל־צווייג איז אַ סך מער קאָנצענטרירט אין אידישע הענט. נאָך אינטערעסאַנטער ווערט דער דאָזיגער פאַקט, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז די אויסוואַנדערונג האָט צוגענומען

פינף מאָל מער האַנטווערקער און אַרבעטער ווי הענדלער. מען מוז קומען אויפן גרונט פון די דאָזיגע פאַקטן צום אויספיר, אַז די לאָבאַריזירונג פון די אידישע מאַסן האָט פאַר דער מלחמה געהאַט זייער אַ ברייטן פאַרנעם, ווייל בשעת מלחמה און באַלד נאָך דער מלחמה האָט זיך געמערקט, גאַנץ באַזונדערס אין קאָנגרעס־פוילן, אַ פאַרקערטע ערשיינונג — האַנטווערקער האָבן זיך געוואָרפן צו האַנדל און ספעקולאַציע.

גאָר טרויעריג איז די לאַגע אין די ליבעראַלע פראָפעסיעס און באַאַמטנטום. די נעגאַטיווע דיפערענץ צווישן דעם זאָל־ און פאַקטישן צוואַקס איז באַ אידן דאָ העכער, ווי אין האַנדל און אינדוסטריע. אין גאַליציע איז אַפילו דאָ אַ אַבסאָלוטע פאַרקלענערונג; אין קאָנגרעס־פוילן פעלן אידן כמעט דרייפערטל פון זייער זאָל־צוואַקס און אין וואַרשע אויך 29,1%. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ שפּילט אַ גרויסע ראָלע דער קאָלאָסאַלער צוואַקס פון באַאַמטנטום, וואָס איז אויף אַלע הונדערט פראָצענט געגאַנגען אויפן חשבון פון די ניט־אידן. ס'איז גענוג צו פאַרגלייכן דעם צוואַקס באַ אידן און ניט־אידן אין באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן, כדי גלייך באַמערקן, ווי אומנאָרמאַל באַ די ניט־אידן דאָס באַאַמטנטום איז אויסגעוואַקסן. ס'זיינען צוגעקומען פון 1897 ביז 1921 אין קאָנגרעס פוילן און גאַליציע:

| | באַ אידן | באַ ניט־אידן |
|---|---|---|
| האנדל . . . . . . . . . | 46 190 | 71 627 |
| אינדוסטריע . . . . . | 35 424 | 161 191 |
| ליב· פראפ· / באאמטע · | 1 660 | 94 313 |
| **צוזאמען . . . .** | **83 274** | **327 131** |

באַ אידן מאַכט די לעצטע גרופע אויס ווייניגער פון צוויי פראָצענט פון גאַנצן צוואַקס, ווען באַ ניט־אידן מאַכט זי אויס כמעט 30 פראָצענט.

אַ באַזונדערס אינטערעסאַנטע פראַגע, וואָס איז נאָך ווייניג באַלויכטן געוואָרן, איז די פראַגע וועגן די פראָלעטאַרישע עלעמענטן באַ דער אידישער באַפעלקערונג.

די ווייטערדיגע טאַבעלע XXII גיט אונז אַ פאָרשטעלונג וועגן פראָלעטאַרישע עלעמענטן באַ העכער זיבן מיליאָן אייראָפּייאישע אידן אָדער באַ כמעט אַכטציג פראָצענט אייראָפּייאישע אידן. ראשית, באַקומט זיך, אַז פון העכער דריטהאַלבן מיליאָן עקאָנאָמיש־אַקטיווע אידן זיינען געווען פראָלעטאַרישע עלעמענטן (לוין־אָפּנעמער פון ביידע מינים — אַרבעטער און אָנגעשטעלטע) 912,090 אָדער 35,8% פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע. פאַרגלייכט מען דעם פראָצענט פראָלעטאַרישע עלעמענטן באַ אידן מיט אַנדערע פעלקער, שטעלט זיך אַרויס, אַז אין דין פון קוואַנטיטאַטיווער פראָלעטאַריזירונג פאַרנעמען אידן דאָס מיטעלע אָרט צווישן די אינדוסטריעלע און אַגראַרישע פעלקער. אַזוי זיינען פון יעדע הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע געווען אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אין :

| | | |
|---|---|---|
| ענגלאנד און אירלאנד· | (1923) | 77,0 |
| פאראייניגטע שטאטן· | (1920) | 75,0 |
| בעלגיע | (1910) | 73,0 |
| דייטשלאנד | (1907) * | 62,7 ** |
| טשעכאָסלאָוואַקיי· | (1921) | 68,0 ** |
| אונגארן | (1910) | 55,0 |
| פראנקרייך | (1906) | 48,0 |
| פוילן | (1921) | 24,8 ** |
| אלט־רומעניע | (1913) | 20,0 ** |
| רוסלאנד | (1925) | 15,0 |
| א י ד ן | | 35,8 |

* אין 1925 מאכן די פראלעטארישע עלעמענטן אין דייטשלאנד אויס מער פון צוויי דריטל פון אלע עק·־אקטיווע; ** די ניט־איד· באפעלק·

Tab. — XXII — טאב·

## די פראלעטארישע עלעמענטן אין דער אידישער עקאנ·־אקטיווער באפעלקערונג

**Der Anteil der Lohnempfänger in der erwerbstät. jüd. Bevölkerung**

| מלוכה — Staat | יאר פון ציילונג Zählungsjahr | די גאנצע צאל עק·־אַקטיווע Ges. Zahl der Erwerbstätigen | פון דעם זיינען — davon waren: אנגעשטעלטע Angestellte abs. | אנגעשטעלטע Angestellte % | ארבעטער Arbeiter abs. | ארבעטער Arbeiter % | פון דעם אין אינדוסטריע dav. in der Industrie abs. | פון דעם אין אינדוסטריע dav. in der Industrie % פון אלע ארב· % sämtl. Arbeiter |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פוילן — Polen | 1921 | 924 028 | 47 360 | 5,1 | 205 104 | 22,2 | 117 056 | 57,7 |
| ראטן־רוסלאנד — Sowjet-Rußland | 1927 | 920 000 | 180 000 | 19,6 | 180 000 | 19,6 | 140 000 | 77,7 |
| רומעניע — Rumänien | 1913 | 88 254 | 18 248 | 20,7 | 26 061 | 29.5 | 21 972 | 84,3 |
| אונגארן — Ungarn | 1920 | 202 072 | 42 645 | 21,1 | 61 357 | 30,3 | 33 142 | 54,0 |
| טשעכאָסלאָוואקיי — Čechoslovakei | 1921 | 153 092 | 22 454 | 14,7 | 32 051 | 20,9 | 12 045 | 37,6 |
| דייטשלאנד — Deutschland | 1907 | 260 953 | 37 692 | 14,4 | 59 118 | 22,7 | 19 938 | 33,7 |
| **צוזאמען — Insgesamt** | — | **2 548 399** | **348 399** | **13,7** | **563 691** | **22,1** | **344 153** | **61,1** |

באמערקונג: 1· צו פוילן: צו די 102·056 אידישע ארבעטער (מיט כאלופניקעס) אין "אינדוסטריע און מלאכה" זיינען צוגעגעבן געווארן 10·000 ארבעטסלאזע (פון די 15 734 ארבעטסלאזע, ארעסטאנטן, קראנקע אין די שפיטאלן א· א· וו·) און 5000 פון "פערזענליכער דינסט" (פון 9890 אין גרופע "אנד· פערזענליכער דינסט")· באַ די ניט־אידן זיינען צו די 2 781 056 ארבעטער צוגעגעבן 150 000 פון די ארבעטסלאזע און פערזענליכן דינסט·

2· צו אונגארן: ביים אויסרעכנען די צאל אנגעשטעלטע און ארבעטער אין דער גרופע "ליבעראלע פראפעסיעס" זיינען גענומען געווארן די דייטשע פראפארצן פון 1907·

3· אומעטום איז די גרופע "ארמיי" אויסגעשלאסן·

Tab. — XXIII — טאַב.

# די סאָציאַלע גלידערונג פון דער אידישער עקאָנאָמיש־אַקטיווער באַפעלקערונג

## Die soziale Stellung der erwerbstätigen jüdischen Bevölkerung

| באַאַמטע און ליב. פּראָפ. Öffentl. Dienst u. Freie Berufe | | | האַנדל און קרעדיט Handel u. Geldwesen | | | אינדוסטריע און מלאכה Industrie und Gewerbe | | | Land — לאַנד | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אַרבעטער Arbeiter | אַנגעשטעלטע Angestellte | זעלבשטענד. Selbständ. | אַרבעטער Arbeiter | אַנגעשטעלטע Angestellte | זעלבשטענד. Selbständ. | אַרבעטער Arbeiter | אַנגעשטעלטע Angestellte | זעלבשטענד. Selbständ. | | |
| 4 427 | 16 071 | 19 644 | 20 776 | 11 095 | 248 838 | 102 056 | 11 262 | 156 534 | . . . . Juden — אידן | פוילן — Polen |
| 5,0 | 8,5 | 40,9 | 23,0 | 22,3 | 76,5 | 14,6 | 19,7 | 34,9 | a | |
| 11,0 | 40,0 | 49,0 | 7,4 | 4,0 | 88,6 | 37,8 | 4,2 | 58,0 | b | |
| 84 318 | 173 145 | 28 343 | 69 748 | 38 597 | 76 320 | 598 099 | 45 889 | 2 482 | . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 29,5 | 60,6 | 9,9 | 37,8 | 20,9 | 41,3 | 63,9 | 4,9 | 31,2 | c | |
| 53 | 1 793 | 1 012 | 19 | 12 287 | 19 078 | 21 972 | 1 594 | 12,890 | . . . . Juden — אידן | רומעניע — Rumän. |
| 15,5 | 2,9 | 6,2 | 11.4 | 29,1 | 32,2 | 11,1 | 16,6 | 14,3 | a | |
| 1,9 | 62,7 | 35,4 | 0,1 | 39,1 | 60,8 | 58,6 | 4,3 | 37,1 | b | |
| 288 | 59 979 | 15 227 | 148 | 22 964 | 40 139 | 175 659 | 7,995 | 83 567 | . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 0,4 | 79,4 | 20,2 | 0.2 | 42.7 | 57,1 | 65,7 | 3,0 | 31,3 | c | |
| 306 | 2 681 | 1 048 | 4 677 | 1 388 | 14 047 | 5 178 | 1 861 | 5 394 | . . . . Juden — אידן | סלאָוואַקיי/קאַרפּ. — Slovakei/Karp. |
| 1,9 | 9,9 | 25,6 | 31,7 | 25,7 | 60,7 | 3,2 | 25,7 | 9,8 | a | |
| 7,6 | 66,4 | 26,0 | 23,3 | 6,9 | 69,8 | 41,6 | 15,0 | 43,4 | b | |
| 15 348 | 24 411 | 3 051 | 10 055 | 4 022 | 9 092 | 155 536 | 5 371 | 49 685 | . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 35,9 | 57,0 | 7,1 | 43,4 | 17,4 | 39,2 | 73,9 | 2,5 | 23,6 | c | |
| 331 | 1 034 | 311 | 1 442 | 193 | 4 602 | 3 069 | 188 | 4 056 | . . . . Juden — אידן | ק.־רוס. — K.-Rußl. |
| 3,9 | 19,6 | 50,7 | 69,6 | 39,9 | 93,6 | 21,6 | 35,1 | 47,7 | a | |
| 19,7 | 61,7 | 18,6 | 23,1 | 3,1 | 73.8 | 42,0 | 2,6 | 55,4 | b | |
| 8 120 | 4 236 | 303 | 629 | 291 | 314 | 11 130 | 348 | 4 453 | . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 64,1 | 33,5 | 2,4 | 51,0 | 23,6 | 25,4 | 69,9 | 2,2 | 27,9 | c | |
| 1 156 | 3 117 | 2 092 | 6 658 | 5 251 | 15 821 | 3 798 | 4 506 | 5 457 | . . . . Juden — אידן | בעמען, מערן, שלעזיע — Bohmen, Mähr., Schles. |
| 0,8 | 2,1 | 10,3 | 6,3 | 9,9 | 11,7 | 0,2 | 6,3 | 2,0 | a | |
| 18,1 | 49,0 | 32,9 | 24,0 | 18,9 | 57,1 | 27,6 | 32,7 | 39,7 | b | |
| 146 357 | 146 776 | 18 208 | 99 163 | 47,764 | 119 614 | 1 603 243 | 71 408 | 261 062 | . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 47,1 | 47,1 | 5.8 | 37,2 | 17,9 | 44,9 | 82,8 | 3,7 | 13,5 | c | |
| 1 173 | 1 150 | 14,500 | 32 447 | 22 901 | 78 396 | 19 938 | 13 475 | 26 967 | . . . . Juden — אידן | דייטשל. — Deutschl. |
| 0,5 | 0,4 | 2,6 | 1,9 | 4,5 | 7,7 | 0,2 | 2,0 | 1,4 | a | |
| 7,0 | 6,8 | 86,2 | 24,3 | 17,1 | 58,6 | 33,0 | 22,3 | 44,7 | b | |
| 229 878 | 295 850 | 544 500 | 1 666 553 | 483 099 | 933 604 | 8 440 062 | 672 525 | 1 950 033 | . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 21,5 | 27,6 | 50,9 | 54,0 | 15,7 | 30,3 | 76,3 | 6,1 | 17,6 | c | |
| . | . | . | 18 891 | 22 097 | 40 275 | 33 142 | 10 422 | 28 110 | . . . . Juden — אידן | אונגאַרן — Ungarn |
| . | . | . | 32,8 | 46,4 | 53,6 | 7,1 | 38,1 | 12,3 | a | |
| . | . | . | 23,2 | 27,2 | 49,6 | 46,3 | 14,5 | 39,2 | b | |
| . | . | . | 38 701 | 25 511 | 34,873 | 437 132 | 16 957 | 199 816 | . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| . | . | . | 39,1 | 25,7 | 35,2 | 66,8 | 2,6 | 30,6 | c | |
| 7 446 | 25 846 | 38 607 | 84 910 | 75 212 | 421,057 | 189 153 | 43 308 | 240 408 | . . . . Juden — אידן | צוז. — Insgesamt |
| 1,5 | 3,5 | 6,0 | 4,3 | 10,7 | 25,8 | 1,6 | 5,0 | 7,8 | a | |
| 10,4 | 35,9 | 53,7 | 14,6 | 12,9 | 72,5 | 40,0 | 9,2 | 50,8 | b | |
| 484 309 | 704 397 | 609 632 | 1 884 997 | 629 248 | 1 213 956 | 11420861 | 820 493 | 2 840 098 | . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 26,9 | 39,2 | 33,9 | 50,6 | 16,9 | 32,5 | 75,8 | 5,4 | 18,8 | c | |

באַמערקונג: 1) a — פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיקטע אין דער אַנטשפּרעכנדיקער רובריק; b — פּראָצענט פון אַלע אידן, וואָס זיינען באַשעפטיקט אין דעם אַנטשפּרעכנדיקן ווירטשאַפט־צווייג; c - פּראָצענט פון אַלע ניט־אידן אין אַנטשפּרעכנדיקן ווירטשאַפט־צווייג; 2) דער סך־הכל פון די ליבעראַלע פּראָפעסיעס איז געמאַכט געוואָרן אָן אונגאַרן, פאַר וועלכן עס פעלן אונז די אַנטשפּרעכנדיקע ציפערן;

Anmerkung: a — % sämtlicher Erwerbstätigen in der entsprechenden Spalte; b — % sämtlicher jüdischen Erwerbstätigen in der entsprechenden Wirtschaftsklasse; c — % sämtlicher nichtjüd. Erwerbstätigen in den einzelnen Wirtschaftsklassen.

די אידן פאַרמאָגן בערך צוויי מאָל ווייניגער פּראָלעטאַרישע עלעמענטן, ווי די ערשטע פינף הויך־אינדוסטריעלע פעלקער, אָבער אַנחערטהאַלבן־צוויי מאָל מער, ווי די לעצטע דריי אַגראַרישע פעלקער, ווי די פעלקער, צווישן וועלכע אידן לעבן אין גרויסע מאַסן.

דער פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן באַ אידן אין באַזונדערע לענדער איז פאַרשידן. די אונגאַרישע און רומענישע אידן האָבן דעם העכסטן פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן — מער פון אַ העלפט פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע; פוילן האָט דעם קלענסטן פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן — נאָר עטוואָס מער פון אַ פערטל פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע אידן; דייטשלאַנד און טשעכאָ־סלאָוואַקיי פאַרנעמען דאָס מיטלע אָרט מיט העכער אַ דריטל פּראָלעטאַרישע עלעמענטן; רוסלאַנד גיט אויך אַ גאַנץ הויכן פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן באַ אידן, מען מוז אָבער געדענקען, אַז אין דער צאָל אָנגעשטעלטע זייענען דאָ אַריין כמעט אַלע באַשעפטיגטע אין די ליבעראַלע פּראָפעסיעס, וואָס ס׳בלאָזט שטאַרק אויף דעם פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן.

מיר האָבן אויסגערעכנט דעם פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן לגבי די עקאָנאָמיש־אַקטיווע. לגבי דער באַפעלקערונג בכלל וועט דער פּראָצענט נפשות, וואָס לעבן פון לוין, זיין באַדייטנדיג קלענער, בפרט נאָך באַ אידן, וואו נאָך עד היום באַשטייט אַ גרויסער טייל פון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון ניט־פאַרהייראַטע יונגע עלעמענטן. מיר רעכענען, אַז די העכער 900 טויזנט פּראָלעטאַריער, וועלכע מיר האָבן אָנגעציילט אין זעקס אייראָפּייאישע מלוכות, שפייזן ניט מער ווי נאָך אַזוי פיל נפשות און מאַכן אַלזאָ אויס צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליע־גלידער בערך אַ מיליאָן מיט אַכט הונדערט טויזנט נפשות. ס׳באַקומט זיך, אַז אין די דאָזיגע לענדער לעבט פון לוין בערך אַ פערטל פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג.

וויפיל זיינען פאַראַן באַ אידן פּראָלעטאַריער בכלל? קיין קלאָרע תשובה קאָן מען אויף דער דאָזיגער פראַגע ניט געבן, ווייל ס׳פעלן ידיעות. מיר וועלן זיך דאָך ערלויבן מאַכן איינגע השערות, וועלכע, מיר גלויבן, וועלן אונז געבן אַ נאָענטע צום אמת פאָרשטעלונג וועגן דער זאַך.

נעמען מיר אָן, אַז דער פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן, וועלכן מיר האָבן פעסטגעשטעלט אין די זעקס באַטראַכטע לענדער, איז טיפּיש אויך פאַר די איבעריגע אייראָפּייאישע אידן, דעמאָלט וועלן מיר באַקומען, אַז אין גאַנץ אייראָפּע זיינען פאַראַן בערך 1,165.000 פּראָלעטאַריער, וועלכע מאַכן אויס מיט זייערע פאַמיליע־גלידער צוויי מיליאָן מיט 330 טויזנט נפשות. אין גאַנץ אַמעריקע (פאַר. שטאַטן, אַרגענטינע און קאַנאַדע) דאַרף מען רעכענען פון 800 ביז 850 טויזנט אידישע פּראָלעטאַריער, פון וועלכע צוויי דריטל זיינען אַרבעטער און איין דריטל אָנגעשטעלטע. נעמען מיר אָן, אַז אין אַמעריקע איז דער פּראָצענט עקאָנאָמיש־אַקטיווע ניט 35 פּראָצענט פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג, ווי אין אייראָפּאַ, נאָר 40 פּראָצענט, באַקומען מיר ביים גאַנצן אַמעריקאַנישן אידנטום בערך 1,750 טויזנט עקאָנאָמיש־אַקטיווע, פון וועלכע די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן מאַכן אויס כמעט אַ העלפט. אַזוי ווי אין אַמעריקע באַשטייט אַ גרויסער פּראָצענט אידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון עלטערע באַווייבטע עלעמענטן, קאָן מען די צאָל פּראָלעטאַריער כופלען אויף צוויי און אַ האַלב; מיר באַקומען, אַז ביים אַמעריקאַנער אידנטום לעבן פון לוין פון 45 ביז 46 פּראָצענט פון אַלע אידן. די דאָזיגע אַלע השערות זיינען זייער פאָרזיכטיגע און זיינען גיכער קלענער פון די ווירקליכע צאָלן, ווי גרעסער.

מע קאָן אָננעמען, אַז אין אייראָפּע און אַמעריקע צוזאַמען פאַרמאָגן מיר בערך צוויי מיליאָן פּראָלעטאַריער, וועלכע מאַכן אויס בערך 40 פּראָצענט פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע; פון לוין לעבן באַ די אידן פון די דאָזיגע ביידע קאָנטינענטן בערך 31—32 פּראָצענט פון אַלע אידן.

מיר קאָנען זיך, ליידער, דאָ ניט אָפּשטעלן גענויער אויף דער קוואַליטאַטיווער כאַראַקטעריסטיק און אַנאַליז פון די אידישע פּראָלעטאַרישע עלעמענטן — דאָס איז צו אַ ערנסטע טעמע, מע זאָל זי קאָנען באַטראַכטן אגב אורחא. מיר וועלן זיך דערייבער באַגרעניצן מיט אָנצייכענען די וויכטיגסטע כאַראַקטעריסטישע סימנים פון אידישן לוין־קלאַס:

1) באַ אידן מאַכן אויס די אָנגעשטעלטע בערך 35—36% פון אַלע פּראָלעטאַריער, 3—4 מאָל מער, ווי באַ אַנדערע פעלקער.

2) באַ אידן פעלן כמעט אינגאַנצן לאַנדווירטשאַפטליכע לוין־אַרבעטער, וועלכע מאַכן געוויינליך אויס פון 15 ביז 25 פּראָצענט פון אַלע פּראָלעטאַריער באַ אַנדערע פעלקער.

3) די אידישע אינדוסטריע־אַרבעטער זיינען אויף 60־70% וואַרשטאַטישע (אין אייראָפּע זיינען אַפילו 80 פּראָצענט פון אַלע אידישע פּראָלעטאַריער באַשעפטיגט אין וואַרשטאַטן און ניט אין פאַבריקן) און נאָר אויף 30—40 פּראָצענט פאַבריק־אַרבעטער, ווען באַ אַנדערע פעלקער מאַכן געוויינליך די פאַבריק־אַרבעטער אויס פון 75־80% פון אַלע פּראָלעטאַריער.

4) די אידישע אַרבעטער זיינען ס׳רוב פאַרנומען ביים אויסאַרבעטן פּראָדוקטן פון דירעקטן געברויך, ווען באַ אַנדערע פעלקער מאַכן די פּראָלעטאַריער פון די דאָזיגע אינדוסטריע־צווייגן אויס אַ קליינעם פּראָצענט פון אַלע פּראָלעטאַריער.

לאָמיר איבערגייען צום אַנאַליז פון דער סאָציאַלער גלידערונג באַ אידן בכלל.

טאַבעלע XXIII גיט אונז אַ בילד פון דער סאָציאַלער גלידערונג באַ אידן פון זעקס לענדער — בערך באַ פיר מיליאָן אידן. ס׳וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז אומעטום איז די סאָציאַלע גלידערונג באַ אידן גאַנץ אַנדערש, ווי באַ ניט־אידן און אַז אין דעם פּרט זיינען די אידן פון פאַרשיידענע לענדער אַ סך נאָענטער צווישן זיך, ווי מיט דער אַרומיגער באַפעלקערונג.

פון יעדע הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע אין אינדוסטריע און מלאכה זיינען געווען זעלבסטשטענדיגע:

| | באַ אידן | באַ ניט־אידן |
|---|---|---|
| פוילן . . . . . | 58·0 | 31·2 |
| קארפּאַטאָרוס . . | 55·4 | 27·9 |
| דייטשלאַנד . . . | 44·7 | 17·6 |
| סלאָוואַקיי . . . | 43·4 | 23·6 |
| בעהמען/מעהרן . | 39·7 | 13·5 |
| רומעניע . . . . | 37·1 | 31·3 |
| צוזאַמען | 52·9 | 18·3 |

באַ ניט־אידן איז קלאָר דער טיפער חילוק צווישן די מערב־ און מזרח־לענדער: אין די לעצטע איז די צאָל בעלי־בתים אומגעפער אַנדערהאַלבן - צוויי מאָל גרעסער, ווי אין די ערשטע. אין דער אידישער שורה איז דער חילוק ווייט ניט אַזוי בולט אויסגעשפּראָכן. אינגאַנצן גענומען מאַכן באַ אידן די

בעלי־בתים אוים מער פון אַ העלפט פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע אין דעם דאָזיגן ווירטשאַפט־צווייג — כמעט דריי מאָל מער, ווי בײַ ניט־אידן. אין די מערב־אייראָפּייאישע לענדער איז די צאָל בעלי־בתים בײַ אידן 2 און אַ האַלב מאָל און דריי מאָל גרעסער, ווי בײַ ניט־אידן; אין די מזרח־אייראָפּייאישע נאָר בערך בײַ צוויי מאָל. נעמט מען אידן פאַר זיך אַליין, איז דער חילוק צווישן די מזרח־ און מערב־אידן גאָר אַ קלענער — דער פּראָצענט בעלי־בתים בײַ די פּוילישע אידן איז בערך נאָר אויף אַ דריטל גרעסער, ווי בײַ די דײַטשע אידן; אין אין רומעניע, למשל, איז ער גאָר קלענער אַפילו, ווי בײַ די בעהמען־מעהרישע אידן.

מע דאַרף געדענקען, אַז פון דעם הויכן פּראָצענט בעלי־בתים בײַ אידן קאָן מען ניט ציען דעם אויספיר, אַז אידן האָבן אַ קלענעם אָנטייל אין חער גרויס־פּראָדוקציע. אידישע פאַבריקאַנטן נעמען דאָך געוויג ניט־אידישע אַרבעטער, ווען אידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע בײַ ניט־אידישע פאַבריקאַנטן זײַנען אַ זעלטענע ערשיינונג אַפילו אין מערב־אייראָפּע. דעריבער האַלטן מיר דאָס בילד, וואָס מען באַקומט פון טאַבעלע XXIII וועגן דער סאָציאַלער גלידערונג דער עיקר וויכטיג פאַרן טיפערן אַריינדרינגען אינם בוי פון די אידישע פּראָלעטאַרישע עלעמענטן, וועלכע זײַנען כמעט אין זייער גאַנצער גרויס געבונדן מיט דער אידישער ווירטשאַפט און שפּיגלען דעריבער אָפּ אין זיך די קלאַסן־כחות פון אַ באַשטימטער סאָציאַלער גרופּע אין אידישן לעבן. גאָר אַנדערש איז מיט די בעלי־בתים, פון וועלכע איין טייל שטייט עקאָנאָמיש אינגאַנצן אויסער דער אידישער ווירטשאַפט און סאָציאַל איז ער אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער אידישער סביבה; אַ צווייטער טייל איז אויף אַ העלפט אָדער צוויי דריטל אָפּגעריסן פון דער אידישער ווירטשאַפטליכער ספערע, און נאָר די גאָר קליינע אונטערנעמער און האַנטווערקער זײַנען אָתאַניש געבונדן מיט די אידישע פּראָדוקציע־כחות. אויף אַזאַ מין אופן באַקומט זיך, אַז די גרופּע בעלי־בתים, אויף וויפיל זי בלײַבט צוליב די אָדער יענע סיבות און טעמים אין דער אידישער געזעלשאַפטליכער סביבה, פאַרמאָגט אַזעלכע מאַכט־כחות, וועלכע זי שעפּט פון אַ גאַנץ אַנדערן ווירטשאַפטליכן אַרום.

ס׳וואָלט אָבער געווען אַ פעלער צו מיינען, אַז די געבראַכטע סאָציאַלע גלידערונג האָט קיין שום ווערט פאַר אונז ניט — סוף כל סוף בילדען די דערמאָנטע סאָציאַל גאַנץ אָפּגעריסענע עלעמענטן אַ זייער קליינעם כמותדיגן טייל פון דער גאַנצער גרופּע בעלי־בתים; איר איבערוויגנדיגע מערהייט באַשטייט דאָך פון די זעלבסטשטענדיגע, וואָס זײַנען אין פּראָדוקציע־פּראָצעס באַהעפט מיט דער אידישער סביבה, און דעריבער קאָן מען דאָך אין אַלגעמיינעם אָננעמען, אַז די געבראַכטע דאַטן גיבן אַ מער אָדער ווייניגער ריכטיג אָפּבילד פון די סאָציאַלע כחות־פאַרהעלטנישן אין אידישן לעבן.

מיר גייען איבער צום ווייטערדיגן אַנאַליז פון טאַבעלע XXIII.

אַלע אָנגעוויזענע ערשיינונגען בײַ דער גרופּע בעלי־בתים אין אינדוסטריע און מלאכה חזרן זיך כמעט איבער בײַ דער דאָזיגער גרופּע אינם אָפּטייל האַנדל און קרעדיט. און אין אַ סך אַ שאַרפערער פאָרם טרעטן זיי אַרויס בײַ דער דאָזיגער גרופּע אינם אָפּטייל ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום. בײַ אידן איז די צאָל בעלי־בתים גרעסער ווי בײַ ניט אידן זיבן מאָל (קאַרפּאַט־רוסלאַנד), פינף מאָל (פּוילן), זעקס מאָל (בעהמען און מעהרן) און נאָר אין דײַטשלאַנד איז חער חילוק ניט אַזאַ גרויסער.

פון הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע אין אינדוסטריע און מלאכה זײַנען געווען אַרבעטער:

| | בא אידן | בא ניט־אידן |
|---|---|---|
| רומעניע | 58·6 | 65·7 |
| קארפאט־רוסל. | 42·0 | 69,9 |
| סלאָוואקיי | 41·6 | 73·9 |
| פוילן | 37·8 | 63·9 |
| דייטשלאנד | 33·0 | 76·3 |
| בעמען/מערן | 27·6 | 82,8 |

בײַ ניט־אידן איז אין די מערב־לענדער דער פּראָצענט אַרבעטער גרעסער, ווי אין די מזרח־לענדער; בײַ אידן פאַרקערט. אין די מערב־אייראָפּייאישע לענדער איז בײַ אידן דער פּראָצענט אַרבעטער $2^1/_2$ מאָל (דײַטשלאַנד) און דריי מאָל (בעהמען און מעהרן) קלענער, ווי בײַ ניט־אידן; אין די מזרח־אייראָפּייאישע לענדער בערך פון $1\ ^1/_2$ ביז צוויי מאָל. מיר פאַרשפּאָרן צוגעבן, אַז בײַ די אַרבעטער זײַנען די פאַרהעלטנישן צווישן אידן און ניט־אידן אַקוראַט פאַרקערט, ווי בײַ די בעלי־בתים.

כאַראַקטעריסטיש זײַנען די דאַטן וועגן דעם פּראָצענט אָנגעשטעלטע אין אינדוסטריע און מלאכה. פון הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע זײַנען געווען אָנגעשטעלטע.

| | בא אידן | בא ניט־אידן |
|---|---|---|
| בעהמען/מעהרן | 32·7 | 3·7 |
| דייטשלאנד | 22·3 | 6·1 |
| סלאָוואקיי | 15·0 | 2·5 |
| רומעניע | 4·3 | 3·0 |
| פוילן | 4·2 | 4·9 |
| קארפאט־רוסל. | 2·6 | 2·2 |

דער סדר פון די לענדער האָט זיך אינגאַנצן געביטן: די מערב־אייראָפּייאישע אידן שטייען אויפן ערשטן אָרט, די בעהמען־מעהרישע אידן האָבן אָנגעשטעלטע כמעט אַ גאַנץ דריטל פון אַלע זייערע עקאָנאָמיש־אַקטיווע, ניין מאָל מער, ווי זייערע אַרומיגע ניט־אידן און צוועלף מאָל מער, ווי די קאַרפּאַט־רוסישע אידן. די דײַטשע אידן האָבן אויך אָנגעשטעלטע אַ גרויסן פּראָצענט—מער פון אַ פינפטל פון אַלע זייערע עקאָנאָמיש־אַקטיווע, פיר מאָל כמעט מער, ווי די אַרומיגע באַפעלקערונג און 5—6 מאָל מער, ווי בײַ די פּוילישע אידן.

אינטערעסאַנט איז, וואָס אינם אָפּטייל האַנדל און קרעדיט זײַנען די פאַרהעלטנישן אַקוראַט פאַרקערט — אומעטום איז בײַ ניט־אידן דער פּראָצענט אָנגעשטעלטע אַ סך גרעסער, ווי בײַ אידן. און אויך בײַ די אַרבעטער אינם האַנדל (אין דער אמתן נאָר אַ נידריגערע קאַטעגאָריע משרתים) איז בײַ די ניט־אידן דער פּראָצענט אַ סך גרעסער, ווי בײַ אידן. דאָ טרעט בולט אַרויס די ווירקונג פון דער גרויסער צאָל קליין־קרעמערלאַך און הענדלערלאַך, אויפקויפערס און איבערקויפערס, וועלכע פאַרקלענערן מעכאַניש דעם פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן בײַ אידן אינם דאָזיגן ווירטשאַפטן־צווייג.

אין שורה 6 פון טאַבעלע XXIII ברענגען מיר דעם פּראָצענט, וואָס אידן מאַכן אויס אין יעדער סאָציאַלער קאַטעגאָריע

לגבי אַלע באַשעפטיגטע אין געגעבענעם ווירטשאַפט־צווייג. מיר באַקומען, אַז אידן האָבן אויסגעמאַכט:

| לאנד | אינדוסטריע און מלאכה | | האנדל און קרעדיט | | ליבעראלע פראפ. און באאמטנטום | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | צווישן די בעלי־בתים | צווישן די פראָ־לעט. עלעמענטן | צווישן די בעלי־בתים | צווישן די פראָ־לעט. עלעמענטן | צווישן די בעלי־בתים | צווישן די פראָ־לעט. עלעמענטן |
| פוילן . . . . . | 34,9 | 15,0 | 76,5 | 22,7 | 40,9 | 7,4 |
| רומעניע . . . | 14,3 | 11,4 | 32,2 | 29,0 | 6,2 | 3,0 |
| סלאָוואקיי. . . | 9,8 | 4,2 | 60,7 | 30,1 | 25,6 | 7,0 |
| קארפאטרוסלאנד | 47,7 | 22,1 | 93,6 | 64,0 | 50,7 | 9,9 |
| בעמען און מערן | 2,0 | 0,4 | 11,7 | 7,2 | 10,3 | 1,4 |
| דייטשלאנד . . | 1,4 | 0,4 | 7,7 | 2,5 | 2,6 | 0,4 |
| אונגארן. . . . | 12,3 | 8,8 | 53,6 | 39,0 | . | . |
| **צוזאמען** | **7,8** | **1,9** | **25,8** | **6,0** | **6,0** | **2,7** |

די אידישע ווירטשאַפט ליידט פון אַ טאָפּלטער איינזייטיג־קייט — איינזייטיג איז ניט נאָר די פאַרטיילונג פון אידן אין באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן, נאָר אויך די פאַרטיילונג פון דער אינדוסטריעלער אידישער באַפעלקערונג אין באַזונדערע אינדוסטריע־צווייגן. דאָס זעהט מען פון טאַבעלע XXIV, וואָס גיט אונז דעם באַשטאַנד פון דער אינדוסטריעלער אַר־בעטער־באַפעלקערונג בײַ אידן און ניט־אידן אין איניגע מזרח־ און מערב־אייראָפּייאישע לענדער. די טאַבעלע נעמט אַרום ביז צען מיליאָן אַרבעטער, פון וועלכע אידן בײַ 260 טויזנט. מיר האָבן מיט אַ כיון גענומען נאָר דעם אַרבעטער־טייל פון דער אינדוסטריעלער באַפעלקערונג, מחמת אידישע אַרבעטער אַר־בעטן, ווי געזאָגט, אין דער גאַנצער וועלט כמעט נאָר בײַ אידישע אונטערנעמער, ווען אידישע אונטערנעמונגען, פאַרקערט, באַגייען זיך צו אָפט אָן אידישער אַרבעט־קראַפט.

פון דער טאַבעלע זעהען מיר, אַז פון יעדע הונדערט אַר־בעטער זיינען געווען באַשעפטיגט אין:

| | אידן | ניט־אידן |
|---|---|---|
| באקליידונג־אינדוסטריע . . . | 43,7 | 8,5 |
| שפייז־ „ . . . | 11,0 | 9,5 |
| לעדער־ „ . . . | 10,5 | 1,7 |
| מעטאַל־ „ . . . | 8,6 | 19,9 |
| האָלץ־ „ . . . | 7,9 | 6,9 |
| טעקסטיל־ „ . . . | 6,8 | 12,0 |
| בוי־ „ . . . | 4,5 | 15,2 |
| דרוק׳ פאפיער „ . . . | 3,2 | 4,2 |
| אנדערע „ . . . | 3,8 | 22,1 |
| צוזאמען . . . . . . . | 100,0 | 100,0 |

ס׳וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז די אידן זיינען מער פאַר־נומען אין די אויסגעשפּראָכן־האַנטווערקערישע צווייגן, ווען די ניט־אידישע אַרבעטער, פאַרקערט, זיינען מער קאָנצענטרירט אין די אויסגעשפּראָכן־פאַבריק־אינדוסטריען אָדער אין די צווייגן, וואָס פאָדערן אַ גרעסערע פיזישע אָנשטרענגונג. די אידן זיינען פינף מאָל מער ווי ניט־אידן פאַרנומען אין דער באַקליידונג־אינדוסטריע; פאַרקערט, אין דער מעטאַל־, טעקסטיל־ און בוי־

אינדוסטריע זיינען די ניט־אידישע אַרבעטער פון צוויי ביז דריי מאָל מער פאַרנומען.

דער איינפלוס פון אידישן אַרבעטער־קלאַס אינם אַחוּמיגן פּראָלעטאַריאַט פון באַזונדערע אינדוסטריע־צווייגן, ווערט באַ־שטימט דורך זיין גרויס אין יעדן אינדוסטריע־צווייג. אַזוי האָבן אידישע אַרבעטער אויסגעמאַכט אין די זעקס לענדער (אָן רוס־לאַנד), וואָס ווערן געבראַכט אין טאַבעלע (אין פּראָצענטן):

| | |
|---|---|
| באקליידונג . . . . . . | 7,3 |
| שפייז . . . . . . . | 2,2 |
| לעדער . . . . . . . | 4,0 |
| מעטאַל . . . . . . . | 0,6 |
| האָלץ. . . . . . . . | 1,2 |
| טעקסטיל . . . . . . | 1,3 |
| בוי . . . . . . . . | 0,4 |
| דרוק און פאַפיר . . . | 1,3 |
| אנדערע . . . . . . . | 0,4 |
| **צוזאמען . . . . .** | **1,5** |

נאָר אין דער באַקליידונג־אינדוסטריע מאַכן די אידישע אַרבעטער אויס מער אָדער ווייניגער אַ באַדייטנדיגן פּראָצענט, צוויי מאָל אַ העכערן, ווי דער פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין די גענומענע זעקס לענדער. אין דער מעטאַל־אינדוסטריע, פאַרקערט, מאַכן די אידישע אַרבעטער אויס גאָר אַ נישטיגן פּראָצענט — אַביסל מער פון אַ האַלבן פּראָצענט, 6—7 מאָל ווייניגער פונם פּראָצענט פון דער אידישער באַפעל־קערונג. אין דער לעדער־אינדוסטריע מאַכן די אידישע אַרבעטער אויס פיר פּראָצענט, בערך אַזויפיל, וויפיל די אידישע באַ־פעלקערונג אין דער גאַנצער באַפעלקערונג; אין דער שפייז־אינדוסטריע — 2,2 פּראָצענט, צוויי מאָל ווייניגער פונם פּראָ־צענט פון דער אידישער באַפעלקערונג. אינגאַנצן גענומען מאַכט דער אידישער אַרבעטער־קלאַס אויס סך־הכל 1 און אַ האַלבן פּראָצענט פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַפעלקערונג, בערך דריי מאָל ווייניגער, ווי די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג אין דער גאַנצער באַפעלקערונג. שאַצט מען די ווירקונג און איינפלוס פון יעדן קלאַס און פון יעדער נאַציאָנאַלער גרופּע לויט זייער כמותדיגער גרויס, קומט אויס, אַז דער אידישער אַרבעטער־קלאַס איז אין כמותדיגן זין דריי מאָל שוואַכער, ווי די נאַציאָנאַלע גרופּע, צו וועלכער ער געהערט.

ניט אין אַלע לענדער איז דער פּראָצענט פון אידישן אַר־בעטער־קלאַס לגבי דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס אַלצאיינס — אין דעם פּרט איז דאָ אַ גרויסער חילוק צווישן די מערב־ און מזרח־אייראָפּייאישע לענדער. אַזוי איז געווען אין:

| לאנד | % איד׳ ארבעטער לגבי דעם גאנצן ארבעטער־קלאס | % איד׳ איינוואוינער לגבי דער גאנצער באפעלקערונג |
|---|---|---|
| קאַרפּאַטאָרוס . . . . | 20,0 | 15,4 |
| פוילן . . . . . . . | 14,6 | 10,4 |
| רומעניע . . . . . . | 10,5 | 4,5 |
| סלאָוואקיי . . . . . | 3,0 | 4,5 |
| דייטשלאנד. . . . . | 0,3 | 1,0 |
| בעהמען . . . . . . | 0,2 | 1,2 |

Tab. — XXIV — טאב·

# די פארטיילונג פון אידישע און ניט־אידישע ארבעטער (אן לערן־אינגלאך) לויט באזונדערע אינדוסטריע־צווייגן

## Verteilung der jüdischen und nichtjüdischen Arbeiter nach Branchen

**in absoluten Zahlen — אַבסאָלוטע צאָלן**

| בראנזשע Branchen | אידן אין רוסלאנד[1] (1898) Juden in Rußland | רומעניע (1913) Rumänien אידן Juden | רומעניע ניט־אידן Nichtjud. | פוילן (1921) Polen אידן Juden | פוילן ניט־אידן Nichtjud. | סלאָוואַקיי (1921) Slovakei אידן Juden | סלאָוואַקיי ניט־אידן Nichtjud. | קאַרפּאַטאָרוס (1921) Karpatrußland אידן Juden | קאַרפּאַטאָרוס ניט־אידן Nichtjud | דייטשלאנד (1907) Deutschland אידן Juden | דייטשלאנד ניט־אידן Nichtjud. | בעהמען (1921) Böhmen אידן Juden | בעהמען ניט־אידן Nichtjud. | צוזאמען Insgesamt אידן Juden | צוזאמען ניט־אידן[2] Nichtjud. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| באקליידונג — Bekleidung | 48 106 | 9 567 | 32 520 | 44 512 | 56 678 | 1 018 | 10 152 | 899 | 519 | 8 889 | 639 952 | 509 | 94 006 | 113 500 | 833 827 |
| שפּייז — Nahrungsmittel | 7 155 | 1 352 | 18 713 | 12 745 | 60 698 | 866 | 13 439 | 351 | 1 059 | 5 800 | 760 429 | 257 | 74 892 | 28 526 | 929 230 |
| לעדער — Leder | 20 407 | 583 | 4 667 | 5 197 | 7 997 | 66 | 2 725 | 34 | 31 | 1 012 | 140 683 | 60 | 10 922 | 27 359 | 167 025 |
| מעטאַל — Metall | 11 232 | 1 675 | 26 464 | 5 991 | 66 950 | 744 | 30 953 | 267 | 1 736 | 2 283 | 1 639 552 | 236 | 171 486 | 22 428 | 1 940 141 |
| האָלץ — Holz | 12 008 | 1 293 | 23 441 | 5 876 | 50 620 | 297 | 12 373 | 282 | 2 040 | 725 | 525 753 | 69 | 59 897 | 20 550 | 674 124 |
| טעקסטיל — Textil | 1 724 | 1 034 | 7 006 | 13 979 | 119 949 | 99 | 8 055 | 32 | 194 | 647 | 857 208 | 144 | 181 794 | 17 659 | 1 174 206 |
| בוי — Bau | 5 984 | 1 283 | 23 443 | 2 988 | 48 450 | 143 | 17 099 | 68 | 1 439 | 1 066 | 1 272 084 | 43 | 123 155 | 11 575 | 1 485 670 |
| דרוק און פּאַפּיר — Polygr. und Papier | 2 899 | 373 | 3 027 | 3 411 | 15 155 | 312 | 4 927 | 121 | 88 | 1 157 | 359 704 | 92 | 29 262 | 8 365 | 412 163 |
| אנדערע — Sonstige | 512 | 345 | 10 587 | 7 357 | 171 602 | 248 | 24 214 | 184 | 2 277 | 974 | 1 732 500 | 193 | 216 060 | 9 813 | 2 157 240 |
| צוזאמען — Zus. | 110027 | 17 505 | 149 868 | 102 056 | 598 099 | 3 793 | 123 937 | 2 238 | 9 383 | 3) 22 553 | 7 927 865 | 1 603 | 964 474 | 259 775 | 9 773 626 |

**in relativen Zahlen — אין פּראָצענטן**

| בראנזשע Branchen | אידן אין רוסלאנד[1] (1898) Juden in Rußland | רומעניע (1913) Rumänien אידן Juden | רומעניע ניט־אידן Nichtjud. | פוילן (1921) Polen אידן Juden | פוילן ניט־אידן Nichtjud. | סלאָוואַקיי (1921) Slovakei אידן Juden | סלאָוואַקיי ניט־אידן Nichtjud. | קאַרפּאַטאָרוס (1921) Karpatrußland אידן Juden | קאַרפּאַטאָרוס ניט־אידן Nichtjud | דייטשלאנד (1907) Deutschland אידן Juden | דייטשלאנד ניט־אידן Nichtjud. | בעהמען (1921) Böhmen אידן Juden | בעהמען ניט־אידן Nichtjud. | צוזאמען Insgesamt אידן Juden | צוזאמען ניט־אידן[2] Nichtjud. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| באקליידונג — Bekleidung | 43,7 | 54,7 | 21,7 | 43,6 | 9,5 | 26,8 | 8,2 | 40,2 | 5,5 | 39,4 | 8,1 | 31,8 | 9,7 | 43,7 | 8,5 |
| שפּייז — Nahrungsmittel | 6,5 | 7,7 | 12,5 | 12,5 | 10,1 | 22,8 | 10,9 | 15,7 | 11,3 | 25,7 | 9,6 | 16,0 | 7,8 | 11,0 | 9,5 |
| לעדער — Leder | 18,6 | 3,3 | 3,1 | 5,1 | 1,3 | 1,8 | 2,2 | 1,5 | 0,3 | 4,5 | 1,8 | 3,7 | 1,1 | 10,5 | 1,7 |
| מעטאַל — Metall | 10,2 | 9,6 | 17,7 | 5,9 | 11,2 | 19,6 | 24,9 | 11,9 | 18,5 | 10,1 | 20,7 | 14,7 | 18,1 | 8,6 | 19,9 |
| האָלץ — Holz | 10,9 | 7,4 | 15,6 | 5,8 | 8,5 | 7,8 | 10,0 | 12,6 | 21,7 | 3,2 | 6,6 | 4,3 | 6,2 | 7,9 | 6,9 |
| טעקסטיל — Textil | 1,6 | 5,9 | 4,7 | 13,7 | 20,1 | 2,6 | 6,5 | 1,4 | 2,1 | 2,9 | 10,8 | 9,0 | 18,9 | 6,8 | 12,0 |
| בוי — Bau | 5,4 | 7,3 | 15,6 | 2,9 | 8,1 | 3,8 | 13,8 | 3,0 | 15,3 | 4,7 | 16,0 | 2,7 | 12,8 | 4,5 | 15,2 |
| דרוק און פּאַפּיר — Polygr. und Papier | 2,6 | 2,1 | 2,0 | 3,4 | 2,6 | 8,3 | 4,0 | 5,4 | 0,9 | 5,2 | 4,5 | 5,8 | 3,0 | 3,2 | 4,2 |
| אנדערע — Sonstige | 0,5 | 2,0 | 7,1 | 7,1 | 28,6 | 6,5 | 19,5 | 8,3 | 24,4 | 4,3 | 21,9 | 12,0 | 22,4 | 3,8 | 22,1 |
| צוזאמען — Zus. | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100.0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100.0 |

1) נאך די 15 גוב׳ פון תחום· 2) אן רוסלאנד — Ohne Rußland. 3) מיט די מיטהעלפנדיגע פאמיליע־גלידער.

אין אַלע מזרח־אייראָפּייאישע לענדער, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן אין חער טאַבעלע. איז דער פּראָצענט פון אידישן אַרבעטער־קלאַס גרעסער פונם פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג — אין פּוילן 1 און אַ האַלב מאָל, אין רומעניע צוויי מאָל; פאַרקערט, אין דייטשלאַנד — דריי מאָל קלענער און אין בעהמען — זעקס מאָל ווייניגער.

ניט ווייניגער אינטערעסאַנט איז דער פּראָצענט פון אידישן אַרבעטער־קלאַס לגבי חעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס אין באַזונדערע אינדוסטריע־צווייגן אין פאַרשיידענע לענדער. ס׳באַקומט זיך גאָר אַ אַנדער בילד, ווי דאָס, וואָס מיר האָבן באַקומען פון די אַלגעמיינע דאַטן פאַר אַלע לענדער. נעמען מיר, צום ביישפּיל, אַזעלכע צוויי גאַנץ פאַרשיידענע לענדער ווי דייטשלאַנד און פּוילן, האָבן די אידישע אַרבעטער אויסגעמאַכט לגבי דער גאַנצער צאָל אַרבעטער (אין פּראָצענטן) אין:

| | פוילן | דייטשלאנד |
|---|---|---|
| באקליידונג | 44,0 | 1,4 |
| שפייז | 17,4 | 0,8 |
| לעדער | 39,4 | 0,7 |
| מעטאַל | 8,2 | 0,1 |
| האָלץ | 8,2 | 0,1 |
| טעקסטיל | 10,4 | 0,1 |
| בוי | 5,8 | 0,1 |
| דרוק און פאפיר | 18,4 | 0,3 |
| אנדערע | 4,1 | 0,1 |
| **סך־הכל** | **14,6** | **0,2** |

ס׳באַקומט זיך, אַז אין פּוילן מאַכן אויס די אידישע באַקליידונג־אַרבעטער גאַנצע 44 פּראָצענט פון אַלע באַקליידונג־אַרבעטער, דאָס הייסט דריי מאָל מער, ווי לגבי חעם גאַנצן פּוילישן אַרבעטער־קלאַס און פיר מאָל מער, ווי די אידישע באַפעלקערונג לגבי דער גאַנצער באַפעלקערונג. די זעלבע בערך ערשיינונג געפינען מיר אין דייטשלאַנד—די אידישע באַקליידונג־אַרבעטער מאַכן אויס 1,4 פון אַלע באַקליידונג־אַרבעטער, פינף מאָל מער פונם דורכשניט לגבי דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס אין 1 און אַ האַלב מאָל מער, ווי לגבי דער באַפעלקערונג. אין דער מעטאַל־אינדוסטריע, אין אַ טיפּיש גרויס־אינדוסטריעלן צווייג, מאַכן שוין די אידישע אַרבעטער אין פּוילן אויס נאָר אַביסל מער פון אַכט פּראָצענט; אין דייטשלאַנד מאַכן די אידישע מעטאַל־אַרבעטער אויס סך־הכל 0,1 פּראָצענט, דריי מאָל ווייניגער פונם אַזוי אויך גענוג נידריגן דורכשניט. בכלל איז צו זעהען, אַז אין פּוילן מאַכן די אידישע אַרבעטער אויס אין די צוויי טיפּישע גרויס־אינדוסטריעלע צווייגן גאָר ניט קיין נידריגן פּראָצענט; אין מעטאַל־בראַנזשע באַטרעפט זייער אַנטייל 8,2 פּראָצענט און אין חער טעקסטיל־בראַנזשע גיבן זיי אַפילו—10,4 פּראָצענט.

ליידער קאָנען מיר ניט זיך דאָ אַריינלאָזן אין אַ ווייטערדיגן אַנאַליז פון די געבראַכטע דאַטן איבער דעם אידישן אַרבעטער־קלאַס. אַזאַ אַנאַליז וואָלט אונז געוויזן, אַז די אָנגעמערקטע רעלאַטיווע איינזייטיגקייט פון דער פאַרטיילונג פון אידישן אַרבעטער־קלאַס לויט באַזונדערע אינדוסטריע־צווייגן ווערט באַגלייט און אויף אַזאַ אופן פאַרטיפט מיט אַ ווייטערער איינזייטיגקייט אין דער פאַרטיילונג לויט באַזונדערע בראַנזשעס אין די ראַמען פון יעדן אינדוסטריע־צווייג.

3

מיר האָבן אין פריערדיגן קאַפּיטל געגעבן אַ בילד פון סאָציאַלן בוי און סאָציאַלער גלידערונג פון איצטיגן אידנטום, פון זיין כמותדיגן אַנטייל און כמותדיגער ראָלן אין באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן אין פאַרשיידענע לענדער, פון דעם בוי פון דער אידישער מלאכה און פאַבריקאַציע און ענדליך געפּרובט אויך פעסטשטעלן און אָנמערקן די אַנטוויקלונג־טענדענצן אין עקאָנאָמישן לעבן פון אידן אין די לעצטע 25 יאָר. מיר וועלן איצט פּרובן אַוועקשטעלן פּנים אל פּנים מיטן דאָזיגן בילד דאָס אידישע עקאָנאָמישע לעבן פון צוריק מיט 100—125 יאָר, און די פאָרגעקומענע שנוים וועלן פון זיך אַליין בולט און קלאָר אַרויסטרעטן. מיר ווילן זיך דערביי באַמיען צו געבן וואָס מער סטאַטיסטישע אילוסטראַציעס און באַווייזן פאַר די פּראָצעסן, וואָס האָבן געבראַכט צום פאַרענדערטן צושטאַנד אין דער אידישער עקאָנאָמיק. אַז וועגן אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט פאַרמאָגן מיר ניט אַזאַ רייכן סטאַטיסטישן מאַטעריאַל, ווי דער נאָר וואָס געבראַכטער וועגן אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט, איז גענוג באַקאַנט. דער פאַראַנענער מאַטעריאַל איז אָבער ניט נאָר פון אַ קלענערן פאַרנעם, נאָר אויך פון אַ קנאַפּערן ווערט און מאָגערערן אינהאַלט. מיר וועלן זיין געצוואונגען שטיקעווען פון שטיקלאַך און ברעקלאַך; מיר האָבן אָבער קיין אַנדער ברירה ניט, אויב זיך ניט וועלן אָפּזאָגן אינגאַנצן פון געדאַנק געבן אַ וועלכן ס׳ניט איז סטאַטיסטישן אויסדרוק חער סאָציאַלער אַנטוויקלונג פון אידנטום פאַר די לעצטע הונדערט יאָר, כאָטש וויפיל ס׳ניט איז מיט ציפערן אילוסטרירן און באַלייכטן די פאָרגעקומענע אין משך פון חער גאַנצער באַטראַכטער תקופה עקאָנאָמישע פּראָצעסן.

אין די ווייטערדיגע מאַטעריאַלן וועלן מיר אַלזאָ זוכן אַ תשובה אויף פאָלגנדיגע פּראָבלעמעס און פראַגעס: א) סאָציאַלער בוי און סאָציאַלע גלידערונג פון אידן אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט; ב) אַנטייל און ראָל פון אידן אין באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן אין באַזונדערע לענדער; ג) באַשטאַנד פון אידישער מלאכה.

פריער פון אַלץ דאַרף מען געדענקען, אַז אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט האָבן אין פּוילן, אוקראַינע, ליטע, ווייס־רוסלאַנד און גאַליציע געוואוינט אין די דערפער ניט ווייניגער פון אַ דריטל פון אַלע אידן. אָט דאָס דאָזיגע דריטל פון חער אידישער באַפעלקערונג האָט כמעט ניט פאַרמאָגט אין זיינע רייען גאָר ניט קיין בעלי־מלאכות. די דאָרף־אידן האָבן זיך אויף דריי פערטל פאַרנומען מיט שענקעריי און אַרענדע; און אויף איין פערטל מיט האַנדל און קרעמעריי. אידישע בעלי־מלאכות זיינען געווען זייער אַ זעלטענע ערשיינונג אין דאָרף. „די דאָרפישע באַשעפטיגונגען פון די אידן — שרייבט קאַמאַנין *) — האָבן זיך באַגרעניצט מיט אַרענדירן אין די מאַיאָנטקעס מילן, גוראַלניעס, קרעטשמעס און שענקען (אין די שטעט פאַרנעמט דאָס צווייטע אָרט דער האַנדל). ס׳איז ניטאָ כמעט קיין איין דאָרף, וואו ס׳זאָל ניט געווען זיין קיין איד־אַרענדאַר; זייער באַשעפטיגונג מיט אַרענדע איז געווען אַזוי פאַרשפּרייט, אַז די ציילונגען פאַרבייטן אָפט דעם באַגריף אַרענדאַר מיטן באַגריף איד און פאַרבינדן אַזוי די פּראָפעסיע מיט דער נאַציאָנאַליטעט און מיט דער אמונה, אַז אויפן אָרט פון צו שרייבן: אין דאָרף

*) Каманинъ — Архивъ Юго-Западной Россіи, ч. V. т. II. Кіевъ. 1890, p. 72.

איז ניטאָ קיין איד, שרייבט מען: אין דאָרף איז ניטאָ קיין אַרענדאַר". אין די שטעט האָבן געלעבט פון מלאכה פון 20 ביז 25 פּראָצענט [1]; אין די קליינע שטעטלאַך אָבער האָט שוין דער פּראָצענט בעלי־מלאכות אויסגעמאַכט נאָר 10–12% [2]. גייט מען אַרויס פון דער הנחה, אַז די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך געטיילט לויט אירע וואוין־ערטער אויף דריי גלייכע טיילן: שטאָטישע אַ דריטל, שטעטלשע אַ דריטל און דאָרפישע אַ דריטל, באַקומט זיך, אַז העכסטענס האָט געקאָנט זיין בײַ אידן 12–13 פּראָצענט בעלי־מלאכות. די אַלע אויסרעכענונגען אין ציטאַטן געהערן צום סוף 18־טן יאָרהונדערט, אָבער אַלע מאַטעריאַלן, וואָס מיר פאַרמאָגן וועגן אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט, באַווייזן, אַז דער סאָציאַלער בנין פון דער אידישער באַפעלקערונג איז געבליבן בערך דער זעלבער. ס'איז פאָרגעקומען אַ גאַנץ קליינער רוק פאָרווערטס אין זין פון פאַלן פון דער צאָל שענקערס; דאָס איז אָבער געווען מער אַ רעזולטאַט פון די רדיפות און גזירות מצד די רעגירונגען, וועלכע האָבן צווישן זיך צעטיילט פוילן, ווי פון דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג פון דער אידישער עקאָנאָמיק. די צייט איז אויך געווען אַ ווייניג פּאַסיגע פאַר אַזאַ אַנטוויקלונג — די מלחמות האָבן שטאַרק רואינירט די קאַנטן, וואו אידן האָבן געוואוינט קאָמפּאַקטע מאַסן, און האָבן שטאַרק פאַרקלענערט די קויף־קראַפט פון דער באַפעלקערונג. אין איין זין איז אָבער דער באָדן פאַר אַ וואוקס פון פּראָדוקטיווע עלעמענטן אינם אידנטום געווען גוט צוגעגרייט: דער חורבן פון די אידישע מאַסן איז געווען פון אַזאַ שרעקליכער מדרגה, אַז זיי זיינען גרייט געווען זיך נעמען פאַר די שווערסטע אַרבעטן און זיך לאָזן אין די ווייטסטע מקומות.

מיר גייען איצט איבער צום מאַטעריאַל, וואָס מיר פאַרמאָגן. אויפן גרונט פון אַרכיוו פון רוסישן בילדונג־מיניסטעריום, באַאַרבעט „לויט רשימות, צוגעשטעלטע 1818 פונם פינאַנץ־מיניסטעריום נאָך דעם איבערקאָנטראָלירן די אידישע ציילונג לויט דעם העכסטן באַפעל פון אַפּריל 1817", האָבן מיר צוזאַמענגעשטעלט פאָלגנדיגע טאַבעלע וועגן די חיונה־קוואַלן פון דער אידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד אין 1818־טן יאָר: [3]

| קאנט | קופצעס און מעשצאנעס abs. | % | בעלי־ מלאכות abs. | % | ערד־ ארבעטער abs. | % | צוזאמען abs. | % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אוקראינע * . . . . . . . | 342 803 | 86,5 | 48 237 | 12,1 | 5 390 | 1,4 | 396 430 | 100,0 |
| ליטע און ווייסרוסלאנד ** . . . . | 242 938 | 86,6 | 30 316 | 10,8 | 7 295 | 2,6 | 280 549 | 100,0 |
| צוזאמען . . . . . | 585 741 | 86,5 | 78 553 | 11,6 | 12 685 | 1,9 | 676 979 | 100,0 |

* ס'גייען אריין די גובערניעס: קיעווער, יעקאטערינאסלאווער, פאלטאווער, כערסאנער, טאווריער, וואלינער און פאדאליער.

** די גובערניעס: מאהילעווער, וויטעבסקער, גראדנער, ווילנער, מינסקער, קורלאנדער און ביאליסטאקער געגנט.

ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אַז די אַבסאָלוטע צאָלן שטימען ניט — ראשית, איז שוין דעמאָלט געווען אין די דאָזיגע צוויי קאַנטן אַ סך מער אידן, בערך ניט ווייניגער פון אַ מיליאָן נפשות; שנית, באַקומט זיך צו אַ גרויסער חילוק צווישן דער צאָל אידן אין אוקראַינע פון איין זייט און אין ליטע און ווייסרוסלאַנד פון דער צווייטער זייט. ס'איז אָבער אויך קיין ספק ניט, אַז די רעלאַטיווע צאָלן שפּיגלען אָפּ גאַנץ קרוב צום אמת די חיונה־קוואַלן פון די דעמאָלטיגע רוסישע אידן. יעדנפאַלס דאָס דריטל אידן, וואָס האָט זיך פון דער ציילונג אַרויסגעדרייט, האָט געוויס פאַרמאָגט אַ סך אַ גרעסערן פּראָצענט ליידיג־גייער, ליפט־מענטשן, מעקלערס און פאַקטאָרס, ווי בעלי־מלאכות און ערד־אַרבעטער, און דעריבער קאָן דער טעות נאָר פאַרגרעסערן אָבער ניט פאַרקלענערן דעם פּראָצענט פון די פּראָדוקטיווע עלעמענטן.

יאָפּיזישע זיינען די געבראַכטע צאָלן? בעלי־מלאכות און ערד־אַרבעטער האָבן אויסגעמאַכט ווייניגער פון אַ זיבעטל פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג, 3–4 מאָל ווייניגער ווי בײַ די הייַנטיגע אידן פון די דאָזיגע קאַנטן; ערד־אַרבעטער זיינען געווען ווייניגער פון צוויי פּראָצענט, אַלזאָ בערך פיר מאָל ווייניגער ווי בײַ אידן אין דער נייעסטער צייט; בעלי־מלאכות זיינען געווען בײַ צוועלף פּראָצענט, ד.ה. דריי מאָל ווייניגער ווי איצט.

אַז די רעלאַטיווע צאָלן זיינען קרוב לאמת באַווייזן די מאַטעריאַלן פון ווייס־רוסלענדישן מלוכה־אַרכיוו וועגן די אידישע פּראָפעסיעס אין מינסקער גובערניע אין 1808־טן יאָר. מיר ברענגען די אַנטשפּרעכנדיגע מאַטעריאַלן אויף זייט 57, אויבן, רעכטס.

אָט די דאָזיגע קליינע טאַבעלע איז גאָר אינטערעסאַנט. ראשית, באַשטעטיגט זי די רעלאַטיווע צאָלן פון דער פריערדיגער טאַבעלע — די צאָלן פאַלן כמעט צונויף. שנית, האָבן מיר דאָ אַ מעגליכקייט זעהן דעם חילוק צווישן די שטאָטישע אידן און די אידן פון די שטעטלאַך און דערפער. בײַ די שטאָטישע אידן איז דער פּראָצענט בעלי־מלאכות און פאַבריקאַנטן צוויי מאָל גרעסער, ווי בײַ די איבעריגע אידן. דאָס איז אויך אַ באַווייז, אַז די דאַטן פאַרדינען צוטרוי, ווייל דער פאַקט, אַז די שטאָטישע אידן האָבן פאַרמאָגט אַ סך מער בעלי־מלאכות ווי די שטעטלשע און דאָרפישע, איז באַקאַנט אויך פון אַנדערע מקורים.

1) זעה: יעקב לעשצינסקי: בארדיטשעווער אידישע קהלה פון 1789 ביז 1917". — בלעטער פאר אידישע דעמאגראפיע, סטאטיסטיק און עקאנאמיק. נום. 2. „צו דער עקאנ. געשיכטע פון אידן אין פוילן" — צוקונפט 1924, ז. 746.

2) דארט.

3) Описание дел бывшего Архива Мин. Нар. Просвещения. Казенные Еврейские Училища. т. I. — Петербург 1920. р. 61; Ю. Гессен: История еврейскаго народа в России. т. I.—Ленинград р. 186.

די באַשעפטיגונגען פון די אידן איז מינסקער גוב. (1808 [1])

| קלאַס | אין די שטעט | אין די קרייזן | צוזאַמען |
|---|---|---|---|
| קופּצעס און מעשצאַנעס | 4 332 | 7 013 | 11 345 |
| % | 79,1 | 90,6 | 85,8 |
| פאַבריקאַנטן און בעלי־מלאכות | 1 090 | 660 | 1 750 |
| % | 19,9 | 8,6 | 13,3 |
| ערד־אַרבעטער . . . . | 55 | 67 | 122 |
| % | 1,0 | 0,8 | 0,9 |
| סך־הכל . . . . | 5 477 | 7 740 | 13 217 |
| % | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

פון 1750 פאַבריקאַנטן און בעלי־מלאכות אין גאַנץ מינסקער גובערניע זיינען געווען אין מינסק אַליין 602 אָדער 34,4%, ווען בנוגע צו דער אַלגעמיינער צאָל אידישע נפשות אין גובערניע (13217) מאַכן אויס די מינסקער אידן (2048) נאָר אַביסל מער פון 15 פּראָצענט.

אינגאַנצן זיינען געווען אין 1808־טן יאָר 10 שטאָטישע קהלות (מינסק, באָריסאָוו, ווילייקע, איהומען, רעטשיצע, מאָזיר, דיסנא, באָברויסק, סלוצק און פּינסק). די גרעסטע פון זיי זיינען געווען מינסק און סלוצק און אין די דאָזיגע קהלות מאַכן אויס די בעלי־מלאכות [2]): אין מינסק פון 2048 נפשות 602 אָדער 29,4 פּראָצענט, אין סלוצק—פון 840 נפשות 179 אָדער 21,3 פּראָצענט.

אין די גרעסערע שטעט איז אַלזאָ דער פּראָצענט בעלי־מלאכות שוין דעמאָלט געווען אַ סך העכער, ווי דער דורכשניט אין אַלע שטעט צוזאַמען.

וועגן מינסקער גובערניע זיינען פאַראַן דאַטן וועגן אידישע בעלי־מלאכות אין 1807־טן יאָר. און אַזוי ווי די דאָזיגע דאַטן פאַלן כמעט צונויף מיט די העכער געבראַכטע וועגן מינסקער גובערניע, איז אַ סימן, אַז מיר האָבן פאַר זיך בכלל צאָלן, אויף וועלכע מען קאָן זיך ביז אַ געוויסער מאָס סומך זיין. פאַרן יאָר 1807 פאַרמאָגן מיר דאַטן וועגן אידישע בעלי־מלאכות אין מינסקער, קיעווער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניעס, וועלכע ווערן געבראַכט אין דער ווייטערדיגער טאַבעלע (זעה שפּאַלט לינקס).

די דאָזיגע טאַבעלע ווייזט, פון איין זייט, אַז די אידישע מלאכה איז שוין אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט ניט געווען אַזוי איינזייטיג, ווי מען שטעלט זיך אָפט פאָר — אידן זיינען באַשעפטיגט כמעט אין אַלע פאַכן, און וועלכע זיי זיינען איצט פאַרנומען; פון דער צווייטער זייט אָבער זעהט מען, אַז די איינזייטיגקייט, פון וועלכער די אידישע מלאכה ליידט נאָך עד היום — דער גרויסער איבערוואָג פון דער באַקליידונג־אינדוסטריע — איז דעמאָלט געווען אַ סך אויסגעשפּראָכענער. די באַשעפטיגטע אין דער באַקליידונג־אינדוסטריע מאַכן אויס באַ זיבציג פּראָצענט. דערביי איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז די שוסטער האָבן אין דער באַקליידונג־אינדוסטריע אויסגעמאַכט אַ סך אַ קלענערן פּראָצענט, ווי זיי מאַכן איצט אויס אין דער דאָזיגער מלאכה־גרופּע. צום סוף פון 19־טן יאָרהונדערט — לויט די דאַטן פון די יק״א־מאַטעריאַלן — האָבן די שוסטער אויסגעמאַכט מער פון צוואַנציג פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיגטע אין דער באַקליידונג־אינדוסטריע, ווען אין 1807 האָבן זיי אויסגעמאַכט 14,9% פּראָצענט. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז דער באַשטאַנד פון דער גרופּע מעטאַל־מלאכה. אויף 253 מעטאַל־באַשעפטיגטע זיינען געווען סך־הכל 7 שמידן, ווייניגער פון דריי פּראָצענט, ווען אין 1898־טן יאָר — לויט די מאַטעריאַלן פון יק״א — האָבן די שמידן אויסגעמאַכט אַ גאַנץ דריטל פון אַלע באַשעפטיגטע אין דער מעטאַל־גרופּע. ס'באַקומט זיך אויף אַזאַ אופן אַ טאָפּלטע איינזייטיגקייט — דער גרעסטער רוב אידישע בעלי־מלאכות איז קאָנצענטרירט אין איין מלאכה־גרופּע; חוץ דעם איז די גרעסטע צאָל אידישע בעלי־מלאכות פון די צוויי גרעסטע מלאכה־גרופּעס — באַקליידונג און מעטאַל — געווען פאַרנומען אין אַ באַגרעניצטער צאָל בראַנזשעס. און אייגנטליך ניט נאָר אין די צוויי דערמאָנטע גרופּעס מערקט זיך די דאָזיגע ערשיינונג. פון 94 אידישע בוי־האַנטווערקער זיינען געווען 71 גלעזער — 75,5 פּראָצענט.

אידישע בעלי־מלאכות אין מינסקער, קיעווער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניעס (1807) [3]):

| | abs. | % |
|---|---|---|
| באַקליידונג . . . . . | 2 604 | 69,7 |
| מעטאַל . . . . . . | 253 | 6,8 |
| גאָלד און זילבער . . | 226 | 6,1 |
| בוי . . . . . . | 99 | 2,6 |
| האָלץ . . . . . . | 88 | 2,4 |
| שערער . . . . . . | 155 | 4,1 |
| מוזיקאַנטן . . . . . | 35 | 0,9 |
| זייגערמאַכערס . . . . | 42 | 1,1 |
| בוכבינדערס . . . . | 40 | 1,1 |
| אנדערע . . . . . . | 193 | 5,2 |
| צוזאַמען . . . | 3 735 | 100,0 |

באַמ.: I. באַקליידונג: שניידער — 1750; שוסטער — 388; היטלמאַכער — 80; קושנירער — 240; שמוקלערס — 138; הענטשקע־מאַכער — 5; שמויסן־מאַכער — 3; II. מעטאַל: קופּער־אַרבעטער — 193; בלעכער — 48; שמידן — 7; צינקער — 5; III. בוי: גלעזער — 71; מאַליאַרעס — 1; ווייס־סטאַליאַרעס — 13; טאַפּעצירער — 2; מוליאַרעס — 7; IV. האָלץ: מעבל־סטאַליאַרעס — 27; טאָקאַרעס — 23; סטעלמאַכער — 3; בעדנערס — 1; שניצער — 34; V. אַנדערע: וועבער — 13; בוימעל־מאַכער — 18; מילנער — 6; פּאַטאַש־ברענער — 8; זאַטלער — 3; בראַוואַרעס — 9; שליופאַרעס — 7; גאַמבאַרעס — 4; טעפּיך־מאַכער — 5; לעדערניקעס — 8; פּערגאַמענט־מאַכער — 15; פאַרבערס — 65; ליכט־מאַכער — 4; וואָילאָק־מאַכער — 1; סעליטערמאַכער — 9.

דער וואוקס פון דער אידישער מלאכה־אינדוסטריע איז באַשטאַנען אַלזאָ אין אַ טאָפּלטער פאַרברייטונג און פאַרצווייגונג—אַ גלייכמעסיגערע פאַרטיילונג איבער די איינצלנע בראַנזשעס און אַ ברייטערע פאַרשפּרייטונג איבער די מלאכה־צווייגן.

מיר האָבן באַקומען אַ שטיקל פאָרשטעלונג וועגן דער ראָל פון מלאכה אין אידישן לעבן און וועגן דעם בוי פון דער אידישער מלאכה. וואָסער אַ ראָל האָט געשפּילט די אידישע מלאכה אינם לעבן פון דער אַרומיגער סביבה? וואָסער אַ פּראָ־

1) „צייטשריפט פאַר יידישער געשיכטע, דעמאָגראַפיע און עקאָנאָמיק" באַנד II-III מינסק 1928 ז. 67־763.

2) דאָרטן.

3) Ю. Гессенъ: Евреи въ Россіи. 1906. СПБ. — Приложеніе.

צענט האָבן די אידישע בעלי־מלאכות אױסגעמאַכט לגבי דער אַלגעמײנער צאָל בעלי־מלאכות? די פאָלגנדיגע דאַטן װעגן מינסקער בעלי־מלאכות אין 1802 לױטן נאַציאָנאַלן, ריכטיגער לױטן רעליגיעזן באַשטאַנד גיבן אונז אַ שטיקל תשובה אױף דער דאָזיגער פראַגע.

דער % אידישע בעלי־מלאכות אין מינסקער גיב׳ (1802)

| פ ר אָ פ ע ס י ע | די גאנצע צאָל בעלי־מלאכות | פון זיי אידן abs. | פון זיי אידן % |
|---|---|---|---|
| שניידער | 164 | 160 | 97,5 |
| שוסטער | 137 | 2 | 1,5 |
| מוליאַרעס | 30 | — | — |
| בוי־סטאָליארעס | 26 | 1 | 4,0 |
| פעלץ־מאַכער | 21 | 16 | 76,2 |
| שמוקלערס | 18 | 18 | 100,0 |
| פעל־מאכער | 15 | — | — |
| שמידן | 15 | 3 | 20,0 |
| מעבל־סטאָליארעס | 12 | 2 | 16,3 |
| שערער | 12 | 10 | 83,7 |
| זאַטל־מאכער | 12 | — | — |
| פארשיידענע | 45 | 36 | 80,0 |
| סך־הכל | 507 | 248 | 48,9 |

מיר מיינען, אַז די דאָזיגע דאַטן זיינען טיפּיש פאַר אַלע ליטוויש־װייס־רוסישע שטעט: אידן האָבן מסתמא אומעטום אין די שטעט אױסגעמאַכט בערך בּאַ אַ העלפט פון אַלע שטאָטישע בעלי־מלאכות און זיינען געװען פאַרנומען כמעט אױסשליסליך אין די בראַנזשעס, בּאַ װעלכע ס׳האָט זיך געפאָדערט אַ קלענערע פיזישע אָנשטרענגונג. די שניידעריי־בראַנזשעס זיינען כמעט אױסשליסליך אין אידישע הענט; די שוסטעריי, פעל־אַרבעט, בוי־אַרבעט, שמידעריי און סטאָלעריי—כמעט אױסשליסליך אין קריסטליכע הענט.

באַזונדערס אינטערעסאַנטע דאַטן פאַרמאָגן מיר װעגן גאַליציע פאַר 1820. אױפן גרונט פון די צאָלן, װאָס װערן געבראַכט בּאַ שטייגער [1]), האָבן מיר צונױפגעשטעלט פאָלגנדיגע טאַבעלע װעגן די באַשעפטיגונגען פון די גאַליצישע אידן:

| ב א ש ע פ ט י ג ו נ ג | abs. | % |
|---|---|---|
| לאנדווירטשאפט | 836 | 2,5 |
| האנדל און שענק | 15 800 | 54,8 |
| פאבריקאציע און מלאכה | 11 140 | 38,6 |
| ליבעראלע פראָפעסיעס און כלי־קודש | 1 200 | 4,1 |
| סך־הכל | 28 976 | 100,0 |

דאָ זיינען אַלזאָ פאַראַנען די באַשעפטיגונגען נאָר פון אַ טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג, װאָרום אין גאַליציע איז אין 1820־טן יאָר געװען בערך אַ פערטל מיליאָן אידן, און די צאָל עקאָנאָמיש־אַקטיװע האָט ניט געקאָנט זיין אַזאַ קנאַפּע.

שיפּער רעכנט די אמתע צאָל עקאָנאָמיש־אַקטיװע בּאַ 50 טױזנט, אַזױ אַז די צאָל פון די באַקאַנטע פרנסות מאַכט אױס נאָר אַזעלכע 60% פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיװע. ס׳איז אָנצונעמען, אַז אין דער געבראַכטער צאָל באַשעפטיגטע זיינען אַריין נאָר די עלעמענטן, װעלכע זיינען אין דער אָדער יענער פאָרם פאַררעגיסטרירט געװאָרן. אַלע קליינע פאַקטאָרלאַך און מעקלערלאַך, מאַרק־אױפקױפער און איבערקױפער, דאָרף־גייער און סתם לופט־מענשן זיינען געװיס ניט אַריין אין דער דאָזיגער צאָל. ס׳איז דאָך געװען דעמאָלט אין גאַליציע אַ גאַנץ גרױסע צאָל אידן אָן באַשטימטע באַשעפטיגונגען און גאָר אָן באַשעפטיגונגען — אָט די עלעמענטן, װאָס נאָך איצט מאַכן זיי אױס בערך אַ װעקסטל פון מזרח־אײראָפּײאישן אידנטום, און דעמאָלט איז זייער צאָל געװען אַ סך גרעסער. שיפּער רעכנט אױף די דאָזיגע סאָציאַל שװאַכסטע עלעמענטן פון אידנטום בערך פערציג פראָצענט פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיװע. און בּאַ שיפּערן באַקומט זיך דעריבער, אַז מיט פאַבריקאַציע און מלאכה זיינען געװען פאַרנומען אין 1820—22% פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיװע גאַליצישע אידן; מיט לאַנדװירטשאַפט בערך 1 און אַ האַלבן פראָצענט; מיט ליבעראַלע פראָפעסיעס און כלי־קודש 2 און אַ האַלבן פראָצענט — און אַלע איבעריגע געהערן צו די פאַרמיטלעריש און אומפּראָדוקטיװע פרנסות. פון די לעצטע האָבן 33 פראָצענט זיך פאַרנומען מיט האַנדל, װאָס האָט אױסגעפילט געװיסע נוצליכע פונקציעס פאַרן לאַנד און האָט בעסער אָדער ערגער געגעבן חיונה די באַשעפטיגטע; די איבעריגע בערך 40 פראָצענט פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיװע גאַליצישע אידן האָבן געלעבט פון װינט, פון צופעליגע פאַרדינסטלאַך, פון נסים־פרנסות, פון צדקה און שנאָרעריי.

נעמט מען אָן, אַז פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיװע זיינען געװען נאָר 22 פראָצענט בעלי־מלאכות, מוז מען קומען צום אױספיר, אַז חיונה האָבן געהאַט פון האַנטװערק נאָר בערך 17—18 פראָצענט פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין גאַליציע, װאָרום ס׳איז אַ באַקאַנטער פאַקט, אַז האַנדל האַלט אױס אַ גרעסערע צאָל אומבאַשעפטיגטע, װי מלאכה. מיר באַקומען אַלזאָ, אַז העכסטנס האָבן אין 1820־טן יאָר געלעבט פון פּראָדוקטיװע פרנסות (מלאכה און ערד־אַרבעט) איין פינפטל פון אַלע גאַליצישע אידן.

די דאַטן, װאָס שטייגער ברענגט, גיבן אַ מעגליכקייט פון אַ טיפערן אַנאַליז פון איינצלנע אידישע פראָפעסיאָנעלע גרופּעס און פון זייער ראָל אין אַרומיגן עקאָנאָמישן לעבן.

פון 1 441 גרעסערע פירמעס זיינען געװען אידישע 1 172 אָדער 81,3%. דאָס הייסט, אַז פיר פינפטל פון די גרעסערע מסחרים און געשעפטן פון גאַליציע זיינען געװען אין אידישע הענט. אין באַזונדערע שטעט און קרייזן, איז דער פראָצענט אידישע געשעפטן געװען פאַרשיידן.

צעטיילט מען די 19 קרייזן, װאו ס׳זיינען געװען די 1 441 גרעסערע פירמעס, לױט דעם פראָצענט פון די אידישע געשעפטן, באַקומט מען פאָלגנדיגע טאַבעלע:

| צאָל קרייזן | צאל סוחרים | פון זיי אידן | % |
|---|---|---|---|
| 1 | 58 | 14 | 24,1 |
| 1 | 21 | 10 | 47,6 |
| 4 | 420 | 263 | 62,6 |
| 13 | 942 | 885 | 93,9 |
| 19 | 1441 | 1172 | 81,3 |

1) Darstellung der gesetzlichen Verfassung der galizischen Judenschaft, versucht von Michael Stöger 1833. p. 200 — 276.
זעה אויך: Dr. I. Schipper — Die Galizische Judenschaft in den Jahren 1772 — 1848. Neue Jüdische Monatshefte H. 9 10. אלע ווייטערע דאטן וועגן גאליציע זיינען גענומען בא שטייגער.

נאָר אין צוויי קרייזן האָבן די אידישע פירמעס אויסגעמאַכט ווייניגער פון אַ העלפט; אין 13 קרייזן פון 19 האָבן די אידישע געשעפטן אויסגעמאַכט מער פון 90 פראָצענט און אין 4—בײַ צוויי דריטל פון אַלע געשעפטן. אין דער שטאָט בראָד זײַנען פון 175 גרעסערע פירמעס געווען 163 אידישע אָדער 93,1%; אין לעמבערג—פון 221 פירמעס 139 אידישע אָדער 62,9%.

טײלט מען די קרייזן אויף מזרח־גאַליצישע און מערב־גאַליצישע, באַקומט מען, אַז די אידישע פירמעס האָבן אויסגעמאַכט אין די ערשטע — 86,3% און אין די צווייטע נאָר 52,2 פראָצענט.

מיר האָבן געזעהן, אַז צווישן די גרויסע פירמעס פון גאַליציע האָבן די אידן אויסגעמאַכט מער פון פיר פינפטל; צווישן די קליינהענדלער האָבן אידן דוקא אויסגעמאַכט אַ קלענערן פראָצענט. פון 5 349 קליינהענדלער אין גאַליציע זײַנען געווען אידן — 3 073 אָדער 57,5%. וועגן איינצלנע קאַטעגאָריעס זײַנען פאַראַן פאָלגנדיגע אינטערעסאַנטע דאַטן:

| | בכלל | אידן | % |
|---|---|---|---|
| קרעמער און שטעלעכלאָך . . . | 2015 | 1824 | 90,5 |
| שענקערס . . . . . . . . . | 2487 | 1003 | 40,3 |

דאָס איז זייער וויכטיג פעסטצושטעלן, אַז אין 1820 האָבן די אידישע שענקערס אין גאַליציע שוין אויסגעמאַכט נאָר 40 פראָצענט פון אַלע שענקערס. צום סוף 18־טן יאָרהונדערט זײַנען כמעט אַלע שענקערס געווען אידן.

לויט די דאַטן פון שטייגער קומט אויס, אַז ס׳זײַנען געווען אינם גאַנצן האַנדל 3319 משרתים און אָנגעשטעלטע, פון וועלכע 1194 אין שענקען. מען קאָן אָננעמען, אַז בײַ אידן אַליין זײַנען געווען קרוב צו דריי טויזנט משרתים. ס׳קומט אַלזאָ אויס בערך איין אָנגעשטעלטער אויף 4 בעלי־בתים.

אין גאַנץ גאַליציע זײַנען געווען פאַרנומען מיט פאַבריקאַציע און מלאכה 25 854 נפשות; נעמט מען אַראָפּ די 11,140 אידן באַשעפטיגטע אין פאַבריקאַציע און מלאכה, בלײַבט אויף דער גאַנצער ניט־אידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט באַטראָפן העכער 3 און אַ האַלב מיליאָן נפשות, סך־הכל ווייניגער פון 15 טויזנט פאַרנומען אינם דאָזיגן ווירטשאַפט־צווייג. מיט האַנדל זײַנען געווען פאַרנומען ניט־אידן סך־הכל אַזעלכע 3—4000 נפשות. אינם האַנדל פון גאַליציע האָבן אידן אויסגעמאַכט בערך 70־75 פראָצענט פון אַלע באַשעפטיגטע און אין דער אינדוסטריע — 43 פראָצענט.

שוין פון די דאָזיגע דאַטן איז קלאָר, וואָס פאַר אַ גוואַלדיגער תהום ס׳האָט דעמאָלט אָפּגעטײלט די אידישע פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. פון לאַנדווירטשאַפט האָבן בײַ אידן געהאַט חיונה אפשר צוויי פראָצענט; בײַ ניט־אידן—העכער 90 פראָצענט. פון האַנדל, שענק, מעקלעריי און אַנדערע פאַרמיטלערישע פרנסות האָבן בײַ אידן געהאַט חיונה בײַ צוויי דריטל פון אַלע אידן; בײַ ניט־אידן—אפשר איין־צוויי פראָצענט; פון מלאכה און פאַבריקאַציע האָט געלעבט בערך בײַ אַ פינפטל פון אַלע אידן; בײַ ניט־אידן — אפשר 3—2 פראָצענט.

פון 11,140 אידן, באַשעפטיגטע אין מלאכה און פאַבריקאַציע, זײַנען געווען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| בעלי־בתים . . . . . . . | 7310 | אָדער | 65,6 % |
| אַרבעטער . . . . . . . . | 3830 | " | 34,4 " |

קומט אויס אויף צוויי בעלי־בתים איין אַרבעטער.

פאָלגנדיגע טאַבעלע גיט דעם בוי פון דער אידישער מלאכה אין גאַליציע 1820. די צאָל בעלי־מלאכות האָט באַטראָפן אין:

| | abs. | % |
|---|---|---|
| שפייז . . . . . . . . . | 3 751 | 57,3 |
| באַקליידונג . . . . . . . . | 2 181 | 29,9 |
| מעטאַל . . . . . . . . . | 418 | 5,7 |
| בוי . . . . . . . . . . | 251 | 3,4 |
| יובעלירן, גאָלדשמידן . . . | 243 | 3,3 |
| כעמישע . . . . . . . . . | 115 | 1,6 |
| לעדער . . . . . . . . . | 67 | 0,9 |
| דרוק, בוכבינדערײַ . . . . | 62 | 0,9 |
| האָלץ . . . . . . . . . . | 59 | 0,8 |
| אַנדערע . . . . . . . . . | 163 | 2,2 |
| צוזאַמען . . . . | 7 310 | 100,0 |

פאַרנומענע אין שפייז אַליין גיבן מער פון אַ העלפט פון אַלע בעלי־מלאכות. דאָס זײַנען: בראָנפן־קאָכער (2015), בעקערס (932) און קצבים (715); אין באַקליידונג־צווייג זײַנען פאַרנומען בײַ 30 פראָצענט פון אַלע בעלי־מלאכות, אַלזאָ אין די דאָזיגע צוויי טראַדיציאָנעלע אידישע מלאכה־צווייגן מער פון פון פיר פינפטל פון אַלע אידישע בעלי־מלאכות. גיט מען נאָך צו מעטאַל־ און זייגער־מאַכערײַ, באַקומט מען, אַז אין דריי פאַכן זײַנען געווען קאָנצענטרירט 90 פראָצענט פון אַלע אידישע בעלי־מלאכות. די איינזייטיגקייט איז אָבער נאָך בײַשטאַנען אין דעם, וואָס אין יעדן מלאכה־צווייג זײַנען אידן געווען פאַרנומען אין אַ באַגרעניצטער צאָל פאַכן, אין יענע, וועלכע האָבן געפאָדערט ווייניגער פיזישע אָנשטרענגונג. פון פאָלגנדיגן צעטל מלאכות, פאַרשפרייטע בײַ אידן און ניט־אידן, וועט ווערן קלאָר דער תהום, וואָס האָט אין דעם פּרט אָפּגעטײלט די אידישע אינדוסטריע־באַפעלקערונג פון דער ניט־אידישער, ווי אויך די ראָלע, וואָס אידישע בעלי־מלאכות האָבן געשפּילט אין איינצעלנע מלאכה־בראַנזשעס.

ס׳זײַנען געווען אין גאַליציע בעלי־מלאכות:

| | אינגאַנצן | אידן | % |
|---|---|---|---|
| גלעזער . . . . . . . . . | 153 | 151 | 98,5 |
| שניידער . . . . . . . . . | 1441 | 1358 | 94,3 |
| קופערשמידן . . . . . . . | 127 | 103 | 81,1 |
| פאַרבער . . . . . . . . . | 57 | 42 | 73,7 |
| קירזשנער . . . . . . . . | 733 | 511 | 70,0 |
| בעקער . . . . . . . . . | 1636 | 932 | 57,0 |
| קצבים . . . . . . . . . | 1977 | 715 | 36,2 |
| בוכדרוקער . . . . . . . | 14 | 5 | 35,7 |
| מאַלערס . . . . . . . . | 65 | 17 | 26,1 |
| רימערס . . . . . . . . . | 169 | 37 | 21,9 |
| ווייס־און מעבל־סטאָליאַרעס . | 634 | 117 | 18,4 |
| הענטשקע־מאַכערס . . . . . | 27 | 3 | 11,1 |
| גאַרבערס . . . . . . . . | 303 | 30 | 9,9 |
| שוסטער . . . . . . . . . | 2208 | 118 | 5,3 |
| טעפּער . . . . . . . . . | 384 | 9 | 2,3 |
| סטעלמאַכס . . . . . . . . | 174 | 4 | 2,3 |
| וועבער . . . . . . . . . | 932 | 18 | 1,9 |
| שמידן . . . . . . . . . . | 792 | 14 | 1,8 |
| טוכמאַכער . . . . . . . . | 269 | 2 | 0,8 |
| שלאָסער . . . . . . . . . | 264 | 1 | 0,4 |
| צוזאַמען . . . . | 12359 | 4187 | 33,9 |

פון העכער צוועלף טויזנט זעלבסטשטענדיגע בעלי־מלאכות, וועלכע מאַכן אויס אַקוראַט דריי פערטל פון אַלע זעלבסטשטענדיגע, זיינען געוועזן אידן העכער פיר טויזנט אָדער 33,9 פּראָצענט. ניט־אידן זיינען אַלזאָ געווען — 8172. ס'איז גענוג דער אויבנאויפיגסטער קוק אויף דער דאָזיגער רשימה, כדי גלייך צו באַמערקן, אַז אין די הענט פון די אידישע בעלי־מלאכות זיינען געליגן פאַכן, וועלכע האָבן געהאַט ווייניגער שאַנסן אויף איבערגייען צו פאַבריק־פּראָדוקציע, ווען, פאַרקערט, די ניט־אידישע בעלי־מלאכות האָבן כמעט אינגאַנצן געהאַט אין זייערע הענט דוקא די דאָזיגע פאַכן. אַזוי האָבן די ניט־אידן געהאַט: 99,6% פון אַלע שלאָסער, 99,2% פון אַלע טוכמאַכער, 98,2% פון אַלע שמידן, 98,1% פון אַלע וועבער.

אָט די דאָזיגע פיר פאַכן זיינען דאָך דער אַרבעט־פונדאַמענט, אויף וועלכן ס'האָבן זיך אויסגעבויעט די שפּעטערדיגע מעטאַל־ און טעקסטיל־אינדוסטריע. און די דאָזיגע קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וועלכע די גרויס־פּראָדוקציע האָט באַקומען בירושה פונם האַנטווערק, איז אוממעגליך געווען איר אויפקום. און אין די דאָזיגע פיר פאַכן זיינען געווען אין גאַליציע באַשעפטיגט: בּאַ ניט־אידן 27,2% פון די פאַכן, בּאַ אידן—0,8%.

אָט אינם דאָזיגן היסטאָרישן פאַקט שטעקט אפשר די הויפּט־סיבה פונם שוואַכן אַריינדרינגען פון אידישע אַרבעטער אין 19־טן יאָרהונדערט אין דער גרויס־אינדוסטריע. ס'איז געווען מער ווי נאַטירליך, אַז די ערשטע קאַדרען אַרבעטער אין די מעכאַנישע טעקסטיל־ און מעטאַל־פאַבריקן זאָלן באַשטייען אויסשליסליך פון ניט־אידן; און די געשאַפענע אין דער גרויס־אינדוסטריע קאָמפּאַקטע ניט־אידישע אַרבעטער־מאַסע האָט נעזוים געהאַט אַ נאַטירליכע צוציאונג־קראַפט פאַר נאָענטע איר רעליגיעז, נאַציאָנאַל, שפּראַכליך, פּסיכיש און שטייגעריש ניט־אידישע מאַסן, ווי זי האָט געהאַט, פאַרקערט, אַ אָפּשטויסנדיגע קראַפט בנוגע דער אידישער מאַסע, וועלכע איז איר עד היום נאָך פרעמד אין אַלע אויסגערעכנטע פּרטים. ניט קיין קליינע ראָלע האָט געוויס געשפּילט אויך דאָס, וואָס די דאָזיגע אַרבעטער־מאַסן זיינען געקומען ניט נאָר פון צוויי פאַרשיידענע נאַציאָנאַל־קולטורעלע סביבות, נאָר אויך פון צוויי פאַרשיידענע קלאַסן־סביבות: דער ניט־אידישער אַרבעטער איז געקומען פון דאָרף, פון פאַנשטשיזנע, פון שווערער דיסציפּלינירטער אַרבעט, פון דורות־לאַנג איינגעקריצטער אין דער נשמה אונטערטעניגער אַרבעט־פּסיכאָלאָגיע; דער איד איז געקומען פון שטעטל, פון קראָם אָדער וואַרשטאַט, פון פרייען צופעליגן און פרייוויליגן טועון און האַנדלען, אָבער ניט פּראַצעווען און אַרבעטן ליט באַפעל און געבאָט. אָט דער דאָזיגער נאַטירליכער גענייגן פון צוציה־קראַפט פון קרובהשע מאַסן ווי פון אָפּשטויס־קראַפט פון פרעמדע מאַסן האָט געשפּילט געוויס די גרעסטע ראָלע אין דער שוואַכער אינדוסטריאַליזאַציע פון די אידישע מאַסן. פאַרשטייט זיך, אַז די אָפּשטויס־קראַפט פון די ניט־אידישע מאַסן אין די היסטאָריש פון זיי פאַרנומענע פאַכן איז געווען אַ סך שטאַרקער פון דער אָפּשטויס־קראַפט פון די אידישע מאַסן לגבי ניט־אידן אין זייערע טראַדיציאָנעלע פאַכן. שוואַכער, מחמת אין דער גרויס־פאַבריק האָט דער נייאָנגעקומענער איד געטראָפן פאַר זיך אַ קאָמפּאַקטע געדיכטע איינהייטליכע פרעמדע מאַסע, ווען אין די אידישע פאַכן האָט דער נייאָנגעקומענער ניט־איד געטראָפן אַ צעשאָטענע און שיטערע האַנטווערקער־מאַסע, וועלכע ס'איז גרינג געווען דורכצוברייסן און זיך אַריינרייסן. מיט דעם דערקלערט זיך אויך, וואָס דאָס אַריינדרינגען פון אידן אין נייע מלאכה־פאַכן גיט זיך איין אַ סך גרינגער, ווי אין די פאַבריק־פאַכן. טאַקי אין די זעלבע אויסגערעכנטע פאַכן, ווי וועבעריי, שלאָסעריי, שמידעריי וכדומה, האָבן אידן אין זייערע מלאכה־סטאַדיעס פאַרנומען אַ אָנגעזעהענעם פּלאַץ, ווען אין די פאַבריקן איז דאָס אַריינדרינגען אָנגעקומען און קומט עד היום אָן אַ סך שווערער. ערשט ווען ס'ציט זיך איין שאַפן אין די פאַבריקן געדיכטע גרופּעס אידישע אַרבעטער, וועלכע ווערן פון זייער צד צוציה־צענטרען פאַר ווייטערדיגע אידישע מאַסן, ווי למשל, אין ביאַליסטאָק, ווערט דורכגעריסן דער דרוק פון דער אָפּשטויסנדיגער פרעמדער מאַסע־משא, און ס'ווערן באַשאַפן פּאַסיגע באַדינגונגען פאַרן וואוקס פון די אידישע פאַבריק־אַרבעטער.

מיט דעם נאָר וואָס געזאָגטן ווילן מיר ניט באַהויפּטן, אַז דאָס איז די איינציגע סיבה פונם שוואַכן אַריינדרינגען פון אידישע אַרבעטער אין דער פאַבריק־אינדוסטריע. מיר מיינען אָבער, אַז דאָס איז די עיקר־סיבה.

לויט באַלאַבאַן איז אין גאַנץ גאַליציע געווען אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט דריי אידישע אַדוואָקאַטן, עטליכע אידישע מעדיצין־דאָקטוירים און אַ פּאָה אַסעסאָרן בּאַ די אָרטיגע האַנדל־קאַמערן [1]) — און הערמיט שעפּט זיך אויס ביים גאַליצישן אידנטום דער קלאַס ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטע. אידן האָבן נאָך דעמאָלט צו ווייניג באַזוכט וועלטליכע שולעס, אַז ס'זאָל געווען קאָנען אויפקומען אַ אידישע פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ. פון 51153 שילער, וואָס האָבן אין גאַליציע באַזוכט די עלעמענטאַר־שולעס אין 1830־טן יאָר, זיינען געווען סך־הכל 408 אידן, ד.ה. אינגאַנצן 0,8 פּראָצענט.[2])

דער שוין ציטירטער ראָרער דערציילט אַ אינטערעסאַנטן פאַקט: „מען האָט מיר געוויזן אין לעמבערג ניט לאַנג אַ אידישן פאַרמעגליכן קופּער־שמיד. אַז איך האָב באַזוכט זיין ווערקשטוב, האָב איך געטראָפן בּאַ דער אַרבעט קרעפטיגע שלעזישע און זעקסישע יונגען. דער מייסטער האָט מיר מודה געווען, אַז אידישע אַרבעטער ווערן אַ סך גיכער מיד. אַ אידישן גראָבשמיד האָב איך נאָך צווישן אידן ניט געטראָפן; ס'ווייזט אויס, אַז די אַרבעט בּאַ מאַכן פּאָדקאָוועס און כלי־זין איז פאַר זיי צו שווער [3]). און דער זעלבער ראָרער דערציילט, אַז אין בעטש און יאַרוטשעווו האָבן אידישע בעלי־מלאכות געוועבט טייערע גאַרטלען פאַר פּוילישע פּריצים. די גאַרטלען פלעגן דורכגעוועבט ווערן מיט זילבערנע און גאָלדענע פעדים און פלעגן קאָסטן אַ שטיק 12 דוקאַטן, אַ גאַנץ הויכע סומע פאַר יענער צייט. ראָרער גיט צו, אַז בּאַ דער דאָזיגער אַרבעט פאַרדינט מען גאַנץ גוט.

מיר האָבן געבראַכט די דאָזיגע עטליכע פאַקטן, ווייל זיי געבן דעם שליסל צו דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער אידישער עקאָנאָמיק.

לאָמיר אָבער פאָרזעצן דעם אַנאַליז פון די געבראַכטע דאַטן. אין פאָלגנדיגע פאַכן האָבן אידן געהאַט די איבערוויגנדיגע מערהייט: גלעזער 98,5%, שניידער 94,3%, קופּערשמידן 81,1%, פאַרבערס 73,7%, קירזשנער 70,1%.

נעמט מען די ערשטע פיר אויסגעשפּראָכן האַנטווערקערישע פאַכן פון די אויסגערעכנטע צוואַנציג, באַקומט מען, אַז אין זיי זיינען געווען באַשעפטיגט:

---

1) Dr. M. Balaban — Dzieje Zydow w Galizyi i w Rzeczpospolitej Krakowskiej 1772 — 1868. Lwow 1914. p. 159

2) Stöger, op. cit. p. 137

3) Josef Rohrer — Versuch über die Jüdischen Bewohner der oesterreichischen Monarchie. S. 68—64

בא אידן . . . . . . . 84,0 %
״ ניט־אידן . . . . . 27,7 ״

ביז גאָר אינטערעסאַנטע דאַטן פאַרמאָגן מיר וועגן דרום־פרייסן פון סוף 18־טן און אָנהייב 19־טן יאָרהונדערט. די דאָזיגע פּראָווינץ, וועלכע האָט געהערט דעמאָלט צו פרייסן, איז באַשטאַנען פון דריי דעפּאַרטאַמענטן: פּויזענער, קאַלישער, און וואַרשעווער. די ווייטער געבראַכטע דאַטן זיינען אויפגענומען געוואָרן פון דער דייטשער אַדמיניסטראַציע באַלד נאָך דער אָקופּאַציע.

וועגן דער צאָל אידן אין די דאָזיגע דעפּאַרטאַמענטן זיינען פאַראַן פאָלגנדיגע ידיעות פאַרן 1797־טן יאָר [1]:

| דעפּאַרטאַמענט | אינגאַנצן איינוואוינ. | פון דעם אידן abs. | פון דעם אידן % |
|---|---|---|---|
| פּויזענער . . . . . . | 587 862 | 29 782 | 5,07 |
| קאַלישער . . . . . | 380 381 | 16 469 | 4,32 |
| וואַרשעווער . . . . . | 325 798 | 24 264 | 7,45 |
| צוזאַמען . . . . . | 1 294 041 | 70 515 | 5,45 |

לויט די ציילונג־ליסטן פון 1800 איז געווען אידן [2]:

| דעפּאַרטאַמענט | אינגאַנצן | פון דעם אין די דערפער abs. | פון דעם אין די דערפער % |
|---|---|---|---|
| פּויזענער . . . . . . | 36 579 | 1 768 | 4,83 |
| קאַלישער . . . . . | 16 230 | 6 551 | 40,37 |
| וואַרשעווער . . . . . | 31 115 | 9 101 | 29,25 |
| צוזאַמען . . . . . | 83 924 | 17 420 | 20,75 |

פאַר דריי יאָר זיינען צוגעקומען העכער דרייצן טויזנט אידן. מעגליך, אַז די ציילונג פון 1797 איז ניט געווען אַזוי פּונקטלעך ווי פון 1800; ס'איז אָבער אויך אָננעמען, אַז אַ געוויסער צאָל אידן האָט צוגעוואַנדערט פון די נאָענטע פּוילישע געגנטן, ווייל דאָס איז געווען אַ אַלגעמיינע ערשיינונג, אַז ווי באַלד נאָר אַ קאַנט פלעגט פאַרנומען ווער פון דייטשן, פלעגן די פּוילישע אידן זיך רייסן אַהין מיט אַלע כחות און פלעגן מערסטענטיילס גובר זיין אַלע מניעות און רדיפות פון דער דייטשער אַדמיניסטראַציע. אין אַלגעמיינעם האָבן אידן אויסגעמאַכט סך־הכל איין צוואַנציגסטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין אַלע דריי דעפּאַרטאַמענטן — אין קאַלישער אַפילו ווייניגער פון פינף פּראָצענט און אין וואַרשעווער, פאַרקערט, מער פון זיבן פּראָצענט. אין קאַלישער דעפּאַרטאַמענט האָבן גאַנצע 40 פּראָצענט פון אַלע אידן געלעבט אין דאָרף; אין וואַרשעווער 29,25% און נאָר אין פּויזענער דעפּאַרטאַמענט האָבן 95 פּראָצענט פון אַלע אידן געוואוינט אין שטעט. די דאַטן וועגן דער צאָל דאָרפישע אידן אין פּויזענער קאַנט רופן אַרויס ספקות, נאָר מיר קאָנען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן דערויף.

אין די שטעט פון אַלע דריי דעפּאַרטאַמענטן זיינען געווען 29 118 האַנטווערקער; פון זיי אידן — 4164 אָדער 14,3% [3].

הענדלער, וועלכע זיינען געווען מחויב צו פירן ביכער, זיינען געווען אין דער גאַנצער דרום־פרייסישער פּראָווינץ 2898; פון זיי אידן — 1159 אָדער 40,0 פּראָצענט. דער גרויס־האַנדל איז אויף אַזאַ אופן געווען נאָר אויף פערציג פּראָצענט אין אידישע הענט, צוויי מאָל ווייניגער ווי אין גאַליציע. דער קליין־האַנדל איז אָבער געוויס געווען אין אַ גרעסערער מאָס אין אידישע הענט. אַזוי זיינען געווען פון 201 מעקלער אין ליסא 200 אידן; פון 82 קרעמער אין קעמפּן — 80 אידן; פון 89 קרעמער אין קאַליש — 80 אידן. אין פּעטראָקאָוו איז ניט געווען קיין איין קריסטלעכער קרעמער [4].

אין טאַבעלע אויף זייט 62 גיבן מיר די צאָל אידישע האַנטווערקער אין פאַרשיידענע טיפּן וואוין־ערטער אין די דעפּאַרטאַמענטן פּויזן און קאַליש. זי איז צוזאַמענגעשטעלט אויפן גרונט פון די דאַטן איבער איינצלנע שטעט, וועלכע זיינען געבראַכט אינם שוין ציטירטן ווערק Beiträge zur Beschreibung usw.

פון דער דאָזיגער טאַבעלע איז קלאָר, אַז אין די גרעסערע שטעט מאַכן די אידן אויס אַ גרעסערן פּראָצענט הן לגבי דער באַפעלקערונג בכלל און הן לגבי די האַנטווערקער. אין ביידע דעפּאַרטאַמענטן צוזאַמען מאַכן די אידן אויס אין די שטעטלאַך מיט ווייניגער פון 500 איינוואוינער 13,5% און אין די שטעט מיט מער פון 3 000 איינוואוינער 23,0 פּראָצענט; לגבי די האַנטווערקער וועלן די אַנטשפּרעכנדיגע צאָלן זיין — 7,0 און 15,9, אַלזאָ מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל. אַ סך קלאָרער איז די דאָזיגע ערשיינונג אויסגעשפּראָכן אין קאַלישער דעפּאַרטאַמענט, וועלכער איז געווען אינדוסטריעל ווייניגער אַנטוויקלט, ווי פּויזענער. אינם אינדוסטריעל אַנטוויקלטערן פּויזן איז געווען אַ גרויסע צאָל וועבער און טוכמאַכער, צווישן וועלכע קיין אידן זיינען לחלוטין ניט געווען, און דאָס האָט געמאַכט קלענער דעם פּראָצענט אידישע האַנטווערקער לגבי דער אַלגעמיינער צאָל בעלי־מלאכות.

פאָלגנדיגע טאַבעלע גיט אונז אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם באַשטאַנד פון דער אידישער האַנטווערקער־באַפעלקערונג אין פּויזן (1797) [5]:

| מ ל א כ ה | קריסטן | אידן | % אידן לגבי דער גאַנצער צאָל | אין דער אַנטשפּרעכנדיגער בראַנזשע זיינען געווען פון יעדע הונדערט: קריסטן | אין דער אַנטשפּרעכנדיגער בראַנזשע זיינען געווען פון יעדע הונדערט: אידן |
|---|---|---|---|---|---|
| באַקליידונג . . . . . . | 3 831 | 1 342 | 25,9 | 24,5 | 69,5 |
| טעקסטיל . . . . . . . . | 3 562 | 1 | — | 22,8 | 0,1 |
| שפּייז . . . . . . . . | 2 395 | 296 | 11,0 | 15,3 | 15,3 |
| וויין און בראַנפן . . . | 1 901 | 86 | 4,3 | 12,2 | 4,5 |
| האָלץ . . . . . . . . | 1 120 | 1 | 0,1 | 7,2 | 0,1 |
| מעטאַל . . . . . . . . | 709 | 33 | 4,5 | 4,5 | 1,7 |
| בוי . . . . . . . . . | 426 | 34 | 7,4 | 2,7 | 1,7 |
| לעדער . . . . . . . . | 351 | 11 | 3,0 | 2,2 | 0,6 |
| בעדער, באַרבירער, כירורגן . . . . | 163 | 47 | 22,4 | 1,0 | 2,4 |
| מוזיקאַנטן . . . . . . | 123 | 26 | 17,4 | 0,8 | 1,3 |
| בוכבינדער און דרוקער | 24 | 31 | 56,4 | 0,1 | 1,6 |
| אַנדערע . . . . . . . | 1 038 | 22 | 2,1 | 6,7 | 1,2 |
| צוזאַמען . . . | 15 643 | 1 930 | 11,0 | 100,0 | 100,0 |

1) Beiträge zur Beschreibung von Süd- und Neuost-Preußen. Erster Band. Erstes Heft. Berlin 1803, S. 49 - 50.
2) Geographie und Statistik von West- Süd- und Neuost-Preußen. Herausgegeben und bearbeitet von Holsche. 2 Band. Berlin 1804, S. 426 - 27.
3) Beiträge u. s. w. S. 49-50

4) Jacob Jacobson — Die Stellung der Juden in den 1793 u. 1795 von Preußen erworbenen polnischen Provinzen zur Zeit der Besitznahme. Monatsschrift für Geschichte u. Wiss. d. Jud. 1920 p. 282-86
5) Beiträge usw.

## די אידישע האנטווערקער אין פויזענער און קאלישער דעפארטאמענטן אין יאר 1797

| גרויס פון געמיינדע | צאל געמיינדעס | באפעלקערונג | | | בעלי־מלאכות | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | אינגאנצן | פון דעם אידן | | אינגאנצן | פון דעם אידן | |
| | | | abs. | % | | abs. | % |
| **פויזענער דעפארטאמענט** | | | | | | | |
| ביז 500 איינוואוינער . . . . . | 23 | 7 853 | 1 026 | 13,0 | 632 | 42 | 6,6 |
| 501 — 1000 „ | 38 | 28 259 | 5 500 | 19,5 | 3 127 | 488 | 15,6 |
| 1001 — 3000 „ | 30 | 48 691 | 10 824 | 22,2 | 6 661 | 859 | 12,9 |
| 3001 און מער „ | 9 | 48 238 | 10 340 | 21,4 | 4 586 | 587 | 12,8 |
| **צוזאמען . . . . . .** | **100** | **133 041** | **27 690** | **20,8** | **15 006** | **1976** | **13,2** |
| **קאלישער דעפארטאמענט** | | | | | | | |
| ביז 500 איינוואוינער . . . . . | 3 | 912 | 154 | 16,9 | 71 | 7 | 9,9 |
| 501 — 1000 „ | 14 | 10 094 | 1 151 | 11,4 | 962 | 103 | 10,7 |
| 1001 — 3000 „ | 9 | 13 838 | 2 338 | 16,9 | 1 209 | 167 | 13,8 |
| 3001 און מער „ | 1 | 4 297 | 1 754 | 40,8 | 378 | 202 | 53,4 |
| **צוזאמען . . . . . .** | **27** | **29 141** | **5 397** | **18,5** | **2 620** | **479** | **18,3** |
| **צוזאמען** | | | | | | | |
| ביז 500 איינוואוינער . . . . . | 26 | 8 765 | 1 180 | 13,5 | 703 | 49 | 7,0 |
| 501 — 1000 „ | 52 | 38 353 | 6 651 | 17,3 | 4 089 | 591 | 14,5 |
| 1001 — 3000 „ | 39 | 62 529 | 13 162 | 21,0 | 7 870 | 1 026 | 13,0 |
| 3001 — און מער „ | 10 | 52 535 | 12 094 | 23,0 | 4 964 | 789 | 15,9 |
| **צוזאמען . . . . . .** | **127** | **162 182** | **33 087** | **20,4** | **17 626** | **2 455** | **13,9** |

באַ אידן זיינען פאַרנומען אינם באַקליידונג־צווייג מער פון צוויי דריטל פון אַלע אידישע בעלי־מלאכות; באַ ניט־אידן נאָר איין פערטל. באַ די ניט־אידן זיינען פאַראַן העכער 3 און אַ האַלב מאָל טעקסטיל־האַנטווערקער; באַ אידן נאָר איינער. אין מעטאַל זיינען באַ ניט־אידן — 4,5 פּראָצענט פון אַלע ניט־אידישע בעלי־מלאכות; באַ אידן—סך־הכל 1,7. אָנגעוויזען איז דער אידישער אָנטייל אין באַקליידונג, שפּייז, צווישן פּאַריקמאַכער, מוזיקאַנטן און בוכבינדער. אין טעקסטיל זיינען אידן לחלוטין ניט פאָרגעשטעלט, אין מעטאַל — קוים מיט 4,5%.

דער אמתער פּנים פונם אידישן האַנטווערק ווערט אָבער קלאָר ערשט דעמאָלט, ווען מען נעמט ניט גאַנצע אינדוסטריע־צווייגן, נאָר איינצלנע מלאכות. פאָלגנדיגע טאַבעלע גיט אַ קאָנקרעט בילד און ווייזט, וואָס פאַר אַ תהום ס'איז דעמאָלט געווען צווישן אידישן און ניט־אידישן האַנטווערק. אין די ערשטע זעקס בראַנזשעס, טיפּיש־האַנטווערקערישע, וועלכע זיינען נאָך עד היום ניט זייער ווייט אַוועק פון זייער אַמאָליגן פּרימיטיוון צושטאַנד, מאַכן די אידן אויס מער פון אַ העלפט פון אַלע באַשעפטיגטע און אין זיי זיינען באַשעפטיגט באַ 60 פּראָצענט פון אַלע אידישע בעלי־מלאכות (ווייניגער פון פינף פּראָצענט פון אַלע ניט־אידישע בעלי־מלאכות). אין די לעצטע זעקס אָדער זיבן בראַנזשעס, וועלכע האָבן געגעבן דעם יסוד פאַר דער גרויס־אינדוסטריע, זיינען פאַרנומען ביז זעכציג פּראָצענט פון אַלע קריסטליכע בעלי־מלאכות און אפילו קיין איין פּראָצענט ניט פון אַלע אידישע בעלי־מלאכות. אין פּויזן, וואָס איז געווען דער אינדוסטריעל אַנטוויקלטסטער טייל פון אַמאָליגן פּוילן און וואָס האָט געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָלע אין דער שפּעטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער מאַנופאַקטור־אינדוסטריע אין קאָנגרעס־פּוילן — אָט דאָרטן טרעט באַזונדערס בולט אַרויס דער חילוק צווישן דעם אידישן און ניט־אידישן האַנטווערק, אָט דאָרטן טרעטן באַזונדערס קלאָר אַרויס די פאַרשיידענע אבות פון איצטיגן אידישן און ניט־אידישן אַרבעטער־קלאַס און ס'ווערן אויף אַזאַ אופן אויפגעדעקט די וואָרצל־סיבות פונם פאַרשיידענעם גורל זייערן.

עס האָט באַטראָפן די צאָל האַנטווערקער באַ:

| | בכלל | אידן | % |
|---|---|---|---|
| קנעפּ־מאכער . . . . . | 58 | 52 | 89,7 |
| פּאָזאמענטירער . . . . | 72 | 50 | 69,4 |
| מיצן־מאכער . . . . . | 75 | 51 | 68,0 |
| בוכבינדער . . . . . . | 51 | 31 | 60,8 |
| שניידער . . . . . . | 1599 | 923 | 57,7 |
| גאָלדשמידן . . . . . | 41 | 22 | 53,7 |
| בלעכערס . . . . . . | 7 | 3 | 42,9 |
| קאַממאכערס . . . . . | 19 | 7 | 36,8 |
| גלעזער . . . . . . . | 80 | 28 | 35,0 |
| קירזשנער . . . . . . | 731 | 251 | 34,3 |
| קצבים . . . . . . . | 876 | 238 | 27,2 |
| כירורגן, באַרבירער, בעדער | 210 | 47 | 22,4 |
| זאָטלערס . . . . . . | 64 | 5 | 7,8 |
| בעקערס . . . . . . | 658 | 51 | 7,7 |
| הענטשקע־מאכער . . . . | 56 | 3 | 5,4 |
| מולארעס . . . . . . | 117 | 4 | 3,4 |
| שלאָסערס . . . . . . | 154 | 3 | 1,9 |
| סטאָליארעס . . . . . | 399 | 1 | 0,3 |
| שוסטערס . . . . . . | 2506 | 6 | 0,2 |
| שמידן . . . . . . . | 317 | — | — |
| טוכמאכער און וועבער . | 3938 | — | — |
| באנדערס . . . . . . | 271 | — | — |

אין דער אַנטוויקלונג פון דער דעמאָלטיגער פויזענער אינ־דוסטריע האָבן אידן געשפּילט ניט קיין קליינע ראָלע, אָבער ניט אַלס אומיטלבאַר באַטייליגטע אין פּראָדוקציע־פּראָצעס, אַפילו ניט אַלס אונטערנעמער — אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פּראָ־דוקציע, נאָר אַלס צושטעלער פון רוי־מאַטעריאַל און אַלס אָפּזעצערס פון די פאַרטיגע סחורות. די אידן פלעגן אויפקויפן די וואָל אין די דערפער און אין די פּריצישע מאַיאָנטקעס און זי אַרויסגעבן אויף קרעדיט די קריסטליכע בעלי־מלאכות. זיי פלעגן באַקומען באַצאָלט מיט פאַרטיגע סחורות. ס'זיינען אויך געווען אידישע סוחרים, וועלכע פלעגן געבן די וואָל און צאָלן דעם בעל־מלאכה נאָר פאַר דער אַרבעט — דאָ זיינען זיי שוין אַרויסגעטרעטן אין דער ראָלע פון אונטערנעמערס, אָבער אין איר שרעקליכסטער און אומענשליכסטער פאָרם. ס'וואָלט אונז פאַרפירט צו ווייט, ווען מיר זאָלן וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן גענוי אויף דער ראָל פון אידישן הענדלער אין דער הויז־אינדוסטריע פון אַמאָליגן פויזן. מיר וועלן נאָר זאָגן, אַז וועגן זיין עקס־פּלואַטאַציע פון קריסטליכן בעל־מלאכה איז דעמאָלט באַשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע ליטעראַטור, אין וועלכער זיין ראָלע ווערט געשילדערט אין ניט ווייניגער שוידערליכע פאַרבן, ווי די ראָל פונם אידישן שענקער אין אוקראַינע. דער אידישער הענדלער האָט אויך געשפּילט די הויפּט־ראָלע אינם אָפּזעצן די פאַרטיקע סחורות — ער האָט אָנגעשטעקט מיט די פויזענער מאַנופאַק־טור־סחורות אין אוקראַינע, ליטע, מאָלדאַוויע און אַפילו אין פּעטערבורג.

ס'איז גוט באַקאַנט, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָלע אין דער אויסוואַנדערונג פון די פויזענער אידן ס'האָט געשפּילט דער נאַציאָנאַלער קאַמף צווישן די פּוילן און דייטשן אינם היגן קאַנט. און שוין צום אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט קאָן מען קאָנסטאַטירן דעם פאַקט, אַז די פויזענער אידן האָבן, פון איין זייט, געהאַט אויסצושטייען אַ שטאַרקע קאָנקורענץ אינם האַנדל מצד די דייטשן און, פון צווייטן זייט, אינם האַנטווערק, מצד די פּוילן. אַזוי שרייבט איינער פון די בעסטע קענער פון פויזענער קאַנט:

„אין דער שטאָט פויזן פון 1793 איז די פּוילישע באַפעל־קערונג געווים געווען די גרעסטע. דאָך ניט דעמאָלט און ניט קיינמאָל פריער אָדער שפּעטער האָבן די פּוילן געשפּילט די ער־שטע ראָלע אין די שטאָטישע באַשעפטיגונגען. אינם האַנט־ווערק זיינען זיי געווען אין אַ גרויסער צאָל; אָבער צווישן 380 סוחרים, וואָס זיינען געווען מחויב צאָלן שטייער לויט געפירטע ביכער, זיינען געווען גאָר ווייניג פּוילישע נעמען; די איבער־וויגנדיגע צאָל—307—זיינען געווען אידן, און צווישן די קריסט־ליכע פירמעס די דייטשן. די אידן האָט זיך איינגעגעבן פאַר־כאַפּן אין זייערע הענט דעם גרעסטן טייל מסחר מיט דאָרף־פּראָדוקטן. זיי זיינען אָבער געווען אין אַזאַ גרויסער צאָל און די קאָנקורענץ צווישן זיי איז געווען אַזאַ שטאַרקע, אַז זעלטן ווער ס'פלעגט פון זיי דערגרייכן צו גרויסע געשעפטן אָדער צו אַ גרויסן פאַרמעגן. צווישן די פינף אָדער זעקס פויזענער גרעסערע סוחרים, וואָס זיינען געווען דעמאָלט באַקאַנט, איז ניט געווען ניט קיין איד און ניט קיין פּאָליאַק. די באַנקירן און די מיליאָנערן, ווי מען האָט זיי דעמאָלט גערופן, קלוג, טאַראַ, געבל, שטרעמלער און אַנדערע, האָבן אין די לעצטע בעסערע צייטן גיך באַקומען אַ גרויס עשירות, וועלכע איז אָבער אויך אַזוי גיך פאַרלאָרן געגאַנגען. די פירמע פונם רייכסטן פון די לעצטע, פונם באַנקיר Johann Klug איז געקומען צום אָפּגרונט שוין קורץ פאַר דער אָקופּאַציע, בײַ דער גסיסה פון דער רע־פּובליק, די איבעריגע זיינען אונטערגעגאַנגען אין די נאַפּאָלעאָנ־שע מלחמות" [1].

וועגן די ליבעראַלע פּראָפעסיעס זיינען פאַראַן פאָלגנדיגע העכסט אינטערעסאַנטע ידיעות. ס'זיינען געווען אין פויזענער און קאַלישער דעפּאַרטאַמענט צוזאַמען: פון 54 אַפּטייקערס קיין איין איד ניט; פון 40 מעדיצין־דאָקטוירים דריי אידן, פון 203 באָבעס (אַקושערקעס) — 29 אידישע.

אינטערעסאַנט איז נאָך צוצוגעבן, אַז פון 211 נאַכט־שומרים אין די צוויי דעפּאַרטאַמענטן זיינען געווען 5 אידן.

אויפן גרונט פון אַרכיוו־מאַטעריאַלן, וועלכע ווערן איצט פון אונז באַאַרבעט, קאָן מען פעסטשטעלן, אַז אין פויזן האָבן די אידן זיך באַשעפטיגט אין 1816 מיט:

| | |
|---|---|
| האנדל, קרעדיט, רענטנער און פאבריקאנטן | 63·3 % |
| האנטווערק | 34·0 " |
| ליבעראלע פראָפעסיעס | 2·5 " |
| לאגדווירטשאפט | 0·2 " |
| סך־הכל | 100·0 % |

דאָ פעלט אינגאַנצן די קאַטעגאָריע „אָן באַשעפטיגונגען", וועלכע האָט בײַ די פויזענער אידן דעמאָלט אויסגעמאַכט גאָר ניט קיין קליינעם פּראָצענט, אַזוי אַז מען מוז רעכענען, אַז פאַקטיש האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנטווערק בערך בײַ 25 פּראָ־צענט פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע און מיט ליבעראַלע פּראָ־פעסיעס איין אָדער אַנדערטהאַלבן פּראָצענט. אויפן גרונט פון די זעלבע אַרכיוו־מאַטעריאַלן האָבן זיך די פּרייסישע אידן (אָן פויזן) לויט זייערע באַשעפטיגונגען געטיילט אין 1816 אויף אַזאַ אופן:

| | |
|---|---|
| האנדל, קרעדיט, רענטנער און פאבריקאנטן | 87·0 % |
| האנטווערק | 7·6 " |
| ליבעראלע פראָפעסיעס | 4·9 " |
| לאנדווירטשאפט | 0·5 " |
| סך־הכל | 100·0 " |

דאָ האָבן מיר שוין פאַר זיך מערב־אייראָפּייאישע אידן, בײַ וועלכע דער האַנטווערק איז אַ סך ווייניגער פאַרשפּרייט, ווי צווישן די מזרח־אידן; ליבעראַלע פּראָפעסיעס האָבן זיי שוין אַ גאַנץ הויכן פּראָצענט. און אַ סך אויסגעשפּראָכענער אין דעם פּרט איז דאָס דעמאָלטיגע בערלינער אידנטום, וועלכעס האָט זיך געטיילט לויט די באַשעפטיגונגען אויף אַזאַ אופן (1816): [2]

| | |
|---|---|
| האנדל, קרעדיט, רענטנער און פאבריקאנטן | 48,2% |
| ליבעראלע פראפעסיעס | 49,9 " |
| האנטווערק | 1·3 " |
| לאנדווירטשאפט | 0·6 " |
| סך־הכל | 100,0 " |

פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיגער פּראָפעסיאָנעלער באַ־שטאַנד פון די בערלינער אידן דערקלערט זיך דער עיקר מיט

---

1) Preußische Städte im Gebiete des polnischen Nationalitätenkampfes. Herausgegeben von Ludwig Bernhard. Leipzig 1904 S. 23 – 24

2) די דאטן וועגן די באשעפטיגונגען פון די פויזענער, פרייסישע און בערלינער אידן זיינען דערווייליגע רעזולטאטן פון די באארבעטע ארכיוו־מאטעריאלן. מעגליך, אז די ענטגילטיגע רעזולטאטן וועלן אריינטראגן קליינע ענדערונגען אין די צאלן.

פּאָליטישע טעמים. מען דאַרף געדענקען, אַז די געבראַכטע דאַטן באַציִען זיך גענוים נאָר אויף די עלעמענטן, וועלכע האָבן געהאַט חזקת־רעכט, און מסתמא זיינען געווען ניט ווייניק אָרימע בעלי־מלאכות און הענדלער, וועלכע האָבן געלעבט אין בערלין ניט פאַררעגיסטרירטע. איינס איז אָבער אויף געווים קלאָר, אַז באַ די דייטשע אידן איז דער פּראָצענט באַשעפטיקטע באַ האַנדל און ליבעראַלע פּראָפעסיעס געווען באַדייטנדיק גרעסער, ווי באַ די רוסיש־פּוילישע אידן און, פאַרקערט, דער פּראָצענט פאַרנומענע מיט האַנטווערק איז געווען קלענער. ביז גאָר אינטערעסאַנט איז די פאָלגנדיקע מער דעטאַלירטע טאַבעלע וועגן די באַשעפטיקונגען פון די ווינער אידן.

באשעפטיגונגען פון די אידן אין ווין 1804 :[1]

| | abs. | % |
|---|---|---|
| באַנקירן, וועקסלגעשעפט | 2 | 1,6 |
| גרויסהענדלער | 16 | 12·7 |
| הענדלער | 64 | 50·8 |
| שענקערס | 10 | 7·9 |
| בעלי־מלאכות | 8 | 6·3 |
| פאבריקאנטן | 2 | 1·6 |
| דאקטוירים | 3 | 2·4 |
| צאָן־דאקטוירים | 1 | 0·8 |
| פון אונטערשטיצונג | 3 | 2·4 |
| אומבאשטימטע | 14 | 11·1 |
| אנדערע | 3 | 2·4 |
| צוזאמען | 126 | 100,0 |

ביז דריי פערטל פון אַלע ווינער אידן זיינען פאַרנומען מיט האַנדל, קרעדיט און שענקעריי; די בעלי־מלאכות מאַכן אויס 6,3% פון אַלע ווינער אידן; פרייע פּראָפעסיעס מער פון 3%.

אַז באַ די דייטשע אידן איז דער פּראָצענט בעלי־מלאכות דעמאָלט געווען ביז גאָר אַ נידעריגער, ווערט אויך דערוויזן פון די דאַטן איבער דער צאָל בעלי־מלאכות אין פראַנקפורט אַם מאַין. אין דער דאָזיגער קהלה, וועלכע האָט געציילט אין 1817־טן יאָר 4309 נפשות, איז געווען אין 1814 סך־הכל 20 אידישע זעלבסטשטענדיגע בעלי־מלאכות מיט 20 געהילפן [2].

בנוגע צו דעם געוויכט פון אידן אין פאַרשיידענע ווירטשאַפט־צווייגן ברענגען מיר ידיעות וועגן פּרייסן 1816 און 1834.

אין האַנטווערק האָבן אידן אויסגעמאַכט אין 1816 בערך 1 און אַ האַלב פּראָצענט [3]. בנוגע צו האַנדל האָבן מיר ידיעות וועגן 1834. אידן האָבן אויסגעמאַכט: צווישן גרויס־הענדלער, באַנקירן און פאַבריקאַנטן—22,0, רעסטאָראַנען, שענקען און ווייןהאַנדל,—5,0, אין איבעריגן האַנדל און קרעמעריי — 12,0% [4].

1) Urkunden und Akten zur Geschichte der Juden in Wien. Zweiter Band. Herausgegeben und eingeleitet von A. F. Pribram. Wien und Leipzig 1918 p. 120-32.

2) J. Kracauer — Geschichte der Juden in Frankfurt A. M. Frankfurt a. M. 1927 B. II. p. 526-17.

3) די אידישע דאטן נעמען מיר פון די דערמאנטע ארכיוו־מאטעריאלן. וועגן דער גאנצער צאל האנטווערקער אין פרייסן אין 1816 זעה: Der Volkswohlstand im Preussischen Staat. — Aus amtlichen Quellen. Dr. C Dieterici, Berlin 1846 p. 187 und 253-4.

4) די דאטן וועגן די אידן זיינען גענומען פון די דערמאנטע ארכיוו־מאטעריאלן; די אלגעמיינע פון: Statistische Uebersicht der wichtigsten Gegenstände des Verkehrs und Verbrauchs im Preussischen Staate von Dr. C. F. Dieterici, Berlin 1842 p. 384—401.

צום אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט האָבן אידן נאָך אויסגעמאַכט אַ גאַנץ באַדייטנדיקן פּראָצענט אינם פּרייסישן האַנדל— אינם גרויס־האַנדל מער פון אַ פינפטל און אינם האַנדל בכלל מער פון אַ צענטל, בערך צוויי מאָל אַ גרעסערן פּראָצענט, ווי אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט. אין דער אינדוסטריע איז דער כמותדיקער געוויכט פון אידן געווען אין ביידע צייט־פּונקטן אַ נישטיקער. אינם האַנדל זיינען אידן געווען אין פּרייסן אין 1834־טן יאָר פאַרטראָטן בערך צען מאָל מער, ווי אין דער באַפעלקערונג; אין אינדוסטריע בערך אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ.

מיר קאָנען, ליידער, דאָ ניט ברענגען דעם מאַטעריאַל, וואָס ווייזט די אַנטוויקלונג־עטאַפּן פון דער אידישער עקאָנאָמיק אין משך פון 19־טן יאָרהונדערט. מיר מוזן זיך באַגרעניצן נאָר מיט איניקע אויספירן פון די געבראַכטע מאַטעריאַלן וועגן די צוויי עק־תקופות—אָנהויב 19־טן און 20־טן יאָרהונדערט.

א) דער פּראָצענט באַשעפטיקטע באַ פּראָדוקטיווע פּרנסות (ערד־אַרבעט, מלאכה און אינדוסטריע, ליבעראַלע פּראָפעסיעס און שוואַרץ־אַרבעט) האָט זיך ביים מזרח־אייראָפּעיִשן אידנטום פאַרגרעסערט בערך דריי־פיר מאָל, אַריינרעכענענדיק אויך די אַמעריקאַנער אידן, און ביים מערב־אייראָפּעיִשן אידנטום דריי מאָל. דער וואוקס פון אַרבעטנדיקע עלעמענטן באַ די אידן פון מערב־אייראָפּע דערקלערט זיך דער עיקר מיטן צושטראָם פון אידן פון מזרח־אייראָפּע.

ב) בנוגע צום געוויכט פון אידישן עלעמענט אין דער אַרומיקער ווירטשאַפט, קאָן מען קאָנסטאַטירן:

1) אינם האַנדל האָבן די אידן בערך אייִנגעהאַלטן זייער אַנטייל־פּראָצענט פון צוריק מיט הונדערט יאָר און ס׳קאָן קיין רעד ניט זיין וועגן אַן אַרויסשטויס־פּראָצעס, כאָטש אין די גאָר לעצטע יאָרן מערקט זיך אַ געוויסער איבעררוק אין די פאַרהעלטנישן לטובת די ניט־אידישע באַשעפטיקטע אין האַנדל.

2) אין מלאכה און אינדוסטריע האָבן אידן אין משך פון די הונדערט יאָר ניט נאָר פאַרפעסטיקט זייערע פּאָזיציעס אין די בראַנזשעס און פאַכן, אין וועלכע זיי האָבן שוין פון לאַנג געשפּילט אַ איבערוויגנדיקע ראָלע, נאָר זיי האָבן שטאַרק אויסגעברייט און פאַרשפּרייט זייער אַנטייל אַלס אונטערנעמער און פּראָדוצירער, זיינען אַריינגעדרונגען אין גאַנץ נייע אינדוסטריע־צווייגן און האָבן אויסגעקעמפט פּאָזיציעס אין אַזעלכע בראַנזשעס, וועלכע פאַרהינדערן דעם איבערגאַנג פון די אידישע אַרבעטנדיקע קרעפטן פון מלאכה צו פאַבריקאַציע, פון געברויך־פּראָדוקציע צו פּראָדוציר־מיטל־אינדוסטריע.

ג) די אויסגעשפּראָכענע אייִנזייטיקייט און אייִנאַרטיקייט פון דער אידישער עקאָנאָמיק און די איזאָלירטע, כמעט אייִנזאַמע סאָציאַלע לאַגע פון דער אידישער פאַרמיטלענדיקער פאָלק־גרופּע אין דער אַרומיקער פּראָצענדיקער וועלט זיינען שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן: פון אַ פאָלק־קלאַס, פאָלק־פאַרמיטלער זיינען אידן אין משך פון לעצטן יאָרהונדערט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קלאַסן־דיפערענצירטע, סתירות־פולע און פאַרבנרייכע נאַציע, נאָך געניג אייגנאַרטיק און אַנדערש, ווי די אַרומיקע פעלקער, אָבער אַ סך, אַ סך ענליכער און נאָענטער צו זיי, ווי צוריק מיט הונדערט יאָר.

— די קוועלן, באמערקונגען און ערקלערונגען צו דעם דאזיגן ארטיקל קומען צום סוף באנד —

# מלאכה באַ אידן אין ביבלישער און תלמודישער צייט

א׳ מענעס

# Das Handwerk bei den Juden im biblischen u. talmudischen Zeitalter

von **A. Menes**

ווען די אידן האָבן פאַרנומען כנען, זיינען זיי נאָך געשטאַנען אויף אַ בערך נידריגער מדרגה פון קולטור, הגם די פריערדיגע איינוואוינער פון פאַלעסטינאַ, די כנענים, און באַזונדערס די שכנותדיגע קולטור־פעלקער, ווי די בבלים און מצרים, האָבן שוין דערגרייכט זייער אַ הויכע שטופע פון קולטור. אין דעם געזעץ־בוך פון דעם בבלישען מלך ה א מ ו ר א ב י, אַנערך 2000 פ. כ., געפינען מיר שוין באַשטימונגען איבער דעם טאָג־לוין פון טעפער, שניידער, טשעסלאַרעס, מולאַרעס א. אַ. וו. ס'איז אינטערעסאַנט, וואָס מיר געפינען דאָרט שוין אַ באַשטימונג, אַז אויב אַ בעל מלאכה האָט אַראָפּטירט אַ פרעמד קינד און דאָס קינד האָט זיך באַ אים אויסגעלערנט די מלאכה, טאָר עס זיך ניט אומקערן צוריק צו זיינע עלטערן. עס געהערט שוין, הייסט עס, צו דער פאַמיליע פון דעם בעל מלאכה. דאָס באַווייזט, אַז די מלאכה האָט שוין דעמאָלט געטראָגן אַ צעך־כאַראַקטער.

אַלס די ערשטע מלאכות, וועלכע האָבן זיך אויסגעטיילט ווי באַזונדערע פראָפעסיעס, קענען מיר רעכענען די שמידעריי און טעפעריי, מחמת זיי פאַרלאַנגען שוין פון אָנהויב אָן מער געניטקייט און ספעציעלע געצייג און אַרבעטסמיטלען. און אַפילו באַ די וואַנדער־פעלקער פאַרנעמען זיך מיט שמידעריי נאָר ספעציעלע בעלי־מלאכות. די תורה רעכנט דעריבער אַלס די עלטעסטע פאַך־אַרבעטער די שמידן און די מוזיקאַנטן. אין דער עלטערער צייט ביז שלמה האָט באַ די אידן אַפילו די שמידעריי קיין גרויסע ראָלע ניט געשפילט. ראשית, האָט דאָ געווירקט דער פּאָליטישער דרוק פון אויסנווייניג. אַזוי דערציילט אונז, למשל, דער ספר שמואל, אַז די פלשתים האָבן ניט געלאָזט אויפקומען באַ אידן קיין שמידן, כדי די אידן זאָלן זיך ניט קאָנען פאַרשאַפן קיין געווער געגן זיי. נאָר מער אָבער האָט געשטערט דער אַנטוויקלונג פון מלאכה די אָפגעשטאַנענקייט פון דער ווירטשאַפט בכלל, וועלכע איז נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן אַ דאַנק דער פּאָליטישער צעברעקלטקייט פון די אידן. אַפילו אין דער צייט פון שלמה האָט נאָך געהערשט צום טייל די נאַטוראַל־ווירטשאַפט, ווי עס באַווייזט דער פאַקט, וואָס די שטייערן ווערן נאָך אויפגעמאָנט אין נאַטור. אויך די אַרבעטן פאַרן בית המקדש און פאַרן קעניגליכן פּאַלאַץ ווערן אויסגעפירט ניט דורך געדונגענע אַרבעטער, נאָר דורך צוואַנג־אַרבעטער; אַפילו די אויסלענדישע אַרבעטער באַקומען באַצאָלט מיט פּראָדוקטן. ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס סיי דוד סיי שלמה זיינען געווען געצוואונגען צו בריינגען בעלי־מלאכות פון אויסלאַנד, מחמת די קוואַליפיצירטע אַרבעטן האָבן נאָך די אידן ניט געקענט אויספירן.

די אַנטשטייאונג פון דער פאַראייניגטער אידישער מלוכה אין דער צייט פון דוד און דער לאַנגער שלום־פעריאָד אין דער צייט פון שלמה האָבן געבראַכט צו אַ אויפבליה פון דער ווירטשאַפט בכלל און פון דער מלאכה בפרט. די גרויסע בנינים, וועלכע שלמה האָט דורכגעפירט, האָבן פאַרלאַנגט אַ מאַסע אַרבעטער, און הגם די ערשטע צייט האָט מען זיך באַנוצט, ווי מיר האָבן געזעהן, מיט פרעמדע אַרבעטער, האָט אָבער מיט דער צייט אויך באַ די אידן געמוזט אויפקומען אַ שיכט פאַך־אַרבעטער. מ'דאַרף נעמען אין אַכט, אַז אין דער עלטערער צייט איז דער גרעסטער טייל בעל־מלאכות באַשעפטיגט באַ עפנטליכע אַרבעטן, ווי בויען טעמפּלען, פעסטונגען, צוגרייטן געווער פאַר דער מלוכה וכדומה. די פויערים גרייטן זיך אַליץ אַליין צו אין זייער אייגענער ווירטשאַפט; ערשט מיט דעם אויפקומען פון גרעסערע שטאָטישע קיבוצים ווערט אויך געשאַפן אַן אָפזאַץ־מאַרק פאַר אַזעלכע מלאכות, ווי בעקער, בוי־אַרבעטער, באַקליידונגס־אַרבעטער א.א. אָבער אויך גרעסערע שטאָטישע קיבוצים זיינען אין ישראל ערשט אויפגעקומען אין דער צייט פון די ערשטע מלכים. מיר געפינען שוין דעריבער אין דער צייט פון יהואש די פאַרשיידענסטע בעלי־מלאכות, וואָס אַרבעטן ביים רעמאָנט פון בית־המקדש, און שפעטער אין דער צייט פון חורבן האָט נבוכדנצר פאַרטריבן פון יהודה 1000 שמידן און שלאָסער. דאָס איז בלי ספק פאַר אַזאַ קליינער מלוכה, ווי יהודה, זייער אַ חשובע צאָל.

מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, אַז אין בבל זיינען געווען צעך־אָרגאַניזאַציעס פון די איינצעלנע מלאכות. אויך באַ די אידן געפינען מיר שוין אָרגאַניזאַציעס פון די פאַרשיידענע בעלי־מלאכות. אין יענער צייט אָבער האָט יעדע אָרגאַניזאַציע געמוזט טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ משפחה אָדער שבט. מיר זעהען דעריבער, אַז אויך די איינצעלנע מלאכות זיינען געווען אָרגאַניזירט אין משפחות. צום טייל נעמט עס זיך אויך דערפון, וואָס די מיטגלידער פון איין מלאכה האָבן באמת געהערט צו איין משפחה, מחמת דער פאָטער פלעגט בדרך כלל איבערגעבן זיין מלאכה בירושה דעם זון. אין נחמיה ווערן אויסגערעכנט צוזאַמען מיט די איבריגע משפחות די חברה פון די גאָלד־אַרבעטער, פאַרפום־מאַכער און הענדלער. די איינצעלנע מלאכות פלעגן אָפט זיין קאָנצענטרירט אין באַשטימטע קוואַרטאַלן. אַזוי ווערט דערמאָנט אין ירמיה די גאַס פון די בעקערס (חוץ האופים); און אין דברי הימים דער טאָל פון די טשעסלאַרעס (גיא חרשים כי חרשים היו); די ביסוס־אַרבעטער פון בית אשבע און די טעפער פון נטעים און גדרה.

פון די איינצעלנע מלאכות, וואָס ווערן געבראַכט אין תנ"ך, איז קודם כל כדאי צו דערמאָנען די מעטאַל אַרבעטער. אויפן ערשטן אָרט שטייען דאָ די אייזן־ און קופער־שמידן, וועלכע האָבן זיך גערעכנט, ווי מיר האָבן שוין געזעהן, צו די עלטעסטע מלאכות. פון די געצייג און אַרבעטס־מיטלען ווערן דערמאָנט דער בלאָזאַק, די קאָוואַדלע, דער האַמער, אָפצווייננגע, דלאָט און נאָך דער שמעלצקעסל (כור), וואו עס ווערן געלייטערט די מעטאַלן, און דער שמעלץ־אויוון (כבשן).

צו די מעטאַל־אַרבעטער געהערן אויך די זילבער־ און גאָלד־אַרבעטער, וועלכע האָבן, לויט די ידיעות פון תנך, פאַרנומען באַ

די אידן אַ חשובֿן אָרט. ס'ווערן אין תנך דערמאָנט פאַרשיידענע אופֿנים פֿון גאָלד־ און זילבער־באַאַרבעטונג: די גאָלד־בלעכ־אַרבעט, גאָלד־ און זילבער־גוס, ווי אויך גאָלד־ און זילבער־שמידעריי.

פֿון די בוי־אַרבעטער קענען מיר די שטיין־האַקער, שטיין־באַאַרבעטער און ציגל־אַרבעטער. די אידן האָבן אפֿנים אויך געקאָנט די מלאכה פֿון ברענען ציגל, ווי דאָס באַווייזט דער פּסוק „הבה נלבנה לבנים ונשרפה לשרפה“ בראשית יא, הגם דאָס באַציט זיך אויף בבל. צי זיינען געווען ספּעציעלע ציגל־ברענערייען, ווייסן מיר ניט. האָלץ דאַגעגן האָבן אידן זייער זעלטן באַניצט אַלס בוי־מאַטעריאַל, מחמת פּאַלעסטינאַ איז אָרים אין האָלץ. שלמה האָט געמוזט ברענגען צעדערן פֿון לבנון און אויך פֿיניקישע אַרבעטער, מחמת די אידן האָבן זיך ניט פֿאַרשטאַנען אויף האָלץ־אַרבעט.

פֿון די קונסט־אַרבעטער איז דאָ נאָך כדאי צו דערמאָנען די גראַווירער אָדער, ווי זיי הייסן אין תנך, די שטעמפּל־מאַכער און די קונסט־וועבער. שניידער, שוסטער און גאַרבער ווערן ניט דערמאָנט אין תנך. דאָס באַווייזט, פֿאַרשטייט זיך, ניט, אַז די דאָזיגע מלאכות זיינען די אידן געווען לגמרי אומבאַקאַנט. אונזערע מקורות פֿון דער צייט זיינען זייער קנאַפּ און ניט אַלץ, וואָס איז געווען אין לעבן, האָט איבערגעלאָזט אַ שפּור אין דער ליטעראַטור, וועלכע מיר פֿאַרמאָגן.

בכלל, דאַרף מען רעכענען, האָט די מלאכה בײַ אידן אין דער תקופֿה פֿון בית ראשון פֿאַרנומען זייער אַ קליינעם אָרט. פֿון אַלע העלדן פֿון תנך איז קיינער ניט געווען קיין בעל מלאכה. מיר געפֿינען אויך נישט אין די געזעצן פֿון תורה באַשטימונגען, וועלכע זאָלן רעגולירן די באַציאונגען צווישן די בעלי־מלאכות און די באַשטעלער, ווי מיר זעהען דאָס אין דעם געזעצבוך פֿון מלך האַמוראַבי און אין דער משנה.

II

די צייט פֿון גלות בבל האָט אַריינגעבראַכט אַ ממשותדיגע ענדערונג אין דעם גאַנצן בוי פֿון דעם אידישן עקאָנאָמישן לעבן. בעת פֿריער האָבן אידן געבילדעט אַ זעלבסטשטענדיגן עקאָנאָמישן אָרגאַניזם, וואָס האָט זיך אַליין כמעט אינגאַנצן באַפֿרידיגט און דער האַנדל מיט אויסלאַנד האָט געשפּילט זייער אַ קליינע ראָלע, זיינען דאָ די אידן ביסלאַכווייז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גליד פֿון אַ פֿרעמדן עקאָנאָמישן אָרגאַניזם. די אידן ווערן אַלץ מער אָפּגעריסן פֿון דער ערד־אַרבעט און אַלץ מער פֿאַרוואַנדלט אין שטאָט־מענשן, וואָס פֿאַרנעמען זיך הויפּטזאַכליך מיט האַנדל און מלאכה. דאָס קומט פֿאָר קודם כל אין די גלות־לענדער. ס'וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז פּאַלעסטינע איז דערפֿון געוואָרן פֿאַרשאַנעוועט, — אויך דאָרטן באַמערקן מיר, ווי דער שטאָטישער עלעמענט פֿאַרנעמט אַלץ אַ גרעסערן אָרט לגבי דער לאַנד־באַפֿעלקערונג אין דעם פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פֿון פֿאָלק.

ניט געקוקט דערויף, וואָס אין דער צייט פֿון דער פּערסישער הערשאַפֿט האָט זיך די אידן איינגעגעבן זיך ווידער אומצוקערן קיין פּאַלעסטינע, איז דאָך דער גרויסער רוב פֿון אידישן פֿאָלק געבליבן אין גלות. שוין דאָס אַליין באַווייזט, אַז די סיבה פֿון דעם גלות דאַרף מען זוכן נישט נאָר אין אונטערגאַנג פֿון דער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט, נאָר אין אַ גאַנצער רייע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּראָצעסן, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען אין דער דעמאָלטיגער קולטור־וועלט. מיר געפֿינען די אידן ניט נאָר אין בבל, וואוהין ס'האָט זיי פֿאַרטריבן דער קעניג נבוכדנצר, נאָר אויך אין מצרים און אין אַלע איבעריגע לענדער פֿון אַלטן מזרח. מיט אַנ'ערך צוואַנציג יאָר צוריק זיינען געפֿונען געוואָרן אַ גאַנצע רייע דאָקומענטן פֿון אַ אידישער קהילה אויפֿן דרום־גרעניץ פֿון מצרים. דאָס זיינען די באַקאַנטע עלעפֿאַנטינער פּאַפּירוסן. די דאָזיגע אידישע קהילה איז נאָך עלטער ווי די פּערסישע הערשאַפֿט, ווי דאָס באַווייזן די פּאַפּירוסן. אין ישעיה יט“ 18 ווערט געזאָגט: „אין יענער צייט וועלן זיין פֿינף שטעט אין לאַנד מצרים, וואָס וועלן ריידן די שפּראַך פֿון כנען (ד. ה. העברייאיש) און וועלן שווערן צו „יהוה צבאות“. איינע פֿון זיי וועט הייסן „עיר ההרס“. אין יענער צייט וועט זיין אַ מזבח פֿאַר יהוה אין לאַנד מצרים“. די דאָזיגע נבואה שטאַמט אמת פֿון דער צייט פֿון בית שני, זי באַווייזט אָבער, אַז דעמאָלט איז שוין געווען אַ גרויסער אידישער קיבוץ אין מצרים. אין מגילת אסתר ווערן די אידן געשילדערט אַלס אַ פֿאָלק, וועלכעס איז צעזייט און צעשפּרייט צווישן אַלע פֿעלקער פֿון דער גרויסער פּערסישער מלוכה און זונדערט זיך אָפּ מיט זיינע געזעצן פֿון אַלע איבעריגע פֿעלקער („ישנו עם אחד מפוזר ומפורד בין העמים בכל מדינות מלכותך ודתיהם שונות מכל עם ג'ח“). דאָסזעלבע געפֿינען מיר אין חומש דברים: „און גאָט וועט דיך צושפּרייטן איבער אַלע פֿעלקער פֿון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן“ (והפיצך יהוה בכל העמים מקצה הארץ ועד קצה הארץ) כח“ סד. די ידיעות פֿון תנך שטאַמען צום גרעסטן טייל פֿון דער צייט פֿון דער פּערסישער ממשלה. וועגן דער גריכיש־רוימישער צייט האָבן מיר נאָך מער ידיעות בײַ די גריכיש־רוימישע שריפֿטשטעלער, און בײַ די אידישע שריפֿטשטעלער יאָזעפֿוס און פֿילאָ. חוץ דעם זיינען פֿאַראַן אַ גאַנצע רייע אידישע מצבות פֿון כמעט אַלע דעמאָלט באַקאַנטע לענדער. מיר געפֿינען אידישע געמיינדעס נישט נאָר אין בבל און מצרים נאָר אויך אין גריכענלאַנד, רוים, קליין־אַזיע, צפֿון־אַפֿריקע א.א.וו.

די ערפֿאָלגרייכע פֿאַרשפּרייטונג פֿון קריסטענטום איז געוואָרן מעגליך נאָר דורכדעם, וואָס די ערשטע אַפּאָסטאָלן האָבן אומעטום געפֿונען אידישע געמיינדעס, וואו זיי האָבן געקאָנט פֿירן זייער פּראָפּאַגאַנדע.

דאָס גלות־אידנטום איז אַלזאָ געווען נישט קיין פּועל יוצא פֿון פּאָליטישער נויט, — אין יענער צייט האָט דאָך עקזיסטירט אַ זעלבשטענדיגע אידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע, — נאָר פֿון גאַנץ אַנדערע סבות. קודם כל איז דאָ וויכטיג אָנצווייזן אויף דעם געוואַלדיגן שינוי, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין די פּאָליטישע מאַכטפֿאַרהעלטנישן אין מזרח זינט דעם 8־טן יאָרהונדערט פֿ. כ. בעת פֿריער האָבן עקסיסטירט אַ גאַנצע רייע קליינע זעלבשטענדיגע מלוכות באַזונדערס אין סיריע און פּאַלעסטינע, ווערן זיי מיט דער צייט אַלץ מער אויפֿגעזויגן פֿון די גרויסע מלוכות אשור און בבל. די פּערסער, וואָס האָבן פֿאַרנומען דעם אָרט פֿון די בבלים, האָבן אויסגעשפּרייט זייער ממשלה ניט נאָר איבער פֿאָדער־אַזיע, נאָר אויך איבער אַפֿריקע (מצרים), קליין־אַזיע און צום טייל איירָאָפּע. אַלע זעלבשטענדיגע מלוכות זיינען פֿאַרשוואונדן געוואָרן אין דער גרויסער וועלט־מלוכה, וואָס האָט אַריינגענומען כמעט אַלע דעמאָלט באַקאַנטע קולטור־פֿעלקער. ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיגע פּאָליטישע געשעעניש האָט זיך געמוזט גוט אָפּרופֿן אויף דער גאַנצער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פֿון די איינצעלנע פֿעלקער. די פּערסישע הערשער האָבן אויסגעבויט אַ נעץ פֿון וועגן, וועלכע האָבן פֿאַראייניגט אַלע טיילן פֿון דער געוואַלטיגער פּערסישער מלוכה. זיי

האָבן דאָס געטון אמת קודם כל צוליב מיליטערישע צוועקן, אָבער דאָס האָט אָן ספק געהאַט אַ גוטע פעולה אויף דער אַנטוויקלונג פון האַנדל און פאַרקער.

אין דערזעלביגער ריכטונג האָט אויך געמוזט ווירקן דאָס פאַראייַנהייטליכן די געלד־סיסטעם אין דער גאַנצער פערסישער מלוכה, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן דורכן קעניג דריוש. מען דאַרף נאָך דערביי נעמען אין אַכט, אַז דורך די פערסישע נצחונות איז פאָרגעקומען די פאַראייניגונג פון דער אַלטער מזרחדיגער מיט דער ניי־אויפגעקומענער גריכישער קולטור. באַזונדערס זיינען די קאָלאָניעס פון קליין־אַזיע אַרונטערגעפאַלן אונטער דער פערסישער הערשאַפט. אָבער גראָד די קליין־אַזיאַטישע גריכישע קאָלאָניעס זיינען געשטאַנען אויף אַ זייער הויכער מדרגה פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג.

נאָכדעם ווי אַלעקסאַנדער האָט איינגענומען די פערסישע מלוכה און די אַזוי גערופענע וועלט־הערשאַפט איז אַריבער צו די גריכן, בילדן זיך גריכישע קאָלאָניעס אין אַלע לענדער פון פאָדער־אַזיע און מצרים, ס'ווערן אויך אויסגעבויט גאַנץ נייע שטעט, וואו די באַפעלקערונג איז כמעט אויסשליסליך אַ גריכישע. עס בילדעט זיך,—לכל הפחות וואָס איז נוגע די שטעט,—אַ מיש־באַפעלקערונג מיט אַ מיש־קולטור מיט גריכיש אַלס קולטור־שפראַך. און אויך אַ גרויסער טייל פון דער דעמאָלטיגער אידישער ליטעראַטור איז געשריבן אין גריכיש. אין דערזעלביגער צייט בילדן זיך די ערשטע אידישע קאָלאָניעס אין קליין־אַזיע און אייראָפע. באַזונדערס זיינען עס געווען די גרעסערע שטעט, די קולטורעלע און עקאָנאָמישע צענטרען, וואו מיר געפינען גרעסערע אידישע קיבוצים און וואו זיי האָבן זיך הויפטזאַכליך באַשעפטיגט מיט האַנדל און מלאכה.

אויב אָבער די פערסישע און דערנאָך די גריכיש־רוימישע נצחונות האָבן בכלל ערשט געמאַכט מעגליך די אידישע קאָלאָניזאַציע איבער דער גאַנצער וועלט, האָבן פון דער אַנדער זייט דאָך געמוזט זיין אינערליכע סיבות, וועלכע האָבן די אידן געטריבן דערצו. ליידער אָבער זיינען אונזערע מאַטעריאַלן איבער דער ערשטער צייט פון בית שני זייער קנאַפ און באַזונדערס וואָס ס'איז נוגע דעם ווירטשאַפטליכן מצב האָבן מיר כמעט קיין שום מאַטעריאַלן ניט. מיר קאָנען דאָ דעריבער בלויז קאָנסטאַטירן אייניגע פאַקטן, וועלכע באַלייכטן אין אַ געוויסער מאָס דעם דאָזיגן היסטאָרישן פראָצעס.

ווי ס'איז קענטיג פון ספר נחמיה און אויך פון די טיילן פון חומש, וואָס שטאַמען פון דער צייט פון נאָך גלות בבל, זיינען באַ אידן דעמאָלט געווען מער אָדער ווייניגער גרעסערע שיכטן פון קוואַליפיצירטע בעלי־מלאכות. מיר האָבן שוין דערמאָנט די צעכן פון די גאָלד־אַרבעטער (צורפים), פאַרפום־מאַכער (רוקחים) און ביסוס־מאַכער. די דערציילונגען פון מ ש כ ן באַווייזן, אַז דער מחבר איז שוין געווען באַקאַנט מיט די איידעלסטע און קאָמפליצירטעסטע וועבעריי און גאָלד־אַרבעטן. אַ געוויסע ראָלע האָבן בלי ספק אויך געשפילט רעליגיעזע און פאָליטישע מאָמענטן. דער אידישער פילאָזאָף פילון פון אַלעקסאַנדריע דערציילט, אַז אַ סך פון די אידישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע פ אָ מ פ י י ו ס האָט אין ר ו י ם פאַרקויפט פאַר שקלאַפן, זיינען ווידער אַרויסגעלאָזט געוואָרן פריי, ווייל זייערע הערן האָבן מיט זיי ניט געקאָנט אויסקומען, מחמת די אידן האָבן שטריינג אָפגעהיט זייערע מנהגים. דערמיט מיינט ער, נאַטירליך, דאָס אָפהיטן שבת און יום טוב און כשר עסן. מיר ווייסן, ווי שטאַרק היילג ס'איז באַ אידן געווען די מצוה פון פדיון שבוים. אַזעלכע פרייגעלאָזענע אָדער אויסגעקויפטע שקלאַפן זיינען געווען געצוואונגען, זיך צו פאַרנעמען מיט מלאכה אָדער האַנדל. וועגן ערד־אַרבעט האָט, פאַרשטייט זיך, קיין רייד ניט געקאָנט זיין. מיט דעם אונטערגאַנג פון דער אידישער פאָליטישער זעלבשטענדיגקייט איז, יעדנפאַלס צום טייל, פאַר אידן פאַרשלאָסן געוואָרן די מעגליכקייט צו דינען אַלס באַאַמטע אָדער אָפיצירן. די רוימער האָבן בכלל באַפרייט די אידן פון מיליטער, מחמת די אידישע סאָלדאַטן פלעגן זיך אָפהיטן פון חלול־שבת; אויך דאָס האָט נאַטירליך געמוזט טרייבן געוויסע טיילן פון פאָלק זיך צו פאַרנעמען מיט האַנדל און מלאכה. *

דער דאָזיגער מצב האָט געפונען זיין אויסדרוק אין דער גאַנצער אידישער קולטור, באַזונדערס אין משנה און תלמוד; אָבער אויך אין די שפעטערדיגע ספרים פון תנ"ך לאָזט זיך מערקן, אַז די שטאָטישע עלעמענטן שפילן שוין די הויפט־ראָלע. ס'איז גענוג אָנצווייזן אויף אַזעלכע געזעצן ווי שבת און שמיטה. אין די עלטערע ספרים פון תנ"ך טראָגט נאָך דער שבת אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער ווי שפעטער. דער שטרענגער פאַרבאָט צו טאָן וועלכע ניט איז מלאכה אום שבת שטאַמט ערשט פון דער צייט פון נאָכן גלות, ווען דאָס אָפהיטן שבת איז געוואָרן איינער פון די הויפט־יסודות פון אידישקייט און ס'קומט אויף דער באַגריף פון חלול שבת. דורכן שבת האָבן זיך די אידן אָפגעזונדערט פון זייערע אַרומיגע שכנים אין אויף דעם אופן האָט שבת באַקומען דעם כאַראַקטער פון אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזן צייכן (כי אות היא ביני וביניכם). ס'איז פאַרשטענדליך, אַז אַזאַ שטרענג אָפהיטן שבת איז געווען מעגליך נאָר פאַר די שטאָטישע פרנסות. דער בעל־מלאכה און דער הענדלער קאָנען אָפשטעלן זייער אַרבעט איין טאָג אין וואָך, מחמת זיי זיינען דאָך נישט אַזוי אָפהענגיג פון אויסערליכע באַדינגונגען; דאַגעגען דער פויער קאָן אַליין נישט באַשטימען די צייטן, ווען ער זאָל רוען און אַרבעטן, ער איז אָפהענגיג פון דער נאַטור, ער מוז אַרבעטן אין אַ שיינעם טאָג און מוז רוען אין אַ רעגנדיגן טאָג, און באַזונדערס אין צייט פון שניט וכדומה טאָר ער ניט פאַרלירן קיין צייט. מיר ווייסן, אַז אויך היינט לאָזט זיך דער אַכט־שעה'דיגער אַרבעטס־טאָג דורכפירן אין שטאָט, אָבער ניט אין דאָרף.

פונקט אַזוי אוטאָפיש און אומפראַקטיש זיינען די געזעצן איבער שמיטה, מעשר א.א.וו. אַ פאָלק, באַ וועמען דער הויפט־יסוד פון דער ווירטשאַפט בילדעט די לאַנדווירטשאַפט, וואָלט בשום אופן נישט געקאָנט דורכפירן אין לעבן אַ געזעץ, לויט וועלכן מען מוז יעדן זיבעטן יאָר פולשטענדיג לאָזן רוען די ערד. ווען מען באַרעכנט די לאַסטן, וואָס זיינען געוואָרן אַרויפגעלייגט אויפן פויער אין דער צייט פון בית שני, מוז מען זיך פרעגן, צי האָט זיך געפונען כאָטש איין פויער, וואָס האָט די אַלע „מצות" געקאָנט מקיים זיין. אַ חוץ אַזעלכע געזעצן ווי שביעית און אַ חוץ די מלוכה־שטייערן, וועלכע זיינען סיי אין דער צייט פון דער פאָליטישער זעלבשטענדיגקייט און סיי אין דער צייט פון דער פרעמדער הערשאַפט געווען זייער גרויס, ווי דאָס איז קענטיג פון פאַרשיידענע שטעלן אין תנ"ך און תלמוד, האָבן נאָך די פויערים געהאַט צו געבן מעשר לוי, מעשר עני, תרומה און נאָך אַ רייע אַנדערע שטייערן פאַרן

* מיר ווילי דערמיט, פארשטייט זיך, ניט באהויפטן, אז די אידי אין די גלות־לענדער האבן זיך לגמרי ניט באשעפטיגט מיט לאנדווירטשאפט אדער אז ס'זיינעי גאר ניט געווען קיין אידישע אפיצירי און באאמטע, נאר אז די דאזיגע פראפעסיעס האבן וואס ווייטער פארנומען אלץ א קלענערן ארט.

קולט. און ס'איז ניט קיין חדוש, וואָס די אַזוי גערופענע עם הארצים ד.ה. די פּויערים פלעגן נישט אָפּגעבן קיין מעשר און פלעגן נישט דורכפירן די איבעריגע געזעצן, וואָס עס האָבן אויף זיי אַרויפגעוואָרפן די תלמידי חכמים. אַז דער געזעץ פון שביעית איז ניט דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן אויך אין דער צייט פון בית שני, באַווייזט אַ משנה אין סנהדרין כד', לויט וועלכער די, וואָס האַנדלען מיט פּ י ר ו ת ש ב י ע י ת, זיינען פסול לעדות. דערביי ווערט באַמערקט: „בתחילה היו קורין אותן „אוספי שביעית", משרבו האנסין חזרו לקרותן „סוחרי שביעית". פון אָנפאַנג האָט מען זיי גערופן „די וואָס זאַמלען אין שביעית"; אַז די שטייערן זיינען אָבער געוואָרן גרויס (אַזוי דערקלערט די גמרא דעם אויסדרוק משרבו האנסין), האָט מען זיי אַ נאָמען געגעבן „די הענדלער פון שביעית". מען האָט אַלזאָ צוליב די שטייערן, ווי די גמרא דערקלערט דאָס ווייטער, ערלויבט צו באַאַרבעטן דאָס פעלד אים שביעית און בלויז איינגעהאַלטן דעם פאַרבאָט פון צו האַנדלען מיט די פּירות פון שמיטה. ס'איז אָבער אַ טעות, ווען די בעלי המשנה מיינען, אַז אין דער עלטערער צייט זיינען די שטייערן געווען קלענער. דער עם הארץ, דער דאָרפסמענטש, איז דעריבער געוואָרן דער סימבאָל פון דעם זינדיגן און גראָבן יונג, פאַר וועמען די מצות פון דער תורה שפּילן נישט קיין ראָלע. דערביי איז אינטערעסאַנט, וואָס פון די שטאָטישע עלעמענטן האָבן די תלמידי חכמים אַראָפּגעוואָרפן אַלע לאַסטן. ניט נאָר האָבן זיי ניט געהאַט צו צאָלן קיין מעשר, תרומה וכדומה, נאָר דער איינציגער געזעץ פון שמיטה, וואָס האָט באמת געשטאַמט פון אַ עלטערער צייט, די אַזוי גערופענע שמיטת כספים ד.ה., אַז שמיטה איז מבטל אַלע חובות, איז געוואָרן אָפּגעשאַפט דורך דער באַקאַנטער תקנה פון הלל (פּרוזבול), ווייל ס'האָט געשטערט דעם נייאויפגעקומענעם אידישן האַנדל.

שוין דער פאַקט, וואָס מיר געפינען צווישן די תנאים און אמוראים אַ גרויסע צאָל בעלי מלאכות, ווי, למשל, הלל, יהושע בן חנניה, יוחנן הסנדלר, יצחק נפחא א.א.וו., באַווייזט, ווי פאַרשפּרייט די מלאכה איז אין יענער צייט געווען בײַ אידן. ס'איז גענוג דערמיט צו פאַרגלייכן די דערציילונגען און היסטאָרישע פּערזענליכקייטן פון תנ"ך, וואו בעלי מלאכות שפּילן נאָך קיין שום ראָלע ניט. מ'דאַרף רעכענען, אַז אין ווירקליכן לעבן האָבן די בעלי מלאכות פאַרנומען נאָך אַ גרעסערן אָרט, ווי דאָס קומט אונז אויס לויט די מקורות, מחמת אַ בעל מלאכה איז געווים געווען שווערער צו ווערן אַ תלמיד חכם, איידער אַ אָנגעהעריגן פון די רייכע און מיוחסדיגע משפּחות. אויך אין נייעם טעסטאַמענט באַגעגענען מיר צווישן די אָנהייגער פון כריסטוס אַ גאַנצע רייע בעלי מלאכות, ישו אַליין ווי אויך זיין פאָטער זיינען געווען טישלערס, דער אַפּאָסטאָל פּויל איז געווען אַ טעפּיך־אַרבעטער, שמעון—אַ גאַרבער, אַלעקסאַנדער פון ע פ ע ס ו ס — אַ שמיד. ווי גרויס ס'איז געווען די באַדייטונג פון מלאכה, באַווייזן אַזעלכע מאמרים ווי: „כשם שחייב האב ללמד את בנו תורה, כך חייב ללמדו אומנות. ר' יהודה אומר, כל שאינו מלמדו אומנות מלמדו ליסטות". אָדער: „זיבן יאָר וועט אָנהאַלטן דער הונגער און אין אייסן שוועל פון בעל מלאכה וועט ער נישט קומען".

די בעלי־מלאכות זיינען געווען אָרגאַניזירט אין צעכן־אָרגאַניזאַציעס, ווי מען קאָן דאָס דערקענען פון פאַרשיידענע ערטער אין תלמוד; אַזוי ווערט אונז דערציילט, אַז די קונסט־וועבער אין ירושלים האָבן געהאַט אַ אייגענע שול (בית הכנסת של טרסיים). תוספתא ב"מ י"א באַשטימט: „רשאין הצמרים והצבעים לומר כל מקח שיבוא לעיר נהיה כולנו שותפים בו ורשאין הנחתומין לעשות רגיעה ביניהם, רשאין החמרין לומר כל מי שתמות חמורו נעמיד לו חמור אחרת" (די וואָל־אַרבעטער און די פאַרבער מעגן אָפּמאַכן, אַז אין יעדן געשעפט, וואָס וועט אַריינקומען אין שטאָט, זאָלן אַלע זיין שותפים. אויך די בעקער מעגן אָפּשליסן צווישן זיך אַ אָפּמאַך, די פורמאַנעס האָבן רעכט אָפּצומאַכן, אַז אויב בײַ עמיצן וועט פאַלן אַ בהמה, זאָל מען אים באַזאָרגן אַ אַנדער בהמה). בנוגע דעם לעצטן פונקט ווערט באַשטימט, אַז נאָר דעמאָלט דאַרף מען אים געבן אַן אַנדער בהמה, ווען זי איז געפאַלן אָן זיין שולד. אינטערעסאַנט איז אויך, וואָס ער קאָן בלויז פאַרלאַנגען, מ'זאָל אים געבן אַ בהמה, אָבער נישט מ'זאָל אים געבן געלט. פון אַלעקסאַנדריא של מצרים ווערט אונז דערציילט, אַז דאָרטן זיינען געווען באַזונדערע קוואַרטאַלן פאַר די פאַרשיידענסטע מלאכות: „ולא היו יושבין מעורבבין אלא זהבין בפני עצמן וכספין בפני עצמן ונפחין בפני עצמן וטרסיין בפני עצמן וגרדיים בפני עצמן וכשעני נכנס שם היה מכיר בעלי אומנתו ונפנה לשם ומשם פרנסתו ופרנסת אנשי ביתו". כאַראַקטעריסטיש איז אויך אַזאַ אויסדרוק ווי ראש האומנות (דער פירער פון דער מלאכה), אָדער רבן של טרסיים (דער פירער פון די קונסט־וועבער). זיי באַווייזן, אַז די איינצעלנע מלאכות זיינען געווען אָרגאַניזירט אין צעכן. מיר געפינען אויך שטעט, וואו דער רוב פון דער באַפעלקערונג האָט זיך באַשעפטיגט מיט איין מלאכה. אַזוי קענען מיר דעם אָרט מ ג ד ל צ ב ע י א, דעם טורם פון די פאַרבער. בנוגע דיזעלביגע פאַרבער געפינען מיר דעם אויסדרוק „אם רוב אנשי העיר מלאכתן בכך", ד.ה. אויב דער רוב פון די איינוואוינער באַשעפטיגט זיך דערמיט. צעכן פון פורפור־פאַרבער געפינען מיר אין היראָפּאָליס, קליין אַזיע.

די בעלי־מלאכות פלעגן על פי רוב אַרבעטן אויף באַשטעלונג און מיט פרעמדן מאַטעריאַל. מיר געפינען דעריבער אין משנה, אַ גאַנצע רייע באַשטימונגען איבער די פאַראַנטוואָרטליכקייט פון די בעלי מלאכות פאַרן מאַטעריאַל און פאַר דער אַרבעט, אין פאַל אויב דער מאַטעריאַל ווערט פאַרלאָרן אָדער דער בעל מלאכה מאַכט נישט גוט די אַרבעט. באַזונדערס אינטערעסאַנט זיינען אין דער הינזיכט די דינים וועגן יתור: „אויב ביים שניידער איז געבליבן פאָדים, וואָס מען קאָן מיט דעם נאָך עפּעס אויפנייען און אַ רעשט שטאָף פון דריי פינגער אויף דריי פינגער, געהערט עס דעם באַשטעלער. די שפּענער, וואָס דער סטאָליאַר נעמט אַראָפּ מיטן האַק, געהערן דעם בעל הבית, מיטן הובעל—געהערן דעם בעל מלאכה. אויב אָבער ער האָט געאַרבעט ביים באַשטעלער אין דער היים, געהערן אַפילו די פאָלאָווינעס צום בעל הבית".

מיר געפינען שוין אין משנה אַ גאַנצע רייע מלאכות, וואָס ווערן נאָך אין תנ"ך נישט דערמאָנט, ווי שניידער, שוסטער, גאַרבער, מילנער א.א.ד. אַ סך באַצייכנונגען פון מלאכות זיינען גריכיש אָדער לאַטייניש, ווי בורסי, סנדלר וכדומה. דאָס באַווייזט, אַז אויך אויפן געביט פון מלאכה האָט די גריכיש־רוימישע קולטור געהאַט אַ השפּעה אויף אידן.

# די האַנדל־באַציאונגען פון די מערב־אידן מיטן אַלטן קיעװ

ד״ר י. ברוצקוס

# Der Handel der westeuropäischen Juden mit dem mittelalterlichen Kiew

von Dr. **Julius Brutzkus**

דער רוב רוסישע היסטאָריקער, בראש מיט קלוטשעװסקין, האַלטן, אַז די הויפּטראָלע אין דער געשיכטע פון קיעװער רוס האָט געשפּילט האַנדל; האַנדל איז געװען דער יסוד פון מלוכה־לעבן אין קיעװ, סיי אין די גאָר אַלטע צייטן, און סיי נאָך אין שפּעטערדיגן פּעריאָד — ביז קיעװ איז ניט פאַרװיסט געװאָרן בעת די אָנפאַלן פון די פּאָלאָװצעס און טאָטערן, און דער צענטר פון עקאָנאָמישן לעבן האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין צפון און צפון־מזרח. די גאַנצע מלוכה׳שע און רעכטליכע אָרדענונג פון קיעװער פירשטענטום — װי דאָס באַװייזט די „רוסקאַיאַ פּראַװדאַ“ — האָט באַזירט אויף די אינטערעסן פון האַנדל־קלאַס. פּ. נ. מיליוקאָװ איז אַפילו דער מיינונג, אַז „דער גלאַנץ פון קיעװער דרום, װאָס האָט אָנגעהאַלטן אַ קורצע צייט, האָט זיך אויך געשטיצט אויף די ערפאָלגן פונם אויסערליכן האַנדל, און װי נאָר אָט דער האַנדל איז צעשטערט געװאָרן, איז דער דרום גיך פאַראָרימט געװאָרן און האָט פאַרלוירן זיין פּאָליטישע באַדייטונג“.

אַזוי װי קיעװ האָט זיך געפונען דאָרט, װאו ס׳גיסן זיך צונויף די הויפּט־שטראָמען פון דניעפּר און אויפן גרעניץ צװישן סטעפּ און צװישן װאַלד־געגנט, איז ער פון לאַנג שוין געװאָרן אַ צענטר פון אַ אינטענסיװן פאַרקער צװישן די נאָמאַדישע פעלקערשאַפטן פון דרום און די איינגעזעסענע פעלקער אַרום דער דניעפּר־סיסטעם. געגרינדעט קיעװ, דאַרף מען רעכענען, האָבן די כאַזאַרן, װאָרום ביידע אַלטע נעמען קיעװ און סאַמבאַט [1] זיינען פון טיורקישן שורש, נעמליך: „קיעװ“ איז דער טייטש — ברעג־ישוב און „סאַמבאַט“ אויבערשטע פעסטונג. די צאָלרייכע קאָלעקציעס אַראַבישע מטבעות, װאָס מען האָט געפונען אין קיעװ און אומגעגנט און װעלכע נעמען אַרום כמעט אַ דורכאויסיגן פּעריאָד פון יאָר 765 ביזן סוף 10־טן יאָרהונדערט, בעת ביזאַנטישע מטבעות פון זעלבן פּעריאָד [2] האָט מען געפונען נאָר אַ קליינע צאָל, איז אַ באַװייז, אַז דער הויפּט־האַנדל פון קיעװ, די ערשטע יאָרהונדערטן, איז געגאַנגען קיין אַזיע דורך דער פאַרמיטלונג פון די כאַזאַרן; און דאָס זעלבע באַשטעטיגן די צאָלרייכע מיטטיילונגען פון אַראַבישע געאָגראַפן פון יענער צייט, װי איבן־כאַרדאַדבעג, איבן־פאָדלאַן, איבן־רוסטע, מאַסודי, איסטאַקרי, האַרדעזי, איבן־כאַאוקאַל, מוקאַדעסט א. א. פון איין זייט זיינען רוסן, אַלס סוחרים, געפאָרן אין דער כאַזאַרישער הויפּט־שטאָט איטיל בא דער װאָלגאַ און אין „אידישן סאַמקאַרץ“ [3] ביים קערטשער אויסגוס, און פון דער צװייטער זייט פלעגן כאַזאַרישע הענדלער פאָרן אַזש ביז בולגאַר ביים טייך קאַמאַ און ביז קיעװ ביים דניעפּר. [4] צװישן אָט די כאַזאַרישע הענדלער איז געװיס געװען אויך אַ סך פון יענע „זשידעס כאַזאַרישע“, װעגן װעלכע עס דערמאָנט דער רוסישער כראָניק־שרייבער. דאָ אינטערעסירט אונז אָבער ניט די באַציאונגען פון קיעװ מיט די כאַזאַרישע אידן, נאָר אַן אַנדער געביט פון דער עקאָנאָמישער געשיכטע פון קיעװ — זיינע האַנדל־באַציאונגען מיטן מערב, און מיר װילן דערװייזן, אַז אויף דעם דאָזיגן געביט האָבן אידן געשפּילט אַ סך אַ גרעסערע ראָלע, װי מען מיינט געװיינליך.

װעגן אידישן האַנדל אין די סלאַװישע לענדער געפינען מיר צום ערשטן מאָל דערמאָנט ביים אַראַבער איבן־כאַרדאַדבעג, דעם פּאָסט־מיניסטער פון באַגדאַדער קאַליפאַט, װעלכער האָט אין די יאָרן 846—872 צוזאַמענגעשטעלט די „ביכער פון װעגן און מלוכות“. [5] דאָרט דערציילט ער אויספירליך װעגן די װעגן פון די אידן־ראַדאַניטן, װעלכע האָבן דעמאָלט געפירט דעם הויפּט־האַנדל צװישן מערב און מזרח. זיי פלעגן זיך אויסזעצן אויף די שיפן אין די האַפנס פון דרום־פראַנקרייך און פלעגן פאָרן מיט זייערע סחורות ביז אינדיע, כינע און יאַפּאַן. דער הויפּט־פאַרקער איז געװען מיטן ים, דורכן סועצער קאַנאַל און אינדישן אָקעאַן. זיי האָבן זיך אָבער אויך ניט געשראָקן פאַר לאַנגע נסיעות מיטן טייך און אויף דער יבשה, און זיי האָבן באַזוכט אַלע גרויסע האַנדל־צענטרען פון יענער צייט, װי קאָנסטאַנטינאָפּאָל און באַגדאַד. קיין מזרח האָבן זיי געפירט קנעכט, זייד, פוטער און שװערדן, און פון דאָרטן האָבן זיי געבראַכט צופירן „מוסקוס, אַלאָע, קאַמפער, צימרינג און אַנדערע פּראָדוקטן פון די מזרח־לענדער“. אין יענער פרי־צייט זיינען אידן געװען די הויפּט־פאַרמיטלער צװישן מזרח און מערב. ראַדאַניטן האָבן זיי געהייסן אַפנים אויפן נאָמען פון טייך ראַדאַן (ראָנע), װאָס פון זיינע ברעגן פלעגן אָפּגייען זייערע שיפן, און דער נאָמען אַנטשפּרעכט אויך דער לאַטיינישער באַצייכענונג „nautae rhodanici“ װעלכע מיר באַגעגענען אין די כראָניקעס פון יענער צייט [6]. איינער פון די קאַראַװאַן־װעגן אויף דער יבשה פון אָט די אידישע הענדלער האָט געפירט דורך די סלאַװישע לענדער און ער װערט בא איבן־כאַרדאַדבעג אַזוי באַשריבן: „אַמאָל גייען זיי אויף יענער זייט פון ראָמאַניע (ביזאַנץ—י. ב.) אין די לענדער פון די סלאַװן, דערנאָך צום אויסגוס בא דער הויפּט־שטאָט פון די כאַזאַרן; דערנאָך שװימען זיי איבערן דזשאָרדזשאַנישן (קאַספּישן—י. ב.) ים, דערנאָך קומען זיי קיין באַלק, קיין זאַרעטשיע (טורקעסטאַן—י. ב.), אין לאַנד טאַראַזגוז (מזרח־טורקעסטאַן—י. ב.) און קיין כינע“. און מחמת אָט די הענדלער האָבן אַרומגערייזט די גאַנצע װעלט, האָבן זיי גערעדט „פּערסיש, רומיש (גריכיש—י. ב.), אַראַביש, פראַנקיש (לאַטיין—י. ב.) אַנדאַלוזיש און סלאַװיש“. די קענטעניש פון דער סלאַװישער שפּראַך באַװייזט נאָכאַמאָל, אַז דער צפון־װעג קיין כאַזאַריע

[1]) אזוי רופט זיך קיעװ בא קאנסטאנטין פּאָרפיראָראָדני (De administr. imperio, cap. 19.) און בא די אראבער איבן ראָסטע, האַרדעזי א. א.

2) Бѣляшевскiй, Монетные клады Кiевской губернiи, Кiевъ 1889

3) Jbn Chordadbeh et ibn Fakich, De-Goeje Bibliot. geogr. arabic. t. VI, p. 115—116.

4) Maçoudi, Les prairies d'or t. III, cap. 34, p. 61—65.

5) פראנצויזישע איבערזעצונג בא De-Goeje, Bibliotheca geograf. arabic. T.VI.

6) Simonsen, Revue des Etudes Juives, 1907. t. 54. Paris.

איז געגאַנגען ניט מיטן ברעג פון שחאַרצן ים, װאו ס'האָבן געװאױנט די טיורקישע פעלקער—בולגאַרן, אַחאַרן, מאַדיאַרן און כאַזאַרן,— נאָר אַ סך צפונדיגער, דורך די לענדער פון די סלאַװן, און דעריבער האָט דער דאָזיגער װעג געמוזט פאַרבײגײען אויך קיעװ, אַלס כאַזאַרישן גרעניץ־לאַגער צװישן סלאַװנלאַנד און צחישן סטעפּ. צום אָנהויב 10־טן יאָרהונדערט האָט דער דאָזיגער צפון־װעג באַקומען אַלץ אַ גרעסערע באַדײטונג פאַר די מערב־אידן, צוליב דער קאָנקורענץ פון די איטאַליענישע שטעט װענעדיג, אַמאַלפי, גענוא און פּיזאַ. די איטאַליענער האָבן אומברחמנות'דיג פאַרפאָלגט און פאַרטיליגט זײערע קאָנקורענטן, און זײ האָבן פאַרניכטעט די אידישע ים־נסיעות, װעלכע זײנען נאָך בעת די קאַראָלינגער געװען גאַנץ באַדײטנדיג.[7] די װענעציאַנער האָבן פאַרװערט די אידישע הענדלער אַרויפצוקומען אויך אויף זײערע שיפן.[8] ניט װילנדיג האָבן אידן זײערע באַציאונגען מיטן מזרח געמוזט קאָנצענטרירן אויפן צפון־װעג, װעלכער האָט געפירט דורך דײטשע און סלאַװישע לענדער. צום אָנהויב פון 10־טן יאָרהונדערט קומען אויף אידישע קהלות אין מאַינץ און אױגסבורג[9]) און שפּעטער אַביסל, אין מיטן צענטן יאָרהונדערט, אין רעגענסבורג[10]) און אין פּראָג [11]). מאַינץ איז דעמאָלט געװאָרן דער װיכטיגסטער אויסגאַנג־פּונקט פאַר האַנדל־נסיעות קײן מזרח־אײראָפּע. דאָ האָט מען געפונען אַראַבישע דירגעמעס [12]), װאָס הינטער דער עלבע טרעפן זײ זיך זײער זעלטן. אַז די באַציאונגען פון מאַינץ מיטן מזרח האָבן געהאַט גאָר אַ גרויסן פאַרנעם, זעהט מען אויך פון אַ מיטטײלונג פון שפּאַנישן אַראַבער איבראַהים־אַל טאַרטושי, װעלכער האָט באַזוכט מאַינץ אַרום יאָר 973. זײן מיטטײלונג װערט געבראַכט בײַ קאַזװיני[13]), און דער ערשטער האָט אויף איר געװענדט זײן אויפמערקזאַמקײט דער היסטאָריקער פרען [14]). די מיטטײלונג לײענט זיך אַזוי: „מאַגאַנצאַ איז אַ גרויסע שטאָט. אַ טײל פון איר איז באַפעלקערט, אַ צװײטער טײל איז פעלדער. זי ליגט אויף פראַנקישער ערד, אויף אַ טײך, װאָס הײסט רײן. זי האָט בשפע װײץ, גערשטן, פּראָסע, טרויבן און פאַרשײדענע פרוכטן. דאָ טרעפן זיך דירהעמעס, געגאָסענע אין סאַמאַרקאַנד אין יאָר 301—302 (913־915—י. ב.); אויף זײ איז דאָ דער נאָמען פון קײזער, װאָס פאַר זײן צײט האָט מען זײ געגאָסן, און דאָס יאָר פון גיסן. טאַרטושי זאָגט, אַז דאָס זײנען מטבעות פון נאַסר־איבן־אַכמעדן פון די סאַמאַנידן. אַ חידוש איז אויך, װאָס דאָ אויפן װײטן מערב טרעפן זיך גרויסע קװאַנטומס פון אַזעלכע געװירצן, װאָס געפינען זיך געװײנליך נאָר אויפן עקסטן מזרח, װי—פעפער, אימביר, נעגעלעך, נאַרד, קאָסטום און גאַלאַנגע, װעלכע מען פירט אַרויס פון אינדיע". װי מיר זעהען, איז מאַינץ, װאָס אין דער נאָענט פון אים האָט זיך דעמאָלט געפונען אויך די רעזידענץ פון די פראַנקישע קיסרים, געװאָרן אין 10־טן יאָרהונדערט אײנער פון די װיכטיגסטע קאָמוניקאַציע־פּונקטן מיטן מזרח. דײטשע כראָניקעס דערמאָנען װעגן רוסישע מיסיעס,

װאָס זײנען געקומען פון קיעװ קײן מאַינץ, אין די יאָרן 959, 973, 1040, 1042 [15]). צוליב אַן אָנקלאַגע פון הענדלער „װאָס פאָרן אין די מזרח־לענדער", אַז אויפן גרעניץ מיט מעהרן אין ראַפּאַלשטעטן געשעען מיסברויכן בײם אײנמאָנען דעם גרעניץ־צאָל, שטעלט קעניג לודװיג אײן, אין יאָר 906, אַזאַ כלל: „הענדלער, ד. ה. אידן און אַנדערע הענדלער, פון װאַנען זײ זאָלן ניט קומען, פון דעם לאַנד צי פון אַנדערע לענדער, דאַרפן צאָלן אַ גערעכטן שטײער, סײ פאַר די קנעכט, סײ אויך פאַר אַנדערע סחורות, אַזוי װי ס'האָט זיך געפירט אין די צײטן פון די פריערדיגע קעניגן" [16]) פון װײטערדיגן זעהען מיר, אַז אַ חוץ קנעכט ברײנגען נאָך די סלאַװישע הענדלער צופירן װאַקס און פערד און אַז זײ קומען צופאָרן פון בעהמען און פון רוגיע. אויפן סמך פון אַ פאַרגלײך מיט אַנדערע שטעלן פון מיטלאַלטערליכע כראָניקעס באַמיען זיך װאַסילעװסקי[17]) און י. װאַיץ[18]) צו דערװײזן, אַז „רוגיע" מײנט דאָ „רוסיע".

װענעדיג איז געװאָרן אומרוהיג צוליבן גרויסן האַנדל, װאָס די מאַינצער אידן האָבן געפירט מיטן מזרח. אויסנוצנדיג די אידן־פאַרפאָלגונגען פון יאָר 932 [19]) אין ביזאַנץ און דעם בריװ פון אימפּעראַטאָר ראָמאַן װעגן די פאַרפאָלגונגען, האָבן דער װענעציאַנער דאָזש פּעטער און דער פּאַטריאַרך מאַרקוס פון גראַדאָ זיך געװענדעט צום אימפּעראַטאָר הענריק און צום אַרציביסקופּ פון מאַינץ מיט אַ פאָרשלאַג, מען זאָל די אידן מאַכן פאַר קריסטן, און אויב זײ װעלן דאָס ניט װעלן, זאָל מען זײ פאַרװערן צו האַנדלען מיט מעטאַלן, געװאַנט און „ספּעציעס", — דעמאָלט װעלן די אידן אַלײן, אָפּגעשטויסענע און פאַרשעמטע, אַװעק פון לאַנד.[20]) דער דאָזיגער קונציגער פּרוב פון די װענעציאַנער פּטור צו װערן פון קאָנקורענטן האָט זיך אָבער ניט אײנגעגעבן. דער אַרציביסקופּ פון מאַינץ האָט זיך ניט געקאָנט אַנטשליסן אַרויסצוטרײבן די אידן, נאָר ער האָט זיך אָנגעפרעגט בײם פּויבסט לעאָ VII, צי מעג מען מיט געװאַלט עמיצן שמדן. דער פּויבסט האָט געענטפערט, אַז מיט געװאַלט שמדן די אידן דאַרף מען ניט, גלײכער איז זײ אַרויסטרײבן. אָבער דער ביסקופּ האָט פאָרט ניט געטשעפּעט די אידן, משמעות אַז ער האָט ניט געװאָלט אָנװערן די הכנסה פון זײער גרויסן האַנדל[21]). אַז די מערב־אידן פלעגן דעמאָלט אָנשפּאַרן ניט נאָר קײן פּראָג און קײן קיעװ, נאָר אויך אין דער כאַזאַרישער הויפּט־שטאָט אויף דער װאָלגע, דאָס זעהט מען אַרויס פון דעם מאַרשרוט, װאָס כאָרװאַטער אידן האָבן געגעבן דעם קאָרדאָװער מיניסטער חסדאי־איבן־שפּרוט, און פון דער רײזע פונם דײטשן איד אליעזר, װעלכער האָט אַרום יאָר 960 צוגעשטעלט אַ בריװ פון חסדאי צום כאַזאַרישן קײזער יוסף [22]).

דער װעג קײן רוסלאַנד איז געלעגן איבער פּראָג און קראָקע. אין יאָר 965 האָט פּראָג באַזוכט דער שפּאַנישער יאָר 960 צוגעשטעלט אַ בריװ פון חסדאי צום כאַזאַרישן מלך

7) J. Aronius, Regesten zur Geschichte der Juden. N N 44. 54. 74.

8) I. Schipper. Der Anteil der Juden an europ. Großhandel mit dem Orient. p. 8. Czernowitz 1912.

9) Aronius lib. cit. N N 118. 121.

10) ibidem N 135

11) ibidem N 125 a

12) E. Babelon. Le commerce des arabes dans le nord d' Europe avant les croisades. p. 32. 1882

13) Kazwini. ed. Wüstenfeld. Goettingen. 1848. t II. p. 409.

14) Memoires de l' Academie des Sciences de St. Petersbourg. 1834. Serie VI. p. 87—89.

15) V. Heyd, Histoire du commerce du Levant, t. II, p. 79.

16) Pertz: Monum. Germ. Leges I, p. 480.

17) Васильевскій, Древняя торговля Кіева съ Регенсбургомъ.— Журналъ Мин. нар. просв, 1888, іюль.

18) Inama-Sternegg, Deutsche Wirtschaftsgeschichte; I. W a i t z, Deutsche Verfassungsgeschichte IV, 2 Aufl., p. 73.

19) גענױער װעגן דעם זעה י. ברוצקוס: „אַ בריװ פון אַ כאַזאַרישן אידן", בערלין 1924.

20) Dümmler, Gesta Berengarii imperatoris, Halle 1871, p. 157.

21) Aronius, lib. cit. N 125.

22) Гаркави · Хазарскіе письма.—„Еврейская Библіотека" t. VII—VIII.

באַשרייבונג פון טשעכיע און פון די שכנישע לענדער [23]. „פּראַג, זאָגט ער, איז רייכער איר איר האַנדל פון אַלע שטעט, עס קומען אַהין פון שטאָט קראָקע מיט סחורות רוסן און סלאַוון; און עס קומען צו זיי פון טיורקישן לאַנד מוסולמענער און אידן און טיורקן אויך מיט סחורות און מיט טשערוואָנצעס און פירן אַרויס פון זיי קנעכט, בלייַ און פאַרשיידענע פוטער". טיורקיש לאַנד דאַרף מען דאָ פאַרשטייען ניט אונגאַרן, — ווייל אַראַבער און אידן האָבן אונגאַרן קיינמאָל ניט גערופן טיורקן־לאַנד, און אין 10־טן יאָרהונדערט איז אין אונגאַרן גאָר ניט געווען קיין מוסולמענער, — נאָר גיכער כאַזאַריע און קרים, וואו עס האָבן געלעבט טיורקישע פעלקער.

אַ דאַנק די שטענדיגע נסיעות פון די אידישע הענדלער האָבן זיך אויפן וועג צווישן ריין און קיעוו אָנגעהויבן אויסבילדן אידישע קהלות. אַ חוץ אַאוגסבורג, רעגענסבורג, און פּראַג, ווערט נאָך דערמאָנט וועגן אידן אין פּשעמישל, אין יאָר 1031. אין באַרימטן ווערק „אור זרוע" פון ווינער רב משה פון XIII־טן יאָרהונדערט געפינען מיר [24] אַן אויסצוג פון אַ ספר פון אַ צווייטן רב ר' יהודה הכהן, וועלכער האָט געלעבט אין XI־טן יאָרהונדערט. אין דעם אויסצוג דערציילט זיך, ווי מ'האָט צעראַבירט די שטאָט פּרימוש אין פּוילן און אַז מען האָט די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג גענומען אין געפענגעניש און זי אָוועקגעפירט אין לאַנד פון די „גריכישע סלאַוון". און לויט ווי די רוסישע כראָניקעס דערציילן, האָט יאַראָסלאַוו דער קלוגער טאַקע איינגענומען פּשעמישל אין יאָר 1031 און האָט גענומען געפאַנגען אַלע איינוואוינער און האָט זיי באַזעצט אויפן טייך ראָס. און טאַטישטשעוו, וועלכער האָט געהאַט פאַר זיך די דערנאָך פאַרפאַלן געוואָרענע יאַקימאָווער כראָניק, דערציילט אויך וועגן אַ אידישן ישוב ביים טייך ראָס. ווי מיר זעהען, קאָן קיין שום ספק ניט זיין, אַז אין יענער פריער צייט האָבן אידן שוין געלעבט אין אַט דעם וויכטיגן האַנדל־פונקט, אויפן גרעניץ צווישן פּוילן, רוסלאַנד און אונגאַרן. מיר קאָנען, אַלזאָ, דרינגען, אַז דער האַנדל־וועג פון די אידישע סוחרים אין X־טן און אָנהויב XI־טן יאָרהונדערט איז געגאַנגען פון מאַינץ קיין קיעוו, דורך רעגענסבורג, פּראַג, קראָקע און פּשעמישל. די ערשטע פּוילישע כראָניק פון גאַלוס זאָגט אויך, אַז אַמאָל איז פּוילן ווייניג וואָס געווען עמיצן באַקאַנט, אַ חוץ די הענדלער, וואָס זיינען געפאָרן קיין רוסלאַנד [25].

אין XI־טן יאָרהונדערט עפנט זיך פאַרן האַנדל מיט קיעוו אַ נייער, מער באַקוועמער וועג, מיטן דונאַי איבער אונגאַרן, וועלכע איז געוואָרן צוגענגליך פאַר סוחרים נאָכדעם, ווי זי האָט אָנגענומען די קריסטליכע אמונה. אויסגאַנג־האַפן איז רעגענסבורג, און אויסלאָד־ערטער זיינען עסטערגאָם (גראַן) און בודאַ־פּעשט, וואו ס'קומען אויף אויך אידישע קהלות. צו אונז איז דערגאַנגען אַ אינטערעסאַנטע דערציילונג וועגן אַזאַ האַנדל־קאַראַוואַן פון רעגענסבורגער אידן, וועלכע זיינען אויף צוריקוועג פון רוסלאַנד געקומען אין איינער אַ אונגאַרישער שטאָט ביים דונאַי. ס'דערציילט וועגן דעם עפּיזאָד דער איטאַליענישער רופא צדקיהו בן אברהם, וועלכער האָט געלעבט אין XIII־טן יאָרהונדערט, אָבער האַנדלען האַנדלט זיך וועגן אַ מעשה, וואָס האָט פּאַסירט מיטן רב קלונימוס בן שבתאי אַרום יאָר 1050 [26].

„וזה הדבר אשר פסק רבינו קלונימוס בר' שבתי החזן ז"ל בארץ הגר על ר' אברהם בר' חייא מריינושבורג ועל ר' יעקב אחיו שבאו מרוסיא עם עגלות טעונות בערב שבת מבעוד יום על ידי שכירים א"ם ועל ידי יהודים חבריהם אל הקהל, והמה נשארו מן העבר הזה להנהר דונאי קרוב מעט מפחות משיעור מיל אחד, כי נשבר אחד מאופני העגלה שלהם ונשתהו שם עד יתקנוהו, וכשבאו בקהל היו הקהל יוצאים מבית הכנסת בליל שבת, ולא נתנו להם הקהל שלום ולא הניחום ליכנס שחרית לבית הכנסת כדי שלא יקחו אחרים מהם קל וחומר, לומר כך וכך עשה פלוני ופלוני, כדי לא יפרוץ הגדר יותר פרצה גדולה לחלל שבת בזדון, ובאחר שבת באו לבית הכנסת לקבל עליהם דין, וגזרו עליהם לצום ז' שבועות ג' ימים רצופים חוץ משבתות וימים טובים וראשי חדשים, להשלים ג' ימי המעשה בצומות ומלקיות".

ווי מ'זעהט פון דעם סיפור המעשה, פלעגן די אידישע הענדלער פון רעגענסבורג פאָרן גאַנצע קאַראַוואַנען און פלעגן דינגען אויך קריסטליכע אַרבעטער. פון קיעוו איז דער וועג אַפּנים געגאַנגען אויף פּשעמישל און פון דאָרט דורך אונגאַרן ביזן דונאַי. שבת האָט זיך דער קאַראַוואַן פאַרהאַלטן, די וואָגנס האָט מען אויסגעשטעלט אין אַ קרייז, און צווישן די וואָגנס האָט מען געלייגט די אויסגעלאָדעוועטע סחורות. אין אַזאַ מין „פעסטונג" פון וואָגנס—לויטן מוסטער פון די טיורקישע נאָמאַדן — האָט מען פאַרבראַכט דעם שבת, ווי דאָס דערציילט דער באַוואוסטער רב אליעזר בן נתן (ראבן), וועלכער האָט געלעבט אין פּראַג אַרום יאָר 1150.[27] אָט זיינען זיינע אייגענע ווערטער:

„חבורה שבאו לחנות בבקעה בשבת כמו הולכי דרכים של רוסיא מקיפים מערב שבת סביב להן בעגלות וכלי בהמתן וצריכין להניח תחת העגלות חפצים שלהן שלא יהא בין העגלה לארץ ג' טפחים ושלא יהא בין עגלה לעגלה יותר ממלא עגלה.."

די וועגן פון רוסיאַ, וועגן וועלכע ראַבן דערציילט, זיינען, ווייזט אויס, געווען נאָך ווילדע וויסטענישן, אַזוי אַז מען האָט ניט געקאָנט געפינען קיין געצעלט אויף איבערנעכטיגן. ס'קאָן אָבער אויך געמאָלט זיין, אַז דאָ רעדט זיך וועגן מער ווייטע וועגן, הינטער קיעוו, דורך די סטעפּעס.

אין קיעוו אַליין, וואו כאַזאַרישע אידן האָבן שוין געלעבט אין דער צייט פון וולאַדימירן, טרעפן מיר אין יאָר 1018 אַ באַדייטנדיגן אידישן ישוב, וועלכער איז צעראַבירט געוואָרן בעת די פּאָליאַקן האָבן גענומען קיעוו.[28] דער פּוילישער היסטאָריקער, וועלכער דערציילט וועגן אָט דער געשייעניש, האָט מסתמא אויסגענוצט פּוילישע כראָניקעס, וועלכע זיינען צו אונז ניט דערגאַנגען. אין מערב־טייל פון קיעוו אויף אַ באַרג האָט זיך געבילדעט אַ אידישער קוואַרטאַל „זשידי", באַ די זשידאָווער טויערן,[29] דורך וועלכע ס'איז געגאַנגען דער וועג אויף לעמבערג; דערפאַר טאַקע האָט מען דעם טויער שפּעטער אָנגעהויבן רופן לעמבערגער טויער. דער אַלטער כאַזאַרישער קוואַרטאַל —

[23] די פערקווירדיגע מיטטיילונג פון איבראהים־איבן־יאקוב איז צו אונז דערגאנגען דורך דעם שפאנישן אראבער אל־בעקר; אפגעדרוקט האבן זי קונין און ראזען אין די שריפטן פון דער קייזערליכער וויסנשאפטליכער אקאדעמיע, פעטערבורג 1878 באנד 32.

[24] Or Saruah, t, I, cap. 694, p. 196; דעם דאזיגן עפיזאד האבן מיר גענוי אנאליזירט אין אונזער ארבעט „די ערשטע אידישע ישובים אין פוילן".

[25] Bielowski, Monumenta Poloniae, t. I, p. 394.

[26] צדקיה בן אברהם הרופא. ספר שבולי הלקט השלם דף 60-47 ed. Buber, Wilna. 1886

[27] רבן, אבן העזר, פראג, קאפ. 394, ז. 68.

28) Dlugossius, Historia Polonica, t. I, 3949.

[29] ווערט דערמאנט אין דער איפאטיעווער כראניק פאר די יארן 1142, 1146, 1151, 1156.

קאָזאַרן — איז געלעגן אין נידעריגן מזרחדיגן טייל פון שטאָט.[30] לויט דעם, ווי די אידישע קוואַרטאַלן געפינען זיך געוויינלעך אין די היסטאָרישע שטעט, קאָן מען זיך משער זיין, אַז דער ישוב ביים לעמבערגער וועג איז געקומען דער עיקר פון מערב. וועגן דער עקאָנאָמישער ראָלע פון די אידן קאָן מען אורטיילן פון דער כראָניק־מעשה פון יאָר 1113, — די קיעווער איינוואוינער האָבן זיך געוואָלט דערשלאָגן, מאָנאָמאַך זאָל וואס גיכער קומען צו זיי, האָבן זיי אים אָנגעוויזן דערויף, אַז אויב ער וועט ווייטער אָפּשלעפּן, איז דאָ אַ סכנה, דער המון זאָל ניט צעראַבירן די זשידעס און די פּריצים (באָיאַרעס).

אין XII־טן יאָרהונדערט ווערן די האַנדל־באַציאונגען פון די מערב־אידן מיט קיעוו נאָך לעבהאַפטער. ראַבאַן, וועלכער האָט געשריבן אין די 30־ער און 40־ער יאָרן פון XII־טן יאָרהונדערט, דערציילט אונז וועגן די ספּעציעלע האַנדל־מנהגים פון אָט די סוחרים, וואָס האָבן זיך געוויינליך גערופן „הולכי רוסיא". אין קאַפּיטל 5 פון זיין „אבי העזר" לייענען מיר: „דמכאן סמכו הראשונים הולכי דרך רוסיא לקבל מעילים וסחורה שאין דמיהם קצובים בהעלת דמים עד לאחר זמן. אינמי הראשונים היו מקבלים בדמים של רוסיא והיה אחריות הדרך וזולא ויוקר על המוכר עד שמוכרים שם בטרשא דרב חמא והאחרונים טועים".

פון דאַנען קאָן מען דרינגען, אַז די סוחרים, וואָס זיינען געפאָרן קיין רוסלאַנד, האָבן ניט געקויפט קיין סחורה און האָבן אויך ניט גענומען אויף קרעדיט צו אַ באַשטימטן פּרייז „אין רוסיש געלט" — צוליב די סכנות אין וועג און צוליב דער אומזיכערקייט פון די פּרייזן —, נאָר זיי האָבן געמאַכט אַ מין שותפות מיט די אייגנטימער פון די סחורות און דערנאָך זיך געטיילט מיט זיי מיט די פאַרדינסטן. פיקסירן פון פאָרויס פּרייזן אויף סחורות אין רוסיש געלט האָט זיך גערעכנט פאַר וואוכער און איז געווען פאַרבאָטן. פון דעם, וואָס ס׳דערציילט אַ צווייטער רב, יצחק בן אשר הלוי, וועלכער האָט געלעבט אין שפּייער סוף XI יאָרהונדערט, קאָן מען ווידער דרינגען, אַז בכלל פלעגן אַלע אָנטיילנעמער פון אַ האַנדל־קאַראַוואַן בילדן איין געזעלשאַפט; זיי פלעגן אינאיינעם קויפן סחורה אין רוסלאַנד און דערנאָך זי פאַרטיילן צווישן זיך לויט אַ גורל. דאָס געפינען מיר דערציילט אין „צדה לדרך" פון מנחם בן זרח (לעמבערג) באַנד I, ז. 143:

„מצאתי כתוב בשם ר״י (ר׳ יואל) וספר כי שמע בלותיר בשם הגאון אביו ריב״א (ר׳ יצחק בן אשר הלוי) פעם אחד חזרו הוא וחבריו במדינות רוסיא וחלקו סחורתם בגורל".

פון דעם אויסצוג, וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט וועגן דעם קאַראַוואַן, וועלכער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אונגאַרן ביים ברעג דונאַי, האָבן מיר אויך געזעהן, אַז די אידן פון קאַראַוואַן האָבן זיך גערופן „חברים" און ניט אָנגעשטעלטע פונם הויפּט־סוחר, — משמעות, אַז זיי זיינען אַלע געווען שותפים.

די הויפּט־ראָלע אין אָט דעם האַנדל אין XII־טן יאָרהונדערט האָבן געשפּילט די אידן פון רעגענסבורג. פון דאַנען איז עס אויך געפאָרן קיין קיעוו דער באַקאַנטער רייזנדער פּתחיה, וועלכער איז געווען אויך אַ רייכער סוחר. קיין רעגענסבורג פלעגט מען ברענגען סחורה אויך פון רוסלאַנד און פון אַנדערע מזרח־לענדער. משה שאַנו דערמאָנט וועגן עפּיס אַ געבראַכטן קאַראַ־אימישן בוך און זאָגט דערביי: „מען האָט מיר דערציילט, אַז אָט דעם פאַרדאָרבענעם בוך האָט מען געבראַכט קיין רוסלאַנד פון בבל, און פון רוסלאַנד האָט מען אים געבראַכט קיין רעגענסבורג".[31]

פון סוף XII־טן יאָרהונדערט זיינען פאַראַן עטליכע דאָקומענטן וועגן סוחרים, וועלכע פאָרן פון רעגענסבורג קיין רוסלאַנד, איבערן דונאַי[32]. אין 1191 באַשטעטיגט קעניג אָטאָקאַר די פריערדיגע צאָל־טאַריפן אין ענס, וואָס זיין פאָטער האָט געהאַט איינגעשטעלט פאַר די סוחרים פון רעגענסבורג: Plaustra in Ruziam vel de Ruzia tendentia XVI denarios persolvant, ד. ה. די שיפן, וועלכע פאָרן קיין רוסלאַנד אָדער פון רוסלאַנד צאָלן צו 16 דינאַרן. אין יאָר 1192 שטעלט איין דער עסטרייכישער הערצאָג לעאָפּאָלד זיינע אָפּצאָלן פון די דורכפאַרנדיגע רעגענסבורגער סוחרים, דהיינו: „רוזאַריער, ווען זיי זאָלן ניט דורכפאָרן, צאָלן זיי צוויי טאַלאַנטן, און ביים אומקערן זיך פון רוסיע אַ האַלבן טאַלאַנט; און אויב זיי ווילן ערגיץ אַראָפּפאָרן, צאָלן זיי 12 דינאַרן". די סוחרים, וואָס פאָרן קיין רוסלאַנד, האָבן דאָ אויך אַ באַזונדערן נאָמען „רוזאַריער", ווי „הולכי רוסיא" באַ די אידישע מחברים. פון זעלבן הערצאָג לעאָפּאָלד און פון זיין זון פרידריך איז באַקאַנט נאָך אַ פאַראָרדענונג וועגן צאָל ביים פּאַלאַץ שטיין אויפן דונאַי, און עס ווערן דערביי גענוי אויסגערעכנט די סחורות, וואָס מ׳שיקט אַרויס און מען ברענגט מיטן דונאַי[33]. אַרויסגעפירט האָט מען פאָלגנדיגע סחורות: געווער, זאָטלען, וואָלענע און לייוונטענע שטאָפן און האָלץ־אויסאַרבעטונגען; און אַריינגעפירט האָט מען פון אויסלאַנד: פעפער, זאַפראַן, אינגבער, קאַלגאַן, טמין, שמעקעדיגע נעגעלעך, לאַקריץ, בוימאייל, לאָרבער־בלעטער, ניס, גאָלד־געשטיקטע־שטאָפן, זיידענע קליידער, פּורפּור א. ד. ג. די אויסגערעכנטע אימפּאָרט־סחורות האָבן זיך געקאָנט באַקומען נאָר פון קאָנסטאַנטינאָפּאל אָדער פון קיעוו. פאַר קיעוו ריידן די געבראַכטע סטאַטוטן פון 1191 און 1192, וואו ס׳ווערט קלאָר אָנגעוויזן, אַז די רעגענסבורגער סוחרים זיינען געפאָרן קיין רוסלאַנד און פון רוסלאַנד און האָבן זיך גערופן „רוזאַריער". אין XII־טן יאָרהונדערט האָט קיעוו אונטערגעהאַלטן באַציאונגען מיט מזרח און מיט ביזאַנץ נאָך דורך קאַראַוואַנען „גרעטשניקעס", וועלכע זיינען דורך די סטעפּעס געפאָרן צו די קרימער האַפנס.[34] פון סוראָזש און מאַטאַרכאַ (טמוטאַראַקאַן) האָט רוסלאַנד באַקומען מזרח־געווירצן און ביזאַנטישע וועב־שטאָפן. פון דער אַנדערער זייט, איז אַזאַ קענער פונם מזרח־האַנדל ווי הייד[35] האַלט פאַר אוממעגליך, אַז רעגענסבורג זאָל געווען האָבן פאַרבינדונגען מיט ביזאַנץ איבערן דונאַי אָדער איבער די באַלקאַן־לענדער. אַ דאַנק די פיינטליכע באַציאונגען צווישן קריסטן און מאַכמעדאַנער איז קיעוו אָפט געווען דער מאָנאָפּאָליסט אינם האַנדל מיט מזרח־געווירצן, און דערמיט דערקלערט זיך, וואָס אַזוי פיל מערב־סוחרים האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אין קיעוו, ווי דאָס ווערט דערמאָנט נאָך אין „וואָרט וועגן איגאָר׳ס פאָלק" און ווי דאָס האָט אין 1246 יאָר שטאַרק פאַרחידושט דעם רייזנדן פּלאַנאָ קאַרפּיני.

די אידישע סוחרים, וועלכע פלעגן קומען קיין קיעוו, האָבן אָפט זיך ניט באַגרעניצט מיט אָט דעם ענד־פּונקט, נאָר זיינען געפאָרן נאָך ווייטער, קיין קרים און קיין מזרח. נאָכן חורבן פון דער כאַזאַרישער מלוכה און נאָך די אָנפאַלן פון די פאָ־

[30]) איפּאַטיעווער כראָניק, יאָר 945.

[31]) „כתב תמים", אָפּגעדרוקט אין זאַמעלבוך „אוצר נחמד" III, p. 80.

32) Archiv für Kunde Oesterreichischer Geschichtsquellen t. X, p. 92

33) Rauch, Scriptores rer. austriacarum t. II, p. 106.

[34]) איפּאַטיעווער כראָניק (רוסיש).

35) V. Heyd, Histoire du commerce du Levant t, II, p. 798.

לאָווצעס זיינען אָט די האַנדל־וועגן געוואָרן מער געפערליך, אָבער דאָך האָבן די רוסישע פירשטן זיי ווייטער אויפגעהאַלטן און אָפּגעהיט, און בעת ביזאַנץ אָדער די אָנטיילנעמער פון די קרייץ־צוגן האָבן געהאַט צוזאַמענשטויסן מיט די אַראַבער, פלעגן די וועגן ווידער באַלעבט ווערן. אַן אויסגעצייכנטע באַשרייבונג פון דעם דאָזיגן וועג האָט אונז געלאָזט פתחיה פון רעגענסבורג, אַ רייכער סוחר, אַ ברודער פון פּראַגער רב און פון רב אין רעגענסבורג. פון פתחיה׳ס ערציילונגען האָט מען פאַרשריבן נאָר קורצע נאָטיצן, און די נאָטיצן האָט רעדאַגירט דער באַוואוסטער ר׳ יהודה חסיד, וועלכער האָט אויך געלעבט אין רעגענסבורג. אַליך, וואָס פתחיה גיט איבער, איז זייער גענוי און דורכאויס זיכער. ער איז אַדורכגעגאַנגען „פון פּראָג, וואָס אין לאַנד בעהמען, ביז פוילן און פון פוילן ביז קיעוו, וואָס אין רוסיע, און פון רוסיע איז ער זעקס טעג געגאַנגען לענג אויס דעם טייך דניעפּר, און פון דער צווייטער זייט דניעפּר האָט ער אָנגעהויבן דורכשניידן דאָס לאַנד קדר" (ד. ה. דאָס לאַנד פון די נאָמאַדן־פּאָלאָווצעס).[36] באַ פתחיהן זיינען באַשריבן אַ סך מנהגים און זיטן פון די פּאָלאָווצעס, און די באַשרייבונג שטימט מיט די רוסישע און אונגאַרישע מקורים. דאָס לאַנד פון די פּאָלאָווצעס איז פתחיה אַדורכגעגאַנגען אין 16 טעג און איז צוגעקומען ביז דעם ים־אויסגוס, וואָס האָט זיך געצויגן אויף אַ מהלך פון אַ טאָג גאַנג. הינטערן ים־אויסגוס האָט זיך אָנגעהויבן „כאַזאַריע", ד. ה. מזרח־קרים. אַכט טאָג האָט גענומען דער וועג דורך כאַזאַריע פון אויסגוס ביזן האַפן, וואו „עס קלייבן זיך צונויף די אַלע, וועלכע ווילן פאָרן מיט די שיפן אין די ווייטע לענדער". ר׳ פתחיה רופט ניט אָן דעם נאָמען פונם האַפן, ער זאָגט בלויז, אַז דער האַפן געפינט זיך אויפן עק לאַנד כאַזאַריע (בסוף ארץ כוריאַ) און איז אַרומגערינגלט מיט זיבעצן טייכן". און לויט אָט די געאָגראַפישע סימנים קאָן מען אויף זיכער דרינגען, אַז דער האַפן האָט זיך געפונען אויפן קאַווקאַזער ברעג פון קערטשער דורכגוס אין ראַיאָן פון דער וואַסעררייכער דעלטע קובאַן. אין אַלטערטום איז דאָ געווען די בליענדיגע פאַנאַגאָריע, וואו ס׳איז געווען קאָנצענטרירט דער האַנדל־פאַרקער צווישן גריכנלאַנד און סקיפיע. בעת דער כאַזאַרישער מלוכה האָט דער דאָזיגער האַנדל־צענטער זיך גערופן סאַמקאַרץ[37] און צוליב דער גרויסער צאָל אידישע באַפעלקערונג האָט דער אַראַבער איבן־פאַקיך אים גערופן סאַמאַקאַרש־אַל־יעהוד", ד.ה. אידישער סאַמקאַרש. אַז די רוסן האָבן אים איינגענומען אין דער צייט פון וולאַדימירן, איז דאָ אַנטשטאַנען די שטאָט טמוטאַראַקאַן, וועלכע האָט אָבער ניט געהאַט קיין גרויסע האַנדל־באַדייטונג. צום סוף XI־טן יאָרהונדערט האָבן די כאַזאַרן און פּאָלאָווצעס ענטגילטיג אַרויסגעשטויסן די רוסן, און דאָס לאַנד האָט ווידער אָנגעהויבן זיך רופן כאַזאַריע. אַרום מיטן XII־טן יאָרהונדערט פאַרצייכנט דער אַראַבישער געאָגראַף אידריזי[38] (אַרום יאָר 1150), אַז ס׳האָט ווידער אויפגעלעבט די האַנדל־ראָלע פון אָט דער שטאָט, וועלכע האָט געטראָגן דעם גריכישן נאָמען טאַמאַטאַרכאַ אָדער געקירצט מאַטאַרכאַ, און ער ווייזט אָן, אַז אַהער פלעגן קומען סוחרים פון די סאַמע ווייטסטע לענדער. צו דער צייט, ווען ר׳ פתחיה האָט געמאַכט זיין רייזע (אַרום יאָר 1175), איז די שטאָט אַריינגעפאַלן אין רשות פון ביזאַנץ (ונותנים מס למלך יון), וואָס ס׳באַשטעטיגן אויך די גריכישע דאָקומענטן פון יאָר 1170[39] די צאָלרייכע אידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט דאָ געלעבט אין IX און X יאָרהונדערט, איז, ווייזט אויס, פאַרשוואונדן געוואָרן בעת דער רוסישער און פּאָלאָווצקישער הערשאַפט, און ר׳ פתחיה דערמאָנט נאָר די סעקטאַנטן קאַראַאימער אין לאַנד קדר. די קאַראַאימער האָבן געקאָנט קומען קיין קרים אין XII יאָרהונדערט פון גרוזיע און פון ביזאַנץ. וועגן דעם, אַז אין פּראָג, אין פוילן און אין רוסלאַנד זיינען פאַראַן אידן, דערציילט ר׳ פתחיה אויך ניט, ווייל וועגן אָט די אידן האָבן די מערב־אידן גוט געוואוסט, און זיי זיינען ניט געווען אַזאַ טשעקאַווע זאַך, ווי די סעקטאַנטן. דער ווייטערדיגער וועג פון ר׳ פתחיה׳ן קיין באַגדאַד איז געגאַנגען דורך עפּיס אַ טערקישן האַפן, מסתמא טראַפּעזונד, און דערנאָך דורך ניזיבים (נציבים) און מאָסול.

די רייזע פון ר׳ פתחיה איז ניט געווען קיין אויסנאַם־פאַל. פון אַנדערע מקורים ווייסן מיר, אַז קיעווער אידן האָבן אָפט געהאַט באַציאונגען מיט באַגדאַד. אַזוי, למשל, דער קיעווער רב משה, וועלכער האָט געלעבט אין מיטן XII־טן יאָרהונדערט אין קיעוו און פריער זיך געלערנט ביים רבינו תם אין פראַנקרייך, איז געווען פאַרמיטלער צווישן די מערב׳דיגע אידן און דעם הויפּט פון די באַגדאַדער אידן שמואל בן אליה, צו וועמען ער פלעגט זיך ווענדן מיט פאַרשיידענע רעליגיעזע שאלות.[40] אויפן זעלבן וועג האָט משה תנו אין XIII־טן יאָרהונדערט באַקומען אַ קאַראַאימישן בוך פון מעסאָפּאָטאַמיע איבער רוסיע און רעגענסבורג. אויף אַזאַ אופן זעהען מיר, אַז דער דאָזיגער וועג אויף מזרח האָט געדינט די גאַנצע צייט, ביז די אָנפאַלן פון די טאָטערן, הגם די מערב־אידן האָבן שוין דאַן ווייניגער גענוצט דעם וועג, ווי אין IX־טן און X־טן יאָרהונדערט. אָבער די באַציאונגען מיט קיעוו זיינען פאַרבליבן לעבהאַפטע ביז דעם סאַמע אָנפאַל פון די טאָטערן. פון רוס האָט מען אַרויסגעפירט פוטערוואַרג, וואַקס, פעל, און אין די ערשטע יאָרהונדערטן—דער עיקר קנעכט. די פירשטן האָבן דעמאָלט אויספאַרקויפט זייערע געפאַנגענע און די הויף־דינערשאַפט. בנימין טודעלער פון XII־טן יאָרהונדערט דערקלערט אַפילו, אַז די סלאַוון האָט מען געוויינליך גערופן מיטן נאָמען כנען, ווייל די טשעכן און רוסן פלעגן פאַרקויפן זייערע קינדער פאַר קנעכט. באַ יהודה הכוהן, וועלכער האָט געלעבט אין מאַינץ אין XI־טן יאָרהונדערט, טראָגט רוסלאַנד דעם נאָמען „גריכישער כנען",[41] ווייל די גריכישע אמונה האָט זיך דאָרט פאַרשפּרייט.

אַחוץ רוסישע סחורות האָט קיעוו צוגעשטעלט אויף מערב אויך מזרח׳דיגע געווירצן און גריכישע וועב־שטאָפן. אידישע סוחרים האָבן באַזונדערס אויסגענוצט אָט דעם רוסישן וועג פאַר זייערע האַנדל־צוועקן, ווייל פאַר זיי זיינען אָפט געווען פאַרמאַכט די ים־וועגן. וועגן קריסטליכע סוחרים, וועלכע זאָלן האָבן געפאָרן קיין קיעוו, ווייסן מיר אַ סך ווייניגער. דער איינציגער קריסטליכער נאָמען, וואָס מיר ווייסן, איז האַרטוויג—פון קלויסטער פון הייליגן עממעראַם אין רעגענסבורג, וועלכער איז געשטאָרבן אין קיעוו[42]. ס׳איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז דער קלויסטער פון הייליגן עממעראַם האָט זיך געפונען אין

36) מיר ציטירן לויט דער אויסגאבע פון ל. גרינהוט, ירושלים 1905.

37) אזוי רופט ער זיך אין בריוו פון כאזארישן קייזער יוסף און אין א בריוו פון א כאזארישן אידן. פארגלייך: י. ברוצקוס, דער בריוו פון א כאזארישן אידן

38) Edrisi, Geographie, ed. Jaubert t. II, p. 395.

39) Mikloschicz et Miller, Acta et diplomata graeca sacra et profana, t. III; Sauli, Della colonia dei genovesi in Galata, t. II p. 11.

40) ידיעות וועגן קיעווער משה פון XIIטן יארהונדערט זיינען פאראן בא ס. פאזנאנסקי: Die Babylonische Geonim des nachtalmudischen Zeitalters.

41) אור זרוע, באנד I, ז. 196 § 694.

42) Pez, Thesaurus anecdot. t I, p. 173.

נאָענטסטער שכנהשאַפט מיטן אידישן קוואַרטאַל אין רעגענסבורג און האָט אונטערגעהאַלטן האַנדל־באַציאונגען מיט די אידן[43]), — און דעריבער איז קיין חידוש ניט, וואָס אַ אונטערטאַן פון קלויסטער האָט זיך אויך אַראָפּגעכאַפּט קיין קיעוו, מסתמא צוזאַמען מיט אידן.

די באַציאונגען פון די מערב־אידן מיט קיעוו ווערן באַזונדערס לעבהאַפט צום סוף פון XII־טן יאָרהונדערט, בעת די קריסטליכע אייראָפּע פירט אויפן מזרח דעם קאַמף מיט די סעלדזשוקן. פון יענער צייט האָבן מיר טאַקע אַ גאַנצע ריי ידיעות פון רייזנדע, וועלכע האָבן באַזוכט רוסלאַנד. וועגן ר׳ פּתחיה׳ן פון רעגענסבורג האָבן מיר שוין גערעדט; לאָמיר נאָך דאָ דערמאָנען דעם רב אליעזר בן יצחק פון פּראָג, וועלכער באַשרייבט דעם רעליגיעזן שטייגער און מנהגים פון די קליינע אידישע קהלות, וועלכע ער האָט געטראָפן בעת זיין באַזוך[44]) אין רוסלאַנד[45]).ווינער אַ צייט־חבר איז געווען ר׳ יצחק פון הורבאַלו[46]) און ער האָט אויפן וועג פון רוסלאַנד באַזוכט דעם באַקאַנטן רב יצחק הַלָּבָן אין פּראָג און האָט אים דערציילט וועגן די קבורה־מנהגים בײַ די רוסישע אידן.[47]) אַראַנק די לעבהאַפטע באַציאונגען מיט קיעוו, טרעפט מען שוין אויף מערב אַלץ אָפטער אויך רוסישע אידן. אין קעלן, אין יאָר 1181, טרעפן מיר דעם רייכן אידישן סוחר פון וולאַדימיר (ר׳ בנימין הנדיב מוולאַדימיר), וועלכער איז געקומען קיין קעלן צוליב זיינע האַנדל־געשעפטן און דאָ האָט מען אים צוליב אַ פאַלשער מסירה געכאַפּט אין מאַרק און אַריינגעזעצט אין תפיסה. [48]) אַביסל שפּעטער, אָנהייב XIII־טן יאָרהונדערט, טרעפן מיר אין דייטשלאַנד דעם למדן ר׳ יצחק פון רוסיע[49]).

נאָך וואונדערבאַרער איז, וואָס רוסישע אידן פון יענער צייט האָבן אָנגעשפּאַרט אויך אין ווייטן ענגלאַנד. אין די אַלטע תּובֿ־צעטלען, וואָס דזשייקאָבס האָט פאַרעפנטליכט, געפינען מיר אַ דאָקומענט פון ר׳ יצחק פון רוסיע[50]) פון יאָר 1180—82. ביים זעלבן מחבר געפינען מיר אַן אויסצוג פונם כתב־יד־ווערק „ספר השוהם“ פון ענגלישן אידן ר׳ משה הנשיאה, וועלכער האָט געלעבט פון 1170 ביז 1215. און אין דעם אויסצוג ווערט דערמאָנט וועגן איינעם אַ ר׳ איצי, וואָס איז געקומען צו פאָרן פון רוסיע פון דער שטאָט טשערניגאָוו, און האָט פאַרטייטשט איינִיגע ווערטער פון ביבל דורך אַ פאַרגלייך מיט רוסישע ווערטער. דער ביישפּיל, וואָס ווערט געבראַכט אין טעקסט באַווייזט, אַז דער ר׳ איצי פון טשערניגאָוו האָט טאַקע געקענט די לעבעדיגע רוסישע פאָלק־שפּראַך[51]).

די לעבהאַפטע באַציאונגען האָבן געפירט אויך צו אַ קולטורעלער דערנעענטערונג צווישן די רוסישע אידן מיט די אידן פון מערב. אַ תּוך די שוין דערמאָנטע ר׳ משה פון קיעוו און ר׳ איצי פון רוסיע, וואָס זייער אויטאָריטעט האָט מען אָנערקענט אויך אין דייטשלאַנד, קאָנען מיר נאָך אָנווייזן אויף נאָך אַ ווערק, וואָס איז פאַרבליבן פון יענער צייט, אַ ווערק פון ר׳ שמואל, אָנגעשריבן אין 1124 אין רוסיע אין גייסט פון די מערב׳דיגע תוספת־לומדים.[52])די באַזונדערע מנהגים פון די רוסישע אידן — מחמת זייער מזרח־אָפּשטאַמונג — זיינען אויך בײַ לעבווייז פאַרשוואונדן געוואָרן, וואָס מער ס׳איז צוגעקומען איבערוואַנדערער פון מערב. אין XI־טן און XII־טן יאָרהונדערט האָט מען אויף מערב אַ סך מער געוואוסט פון רוסלאַנד, ווי פון פּוילן, און רוסישע אידן ווערן אַ סך אָפטער דערמאָנט, איידער פּוילישע.

אין XIII־טן יאָרהונדערט טראָגט זיך דער האַנדל מיט רוסלאַנד אַריבער פון רעגענסבורג קיין פּראָג און קיין ווין. אין 1221 האָבן זיך די ווינער בירגער דערשלאָגן, אַז פאַר פרעמדע סוחרים איז פאַרבאָטן געוואָרן דער טראַנזיט מיטן דונאַי, און זיי האָבן אויף אַזאַ אופן קאָנצענטרירט בײַ זיך דעם גאַנצן האַנדל מיט די מזרח־לענדער.[53])דערמיט אַפּנים דערקלערט זיך אויך דאָס, וואָס די ווינער אידישע קהלה איז אַזוי שנעל אויסגעוואַקסן אין XIII־טן יאָרהונדערט, — ווייל די אידן פלעגן זיך תמיד באַזעצן אויף די וועגן, וואו ס׳האָט זיך געפירט דער אינטערנאַציאָנאַלער האַנדל.

דער טאַטערשער אָנפאַל און דאָס איינגעמען קיעוו אין 1240 האָבן באַדייטנדיג פאַרקלענערט דעם מערב־האַנדל מיט רוסלאַנד און האָבן שווערער געמאַכט דעם פאַרקער מיט קרים און מיטן מזרח, אָבער אינגאַנצן איז דער האַנדל דעמאָלט אויך ניט געוואָרן אָפּגעשטעלט. מיר האָבן שוין פריער געבראַכט דאָס, וואָס פּלאַנאָ קאַרפּיני דערציילט, אַז ער האָט אין 1246 אין חרובן קיעוו באַגעגנט אַ סך סוחרים פון פאַרשיידענע דייטשע און איטאַליענישע שטעט. דער אידיש־שפּאַנישער קאַרטאָגראַף יהודה קרעסקעס ווייזט אויך אָן אין זיין באַרימטער קאַטאַלאָנישער מאַפּע פון XIV־טן יאָרהונדערט, אַז פאַר זיינע צייטן פלעגן סוחרים פון מזרח קומען קיין לעמבערג און ברענגען סחורות[54]). אָבער דאָך, פון זינט די טאַטערן זיינען געקומען אין די דרום־רוסישע סטעפּעס, ווערט דער האַנדל אַלץ קלענער, און די באַדייטונג פון קיעוו פאַלט אַלץ מער, און די הויפּט־ראָלע אינם מזרח־האַנדל נעמען איבער די איטאַליענער. אין XII־טן יאָרהונדערט ווערט געגרינדעט אין ווענעדיג fondaco dei Tedeschi און סוחרים פון ווענעדיג, ראַגוזאַ און גענואַ באַווייזן זיך אין אונגאַרן און אין ווין (צום ערשטן מאָל אין 1244)[55]). צום סוף XIII־טן יאָרהונדערט פאַלט די ראָלע פון אידן אין אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל אויך אין דייטשלאַנד,—צוליב אַ גאַנצער ריי פאַרבאָטן, וואָס מען האָט געגן זיי אַרויסגעגעבן, אָבער פריער, ביז דעם טאַטערשן אָנפאַל, איז דער האַנדל פון מאַינצער, רעגענסבורגער און פּראַגער אידן מיט קיעוו און מיטן מזרח געווען אַ גאַנץ גרויסער.

דער רוב פאָרשער האָבן ביז איצט גאָר ניט געוואוסט פון אָט דעם אידישן האַנדל, ווייל זיי זיינען ניט געווען באַקאַנט מיט

43) Ahronius, lib. cit. N N 154,150.

44) אור זרועה ב׳ ו׳ ז׳ 40; Respons. Meir Rotenburg (ed .Lemberg)cap. 112

45) אור זרועה ב׳ IV (אויסגאַבע ירושלים), קאַפּ׳ 37, ז׳ 32.

46) לויט דער מיינונג פון גראָס (Gross, Gallia Judaica, p. 27) נעמט זיך דער נאָמען הורבאַלו פון דער שטאָט Dorville אין צפון־פראַנקרייך.

47) צדקיה הרופא lib. cit. p. 384; Machsor Vitri, ed. Berlin 1888, p. 245,248.

48) Neubauer und Stern, Hebräische Berichte über Judenverfolgungen etc. p. 71.

49) אינם פירוש פון ר׳ זאַלטמאַן צום חומש אין אידישן כתב־יד אין קעמברידזשער ביבליאָטעק N 53 (זעה (Catalog Schiller—Szynessy, p. 165—186

50) J. Jacobs, The Jews in Angevin England, p. 73

51) „ואמר לי ר׳ יצחק מטרנגב כי בתירס זה רוסיא אומרים על בעילה יבום״. J. Jacobs, lib. cit. p. 73. אַ צווייטער עקזעמפּלאַר פון דעם כתב־יד געפינט זיך אין דער עפנטליכער ביבליאָטעק אין לענינגראַד. זעה: Гаркави О языкѣ евреевъ на Руси, СПБ. 1865, стр. 35

52) לקוטים מהתלמוד מר׳ שמואל מרוסיא, אָנגעשריבן אין 1124 אין רוסלאַנד און מאַראָן אין צוויי געשריבענע עקז., אין וואַטיקאַן און אין אָקספאָרד.

53) V. Heyd, Histoire du Commerce du Levant t. II p. 728.

54) Carte catalane, ed. Buchon et Tostu, p. 19.

56) V. Heyd, lib. cit. t. II, p. 729.

דער מיטלאַלטערליכער אידישער ליטעראַטור, — ווענן איר דערמאָנט ניט אַפילו ג. קאַראָ אין זיין אויסגעצייכנט ווערק „Die Soziale u. Wirtschaftsgeschichte der Juden i. Mittelalter“. דער סאַמע אויטאָריטעטסטער פאָרשער פון אייראָפּעאישן האַנדל מיטן מזרח שרייבט: „דורך וועלכע וועגן האָבן די דייטשן באַקומען מזרח־סחורות אין משך פון די קרייץ־צוגן און שפּעטער נאָך ביזן סוף פון מיטלאַלטער, — אָט איז אַ פּראָבלעם, וואָס מען מוז פאַרענטפערן, און די דאָזיגע אַרבעט איז אַ סך שווערער, ווי דאָס ווייזט זיך אויס פון ערשטן קוק“[56]. מיר זעהען, אַז הייד באַנוגנט זיך מיט דעם, וואָס ער קאָנסטאַטירט אָט דעם בלויז אין דער עקאָנאָ־מישער געשיכטע פון מיטלאַלטער—אַ בלויז, וואָס נעמט זיך דערפון, וואָס מען קען ניט דעם אידישן האַנדל פון יענער עפּאָכע. פון די רוסישע היסטאָריקער האָט וו. וואַסילעווסקי אָנגעוויזן אויף דער ראָלע פון רעגענסבורג אין די באַציאונגען פון קיעוו מיטן מערב[57], אָבער ער האָט אויך געהאַט אין זיין רשות נאָר זעהר מאגערע ידיעות. די אידישע מאַטעריאַלן, וועלכע מיר האָבן דאָ אָנגעוויזן, פאַרפילן אין אַ גרויסער מאָס אָט דעם בלויז אין דער געשיכ־טע פון אייראָפּעאישן האַנדל און גלייכצייטיג באַלייכטן זיי די היסטאָרישע ראָלע פון אידן אין דער אַלטער קיעווער רוס.

56) V. Heyd, lib. cit. t. II., p. 727.

57) Васильевскій, Древняя торговля Кіева съ Регенсбургомъ Журн. Мин. Нар. просв. 1888, іюль

---

# קרעדיט־אפּעראַציעס פון ווארשעווער אידן אין מיטלאלטער*

**ע. רינגעלבלום**

## Das Kreditwesen bei den Warschauer Juden im Mittelalter

**von E. Ringelblum**

צוליב אַ סך טעמים, אויף וועלכע מיר ווען זיך דאָ נישט אָפּשטעלן, האָבן סיי די אידן פון די מערב׳דיגע קאַנטן פון דער קרוין סיי די מאַזאָווישע אידן פאַרנומען אַ איינזייטיגע פּאָ־זיציע אינם ווירטשאַפטליכן לעבן פון לאַנד. אי דאָ אי דאָרט זיינען די אידן דער עיקר געווען באַשעפטיגט מיט קרעדיט און האַנדל; אַ קלענערן אָרט פאַרנעמען זיי אינם האַנטווערק, ערד־אַרבעט א. ד. גל.

די רעכטליכע באַציאונג פונם מאזאווישן פירשט צו די אידן, ווי פון אַ פּאַטראָן (אפּוטרופּוס) צו זיינע קאַמער־קנעכט, האָט שטאַרק משפּיע געווען די פירשטליכע געזעצגעבונג אין ווירטשאַפטליכע ענינים לגבי די אידן. דער פירשט איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט, אַז די אידן זאָלן האָבן וואָס גרע־סערע הכנסות, ווארום וואָס קאַפּיטאַל־קרעפטיגער ס׳זיינען געווען די אידן, אַלץ גרעסערע שטייערן האָט ער אויף זיי געקאָנט אַרויפלייגן. די דאָזיגע ריין פיסקאַלע באַציאונג פון די מאזאווישע פירשטן האָט גורם געווען, אַז זייער פּאָליטיק לגבי די אידן איז ניט געווען קיין איינהייטליכע, נאָר אַ זיגזאַגעדיגע. וועגן דעם דערציילן אונז עטליכע פאַראַנענע פירשטליכע פּריווילעגיעס און די רייכע געריכט־פּראַקטיק.

אויפן געביט פון קרעדיט האָט דער פירשט, פון איין זייט, זיך באַמיט צו שאַפן פאַר די אידישע באַנקירן די גינציגסטע באַדינגונגען; פון דער צווייטער זייט, האָט ער זיך געמוזט רעכענען מיט די אינטערעסן פון די אידישע קליענטן—מיט דער שליאַכטע. דער פירשט האָט דעריבער גענומען אונטער זיין שוץ די אידישע הלוואות; ער גיט אַרויס זיינע באַאַמטע באַפעלן, זיי זאָלן פענדן די בעלי־חובות, וואָס צאָלן נישט צו דער צייט זייערע חובות[1]. ער באַשטימט גענוי, בײַ וועלכע אומשטענדן מען קען פענדן אַ בעל־חוב,[2]) וויפיל און ווי אַזוי מ׳דאַרף נעמען פּראָצענט, בײַ וועלכע תנאים קאָן מען נעמען משכונות, ווען ווערן די משכונות פאַרפאַלן א. ד. גל.

די תקנות פון די מאזאווישע פירשטן זיינען בדרך־כלל ענליך צו די תקנות פון די פוילישע קעניגן. פאַראַן אָבער איי־ניגע פּרטים, אין וועלכע די געזעצגעבונג פון מאזאוויע אונטערשיידט זיך פון דער קרוין־פוילישער געזעצגעבונג. אַזוי, למשל, טאָרן די קרוין־פוילישע אידן נישט באָרגן קיין געלט אויף אומבאַ־וועגליכע גיטער, אָנהויבנדיג פונם יאָר 1423[3] (דער דוואָר־טער סטאַטוט), בעת אין מאַזאָוויע ווערט דאָס פאַרבאָטן ערשט אין דער מיט פון XV־טן יאָרהונדערט.

די פאָרמען פון אידישן קרעדיט אין מאזאָוויע זיינען דיזעל־בע, וואָס אין דער קרוין. אידן באָרגן געלט: א) אויף אַ שטר־חוב, ב) אויף ערבות, ג) אויף האַנט־משכונות, ד) אויף היפּאָטעק, ה) מיט אַ תנאי, אַז דער בעל־חוב וועט זיך לאָזן אַרעסטירן (sub capivatione). נישט געקוקט דערויף, וואָס די פאָרמען פון אידישן קרעדיט זיינען דיזעלבע אין דער קרוין און אין מאזאָוויע, זיינען אָבער פאַרשיידן די צייט־אָפּשניטן.

דעריבער וועלן מיר די געשיכטע פונם אידישן קרעדיט אין מאזאָוויע איינטיילן אין אַנדערע תקופות, ווי אין דער קרוין.[4] אין דער קרוין איז דאָס יאָר 1423, די דאַטע פון דעם דוואָרטער סטאַטוט, דער גרעניץ־סלופּ, וואָס טיילט אָפּ צוויי תקופות: די

1) Księgi ziemi i grodu Warszawskiego, (K. z. g. W.) 3. p. 975.

2) Helzel: Starodawne prawa polskiego pomniki, t. I. p. 291

3) ד״ר יצחק שיפּער: „די ווירטשאפטסגעשיכטע פון די יידן אין פוילן בעתן מיטלאלטער“.

4) דארט ז. 258

* א קאפּיטל פון א גרעסערער ארבעט אי ד. ט. „די געשיכטע פון די אידן אין ווארשע ביז צום יאר 1527“, געשריבן אונטער דער אנפירונג פונם ווארשעווער אוניווערסיטעט־פּראפעסאר יאַי קאכאַנאווסקי, וועלכן איך דאנק דא פאר זיין מיטהילף.

תקופה פון אויפבוי פונם אידישן קרעדיט, די תקופה פון פינאַנץ־פּאָטענטאַטן — פון דער צייט פון ירידה. די ירידה האָט גורם געווען דער וואָרטער סטאַטוט, וועלכער האָט פאַרווערט אידן צו באָרגן געלט אויף אומבאַוועגליכע משכונות. דערמיט זיינען פאַרשווערט געוואָרן די קרעדיט־באַציאונגען מיט דער שליאַכטע, וועלכע האָט אירע הלואות באַדאַרפט דעקן נאָר מיט געלט. דער וואָרטער סטאַטוט האָט חוץ דעם פאַרווערט די אידן צו באָרגן געלט אויף וועקסלען און ממילא איז פאַרקלענערט געוואָרן דער קאַפּיטאַל־אומלויף פון די אידישע באַנקירן אין דער קרוין.

אַנדערש זעהען אויס די פאַרהעלטנישן אין מאַזאָוויע, — דאָ באַווייזן זיך אידישע הלואות פאַרזיכערטע מיט אומבאַוועגליכע גיטער ערשט אין דעם 2־טן צענדליג פון XV־טן י״ה, ד.ה. אין דעם מאָמענט, ווען אין דער קרוין האָבן שוין אויפגעהערט אַזעלכע מיני הלואות. אַנדערש זעהען אויך אויס די קליענטן פון די וואַרשעווער אידן, — זיי באַשטייען אין יענע צייטן ס׳רוב פון דער שליאַכטע, בלויז אין אַ קליינער מאָס באַווייזן זיך מיעשטשאַנעס און פויערים אַלס אידישע בעלי־חובות. אין דערזעלבער צייט שטייען די אידישע באַנקירן אין דער קרוין אין קרעדיט־באַציאונגען בלויז מיט מיעשטשאַנעס, אַלזאָ פּונקט פאַרקערט, ווי אין מאַזאָוויע.

מ׳קאָן דעם אידישן קרעדיט איינטיילן אין פאָלגענדיגע תקופות: 1) 1414—33, 2) 1433—54, 3) 1455—1527. פאַר דער ערשטער תקופה (1414—1433) איז כאַראַקטעריסטיש דער איבערוואָג פון הלואות, וואָס זיינען פאַרזיכערט דורך וועקסלען. אין דער דאָזיגער תקופה טרעפן מיר זייער ווייניג הלואות פאַרזיכערטע אויף אומבאַוועגליכע גיטער, הלואות אויף האַנט־משכונות באַווייזן זיך דעמאָלט בלויז ספּאָראַדיש; אין דער צווייטער תקופה פאַרשווינדן די הלואות אויף אומבאַוועגליכע גיטער, ס׳עקסיסטירן בלויז הלואות אויף ערבות אָדער אויף באַוועגליכע משכונות; אין די יאָרן 1453—1527 טרעפן מיר על פי רוב הלואות אויף באַוועגליכע משכונות.

גלייכצייטיג מיט דער ענדערונג פון די פאָרמען בייט זיך אויך די קליענטור פון די אידישע באַנקירן. ביז צו די פערציגער יאָרן פון XV־טן י״ה פאַרשולדיגן זיך בא אידן אַדעליגע, וועלכע באָרגן געלט פאַרזיכערט מיט ערבות אָדער מיט אומבאַוועגליכע גיטער. די מיעשטשאַנעס, בפרט די אָרימע האַנטווערקער נעמען בא אידן הלואות על פי רוב אויף האַנט־משכונות. אַלזאָ, דעמאָלט, ווען די הלואות אויף האַנט־משכונות פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין אידישן קרעדיט, זיינען אויך די מיעשטשאַנעס די הויפּט־קליענטן פון די אידישע באַנקירן אין מאַזאָוויע. צווישן די בעלי־חובות באַגעגנען מיר פון צייט צו צייט אויך פויערים, וועלכע פאַרזיכערן זייערע חובות מיט אומבאַוועגליכע גיטער.

נישט רק די פאָרמען און די קליענטור פון אידישן קרעדיט האָבן זיך געביטן, געענדערט האָט זיך אויך די גרויס פון די הלואות, ווי אויך דער אומלויף פון קרעדיט. ביז די פערציגער יאָרן פון XV־טן י״ה אַן ערך באַטרעפט די גרויס פון די הלואות נישט מער ווי אַ פּאָר שאָק גראָשן. ערשט אין די 70—80 יאָרן הויבט זיך די גרויס פון די הלואות אָן באַטרעפט אַ פּאָר צענדליג שאָק גראָשן. באַזונדערס הויך זיינען די הלואות אין די יאָרן 1527—1532, ווען די וואַרשעווער אידן אָפּערירן מיט הונדערטער שאָק גראָשן.

וואָס בשייך דעם קרעדיט־אומלויף, קאָנען מיר וועגן דעם דרינגען רק אויפן סמך פון דער סטאַטיסטיק פון די אידישע נאָטיצן, וואָס זיינען פאַרבליבן אין די וואַרשעווער געריכטס־ביכער. אויפן גרונט פון דער דאָזיגער סטאַטיסטיק קומען מיר צום אויספיר, אַז אין די ערשטע יאָרצענדליגע פונם XV־טן י״ה פאַלט אויס אַ יאָר דורכשניטליך 100 קרעדיט־אָפּעראַציעס. דאָס איז פאַרשטענדליך, ווען מיר וועלן נעמען אין אַכט, אַז אויף די דאָזיגע יאָרן פאַלט אויס די ממשלה פון פירשט יאַנוש דעם 1־טן, דער בליאונג־פּעריאָד פון דער אידישער קהילה אין וואַרשע. אָנהויבנדיג פון דער מיט XV־טן י״ה פאַרקלענערט זיך די צאָל אידישע נאָטיצן ביז 10 אַ יאָר. געוויס האָט דערצו געבראַכט דאָס, וואָס אידישע הלואות ווערן אין יענע צייטן פאַרזיכערט דורך האַנט־משכונות, וועלכע ווערן זעלטענער אַריינגעטראָגן אין די לאַנד־ביכער. בלתי שום ספק האָט דערויף אויך משפיע געווען דער פאַקט, וואָס די וואַרשעווער מיעשטשאַנעס האָבן זיך אַליין גענומען צו קרעדיט־עסקים, הגם די קירכע האָט בפירוש פאַרווערט צו נעמען פּראָצענט.

די אידישע וואוכערניקעס אין דער קרוין האָבן אָפּערירט מיט אַ סך גרעסערע סומעס, ווי זייערע ברידער אין מאַזאָוויע. די וואַרשעווער באַנקירן ווי, למשל, בום, לאַזאַר׳ס, אַלעקסאַנדער קאָנען זיך אַפילו נישט גלייכן מיט אַזעלכע גבירים ווי אַ לעווקאָ אָדער יאַנאַס פון קראָקע [5] אָדער אַ מושקאָ פון פּויזן. די לעצטע אַלס הויף־באַנקירן לייהען געלט נישט בלויז די פּוילישע מלכים, נאָר אויך אויסלענדישע פירשטן, (צ. ב. די מאַזאָווישע) [6] און זייערע הלואות טרעפן אָן אין די הונדערטער און אַפילו אין טויזנט שאָק גראָשן. אין דערזעלביגער צייט, ד.ה. אין דער ערשטער העלפט XV־טן י״ה באַטרעפט די גרעסטע אידישע הלואה אין מאַזאָוויע נישט מער ווי 3 צענדליגג שאָק גראָשן. [7] ס׳איז מעגליך, אַז דער מאַזאָווישע פירשט זיעמאָוויט נעמט הלואות ביים קראָקער באַנקיר לעווקאָ און בא זיינע שותפים, די אידן אַנדרושעי, סמערלין און יאָסמאַן אפשר נישט דערפאַר, ווייל דעמאָלט זיינען נאָך קיין אידן אין וואַרשע נישט געווען (אין יאָר 1385), נאָר גיכער האָבן די וואַרשעווער אידן נישט געהאַט אַזעלכע גרויסע קאַפּיטאַלן[8]. אַפילו אין די אַכציגער יאָרן, ווען צווישן די וואַרשעווער אידן באַווייזן זיך אויך הויף־באַנקירן, אָפּערירן זיי אָבער רק מיט צענטליגער שאָק גראָשן [9]. בעת אין דערזעלבער צייט האָט בלויז איין הלואה פונם קראָקער איד משה פישל באַטראָפן אַ פּאָר טויזנט סלאָרין[10].

די איינציגע תקופה, ווען דער אידישער קרעדיט איז גלייך בנוגע דער הויך מיט דעם קרעדיט אין דער קרוין, זיינען די יאָרן 1527—32, בעת ס׳באַזעצט זיך אין וואַרשע די משפחה פונם רייכן אידישן מכס׳ניק משה. די האַנדלס־קרעדיט־אָפּמאַכן פון דער דאָזיגער משפחה טרעפן אָן אין די הונדערטער שאָק גראָשן.

דער ס״ה איז, אַז די וואַרשעווער אידן האָבן בדרך־כלל געהאַט קלענערע געלט־פאָנדן און אַז קיין מאַזאָוויע האָבן עמיגרירט אָרימערע עלעמענטן. אַלס אַ באַווייז, ווי אָרים ס׳זיינען געווען די וואַרשעווער אידן, קאָן אונז דינען דער פאַקט, אַז ווען ס׳קומט זיי אויס צו באָרגן אַ גרעסערע געלט־סומע, למשל, אַ

5) ד״ר י. שיפּער: „די ווירטשאַפטסגעשיכטע פון די יידן אין פּוילן בעתן מיטלאלטער", ז. 106—121

6) ד״ר י. שיפּער, „ווירטשאַפטסגעשיכטע" ז. 121

7) K. z. g. W. 1425 l. p. 174.

8) ד״ר י. שיפּער: „ווירטשאַפטסגעשיכטע" ז. 121

9) Pensiones Joannis, Janussy et Boleslai Ducum ab anno 1471—90 (V. 3. 1. 7. הויפּט־אַרכיוו—וואַרשע) f. 73, a. 1485; f. 78 a. 1487

10) ד״ר י. שיפּער: „ווירטשאַפטסגעשיכטע" ז. 271 און ווייטערדיגע

צענדלינג שאָק גראָשן, שליסן זיי צווישן זיך שותפות, כדי געמיינזאַם צו לייהען אַזאַ גרויסע סומע [11]. טײלמאָל שליסן זיי שותפות אַפילו מיט ווישעגראדער אידן[12].

נאָך אָט די אַלגעמיינע באַמערקונגען וועגן דעם אידישן קרעדיט אין מאזאָוויע וועלן מיר זיך נאָך בקיצור אָפּשטעלן אויף דער געזעצגעבונג, וואָס האָט רעגולירט דעם אידישן וואוכער, דאָ קומען אין באַטראַכט: „די החלטות פון דעם געוואוינהייטסרעכט פון סאָכאַטשעווער קרייז בנוגע סכסוכים צווישן קריסטן און אידן"[13] („Uchwały prawa zwyczajowego ziemi sochaczewskiej o sprawach spornych chrzescijan z Żydami") הגם די דאָזיגע החלטות זיינען חל אויף אַנדערע מאזאָווישע פּראָווינצן, האָבן מיר אָבער באַוויזן, אַז די דאָזיגע החלטות זיינען גילטיג געווען אויך אויפן שטח פון וואַרשע. די דאָזיגע החלטות באַשטימען: 1) אויב אַ איד וועט אָנקלאָגן אַ ערד־באַזיצער (terrigena) פאַרן געריכט, איז דער אָנגעקלאָגטער מחויב זיך צו שטעלן פאַרן געריכט; אויב ער טוט דאָס נישט, צאָלט ער אַ טאָפּעלטן קנס פון 6 מאַרק (= 7 ½ גראָשן) לטובת דעם געריכט; 2) אויב דער געריכט וועט פאַרמשפּטן אַ שליאַכטשיץ ער זאָל סילוקן זיין חוב צוזאַמען מיט די פּראָצענטן אין משך פון 2 וואָכן, און ער וועט דאָס ניט טון, צאָלט ער אַ שטראָף א.ג. "quinquagenalis" (=10 גראָשן) לטובת דעם געריכט און אַ שטראָף א. ג. „pięfnadziescia" לטובת דעם אידן; 3) אויב דער לוה וועט נישט אומקערן דעם חוב צוזאַמען מיט אַ דריי־פאַכן קנס „quinquagenalis" און אַ דרייפאַכער „pięfnadziescia" באַקומט דער איד אין באַזיץ די באַוועגליכע און אומבאַוועגליכע גיטער פונם ערד־באַזיצער; די דאָזיגע גיטער דאַרף דער איד האַלטן אַזוי לאַנג, ביז וואַנען ער וועט נישט צוריקבאַקומען זיין חוב צוזאַמען מיט די פּראָצענטן און מיטן דרייפאַכן שטראָף „pięfnadziescia".

אין די ווייטערדיגע פּונקטן גלייכט דער פּירשט אויס דעם קנס אין פּלאָצקער און סאָכאַטשעווער קרייז; ער באַשטימט, אַז אידן טאָרן ניט נעמען וואוכער פאַר דער צייט, ווען זיי האָבן אָנגעקלאָגט דעם בעל־חוב אין געריכט, וואָרום פאַר דער צייט באַקומען זיי שטראָף־געלט, וואָס דער געריכט לייגט אַרויף אויפן בעל־חוב.

* * *

דער פּראָצענט, וואָס אידן פלעגן באַקומען אין מיטלאַלטער, איז געווען אין פאַרגלייך מיטן היינטיגן זייער אַ הויכער. דערצו האָט גורם געווען אַ גאַנצער קאָמפּלעקס באַדינגונגען [14]. נישט צו די לעצטע האָבן געהערט די הויכע אָפּצאָלן, וועלכע די אידן האָבן געגעבן דעם פּירשט. אַ גאַנצע רייע פּרטים ווייזן אָן, אַז פּונקט ווי אין דער קרוין און אין מערב זיינען אויך אין מאזאָוויע געווען געזעצן, וועלכע האָבן רעגולירט דעם פּראָצענט פאַר די אידישע הלוואות. אמת, ס'זיינען נישט פאַרבליבן קיין שום פּירשטליכע פאַראָרדנונגען ווי אויך קיין שום געוואוינהייט־געזעצן, וואָס זאָלן שייך זיין צום דאָזיגן ענין, אָבער דאָס כסדרדיגע פאַררופן זיך פונם געריכט אין קרעדיט־ענינים בפרט בנוגע דעם וואוכער אויפן „אידישן מנהג", אויפן „אידישן

11) K. z. g. W. I. p. 286, a. 1427

12) K. z. g. W. I, p. 267. a. 1472; Advoc. et Scab. C. A. .V. N. 525. p. 13 a. 1427.

13) Helcel: Starod. prawa pol. pomniki, t. I, p 291

14) ד"ר שיפּער: „ווירטשאַפטסגעשיכטע" ז. 98—105

געזעץ"[15]. דער פאַקט, אַז אַ חוץ קליינע אויסנאַמען האָט זיך די גרויס פון אידישן פּראָצענט נישט געענדערט אין משך פון גאַנצן XV ־טן יאָרהונדערט; און דאָס, וואָס די לאַנד־ביכער פאַרצייכנען נישט אין אַ סך פאַלן, וויפיל ס'דאַרף באַטרעפן דער וואוכער בײַ דער געגעבענער קרעדיט־אַקציע, נאָר זאָגן אין אַלגעמיין, אַז דער איד וועט באַקומען וואוכער (usura)[16] אָדער אַז ער וועט באַקומען וואוכער לויטן מנהג, — דאָס אַלץ באַווייזט, אַז ס'זיינען געווען תקנות, וואָס האָבן רעגולירט די הויך פונם וואוכער.

פון די פילע ביישפּילן אין די קוועלן קאָנען מיר דרינגען, אַז דער געזעצליכער וואוכער, וועלכן אידן האָבן געמעגט נעמען אין מאזאָוויע, האָט באַטראָפן אויף 1 שאָק גראָשן — 1 גראשן אַ וואָך[17]; בײַ אַ סומע ווייניגער פון אַ שאָק גראָשן צו 1 דענאַר[18] (= 1 ½ גראָשן) פאַר יעדע 10 גראָשן ד.ה. אינם ערשטן פאַל 86% אַ יאָר, אינם צווייטן פאַל 43%. פאַרגלייכן מיר די מאזאָווישע פאַרהעלטנישן מיט די פאַרהעלטנישן אין דער קרוין, קומען מיר צום אויספיר, אַז אין מאזאָוויע איז דער וואוכער געווען מיט 32 נידריגער ווי אין דער קרוין, וואו דער פּראָצענט האָט לויטן קליינפּוילישן סטאַטוט באַטראָפן נישט מער ווי 54% ד.ה. ½ גראָשן פון אַ גריוונע. אין דער פּראַקטיק אָבער פלעגט מען די דאָזיגע תקנות נישט שטרענג אָפּהיטן אין צאָלן 1 גראָשן פון אַ גריוונע ד. ה. 108%[19].

בדרך כלל פלעגן די אידן נעמען וואוכער לויט דער אויבן אָנגעוויזענער גרויס. ס'פלעגן אָבער טרעפן פאַלן, אַז אַ איד פלעגט מיטן הסכם פון געריכט באַקומען אַ חוץ דעם געזעצליך באַשטימטן וואוכער אויך נאַטור־פּראָדוקטן און אויסאַרבעטונגען (צ. ב. שטיוול), ממילא איז דער פּראָצענט געשטיגן. אַזוי אַ שטייגער, פאַרפליכטעט זיך אינם יאָר 1431 דער אַדעליגער מאַרצין פון אָטרעמבוש צו באַצאָלן דעם אידן אַלעקסאַנדער 2 שאָק גראָשן און 10 גראָשן אויפן הייליגן וואָיצעך; אויב ער וועט נישט סילוקן דעם חוב צום באַשטימטן טערמין, דעמאָלט וועט דער וואוכער פון דער דאָזיגער סומע באַטרעפן 2 און אַ האַלב גראָשן; פאַר דעם זיינען ערוב די אַדעליגע גרושעגאָוש און וויעליסלאַוו, וועלכע נעמען אויף זיך צוצושטעלן אַלעקסאַנדערן 4 הינער (capones).

אַ ענליכן צואָג גיט אַ אידישן מלוה דער אַדעליגער סלאַוועק פון אָקענצין. פאַר די 13 שאָק גראָשן חוב איז ער זיך

15) „tenebitur solvere usuram iuxta modum ipsorum" (Judeorum), (זאַקראָטשימער לאַנד־ביכער פּ. 188, יאָר 1452); iuxta modum et usuram ipsorum (Judeorum) (זאַקראָטשימער לאַנד־ביכער פּ. 142, יאָר 1451), מיר שעפּן ביישפּילן פון ווישאגראד (ווישאגראד האָט געהערט צום זאַקראָטשימער קרייז).

16) Michael de Racowecz publice manifesteque sua sponte voluntate subdidisse ... solvere et dare 7 sexagenas grossorum, quas supra festum sancti Alberti gloriosi prox. vent. Judeo Alexandro Warsch. cum usuris (K. z. g. W. I, p. 121. a. 1424); Nobilis Malek tenetur exsoluere nobilem Urban de Latcochorzewo a Judeo Dawid Warsch. de 50 grossis quas cum usura accrescenti" (K. z. g. W. I, p. 141. a. 1424)

17) „... et habent (Jacobus et Johannes de Peylaskowo) solvere usuram ad quamlibet septimanam a sexagena per unum grossum a media sexagena per ½ grossum et 10 grossis per 1 denarum ... " (K. z. g. W. I. p. 410 a. 1427) „Czisz recepit mediam sexagenam apud Jacobum Judeum peccunias Sinagodze usura septimanatim per medium grossum (K. z. g. W. 2. p. 41 a. 1428)

18) ד"ר שיפּער: „ווירטשאַפטסגעשיכטע" ז. 78 און ווייטערדיגע

19) K. z. g. W. 2. p. 77 a. 1431 — דאָס דאָזיגע שטייט אײַ צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס אײַ מאַזאָוויע האָט דעמאָלט געבליהט די נאַטוראַל־ווירטשאַפט, בײַ וועלכער ס'איז פאַראַן קנאַפּ געלט.

מתחיב צו געבן אויסער וואוכער אַ האַלב מעסטל האָניג[20]. ס׳טרעפט אָבער טײלמאָל, אַז דער וואוכער ווערט ניט אויסגע־צאָלט אין געלט, נאָר אין נאַטור־פּראָדוקטן. אַזוי אַ שטײגער, איז וואָיציעך פון לעשני־מלין שולדיג דעם אידן אַ ½ שאָק גראָשן און 3 הינער פּראָצענט.[21]) דער אַדעליגער סוואַנטאָסלאַוו פון פּאָ־בראָשעוואָ איז זיך אינם יאָר 1427 מתחיב צו באַצאָלן דעם אידן אַלעקסאַנדער אַ שאָק גראָשן און אַ האַלבן גראָשן וואוכער אַ וואָך אַ חוץ דעם אַ גוט קאַלב (arietem bonum)[22]. ס׳פעלן אָבער נישט קײן פאַלן, ווען אידישע באַנקירן נעמען מיטן וויסן פון געריכט מערער ווי 1 גראָשן פון אַ שאָק אַ וואָך. אָט הערן מיר אין יאָר 1424, אַז מאַרצין סאָליפּעס האָט זיך פאַרן וואַרשעווער געריכט מתחיב געווען אומצוקערן דעם אידן וויקטאָר אַ חוב אין דער הויך פון 5 שאָק גראָשן, דערבײ דאַרף דער וואוכער באַטרעפן אנדערטהאַלבן גראָשן פון אַ שאָק גראָשן, שטאַט דעם געזעצלעכן 1 גראָשן פון אַ שאָק[23].

ס׳איז כדאי צו ברענגען זײער אַ כאַראַקטעריסטישן פאַל, פון וועלכן ס׳דרינגט אַרויס, אַז דער געריכט האָט באַטראַכט 86% ד. ה. דעם געזעצלעכן וואוכער פאַר אַ נאָרמאַלע הכנסה, וועלכע אַ איד דאַרף האָבן פון זײן פאַרמעגן. דעם דאָזיגן פאַל ברענגען אונז די לאַנד־ביכער פונם יאָר 1458. ס׳האַנדלט זיך דאָ וועגן דעם, וויפיל דאַרף באַקומען דער מינדעריעריגער פון פאַרמעגן, מיט וועלכן ס׳פאַרוואַלטעט זײן אַפּוטרופּוס. דער גע־ריכט משפט, אַז דער אפּוטרופּוס וועט דאַרפן צאָלן דעם מינ־דעריעריגן צו 1 גראָשן אַ וואָך, ד.ה. פונקט אַזויפיל, וויפיל ס׳האָט באַטראָפן דער געזעצליכער וואוכער פון סומעס העכערע ווי 1 שאָק גראָשן[24].

דער וואוכער איז אָבער נישט געווען קײן ספּעציעלער מאָ־נאָפּאָל פון אידן, ווי מען האָט ביז נישט לאַנג געמײנט. די נײערע פאָרשונגען מאַכן צו נישט די דאָזיגע לעגענדע. כדי צו געבן אַ בילד וועגן דעם, וויפיל קריסטן פלעגן זיך מתעסק זײן מיט הלוואה־געשעפטן, איז גענוג צו ברענגען דעם פּויפּסט אינאָקענס ווערטער, אַז אויב מען וואָלט אַרויפגעלײגט קירכליכע שטראָפן אויף די קריסטליכע וואוכערניקעס, וואָלט עס געגליכן געווען צום פאַרמאַכן פון די קלויסטערס.[25]) ענליכע פאַר־העלטנישן האָבן עקסיסטירט אין פּוילן; נישט געקוקט אויף די קירכליכע איסורים, גיבן קריסטן געלט אויף פּראָצענט. נאָך וואונדערליכער איז, אַז צווישן די קריסטליכע וואוכערניקעס באַגעגנען מיר אָפט כלי־קודש, וואָס פלעגן אַזוי פײערדיג דונערן אויף די סינאָדן געגן קריסטן, וואָס נעמען וואוכער.

אַ סך אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן דעם קריסטליכן וואוכער אין פּוילן ברענגט ד״ר שיפּער אין זײן „ווירטשאַפט־געשיכטע“[26]). אין דעם קאַפּיטל, וואָס איז געווידמעט דעם וואוכער זאָגט ער אַרויס אַ השערה, אַז מאַזאָוויע איז געווען דער הויפּט־צענטער פון קריסטליכע וואוכערניקעס. די דאָזיגע השערה איז שיפּער סומך אויף די כאַראַקטעריסטישע ווערטער פונם וואַר־שעווער סטאַטוט פונם יאָר 1401, אַז דער קריסטליכער וואוכער האָט אַ סך קריסטן בדיל הדל געמאַכט און פאַרשוועכט זײער כבוד.[27]) דער ווײטערדיגער בינטל פאַקטן, צונויפגעקליבן אין די וואַרשעווער געריכט־אַקטן, באַשטעטיגט שיפּערס מײנונג בנוגע מאַזאָוויע: 1) אין מאַזאָוויע איז געווען פּראָפּאָרציאָנעל ווײ־ניגער אידן ווי אין דער קרוין; אַ חוץ דעם האָבן די מאַזאָווישע אידן געהאַט אַ סך קלענערע קאַפּיטאַלן ווי זײערע ברידער אין דער קרוין; 2) אין די געריכט־אַקטן פון מאַזאָוויע טרעפן מיר אָפט אַזעלכע פאַלן: אַ קריסט באָרגט געלט אַ צווײטן בתנאי, אַז אויב ער וועט נישט סילוקן דעם חוב צום באַשטימטן טערמין, וועט דער מלוה האָבן רעכט צו נעמען אַ הלואה בײַ אַ אידן אָדער קריסטן[28]) און דעם שאָדן (לײען: וואוכער) וועט דאַרפן דעקן דער בעל־חוב; 3) אין די מאַזאָווישע געריכט־אַקטן טרעפן זיך אַ סך אַזעלכע אָפּמאַכן: אַ קריסט גיט אַ הלואה אַ צווײטן בתנאי, אַז ער וועט אים אומקערן דעם חוב אינגיכן (אין משך פון אַ וואָך אָדער 2 וואָכן) אָן וואוכער. אויב ער וועט ניט אויספילן זײן התחיבות, וועט ער באַצאָלן דעם שאָדן, וואָס באַטרעפט אַזויפיל וויפיל דער חוב.

* * *

אַ אידישער באַנקיר אין מאַזאָוויע מאַכט דעם אײנדרוק פון אַן׳אײַנגעטימער פון אַ לאָמבאַרד, צו וועלכן ס׳מעלדן זיך מענשן פון פאַרשײדענע קלאַסן, וואָס טראָגן אַרײַן אין זײן דירה כלערלײ משכונות. אויף אַ משכון באָרגט בײַ אַ אידן צוממײסטן די שליאַכטע, װײניגער די מיעשצאַנעס (פון זײ ס׳רוב בעלי־מלאכות), פון צײַט צו צײַט אויך קריסטליכע כלי־קודש און פּויערים. צווישן די אַדעליגע בעלי־חובות טרעפן מיר אַפילו הויכע פירשטליכע באַאַמטע ווי, למשל, דעם פירשטליכן קוכ־מײַסטער סציבאָרן פון בריסק[29]), דעם הויפּמאַן מיקאָלאַי גוניקאַן,[30]) דעם טשערסקער אונטערקאַמערהער יאַקוב טשלאָסקאָווסקין,[31]) דעם ליווער אונטערקאַמערהער פעליקס זאַליוועקין[32]) א. א. פון די כלי־קודש באָרגן בײַ אידן דער פּלעבאַן פון פּרזשיבישעוואָ[33]) — 11 און אַ האַלבן שאָק גראָשן בײַם וואַרשעווער אידן אַלעקסאַנדער, — דער וויקאַר פון דער קאַטעדר פונם הײליגן יאַן,[34]) קאָמראַט פאַרזעצט בײַ דער וואַרשעווער אידישקע פערל אַ זיל־בערנעם רינג פאַר 4 גריווגעס. אינם יאָר 1473[35]) פאַרצײכענען די געריכט־אַקטן אַן׳אָפּמאַך, וועלכן דער וויקאַר פונם קלויס־טער פון הײליגן יוחנן המטבל האָט געשלאָסן דורך דער פאַר־מיטלונג פונם קאַנאָניק מאַרצין נאַססוראָווסקי, דעם וואַרשעווער קאַשטעלאַן אַנדרזשעי פון מיאַנאָוו און דעם ציעכאַנאָווער אונ־

20) די מאַזאָווישע מעטריק (M. No. 68, a. 1426) Slawek . . . . „fideiussit 13 sexagenas grossorum communis absque usura post festum Michaelis Dawid Judeo et cum 1 1/2 urna mellis soluciones; ...Honesta Katherina (K. z. g.W. 2. p. 99 a. 1432) ...tenetur solvere (Alexandro Judeo) per grossum sexagene ratione usure duas ancas minores .. “

21) K. z. g. W. 2. p. 421, a. 1427

22) ibid. 2. p. 309, a. 1427

23) ibid. 1. p. 134, a. 1424

24) ibid. 3. p. 310 a. 1457

25) Innocenti III Epistolae (Migne Patrologia 215. 1380)

26) שיפער „ווירטשאפטסגעשיכטע“ ז. 101 און ווייטערדיגע

27) In pravam consuetudinem a quibusdam nostris subditis noscitur fore deductum, quod ipsi plerumque eorum creditoribus debitam et mutuatam detinentes (pecuniam) obligatis suis bonis hereditariis ... in detrimentum salutis et honoris eorundem ipsis debitum solvere non advertunt.— O. Balzer: Sredniowieczne prawa mazowieckiego.

28) „. . . Marchewka potest recipere (pecunias) apud Judeos vel apud Christianos (K. z. g. W. I. p. 112. a. 1423) דארט פ. 155, י. 1424; די זאקראטשימער לאנד־ביכער II (די אויסגאבע פון פראפ. האנדעלסמאן און טימיענעצקי) ב״ר 8°4, י. 1443. מיט אן ענליכן אויסדרוק באגעגנען מיר זיך אין קיאוויע, פארגלייך: די בריסק־קיאווישע געריכטסביכער (1418—24), ארויסגעגעבן דורך פראפ. קארשונאווסקי ב״ר 560: ...tem inter Christianos quam inter Judeos“.

29) K. z. g. W. 2. p. 729 a. 1433

30) Ibid. 6. p. 76 a. 1427

31) Ibid. 16, p. 11 a 1527

32) Ibid. p. 125 a. 1529

33) Ibid. p. 213 a. 1433

34) ibid. 3. 78 a. 1456

35) ibid. 4. p. 664, a. 1473

טערקאַמערהער דאַבּוּג מיט דער אידישער באַנקירשע ביעניאַ־שאָוו. פויערים אַלס אידישע בעלי־חובות טרעפן מיר צוויי: אינם יאָר 1465[36]) דעם „אַרבּעטסזאַמען“ יאַקוב פּאָנטשעק און יאַן טרושעוויק[37]) פונם פירשטליכן דאָרף וואָלאַ.

די אידישע באַנקירן באַקומען אַלס משכונות: קליידונג (אַ מאַנטל פון שוואַרצן סאַמעט, אַרומגעזוימט מיט פעלעכ־לאַך— „cuffibus popyelicze“, אַ פעליץ— assgelinum pelliceum, אַ קלייד פון רויטן סאַמעט אַרומגעזוימט מיט הערמעלין־פעלעכ־לאַך, אַ גרין קלייד— alias pokuganiczne, אַ קלייד גערופן dzeanicza א. ד. גל). כלערליי שטאָפן (faratrum alias thul, רויטער שטאָף. קאַפּטיר. שטאָף גערופן tsamen lynskye wlgariter odzewadlni alias stuka panni alias czamletha fulvi) מכשירים פון בעלי־מלאכות (calder alias paneff concussorium alias stampka de Spyzha, א האמער, העמערלאך, שיסעלאך פון צינק א. א. וו.) צירונג (פּערל, זילבערנע רינגעלאך, כלי־זיין (א פאנצער, Margariteum Crinlle alias thoczenycza, שווערדן, א העלם, א האלזבאנד, לעבנס־מיטל (מעל וכדומה). פון אינטערסאנטע משכונות וועלן מיר דא בלויז פארצייכענען א גאלדענעם רינג 136 פלארין די וואָג,[38]) אַ רויטן פעליץ פון שאַרלאַך אַרומגעזוימט מיט טכויי־רענע פוטערלאַך און אַ קאַסטן פון שוואַרצן סאַמעט (דאָס אַליץ געהער צ'ם וואַרשעווער קאַנאָניק זעלאַווסקין). אינטערעסאַנ־טערע משכונות געהער אַ קריסטליך ספר צום דאַווענען („liber ecclesiae“)[39]). די שליאַכטע פאַרזעצט צומייסטן טייערע קליידער, צירונג, און כלי־זיין; די מיעשטשאַנעם—כלערליי שטאָפן און אַרבּעט־מכשירים; פויערים פאַרזעצן מערסטענטיילס מלבושים

די געלט־סומע, וועלכע דער בעל־חוב באַרגט אויף זיין משכון, ווערט אין די קוועלן זעלטן אָנגעגעבן. נאָר פון יאָר 1456[40]) פאַרמאָגן מיר אַזאַ רשימה, זי איז שייך צו די משכונות, וועלכע געפינען זיך אין לאָמבּאַרד פון דער אידישער באַנקירשע פערל. די דאָזיגע רשימה אַנטהאַלט:

| | | | |
|---|---|---|---|
| זילבערנער רינג פון וויקארי . . . . . . . . | 4 | שאק | גראשן |
| געל־קלייד פון א ניי־וואַרשעווער וועבער . | 27 | „ | „ |
| פרויען־מאנטל (palium) פון א ווארשעווער בירגערין . . | 40 | „ | „ |
| שווארצער מאנטל . . . . . . . . . . . . | 6 | „ | „ |
| קאלדרע (tectura lectis) פון א שליאכ־טשאנקע . . | 43 | „ | „ |
| קלייד אונטערגעשלאגן מיט וועלפענע פעלעכלאך . . | 8 | „ | „ |
| קלייד פון שווארצן אראס . . . . . . . . | 16 | „ | „ |
| שווארצער מאנטל פון א פויער פון דארף אורל . . | 21 | „ | „ |
| שווארץ קלייד א. ג. jezdzeczska . . . . . | 10 | שאק | גראשי |
| קליידעלע (funicella) . . . . . . . . . . | $3\frac{1}{2}$ | „ | „ |
| שנירל פערל . . . . . . . . . . . . . | 10 | „ | „ |
| estinale פון גרינעם שטאף . . . . . . . | 6 | אונג. | פלאריי |

וואָס פאַר אַ באַציאונג איז געווען צווישן דעם פאַקטישן ווערט פון אַ משכון און דער געלט־סומע, פאַר וועלכער מען פלעגט אַ זאַך פאַרזעצן, איז ניט באַקאַנט, וואָרום מיר האָבּן צו ווייניג ידיעות אין דעם פּרט, אַז מיר זאָלן קענען עפּעס דרינגען דערפון. בלויז אַלס אילוסטראַציע ברייננען מיר די ווייטערדיקע נאָטיצן. מאַציעי פון טשובינאָוו[41]) פאַרזעצט באַ אַ וואַרשעווער אידן זילבערנע לעפל, 2 גריוונעס זילבער און 4 סקאָרצעס די ווערט פאַר אַ סכום פון 3 פלאָרין.

אין די קוועלן טרעפן מיר אידן טיילמאָל אַלס לוים, וואָס פאַרזעצן זייערע זאַכן באַ קריסטן. זייערע מלוים זיינען געוויינט־ליך הויכע פּערזאָנען, ווי, למשל, דער אַדעליגער סטעפאַן פלאַכאָצקי, דער שטאָטראַטמאַן יאַן ווילטשעק און גייסטליכע פּערזאָנען, ווי, למשל, דער וואַרשעווער דאָמהאַר אַנדרזשעי זעלאַווסקי. די אידן פאַרזעצן שווערדן, צירונג, מלבושים א.ד.גל. די הלוואות, וועלכע די אידן באַקומען פאַר זייערע משכונות, זיי־נען טיילמאָל זייער הויכע. אַזוי, אַ שטייגער, באַקומט דער וועגג־ראָווער איד שמעיָן אינם יאָר 1525 אַ הלואה פון 25 שאָק גראָשן באַ דעם וואַרשעווער מיעשצאַן געאָרג בורבאַך, באַ וועלכן ער פאַרזעצט דערפאַר אַ זשופאַן און אַ גאָלדענעם רינג.

צום סוף נאָך עטליכע אינטערעסאַנטע נאָטיצן וועגן משכונות. אַזוי, אַ שטייגער, גיט אָן אַ נאָטיץ פון יאָר 1515[42]) אַז דער וואַרשעווער לאַווניק יאַן ווילטשעק האָט פאַרן שטאָ־טישן געריכט געוויזן אַ לעדערן זעקל (sacculum corregium), וואָס ער האָט באַקומען אַלס משכון פון איינעם אַ אידן. היות ווי דער איד האָט נישט געסילוקט צו דער צייט דעם חוב, וועל־כער באַטרעפט 4 און אַ האַלב שאָק גראָשן, עפנט דער גע־ריכט דאָס פאַרזיגעלטע זעקל און די 3 גאָלדענע רינגען פון ראַ־ווענאַ („in auro Ravensi“) 7 און אַ האַלב פלאָרין די וואָג און גיט עס איבער יאַן ווילטשעקן אין אייגנטום.

אינטערעסאַנט זיינען די חפצים, וועלכע דניאל, אַ איד פון נאַראָזשין (באַ וואַרשע) האָט פאַרזעצט באַ סטאַניסלאַוו פלאָ־כאָצקין[43]) דהיינו: אַ שוואַרצער אַנצוג פון איטאַליענישער אויס־אַרבּעטונג (vestis virilis more italico facta) פון שוואַרצן טשאַמלעט און פון סאַמעט, באַצירט מיט זילבער, אַ חוץ דעם אַ גרין פרויען־קלייד פון זאַסטאַס (zastashu). אויב מיר וואָלטן געהאַט די זיכערקייט, אַז דאָס זיינען טאַקע מלבושים, וועלכע דניאל פלעגט טראָגן, וואָלטן מיר געהאַט אַ וויכטיגן ביישטייער צו דער געשיכטע פון אידישן לבוש בעתן מיטלאַלטער.

36) K. z. g. W. 3. p. 1134 a. 1465

37) ibid. 3, p. 297, a. 1457

38) ibid. 16, p. 125 a. 1529

39) ibid. 4, p. 1132 a. 1477

40) ibid. 3. p. 78 a. 1456

41) K. z. g. W. 5. p. 10 a. 1489

42) וואיט־ און שעפן־ביכער פון ווארשעווער אלט־שטאט נ"ר 529. ניט פאגינירט, י. 1515 (Advoc. et Scab. C. A. V.)

43) לאנד־אקטן פון בלאנער פאוויאט נ"ר 5. פ. 830 יאר 1525

# די תקנות פאַר די סאָקאָלאָווער אידן אין XVIII יאָרהונדערט

ד״ר יעקב שאַצקי

# Die fürstlichen Ordonnanzen für die Juden der Stadt Sokolow

von Dr. **Jakob Schatzky**

די אָרגאַניזאַציע פון אידישן לעבן אין פוילן אויף די טעריטאָריעס פון די פּריוואַטע שטעט אין פאַרגלייך מיט דער אָרגאַניזאַציע אין די מלוכה־שטעט איז אַ פראַגע, וואָס האָט ביז איצט נאָך ניט באַקומען קיין גענוגענדיגע באַלייכטונג. אין וואָס איז באַשטאַנען דער אונטערשיד פון שטייער־סיסטעם, באַגרעניצונגען, התחיבות׳ן מצד דער קהילה און אויך מצד די בעלי־בתים פון די שטעט, וואו איז די פיסקאַלישע פּאָליטיק געווען שטאַרקער, — דאָס זיינען ׳אַלץ פּראָבלעמעס, וועלכע דער היסטאָריקער פון דעם אידישן עקאָנאָמישן לעבן אין פוילן דאַרף און מוז פאַרענטפערן. דער גייסט פון פיסקאַלישן פּראָטעקציאָניזם איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַציאונג צו דער באַפעלקערונג מצד די פּריצים־גרינדער אָדער איינגטימער פון שטעט; די רעגלאַמענטאַציע־סיסטעם פון אידישן עקאָנאָמישן לעבן איז אַזוי אויספירליך און פיינליך אין אַלע איינצעלהייטן אויסגעאַרבעט, אַז בֿאַ אַ נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט די באַדינגונגען און הנחות, אויף וועלכע ס׳איז געווען די אידן ערלויבט זיך אין די דאָזיגע שטעט צו באַזעצן, זעהט מען, אַז אין געוויסע הינזיכטן איז דאָס לעבן אין די פּריוואַטע שטעט געווען לפי ערך שווערער, איידער אין די מלוכה־שטעט.

ס׳זיינען געווען געוויסע מאָמענטן פון עקאָנאָמישן ליבעראַליזם, וועלכע ציינן, אַז מ׳האָט די אידן געגעבן גרעסערע פּרייהייטן אין די פּריוואַטע שטעט. אַזוי איז געווען, למשל, מיט דעם רעכט צו גרינדן אידישע צעכן. אַ אידישער בעל־מלאכה האָט בכלל ניט באַדאַרפט געהערן צום קריסטליכן צעך אין די פּריוואַטע שטעט, בעת ביים אָרגאַניזירן אַ איינן צעך האָט ער ניט אָנגעטראָפן אויף אַזעלכע שוועריגקייטן, ווי אין די מלוכה־שטעט. אין סידליעץ, למשל, האָט דער פירשט אָגינסקי ערלויבט צו גרינדן בעלי־מלאכה־חברות (צעכן). די שטאָט היעלעדניק, אַ פּריוואַט איינגטום פון די פּאָטאָצקים, האָט געהאַט אַ אידישן שניידער־צעך, א.א.וו. אין די דאָזיגע שטעט איז געווען אַ סך גרינגער זיך צו אָרגאַניזירן און קריגן אַ רעכטליכן שוץ, איידער אין די מלוכה־שטעט, מחמת דעם וואָס אין די פּריוואַטע שטעט איז ניט געווען אַזאַ שטאַרקע קריסטליכע האַנדווערקער־באַפעלקערונג, ווי אין די מלוכה־שטעט.[1]

דאָס איז אָבער אַ קליינער טייל פון דער עקאָנאָמישער טעטיקייט פון די אידן, ווייל מערסטענטיילס האָבן זיך די אידן פאַרנומען מיט האַנדל און פאַרמיטלעריי. פון מלאכה האָבן געלעבט אַזוי ווינציג אידן, אַז מיר טרעפן אין די פּריוואַטע שטעט בעלי־מלאכות, וועלכע זיינען גלייכצייטיג הענדלער אָדער קענען אַ פּאָר מלאכות, ווייל פון איינער האָלטן זיי ניט געקאָנט לעבן.

פאַר זייער אַ וויכטיגע קוועלע פאַר דער אידישער עקאָנאָמישער געשיכטע אין פוילן דאַרפן אָנערקענט ווערן די קאָנטראַקטן, תקנות אָדער אָרדינאַציעס, ווי ס׳איז געווען זייער אָפיציעלער נאָמען, אויפן סמך פון וועלכע מ׳האָט די אידן דערלויבט זיך צו באַזעצן אין די פּריוואַטע שטעט. אויף וויפיל ס׳איז מיר באַקאַנט, איז די צאָל פון אַזעלכע תקנות, וועלכע זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן, זייער קליין. מיר פאַרמאָגן אַלגעמיינע פּריווילעגיעס פאַר די אידן אין די פּריוואַטע שטעט, וואו עס ווערט בכלל גערעדט וועגן די באַדינגונגען, אויף וועלכע ס׳ווערט די אידן דערלויבט זיך דאָרט צו באַזעצן. ס׳איז אָבער לחלוטין נישט באַקאַנט אַזאַ אויספירליכער דאָקומענט, וועלכער זאָל אונז געבן אַ פּרטים־בילד פון די פאַרפליכטונגען פון ביידע צדדים, פון די שטייערן, הכנסות, רעכט, פּרייזן, גרעניצן פון עקאָנאָמישער טעטיגקייט. אַזאַ מין דאָקומענט איז די פאָלגענדיגע אָרדינאַציע אָדער תקנות, וואָס מיר דרוקן איבער אין אַ אידישער איבערזעצונג פון דער אָריגינעלן פּוילישן מאַנוסקריפּט, וועלכער געפינט זיך אין דער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפט אין קראָקע.

דאָס זיינען די תקנות, אַרויסגעגעבן פאַר די אידן אין סאָקאָלאָוו אין XVIII־טן יאָרהונדערט. די דאָזיגע תקנות שטאַמען פון דער צווייטער העלפט פון XVIII־טן יאָרהונדערט. אַרויסגעגעבן האָט זיי דער דעמאָלטיגער איינגטימער פון דער שטאָט, דער פירשט אַנדרזשײ אָגינסקי (Andrzej Oginski). די תקנות האָבן נישט קיין דאַטע, אָבער פון טעקסט גופא לאָזט זיך פעסטשטעלן מער אָדער ווינציגער די דאַטע פונם דאָקומענט. אַנדרזשײ אָגינסקי איז געשטאָרבן אין יאָר 1787. אין די תקנות ווערן דערמאָנט מטבעות, וועלכע האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אין פוילן אין יאָר 1752—דאָס איז דער קופּערנער גראָשן. דער זילבערנער גראָשן, וועלכער ווערט דערמאָנט אין די תקנות, באַווייזט זיך ערשט אין יאָר 1766.[2] דאָסזעלבע איז מיט דער מטבע dziesiatak (אַ צענערל), וועלכע ווערט דערמאָנט צום ערשטן מאָל אויך אין יאָר 1766. אויסערדעם איז פאַראַן נאָך אַ וויכטיגערער פּונקט אין די תקנות, וועלכער קאָן אונז העלפן פעסטשטעלן די צייט פון די תקנות. אין פּאַראַגראַף פינף פון די סאָקאָלאָווער תקנות ווערט געזאָגט, אַז יעדער איד אַ בעל־הבית דאַרף צאָלן אַ קאָפּשטייער פאַר דער קאַסע פון דער מלוכה. אַזוי ווי די דאָזיגע סיסטעם פון איינצאָלן דעם קאָפּ־שטייער דירעקט פאַר דער מלוכה און ניט דורך די זעלבסטפאַרוואַלטונגען ווערט איינגעפירט אין יאָר 1764, ווען דער „קאָנוואָקאַציע־סיים" שאַפט אָפּ די אידישע זעלבסטפאַרוואַלטונג אין פוילן און אין ליטע, איז

---

1) זעה: С. Гольдштейнъ: Изъ сѣдлецкихъ древностей. - Еврейская Старина. 1911. p.125. — Петербургъ; Регесты и надписи III. 2052 (Веледникъ). אין אַלגעמיין וועגן אידישע צעכן זעה ווישניצערס אַרטיקעל אין „Исторія еврейскаго народа". Москва 1914 (Издат. Міръ). דער דאָזיגער אַרטיקל, וועלכער איז באַזירט נאָר אויף געדרוקטע קוועלן, שעפּט ניט אויס דעם ענין.

2) זעה: Gumowski, Podręcznik numizmatyki polskiej, Kraków 1914, p. 250, 257.

קלאָר, אַז די תקנות האָבן נישט געקאָנט אַרויסגעגעבן ווערן פאַר 1764. אַזוי ווי דער קאָפּ־שטייער ווערט אין די תקנות נאָך באַרעכנט מיט צוויי זלאָטעס פון אַ נפש, וואָס דאָס איז געווען דער אָפּצאָל ביז 1775, וועלכן דער סיים פון 1773—1775 האָט פאַרגרעסערט ביז דריי זלאָטעס, איז דערפון גערדרינגען, אַז מען מוז דעם דאָקומענט כראָנאָלאָגיש אַריינשטעלן אין די יאָרן צווישן 1766 און 1775.

צו יענע צייטן איז די אידישע באַפעלקערונג אין סאָקאָלאָוו געווען נישט קיין גרויסע. לויט דער סטאַטיסטיק פון 1765 האָט סאָקאָלאָוו געהאַט 163 אידישע איינוואוינער. מעגליך, אַז די ציפער איז נישט קיין ריכטיגע, מחמת אידן האָבן צוליב כמה טעמים אויסגעמיטן די „גזרה“ געציילט צו ווערן מצד דער מלוכה. ס'איז אומגלויבליך, אַז אין סאָקאָלאָוו זאָלן צו יענער צייט לעבן אַזוי ווינציג אידן. שוין דער פשוטער אַנאַליז פון די חובות, וואָס די אידן האָבן געמוזט צאָלן, — און צווישן זיי אַ חוב פון 5000 גילדן פאַר די ווענגראָווער אידן „לויט'ן דעקרעט פון דער פינאַנץ־קאָמיס'ע“ ד.ה. אַ חוב נאָך פון דער צייט פון דער אידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, ווען ווענגראָוו איז געווען אַ גליל פאַר זיך, — באַווייזט, אַז די אידישע באַפעלקערונג אין סאָקאָלאָוו איז געווען אַ סך גרעסער, ווי ס'גיט אָן די אָפיציעלע סטאַטיסטיק פון 1765. [3]

ווען סאָקאָלאָוו האָט געהערט צום ווענגראָווער ועד, איז די טעריטאָריע פון ועד באַשטאַנען פון 8 שטעטלאַך און 12 ישובים. אין דער צווייטער העלפט פון XVIII יאָרהונדערט ווערט ווענגראָוו אינגאַנצן זעלבסטשטענדיג, רייסט זיך אָפּ פון פּאָדליאַשער גליל און שיקט אַן אייגענעם דעלעגאַט צו די זיצונגען פון דעם ועד. צו יענער צייט (1765) האָט דער גליל געהאַט 19.043 אידן. די צאָל פון די אידישע איינוואוינער אין די באַזונדערע שטעט פונם דאָזיגן גליל האָט זיך געוואַקעלט צווישן 89 און 1577. פון דעם איז גערדרונגען, אַז סאָקאָלאָוו איז ווייט נישט געווען קיין גרויסע שטאָט.

ווי אַלט איז די געשיכטע פון די אידן אין סאָקאָלאָוו?

די שטאָט סאָקאָלאָוו איז אויסגעבויט געוואָרן אין XV יאָרהונדערט [4]. ס'איז שווער פעסטצושטעלן, ווען זיינען אידן געוואָרן תושבים אין דער דאָזיגער שטאָט. אַלענפאַלס נישט פריער, ווי אָנהויב XVII יאָרהונדערט. אין דער פּריווילעגיע, וואָס יאַן קאַזימיר קראַשינסקי, דער דעמאָלטיגער אייגענטימער פון סאָקאָלאָוו און ווענגראָוו, האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1665, ווערן שוין אידן דערמאָנט. קראַשינסקי האָט אָפּגעקויפט די ביידע שטעט פון דעם פירשט ראַדזיוויל, וועלכער האָט נאָך אין יאָר 1650 אַרויסגעגעבן אַ פּריווילעגיע פאַר די ווענגראָווער איינוואוינער, אין וועלכער ער דריקט אויס דעם וואונש צוציען נייע תושבים, פאַרזיכערנדיג זיי „אַלע מינים פרייהייטן און רעכט, שוץ און פאַרזיכערונג מצד פרעמדע“. דאָס הייסט, אַז אויך די אידן האָבן געקאָנט זיך דאָרט באַזעצן. אַזוי ווי סאָקאָלאָוו האָט אויך געהערט צו דעם זעלבן בעל־הבית, דאַרף מען משער זיין, אַז די דאָזיגע פּאָליטיק פון צוציען נייע תושבים אָן אונטערשיד פון נאַציע און רעליגיע איז געפירט געוואָרן בנוגע דער שטאָט סאָקאָלאָוו אויך. [5]

אין דער פּריווילעגיע פאַר די ווענגראָווער אידן פון יאָר 1665, וועלכע איז באַשטעטיגט געוואָרן אין יאָר 1687, ווערן אָנערקענט אַלע רעכט, וועלכע די אידן פון סאָקאָלאָוו און ווענגראָוו האָבן באַקומען פון די פריערדיגע בעלי־בתים פון די שטעט.

אין דער דאָזיגער פּריווילעגיע געפינען מיר געוויסע פּונקטן, וועלכע זיינען אויספירליך באַהאַנדעלט געוואָרן אין די תקנות, וואָס מיר דרוקן דאָ אָפּ. דעריבער וועל איך אויף זיי זיך ניט אָפּשטעלן. ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס נישט געקוקט דאַרויף, וואָס די דאָזיגע פּריווילעגיע איז אַרויסגעגעבן פאַר ביידע שטעט, ווערט אָבער ספּעציעל דערמאָנט, אַז וואָס איז שייך סאָקאָלאָוו, דאַרפן די דאָרטיגע אידן באַקומען אַ ספּעציעלע פּריווילעגיע; אינם באַקומען אַזאַ מין פּריווילעגיע דאַרף זיי נישט שטערן ניט דער ווענגראָווער נאַמיעסטניק און נישט די „מיעשטשאַנעס“. מען דאַרף די סאָקאָלאָווער אידן נישט „באַאומרוהיגן צוליב דעם און נישט פאַרווערן זיי“ (באַקומען אַ באַזונדערע פּריווילעגיע—י. ש.). ס'איז אָבער נישט קלאָר, פאַרוואָס עפּעס דאַרפן די סאָקאָלאָווער אידן אַ באַזונדערע פּריווילעגיע. דער מנהג איז געווען, אַז אַ קאָפּיע פון איין פּריווילעגיע איז געווען גענוג פאַר אַן אַנדער שטאָט, אויב זי האָט געהערט צו דעם זעלבן אייגענטימער. משמעות, אַז ס'זיינען געווען באַזונדערע שטייער־סיסטעמען אין די דאָזיגע צוויי שטעט. דעריבער האָט מען די סאָקאָלאָווער אידן ערלויבט צו קריגן פאַר זיך אַ ספּעציעלע פּריווילעגיע. ס'איז אויך נישט אויסגעשלאָסן, אַז די דאָזיגע תקנות זיינען אייגענטליך די פּריווילעגיע, וועגן וועלכע ס'ווערט דערמאָנט אין דער פּריווילעגיע פון 1665. דאָס, וואָס זי איז כראָנאָלאָגיש אַנטשטאַנען שפּעטער, באַווייזט גאָרנישט. די דאָזיגע תקנות קאָנען זיין אַ באַנייאונג אָדער אַ געוויסע פאַרענדערונג פון אַן עלטערער פּריווילעגיע, וועלכע די אידן האָבן פאַר זיך אויסגעפועלט נאָך אין XVII יאָרהונדערט.

די פּריווילעגיע פון 1665 ערלויבט די סאָקאָלאָווער אידן האָבן אַן אייגענעם בית־דין. מען טאָר זיי נישט צווינגען זיך משפּטן אין שטאָט־געריכט. נאָר אין פאַל, ווען דער אָנקלאָגער וועט נישט זיין צופרידן מיטן פּסק־דין, מעג ער אַפּעלירן צום נאַמיעסטניק און פון אים צום פריץ גופא.

די אידן ווערן באַפרייט פון צאָלן דעם טשאָפּאָווע שטייער פאַר דער שטאָט־קאַסע, ווייל זיי צאָלן אַנ'אַלגעמיינעם שטייער פאַר מאַכן ביר. אַזוי, למשל, געפינען מיר אין די תקנות פון אָגינסקי, אַז אידן דאַרפן צאָלן 1458 גילדן טשאָפּאָווע יאָרליך אין צוויי ראַטעס. וואָס איז שייך דער אינערליכער פאַרוואַלטונג פון די סאָקאָלאָווער אידן, ווייסן מיר, אַז סאָקאָלאָוו איז געווען אַ „פּריקאַהאַלאָק“ און געצאָלט שטייער דער ווענגראָווער קהילה, וועלכע האָט געהערט צום פּאָדליאַשער גליל מיט דער שטאָט טיקטין בראש. און דער צווייטער העלפט פון XVII יאָרהונדערט, אַלזאָ צו דער צייט, ווען קראַשינסקי האָט אַרויסגעגעבן די פּריווילעגיע פאַר די ווענגראָווער אידן, וועלכע האָט באַפעסטיגט זייער עקאָנאָמישע און יורידישע לאַגע, וויל זיך שוין די שטאָט ווענגראָוו באַפרייען פון דער אָפּהענגיגקייט פון דעם פּאָדליאַשער גליל און שטרעבט צו זעלבסטשטענדיגקייט.

דער קאַמף צווישן טיקטין און ווענגראָוו ענדיגט זיך מיט אַ נצחון פאַר דעם לעצטן. אַרום ווענגראָוו גרופּירט זיך אַ רייע שטעט און ישובים, צווישן זיי טשעפּאַנאָווצע און מעז־

3) זעה: Archiwum Komisyi Historycznej, VIII. Kraków 1898; Коробковъ: „Статистика еврейскаго населенія Польши и Литвы во 2-ой половинѣ 18 вѣка“.—Еврейская Старина 1911 p. 541.

4) Slownik geograficzny, XI, 30.

5) זעה: Н. Н. „Къ исторіи евреевъ городовъ Венгрова и Соколова“, Еврейская Старина· 1911, p. 286.

ריטש, וועלכע זיינען אָבער לאַנג נישט געבליבן אין דעם קרייז. אָנהויב XVIII יאָרהונדערט עמאַנציפּירן זיי זיך פון דער וועננ־ראָווער העגעמאָניע און ווערן אויך זעלבסטשטענדיגע קרייזן.[6]

אין יאָר 1717 צאָלט דער וועגנראָווער קרייז 3914 גילדן מיט 27 גראָשן קאָפּ־שטייער. דאָס מיינט, אַז אינם דאָזיגן גליל האָבן געלעבט אַנ׳ערך 2000 אידן (משפחות?).

אין דער צווייטער העלפט פון XVIII יאָרהונדערט איז סאָקאָלאָוו אַריבער צו נייע בעלי־בתים. דאָס זיינען געווען די אָ ג י נ ס ק י ם. אין יאָר 1764 האָט סאָקאָלאָוו אויפגעלעבט עקאָנאָמיש אַ דאַנק דעם, וואָס מען האָט דאָרט איינגעפירט אַ געריכט פאַר די פּריצים פון ד ר אָ ה י ט ש י נ ע ר קאַנט.[7]

אין די יאָרן 1793—1794 האָט מ י כ א ל ק ל ע א פּ א ס אָ ג י נ ס ק י געפּרובט אָרגאַניזירן אין סאָקאָלאָוו אַ וועבעריי־אינדוסטריע (przemysl tkacki) אָבער ער האָט קיין דערפאָלג נישט געהאַט. אָגינסקי האָט געוואָלט קאָפּירן די מערקאַנטילע פּאָליטיק פון אַ סך פּוילישע פּריצים פון יענער צייט, וועלכע האָבן געוואָלט אויף אַ קינסטליכן אופן אַנטוויקלען אין פּוילן אַ אינדוסטריע: געבראַכט פון די מערב־אייראָפּעאישע לענדער פאַכמענישע אַרבעטער, מערסטענטייל דייטשן, און זיך אַבסאָלוט נישט גערעכנט מיט די אָביעקטיווע אומשטענדן, ווען דאָס לאַנד איז עקאָנאָמיש און פּאָליטיש געווען אויפן שוועל פון ירידה.[8]

אין דער געשיכטע פון מלאכה האָט סאָקאָלאָוו אַמאָל פאַרנומען אַ אָנגעזעהענעם פּלאַץ און געשמט מיט אירע לעדער־אויסאַרבעטונגען. דאָס איז אויך צו זעהען פון די תקנות, וועלכע גיבן אָפּ אַ סך אויפמערקזאַמקייט דער פראַגע פון שטייערן פאַר שוסטערס און גאַרבערס און רעגלאַמענטירן די שטייערן פון פאַרשידענע מינים פעלן.

אין יאָר 1775 האָט סאָקאָלאָוו געציילט 230 הייזער, וועלכע האָבן געצאָלט דעם קוימען־שטייער (podymne); וויפיל פון די הייזער האָבן געהערט צו אידן, איז שווער צו אורטיילן, מיר ווייסן אָבער, אַז די דאָרטיגע אידן האָבן צו יענער צייט געצאָלט 280 גילדן „פּאָדימנע“ יאָרליך, אין צוויי ראַטעס. נישט האָבנדיג אָבער קיין אָנווייז, וויפיל מ׳האָט געצאָלט פון אַ הויז, איז

6) М. Балабанъ: Центральное Самоуправленіе польско-литовскихъ евреевъ. — Исторія еврейскаго народа. Москва 1914. p. 167,168.

7) זעה: Balinski-Lipinski: Starożytna Polska. ווארשע 1886 באנד I און S. v. Sokolow Еврейская Старина. 1911. p. 288

8) איספירליכער וועגן דעם זעה: Korzon: Wewnętrzne dzieje Polski za Stanislawa Augusta. 1898

שווער צו זאָגן, וואָס פאַר אַ פּראָצענט פון הייזער האָט געהערט צו די דאָרטיגע אידן.

טיפט מען זיך אַריין אין די טרוקענע פאַקטן און שטייערן־טערמינען פון די דאָזיגע תקנות, באַקומט מען אַ אינטערעסאַנט בילד פון אידישן לעבן אין אַ קליין שטעטל און דער צווייטער העלפט פון XVIII יאָרהונדערט. מיר זעהען דאָ כמעט אַלע מלאכות אין באַשעפטיגונגען, וועלכע זענען אונז באַקאַנט, אַלס אידישע פּראָפעסיעס אין פּוילן פון יענער צייט בכלל. מיר זעהען אָבער, אַז אידן האָבן נישט געקאָנט לעבן פון איין באַשעפטיגונג. שענקערס זיינען גלייכצייטיג בעלי־מלאכות; בעלי־מלאכות זיינען קרעמערס אָדער האָבן נאָך אַ מלאכה.

די לאַנגע רשימה פון ספּעציעלע שטייערן־ און אָפּצאָלונגען גיט אַ בולט בילד, וואָס פאַר אַנאָביעקט פון פיסקאַלישער עקספּלואַטאַציע זיינען די אידן געווען פאַר דער פּריצישער מאַכט.

אין אַ נעץ פון אומברחמנותדיגן פיסקאַליזם האָט זיך געשלאָגן און געפּייניקט אַ קליינע עדה, און געמוזט אַלץ טאָן, כדי צו באַצאָלן פאַרן „חסד“ און רעכט צו לעבן און צו אַרבעטן.

די דאָזיגע פּרטימדיגע רעגלאַמענטאַציע איז, אין תוך גענומען, אַ שוידערליך בילד פון דעם אידישן עקאָנאָמישן לעבן אין די פּריוואַט־שטעט, דאָך האָט מען געקוקט אויף דעם ווי אויף אַ חסד, ווייל מען איז געווען זיכערער, ווי אין די מלוכה־שטעט, וואו אין קאַמף צווישן דעם קריסטליכן סוחר און דעם אידן איז די מלוכה געווען פריער נייטראַל און שפּעטער פיינדליך צו די לעצטע.

די תקנות האָב איך איבערגעזעצט פון פּוילישן אָריגינאַל. איך האָב זיך באַמיט צו זיין טריי צום אָריגינאַל — אויף וויפיל דאָס איז געווען מעגליך, האָבנדיק אין זינען דעם גייסט פון דער אידישער שפּראַך.[9]

געוויסע טעכנישע טערמינען און באַגריפען האָב איך איבערגעזעצט בוכשטעבליך, אַריינשטעלנדיק אין קלאַמערן דאָס פּויליש וואָרט. ס׳זיינען פאַראַן אין די דאָזיגע תקנות שטייערן, וועלכע זענען לחלוטין נישט באַקאַנט, און דעריבער איז געווען שווער צו געפינען די פּאַסיגע אידישע טערמינען.

אין באַזונדערע הערות צו די תקנות האָב איך געגעבן מלואים, אַנאַלאָגיעס און דערקלערונגען פון אַ רייע ווערטער, באַגריפן און פאַקטן, וועלכע ווערן דערמאָנט אין די תקנות.

9) איך זעץ איבער, למשל, דאס ווארט Ordynacya דורך תקנות. דאס אלט אידיש ווארט דערפאר איז „ארדינעץ“, (זעה העבר, II 64, 61, געבראכט אין ווילנער פנקס פון דער זעלבער תקופה).

## תקנות פאר די אידן פון דער שטאט סאקאלאוו

האָבנדיג אין זינען די פאַרזיכערונג פון האָב און גוטס פון יעדן בעל־הבית, ווי אויך די אונטערשטיצונג און רייך ווערן פון יעדערן בפרט; וועלנדיק אין יעדן איינפלאַנצן שלום, פליי־סיגקייט און אַרבעטזאַמקייט און דורך אַ גוטע בעל־הבית׳שקייט אויסמיידן פאַרשווענדערישקייט, קריגערייען און גנבות פון דער עפנטליכער קאַסע אָדער קרופּקע, — פירן מיר איין פאָלגנדיגע תקנות.

1) אויפ׳ן פאָלגנדיגן אופן דאַרף זיין אָרגאַניזירט דאָס אויסקלייבן דורך דער קהילה און דעם המון (pospólstwo) פינף קאַנדידאַטן פאַר ראשי הקהילה (Starszenswo kahalne). יעדן יאָר צום צווייטן זונטיג נאָך׳ן הייליגן יאַן[10] לויט אונזער קאַלענדאַר דאַרפן די ראשי הקהילה פאַרשרייבן די נעמען פון די אַלע בעלי־בתים, וועלכע צאָלן נישט ווינציגער ווי פינף און צוואַנציג גילדן אַ יאָר סקלאַדקע. די נעמען און צונעמען (imiona y przezwiska) דאַרפן אויסגעשריבן ווערן אויף קליינע קאַרטלאַך פון קלעפּיג פּאַפּיר. דער עלטסטער נאמן (starszy wiernik) דאַרף עס טאָן מיט זיין האַנט און נאכהער, לייגנדיג זיי לויטן רעיעסטר, אָפּגעבן דעם סאָקאָלאָווער רב אונטער אַ באַשטעטיגונג. דער רב דאַרף אין דער אָנוועזנהייט פון דיזעלבע עלטסטע נאמנים, וועלכע דאַרפן דאַרויף גוט אַכטונג געבן, און אויך אין דער אָנוועזנהייט פון המון אַריינלייגן די קאַרטלאַך אין אַ ספּעציעל געמאַכטן לעדערנעם זאַק, איבערלייגנדיק אַפריער די קאַרטלאַך איינס נאָך׳ן אַנדערן.

10) דער טאָג פון „הייליגן יאַן“ פאלט אויס דעם 27 מאי.

2) דער רב דאַרף האַלטן דעם זאַק פאַר אַלעמענס אויגן, אים אַ טרייסל טאָן דריי מאָל, דרייענדיג אַרויף און אַראָפּ, כדי די קאַרטלאַך זאָלן זיך צונויפמישן. אַוועקשטעלנדיג זיך פאַר׳ן המון צווישן די ראשי הקהילה און די נאמנים, דאַרף ער געבן האַלטן דעם זאַק דעם עלטסטן נאמן; אַליין דאַרף ער מיט דער רעכטער האַנד, וועלכע מוז זיין נאַקעט ביז׳ן עלנבויגן, אַרויסנעמען פינף קאַרטלאַך, יעדעס קאַרטל באַזונדער. נאָך דעם ווי ער נעמט אַרויס דאָס ערשטע קאַרטל, דאַרף ער, האַלטנ־דיג עס אין דער הויך אין צוויי פינגער, אַלעמען וויזן און איבער־לייענען דעם נאָמען און צונאָמען פון דעם קאַנדידאַט. נאָך׳ן איבערלייענען איבערגעבן די עלטסטע און די נאמנים און אין זייערע אויגן פאַרשרייבן דעם נאָמען אויף אַ ספּעציעלן פּאַ־פּיר צוגעגרייט צוליב די וואַלן; נאָך׳ן פאַרשרייבן דאַרף ער אָפּ־געבן דאָס קאַרטל דעם קאַנדידאַט, וועמענס נאָמען ס׳איז אויף אים אָנגעשריבן. דאָס זעלבע זאָל געטון ווערן מיט׳ן צווייטן, דריטן, פערטן, און פינפטן קאַרטל [11].

3) די דאָזיגע קאַרטלאַך מיט די נעמען און צונעמען פון די קאַנדידאַטן פאַרשריבן אויף דעם וואַל־פּאַפּיר (papier elekcyjny) דאַרפן אונטערגעשריבן ווערן פון רב, שפּעטער פון די ראשי־הקהילה און נאָך זיי פון די נאמנים און נאָך די נאמנים פון צוויי קהילה־פאָרשטייער פונ׳ם המון (gminiscy od pospólstwa). די נעמען פון די אונטערגעשריבענע קאַנדידאַטן דאַרף דער רב תיכף מעלדן פאַר אַלעמען און דעם ערשטן פון זיי איבערגעבן אין די הענד דעם מאַנדאַט.

4) די קאַנדידאַטן, אויסגעקליבן לויט׳ן אויבנדערמאָנטן סדר, וועלן ווייטער אויסוויילן עלטסטע פון דער קהילה[12], כדי צו באַ־קומען די הסכמה פון הויף.

5) דעם רב וועט אַלעמאָל נאָמינירן און באַשטימען דער הויף. זיינע הכנסות וועלן זיין שכירות פינף און צוואַנציג גילדן פון דער קאָראָבקע (Krobla)[13], געבנדיג חופּה וקדושין, וועט דער רב נעמען דריי גילדן מיט עלף גראָשן פון די ערשטע הונדערט גילדן נדן; איין גילדן מיט צוואַנציג גראָשן פון דעם צווייטן הונדערטער. פון דין תורה׳ס וועט ער נעמען די שטראָף־געלדער. (grzywny sądowe) [14].

6) אַלע אידן דאַרפן זיך פאָלגן און זיין געהאָרכזאַם דעם באַשטימטן ועד־הקהילה, וואָס איז שייך זייערע ענינים, און אין יעדן ענין און אין יעדער אָנגעלעגנהייט דאַרפן זיי זיך קודם כל ווענדן צום ועד־הקהילה.

7) דער זעלבער ועד־הקהילה דאַרף משפּטן אַלע פּראָצעסן אין דער אָנווזענהייט פון רב אויפ׳ן סמך פון די ערשטע אויפ־פאָדערונגען (z pierwszych zapozwów). ווער ס׳וועט נישט זיין צופרידן מיט׳ן פּסק־דין, דער קאָן אַפּעלירן צום בית־דין פון עקאָנאָם, פון אים — צום גובערנאַטאָר. אין פאַל אַז ער וועט אויך דאָרטן נישט קריגן זיין גערעכטיגקייט — צו מיין אייגע־נעם געריכט.

8) דער ועד־הקהילה דאַרף אָפּהיטן די פריצישע גיטער און הכנסות. די שטאָטישע זיכערקייט פון אַ פייער און פון גנבים, ווי אויך די אָרדנונג בכלל, און דאָס אַליץ, וואָס איך וועל באַשטימען לטובת דער שטאָט אָדער אָרדנונג, דאַרף אויס־געפירט ווערן.

9) דער ועד־הקהילה וועט נישט האָבן קיין שום מאַכט אויסטראַכטן אָדער אַרויפצולייגן אויף דעם גאַנצן אידישן קהל נייע שטייערן אָדער זאַמלונגען אָן דער בפירושדיגער שריפט־ליכער ערלויבניש מיינער, ווי אויך מאַכן נייע חובות האָט ער נישט קיין רעכט און קיין מאַכט. (מיט׳ן אויסנאַם פון די, וועלכע זענען באַשטימט אין דער ספּעציפיקאַציע פון דער קאָראָבקע).

10) אַזוי ווי די פאַרשיידנאַרטיגקייט פון שטייערן און אָפּצאָ־לונגען צעטומלען דעם צאָלער און מאַכען שווער און אומזיכער פאַר אויסוויילער (פון די מינים שטייערן) — דעריבער ווערט אָפּגעטראָטן די אידן 760 פלאָרין פון דעם אַמאָליגן האַנדלס־אָדער יריד־טשינש, 400 גילדן פון דעם „טלאָטשנע״ אָפּצאָל (tloczne)[15] און דרייסיג גילדן — פאַר „פאָדוואָדן״ קיין וואַרשע. אויף זייער אָרט ווערט אַריינגע־פירט דער איינציגער געצאָלטער טשינש, דאָס הייסט פון יעדן הויז אין מאַרק, פון יעדן פראָנטאָוון אייל וועט יעדער צאָלן פינף זילבערנע גראָשנס, פון די הייזער אויף די גאַסן — איין גילדן פון אַ פראָנטאָוון אייל, פון די הינטערשטע הייזער און פון די ברויערייען — צו דריי זילבערנע גראָשנס.

11) כדי אויסצומיידן די מגפה פון בהמות דורך ברענגען פעלן פון די פאַרפּעסטעטע מקומות אין שטעטל אַריין, ווערט באַשטימט, אַז פון איצט אָן זאָלן די קצבים אונטער אַ שבועה אָפּגעבן אַלע בהמה־פעלן אין שטאָט־מאַגאַזין (skarb), חוץ שמויסלאַך[16] און באַראַנען־פעלכלאַך. צו דעם צוועק ווערט באַ־שטימט אַ פינאַנץ־נאמן (Wiernik skarbowy). דעריבער זאָל זיך קיין שום קצב נישט וואַגן דערהרגענען אַ בהמה ביז ער וועט נישט אַרויסנעמען אַ צעטל פון פרנס־החודש און ביז דער נאמן וועט נישט אָנקוקען די בהמה און וועט נישט אַריינשרייבן באַ זיך אין רשימה (רעיעסטער). יעדן פרייטאָג וועט איינער פון די ראשי הקהילה צוזאַמען מיט׳ן נאמן רעגיסטרירן די פעלכ־לאַך און צונעמען זיי צו זיך און שפּעטער אָפּגעבן דעם עקאָנאָם אונטער אַ קבלה. פאָלגנדיגע פרייזן אויף פלייש ווערן באַשטימט פאַר די קצבים: טריף פלייש (אָקסן־ און שעפּסן־פלייש) דאַרף פאַרקויפט ווערן צו פינף גראָשן אַ פונט, כשר פלייש (אָקסן און שעפּסן) — צו אַכט גראָשן אַ פונט. נאָר די קצבים ווערט דער־לויבט צו מאַכן חלבנע ליכט.

12) קוש׳נערס און שוסטער דאַרפן נעמען פעלן פון דער גאַרבאַרניע.

13) בעקערס דאַרפן באַקן נאָר פון פריציש מעל, צאָלנ־

11) צו דעם סיסטעם פון וואַלן פאַרגלייך די תיקונים אין „פּנקס המדינה או פנקס ועד הקהלות הראשיות במדינת ליטא״ אַרויסגעגעבן פון ש. דובנאָוו, בערלין תרפ״ה. — די תקנות פון שנת שפ״ח (1628) פּאַראַגראַפן קס און קסא, און פון דער קראָקער קהילה אָפּגעדרוקט פון ד״ר מ. באַ־לאַבאַן: Die Krakauer Judengemeinde von 1595. Jahrbuch der jüdisch. literarischen Gesellschaft X, § 11 Wahlen.

12) אין אָריגינאַל אַ ניטליינבאַר וואָרט.

13) דאָס וואָרט krobla האָב איך ניט געקאָנט געפינען אין קיין שום ווערטערבוך. קאַרלאָוויטש גיט אָן אין זיין Słownik języka polskiego (אונטער k) דאָס וואָרט korobka = Krobia = krobka. עס איז מעגלאַך אַז krobla איז אַ קאָרומפּירטע פאָרם פון krobka. איך האָב איבערגעזעצט קאָראָבקע — ווייל דאָס איז דער מיין פונם וואָרט.

14) grzywne האָט געהייסן נישט נאָר שטראָף, נאָר אויך אַ געוויסע מטבע. גזשיוונע איז געווען 48 גראָשן.

15) טלאָטשנע־שטייער באַ גלאָגער — Encyklopedja Staropolska — נישט געבוכט.

16) שמויסלאַך=עור כבשים. זעה: האַרקאַווי: אידיש־ענגלישער ווערטערבוך. 1925 ז. 508.

דיג פאַר אַ קאָרץ קאָרן מיט צוויי גילדן טייערער ווי אין מאַרק, פאַר אַ קאָרץ ווייץ — מיט איין גילדן טייערער, ווי אין מאַרק.

14) דער הויף באַוואָרנט זיך, אַז אַזוי שנעל ווי די יאַטקעס און די קראָמען וועלן אויסגעבויט ווערן, זאָלן די קרעמער פאַרקויפן זייערע סחורות אין די דאָזיגע קראָמען און די בעקערס, קצבים און אַנדערע בעלי־מלאכות — אין די יאַטקעס.

## די אָרגאַניזאַציע פון דער קאַראָבקע

אַזוי ווי אונזער ווּונש איז, אַז די שטאָט זאָל זיך ווי אַם שנעלסטן באַפרייען פון אירע חובות און זי זאָל האָבן אַן איי־גענעם פאָנד אויף פאַרשיידענע, נישט פאָראויסגעזעהענע הוצאות און אַז דער רעשט, נאָך דעם ווי די חובות וועלן אויסגעצאָלט ווערן, זאָל בלייבן אַלס אַ פאָנד פאַר אונטערשטיצן די הענדלער, דעריבער ווערט די קאַראָבקע מיט די הכנסות אָפּגעטראָטן די אידן גופא לטובת זייערע אינטערעסן. דער הויף דאַרף אונ־טער קיין שום אומשטענדן זיך נישט אינטערעסירן מיט איר אַ חוץ אָפּהיטן, אַז די דאָזיגע עפנטליכע קאַסע זאָל נישט ווערן אויסגענוצט צוליב דער באַקוועמליכקייט פון יחידים און זאָל תמיד זיין אָנגעווענדט פאַרן נוצן פון כלל. צוליב דעם ווערן אָנגעמערקט די פאָלגנדיגע תקנות:

1) דער פרנס חודש דאַרף תיכף באַשטעלן אַ קאַסע (Kar-bona) מיט דריי שליסלען. איין שליסל זאָל האָבן דער פרנס, איינעם — דער נאמן פון דער קהלה און איינעם — דער נאמן פון הויף (Wiernik dworski). אַלע דריי דאַרפן פייערליך שווערן ביים רב, אַז זיי וועלן ערליך און געטריי אָפּהיטן דעם אידישן עפנטליכן אוצר, אָדער זאָלן זיי, אונטער שרעק פאַר אַ שווערן חרם, זיין אָנפאַרטרויט די אוצרות פון דער קאָ־ראָבקע. [17]

2) אַלע דריי דאַרפן עפענען די קאַסע, פון וועלכער עס קען גענומען ווערן געלד, נאָר אויף צו צאָלן פראָצענטן פון די חובות און אויף די חובות גופא לויט דער עלויבניש פון דער קהילה. און אין אַנ'אויסנאַם־פאַל — פאַר אַ דרינגליכן צוועק, וועלכער איז נוגע אַלע אידן.

3) די זעלבע נאמנים און פרנסים וועלן יעדן חודש צושטעלן דעם עקאָנאָם אַ באַריכט פון אַלע הכנסות און הוצאות. דאָס זעלבע דאַרף טון דער גובערנאַטאָר אין זיין באַריכט.

4) פאָלגנדיגע הכנסות גייען פאַר דער קאָראָבקע:

5) ק אָ פּ ־ ש ט ײ ע ר [18] (pogłówne) פון שטאָט — דאָפּלט. ד.ה. יעדער איד אַ בעל־הבית דאַרף איינצאָלן לויט'ן געזעץ איין קאָפּ־שטייער אין מלוכה־קאַסע אין מאַרט און סעפּטעמבער, דעם צווייטן קאָפּ־שטייער פאַר זיך און נאָר פאַר דער פרוי — צו צוויי גילדן אַ יאָר — אין קאָראָבקע אויך אין צוויי ראַטעס אַרום דעם הייליגן יאַן און „באָזשע נאַראָדזעניע".

6) י ו ם ־ ט ו ב ־ ש ט ײ ע ר [19] (świąteczne) פון די ישובים, ד.ה. יעדע פּערזאָן, וועלכע וועט קומען אויף יום־כפור, דאַרף באַצאָלן: אַן אָרימאַן — צוויי גילדן, אַ מיטעלער — פיר און אַ רייכער — אַכט גילדן. די קהילה דאַרף אַליין מאַכן די אָפּשאַ־צונגען.

7) ש ב ו ע ה ־ ש ט ײ ע ר (zaprzysiężne) [20] — ווערט אויפ־געפאָדערט נאָר פון די בעלי בתים פון שטאָט. דאָס הייסט, אַז יעדער איד אָן אויסנאַם דאַרף אונטער אַ חרם שווערן לויט'ן אַלטן דין, אַז אַזוי שנעל ווי ער וועט אַראָפּברענגען וועלכע עס איז סחורה אין שטאָט אַריין, וועט ער איבערגעבן דעם נאמן, וויפיל עס קאָסט אים די סחורה.

A) אויב די סחורה איז געקויפט פאַר אייגן געלד און נישט פאַר געליענס און ווערט פאַרקויפט אין שטאָט אויף פונטן און איילן, דעמאָלט דאַרף אַזאַ בעל־בית צאָלן פון יעדן הונדערטער צוויי פראָצענט פאַר דער קאָראָבקע.

B) פון די סחורות, אויך געקויפט פאַר אייגן געלד נאָר פאַר־קויפט אין שטאָט אָדער אויף די ירידים הורטאָווע, דאַרף ער צאָלן פאַר דער קאָראָבקע אַ גילדן מיט צען גראָשן פון יעדע הונדערט גילדן.

D*) פון סחורות, געקויפט פאַר געליען געלד אָדער גענומען אויף קרעדיט — אַליץ איינס צי זיי ווערן פאַרקויפט אין שטאָט אויף איילן און פונטן צי הורטאָוונע אין שטאָט אָדער אויף די ירידים, דעמאָלט וועט ער באַצאָלן איין גילדן פון יעדן הונ־דערטער פאַר דער קאָראָבקע.

E) פון סחורות און פעל רויע אָדער אויסגעאַרבעטע בהמישע אָדער רויע שמויסענע, פון אייזן־סחורות ד.ה. פון סאָכע־ציינער (sosznikòw) [21] און אַנדערע אייזנוואַרג, ווי אויך פון בלעטער טיטיון (anyż fyłuniu) — געקויפט פאַר אייגן געלד און פאַר־קויפט אין שטאָט לאחדים, דאַרף איינגעצאָלט ווערן פאַר דער קאָראָבקע צוויי פראָצענט פון יעדן הונדערטער.

F) פון די זעלבע סחורות געקויפט פאַר אייגן געלד און פאַר־קויפט הורטאָוונע אין שטאָט אָדער אויף די ירידים איין גילדן מיט צען גראָשן פון יעדן הונדערטער דאַרף איינגעצאָלט ווערן פאַר דער קאָראָבקע.

G) פון די זעלבע סחורות פאַרקויפט אין שטאָט הורטאָוונע אָדער לאחדים, פאַר געליען געלד אָדער גענומען אויף קרע־דיט, וועט ער צאָלן פאַר דער קאָראָבקע איין גילדן מיט זעקס גראָשן פון יעדע הונדערט גילדן.

H) פון די זעלבע סחורות געקויפט פאַר געליען געלד אָדער גענומען אויף קרעדיט און פאַרקויפט אין שטאָט אָדער אויף די ירידים הורטאָוונע, וועט ער צאָלן פאַר דער קאָראָבקע פינף און צוואַנציג גראָשן פאַר דער קאָראָבקע.

J) פון רויע פעל, ווען אַפילו געקויפט פאַר געבאָרגטע געלד, נאָר פאַרקויפט אין שטאָט, — דאַרף ער געבן צוויי פון הונדערט

---

17) ... דער קאַסע פון דער קהילה (תיבת הקהל) אָדער קאַסטן ... פּינקס. זעה: „המליץ" 1892, № 124. אין קראָקע האָט עס ... ... אין ... דיא לאַד ליגן די ביכר פון אלי חשבנות הש...ים להקהל" (קראָקער תקנות פון 1595, § 39).

18) ק אָ פּ ש ט ײ ע ר — אין די קראָקער תקנות פון 1595 הייסט ער גלגלות. איינגעפירט אַלס אַ שטייער סיי פאַר אידן און סיי פאַר קריסטן נאָך אין XV־טן י"ה. ספּעציעל פאַר אידן, ציגיינער א.א. אַזוי גערופענע „plebs ultimae classis" אין יאָר 1549. זעה: Kleczynski: „Pogłówne" געדרוקט אין Rozprawy Akademji Umiejętności סעריע II. באַנד V און ב ע ר ש אַ ד ס ק י: Русско-еврейскій Архивъ III

19) אין דער פּריווילעגיע אַרויסגעגעבן פון פּ אָ ט אָ צ ק י פאַר דעם אידישן שניידער־צעך אין ח י ע ל ע ד ני ק (דעם 17 אָקטאָבער 1757) ווערט געזאָגט:

„דער צעך דאַרף נישט געבן פאַר דער קהילה, קיין שום מתנות און י ו ם ט ו ב ג ע ל ד, ווי אויך אויף חלב". זעה: Регесты и надписи III, 2052

20) ש ב ו ע ה ־ ש ט ײ ע ר — ווערט כמעט אין ערגעץ נישט דער־מאָנט.

21) ק אָ ר ל אָ ח י ם ש (Slownik III, 151) ערקלערט sosznik — narog od sosny=socha = ząb zelazny u sochy.

* פונקט C פעלט אין אָריגינאַל אויך: ס'איז וואַרשיינליך אַ פאַר־זעהן פון שרייבער, וואָס האָט איבערגעהיפּט איין אות און גלייך נאָך B האָט ער אָנגעשריבן D. אין פּאַראַגראַף 16 ווערט אַפילו דערמאָנט דער פונקט C, אָבער אין אָריגינאַל איז ער טאַקע ניטאָ.

פאַר דער קאָראָבקע. פון די זעלבע רויע פעלן גענומען אויף קרעדיט און פאַרקויפט צו פרעמדע בשעת די ירידים און מאַרקן אין שטאָט, דאַרף ער געבן פאַר דער קאָראָבקע איין גילדן פון יעדן הונדערטער.

K) פון רויע פעלן געגעבן אויף אויסצואַרבעטן און געקויפט פאַר אייגן געלד און פאַרקויפט אין שטאָט אָדער אויף די ירידים, וועט ער באַצאָלן צוויי גילדן מיט 20 גראָשן פון יעדן הונדערטער.

L) פון די זעלבע פעלן גענומען אויף קרעדיט וועט ער באַצאָלן אַ גילדן מיט זעקס גראָשן פון יעדן הונדערטער.

Ł) פון די זעלבע רויע פעלן פאַרביטן אויף אויסגעאַרבעטע און געקויפט פאַר אייגן געלד — וועט ער באַצאָלן פאַר דער קאָראָבקע צוויי גילדן מיט 20 גראָשן פון יעדן הונדערטער.

M) פון די זעלבע רויע פעלן פאַרביטן אויף אויסגעאַרבעטע און גענומען אויף קרעדיט — וועט ער באַצאָלן פאַר דער קאָראָבקע איין גילדן מיט זעקס גראָשן פון יעדן הונדערטער.

N) פון אַלע סחורות אַרויסגעפירט קיין אויסלאַנד — סיי געקויפט פאַר אייגן געלד, סיי קרעדיטירט — וועט ער באַצאָלן פאַר דער קאָראָבקע איין גילדן פון יעדן הונדערטער.

O) פון וואַקס אַרויסגעפירט קיין אויסלאַנד פאַר אייגן געלד אָדער פאַר געליענס — וועט ער באַצאָלן פאַר דער קאָראָבקע 24 גראָשן פון יעדע הונדערט גילדן:

P) פון לאחדים־קרעמלאַך פאַר סחורות געקויפט באַ אייגענע סוחרים — אַ האַלבן גראָשן פון יעדן גילדן, פאַרקערט, פאַר סחורות — געקויפט אויף ירידים אָדער אין שטאָט פון פרעמדע סוחרים — איין גראָשן פון יעדן גילדן דאַרפן זיי באַצאָלן פאַר דער קאָראָבקע.

Q) היטלמאַכערס וועלן צאָלן פון אַלע סחורות אומעטום געקויפט איין גילדן פון יעדן הונדערטער פאַר דער קאָראָבקע. פון יעדן פאַרטיגן היטל דאַרף ער געבן איין גראָשן.

R) שניידערס פון די פאַרדינסטן אין דער היים—דריי גראָשן פון יעדן גילדן; פון די פאַרדינסטן מחוץ דער שטאָט — צוויי גראָשן פאַר דער קאָראָבקע. פאַרקערט, יעדער בעל־מלאכה, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט מסחר אָדער שענקעריי, וועט באַצאָלן פאַר׳ן האַנדלען און שענקעריי פונקט אַזוי ווי אַ סוחר אָדער אַ שענקער.

S) שמוקלערס, וועלכע אַרבעטן מיט אייגענע מאַטעריאַלן, וועלן באַצאָלן פאַר דער קאָראָבקע פון יעדן גילדן — צוויי גראָשן; די, וועלכע אַרבעטן מיט מאַטעריאַלן, וואָס מ׳האָט זיי געגעבן, וועלן צאָלן דריי גראָשן פון אַ גילדן. אין פאַל, אַז ער וועט זיין סחורה פאַרקויפן אויף די ירידים און נישט אין שטאָט, — דאַרף ער באַצאָלן אַ העלפט.

T) בעקערס דאַרפן צאָלן פון תבואה געקויפט פאַר מזומן 15 גראָשן פון אַ קאָרץ. פאַר תבואה גענומען אויף באָרג — אַ זילבערנעם גראָשן פון יעדן קאָרץ.

U) מעל־הענדלער, וועלכע פאַרקויפען מעל, דאַרפן צאָלן פון יעדן קאָרץ אַ זילבערנעם גראָשן. אַ בעקער, וועלכער קויפט ביים מעל־הענדלער, דאַרף באַצאָלן פיר גראָשן פון קאָרץ.

W) פון אַלע סחורות פאַרקויפט צום עסן — דאַרף דער פאַרקויפער באַצאָלן אַ גראָשן פון יעדן גילדן.

X) קצבים, וועלכע קויפן אַ בהמה אָדער אַ שאָף און פאַרקויפן זי אָדער האַנדלען מיט זיי לעבעדיגערהייט, דאַרפן באַצאָלן אַ גראָשן פון יעדן גילדן.

Y) פישערס, וועלכע האַנדלען מיט געקויפטע פיש, דאַרפן ביים קויפן באַצאָלן איין גראָשן פון יעדן גילדן.

Z) אָקסן־הענדלער, ווען זיי קויפן פאַר אייגן געלד, דאַרפן צאָלן 15 גראָשן פון יעדע הונדערט גילדן.

a) די זעלבע, אויב זיי האָבן די אָקסן פאַר געבאָרגט געלד אָדער אויף קרעדיט, דאַרפן באַצאָלן צען גראָשן פון יעדן הונדערטער.

b) מעקלערס—שדכנים (faktorzy-zaręczyciele), מעקלערס פאַר קויפן און פאַרקויפן סחורות, קאַפּיטאַליסטן, וועלכע גיבן אייגן געלד אויף פראָצענט — דאַרפן צאָלן פון זייערע פאַרדינסטן פון יעדן גילדן — צוויי גראָשן.

c) ו ו ע ג ן  ק י. יעדער בעל־הבית, וועלכער פאַרמאָגט איין קו פאַר זיין אייגן געברויך, דאַרף גאָרנישט נישט געבן. אויב ער האָט מער ווי איין קו, דאַרף ער באַצאָלן פון יעדער פאַר מילך, פוטער און קעז אַ גילדן אַ יאָר. קינדער, וועלכע זיינען מיט די עלטערן, דאַרפן צאָלן פון יעדער קו איין גילדן אָן צען גראָשן (bez desiatki) לטובת זיי (?) (na wygodą swoią) — ביז זיי וועלן נישט זיין אָפּגעטיילט און אָנהויבן פירן אַן אייגענע בעל־הביתישקייט.

d) גלעזער, בלעכער און קאָטלער דאַרפן צאָלן פון זייערע פאַרדינסטן אין שטאָט — דריי גראָשן פון יעדן גילדן; פון זייערע פאַרדינסטן מחוץ דער שטאָט — צוויי גראָשן.

בעלי־עגלות, נאָך דעם ווי זיי וועלן אָפּרעכענען זייערע הוצאות, דאַרפן צאָלן פון דער ריינער הכנסה צוויי גראָשן פון יעדן גילדן.

8) פ ל י י ש ־ ש ט י י ע ר (mięsne). יעדער איד אַ בעל־הבית וועט צאָלן אונטער אַ חרם לויט׳ן אַלטן מנהג פאַר פלייש פון יעדן סאָרט פאַר׳ן אייגענעם געברויך — דריי קופערנע גראָשנס פון יעדן גילדן.

9) ח ת ו נ ה ־ ש ט י י ע ר (weselne). יעדער בעל־הבית, וועלכער גיט זיין טאָכטער נדן אין אַ פרעמדער שטאָט אַריין אָדער פירט אַרויס אַ זון מיט אַ פאַרמעגן, דאַרף איבערלאָזן אונטער אַ חרם אַ צענט חלק פון דער סומע, וועלכע ער פירט אַרויס אין דער שטאָט; פאַרקערט, ווער וואָלט אַראָפּגעבראַכט אַ קאַפּעלע אויף אַ חתונה — דאַן דאַרף ער אָפּגעבן פאַר דער קאָראָבקע דעם צוואַנציגסטן גראָשן פון נדן. אויב ער וועט באַנוצן אַן אייגענע מוזיק — דאַרף ער באַצאָלן פאַר דער קאָראָבקע פון יעדע הונדערט גילדן נדן 15 גראָשן[22]

10) ש ו ל ־ ג ע ל ד (nabożne). אַזוי ווי די שול (szkoła) איז שוין אַלט געוואָרן און קאָן רעמאָנטירט ווערן נאָר פון קאָראָבקע־געלד, דעריבער דאַרף מען באַצייטנס פאַרגרעסערן דעם פאָנד פון דער קאָראָבקע. צוליב דעם צוועק וועט יעדער סוחר אַריינטראָגן פאַר דאַוונען אין דער שול אַכט גילדן אַ יאָר, יעדער אַרענדאַר — אַכט גילדן. און אויב דער אַרענדאַר איז אויך אַ סוחר אָדער פאַרקערט — איז 16 גילדן. יעדער שענ־

22) חתונה־שטייער איז באַקאַנט אין מערב־אייראָפּע אַלס נדן־שטייער. אין דער פּראָווינץ ה ע ס ס ע ן האָט יעדעס מיידל, וועלכע האָט חתונה געהאַט פאַר אַ פרעמדן מאַן און פאַרלאָזן די שטאָט, געמוזט אָפּגעבן 20% פון נדן פאַר׳ן בעל־הבית פון שטאָט. זעה: Dr. L. Munk. Die Constitution der sämtlichen hessischen Judenschaft im Jahre 1760. געדרוקט אין: Festschrift Hildesheimer, Berlin 1910. p. 77

קער — פיר גילדן, יעדער בעל־מלאכה — פיר גילדן; און אויב עס וועט זיין גלייכצייטיג אַ שיינקער און אַ בעל־מלאכה — דאַמאָלס וועט ער צאָלן יאָרליך אַכט גילדן; דאָס זעלבע — אויב עמיצער וועט וועלן האָבן צוויי מלאכות — וועט ער דאַרפן צאָלן אַכט גילדן.

11) איינקויף שטייער (wkupne). אין שטאָט אַריין — וועט מען צאָלן איינמאָליג הונדערט גילדן, נישט ווייניגער און אויך ניט מער[23].

12) פאַר אתרוגים (jablka rayskie). פאַר די, וועלכע מען וועט אויסקלייבן, דאַרף געהערן פאַר דער קאָראָבקע.

13) אַרויסטריט־געלד (występne), ווער ס'וועט וועלן זיך אַרויסציען פון שטאָט און פאַרקייפן די היזער־שטאָטס (domostwo) דאַרף ער אָפּגעבן 15 גראָשן פון יעדע הונדערט גילדן פון זיין גאַנץ פאַרמעגן פאַר דער קאָראָבקע. פאַרקערט ווער עס וואָלט געקויפט הייזער אין שטאָט דאַרף באַצאָלן פאַר דער קאָראָבקע פינף גראָשן פון יעדן הונדערטער.[24]

14) פאַרן קצבישן מעסער — איינמאָליג 100 גילדן פאַר דער קאָראָבקע.

15) די קצבישע קאָראָבקע דאַרף געצאָלט ווערן: פון יעדן אָקס — אַ גילדן מיט 15 גראָשן: פון אַ קו — אַ גילדן, פון אַ בוהאַי און אַ יאַלאָווקע — 15 גראָשן, פון אַ קעלבל — 7 און אַ האַלב גראָשן, פון אַ באַראַן אָדער אַ שעפּס — 24 גראָשן. קיין אַנדערע אָפּצאָלונגען פאַר דער קאָראָבקע דאַרפן נישט זיין. די נאמנים, וועלכע פירן דעם רעיעסטר, דאַרפן אים האַלטן אין אָרדנונג, אַזוי ווי זיי זעהען דאָ פאַרטיילט די אַלע מינים פון הכנסות פאַר דער קאָראָבקע אונטער די נומערן 8, 9, 10, 11, 12, 13, 14, 15 און די אותיות A, B, C, D, E און c — אַזוי דאַרף יעדן מין שטייער אַ באַזונדער צעטל אין דעם רעיעסטער, כדי צו וויסן וויפיל הכנסה האָט יעדער מין אַריינגעבראַכט פאַר דער קאָראָבקע.

16) פון בראָנפן געטריבן אויף הורטאָוונעם פאַרקויף און פאַרקויף מחוץ דער שטאָט דאַרף געצאָלט ווערן איין גילדן פון יעדע הונדערט גילדן.

## די הוצאות פון דער קאראבקע

אַ חוץ די אונטן דערמאָנטע פונקטן טאָרן קיין שום הוצאות פון דער קאָראָבקע נישט געמאַכט ווערן און אויך נישט אָנגענומען ווערן אין די חשבונות. דאָס זענען די פונקטן:

1) אָפּצאָלן אַלע פּראָצענטן איצטיגע און אַמאָליגע.

2) נאָך'ן אָפּצאָלן די פּראָצענטן — באַצאָלן די חובות.

3) דעם רב'ס שכירות — 200 גילדן[25]

4) דעם שמש שכירות — 50 גילדן.[26]

5) פאַר אָרימע לייט נישט מער ווי 200 גילדן.

6) אויף די ענינים און געשעפטן פון דער גאַנצער קהילה.

7) פאַר'ן דורכגייענדיגן מיליטער.

8) פאַר די שטאָט־וועכטער און פאַר איינריכטונגען קעגן שריפות — 200 גילדן.

9) פאַר'ן שולכל (szkółka) — דריי גילדן אַ וואָך.

10) פאַר'ן נאמן פון דער קהילה — דריי גילדן אַ וואָך.

11) פאַר'ן צווייטן שמש — 50 גילדן אַ יאָר.

12) פאַרן רב, כלי קודש, דיין, חזן, שמשים און אָרימע לייט מתנות אויף יום טוב—ניט מער ווי 50 גילדן אַ יאָר.

**חובות, וועלכע פיגורירן אויף דער קהלה:**

| | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1) | דעם קלויסטער | אין ניעשיעצט | צו | 3½ | גילדן | קאפיטאל | 4000 | פראצענט | 140 |
| 2) | " " | אין שטערדין | צו | 3½ | פלארין | " | 4000 | " | 140 |
| 3) | " " | אין סוכאזיאבראוו | צו | 3½ | גילדן | " | 8000 | " | 280 |
| 4) | " " | אין לאשיצק | צו | 3½ | " | " | 1000 | " | 35 |
| 5) | " " | אין וועגגראווע | צו | 3½ | פלארין | " | 1000 | " | 35 |
| 6) | " " | אין סאקאלאוו | צו | 3½ | " | " | 4600 | " | 170 |
| 7) | " " | אין קאזוכאוו | צו | 3½ | " | " | 500 | " | 18 |
| 8) | " " | אין טשערווינסק | צו | 3½ | גילדן | " | 200 | " | 7 |
| | | | | | | | 23·300 | | 825 |

23) איינקויף־שטייער — אַ מין בירגער־שטייער — באַקאַנט אויך פון אַנדערע קהלן. די העננראָדער אידן האָבן אין יאָר 1665 געצאָלט וועקס גראָשן אַלס אַ איינמאָליגן אָפּצאָל. אַ בעל־מלאכה האָט געמוזט איינצאָלן דריי גילדן מיט אַמאָל און דריי גראָשן יעדן חודש. אַ פרעמדער בעל־מלאכה, אויב ער איז געקומען נאָר אויף דער צייט פון יריד, האָט געצאָלט יעדס גראָשן. אין העסענער פראָווינץ האָט דער שטייער געהייסן: Einzugsgeld. יעדער איד האָט געצאָלט פון אָנפאַנג פינף און שפּעטער 10 גילדן יאָרליך. Dr. Munk, Festschrift Hildesheimer 1910, p. 78 אין דער פראָווינץ קלעווע האָט מען דעם איינקויף־שטייער גערופן: מעות קדימה אָדער הקדמה מעות. דאָס איז אַ שטייער, וואָס די ־־־־ האָט גענומען בעת אַ אידישע משפחה האָט זיך געוואָלט באַזעצן אין אַ שטעטל. אין יאָר 1763 (אַלזאָ כמעט אין דער זעלבער צייט, פון וועלכער סטאַמט די סאָקאָלאָווער אָרדינאַציע), האָט מען געצאָלט 20 פּראָצענט און 3% פון נדן. זעה: Baer, Das Protokollbuch der Landjudenschaft des Herzogtums Kleve. 1922. p. [illegible]

24) באַקאַנט אויך אין דייטשלאַנד א.נ. Abzugsgeld. יעדער איד האָט זיך געמוזט פאַרזאָרגן מיט אַ אָפּשיד־בריוו. אין יאָר 1722 האָט דער שטייער אויסגעמאַכט פון 20 ביז 33⅓ פּראָצענט פון דעם גאַנצן פאַרמעגן. (פאַרגלייך בא ד"ר מונק ז. 77) אין דער פּראָווינץ קלעווע האָט מען גערופן „הינטבלויש־מעות". זעה: Baer. Das Protokollbuch p. 127

25) אין 17 און 18 יאָרהונדערט פלעגט דעם רב'ס שכירות אויסמאַכן 8—10 גילדן אין די גרויסע שטעט, און 6—5 אין די קלענערע. אין וויטעבסק, למשל, באַקומט דער רב אין יאָר 1738 פינף גילדן אַ וואָך, אין גאָרקי, אין 1687 יאָר 200 גילדן אַ יאָר מיט אַ באַדינגונג, אַז ער מוז האַלטן אַ ישיבה. (זעה: באַלאַבאַן אין Исторія еврейскаго народа въ Россіи. מאָסקווע. 1913. ז. 145.

26) אין די קראָקער תקנות ווערט דער שמש גערופן שקאָלניק. אין די לאַטייניש דאָקומענטן ווערט ער גערופן ministerialis—אָדער magister scholae, אַלט־פּויליש — scolny.

חובות געמאכטע אויף קאנסענסן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| דעם גלח קמיראָווסקי | קאַפּיטאַל 5000 | פּראָצענט | 350 |
| „ פּאַן שוויענצקי | „ 2000 | „ | 140 |
| „ גלח פאנטשקאווסקי | „ 3500 | „ | 245 |
| „ פּאַן קראסאָווסקי | „ 1500 | „ | 105 |
| „ פּאַן קוראָוויצקי | „ 1000 | „ | 70 |
| „ פּאַן גורסקי | „ 400 | „ | 28 |
| די אידן אין ווענגראָווע | „ 5000 | „ | 250 |
| [לויט'ן דעקרעט פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע][27] | | | |
| | 13·400 | | 1188 |

ספּעציעלע חובות צום אָפּרעכנען זיך דורך דער קהילה:
(dlugi partykularne)

| | |
|---|---|
| חיים לובעלטשיק . . . . . . . . . | 700 |
| לייבקע זגאָלדלאָוויטש. . . . . | 200 |
| יצחק פון ליטע . . . . . . . . . . | 200 |
| דעם זון פון חיים לובעלטשיק | 84 |
| הערשקע לובעלטשיק . . . . . | 50 |
| | 1234 |

פּאדימנע שטייער צאָלן די אידן אין 2 ראַטעם — 280 גילדן
קאָפּ־שטייער פון אידן פון דער שטאָט אין 2 ראַטעם—934 „
קוואַטירלשטייער (czopowe) פון שטאָט [28]) די אַרענ־דאַרס צאָלן אין 2 ראַטעם — 1458 גילדן.

די דאָזיגע תקנות (ordynatia) שרייבט אונטער איי־גענהענטיג (mp) אַנדזשעי פון קאָזיעלסק אָגינסקי, דער סעקרעטאַר פון דעם גרויסן ליטווישן פירשטנטום. (W. K.) (Litt. Sekretarz [דא קומט א גרויסע רויטע חתימה]

27) דער חוב, וואָס די סאָקאָלאָווער אידן האָבן געצאָלט די ווענג־ראָווער לויט'ן דעקרעט פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע, איז געווים אַן אַלטער חוב, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון אַ לאַנגער צייט פון די שטייערן, וואָס די סאָקאָלאָווער אידן האָבן געצאָלט אין דעם ועד־הגליל, וועלכער איז דעמאָלט געווען ווענגראָוו. אַזוי, למשל, ווייסן מיר אַז אין יאָר 1717 האָט ווענגראָווער גליל געצאָלט 3914 גילדן קאָפּ־שטייער. דער גליל איז באַשטאַנען פון 8 שטעטלאַך און 12 ישובים.

28) אין די קראָקער תקנות ווערט באַנוצט אויף אידיש: „טשאָפּאָווי", אין דער עפּאָכע פון סטאַניסלאַוו אויגוסט האָט טשאָפּאָווע שטייער אַריינגעבראַכט 10 פּראָצענט פון אַלע הכנסות. זעה: Glager, Encyklopedja Staropolska. I, 293

# די אידישע באַפעלקערונג אין ריגע אין 1811 יאָר

ד"ר מ׳ יאָפע

# Die Juden Rigas zu Beginn des XIX. Jahrhunderts

von Dr. **M. Joffe**

די אידישע קהלה אין ריגע צום אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט קאָן ניט גערעכנט ווערן פאַר אַ טיפּישע — האָבן דאָך דאָרטן געמעגט וואוינען נאָר געוויסע קאַטעגאָריעס אידן, ווי גילדע־סוחרים און בעלי־מלאכות פון פאַכן, וועלכע האָבן געפעלט אין שטאָט. פאַקטיש, פאַרשטייט זיך, האָבן געוואוינט אויך אַנ־דערע אידן, אָבער מיט גרויסע צרות און מאַטערנישן. דער באַשטאַנד פון ריגער אידן האָט דעריבער געמוזט זיין אַ אייגנ־אַרטיגער; דאָך שטעלן פאַר די דאַטן וועגן זייער עלטער־ און פראָפעסיע־באַשטאַנד צו יענער צייט אַ געוויסן אינטערעס.

Tab. — I — טאב׳

געשלעכט־און עלטער־באשטאנד פון די אידן אין ריגע 1811
Geschlechts- u. Altersaufbau der jüd. Bevölkerung in Riga

| עלטער־גרופּעס Alter | מענער männl. | פרויען weibl. | צוז׳ — Zus. abs. | צוז׳ — Zus. % |
|---|---|---|---|---|
| 0—1 | 9 | 14 | 23 | 3·4 |
| 1—10 | 90 | 89 | 179 | 26·8 |
| 10—20 | 65 | 70 | 135 | 20·2 |
| 20—40 | 100 | 111 | 211 | 31·3 |
| 40—60 | 65 | 29 | 94 | 14·3 |
| 60— | 16 | 11 | 27 | 4·0 |
| סך־הכל—.Zus | 345 | 324 | 669 | 100,0 |

אויף 100 מענער זיינען געווען סך־הכל 93,4 פרויען. דאָס דערקלערט זיך, געווים דערמיט, וואָס אין ריגע האָבן אָפט געוואוינט אידן, וועלכע האָבן זייערע פאַמיליעס ניט געהאַט בײַ זיך. אין 1897 איז געווען בײַ די אידן אין ריגע אויף 100 מענער 101,8 פרויען.

דער עלטער־באַשטאַנד פון די ריגער אידן צייכנט זיך אויס מיט אַ זייער הויכן פּראָצענט קינדער ביז 10 יאָר— 30,2 פּראָצענט. דערפאַר אָבער איז צו קליין דער פּראָצענט אַלטע לייט העכער פון 60 יאָר — סך־הכל 4,0 פּראָצענט.

ס'איז אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן דעם עלטער־באַשטאַנד פון די ריגער אידן פון 1811 מיט 1897.

Die Altersgliederung der jüd. Bevölkerung

| | 1811 | 1897 |
|---|---|---|
| 0— 1 | 3·4 | 2·0 |
| 1— 9 | 26·8 | 19·9 |
| 10—19 | 20·2 | 28·3 |
| 10—30 | 31·3 | 28·8 |
| 40—59 | 14·3 | 15·4 |
| 60 — | 4·0 | 5·6 |
| צוזאמען | 100,0 | 100,0 |

דער פּראָצענט קינדער ביז אַ יאָר איז אין 1897־טן געווען כמעט צוויי מאָל קלענער; באַדייטנדיג קלענער איז אויך געוואָרן די צאָל קינדער פון אַ יאָר ביז 9. פאַרקערט, די צאָל אונטערוואַקסנדיגע — פון 10 ביז 19 — איז אין 1897־טן געווען אַ סך גרעסער. ס'קאָן זיין, אַז דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס אין 1897 זיינען אין ריגע געווען ניט ווייניג יונגע אַרבעטער אין די יאָרן פון 17 ביז 20, וועלכע פלעגן אויסוואַנדערן פון די שכנישע ליטווישע גובערניעס. אין די מיטעלע עלטער־גרופּעס איז קיין גרויסער חילוק ניטאָ. דער פּראָצענט אַלטע לייט — העכער פון 60 יאָר — איז געווען אין 1811 אַ סך קלענער, ווי אין 1897. ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אַז דעמאָלט פלעגן אידן שטאַרבן אינגער, ווי איצט, ניט אויסלעבן אַזוי פיל יאָרן.

Tab. — II — טאב.

**דער פּראָפעסיאָנעלער באשטאנד פון די אידן אין ריגע**

**—1811—**

**Berufsgliederung der jüd. Bevölk. in Riga**

| פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס Beschäftigung | עקאנאמיש־אקטיווע Erwerbstätige abs. | עקאנאמיש־אקטיווע Erwerbstätige % | די גאנצע באפעלקערונג Sämtliche Berufszugehörige abs. | די גאנצע באפעלקערונג Sämtliche Berufszugehörige % |
|---|---|---|---|---|
| בעלי־מלאכות - Handwerker | 63 | 29,6 | 261 | 35,6 |
| סוחרים—Kaufleute . . . . | 47 | 22,1 | 148 | 20,2 |
| קלייטניקעס — Trödler . . | 23 | 10,8 | 92 | 12,5 |
| אכסניות — Gastwirte . . . | 7 | 3,3 | 32 | 4,4 |
| פאבריקאנטן — Fabrikanten | 5 | 2,3 | 13 | 1,8 |
| ארבעטער—Arbeiter . . . . | 6 | 2,8 | 13 | 1,8 |
| ארבעטסמענשן/Arbeitsleute | 17 | 8,0 | 46 | 6,2 |
| לערער — Lehrer . . . . . . | 10 | 4,7 | 23 | 3,1 |
| כלי קודש—Ritusbeamte . . | 10 | 4,7 | 44 | 6,0 |
| דאַנטיסטן — Zahnärzte . . . | 2 | 0,9 | 10 | 1,4 |
| פארשיידענע—Verschiedene | 15* | 7,1 | 28 | 2,8 |
| אומבאקאנט — Unbekannt | 8 | 3,7 | 24 | 3,2 |
| צוזאמען — Zus. . . . | 213 | 100,0 | 734 | 100,0 |

* פון דעם: 1 משרת, 1 קאסירער, 2 קנעכט, 1 ראנטיע, 1 געשעפטס־פירער, 1 אויף דורכרייזע, 1 מוזיקאנט, איינע "וואס גייט ארבעטן", 1 וואס מאכט כשרן וויין.

טאַבעלע II גיט דעם פּראָפעסיאָנעלן באַשטאַנד פון די ריי־גער אידן. ראשית, מוז מען דאָ באַמערקן, אַז דער טערמין אַרבעטס־מענטשן („Arbeitsleute“) באַצייט זיך אין דער אמתן איף מעקלער, — אַזוי שטייט צוגעגעבן באַ איינעם פון דער דאָזיגער גרופּע „פאַר דעם איינקויף“, וואָס ס'באַווייזט, אַז דאָס זיינען געווען פאַקטאָרס, וואָס האָבן אויסגעפילט געוויסע שליחותן. דער פּראָצענט האַנטווערקער איז אַ גאָר הויכער — 29,6 פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע און 35,6 פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג. גיט מען צו די אַרבעטער און די דינסטן און קנעכט פון דער גרופּע „פאַרשיידענע“, באַקומט מען, אַז בערך 38 פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג האָבן געלעבט פון פיזישער אַרבעט. פון האַנדל און אַנדערע פאַרמיטלערישע פּרנסות (אכסניות, „אַרבעטס־מענשן“) האָבן געלעבט עפּיס מער פון 43 פּראָצענט פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג. מלמדים. און כלי־קודש געבן כמעט אַ גאַנץ צענטל פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע. ציט מען צונויף די פאַרשיידענע קליינע גרופּעס אין גרעסערע, קאָן מען באַקומען אַזאַ בילד:

| | | |
|---|---|---|
| ארבעטנדיגע עלעמענטן . . . . | 74 | 37·0% |
| הענדלער און פארמיטלער . . | 98 | 49·0% |
| מלמדים און כלי־קודש . . . . | 20 | 10·0% |
| פאבריקאנטן . . . . . . . . . . | 5 | 2·5% |
| פרייע פּראָפעסיעס . . . . . . . | 3 | 1·5% |
| צוזאמען . . . | 200 | 100,0% |

ס'קאָן זיין, אַז צווישן די צען מלמדים זיינען געווען אויך איינער אָדער צוויי לערער פון וועלטליכע למודים — פון מאַטעריאַל קאָן מען, ליידער, דאָס ניט אַרויסבאַקומען, ווייל זיי זיינען אַלע פאַרשריבן „לערער“.

אינטערעסאַנט איז דער באַשטאַנד פון די אידישע בעלי־מלאכות.

| | | | |
|---|---|---|---|
| בלעכערס . . . . . | 14 | שטעמפּל־מאַכער . . . | 2 |
| שניידערס . . . . . | 13 | אָפּטיקער . . . . . . . . . | 1 |
| קירזשנער . . . . . | 5 | איינבינדער . . . . . . . | 1 |
| ליולקע־מאכער . . | 9 | וואָל־דעגאַדירער . . . | 1 |
| גאָלדשטיקער . . . | 4 | פארבערס . . . . . . . . | 1 |
| פּאָזאַמענטירער . . | 2 | בראָנפן־קאָכער . . . . | 2 |
| גלעזער . . . . . . . . | 2 | פאטאש־אויסארבעטער. | 1 |
| מעכאניקער . . . . | 2 | סאַרוועריִנס . . . . . . . | 1 |
| כעמיקער . . . . . . . | 2 | סך־הכל . . . . . | 63 |

ס'וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז די 63 בעלי־מלאכות זיינען געווען פון 16 פאַכן. אינטערעסאַנט איז אויך דאָס, וואָס די שניידער פאַרנעמען ניט אַזאַ גרויסן אָרט, ווי מען וואָלט זיך געקאָנט פאָרשטעלן. אידישע שוסטער פעלן גאָר אינגאַנצען. בלעכער זיינען דאָ אַזוי פיל, ווי שניידער. און אינטערעסאַנט, וואָס עד היום איז דער דאָזיגער פאַך—בלעכעריי—פאַרבליבן אין אידישע הענט.

* באמערקונג פון מחבר: די דאטן פאר 1811 זיינען געבויעט אויף די מאטעריאלן פון ארכיוו פון דער שטאט ריגע:
Hebräer-Akte. 1919, Verzeichnis sämtlicher in Riga wohnenden und sich aufhaltenden Juden von 23,25 April 1811. Bl. 126-188

# אידישע צעכן אין ווילנע אנהויב XIX־טן יארהונדערט

פנחס קאָן

# Jüdische Handwerkerzünfte in Wilno zu Beginn des 19. Jahrhunderts

von **P. Kon**

ווענן ווילנע — „ירושלים דליטא“ — איז זייער אַ סך גע־שריבן געוואָרן, אַלע זייטן פון לעבן פון דער אידישער באַ־פעלקערונג זיינען באַלויכטן געוואָרן. פאַרגעסן האָט מען נאָר דאָס עקאָנאָמישע לעבן און אין דעם כלל אויך די אידישע מלאכה.

צום באַדויערן זיינען פיל מאַטעריאַלן פון די פנקסים פון צעכן, וועלכע וואָלטן געווען זייער וויכטיג פאַר דער געשיכטס־פאָרשונג פון דער אידישער עקאָנאָמיק, געגאַנגען פאַרלאָרן. מיר פאַרעפנטליכן דאָ איינינע דאָקומענטן, וואָס זיינען נוגע די ווילנער אידישע צעכן אָנהויב XIX-טן יאָרהונדערט. די דאָקו־מענטן שטאַמען פון דעם אַרכיוו פון אַמאָליגן ווילענר קהל,[1] וואָס געפינט זיך איצט אין ווילנער מלוכה׳ישן אַרכיוו, ווי אויך פון טייל־אַרכיוו פון געוועזענעם ווילנער גענ.־גובערנאַטאָר.

דאָס אַריבערגיין פון ווילנע צו רוסלאַנד, נאָך דער דריטער צעטיילונג פון פוילן, האָט אַריינגעבראַכט אַ תוהו־ובוהו אין אָרגאַניזירטן לעבן פון די אָרטיגע אידישע בעלי־מלאכות. דער אופן פון רעגולירן די מלאכה־באַדינגונגען איז לויט דער רוסישער געזעצגעבונג געווען אַ גאַנץ אַנדערער ווי פריער און האָט געמוזט זיך אָפּרופן אויפן לעבן פון די אידישע צעכן.

וואָסערע אידישע צעכן ס׳האָבן עקזיסטירט אין ווילנע אָנהויב ניינצענטן יאָרהונדערט, ווערן מיר געוואויר פון אַ זוענדונג פון ווילנער שטאָט־ראַט צום ווילנער קהל אין יאָר 1810.[2]

**Od Rady Miasta Wilna.**

**Kahałowi Żydowskiemu Wilenskiemu**

**Zalecenie**

z Powodu: że Cechy Żydowskie tutejsze, a mianowicie Krawce Rubli Dwieście pięćdziesiąt trzy, Kusznierze Rubli Siedmdziesiąt pięć; Szmuchlerze Rubli Dwadzieścia; Szklarze Rubli Dwadzieścia pięć, Szewce Rubli Dwadzieścia pięc, Muzykanci Rubli Dwanaście, Mosiężnicy y Złotnicy Rubli Dwadzieścia; y Rzeźnicy rubli pięćdziesiąt, w srebrney Rossyiskiey monecie; skladki uchwaloney przez Reprezentantów Miasta zarazem z Radą, na utrzymanie Pollicyi mieyskiey Wilenskiey y na załatwienie dalszych potrzeb za rok 1809 ty do zaspokoienia nakazanych, na ten ieden tylko raz przeznaczoney, y przez Zwierzchność utwierdzoney, do tych czas do Rady niewnieśli. Rada Mieyska Wileńska zaleca Kahałowi Żydowskiemu, ażeby natychmiast pomienionym Żydowskim Cechom zapowiedział: iżby wyrażoną uchwaloną Składkę w przeciągu trzech dni do Rady, pod kwity oney niechibnie do Kassy wnieśli i opłacili; Inaczey bowiem nietylko, że przez Exekucyą wraz ponagleni, zostaną; aleteż o takowym oporze Cechów tuteyszych Żydowskich przedstawionym do właściwey Zwierzchności od Rady, bez omieszkania będzie. Dla czego Rada skuteczney w takowych interesie od Kahału tuteyszego y rychłey odpowiedzi czeka.

**Tomasz Reyser**

Oktobra 28 Dnia 1810 Roku

№ 1726

[איבערזעצונג]

## פון ווילנער שטאט־ראט.

## צום ווילנער אידישן קהל

פאַראָרדנונג

צוליב דעם, וואָס די היגע אידישע צעכן האָבן ביז איצט ניט אַריינגעטראָגן אין ראַט און גענמליך די שניידערס — צווייהונדערט דריי און פופציג רובל, די קירזשנער — פינף און זיבציג רובל, די שמוקלערס — צוואַנציג רובל, די גלעזער — פינף און צוואַנציג רובל, די שוסטערס — פינף און צוואַנציג רובל, די מוזיקאַנטן — צוועלף רובל, די מעש־גיסער און גאָלד־שמידן — צוואַנציג רובל און די קצבים — פופציג רובל אין זיל־בערנער רוסישער מטבע, אַ שטייער, וואָס איז באַשלאָסן געוואָרן דורך די פאָרשטייער פון שטאָט צוזאַמען מיטן ראַט, כדי אויסצוהאַלטן די ווילנער שטאָטישע פאָליציי און צו ערפילן אַנדערע הצטרכותן פאַרן יאָר 1809, וואָס זייער באַפרידיגונג איז געוואָרן אָנגעזאָגט, [אַ שטייער]. וואָס איז באַשטימט געוואָרן נאָר אויף דעם איינעם מאָל און איז פון דער אויבערמאַכט באַ־שטעטיגט געוואָרן, פאַראָרדנט דער ווילנער שטאָט־ראַט דעם אידישן קהל, ער זאָל תיכף אָנזאָגן די אויסגערעכנטע אידישע צעכן: זיי זאָלן דעם דערמאָנטן באַשלאָסענעם שטייער אין משך פון דריי טאָג אַריינטראָגן און באַצאָלן אָן פאַרזוימעניש אין קאַסע פון ראַט; ווייל אויב ניט, איז ניט נאָר, וואָס זיי וועלן דורך עקזעקוציעס ווערן דערצו צוגעאיילט, נאָר אויך וועט אָן שהיות ווענן דעם דאָזיגן ווידערשטאַנד פון די היגע אידישע צעכן מצד דעם ראַט ווערן פאָרגעשטעלט דער אייגנטליכער אויבערשטער מאַכט. צוליב וואָס דער ראַט ערוואַרט פון קהל אין זייער אינטערעס אַ ווירקזאַמע און באַלדיגע תשובה.

טאמאש רייסער

דעם 28־טן אָקטאָבער 1810 יאָר

נומער 1726

1) זעה פ. קאן: „דער געפונענער טייל־ארכיוו פון אמאליגן ווילנער קהל“. „צייטשריפט“. ארויסגעגעבן פונם אינסטיטוט פאר ווייסרוסלענדישער קולטור. אידאפטיילונג. באנד II. מינסק.

2) Archiwum Kahalne, נומער 2 (בריוו, וואס האבן זיך באקומען אין ווילנער קהל אין יאר 1810), דאקומענט נומער 83 בלאט 163.

ס'האַנדלט זיך אַלזאָ וועגן אַ געווּיסן אָפּצאָל לטובת דער ווילנער שטאָטישער פּאָליציי פאַרן יאָר 1809, וואָס די ווילנער אידישע צעכן האָבן ניט אַריינגעטראָגן אין דער שטאָטישער קאַסע. דער דאָזיגער אָפּצאָל איז באַשטימט געוואָרן און פונאַנדערגעטיילט דורך דעם שטאָט־ראַט צוזאַמען מיט ספּעציעלע רעפּרעזענטאַנטן פון שטאָט (צווישן די לעצטע זיינען אויך געווען אידן). אין דער ווענדונג, וועלכע דראָהט אַגב מיט רעפּרעסיעס, ווערן אויסגערעכנט די אידישע צעכן און די סומען, וואָס זיי דאַרפן צאָלן.

אין דער ווענדונג פון ווילנער שטאָט־ראַט ווערן דערמאָנט אַכט אידישע צעכן: שניידערע, קירזשנער, שמוקלער, גלעזער, שוסטער, מוזיקאַנטן, מעש־גיסער, גאָלדשמידן און קצבים, וועלכע האָבן אַלזאָ זיכער נאָך עקזיסטירט אין ווילנע אין יאָר 1809, ווען די אָפּצאָל־פאַרטיילונג איז פאָרגעקומען.

פון דער דאָזיגער ווענדונג וואָלט מען געקאָנט דרינגען, אַז צו יענער צייט זיינען אין ווילנע קיין אַנדערע אידישע צעכן ניט געווען. מיט אַזאַ נעגאַטיוון אויספיר דאַרף מען אָבער זיין פאָרזיכטיג. אין יאָר 1809 ווערן אין די קאַנצעלאַריע־ביכער פון ווילנער קהל צווישן אַנדערע דערמאָנט אידישע צעכן פון בלעכער און טשעסלאַרס. [3]) מעגליך, אַז אין יאָר 1809 האָבן זיך אַנדערע אידישע צעכן געפונען אין אַ סטאַדיע פון צעפאַלן אָדער זיי זיינען געווען אַזוי שוואַך פינאַנציעל, אַז זיי זיינען ניט געקומען אין באַטראַכט אַלס צאָלער. מיר וועלן דעריבער פון דער דערמאָנטער ווענדונג אַרויסנעמען נאָר דאָס פּאָזיטיווע.

מיט וואָסער אַ קריטעריום דער ווילנער שטאָט־ראַט האָט זיך באַנוצט בײַם אָפּשאַצן די צאָל־קראַפט פון באַזונדערע צעכן, איז שווער צו וויסן. יעדנפאַלס דאַרף מען רעכענען, אַז די סומען, וואָס די באַזונדערע אידישע צעכן האָבן געדאַרפט איינצאָלן לטובת דער פּאָליציי, געבן אין דער פּראָפּאָרץ אומגעפער אַ בילד פון זייער גרויס. דער סדר לויט דער גרויס וואָלט געווען אַזאַ: שניידערע, קירזשנער, קצבים, גלעזער, שוסטער, מעש־גיסער און גאָלדשמידן, שמוקלערס און גאָר צום סוף — די אידישע מוזיקאַנטן.

די דאָזיגע פונאַנדערטיילונג פון די אידישע בעלי־מלאכות לויט די פאַכן אין ווילנע אַנטשפּרעכט די אַנאַלאָגישע פאַרהעלטענישן אין אַנדערע ערטער פון פּוילן און ליטע — שניידער און קירזשנער זיינען אויך דאָרטן אַס שטאַרקסטן פאַרטראָטן. אינטערעסאַנט איז, אַז דער איינער אידישער שניידער־צעך אין ווילנע איז באַשטייערט געוואָרן לטובת דער פּאָליציי מער (255 רובל) ווי אַלע איבעריגע זיבן אידישע צעכן צוזאַמען גענומען (227 רובל).

• •
•

וועגן דער צאָל אידישע שניידערס אין ווילנע צו יענער צייט ווערט דערמאָנט אַ לסיערכדיגע דאַטע אין אַ בקשה, וואָס פאָרשטייער פון די ווילנער אידישע שניידערס האָבן דערלאַנגט דער ווילנער גובערניאַלער פאַרוואַלטונג אין יאָר 1817 וועגן ערלויבן גרינדן (איגענטליך רעאָרגאַניזירן) דעם אידישן שניידער־צעך לויט די רוסישע תקנות [4]). די פּעטענטן—די ווילנער אידישע שניידער־מייסטערס יאָסל בן חיים, שלמה בן שמואל, לייב בן מרדכי, נחום בן ישראל און ישראל בן שבתי (שעפּשעלאָוויטש)— באַגרינדן צווישן אַנדערן די בקשה דערמיט, וואָס „אין ווילנע זיינען פאַרהאַן ביז איניגע הונדערט אידישע שניידער־מייסטערס".

וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון דער פאַרוואַלטונג („אופּראַווע") פון רעאָרגאַניזירטן ווילנער אידישן שניידער־צעך געפינען מיר אַ נאָטיץ אין די ביכער פון ווילנער קהל־קאַנצעלאַריע פאַרן יאָר 1819, וואָס איז געשריבן געוואָרן אויף רוסיש. [5])

דעם 14־טן יאַנואַר 1819 האָט זיך נעמליך די פּאָליציי פון ערשטן באַצירק („טשאַסט") געווענדעט צום ווילנער קהל מיט אַן אָפּאָרדערונג (אונטערן נומער 63) צושטעלן אַ רשימה פון די „סטאַרשינעס" (גבאים) פון אידישן שניידער־צעך. קהל האָט דעריבער תיכף איינגעלאַדן צו זיך די „סטאַרשינעס" פון צעך, וועלכע האָבן צוגעשטעלט אַ באַשייניגונג אונטערגעשריבן „דורך די שרייבער פון דער דאָזיגער חברה", אַז לויט פאָרגעקומענע וואַלן זיינען געוואָרן אויסגעקליבן אין דער „אופּראַווע" פון אידישן שניידער־צעך די מייסטערס: מאיר בן שמחה, זעליג בן משה, משה בן דוד כעווילס, נחום בן ישראל און לייב בן מרדכי.

צוויי פון די אויסגעקליבענע גבאים, די מייסטערס (נחום בן ישראל און לייב בן מרדכי) זיינען אונטערגעשריבן אונטער דער אויבנדערמאָנטער בקשה צו דער גובערניאַלער פאַרוואַלטונג וועגן לעגאַליזירן דעם צעך.

דער שניידער־צעך, אָדער ווי ער האָט זיך בײַ אידן גערופן „חברה קדושה חייטים", איז געווען בײַ זיך אַ גרויסער תקיף און האָט געוואוסט אויסנוצן געלעגנהייטן, כדי אויסצושפּילן לגבי קהל לטובת זיינע אינטערעסן.

אין יאָר 1823 האָט זיך קהל געווענדעט צום שניידער־צעך, אַז ער זאָל זיך מתחייב זיין צו צאָלן וואָכנטליך פאַרן באַס פון שטאָט־חזן אַ האַלבן רובל זילבער, די גבאים פון צעך האָבן אָבער דערפאַר געשטעלט צוויי פאָדערונגען [6]): ערשטנס זאָל קהל ניט ערלויבן געבן קיין חופּה וקידושין אַ שניידערשן פּועל אָן אַ ספּעציעלער ערלויבעניש פון די גבאים. די דאָזיגע פּריווילעגיע וואָלט געווען אַ שאַרף געווער אין די הענט פון דער צעך־פאַרוואַלטונג, באַזונדערס אויב מען נעמט אין אַכט, אַז אַ אומבאַוויבטער בעל־מלאכה האָט, לויט די אַלטע צעכן־טראַדיציעס, ניט געקאָנט ווערן קיין גלייכבאַרעכטיגטער מייסטער. די צווייטע באַוואָרעניש איז נוגע דער פּערזאָן פון באַס: דער שניידער־צעך וויל זיך מתחייב זיין צו צאָלן וואָכער נאָר פאַרן באַס ר' שמעון דוואָרנער. מיר ברענגען דאָ דעם דאָזיגן זייער אינטערעסאַנטן דאָקומענט, אַזוי ווי ער שטייט און גייט:

3) Archiwum Kahalne נומער 6 (פנקס צו פארשרייבן גענוי דעם אינהאלט פון בריוו, וואס ווילנער קהל האט ארויסגעשיקט אין יאר 1819) ז. 323 און 331.

4) Archiwum b. General Gubernatora Wilenskiego, נומער 2292 פארן יאר 1817: По представленію Виленскаго Губернскаго Правленія съ испрошеніемъ согласія на учрежденіе въ городѣ Вильнѣ Еврейскаго портного цеха."

5) Archiwum Kahalne נומער 6 נאטיץ 9, זייט 3b פאר יאנואר 1819.

6) Archiwum Akt Dawnych פון ווילנער מלוכהשן ארכיוו נומער 3753; Archiwum Kahalne נומער 18 (בריוו, וואס האבן זיך באקומען אין ווילנער קהל אין יאר 1823), דאקומענט 118, בלאט 247.

## לאלופי ראשי רוזני קציני נגידים זט"ה

### דק"ק ווילנא מהגבאים דחברה ח"ק חייטים·

בקשה.

היות שנשלח לנו ממעלתם הרמה להחברה שלנו שיתנדבו החברה שלנו ליתן למושרר (למשורר) באס של הש"ץ דמתא נדבה שכירות כל שבועה (!) ושבועה חצי רובל כסף לזאת התאספנו אנחנו גבאים אסיפת החברה לדבר זה ועלה הסכם באסיפת החברה למלאות רצון מעלתם אך באופן זה שימלאו מעלתם את רצון ובקשת החברה שלנו שלא יורשו ליתן אלופי ראשי הקהל ליתן הרשאה לאיזה טאווריש מחברה שלנו להעמיד חופה שלו בלתי ידיעת הגבאים ושיהי' לו צעטיל ע"ז מהגבאים. וגם זאת בפירוש שהחברה מבטיחים ליתן עבור הבאס הנקרא ר' שמעון מהוראדנא לזאת בקשנו אנחנו גבאים ממעלתם ליתן תשובה ע"ז עפ"י (מצת"כ?)

נא' אברהם משה ב"ר אלי' טמיצק (?)

נא' נתנאל ב"ר יצחק בראדש

יום ד' כ"ז אלול תק"פ גימל לפ"ק

וואָס ווילנער קהל האָט אויפן דאָזיגן בריוו געענטפערט, איז ניט באַקאַנט.

דער שניידער־צעך האָט געהאַט, פאַרשטייט זיך, אַ אייגענע חתימה. דער בריוו פון די גבאים צו ווילנער קהל איז געווען פאַרזיגלט מיט אַ לאַק־חתימה און הגם דורכן עפענען דעם בריוו איז דער זיגעל באַשעדיגט, איז דער גרעסטער טייל אויפשריפטן דאָך נאָך לייענבאַר. אין ראַנד אַרום געפינט זיך אַ פוילישע אויפשריפט „Pieczęc cechu krawieckiego zydowskiego“ אין מיטן האָט זיך וואַרשיינליך געפונען דאָס יאָר (1823), פון וועלכן ס'זיינען פאַרבליבן נאָר די ציפערן 23.. אין מיטן האָט זיך אויך געפונען אַ אָרנאַמענט, וועלכער איז לײדער שוין כמעט ניט קענטיג, און אַביסל נידריגער געפינט זיך די אויפשריפט „חותם ח"ק חייטים דק"ק ווילנא".

אין יאָר 1808 האָט זיך דער שוסטער־צעך געווענדעט צו קהל מיט פאָלגנדיגער אינטערעסאַנטער אָנקלאַגע:

## להקהל דווילנא

### מגבאי חברת רצענים בקשות

הנערים ה"ה מרדכי ב"ר יעקב וה"ה נפתלי ב"ר יהודה וה"ה זלמן מסמרגאן וה"ה שמואל הארادנר פורצים גדר החברה שלנו והולכים בבתי בע"ב דקהילתנו יצ"ו ועשים מלאכת רצענים אשר זהו גודל הפסד לבע"ב החברה שלנו ונגד תקנות החברה הנ"ל לזאת בקשתינו מהקהל הנ"ל שיתנו השגחתם בזה עלינו החברה הנ"ל עד מקום שידם מגעת ויצוו על הנערים הנ"ל או לשמע תקנות החברה שלנו או שיעקרו מפה קהילתנו לבקשה זאת באנו ע"ה י' זיין אלול תקס חית פה ק"ק ווילנא.

נאום שמעון ב"ה ישעי' זצ"ל

ונאום מאיר ב"ה אפרים זצ"ל

ונאום משה ב"ה אלחנן זצ"ל

ונאום ברוך (?) מנחם ב"ה ישראל זצ"ל

7) Archiwum Kahalne נומער 1 (בריוו, וואס האבן זיך באקומען אין ווילנער קהל אין יאר 1808) דאקומענט 67, בלאט 166.

אין די אַרכיוו־מאַטעריאַלן פון אַמאָליגן ווילנער קהל פון יאָר 1823 געפינט זיך אַ אינטערעסאַנטער „ראַפּאָרט" פון שוסטער־צעך (חברה קדושה רצענים) צו קהל.[8]) די יסודות פון צעך זיינען קענטיג. שוין געווען זייער אָפּגעשוואַכט און דער צעך האָט געמאַכט אַ פּרוּב צו פאַרבעסערן די לאַגע. אויף אַ באַראַטונג פון אַלע בעלי־בתים און חברה־לייט זיינען די צעך־מיטגלידער געקומען צום אויספיר, אַז די „עיקר סיבה" פון דער טרויעריגער לאַגע איז,.וואָס דער צעך האָט ניט קיין ענערגישן דיין, „וואָס זאָל זיין אַ פירער און האַלטן בײַ דער האַנט, וואָס זאָל אַרויסגיין און קומען פאַר זיי און זאָל זיין אַ טאַטע און אַ פּאַטראָן אומעטום, וואו מען דאַרף".

## לאלופי ראשי קציני רוזני נגידי קהל עדת ישורון דק"ק ווילנא

### מהח"ק רצענים בווילנא

ראַפּאָרט

בהתאספו יחד כל בני החבורא כאחד ואחר אשר הודדקו לעיין בכל עניני החברא ראו שכמה וכמה בע"מ ופועלים סרו מהר מן הדרך אשר הורו להם קדמונים וכתיקוני החברא אינם עושים רק כל הישר בעיניו עושה, ובעבור זה נתדלדלו כל בני החבורא עד אשר אין בידם לא לפרנס את ב"ב ולא לשלם מס הקיסר, ואחר אשר חקרו ודרשו מה זה ועל מה זה מצאנו שעיקר הסיבה מחמת שאין בהם לא מנהל ולא מחזיק בידם אשר יצא ואשר יבוא לפניהם ואשר יהי' להם לאב ולפטרון בכל מקומות הנצרכים, ואף דייני הח"ק אשר הי' עד הנה לא שמו על לבם להסיר המכשלה ולהעמיד הדבר על מכונה, וכל זה הי' להם מחמת שאינם יודעים לשון המדינה.

אי לזאת הסכמנו ברצוננו הטוב בלי שום אונס והכרח כלל למנות את הרבני מו"ה יצחק בהרב מו"ה אלי' סינאיים שיהי' עלינו לראש ולדיין, וע"פ יחתכו כל עניני החברא, ובידו לעשות סדרים ותקנות ולהתעסק בכל הענינים הנוגעים להחברא לפי ראות עיניו באין שום מוחה מצד החברא לגמרי, ועל כל זה נתנו לו כתב מיוחד הנעשה כפי נימוסי המדינה בכל כח ועוז כדת; וכדין באנו בבקשה מאלופי הקהל, א, כל שיבקש ר' יצחק הנ"ל הן בכתב והן בע"פ בעסקים השייכים להחברא למלאות אותם בכל אשר שיהי' באפשרי לעשות כי ידו בכל מקום כידינו, ב, לצוות על החוכרים של הכנסת הרב או שארי הכנסת הקהילה שלא יתנו הרשאה לשום איש מהח"ק שלנו על נשואין בלתי רשיון הדיין ר' יצחק הנ"ל. על הראפארט הזה חתמו כל הגבאים ושמ"א כתיקון הח"ק —

נאום דב ב"ר (..?) גבאי

ונאום מנחם מענדיל ב"ר ישראל במ"ק גבאי

ונאום יצחק ב"ר (זכרי'?) אהרין גבאי

ונאום יאקוב ב"ר יהושיע במ"ק גבאי

ונאום יצחק ב"ר דוב במ"ק

ונאום ניסן ב"ר יוסף במ"ק.

ונאום דב אלי (?) ב' משה

ונאום אברהם אבע בר' ליפמן כ"ץ

ה' א' בר"ח אלול תקפ"ג

№ 1й 26 Июля 1823 года

8) Archiwum Kahalne נומער 18 דאקומ׳ 104 בלאט 219.

# צו דער עקאנאמישער געשיכטע פון די אידן אין רוסלאנד

וואלף דובנאוו

## Die Juden in der russischen ethnographischen Literatur des 19. Jhdts.

von **W. Dubnow**

אינם היינטיגן באנד „שריפטן“ פון דער עקאנאמיש־סטאטיסטישער סעקציע איז א גאנץ בכבודיגער פלאץ אפגעגעבן געווארן פאר א רייע ארבעטן איבער דער עקאנאמישער געשיכטע פון אידן אויפן גרונט פון ניי־געפונענע ארכיוו־מאטעריאלן. די פאלגנדיגע נאטיצן זיינען א אויסנאם פון דער דאזיגער רייע, ווייל זיי שטעלן מיט. זיך פאר ניט מער ווי אויסצוגן פון שוין פארעפנטליכטע ווערק. די ווערק אליין זיינען אבער פון לאנג שוין א ביבליאגראפישע זעלטנקייט אדער יעדנפאלס איז זייער שווער זיי צו באקומען, און פאר דער פארשונג פון דער עקאנאמישער געשיכטע פון אידן זיינען זיי ביז איצט כמעט ווי ניט אויס־גענוצט געווארן.

די סעקציע וועט זיך באמיען צו ברייננען אויך אין די ווייטערדיגע בענדער פון אירע „שריפטן“ אזעלכע אויסצוגן פון שוין זעלטן געווארענע, נאך ניט אויסגענוצטע און אומבאקאנטע ספרים, וואס קאנען דינען אלס מאטעריאל פאר דער עקאנאמישער געשיכטע פון דער אידישער באפעלקערונג אין פארשיידענע לענדער.

די ווייטער־געבראכטע נאטיצן האט וו. דובנאוו געזאמלט פאר זיין ברודער, דעם היסטאריקער פראפ. שמעון דובנאוו פאר זיינע וויסנשאפטליכע ארבעטן. די סעקציע דריקט דא אויס דעם חשובן ה׳ פרא־פעסאר איר הארציגן דאנק פאר דער דערלויבניש אויסצונוצן די דאזיגע מאטעריאלן פון זיין ארכיוו.

רעדאקציע

# א. די אידן אין פוילן

## I. די עקאנאמישע ראלע פון די אידן אין קעניגרייך פוילן

„על פי יושר וואָלט מען אייגנטליך געדאַרפט פוילן רופן די אידישע מלוכה, אַזוי ווי אַמאָל האָט מען זי גערופן דער אידישער גן־עדן. די שטעט און די שטעטלאַך זיינען מערסטנטיילס באַוואוינט פון אידן; זעלטן טרעפט אַ דאָרף, וואו קיין אידן זיינען ניטאָ, און אויף די גרויסע שליאַכן איז כמעט יעדע פינף ווערסט דאָ אַ אידישע קרעטשמע. זיי פאַרנעמען זיך מיט כלערליי געשעפטן און מלאכות... אַ חוץ די קאַזיאָנע פאָסעסיעס און נאָך ווייניגע אַזעלכע, וואָס ווערן פאַרוואַלטעט פון קליינבאַזיצערישע פריצים פערזענליך, זיינען אַלע אַנדערע אין אַרענדע אָדער פאַרמשכנט באַ אידן. זיי פאַרמאָגן קאָלאָ־סאַלע קאַפּיטאַלן און קיינער קאָן זיך ניט באַגיין אָן זייער הילף. ס'וועלן זיך קוים געפינען עטליכע צווישן די רייכסטע פריצים, וואָס זאָלן ניט שטעקן אין חובות באַ זיי“...

„אַזוי ווי פוילן פאַרמאָגט ניט קיין אייגנעם סוחרים־קלאַס, וואָלט ניט געווען קיין גרויסער אומגליק, ווען דער האַנדל זאָל זיך געפינען אין די הענט פון אַרבעטזאַמע און רירעוודיגע, די אידן זיינען אָבער אַ באַזונדער קערפּער, וואָס איז אָפּגעזונ־דערט פון די אַנדערע קלאַסן ביטער און דעריבער ברייננען זיי ניט מיט זייער רייכטום, פונקט ווי די מאָנאַכן אין איינינע קאַ־טוילישע מלוכות, קיין נוצן דער געזעלשאַפט. ווייל זייער צאָל איז איבערגעוויינליך גרויס, גיבן זיי אַ סך מער בעלי־מלאכות אין הענדלער, ווי אַ גוט־געבויטע מלוכה האָט נויטיג. אָט די דאָזיגע איבעריגע זיינען די געפערליכסטע לעדיגגייערס.. ווייל זיי פרוּיען ניט צו איינער דעם אַנדערן און האָבן מורא פאַר רדיפות, זיינען זיי געצוואונגען פאַרדעקן זייער עשירות אונ־טערן מאַנטעלע פון אייסערליכער אָרימקייט אין אומריינקייט...

דער פוילישער האָנאָר איז (ניט פעהיג צו קיין אַרבעט אַפילו צו דער נוצליכסטער און נויטיגסטער; און דערפאַר וואָלט פוילן אָן די אידן געווען ווי אַ גוף אָן אַ נשמה, וואָלט געווען אַ מדבר, אַ לאַנד פון עלענד און דחקות. אָבער אַזאַ אויסערגעוויינליך גרויסע צאָל אידן, ווען אַזוי פיל לאַנד איז נאָך ניט באַאַרבעט, פירט איבער דאָס גאַנצע גוטס, וואָס מען וואָלט געקאָנט פון זיי האָבן... די בילדונג, וואָס באַ אַלע מניעות מאַכט זי דאָך גיגאַנטישע פאָרשריטן, און אויך די מילדע מיטלען, וואָס אונזער רעגירונג נעמט אָן, וועלן געוויס איבעראַנדערשן דעם כאַראַקטער פון די פוילישע אידן און זיי וועלן אָנהויבן נאָכטון זייערע מיטגלויביגע אין ענגלאַנד און דייטשלאַנד, וועלכע האָבן זיך צונויפגעשמאָלצן מיט דער אָרטיגער באַפעלקערונג און האָבן זיך שוין אינגאַנצן אָפּגעוואוינט פון זייערע אָבערגלויבנס. די אידן, ווי די ציגיינער, פילן צו ערד־אַרבעט און לאַנדווירט־שאַפט, און נאָך מער צו מיליטער־דינסט אַ עקל, וועלכן ס'איז ניט אויסצוזאָגן“. (זייט 189)

„פון אַלע שטעט אין פוילן איז בראָד די גרעסטע האַנדל־שטאָט: ער איז דער מיטלפונקט פונם מסחר צווישן עסטרייך און רוסלאַנד, האָט די רעכט פון די פריי־שטעט, ד.ה. אַז סחורות ווערן דאָ געקויפט און פאַרקויפט אָן צאָל, פריי, אָן שום פּרעטענזיעס מצד דער רעגירונג. לעמבערג איז אַפילו האַלב ניט אַזוי רייך... בראָד—איז די אידישע הויפּט־שטאָט“ (זייט 62).

[Путешествіе отъ Тріеста до С.Петерс-бурга въ 1810 г. морского офицера Вл. Броневскаго. Москва, 1828. 2 ч.]

## II. די צאל אידן אין קעניגרייך פוילן

### 1. אין 1840־טן יאר

„די צאָל איינוואוינער אין קעניגרייך פוילן צום יאָר 1840 האָט דערגרייכט 4.428.546 נפשות, פון דעם זיינען געווען אידן — 469.930 (זייט 15)... אין משך פון לעצטן צענדלינג יאָר איז די באַפעלקערונג פון פוילן אויסגעוואַקסן אויף 500.000, דערביי האָט זיך די קריסטליכע פאַרגרעסערט אויף 4 פּראָצענט, און די אידישע — אויף 17 פּראָצענט (זייט 19)...

די באַפעלקערונג פון די שטעט און שטעטלאַך אין קעניגרייך פוילן באַשטייט פון 597.121 קריסטן און 381.907 אידן, צוזאַמען אַלזאָ פון 979.028 נפשות. די קריסטליכע באַפעלקערונג פאַרנעמט זיך הויפּטזאַכליך מיט לאַנדווירטשאַפט; און דער גאַנצער אינעווענינגסטער האַנדל ווערט געטריבן פון אידן, סיי פון די שטאָטישע און שטעטלשע, סיי פון די, וואָס וואוינען אין די דערפער (זייט 130).

[Статистика Царства Польскаго, по Высочайшему повелѣнію составленная Кол. Сов. М. Завелѣйскимъ. СПБ. 1842.]

### 2. אין 1860־טן יאר

„די אַלגעמיינע צאָל איינוואוינער פון קעניגרייך פוילן (באַשטייט פון 5 גובערניעס: אַווגוסטאָווער, פּלאָצקער, וואַרשעווער, ראַדאָמער און לובלינער) באַטרעפט, לויט די ידיעות פאַר 1860 יאָר 4.840.466 נפשות. פון דער צאָל זיינען קריסטן 4.227.779 אָדער 87,4 פּראָצענט, ניט־קריסטן — 612.687 אָדער 12,6 פּראָצענט; צווישן די ניט־קריסטן זיינען פאַראַן 612.098 אָדער 12,5 פּראָצענט אידן. די פאַרטיילונג פון די אידן לויט איינצלנע טיילן פון קעניגרייך פוילן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| שטאט ווארשע | 42.723 | 26,0% | פון דער אלג׳ באפ |
| ווארשעווער גוב׳ | 156·358 | 10,0% | " " " " |
| ראַדאָמער גוב׳ | 100·752 | 10,0% | " " " " |
| לובלינער גוב׳ | 136·110 | 14,0% | " " " " |
| פלאָצקער גוב׳ | 70·669 | 12,0% | " " " " |
| אויגוסטאָווער גוב׳ | 105·456 | 16,0% | " " " " |

לויט דער צאָל נפשות גייען אויפן צווייטן אָרט נאָך די קאַטאָליקן די אידן, גערופן אויך סטאַראָזאַקאָני. זיי האָבן זיך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן שטח פון לאַנד און כמעט אויסשליסליך אין די שטעט. מערקווירדיג, וואָס די אידישע באַפעלקערונג איז געוואַקסן אין זייער אַ שטאַרקער פּראָגרעסיע און האָט זיך אין משך פון 45 יאָר פאַרדרייפאַכט (באַמערקונג פון די מחברים: אין 1816־טן יאָר האָט מען גערעכנט אין פוילן 212.944 אידן אָדער 7,8 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, און אין 1860 יאָר — 612.000 אָדער 12,5 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. אין גאַנץ רוסלאַנד, חוץ קעניגרייך פוילן, באַטרעפט די אידישע באַפעלקערונג 1,7%, און אין גאַנץ אייראָפּע — 1,1% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג). די פוילישע אידן געהערן הויפּטזאַכליך צו דעם קלאַס הענדלער און געשעפטסלייט. זיי צייכענען זיך אויס, ווי בכלל די אידן, מיט זייער רעליגיעזקייט. די אידישע כלי קודש (רבנים און זייערע געהילפן) האָבן אין 1861 יאָר באַטראָפן 817 נפשות (פון דעם 294 רבנים), וואָס פאַרהאַלט זיך צו דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג ווי 1 צו 750. שולן און בתי־מדרשים זיינען געווען 880, צו 1 אויף יעדע 695 נפשות.. די אידישע באַפעלקערונג, וואָס מאַכט אויס העכער אַ דריטל פון די שטאָטישע איינוואוינער, פאַרמערט זיך אין זייער אַ שטאַרקער פּראָגרעסיע און שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער פוילישער באַפעלקערונג... די אידן פאַרנעמען זיך מיט האַנדל, מיט שטאָטישע מלאכות, שענקעריי, פורווערק, באַזונדערס אָבער מיט מעקלעריי, וואָס איז זייער נוצליך אין שטאָטישן לעבן... דאָס גאַנצע קאָכעדיגע שטאָטיש לעבן — דער האַנדל און די אינדוסטריע זיינען אין אידישע הענט...

די צאָל תלמידים (לויט די ידיעות פאַר 1861) לויט דער אמונה:

| | |
|---|---|
| קאטוילישע | 62·887 |
| עוואנגעלישע | 12·426 |
| אידישע | 3·547 |
| גריכיש־אוניאטישע | 1·112 |
| אָרטאָדאָקסן | 400 |

דער אַלפאַבעטיזם איז פאַרשפּרייט הויפּטזאַכליך צווישן די שטאָטישע איינוואוינער; די דייטשע קאָלאָניסטן און די אידן זיינען כמעט אַלע אַלפאַבעטן... אין דער קייזערליכער מעדיציניש־כירורגישער אַקאַדעמיע פון וואַרשע זיינען אין 1862־טן יאָר געווען 215 סטודענטן, פון זיי 13 אידן; אין וואַרשעווער רעאַל־גימנאַזיע, וואָס איז געווען באַשטימט אויף צוגרייטן אינגעלייט פאַר אינדוסטריעלע באַשעפטיגונגען, זיינען געווען 1861—62 יאָר—1.115 תלמידים, צווישן זיי 27 אידן... אין אַלע 9 קרייז־רעאַל־שולעס פון קעניגרייך פוילן זיינען געווען 1258 תלמידים, צווישן זיי 15 אידישע; אין וואַרשעווער קאָמערץ־זונטאָג־שול זיינען געווען 315 תלמידים, פון זיי 68 אידן; אין די האַנטווערק־זונטאָג־שולעס זיינען געווען 7332 תלמידים, פון זיי 198 אידישע... אין וואַרשעווער גובערניע זיינען געווען 4 פּריוואַטע אידישע לערן־אַנשטאַלטן פאַר אינגלאַך, צוויי פאַר מיידלאַך און נאָך צוויי־געמישטע.

די אידן האָבן זיך באַזעצט אין פוילן צום סוף פון ניינצענטן יאָרהונדערט; צוליב דער אומטאָלעראַנץ פון די קאַטוילישע גלחים האָבן זיי ניט איינמאָל געליטן פון שרעקליכע רדיפות, אָבער מיט דער צייט האָבן זיי, אַריינגעמענדיג אין זייערע הענט דעם קאַפּיטאַל און האַנדל, אָנגעהויבן צו שפּילן אין לאַנד אַ וויכטיגע ראָלע. די פוילישע אידן רעדן אויף אידיש־דייטש, אָבער אַלע קענען זיי די פוילישע שפּראַך, זיי האָבן באַהאַלטן זייער נאַציאָנאַלע טראַכט, און לויטן טיפּ קאָן מען זיי דערקענען צווישן טויזנטער מענשן".

[Географ. и. статист. очерки Царства Польскаго на основании оффиц. данныхъ послѣдняго времени. С-Петербургъ 1863]

## 3. די אידן אין די פוילישע שטעט — 1840 — Die jüd. Bev. in den poln. Städten

[Стат. Царства Польскаго, по Высоч. повел. составл. Колл. Сов. М. Завелѣйскимъ, СПБ. 1842. р. 186-206]

| אידן Juden | קריסטן Christen | Stadt—שטאט |
|---|---|---|
| 37.161 | 103.310 | Warszawa — ווארשע |
| 8.468 | 5.854 | Lublin — לובלין |
| 5.556 | 2.064 | Kalwarja — קאַלוואַריע |
| 4.359 | 2.112 | Siedlce — שעדלעץ |
| 4.333 | 7.223 | Plock — פלאָצק |
| 3.876 | 8.107 | Kozienice — קאָזיניצע |
| 3.779 | 3.542 | Suwalki — סוואַלק |
| 3.490 | 1.441 | Tykocin — טיקאָטשין |
| 3.369 | 4.053 | Piotrków — פעטראָקאָוו |
| 3.025 | 1.410 | Wlodawa — וולאָדאַווע |
| 2.920 | 4.052 | Augustów — אַווגוסטאָוו |
| 2.918 | 1.524 | Międzyrzec — מענדזיזשעץ |
| 2.914 | 2.516 | Hrubieszów — הרובעשאָוו |
| 2.845 | 2.032 | Staszów — סטאַשאָוו |
| 2.635 | 1.425 | Kutno — קוטנאָ |
| 2.595 | 783 | Sochaczew — סאָכאַטשעוו |
| 2.534 | 1.535 | Końskie — קאָנסק |
| 2.512 | 1.438 | Pińczów — פינטשאָוו |
| 2.494 | 2.227 | Zamość — זאַמאָשטש |
| 2.387 | 884 | Wyszogród — ווישאָגראָד |
| 2.321 | 1.281 | Szydlowiec — שידלאָוויעץ |
| 2.299 | 5.004 | Częstochowa — טשענסטאָכאָוו |
| 2.297 | 1.231 | Sejny — סעינע |
| 2.264 | 728 | Mariampol — מאַריאַמפּאָל |
| 2.220 | 1.368 | Biala — ביאַלע |
| 2.200 | 1.409 | Pilic — פיליץ |
| 2.173 | 717 | Szczuczyn — שטשוטשין |
| 2.130 | 1.773 | Węgrów — ווענגראָוו |
| 2.121 | 1.602 | Krasnik — קראַסניק |
| 2.104 | 1.187 | Chelm — כעלם |
| 2.073 | 2.000 | Będzin — בענדזין |
| 1.968 | 1.418 | Opatów — אָפּאַטאָוו |
| 1.964 | 1.377 | Żorki — זשאָרקי |
| 1.934 | 2.928 | Pultusk — פולטוסק |
| 1.907 | 993 | Maków — מאַקאָוו |
| 1.877 | 1.064 | Łuków — לוקאָוו |
| 1.843 | 1.381 | Lubartów — ליובאַרטאָוו |
| 1.779 | 2.805 | Szczebrzeszyn — שטשעברזשעשין |
| 1.763 | 1.139 | Płońsk — פלאָנסק |

| אידן Juden | קריסטן Christen | Stadt—שטאט |
|---|---|---|
| 1.745 | 981 | Nasielsk — נאַסיעלסק |
| 1.631 | 2.966 | Łęczyca — לענטשיצאַ |
| 719 | 3.237 | Wloclawek — וולאָצלאַוועק |
| 1.530 | 2.701 | Rawa — ראַווע |
| 940 | 4.313 | Lowicz — לאָוויטש |
| 113 | 3.509 | Krasnystaw — קראַסנאָסטאַוו |
| 1.450 | 2.360 | Janów — יאַנאָוו |
| 1.325 | 1.618 | Lipno — ליפּנאָ |
| 1.643 | 1.521 | Mlawa — מלאַווע |
| 1.649 | 2.227 | Przasnysz — פּשאַסניש |
| 845 | 1.092 | Ostrolenka — אָסטראָלענקאַ |
| 1.640 | 4.205 | Radom — ראַדאָם |
| 811 | 2.468 | Sandomierz — סאַנדאָמיר |
| 1.640 | 1.147 | Opoczno — אָפּאָטשנאָ |
| 1.371 | 708 | Stopnica — סטאָפּניצע |
| 698 | 868 | Olkusz — אָלקוש |
| 90 | 1.206 | Miechów — מיעכאָוו |
| 1.663 | 2.334 | Łomza — לאָמזשע |
| 997 | 961 | Radzyn — ראַדזין |
| 1.489 | 3.169 | Konin — קאָנין |
| 1.119 | 2.444 | Sieradz — שיעראַדז |
| 502 | 3.512 | Weliun — וועליון |
| 1.146 | 4.269 | Zgierz — זגערזש |
| 825 | 3.450 | Aleksandrow — אַלעקסאַנדראָוו |
| 1.412 | 1.593 | Sokolów — סאָקאָלאָוו |
| 879 | 1.628 | Parczew — פאַרטשעוו |
| 1.147 | 950 | Ciechanów — ציעכאַנאָוו |
| 1.458 | 1.518 | Warta — וואַרטע |
| 1.302 | 1.514 | Kolo — קאָלאָ |
| 980 | 2.335 | Pyzdry — פיזדרע |
| 1.577 | 986 | Wolkowysk — וואָלקאָוויסק |
| 1.671 | 1.457 | Wladyslawow — וולאַדיסלאַוואָוו |
| 1.253 | 1.222 | Zawichost — זאַוויכאָסט |
| 1.511 | 1.261 | Nowo-Korczyn — נאָוואָ-קאָרטשין |
| 121 | 2.982 | Stamkow — סטאַמקאָוו |
| 1.318 | 568 | Kazimierz — קאַזימעזש |
| 1.637 | 3.108 | Bilgoraj — בילגאָראַי |
| 1.229 | 2.482 | Tarnogrod — טאַרנאָגראָד |
| 1.102 | 1.522 | Tomaszow — טאָמאַשעוו |

באמ׳: צייכ׳ טעבעליצע טעבים איז די פארם פון אריגינאל געענדערט געווארן. דער פוילישער און דייטשער טעקסט איז צוגעגעבן געווארן פון אונז. — ר ע ד.

# ב· די אידן אין ליטע און ווייסרוסלאנד

1. „די איינוואוינער אין קאָוונע זיינען מערסטנטיילס פּאָליאַקן און אידן, און די לעצטע איז, דוכט זיך, פאַראַן מער ווי די ערשטע. רוסן זיינען דאָ פאַראַן ווייניג, חוץ באַאַמטע... דאָס פאָלק איז מייסטנס אָרים... די איינוואוינער פון ווילנע זיינען פּאָליאַקן און אידן. רוסן, חוץ די, וואָס געפינען זיך אויף דינסט, זעהט מען דאָ ווייניג. בכלל רעכנט מען דאָ אַנ'ערך 32000 איינוואוינער.. די הויפּט-באַפעלקערונג פון סעמיאַטיטש (אַ קליין שטעטל, וואָס געהערט צום פּרייסישן טייל פון פּוילן, אין דער אַזוי-גערופענער פּאָדליאַשיע) ווי אויך אַלע געשעפטס-לייט זיינען אידן, וועלכע מ'רעכנט דאָ אַנ'ערך 700... דער סוחרים-קלאַס איז אין גראָדנאָ אַ גאַנץ גרויסער; אָבער מיט אויסלענדישע סחורות האַנדלען הויפּטזאַכליך אידן. בכלל באַשטייט דאָ די באַפעלקערונג פון פּאָליאַקן, עטליכע רוסן, וואָס געפינען זיך אויף דינסט, אַביסל דייטשן און פון זייער אַ סך אידן... די צאָל איינוואוינער אין נאָוואָגרודעק איז ניט גרויס, ס'רוב פּאָליאַקן און עטליכע אידן... מיר וועלן נאָר באַמערקן, אַז אויך אין מינסק זיינען די געשעפטס-לייט מערסטנטיילס אידן.. די איינוואוינער פון באָבר (ווייסרוסישע גוב.) זיינען פּאָליאַקן און גאָר אַ סך אידן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט פאַרשיידענעם האַנדל.. אין אָרשע באַשטייט די באַפעלקערונג פון פּאָליאַקן און באַאַמטע רוסן; אָבער אידן זיינען אויך דאָ דער רוב געשעפטס-לייט... אין פּאָלאָצק זיינען פאַראַן אַנ'ערך 1000 הייזער. איינוואוינער זיינען דאָ פאַראַן אַרום אין אַרום מיט סוחרים און מיעשטשאַנעס, מיט קריסטן און אידן-העכער 2500.. מען רעכנט אין סיענאָ (מאָהילעווער גובערניע) קרוב צו 380 קריסטן און 480 אידן. הייזער באַ 600.. אין טאָלאָטשין באַשטייט די באַפעלקערונג הויפּטזאַכליך פון אידן.. אין שקלאָוו קומען פאָר צוויי יאַרידים: 1) די נייַנטע וואָך נאָכן הייליגן זונטאָג, 2) די צווייטע וואָך פון וועליקי פּאָסט, און ציען זיך אַ וואָכן צוויי. עס פאָרן זיך צונויף סוחרים פון פאַרשיידענע רוסישע שטעט. די גרעסטע צאָל איינוואוינער באַשטייט פון אידן, זייער צאָל דערגרייכט אַנ'ערך 1200. זיי באַשעפטיגן זיך הויפּטזאַכליך מיט פאַרקויפן זיידן-שטאָף, שטיקערייען, לייוונט און פאַרשיידענע צעלניק. אַנדערע האַלטן איינפאָר-הייזער... אין מאָהילעוו (גוב.) זיינען פאַראַן: קריסטליכע סוחרים — 117, אידישע סוחרים — 68, מיעשטשאַנעס-קריסטן — 2,816, מיעשטשאַנעס-אידן — 3.602; אַלערליי בעלי-מלאכות — 1.234; סך הכל 7837; קאַזיאָנע מוירן — 11, באָגאַדיעלניעס געמוירטע — 4; געמויערטע וואוין-הייזער—30, הילצערנע וואוין-הייזער 1910; אידישע שולן — 5, געמויערטע קלייטן — 12; וואַסער-מילן — 2; קיין יאַרידים קומען דאָ ניט פאָר... די סוחרים דער עיקר די אידישע, האַנדלען מיט סחורות, וואָס זיי באַקומען פון ריגע, פראַנקפורט, ברעסלוי, קעניגסבערג, לייפּציג און פון די רוסישע הויפּט-שטעט.. אין טשאַוסי זיינען פאַראַן 4 געמויערטע גריכיש-אָריענטאַלישע קירכעס; איין קאַטוילישער געמויערטער קלויסטער פון קאַרמעליטן; הילצערנע רעגירונג-געביידעס — 7; הילצערנע וואוין-הייזער — 454; אידישע שולן — 3; הילצערנע קלייטן — 12; איין וואַסער-מיל; סוחרים-אידן אינאיינעם מיטן אויעזד — 40; מיעשטשאַנעס-קריסטן — 732; מיעשטשאַנעס אידן אינאיינעם מיטן אויעזד — 453... אין טשעריקאָוו זיינען לויטן פּלאַן פאַראַן 410 הילצערנע וואוין-הייזער; הילצערנע קלייטן — 21; סוחרים-קריסטן — 12; סוחרים-אידן — 8; מיעשטשאַנעס-קריסטן — 75; מיעשטשאַנעס אידן 1576; אַלערליי מייסטערס — 114.. אין מסטיסלאַוול זיינען פאַראַן סוחרים-קריסטן — 13; סוחרים-אידן — 50; מיעשטשאַנעס-קרוסטין — 887, מיעשטשאַנעס-אידן — 1957; פאַרשיידענע מייסטערס — 209;... אין אָרשע ציילט מען אַנ'ערך 508 קריסטליכע איינוואוינער, אידן — אַנ'ערך 1000. פאַרשיידענע מייסטערס — 62.. דאָס שטעטל באַבינאָוויטשי האָט אַנ'ערך 65 הויפן און באַ 170 איינוואוינער מענער, מערסטנטיילס אידן.. אַמאָל איז אין וויטעבסק געווען 4437 איינוואוינער, איצט איז דאָ פאַראַן, ווי מען האָט מיר געזאָגט, אַנ'ערך 15000. צו דער פּראָדוקציע פון וויטעבסק געהערט צווישן אַנדערן אַ געטראַנק, וואָס מען רופט דאָ ליפּעץ און וואָס ווערט איצט געמאַכט פון צוויי אידן" (I טייל. זייטן 45, 61, 95, 114-15, 133, 134, 138, 139; II טייל. ז. 87, 99, 102-4, 108-9, 116, 123-24, 135-36).

[Записки путешествія по западнымъ провинціямъ Россійскаго государства, СПБ. 1803 г. Акад.и проф. Вас. Севергина]

2. טאַבעלעס וועגן דער צאָל סוחרים אין ווילנא · — **Tabellen der Kaufleute in Wilno**

[Истор.-стат. очерки Виленск. губ., изд. съ разр. Начальства Вил. Губ. Стат. Ком. 1852 р. 190]

**1806 – 1827 (a**

| Jahr – יאָר | די גאַנצע צאָל סוחרים Ges. Zahl der Kaufleute | פון זיי אידן davon jüdische abs. | פון זיי אידן davon jüdische % |
|---|---|---|---|
| 1806 | 54 | 12 | 22,2 |
| 1809 | 55 | 18 | 32,7 |
| 1810 | 65 | 27 | 41,5 |
| 1811 | 63 | 27 | 42,9 |
| 1812 | 63 | 28 | 44,4 |
| 1813 | 66 | 30 | 45,5 |
| 1814 | 75 | 37 | 49,3 |
| 1815 | 72 | 36 | 50,0 |
| 1816 | 66 | 32 | 48,5 |
| 1817 | 56 | 30 | 53,6 |
| 1818 | 40 | 20 | 50,0 |
| 1819 | 36 | 18 | 50,0 |
| 1820 | 35 | 16 | 45,7 |
| 1821 | 33 | 20 | 60,6 |
| 1822 | 42 | 28 | 66,6 |
| 1823 | 43 | 29 | 67,4 |
| 1824 | 46 | 31 | 67,4 |
| 1825 | 163 | 117 | 71,8 |
| 1826 | 134 | 95 | 70,9 |
| 1827 | 156 | 118 | 75,6 |

**1828 — 1850 (b**

| פראצענט אידן לגבי דער גאנצער צאל סוחרים<br>Prozentsatz der Juden unter den Kaufleuten | Juden — אידישע<br>צוזאמען<br>Zus. | 3<br>Gilde — גילדיע | 2 | 1 | Christen — קריסטליכע<br>צוזאמען<br>Zus. | 3<br>Gilde — גילדיע | 2 | 1 | Jahr — יאר |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 77,0 | 117 | 110 | 4 | 3 | 35 | 30 | 4 | 1 | 1828 |
| 74,8 | 110 | 101 | 7 | 2 | 32 | 32 | 4 | 1 | 1829 |
| 81,0 | 196 | 185 | 10 | 1 | 46 | 38 | 7 | 1 | 1830 |
| 80,8 | 173 | 166 | 6 | 1 | 41 | 38 | 2 | 1 | 1831 |
| 73,1 | 87 | 84 | — | 3 | 32 | 30 | 1 | 1 | 1832 |
| 74,4 | 93 | 88 | 1 | 4 | 32 | 31 | — | 1 | 1833 |
| 74,8 | 92 | 88 | 1 | 3 | 31 | 29 | 1 | 1 | 1834 |
| 74,8 | 86 | 77 | 5 | 4 | 29 | 27 | 1 | 1 | 1835 |
| 73,3 | 88 | 81 | 2 | 5 | 32 | 31 | — | 1 | 1836 |
| 70,9 | 78 | 65 | 9 | 4 | 32 | 30 | 1 | 1 | 1837 |
| 72,7 | 80 | 70 | 7 | 3 | 30 | 27 | 1 | 2 | 1838 |
| 70,6 | 77 | 66 | 6 | 5 | 32 | 28 | 2 | 2 | 1839 |
| 66,1 | 72 | 61 | 6 | 5 | 37 | 33 | 2 | 2 | 1840 |
| 64,1 | 82 | 73 | 6 | 3 | 46 | 42 | 2 | 2 | 1841 |
| 60,8 | 76 | 67 | 5 | 4 | 49 | 45 | 2 | 2 | 1842 |
| 65,8 | 75 | 64 | 8 | 3 | 39 | 33 | 3 | 3 | 1843 |
| 64,6 | 73 | 65 | 7 | 1 | 40 | 34 | 3 | 3 | 1844 |
| 64,6 | 73 | 64 | 6 | 3 | 40 | 34 | 3 | 3 | 1845 |
| 64,2 | 70 | 61 | 8 | 1 | 39 | 32 | 3 | 4 | 1846 |
| 57,1 | 64 | 59 | 4 | 1 | 48 | 40 | 3 | 5 | 1847 |
| 56,7 | 68 | 63 | 4 | 1 | 52 | 47 | 3 | 2 | 1848 |
| 56,4 | 57 | 52 | 2 | 3 | 44 | 40 | 2 | 2 | 1849 |
| 62,5 | 65 | 58 | 2 | 5 | 39 | 35 | 2 | 2 | 1850 |

באמערקונג פון פראפ. ש. דובנאוו: כאראקטעריסטיש איז דאס פארטיילן די סוחרים לויט די גילדיעס, אנהויבנדיג פון יאר 1828,— דעם ערשטן יאר פון רעקרוטסינע בא אידן (לויטן אוסטאוו פון 1827). דער וואוקס פון דער צאל אידישע סוחרים פון 3־טער גילדיע ערקלערט זיך מיט דעם, וואס דאס צושרייבן זיך צו דער דאזיגער ביליגער גילדיע (בסך־הכל עטליכע רובל א יאר) האט גערעטעוועט פון מיליטער־דינסט, אזוי אז אין דער דאזיגער גילדיע זיינען געווען אסך פיקטיווע סוחרים.

• אין אריגינאל ווערן געבראכט נאר די אבסאלוטע צאלן פון די קריסטליכע און פון די אידישע סוחרים. די פראצענטן זיינען צוגעגעבן געווארן פון אונז.־ר ע ד.

# ג. די אידן אין אוקראינע

1. „אידישע סוחרים זיינען אין קיעווער גובערניע אין 1845־טן יאָר געווען 3281 מענער און 3102 פרויען, צוזאַמען—6383; קריסטליכע סוחרים — 637 מענער און 473 פרויען, צוזאַמען 1.110; מיעשטשאַנעס־קריסטן — 49.229 (מענער און פרויען), מיעשטשאַנעס־אידן — 132.718 (מענער און פרויען); אידן־ערד־אַרבעטער — 533 מענער און 245 פרויען, צוזאַמען 776 (זייט 140־139). גענויערע ידיעות וועגן דער צאָל סוחרים און מיעשטשאַנעס אין קיעווער גובערניע הייבן זיך אָן ערשט פון 1797, ד.ה. זייט דער צייט, ווען די גובערניע האָט זיך פאָרמירט אין אירע איצטיגע גרעניצן. דעמאָלט זיינען לויטן באַפעל פון קאַמער־קאָלעגיע געזאַמלט און צונויפגעשטעלט געוואָרן ידיעות וועגן אַלע שטייער־שיכטן אין דער נייער גובערניע און פון דעם מקור שעפן מיר אַלע אונזערע ציפערן פאַרן 1797 יאָר. אַזוי ווי די אידן שפילן ווייער אַ נחיסע, מען קאָן זאָגן די גרעסטע ראָלע אינם האַנדל פון קיעווער גובערניע, וועלן מיר אין דער פאָלגנדיגער טאַבעלע די אידישע סוחרים אויסטיילן באַזונדער. אין 1797 זיינען געווען סוחרים מענער—קריסטן 454, אידן 168; אין 1810־טן יאָר: קריסטליכע 154, אידישע—124; אין יאָר 1811: קריסטליכע 260, אידישע 138; אין 1816־טן יאָר — קריסטן 192, אידישע — 54; אין 1825־טן יאָר: קריסטליכע 303, אידישע — 118; אין 1834־טן: קריסטליכע 398, אידישע — 1191; אין יאָר 1840: קריסטליכע 507, אידישע — 1192; אין 1844: קריסטליכע — 589, אידישע — 3212; אין 1845: קריסטליכע 636, אידישע 3281. — עס שיינט, אַז זייט 1825 האָבן די אידישע סוחרים זיך געפונען אין אַ בעסערער לאַגע איידער די קריסטליכע, ווייל פאַר די לעצטע 20 יאָר האָבן זיך די לעצטע פאַרגרעסערט בלויז עטוואָס מער ווי צוויי מאָל, בשעת די צאָל אידישע סוחרים איז געוואָרן 27 מאָל גרעסער; באַזונדערס חידושדיג איז דאָס דערפאַר, ווייל אין 1834 זיינען די אידן אַרויסגעשיקט געוואָרן פון האַנדל־צענטר פון קיעווער

גובערניע, פון דער שטאָט קיעוו..*מחוץ פון די שטעט, אין די שטעטלאַך און דערפער, זיינען כמעט אינגאַנצן ניט פאַראַן קיין קריסטליכע סוחרים. אידישע סוחרים זיינען דאָ פאַראַן אַנ׳ערך 630 ד.ה. כמעט אַ פינפטל פון זייער אַלגעמיינער צאָל (זייט 27—226)... די צאָל מיעשטשאַנעס מענער האָט אין קיעווער גובערניע אויסגעמאַכט: אין יאָר 1797: קריסטליכע 9572, אידישע—12778; אין 1810: קריסטליכע 15689, אידישע 15264; אין 1811: קריסטליכע 10376, אידישע 10565; אין 1816: קריסטליכע 14444, אידישע 12250; אין 1825: קריסטליכע 17156, אידישע 42910; אין 1834: קריסטליכע 22366, אידישע 53811; אין 1840: קריסטליכע 24683, אידישע 54967; אין 1844: קריסטליכע 25230, אידישע 65567; אין 1845: קריסטליכע 25725, אידישע 65929. אין משך פון 48 יאָר (1845—1797) איז די צאָל אידישע מיעשטשאַנעס אויסגעוואַקסן 5 מאָל, די צאָל קריסטליכע בלויז קאַרגע דריי מאָל (זייט 238).

2. „אין 1797 יאָר איז אין אומאַן געווען: קריסטליכע סוחרים 6, אידישע — 57; מיעשטשאַנעס קריסטן 130, אידן — 1224, — אַ גאַנץ קליינע צאָל אין פאַרגלייך מיט זיין פריערדיגער באַפעלקערונג. איצט באַשטייט די באַפעלקערונג פון אומאַן פון 8267 נפשות, פון דעם — 3260 אידישע מענער און 3424 אידישע פרויען. עס זיינען פאַראַן צוויי געמויערטע שולן... דער האַנדל־אומזאַץ פון אומאַן איז אַ גאַנץ באַדייטנדיגער (זייט 48־443).. אין רעוויזיע פון 1765 שטייט צווישן אַנדערן: „אין שטעטל וועניגראָדקע זיינען קיין אידן ניט פאַראַן, חוץ איין אַרענדאַר“... איצט זיינען אין וועניגראדקע פאַראַן 7501 נפשות, פון זיי קריסטליכע סוחרים 10 מענער און 6 פרויען; אידישע סוחרים 34 מענער און 32 פרויען; קריסטליכע מיעשטשאַנעס — 2.224 מענער און 2832 פרויען; אידישע מיעשטשאַנעס 511 מענער און 470 פרויען. ס׳איז פאַראַן דאָ 1 סינאַגאָגע און 2 שולן (זייט 51־450).. אין רעוויזיע פון 1765 ווערט געזאָגט צווישן אַנדערן: „אידן זיינען אין טשיגירין, חוץ איין אַרענדאַר, ניט פאַראַן“. אין 1789, אין דער נייער רעוויזיע, איז שוין אָנגעוויזן, אַז אין שטעטל זיינען פאַראַן 138 הייזער, צווישן וועלכע ס׳זיינען געווען אויך עטליכע אידישע. ווען אין 1797־טן יאָר איז געבילדעט געוואָרן די קיעווער גובערניע, איז טשיגירין געוואָרן אַ אויעזד־שטאָט — דעמאָלט זיינען אַלע סוחרים און מיעשטשאַנעס געווען אידן. קיין קריסטן איז בכלל ניט געווען. די צאָל סוחרים האָט באַטראָפן 30, די צאָל מיעשטשאַנעס — 579. אין יאָר 1845 איז די באַפעלקערונג פון טשיגירין באַשטאַנען פון 5663 נפשות, פון דעם סוחרים־קריסטן 49 מענער און 39 פרויען, סוחרים—אידן 44 מענער און 40 פרויען, מיעשטשאַנעס־קריסטן 1823 מענער און 1623 פרויען, מיעשטשאַנעס־אידן 649 מענער און 604 פרויען (זייט 57־454).. אין רעוויזיע פון 1765 שטייט: „אין טשערקאַס זיינען קיין אידן ניט פאַראַן, חוץ אַנ׳אַרענדאַר, וואָס צאָלט 1000 זלאָטים אַרענדע און 400 זלאָטים פאַר דער סעליטרע־פאַבריק“. אין 1789־טן יאָר זיינען שוין דאָ געווען 561 הייזער, פון זיי 64 אידישע. לויט דער רעוויזיע 1797 זיינען אין טשערקאַס געווען 5 קריסטליכע סוחרים און 783 מיעשטשאַנעס אידן. אין יאָר 1845 האָט די באַפעלקערונג פון טשערקאַס געהאַלטן באַ 9400 נפשות מענער און פרויען, פון דעם קריסטליכע סוחרים 34 מענער און 28 פרויען; אידישע סוחרים 40 מענער און 49 פרויען. בכלל זיינען דאָ געווען אידן 220 מענער און 228 פרויען. ס׳זיינען דאָ פאַראַן צוויי אידישע בתי־מדרשים (זייט 64—462)... אין ביעלאָצערקאָוו האָבן די אידן ווי אַמאָל (לויטן אָפמאַך פון 1651־טן יאָר) דאָס רעכט צו וואוינען אין מלוכה׳שע און פריצישע פאָסעסיעס און האַלטן דאָרטן דעם בראָנפן־„אָטקופ“. די באַפעלקערונג פון ביעלאָצערקאָוו באַטרעפט 12729 נפשות מענער און פרויען. ס׳איז פאַראַן דאָ 1 שול און 9 בתי־מדרשים (זייט 491).. אין פאַסטאָוו איז פאַראַן 1714 מענער און 1522 פרויען צווישן זיי אידן 1302 מענער און 1397 פרויען (זייט 493)... אין שטעטל מאַכנאָווקע איז אין 1845 יאָר געווען אַנ׳ערך 4250 מענער און פרויען, פון דעם אַנ׳ערך 2000 אידן. אין 1797־טן יאָר זיינען דאָרט געווען קריסטליכע מיעשטשאַנעס 526 און אידן 986 מענער (און אין 1845־טן יאָר 844 אידישע מיעשטשאַנעס מענער) (זייט 97—496)... אין 1797־טן יאָר זיינען אין באָהוסלאַוו געווען 112 סוחרים, פון זיי 22 אידן; מיעשטשאַנעס— 3998, פון זיי אידן 1266 מענער. איצט איז דאָרט פאַראַן מער ווי 3416 מענער, פון זיי אידישע 2569 (זייט 509)... אין דער רעוויזיע פון 1765 ווערט קאָרסון באַשריבן אויף אַזאַ אופן: „הייזער איז דאָרט פאַראַן 172; די אָרטיגע אידן האַנדלען ניט מיט משקאות, נאָר צאָלן צינש פון 17 ביז 76 זלאָטים... איצט איז אין קאָרסון פאַראַן 5078 מענער און פרויען, פון זיי אידן 1000... אין שטעטל סטיעבלעוו זיינען פאַראַן 2553 מענער און פרויען, פון זיי 478 אידן (זייט 16—315).

[Статистическое описаніе Кіев. губерніи, издан. Тайнымъ Сов. Сенат. Ив. Фундуклеемъ. 3 ч. С.Петерсбургъ, 1852]

* באמערקונג פון פראפ. ש. דובנאוו: די אומגעווייגליך שטארקע פארמערונג פון די אידישע סוחרים, וואס האט אזוי פארחידושט פונדוקלייען, ערקלערט זיך מיט די זעלבע סיבות, ווי די פארמערונג פון די אידישע סוחרים אין ווילנע באלד נאכן איינפירן די רעקרוטשינע. זעה זייט 96.

# דער אנטייל פון אידן אין דער רוסיש־אוקראַינישער צוקער־אינדוסטריע

ד״ר ה׳ לאַנדוי

# Der Anteil der Juden am Ausbau der Zuckerindustrie in Russland

von Dr. **Heinrich Landau**

די צוקער־אינדוסטריע האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין אוקראַינע אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט, כמעט אין דער אייגענער צייט, ווי אין אַנדערע טיילן פון רוסלאַנד און אין מערב־איראָפּע. די איניציאַטיוו אין דעם פּרט געהערט די דעמאָלטיגע רייכע פּריצים, וועלכע האָבן געזוכט מיטלען, ווי צו הויבן די הכנסה פון זייערע מאַיאָנטקעס.

ביז אין מיטן פון די 40־ער יאָרן האָבן אַלע אוקראַינישע זאַוואָדן בס״ה אויסגעאַרבעט אַ אומבאַדייטנדיגן קוואַנטום צוקער, וואָס ס׳ דערקלערט זיך הויפּטזאַכליך מיט דער שלעכטער טעכנישער איינריכטונג פון די דאָזיגע זאַוואָדן. אין דער צווייטער העלפט פון די 40־ער יאָרן הויבט זיך אָן צו באַמערקן אַ טעכנישער פּראָגרעס אין דער צוקער־פּראָדוקציע. די גרויסע פּריצים, די בעלי־בתים פון די גרעסערע זאַוואָדן הויבן אָן צו באַנוצן ביסלאַכווייז דאַמף פאַר די קעסלען, אין וועלכע ס׳קאָכט זיך דער צוקער, דערנאָך אויך ספּעציעלע דאַמף־מאַשינעס. אין דעם צוקער־סעזאָן 1846—47 דערגרייכט די פּראָדוקציע פון צוקער (ראַפינאַד און זאַמד־צוקער) שוין אַ האַלב מיליאָן פּוד. צו דער דאָזיגער איבערגאַנג־צייט אין דער אוקראַינישער צוקער־אינדוסטריע הויבן אידן אָן צו נעמען אין איר אַ אָנטייל.

פאַר דעם, וואָס איז באַהאַוונט אין דער געשיכטע פונם אידישן ווירטשאַפטליכן לעבן אין מזרח־איראָפּע צו יענער צייט, איז פאַרשטענדליך, אויף וואָס פאַר אַ אופן אידן האָבן געקאָנט קומען צו דער צוקער־אינדוסטריע. כידוע, פלעגן אידן איינקויפן באַ די פּריצים די תבואות פון זייערע מאַיאָנטקעס, האַלטן אין אַרענדע זייערע מילן, גוראַלניעס וכדומה. ס׳איז געווען זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז דער איד זאָל קויפן באַם פּריץ אויך דעם צוקער. מיט דער צייט אָבער ווערט דער אָנטייל פון אידן אַקטיווער. דאָס קומט פאָר דאַן, ווען ס׳הויבט זיך אָן דער ווענדפּונקט אין דער אַנטוויקלונג פון דער צוקער־אינדוסטריע. אין דער צייט, ווען אויפן אָרט פון די אַלטע פּרימיטיווע צוקער־ברענערייען הויבן זיך אָן צו באַווייזן אין אוקראַינע צוקער־זאַוואָדן, וואָס ווערן איינגעריכטעט אין הסכם מיט די פאָדערונגען פון דער טעכניק און כעמיע פון דער דאָזיגער פּראָדוקציע אין מערב־איראָפּע, באַקומען אידן אַ גרעסערן אינטערעס אין דער צוקער־בראַנזשע. אידן הויבן אָן צו לייען פּריצים געלט אויף צו בויען נייע זאַוואָדן און ריכטן זיך אויס אַ טייל ריוח פון דער אונטערנעמונג. פון די פאַקטן, וועלכע ס׳ברענגט פּראָפ. זשוראַווסקי, [1] איז צו זעהן, אַז איניגע צוקער־זאַוואָדן פון קיעווער גובערניע זיינען איבגעגעבן געוואָרן אויף אַזאַ אופן. אַז באַ אידן האָבן זיך צו יענער צייט (צו דער 2־טער העלפט פון די 40־ער יאָרן) שוין באַוויזן אָנצוקלייבן גאַנץ באַדייטנדיגע קאַפּיטאַלן, באַשטעטיגן די ידיעות, וועלכע מיר האָבן, למשל, וועגן דעם געלט־אומזאַץ פון די דעמאָלטיגע אידישע באַנקירן (הויפּטזאַכליך פון באַרדיטשעוו) אין קיעווער גובערניע, וועלכע פלעגט דערגרייכן 20 מיליאָן רובל זילבער אַ יאָר. [2]

נאָענטערע באַציאונגען צווישן אידן און די אוקראַינישע צוקער־זאַוואָדן הויבן זיך אָן איינצושטעלן סוף 50־ער און אָנהויב 60־ער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַלגעמיינער סאָציאַל־עקאָנאָמישער איבערקערעניש, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען. דאָס אָפּשאַפן פון די „אָטקופּן" האָט באַפרייט אַ סך אידישע קאַפּיטאַלן און געשטופּט זיי צו זוכן נייע עסקים. אַ טייל פון די דאָזיגע פריי געוואָרענע קאַפּיטאַלן, לכל הפחות באַ די אוקראַינישע און פּוילישע אידן, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין דער צוקער־אינדוסטריע, וואָס האָט זיך גראָד צו דער צייט אָנגעהויבן אַנטוויקלען מיט אַ גיכן טעמפּ.

דער ערשטער איד, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פינאַנסירן די צוקער־אינדוסטריע אין אוקראַינע אין גרעסערן מאָסשטאַב, איז געווען ישראל בראָדסקי. וועגן אים האָבן מיר דאָקומענטאַלע ידיעות, וואָס גרייכן צום אָנהויב פון די 50־ער יאָרן. אין 1844 יאָר האָט ישראל בראָדסקי, נאָך גאָר אַ יונגער מענש, שוין דערגרייכט אַזאַ מדרגה פון וואוילשטאַנד, אַז ער איז געווען ביכולת צו לייען אַ פּריץ פון טשערקאַסער איעזד 6.000 רובל זילבער ספּעציעל אויף אַ צוקער־זאַוואָד, וועלכן דער פּריץ האָט זיך מתחיב געווען אויסצובויען. פונם קאָנטראַקט[3] איז צו זעהן, אַז בראָדסקי האָט זיך אויך פאַרפליכטעט צו טראָגן אַ העלפט פון די פּראָדוקציע־הוצאות. פאָרמעל איז דער בעל־הבית פונם זאַוואָד געווען דער פּריץ, נאָר בראָדסקי האָט באַקומען געוויסע רעכט, וואָס האָבן אים געגעבן די מעגליכקייט צו קאָנטראָלירן די פּראָדוקציע אויף אַזאַ אופן, אַז ער זאָל באַקומען צו דער אָפּגעמאַכטער צייט זיין הלואה און זיין טייל פון ריוח.

אין 1846 יאָר האָט בראָדסקי אויף דעם זעלבן אופן מיטגעהאָלפן דעם פּריץ לאָפּוכין צו גרינדן דעם לעבעדינער צוקער־זאַוואָד; אַ יאָר שפּעטער — 1847 — געפינען מיר אים שוין אין זווענינאָראָדקער איעזד באַ אַ דריטן זאַוואָד אין דעם שטעטל קאַלינאָרקע א.א.וו. צום אָנהויב פון די 60־ער יאָרן האָט ישראל

1) Статистическое описаніе Кіевской губ. изд. Ив. Фундуклеемъ, подъ ред. проф. Д. Журавскаго, СПБ. 1852. т. III. стр. 15. איבער דעם אנטייל פון אזא מין כלוה אין דעם ריוח פארגלייך דעם 7 טן פונקט אינם קאנטראקט פון 3־טן אפריל 1844 צווישן דעם פריץ וו. פ. ז. און ישראל בראדסקי: „דער גאנצער ריוח, וואס ס׳וועט זיך באקומען יערליך פון פארקויף פון צוקער אין ערסטער און צווייטער קריסטאליזירונג, ווערט צעטיילט אויף גלייך צווישן ב. און ז."

2) Статистич. описаніе Кіевской губ. изд. Ив. Фундуклеемъ I. III стр. 368. דער געלט־אומזאץ פון די בארדיטשעווער און אדעסער אידישע באַנקירן נאר אויף די „קאנטראקטן" אין קיעוו (ד. ה. אין משך פון 2-3 וואכן) פלעגט דערגרייכן ביז צוויי מיליאן רובל זילבער. לויט די אפיציעלע קוועלן, פון וועלכע זשוראַווסקי שעפּט זיינע ידיעות, האבן די אידישע באנקירן אויפן קאנטראקטן־יריד אין 1848 יאר געבראכט מיט זיך 2.045 טויזנט רובל זילבער, פון וועלכע 1.725 טויזנט זיינען „אויסגענוצט" געווארן אין אומזאץ. כמעט די אייגענע ציפער ברענגט ער פאר די אנדערע יארן סוף פון ערשטער העלפט פון 19־טן יארהונדערט.

3) ער איז דאטירט פון 3־ט אפריל 1844, פארגלייך זייט 100.

בראָדסקי שוין פאַרנומען אַ בכבודיגן אָרט אין דער צוקער־אינדוסטריע פון קיעווער גוב. צוזאַמען מיטן גראַף אַלעקסיי באָבּרינסקי האָט ער דאַן אָנגעהויבן ענערגיש צו אַרבעטן אויף דעם געביט און האָט אַ סך מיטגעהאָלפן דער פאַרברייטערונג פון דער צוקער־פּראָדוקציע אין גאַנץ־אוקראַינע, בפרט אין קיעווער און פּאָדאָליער גובערניע.

כמעט אין דער אייגענער צייט, ווי בראָדסקי, האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער צוקער־אינדוסטריע מרדכי ווייצעוו, דער פאָטער פון יונה ווייצעוו, וועלכער האָט צוזאַמען מיט זיין זון גענומען אין אַרענדע דעם גריגאָראָווער צוקער־זאַוואָד. דעם דאָזיגן זאַוואָד האָט יונה ווייצעוו אין 1853 יאָר איבערגעבויעט אויף דאַמף און געמאַכט צו איינע פון די בעסטע אונטערנעמונגען אין דער צוקער־בראַנזשע.

די אַרבעט פון די ערשטע אידישע אַרענדאַרעס, וואָס זיינען געשטאַנען באַ דעם וויגעלע פון דער אוקראַינישער צוקער־אינדוסטריע, איז בלתי ספק געווען ערפאָלגרייך. זייער איינפלוס אויף דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון דעם דאָזיגן ווירטשאַפט־צווייג איז געווען גאַנץ באַדייטנדיג און ניט בלויז צוליב דעם, וואָס די אידן האָבן געקראָגן די נויטיגע קאַפּיטאַלן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער דאָזיגער אינדוסטריע און באַשאַפן אַ אָפּזאַץ־מאַרק פאַר דעם אויסגעאַרבעטן צוקער (אין דעם פרט זיינען זיי בכלל געווען פּיאָנערן); אידן האָבן אויך אין אַ גרויסער מאָס מיטגעהאָלפן דער טעכנישער פאַרפולקאָמונג פון דער צוקער־אינדוסטריע[4] ווי אין דעם ערשטן פּעריאָד פון איר אַנטוויקלונג (פון די 50־ער ביז די 70־ער יאָרן), אַזוי אויך אין דער נייערער צייט. שוין דער מערמאָל דערמאָנטער ישראל בראָדסקי האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער טעכנישער זייט פון דער צוקער־פּראָדוקציע. כל זמן ער איז געווען בלויז אַ מלוה, וואָס האָט נאָר געגעבן געלט אויף אַ זאַוואָד (ווי דאָס איז געווען, למשל, באַ דעם קליינעם זאַוואָד אין רוסקאָ־פּאָליאַנאַ אָדער בנוגע צו דעם לעבעדיגער זאַוואָד—פון 1846 ביז 1854) און ניט געהאַט קיין דירעקטע שייכות צו דער פּראָדוקציע זעלבסט, האָט ער, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט אַריינטראָגן קיין שנויים. נאָר גלייך ווי ער איז איבערגעגאַנגען פון דער פינאַנצירונג פון פרעמדע אונטערנעמונגען צו טרייבן זאַוואָדן אויפן אייגענעם חשבון, האָט ער זיי איינגעאָרדנט לויט די נייסטע פאָדערונגען פון דער טעכניק און כעמיע. אַזוי איז דער צוקער־זאַוואָד אין קאַליגאָרקע, וועלכן בראָדסקי האָט גענומען אין אַרענדע בשותפות מיט איינעם אַ אויסלענדער .N אין 1847 יאָר, לכתחלה געווען געבויט צו אַרבעטן מיט דאַמף אויף זעקס הידראַוולישע פּרעסן, ווען אין דעם ערשטן אויבנדערמאָנטן זאַוואָד, וואָס ער האָט בלויז פינאַנצירט, האָט מען געאַרבעט נאָר אויף צוויי פּרעסן. ער האָט אויך דאָרטן איינגעריכטעט אַ ראַפינאַד־אָפּטיילונג. דאָס זעלבע באַמערקן מיר אויך בנוגע צו דעם לעבעדיגער זאַוואָד. כמעט גלייך נאָכדעם, ווי ער איז איבערגעגאַנגען אין זיינע הענט,[5] האָט אים בראָדסקי איבערגעבויט אויף דאַמף און פאַרגרעסערט זיין פּראָדוקציע. בעת פריער פלעגט דער זאַוואָד ראַפינירן בלויז זיין אייגענעם זאַמד־צוקער, האָט ער זייט 1855 אָנגעהויבן צו אַרבעטן אויך מיט געקויפטן זאַמד־צוקער. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז אין דעם פרט דער גורל פונם פּערעווערזעוו'שן צוקער־זאַוואָד (אין קורסקער גוב.), וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1858 יאָר אינ'ם מאַיאָנטעק פון דער גרעפין קליינמיכעל. אַזוי ווי די פריצישע פאַרוואַלטונג האָט ניט פאַרשטאַנען, ווי צו פירן די אונטערנעמונג, האָט דער זאַוואָד סיסטעמאַטיש געגעבן נאָר היזק. בשעת אָבער אין די 70־ער יאָרן האָט אים אַריינגענומען אין זיינע הענט הערץ באַלאַכאָווסקי, וואָס איז געווען אַ גרויסער ספּעציאַליסט אין דער צוקער־פאַבריקאַציע, איז דער עיסק אַוועק אַזוי גוט, אַז ניט נאָר ער, דער אַרענדאַטאָר אַליין, איז דערפון רייך געוואָרן, נאָר ער האָט אויך געדעקט אַלע חובות, וואָס זיינען געלעגן אויפ'ן מאַיאָנטעק א.א.וו.[6]

בכלל איז צו באַמערקן, אַז אין די פריערדיגע יאָרן האָבן זיך די אידישע צוקער־פאַבריקאַנטן מער אינטערעסירט מיט דער טעכנישער זייט פון דער פּראָדוקציע, איידער אין די לעצטע יאָרן. אי ישראל בראָדסקי, אי מאַרקוס זאַקס, וועלכער האָט געאַרבעט אויף דעם קיסעלעווער זאַוואָד, זיינען געווען מער פאַבריקאַנטן איידער סוחרים. אַ סך מיה אויף דער אויסבעסערונג פון דער טעכנישער זייט פון דער צוקער־פּראָדוקציע האָט אַוועקגעלייגט אויך לאַזאַר בראָדסקי, וועלכער האָט אויף זיינע זאַוואָדן איינגעפירט די נייסטע מאַשינען און שטענדיג געהאַלטן אין איין נאָכקוקן די לעצטע ערפינדונגען אויף דעם געביט אין מערב־אייראָפּע. כדי צו באַקענען די אַרומיגע פּויערים מיט די נייעסטע ראַציאָנעלע פאָרמען פון לאַנדווירטשאַפטליכער אַרבעט און ספּעציעל, ווי אַזוי צו זעצן און באַאַרבעטן בוראַקעס, פלעגן אויף זיינע זאַוואָדן איינגעאָרדנט ווערן מוסטער־ווירטשאַפטן. נאָר מער ווי באַ אַלע איבעריגע אידישע צוקער־פאַבריקאַנטן איז די טעכניש־אינדוסטריעלע זייט פון דער פאַבריקאַציע געווען באַליבט באַ הערץ באַלאַכאָווסקי און משה האַלפּערין: ביידע פלעגן איבערנעמען זאַוואָדן אין דעם ערגסטן צושטאַנד און ברייגען זיי צו דער העכסטער מדרגה פון אויפבליה. באַלאַכאָווסקי האָט אין משך פון זיין טעטיגקייט אין דער אוקראַינישער צוקער־בראַנזשע באַוויזן אויסצובויען און איבערצובויען אַ באַדייטנדיגן טייל פון די צוקער־זאַוואָדן אין קורסקער גובערניע, וועלכע האָבן ביז דער רעוואָלוציע געשמט פאַר די בעסטע און פּראָדוקטיווסטע אונטערנעמונגען פון דעם מין אין לאַנד. דאָס אייגענע האָט אויפגעטון האַלפּערין אין קיעווער און אין קורסקער גובערניע.

אין דער אייגענער צייט, ד.ה. זינט די 70־ער יאָרן, פאַרגרעסערט זיך אויך באַדייטנדיג די צאָל צוקער־זאַוואָדן, וועלכע אידן בויען אויף אייגענעם חשבון און אייגענער איניציאַטיוו. אויב מ'זאָל גלויבן דעם מעמאָראַנדום פונם גענעראַל־גובערנאַטאָר פונם

[4] זעה די מאטיוון צום געזעץ פונם 29־טן יאנואר 1868, וואס האט דערלויבט אידן צו ארענדירן בא די פריצים צוקער־זאוואדן און אנדערע פאבריק־אונטערנעמונגען:

„היות ווי אין מערב־קאנט איז די אינדוסטריע און דער האנדל כמעט אויסשליסליך אין אידישע הענט און חוץ אידן איז דארט כמעט אוממעגליך צו געפינען מענשן, וואס זאלן פארמאגן די נויטיגע טעכנישע קענטעניש[ן] און אויך דערפארונג אויף צו קאנען אנפירן מיט מילן און זאוואדן, שטעלט דער פארבאט פוי אפצוגעבן אידן אין ארענדע אזעלכע אונטערנעמונגען אין זייער א שווערע לאגע די רוסישע גוטבאזיצער און קאן אפילו חרוב מאכן איניגע מילן און זאוואדן, וואס וואלט זיך שווער אפגערופן ניט נאר אויף דער אינדוסטריע און לאנדווירטשאפט פון מערב־קאנט, נאר אויך אויף דער קאלאניזאציע פון רוסישע גוטבאזיצער אין דאזיגן קאנט.“ В.Леванда, Полный хронологическій Сборникъ законовъ и положеній, касающихся евреевъ. СПБ. 1874 стр. 1092.

[5] ביז 1854 האט ישראל בראדסקי קיין דירעקטע שייכות צו דעם זאוואד ניט געהאט. ערשט אינ'ם דאזיגן יאר האט ער אים גענומען אין ארענדע און שוין אין 1855 יאר אינגאנצן איבערגעבויט.

[6] אזוינע פאקטן קאן די געשיכטע פון דער אוקראינישער צוקער־אינדוסטריע פארצייכענען גאר א סך. משה האלפערין איז געווען ניט קיין קלענערער בריה ווי באלאכאווסקי. בשעת ער האט איבערגענומען סוף 70־ער יארן דעם סקאמאראכער צוקער־זאוואד, האט זיך דער דאזיגער געפונען אין זייער א שלעכטן צושטאנד און האט מער ווי היזק דעם בעל־הבית ניט געגעבן. בא האלפערינען אין די הענט האט ער אנגעהויבן געבן גרויסע ריוחים. דאס אייגענע איז אויך פארגעקומען מיט דעם שפאלער צוקער־זאוואד, וועלכן ער האט איבערגענומען בא אורוסאוון און געבראכט אין א גלענצענדן צושטאנד א.א.וו.

# טעקסט פון אפמאך וועגן אויסבויען דעם צוקער־זאַוואָד אין רוסקאָ־פּאָליאַנאַ

[לויט: Статист. описаніе Кіевск. губ. изд. Ив. Фундуклеемъ подъ ред. проф. Д. Журавскаго, ч. III. ч. 18-18. СПБ. 1852.]

יאָר 1844, אַפּריל דעם 3־טן. דער פריץ פון טשערקאַסער קרייז וו. פ. ז . . . און דער סוחר פון 2־טער גילדיע ב . . . האָבן געשלאָסן צווישן זיך פאלגנדיגן אָפּמאַך: 1/. איך, דער פריץ בין זיך מתחיב אויסצובויען אין דאָרף ר . . . [רוסקאָ־פּאָליאַנאַ], טשערקאַסער קרייז אין יאָר 1844 אַ צוקער־זאַוואָד מיט צוויי הידראַווילישע פרעסן, מיט דער נויטיגער צאָל קעסלען און אנדער געפעס אויף איבעראַרבעטן 800 פוד בוראַקעס א מעת־לעת, ווי אויך אוועקצושטעלן אלע אנדערע איינריכטונגען פאַר דער פאַבריקאַציע. 2/. פאַרזייען מיט בוראַקעס אין דאָרף ב . . . און אין מיינע אנדערע פאָסעסיעס פאר דער צייט, וואס דער אָפּמאַך איז געשלאָסן, ניט ווייניגער פון זעכציג דעסיאַטין א יאָר, זיי גוט באַאַרבעטן, דריי מאָל אין יאָר רייניגן, רעכטצייטיג אראָפּנעמען די בוראַקעס און זיי צושטעלן צום זאַוואָד. 3/. צונעמען אַ באַגלויבטן און דערפאַרענעם צוקער־קאָכער, וואָס זאָל פירן די פאַבריקאַציע, אַ משגיח, וואס זאָל צוקוקן אויף דער אַרבעט, און בוכהאַלטערס פאַר די פאַבריק־חשבונות. 4/. צושטעלן פאר דעם איבעראַרבעטן די בוראַקעס די נויטיגע צאָל אַרבעטער, קוילן, האָלץ, קאַלך, זעק צום איינפרעסן און לייוונט צום פילטרירן, פּראָוויאַנט פאַר די אַרבעטער און פוראַזש פאר די מאַשין־פערד, באַלייכטונג פאַרן זאַוואָד, הכלל אלץ, וואס וועט זיין נויטיג פאַר דער פאַבריקאַציע. 5/. דער סוחר ב . . . איז זיך מתחיב אויסצאָלן מיר, ז . . . 6000 רובל זילבער בדרך הלואה אָן פּראָצענט, פאַר דער צייט, וואָס דער אָפּמאַך איז געשלאָסן, אויף אויסצובויען דעם זאַוואָד, אין פאלגנדיגע ראַטעס: דעם 15־טן אַפּריל — 1000 רובל, דעם 15־טן מאַי — 1000 רובל, דעם 15־טן יוני — 1000 רובל; די איבעריגע 3000 רובל איז ער זיך מתחיב צו געבן מיט געפעס פון גוטער קוואַליטעט, ווי, למשל, פרעסן, קעסלען און אנד. און עס צושטעלן צום זאַוואָד ניט שפּעטער פון 15 אויגוסט. זאל דאס צוגעשטעלטע געפעס באַטרעפן מער פון 3000 רובל זילבער, מוז ז . . . באַצאלן דעם עודף, און, פאַרקערט, זאל זיין ווערט זיין נידריגער, מוז ב . . . דערצאָלן דעם רעשט ביז 3000 רובל זילבער. די דאָזיגע סומע איז ז . . . מחויב אָפּצוצאָלן ב . . . אין פולער מאָס נאָך דעם, ווי ס'וועלן איבערגעאַרבעט ווערן 18000 בערקאָווצעס בוראַקעס. 6/. דער סוחר ב . . . מוז נעמען אויף זיך די העלפט פון די פּראָדוקציע־הוצאות, און דעריבער איז ער זיך מתחיב יעדעס יאר, כל זמן דער אָפּמאַך איז גילטיג, געבן צושטייער אויף דער פאבריקאַציע פאַר דער העלפט בוראַקעס, וואס וועלן צוגעשטעלט ווערן דעם זאַוואָד, צו 1·45 רובל זילבער פון אַ בערקאָוועץ. 7/. דער גאַנצער ריוח, וואָס וועט אריינפאלן אַ יאר פונם פארקויף פון צוקער אין ערשטער און צווייטער קריסטאַליזירונג, ווערט געטיילט האַלב אויף האַלב צווישן ב . . . און ז . . . . די פארקויף־אָפּעראַציעס ווערן געמאכט מיט'ן הסכם פון ביידע צדדים. 8/. דער אָפּמאַך ווערט געשלאָסן אויף דריי אָפּעראַציע־יאָר. 9/. אויב אין משך פון דער דאָזיגער צייט וועט איבערגעארבעט ווערן ווייניגער פון 18000 בערקאָווצעס בוראַקעס, בלייבט דער אָפּמאַך אויך אויף ווייטער גילטיג, כדי ב . . . זאל אויף אַזאַ אופן קאָנען באַקומען אַלע ריוחים, וואס ער האָט פאַר זיך אויסגערעדט, און, פאַרקערט, אויב אין משך פון דער דריי־יאָריגער אַרבעט וועט איבערגעאַרבעט ווערן מער פון 18000, איז זיך ב . . . מתחיב דערצאָלן פון יעדן איבעריגן בערקאָוועץ צו 1 רובל אסיגנאַציעס פאַבריקאַציע־הוצאות, און דערנאָך ערשט באַקומען זיין חלק ריוח. 10/. אויב ז . . . וועט אין משך פון דריי יאָר אָדער נאָכדעם ווי ס'וועלן איבערגעאַרבעט ווערן 18000 בעריקאָווצעס בוראַקעס, ניט אָפּצאָלן די אַנטליענע 6000 רובל זילבער, בלייבט דער אָפּמאַך אויך ווייטער גילטיג. ב . . . האָט רעכט אויף די נוצן פון דער פאַבריקאַציע, וועלכע זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן אין קאָנטראַקט, אזוי לאַנג, ביז וואַנען ז . . . וועט אים ניט אָפּצאָלן אַלע 6000 רובל זילבער, וואָס האָט צו געשייען דעם 1־טן יולי. אויב ב . . . וועט וועלן, האט ער דאס רעכט אוועקצושטעלן באַ דער וואָג זיינעם אַ מענשן. 11/. נאָך דעם ווי ב . . . האט באַקומען צוריק זיינע 6000 רובל, בלייבט דער זאַוואָד דאָס אייגענטום פון ז . . . און ב . . . קאָן ניט האָבן אויף אים קיין שום פּרעטענזיעס. 12/. פאר דער צייט פון בויען דעם זאַוואָד און דער פאַבריקאַציע פון זאַמד־צוקער האָט ב . . . קיין רעכט ניט אַריינצומישן זיך אין די פאַראָרדנונגען פון הער ז . . ., און דאַרף נאָר באַקומען חודש־באַריכטן וועגן דער צאָל בוראַקעס, וואָס ווערן איבערגעארבעט, וועגן דער צאָל אויסגעאַרבעטן צוקער און ס'איז אים ניט פאַרווערט פערזענליך אריינצוקוקן אין די פאַבריק־חשבונות.

* *

*

דרום־מערב־קאַנט, וואָס איז אין 1872 יאָר צוגעשטעלט געוואָרן אַלעקסאַנדער II, האָבן אידן דעמאָלט שוין פאַרמאָגט אַ פערט חלק ¼ פון אַלע רוסיש־אוקראַינישע צוקער־זאַוואָדן. ס'איז מעגליך, אַז די אָפיציעלע סטאַטיסטיק האָט אַביסל איבערגעטריבן דעם אָנטייל פון אידן. יעדנפאַלס די ידיעות, וועלכע דער דאָזיגער מעמאָראַנדום ברענגט וועגן דער פּראָדוקטיווקייט פון די אידישע צוקער־זאַוואָדן — בס"ה 1,2 מיליאָן פוד צוקער אַ יאָר,— ווייזן, אַז אין פאַרגלייך מיט דער רוסיש־אוקראַינישער צוקער פּראָדוקציע בכלל[7] האָט די פּראָדוקציע פון די אידישע זאַוואָרן אויסגעמאַכט בלויז אַן אַכטל. אַזוי צי אַנדערש, אָבער דער דערמאָנטער אָפיציעלער דאָקומענט פון 1872 יאָר כאַראַקטעריזירט ריכטיג די טענדענץ, וואָס טרעט בולט אַרויס אָנהויב די 70־ער יאָרן — דאָס שטייגן פונם אידישן איינפלוס אין דער אוקראַינישער צוקער־אינדוסטריע.

צו יענער צייט וויקלט זיך פאַנאַנדער אין איר גאַנצער ברייט־קייט די טעטיגקייט פון דער פאַמיליע בראָדסקי (ישראל בראָד־סקי מיט זיינע זין, באַזונדערס לאַזאַר בראָדסקי). אין 1873 יאָר האָבן זיי אָרגאַניזירט די אַלעקסאַנדראָווישע צוקער־זאַוואָדן־געזעלשאַפט (דער סטאַטוט איז באַשטעטיגט געוואָרן דעם 20 יולי 1873), וואָס האָט אַרומגענומען איינינע גרויסע זאַוואָדן און איז שפּעטער אויסגעוואַקסן צו דער גרעסטער אונטערנעמונג פון דער צוקער־אינדוסטריע אין אוקראַינע. צו דער אייגענער צייט אַנטוויקלען אויך אַ ברייטע אָרגאַניזאַציע־ און בוי־טעטיגקייט יונה זייצעוו, הערץ באַלאַכאָווסקי, עטוואָס שפּעטער, משה האַלפּערין, מאַרקוס זאַקס אַ. אַנד. אין דער 2־טער העלפט פון די 70־ער יאָרן און אין די 80־ער יאָרן גייט דאָס אַריינדרינגען פון אידן אין דער אוקראַינישער צוקער־אינדוסטריע אַלץ ווייטער און ווייטער. אמת, די „צייטווייליגע תקנות" פונם 3־טן מאַי 1882, וואָס האָבן אידן אינגאַנצן פאַרווערט צו קויפן און אַרענ־דירן אויסערשטאָטישע נחלאות אין תחום, ווי אויך וואוינען אויפן לאַנד, האָבן לכתחלה אַביסל פאַרהאַלטן דאָס אויפקומען פון נייע אידישע זאַוואָדן. באַלד אָבער האָבן אידישע אונטערנעמער גע־פונען אַ מיטל, ווי אַזוי אָפּצושוואַכן אָדער כמעט אינגאַנצן צו פאַראַליזירן די דאָזיגע גזירה. אידן האָבן גענומען מאַכן זייערע אייגענע זאַוואָדן, ווי אויך די, וועלכע זיי האָבן גע־האַלטן אין אַרענדע, פאַר אַקציע־ אָדער פאַי־אונטערנעמונגען, אויף וועלכע די דערמאָנטע באַגרענצונגען זיינען דעמאָלט נאָך ניט חל געווען; איינינע פון די גרויסע צוקער־זאַוואָדן, וואָס זיינען אויפגעקומען אָדער איבערגעבויט געוואָרן אין די 60־ער און 70־ער יאָרן מיט דעם אָנטייל פון אידישן קאַפּיטאַל, זיינען לכתחילה געגרינדעט געוואָרן אַלס אַקציע־געזעלשאַפטן. אָבער אַ מאַסן־כאַראַקטער נעמט די דאָזיגע דערשיינונג אָן אין דער 2־טער העלפט פון די 80־ער און אין די 90־ער יאָרן.

דאָס שווער־געוויכט פונ'ם אידישן איינפלוס אין דער צוקער־אינדוסטריע ליגט אָבער אינם באַשאַפן און אָרגאַניזירן אַ אָפּזאַץ־מאַרק פאַר די פּראָדוקטן פון דער דאָזיגער אינדוסטריע. אַלע גרויסע אידישע טוער אין דער בראַנזשע — די בראָדסקיס, די זייצעווס, האַלפּערין, שירמאַן, פרענקעל, זאַקס — אַלע די, מיט וועמענס נאָמען ס'איז אין אַ באַדייטנדיגער מאָס פאַרבונדן דער גורל פון דער אוקראַינישער צוקער־אינדוסטריע אינם לעצטן פערטל פון 19־טן יאָרהונדערט, האָבן דערגרייכט זייער איינ־פלוס אַדאַנק דעם זייער קונציג אָרגאַניזירטן אָפּזאַץ.

אין דער ערשטער צייט פון איר אַנטוויקלונג האָט די או־קראַינישע צוקער־אינדוסטריע געהאַט זייער אַ שוואַכן אָפּזאַץ. אַפילו בנוגע צו די 60־ער און אָנהויב 70־ער יאָרן, בשעת ס'זיינען שוין געווען דורכגעפירט איינינע באַנען דורך אוקראַינע און אַנדערע געגענטן פון רוסלאַנד, קאָן מען פון אַ אָרגאַניזירטן אָפּזאַץ־מאַרק ניט רעדן, הגם דער אַרויספיר פון אוקראַינישן צוקער אין די שכנישע געגענטן (ליטע, ווייסרוסלאַנד) און אויך טיפער אין רוסלאַנד האָט פון יאָר צו יאָר געוואַקסן. אַ פעסטן יסוד פאַר דעם אָפּזאַץ פון צוקער האָבן אַוועקגעלייגט די שטענדיגע לאַגערס און אַגענטור־אָפּטיילונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צו גרינדן אין די פאַרשידנסטע מקומות פון רוס־לאַנד זינט דעם סוף פון די 70־ער און באַזונדערס אין די 80־ער יאָרן. די איניציאַטיוו אין דעם פרט געהערט ישראל בראָדסקי. אין אַ פאַרהעלטניסמעסיג קורצער צייט האָט ער געעפנט 60 לאַגערס און אַגענטור־פיליאַלן כמעט אין אַלע ווינקלעך פונם דעמאָלטיגן רוסלאַנד, ובתוכם אויך אין קאַווקאַז, סיביר, און אַביסל שפּעטער אויך אין מיטל־אַזיע — טורקעסטאַן, כיווע און בוכאַרע. דער רעזולטאַט פון דער דאָזיגער אַרבעט איז געווען זייער אַ שטאַרקע פאַרגרעסערונג פונם אָפּזאַץ. איידער בראָד־סקי האָט געעפנט זיין לאַגער אין טיפליס, פלעגט דער אוקראַינישער צוקער קיין קאַווקאַז גייען אין הונדערטער פודן; נאָכ־דעם ווי ס'איז געגרינדעט געוואָרן דאָרטן דער דאָזיגער לאַגער (שפּעטער—אויך לאַגערס פון אַנדערע פירמעס), דערגרייכט דאָרט דער אָפּזאַץ פון אוקראַינישן צוקער צענדליגער און הונדערטער טויזנט פוד. ס'איז בכלל אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אויף קאַווקאַז האָט דער עולם אַ לאַנגע צייט געמיינט, אַז אויסער בראָד־סקי'ס צוקער ווערט אין רוסלאַנד קיין אַנדערער ניט אויסגעאַר־בעט. אָבער אויך אין אַנדערע געגענטן פון רוסלאַנד האָט בראָד־סקי'ס ראַפינאַד־צוקער געהאַט דעם שם פאַר'ן בעסטן פון דעם מין כמעט ביז'ן סוף פונם 19־טן יאָרהונדערט. אין זיין שטרעבן צו פאַרגרעסערן דעם אָפּזאַץ פלעגט זיך ישראל בראָדסקי ניט אָפּשטעלן פאַר קיין שום הוצאות. סוף 70־ער יאָרן איז די צוקער־פּראָדוקציע אין אוקראַינע אויף אַזוי פיל געוואַקסן, אַז דער אינער־וועניגסטער מאַרק איז שוין ניט געווען גענוג פאַר איר, האָט ער צעוואָרפן דעם טשערקאַסער צוקער־זאַוואָד, אויף וועלכן ער האָט אַוועקגעלייגט אַ סך כחות, און אַריבערטראָגן זיין הויפּט־טעטיגקייט קיין אָדעס, ווייל פון דאָרטן איז געווען נאָענטער און באַקוועמער צו טראַנספּאָרטירן ראַפינאַד קיין אויסלאַנד (פערסיע, טערקיי א.א.וו.)

אויסער ישראל בראָדסקי און זיינע זין, האָבן פאַר דער פאַרברייטערונג פונם צוקער־אָפּזאַץ אַ סך אויפגעטאָן אין די פריערדיגע יאָרן יונה זייצעוו און זיינע קינדער, משה האַלפּערין, מ. זאַקס, שירמאַן און אַנד. זיי אַלע ווערן באַזונדערס אַקטיוו אין דער 2־טער העלפט פון די 80־ער יאָרן, נאָך דעם קריזיס פון 1885־86 יאָר, בעת די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון די צוקער־פאַבריקאַנטן האָט זיך קאָנצענטרירט אויף דער פראַגע פונם אָפּזאַץ. אַזוי זעהען מיר, ווי שירמאַן פאַרבינדט זיך דורך מאָסקווע און אַסטראַכאַן מיט פערסיע, וועלכע הויבט ראַן אָן, אַדאַנק דער מיה פון די אידישע צוקער־פאַבריקאַנטן און אַגענטן, צו ווערן איינער פון די וויכטיגסטע אויסלענדישע

[7] לויט דער טאבעלע, וואס ווערט געבראכט בא טאלפיגין (Толпыгинъ: Ежегодникъ по сахарной пром. на 1913-1914, стр.319) האט די פראדוקציע פון אלע רוסלענדישע זאוואדן אין 72—1871 דערגרייכט נאר 9,65 מיל. פוד. די פראדוקציע פון די אוקראינער זאוואדן אליין איז נאטירליך געוועזן עטוואס קלענער.

אָפּזאַץ־מערק פאַר דעם רוסישן צוקער.[8] משה האַלפּערין הויבט דער ערשטער אָן צו פירן אוקראַאינישן צוקער קיין פינלאַנד און נאָרוועגיע; זאַקס האָט נאָך אין די 70־ער יאָרן געפירט צוקער קיין מערב־אייראָפּע. א.א.וו. אָט די אַלע דערמאָנטע פערזאָנען האָבן געהאַט הינדערטער אַגענטן און קאָמיסיאָנערן־אידן, וועלכע פלעגן באַרייזן דאָס אייראָפּעאישע און אַזיאַטישע רוסלאַנד ביז וולאַדיוואָסטאָק, ניט דורכלאָזנדיג אַפילו די פאַרוואָרפענסטע געגנטן. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז דאָס בנוגע צו טורקעסטאַן און די מיטל־אַזיאַטישע פּראָווינצן, וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד ערשט אין דער 2־טער העלפט פון די 80־ער יאָרן, גראָד דאַן, ווען אין דער אוקראַאינישער צוקער־בראַנזשע האָט געהערשט אַ גרויסער קריזיס. דאָס רוסישע מיליטער האָט קוים באַוויזן צו פאַרנעמען אַ שטאָט, ווי מיר זעהען שוין דאָרטן דעם אידישן צוקער־אַגענט פונם שכנישן מקום.

די פּוילישע און רוסישע צוקער־פאַבריקאַנטן — די פּאָטאָצקים, טערעשטשענקאָס, באָבּרינסקי, כאַריטאָנענקאָ — זיינען פיל רייכער געווען איידער די אידישע אונטערנעמער און סוחרים. אָבער בעת די ערשטע האָבן געוואָלט האָבן גרויסע רווחים, האָבן זיך די אידן באַנוגנט מיט אַ סך קלענערע פאַרדינסטן. די פּוילישע און רוסישע פאַבריקאַנטן פלעגן אין די פריערדיגע צייטן פאַרקויפן זייער סחורה הויפּטזאַכליך אויפן אָרט—אויפן זאַוואָד גופא אָדער פון דער נאָענטסטער באַן־סטאַנציע—הורט־ווייז און האָבן זיך כלל ניט אינטערעסירט מיט די ווייטע מערק. די אידן אָבער, וואָס פלעגן באַ זיי געוויינליך אָפּקויפן די פּראָדוקציע פון די זאַוואָדן, האָבן, נאַטירליך, ניט געקאָנט אָפּזעצן די גאַנצע מאַסע צוקער דאָ אויפן אָרט אָדער אין דער נאָענטער סביבה און האָבן געמוזט זוכן ווייטערע און גאָר ווייטע מערק. דאָס באַמערקן מיר ניט בלויז באַ די אידישע צוקער־סוחרים, נאָר אויך באַ די אידישע אונטערנעמער, וועלכע האָבן זיך טאַקי שטאַרק אינטערעסירט אויך מיט דער קאָמערציעלער זייט — מיט דעם אָפּזאַץ פון צוקער—אַ סך מער ווי די קריסטליכע פאַבריקאַנטן.

ביז אַהער האָבן מיר גערעדט וועגן דעם אָנטייל פון אידן אין דער אַנטוויקלונג פון דער אוקראַאינישער צוקער־אינדוסטריע. מיר האָבן געזעהן, וואָס אידן האָבן אויפגעטאָן הן פאַר דעם טעכניש־אָרגאַניזאַציאָנעלן אויפבוי פון דער דאָזיגער אינדוסטריע, הן באַ דער באַשאַפונג פון אַ אָפּזאַץ־מאַרק פאַר אירע פּראָדוקטן. לאָמיר זעהען, ווי גרויס איז געווען דער אָנטייל פון אידן אין דאָזיגן ווירטשאַפטס־צווייג אין די לעצטע יאָרן.

אויב מיר וועלן נעמען די 234 אוקראַאינישע צוקער־זאַוואָדן, וועגן וועלכע אין די לעצטע 2 „יאָרביכער פון טאָלפּיגין" (פאַר די יאָרן 1913/14 און 1914/15) ווערן געבראַכט ידיעות וועגן די בעלי־בתים, אַרענדאַרעס און פערזאָנען פון דער העכערער אַדמיניסטראַציע, — געפינען מיר צווישן זיי 76 אידישע זאַוואָדן, ד. ה. אַז כמעט אַ דריטל (32,5%) פון אַלע צוקער־זאַוואָדן אין אוקראַינע איז געלעגן אין אידישע הענט; אויף 475 פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער אין די צוקער־אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן געהאַט אַ אַקציאָנערע פאָרם, געפינען מיר 203 אידן ד. ה. 42,7%; אויף 192 דירעקטאָרן — 70 אידן,

[8]) פון 300 טויזנט פוד אין 1885—86 יאר האט זיך דער ארויספיר פון צוקער קיין פערסיע אויפגעהויבן אין 1912 יאר ביז 5.349 טויזנט פוד, ד.ה. פאר 27 יאר איז ער פארגרעסערט געווארן 18 מאל. פארגלייך: „Записка группы финансистовъ и сахарозаводчиковъ объ организаціи сахарной монополіи въ Персіи." (Апрѣль 1915.)

וואָס ס'מאַכט אויס 36,4%.[9]) אין 1904 יאָר האָבן די מחברים פונם ביכל: „דער אמת וועגן די רוסישע אידן" באַרעכנט דעם אָנטייל פון אידן אין צוקער־אינדוסטריע פונם דרום־מערב קאַנט אינם יאָר 1902 אויף אַ דריטל.[10])

אַביסל שפּעטער, אין 1910 יאָר האָט דער דומע־דעפּוטאַט וו. זשוקאָווסקי צווישן 578 פאַרוואַלטונג־מיטגלידער אין די צוקער־אונטערנעמונגען פון מערב־קאַנט אויפגעציילט 182 אידן,[11]) וואָס ס'מאַכט אויס 31,5% פון דער אַלגעמיינער צאָל. דאָס דערקלערט זיך מיט די באַגרעניצונגען פאַר אידן, וועלכע זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט און האָבן כמעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט דעם בוי פון נייע צוקער־זאַוואָדן.[12]) דאָס געזעץ פונם 11־טן אַפּריל 1900 האָט באַשטימט אַ רייע באַגרעניצונגען פאַר דעם אָנטייל פון אידן אין די פאַרוואַלטונגען פון די אַקציע־אונטערנעמונגען, וואָס אַרבעטן אין דער צוקער־בראַנזשע. דאָס געזעץ פונם 10־טן מאַי 1903 און פלעווס צירקולאַר פון 1904 יאָר האָבן פאַרבאָטן אידן אי קויפן אי נעמען אין אַרענדע ערד אויך מחוץ לתחום, וואָס ס'איז אַפילו נאָך די מאַי־געזעצן פון 1882 יאָר געווען מעגליך. אָט צוליב די דערמאָנטע געזעצן האָט זיך כמעט לגמרי אָפּגעשטעלט דער בוי פון נייע צוקער־זאַוואָדן בכלל און פון אידישע בפרט.[13]) גלייכצייטיג הויבט זיך אויך אָן צו בייטן דער כאַראַקטער פון די אַלטע אונטערנעמונגען. ס'פאַרקלענערט זיך ביסלאַכווייז די צאָל פון די מיטעלע און קליינע זאַוואָדן, וואָס טראָגן אַ לאַנדווירטשאַפטליכן כאַראַקטער (באַ וועלכע די מעת־לעת־פּראָדוקציע דערגרייכט ביז 2000—1800 בערקאָוועצעס), און ס'פאַרגרעסערט זיך די צאָל פון אונטערנעמונגען, וואָס טראָגן אַ גרויס־אינדוסטריעלן כאַראַקטער, באַ וועלכע די פּראָדוקטיוויקייט דערגרייכט 4000 און מער בער־

[9]) פאר גאנץ רוסלאנד מיט פוילן (אין די גרעניצען פון 1914 יאר) האבן מיר בנוגע צו דעם אנטייל פון אידן כמעט די אייגענע פראפארץ. אויף 300 זאוואדן זיינען געווען ארום 100 אידישע, ד.ה. 1/3 אויף 743 פארוואלטונג־מיטגלידער—283 אידן, אדער 38%; אויף 253 דירעקטארן—83 אידן, ד.ה. 32,8%. די ציפער זיינען גענומען פון טאלפיגינס יארבוך פאר דער צוקער־אינדוסטריע פארן יאר 1914/15. בנוגע צו די אונטערנעמונגען, וועגן וועלכע אין דעם דאזיגן יארבוך זיינען קיין ידיעות ניטא (למשל, די פוילישע זאוואדן), זיינען באנוצט געווארן די באריכטן פון די באטרעפנדיגע אקציע־געזעלשאפטן.

[10]) М. Авксентьевъ и А. Дружининъ: „Правда о русскихъ евреяхъ", Кіевъ 1904 стр. 45 פון דער טאבעלע „די לאגע פון דער צוקער־אינדוסטריע אינ'ם דרום־מערב־קאנט", וואס ווערט דארט געבראכט, איז אויך צו זעהען, אז די אידישע צוקער־אונטערנעמונגען האבן אין קיעווער, פאדאלער און וואלינער גובערניעס געהאט אין זייער באזיץ איבער א העלפט (51%) פונם גרונט־קאפיטאל פון דער צוקער־אינדוסטריע אין דערמאנטן קאנט, באם אפילו מיר וועלן אלע אונטערנעמונגען, וועלכע די מחברים רעכענען פאר „אומבאשטימטע", האלטן פאר ריין קריסטליכע.

[11]) פגל. זיין ארטיקל: „Интеллигенція въ Западномъ Краѣ", Рѣчь № 136 פונם 20־טן מאי 1910. דער דאזיגער ארטיקל איז ערשינען בעת די דומע האט באהאנדלט די פראגע וועגן איינפירן די זעמסטוועס אין די 6 מערב־גובערניעס. זשוקאווסקי האט ניט אריינגענומען אין זיין חשבון די צוקער־זאוואדן פון קורסקער, טשערניגאווער, פאלטאווער און כארקאווער גוב., און אויך ניט די זאוואדן פון פוילן. דערמיט דערקלערט זיך די קלענערע צאל פון פארוואלטונג־מיטגלידער בכלל און פון אידן בפרט.

[12]) בפרטורוס וועגן דעם רעדט נ. סירקין אין זיין בראשור: „Законодательство объ акціонерныхъ предпріятіяхъ и интересы русской сахарной промышленности", Кіевъ 1916.

[13]) לויט די ידיעות, וועלכע ס'האט פובליקירט די אלרוסלענדישע געזעלשאפט פון די צוקער־פאבריקאנטן (פארגלייך: Л. Ф. Волоховъ: Сахарная промышленность Россіи въ цифрахъ, Кіевъ 1913) האבן אין רוסלאנד אינ'ם סעזאן 1891—92 געארבעט 225 צוקער־זאוואדן און אין 1900 יאר, ד.ה. צו דער צייט, ווען ס'איז ארויס דאס אויבן־דערמאנטע באגרענצונג־געזעץ, האט די צאל פון די דאזיגע דערגרייכט 274, ד.ה. די צאל פון די צוקער־זאוואדן איז אויסגעוואקסן אויף 49, וואס ס'גיט א יערליכן צוואוקס פון איבער 5 אונטערנעמונגען; גאר אנ'אנדער בילד זעהן מיר אינ'ם אנדערן יארצענט. אין 1901/02 האבן געארבעט 278 זאוואדן, אין 1910/11—277, ד.ה. פאר 10 יאר איז ניט בלויז ניט צוגעקומען קיין נייע אונטערנעמונגען, נאר ס'האט זיך נאך פארמאכט איין אלטער זאוואד.—פגל. סירקין אין דער ציטירטער בראשור, ז. 3

קאָווצעס בוראַקעס אין אַ מעת־לעת. די צאָל זאַוואָדן, וואָס געהערט אידן, בלייבט אומפאַרענדערט, אָבער זייער פּראָדוקטיווקייט וואַקסט אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס, ווי די פּראָדוקטיווקייט פון די זאַוואָדן, צו וועלכע אידן האָבן קיין שייכות ניט.[14] מיר קאָנען בכן זאָגן, אַז די אויבנגעבראַכטע ציפער, וועלכע כאַראַקטעריזירן דעם קוואַנטיטאַטיוון אָנטייל פון אידן אין דער אוקראַאינישער צוקער־אינדוסטריע, זיינען גיכער קלענער, איידער אין דער ווירקליכקייט.

אידן האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט אַ באַדייטנדיגן טייל פון די גרעסטע צוקער־אונטערנעמונגען אין אוקראַאינע. אַלס „אידישע" אונטערנעמונגען האָבן זיך פריער גערעכנט: די אַלעקסאַנדראָווער געזעלשאַפט פון צוקער זאַוואָדן, דער לויתן פון דער אוקראַאינישער צוקער־אינדוסטריע, געגרינדעט דורך ישראל בראָדסקי און אויסגעהאָדעוועט דורך זיינע קינדער; די געזעלשאַפט „זערנאָסאַכאַר" (אַרום 11 זאַוואָדן), די קורסקער געזעלשאַפט (האַלפּערין), די גריגאָראָווער אונטערנעמונג (אַ פאַמיליע־אונטערנעמונג פון די וייצעוו׳ס). באַזונדערס בולט איז אַרויסגעטראָטן דער אָנטייל פון אידן אין דער פּראָדוקציע פון ראַפינאַד. בלויז די זאַוואָדן פון די ברידער בראָדסקי האָבן אָנהויב 90־ער יאָרן געגעבן כמעט אַ פירטל פון דער גאַנצער רוסלענדישער ראַפינאַד־פּראָדוקציע[15] (בנוגע צו דער פּראָדוקציע פון ראַפינאַד אין אוקראַאינע אַליין איז דער פּראָצענט־חלק פון בראָדסקים זאַוואָדן, נאַטירליך, געווען נאָך גרעסער). אין דער צוקער־קאַמפּאַניע 1914/15, די לעצטע, פאַר וועלכע מיר האָבן גענויע ידיעות פון אַלע זאַוואָדן, האָבן די „אידישע" זאַוואָדן געגעבן כמעט 52% פון דער גאַנצער ראַפינאַד־פּראָדוקציע אין אוקראַאינע.[16]

אין דעם מסחר מיט צוקער איז דער אָנטייל פון אידן געווען נאָך פיל גרעסער, איידער אין דער פּראָדוקציע. מ׳קאָן אָן אַ גוזמא זאָגן, אַז 60—70 פּראָצענט פונם גאַנצן צוקער־אָפּזאַץ פלעגט אין די לעצטע עטליכע צענדליג יאָר דורכגייען דורך אידישע הענט. אויף דעם יאָרליכן „קאָנטראַקטן־מאַרק" אין קיעוו, וואו ס׳פלעגט געוויינליך פאַרטיילט און ליקווידירט ווערן די פּראָדוקציע פונם פאַרגאַנגענעם סעזאָן, האָבן אידן תמיד געשפּילט די וויכטיגסטע ראָליע. מיר האָבן אויבן געזעהן, אַז שוין אין מיטן פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן אידן אויף דעם דאָזיגן יריד פאַרנומען אַ אָנגעזעהען אָרט. ביזן אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט זיינען קיין גרויסע שנוים אין דעם פרט ניט פאָרגעקומען. אין 20־טן יאָרהונדערט, מיט דער פאַרגרעסערונג פון דער אוקראַאינישער און רוסישער באַן־נעץ איז די באַדייטונג פון די פריערדיגע יאַרידים שטאַרק געפאַלן, און אויך די קיעווער „קאָנטראַקטן" האָבן פאַרלאָרן זייער אַלטן ווערט. אויפן אָרט פונם יאַריד־און מאַרק־האַנדל איז אויפגעקומען דער בירזשע־האַנדל מיט צוקער, וואָס ליגט אויך אויף דריי־פירטל אין אידישע הענט. דאָס אייגענע קאָנען מיר אויך זאָגן וועגן דעם גאַנצן הורט־ און פאַרטיילונג־מסחר מיט צוקער און וועגן די אַגענטורן בײַ די לאַגער־אָפּטיילונגען פון די גרעסטע פירמעס.[16]

**דער נאַצי׳ באַשטאַנד פון די אנגעשטעלטע אין די קיעווער פארוואלטונגען פון די צוקער־זאַוואָדן**

**— 1919 —**

| נאַציאָנאַליטעט / שטעלע | אידן | רוסן | אוקראַינער | פּאָליאַקן | אומבאַקאַנט | צוזאַמען |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1. הויפּט־בוכהאַלטערס און בוכהאַלטערס | 32 | 13 | 7 | 9 | 1 | 62 |
| 2. עלטערע און אינגערע בוכהאַלטער־געהילפן | 60 | 21 | 25 | 18 | 10 | 134 |
| 3. אָפּטיילונג־שעפן און זייערע געהילפן | 48 | 11 | 4 | 6 | 1 | 70 |
| 4. סעקרעטאַרן, יוריסקאָנסולטן און רעוויזאָרן | 32 | 13 | 2 | 6 | 4 | 57 |
| 5. אנגעשטעלטע, מאשיניסטק. און קארעספאנדענטן | 59 | 17 | 3 | 14 | 6 | 99 |
| 6. קאַסירן און אַרטעלשטשיקעס | 7 | 21 | 4 | 3 | 3 | 38 |
| 7. דינער און קוריערן | 4 | 17 | 29 | 7 | 3 | 60 |
| סך הכל | 242 | 113 | 74 | 63 | 28 | 520 |
| אין % % | 46,6 | 21,7 | 14,2 | 12,1 | 5,4 | 100 |

אַלס כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג אינם לעצטן אַנטוויקלונגס־פּעריאָד פון דער אוקראַאינישער צוקער־אינדוסטריע איז צו פאַרצייכענען אַ באַדייטנדיגע פאַרגרעסערונג פון דער צאָל אידישע אָנגעשטעלטע (באַזונדערס אויף די העכסטע שטעלעס) אין די צוקער־זאַוואָדן און אין די פאַרוואַלטונגען פון די דאָזיגע. פון אַ טאַבעלע „העכסטע אָנגעשטעלטע אויף די צוקער־זאַוואָדן אין רוסלאַנד לויט זייער נאַציאָנאַליטעט אין דער קאַמפּאַניע 1913־14", וואָס ווערט געבראַכט אין טאָלפּיגינס יאָר־בוך פאַר 1913־14, (באַנד II, קיעוו 1915 ז. 102—103) איז צו זעהען, אַז נאָך פאַר דעם קריג האָבן אידן אויסגעמאַכט 19,3% פון אַלע העכסטע אָנגעשטעלטע אין די זאַוואָדן, 415 פון 2096. נאָך גרעסער איז דער פּראָצענט פון אידן צווישן דעם פּערסאָנאַל פון דער זאַוואָד־אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט באַקומען אַ ספּעציעלע פּראָפעסיאָנעל־טעכנישע פאָרבילדונג (הויפּטזאַכליך אַ העכערע). אַזוי, למשל, צווישן 283 כעמיקער, וואָס די זאַוואָדן האָבן פאַר־

[14] צווישן די 148 אקציע־און פאי־געזעלשאפטן, וועלכע האבן לויט די ידיעות פונם האנדל־מיניסטעריום פונקציאנירט אין רוסלאנד אין דער צוקער־אינדוסטריע אין 1911 יאר, זיינען געווען פאלגנדיגע 4 קאטעגאריעס: 1. אונטערנעמונגען, וועלכע האבן אין זייער סטאטוט קיין שום באגרעניצונגען פאר אידן ניט געהאט — 80; 2. אזוינע, אין וועלכע ס׳זיינען געווען באגרעניצונגען פאר אידן הן בנוגע צו דעם באזיץ פון אקציעס, הן בנוגע דעם אנטייל אין דער אדמיניסטראציע — 31; 3. מיט באגרעניצונגען פאר אידן נאר בנוגע דעם אנטייל אין דער אדמיניסטראציע — 4; און 4. אזוינע, אין וועלכע אידן האבן לחלוטין זיך ניט געטארט באטייליגן — 33.

באטראכטנדיג די אנטוויקלונג פון די זאוואדן פון די פארשיידענע גרופּעס נאך דעם געזעץ פון 11־טן אפּריל 1900, באקומען מיר פאלגנדיג בילד: די פּראדוקציע פון די זאוואדן, וואס געהערן צו דער גרופּע, וואו אידן זיינען ניט באגרעניצט, איז אויסגעוואקסן פון 20.2 מיל. פוד אינ׳ם סעזאן 1900/01 ביז 52,9 מיל. פוד אין 1911—12, ד. ה. זי האט זיך פארגרעסערט אויף 22% א יאר, בעת די פּראדוקציע פון די זאוואדן, אין וועלכע אידן האבן זיך ניט געטארט באטייליגן, איז פון 8,2 מיליאן פוד אין 1900—01 אויסגעוואקסן ביז 16.4 אין 1913—14, ד. ה. די דאזיגע זאוואדן האבן געגעבן א יערליכע פארגרעסערונג בלויז פון 14%.

[15] אין 1893/4 האבן אלע רוסלענדישע (מיט פּוילן) זאוואדן געגעבן 18,2 מיליאן פוד ראפינאד, דערפון בראדסקי׳ס זאוואדן — 4,1 מיל. פוד. — פארגלייך: Отчетъ департамента неокладныхъ сборовъ М-ва финансовъ за 1894 г., стр. 150, Описаніе заводовъ... Бр. Бродскихъ, Кіевъ, 1896 стр. 1.

[16] די פּראדוקציע פון אלע אוקראאינישע זאוואדן אין דער דערמאנטער קאמפּאניע האט דערגרייכט 46.208.522 פוד, דערפון אויף „אידישע" זאוואדן — 24.007.234 פוד.

[16] איינער פון די גרעסטע בירזשע־סוחרים מיט צוקער אין קיעוו איז די לעצטע 20־30 יאר ביז דער רעוואלוציע געווען יואל העפּנער. ער האט זיך הויפּטזאכליך באשעפטיגט מיט דער פארטיילונג פון זאמדצוקער צווישן די ראפינאד־זאוואדן און פלעגט מאכן אומזאץ אויף עטליכע צענדלינג מיליאן רובל א יאר.

מאַנט, געפינען מיר 79 אידן, אָדער 27,92%; צווישן 240 אויפזעהער אויף בוראַקעס־פלאַנצונגען—62 אידן, אָדער 25,83%; אידן־אַדמיניסטראַטאָרס זיינען געווען 70 אויף 273 בכלל, אָדער 25,64%; בוכהאַלטערס 71 פון 302 — 23,51%; דירעקטאָר־געהילפן—68 אויף 423—אָדער 16,08%; דירעקטאָרן—53 פון 341, אָדער 15,54%. קלענער פון אַלץ איז געווען די צאָל אידישע מעכאַניקער—12 אויף 288, וואָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די דאָזיגע שטעלעס ווערן ס'רוב באַזעצט מיט מענשן אָן אַ ספּעציעלער פאָרבילדונג, וואָס האָבן בלויז דורכגעמאַכט אַ פּראַקטישע שול אין זאַוואָד גופא.

הגם טאָלפיגינס טאַבעלע איז באַרעכנט פאַר גאַנץ רוסלאַנד, נאָר היות ווי דאָס רוב צוקער־זאַוואָדן ליגן אין אוקראַינע, און אין די פּוילישע זאַוואָדן, זיינען, ווי ס'איז צו זעהען פונ'ם פערסאָנאַל־פאַרצייכניש, לחלוטין ניטאָ קיין אידישע אָנגעשטעלטע, קאָנען מיר זאָגן, אַז בנוגע צו די אוקראַאינישע זאַוואָדן איז דער פּראָצענט פון אידישע אָנגעשטעלטע יעדנפאַלס ניט קלענער, אויב ניט גרעסער ווי 30—25 לגבי דער גאַנצער העכערער אַדמיניסטראַציע. נאָך דער פעווראַל־רעוואָלוציע 1917 איז די צאָל אידישע אָנגעשטעלטע הן אין די זאַוואָדן גופא און הן זייערע קאַנטאָרן אין קיעוו, באַדייטנדיג גרעסער געוואָרן.

בנוגע די אידישע אָנגעשטעלטע אין די קיעווער פאַרוואַלטונגען פון די צוקער־אונטערנעמונגען האָבן מיר מאַטעריאַל פון דער אַנקעטע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך דער קיעווער סעקציע פון „טרודסאַכאַר“ אין פרילינג 1919 ערב דער נאַציאָנאַליזאַציע פון דער אוקראַינישער צוקער אינדוסטריע (פגל. די טאַבעלע). פן דער דאָזיגער אַנקעטע איז צו זעהען, אַז אידן זיינען געווען ק ו אַ נ ט י ט אַ ט י ו דער שטאַרקסטער עלעמענט צווישן אַלע אָנגעשטעלטע — אַריבער 46%[17].

17) פגל. Авг. Славскій, Положеніе бывшихъ правленскихъ служащихъ въ свѣтѣ статистики, — Вістнік цукрової промисловости, Київ 1920, №2 (Лютий) стр. 87-97 табл. V

# די קיעווער אידישע קהלה אין די יאָרן 1906—16

ג. גורעוויטש

## Die Ausgaben der jüdischen Gemeinde zu Kiew vor dem Kriege

von Konsul **G. Gurevitsch**

די קיעווער קהלה האָט זיך אָפיציעל גערופן „פּרעדסטאַוויטעלסטוואָ פאָ יעווריסקאַי בלאַגאָטוואָריטעלנאָסטי פּרי קיעווסקאַי גאָראָדסקאַי אופּראַווע“. לעגאַל האָט אין קיעוו ניט געטאָרט זיין קיין אידישע קהלה, ווייל אידן האָבן קיין וואוינרעכט ניט געהאַט אין דער דאָזיגער שטאָט. אָבער פאַקטיש, ווי באַקאַנט, האָבן אין קיעוו געוואוינט אַ סך טויזנטער אידן.

דער אַרבעט־געביט פון דער קיעווער אידישער קהלה איז געווען זייער אַ ברייטער. זי האָט געהאַט אויסצוהאַלטן אַ גאַנצע ריי פאַרשיידענסטע אַנשטאַלטן פאַר דער נויטבאַדערפטיגער אידישער באַפעלקערונג — מעדיצינישע אַנשטאַלטן, גאָרקיכן, ספּעציעלע אַנשטאַלטן פאַר קינדער און אַלטע לייט, שולעס פאַר קינדער א.א.וו. ווי אויך סובסידירן פאַרשיידענע חברות פאַר צדקה און בילדונג.

מיר ברענגען דאָ די סמעטע פון דער קיעווער „קאָראָבקע“, וועלכע איז געווען כאַראַקטעריסטיש ניט פאַר איין אידישע גרויסע קהלה פון דער אוקראַינע.

די הכנסה פון דער „קאָראָבקע“ האָט געדעקט כמעט דעם גאַנצן בודזשעט פון דער קיעווער אידישער קהלה. מ'פלעגט קלייבן געלט נאָר נאָך אויף מעות חטים און אויף האָלץ ווינטער. אָפיציעל האָט די טאַקסע געהייסן „אַקציזני סבאָר ס כשערניך פּראָדוקטאָוו“.

ביז 1904 האָט די טאַקסע געגעבן הכנסה 144.000 רובל אַ יאָר; פון 1910־טן יאָר אָן — 187.000 רובל; פון 1914 — שוין 200.000 רובל.

פאָלגנדיגע טאַבעלע ווייזט, ווי דאָס געלט פון דער טאַקסע איז פאַרטיילט געוואָרן אין 1909־טן יאָר.

| | הוצאות | סומע (אין רובלס) |
|---|---|---|
| 1· | דער שטאַט קיעוו | 15·000 |
| 2· | אידישער שפּיטאל | 56·000 |
| 3· | יתומים | 15·490 |
| 4· | צוויי תלמוד תורות | 14·510 |
| 5· | תמיכה | 12·000 |
| 6· | בית עולם | 8·751 |
| 7· | פאר דעמיעווקער אידן | 8·000 |
| 8· | בראדסקי׳ס האנטווערקער־שול | 7·300 |
| 9· | חברת „בעלי־מלאכות“ | 4·000 |
| 10· | חברת „מפיצי השכלה“ | 4·000 |
| 11· | זאַיצעווס שפּיטאל | 4·000 |
| 12· | שול־געלט | 3·500 |
| 13. | חברה פון „פריוט פאר מיידלאך“ | 2·500 |
| 14· | אנשטאלט פאר קימפעטארנס | 2·000 |
| 15· | חברת „בקור חולים“ | 2·000 |
| 16· | טובערקולאז־סאנאטאריע | 2·000 |
| 17· | גארקיכן (3) | 1·500 |
| 18. | קינדער־סאנאטאריע | 600 |
| 19· | מעות חטים | 500 |
| 20· | האלץ ווינטער | 500 |
| 21· | שכירות די משגיחים | 14·000 |
| 22· | שכירות די קאזיאנע ראבינערס | 2·400 |
| 23· | שכירות די באאמטע פון מאגיסטראט | 1·333 |
| 24· | דירה און שכירות די קהלה־אנגעשט. | 3·500 |
| 25· | מעטריקע־ביכער | 16 |
| | סך־הכל | 185.400 |

גרופירט מען די הוצאות׳ באקומט מען פאלגנדיג בילד:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| I. | מעדיצינישע הילף | 66.600 | רובל | 35,9 פראצ׳ |
| II. | בילדונג | 29.310 | ״ | 15,8 ״ |
| III. | שטיצע | 26.500 | ״ | 14,3 ״ |
| IV. | יתומים | 17.990 | ״ | 9,7 ״ |
| V. | שטאט־קאסע | 15.000 | ״ | 8,1 ״ |
| VI. | בית־עולם | 8.751 | ״ | 4,7 ״ |
| VII. | משגיחים | 14.000 | ״ | 7,6 ״ |
| VIII. | קאזיאנע ראבינערס | 2.400 | ״ | 1,3 ״ |
| IX. | באאמטע און אנגעשט. | 4.833 | ״ | 2,6 ״ |
| X. | מעטריקע־ביכער | 16 | ״ | — ״ |
| | צוזאמען | 185.400 | רובל | 100,0 פראצ. |

מיר זעהען, אַז מעדיצינישע הילף האָט פאַרנומען דעם גרעסטן אָרט צווישן די הוצאות; אויף בילדונגס־אַנשטאַלטן און שכר־לימוד פאַר אָרימע אידישע קינדער איז אויסגעגעבן געוואָרן אַנ׳ערך אַ זיבעטל פון דער גאַנצער סמעטע; די משגיחים, ראַבינערס, באַאַמטע פון מאַגיסטראַט און אָנגעשטעלטע פון קהלה האָבן צוגענומען צוזאַמען 11,5 פראָצענט פון דער גאַנצער סומע.

דער פאָסטן „דער שטאָט קיעוו“, — אָפיציעל גערופן „וו דאָכאָד גאָראָדאַ“, וועלכער האָט אויסגעמאַכט אַ גאַנץ גרויסן פּראָצענט פון טאַקסע־געלט, איז פאַרבליבן נאָך פון אַמאָליגע יאָרן, ווען אידן האָבן געמעגט אַריינפאָרן קיין קיעוו און זיך דאָרט אויפהאַלטן — אין אַ באַזונדער „פּאָדוואָריע“ אויף פּאָדאָל — פאַר אַ ספּעציעלן אָפּצאָל לטובת דער שטאָט. אַלע באַמיאונגען פון דער קהלה צו באַפרייען זיך פון דעם דאָזיגן שווערן שטייער, וואָס האָט די לעצטע יאָרן שוין ניט געהאַט קיין שום באַרעכטיגונג, זיינען אָבער געבליבן אָן ערפאָלג.

די אָרגאַניזאַציעס, וואָס פיגורירן אין דער סמעטע פון קהלה האָבן מיט די סובווענצן אַליין ניט געקאָנט דעקן אַלע זייערע הוצאות. זיי האָבן געמוזט אָנקומען צו אייגענע זאַמלונגען. אַזוי, למשל, האָבן די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס אין 1906־טן יאָר צונויפגעזאַמלט זעלבשטענדיג 61.349 רובל (די אַלגעמיינע סומע פון דער טאַקסע האָט אין דעם יאָר באַטראָפן 144.000 רובל), און אין 1908־טן יאָר 116.320 רובל. די אַלגעמיינע סומע פון דער טאַקסע איז געבליבן די זעלבע — 144.000 רובל. אויף מעות חטים איז אין 1909/10 צונויפגעזאַמלט געוואָרן העכער 20.000 רובל, בעת פון דער טאַקסע האָט מען אויף דעם צוועק גענומען בלויז 500 רובל. זאַיצעווס שפּיטאָל, וואָס פיגורירט אין ביודזשעט פון טאַקסע פאַרן זעלבן יאָר מיט 4000 רובל, האָט נאָך געהאַט אייגענע הכנסות פון אַ ציגעלניע, וועלכע האָט זיך געפונען טאַקי אין זעלבן הויף.

ס׳זיינען אויך געווען אַ רייע אָרגאַניזאַציעס, וואָס פלעגן ניט אָנקומען צו דער טאַקסע.

וועגן די סומעס, וואָס זיינען אויסגעגעבן געוואָרן אין קיעוו ספּעציעל אויף מעות חטים, פאַרמאָגן מיר ידיעות פאַר די איינצעלנע יאָרן 1910—1900.

| יאר | סומע (רובל) | מצות (פוד און פונט) | יאר | סומע (רובל) | מצות (פוד און פונט) |
|---|---|---|---|---|---|
| 1900 | 10725.60 | 2127.32 | 1906 | 18095.55 | 3334.10 |
| 1901 | 10975.34 | 2311.28 | 1907 | 19134.13 | 3255.14 |
| 1902 | 11404.73 | 2185.19 | 1908 | 21475.90 | 3930.07 |
| 1903 | 12538.67 | 2407.20 | 1909 | 21192.90 | 3981.06 |
| 1904 | 11492.42 | 2282.02 | 1910 | 18258.87 | . |
| 1905 | 12237.90 | 2372.14 | | | |

אויף מעות עצים איז אויסגעגעבן געוואָרן אין קיעוו:

| יאר | רובל |
|---|---|
| 1904/05 | 11.992,13 |
| 1905/06 | 13.050,55 |
| 1907/08 | 13.261,09 |
| 1908/09 | 13.905,47 |
| 1912/13 | 15.160,84 |

די מקחים פאַר האָלץ זיינען געווען: אין 1903/04־טן יאָר 11,03 קאָפּ. אַ פּוד אויף פּאָדאָל און 13,06 אין אויבערשטן ראַיאָן; אין 1908/09־טן יאָר 10 קאָפּקעס אויף פּאָדאָל און 11,5 קאָפּקעס אין אויבערשטן ראַיאָן.

דער ביודזשעט פון חברת „מבקר חולים“ האָט באַטראָפן:

| יאר | רובל |
|---|---|
| 1905 | 12.010,79 |
| 1906 | 10.415,47 |
| 1907 | 10.037,75 |
| 1908 | 8.927,67 |
| 1909 | 9.194,14 |

בערך האָט די קיעווער אידישע קהלה אויסגעגעבן אויף פאַרשיידענע צדקה־זאַכן אין די דאָזיגע יאָרן ביז 300.000 רובל אַ יאָר. רעכנט מען, אַז אין קיעוו האָבן דעמאָלט געלעבט אַנ׳ערך 60.000 אידן, קומט אויס אויף איין נפש בערך 5 רובל אַ יאָר צדקה־אויסגאַבעס.

די פריערדיגע יאָרן פלעגט דער גרעסטער טייל צדקה גייען פאַר די פּאָדאָלער אידן. די לעצטע צייט איז אויסגעוואַקסן דער פּראָצענט צדקה פאַר די אידן אין אויבערשטן ראַיאָן, וואָס ס׳ערקלערט זיך מיט דעם, וואָס די אידישע באַפעלקערונג אין דעם ראַיאָן איז אויסגעוואַקסן און ס׳איז דאָרט גרעסער געוואָרן די צאָל נויט־באַדערפטיגע.

# די פּאָגראָמען אין אוקראַינע אין די יאָרן 1918—21

נ. גערגעל

## Zur Statistik der jüdischen Pogrome in der Ukraine

von **N. Gergel**

וועגן די אידישע פּאָגראָמען אין אוקראַינע אין די יאָרן 1918—1921 איז זייער פיל געשריבן געוואָרן; טויזנטער באַריכטן וועגן די שוידערליכע מעשים פון די באַנדיטן אין איינצעלנע שטעט און שטעטלאַך זיינען פאַרעפנטליכט געוואָרן אין דער אידישער פּרעסע פון פאַרשיידענע לענדער, אָבער קיין אויספירליכע אָפּהאַנדלונג וועגן די שרעקליכע געשייענישן פון די פּאָגראָם־יאָרן איז נאָך עד היום ניט פאַראַן. דער „מזרח־אידישער היסטאָרישער אַרכיוו" אין בערלין, בײַ וועלכן ס׳געפינט זיך דער רייכער מאַטעריאַל, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן דורך די אידישע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, האָט ביז איצט אַרויסגעלאָזט נאָר דעם ערשטן באַנד פון דער געפּלאַנטער דרײַ־באַנדיגער „געשיכטע פון דער פּאָגראָם־באַוועגונג אין אוקראַינע". די איבעריגע צוויי בענדער זיינען דערווייל ניט ערשינען. די אידישע געזעלשאַפטליכקייט, וואָס האָט געזאַמלט צענדליגער מיליאָנען פאַר די פּאָגראָם־געליטענע, האָט ביז איצט נאָך ניט געשאַפן די עטליכע טויזנט דאָלאַר צו באַאַרבעטן און פאַרעפנטליכן דעם קאָלאָסאַלן מאַטעריאַל וועגן די פּאָגראָמען.

ביז איצט איז נאָך אויך ניט ערשינען אַפילו קיין קורצער סטאַטיסטישער איבערבליק, וואָס זאָל געבן אַ אַלגעמיין בילד פון די פּאָגראָמען און זייער פאַרנעם.* אָט דאָס בלויז ווילן מיר פאַרפילן אין דעם דאָזיגן אַרטיקל, און אויפן סמך פון די מאַטעריאַלן פון דעם דערמאָנטן אַרכיוו באַלייכטן אַ ריי פראַגעס, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די פּאָגראָמען אין אוקראַינע אין די יאָרן פון בירגער־קריג.

אין „מזרח־אידישן היסטאָרישן אַרכיוו" זיינען פאַררעגיסטרירט 688 פּאָגראָמירטע פונקטן אין אוקראַינע. גענויע ידיעות און קאָנטראָלירטער מאַטעריאַל איז פאַראַן נאָר וועגן די פּאָגראָמען אין 524 ישובים; בנוגע די איבעריגע 164 פונקטן, הויפּטזאַכליך קליינע ישובים, איז אַפילו ניט פעסטגעשטעלט געוואָרן די צאָל פּאָגראָמען, וואָס דאָרטן איז פאָרגעקומען, מ׳דאַרף צוגעבן, אַז אויך בנוגע די 524 פונקטן זיינען די דאַטן ניט קיין פולשטענדיגע, באַזונדערס בנוגע דעם לינקן ברעג דניעפּר, וואו די צאָל פּאָגראָמען איז געוויס געווען גרעסער ווי די צאָלן, וואָס מיר פאַרמאָגן. דער צענטער צו זאַמלען פּאָגראָם־מאַטעריאַלן האָט זיך געפונען אין קיעוו און האָט ניט געהאַט די מעגליכקייט דורכצופירן אין די הייסטע גובערניעס די נויטיגע אויספאָרשונגען; אַפילו אין די נאָענטע געגנטן איז צוליב די אויסערגעוויינליכע באַדינגונגען פון יענער צייט אַ סך מאַטעריאַל געגאַנגען לאיבוד, און קיין פולשטענדיג בילד פון די פּאָגראָמען וועט פּאַקטיש קיינמאָל ניט מעגליך זיין צו געבן. אָבער דער מאַטעריאַל פונם „מזרח־אידישן היסטאָרישן אַרכיוו" איז דאָך די איינציג גרויסע זאַמלונג, וואָס קאָן דינען פאַר אַ יסוד פאַר אַ וויסנשאַפטליך־אָביעקטיווער אַרבעט וועגן די פּאָגראָמען.

צו די דאַטן וועגן די 524 פונקטן אין אוקראַינע האָבן מיר נאָך צוגעגעבן די ציפערן בנוגע 7 שטעט אין גרויס־רוסלאַנד, וואָס זיינען פּאָגראָמירט געוואָרן דורך דער פרייוויליגער אַרמיי, כדי אויף אַזאַ אופן געבן אַ פולשטענדיג בילד וועגן די דעניקינישע פּאָגראָמען. די ווייטערדיגע טאַבעלעס נעמען אויף אַזאַ אופן אַרום 531 פונקטן.

אין די דאָזיגע 531 פונקטן איז פאָרגעקומען 1.236 פּאָגראָמען און עקסצעסן. אויב מיר זאָלן אַפילו אָננעמען, אַז אין די איבעריגע 164 ישובים איז פאָרגעקומען נאָר צו 1 פּאָגראָם (פּאַקטיש איז די צאָל פּאָגראָמען אין אַ סך פונקטן געווען גרעסער), וועלן מיר באַקומען, אַז די אַלגעמיינע צאָל עקסצעסן און פּאָגראָמען אין אוקראַינע די יאָרן 1918—21 באַטרעפט בערך 1.400.

דער באַגריף „עקסצעסן" לאָזט זיך, ליידער, ניט גענוי דעפינירן. אָפט האָט די אידישע באַפעלקערונג בעת די עקסצעסן איבערגעלעבט די זעלבע עינוים קשים, ווי בײַ די פּאָגראָמען, און האָט דעריבער די עקסצעסן קוואַליפיצירט אַלס פּאָגראָמען. די געוויינליכע סמנים פון אַ פּאָגראָם — הריגות, שריפות, רויבערייען און פאַרניכטונג פון אידישן האָב און גוטס, חוזק מאַכן פון דער אידישער באַפעלקערונג, לעסטערן אירע הייליגטימער א.א.וו. — קאָנען חל זיין אויך אויף עקסצעסן. אמת, בעת די עקסצעסן זיינען מערסטנטיילס געווען ווייניג הרוגים, אין אַ סך פאַלן אָבער האָבן די עקסצעסן געקאָסט זייער פיל קרבנות (צום בײַשפּיל, אין קיעוו אין אַווגוסט 1919—איבער 100 מענשן); פון דער אַנדערער זייט, איז אַ היפּשע צאָל פּאָגראָמען דורכגעגאַנגען אינגאַנצן אָן הרוגים. לויט דער צאָל קרבנות קאָן מען אַלזאָ ניט שטענדיג אָפּטיילן אַ פּאָגראָם פון אַ עקסצעס. מיר האָבן גערעכנט פאַר עקסצעסן יענע פּאָגראָמען, וועלכע האָבן ניט געטראָגן קיין *מאַסן־כאַראַקטער*.

פון דער אַלגעמיינער צאָל 1.236 איז געווען 349 עקסצעסן, אָדער 28,2%, ד.ה. אַז כמעט 3/4 פון אַלע פאַלן האָבן געטראָגן אַ מאַסן־כאַראַקטער און האָבן געטראָפן די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג.

די געבראַכטע טאַבעלע I גיט אַ בילד פון דער *געאָגראַפישער* פאַרטיילונג פון די פּאָגראָמען און עקסצעסן לויט איינצעלנע גובערניעס. אויפן ערשטן אָרט גייט קיעווער גובערניע מיט 516 אָדער 41,7% פון אַלע פּאָגראָמען און עקסצעסן; דעם צווייטן און דריטן פּלאַץ פאַרנעמען: פּאָדאָליער

* זייער אינטערעסאנטע ציפערן זיינען פארעפנטליכט געווארן דורך יעקב לעסטשינסקי אין ניו־יארקער „צוקונפט" (סעפטעמבער און אקטאבער 1922) און דורך י. קאראלניק אין די „בלעטער פאר אידישע דעמאגראפיע, סטאטיסטיק און עקאנאמיק". 1923 No. 1. זיי נעמען אבער ארום נאר א קליינעם טייל פון די פאגראמען.

גוב. מיט 293 פּאָגראָמען און עקסצעסן (23,7%) און וואָלינער גוב. מיט 202 (16,3%). די איבעריגע גובערניעס האָבן ווייניגער געליטן, און כאַרקאָווער, יעקאַטערינאָסלאַווער און טאַווריער גובערניעס ציילן ווייניגער פון 10 פּאָגראָמען און עקסצעסן אין יעדער גובערניע.

דער הויפּט־צענטר פון די פּאָגראָמען איז אַזוי אַרום געווען די רעכטברעגיגע אוקראַינע, וואו עס האָט זיך באַזונדערס שטאַרק צעפלאַקערט דער בירגער־קריג און די נאַציאָנאַליסטישע ליידנשאַפטן. די פּעטליורישע באַוועגונג, וועלכע האָט די אידן אין אוקראַינע אָפּגעקאָסט די גרעסטע צאָל קרבנות, האָט געהאַט אירע טיפע וואָרצלען דער עיקר אויפן רעכטן דניעפּר־ברעג; דאָ האָבן אויך אַ רייע אַטאַמאַנעס און באַנדעפירערס אויפגעהעצט די אומצופרידענע מיט די קאָמוניסטישע עקספּערימענטן פּויערשע מאַסן געגן דער אידישער באַפעלקערונג. דעניקינס אַרמיי האָט געווילדעוועט אין דער לינקברעגיגער אוקראַינע, אין קיעווער און טיילווייז אויך אין פּאָדאָליער גובערניע.

Tab. — I — טאב.

## די צאל פּאגראמירטע פונקטן, צאל פּאגראמען און עקסצעסן

**Verteilung der pogromierten Gemeinden, der Pogrome u. der Exzesse nach Gouvernements**

| גובערניע<br>Gouvernement | צאל פּאָגראָ־מירטע פונקטן<br>Zahl der pogromierten Gemeinden | אין די אויסגערעכנטע פונקטן זיינען פארגעקומען:<br>Auf die nebenbez. Gouver. entfallen:<br>פּאגראמען<br>Pogrome | עקסצעסן<br>Exzesse | אינאיינעם — Zusammen<br>abs. | דורכשניט פראָ פונקט<br>Durchschnitt pro Gemeinde |
|---|---|---|---|---|---|
| קיעווער — Kiew | 175 | 384 | 132 | 516 | 2,9 |
| פּאָדאָליער — Podolien | 121 | 213 | 80 | 293 | 2,4 |
| וואָלינער — Wolhyn | 90 | 122 | 80 | 202 | 2,2 |
| כערסאנער — Cherson | 54 | 66 | 15 | 81 | 1,5 |
| פּאלטאווער — Poltawa | 36 | 41 | 22 | 63 | 1,8 |
| טשערניגאווער — Tschernigow | 29 | 32 | 14 | 46 | 1,6 |
| כארקאָווער — Charkow | 11 | 9 | 4 | 13 | 1,2 |
| יעקאטערינאָסלאווער — Jekaterinoslaw | 4 | 9 | — | 9 | 2,3 |
| טאווּרישע — Taurien | 4 | 4 | — | 4 | 1,0 |
| צענטראל־רוסלאנד — Zentralrussland | 7 | 7 | 2 | 9 | 1,3 |
| **צוזאמען — Insgesamt** | **531** | **887** | **349** | **1.236** | **2,3** |

באמ.: די גובערניעס זיינען גענומען אין די פארמלחמה׳דיגע גרעניצן.

דער ענגער צוזאַמענהאַנג פון די פּאָליטישע געשייענישן מיט די פּאָגראָמען שפּיגלט זיך באַזונדערס בולט אָפּ אין דער פאָלגנדיגער טאַבעלע וועגן דער צאָל פּאָגראָמען און עקסצעסן אין איינצעלנע חדשים פון פּאָגראָם־פּעריאָד 1918—21 (טאַבעלע II). די דאָזיגע טאַבעלע איז אַ מין לוח פון די פּאָליטישע געשייענישן אין אוקראַינע אין די יאָרן 1918־1921, אויף וויפיל זיי האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דער אידישער גאַס אין די פּאָגראָמען.

אין משך פון העכער אַ יאָר צייט — פון האַרבסט 1917 ביז דעצעמבער 1918 — איז פאָרגעקומען 25 עקסצעסן און 21 פּאָגראָמען, וואָס ס'האָבן געמאַכט טיילווייז הונגעריגע דעזערטירן פון פראָנט און טיילווייז פּעטליוריש־הײדאַמאַקישע חילות. אין נאָוועמבער 1918 האָט דער אוקראַינישער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד מיט פּעטליוראַ און ווינישענקאָ בראש פּראָקלאַמירט אַ אויפשטאַנד געגן העטמאַן. אין אַ קורצער צייט איז דער העטמאַן פאַריאָגט געוואָרן פון אוקראַינע דורך די זיגרייכע פאָלק־חילות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַרום דער נאַציאָנאַלער אוקראַינישער רעגירונג מיט איר דירעקטאָריע. גלייכצייטיג האָט זיך צווישן דער באַפעלקערונג אָנגעהויבן אַ שטאַרקע באָלשעוויסטישע אַגיטאַציע און אינגיכן איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן דער אוקראַינישער און סאָוועטישער רעגירונגען. כדי צו באַקעמפן דעם באָלשעוויזם האָבן די אַטאַמאַנעס אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אידישע פּאָגראָמען, וועלכע האָבן זיך אַלץ מער פאַרשטאַרקט און זיינען אינגיכן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גרויזאַמע שחיטות. שוין אין דעצעמבער 1918 הויבט זיך אָן דער דאָזיגער פּראָצעס; דאָ און דאָרט טעראָריזירן די אוקראַינישע טיילן די אידישע באַפעלקערונג און סוף דעצעמבער קומען שוין פאָר פּאָגראָמען אין אָווורוטש און אין אַנדערע שטעטלאַך. אין יאַנואַר 1919 ווערן פּאָגראָמירט די גרויסע אידישע צענטרען—בערדיטשעוו און זשיטאָמיר, און אין פעברואַר אָרגאַניזירט דער פּעטליורישער אַטאַמאַן סעמאָסענקאָ די שרעקליכסטע שחיטות אין פּראָסקוראָוו און פעלשטין. פון יאַנואַר ביז אַפּריל 1919 איז די צאָל פּאָגראָמען אין אַלגעמיין אַ סטאַבילע און דערגרייכט דורכשניטליך 50־60 אַ חדש.

אין מאַי 1919 הויבט זיך די פּאָגראָם־כוואַליע אויף. דער סאָוועטישער מיליטער־קאָמאַנדיר גריגאָריעוו ערקלערט אַ אויפשטאַנד געגן דער סאָוויעט־רעגירונג. דער דאָזיגער אויפשטאַנד ווערט באַגלייט מיט גרויזאַמע אידישע פּאָגראָמען, וועלכע מונטערן אויף אויך אַנדערע באַנדעס. די צאָל פּאָגראָמען פון גריגאָריעוו און אַנדערע אַטאַמאַנעס דערגרייכט אין מאַי 148,

דערפון סך־הכל 28 עקסצעסן. סוף מאַי ליקווידירט די רויטע אַרמיי די רעשטן פון גריגאָריעװס חילות; די פּאָגראָמען װערן װייטער שוין געמאַכט כמעט אויסשליסליך פון די פּעטליורישע אַטאַמאַנעס און באַטקעס. אין משך פון יוני האָבן זיי געמאַכט 95 פּאָגראָמען.

אין יולי הויבט זיך אָן דאָס גייען פון דעניקינס אַרמיי אויף אוקראַינע; אין משך פון יולי־סעפּטעמבער פאַרנעמט דעניקין כמעט גאַנץ אוקראַינע און רואינירט אויפן װעג די אידישע ישובים. גלייכצייטיג האָבן אין יולי און אַװגוסט די פּעטליורישע רעגולערע טיילן און אַטאַמאַנעס פאָרטגעזעצט זייער פּאָגראָם־טעטיגקייט, גייענדיג אויף קיעװ פונם רעכטן דניעפּר־ברעג. דאָס זיינען געװען די שרעקליכסטע חדשים פאַר דער אידישער באַפעלקערונג. אין יולי איז פאָרגעקומען 138 פּאָגראָמען און אין אַװגוסט האָבן מיר די רעקאָרד־צאָל — 159 פּאָגראָמען.

אין סעפּטעמבער װערט די טעטיגקייט פון די אוקראַינישע באַנדעס כמעט װי אָפּגעשטעלט, דערפאַר אָבער װילדעװען איצט אַמשטאַרקסטן די דעניקינישע אָפיצירן און סאָלדאַטן. די צאָל פּאָגראָמען אין סעפּטעמבער איז זייער הויך און דערגרייכט 85. דער חדש נאָװעמבער איז דורך פאַרהעלטנישמעסיג רוהיג.

נאָך די אינטערװענציעס פון די אויסלענדישע רעגירונגען האָבן די דעניקינישע גענעראַלן אָפּגעשװאַכט זייער פּאָגראָם־אַרבעט,־ די צאָל פּאָגראָמען איז אין דעם חדש געפאַלן ביז 10.

אין דעצעמבער הויבט די דעניקינישע אַרמיי אָן צו לויפן פון אוקראַינע און פּאָגראָמירט פון דאָס ניי די האַלב־טויטע אידישע שטעט, — די צאָל פּאָגראָמען פאַרגרעסערט זיך ביז 43.

די חדשים יאַנואַר—מערץ 1920 זיינען אַ סך רוהיגער,—די ראַטן־אַרמיי פאַרנעמט גאַנץ אוקראַינע און די אידישע באַפעלקערונג אָטעמט אָפּ פריי; נאָר דאָ און דאָרט װילדעװען נאָך די נשארים פון דעניקינס חילות (דער עיקר אין גרענעץ־ראַיאָן פון פּאָדאָליער גובערניע) און איינצעלנע באַנדעס.

אין אַפּריל 1920 גייען די פּאָליאַקן צוזאַמען מיט פּעטליוראַ׳ן אויף אוקראַינע. די פּעטליורישע באַנדעס מאַכן אַ ריי שרעקליכע שחיטות אין טעטיעװ, כאָדאָרקאָװ, זשאַשקאָװ און אין אַנדערע שטעט. אָנהויב מאַי פאַרנעמט פּעטליוראַ מיט די פּאָליאַקן די אוקראַינישע הויפּט־שטאָט קיעװ; זייער ממשלה דויערט אָבער נאָר איין חדש; אין יוני פאַריאָגט זיי די סאָװיעטישע אַרמיי פון דער אוקראַינישער טעריטאָריע. דער דאָזיגער עפּיזאָד האָט אָפּגעקאָסט דער אידישער באַפעלקערונג ביז 50 פּאָגראָמען.

Tab. — II — טאב.

## די אנטוויקלונג פון די פאגראמען לויט יארן און חדשים

**Pogrome in den einzelnen Monaten d. J. 1918–21**

| יאר און חדש<br>Jahr u. Monat | פאגראמען<br>Pogrome | עקסצעסן<br>Exzesse | צוזאמען<br>Zus. | יאר און חדש<br>Jahr u. Monat | פאגראמען<br>Pogrome | עקסצעסן<br>Exzesse | צוזאמען<br>Zus. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ביז Vor 19 — XII — 18 | 21 | 25 | 46 | 19 — I — 20 | 8 | 4 | 12 |
| 19 — XII — 18 | 9 | 25 | 34 | II | 15 | — | 15 |
| **צוז. — Zus.** | **30** | **50** | **80** | III | 11 | 2 | 13 |
| 19 — I — 19 | 24 | 27 | 51 | IV | 16 | 4 | 20 |
| II | 30 | 25 | 55 | V | 12 | 4 | 16 |
| III | 36 | 25 | 61 | VI | 11 | 9 | 20 |
| IV | 39 | 23 | 62 | VII | 1 | 2 | 3 |
| V | 120 | 28 | 148 | VIII | 9 | — | 9 |
| VI | 71 | 24 | 95 | IX | 23 | 5 | 28 |
| VII | 109 | 29 | 138 | X | 25 | 3 | 28 |
| VIII | 127 | 32 | 159 | XI | 6 | 1 | 7 |
| IX | 68 | 17 | 85 | XII | 5 | 2 | 7 |
| X | 20 | 7 | 27 | **צוז. — 1920 — Zus.** | **142** | **36** | **178** |
| XI | 8 | 2 | 10 | 19 — I-IV — 21 | 15 | 1 | 16 |
| XII | 33 | 10 | 43 | אומבאק. — Unbek. | 15 | 13 | 28 |
| **צוז. — 1919 — Zus.** | **685** | **249** | **934** | **צוזאמען — Insgesamt** | **887** | **349** | **1.236** |

אין יולי האָט זיך גאַנץ אוקראַינע געפונען אונטער דער הערשאַפט פון דער סאָװיעטן־מאַכט. דער דאָזיגער חדש גיט סך־הכל 3 פּאָגראָמען. אָבער שוין אין אַװגוסט האָט די רויטע אַרמיי געליטן אַ מפּלה בײַ װאַרשע, — און ס׳הויבט זיך אָן איר צוריקמאַרש. די פּאָליאַקן גייען װידער אַריבער די אוקראַינישע גרענעצן און די פּאָגראָם־אַרבעט פון די אַטאַמאַנעס לעבט װידער אויף. גלייכצייטיג איז אַ טייל פון בודיאָנעס סאָװיעטישער קאַװאַלעריע, געװעזענע דעניקינישע פּאָלקן, פולשטענדיג דעמאָראַליזירט געװאָרן און האָט געמאַכט 27 פּאָגראָמען אין װאָלינער און קיעװער גובערניע. די פּאָגראָם־כװאַליע הויבט זיך װידער אויף; די צאָל פּאָגראָמען אין סעפּטעמבער און אָקטאָבער דערגרייכט ביז 28 אַ חדש.

נאָכן פּרעלימינאַרן שלום מיט פּוילן פאַרפעסטיגט זיך די סאָװיעטן־מאַכט אין אוקראַינע, און די רויטע אַרמיי רייניגט ביס־

לעכווייז אָפּ דאָס לאַנד פון באַנדעס. אין איניגע ראַיאָנען האַלטן זיך נאָך פעסט אַ רייע אַטאַמאַנעס (צוויעטקאָווסקי א.א.) אָבער די אידישע זעלבסטשוץ, וואָס האָט זיך פאַר דער צייט אָרגאַניזירט, פאַרהיט אַ סך אידישע שטעטלאַך פון נייע שחיטות, און נאָר אין אויסנאַם־פאַלן גיט זיך נאָך איין די באַנדעס זיך אַריינצורייסן און מאַכן אַ אידישן פּאָגראָם. נאָוועמבער און דעצעמבער 1920 ווייזן אויף נאָר צו 7 פּאָגראָמען.

אין די ווייטערדיגע חדשים באַרוהיגט זיך דאָס לאַנד אַלץ מער, און די אידישע באַפעלקערונג הויבט זיך אָן צו פילן זיכערער; נאָר אין איניגע פאַרוואָרפענע ווינקלען בלייבן נאָך אַ קורצע צייט קליינע באַנדעס (סטרוק, גריזלאָ),—ביז אַפּריל 1921 קומען נאָך פאָר 16 פּאָגראָמען און דערמיט פאַרענדיגט זיך די תקופה פון מאַסן־שחיטות אין אוקראַינע. קליינע איינצעלנע פּאָגראָמען און עקסצעסן זיינען נאָך פאָרגעקומען אויך אין די שפּעטערדיג'ע יאָרן.

אָט אַזוי זיינען די פּאָגראָמען געווען ענג צוזאַמענגעפלאָכטן מיט די פּאָליטישע געשייענישן. די אידישע פּאָגראָמען זיינען געווען אַ מין פּאָליטישער באַראָמעטר, וועלכער האָט געוויזן דעם גאַנג פון קאַמף פון די פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען אין אוקראַינע. דער שרעקליכסטער פעריאָד איז געווען די צייט פון מאַי ביז סעפּטעמבער 1919, ווען דער בירגער־קריג האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה. פאַר די דאָזיגע 5 חדשים איז פאָרגעקומען 625 פּאָגראָמען און עקסצעסן, אָדער מער ווי אַ העלפט פון אַלע פאַררעגיסטרירטע פאַלן. די פולשטענדיגע באַרוהיגונג איז געקומען ערשט, ווען דער בירגער־קריג האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט.

ווי געזאָגט, איז אין 531 פונקטן פאָרגעקומען 1236 פּאָגראָמען און עקסצעסן, ד.ה. אַז יעדער פונקט האָט איבערגעלעבט אין דורכשניט 2,3 פּאָגראָמען און עקסצעסן (זעה טאַבעלע I). אין קיעווער גובערניע האָט די דורכשניט־צאָל פּאָגראָמען פּראָ פונקט באַטראָפן 2,9; פּאָדאָליער און וואָלינער גובערניע שטייען אויף דער דורכשניט־צאָל; די גובערניעס פון לינקן ברעג דניעפּר געבן אַ באַדייטנדיג נידעריגערע צאָל פּאָגראָמען אויף 1 פונקט.

די צאָל פּאָגראָמען, וואָס איינצעלנע פונקטן האָבן איבערגעלעבט, ווערט אילוסטרירט דורך טאַבעלע III.

273 פונקטן אָדער מער ווי אַ העלפט שטעט האָבן איבערגעלעבט מער ווי 1 פּאָגראָם און כמעט אַ דריטל פון די גענאַנטע שטעט — מער פון 2 פּאָגראָמען. אויפן ערשטן אָרט שטייען אויך דאָ די רעכטברעגיגע גובערניעס, וועלכע ווייזן אויף צו 10 און מער פּאָגראָמען אין איינצעלנע שטעט; אין טשערניגאָווער, פּאָלטאַווער און כערסאָנער גובערניעס דערגייט די מאַקסימאַלע צאָל פּאָגראָמען אין אַ שטאָט נאָר ביז 5, און אין די איבעריגע גובערניעס נאָך ווייניגער. דעם מאַקסימום דערגרייכן: סטאַווישטש, קיעווער גובערניע, מיט 14 פּאָגראָמען און כאַשטשעוואַטע, פּאָדאָליער גובערניע, מיט 12.

מ'דאַרף באַמערקן, אַז די צאָל פּאָגראָמען אין דעם אָדער יענעם פונקט פאַלט לחלוטין ניט צונויף מיט דער צאָל פּאָגראָמען, וואָס די אידישע איינוואוינער פון דעם דאָזיגן פונקט האָבן איבערגעלעבט. בּאַ דער אויספאָרשונג פון 7.876 היימלאָזע משפחות האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איבער 60% האָט איבערגעלעבט צו 3 און מער פּאָגראָמען, איניגע האָבן אַפילו דורכגעמאַכט מער ווי 20 פּאָגראָמען, און נאָר 20 פּראָצענט האָט איבערגעלעבט 1,3 פּאָגראָם.* די סתירה צווישן די דאָזיגע דאַטן און דער אויבן־געבראַכטער טאַבעלע ערקלערט זיך מיטן לויפן פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פּאָגראָם־פעריאָד פון אָרט צו אָרט. די פּאָגראָמירטע באַפעלקערונג פון די דערפער און קליינע שטעטלאַך האָבן געזוכט זיך צו ראַטעווען אין די קרייזישע און גובערניאַלע שטעט, אָבער אויך די גרעסערע צענטרען האָבן ניט אויסגעמידן דעם אַלגעמיינעם פּאָגראָם־גורל, און די אַנגעלאָפענע היימלאָזע האָבן אויך דאָרט איבערגעלעבט פּאָגראָמען. די דורכשניטליכע צאָל פּאָגראָמען, וואָס די באַפעלקערונג האָט איבערגעלעבט, איז דעריבער באַדייטנדיג העכער פון דער דורכשניטליכער צאָל פּאָגראָמען פּראָ פונקט.

Tab. – III — טאַב.

**פארטיילונג פון די פּאָגראָמ. ישובים לויט דער צאָל איבער־געלעבטע פּאָגראָמען**

**Verteilung der pogrom. Gemeinden nach der Zahl der Pogrome**

| פאגראָמען פּראָ פונקט Pogrome pro Gemeinde | קיעווער Kiew | פּאָדאָליער Podolien | וואָלינער Wolhyn | אַנד. גוב. Sonstige | צוזאמען Insgesamt abs. | צוזאמען Insgesamt % |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | 75 | 46 | 40 | 97 | 258 | 48,6 |
| 2 | 27 | 35 | 22 | 27 | 111 | 21,0 |
| 8 | 20 | 15 | 12 | 13 | 60 | 11,3 |
| 4 | 13 | 12 | 8 | 5 | 38 | 7,1 |
| 5 | 10 | 5 | 3 | 3 | 21 | 4,0 |
| 6 | 10 | 3 | 4 | — | 17 | 3,2 |
| 7 | 8 | 3 | — | — | 11 | 2,0 |
| 8 | 5 | — | — | — | 5 | 0,9 |
| 9 | 5 | 1 | — | — | 6 | 1,1 |
| 10 | 1 | — | 1 | — | 2 | 0,4 |
| 11 | 1 | 1 | — | — | 2 | 0,4 |
| **Zus. — צוזאמען** | **175** | **121** | **90** | **145** | **531** | **100,0** |

מיר גייען איבער צו דער פראַגע וועגן אָנטייל פון די פאַרשידענע אַרמייען און גרופּעס אין די פּאָגראָמען. (טאַבעלע נומ. IV).

493 פּאָגראָמען אין 289 ישובים, אָדער 40% פון אַלע פּאָגראָמען זיינען געמאַכט געוואָרן פון די פּעטליוראָווצעס. אַלס פּעטליורישע פּאָגראָמען האָבן מיר גערעכנט די פּאָגראָמען פון דער פּעטליורישער אַרמיי און פון די אַטאַמאַנעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט די פּעטליורישע מיליטערישע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס: וואָלינעץ, שעפּעל, סאָקאָלאָווסקי, מאָרדאַליעוויטש א. א. לויט דער צאָל פּאָגראָמען פאַרנעמט די דאָזיגע גרופּע דעם ערשטן פּלאַץ. אויפן צווייטן אָרט גייען די פּאָווסטאַנצעס און באַנדעס, וועלכע האָבן אין 210 פונקטן געמאַכט 307 פּאָגראָמען; דעם דריטן אָרט פאַרנעמט די דעניקינישע אַרמיי מיט 213 פּאָגראָמען אין 164 פונקטן.

די פּעטליורישע און דעניקינישע אַרמייען און די פּאָווסטאַנצעס בילדן די צענטראַלע פּאָגראָם־גרופּעס, וועלכע האָבן אויף זייער געוויסן 1.013 פּאָגראָמען, אָדער מער ווי פיר פינפטל

* זעה י. לעשצינסקי: „דער שרעק פון ציפערן", „צוקונפט" ניו־יארק, סעפּטעמבער 1922

Tab. — IV — טאַב.

## פארטיילונג פון די פאגראמירטע ישובים און פון די פאגראמען לויט גובערניעס און פאגראם־גרופעס

### Die Urheber der Pogrome in den verschiedenen Gouvernements

| אויף די באזונדערע גרופעס קומען אויס: Es entfallen auf die einzeln. Pogromgruppen: | קיעווער Kiew | פאדאליער Podolien | וואלינער Wolhyn | כערסאנער Cherson | פאלטאווער Poltawa | טשערניג. Tscherni-gow | אנדערע Sonstige | סך־הכל Insgesamt |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| **Petlura-Armee — פעטלורישע ארמיי** | | | | | | | | |
| פונקטן — Pogromierte Gemeinden . . . . | 94 | 95 | 63 | 14 | 15 | 8 | — | 289 |
| פאגראמען און עקסצעסן—Pogrome u. Exzesse | 179 | 171 | 98 | 16 | 20 | 9 | — | 493 |
| עקסצעסן — dav. Exzesse . . | 40 | 40 | 39 | 1 | 13 | 5 | — | 138 |
| **Denikin-Armee — דעניקינשע ארמיי** | | | | | | | | |
| פונקטן — Pogromierte Gemeinden . . . . | 59 | 26 | — | 16 | 21 | 19 | 23 | 164 |
| פאגראמען און עקסצעסן—Pogrome u Exzesse | 84 | 32 | — | 17 | 28 | 25 | 27 | 213 |
| עקסצעסן — dav Exzesse . . | 6 | 3 | — | 4 | 6 | 6 | 5 | 30 |
| **Banden und Aufständische — באנדעס און פאווסטאנצעס** | | | | | | | | |
| פונקטן — Pogromierte Gemeinden . . . . | 102 | 38 | 29 | 22 | 6 | 9 | 4 | 210 |
| פאגראמען און עקסצעסן—Pogrome u. Exzesse | 169 | 54 | 41 | 23 | 6 | 10 | 4 | 307 |
| עקסצעסן — dav. Exzesse . . | 54 | 22 | 15 | 6 | 1 | 3 | — | 101 |
| **Rotarmisten —רויטארמייאישע טיילן** | | | | | | | | |
| פונקטן — Pogromierte Gemeinden . . . . | 34 | 19 | 24 | 2 | 1 | 2 | 1 | 83 |
| פאגראמען און עקסצעסן—Pogrome u. Exzesse | 48 | 22 | 30 | 2 | 1 | 2 | 1 | 106 |
| עקסצעסן — dav. Exzesse . . | 24 | 11 | 10 | 2 | 1 | — | 1 | 49 |
| **Polnische Armee — פוילישע ארמיי** | | | | | | | | |
| פונקטן — Pogromierte Gemeinden . . . . | 7 | 2 | 14 | — | — | — | — | 23 |
| פאגראמען און עקסצעסן—Pogrome u. Exzesse | 11 | 2 | 19 | — | — | — | — | 32 |
| עקסצעסן — dav. Exzesse . . | 5 | 2 | 13 | — | — | — | — | 20 |
| **General Grigoriew — גריגאריעוו־ארמיי** | | | | | | | | |
| פונקטן — Pogromierte Gemeinden . . . . | 19 | 1 | — | 16 | 6 | — | 2 | 44 |
| פאגראמען און עקסצעסן—Pogrome u. Exzesse | 20 | 1 | — | 22 | 6 | — | 3 | 52 |
| עקסצעסן — dav. Exzesse . . | — | — | — | 2 | — | — | — | 2 |
| **Sonstige — אנדערע** | | | | | | | | |
| פונקטן — Pogromierte Gemeinden . . . . | 5 | 11 | 12 | 1 | 2 | — | — | 31 |
| פאגראמען און עקסצעסן—Pogrome u. Exzesse | 5 | 11 | 14 | 1 | 2 | — | — | 33 |
| עקסצעסן — dav. Exzesse . . | 3 | 2 | 3 | — | 1 | — | — | 9 |

פון אַלע פּאָגראָמען. צו דער דאָזיגער קאַטעגאָריע געהערן אויך די גריגאָריעווצעס, וועלכע האָבן געמאַכט נאָר 52 פּאָגראָמען, אָבער אין משך פון סך־הכל אַ פּאָר וואָכן אין די פּאָגראָמען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ אויסערגעוויינליכער אכזריות. די איבעריגע גרופּעס האָבן געשפּילט אַ קלענערע ראָלע אין דער פּאָגראָם־באַוועגונג. די פּוילישע אַרמיי האָט אויף איר געוויסן 12 פּאָגראָמען און 20 עקסצעסן. אין דער גרופּע „אַנדערע" גייען אַריין קלענערע פּאָגראָמען און עקסצעסן פון פאַרשידענע אומבאַקאַנטע טיילן און אויך אַ ריי פּאָגראָמען, וואָס איינגע טיילן פון דער רוסישער אַרמיי האָבן געמאַכט ביים לויפן פונם פראָנט סוף 1917. אין דער דאָזיגער גרופּע זיינען אויך אַריין 8 פּאָגראָמען און 1 עקסצעס פון די באַלאַכאָווצעס. די פּאָגראָם־טעטיגקייט פון גענעראַל בולאַק־באַלאַכאָוויטש האָט זיך אַנטוויקלט הויפּטזאַכליך אין ווייסרוסלאַנד, באַזונדערס אין מאָזירער קרייז. די דאָזיגע פּאָגראָמען זיינען אין דער טאַבעלע ניט אַריין, ווייל אונזערע אויספאָרשונגען באַציען זיך נאָר אויף אוקראַינע; דאָ זיינען פאַררעכנט געוואָרן נאָר די פּאָגראָמען פון די באַלאַכאָווצעס אויפן אוקראַינישן געביט אין וואָלינער גובערניע.

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמען די פּאָגראָמען פון דער סאָוויעטישער אַרמיי. די אַבסאָלוטע צאָל סאָוויעטישע פּאָגראָמען

אין עקסצעסן — 106 — איז אַ גאַנץ באַדייטנדיגע, פונדעסט־וועגן קאָן מען די תּוּיטע אַרמיי בשום אופן ניט פאַרגלייכן מיט די איבריגע פּאָגראָם־גרופּעס. פאַרקערט, די סאָוויעטישע אַרמיי האָט אָנגעווענדעט אַלע קרעפטן צו באַשיצן די אידן פון פּאָגראָמען. אַפילו די אידישע באַפעלקערונג פון די שטעט, וואו ס'זיינען פאָרגעקומען סאָוויעטישע פּאָגראָמען, האָט זיך זייער סימפּאַטיש באַצויגען צו דער רויטער אַרמיי, וויסנדיג, אַז די פּאָגראָמען זיינען געמאַכט געוואָרן געגן דעם ווילן פון דער מאַכט און אַז די שולדיגע ווערן שטרענג באַשטראָפט. די סאָוויעטישע פּאָגראָמען זיינען אַנאָנימע, אַ אומגליקספאַל. די סאָוויעטישע פּאָגראָמען זיינען געמאַכט געוואָרן הויפּטזאַכליך דורך געוויזענע טיילן פון אַנדערע אַרמייען, וואָס זיינען אַריבער צו דער סאָוויעטן־מאַכט. אייניגע פון זיי האָבן אין מאָמענט פון שאַרפן בירגער־קריג געבראָכן די דיסציפּלין און האָבן זיך געגנ־מען פאַר אידישע פּאָגראָמען, וועלכע זיי האָבן פריער געמאַכט אונטער דער פירונג פון די אַנטיסאָוויעטישע רעגירונגען.

Tab. — V — טאַב.

## פאגראמען און עקסצעסן פון דער רויטער ארמיי אין אוקראינע

## Pogrome der Rotarmisten in der Ukraine

| גובערניע — Gouvernements — / פאלק — Regiment | קיעווער Kiew | | וואלינער Wolhyn | | פאדאליער Podolien | | אנדערע Sonstige | | גאנץ אוקראינע Überhaupt | | צוזאמען Zusammen |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | פאגראמען Pogrome | עקסצעסן Exzesse | פאגראמען Pogrome | עקסצעסן Exzesse | פאגראמען Pogrome | עקסצעסן Exzesse | פאגראמען Pogrome | עקסצעסן Exzesse | פאגראמען Pogrome | עקסצעסן Exzesse | |
| טאראשטשאנער פאלק . . . . Tarastschaner Regiment | 6 | 11 | 3 | 6 | 5 | 5 | — | 1 | 14 | 23 | 37 |
| בודיאָנאווצעס . . . . . . . Budionny-Armee | 11 | 1 | 14 | — | 1 | — | — | — | 26 | 1 | 27 |
| 1־טער סאוויעט־פאלק . . . . . 1. Sowjet-Regiment | 1 | 2 | 1 | — | 2 | 2 | — | — | 4 | 4 | 8 |
| אנדערע פאלקן . . . . . Sonstige Militärabteilungen | 6 | 10 | 2 | 4 | 3 | 4 | 2 | 3 | 13 | 21 | 34 |
| . . Insgesamt — צוזאמען | 24 | 24 | 20 | 10 | 11 | 11 | 2 | 4 | 57 | 49 | 106 |

טאַבעלע V באַווייזט, אַז פון 106 סאָוויעטישע פּאָגראָמען זיינען 72 געמאַכט געוואָרן פון געוועזענע אוקראַינישע טיילן (טאַראַשטשאַנער און 1־ער פּאָלק) און דעניקינישע חילות (בודיאָנעס אַרמיי). אָבער די דעמאָראַליזירטע טיילן האָט די סאָוויעטן־מאַכט שנעל און ענערגיש דיסציפּלינירט און שטרענג באַשטראָפט די אָנטיילנעמער אין די פּאָגראָמען.

באַטראַכטענדיג די צאָל פּאָגראָמען און עקסצעסן בּאַ באַזונ־דערע גרופּעס, באַמערקט מען, אַז בּאַ די פּאָווסטאַנצעס מאַכן אויס די עקסצעסן כמעט אַ דריטל, בּאַ די פּעטליורישע טיילן איבער אַ פירטל און בּאַ די דעניקינצעס נאָר אַ זיבענטל פון אַלע פאַלן. די דעניקינישע פּאָגראָמען האָבן אויף אַזאַ אופן כמעט דורכאויס געטראָגן אַ מאַסן־כאַראַקטער, נאָר די גריי־גאָריעווצעס האָבן זיי אין דעם פּרט אַריבערגעיאָגט: פון 52 פאַלן זיינען געווען 50 פּאָגראָמען און בלויז 2 עקסצעסן.

דער אָנטייל פון איינצלנע גרופּעס אין די פּאָגראָמען ווערט נאָך אילוסטרירט דורך די ציפערן וועגן דער צאָל הרוגים (טאַבעלע VI). די דאָזיגע ציפערן פּרעטענדירן נאַטירליך ניט אויף פּינקטליכקייט. אין די מאַטעריאַלן באַגעגענען מיר אַסך סתּירות בנוגע דער צאָל הרוגים בעת די פּאָגראָמען. נעמענדיג אין אַכט די נטיה פון די געליטענע צו פאַרגרעסערן די צאָל קרבּנות, האָבן מיר שטענדיג גענומען די קלענסטע צאָלן און נאָר אין דעם פאַל, ווען מיר האָבן געהאַט אַ דורכקאָנטראָ־לירטע רשימה פון די הרוגים, האָבן מיר אָפּגעטראָטן פון דעם דאָזיגן כלל. די ציפערן וועגן די הרוגים נעמען אַרום 670 פּאָגראָמען און 118 עקסצעסן; בעת די פּאָגראָמען זיינען דער־הרג'עט געוואָרן 30.501 און בעת די עקסצעסן — 570 פּערזאָן. דורכשניטליך אויף 1 פּאָגראָם קומט אויס 45,5 און אויף 1 עקסצעס 4,8 הרוגים. לויט די מאַטעריאַלן זיינען אין 138 פּאָגראָמען און 220 עקסצעסן אינגאַנצן ניט געווען קיין גע־הרגעטע. בנוגע 79 פּאָגראָמען און 11 עקסצעסן איז די צאָל הרוגים אומבאַקאַנט, צווישן זיי געפינט זיך אַ היפּשע צאָל פּאָג־ראָמען, בּאַ וועלכע ס'זיינען געפאַלן הונדערטער קרבּנות, למשל, אין ווינאָגראַד, קאָרנין, ליסענקאָ, מאָשני, טשיגירין, באָגאָפּאָל, מעדזשיבאָזש א. א. אויב מיר זאָלן אָננעמען די אויבן־דער־מאָנטע דורכשניטליכע צאָל הרוגים פּראָ פּאָגראָם און עקסצעס, וועלן מיר באַקומען אַז די אַלגעמיינע צאָל געהרגעטע אין די 531 פּונקטן באַטרעפט 34.719. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן די הרוגים אין די איבעריגע 164 פּונקטן און די געפאַלענע אויף די באַנען און שאָסייען, ווי אויך די געשטאָרבענע פון וואונדן א. א. די לעצטע קאַטעגאָריעס בילדן זייער אַ גרויסע צאָל. אַלס ביישפּיל ברענגען מיר אייניגע שטעט. אין פאַסטאָוו, קיעווער גובערניע, איז געווען בעת דעם פּאָגראָם בערך 1.200 הרוגים, פאַקטיש איז אָבער דאָרט אומגעקומען איבער 3.000 נפשות; אין יוסטינגראַד, קיעווער גוב. זיינען בעת די פּאָגראָמען דערהרג'עט געוואָרן 366 אידן. די אַלגעמיינע צאָל הרוגים באַטרעפט העכער 800. אין קריוואָיע אָזיעראָ איז בעת דעם דעניקינשן פּאָגראָם געפאַלן 400 הרוגים און חוץ דעם זיינען ביז 500 נפשות געשטאָרבן פון וואונדן.

Tab. — VI — טאב.

**פארטיילונג פון די הרוגים לויט באזונדערע גובערניעס**

**Verteilung der Ermordeten nach Gouvernements**

| גובערניעס Gouvernements | הרוגים Ermordeten abs. | הרוגים Ermordeten % | פאגראמען Pogromen (%%) | פאגראם־פונקטן Pogrom. Gemeinden (%) |
|---|---|---|---|---|
| | עס פאלן אויס אויף די אנטשפּרעכנדיגע גובערניעס: Es entfallen auf das nebenbezeichnete Gouvernement von sämtlichen: | | | |
| קיעווער — Kiew . . | 16.569 | 53,3 | 41,7 | 33,0 |
| פאדאליער־Podolien | 8.111 | 26,1 | 23,7 | 22,8 |
| וואלינער — Wolhyn | 1.952 | 6,2 | 16,3 | 17,0 |
| כערסאנער—Cherson | 2.693 | 8,7 | 6,5 | 10,2 |
| טשערניגאווער — Tschernigow | 523 | 1,7 | 3,7 | 5,5 |
| פאלטאווער—Poltawa | 366 | 1,2 | 5,1 | 6,8 |
| יעקאטערינאסלאווער Jekaterinoslaw | 564 | 1,8 | 0,8 | 0,7 |
| טאורישע — Tawrien | 20 | 0,1 | 0,3 | 0,7 |
| כארקאווער/Charkow | 24 | 0,1 | 1,1 | 2,0 |
| צענטראל־רוסלאנד—Zentralrussland | 249 | 0,8 | 0,8 | 1,3 |
| **צוזאמען — Zus.** | **31.071** | **100,0** | **100,0** | **100,0** |

געמענדיג אין אַכט די אָנגעוויזענע מאָמענטן, קאָנען מיר, אַפילו פאָרזיכטיג געשאַצט, רעכענען פון 50 ביז 60 טויזנט הרוגים פאַר גאַנץ אוקראַינע.

די טאַבעלע VI באַווייזט אויף די צאָל הרוגים פון יעדער גרופּע באַזונדער און פאַרגלייך מיט איר אָנטייל אין דער פּאָג־ראָם־באַוועגונג לויט דער צאָל פּאָגראָמען. באַ די פּעטליוראָווצעס איז דער פּראָצענט הרוגים באַדייטנדיג גרעסער פונם פּראָצענט פּאָגראָמען (53,7 און 40,0), באַ די דעניקינצעס פאַלן צונויף די דאָזיגע צוויי מאָמענטן (17,0 און 17,2) און באַ די גריגאָריעווצעס באַטרעפן די אַנטשפּרעכנדיגע צאָלן 11,2 און 4,2. באַ די איבעריגע גרופּעס איז דער פּראָצענט הרוגים קלענער פונם פּראָצענט פּאָגראָמען: באַ די פּאָווסטאַנצעס — 14,8 און 24,8 און באַ דער סאָוועטישער אַרמיי איז דער פּראָצענט הרוגים כמעט 4 מאָל קלענער: 2,3 און 8,6.

מ׳דאַרף בכלל אונטערשטרייכן, אַז די צאָל הרוגים בעת די סאָוועטישע פּאָגראָמען איז פאַרהעלטניסמעסיג ניט קיין גרויסע: אין די 106 סאָוועטישע פּאָגראָמען איז געפאַלן 725 הרוגים, בשעת די 52 פּאָגראָמען פון די גריגאָריעווצעס גיבן 3.471 הרוגים. אין 50 סאָוועטישע פּאָגראָמען איז בכלל קיין הרוגים ניט געווען. אויך די פּוילישע 32 פּאָגראָמען גיבן אַ אומבאַדייטנדיגע צאָל הרוגים; די מערהייט פּוילישע פּאָגראָמען — 19 פון 32—איז דורכגעגאַנגען אינגאַנצן אָן הרוגים.

די צאָל הרוגים אין איינצעלנע גובערניעס געפינען מיר אין טאַבעלע VI, וועלכע גיט גלייכצייטיג אַ פּראָצענטועלן פאַרגלייך פון דער צאָל קרבנות, צאָל פּאָגראָמען און פּאָגראָמירטע פּונקטן.

די דאָזיגע טאַבעלע באַשטעטיגט נאָך אַמאָל דעם שוין פעסטגעשטעלטן פאַקט, אַז אַמשטאַרקסטן האָט געליטן די רעכטסבּרעג׳גע אוקראַינע און אַז צווישן די רעכטסבּרעגיגע גובערניעס האָט דעם גרעסטן צאָל קרבנות געבראַכט אויפן פּאָגראָם־מזבח קיעווער גובערניע, וואו דער בירגער־קריג האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה. איבער אַ העלפט פון אַלע הרוגים זיינען געפאַלן אין קיעווער גובערניע, באַ 33% פּאָגראָמירטע פּונקטן איז דאָרט געווען 53,3% הרוגים. אין פּאָדאָליער גובערניע איז דער פּראָצענט פון די פּאָגראָמען און די הרוגים כמעט דער־זעלבער; פאַרקערט, אין וואָלינער גובערניע איז דער פּראָצענט

Tab. — VII — טאב.

**פארטיילונג פון די הרוגים לויט באזונדערע פאגראם־גרופעס**

**Die Ermordeten in den einzelnen Pogrom-Gruppen**

| פאגראם־גרופעס Pogrom-Gruppen | אלגעמיינע צאל פאגראמען און עקסצעסן Gesamtzahl der Pogrome und Exzesse | פון דעם זיינען פאראן פאגראמען און עקסצעסן: darunter waren Pogrome und Exzesse: אן הרוגים Ohne Todesopfer abs. | אן הרוגים Ohne Todesopfer % | בא וועלכע די צאל הרוגים איז באקאנט Mit Todesopfer (ausschl. solcher, wo die Zahl der Opfer nicht festgestellt wurde) abs. | צאל הרוגים Zahl der Todesopfer | צאל הרוגים פרא פאגראם Todesopfer pro Pogrom | אויף יעדע פון די באזונדערע פאגראם־גרופעס פאלט אויס: Es entfallen auf die nebenbezeichnete Pogrom-Gruppe: in — % % — אין: פון אלע הרוגים: von sämtlichen Ermordeten: | פון אלע פאגראמ׳: von sämtlichen Pogromen: |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פעטלורישע — Petlurasche . . . . . . | 493 | 138 | 28,0 | 328 | 16.706 | 50,9 | 53,7 | 40,0 |
| דעניקינשע — Denikin-Armee . . . . | 213 | 50 | 23,5 | 138 | 5.235 | 37,9 | 17,0 | 17,2 |
| גריגאריעוו — Grigoriew-Armee . . . | 52 | 3 | 5,8 | 45 | 3.471 | 77,1 | 11,2 | 4,2 |
| באנדעס — Banden u. Aufständische . | 307 | 85 | 27,7 | 203 | 4.615 | 22,7 | 14,8 | 24,8 |
| רויטע ארמיי — Rotarmisten . . . . . | 106 | 52 | 49,1 | 51 | 725 | 14,2 | 2,3 | 8,6 |
| באלאכאָוויטש — General Balachowitsch . | 9 | 1 | 11,1 | 7 | 149 | 21,3 | 0,5 | 0,7 |
| פוילישע ארמיי — Polnische Armee . . | 32 | 19 | 59,4 | 9 | 134 | 14,9 | 0,4 | 2,6 |
| פארשיידענע — Verschiedene . . . . . | 24 | 10 | 41,7 | 7 | 36 | 5,1 | 0,1 | 1,9 |
| **צוזאמען — Zusammen . .** | **1.236** | **358** | **29,0** | **788** | **31.071** | **39,4** | **100,0** | **100,0** |

הרוגים מער ווי 2 און אַ האַלב מאָל קלענער פונם פּראָצענט פּאָגראָמען. וואָלין האָט געליטן הויפּטזאַכליך אין ערשטן פּאָגראָם-פּעריאָד, ווען די אינסטינקטן זיינען נאָך ניט געווען אַזוי צעווילדעוועט, און חוץ דעם האָט די דאָרטיגע אידישע באַפעלקערונג ניט איבערגעלעבט די גריגאָריעוו-פּאָגראָמען. פון די איבעריגע גובערניעס דאַרף מען נאָך אָנווייזן אויף דער גרויסער צאָל קרבנות אין כערסאָנער גובערניע, וועלכע איז געווען דער הויפּט-צענטר פון גריגאָריעווס פּאָגראָמען.

די צאָל קרבנות פּראָ פּונקט אילוסטרירט די פאָלגנדיגע טאַבעלע:

Tab. — VIII — טאַב.

פאַרטיילונג פון די פּאָגר. ישובים לויט דער גרויס פון פּאָגראָם
Gliederung der Gemeinden nach der Größe des Pogroms

| די גרויס פון פאגראם (לויט דער צאל הרוגים) Ermordete pro Pogrom | צאל פונקטן Zahl der Gemeinden abs. | % |
|---|---|---|
| keine — קיינע | 56 | 10,6 |
| 1—10 | 168 | 31,7 |
| 11—25 | 72 | 13,6 |
| 26—50 | 50 | 9,4 |
| 51—75 | 46 | 8,7 |
| 76—100 | 22 | 4,1 |
| 101—200 | 25 | 4,7 |
| 201—300 | 9 | 1,7 |
| 301—400 | 6 | 1.1 |
| 401--500 | 5 | 0,9 |
| 501—600 | 3 | 0,5 |
| 601—700 | 2 | 0,4 |
| 701—800 | 2 | 0,4 |
| 801—900 | 2 | 0.4 |
| 901—1000 | — | — |
| 1001 — | 4 | 0,7 |
| unbek. — אומבאק. | 59 | 11,1 |
| Zusammen — צוזאמען | 531 | 100,0 |

10% פון די פּאָגראָמירטע שטעט האָבן קיין געהרגעטע ניט געהאַט; 35% האָט געציילט מער פון 50 הרוגים אין יעדן פּונקט און אין 11% פונקטן איז געווען מער פון 100 קרבנות אין יעדן. דער מאַקסימום הרוגים איז געווען: אין טעטיעוו און פאַסטאָוו — קיעווער גוב., אין פּראָסקוראָוו — פּאָדאָליער און אין יעליסאַוועטגראַד — כערסאָנער גובערניע.

אַ באַזונדערן אינטערעס רופט אַרויס די פראַגע וועגן עלטער און געשלעכט פון די הרוגים. אין „מזרח-אידישן היסטאָרישן אַרכיוו" איז פאַראַן אַ נאָמענטליכע רשימה פון 16.262 הרוגים. דער עלטער איז פעסטגעשטעלט געוואָרן בײַ 9.916 דערהרגעטע. מיר ברענגען די ציפערן אין טאַבעלע IX.

פון דער דאָזיגער טאַבעלע זעהען מיר, אַז אפילו קינדער זיינען ניט געשאַנעוועט געוואָרן פון די פּאָגראָם-באַנדיטן, אָבער גלייכצייטיג באַמערקט זיך אַ גאַנץ קלאָרע טענדענץ פאַרניכטן באַשטימטע גרופּעס פון דער אידישער באַפעלקערונג. 63% אָדער כמעט צוויי דריטל פון אַלע הרוגים זיינען געווען אין בליהענדן עלטער פון 17—50 יאָר. אין פון 15.026 הרוגים, פאַר וועלכע ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער געשלעכט, זיינען געווען:

מענער . . . . 11·395 . . . ד. ה. 76 %
פרויען . . . . 3·631 . . . „ 24 %

העכער דרייפירטל פון די הרוגים זיינען געווען מענער!

Tab. — IX — טאַב.

עלטער-צוזאמענשטעל פון די הרוגים
Die Ermordeten nach Alter

| Alter — עלטער | abs. | % |
|---|---|---|
| 0—1 | 45 | 0,4 |
| 1—7 | 288 | 2,9 |
| 8—16 | 764 | 7,7 |
| 17—20 | 1.130 | 11,4 |
| 21—30 | 2.124 | 21,4 |
| 31—40 | 1.493 | 15,1 |
| 41—50 | 1.501 | 15,1 |
| 51— | 2.571 | 26,0 |
| Zus. — צוזאמען | 9.916 | 100,0 |

וועגן די פאַרוואונדעטע האָבן מיר, ליידער, זייער ווייניג מאַטעריאַל. אויב די הרוגים איז מעגליך געווען צו רעגיסטרירן אויך נאָך די פּאָגראָמען אויף די בית-עלמינ'ס און בײַ די קהילות, איז אַבסאָלוט אוממעגליך געווען פעסטצושטעלן די צאָל פאַרוואונדעטע. פון די מאַטעריאַלן, וואָס מיר האָבן בנוגע אַ היפּשער צאָל שטעט, קאָן מען פעסטשטעלן, אַז די צאָל פאַרוואונדעטע איז יעדנפאַלס ניט קלענער פון דער צאָל הרוגים. אין אַלגעמיין באַטרעפט די צאָל געהרגעטע און פאַרוואונדעטע מינימום הונדערט טויזנט.

נאָך ווייניגער לאָזן זיך קאָנטראָלירן די ידיעות וועגן די געשענדעטע פרויען, וועלכע האָבן זיך מיט אַלע מעגליכקייטן באַמיט צו פאַרשווייגן זייער שאַנד. לויט די מאַטעריאַלן פונם אַרכיוו איז געווען אַ סך טויזנטער געשענדעטע אידישע פרויען. באַזונדערס צייכענען זיך אין דעם פּרט אויס די דעניקינצעס, וועלכע האָבן כמעט אומעטום געשענדעט מאַסנווייז אידישע פרויען.

וואָס ס'שייך דעם מאַטעריעלן שאָדן, וועט מען קיינמאָל ניט קאָנען פעסטשטעלן אַפילו בערך, וואָס די פּאָגראָם-כוואַליע האָט אָפּגעקאָסט דעם אוקראַינישן אידנטום. די אויספאָרשונג, וואָס יעקב לעשצינסקי האָט דורכגעפירט צווישן די היימלאָזע אין קיעוו 1920 (די רעזולטאַטן זיינען טיילווייז פאַרעפנטליכט געוואָרן) האָט באַוויזן, אַז דער מאַטעריעלער היזק איז געווען אומגעהויער גרויס און אַז די איבערוויגנדיגע מערהייט פון דער געליטענער באַפעלקערונג איז פולשטענדיג רואינירט געוואָרן.

# איז די שיידל־פאָרם אַ ראַסע־סימן?

ד״ר מעד. רפאל בעקער

## Schädelform als Rassenmerkmal im Lichte der neuesten Forschungen

von Dr. med. **Rafael Becker**

די וויכטיגקייט פון שיידל־אינדעקס פאַר דער ראַסן־לערע איז געווען אַ לאַנגע צייט אַזוי אָנגענומען, אַז אַפילו אַ רייע אידישע פאָרשער, ווי יודט, ווייסנבערג, סופר, פישבערג א. א. האָבן קאָנסטרואירט באַשטימטע טעאָריעס וועגן דער ראַסע־צוגעהעריגקייט פון אידן אויפן סמך פון שיידל־אויסמעסטונגען. און יעדערער פון זיי איז געקומען צו אַנדערע אויספירען.

אַזוי, למשל, זאָגט יודט אויפן סמך פון זיינע פאָרשונגען, אַז די אייגנטליכע סעמיטן האָבן געהאַט דאָליכאצעפאַלישע שיידלען; אַזוי ווי אָבער באַ די היינטיגע אידן טרעפן מיר מייסטנס דעם בראַכיצעפאַלישען טיפּ, איז עס אַ סימן, אַז אַלס פיזישע ראַסע געפינען זיי זיך אין קרובה'שאַפט מיט דער אַלפּאַיש־הימאַלאַאישער ראַסע. דאָס הייסט, אַז דאָס אָפּווייכן פונם אור־סעמיטישן טיפּ איז אַ רעזולטאַט פון אויסמישונג מיט אַנדערע פעלקער, אָבער ניט אין משך פונם גלות־פעריאָד, נאָר אַ סך מער אין דער פאַר־היסטאָרישער צייט און אין אַלטערטום־פעריאָד.

אויך לושאַן האַלט זיך באַ דער מיינונג, אַז די איצטיגע אידן זיינען ניט קיין איינהייטליך סעמיטיש פאָלק, נאָר זיי זיינען אַ מישונג־פּראָדוקט פון די אַרישע עמורים און פון די אַלטע חתים מיט אייגנטליכע סעמיטן.

להיפך צו יודט האַלט ווייסנבערג, אַז די ספרדים האָבן גאָר אַן אַנדער שיידל־פאָרם, איידער די אַשכנזים, און די אַשכנזים האָט מען, לויט זיין מיינונג, אויך פאַלש פאַררעכנט פאַר סעמיטן. און, ענדליך, פישבערג קומט צו אַזאַ אויספיר: אַזוי ווי ס'איז ניט פאַראַן באַ אידן קיין איינהייטליכער שיידל־טיפּ (מיר טרעפן באַ זיי אַלערליי טיפּן פון שיידלען), זיינען זיי געוויס אַ מישונג־פּראָדוקט פון די אַלע צייטן און לענדער, וואו זיי האָבן געלעבט און לעבן נאָך איצט.

און אויב נאָך אַריינעמען אין חשבון די באַהויפּטונגען פון אַזעלכע ראַסע־טעאָרעטיקער, ווי דיורינג אָדער טשעמבערלען, — אַז דוקא בראַכיצעפאַלישקייט איז גאָר דער טיפּישער סימן פון דער סעמיטישער ראַסע —, ווערט ערשט רעכט קלאָר, וואָס פאַר אַ מהומה אין די מוחות ס'האָט אַרויסגערופן דער פּרוּוו צו באַטראַכטן דעם שיידל־אינדעקס אַלס ראַסע־פאַקטאָר.

לאָמיר זשע נאָר הערן, ווי האַלט עס מיט דער פראַגע: שיידל־פאָרם אַלס ראַסע־סימן, לויט די לעצטע פאָרשונגען פון דער אַנטראָפּאָלאָגיע. פרידריך הערץ האָט זייער אויספירליך אונז פאָרגעשטעלט די רעזולטאַטן פון אַט די פאָרשונגען — און מיר וועלן זיך דאָ באַנוצן מיט זיין בוך.

די שיידל־מעסטונגען, מיט וועלכע מען גיט זיך לעצטנס אַזוי פיל אָפּ, האָבן ניט געבראַכט קיין שום באַווייזן פאַר די ראַסע־טעאָריעס; זיי האָבן גיכער נאָך צעטרייסלט די גרונט־הנחות פון אַט די טעאָריעס. אַלנפאַלס, איז אַ פאַקט, אַז די שיידל־פּראָפּאָרצן זיינען געוואָרן אַ באַליבטע טעמע באַ די נייסטע ראַסע־טעאָרעטיקער; אַנדערע האָבן אַפילו געוואָלט די גאַנצע וועלט־געשיכטע פאָרשטעלן בלויז ווי אַ מין געגענזאַץ צווישן ברייטן און לאַנגן שיידל־טיפּ.

ווען רעציוסן האָט זיך איינגעגעבן דורכצופירן אַ שייד־ליניע צווישן שוועדן און לאַפּן מיט דער הילף פון דעם לייג־ און ברייט־אינדעקס, האָט ער גענומען גלויבן, אַז מען קאָן דעם זעלבן רעזולטאַט זיך דערשלאָגן אויך לגבי אַלע אַנדערע ראַסעס. אַן אמת'ער אינדעקס־פּסיכאָז איז באַפאַלן די אַנטראָפּאָלאָגישע וועלט, און ער האָט אָנגעשטעקט אויך אָן אַ שיעור דילעטאַנטן, — זיי איז איצט געווען זייער לייכט צו טרייבן „ראַסע־פאָרשעריי“ אויפן גרונט פון פּשוטע מאָסן־ציילונגען. און דערביי האָט מען געוויינליך צו יעדן נייעם טיפּ גלייך צוגעגעבן אַ גאַנץ אַלגעמיינע אָפּשאַצונג: לאַנגקעפּיגקייט האָט מען פּראָקלאַמירט אַלס סימן פון איידעלן טיפּ, און, פאַרקערט, די קורצקעפּיגע האָט מען געהאַלטן פאַר „קורצע“ אויך אין פּרט פון גייסטיגע און מאָראַלישע אייגנשאַפטן.

ווייטער ברענגט הערץ די מיינונגען פון פיל באַדייטנדיגע אַנטראָפּאָלאָגן, וועלכע באַציען זיך סקעפּטיש צום ווערט פונם אינדעקס־סימן. אַזוי האָט ניט לאַנג א. פאָן־טעריק זיך אַרויסגעזאָגט זייער שאַרף געגן באַשטימען די ראַסע לויטן אינדעקס. פּאָניאַטאָווסקי האַלט אויך, אַז די קלאַסיפיקאַציעס לויטן אינדעקס זיינען לגמרי איבעריג און זייער פאַרשווינדן וואָלט געווען אַ גרויס געווינס פאַר דער אַנטראָפּאָלאָגיע. רעשע קומט אויך צום אויספיר, אַז דער געוויינליכער לייג־ און ברייט־אינדעקס טויג ניט, — ער לייגט אָבער פאָר אַנשטאָט דעם אַ אינדעקס פון הינטער־קאָפּ: אַ קורץ־געבויטער הינטער־קאָפּ זאָל זיין דער עיקר־סימן פון פּרימיטיווע טיפּן.

אויף אַזאַ אופן איז געקומען די אויסניכטערונג פון די ערפאָלגרייכע שיידל־מעסטונגען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז אין ערגיץ ניט פאַראַן אַפילו די קלענסטע ראַסע, וועלכע זאָל מיט זיך פאָרשטעלן אַן'אַבסאָלוט איינהייטליכן טיפּ. באַ אַלע ראַסעס האָט מען קאָנסטאַטירט אַלערליי טיפּן און מישונגען פון טיפּן, און נאָר זעלטן האָט מען געקאָנט לפּחות פעסטשטעלן, אַז אַ וועלכער ס'ניט איז טיפּ וועגט איבער אין צאָל די אַנדערע טיפּן. און האָט מען גענומען פאָרשן די פאַר־היסטאָרישע צייט, איז מען אויך געקומען צום זעלבן רעזולטאַט.

פון אַט דער גרויסער פאַרשיידנקייט פון די שיידל־טיפּן קאָן מען מאַכן צוויי אויספירן: ערשטנס, אַז דער שיידל־טיפּ ווערט ניט אויף זיכער איבערגעגעבן בירושה, ס'הייסט, ער איז ניט קיין אייגנטליכער ראַסע־סימן; צווייטנס, אַז פאַרשיידענע פאַקטאָרן ווירקן אויפן שיידל נאָך אין משך פון לעבן און געשטאַלטן אים אום. מען קאָן אָבער ניט לייקענען, אַז אַ געוויסע קאָנסטאַנץ, אַ געוויסע שטענדיגקייט איז דאָך פאַראַן אינם שיידל־אינדעקס; אַ סימן האָבן מיר, אַז פאַקטיש איז איין שיידל־פאָרם אָפּט די הערשנדיגע פאָרם אין גאַנץ גרויסע

געביטן. מען קאָן דאָס אויך דערקלערן מיט דער קאָנסטאַנטער ווירקונג פון דער סביבה.

די וויכטיגקייט פון אָט דעם פאַקטאָר—פון דער סביבה—באַהאַנדלט אויך ד"ר ע. וועלדע אין זיין ניט לאַנג ערשינענער אַרבעט *. ער רעדט וועגן דעם, אַז די סביבה,—צ. ב. די שפּייז, קלימאַט, באָדן־ און וואַסער־איינגשאַפטן, לעבנס־געוואוינהייטן (צ. ב. שעדליכע, ווי אַלקאָהאָל־געברויך א.ד.ג.),— ווירקט און פאַרענדערט ניט נאָר דעם געגעבענעם קערפּער־בוי און קערפּער־צושטאַנד פונם מענשן, נאָר זי קאָן ביסלעכוויז אומענדערן אידיאָקינעטיש אויך די ירושה־עלעמענטן, ווירקנדיג דורכאַנאַנד אויפן זעלבן אופן אויף אַ סך דורות פון דער זעלבער פאַמיליע, שבט אָדער ראַסע. ער דערמאָנט אויך וועגן דער ווירקונג פון דער שפּייז אויף דער גרויס פון קערפּער. שפּעדיגע און צוועקמעסיגע שפּייז אין דער יוגנט — זאָגט ער — האָט ניט בלויז די פּעולה, אַז דער קערפּער דערגרייכט גיכער זיין ענדגילטיגע גרויס, נאָר דאָס ווירקט בכלל אויף דער גרויס גופא פונם קערפּער. דערמיט דערקלערט מען אויך דעם פאַקט, וואָס די קערפּער־גרויס פון דער אייראָפּעאישער באַפעלקערונג איז פאַר די לעצטע 100 יאָר אויסגעוואַקסן אויף 6—10 סאַנטימעטער. ער באַמערקט נאָך ווייטער, אַז אַ באַזונדערן אינטערעס פאַרדינען די באָאָבאַכטונגען פונם דייטשן אַנטראָפּאָלאָג באָאַס אין אַמעריקע: ער האָט פעסטגעשטעלט אַ ענדערונג פון שיידל־פאָרם בײַ אידישע און איטאַליענישע אימיגראַנטן־קינדער, נאָכדעם ווי זייערע עלטערן האָבן איינגעוואַנדערט אין די פאַראייניגטע שטאַטן; ער האָט געפונען, אַז די קינדער פון די אימיגראַנטן זיינען פיזיש בעסער אַנטוויקלט און האָבן אַ העכערן וואוקס, איידער זייערע עלטערן, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין אייראָפּע. ווייטער האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז דאָס קינד, וואָס ווערט געבוירן אין אַמעריקע, מעג דאָס געשייען בלויז געציילטע חדשים נאָך די עלטערנס אַריינקומען אין לאַנד, — האָט עס שוין די אַמעריקאַנישע קאָפּ־פאָרם. באָאַס באַווייזט, אַז מענשליכע טיפּן האָבן אַ פייאיגקייט זיך איבערצואַנדערשן, — און דעריבער איז די טעאָריע וועגן דער אַבסאָלוטער שטענדיגקייט פון מענשן־טיפּן פאַלש, גרונטלאָז.

פישבערג גיט אַפילו איבער וועגן די רעזולטאַטן פון באָאַס'עס פאָרשונגען, אָבער ער האַלט, אַז זיינע אויספירן זיינען נאָך ניט גענוג דערוויזן.

אָבער אַחוץ אָט די באָאָבאַכטונגען איז פאַראַן נאָך אַ סך עקספּערימענטאַלע באַווייזן, אַז די שיידל־פאָרם ענדערט זיך; צאָלשאַן ברענגט אין זיין בוך אָט די עקספּערימענטן. אַזוי, למשל, האָט ניסטרעם גענומען אַ פרישן קינדערשן שיידל און געפּרוווט די ווירקונג פון געוויכט אויף אים: בײַ אַ דרוק פון בלויז 1 ק"ג האָט דער ברייט־מעסטער געוויזן אַ פאַרקלענערונג פון 2 מילימעטער. פּונקט אַזוי האָט ער בײַ אַנדערע קינדער, בעת ער האָט זיי געצוואונגען שרייען, קאָנסטאַטירט, אַז ביים פאַרגרעסערן דעם געהירן־דרוק האָט זיך צעצויגן דער ברייט־מעסטער. די ווירקונג מוז זיין נאָך דייטליכער, אויב דער דרוק איז אַ דויערהאַפטער. אויפן סמך פון זיינע עקספּערימענטאַלע פאָרשונגען האָט ניסטרעם אויפגעשטעלט פאָלגנדיגע טעאָריע: די פאַרשיידנקייט פון דער שיידל־פאָרם דערקלערט זיך ניט נאָר מיט ירושה־סיבות נאָר נאָך מיט אַ רייע אַנדערע מאָמענטן:

1) די פאַרשיידנקייט פון באַשעפטיגונג און לעבנס־אַרט רופט אַרויס אַ פאַרשיידענע קערפּער־לאַגע אין טאָג־טעגליכן לעבן — און ממילא האָט די נאַקן־מוסקולאַטור אַ פאַרשיידענע ווירקונג אויף דער שיידל־פאָרם: דער דינאַמישער פּרינציפּ.

2) פאַרשטאַרקטער געהירן־ אָדער בלוט־דרוק בײַ אינטענסיווער קולטור־אַרבעט: דער דינאַמישער, אָדער בעסער פאַסקאַלס הידראָסטאַטישער פּרינציפּ.

אַלזאָ, בײַ פעלקער, למשל, מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלטן קײַ־אַפּאַראַט, קאָנען די קײַ־מוסקולן אויך האָבן אַ ווירקונג אויף דער פאָרם פון קאָפּ־שיידל. אויף די נידעריגערע מדרגות, ווען דאָס עסן איז גראָב און ווייניג אָדער גאָר ניט געקאָכט און פאָדערט דעריבער אַ גרעסערע אָנשטרענגונג פונם קײַ־אַפּאַראַט, קאָן די גרויס פון די קינבאַקן אויך זיין אַ סיבה פון דאָליכאָצעפאַלישקייט בײַ אַ סך פעלקער. דערביי ווערט דער שיידל געטריבן אין זיין וואוקס אין דער הויך, נאָך פאָרנט און נאָך הינטן; פאַרקערט, דער וואוקס אין דער ברייט ווערט פאַרהאַלטן דורך דעם געגנדרוק פון די שלייפן־מוסקולן.

אויף אַזאַ אופן דערקלערט ניסטרעם די אַנטשטייאונג פון דאָליכאָצעפאַלישקייט; בראַכיצעפאַלישקייט נעמט זיך, לויט דעם, פון פאַרקלענערטער אָנשטרענגונג פון די נאַקן־מוסקולן צוליב די געענדערטע לעבנס־באַדינגונגען, און קודם כל פון פאַרשטאַרקטן דרוק פון אינעווייניג בײַ אינטענסיווער אינטעלעקטועלער אַרבעט.

אָנגעשטריינגטע גייסטיגע אַרבעט, באַזונדער ווען זי חזרט זיך איבער בײַ עטליכע דורות פון דער פאַמיליע נאָכאַנאַנד, קאָן האָבן אַ ווירקונג אויף דער געהירן־מאַסע, אויף דער געהירן־געשטאַלטונג און ממילא אויך אויפן ברייט־אינדעקס און אויף אַלע אַנדערע שיידל־סימנים. דער שיידל בײַ קינדער איז צוזאַמענגעשטעלט פון ווייכע טיילן, וואָס קאָנען זיך איבעררוקן, און דורך גייסטיגער אַרבעט קאָן דער געהירן פּונקט אַזוי ווערן אומגעאַנדערשט, ווי מוסקולן דורך קערפּערליכער אַרבעט. גלייך ווי בײַ אַלע אברים, אַזוי איז אויך דאָ די קערפּער־אויסבילדונג צוגעפּאַסט צו די פונקציעס. בײַ אַ שטאַרקערן באַנוץ וואַקסט דער באַנוצטער אָרגאַן אויך; דער געהירן איז אין דעם פּרט קיין שום אויסנאַם ניט.

נאָך פאַר ניסטרעמען האָט שוין דזשייקאָבס, אין יאָר 1899, פאַרטיידיגט דעם זעלבן שטאַנדפּונקט. דזשייקאָבס האָט זיך דערביי געשטיצט אויף אַמאָנס פאָרשונגען, וועלכע האָבן געוויזן, אַז דער שיידל־אינדעקס פון די גערמאַנער איז געשטיגן פון 77 אויף 83. דאָס לאָזט זיך ניט דערקלערן דורך ראַסן־מישונג, נאָר דורך דער פאַרמערונג פון דער געהירן־מאַסע, אַזוי אַז די פאַרמערונג מוז קודם כל אַרויסרופן אַן אויסברייטערונג פונם שיידל; מען זעהט דאָס קלאָר אויפן בוי און ריכטונג פון דער פייל־נאָט. דער שיידל־אינדעקס איז ניט קיין סימן פון ראַסע, נאָר אַ סימן פון אַ העכערן אינטעלעקטועלן מצב, אַ מאָסשטאַב פאַר דער אַנטוויקלונג פונם געהירן. און ס'איז גאַנץ פאַרשטענדליך, זאָגט ער ווייטער, אַז בײַ די אידן, וועלכע זיינען אין משך פון יאָרהונדערטן געווען אָנגעוויזן כמעט אויסשליסליך אויף געהירן־אַרבעט, האָט זיך אויסגעבילדעט אַ העכערער אינדעקס און זיי זיינען ביסלעכוויז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קורץ־קעפּיגע.

אין „צענטראַלבלאַט פאַר גינעקאָלאָגיע“ פון 1904 גיט וואַלכער איבער די רעזולטאַטן פון זיינע פאָרשונגען, וואָס

* Über die Rassenhygienische Notwendigkeit anthropologischer Forschung, Zeitschrift für Sexualwissenschaft Bd. XI, Heft 1. 1924.

ער האָט געמאַכט איבער עטליכע הונדערט וויג־קינדער: אַ טייל פון זיי איז תמיד געליגן אויפן רוקן און אַ טייל — אויף אַ זייט, און וואַלכער האָט נאָכגעשפּירט, ווי ווייט דאָס ווירקט אויף דער אויסבילדונג פון בראַכי־אָדער דאָליכאָצעפאַלישקייט בײַ די קינדער. בײַ איינעם אַ צווילינג, ביידע פון איין געשלעכט האָט מען אין משך פון צען טעג קאָנסטאַטירט — בײַ איינעם לאַנגקעפּיגקייט און ביים צווייטן קורצקעפּיגקייט פון גאָר אַ הויכן גראָד; און ביידע זיינען נאָך די 10 טעג אַזוי געוואוינט געוואָרן צו זייער קערפּער־לאַגע, אַז ס'איז געווען זייער שווער צו צווינגען זיי ליגן אַנדערש, כדי צוריק אויסצוגלייכן בײַ זיי דעם שיידל. האָלט מען אָבער איינגעהאַלטן די איינמאָל אויסגעקליבענע פּאָזיציע, וואָלט די שיידל־פאָרם זיך אויך קאָנסערווירט, און אין עטליכע חדשים אַרום וואָלט מען שוין אָט די פאָרם ניט געקאָנט באַזייטיגן.

זייער אינטערעסאַנטע עקספּערימענטן האָט אויך דורכגעפירט עווגען פישער. ער דערציילט וועגן זיי אין אַרטיקל „שיידל־פאָרם און ירושה"*. ער האָט אַלטע שטשורעס געהאָדעוועט 5—8 וואָכן מיט וויטאַמין־פרייע שפּייזן, און דאָס האָט געענדערט ניט נאָר די גרויס פון זייערע שיידלען, נאָר אויך זייער פאָרם. צי דער מאַנגל פון וויטאַמין ווירקט דאָ דירעקט, שטערנדיג דעם וואוקס פון די ביינער, צי דאָ ווירקן אַנדערע סיבות, — דאָס בלייבט דערווייל ניט גאָר קלאָר; אָבער אַלנפאַלס ווייזן די עקספּערימענטן, אַז מיט כעמישע מיטלען קאָן מען ענדערן די שיידל־פאָרם.

די דאָזיגע אַלע באַאָבאַכטונגען און עקספּערימענטן באַווייזן בלי ספק, אַז דער שיידל־אינדעקס פאַרלירט אַלץ מער זיין באַדייטונג אַלס ראַסע־פאַקטאָר. נאָך די לעצטע אַנטראָפּאָלאָגישע פאָרשונגען האַלט מען שוין מער ניט די שיידל־פאָרם פאַר איינעם פון די אומפאַרענדערליכע ראַסע־פאַקטאָרן, נאָר מען האַלט, אַז די פאָרם פון שיידל הייגט אָפּ פון אַ גאַנצער רייע איינפלוסן, גלייך מיט אַלע אַנדערע א. ג. ראַסע־סימנים.

די שיידל־פאָרם קאָן ביז אַ געוויסן גראָד דינען אויף צו כאַראַקטעריזירן וואָסער ס'איז פאָלק אין אַ באַשטימט לאַנד,

* Münchner medizinische Wochenschsrift N 50. 1923.

אָבער ניט אַלס סימן פון געוויסער ראַסע־צוגעהעריגקייט, נאָר גיכער אַלס סימן פון עטנישער איינהייט, וואָס דאָס געגעבענע פאָלק שטעלט מיט זיך פאָר אַ דאַנק דעם, וואָס ס'האָט אַ לאַנגע צייט געלעבט אָפּגעזונדערט און בײַ באַשטימטע באַדינגונגען.

און דאָ קומען מיר צו צום קערן פון דער גאַנצער פראַגע. שוין אין יאָר 1901 האָט דער באַקאַנטער אַנטראָפּאָלאָג ר. מאַרטין אין זיין אַריינפיר־רעדע* געזאָגט פאָלגנדיגע מערקווירדיגע ווערטער: ...„דער שיידל פון אַ מענשן קאָן קיינמאָל ניט באַווייזן זיין נאַציאָנאַליטעט; פאַרן פאָרום פון דער פיזישער אַנטראָפּאָלאָגיע זיינען ניט פאַראַן ניט קיין דייטשן, ניט קיין שווייצער און ניט קיין פראַנצויזן, — ס'זיינען פאַראַן בלויז מאָרפאָלאָגישע טיפּן. יעדעס פאָלק, יעדע נאַציע איז תמיד נאָר אַ עטנישע איינהייט, אָבער ניט קיין פיזיש־אַנטראָפּאָלאָגישע איינהייט. אַריינשלעפּן די אנטראָפּאָלאָגיע אין דער פּאָליטיק אַריין, אינם קאַמף־טומל צווישן די פּאָליטישע פּאַרטייען, איז ניט וויסנשאַפטליך, פאַרפירעריש און מוז דעריבער ווי אַמשאַרפסטען פאַראורטיילט ווערן". „איך וואָלט, זאָגט ער ווייטער, נאָך פאַר איין זאַך געוואָלט דאָ וואָרענען, אַז אויב אַ מענשן־גרופּע זעהט אויס ניט גאָר איינהייטליך, זאָל מען זי ניט דערקלערן תיכף פאַר אַ געמישטע. באַקוועם איז דאָס אַפילו, אָבער מישונג איז דאָך ניט מער ווי איינע פון די פיל מעגליכע אויסטייטשונגען, און די אמתע לאַגע קלערט עס נאָך ניט אויף און, פאַרקערט, מען דאַרף זיך היטן און ניט האַלטן תמיד די מער האמאגענע גרופּעס אויך פאַר די ריינערע און אורשפּרינגליכערע, וואָרום די לאָקאַל־ און פאַמיליע־טיפּן לערנען אונז, אַז די האָמאָגענישקייט קאָן זיך אויסבילדן נאָר אַ דאַנק פיזיאָלאָגישער אָדער רוימליכער אָפּגעזונדערטקייט אין משך פון דורות".

נאָך דעם אַלעם קומען מיר צום אויספיר, אַז די שיידל־פאָרם אַליין פאַר זיך איז ניט קיין אומפאַרענדערליכער ראַסע־פאַקטאָר, און מען קאָן דעריבער ניט מאַכן קיין שום ראַסן־קלאַסיפיקאַציע אויפן גרונט פון שיידל־אינדעקס.

* R. Martin: Anthropologie als Wissenschaft und Lehrfach. Antrittsrede Jena. Verlag Fischer. 1901.

# דער זעלבּסטמאָרד בּאַ אידן און זיינע סיבּות

ד״ר מעד. מ. י. גוטמאַן

# Zum Problem des Selbstmordes bei den Juden

von Dr. med. **M. J. Guttman**

אין אונזער אָפּהאַנדלונג וועלן מיר הויפּטזאַכליך האָבּן אין אויג די שטאַרקע אָפּהענגיגקייט פון זעלבּסטמאָרד פון פּסיכישע אומנאָרמאַלקייטן.

עס וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז פאַר די לעצטע יאָרצענדליגען און נאָך מער פאַר די לעצטע יאָרן איז די צאָל אידישע זעלבּסטמאָרדן מורא׳דיג אויסגעוואַקסן, — און קיין בּאַפרידיקנדיגע דערקלערונג פון דער דאָזיגער דערשיינונג האָט מען ניט געקאָנט געבּן. פון איין זייט, האָבּן פאַרשיידענע מחברים געוואָלט זוכן די סיבּה אינם אידישן פּראָפעסיאָנעלן צוזאַמענשטעל מיט זיינע גרויסע וואַקלעני׳שן; אַנדערע ווידער האָבּן געהאַלטן, אַז דאָ רופט זיך דער עיקר אָפּ די ווירקונג דערפון, וואָס אידן בּאַפרייען זיך פון געטאָ און פון אַלע רעליגיעזע צוימען, וועלכע האָבּן אַמאָל אָפּגעהאַלטן דעם אידן פון צו בּאַגייען זעלבּסטמאָרד. ס׳איז קיין ספק ניט, אַז רעליגיעזע מאָטיוון קאָנען אָפּהאַלטן אַ מענשן אַפילו פון זעלבּסטמאָרד—אין י ע נ ע פאַלן, ווען דער דאָזיגער אַקט איז פאַרבּונדן מיט קלאָרער איבּערלעגונג. רעדט דאָך דער פּסיכיאַטער ה אָ ש (Hoche) אַפילו פון „בּילאַנץ־זעלבּסטמאָרד“, ד.ה. אַ זעלבּסטמאָרד־אַקט, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון קאַלטער קלאָרער אויסגערעכנטקייט. אָבּער פון דער אַנדערער זייט קאָן מען אָנווייזן דערויף, אַז, למשל, צווישן די זעלבּסטמאָרד־פאַלן, וועלכע ס׳בּרענגט ז׳כעל פון פראַנקפורט אַם מאַין איז גראָד אַ גרויסער טייל געהער צו דער אָרטאָדאָקסיע; אָדער ווי ס׳האָט ניט לאַנג פּאַסירט אין וואַרשע: דער ראַבּינאַט האָט געוואָלט עפּיס טון געגן דער עפּידעמיע פון זעלבּסטמאָרדן צווישן די אידישע סוחרים—קרבּנות פוןווירטשאַפטליכן קריזיס, — האָט ער געדראָט, אַז ער וועט ניט דערלויבּן מער צו מקבר זיין די זעלבּסטמערדער לויטן אידישן דין. לויט אַן אַלטן מנהג, ווערן אידישע זעלבּסטמערדער בּכלל בּאַגראָבּן נאָר בּיים פּלויט פון בּית עולם. דער יסוד פון דעם מנהג איז בּלי ספק געווען זיין דערציערישע ווירקונג.

אָבּער דאָס אַלץ איז גערעדט געוואָרן, אויבּ דער זעלבּסטמערדער האַנדלט אין קלאָרן בּאַוואוסטזיין און פילט זיך געבּונדן דורך געוויסע מנהגים צי דינים. אַנדערש אָבּער איז, ווען דעם מענשן שטופּט צו זעלבּסטפאַרניכטונג אַ אינערליכער קראַנקהאַפטער דראַנג, וואָס לאָזט זיך ניט איינצוימען: צי איז דאָס אַ גוזמא׳דיגע איבּערשאַצונג פון געוויסע מאָטיוון, צי ווערט ער פאַרפאָלגט פון קראַנקהאַפטע אידייען, צי ליידט ער פון מעלאַנכאָליע, צי וואָס די סיבּה פון פאַרניכטונג־דראַנג זאָל ניט זיין. ס׳איז אָבּער אַזוי, אַז בּעת מען רעדט אַרום בּאַזונדערע פּסיכישע אומנאָרמאַלקייטן, אָפּערירט מען דווקא מיט די, וואָס בּאַגייען זעלבּסטמאָרד, אָבּער בּעת מ׳האָט צו טון מיט זעלבּסטמאָרד־סטאַטיסטיק איגנאָרירט מען מייסטנס די פּסיכישע אומנאָרמאַלקייטן, אַלס סיבּה פון זעלבּסטמאָרד.

מיר זיינען דערבּיי אינגאַנצן מסכים מיט דער מיינונג, אַז „ניט תמיד קאָן דאָס רעטעניש פון זעלבּסטמאָרד געלייזט ווערן דורך דעם אָנווייז אויף פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגיע“ (Birnbaum). אָבּער אַלנפאַלס, גיט די אויספאָרשונג פון פּסיכישע אומנאָרמאַלקייטן בּאַ אידן אַזעלכע „אָנווייזן“, און מיר וועלן נאָך שפּעטער וועגן זיי רעדן.

וויכטיגע רעזולטאַטן בּאַקומען מיר בּיים בּאַטראַכטן פּערזאָנען, וועלכע זיינען בּאַגאַנגען נאָר אַ פּרווו צו נעמען זיך דאָס לעבּן, ד.ה. ניט איינגעגעבּענע זעלבּסטמאָרדן; דאָסגלייכן בּיים פאַלמעסן זעלבּסטמערדער, הגם אין דעם פאַל האָבּן די רעזולטאַטן נאָר אַ רעלאַטיוון ווערט, ווייל די וויסנשאַפט האָט נאָך בּיז איצט ניט פעסטגעשטעלט דעם אַנאַטאָמישן יסוד פונם רובּ פּסיכישע אומנאָרמאַלקייטן. ס׳איז אַלנפאַלס אינטערעסאַנט, אַז ה ע ל ע ר אין קיל האָט פון 300 קערפּערס פון זעלבּסטמאָרד כמעט בּאַ אַ העלפט געפונען סימנים פון כראָנישן אַלקאָהאָלגעבּרויך. און פון 70 פרויען האָט זיך כמעט די העלפט געפונען אין צושטאַנד פון שוואַנגערשאַפט, פון מענסטרואַציע, אָדער זיי זיינען געווען קימפּעטאָרינס, ד.ה. אַלץ אין אַזאַ צושטאַנד, וואָס, ווי בּאַקאַנט, ווערט ער אַפילו נ אָ ר מ אַ ל ג ע נ ו מ ע ן אויך בּאַגלייט פון מער ווייניגער שטאַרקע וואַקלענישן אין דער שטימונג.

פון די, וואָס האָבּן אָבּסערווירט פּערזאָנען, וועלכע האָבּן געפּרווט בּאַגייען זעלבּסטמאָרד, וועלן מיר דאָ נאָך דערמאָנען ג אַ ו פּ און העלענע ש ט ע ל צ נ ע ר. — די לעצטע האָט אָבּסערווירט ספּעציעל פרויען. גאַאופּ האָט צווישן די אויסגעפאָרשטע דורך אים 124 זעלבּסטמערדער בּלויז איין איינציגן פאַרצייכנט, אַלס פּסיכיש פולקאָם געזונטן; סטעלצנער, פאַרקערט, גיט אָן 15 פּראָצענט פּסיכיש געזונטע. געוויינלעך רעכנט מען, אַז פּסיכיש קראַנקע מאַכן אויס אַ דריטל צווישן אַלע זעלבּסטמערדער.

מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז די צאָל זעלבּסטמאָרדן איז פאַר די לעצטע 100 יאָר אומעטום שטאַרק אויסגעוואַקסן, און בּאַזונדער אין אַלע אייראָפּעאישע מלוכות, אַ חוץ נאָרוועגן. בּאַ אידן ווייזט די צאָל זעלבּסטמאָרדן אַרויס פאַר די לעצטע יאָרצענדליגען ממש אַ דראָענדיגן וואוקס, ווי מיר זעהען דאָס פון טאַבּעלע I, וואו מיר נוצן אויס די בּאַרעכנונגען פון ווייכבּראָדט. (Weichbrodt, Der Selbstmord, Berlin 1923)

פון די דאָזיגע ציפערן מאַכט ווייסבּראָדט דעם אויספיר, אַז כל זמן די אידן זיינען געווען רעליגיעז, איז די צאָל זעלבּסטמאָרדן געווען בּאַ זיי די קלענסטע, און זינט די רעליגיעזקייט האָט אָנגעהויבּן שוואַכער צו ווערן, וואַקסט די צאָל זעלבּסטמאָרדן. ווי גרויסשטאָטישע איינוואוינער זיינען אידן, נאַטירליך, צווישן די זעלבּסטמערדער אויך שטאַרקער פאַרטראָטן; אָבּער אין איניגע פּראָווינצן איז די צאָל אידישע זעלבּסטמער־

Tab. — I — טאַב.

## זעלבסטמאָרד בא אידן און ניט־אידן אין דייטשלאַנד

**Selbstmord bei der jüd. bzw. nichtjüdisch. Bevölkerung Deutschlands**

(per 1.000.000)

| בא עוואַנגעל. bei d. Evang. | בא קאַטאָליקן bei d. Kathol. | בא אידן bei d. Israelit. | Land — לענדער |
|---|---|---|---|
| | | | Preußen — פּרייסן |
| 160 | 50 | 46 | 1849—1855 |
| 187 | 69 | 96 | 1869—1872 |
| 247 | 93 | 241 | 1891—1900 |
| 252 | 101 | 294 | 1901—1907 |
| 261 | 108 | 315 | 1911 |
| 220 | | 320 | 1912 |
| 230 | | 350 | 1913 |
| 210 | | 410 | 1914 |
| 170 | | 330 | 1915 |
| 180 | | 350 | 1916 |
| 170 | | 310 | 1917 |
| 160 | | 320 | 1918 |
| 180 | | 400 | 1919 |
| | | | Bayern — בייערן |
| 135 | 49 | 106 | 1844—1856 |
| 195 | 74 | 115 | 1870—1879 |
| 222 | 95 | 186 | 1880—1889 |
| 210 | 93 | 212 | 1890—1899 |
| 222 | 102 | 253 | 1900—1908 |
| 244 | 104 | 290 | 1910 |
| | | | Württemberg — ווירטעמבערג |
| 114 | 80 | 66 | 1844—1860 |
| 177 | 135 | 98 | 1873—1880 |
| 169 | 118 | 138 | 1881—1890 |
| 155 | 112 | 263 | 1891—1900 |
| 193 | 117 | 215 | 1901—1907 |
| | | | Baden — באַדן |
| 159 | 121 | 95 | 1864—1870 |
| 213 | 155 | 151 | 1871—1880 |
| 237 | 160 | 222 | 1881—1890 |
| 250 | 159 | 229 | 1891—1900 |
| 268 | 169 | 269 | 1901—1905 |
| | | | Elsaß-Lothr.—עלזאַס־לאָטר. |
| 264 | 106 | 131 | 1911 |
| 232 | 148 | 229 | 1912 |

דער אַ קליינע, באַזונדער אין פּויזן און אין מערב־פּרייסן—קאַנטן, וואו „די רעליגיעזקייט איז נאָך אַלץ זייער שטאַרק“.

Tab. — II — טאַב.

### זעלבסטמאָרד אין פאַרש. פּרייסישע פּראָווינצן 1901—07

**Selbstmordziffer in den einzeln. preuss. Provinzen per 1000000**

| קאַטאָ־ליקן Katholiken | עוואַנגע־לישע Evangelische | אידן Israel. | Provinz — פּראָווינץ |
|---|---|---|---|
| 67 | 153 | 250 | . . . . . Ostpreußen — מזרח־פּרייסן |
| 53 | 213 | 141 | . . . . Westpreußen — מערב־פּרייסן |
| 265 | 316 | 312 | . . . . . . . . . . Berlin — בערלין |
| 303 | 294 | 518 | . . . . Brandenburg — בראַנדענבורג |
| 188 | 177 | 292 | . . . . . . . . Pommern — פּאָמערן |
| 53 | 184 | 135 | . . . . . . . . . . . Posen — פּויזן |
| 133 | 356 | 236 | . . . . . . . . Schlesien — שלעזיע |
| 155 | 317 | 497 | . . . . . . . . . . Sachsen — זאַקסן |
| 334 | 224 | 719 | Schleswig-Holstein—שלעזוויג־האָלשטיין |
| 110 | 227 | 387 | . . . . . . . Hannover — האַנאָווער |
| 78 | 169 | 235 | . . . . . . . Westfalen — וועסטפאַלן |
| 158 | 227 | 326 | . . . . Hessen-Nassau — העסן־נאַסוי |
| 86 | 202 | 247 | . . . . Rheinprovinz — ריין־פּראָווינץ |
| **101** | **252** | **294** | Preußen—כּלל פּרייסן |

זייער דייטליך קומט די דאָזיגע פאַרהעלטעניש צום אויסדרוק אין דער טאַבעלע, וואָס זיכער האָט צענויפגעשטעלט פאַר דער שטאָט פראַנקפורט־אַם־מאַין (טאַב. III).

Tab. — III — טאַב.

### זעלבסטמאָרד בא אידן און ניט־אידן אין פראַנקפורט אם מאַין 1914 — 1923

**Selbstmord bei den Juden in Frankfurt a. M.**

| פון יעדע 100 זעלבסטמערדער זיינען געווען: Von je 100 Selbstmördern waren: | | | | | יאָר Jahr |
|---|---|---|---|---|---|
| צוזאַמען Zusammen | אַנדערע Andere | קאַטאָליקן Katholiken | עוואַנגע־לישע Evangelische | אידן Israeliten | |
| 100,0 | 4,8 | 23,0 | 63,0 | 9,2 | 1914 |
| 100,0 | 3,0 | 25,0 | 66,0 | 6,0 | 1915 |
| 100,0 | 5,5 | 31,5 | 57,6 | 5,4 | 1916 |
| 100,0 | 5,2 | 28,2 | 60,2 | 6,4 | 1917 |
| 100,0 | 6,9 | 17,2 | 62,6 | 13,3 | 1918 |
| 100,0 | 0,2 | 25,3 | 58,5 | 16,0 | 1919 |
| 100,0 | 3,3 | 23,6 | 62,6 | 10,5 | 1920 |
| 100,0 | 8,3 | 26,6 | 61,4 | 3,7 | 1921 |
| 100,0 | 6,9 | 21,5 | 65,7 | 5,9 | 1922 |
| 100,0 | 2,2 | 19,8 | 70,4 | 7,6 | 1923 |

די בײַפעלקערונג פון פראַנקפורט אַם־מײַן איז באַשטאַנען (אין 1910־טן יאָר) פון:

| | | |
|---|---|---|
| עוואַנגעלישע . . . . . . . | 60,4 | פראָצ׳ |
| קאַטאָליקן . . . . . . . . | 31,3 | " |
| אידן . . . . . . . . . . . | 6,3 | " |

דערפון זעהט מען, אַז בײַ די עוואַנגעלישע פאַלט די צאָל זעלבסטמאָרדן כמעט צונויף מיט דעם פּראָצענט־זאַץ, וואָס זיי מאַכן אויס צווישן דער בײַפעלקערונג, אויסער די צוויי יאָר 1922 און 1923; בײַ די קאַטאָליקן איז די צאָל זעלבסטמאָרדן קלענער פון דעם דאָזיגן פּראָצענט־זאַץ; און, פאַרקערט, בײַ אידן איז די צאָל זעלבסטמאָרדן העכער פון זייער פּראָצענט־זאַץ אין דער בײַפעלקערונג, באַזונדער אין די יאָרן 1918—1920.

אין זעלבן זינען—די אָפּהײַנגיגקייט פון זעלבסטמאָרד פון דער רעליגיעזקייט — שאַצט ווייכבראָדט אָפּ די גרעסערע רע־ליגיעזקייט פון דער אידישער פרוי. אַזוי, למשל, ווײַזט די סטאַטיסטיק פון זעלבסטמאָרדן אין זאַקסן אין יאָר 1905, אַז די מענער גייען לויט דער צאָל זעלבסטמאָרדן אויפן ערשטן אָרט, און די פרויען ערשט אויפן דריטן אָרט.

לויט דער דאָזיגער סטאַטיסטיק איז אין זאַקסן געווען אויף אַ מיליאָן אײַנוואוינער זעלבסטמאָרדן בײַ:

| | מענער | פרויען |
|---|---|---|
| עוואַנגעלישע . . . . . . . . . | 482,4 | 150,6 |
| רוימיש־קאַטוילישע . . . . . | 563,1 | 184,5 |
| אַנדערע קריסטן . . . . . . . | 138,7 | 43,5 |
| אידן . . . . . . . . . . . . . | 583,3 | 117,5 |

אין פראַנקפורט אַם מײַן זײַנען אין יאָר 1900 אויסגעקומען 3—4 אידישע זעלבסטמערדער אויף איין זעלבסטמערדערין, שפּע־טער שוין נאָר 2 מענער. די צאָל פרויען־זעלבסטמאָרדן פאַר־גרעסערט זיך פון יאָר צו יאָר.

פון די 86 אידישע זעלבסטמערדער אין פראַנקפורט זײַנען געווען 36 בחורים, 33 פאַרהייראַטע און 17 אַלמנס. בײַ די פרויען איז די צאָל פאַרהייראַטע געווען גרעסער פאַר דער צאָל ניט פאַרהייראַטע (14 : 10), — אַ פאַקט, וועלכן זיכער דערקלערט מיט די פיזיאלאָגישע אייגנשאַפטן פון דער פרוי.

אין פּרט פון עלטער (טאַבעלע IV) ווײַזט זיך אַרויס בײַ אַלע אמונות, אַז די גרעסטע צאָל זעלבסטמערדער פאַלט אויפן עלטער פון 20 ביז 30 יאָר; צווישן 30 און 40 איז די צאָל אומעטום די קלענסטע, און צווישן 40 און 50 שטײַגט די צאָל זייער שטאַרק בײַ די קאַטאָליקן, און, פאַרקערט, בײַ די עוואַנ־געלישע און אידן שטײַגט זי אין עלטער צווישן 50 און 60 יאָר און דערגרייכט די זעלבע גרויס, וואָס אין דריטן יאָרצענדליגג פון לעבן.

אין דער פראַגע וועגן אופן, ווי דער זעלבסטמאָרד ווערט בײַ־גאַנגן, האַלטן מיר זיך אויך בײַ דער מיינונג, וואָס ווייכבראָדט, אַז דער זעלבסטמאָרד־אופן הייננט שטאַרק אָפּ פון פּראָפעסיע און אַז יעדע צײַט האָט זיך אירע באַשטימטע מינים פון זעלבסט־מאָרד. בײַ די מענער אין דײַטשלאַנד גייט אויפן ערשטן אָרט דאָס הייגנגען זיך, אויפן צווייטן אָרט דאָס שיסן זיך, און אויפן דריטן אָרט דאָס טרינקען זיך, בעת בײַ פרויען גייט אויפן ערשטן אָרט דאָס סמ׳ען זיך, אויפן צווייטן אָרט—דאָס טרינקען זיך און ערשט אויפן דריטן אָרט דאָס הייגנגען זיך. לויט רופּינס „די אידן אין גרויס־הערצאָגטום העסען“ איז דאָרט דער צו־זאַמענשטעל פון די זעלבסטמערדער (18) געווען דערזעלבער, ווי בכלל אין דײַטשלאַנד. בײַ מענער: 11 געהאָנגענע, 5 דער־שאָסענע און 2 האָבן זיך דערטרונקען.

Tab. — IV — טאַב׳

עלטער־צוזאמענשטעל פון די זעלבסטמערדער אין פראנקפורט 1914—1923

Lebensalter der Selbstmörder in Frankfurt am Main

| בכלל Zusammen | אידן Israeliten | קאטאליקן Katholiken | עוואנגע־לישע Evangel. | עלטער Alter |
|---|---|---|---|---|
| 106 | 7 | 22 | 77 | —20 |
| 201 | 17 | 59 | 125 | 21—30 |
| 145 | 10 | 38 | 97 | 31—40 |
| 180 | 13 | 55 | 112 | 41—50 |
| 175 | 17 | 34 | 124 | 51—60 |
| 122 | 12 | 34 | 76 | 61—70 |
| 62 | 7 | 10 | 45 | 71—80 |
| 9 | 2 | 3 | 4 | 81— |
| **1000** | **85** | **255** | **660** | Zus.—צוז׳ |

באַזונדער אינטערעסאַנט איז די מיינונג פון גריזינגער, אַז „וואָס אומגעווייגליכער און גרויזאַמער עס זײַנען די אָנגע־ווענדטע מיטלען בײַם אויספירן דעם זעלבסטמאָרד, אַלץ מער גרונט איז פאַראַן צו האַלטן אים פאַר אַ רעזולטאַט פון אַ קראַנקהאַפטן פּסיכישן צושטאַנד“. שטעלצנער האָט אָנגעוויזן דערויף, ווי דער היסטעריקער פלייסט זיך שיין צו שטאַרבן, און, פאַרקערט, דער, וואָס באַגייט זעלבסטמאָרד אונטער דער ווירקונג פון אַ פּלוצימדיגער שטימונג, דער לייגט דערויף קיין שום אַכט ניט און נוצט אויס פאַר זײַן טאַט די ערשטע בעסטע געלעגנ־הייט. באַזונדער לאָזט זיך דאָס מערקן בײַ פּסיכיש קראַנקע, בײַ די, וואָס לײַדן פון דעפּרעסיווער מאַניע, פון dementia praecox און בײַ אומהיילבאַרע פּסיכאָפּאַטן, וועלכע גיבן אַרויס פון זיך, צווישן זיכעלס פּסיכיש־קראַנקע, די גרעסטע צאָל זעלבסט־מערדער.

די עטיאָלאָגישע באַזונדערקייטן פון גייסטיג קראַנקע שפּילן אויך אַ ראָל אין דעם, וואָס אידן גיבן אַזאַ אומגעווייגליך גרויסע צאָל זעלבסטמערדער.

די ווירקליכע צאָל זעלבסטמאָרדן, באַזונדער ניט אײַנגעג־בענע, קאָן מען קיינמאָל ניט וויסן גענוי, בפּרט אין אידישע קרייזן. אַפילו פּסיכישע אומנאָרמאַלקייטן באַמיהט מען זיך אויס־צובאַהאַלטן, בפּרט אַ זעלבסטמאָרד, וואָס מ׳האַלט פאַר אַ פלעק אויף דער גאַנצער משפחה—דער זעלבסטמערדער ווערט באַגראָבן בײַם פלויט פון בית עולם!

ס׳איז ביז אַ געוויסן גראַד פּאַראַדאָקסאַל, אַז מיטגלידער פון אַזאַ לעבנס־צוגעבונדענעם קיבוץ ווי אידן זאָלן זיך אַליין דאָס לעבן נעמען. ס׳זײַנען אָבער פאַראַן אומשטענדן, וועלכע זײַנען שטאַרקער פאַר אָט דער לעבנס־צוגעבונדנקייט; ס׳זײַנען פאַראַן צײַטן, ווען ניט־שטאַנדהאַפטיגע מענשן ווערן געטריבן צו אַפעקט־האַנדלונגען, און קיינע רעליגיעזע אָדער אַנדערע מאָראַלישע מאָטיוון קאָנען זיי ניט אָפּהאַלטן דערפון. און די אויספאָרשונגען פון די לעצטע יאָרן האָבן געוויזן, אַז די אונ־טערשיידן צווישן אידישע און ניט־אידישע פּסיכיש־קראַנקע

זיינען ניט אַזוי קוואַנטיטאַטיווע, ווי קוואַליטאַטיווע. זיי געהערן צום געביט פון כאַראַקטער. „די קראַנקהייט פאַרגרעסערט אין אַ געוויסער מאָס די כאַראַקטער־אויסדרוקן".

כמעט אומבאַמערקבאַרע איבערגאַנגען פירן פון געזונטן צום קראַנקהאַפטן—און דאָס האָט פאַר אונזער באַטראַכטונג די וויכטיגסטע באַדייטונג. ס'איז אָן שום ספק, אַז אַ סך זעלבסט־מאָרדן זיינען די ערשטע קראַנקהאַפטע מאַניפעסטאַציע פון געגעבענעם אינדיווידואום. ס'איז דעריבער אַזוי שווער אָנצוגעבן צאָלן, וואָס זאָלן אַנטשפּרעכן דער ווירקליכקייט. פאַר פאַרגלייכונגען טויגן נאָר די צאָלן פון די קראַנקע, וועלכע קומען אָן אין די שפּיטאָלן, אָבער די דאָזיגע צאָלן פאַלן לגמרי ניט צונויף מיט דער ווירקליכער צאָל קראַנקע. בעסער האַלט עס שוין מיט דער פאַרטיילונג פון אָט די קראַנקע לויט די באַזונדערע פאָרמען פון זייער קראַנקהייט.

בײַ די אויספאָרשונגען, וועלכע מיר האָבן דורכגעפירט אין איינינגע אַנשטאַלטן פאַר פסיכיש קראַנקע, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַרשידנקייטן, וואָס זיינען פאָרגעשטעלט אין דער טאַבעלע V. דערבײַ זעהען מיר, אַז די קראַנקייטן, וועגן וועלכע מיר האָבן פריער באַמערקט, אַז זיי גיבן דעם גרעסטן קאָנטינגענט זעלבסטמערדער (באַזונדערס דעפּרעסיווע מאַניע און dementia praecox), — שפּילן בײַ אידן אַ באַזונדער גרויסע ראָלע.

Tab. — V — טאַב.

פאָרמען פון פסיכישע קראַנקייטן בא אידן און ניט־אידן
Psychische Störungen bei Juden und Nichtjuden

| פון יעדע 100 קריסטליכע / Von je 100 christlichen (Kranken — קראַנקע) | פון יעדע 100 אידישע / von je 100 jüdischen (Kranken — קראַנקע) | Krankheit — קראַנקייט |
|---|---|---|
| 18,6 | 1,0 | Alkoholismus — אלקאָהאָליזם |
| 11,4 | 4,3 | Epilepsie — עפּילעפּסיע |
| 10,4 | 6,9 | Idiotie — אידיאָטיזם |
| 6,5 | 8,9 | Senium — זקנה |
| 11,1 | 10,5 | Hysterie — היסטעריע |
| 15,7 | 16,0 | Progr. Paralyse — פּראָגר. פּאַראַליזע |
| 5,1 | 21,5 | Manisch- depr. Irresein — משוגעת |
| 19,5 | 28,9 | Dementia praecox — דעמענט. פּרעקאָקס |
| 1,7 | 2,0 | Sonstige — אנדערע |
| 100,0 | 100,0 | Zus. — סך־הכל |

בײַ דער באַטראַכטונג פון דער דעפּרעסיווער מאַניע זיינען מיר געקומען צו דעם אויספיר, אַז ספּעציעל בײַ די אידישע קראַנקע, וואָס האָבן געליטן אויף מעלאַנכאָליע, איז נעהען אַ איבערגעוויכט פון היפּאָכאָנדרישע פאָרשטעלונגען. פילייכט דערקלערט טאַקע די גרעסערע צאָל זעלבסט־מאָרדן בײַ אידן דערמיט, וואָס בײַ זיי איז פאַראַן אַ גרעסערע צאָל מעלאַנכאָליקער.

אינטערעסאַנט איז אויך זיכעלס באַאָבאַכטונג, לויט וועלכער עס קומט אויס, אַז די לעצטע צייט האָבן זיך בײַ אידן פאַרמערט די פאַלן פון דעפּרעסיווער מאַניע, בעת די צאָל פאַלן פון אַנדערע פסיכאָזן האָט זיך, פאַרקערט, פאַרקלענערט.

די פאַלן, וועלכע זיכעל האָט אויסגעפאָרשט, האָבן געוויזן, אַז בײַ ניט־אידן איז די דאָזיגע קראַנקייט (מאַניע־משוגעת) פון 1906/7 ביז 1916/17 געשטיגן פון 3 ביז 6 פּראָצ., בײַ אידן אָבער פון 12 ביז 17,5 פּראָצענט. די אויספאָרשונג פון די פאַלן פון פּראָגרעסיוון פּאַראַליטש האָט געוויזן, אַז בײַ די אידישע קראַנקע באַשטייט די דעפּרעסיע דער עיקר פון היפּאָכאָנדרישע פאָרשטעלונגען מיט זעלבסטמאָרד־געדאַנקען און פאַרפאָלגונג־פאָרשטעלונגען. וועגן דעם גרויסן פּראָצענט־זאַץ קראַנקע אויף dementia praecox האָבן מיר שוין פריער דערמאָנט. דער עטוואָס גרעסערער אַנטייל פון אידן אין פסיכישע עלטער־קראַנקהייטן איז אפשר פאַרבונדן דערמיט, וואָס בײַ אידן איז דער דורכשניטליכער לעבנס־דויער אַביסל גרעסער, — אָבער דאָס רופט זיך אויך אָפּ אויף דער צאָל זעלבסטמאָרדן. פילייכט באַמערקט נאָך, אַז די dementia senilis בײַ אידן ווערט אָפט באַגלייט מיט דערשיינונגען פון אויסערסט היפּאָכאָנדרישער באַפאַרבונג.

די צאָל מענער זעלבסטמערדער איז אומעטום גרעסער פאַר דער צאָל פרויען־זעלבסטמערדערינס, אויסער געציילטע לענדער, ווי, למשל, יאַפּאַן און אינדיע, וואו פרויען באַגייען מער זעלבסטמאָרדן, איידער מענער. אמת, פאַר די יאָרן פון דער וועלט־מלחמה און נאָך איר איז די צאָל זעלבסטמאָרדן בײַ פרויען שטאַרק געשטיגן, אָבער פאָרט דערגרייכט זי נאָך ווייט ניט די צאָל זעלבסטמאָרדן בײַ מענער. די 1054 זעלבסטמאָרד־פאַלן, וועלכע זיכעל האָט אויסגעפאָרשט אין פראַנקפורט, צעטיילן זיך אַזוי: 667 מענער, 387 פרויען. די פּראָצענט־פאַרהעלטעניש צווישן די אידישע זעלבסטמאָרדן איז אויך כמעט די זעלבע: 53 מענער און 33 פרויען.

דער דאָזיגער פאַקט וואָס מענער גיבן אַ סך מער זעלבסטמערדער, איידער פרויען איז נאָך מערקווירדיגער צוליב דעם, וואָס בײַ פרויען, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, זיינען אַ חוץ אַלגעמיין פאַראַן פיזיאָלאָגישע סיבות (מענסטרואַציע, שוואַנגערשאַפט, קימפּעט), וועלכע פאַרגרעסערן די געפאַר פון זעלבסטמאָרד. און אויך די פסיכישע קראַנקהייטן, וועלכע מיר האָבן אָנערקענט אַלס באַזונדער כאַראַקטעריסטיש פאַר אידן און אין וועלכע פרויען ווידער האָבן אַ גאַנץ גרויסן חלק, קאָנען אויך ניט דינען פאַר אַ דערקלערונג, וואָרום אידישע פרויען ווייזן אויך אַרויס אַ סך אַ קלענערע צאָל זעלבסטמאָרדן, איידער אידישע מענער. דאָ האָבן מיר צו טון מיט ווידערשפּרוכן, פאַר וועלכע ס'איז נאָך דערווייל ניט פאַראַן קיין גענוגענדיגע דערקלערונג.

מען דאַרף דאָ נאָך דערמאָנען, אַז פאַרשיידענע מחברים און באַזונדער זיכעל באַמיען זיך צו דערווייזן, אַז ניט די אָפּגעשוואַכטע רעליגיעזקייט און ניט דער שטאַרקערער אָנטייל אין באַרוף־לעבן דערקלערן ניט די אמת'ע סיבות פון זעלבסטמאָרד. אָט איז, למשל, אין די פאַלן, וואָס זיכעל האָט אויסגעפאָרשט, נאָר אַ גאַנץ קליינע צאָל אידישע פרויען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען באַטייליגט אין באַרוף־לעבן.

מיר מיינען, אַז דער קוואַליטאַטיווער צוזאַמענשטעל פון דער אידן־באַטייליגונג אין פסיכישע קראַנקהייטן און מיט געוויסע רעזערוואַען אויך דער צוזאַמענשטעל פון דער נאָרמאַלער פסיכיק בײַ אידן קאָנען געבן אַ געוויסן שטיצפּונקט בײַ דער דערקלערונג פון דער גרעסערער צאָל זעלבסטמאָרדן בײַ אידן; אָבער מיר געבן זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דער איינער פאַקטאָר אַליין איז נאָך ווייניג, כדי אויפצוקלערן די דאָזיגע דערשיינונג, דאָ ווירקן אַ סך פאַרשיידענע פאַקטאָרן צוזאַמען; און די הויפּט־אַרבעט אויף צו פאָרשן און דערקענען די ווירקונג פון די פאַקטאָרן שטייט ערשט פאַר.

## — ליטעראַטור —
## Literaturnachweis:


**Baer, A.** Der Selbstmord im kindlichen Lebensalter; eine sozial-hygienische Studie. Leipzig. Thieme 1901.

**Gaupp, R.** Über den Selbstmord, (2) München 1910. Verlag Otto Gmehlin.
Einige neuere Arbeiten über die Lehre vom Selbstmord. Monatsschr. f. Kriminalpsychol. u. Strafrechtsreform. 3 .Jahrg. 1903.

**Geiger, K. A.** Der Selbstmord.

**Guttman, M. J.** Geisteskrankheiten bei Juden. Zschr. f. Demogr. u. Stat. d. Juden, 2. Hj. 1926 H. 4/6.

**Gruner.** Selbstmord in der deutschen Armee. Inauguraldissertation. Berlin 1903.

**Gurlitt, L.** Schülerselbstmorde. Berlin 1908.

**Hirschberg,** Der Selbstmord bei den Juden mit besonderer Berücksichtigung von Bayern. Z. f. D. u. Stat. d. Juden. 1906.

**Hirzel, Rudolf.** Der Selbstmord. Archiv für Religionswissenschaft Bd. 11, 1908.

**Hoche,** Vom Sterben. G. Fischer. 1919.

**Krose, H. A.** Die Ursachen der Selbstmordhäufigkeit. Leipzig. 1907.

**Kürten, O.** Statistik der Selbstmorde im Königreich Sachsen. Erg. Heft zum Deutsch. Stat. Zentralblatt 1912/14. H. 3.

**Kure, Sh.** Über Selbstmord und Selbstmordversuche bei Geisteskranken.

**Lomer, G.** Die Beziehung von Selbstmord u. Geisteskrankheit zur Rasse. Pol. anthrop. Revue. 5. 28. 1906.

**Morselli.** Der Selbstmord, ein Kapitel aus der Moralstatistik. Leipzig 1881.

**Neter.** Der Selbstmord im kindlichen und jugendlichen Alter, — „Beiträge zur Kinderforschung und Heilerziehung". Langensalza 1901.

**Ollendorf.** Krankheit und Selbstmord. Dissertation Greifswald 1907.

**Sichel, M.** Der Selbstmord bei den Juden — einst und jetzt. Zschr. f. Dem. u. Statistik der Juden. I. Jahrg. (neue Folge) H. 5/6. 1924.

**Stegmann.** Über den Geisteszustand der Selbstmörder. A. Z. f. Psych. 1909.

**Stelzner, Helene Friederike.** Analyse von 200 Selbstmordfällen nebst Beitrag zur Prognose der mit Selbstmordgedanken verknüpften Psychosen. Mit einem Vorwort von Prof. Th. Ziehen, Berlin, 1906

**Wassermann, R.** Der Selbstmord unter den bayr. Juden. Z. f. D. und Stat. der Juden. 1906.
Der Selbstmord bei den Juden in Deutschland. Z. f. D. 1910. H. 8.
Selbstmorde in Preußen. 1907. Z. f. D. u. St. d. Juden. 1909. H. 6.
Beruf, Konfession und Verbrechen München 1907.
Die Kriminalität der Juden in Deutschland in den letzten 25 Jahren. Monatsschrift f. Kriminalpsychologie und Strafrechtsreform 1909.

**Weichbrodt.** Der Selbstmord. Berlin 1923.

**Werthheimer, E. I.** Zur Pathologie und Pathogenese der Selbstmorde Dissertation. München. 1892.

# די באזונדערקייטן פון דער קרימינאליטעט בא אידן

ד״ר יור׳ רודאלף וואסערמאן

# Betrachtungen über die Kriminalität der Juden

Von D· jur. **Rudolf Wassermann**

פאַרברעכערישקייט בא אידן איז אַ טעמע, וואָס שוין מער ווי 100 יאָר, אַז זי פאַרנעמט זייער שטאַרק פאַרשיידענע פאָרשער. און נישט אין אַ קליינער מאָס צוליב דעם, וואָס די דאָזיגע פראַגע האָט גראָד געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם קאַמף פאַר אידישער עמאַנסיפּאַציע, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין משך פון גאַנצן 19־טן יאָרהונדערט, זייט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

מען האָט געגלויבט, אַז די צאָלן פון דער קרימינאַל־סטאַטיסטיק קאָנען דינען פאַר אַ זיכערן מאָסשטאַב ביים שאַצן דעם ווערט פונם אידישן פאָלק; מ׳האָט גאָר פאַרזעהען, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַזאַ מין מאַטעריאַל, וואָס שוין ביים זאַמלען און ביים גרופּירן זיינען באַגאַנגען געוואָרן אַ גאַנצע רייע פעלערן, און אַז נאָך שווערער איז צו מאַכן פעסטע אויספירן, צי סאָציאַלע אָדער ראַסע־מאָמענטן זיינען די הויפּט־סיבה פון דער פאַרברעכערישקייט.* אַזוי ווי פאַרברעכנס זיינען פאַראַן זייער פאַרשיידענע, פון גאָר מילדע ביז גאָר שווערע, איז עס אַ אומזיסטע טרחה צו פּרובן זיך נעמען די אַלגעמיינע קרימינאַליטעט־ציפער בא אידן, זי פאַרגלייכן מיט דער קרימינאַליטעט פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג און מאַכן פון אַזאַ פאַרגלייך וועלכע ס׳ניט איז אויספירן. ס׳קאָן זיך גרייליך מאַכן, אַז אויף אַ געוויסע נאַציאָנאַלע גרופּע זאָל גראָד אויסקומען זייער אַ גרויסער חלק אין די שווערסטע פאַרברעכנס און אַ קלענער חלק אין יענע לייכטע פאַרברעכנס, וועלכע מאַכן אַליין פאַר זיך אויס זייער אַ גרויסער צאָל. וואָס וועט זיך באַקומען? די דאָזיגע נאַציאָנאַלע גרופּע וועט בא אַ פאַרגלייך פון אַלגעמיינע צאָלן אַרויס זייער גוט — פּראָצענטואַל האָט זי דאָך אַ קליינעם חלק אין דער אַלגעמיינער צאָל פאַרברעכנס—הגם קוואַליטאַטיוו גענומען, איז איר קרימינאַליטעט אַ סך ערגער, איידער די קרימינאַליטעט פון דער אַרומיגער באַפעלקערונג. אמת, בא אידן האָבן מיר ניט אַזאַ פאַל אין קיין שום לאַנד. אָבער דאָך זיינען כמעט ווי איבעריג אַזעלכע סומאַרישע פאַרגלייכן, ווי מיר געפינען זיי, למשל, בא רופּינען אין דער ערשטער אויפלאַגע פון זיין בוך: „Die Juden der Gegenwart" (בערלין 1904), אָדער אין מיין בוך: „Beruf, Konfession und Verbrechen" (מינכען, 1907 ז. 11).

אויב מען וויל מאַכן צווישן־נאַציאָנאַלע פאַרגלייכן, דאַן דאַרף אַ ווערט נאָר אַזאַ מין איבערזיכט, ווי עס גיט ד״ר רופּין אין דער צווייטער אויפלאַגע פון זיין בוך (בערלין 1911, ז. 223), — אַן איבערזיכט, וועלכער ווייזט אונז די באַטייליגונג פון אידן און פון אַנדערע פעלקער־גרופּעס אין דעם אָדער יענעם באַזונדערן פאַרברעכן, פּראָפּאָרציאָנעל צו דער גרויס פון יעדער פעלקער־גרופּע.

אַזאַ איבערזיכט גיבן מיר דאָ אויך אין דער טאַבעלע I, און דערביי דאַרפן מיר פאָלגענדיגס באַמערקן: די טאַבעלע איז צונויפגעשטעלט לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק פון די באַטרעפנדיגע לענדער, נעמליך: פאַר דייטשלאַנד האָבן מיר גענומען די דורכשניטליכע רעזולטאַטן פון די יאָרן 1903 און 1906, פאַר עסטרייך—1898 און 1902, פאַר אונגאַרן — דאָס יאָר 1904 און פאַר האָלאַנד — דאָס יאָר 1902.

פון דעם איבערזיכט זעהט מען, אַז מען קאָן ניט זאָגן, די אידישע פאַרברעכערישקייט זאָל זיין אַנ׳ערגערע, איידער די קריסטליכע, זי איז בלויז פון אַנ׳אַנדער מין. בא קריסטן וועגן איבער געוואַלט־פאַרברעכנס און פאַרברעכנס פון ווילדקייט און אכזריות׳קייט, בא אידן זיינען מער פאַרשפּרייט פאַרברעכנס פון באַשווינדלען, פאַרמעגן־תביעות. ס׳וואָלט אָבער געווען לגמרי פאַלש, מען זאָל די דאָזיגע ערשיינונג וועלן דערקלערן סתם דורך די ראַסע־אייגנשאַפטן פון אידן; ווייל ס׳איז אַ פאַקט, אַז אידן פון אַנ׳אַנדער סאָציאַלער סטרוקטור ווי די מערב־אייראָפּייאישע האָבן גאָר אַנ׳אַנדער קרימינאַליטעט. אַזאַ מין פאַל האָבן מיר, למשל, אין דער שטאָט אַמסטערדאַם. דאָרט איז די מערהייט אידן באַשעפטיגט אַלס פאַבריק־אַרבעטער בא דימענטן־שלייפעריי. און מיר זעהען טאַקע, אַז דאָרט איז די צאָל געמשפט׳ע אידן פאַר קערפּערליכע באַליידיגונגען כמעט די זעלבע, וואָס בא קריסטן, און, פאַרקערט, די צאָל שווינדלערייאַפערעס מאַכט אויס בא אידן כמעט נאָר אַ העלפט פון דער זעלבער צאָל בא קריסטן. דאָס ברייגנט דע־ראָאָס, דער שעף פון דער קרימינאַל־סטאַטיסטיק אין האָלאַנד, אין דער „מאָנאַטשריפט פאַר קרימינאַל־פּסיכאָלאָגיע" (6־טער יאָרגאַנג, ז. 204), און ער גיט דערביי אָן אַזעלכע ציפערן: פאַר די יאָרן 1901—05 זיינען דורכשניטליך פאַרמשפּט געוואָרן פאַר פיזישע באַליידיגונגען צו 23 קריסטן און 19 אידן אויף 100 טויזנט פון יעדער פון די צוויי גרופּעס, און פאַר שווינדלערייען 3,8 קריסטן און בלויז 1,9 אידן.

אָבער ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז מען טאָר אויך ניט איבערבויגן דעם שטעקן אין דער צווייטער זייט און נעמען באַהויפּטן, אַז יעדע קרימינאַליטעט — און ממילא אויך די אידישע — איז אַ פּראָדוקט אויסשליסליך פון די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן. אַזאַ באַהויפּטונג וואָלט געווען ניט ריכטיג, ווען אַפילו ס׳זאָל דערוויזן ווערן, אַז די קרימינאַליטעט פון אידן פאַלט אינגאַנצן צונויף אין יעדן לאַנד מיט דער קרימינאַליטעט פון דעם סאָציאַלן שיכט, צו וועלכן די אידן געהערן דאָרט אין זייער מערהייט. ווייל אַפילו דעמאָלט וואָלט נאָך אַלץ געבליבן ניט אויפגעקלערט, צי האָבן ניט אַנדערע מאָמענטן (ראַסע־נטיות, דערציונג) געפירט צו אָט דעם רעזולטאַט, שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז די קרימינאַל־סטאַטיסטיק אַליין פאַר זיך זאָגט אונז נאָך זייער ווייניג וועגן די אינדיווידועלע סיבות פון יעדן איינצעלנעם פאַרברעכן. פון דעם אָבער, וואָס דער סטאַטיס־

* פארגליך: Aschaffenburg: „Das Verbrechen und seine Bekämpfung" (Heidelberg 1923). און די ליטעראטור, וואס ווערט דארט אנגעוויזן. ווי אויך בא: Högel: „Die Grenzen der Kriminalstatistik" (Stat. Monatsschrift 1907 s. 1).

Tab. — I — טאַב.

## פאַרבּרעכנס און עולות מיט א שטאַרקערן אנטייל פון אידן אדער פון קריסטן

**Verbrechen u. Vergehen mit stärkerer christlichen bzw. stärkerer jüdischen Beteiligung**

| פאַרבּרעכנס און עולות<br>Verbrechen und Vergehen | דייטשלאַנד<br>Deutschland | עסטרייך<br>Österreich | אונגאַרן<br>Ungarn | האָלאַנד<br>Niederlande |
|---|---|---|---|---|
| **I. וואס טרעפן בא קריסטן אפטער**<br>**I. Beteil. der Christen ist stärker um . . . mal** | | | | |
| ווידערשטאנד געגן דער מלוכה־מאכט — Widerstand gegen die Staatsgewalt | 3,6 | 1,6 | 2,6 | 2,2 |
| רויב און אויספּרעסן — Raub und räub. Erpressung | 5,6 | 8,7 | 7,4 | 15,8 |
| גנבה — Diebstahl | 2,8 | 1,7 | 1,9 | 1,9 |
| שטערן דעם הויזפרידן — Hausfriedensbruch | 2,0 | 3,3 | 2,9 | 1,6 |
| שעדיגן זאכן — Sachbeschädigung | 4,6 | 7,4 | 2,0 | 2,5 |
| טויט־פאַרבּרעכנס — Tötungsdelikte (ausschl. fahrläss. Tötung) | 4,3 | 2,2 | 3,0 | . |
| אונטערצינדן — Brandstiftung | 2,9 | 1,5 | 4,1 | . |
| מזיקן דעם קערפּער — Körperverletzung | 2,6 | 3,3 | 3,2 | 2,0 |
| אַבאָרט — Abtreibung | 1,2 | 1,3 | 4,4 | . |
| **II. וואס טרעפן בא אידן אפטער**<br>**II. Beteil. der Juden ist stärker um . . . mal** | | | | |
| וואכער — Wucher | 29,1 | 75,5 | 4,9 | . |
| באַנקראָט — Bankrott-Delikte | . | 8,8 | 28,2 | . |
| שווינדל — Betrug | 2,0 | 3,3 | 4,0 | 2,0 |
| פארשפרייטן אומציכטיגע שריפטן — Verbr. unzücht. Schriften | 2,0 | . | . | 5,0 |
| אויספרעסן — Erpressung | 1,6 | . | 1,5 | . |
| עובר זיין אויף מיליטער־דינסט — Verletzung der Wehrpflicht | 2,2 | 1,6 | . | . |
| ניט דערלאזן אויספירן דעם פסק — Vereitelung der Zwangsvollstreckung | 2,0 | 2,2 | 2,1 | . |
| פעלשן דאָקומענטן — Urkundenfälschung | 2,3 | . | 1,7 | . |
| באליידיגונג, פאלש באשולדיגן — Beleidigung, Verleumdung | 1,3 | . | . | 1,6 |
| דועל — Zweikampf | 3,7 | . | 11,5 | . |

טישער מעטאָד דעקט ניט אויף די אינדיווידועלע סיבות פון יעדן איינצעלנעם פאַרבּרעכן, איז נאָך ניט געדרונגען, אַז אַזעלכע סיבות זיינען טאַקע ניט פאַראַן.*

ווען מען קומט אַפילו צום אויספיר — ווי מיר זיינען געקומען, — אַז די קרימינאַליטעט פון אידן איז אין אַלגעמיין די זעלבע, ווי די קרימינאַליטעט פון יענע סאָציאַלע שיכטן, צו וועלכע זיי געהערן, אַפילו דאַן מוז מען צוליב פאָרזיכטיגקייט זיך באַנוגענען בלויז מיט פעסטשטעלן דעם פאַקט, און ניט מאַכן פון אים קיין וויטערדיגע אויספירן וועגן דעם, צי זיינען פאַראַן ראַסע־אייגנשאַפטן, אָדער גאָר וועגן „ווערט" צי „אומווערט" פון באַזונדערע ראַסעס.

לאָמיר איצט גענויער באַטראַכטן די פאַרבּרעכערישקייט באַ אידן אין דייטשלאַנד. דער באַטרעפנדיגער ציפער־מאַטעריאַל, וואָס איז נויטיג, כדי צו האָבּן אַ ברייטן יסוד פאַר דער אַרבּעט, איז פאַר די 4 פיר־יאָריגע זמנים (1899—1914) צום טייל פון דאָס ניי אויסגערעכנט געוואָרן. צוגעגעבּן זיינען נאָך די דריי מלחמה־יאָרן 1915—1917; פאַר די שפּעטערדיגע יאָרן פעלן נאָך דערווייל די רעזולטאַטן פון דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק. מיר ברייגגען דעם דאָזיגן מאַטעריאַל אין טאַב. II, וואו מיר האָבּן, חוץ די הויפּט־גרופּעס, געבּראַכט אויך איינינגע וויכטיגערע פאַרבּרעכנס.

אינם נומר. 2 פון די „בּלעטער פאַר אידישע דעמאָגראַפיע, סטאַטיסטיק און עקאָנאָמיק" (בּערלין, 1923) האָט ד"ר סעגאַל אָפּגעדרוקט אַנ'אַרטיקעל איבּער דער קרימינאַליטעט פון אידן אין דייטשלאַנד אין די יאָרן 1915 און 1916, אין פאַרגלייך מיט דער פאַרמלחמה'דיגער צייט; ער האָט פאַר אַ יסוד גענומען דאָס יאָר 1916 און האָט אויפגעוויזן, אין וועלכע מינים פאַרבּרעכנס די אידישע באַטייליגונג איז אין יענעם יאָר געווען גרעסער ווי די קריסטליכע און, פאַרקערט, אין וועלכע פאַרבּרעכנס אידן און קריסטן זיינען געווען גלייך באַטייליגט. כדי מיר זאָלן אונזערע רעזולטאַטן קאָנען פאַרגלייכן מיט ד"ר סעגאַלס, וועלן מיר אויך נעמען פאַר אַ יסוד דאָס יאָר 1916. ווי אין זיינע טאַבּעלעס, ווערט אויך באַ אונז תמיד געמיינט, וויפיל פאַלן פון דעם אָדער אַנדערן פאַרבּרעכן ס'קומט אויס אויף 1.000.000 קריסטן אָדער אידן. מעטאָדאָלאָגיש ריכטיגער וואָלט געווען צו באַרעכענען די צאָל פאַלן פון יעדן פאַרבּרעכן אויף 100.000 געריכטליך־פוליאָריגע (שטראַפבּאַרע), אָבּער אין געגעבּענעם פאַל וואָלט עס געהאַט אַ קנאַפּע באַדייטונג, ווייל די אָפיציעלע סטאַטיסטיק ווייסט אין דער אמתן ניט די צאָל געריכטליך־פוליאָריגע אידן, נאָר זי קאַלקולירט די צאָל בלויז אויס, אַ דאָס לויט זייער ניט קיין געלונגענעם מעטאָד, ווי רופּין און איך האָבּן דאָס שוין באַוויזן.

צווישן פאַרבּרעכנס און עולות געגן דער מלוכה, געגן דער עפנטליכער אָרדנונג און געגן דער רעליגיע איז אין 1916 די אידישע קרימינאַליטעט געווען גרעסער פאַר דער קריסטליכער אין די מינים פאַרבּרעכנס, וועלכע פיגורירן אין דער טאַבּעלע III. דאָס וואָס באַ אידן געשעהט אַ גרעסערע צאָל פאַלן פון מלוכה־פאַרראָט, לאַנד־פאַרראָט און מאַיעסטעט־באַליידיגונג, איז אַ דערשיינונג פון די מלחמה־יאָרן. פאַר דער מלחמה איז אין דעם פּרט די אידישע קרימינאַליטעט געווען קלענער אָדער העכסטענס אַזוי גרויס ווי די קריסטליכע. די אַבּסאָלוטע צאָלן—12 אורטיילן פאַר 3 מלחמה־יאָרן—זיינען צו קנאַפּע, כדי צו מאַכן פון זיי וועלכע ס'איז אויספירן. פאַרקערט, ווען מיר זעהען, אַז אידן פאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט באַ עולות געגן זונטאָג־רוה און געגן געווערבּ־אָרדענונג, איז דאָס לייכט צו פאַרשטיין, ווייל אידן מאַכן אויס אַ גרויסן פּראָצענט צווישן די שיכטן, וועלכע

* פאַרגלייך מיין: „Begriff und Grenzen der Kriminalistik", לייפּציג, 1909, באזונדער זייט 73, ווי אויך מיינע ארטיקלען אין 2, 5 און 7־טן יארגאנג „Zeitschrift f. Demographie u. Statistik d. Juden", וואו איך האב פאלעמיזירט מיט דער באטרעפנדיגער ליטעראטור. נאר אין דעם זינען דארף מען פארשטיין אויך מיינע אויספירן אין בוך „פראפעסיע, אמונה און פארברעכן".

Tab. — II — טאַב.

# קרימינאַליטעט בא דער אידישער און קריסטליכער באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד

## Verbrechen und Vergehen bei den Juden bzw. Christen in Deutschland (r=per 1000.000)

| פאַרברעכנס און עולות / Verbrechen und Vergehen | | Christen — קריסטן 1915—917 | Christen 1911—914 | Christen 1907—910 | Christen 1903—906 | Christen 1899—902 | Juden — אידן 1915—917 | Juden 1911—914 | Juden 1907—910 | Juden 1903—906 | Juden 1899—902 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| I. פאַרברעכנס און עולות געגן דער מלוכה, געז. אָרדנונג, רעליגיע . . . Verbr. u. Vergehen gegen Staat, öffentl. Ordnung u. Religion | a | **107 727** | **92 679** | **91 043** | **87 489** | **76 080** | **2 122** | **1 864** | **1 766** | **1 663** | **1 361** |
| | r | 168,8 | 145,3 | 142,7 | 145,5 | 136,4 | 345,0 | 303,1 | 287,2 | 273,6 | 221,2 |
| II. פאַרברעכנס און עולות געגן דער פּערזאָן — . . . . Verbrechen u. Vergehen gegen die Person | a | **71 755** | **202 158** | **213 565** | **216 951** | **208 075** | **558** | **1 353** | **1 483** | **1 527** | **1 558** |
| | r | 112,5 | 316,5 | 334,7 | 361,5 | 373,1 | 90,7 | 220,0 | 241,1 | 251,2 | 265,5 |
| III. פאַרברעכנס און עולות געגן פאַרמעגן . . . Verbrechen u. Vergehen gegen das Vermögen | a | **188 603** | **235 466** | **229 204** | **204 477** | **194 087** | **1 240** | **2 312** | **1 982** | **1 848** | **1 755** |
| | r | 295,7 | 360,9 | 359,2 | 340,7 | 348,1 | 201,6 | 375,9 | 322,3 | 304,0 | 299,1 |
| IV. פאַרברעכנס און עולות אין אַמט . . . . Verbrechen u. Vergehen im Amte | a | **4 002** | **983** | **963** | **1 211** | **1 310** | **54** | **6** | **6** | **12** | **14** |
| | r | 6,3 | 1,5 | 1,5 | 2,1 | 2,4 | 8,8 | 1,0 | 1,0 | 1,9 | 2,4 |
| צוזאַמען — Insgesamt . . . . . . . . | a | **369 643** | **531 285** | **469 746** | **512 628** | **479 552** | **3 938** | **5535** | **4 474** | **5 047** | **4628** |
| | r | 579,3 | 832,6 | 736,1 | 854,1 | 860,0 | 640,3 | 900,0 | 727,5 | 830,2 | 788,7 |
| מלוכה־פאַרראַט, לאַנד־פאַרראַט, מאַיעסטעט־באַליידיגונג — Hochverrat, Landesverrat, Majestätsbeleidigung | | 107 | 68 | 66 | 258 | 329 | 4 | 1 | 1 | 2 | 2 |
| ווידערשטאַנד געגן דער מלוכה־מאַכט — Widerstand gegen die Staatsgewalt | | 19 059 | 19 684 | 19 848 | 19 352 | 18 612 | 252 | 63 | 53 | 54 | 57 |
| דערווידערטון געגן געזעץ וועגן זונטאַגרוה און געשעפטשלוס — Zuwiderhandl. gegen das Gesetz über die Sonntagsruhe und den Ladenschluß | | 3 367 | 15 846 | 11 837 | 10 238 | 7 075 | 203 | 803 | 701 | 787 | 532 |
| דערווידערטון געגן געווערב־געזעץ — Zuwiderhandl. geg. die Gewerbeordnung | | 4 040 | 20 630 | 20 715 | 18 302 | 11 733 | 150 | 632 | 583 | 477 | 262 |
| שטערן דעם הויז־פרידן — Hausfriedensbruch | | 6 744 | 20 893 | 24 210 | 24 513 | 25 580 | 52 | 134 | 159 | 124 | 131 |
| עובר זיין אויף מיליטער־פליכט — Verletzung der Wehrpflicht | | 1 312 | 5 386 | 6 805 | 8 678 | 9 513 | 22 | 71 | 135 | 190 | 225 |
| פאַלשע שבועה און אנד. עולות געגן שבועה־פליכט — Meineid u. and. Verletzungen der Eidespflicht | | 423 | 1 268 | 1 026 | 1 155 | 1 279 | 3 | 13 | 12 | 11 | 18 |
| פאַרגוואַלטיגן, טרייבן אומצוכט מיט קינדער — Notzucht, Umzucht m. Kindern usw. | | 2 310 | 5 437 | 5 172 | 5 342 | 4 863 | 17 | 25 | 33 | 40 | 37 |
| צונויפפירן, מיטהעלפן צו אומצוכט — Kuppelei, Zuhälterei | | 2 372 | 3 459 | 3 888 | 3 750 | 3 111 | 31 | 54 | 49 | 53 | 42 |
| פאַרשפרייטן אומציכטיגע שריפטן א. א. — Verbreitung unzüchtiger Schriften usw. | | 778 | 3 197 | 2 655 | 2 611 | 2 469 | 9 | 58 | 51 | 54 | 69 |
| באַליידיגונג — Beleidigung | | 23 321 | 58 198 | 59 260 | 58 849 | 54 554 | 290 | 745 | 798 | 780 | 777 |
| מזיק זיין דעם קערפּער — Körperverletzung | | 36 292 | 114 219 | 125 687 | 130 076 | 127 306 | 178 | 396 | 377 | 516 | 555 |
| פאַרברעכנס און עולות געגן די פּערזענל. פרייהייט — Verbrechen u. Vergehen wider die persönliche Freiheit | | 3 830 | 12 016 | 13 005 | 12 812 | 12 481 | 19 | 48 | 53 | 62 | 56 |
| גנבה — Diebstahl | | 112 487 | 109 877 | 112 394 | 101 326 | 97 771 | 340 | 495 | 428 | 361 | 381 |
| פעלשן — Unterschlagung | | 16 335 | 29 167 | 27 778 | 27 859 | 20 556 | 123 | 300 | 265 | 246 | 214 |
| אויסבאַהאַלטן — Hehlerei | | 13 116 | 9 008 | 8 703 | 7 616 | 7 562 | 103 | 98 | 91 | 54 | 75 |
| שווינדל — Betrug | | 13 617 | 27 876 | 26 702 | 25 429 | 24 326 | 236 | 571 | 539 | 524 | 481 |
| פעלשן שפּייז־און געניס־אַרטיקלען — Verfälschung v. Nahrungs- u. Genußmitteln | | 4 682 | 6 959 | 4 111 | 3 214 | 2 139 | 73 | 118 | 65 | 62 | 40 |
| פעלשן דאָקומענטן — Urkundenfälschung | | 5 797 | 7 959 | 4 839 | 6 095 | 5 507 | 65 | 177 | 151 | 144 | 124 |
| באַנקראָט — Bankrott (einfacher u. betrügerischer) | | 127 | 658 | 752 | 678 | 728 | 26 | 92 | 90 | 93 | 119 |
| באַשטראָפליכער אייגננוץ — Strafbarer Eigennutz | | 810 | 2 032 | 1 467 | 1 388 | 1 450 | 34 | 97 | 66 | 70 | 51 |
| וואכער — Wucher | | 13 | 30 | 24 | 17 | 24 | 3 | 4 | 3 | 5 | 3 |
| עולות מיט גליקשפּילן און לאָטעריי — Vergehen in bez. auf Glückspiele u. Lotterien | | 679 | 8 958 | 4 044 | 1 742 | 1 463 | 27 | 126 | 108 | 60 | 55 |

קומען בכלל אין באַטראַכט באַ אָט די מינים פאַרבּרעכנס (בעת דער פראָפעסיאָנעלער ציילונג פון 1895 האָבּן אידן אויסגע־מאַכט 9,5 פּראָצענט פון אַלע זעלבּשטענדיגע אין האַנדל און אינדוסטריע, הגם בכלל האָבּן זיי אויסגעמאַכט ניט מער ווי 1 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג).

וואָס געהער צו פאַרבּרעכנס גענגן מיליטער־פליכט, האָבּ איך שוין אין מיין בּוך „פּראָפעסיע, אמונה און פאַרבּרעכן" אָנ־געוויזן (ז. 62), אַז אַפילו די אָפיציעלע סטאַטיסטיק מאַכט אויפ־מערקזאַם דערויף, אַז זייער פיל מענשן ווערן פאַרמשפּט פאַר אויסמיידן מיליטער־דינסט, בעת אין דער אמת'ן האָבּן זיי נאָר דורכגעלאָזט דעם טערמין פון שטעלן זיך. דאָס, וואָס די אידישע באַפעלקערונג עמיגרירט אַזוי שטאַרק, העלפט אויך מיט דערצו, אַז די צאָל פאַרבּרעכער גענגן מיליטער־דינסט ווערט אָנגעגעבּן אַ גרעסערע, ווי זי איז אין דער אמתן.

Tab. — III — טאבּ.

**פארברעכנס און עולות געגן מלוכה, געז. ארדנונג און רעליגיע מיט א שטארקערן אידישן אנטייל**

**Verbr. u. Vergehen gegen den Staat, öffentl. Ordnung u. Religion mit überwiegend jüd. Kriminalität**

| פארברעכנס און עולות<br>Verbrechen und Vergehen | 1899/1902<br>אידן Juden | 1899/1902<br>קריסטן Christen | 1903/1906<br>אידן Juden | 1903/1906<br>קריסטן Christen | 1907/1910<br>אידן Juden | 1907/1910<br>קריסטן Christen | 1911/1914<br>אידן Juden | 1911/1914<br>קריסטן Christen | 1915/1917<br>אידן Juden | 1915/1917<br>קריסטן Christen |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| מלוכה—און לאנד־פארראַט, מאַיעסטעט־באַליידיגונג — Hoch-u. Landesverrat, Majestätsbeleidigung | 0,3 | 0,6 | 0,3 | 0,4 | 0,1 | 0,1 | 0,1 | 0,1 | 0,6 | 0,2 |
| דערווידערטון געגען געזעץ וועגן זונטאגרוה — Zuwiderhandlung gegen das Sontagsruhegesetz | 90,7 | 12,7 | 129,4 | 17,0 | 113,9 | 18,6 | 113,9 | 24,8 | 33,0 | 5,3 |
| דערווידערטון געגען דעם געווערב־געזעץ — Zuwiderhandlung gegen die Gewerbeordnung | 30,5 | 21,0 | 78,5 | 44,7 | 94,7 | 32,6 | 102,6 | 32,4 | 24,4 | 6,4 |
| עובר זיין אויף מיליטער־דינסט — Verletzung der Wehrpflicht | 38,4 | 17,1 | 31,2 | 14,3 | 20,3 | 10,7 | 11,5 | 8,4 | 3,6 | 2,1 |
| אנד. פארברעכנס און עולות געגן די געז. ארדנונג — And. Verbr. u. Verg. gegen die öffentl. Ordnung | 7,9 | 4,0 | 14,3 | 4,2 | 15,3 | 4,8 | 18,2 | 8,1 | 8,1 | 1,8 |
| מינץ־פארברעכנס און מינץ־עולות — Münzverbrechen und Vergehen | 0,3 | 0,3 | 0,5 | 0,3 | 0,1 | 0,3 | 0,3 | 0,3 | 0,3 | 0,1 |
| אנד. עולות געגן די שבועה־פליכט — And. Vergehen gegen die Eidespflicht | 1,5 | 1,1 | 0,8 | 0,9 | 1,4 | 0,8 | 1,2 | 1,1 | 0,2 | 0,4 |
| Vergehen gegen die Religion — עולות געגן רעליגיע | 1,2 | 0,6 | 0,3 | 0,5 | 0,3 | 0,4 | 0,3 | 0,3 | 0,5 | 0,2 |

צו די „אַנדערע פאַרבּרעכנס און עולות געגן דער עפנטלי־כער אָרדנונג" געהערן פאָלגנדיגע האַנדלונגען: עובר זיין אויפן פאַרבּאָט צו צאָלן די אַרבּעטער מיט פּראָדוקטן אַנשטאָט געלט, פאַרבּאָטענע נאָטירונג פון אַ וועלכן ס'איז סימן אין אַרבּעט־בּוך, אַרומטראָגן צו פאַרקויפן אויפּרייס־שטאָפּן, נויטן עמיצן

Tab — IV — טאבּ.

**פארברעכנס און עולות געגן דער געזעלשאפטליכער אָרדנונג מיט א שטארקערן קריסטליכן אנטייל**

Verbr. u. Vergehen gegen d. öffentliche Ordnung mit stärkerer christlichen Kriminalität

| Jahr — יאר | שטערן דעם הויזפרידן Haus-friedensbruch<br>אידן Juden | שטערן דעם הויזפרידן Haus-friedensbruch<br>קריסטן Christen | אנטלויפן פון ארעסט Arestbruch<br>אידן Juden | אנטלויפן פון ארעסט Arestbruch<br>קריסטן Christen | פאלש באשולדיגן Falsche Anschuldigung<br>אידן Juden | פאלש באשולדיגן Falsche Anschuldigung<br>קריסטן Christen |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1899 — 1902 | 22,3 | 40,5 | 2,0 | 3,0 | 1,2 | 0,9 |
| 1903 — 1906 | 20,5 | 40,8 | 1,6 | 2,7 | 0,9 | 0,7 |
| 1907 — 1910 | 25,9 | 37,9 | 2,4 | 2,9 | 0,5 | 0,7 |
| 1911 — 1914 | 21,8 | 32,8 | 3,6 | 3,9 | 0,3 | 0,6 |
| 1915 — 1917 | 8,5 | 20,6 | 1,3 | 1,6 | 0,2 | 0,4 |

צו אויפהערן אַרבּעטן אָדער אָפּצוזאָגן אַרבּעטער. בּאַ די דאָזיגע פאַרבּרעכנס גילט דאָס זעלבּע, וואָס מיר האָבּן שוין פריער גע־זאָגט, בעת ס'איז געווען די רייד וועגן די פאַרבּרעכנס און עולות געגן דער געווערבּ־אָרדנונג און וועגן דערווידערטון געגן געזעץ וועגן זונטאָג־רוה.

די קאַטעגאָריע „אַנדערע פאַרבּרעכנס און עולות געגן שבועה־פליכט" נעמט אַרום פאַלן פון צוריידן עמיצן צו זאָגן פאַלש עדות, צו שווערן פאַלש א. ד. ג. דאָ איז דאָס בּילד ניט סטאַבּיל. פאַראַן יאָרן, ווען די דאָזיגע קרימינעלע פאַלן זיינען בּאַ קריסטן אָפטער, און, פאַרקערט, אַמאָל זיינען זיי בּאַ אידן מער. דאָס זעלבּע איז אויך בּאַ מינץ־פאַרבּרעכנס און עולות און אויך בּאַ פאַרבּרעכנס געגן דער רעליגיע. די אַלע פאַרבּרעכנס קומען פאָר בכלל ניט אין קיין גרויסער צאָל, און צוליבּ דעם אַליין שוין איז שווער צו מאַכן ערנסטערע אויס־פירן פון די צאָלן.

צווישן די פאַרבּרעכנס געגן עפנטליכער אָרדענונג, וואו די אידישע קרימינאַליטעט אין יאָר 1916 איז געווען קלענער, איידער דער פּראָצענט אידן לגבי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג (טאַבּעלע IV ) געפינען זיך: שטערן דעם הויז־פרידן, אַנטלויפן פון אַרעסט, געוואַלט־פאַרבּרעכנס. בּאַ דעם מין פאַרבּרעכנס איז די צאָל אידן תמיד אַ קליינע. וואָס געהער צום דריטן מין — פאַלש בּאַשולדיגן (מסר'ן), — איז בּיז 1907—10 די אידי־שע בּאַטייליגונג געווען אַ גרעסערע, איידער פון ניט־אידן, אָבּער אין די ווייטערדיגע יאָרן פאַלט די אידישע בּאַטייליגונג.

אָבער סיי דאָס איבערוועגן סיי דאָס פאַלן איז אַזוי קליין, אַז וועגן אַלגעמיינערע אויספירן קאָן דאָ קיין רייד ניט זיין.

Tab. — V — טאב.

פארברעכנס און עולות געגן דער פערזאן מיט א גרעסערן אידישן אָנטייל

Verbr. u. Verg. geg. die Person mit stärkerer jüd. Kriminalität

| יאר — Jahr | צונויפפירן, מיט־העלפן צו אומצוכט Kuppelei, Zuhälterei | | באלײדיגונג Beleidigung | | פארברייטן אומצוכט־שריפטן א.א. Verbr.unzücht. Schriften usw. | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen |
| 1899 — 1902 | 7,1 | 5,6 | 132,4 | 97,8 | 11,7 | 4,5 |
| 1003 — 1906 | 8,7 | 6,2 | 128,3 | 98,5 | 8,8 | 4,4 |
| 1907 — 1910 | 7,9 | 6,1 | 129,8 | 92,9 | 8,3 | 4.2 |
| 1911 — 1914 | 8,8 | 6,8 | 121,1 | 91,2 | 9,4 | 5,0 |
| 1915 — 1917 | 5.0 | 3,7 | 47,1 | 30,5 | 1,5 | 1,2 |

פון פאַרברעכנס און עולות געגן דער פערזאָן (טאַבעלע V) זיינען נאָר דריי פאַראַן, וואו אידן זיינען שטאַר־קער פאַרטראָטן, איידער די איבעריגע באַפעלקערונג: צונויפּ־פירן צו אומצוכט, באַליידיגונג און דאָס פאַרשפרייטן פון אומ־ציכטיגע שריפטן. דאָס, וואָס אידן זינדיגן מער מיט „צונויפפירן", ווערט גענוג דערקלערט דורך דעם פאַקט, וואָס אויף 100 טויזנט זעלבשטענדיגע אין האַנדל קומט אויס 48,1 פאַראור־טיילטע פאַר „צונויפפירן", בעת אין מלוכה־דורכשניט קומט אויס בלויז 5,1 פאַראורטיילטע אויף 100.000 (פאַרגלייך „Beruf, Konfession und Verbrechen" ז. 61).

וואָס געהער צו „באַליידיגונג", איז דאָ די אידישע קרימינאַ־ליטעט פון תמיד אָן אַ גרעסערע. אַ ש אַ פ ע נ ב ו ר ג (Das Verbrechen und seine Bekämpfung, 3 Aufl. s. 61) וויל דאָס דערקלערן מיט ראַסע־איינגשאַפטן פון אידן („גרעסערע דרומ׳דיגע לעבהאַפטיגקייט"). גאָר אָוועקמאַכן מיט דער האַנט די דאָזיגע דערקלערונג קאָן מען ניט; מען דאַרף אָבער דאָך באַמערקן אָט וואָס: פראָצעסן פאַר באַליידיגן קומען, ווי באַקאַנט, פאָר נאָר לויט דער איניציאַטיוו פון געליטענעם; איז דאָך מעגליך, אַז אידן געהערן ערשטנס מער צו יענע קרייזן, וואו מען רעאַגירט געוויינליך געריכטליך אויף אַ באַליידיגונג, און אַז, צווייטנס, די גערייצטקייט געגן אידן איז אויך אַ גרעסערע, איידער געגן ניט־אידן, — און דעריבער אפשר איז אַזוי גרויס די אידישע קרימינאַליטעט באַ די דעליקטן פון „באַליידי־גונגען".

Tab. — VI — טאב.

פארברעכנס און עולות געגן דער פערזאן מיט א גרעסערן קריסטליכן אנטייל

**Verbr. u. Vergehen gegen die Person mit stärkerer christl. Kriminalität**

| פארברעכנס און עולות Verbrechen und Vergehen | 1899/1902 | | 1903/1906 | | 1907/1910 | | 1911/1914 | | 1915/1917 | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen |
| פארגוואלטיגן, טרייבן אומצוכט מיט קינדער — Vergewaltigung, Unzucht mit Kinder | 6,3 | 8,7 | 6,6 | 8,9 | 5,4 | 8,1 | 4,1 | 8,5 | 2,8 | 3,6 |
| דערווידערנאטירליכע אומצוכט—Widernatürl. Unzucht | 0,7 | 1,0 | 0,5 | 1,0 | 0,6 | 1,0 | 1,0 | 1,1 | 0,3 | 0,4 |
| ערוה — Blutschande . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | — | 0,8 | — | 0,8 | 0,1 | 0,8 | — | 0,8 | 0,1 | 0,4 |
| אנד. פארברעכנס און עולות געגן מאָראל — Sonst. Verbr. u. Verg. gegen die Sittlichkeit | 0,9 | 0,8 | 0,6 | 0,9 | 0,6 | 0,7 | 1,0 | 0,8 | 0,5 | 0,3 |
| טויטן, קינדערמאָרד, א. א. וו. — Mord, Totschlag, Kindertötung, Aussetzung, u. s. w. | 0,2 | 0,8 | 0,1 | 0,7 | 0,3 | 0,6 | — | 0,8 | — | 0,4 |
| אבאָרט — Abtreibung . . . . . . . . . . . . . . . . . | 0,9 | 0,8 | 0,8 | 1,0 | 0,6 | 1,4 | 1,1 | 2,2 | 0,8 | 1,7 |
| אומפאָרזיכטיג (בשוגג) טויטן — Fahrlässige Tötung . . | 0,5 | 1,2 | 1,1 | 1,1 | 0,8 | 1,1 | 0,5 | 1,2 | — | — |
| מזיקן דעם קערפער — Körperverletzung . . . . . . . . | 94.6 | 228,3 | 84,8 | 216,7 | 53,7 | 197,1 | 64,4 | 180,7 | 28,9 | 56,8 |
| פארברעכנס און עולות געגן די פערזענל. פרייהייט — Verbr. u. Verg. gegen die persönl. Freiheit | 29,5 | 22,4 | 10,2 | 21,3 | 8,5 | 20,3 | 7,7 | 18,8 | 3,0 | 6,3 |

די פאַרשפרייטונג פון אומציכטיגע שריפטן האָט אייגנטליך גאָר אַ קנאַפּע שייכות צו פאַרברעכנס געגן דער פערזאָן; ס׳איז גיכער פונם מין פאַרברעכנס מיטן ציל רייך צו ווערן. די גרעסערע באַטייליגונג פון אידן דערקלערט זיך דאָ דורך די זעלבע סיבות, וועלכע מיר וועלן אָנווייזן ווייטער, ביים אַרומרעדן פאַר־ברעכנס געגן פאַרמעגן.

צו דער זעלבער קאַטעגאָריע פאַרברעכנס און עולות מיט אַ שטאַרקערן אידישן אָנטייל, ווי די וואָס מיר האָבן אויסגערעכנט אין דער נאָר וואָס געבראַכטער טאַבעלע V, געהערט אויך דער דועל. דאָ איז די סיבה געוויס דאָס, וואָס אידן זיינען בכלל שטאַרקער פאַרטראָטן אין די אַקאַדעמישע פּראָפעסיעס, און דערביי זיינען די אידישע סטודענטן, טאַקע ווייל זיי זיינען אידן, אויסגעשטעלט אויף אָפטע באַליידיגונגען, אויף וועלכע זיי קאָנען ניט אַנדערש רעאַגירן, ווי דורך אַ דועל.

אין דער טאַבעלע VI זעהען מיר זייער פיל פאַרברעכנס געגן דער פערזאָן, וואו די אידישע באַטייליגונג איז קלענער פאַר דער קריסטליכער. דערביי דאַרף מען אָט וואָס באַמערקן: באַ

דעם שווערסטן מין פאַרברעכנס און עולות געגן זיטליכקייט איז די אידישע באַטייליגונג גאָר אַ נישטיגע; פאַרקערט, באַ די אַנדערע מינים פאַרברעכנס געגן זיטליכקייט ווייזט די אידישע באַטייליגונג אַרויס אַ קליינעם איבערגעוויכט אינם דורכשניט פון די לעצטע פיר יאָר.

אונטער דעם דאָזיגן נאָמען—„אַנדערע פאַרברעכנס געגן זיטליכקייט“—נעמט די קרימינאַל־סטאַטיסטיק אַרונטער די רעלאַטיוו לייכטסטע פאַרברעכנס, פאַר וועלכע מען ווערט פאַרפאָלגט נאָר לויט דער איניציאַטיוו פון געליטענעם צד, נעמליך פאַלן פון הייראַט־ברוך און פון פאַרפירן. די אַבסאָלוטע צאָלן פון די דאָזיגע פאַרברעכנס באַ דער אידישער באַפעלקערונג — אין דורכשניט קומט אויס באַ אידן פון 3 ביז 6 אורטיילן אַ יאָר — זיינען דאָ צו קליינע, מען זאָל פון זיי מאַכן וועלכע ס'ניט איז אויספירן.

Tab. — VII — טאב·

## פארברעכנס און עולות געגן פארמעגען מיט א גרעסערן אידישן אנטייל

**Verbr. u. Vergehen gegen das Vermögen mit stärkeren jüd. Kriminalität**

| 1915/1917 | | 1911/1914 | | 1907/1910 | | 1903/1906 | | 1899/1902 | | פארברעכנס און עולות<br>Verbrechen und Vergehen |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | |
| 0,6 | 0.8 | 1,2 | 2,0 | 1,1 | 2,3 | 1,1 | 1,8 | 1,1 | 2,0 | אויספרעסן — Erpressung . . . . . . . . . . . . . . . . |
| 21,4 | 36,8 | 43,7 | 92,8 | 47,7 | 87,6 | 42,4 | 86,2 | 43,6 | 82,0 | שווינדל — Betrug . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . |
| 0,7 | 1,9 | 2,2 | 7,1 | 2,4 | 5,5 | 2,2 | 4,9 | 1,7 | 4,1 | עובר זיין אויף די פליכטן באַ א פארוואלטונג פון אַ· ג·<br>Untreue Pflichtwidrigkeit des Vorstandes einer A. G. |
| 7,7 | 11,9 | 10,9 | 19,1 | 6,4 | 10,5 | 5,3 | 10,2 | 3,8 | 6,8 | פעלשן שפייז־און געניס־ארטיקלען —<br>Verfälsch. von Nahrungs-u. Genußmitteln |
| 9,1 | 10,5 | 12,4 | 28,7 | 7,5 | 24,5 | 10,1 | 23,6 | 9,9 | 21,1 | פעלשן דאָקומענטן — Urkundenfälschung . . . . . . . |
| — | 0,3 | 0,1 | 0,1 | 0,1 | 0,5 | 0,1 | 0,5 | 0,2 | 1,4 | שווינדל־באנקראָט — Betrügerischer Bankrott . . . . |
| 0,2 | 3,9 | 0,9 | 14,1 | 1,1 | 14,1 | 1,0 | 14,8 | 1,1 | 18,9 | געוויינליכער באנקראָט — Einfacher Bankrott . . . . |
| — | 0,3 | 0,1 | 0,6 | 0,1 | 0,6 | 0,1 | 0,6 | 0,2 | 1,2 | אנד· פארברי און עולות געגן די קאָנקורס־אָרדנונג —<br>Sonst. Verbr. u. Vergehen gegen die Konkursordnung |
| 0,02 | 0,5 | 0,05 | 0,6 | 0,04 | 0,5 | 0,03 | 0,8 | 0,04 | 0,5 | וואָכער — Wucher . . . . . . . . . . . . . . . . . . . |
| 1,1 | 4,4 | 6,2 | 20,5 | 6,3 | 17,6 | 2,9 | 9,8 | 2,6 | 9,4 | עולות מיט גליקשפילן — Verg. in bez. auf Glücksspiele |
| 0,1 | 0,5 | 0,4 | 3,1 | 0,4 | 3,6 | 0,3 | 3,1 | 0,3 | 3,2 | עולות געגן גייסטיג פארמעגן —<br>Vergehen gegen das geistige Eigentum |
| 0,5 | 1,8 | 1,6 | 3,4 | 1,7 | 4,4 | 1,3 | 4,1 | 0,6 | 2,6 | מאכן שפייז־ארטיקלען שעדליכ, פארן געזונט —<br>Herstellung gesundheitsschädl. Nahrungsmittel |
| 3,0 | 21,9 | 4,2 | 13,5 | 1,4 | 3,1 | 1,2 | 5,4 | 2,3 | 12,3 | עובר זיין אויף באפעלן געגן געפאר פאר א פיה־מגפה—<br>Verletzung der Vorschriften gegen Viehseuchengefahr |

פאַלן פון טויטן, טויט־קלאַפּ, קינדער־מאָרד, ברענגען צו טויט, טויטן עמיצן אויף יענעמס פאַרלאַנג — און דאָס זיינען דאָך צום טייל די שווערסטע פאָרמען פון פאַרברעכערישקייט — זיינען פאַר די לעצטע 7 יאָר, לויט ווי די סטאַטיסטיק ווייזט, בכלל ניט געווען צווישן אידן. פאַר די יאָרן 1899—02 און 1903—06 איז געווען אין דורכשניט צו 1 פאַל אַזאַ יאָרליך, און פאַר די יאָרן 1907—10 צו 2 פאַלן.

ביים דערקלערן די פאַרשיידענע באַטייליגונג פון אידן און קריסטן אין פאַרברעכנס געגן פאַרמעגן, שטויסן מיר זיך אָן אויף דער שווערקייט, וואָס די אָפיציעלע דייטשע סטאַטיסטיק נאָטירט ניט גענוי, צו וועלכע פאַכן די פאַרברעכער געהערן. נאָר אַפילו די קנאַפּע דאַטן וואָס זיינען פאַראַן, קלערן אויך שוין אויף, פון וואַנען נעמט זיך עס דער איבערגעוויכט פון אידישער קרימינאַליטעט באַ די פאַרברעכנס פון דער טאַבעלע VII· אַזוי, ווּעלן מיר דאָ דערמאָנען (Ruppin, Die Juden der Gegenwart, 1 Aufl. s. 237.; Wassermann, Beruf, Konfession und Verbrechen) אַז אין די יאָרן 1899 און 1900 האָבן די באַשעפטיגטע אין אינדוסטריע, האַנדל און פאַרקער אויסגעמאַכט אין דורכשניט אַזאַ פּראָצענט אין אַ רייע פאַרברעכנס געגן פאַרמעגן: באַ אויספּרעסונגען — 63,3; שווינדלען — 58,2, אומגעטריישאַפט פון פאַרוואַלטונגען פון אַקציע־געזעלשאַפטן און פליכט־נידריגקייט—79,1, פעלשן דאָקומענטן — 68,6, בייזוויליגער באַנקראָט—86,2, געוויינליכער באַנקראָט — 98,7. באַ אַנדערע קאָנקורס־פאַרברעכנס — 88,8, און באַ פעלשן שפייז־ און געננוס־אַרטיקלען — 69,4. לינדענאַאו האָט אויפן סמך פון אָפיציעלע מאַטעריאַלן אויסגערעכנט (Zeitschrift für die gesamte Strafrechtswissenschaft, Band 24, s, 380 — 411) אַז פאַר די יאָרן 1890—94 איז אויף דער גרופע זעלבשטענדיגע אין האַנדל אויסגעקומען דורכשניטליך 26 מאָל מער פאַרורטיילטע פאַר וואכעריי איידער דער פּראָצענט, וואָס די דאָזיגע גרופע מאַכט אויס לגבי דער גאַנצער יורידיש־פוליאָריגער באַפעלקערונג. פון דער אַנדער זייט דאַרף מען געדענקען, אַז לויט דער פּראָפעסיאָנעלער ציילונג פון 1895 (1907) האָבן מיר געהאַט אויף יעדע 100 פּראָפעסיאָנעל־טעטיגע: באַ אידן 56 (50,0) פּראָצענט האַנדלס־טעטיגע און באַ קריסטן נאָר 9 (11) פּראָצענט.

Tab. —VIII— טאַב.

## פאַרברעכנס און עולות געגן פאַרמעגן מיט א גרעסערן קריסטליכן אנטייל
## Verbr. u. Vergehen gegen das Vermögen mit stärkerer christl. Kriminalität

| פאַרברעכנס און עולות<br>Verbrechen und Vergehen | 1899 — 1902<br>אידן Juden | 1899 — 1902<br>קריסטן Christen | 1903 — 1906<br>אידן Juden | 1903 — 1906<br>קריסטן Christen | 1907 — 1910<br>אידן Juden | 1907 — 1910<br>קריסטן Christen | 1911 — 1914<br>אידן Juden | 1911 — 1914<br>קריסטן Christen | 1915 — 1917<br>אידן Juden | 1915 — 1917<br>קריסטן Christen |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| גנבה — Diebstahl | 64,9 | 175,4 | 59,4 | 168,8 | 69,7 | 176,0 | 80,4 | 171,7 | 55,3 | 177,0 |
| פעלשן — Unterschlagung | 36,5 | 36,9 | 40,4 | 46,4 | 43,1 | 43,5 | 48,8 | 45,7 | 20,0 | 25,6 |
| רויב — Raub | 0,2 | 0,9 | 0,1 | 0,9 | 0,3 | 1,0 | — | 1,1 | — | 0,8 |
| מיטהעלפן — Begünstigung | 1,0 | 1,4 | 0,6 | 1,3 | 1,0 | 1,4 | 1,1 | 1,5 | 0,5 | 1,2 |
| אויסבאהאלטן — Hehlerei | 12,8 | 13,6 | 8.8 | 12,7 | 14,8 | 13,6 | 15,8 | 14,1 | 16,6 | 20,5 |
| אנדערע פאלן פון שטראפבארן אייגננוץ — Sonst. Fälle von strafbaren Eigennutz | 8,7 | 2,6 | 11,5 | 2,3 | 10,7 | 2,4 | 15,7 | 2,9 | 5,4 | 1.3 |
| שעדיגן זאכן — Sachbeschädigung | 7,3 | 33,9 | 7,2 | 32,9 | 6,0 | 30,8 | 5,7 | 29,5 | 2,8 | 14,1 |
| אונטערצינדן, אַנד. פארבר. און עולות געגן די אלג. זיכערקייט — Brandstiftung, And. Verbr. u. Vergehen gegen d. allgemeine Sicherheit | 2,0 | 5,8 | 2,4 | 6,6 | 1,8 | 6,3 | 3,3 | 7,0 | 2,3 | 5.6 |

אין 1895 איז אַלזאָ דער פּראָצענט האַנדלס־טעטיגע געוועזן באַ אידן לערך 6 מאָל גרעסער און אין 1907—פינף מאָל גרעסער, איידער באַ קריסטן. אין דערצו נאָך איז די צאָל זעלבסשטענדיגע צווישן די האַנדל־טעטיגע אויך געווען באַדייטענדיג גרעסער באַ אידן, איידער באַ ניט־אידן. די דאָזיגע זעלבשטענדיגע צווישן די האַנדל־עלעמענטן האָבן אויסגעמאַכט אין יאָר 1907 באַ אידן 53,84% און באַ קריסטן נאָר 28,01%.

פון דער טאַבעלע VIII ווייזט זיך אַרויס, אַז אין די שווערערע מינים פאַרברעכנס געגן אייגנטום זיינען אידן לערך ווייניגער באַטייליגט, איידער ניט־אידן. באַזונדער גרויס איז דער אינטערשיד צווישן אידן און קריסטן באַ גנבה. דאָ גיבן די אידן אַ צווי ביז דריי מאָל קלענערע קרימינאַליטעט איידער די קריסטליכע באַפעלקערונג. אויך באַ די דעליקטן פון „שעדיגן זאַכן“ איז דאָס בילד פיל גינציגער אויף דער אידישער זייט — די קרימינאַליטעט איז באַ אידן פיר ביז פינף מאָל נידריגער איידער באַ קריסטן.

אין דער טאַבעלע פיגורירט אויך שטראָפּבאַרער אייגן־נוץ (פאַרברעכנס געגן גייסטיג אייגנטום און לאָטעריע־פאַרברעכנס). אין דעם פאַרברעכן זיינען אידן אין יאָר 1916 געווען ווייניגער באַטייליגט, איידער די אַרומיגע באַפעלקערונג. אָבער אין אַלגעמיין איז דאָ די אידישע קרימינאַליטעט גרעסער, און ס'איז קלאָר פאַרוואָס: די אידן זיינען דאָך אַ סך שטאַרקער פאַר קריסטן פאַרטראָטן סיי אינם שריפטשטעלער־פאַך און סיי אינם האַנדל.

# די אידישע איינוואַנדערונג פון עוגענישן שטאַנדפּונקט

ד״ר מעד. מ. י. גוטמאַן

# Die ostjüdische Einwanderung in eugenischer Betrachtung

Dr. med. **M. J. Guttman**

דער באַקאַנטער ענגלישער סטאַטיסטיקער און עוגעניקער קאַרל פּירסאָן ווידמעט זיין אַריינפיר־אַרטיקל אין די ניי־געגרינדעטע „עווגענישע אַנאַלן“ * דער אידן־פראַגע און ער פאַרנעמט זיך דערביי ניט בלויז מיט וויסנשאַפטליכע, טעאָרעטישע באַטראַכטונגען, נאָר אויך מיט דער העכסט וויכטיגער פּראַקטישער פראַגע: צי די ווייטערדיגע איינוואַנדערונג פון אויסלענדער און ספּעציעל פון אידן איז פון עווגענישן שטאַנדפּונקט געוואונשן פאַר ענגלאַנד, צי ניט. נאַטירליך, באַ אַזאַ געלערנטן, ווי פּירסאָן, ווערט די פראַגע באַהאַנדלט מיט דער גרעסטער גרינדליכקייט און דער סטאַטיסטישער יסוד איז דערביי אַזאַ סאָלידער, ווי מען קאָן זיך נאָר ווינשן.

דער צוועק פון די פאָרשונגען, שרייבט פּירסאָן, איז די דיסקוסיע אַרום דעם, צי איז ווינשענסווערט פאַר אַן'איבערפולט לאַנד צוצולאָזן יעדע איינוואַנדערונג אָן שום אָפּקלייב, אָדער— אויף וואָסער יסוד זאָל די איינוואַנדערונג צוגעלאָזן ווערן. צי זאָל דער יסוד זיין אַ קוואַנטיטאַטיווער, ווי דאָס טוט אַמעריקע, וועלכע פיקסירט פאַר יעדער ראַסע אַ באַשטימטע איינוואַנדערונג־קוואָטע, אָדער מען זאָל זיך האַלטן באַ אַ קוואַליטאַטיוון אויסקלייב, לויט די פיזישע און גייסטיגע מעלות פון די איינוואַנדערער? די אַריינגעלאָזטע אימיגראַנטן זאָלן זיך מוזן אויסצייכענען מיט זייער אינטעליגענץ—שטייען העכער פאַרן דורכשניט אינם איינוואַנדערונג־לאַנד—, כדי זיי זאָלן באַדייטן אַ געווינס פאַרן לאַנד, אָדער זיי זאָלן מוזן באַזיצן עפּיס אַ ספּעציעלע פייאיגקייט, ווי, למשל, די הוגענאָטן אַלס זייד־שפּינער, די דייטשן— אַלס זייגער־מאַכער, די איטאַליענער—אַלס טונעל־אַרבעטער, די האָלענדער—אַלס גראַווירער?

ווי צו דערקענען גוטע פיזישע אייגנשאַפטן און גרויסע גייסטיגע פייאיגקייטן וואָלט ניט שווער געווען איינצושטעלן אַ מאָסשטאַב. אָבער פאַר דער נאַציאָנאַלער עווגעניק זיינען וויכטיג נאָך צוויי מאָמענטן, וועגן וועלכע מיר ווייסן גאַנץ ווייניג:

1) ווי ווייט די נייע איינוואַנדערער וועלן זיך צופּאַסן צום קלימאַט, און 2) צי קאָן מען האָפן, אַז די איינוואַנדערער זאָלן זיך אויסמישן מיט דער היימישער באַפעלקערונג.

פּירסאָן שטרייכט אונטער, אַז ער האָט אויסגעקליבן פאַר זיינע פאָרשונגען די פוילישע און רוסישע אידן, ניט ווייל זיי זיינען אידן, נאָר ווייל זיי בילדן אַ גרויסע און צוזעענגליכע מאַסע, וועלכע מען קאָן לייכט באַטראַכטן פון אַ געוויסן מיטלפּונקט.

מיר קאָנען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן באַריכות אויף דער דאָזיגער העכסט אינטערעסאַנטער אָפּהאַנדלונג. נאָר כדי צו געבן דעם לעזער אַ באַגריף וועגן פאַרנעם פון דער אַרבעט, וועלן מיר אין קורצן איבערגעבן די פּראָגראַם פון דער אויספאָרשונג:

1. די אָפּשטאַמונג פון די אויסלענדישע אידישע קינדער (באַרוף, געזונט־צושטאַנד פון די עלטערן אין שייכות מיט דער אינטעליגענץ פון די קינדער).

2. די ראַסיגע גלייכאַרטיגקייט פון די אויסלענדישע אידישע קינדער: a) געשיכטע פון די פוילישע אידן און די מעגליכע גלייכאַרטיגקייט; b) אינדעקס פון שיידל; c) אויגן־ און האָר־פאַרב; d) געמישטע ראַסיגע אייגנשאַפטן.

3. פיזישע פאַרגלייך־סימנים צווישן אויסלענדישע אידישע און אָרטיגע ניט־אידישע קינדער: a) די גרויס; b) די וואָג; c) שייכות צווישן גרויס און וואָג מיטן עלטער פון די אויסלענדישע אידישע קינדער; d) ערנערונג: ערנערונג און דער סכום רויטע בלוט־קיילכעלעך, ערנערונג און ברוסט־אומפאַנג, ערנערונג און פאַרב פון פנים; e) צושטאַנד פון די ציין, f) צושטאַנד פון די דריזן, טובערקולאָז; g) מיגדאַלן און גוז־אַנוואַקסענישן; h) פאַרשיידענע קרענקליכע ערשיינונגען — האַרץ־קראַנקהייטן, אויער־חולאת'ן, אויגן־קראַנקהייטן; i) שאַרפקייט פון ראיה.

4. געוווינהייטן באַ די אויסלענדישע אידישע און באַ די אָרטיגע ניט־אידישע קינדער: a) זויבערקייט פון די האָר און פון לייב. b) צושטאַנד פון הלבשה.

5. אינטעליגענץ פון די אויסלענדישע אידישע קינדער:

A. שייכות צווישן אינטעליגענץ און שול מיטן עלטער, מיט דער געוויסנהאַפטיגקייט, מיטן אָרט אין קלאַס;

B. שייכות צווישן אינטעליגענץ און פיזישע אייגנשאַפטן: a) די גרויס, b) די וואָג, c) פאָרם פון קאָפּ, d) פאַרב, e) געבורטס־אָרט, f) געבורטס־אָרט און די האָר־ און הויט־פאַרב.

C. שייכות צווישן אַלגעמיינעם געזונט־צושטאַנד און אינטעליגענץ: a) אינטעליגענץ און אַלגעמיינע ערנערונג, b) אינטעליגענץ און ברוסט־אומפאַנג, c) אַנעמיע, d) דער סכום העמאָגלאָבין אין בלוט;

D. אינטעליגענץ און קראַנקהאַפטע אייגנשאַפטן (סימנים פון קראַנקהייטן): a) צושטאַנד פון די האַלז־דריזן, b) פון די מיגדאַלן, c) פון די אויערן, d) דער טיפּ אָטעם, e) טובערקולאָז־סימנים, f) האַרץ־שלאַפקייטן, g) שלעכטע ציין און אינטעליגענץ;

E. אינטעליגענץ און די לאַגע אין שטוב (די זאָרגעוודיגקייט פון די עלטערן): a) אינטעליגענץ און דויער פון שלאָף; b) די ריינקייט פון שטוב; c) די זויבערקייט פון די מענשן; d) ריינקייט פון דער הלבשה; e) די אייגנשאַפטן פון דער קליידונג, פון דער סביבה, פון דער שטוב־אַטמאָספער; f) דער מין שפּייזן; g) אַלגעמיינער כאַראַקטער פון דער היים; h) די צאָל פערזאָנען פראָ צימער; i) ווענטילירונג פון דער וואוינונג; j) ליכט אין דער וואוינונג; k) די הכנסות פון דער פאַמיליע; l) דאָס דירה־געלט; m) די גרויס פון דער פאַמיליע; n) דער עלטער און דער געזעלשאַפטליכער מעמד א. א. וו.

*) Annals of Eugenics, by Karl Pearson and Ethel M. Elderston,- Francis Galton Laboratory for National Eugenics. University Press Cambrige. Vol. I. October 1925. p. 5-126.

די איספאָרשונג איז דורכגעפירט געוואָרן באַ דער הילף פון אַ סך מיטאַרבעטער, באַזונדערס אידישע. פון די איינצלנע רעזולטאַטן פון דער איספאָרשונג וועלן מיר ברענגען נאָר די, וועלכע קאָנען האָבן אַן אַלגעמיינעם אינטערעס.

וואָס איז שייך די עלטערן פון די געפאָרשטע קינדער, איז 64,3 פּראָצענט פון די טאַטעס און 82,0 פּראָצענט פון די מאַמעס האָבן ניט געקענט קיין ענגליש. אַנערך 90 פּראָצענט פון אַט די אידן זיינען געווען פון רוסלאַנד אָדער פון פוילן; בלויז 6 פּראָצענט טאַטעס זיינען געבוירן געוואָרן אָדער האָבן זיך נאַטוראַליזירט אין ענגלאַנד, די איבעריגע 5 פּראָצענט האָבן געשטאַמט פון אַנדערע לענדער. פון די קינדער פון אָט די עלטערן זיינען 28,3 פּראָצענט געבוירן געוואָרן אויפן קאָנטינענט און 71,7 פּראָצענט זיינען געבוירן געוואָרן אין ענגלאַנד, אַזוי אַז לויטן ענגלישן געזעץ רעכענען זיי זיך פאַר ענגלישע בירגער.

פון 1214 עלטערן פון די אינגלעך האָבן 401, ד.ה. 33% ניט געקענט לייענען ניט קיין אידיש, ניט קיין דייטש און ניט קיין ענגליש, און פון 1118 עלטערן פון די מיידלעך—386 אָדער 43,5%. נאָר 549 (47%) פאַר־פאָלקן זיינען געווען אַזעלכע, וואָס אַ דער מאַן אַ דאָס ווייב האָבן געקענט לייענען אייף אַ וועלכער סיניט איז שפראַך.

לויט ווייטערע באַשעפטיגונגען האָבן 71,9% עלטערן געהערט צו די פאָלגנדיגע פּראָפעסיעס: פעדלער 7,1%, שוואַרצע טראַנספּאָרט־אַרבעטער 2,1%, קליידער־הענדלער 55,9%, בעקער, פריזירער 5,4%, מעקלער פון הייזער 1,4%. פון די איבעריגע זיינען געווען 13,6% קונסט־האַנטווערקער, 12,9% קליינע קרעמערלעך און 1,6% באַאַמטע.

די פּראָפעסיע פונם פאָטער איז ניט קיין קריטעריום פאַר דער אינטעליגענץ פון די קינדער, שוין צוליב דעם טעם, וואָס די עלטערן זיינען געצוואונגען אָנצונעמען די אַרבעט, וואָס זיי געפינען,—און דאָס איז מייסטנס אין די שניידער־וואַרשטאַטן.

פון די טאַטעס האָבן 400, ד.ה. 33% זיך אַרויסגעוויזן מיט שוואַכער געזונטקייט, און פון די מאַמעס זיינען 32% געווען פיזיש ניט גענוג אַנטוויקלט. באַ די ענגלישע אַרבעטער־שיכטן זיינען די אַנטשפּרעכנדיגע ציפערן נאָר 20,2% און 20,3%. באַ די אידישע איינוואַנדערער איז, אַלזאָ, דער פּראָצענט שוואַכע $1^1/_2$ מאָל גרעסער. די שייכות צווישן געזונט־צושטאַנד פון די עלטערן און אינטעליגענץ פון די קינדער לאָזט זיך ניט דערזעען.

פירסאָן שטרייכט אונטער די האַסיגע האָמאָגעניטעט (איינאַרטיגקייט) פון די איינגעוואַנדערטע אידישע קינדער.

די אידן אַלס אימיגראַנטן זיינען קיינמאָל ניט געוואָרן „איינגעשלונגען", און זיינען אויך ניט געוואָרן קיין אינטעגראַלער באַשטאַנדטייל פון דעם פאָלק, צווישן וועלכן זיי האָבן געלעבט. דעם דאָזיגן וועזנטליכן שטריך פון די אידישע איינוואַנדערער טאָר מען קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

פירסאָן שטעלט זיך אויספירליך אָפּ אויף די רעזולטאַטן פון די שיידל־מעסטונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן באַ די איינגעפאָרשטע אידישע שול־קינדער, און גיט דערביי פאָלגנדיגן פאַרגלייך פון זיינע איצטיגע אויספירן מיט די רעזולטאַטן פון פריערדיגע איספאָרשונגען — פון אים אַליין, ווי אויך פון דיבראָווסקי, קאָפּערניצקי און בלעכמאַן (טאַב. I):

Tab. — I — טאַב·

**די שיידלפאָרם באַ די אידישע אימיגראַנטן־קינדער אין לאָנדאָן**

**Schädelform bei d. Schulkindern der jüd. Immigranten in London**

| Prozentsatz — פּראָצענט | | | אויספאָרשונגען Untersuchungen |
|---|---|---|---|
| בראַכיצעפאַלע der Brachicefalen | מעזאָצעפאַלע der Mezocefalen | דאָליכאָצעפאַלע der Dolichocefalen | |
| 67,0 | 23,9 | 9,1 | אידי· אימיגראַנטן־אינגלאַך Eingewanderte Knaben |
| 53,7 | 26,9 | 19,4 | דיבראָווסקי — Dybrowski |
| 50,0 | 27,8 | 22,2 | פירסאָן — Pearson |
| 84,3 | 10,9 | 4,8 | קאָפּערניצקי — Kopernicki |
| 86,0 | 11,0 | 3,0 | בלעכמאַן — Blechmann |

די פאָרשונג־רעזולטאַטן וועגן דער פאַרב פון די האָר און אויגן באַ די אימיגראַנטן־קינדער ברענגען מיר אין די טאַבעלעס II, III און IV.

ביים אָפּשאַצן די האָר־פאַרב האָט אַ גרויסע באַדייטונג דער עלטער פון די קינדער און די אַרט פאַרבן־פאַרטיילונג, און דערמיט דערקלערט זיך טאַקע — צום טייל, ווייניגסטנס, — וואָס פאַרשיידענע מחברים קומען דאָ צו פאַרשיידענע רעזולטאַטן. אַלנפאַלס, וואַרפט זיך אין די אויגן די גרויסע צאָל בלאָנדהאָריגע — און פירסאָן מיינט, אַז דאָס זאָגט עדות אויף אַ צומיש פון פויליש בלוט.

Tab. — II — טאַב·

**די האָר־פאַרב באַ די אויסגעפאָרשטע אידישע שול־קינדער אין לאָנדאָן**

**Die Haarfarbe der eingewanderten jüdischen Schulkinder in London**

| דערוואַקסענע פוילישע אידן Erwachsene polnische Juden | איינגעוואַנדערטע אידישע אינגלאַך אין לאָנדאָן Eingewanderte jüd. Knaben in London | אידישע אינגלאַך אין דייטשלאַנד Deutsch-jüdische Knaben | איד· קינדער פון גאַליציע Jüd. Kinder in Galizien | פאַרב פון האָר Haarfarbe |
|---|---|---|---|---|
| 5,5 | 3,9 | 11,7 | 13,1 | שוואַרץ — schwarz |
| 48,3 | 47,8 | 55,2 | 63,7 | ברוין — braun |
| 45,0 | 46,7 | 32,7 | 18,7 | בלאָנד — blond |
| 1,2 | 1,6 | 0,4 | 4,5 | רויט — rot |
| **100,0** | **100,0** | **100,0** | **100,0** | צוזאַמען — Zus. |

באַ די צוגעוואַנדערטע אידן איז געווען טונקעלע אויגן מיט 10% ווייניגער, ווי באַ די איבעריגע ענגלישע אידן. די פּאַרטליכענע אינגלעך זיינען אָבער געווען פון פאַרשידענעם עלטער. פּירסאָן מאַכט דאָ ווידער די זעלבע השערה וועגן אַ צומיש פון אַנדער בלוט און ווייזט אָן אויף אַ ראַסע פון בלאָנדן און בראַכיצעפאלישן טיפּ אין גרויס־רוסלאַנד (באַ דער בערעזינאַ און ביים פּריפּעט).

אינטערעסאַנטע רעזולטאַטן האָבן געבראַכט די אויסמעסטונגען פון דער גרויס באַ די אידישע שול־קינדער, זיי האָבן געוויזן, אַז די איינגעוואַנדערטע אידישע קינדער זיינען ניט אַזוי גרויס, ווי די ענגלישע שול־קינדער פון די רייכערע קוואַרטאַלן; זיי זיינען אָבער גרעסער פאַר די ענגלישע שול־קינדער פון די אָרימע קוואַרטאַלן. זייער גרויס אַנטשפּרעכט דעם דורכשניט פאַר די ענגלישע קינדער. בנוגע וואָג יאָגן אידישע קינדער תמיד איבער דעם דורכשניט, אין יעדעם לעבנס־עלטער, און זיי זיינען אַזוי שווער, ווי די ענגלישע קינדער פון די רייכע עלטערן.

Tab. — III — טאַב.

## די אויגן־פאַרב באַ די אויסגעפאַרשטע אידישע שול־קינדער אין לאָנדאָן

### Die Augenfarbe der eingewanderten jüdischen Schulkinder in London

| קינדער־גרופּעס Untersuchungen | ברוין—braun | גרוי—grau | בלוי—blau | צוז.—Zus. |
|---|---|---|---|---|
| דייטש־אידישע קינדער — deutsch-jüd. Kinder | 52,5 | 28,8 | 18,7 | 100,0 |
| דערוואַקסענע פּוילישע אידן — polnisch-jüd. Erwachsene | 52,9 | 24,1 | 23,0 | 100,0 |
| גאַליצישע אידישע קינדער — galiz. jüd Kinder | 45,9 | 30,6 | 23,5 | 100,0 |
| איינגעוואַנדערטע אידישע קינדער אין לאָנדאָן — eingewand. jüd. Kinder | 53,8 | 22,8 | 23,4 | 100,0 |

Tab. — IV — טאַב.

## דער צוזאַמענהאַנג צווישן דער פאַרב פון האָר און אויגן באַ די אויסגעפאַרשטע אידישע שול־קינדער

### Haar-und Augenfarbe bei den eingewanderten jüdischen Kindern

| האָר — Haare / אויגן — Augen | שוואַרצע schwarz | שטאַרק טונקל ברוין sehr dunkelbraun | טונקל ברוין dunkelbraun | מיטל ברוין mittelbraun | ליכטיג ברוין hellbraun | שיפער־פאַרב schiefrig | רויט rot |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| טונקעלע — dunkle | 85,0 | 76,3 | 54,6 | 49,7 | 27,6 | 18,2 | 28,6 |
| ליכטיגע — helle | 15,0 | 23,7 | 45,4 | 50,3 | 72,4 | 81,8 | 71,4 |
| צוזאַמען — Zus. | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

אין צווייטן טייל פון פּירסאָנס אַרבעט ווערט באַהאַנדעלט די שייכות צווישן אינטעליגענץ און אַ גאַנצער רייע פאַקטאָרן, ווי קערפּערליכע אייגנשאַפטן, געזונט־צושטאַנד, קרענקליכע נטיות און קראַנקהייטן, פאַמיליע־צושטאַנד, סאַניטאַרע און ווירטשאַפטליכע באַדינגונגען. קיין שייכות צווישן אָט די פאַקטאָרן און דער אינטעליגענץ פון די קינדער ווייזט זיך ניט אַרויס. אינטעליגענץ איז ניט דאָס זעלבע, וואָס קענטענישן, זי איז אַן איינגעבוירענע אייגנשאַפט און איז פאַרבונדן מיט פאַקטאָרן פון ראַסע־ און משפּחה־כאַראַקטער. „מיר גלויבן ניט, — שרייבט פּירסאָן, — אַז אַנ'אייגנשאַפט זאָל קאָנען געענדערט ווערן דורכן אַרצט, לערער, דורך עלטערן אָדער דורך דער פאַמיליע־סביבה. די אינטעליגענץ פון די איינגעוואַנדערטע איז אַ געגעבענע זאַך, אַ פּראָדוקט פון זייער ראַסע־אַנטוויקלונג און פון דער ווירקונג, וואָס אַ געוויסע סביבה האָט געהאַט אויף זיי. פון דעם מאַטעריאַל איז שווער צו מאַכן דעם אויספיר, אַז קלענערע אָרימקייט, בעסערע ערנערונג און גרעסערע ריינקייט וואָלטן געהויבן דעם דורכשניטליכן גראַד פון זייער אינטעליגענץ און דערמיט ממשות'דיג פאַרבעסערט זייער לעבנס־מעמד. פון דעם, וואָס מען לעבט באַ אונז אין לאַנד, ענדערט זיך די אינטעליגענץ פונקט אַזוי ווייניג, ווי די פאַרב פון די האָר. ס'איז צופיל צו מיינען, אַז מיט דער צייט וועט די סביבה אַרויסווייזן איר גוטע ווירקונג, און דער איינגעוואַנדערטער וועט זיך אויסגלייכן מיט דער אָרטיגער באַפעלקערונג אָדער ער וועט זי נאָך אַפילו איבעריאָגן. לעת עתה האָבן מיר ניט קיין שום גרונט צו רעכענען, אַז די סביבה —אָן אָפּקלייב — זאָל קאָנען האָבן אַ דירעקטן ממשות'דיגן איינפלוס אויף דער אינטעליגענץ.“

דער הויפּט־געדאַנק איז דאָ, אַז אַן איבער־באַפעלקערט לאַנד דאַרף אַריינלאָזן צו זיך נאָר איינוואַנדערער פון אַ העכערן שטאַם, אָבער ניט פון אַ נידעריגערן שטאַם, ווייל ס'איז ניטאָ קיין גרונד צו האָפן, אַז די דאָזיגע איינוואַנדערער זאָלן זיך אויסגלייכן מיט דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג דורכדעם, וואָס זיי לעבן אין דער נייער אַטמאָספערע. דער אינטעליגענץ־גראַד פון די איינגעבוירענע איז ניט קיין פּראָדוקט פון דער אַטמאָספערע, נאָר פון דורות'דיגער ראַסע־געשיכטע און נאַטירליכן אָפּקלייב.

ביים אויספאָרשן די אינטעליגענץ פון די איינגעוואַנדערטע קינדער זיינען צווישן אַנדערע געפּרופט געוואָרן פאָלגנדיגע צוויי קאָמבינאַציעס: 1) די אינטעליגענץ פון די עלטערן און פון די קינדער (טאַב. V); 2) די אינטעליגענץ פון די אידישע קינדער אין פאַרגלייך צו אַנדערע קינדער־גרופּעס (טאַב. VI). עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די איינגעוואַנדערטע אינגלעך פאַרמאָגן די גלייכע אינטעליגענץ, וואָס די היימישע אינגלעך, און, פאַרקערט, די איינגעוואַנדערטע מיידלעך פאַרמאָגן אַ קלענערע אינטעליגענץ, ווי די אָרטיגע.

Tab. — V — טאַב·

## די אינטעליגענץ פון די אויסגעפאָרשטע אידישע שול-קינדער אין לאָנדאָן

### Die Intelligenz der untersuchten Schulkinder der jüd. Immigranten

| אינטעליגענץ פון די עלטערן<br>Bildung der Eltern | אינגלאַך — Knaben: אינטעליגענט און העכער פון דורכשניט<br>Intelligent und über den Durchschnitt | אינגלאַך — Knaben: מיטלמעסיג און נידעריגער פון דורכשניט<br>langsam und unter den Durchschnitt | אינגלאַך — Knaben: בכלל<br>Zusammen | מיידלאַך — Mädchen: אינטעליגענט און העכער פון דורכשניט<br>Intelligent und über den Durchschnitt | מיידלאַך — Mädchen: מיטלמעסיג און נידעריגער פון דורכשניט<br>langsam und unter den Durchschnitt | מיידלאַך — Mädchen: בכלל<br>Zusammen |
|---|---|---|---|---|---|---|
| איינער פוןביידע געבילדעט . . . .<br>eines der beiden gebildet | 155 | 166 | 321 | 90 | 206 | 296 |
| ביידע געבילדעט . . . . . . . . . .<br>beide gebildet | 164 | 122 | 286 | 94 | 169 | 263 |
| **צוזאַמען — Insgesamt . . .** | **319** | **288** | **607** | **184** | **375** | **559** |

פּאַר פּירסאָנען מיט זיין נאַציאָנאַל-עוגענישן שטאַנד־פּונקט איז קאַרג אַפּילו, די אײנוואַנדערער זאָלן זיין פּיזיש און גײַסטיג גלײַך, אויף איין ניוואָ מיט דער ענגלישער סביבה. ער פאַרלאַנגט מער—אַ גאַראַנטירטע זיכערקייט, אַז די איינ־וואַנדערער וועלן זיך צופּאַסן קלימאַטיש און אַז זיי האָבן דעם פעסטן ווּנש זיך צו אַסימילירן. וואָס איז שייך דער צופּאַסונג, האָבן מיר ניט בלויז דעם פאַקט, ווי די ביז איצט איינגעוואַנדער־טע קיין ענגלאַנד אידן האָבן זיך דאָ צוגעפּאַסט, נאָר עס איז דאָך אַ באַקאַנטע זאַך, אַז אידן ווייזן אַרויס אַ גרויסע צופּאַ־סונג-פייאיגקייט אין אַלע לענדער, באַ אַלע קלימאַטן. אַ סך פאָרשער דערקלערן די דאָזיגע צופּאַסונג-פייאיגקייט דערמיט, וואָס אידן צייכענען זיך אויס מיט אַ גרויסער מעסיגקייט אין זייערע באַדערפענישן און ספּעציעל מיט זייער מעסיגקייט אין געברויך פון אַלקאָהאָל,— און רעדט מען וועגן צילבאַוואוסטער עוגעניק, האָט דאָך דאָס בלי ספק אַ ווערט.

וואָס איז נוגע אַסימילאַציע, מיינען מיר, אַז דער גרעסטער טייל פון אידישן פאָלק איז אין דעם פּרט פּונקט אַזוי סעלעקציאָ־ניסטיש, ווי דער מחבר גופא. אַ גרויסער טייל אידן ווילן ניט די אויסמישונג, מעג די איינוואַנדערונג אין דעם לאַנד, וואָס שטעלט אַזאַ פאָדערונג, זיין פאַר זיי אַפילו אַ לעבנס-פראַגע. דאָ איז טאַקע איינע פון די גרויסע אידישע פּראָבלעמעס.

Tab. — VI — טאַב·

## די אינטעליגענץ פון די איינגעוואַנדערטע אידישע און פון די ענגלישע שול-קינדער

### Intelligenzgrad der eingewanderten jüdischen Schulkinder uud der eingeborenen Schüler

| קינדער־קאַטעגאָריעס<br>Kindergruppen | אינגלאַך — Knaben: זייער פייאיג<br>sehr befähigt | אינגלאַך — Knaben: פייאיג<br>befähigt | אינגלאַך — Knaben: מיטלמעסיג<br>mässig langsam | אינגלאַך — Knaben: אפגעשטאנען און זייער אומ־פייאיג<br>dumm und sehr dumm | מיידלאַך — Mädchen: זייער פייאיג<br>sehr befähigt | מיידלאַך — Mädchen: פייאיג<br>befähigt | מיידלאַך — Mädchen: מיטלמעסיג<br>mässig langsam | מיידלאַך — Mädchen: אפגעשטאנען און זייער אומ־פייאיג<br>dumm und sehr dumm |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ענגלישע קינדער פון רייכערע שולעס· ·<br>englische Kinder in besseren Schulen | 18,6 | 34,8 | 23,1 | 23,5 | 13,9 | 34,6 | 25,0 | 26,5 |
| ענגלישע קינדער פון מיטלערע שולעס· ·<br>englische Kinder in mittleren Schulen | 21,3 | 37,2 | 24,7 | 16,8 | 12,4 | 41,4 | 32,5 | 13,7 |
| ענגלישע קינדער פון אָרימע שולעס · ·<br>englische Kinder in armen Schulen | 15,6 | 32,3 | 23,5 | 28,6 | 15,8 | 37,2 | 29,4 | 17,6 |
| קינדער פון איינגעוואַנדערטע אידן · ·<br>Kinder eingewanderter Juden | 16,0 | 36,2 | 34,7 | 13,1 | 7,5 | 25,5 | 37,8 | 29,2 |

ס'איז אוודאי געוואונשן, אַז אויספאָרשונגען פון דעם מין, ווי מיר האָבן דאָ באַשריבן, זאָלן אויך ווייטער געפירט ווערן. פּירסאָן און די מיטאַרבעטער פון זיין עוגענישער לאַבאָ־ראַטאָריע האָבן שוין אַ רייע גרינדליכע פאָר־אַרבעטן, וואָס, געשטיצט אויף זיי, וואָלטן זיי געקאָנט באַאַרבעטן די פראַגע וועגן קוואַליטאַטיווע אינטעליגענץ-אונטערשיידן, און ס'וואָלט זיך אַרויסגעוויזן, וועלכע אונטערשיידן זיינען ווירקליך פאַראַן. מען מוז אָבער גוט אין זינען האָבן, אַז אויף דעם דאָזיגן געביט פּאַסירט זייער לייכט, אַז די געפילן לייגן אַרויף זייער שטעמפּל אויף דער וויסנשאַפטליכקייט; אויפן געביט פון עוגעניק איז אָפט שווער צו דערקענען, וואו ענדיגט זיך פאָרשונג און וואו הויבט זיך אָן פּאָליטיק.

# צו דער פראגע וועגן די טויט־סיבות בא אידן

י׳ קאָראַלניק

# Über die Besonderheiten der Mortalität und Morbidität der Juden

von I. Koralnik

* *
*

מיר באַגרעניצן זיך דאָ אויסשליסליך מיט דער באַאַרבעטונג פון די נייסטע מאַטעריאַלן וועגן טויט־סיבות און קרענקעוודיגקייט בא אידן, וואָס זיינען די לעצטע יאָרן פאַרעפנטליכט געוואָרן אין די אָפיציעלע סטאַטיסטישע אָרגאַנען פון די פאַרשיידענע מדינות.

די אידישע ביאָלאָגיע און פאַטאָלאָגיע איז בא היינטיגן טאָג דער אייגענער טונקעלער געביט, ווי מיט יאָרן צוריק. די ווּיסנשאַפט זוכט נאָך אַלץ אומזיסט אַ ענטפער אויף אַ רייע קאַרדינאַלע פראַגעס און פלאָנטערט זיך נאָך אַלץ אינם געדיכטן שלייער פון די פאַרשיידענסטע ראַסן־טעאָריעס און השערות. אַם אָפּגעשטאַנענסטן בלייבט אָבער די פאָרשונג פון דער קרענקעוודיגקייט און פון די טויט־סיבות בא אידן. דאָ פעלן נאָך ניט נאָר די ראַציאָנעלע ערקלערונג פון די באַזונדערקייטן בא דער אידישער באַפעלקערונג אין פאַרגלייך צו דער אַרומיגער, ניט־אידישער, נאָר אויך די גענויע פעסטשטעלונג און כאַראַקטעריסטיק פון די באַזונדערקייטן גופא; דאָ איז די ממשלה פון די ראַסן־טעאָריעס באַזונדערס שטאַרק.

קלייבט מען זיך אָבער פאַנאַנדער אין דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט וועגן די דאָזיגע וויכטיגע פראָבלעמעס, מוז מען קומען צום אויספיר, אַז ער איז נאָך ווייט ניט גענוג און נאָך גאָר ווייניג זיכער, אַז מ׳זאָל קאָנען בויען אויף אים וועלכע ס׳ניט איז באַשטימטע טעאָריעס, און גאָר בפרט נאָך טעאָריעס וועגן אַ ראַסן־באַזונדערקייט אין דער אידישער שטאַרבליכקייט.

דער אויספיר וועגן אַ ראַסן־באַזונדערקייט אין דער אידישער שטאַרבליכקייט קאָן זיין באַרעכטיגט, ווען אַלע אַנדערע סאָציאַלע און קולטורעלע ערקלערונגען זאָלן האָבן באַנקראָטירט. קיינער וועט זיך אָבער ניט אונטערנעמען צו באַווייזן, אַז די ווּיסנשאַפט האָט אין דער דאָזיגער פראַגע באמת אָנגעווענדעט אַלע מיטלען און איז ווירקליך אַריינגעדרונגען אין די טיפענישן פון פראָבלעם, — פאַרקערט, אַלע זיינען מודה, אַז זי געפינט זיך אין דעם פרט נאָך גאָר ביים אָנהויב און איז נאָך גאָר ניט ווייט אַוועק פון אירע ערשטע און אומרייפע שריט.

שולדיג אין דעם זיינען, אמת, אַ רייע אָביעקטיווע מאָמענטן, וואָס וועלן אויך ווייטער ניט אַזוי גיך קאָנען באַזייטיגט ווערן און וועלן נאָך לאַנגע יאָרן פאַרשטעלן דעם וועג צו די אמתע סיבות פון יענע מערקווירדיגע אייגנטימליכקייטן, וואָס צייכענען אויס די פאַטאָלאָגיע פון דער אידישער באַפעלקערונג אין די פאַרשיידענסטע לענדער און צו פאַרשיידענסטע צייטן. עס וועט נאָך לאַנג אויסקומען צו אַרבעטן מיט אַ מאַטעריאַל, וואָס פאַרמאָגט אָן אַ צאָל חסרונות, וועלכער גיט ניט קיין שום מעגליכקייט פאַנאַנדערצוּוויקלען אַ ברייטן אַנאַליז און אָנטאַפּן

די איינגע פאַרקניפונג צווישן דער באַזונדערקייט פון די טויטסיבות בא דער אידישער באַפעלקערונג און די באַזונדערקייטן פון איר דעמאָגראַפישער, פראָפעסיאָנעלער און סאָציאַלער סטרוקטור. און דאָס, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן ביז איצט, איז ניט מער ווי פיצלאַך און ברעקלאַך, אונטערגעקליבן אין צופעליגע געמיינדעס און פאַר צופעליגע יאָרן, באַאַרבעט לויט די פאַרשיידענסטע מעטאָדן און ניט פאַרגלייכבאַרער נאָמענקלאַטור.

אַזוי שטייט דער פאָרשער פון דער אידישער פאַטאַלאָגיע פאַר אַ גרויסער אַרבעט, וואָס דאַרף אָנגעהויבן ווערן כמעט פון ס׳ניי. די צייט פאַר סך־הכל׳ען און פאַראַלגעמיינערונגען איז נאָך ווייט ניט געקומען. מען דאַרף ערשט צונויפטראָגן פרישן און זיכערן מאַטעריאַל פאַר אַ סאָלידן פונדאַמענט, פאָרשן טיפּישע אידישע קהלות, גרויסע אידישע קבוצים פאַר לענגערע צייט־אָפּשניטן, פאָרטזעצנדיג דעם אַנאַליז און פאַרפיינערנדיג די פאָרשונגס־מעטאָדן.

גראָד די לעצטע 10—15 יאָר שטעלן פאָר פאַר דער פאָרשונג פון דער פאַטאָלאָגיע פון דער אידישער באַפעלקערונג אַ אויסערגעוויינליכן אינטערעס. צוזאַמען און האַנט בא האַנט מיט די ווירטשאַפטליכע קאַטאַסטראָפעס גייט דאָ אַ כוואַליע געפערליכסטע עפּידעמיעס און פאַרגיסט מיט אַ באַזונדערן כח די מזרח־אייראָפּייאישע לענדער מיט זייער קאָמפּאַקטער אידישער באַפעלקערונג; ענדעמישע קראַנקהייטן ברעכן אויס אין עפּידעמיעס; דער פסיכישער אָרגאַניזם פון דער באַפעלקערונג ווערט געהאַלטן אונטער אַ שטענדיגן האָגל פון דערשיטערנדיגע געשייענישן. אָט אַ דאָס בילד אויסכאַפּן, פאָרשן די באַזונדערקייטן פון דער אידישער פאַטאָלאָגיע אין אָט אַזאַ סיטואַציע, ספּעציעל שטודירן די שטאַרבליכקייט בא דער אידישער באַפעלקערונג אין די נעסטן פון די עפּידעמיעס — אָט דאָס קאָן אין אַ באַזונדערער מאָס באַרייכערן די פאָרשונג פון פראָבלעם און געבן אויסגעצייכנטן מאַטעריאַל צו קאָנטראָלירן און רעווידירן די אַלע ביז איצט געמאַכטע דערפאַרונגען און פעסטגעשטעלטע טעאָריעס.

די מאַטעריאַלן, וואָס מיר ברייגען דאָ ווייטער, באַציען זיך אויף אַ רייע גרויסע אידישע קהלות, הויפּטזאַכליך אויף וואַרשע, לאָדז, לעמבערג, קראָקע און בודאַפּעשט. איינצעלנע פראַגעס האָבן מיר געקאָנט באַלויכטן אויך מיט נייעסטע מאַטעריאַלן וועגן ווין, בערלין, ריגע און איינגע רוסישע און אַמעריקאַנישע שטעט.

די מאַטעריאַלן וועגן וואַרשע נעמען אַרום אַ פעריאָד פון 11 יאָר — פון 1916, ווען דאָס וואַרשעווער סטאַטיסטישע אַמט נעמט אַריין ביים באַאַרבעטן די טויט־סיבות אויף דעם קאָנפעסיאָנעלן מאָמענט,—ביז 1926; לאָדז איז פאָרגעשטעלט פאַר 9 יאָר — פון 1918 ביז 1926; קראָקע — פאַר אַ צעניאָריגן פעריאָד: 1915—24; לעמבערג פאַר עלף יאָר — פון 1912 ביז 1922, און בודאַפּעשט מיט אַ מאַטעריאַל, וואָס באַהאַנ־

רעלט נאָר טיילווייז אַ צוועלף־יאָריגן אָפּשניט — פֿון 1914 ביז 1925. הגם אין ריגע, וואָס האָבן פֿאַר דער מלחמה זיך אויסגעצייכנט מיט אַ ברייט פֿאַנאַנדערגעאַרבעטער סטאַטיסטיק פֿון די טויט־סיבות לויט באַזונדערע אמונות, האָבן פֿאַרעפֿנט־ליכט פֿאַר די לעצטע יאָרן נאָר קורצע ידיעות: ריגע פֿאַר די יאָרן 1922—25 און ווין פֿאַר די יאָרן 1921—25.

די מאַטעריאַלן האָבן מיר באַאַרבעט אויפֿן גרונד פֿון די אָפֿיציעלע סטאַטיסטישע יאָרביכער פֿון די אַנטשפּרעכנדיגע מאַגיסטראַטן. פֿאַר קראָקע און בודאַפּעשט און די יאָרן 1914—25 באַנוצן מיר נאָך ניט פֿאַרעפֿנטליכטן אַרכיוו־מאַטעריאַל פֿון די דאָרטיגע סטאַטיסטישע אַמטן, וועלכע מיר דריקן דאָ אויס אונזער טיפֿסטן און האַרציגסטן דאַנק.

פֿון אַ סך חסרונות, אויף וועלכע ס'איז איבן אָנגעוויזן געוואָרן, זיינען אויך אונזערע מאַטעריאַלן ניט פֿריי; אויך דאָ מוז דער אַנאַליז אָפֿט אָפּגעבראָכן ווערן אין סאַמע אָנהייב. דערפֿאַר אָבער קאָנען מיר שוין אויפֿציילן באַ זיי אַ רייע מעלות, וואָס האָבן די מאַטעריאַלן פֿון פֿריער לגמרי געפֿעלט:

1) די טויט־סיבות זיינען אין אַלע מאַטעריאַלן אויסגעאַרבעט לויט דער איינהייטלעכער אינטערנאַציאָנאַלער קראַנקהייט־נאָמענקלאַטור (בערטיליאָנישע נאָמענקלאַטור, פֿעסטגעשטעלט אין 1910 און באַשטעטיגט צום צווייטן מאָל אין יאָר 1920) און לאָזן אויף אַזאַ אופֿן צו אַ פֿאַרגלייך צווישן פֿאַרשיידענע שטעט און צווישן פֿאַרשיידענע יאָרן;

2) דער דיאַגנאָז פֿון די טויט־סיבות איז פֿיל זיכערער איידער פֿאַר דער וועלט־מלחמה;

3) די מאַטעריאַלן ערלויבן אין אַ רייע פֿאַלן אַ קאָמבינאַציע פֿון טויט־סיבה מיטן עלטער און געשלעכט פֿון די געשטאָרבענע ווי אויך — אין זעלטענערע פֿאַלן—צווישן טויט־סיבה, באַשעפֿטיגונג און סאָציאַלער לאַגע;

4) פֿאַר איינציגע שטעט לאָזט זיך אַקעגנשטעלן פֿאַר איין און דעם זעלבן פּעריאָד די צאָל געשטאָרבענע פֿון וועלכער סאָרט איז קראַנקהייט מיט דער צאָל נפֿשות, וואָס זיינען פֿון דערזעלבער קראַנקהייט געטראָפֿן געוואָרן.

אַרום און אַרום האָט זיך אונז איינגעגעבן צונויפֿצוטראָגן אַ מאַטעריאַל, וואָס נעמט אַרום ניט ווייניגער פֿון הונדערט טויזנט אידישע מתים, קאָנצענטרירט אויף אַ גאַנץ קורצער צייט־שטרעקע און אין די טיפּישע אידישע קהלות פֿון מזרח־ און מערב־אייראָפּע.

## I. אלגעמיינער טייל

איבערגייענדיג צו די מאַטעריאַלן גופֿא, ווילן מיר פֿריער פֿון אַלץ זיך פּרובן געבן אַ אַלגעמיין בילד וועגן דער פֿאַרטיילונג פֿון די געשטאָרבענע באַ דער אידישער און ניט־אידישער באַפֿעלקערונג לויט באַזונדערע טויט־סיבות און וועגן דעם שטאַרבלעכקייט־קאָעפֿיציענט באַ אידן און ניט־אידן פֿון יעדער קראַנקהייט־גרופּע באַזונדער. פֿאַר דעם דאָזיגן צוועק קאָן מען, נאַטירלעך, ניט באַנוצן דעם מאַטעריאַל פֿאַר אַלע יאָרן. קראָקע, אַז דאָס אַריינציען די יאָרן מיט עפּידעמיעס, באַזונדערס פֿון אַזאַ אויסנעמיקער שרעקלעכער, ווי דאָס איז געווען אין דער מלחמה־צייט פֿון די באַהאַנדעלטע שטעט, וואָלט געגעבן אַ גאַנץ פֿאַלש בילד. מיר נעמען דעריבער יעדע שטאָט צו אַזאַ מאָמענט, ווען די עפּידעמיעס זיינען שוין פֿאַרשוואונדן, און די שטאַרבלעכקייט פֿון דער באַפֿעלקערונג גייט צוריק אַריין אין איהר נאָרמאַלע ברעגעס.

טאַבעלע I גיט די טויט־סיבות באַ אידן און קריסטן אין וואַרשע פֿאַר זעקס יאָר — 1921 ביז 1926 — לויט דער שמאָלער אינטערנאַציאָנאַלער נאָמענקלאַטור מיט איהרע 38 קראַנקהייט־נומערן. די אַבסאָלוטע צאָלן פֿאַר די באַזונדערע יאָרן בלייבן באַ דער מערהייט גרופּעס די גאַנצע צייט כמעט סטאַביל, אַזוי אַז מיר וועלן ניט מאַכן קיין גרויסן פֿעלער, ווען מיר וועלן באַטראַכטן די רעלאַטיווע צאָלן פֿאַר דער סומע פֿון אַלע זעקס יאָר מיט אַ מאָל.

צווישן אַלע קראַנקהייט־גרופּעס טרעטן באַ אידן באַזונדערס אַרויס דריי. אויף וועלכע עס פֿאַלן אויס 55,2 פּראָצענט פֿון אַלע אידישע טויט־פֿאַלן, — די גרופּע V „קראַנקהייטן פֿון די עטעמונג־אָרגאַנען", גרופּע I „אָנשטעקנדיגע קראַנקהייטן" (צו וועלכע עס זיינען דאָ צוגערעכנט געוואָרן אויך אַלע פֿאָרמען פֿון טובערקולאָז) און גרופּע VI, וואו מיר האָבן, לויט דער שמאָלער נאָמענקלאַטור, געמוזט אויסשליסלעך די אָרגאַנישע האַרץ־פֿעלערן. פֿון 20.674 מתים פֿאַלן אויס אויף דער גרופּע V 4.648 אָדער 22,5 פּראָצענט: אויף גרופּע I 3.76[illegible] אָדער 18,2 פּראָצענט און אויף גרופּע IV 2.989 אָדער 14,5 פּראָצענט. ערשט אויפֿן פֿערטן אָרט גייט די גרופּע VI — „קראַנקהייטן פֿון די פֿאַרדייאונג־אָרגאַנען" — מיט 7,7 פּראָצענט און ערשט נאָך איר די גרופּע II „קרעבס און אַנדערע שווערע געשווילעכצן", און וועלכער ס'האָבן זיך געפֿינען ניט מער ווי אַ בינפֿצענט חלק פֿון אַלע געשטאָרבענע (6,7 %). לויטן סדר גייען דערנאָך די קראַנקהייטן פֿון אורין־ און געשלעכט־ (ניט ווענערישע) אָרגאַנען, קראַנקהייטן פֿון נערוון־סיסטעם, זקנות, געבורט ענגע שוואַכקייט, טויט פֿון אומגליק־פֿאַל און מאָרד, און מיט גאָר אַ אומבאַדייטנדיגן פּראָצענט — טויטפֿאַלן פֿון זעלבסטמאָרד (1,0) און פֿון די קראַנקהייטן אין שוואַנגער־ און קימפּעט־צייט (0,6).

באַ דער ניט־אידישער באַפֿעלקערונג ענדערט זיך דאָס בילד אין פֿאַרשיידענע ריכטונגען. די אַבסאָלוטע מערהייט (53,9 %) פֿון די געשטאָרבענע פֿאַלט אויך דאָ אויף די זעלבע דריי גרופּעס, ווי באַ אידן, אָבער דער סדר און די וואָג פֿון יעדערער האָט זיך ממשותדיג געביטן. די עפּידעמישע קראַנקהייטן (גרופּע I) רוקן זיך איבער אויפֿן ערשטן אָרט מיט מער ווי אָנדערטהאַלבן מאָל אַ גרעסערן פּראָצענט געשטאָרבענע איידער באַ די אידן (28,6); די קראַנקהייטן פֿון עטעמונג־אָרגאַנען טרעטן אָפּ אויפֿן צווייטן אָרט מיט אַ פּראָצענט, וואָס איז אויך אַ ביסל קלענער פֿון דער אַנטשפּרעכנדיגער צאָל באַ די אידישע מתים (15,6). די אָרגאַנישע האַרץ־פֿעלערן, וואָס האָבן באַ אידן פֿיגורירט אויפֿן דריטן אָרט, רוקן זיך דאָ איבער מיט 9,7 פּראָצענט אונטער די קראַנקהייטן פֿון די פֿאַרדייאונג־אָרגאַנען. פֿון די לעצטע איז אין דער קריסטלעכער גרופּע געשטאָרבן אַ אַנדערט־האַלבן מאָל גרעסערער פּראָצענט (11,0) איידער באַ אידן.

קרעבס, קראַנקהייטן פֿון נערוון־סיסטעם און זקנות פֿאַרנעמען באַ ביידע גרופּעס דעם זעלבן—ס נפֿטן, זיבעטן און אַכטן—אָרט מיט זייער נאָענטע פּראָצענטן. גאָר אויף די לעצטע ערטער זעהט מען אויך באַ די קריסטן די גרופּעס XI —„אומגליקספֿאַל און מאָרד" און VIII —„קראַנקהייטן אין שוואַנגער־ און קימפּעט־צייט". אַ פֿיל קלענערע ראָלע ווי באַ אידן שפּילן די קראַנקהייטן פֿון אורין־ און געשלעכט־ (ניט ווענערישע) אָרגאַנען, אַ גרעסערע — טויט פֿון געבוירענער שוואַכקייט.

Tab. — I — טאַב.

# די טויט־סיבות באַ דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג פון דער שטאָט וואַרשע

## —1921/1926—

## Todesursachen bei der jüdischen und nichtjüdischen Bevölkerung in Warschau

| Causae mortis * | נומערן לויט דער קורצער אינטערנאַציאָנאַלער נאָמענקלאַטור NN der abgekürzten Bertillon'schen Nomenklatur | 1921 | | 1922 | | 1923 | | 1924 | | 1925 | | 1926 | | 1921—26 | | פון יעדע 100 מתים באַ: von je 100 Gestorbenen bei den: | | אויף יעדע צען טויזנט נפשות באַ: Auf je 10.000 Seelen bei den: | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden |
| I. Morbi infectiosi et parasitici . . | 1—15 | 3 071 | 724 | 3 167 | 558 | 2 963 | 604 | 3 037 | 611 | 2 918 | 570 | 3 209 | 693 | 18 365 | 3 760 | 28,6 | 18,2 | 47,0 | 19,5 |
| II. Neoplasmata et tumores . . . . | 16 | 444 | 214 | 518 | 220 | 519 | 227 | 588 | 216 | 622 | 244 | 637 | 263 | 3 328 | 1 384 | 5,2 | 6,7 | 8,5 | 7,2 |
| III. Morbi system. nervosi . . . . . | 17—18 | 404 | 157 | 391 | 145 | 368 | 147 | 420 | 148 | 425 | 145 | 398 | 190 | 2 406 | 932 | 3,7 | 4,5 | 6,2 | 4,8 |
| IV. Morbi organ. circulationis . . . | 19 | 957 | 421 | 1 035 | 476 | 993 | 434 | 1 079 | 534 | 1 032 | 536 | 1 124 | 588 | 6 220 | 2 989 | 9,7 | 14,5 | 15,9 | 15,5 |
| V. Morbi organ. respirationis . . . | 20—23 | 1 687 | 941 | 1 914 | 840 | 1 515 | 716 | 1 711 | 749 | 1 716 | 716 | 1 480 | 686 | 10 023 | 4 648 | 15,6 | 22,5 | 25,6 | 24,1 |
| VI. Morbi stomachi et intestinorum . | 24 - 28 | 976 | 304 | 1 281 | 260 | 1 199 | 301 | 1 176 | 251 | 1 267 | 240 | 1 146 | 244 | 7 045 | 1 600 | 11,0 | 7,7 | 18,0 | 8,3 |
| VII. Morbi system. uropoëtici . . . . | 29—30 | 323 | 222 | 297 | 227 | 258 | 164 | 227 | 132 | 225 | 109 | 247 | 123 | 1 577 | 977 | 2,5 | 4,7 | 4,0 | 5,1 |
| VIII. Morbi graviditatis et puerperii . | 31—32 | 83 | 22 | 97 | 24 | 115 | 20 | 97 | 21 | 83 | 17 | 100 | 23 | 575 | 127 | 0,9 | 0,6 | 1,5 | 0,7 |
| IX. Debilitas congenita . . . . . . | 33 | 505 | 73 | 594 | 103 | 494 | 117 | 438 | 134 | 491 | 131 | 400 | 102 | 2 922 | 660 | 4,5 | 3,2 | 7,5 | 3,4 |
| X. Marasmus senilis . . . . . . . | 34 | 344 | 190 | 382 | 202 | 325 | 130 | 370 | 161 | 282 | 108 | 322 | 122 | 2 025 | 913 | 3,2 | 4,4 | 5,2 | 4,7 |
| XI. Homicidium . . . . . . . . . . | 35 | 335 | 86 | 276 | 57 | 308 | 53 | 232 | 65 | 301 | 54 | 354 | 65 | 1 806 | 380 | 2,8 | 1,8 | 4,6 | 2,0 |
| XII. Suicidium . . . . . . . . . . . | 36 | 125 | 17 | 151 | 30 | 165 | 24 | 189 | 33 | 216 | 51 | 250 | 46 | 1 096 | 201 | 1,7 | 1,0 | 2,8 | 1,0 |
| XIII. Alii morbi . . . . . . . . . . | 37 | 797 | 324 | 787 | 275 | 724 | 333 | 869 | 326 | 858 | 298 | 937 | 346 | 4 972 | 1 902 | 7,6 | 9,2 | 12,7 | 9,9 |
| XIV. Diagnosis insufficiens . . . . . | 38 | 341 | 27 | 305 | 40 | 305 | 33 | 330 | 29 | 288 | 33 | 377 | 39 | 1 946 | 201 | 3,0 | 1,0 | 5,0 | 1,0 |
| **Summa** . . . . . . . . | 1—38 | 10 392 | 3 722 | 11 165 | 3 457 | 10 251 | 3 303 | 10 763 | 3 410 | 10 724 | 3 252 | 10 981 | 3 530 | 64 276 | 20 674 | 100,0 | 100,0 | 164,5 | 107,2 |

* באַשטאַנד פון די גרופּעס: I. 1. בויך־טיפוס; 2. פלעק־טיפוס; 4. פּאָקן; 5. מאָזלען; 6. שאַרלאַך; 7. קאָקליוש; 8. דיפטעריט; 9. גריפּ; 10. אַזיאַטישע כאָלערע; 12. דיזענטעריע; קאָפּ־גריפּ; רויז; מענינגיט; 13. לונגען־טובערקולאָז; 14. טובערקולאָז פון מוח און זײַנע הײַטלאַך; 15. טובערקולאָז פון אַנדערע אָרגאַנען; II. 16. קרעבס און אַנדערע שווערע געשווילעכצן; III. 17. פאַרצינדונג פון מוח און זײַנע הײַטלאַך; 18. אַפּאָפּלעקציע; IV. 19. האַרץ־קראַנקהײַטן; V. 20-21. כראָנישער און אַקוטער בראָנכיט; 22. לונגען־פאַרצינדונג; 23. אַנדערע קראַנקהײַטן פון די אָטעמונג־אָרגאַנען; VI. 24-25. קראַנקהײַטן פון מאָגן און געדערים; 26. אַפּענדיציט; 27. בראָך; 28. קראַנקהײַטן פון לעבער און גאַלנזאַק; VII. 29. קראַנקהײַטן פון די נירן און פון די אַנדערע אורין־אָרגאַנען; 30. קראַנקהײַטן פון די געשלעכט־אָרגאַנען באַ פרויען; VIII. 31. קימפּעט־היץ; 32. אַנדערע קראַנקהײַטן פון שוואַנגערשאַפט און קימפּעט; IX. 33. געבוירענע שוואַכקייט און אַנטוויקלונגס־פעלער; X. 34. זקנות; XI. 35. אומגליקפאַל און מאָרד; XII. 36. זעלבסטמאָרד; XIII. 37. קראַנקהײַטן פון בלוט; סיפיליס; טעטאַנוס; בלוט־פאַרגיפטונג; אַנדערע קראַנקהײַטן; XIV. 38. סיבה פון טויט אומבאַקאַנט; ניט גענויער דיאַגנאָז.

פון דער דאָזיגער פאַרטיילונג פון די געשטאָרבענע צווישן זיך לאָזט זיך נאָך ניט זאָגן, חער פון די ביידע באַפעלקערונג־גרופּעס שטאַרבט מער פון דער אָדער יענער קראַנקהייט, ווייל אַפילו בא אַ גלייכן ווידערשטאַנד געגן אַ באַשטימט חולאת מוז דער אָנטייל פון חולאת אין דער אַלגעמיינער סומע געשטאָרבענע אויספאַלן פאַרשיידן, ווי באַלד די חאָג פון יענע עלטער־ און געשלעכט־גרופּעס, וואָס ליידן אַם מייסטן פונם חולאַת, איז בא די פאַרגליכענע באַפעלקערונגען אַ פאַרשיידענע. דער דאָזיגער פאַרגלייך איז אָבער ניט אַזוי איבעריג, ווי איינינגע ווילן דאָס האָבן, — ער גיט אונז אַ בילד פון די טויט־סיבות אין דער אידישער שטאַרבליכקייט פאַר זיך אַליין און פירט אונז גלייך אַריין אין איר כאַראַקטעריסטיק און אירע באַזונדערקייטן.

פאַרגלייכבאַרע קאָעפיציענטן באַקומט מען ערשט, ווען מען באַרעכנט די אַבסאָלוטע צאָל געשטאָרבענע פון דער אָדער יענער קראַנקהייט־גרופּע לגבי דער אַלגעמיינער צאָל נפשות אין יעדער פון די צוויי באַפעלקערונג־טיילן צו די אָנגעגעבענע צייטפּונקטן. די רעזולטאַטן, וועלכע מיר באַקומען אויף אָט דעם אופן, גיבן אַ בילד וועגן דער אינטענסיווקייט פון יעדער קראַנקהייטס־גרופּע בא דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג.

די נאָרוואָס געשילדערטע פאַרהעלטנישן פאַר וואַרשע ענדערן זיך איצט גאַנץ ממשותדיג.

דער קאָלאָסאַלער אונטערשיד אין דער שטאַרבליכקייט פון אָרגאַנישע האַרץ־פעלערן פאַרשווינדעט: אויף 10.000 פון דער אידישער באַפעלקערונג שטאַרבן פון די דאָזיגע קראַנקהייטן 15,5 נפשות, אויף 10.000 ניט־אידישע איינוואוינער — 15,9 נפשות. עס פאַרשווינדעט דער אונטערשיד אויך אין דער גרופּע קראַנקהייטן פון עטעמונג־אָרגאַנען, וואָס גיט דעם רעלאַטיוו־גרעסטן פּראָצענט צווישן די געשטאָרבענע בא אידן: אויף יעדע 10.000 אידן שטאַרבן פון קראַנקהייטן פון עטעמונג־אָרגאַנען 24,1; אויף דערזעלבער צאָל ניט־אידישע נפשות — בלויז 25,6. זקנות רייסט אַרויס פון יעדע 10.000 אידישע נפשות ניט מער ווי 4,7 און פון יעדע 10,000 ניט־אידישע — 5,2.

עטוואָס מער ווי ניט־אידן שטאַרבט די אידישע באַפעלקערונג פון קראַנקהייטן פון די אורין־ און געשלעכט־ (ניט ווענערישע) אָרגאַנען — 5,1 געגן 4,0; אָבער בא אַלע איבעריגע קראַנקהייט־גרופּעס געפינען מיר אויף דער אידישער זייט תמיד קלענערע קאָעפיציענטן איידער אויף דער ניט־אידישער. גאַנץ באַזונדערס אינטערעסאַנט איז, וואָס אויך בא דער שטאַרבליכקייט פון קרעבס און אַנדערע שווערע געשווילעכצן שטייט די אידישע באַפעלקערונג פון וואַרשע מיט אַ נידעריגערן קאָעפיציענט (7,2) איידער די ניט־אידישע (8,5); דאָס זעלבע בא די קראַנקהייטן פון דער נערוון־סיסטעם, וואו די אידישע שטאַרבליכקייט דרוקט זיך אויס מיט 4,8 אויף 10.000 בא אַ ניט קיין סך העכערן קאָעפיציענט פון 6,2 — בא די קריסטן.

אַ באַזונדערער אונטערשיד צווישן אידן און ניט־אידן וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן נאָר בא דריי פון די וויכטיגע גרופּעס: 1) בא קראַנקהייטן פון עפּידעמישן און ענדעמישן כאַראַקטער, וואו עס ווערן שוין אַריינגערעכנט אויך די פאַרשיידענע פאָרמען פון טובערקולאָז, — דאָ באַטרעפט די שטאַרבליכקייט בא אידן 19,5 אויף 10.000 איינוואוינער און בא ניט־אידן — 47,0; 2) בא קראַנקהייטן פון די פאַרדייאונג־אָרגאַנען — אויך מיט אַ מער ווי צוויי מאָל העכערן קאָעפיציענט בא די ניט־אידן — 18,0 געגן 8,3 און 3) בא געבוירענער שוואַכקייט, אויסשליסליך אַ קראַנקהייט בא ניי־געבוירענע, — מיט 7,5 אויף יעדע 10.000 ניט־אידן און בלויז 3,4 אויף יעדע 10,000 אידישע איינוואוינער.

טאב. — II — Tab.

## די טויט־סיבות בא דער אידישער און ניט־אידישער באפעלקערונג פון דער שטאט ווארשע

(ברייטע נאמענקלאטור)

## Todesursachen bei der jüdischen und nichtjüdischen Bevölkerung in Warschau

(Ausführliche Bertillon'sche Nomenklatur)

| טויט־סיבות Todesursachen | 1921 | | 1922 | | 1923 | | 1924 | | 1925 | | 1921—25 | | אויף יעדע 10.000 Per 10.000 | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen |
| II. אלגעמיינע ניט אנשטעקנדיגע קראנק. Allgemeine nicht infektiöse Krankheiten | 297 | 566 | 275 | 642 | 294 | 632 | 289 | 722 | 312 | 801 | 1 467 | 3 363 | 9,1 | 10,5 |
| III. קראנקהייטן פון נערוון־און חושים · Kr. d. Nervensystems u. d. Sinnesorgane | 282 | 713 | 261 | 680 | 278 | 639 | 256 | 732 | 256 | 703 | 1 333 | 3 467 | 8,3 | 10,8 |
| IV. קראנק. פון די צירקולאציע־אָרגאנען Krankheiten der Kreislauforgane | 445 | 1 071 | 502 | 1 136 | 466 | 1 095 | 569 | 1 205 | 566 | 1 133 | 2 548 | 5 640 | 15,8 | 17,6 |
| VI. קראנקהייטן פון די פארדיי־אָרגאנען Krankheiten der Verdauungsorgane | 354 | 1 103 | 298 | 1 399 | 350 | 1 292 | 295 | 1 297 | 281 | 1 394 | 1 578 | 6 485 | 9,8 | 20,2 |
| VII. קראנק. פון אורין־און געשלעכט־ארג. Krankh. der Geschlechts- u. Harnorgane und ihrer Adnexen | 232 | 359 | 242 | 329 | 191 | 304 | 164 | 264 | 122 | 274 | 951 | 1 530 | 5,9 | 4,8 |
| IX. קראנקהייטן פון־הויט און אונטערהויט Krankh. der Haut u. des Zellengewebes | 19 | 36 | 16 | 51 | 21 | 50 | 23 | 64 | 32 | 70 | 111 | 271 | 0,8 | 0,7 |
| X. קראנק. פון די ביינער און באוו.־ארג. Krankh. d. Knochen u. Bewegungsorgane | 11 | 29 | 7 | 19 | 4 | 22 | 10 | 22 | 3 | 24 | 35 | 116 | 0,2 | 0,4 |

דער נומער 37 פון טאַבעלע I נעמט אַריין, לויט דער שמאָלער נאָמענקלאַטור, אַ רייע קראַנקהייטן, וואָס זיינען אַרויסגעפאַלן פון די גרויסע קראַנקהייט־גרופּעס נאָך דעם, ווי מען האָט געלאָזט אין זיי נאָר די וויכטיגסטע טויט־סיבות. אין דערווירקליכקייט מוז דעריבער די שטאַרבליכקייט אויף איינגע פון די הויפּט־גרופּעס קראַנקהייטן זיין העכער איידער אין טאַבעלע I. כדי צו באַקומען די נויטיגע קאָעפיציענטן, פירן מיר איבער דעם מאַטעריאַל פאַר די יאָרן 1921—25 אויף דער ברייטער אינטערנאַציאָנאַלער נאָמענקלאַטור פאַר די גרופּעס, וועלכע זיינען אין דער שמאָלער נאָמענקלאַטור פאָרגעשטעלט בלויז מיט די הויפּט־צאָלן (טאַב. II).

די טאַבעלע II באַשטעטיגט אין אַ פולער מאָס די רעזולטאַטן פון טאַבעלע I. נעמט מען אַפילו אַלע קראַנקהייטן פון נערוון־סיסטעם און אַלע פסיכישע קראַנקהייטן, ניט נאָר ווי פריער די אַנטצינדונג פון מוח און זיינע הייטלאַך (Meningitis encephalitis) און אַפּאָפּלעקציע (Apoplexia cerebri), באַקומט זיך אויך דעמאָלט באַ אידן אַ נידעריגערע שטאַרבליכקייט פון 8,3 אויף יעדע 10.000 נפשות — געגן 10,8 באַ קריסטן. די קראַנקהייטן פון בלוט־צירקולאַציע (אַריינגערעכנט אויך אַרטעריאָסקלעראָז) גיבן אויך דאָ אויף דער אידישער זייט עטוואָס אַ קלענערן קאָעפיציענט איידער באַ ניט־אידן; הויט־קראַנקהייטן, ווי אויך קראַנקהייטן פון די ביינער און באַוועגונג־אָרגאַנען גיבן באַ ביידע באַפעלקערונג־טיילן כמעט די גלייכע און אומבאַדייטנדיגע שטאַרבליכקייט; די גרופּע II, וואו עס גייען שוין איצט אַריין חוץ קרעבס און אַנדערע שווערע געשווילעכצן אַזעלכע קראַנקהייטן, ווי דיאַבעט, ראַכיט, כראָנישער און אַקוטער רעוומאַטיזם א.א.וו., בלייבט באַ דער אידישער באַפעלקערונג אַלץ נאָך קלענער איידער באַ דער קריסטליכער; און ווידעראַמאָל זעהען מיר אַ שאַרפן אונטערשיד צווישן אידן און קריסטן באַ דער שטאַרבליכקייט פון קראַנקהייטן פון די פאַרדייאונג־אָרגאַנען — 9,8 אויף 10,000 באַ אידן און 20,2 באַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג.

דאָס בילד פון דער שטאַרבליכקייט אין לאָדז, וואָס ווערט געגעבן אין טאַבעלע III, איז אין אַ סך פּרטים ענליך צו דעם, וואָס מיר האָבן נאָרוואָס געזעהען אין וואַרשע. באַ דער אידישער באַפעלקערונג שטייען אויך דאָ אין ערשטער שורה—און כמעט אין זעלבן סדר — די עפּידעמישע און ענדעמישע קראַנקהייטען, קראַנקהייטן פון די עטעמונג־אָרגאַנען און קראַנקהייטן פון בלוט־צירקולאַציע און גיבן, ווי אין וואַרשע, 55 פּראָצענט פון אַלע (7403) אידישע מתים; ווידעראַמאָל גייען גלייך נאָך זיי די קראַנקהייטן פון די פאַרדייאונג־אָרגאַנען און קרעבס מיט אַנדערע שווערע געשווילעכצן און גיבן פונקט דעם זעלבן (15) פּראָצענט מתים ווי אין וואַרשע (8,2 באַ די קראַנקהייטן פון די פאַרדייאונג־אָרגאַנען און 6,3 באַ קרעבס און אַנדערע שווערע געשווילעכצן).

Tab. — III — טאַב.

## די טויט־סיבות בא דער אידישער און ניט־אידישער באפעלקערונג פון דער שטאט לאדז
## —1923/26—
## Todesursachen bei der jüdischen und nichtjüdischen Bevölkerung in Lodz

| Causae mortis * | 1923 | | 1924 | | 1925 | | 1926 | | 1923—26 | | פון יעדע 100 מתים באַ: von 100 Gestorbenen bei den: | | אויף 10 טויזנט נפשות באַ: Auf je 10.000 Seelen bei den | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden |
| I. Morbi infectiosi et parasitici | 1 936 | 425 | 1 864 | 410 | 1 651 | 363 | 1 755 | 429 | 7 306 | 1 629 | 29,4 | 22,0 | 51,8 | 22,8 |
| II. Neoplasmata et tumores . . . | 283 | 115 | 218 | 108 | 293 | 115 | 303 | 129 | 1 097 | 467 | 4,4 | 6,3 | 7,8 | 6,5 |
| III. Morbi system. nervosi. . . . | 253 | 107 | 214 | 100 | 192 | 104 | 220 | 120 | 879 | 431 | 3,5 | 5,8 | 6,2 | 6,0 |
| IV. Morbi organ. circulationis . . | 429 | 228 | 459 | 241 | 465 | 223 | 489 | 257 | 1 842 | 949 | 7,4 | 12,8 | 13,1 | 13,3 |
| V. Morbi organ. respirationis . . | 1 218 | 403 | 1 198 | 370 | 1 064 | 341 | 1 050 | 368 | 4 530 | 1 482 | 18,3 | 20,0 | 32,1 | 20,7 |
| VI. Mbi stomachi et intestinorum | 702 | 172 | 630 | 145 | 542 | 142 | 635 | 149 | 2 509 | 608 | 10,1 | 8,2 | 17,8 | 8,5 |
| VII. Morbi system. uropoëtici . . | 132 | 58 | 124 | 59 | 91 | 68 | 76 | 57 | 423 | 242 | 1,7 | 3,3 | 3,0 | 3,4 |
| VIII. Mbi graviditatis et puerperii | 59 | 14 | 57 | 7 | 58 | 9 | 76 | 13 | 250 | 43 | 1,0 | 0,6 | 1,8 | 0,6 |
| IX. Debilitas congenita . . . . . | 642 | 110 | 596 | 107 | 660 | 119 | 445 | 92 | 2 343 | 428 | 9,4 | 5,8 | 16,6 | 6,0 |
| X. Marasmus senilis . . . . . . . | 223 | 86 | 298 | 117 | 211 | 91 | 269 | 76 | 1 011 | 370 | 4,1 | 5,0 | 7,2 | 5,2 |
| XI. Homicidium . . . . . . . . . . | 118 | 20 | 108 | 14 | 90 | 14 | 88 | 22 | 404 | 70 | 1,6 | 1,0 | 2,9 | 1,0 |
| XII. Suicidium . . . . . . . . . . . | 40 | 10 | 39 | 9 | 74 | 13 | 67 | 9 | 220 | 41 | 0,9 | 0,6 | 1,6 | 0.6 |
| XIII. Alii morbi . . . . . . . . . . . | 346 | 104 | 437 | 153 | 302 | 137 | 393 | 157 | 1 478 | 551 | 6,0 | 7,4 | 10,5 | 8,0 |
| XIV. Diagnosis insufficiens . . . . | 137 | 17 | 121 | 35 | 137 | 20 | 145 | 20 | 540 | 92 | 2,2 | 1,2 | 3,8 | 1,3 |
| **Summa** . . . . . . . | **6 628** | **1 871** | **6 363** | **1 875** | **5 830** | **1 759** | **6 011** | **1 898** | **24 832** | **7 403** | **100,0** | **100,0** | **176,2** | **103,9** |

* Zusammensetzung der Krankheits-Gruppen: I. 1. Typhus abdominalis; 2. Typhus exanthematicus; 4. Pocken; 5. Masern; 6. Scharlach; 7. Keuchhusten; 8. Diphterie; 9. Grippe; 10. Asiatische Cholera; 12. Dysenterie; Kopfgrippe; Rotlauf; Epidemische Genickstarre; 13. Lungentuberkulose; 14. TBC des Gehirns und seiner Häute; 15. TBC sonstiger Organe; II. 16. Krebs und sonstige bösartige Neubildungen; III. 17. Entzündung des Gehirns und seiner Häute; 18. Gehirnblutung, Gehirnschlag; IV. 19. Herzkrankheiten; V. 20—21. Chronischer und akuter Bronchialkatarrh; 22. Lungenentzündung; 23. Sonstige Krankheiten der Atmungsorgane; VI. 24—25. Magen- u. Darmkrankheiten; 26. Blinddarmentzündung; 27. Hernie; 28. Leberschrumpfung und Gallensteine; VII. 29. Krankheiten der Nieren u. sonst. Harn-u. Geschlechts-Organe; 30. Krankh. der weibl. Geschlechtsorgane; VIII. 31. Wochenbettfieber; 32. Sonst. Krankh. in der Schwangerschaft u. im Wochenbette; IX. 33. Eingeborene Schwäche u. Entwicklungskrankheiten; X. 34. Altersschwäche; XI. 35. Mord und Plötzlicher Tod; XII. 36. Selbstmord; XIII. 37. Krankheiten des Blutes; Syphilis; Starrkrampf; Blutvergiftung; Sonstige Krankheiten; XIV. Unbekannte und schlecht bezeichnete Todesursachen.

באַ די קריסטן שטייען איינגעשטעלט אין דער אייגענער רייע ווי אין וואַרשע, — די אָנשטעקנדיגע קראַנקהייטן און די קראַנקהייטן פון די עטעמונג־ און פאַרדייאונג־אָרגאַנען. זיי פאַרנעמען דאָ כמעט דעם זעלבן אָרט ווי באַ דער אידישער באַפעלקערונג אין לאָדז און ווי באַ דער אידישער און קריסטליכער באַפעלקערונג אין וואַרשע. צוזאַמען קומען אויס אויף די דאָזיגע קראַנקהייטס־גרופּעס 57,7 פון יעדע הונדערט געשטאָרבענע.

אויך אין לאָדז טרעט אַרויס באַ די מתים דער גרויסער אונטערשיד אין פּראָצענט געשטאָרבענע פון קראַנקהייטן פון בלוט־צירקולאַציע, וועלכער פאַרשווינדט אָבער, ווען מען באַרעכנט די דאָזיגע טויט־פאַלן לגבי דער גאַנצער באַפעלקערונג: אויף יעדע 10.000 פון דער אידישער באַפעלקערונג שטאַרבן אין לאָדז פון קראַנקהייטן פון בלוט־צירקולאַציע 13,3, אויף יעדע 10,000 ניט־אידישע איינוואוינער — 13,1 (אין וואַרשע האָבן זיך די אַנטשפּרעכנדיגע קאָעפיציענטן אויסגעדריקט מיט 15,5 און 15,9).

די פאַרהעלטניש צווישן דעם אידישן און ניט־אידישן קאָעפיציענט באַ דער הויפּט־גרופּע—טובערקולאָז און עפּידעמישע קראַנקהייטן — בלייבט אויך אין לאָדז כמעט דער זעלבער, ווי אין וואַרשע, און זייער גרויס דריקט זיך אויס כמעט מיט די זעלבע ציפערן — 22,8 באַ אידן און 51,8 באַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג. פּונקט ווי דאָרט שטעלט זיך דאָ אַרויס אַ אַ באַזונדערס שאַרפער אונטערשיד צווישן דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג בנוגע דער שטאַרבליכקייט פון קראַנקהייטן פון די פאַרדייאונג־אָרגאַנען, ווי אויך פון געבוירענער שוואַכקייט. די שטאַרבליכקייט באַ אידן פון די דאָזיגע צוויי גרופּעס קראַנקהייטן איז אויך אין לאָדז — צוויי ביז דריטהאַלבן מאָל קלענער איידער באַ די קריסטן. פון קראַנקהייטן פון די פאַרדייאונג־אָרגאַנען שטאַרבן באַ אידן אין לאָדז 8,5 אויף 10,000 (אין וואַרשע 18,3!), באַ ניט־אידן — 17,8 (אין וואַרשע 18,0!). די קאָעפיציענטן פון דער שטאַרבליכקייט פון געבוירענער שוואַכקייט זיינען דאָ באַ אידן צוויי און אַפילו העכער צוויי מאָל שטאַרקער, ווי אין וואַרשע.

באַ קרעבס און שווערע געשווילעכצן, באַ קראַנקהייטן פון נערוון־סיסטעם, באַ טויט־סיבות פון אורין־ און געשלעכט־(ניט ווענערישע) קראַנקהייטן, באַ מאַראַזמוס סעניליס, קראַנקהייטן אין שוואַנגער־ און קימפּעט־צייט, ווי אויך באַ טויט פון אומגליקפאַל און מאָרד אָדער פון זעלבסטמאָרד, איז די אידישע שטאַרבליכקייט תמיד — וואו שטאַרקער און וואו שוואַכער, אָבער אומעטום אין איין און דערזעלבער ריכטונג, ווי אין וואַרשע, — קלענער פון דער ניט־אידישער.

אַ ראַדיקאַלן אונטערשיד צווישן וואַרשע און לאָדז זעהען מיר נאָר איין איינציג מאָל — באַ דער שטאַרבליכקייט פון קראַנקהייטן פון די עטעמונג־אָרגאַנען. דער קאָעפיציענט באַ די אידן אין לאָדז, כמעט גלייך מיט דעם זעלבן קאָעפיציענט אין וואַרשע (20,7 און 24,1), איז אין לאָדז בערך אויף אַ דריטל קלענער פון דער אַנטשפּרעכנדיגער ציפער באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג.

Tab. — IV — טאַב.

## די טויט־סיבות בא דער אידישער און ניט־אידישער באפעלקערונג פון דער שטאט לעמבערג

−1912 22−

### Todesursachen bei der jüdischen und nichtjüdischen Bevölkerung in Lemberg

| Causae mortis * | נומער פון זייער קורצער אינטערנאַציאָנאַלער נאָמענקלאַטור / NN der abgekürzten Bertillon'schen Nomenklatur | 1912—13 | | 1921—22 | | פון יעדע הונדערט מתים באַ: −1921 22− / von je 100 Gestorbenen bei den | | אויף יעדע צען טויזנט נפשות: / Auf je 10.000 Seelen 1912—13 | | 1921—22 | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden |
| I. Morbi infectiosi et parasitici . . . . | 1—15 | 2 126 | 395 | 1 880 | 406 | 30.9 | 18,8 | 71,5 | 34,4 | 65,9 | 26,4 |
| II. Neoplasmata et tumores . . . . . | 16 | 383 | 116 | 402 | 203 | 6,6 | 9,4 | 12,9 | 10,1 | 14,1 | 13,2 |
| III. Morbi system. nervosi . . . . . . | 17—18 | 174 | 84 | 207 | 90 | 3,4 | 4,2 | 5,9 | 7,3 | 7,2 | 5,9 |
| IV. Morbi organ. circulationis . . . . . | 19 | 639 | 230 | 618 | 338 | 10,2 | 15,6 | 21,5 | 20,1 | 21,7 | 22,0 |
| V. Morbi organ. respirationis . . . . . | 20—23 | 1 054 | 272 | 880 | 307 | 14,5 | 14,2 | 35,5 | 23,7 | 30,9 | 20,0 |
| VI. Morbi stomachi et intestinorum . . | 24—28 | 491 | 113 | 306 | 116 | 5,0 | 5,4 | 16,5 | 9,9 | 10,7 | 7,5 |
| VII. Morbi system. uropëotici . . . . . . | 29—30 | 145 | 54 | 159 | 56 | 2,6 | 2,6 | 4,8 | 4,7 | 5,6 | 3,6 |
| VIII. Morbi graviditatis et puerperii . . . | 31—32 | 37 | 10 | 3 | 7 | 0,1 | 0,3 | 1,2 | 0,8 | 0,1 | 0,5 |
| IX. Debilitas congenita . . . . . . . . | 33 | 324 | 62 | 212 | 105 | 3,5 | 4,9 | 10,9 | 5,4 | 7,4 | 6,8 |
| X. Marasmus senilis . . . . . . . . . | 34 | 575 | 256 | 377 | 186 | 6,2 | 8,5 | 19,3 | 22,3 | 13,3 | 12,1 |
| XI. Homicidium . . . . . . . . . . | 35 | 169 | 28 | 170 | 36 | 2,8 | 1,7 | 5,7 | 2,4 | 6,0 | 2,3 |
| XII. Suicidium . . . . . . . . . . . | 36 | 167 | 24 | 71 | 28 | 1,2 | 1,3 | 5,6 | 2,1 | 2,5 | 1,9 |
| XIII. Alii morbi . . . . . . . . . . . | 37 | 823 | 271 | 777 | 278 | 12,8 | 12,9 | 27,6 | 23,6 | 27,3 | 18,0 |
| XIV. Diagnosis insufficiens . . . . . . . | 38 | 9 | — | 12 | 4 | 0,2 | 0,2 | 0,3 | — | 0,4 | 0,3 |
| **Summa** . . . . . . . . . . | 1—38 | 7 116 | 1 915 | 6 074 | 2 160 | 100,0 | 100,0 | 239.2 | 166.8 | 213.1 | 140.5 |

* זעה באַמערקונג צו טאַב. I — Anmerkung zu Tab. III *

אין וואַרשע זיינען ביידע טיילן באַפעלקערונג אין דעם פרט פון שטאַרבליכקייט אויף קראַנקהייטן פון די עטעמונגס־אָרגאַנען געווען כמעט פולשטענדיג גלייך. מיר זעהען, אַז וואַרשע ווייזט דאָ אַרויס אַ געוויסן אויסנאַם פון אַלגעמיינעם כלל,—די זעלבע ערשיינונג, ווי אין לאָדז, וועלן מיר באַגעגענען אויך באַ דער באַטראַכטונג פון די שטאַרבליכקייט־קאָעפיציענטן באַ אידן און ניט־אידן אין קראָקע, בודאַפעשט, לעמבערג און אין אַלע אַנדערע שטעט.

לעמבערג, די דריטע גרויסע אידישע קהלה פון פוילן מיט אַ אויסשליסליך מזרח־אייראָפּייאישן כאַראַקטער, חזרט איבער אין דער מערהייט פונקטן דאָס בילד פון לאָדז און וואַרשע (טאַבעלע IV).

וואָס ס'איז אונטערגעשטריכן געוואָרן בנוגע די הויפּט־גרופּעס קראַנקהייטן פאַר וואַרשע און לאָדז, בלייבט כמעט אין דער פולער מאָס גילטיג אויך פאַר לעמבערג (2160 גע־שטאָרבענע). די שטאַרבליכקייט פון אָרגאַנישע האַרץ־פעלערן צייכנט זיך אויס באַ אידן מיט דער זעלבער אינטענסיווקייט ווי באַ ניט־אידן (22,0 און 21,7 אויף 10.000); דער שטאַרבליכקייט־קאָעפיציענט אין גרופּע I „אָנשטעקנדיגע קראַנקהייטן" איז אויף דער ניט־אידישער זייט ווידעראַמאָל דריטהאַלבן מאָל העכער איידער אויף דער אידישער (26,4 באַ דער לעצ־טער און 65,9 באַ ניט־אידן); צום דריטן מאָל זעהען מיר דאָ באַשטעטיגט די פיל קלענערע שטאַרבליכקייט באַ אידן פון קראַנקהייטן פון די פאַרדייאונג־אָרגאַנען — 7,5 אויף 10.000 געגן 10,7 באַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג, — די קלע־נערע שטאַרבליכקייט פון קרעבס און אַנדערע שווערע געשווילעכצן, פון קראַנקהייטן פון נערוון־סיסטעם, ווי אויך פון דעבילִיטאַס, מאַראַזמוז סעניליס, און — כמעט אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ, ווי אין די פריערדיגע שטעט—, אַ קלענערע שטאַרבליכקייט פון אומגליקפאַל, מאָרד און זעלבסטמאָרד. ווי גע־זאָגט, דער מהלך צווישן דער שטאַרבליכקייט פון קראַנקהייטן פון די עטעמונג־אָרגאַנען באַ אידן און ניט־אידן ווערט דאָ פיל ווייטער ווי אין וואַרשע. די פאַרהעלטניש צווישן די אַנט־שפּרעכנדיגע קאָעפיציענטן שטעלט זיך אויך דאָ, ווי אין לאָדז, אויף 2 צו 3 (20,0 געשטאָרבענע אויף 100.000 באַ דער אידישער באַפעלקערונג און 30,9 געשטאָרבענע באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג.)

אַ פאַרגלייך פון די טויט־סיבות באַ דער לעמבערגער באַ־פעלקערונג אין 1921—22 מיט די דאַטן פאַר דער זעלבער שטאָט פון די יאָרן 1912—13 שטרייכט נאָך מער אונטער די טיפּישקייט פון דעם נאָרוואָס געבראַכטן בילד און ממילא אויך די ריכטיגקייט פון דעם, וואָס מיר האָבן געהאַט געזאָגט וועגן די פאַרהעלטענישן אין די צוויי גרויסע פויליש־אידישע צענט־רען — וואַרשע און לאָדז.

די פאַרמלחמהדיגע דאַטן זיינען באַ אונז געגעבן לויט דער זעלבער סכעמע, ווי פאַר די יאָרן נאָך דער וועלט־מלחמה, און דאָס לאָזט צו דעם פאַרגלייך אין אַ פולער מאָס. ער ווייזט, אַז די פאַרהעלטענישן פאַר דער וועלט־מלחמה זיינען געווען — מיט אַ פּאָר אויסנאַמען — די זעלבע ווי אין די יאָרן 1921—22.

Tab. — V — טאַב.

## די טויט־סיבות בא דער אידישער און ניט־אידישער באפעלקערונג פוי שטאט קראקע
### — 1922/24 —
### Todesursachen bei der jüdischen und nichtjüdischen Bevölkerung in Krakau

| Causae mortis * | נומערן פון שמאָלער אינטער־נאַציאָנאַלער נאָמענקלאַטור NN der abgekürzten Bertillon'schen Nomenklatur | 1922 | | 1923 | | 1924 | | 1922—24 | | פון יעדע הונדערט מתים באַ: von je 100 Gestorbenen bei den: | | אויף יעדע צען טויזנט נפשות באַ: Auf je 10.000 Seelen bei den: | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden |
| I. Morbi infectiosi et parasitici | 1—15 | 666 | 105 | 662 | 79 | 744 | 87 | 2 072 | 271 | 29,9 | 18,3 | 49,3 | 19,6 |
| II. Neoplasmata et tumores . . . | 16 | 142 | 36 | 160 | 31 | 174 | 44 | 476 | 111 | 6,9 | 7,5 | 11,3 | 8,0 |
| III. Morbi system. nervosi . . . . | 17—18 | 76 | 29 | 73 | 32 | 60 | 53 | 209 | 114 | 3,0 | 7,7 | 5,0 | 8,3 |
| IV. Morbi organ. circulationis . . | 19 | 238 | 88 | 280 | 102 | 321 | 85 | 839 | 275 | 12,1 | 18,5 | 20,0 | 19,9 |
| V. Morbi organ. respirationis . . | 20—23 | 361 | 80 | 405 | 69 | 395 | 64 | 1 161 | 213 | 16,7 | 14,3 | 27,6 | 15,4 |
| VI. Mbi stomachi et intestinorum | 24—28 | 174 | 31 | 198 | 34 | 168 | 39 | 540 | 104 | 7,8 | 7,0 | 12,9 | 7,5 |
| VII. Morbi system. uropoëtici . . | 29—30 | 46 | 5 | 36 | 11 | 42 | 8 | 124 | 24 | 1,8 | 1,6 | 3,0 | 1,7 |
| VIII. Mbi graviditatis et puerperii | 31—32 | 15 | 1 | 15 | 2 | 22 | 3 | 52 | 6 | 0,7 | 0,4 | 1,2 | 0,4 |
| IX. Debilitas congenita . . . . . | 33 | 128 | 22 | 106 | 20 | 104 | 29 | 338 | 71 | 4,9 | 4,8 | 8,0 | 5,1 |
| X. Marasmus senilis . , , . . . . | 34 | 175 | 53 | 151 | 40 | 194 | 46 | 520 | 139 | 7,5 | 9,4 | 12,4 | 10,1 |
| XI. Homicidium . . . . . . . . . . | 35 | 56 | 14 | 86 | 8 | 72 | 9 | 214 | 31 | 3,1 | 2,1 | 5,1 | 2,2 |
| XII. Suicidium . . . . . . . . . . . | 36 | 24 | 4 | 38 | 6 | 48 | 14 | 110 | 24 | 1,6 | 1,6 | 2,6 | 1,8 |
| XIII. Alii morbi . . . . . . . . . . . | 37 | 94 | 31 | 98 | 39 | 74 | 29 | 266 | 99 | 3,8 | 6,7 | 6,3 | 7,2 |
| XIV. Diagnosis insufficiens . . . . | 38 | 2 | — | 2 | 1 | 8 | — | 12 | 1 | 0,2 | 0,1 | 0,3 | 0,1 |
| **Summa** . . . . . . | **1—38** | **2 197** | **499** | **2 310** | **474** | **2 426** | **510** | **6 933** | **1 483** | **100,0** | **100,0** | **165,0** | **107,3** |

* זעה באמערקונג צו טאַב. I. — s. Anmerkung zu Tab. III

אַזוי זעהען מיר בײַ דער גרופּע „אָנשטעקנדיגע קראַנקהייטן" אַ שטאַרבליכקייט פון בלויז 34,4 אויף 10000 נפשות אויף דער אידישער זייט און פון 71,5, אַלזאָ מער ווי צוויי מאָל אַ העכערע שטאַרבליכקייט אויף דער זייט פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג; פון קראַנקהייטן פון די פאַרדייאונג־אָרגאַנען זיי־נען בײַ אידן געשטאָרבן 9,9 אויף 10.000, בשעת פון יעדע 10,000 ניט־אידישע איינוואוינער זיינען פון די זעלבע קראַנק־הייטן געשטאָרבן 16,5; כמעט גלייכע קאָעפיציענטן זעהען מיר, ווען מיר נעמען די קראַנקהייטן פון די צירקולאַציע־אָרגאַנען; און בײַ די גרופּעס „זעלבסטמאָרד" און „אומגליקספאַל און מאָרד" קאָנסטאַטירן מיר דעם זעלבן שאַרפן חילוק, ווי אין די יאָרן 1921—22.

עס האָט זיך געענדערט בלויז די גרויס פון די קאָעפיציענטן, די פאַרהעלטניש אָבער צווישן זיך, צווישן די אידישע און ניט־אידישע איז פאַרבליבן די זעלבע.

ווען מיר גייען איבער פון די מזרח־אייראָפּייאישע שטעט אין דער ריכטונג צו מערב, טרעפן מיר זיך שוין דאָרט מיט איינ־גע נייע שטריכן פון דער אידישער שטאַרבליכקייט. אָבער אין דער מערהייט פאַלן וועלן זיך אויך דאָ איבערחזרן — מיט אומ־באַדייטנדיגע וואַריאַנטן — די מאָמענטן, וואָס האָבן אויסגעצייכנט די אידישע שטאַרבליכקייט אין וואַרשע, לאָדז און לעמבערג.

פון די צוויי קהלות מיט אַ מער מערבדיגן געשטאַלט — קראָקע און בודאַפּעשט, — פאַר וועלכע מיר האָבן גענוי באַ־אַרבעט די טויט־סיבות, איז קראָקע לויט דעם כאַראַקטער פון דער שטאַרבליכקייט בײַ דער אידישער באַפעלקערונג די נאָענ־טערע צום מזרח. די שטאַרבליכקייט פון אָרגאַנישע האַרץ־פעלערן איז (טאַבעלע VI) בײַ די אידן די זעלבע ווי אויף דער קריסטליכער זייט און פאַלט צונויף מיט דעם שטאַרבליכקייט־קאָעפיציענט אין דער דאָזיגער גרופּע בײַ די אידן פון לעמ־בערג. מיט אַ מערקווירדיגער קאָנסטאַנץ שטאַרבן אויך דאָ פון דער גרופּע I „אָנשטעקנדיגע קראַנקהייטן" די אידן דריטהאַלבן מאָל ווייניגער ווי די ניט־אידן (19,6 און 49,3 פראָ 10.000); ווי אין לאָדז, לעמבערג און וואַרשע — אַ באַזונדערס שטאַרקער אונטערשיד צווישן דער אידישער און קריסטליכער רובריק בײַ די קראַנקהייטן פון די פאַרדייאונג־אָרגאַנען: ווי אין לאָדז און אין לעמבערג — אָבער נאָר אין אַ שטאַרקערן גראַד — אַ נידעריגערע שטאַרבליכקייט בײַ אידן פון קראַנקהייטן פון די עטעמונג־אָרגאַנען; און גלייך מיט אַלע פריערדיגע שטעט— אַ קלענערער קאָעפיציענט בײַ אידן בײַ קרעבס, דעבּיליטאַס,* סעניום, אומפאַל און מאָרד ווי אויך בײַ זעלבסטמאָרד און בײַ די קראַנקהייטן פון שוואַנגערשאַפט און קימפעט.

נערוון־קראַנקהייטן טרעטן דאָ צום ערשטן מאָל אַרויס מיט אַ גרעסערן קאָעפיציענט אויף דער אידישער זייט (8,3 בײַ אידן און בלויז 5,0 בײַ קריסטן).

אַלס צווייטער אויסנאַם וואַרפט זיך אין די אויגן די קלענערע שטאַרבליכקייט בײַ אידן פון קראַנקהייטן פון די אורין־ און געשלעכט־ (ניט ווענערישע) אָרגאַנען, אַ אויס־נאַם, וואָס מען קאָן באַמערקן אויך בײַ די טויט־סיבות פון די אידן אין לעמבערג.

Tab. — VI — טאַב.

## די טויט־סיבות בא דער אידישער און ניט־אידישער באפעלקערונג פון שטאט בודאפעשט
## —1908/25—
## Todesursachen bei der jüdischen und nichtjüdischen Bevölkerung in Budapest

| Causae mortis * | 1908—09 | | 1924 | | 1925 | | 1924—25 | | פון יעדע הונדערט מתים בא: —1924 25— von je 100 Gestorbenen bei den | | אויף יעדע צען טויזנט נפשות: Auf je 10 000 Seelen: 1908—09 | | 1924—25 | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden |
| I. Morbi infectiosi et parasitici. | 7 555 | 1 193 | 4 640 | 516 | 3 570 | 405 | 8 210 | 921 | 28,8 | 15,8 | 55,8 | 28,3 | 54,9 | 22,1 |
| II. Neoplasmata et tumores ... | 1 977 | 611 | 1 071 | 321 | 1 095 | 356 | 2 166 | 677 | 7,6 | 11,6 | 14,6 | 15,0 | 14,5 | 16,2 |
| III. Morbi system. nervosi..... | 2 659 | 692 | 736 | 190 | 689 | 197 | 1 425 | 387 | 5,0 | 6,6 | 19,6 | 15,3 | 9,5 | 9,3 |
| IV. Morbi organ. circulationis.. | 2 694 | 783 | 1 429 | 361 | 1 224 | 364 | 2 653 | 725 | 9,3 | 12,4 | 19,9 | 19,2 | 17,7 | 17,4 |
| V. Morbi organ, respirationis... | 3 310 | 534 | 1 635 | 273 | 1 214 | 223 | 2 849 | 496 | 10,0 | 8,5 | 24,5 | 13,1 | 19,0 | 11,9 |
| VI. Mbi stomachi et intestinorum | 3 155 | 472 | 1 020 | 105 | 725 | 90 | 1 745 | 195 | 6,1 | 3,3 | 23,3 | 11,3 | 11,7 | 4,7 |
| VII. Morbi system. uropoëtici... | 750 | 242 | 311 | 109 | 306 | 92 | 617 | 201 | 2,2 | 3,4 | 5,6 | 5,9 | 4,1 | 4,8 |
| VIII. Mbi graviditatis et puerperii. | 181 | 21 | 102 | 6 | 127 | 11 | 229 | 17 | 0,8 | 0,3 | 1,3 | 0,5 | 1,5 | 0,4 |
| IX. Debilitas congenita........ | 1 563 | 255 | 715 | 67 | 617 | 48 | 1 332 | 115 | 4,6 | 2,0 | 11,6 | 6,2 | 8,9 | 2,8 |
| X. Marasmus senilis.......... | 761 | 247 | 613 | 195 | 355 | 135 | 968 | 330 | 3,4 | 5,7 | 5,6 | 5,6 | 6,5 | 7,9 |
| XI. Homicidium............... | 842 | 85 | 476 | 44 | 442 | 36 | 918 | 80 | 3,2 | 1,4 | 6,2 | 2,1 | 6,1 | 1,9 |
| XII. Suicidium ............... | 572 | 122 | 365 | 86 | 430 | 99 | 795 | 185 | 2,8 | 3,2 | 4,2 | 3,0 | 5,3 | 4,4 |
| XIII. Alii morbi ............... | 294 | 73 | 2 375 | 770 | 2 125 | 722 | 4 500 | 1 492 | 15,7 | 25,5 | 2,1 | 1,8 | 30,1 | 35,8 |
| XIV. Diagnosis insufficiens ..... | 39 | 5 | 100 | 13 | 47 | 5 | 147 | 18 | 0,5 | 0,3 | 0,3 | 0,1 | 1,0 | 0,4 |
| **Summa** ...... | 26 526 | 5 061 | 15 588 | 3 056 | 12 966 | 2 783 | 28 554 | 5 839 | 100.0 | 100.0 | 194.6 | 127.4 | 190.8 | 140.0 |

* זעה באמערקונג צו טאב. I. — s. Anmerkung zu Tab. III

אין בודאַפּעשט — אַ אידישע געמיינדע פון מערב־אייראָפּייאישן כאַראַקטער, — פאַרשווינדן די דאָזיגע צוויי אויסנאַמען: קראַנקהייטן פון נערוון־סיסטעם נעמען צו אויף ביידע זייטן די זעלבע קרבנות (9,3 אויף 10,000 בײַ אידן און 9,5 בײַ ניט־אידן); ס'ווערט אויך אויפגעשטעלט די גינציגערע לאַגע פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג בנוגע דער שטאַרבליכקייט פון גרופּע VII אורין־ און געשלעכט־ (ניט ווענערישע) קראַנקהייטן. ס'קומען דאָ אָבער אויף אייניגע נייע מאָמענטן — בײַ די קראַנקהייטן פון קרעבס און אַנדערע שווערע געשווילעכצן און בײַ מאַראַזמוס סעניליס. דער אונטערשיד לטובת דער אידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך ביז איצט איבערגעחזרט פון שטאָט צו שטאָט, הערט אין בודאַפּעשט אויף, און די אידישע באַפעלקערונג טרעט שוין אויף בײַ די דאָזיגע קראַנקהייטן מיט העכערע קאָעפיציענטן. אַזוי זיינען אין די יאָרן 25—1924 געשטאָרבן בײַ אידן פון קרעבס און אַנדערע שווערע געשווילעכצן 16,2 אויף יעדע 10000 נפשות, בײַ ניט־אידן נאָר 14,5 אויף יעדע 10000 איינוואוינער; פון מאראזמוס סעניליס — בײַ אידן 7,9, בײַ ניט־אידן — נאָר 6,5 אויף יעדע 10.000 נפשות.

די דאָזיגע שטאָט, וואָס איר אידישע באַפעלקערונג (215.512 נפשות אין 1920־טן יאָר) איז לויט איר סאָציאַלן און אויך לויט איר עלטער־באַשטאַנד גאַנץ אַנדערש איידער די באַהאַנדלטע שטעט פון מזרח־אייראָפּע, קאָן אונז אויפווייזן נאָך אַנדערע אייגנאַרטיגקייטן אין דער אידישער שטאַרבליכקייט, מיט וועלכע מיר האָבן זיך פריער נאָך ניט געטראָפן. מיר זעהען זיי אַרויס, ווען מיר פירן איבער די טויט־סיבות אין בודאַפּעשט פון דער שמאָלער אויף דער ברייטער אינטערנאַציאָנאַלער קראַנקהייט־נאָמענקלאַטור (טאַב. VII).

צו דעם אויסנאַם לטובת דער ניט־אידישער באַפעלקערונג בײַ מאַראַזמוס סעניליס און קרעבס, וואָס איז, ווי באַקאַנט, אַ קראַנקהייט הויפּטזאַכליך פון די העכערע עלטער־גרופּעס, קומט צו אין בודאַפּעשט דער אויסנאַם בנוגע „אַנדערע אַלגעמיינע ניט־אָנשטעקנדיגע קראַנקהייטן", וואו דעם הויפּט־אָרט פאַרנעמט דער ד י אַ ב ע ט: די שטאַרבליכקייט פון די דאָזיגע קראַנקהייטן האָט באַטראָפן בײַ די ניט־אידן בלויז 2,8 אויף 10.000, בשעת די אידן האָבן געהאַט אויפצווייזן אַ שטאַרבליכקייט פון 4,8.

די קראַנקהייטן פון די צירקולאַציע־אָרגאַנען האָבן געגעבן אין אַלע שטעט און אין בודאַפּעשט בתוכם גלייכע שטאַרבליכקייט־קאָעפיציענטן בײַ אידן ווי בײַ ניט־אידן, כל זמן ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָרגאַנישע האַרץ־פעלערן; דער דאָזיגער גלייכגעוויכט הערט אָבער אויף, ווי נאָר ס'קומען צו צו די אָרגאַנישע האַרץ־פעלער די איבעריגע צירקולאַציע־קראַנקהייטן, הויפּטזאַכליך די קראַנקהייט פון די עלטערע יאָרן—אַרטעריאָסקלעראָז; בײַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג וואַקסט דעמאָלט אויס די שטאַרבליכקייט ביז 28,0 און בײַ דער אידישער שוין ביז 34,1 אויף 10.000.

Tab. — VII — טאַב.

## די טויט־סיבות בא דער אידישער און ניט־אידישער באפעלקערונג פון שטאט בודאפעשט

(פולע נאמענקלאטור)

## Todesursachen bei der jüdischen und nichtjüdischen Bevölkerung in Budapest

(Ausführliche Bertillon'sche Nomenklatur)

| per—10.000—אויף | | 1924—25 | | 1925 | | 1924 | | Todesursache — טויט־סיבות |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | |
| 22,1 | 54,9 | 921 | 8 210 | 405 | 3 570 | 516 | 4 640 | I. אנשטעקנדיגע קראנק. — Infektiöse Krankheiten . . . . . . |
| 21,0 | 17,3 | 874 | 2 594 | 456 | 1 301 | 418 | 1 293 | I. אלג. ניט אנשטעקנד. קראנק.—Allg. nicht infektiöse Krankh. . . |
| 15,7 | 17,4 | 655 | 2 599 | 321 | 1 228 | 334 | 1 371 | III. נערוון־און פסיכישע קראנק.—Kr. d. Nervensyst. u. Geisteskr. . |
| 34,1 | 28,0 | 1 422 | 4 189 | 712 | 1 957 | 710 | 2 232 | IV. קראנק. פון די צירקולאציע־ארג.—Kr. der Kreislaufsorgane . . |
| 11,9 | 19,0 | 496 | 2 849 | 223 | 1 214 | 273 | 1 635 | V. קראנק. פון די עטעמונג־אָרגאנען—Krankh. der Atmungsorgane |
| 8,7 | 16,2 | 362 | 2 427 | 168 | 1 049 | 194 | 1 378 | VI. קראנק. פון די פארדיי־אָרגאנען—Kr. der Verdauungsorgane . |
| 6,5 | 5,1 | 269 | 765 | 126 | 381 | 143 | 384 | VII. קר. פון אורין־און געשלעכט־אָרג./Kr. d. Harn-u. Geschlechtsorg. |
| 0,4 | 1,5 | 17 | 229 | 11 | 127 | 6 | 102 | VIII. קראנק. פון שוואנג. און קימפעט/Kr. d. Wochenbetts u. d. Schwang. |
| 3,1 | 9,8 | 129 | 1 473 | 60 | 705 | 69 | 768 | IX. געבוירענע שוואכקייט—Eingeborene Schwäche . . . . . . . . |
| 7,9 | 6,5 | 330 | 968 | 135 | 355 | 195 | 613 | X. זקנות — Senium . . . . . . . . . . . . . . . . |
| 1,9 | 6,1 | 80 | 918 | 36 | 442 | 44 | 476 | XI. אומפאל און מאָרד — Gewaltsamer Tod . . . . . . . . . . |
| 4,4 | 5,3 | 185 | 795 | 99 | 430 | 86 | 365 | XII. זעלבסטמאָרד — Selbstmord . . . . . . . . . . . . . . |
| 1,9 | 2,7 | 81 | 391 | 26 | 160 | 55 | 231 | XIII. אנד. קראנקהייטן — Sonstige Krankheiten . . . . . . . . . |
| 0,4 | 1,0 | 18 | 147 | 5 | 47 | 13 | 100 | XIV. אומבאקאנט — Unbek. u. schlecht bezeichn. Krankheiten . . . |
| 140,0 | 190,8 | 5 839 | 28 554 | 2 783 | 12 966 | 3 056 | 15 588 | I.—XIV. צוזאמען — Zusammen . . . . |

שאַרפער ווי אומעטום ווערט אין בודאַפּעשט די דיפערענץ צווישן דער אידישער און ניט־אידישער שטאַרבליכקייט בײַ דעביליטאַס קאָנגעניטא, אַ קראַנקהייט, וואָס מוז, פאַרשטייט זיך, גיבן אַ העכערן שטאַרבליכקייט־קאָעפיציענט בײַ יענער באַפעלקערונג־גרופּע, וועלכע צייכנט זיך אויס מיט אַ העכערער געבורטליכקייט.

די טויט־סיבות אין בודאַפּעשט פאַר די געבראַכטע צוויי יאָר 25־1924 קאָנען מיר פאַרגלייכן — ווי מיר האָבן דאָס געטאָן בײַ

לעמבערג — מיט די יאָרן פון פאַר דער וועלט־מלחמה, מיט 1908 און 1909. די מאַטעריאַלן פאַר די דאָזיגע צוויי יאָר זיינען באַאַרבעט געוואָרן ערשט אין דער מלחמה־צייט, אַזוי אַז זיי האָבן שוין נעקאָנט איבערגעפירט ווערן אויף דער איינהייטליכער בערטיליאָנישער נאָמענקלאַטור. מיר ברענגען דעם דאָזיגן מאַטעריאַל אין טאַבעלע VI, געאָרדנעט לויט דער שמאָלער אינטערנאַציאָנאַלער קראַנקהייט־נאָמענקלאַטור.

ווי באַ לעמבערג, אַזוי איבערראַשט אונז אויך אינם דאָזיגן פאַרגלייך דאָס צוזאַמענפאַלן פון די פאַרגליכענע צייט־אָפּשניטן אין דער טענדענץ און אין די פאַרהעלטנישן צווישן דער אידישער און דער ניט־אידישער שטאַרבליכקייט. נעמען מיר די ערשטע קראַנקהייט־גרופּע — די אָנשטעקנדיגע קראַנקהייטן, — האָבן מיר דאָ באַ אידן אַ שטאַרבליכקייט פון 28,3 אויף יעדע 10.000 נפשות און באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג ווידעראַמאָל צוויי מאָל אַ העכערן קאָעפיציענט — 55,8 אויף 10.000 נפשות; די קראַנקהייטן פון די צירקולאַציע־אָרגאַנען גיבן אויך דאָס מאָל גלייכע קאָעפיציענטן — 19,9 באַ קריסטן און 19,2 באַ אידן; די באַדייטנדיג גינציגערע לאַגע פון דער אידישער באַפעלקערונג בנוגע די קראַנקהייטן פון פאַרדייאונג־אָרגאַנען, וואָס מיר האָבן געקאָנט פעסטשטעלן אין בודאַפעשט פאַר די לעצטע יאָרן — 1924 און 1925 — האָבן מיר אויך אין די יאָרן 1908—1909 א. א. וו.

די ענליכקייט פון די פאַרגליכענע צוויי פעריאָדן גייט אָבער נאָר ביז אויף דריי קראַנקהייט־גרופּעס: קרעבס, אַלגעמיינע ניט אָנשטעקנדיגע קראַנקהייטן און מאַראַזמוס סעניליס. פאַר דער וועלט־מלחמה שטייען נאָך באַ ביידע גרופּעס באַפעלקערונג גלייכע קאָעפיציענטן, און דאָס בילד איז נאָענט צו דער לאַגע אין די מזרח־אייראָפּייאישע שטעט אין די באַהאַנדלטע יאָרן, בשעת אין די נאָרמאַלע נאָך־מלחמה־יאָרן 1924—25 גייען זיך די קאָעפיציענטן פאַנאַנדער מיט אַ גינציגערן באַלאַנס אויף דער ניט־אידישער זייט. אויף די סיבות פון דער דאָזיגער אינטערעסאַנטער ערשיינונג וועלן מיר זיך נאָך אָפּשטעלן אין די ווייטערדיגע קאַפּיטלאַך, ווען מיר וועלן זיך פאַרהאַלטן ספּעציעל אויף די באַזונדערקייטן, וואָס צייכענען אויס די קרעבס־שטאַרבליכקייט באַ דער אידישער באַפעלקערונג.

דעם אויסנאַם פון בודאַפעשט און פרט פון קרעבס־שטאַרבליכקייט, באַגעגענען מיר אויך אין ריגע (טאַבעלע VIII), אין דער שטאָט, וואָס ליגט באַציאַלן און עלטער־אויפבוי פון איר אידישער באַפעלקערונג שטייט זי צווישן די מזרח־אייראָפּייאישע שטעט און צווישן בודאַפעשט.

Tab. — VIII — .טאַב

## די טויט־סיבות באַ דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג פון שטאָט ריגע

## —1922/25—

## Todesursachen bei der jüdischen und nichtjüdischen Bevölkerung in Riga

| Causae mortis * | נומערן פון שמאָלער אינטערנאַציאָנאַלער נאָמענקלאַטור / NN der abgekürzten Berlillon'schen Nomenklatur | 1922—23 | | 1924—25 | | 1922—25 | | פון יעדע הונדערט מתים באַ: —1922/25— von je 100 Gestorbenen bei den: | | אויף יעדע צען טויזנט נפשות: Auf je 10.000 Seelen bei den: | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden | קריסטן Christen | אידן Juden |
| I u. VIII. Morbi infectiosi et parasitici | 1—15 | 1 856 | 148 | 2 149 | 164 | 4 005 | 312 | 26,1 | 19,2 | 36,0 | 22,4 |
| II. Neoplasmata et tumores | 16 | 731 | 111 | 931 | 117 | 1 662 | 228 | 10,9 | 14,0 | 15,0 | 16,3 |
| III. Morbi system. nervosi | 17—18 | 666 | 78 | 796 | 85 | 1 462 | 163 | 9,5 | 10,0 | 13,2 | 11,7 |
| IV. Morbi organ. circulationis | 19 | 1 059 | 152 | 1 367 | 166 | 2 426 | 318 | 15,8 | 19,6 | 21,8 | 22,8 |
| V. Morbi organ. respirationis | 20—23 | 650 | 90 | 688 | 75 | 1 338 | 165 | 8,7 | 10,1 | 12,0 | 11,8 |
| VI-VII. Morbi stomachi, intestin. et uropoetici | 24—30 | 592 | 66 | 804 | 93 | 1 396 | 159 | 9,1 | 9,8 | 12,6 | 11,4 |
| IX-X Deb. congen. et Marasm. senilis | 33—34 | 652 | 92 | 771 | 66 | 1 423 | 158 | 9,3 | 9,7 | 12,8 | 11,3 |
| XI. Homicidium | 35 | 286 | 20 | 349 | 25 | 635 | 45 | 4,2 | 2,8 | 5,7 | 3,2 |
| XII. Suicidium | 36 | 155 | 9 | 226 | 10 | 381 | 19 | 2,5 | 1,2 | 3,4 | 1,4 |
| XIII-XIV. Alii morbi et diagn. insufficiens | 37—38 | 379 | 20 | 223 | 39 | 602 | 59 | 3,9 | 3,6 | 5,4 | 4,2 |
| **Summa** | 1—38 | 7 026 | 786 | 8 304 | 840 | 15 330 | 1 626 | 100,0 | 100,0 | 137,9 | 116,5 |

* זעה באַמערקונג צו טאַב. I. — s. Anmerkung zu Tab. III

פאַר די יאָרן 1922—25 זיינען אין ריגע געשטאָרבן פון קרעבס און אַנדערע שווערע געשווילעכצן דורכשניטליך 15,0 אויף 10.000 ניט־אידן און שוין 16,3 אויף יעדע 10.000 אידישע נפשות. מיר טרעפן דאָ אויך דעם זעלבן, ווי אין בודאַפעשט, אונטערשיד באַ מאַראַזמוס סעניליס: באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג שטייט די דאָזיגע קראַנקהייט (צוזאַמען מיט דעביליטאַס, וואָס בילדעט דאָ דעם גרעסערן טייל) מיט 12.8 אויף 10.000, באַ דער אידישער (ווידעראַמאָל מיט דעביליטאַס, וואָס מאַכט אָבער דאָ אויס נאָר דעם קלענערן טייל) — מיט 11,3. אין אַלע אַנדערע פרטים בלייבט דאָס בילד פון די טויט־סיבות באַ דער אידישער באַפעלקערונג אין ריגע פון זעלבן טיפּ, ווי אין די איבעריגע קהלות, וואָס זיינען דאָ דורכגעגאַנגען פאַר אונז אין די פריערדיגע טאַבעלעס, הגם די דיסקרעפּאַנץ צווישן דעם אידישן און ניט־אידישן טייל פון באַפעלקערונג איז דאָ שוין געוואָרן אַ סך שוואַכער, ווי אין יענע שטעט.

מערקווירדיג איז אויך די כמעט פולקאָמע גלייכקייט צווישן די שטאַרבליכקייט-קאָעפיציענטן באַ דער גרופּע „קראַנקהייטן פון די צירקולאַציע-אָרגאַנען": באַ דער אידישער באַפעלקערונג באַטרעפט דער קאָעפיציענט 22,8, באַ דער ניט-אידישער — 21,8; דער שטאַרבליכקייטס-קאָעפיציענט באַ דער גרופּע „אָנשטעקנדיגע קראַנקהייטן" איז אויף דער ניט-אידישער זייט מער ווי אָנדערטהאַלבן מאָל העכער, ווי אויף דער אידישער זייט.

מיט ריגע פאַרענדיגט זיך די רייע פון יענע שטעט, וואו עס איז אונז מעגליך געווען איינפירליך באַאַרבעטן די טויט-סיבות באַ דער אידישער באַפעלקערונג און ברייגען דעם מאַטעריאַל צו פאַרגלייכבאַרע יאָרן און רעלעוואַנטע קאָעפיציענטן.

די אַלגעמיינע אויספירן קאָנען מיר אויף אַזאַ אופן מאַכן פון אַ מאַטעריאַל, וואָס נעמט אַרום 179.641 ניט-אידישע און 46.161 אידישע מתים, — אַ גאַנץ גרויסע צאָל, וואו צופעליגקייטן קאָנען שפּילן נאָר אַ אומבאַדייטנדיגע ראָלע.

פון די אַלע מאַטעריאַלן, וואָס מיר האָבן דאָ געקאָנט נאָר זייער קורץ באַהאַנדלען, זיך אָפּשטעלנדיג נאָר אויף די וויכטיגסטע מאָמענטן, קאָנען מיר מאַכן פאָלגנדיגע אויספירן:

1) באַ די אָנשטעקנדיגע קראַנקהייטן איז דער שטאַרבליכקייט-קאָעפיציענט באַ אידן אומעטום קלענער איידער באַ דער ניט-אידישער באַפעלקערונג. געגן מינימום באַ דער אידישער באַפעלקערונג פון 19,5 אויף 10.000 שטייט באַ דער קריסטליכער אַ מינימום פון 36,0; געגן מאַקסימום 26,4 באַ אידן שטייט באַ קריסטן אַ מאַקסימום פון 65,9;

2) אָן אַ אויסנאַם זיינען באַ דער אידישער באַפעלקערונג נידעריגער די שטאַרבליכקייט-קאָעפיציענטן באַ קראַנקהייטן פון די פאַרדייאונג-אָרגאַנען. מינימום באַ אידן — 7,5; מאַקסימום — 8,5 (לויט דער שמאָלער נאָמענקלאַטור); דער מינימום באַ ניט-אידן — 10,7; מאַקסימום — 18,0;

3) פיל קלענער איז אויף דער אידישער זייט די שטאַרבליכקייט פון קראַנקהייטן פון די עטעמונג-אָרגאַנען. די אַמפּליטודע איז באַ אידן צווישן 11,9 און 24,1, באַ ניט-אידן — צווישן 19,0 און 32,1;

4) קרעבס און אַנדערע שווערע געשווילעכצן שטייען אין די אייסגעשפּראָכן מזרח-אייראָפּייאישע שטעט מיט קלענערע שטאַרבליכקייטס-קאָעפיציענטן אויף דער אידישער זייט; אין שטעט, וואָס זיינען נאָענטער צום טיפּ פון מערב-אייראָפּייאישע אידישע קהלות, — מיט קלענערע קאָעפיציענטן אויף דער ניט-אידישער זייט.

5) די שטאַרבליכקייט פון די קראַנקהייטן פון נערוון-סיסטעם איז באַ אידן אומעטום נידעריגער איידער באַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג;

6) די שטאַרבליכקייט באַ דער גרופּע „אָרגאַנישע האַר-פעלער" איז סיי אין מערב- סיי אין מזרח-אייראָפּע אויף דער אידישער און ניט-אידישער זייט איינע און די זעלבע, אָבער פון אַרטעריאָסקלעראָז שטאַרבן אין די קהלות פון מער מערב-אייראָפּייאישן טיפּ אידן אָפטער איידער ניט-אידן;

7) דעביליטאַס קאָנגעניטאַ גיט באַ אידן אומעטום נידעריגערע שטאַרבליכקייט-קאָעפיציענטן. באַזונדערס שטאַרק ווערט די דיסקרעפּאַנץ אין די קהלות פון מערב-אייראָפּייאישן כאַראַקטער;

8) פון מאַראַזמוס סעניליס שטאַרבן אידן אין מזרח-אייראָפּע זעלטענער, און אין מערב-אייראָפּייאישע אָפטער איידער די ניט-אידישע באַפעלקערונג;

9) קראַנקהייטן פון שוואַנגערשאַפט און קימפעט, ווי אויך די קראַנקהייטן פון הויט, פון ביינער און די באַוועגונג-אָרגאַנען שטייען אויף דער אידישער זייט אומעטום מיט פיל נידעריגערע קאָעפיציענטן איידער אויף דער ניט-אידישער. פאַר זיך אַליין גענומען שפּילן זיי אין דער שטאַרבליכקייט פון ביידע באַפעלקערונג-טיילן די מינימאַלסטע ראָלע;

10) פון אומגליקפאַל און מאָרד ווי אויך פון זעלבסטמאָרד שטאַרבן אידן אומעטום פיל ווייניגער איידער ניט-אידן.

מיר וועלן זיך שפּעטער, ביים באַהאַנדלען די וויכטיגסטע און אינטערעסאַנטעסטע קראַנקהייטן איינציגווייז, פּרובן אויפצוקלערן די סיבות פון דער פאַרשיידענקייט אין דער הויך פון די קאָעפיציענטן פון איין און דער זעלבער גרופּע קראַנקהייטן באַ דער אידישער באַפעלקערונג פון פאַרשיידענע שטעט, ווי אויך אַרויסצוגעפינען די סיבות פון די פעסטגעשטעלטע אויסנאַמען. אין דעם דאָזיגן קאַפּיטל האָבן מיר נאָר געוואָלט געבן אַ באַשרייבונג פון דעם אַלגעמיינעם בילד באַ דער אידישער און ניט-אידישער באַפעלקערונג, כדי פעסטצושטעלן די גרונדשטריכן פון די טויט-סיבות באַ אידן און די גרונט-אונטערשידן צווישן דער אידישער און ניט-אידישער באַפעלקערונג.

מיר גייען איבער צום ספּעציעלן טייל פון אונזער אַנאַליז און פריער פון אַלץ צו די אָנשטעקנדיגע קראַנקהייטן, וואָס פאַרנעמען אַ באַדייטנדיגן אָרט אין דער קראַנקהייט-גרופּע I.

## II. ספּעציעלער טייל

### אקוט עפּידעמישע קראַנקהייטן
### Epidemische Krankheiten

להיפּך צו דעם פריערדיגן טייל, וואו מיר האָבן געזוכט דאָס נאָרמאַלע בילד פון די טויט-סיבות באַ דער אידישער באַפעלקערונג און זיך דעריבער אָפּגעשטעלט אויסשליסליך אויף די מאַטעריאַלן פאַר נאָרמאַלע יאָרן, וועלן מיר ביים אַנאַליז פון די עפּידעמישע קראַנקהייטן זיין אויף דעם מעטאָדאָלאָגיש ריכטיגערן וועג, אויב מיר וועלן דעם דאָזיגן אַנאַליז קאָנצענטרירן אויף די נעסטן פון די עפּידעמיעס און אויף די יאָרן פון די שטאַרקסטע אויסברוכן זייערע, ווען די ספּעציפישע באַזונדערקייטן פון דער אידישער באַפעלקערונג האָבן זיך געמוזט אַרויסווייזן אין זייער שאַרפסטער און בולטסטער פאָרם.

אין טאַבעלע IX גיבן מיר אַ סומאַריש בילד פון אַנטוויקלונג פון דער שטאַרבליכקייט באַ אידן און ניט-אידן אין די זעקס אויבן באַהאַנדלטע שטעט—וואַרשע, קראָקע, לעמבערג, לאָדז, בודאַפּעשט און ריגע—, אַריינגענומענדיג אַהער נאָר יענע יאָרן, פאַר וועלכע מיר האָבן פאַרמאָגט זיכערע ציפער וועגן דער אַבסאָלוטער גרויס פון דער באַפעלקערונג, אַזוי אַז מיר האָבן געקאָנט אָפּערירן מיט פאַרגלייכבאַרע קאָעפיציענטן.

פון דער דאָזיגער טאַבעלע לאָזט זיך אַרויסלייענען אַ רייע אינטערעסאַנטע און באַלערנדיגע פאַקטן און פריער פון אַלץ

אַז די שטאַרבליכקייט פון עפּידעמישע קראַנקהייטן האָט זיך באַ דער אידישער באַפעלקערונג שוין אומעטום אומגעקערט צו דעם נאָרמאַלן צושטאַנד. די יאָרן 1922—25 איז באַ דער אידישער באַפעלקערונג פון וואַרשע קיין איין מאָל ניט געשטאָרבן פון עפּידעמיעס מער פון 6,6 אויף צען טויזנט נפשות, בשעת אין יאָר 1920 האָט דאָ די שטאַרבליכקייט נאָך געהאַלטן באַ 21,1 און אין די שרעקליכע יאָרן פון אָקופּאַציע און הונגער — באַ 55,7 (אין יאָר 1917) און 38,6 (אין יאָר 1918). אין לעמבערג, וואו 1920 — אין יאָר פון שטאַרקסטער עפּידעמיע אין דער דאָזיגער שטאָט — האָט זיך די שטאַרבליכקייט פון עפּידעמיעס געהאַט אויפגעהויבן באַ אידן ביז 40,6 אויף יעדע 10.000 נפשות, נאָטירן מיר באַ דער אידישער באַפעלקערונג פאַר 1922 אַ שטאַרבליכקייט פון בלויז 5,0. אַ שטענדיגע פאַרקלענערונג פון דער שטאַרבליכקייט קומט פאָר אויך באַ דער אידישער באַפעלקערונג פון קראָקע — 18,8 אין יאָר 1920, אין יאָר 1921—12,4, אין יאָר 1924 שוין 5,9. אין ריגע איז דער קאָעפיציענט פון 1925 כמעט צוויי מאָל נידעריגער ווי אין 1922. געפאַלן איז דער שטאַרבליכקייט־קאָעפיציענט אויך אין לאָדז, און אין בודאַפּעשט איז ער שוין דערגאַנגען צו דער זייער נידעריגער גרויס פון 5,5.

די שטאַרבליכקייט באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג באַוועגט זיך מערסטנטייל אין דער זעלבער ריכטונג נאָר ניט מיט דעם זעלבן טעמפּ. ס'זיינען אָבער פאַראַן ניט ווייניג פאַלן, ווען די שטאַרבליכקייט אויף דער אידישער זייט פאַלט שוואַכער ווי אויף דער זייט פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג.

די טאַבעלע IX ווייזט אונז ווייטער, אַז אומעטום אין יעדעס יאָר — סיי אין די יאָרן פון מאַסן־עפּידעמיעס סיי אין די יאָרן, ווען די עפּידעמיעס פאַרשווינדן כמעט, — איז דער שטאַרבליכקייט־קאָעפיציענט באַ די עפּידעמישע קראַנקהייטן אויף דער אידישער זייט באַדייטנדיג נידעריגער ווי אויף דער ניט־אידישער.

אין די שווערסטע יאָרן פאַר דער אידישער באַפעלקערונג פון וואַרשע — אין 1917—18, — ווען די עפּידעמיע־כוואַליע האָט פאַרגאָסן די אידישע טיילן פון שטאָט מיט אַ געוואַלטיגן כוח, בלייבט די שטאַרבליכקייט באַ דער אידישער באַפעלקערונג אַלץ נאָך נידעריגער ווי באַ דער קריסטליכער: אין יאָר 1917 דערגרייכט זי באַ די ניט־אידן 62,6 אויף יעדע צען טויזנט נפשות, באַ די אידן שטעלט זי זיך אָפּ באַ 55,7; אין יאָר 1918 פאַלט די שטאַרבליכקייט ביז 59,6 אויף דער ניט־אידישער זייט, אָבער שוין ביז 38,6 באַ דער אידישער באַפעלקערונג. אין 1920־טן יאָר, ווען די עפּידעמיעס ברעכן אויס אויפסניי, איז דער שטאַרבליכקייט־קאָעפיציענט באַ אידן כמעט צוויי מאָל נידעריגער ווי באַ דער איבעריגער באַפעלקערונג. אין לעמבערג זיינען אין עפּידעמיע־יאָר 1920 געשטאָרבן פון אַקוט אָנשטעקנדיגע קראַנקהייטן באַ אידן 40,6, באַ ניט־אידן 56,8 אויף צען טויזנט. אין עפּידעמיע־יאָר 1918 אין קראָקע האָבן מיר באַ אידן אַ שטאַרבליכקייט פון 35,2, בשעת באַ ניט־אידן דערגרייכט זי ביז 49,1. די ניט־אידישע באַפעלקערונג פון לאָדז גיט אין 1923־טן יאָר, ווען איבער דער שטאָט צעגיסט זיך אַ נייע עפּידעמיע פון מאָזלען, סקאַרלאַטין, בויך־טיפוס און אַנד., צוויי מאָל אַ העכערע שטאַרבליכקייט־ציפער ווי דער אידישער טייל; אין בודאַפּעשט איז אין דורכשניט פון די יאָרן 1924 און 1925 באַ דער אידישער באַפעלקערונג אויסגעפאַלן כמעט אַ דריי מאָל נידעריגערע שטאַרבליכקייט ווי באַ דער איבעריגער באַפעלקערונג. פּונקט אַזוי ווייזט אויך ריגע באַדייטנדיגע דיפערענצן צווישן די אידישע און קריסטליכע קאָעפיציענטן, — אין 1925 7,3 אויף דער אידישער און 12,4 אויף דער ניט־אידישער זייט.

נישט געקוקט אויף אָט דער שאַרפער דיפערענץ אין די שטאַרבליכקייט־קאָעפיציענטן, בלייבט דער פּלאַץ, וואָס די אַקוט עפּידעמישע קראַנקהייטן פאַרנעמען אין דעם אַלגעמיינעם סכום טויט־פאַלן, באַ ביידע באַפעלקערונג־טיילן גאַנץ נאָענט איינער צום צווייטן. אָבער אויך <u>דאָ</u> איז דאָס גינציגערע בילד מערסטנטיילס אויף דער אידישער זייט. נעמענדיג נאָר די יאָרן פון די שטאַרקסטע עפּידעמישע אויסברוכן, באַקומען מיר, אַז פון יעדע הונדערט שטאַרבפאַלן געהערן צו דער גרופּע „אַקוט עפּידעמישע קראַנקהייטן" אין:

| | יאר | בא אידן | בא ניט־אידן |
|---|---|---|---|
| ווארשע . . . . . | 1917 | 13,8 | 14,9 |
| ווארשע . . . . . | 1918 | 14,2 | 16,6 |
| קראקע . . . . . | 1918 | 20,4 | 20,7 |
| לעמבערג. . . . . | 1920 | 19,5 | 19,5 |
| לאדז . . . . . . | 1923 | 9,2 | 11,0 |

צו די זעלבע גינציגע רעזולטאַטן פאַר דער אידישער באַפעלקערונג, ווי ביים אַנאַליז פון דער מאָרבידיטעט, קומט מען, ווען מען באַטראַכט דעם צווייטן מאָמענט פון פּראָבלעם — די פאַרשפּרייטונג פון עפּידעמישע קראַנקהייטן צווישן דער באַפעלקערונג.

די דאָזיגע אויסערסט וויכטיגע פראַגע קאָנען מיר דאָ באַלייכטן מיט זייער אַ אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל (טאַבעלע X) וועגן די צוויי שטעט, וועלכע האָבן אַם שטאַרקסטן געליטן פון די עפּידעמיעס — וואַרשע און לאָדז אין די יאָרן 1918 ביז 1926. ס'ווייזט זיך דערביי אַרויס, אַז די מאָרבידיטעט באַ דער אידישער באַפעלקערונג אין וואַרשע איז יאָראויס יאָראיין — מיט דעם אויסנאַם פון יאָר 1918, וועלכן מיר וועלן נאָך שפּעטער אויפקלערן, — פיל נידעריגער ווי די מאָרבידיטעט באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. אַזוי האָט זי אין יאָר 1919 זיך אויסגעדריקט מיט 72,7 אויף יעדע צען טויזנט נפשות, בשעת די קריסטליכע מאָרבידיטעט איז דערגאַנגען ביז 127,9. אין 1922־טן יאָר פאַלט די מאָרבידיטעט אויף דער אידישער זייט ביז 45,5, בשעת באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג בלייבט זי שטיין באַ 91,5 אויף 10000 נפשות. אין 1925 איז שוין דער ניט־אידישער קאָעפיציענט אויף 109,6 פּראָצענט גרעסער ווי באַ דער אידישער באַפעלקערונג. פּונקט אַזוי האָבן די עפּידעמישע קראַנקהייטן אין לאָדז באַגעגנט אין דער אידישער באַפעלקערונג אַ שטאַרקערן ווידערשטאַנד — ווידעראַמאָל מיט דעם אויסנאַם פון יאָר 1918 און אויך 1921 — ווי באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. אין עפּידעמיע־יאָר 1919 איז אויף יעדע 10000 אידישע איינוואוינער אין לאָדז געווען קראַנק אויף אַקוט עפּידעמישע חולאתן 104.2 נפשות, אויף יעדע 10000 קריסטליכע איינוואוינער — 112,2. אין יאָר 1922, ווען די מאָרבידיטעט איז אויף ביידע זייטן געווען די נידעריגסטע פאַר אַלע 9 יאָר, איז דער ניט־אידישער קאָעפיציענט אויף 33,5 פּראָצענט העכער פונם אידישן. אין פאָלגנדיגן שטילן יאָר — 1925 — האַלט שוין די דיפערענץ צווישן קריסטליכן און אידישן מאָרבידיטעט־קאָעפיציענט באַ 52,3 פּראָצענט.

Tab. — IX — טאַב·

# די שטארבליכקייט פון עפידעמישע קראנקהייטן בא דער אידישער און ניט־אידישער באפעלקערונג

## Die Sterblichkeit an epidemischen Krankheiten bei der jüdischen und nichtjüd. Bevölkerung

| bei Nichtjuden — ניט־איד· באַפעלקערונג | | | | bei den Juden — אידישע באפעלקערונג | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| נעשטארבן פון עפידעמישע קראנקהייטן davon an epidemischen Krankheiten | | | די גאנצע צאל געשטארבענע Gesamtzahl der Sterbefälle | געשטארבן פון עפידעמישע קראנקהייטן davon an epidemischen Krankheiten | | | די גאנצע צאל געשטארבענע Gesamtzahl der Sterbefälle | יאר Jahr |
| p. 10 000 | % פון אלע געשטארבענע von je 100 Sterbefällen | absolut | | p. 10 000 | % פון אלע געשטארבענע von je 100 Sterbefällen | absolut | | |
| **Warschau — ווארשע** | | | | | | | | |
| 21,3 | 7,8 | 915 | 11 806 | 14,4 | 7,5 | 506 | 6 704 | 1916 |
| 62,6 | 14,9 | 3 093 | 20 820 | 55.7 | 13,8 | 1 913 | 13 873 | 1917 |
| 59,6 | 16,6 | 2 612 | 15 767 | 38.6 | 14,2 | 1 234 | 8 710 | 1918 |
| 35,0 | 12,8 | 1 771 | 13 816 | 14,3 | 8,9 | 450 | 5 080 | 1919 |
| 37,0 | 16,7 | 2 287 | 13 730 | 21,1 | 12,8 | 690 | 5 404 | 1920 |
| 16,4 | 9,8 | 1 018 | 10 392 | 7,7 | 6,7 | 249 | 3 722 | 1921 |
| 14,8 | 8,5 | 936 | 11 165 | 6,0 | 5,6 | 194 | 3 452 | 1922 |
| 10,1 | 6,3 | 646 | 10 251 | 6,3 | 6,1 | 202 | 3 303 | 1923 |
| 10,8 | 6,5 | 699 | 10 763 | 6,4 | 6,0 | 206 | 3 410 | 1924 |
| 13,3 | 8,3 | 889 | 10 724 | 6,6 | 6,6 | 214 | 3 252 | 1925 |
| 13,3 | 8,5 | 936 | 10 081 | 10,1 | 9,0 | 317 | 3 530 | 1926 |
| **Krakau — קראָקע** | | | | | | | | |
| 10,1 | 7,7 | 149 | 1 921 | 3,9 | 5,2 | 17 | 325 | 1915 |
| 15,0 | 8,5 | 220 | 2 592 | 7,1 | 6,9 | 31 | 450 | 1916 |
| 22,9 | 11,6 | 326 | 2 819 | 16,8 | 13,3 | 75 | 564 | 1917 |
| 49,1 | 20,7 | 692 | 3 349 | 35,2 | 20,4 | 157 | 771 | 1918 |
| 27,1 | 13,3 | 390 | 2 943 | 11,4 | 9,6 | 51 | 533 | 1919 |
| 51,0 | 22,0 | 708 | 3 219 | 28,0 | 18,8 | 126 | 671 | 1920 |
| 25,4 | 13,6 | 352 | 2 583 | 12,4 | 10,6 | 56 | 527 | 1921 |
| 13,7 | 8,7 | 192 | 2 197 | 9,1 | 8,4 | 42 | 499 | 1922 |
| 10,8 | 6,5 | 151 | 2 310 | 8,7 | 8,4 | 40 | 474 | 1923 |
| 12,2 | 7,0 | 171 | 2 426 | 5,9 | 5,3 | 27 | 510 | 1924 |
| **Lodz — לאָדז** | | | | | | | | |
| 21,9 | 11,0 | 726 | 6 628 | 10,1 | 9,2 | 173 | 1 871 | 1923 |
| 14,3 | 7,5 | 486 | 6 453 | 8,3 | 7,7 | 144 | 1 875 | 1924 |
| 12,2 | 7,5 | 439 | 5 830 | 7,3 | 7,6 | 133 | 1 759 | 1925 |
| 10,4 | 6,6 | 395 | 6 011 | 8,3 | 8,2 | 155 | 1 898 | 1926 |
| **Lemberg — לעמבערג** | | | | | | | | |
| 56,8 | 19,5 | 759 | 3 900 | 40,6 | 19,5 | 305 | 1 561 | 1920 |
| 21,3 | 9,9 | 305 | 3 059 | 9,6 | 6,7 | 74 | 1 101 | 1921 |
| 15,2 | 7,5 | 227 | 3 015 | 5,0 | 3,7 | 39 | 1 059 | 1922 |
| **Budapest — בודאַפעשט** | | | | | | | | |
| 16.1 | 7,6 | 1 182 | 15 588 | 5,6 | 3,9 | 128 | 3 056 | 1924 |
| 14.1 | 8,2 | 1 062 | 12 966 | 5,5 | 4,1 | 114 | 2 783 | 1925 |
| **Riga — ריגע** | | | | | | | | |
| 17,1 | 12,3 | 435 | 3 553 | 13,3 | 9,7 | 40 | 411 | 1922 |
| 10,0 | 7,8 | 272 | 3 492 | 8,8 | 7,7 | 29 | 376 | 1923 |
| 16,3 | 10,9 | 455 | 1 477 | 7,4 | 6,4 | 26 | 405 | 1924 |
| 12,4 | 9,0 | 370 | 1 427 | 7,3 | 6,7 | 22 | 435 | 1925 |

דער אַנאַליז פֿון בײדע מאָמענטן פֿון פּראָבלעם — הן פֿון דער מאָרטאַליטעט און הן פֿון דער מאָרבידיטעט — פֿירט אונז אויף אַזאַ אופֿן צו רעזולטאַטן, וואָס דעקן זיך אין זייערע גרונט־שטריכן מיט די אויספֿירן פֿון די פֿריערדיגע פֿאָרשונגען.

אין דער ערקלערונג פֿון אָט די מערקווירדיגע ערשיינונגען איז מען נאָך עד היום ניט געקומען צו אײניגונג. די טעאָריע פֿון ראַסן־אימוניטעט און ראַסן־באַזונדערקייטן בײַ דער אידישער באַפעלקערונג געפֿינט אויך בײַ הײַנטיגן טאָג ניט ווייניגער פֿאַר־טיידיגער ווי מיט יאָרן צוריק. און ס׳איז באַזונדערס אינטערע־סאַנט, וואָס אויך אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָט מען, בײַ די נײַעסטע פֿאָרשונגען וועגן פֿלעק־טיפֿוס און אַנדערע עפּידעמישע קראַנק־הייטן בײַ דער אידישער באַפעלקערונג, זיך געזעהן געצוואונגען אָנצוקומען צו די ראַסן־טעאָריעס און אַנערקענען די ראַסן־באַ־זונדערקייטן אַלס די איינציג מעגליכע און ראַציאָנעלע ערקלערונג.

די סיבה, פֿאַר וואָס די דאָזיגע פּראָבלעם בלייבט נאָך אַלץ ניט גענוג אויפֿגעקלערט, ליגט אין דעם, וואָס קיינער פֿון די קעמפֿנדיגע צדדים האָט ניט געהאַט, חוץ איינע און די זעלבע אַ ל ג ע מ ײ נ ע שטאַרבליכקייט־קאָעפֿיציענטן, קיין גענוג ברייטן און פֿאַרשיידנאַרטיגן מאַטעריאַל, פֿון וועלכן מען זאָל קאָנען אַרויסזעהן און אויסטיילן די ווירקונג פֿון סאָציאַל־קולטורעלן מאָמענט און פֿון די ספּעציעלע סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונ־גען בײַ דער אידישער באַפעלקערונג. און כל זמן מיר געפֿינען זיך בײַ אָט ד ע ם צושטאַנד פֿון דער פֿאָרשונג, איז דאָס צושטייען צו וועלכער ס׳ניט איז טעאָריע בכלל ניט מער ווי אַ פֿראַגע פֿון גלויבן און פּערזענליכע סימפּאַטיעס, אָבער ניט פֿון אָביעקטיווער און וויסנשאַפֿטליכער אַרגומענטאַציע.

Tab. — X — טאַב׳

## עפּידעמישע קראַנקהייטן בײַ דער אידישער און ניט־אידי׳ באַפעלקערונג פֿון וואַרשע און לאָדז

1918—1926

**Akut infektiöse Erkrankungen bei der jüd. und nichtjüd. Bevölkerung in Warschau und Lodz**

| Jahr — יאָר | Warschau — וואַרשע | | | | Lodz — לאָדז | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Juden — אידן | | Christen — קריסטן | | Juden — אידן | | Christen — קריסטן | |
| | abs. | per 10 000 | abs. | per 10 000 | abs. | per 10 000 | abs. | per 10 000 |
| 1918 | 8.152 | 254,7 | 6.453 | 147,2 | 1.635 | 119,2 | 1.334 | 65,2 |
| 1919 | 2.287 | 72,7 | 6.467 | 127,9 | 1.512 | 104,2 | 2.236 | 112,2 |
| 1920 | 2.936 | 89,7 | 7.381 | 119,5 | 1.403 | 93,5 | 3.019 | 106,7 |
| 1921 | 1.819 | 55,9 | 5.344 | 86,3 | 1.169 | 74,9 | 2,214 | 74,8 |
| 1922 | 1.465 | 45,5 | 5.804 | 91,5 | 791 | 48,6 | 2.052 | 64,9 |
| 1923 | 1.622 | 50,5 | 5.041 | 78,9 | 2.066 | 120,7 | 4.483 | 135,2 |
| 1924 | 1.504 | 46,9 | 5.202 | 80.7 | 1.159 | 66,5 | 3.257 | 95,6 |
| 1925 | 2.217 | 68,8 | 9.662 | 144,2 | 916 | 50,5 | 2.772 | 76,9 |
| 1926 | 2.563 | 81,7 | 6.814 | 97,1 | 1.383 | 73,7 | 3.297 | 87,2 |

פֿון דער מאָרבידיטעט און מאָרטאַליטעט אין אַלגעמיין גייען מיר איבער צו יענע אינפֿעקציע־קראַנקהייטן, וואָס פֿאַר־נעמען אין דער דאָזיגער גרופּע און ספּעציעל בײַ דער אידי־שער באַפעלקערונג די וויכטיגסטע פּלעצער. מיר באַגרעניצן זיך דערבײַ ווידעראַמאָל כמעט אויסשליסליך מיט די מאַטערי־אַלן וועגן וואַרשע און לאָדז, וואו די צאָלן זיינען גרעסער און די צופֿעליגקייטן פֿיל זעלטענער.

די טאַבעלע XI גיט דאָס בילד פֿון דער פֿאַרשפּרייטונג צווישן דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג אין וואַרשע פֿון אַכט הויפּט־קראַנקהייטן — פֿלעק־טיפֿוס, בויך־און רעצידיוו־טיפֿוס, דיפֿטעריט, סקאַרלאַטין, מאָזלען, פּאָקן און דיזענטעריע — אין משך פֿון די יאָרן 1918 ביז 1926.

פֿון ערשטן קוק קאָן מען דאָ באַמערקן אַ רייע פֿאַקטן, וואָס ווידערשפּרעכן דעם אויספֿיר פֿון טאַבעלע X און פֿיל ביז־איצטיגע פֿאָרשטעלונגען אונזערע וועגן איינציגע קראַנקהייטן. שוין בײַ דער ערשטער קראַנקהייט, בײַ פ ל ע ק ־ ט י פ ו ס, וואָס איז כמעט פֿון דער גאַנצער ליטעראַטור ערקלערט געוואָרן אַלס די מינסה, פֿון וועלכער די אידישע באַפעלקערונג ווערט תמיד מער געשאַנעוועט ווי די קריסטליכע, זעהען מיר אין כאַ־ראַקטעריסטישן יאָר 1918, ווען די גאַנצע שטאָט שטייט אונטערן צייכן פֿון הונגער און פֿלעק־טיפֿוס, זייער אַ שטאַרקע דיפֿערענץ לטובֿת דער ק ר י ס ט ל י כ ע ר באַפעלקערונג. דער אידישער טייל, וואָס באַטרעפֿט נאָר צוויי און פֿערציג פּראָ־צענט פֿון דער באַפעלקערונג, האָט צו פֿאַרצייכענען 7445 פֿלעק־טיפֿוס־קראַנקע, אָדער 232,6 אויף יעדע 10 000 נפֿשות, בשעת אויף דער ניט־אידישער זייט זעהען מיר נאָר 4297 קראַנקע, ד. ה. 98,0 אויף צען טויזנט. און ווייטער, אין די יאָרן 1921, 1923 ביז 1926 גיט די אידישע מאָרבידיטעט בײַ דער דאָזיגער קראַנקהייט תמיד העכערע קאָעפֿיציענטן ווי דער קריסטליכער טייל באַפעלקערונג.

ענליכע אויסנאַמען פֿון כלל לאָזן זיך פֿעסטשטעלן אויך בײַ די אַנדערע קראַנקהייטן. די מאָרבידיטעט פֿון ס ק אַ ר ל אַ ט י ן אין 1919־טן יאָר דערגרייכט בײַ דער אידישער באַפעלקערונג 11,7; בײַ דער קריסטליכער — נאָר 6,7; בויך־טיפֿוס בײַ דער אידישער באַפעלקערונג אין 1924־טן יאָר גיט אַ מאָרבידי־טעט־ציפֿער פֿון 15,2, בשעת בײַ דער קריסטליכער באַפעל־קערונג האַלט זי נאָר בײַ 13,5. בעת דער גרעסטער עפּידעמיע פֿון פּאָקן—אין יאָר 1921—זעהען מיר בײַ דער אידישער באַ־

Tab. — XI — טאַב.

## די מארבידיטעט פון עפידעמישע חולאתן בא דער אידי׳ און ניט־אידי׳ באפעלקערונג אין ווארשע
## Die Verbreitung der epid. Krankheiten unter der jüd. u. nichtjüd. Bev. in Warschau

| 1926 | 1925 | 1924 | 1923 | 1922 | 1921 | 1920 | 1919 | 1918 | | Krankheit — קראנקהייט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 31 | 32 | 65 | 51 | 255 | 483 | 590 | 1 162 | 7 445 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | פלעק־טיפוס Typhus exanthematicus |
| 1,0 | 1,0 | 2,0 | 1,6 | 7,9 | 14,9 | 18,0 | 36,9 | 232,6 | p. 10 000 | |
| 25 | 29 | 61 | 81 | 580 | 552 | 1 400 | 3 820 | 4 297 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 0,3 | 0,4 | 0,9 | 1,2 | 9,2 | 8,9 | 22,7 | 75,5 | 98,0 | p. 10 000 | |
| 159 | 104 | 91 | 79 | 97 | 109 | 93 | 70 | 100 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | דיפטעריט Diphterie |
| 5,1 | 3,2 | 2,8 | 2,5 | 3,0 | 3,4 | 2,9 | 2,2 | 3,1 | p. 10 000 | |
| 475 | 345 | 411 | 230 | 212 | 183 | 194 | 184 | 207 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 6,8 | 5,2 | 6,4 | 3,6 | 3,3 | 3,0 | 3,1 | 3,6 | 4,7 | p. 10 000 | |
| 1 338 | 373 | 463 | 595 | 188 | 203 | 1 067 | 368 | 82 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | סקאַרלאַטין Scharlach |
| 42,7 | 11,6 | 14,4 | 18,5 | 5,8 | 6,2 | 32,6 | 11,7 | 2,6 | p. 10 000 | |
| 3 037 | 1 489 | 1 974 | 1 646 | 907 | 1 337 | 2 232 | 338 | 309 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 43,3 | 22,2 | 30,6 | 25,8 | 14,3 | 21.6 | 36,1 | 6,7 | 7,0 | p. 10 000 | |
| 233 | 1 110 | 53 | 316 | 265 | 170 | 37 | 170 | 109 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | מאַזלען Masern |
| 7,4 | 34,5 | 1,7 | 9,8 | 8,2 | 5,2 | 1,1 | 5,4 | 3,4 | p. 10 000 | |
| 730 | 5 352 | 384 | 1 010 | 1 797 | 851 | 252 | 940 | 561 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 10,4 | 79,9 | 6,0 | 15,8 | 28,3 | 13,7 | 4,1 | 18,6 | 12,8 | p. 10 000 | |
| 14 | 20 | 45 | 25 | 72 | 75 | 272 | 72 | 75 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | דיזענטעריע Dysenterie |
| 0,4 | 0,6 | 1,4 | 0,8 | 2,3 | 2,3 | 8,3 | 2,3 | 2,3 | p. 10 000 | |
| 92 | 187 | 320 | 171 | 417 | 515 | 1 598 | 373 | 277 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 1,3 | 2,8 | 5,0 | 2,7 | 6,6 | 8,3 | 25,9 | 7,4 | 6,3 | p. 10 000 | |
| 422 | 257 | 486 | 297 | 286 | 295 | 501 | 201 | 277 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | בויך־טיפוס Typhus abdominalis |
| 13,4 | 8,0 | 15,2 | 9,3 | 8,9 | 9,1 | 15,3 | 6,4 | 8,7 | p. 10 000 | |
| 981 | 770 | 868 | 704 | 721 | 796 | 1 155 | 516 | 748 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 14,0 | 11,5 | 13,5 | 11,0 | 11,4 | 12,9 | 18,7 | 10,2 | 17,1 | p. 10 000 | |
| — | 1 | — | 1 | 41 | 82 | 176 | 89 | 57 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | רעצידיוו־טיפוס Rückfalltyphus |
| — | — | — | — | 1,3 | 2,5 | 5,4 | 2,8 | 1,8 | p. 10 000 | |
| — | — | 3 | 10 | 115 | 182 | 234 | 157 | 27 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| — | — | — | 0,2 | 1,8 | 2,9 | 3,8 | 3,1 | 0,6 | p. 10 000 | |
| — | — | — | — | 9 | 216 | 36 | 30 | 2 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | פּאָקן Pocken |
| — | — | — | — | 0,3 | 6,6 | 1,1 | 1,0 | 0,1 | p. 10 000 | |
| 2 | — | 6 | 3 | 7 | 218 | 90 | 24 | 11 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| — | — | 0,1 | — | 0,1 | 3,5 | 1,5 | 0,5 | 0,3 | p. 10 000 | |
| 366 | 320 | 301 | 258 | 252 | 186 | 164 | 125 | 5 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | אַנדערע Sonstige |
| 11,7 | 9,9 | 9,4 | 8,0 | 7,8 | 5,7 | 5,0 | 4,0 | 0,1 | p. 10 000 | |
| 1 472 | 1 490 | 1 175 | 1 186 | 1 048 | 710 | 225 | 115 | 16 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 21,0 | 22,2 | 18,2 | 18,6 | 16,5 | 11,5 | 3,6 | 2,3 | 0,4 | p. 10 000 | |

פעלקערונג די מאָרבידיטעט פון 6,6, באַ דער ניט־אידישער אָבער נאָר פון 3,5. אויך באַ רעצידיוו־טיפוס איז די לאַגע אין איי־ניגע יאָרן אויף דער אידישער זייט אומגינציגער ווי אויף דער צווייטער זייט. ווען די מארבידיטעט באַ דער דאָזיגער קראַנק־הייט שטייגט אַם העכסטן — אין יאָר 1920, — שטייט נגען אידישן קאָעפיציענט פון 5,4 בלויז 3,8 באַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג. אין דער אַנטוויקלונג פון דער דיפטעריט־עפי־דעמיק קאָנען מיר אויך באַמערקן דריי יאָר — 1920 ביז 1922, — ווען ביידע באַפעלקערונג־טיילן וויזן אויף כמעט איינע און די זעלבע מאָרבידיטעט־ציפער: באַ דער אידישער באַפעלקע־רונג האַלט זי אין 1920־טן יאָר באַ 2,9, אין 1921־טן באַ 3,4 און אין 1922־טן באַ 3,0, באַ דער ניט־אידישער אַנט־שפרעכנדיג באַ 3,1, 3,1 און 3,0. און צולעצט וועלן מיר אין דער זאַמל־גרופּע „אַנדערע אַקוט־אינפעקציעזע קראַנקהייטן“ גע־

פינען דריי יאָר — 1919 ביז 1921, — ווען די אידישע מאָרבידיטעט האָט שטאַרק איבערגעיאָגט די ניט־אידישע.

די מאָרבידיטעט באַ דער לאָדזער באַפעלקערונג (טאַבעלע XII ) חזרט איבער אין אָט דער באַציאונג די רעזולטאַטן פון דער וואַרשעווער סטאַטיסטיק.

מיר זעהען אַפילו, אַז די גרעסערע פלעק־טיפוס־מאָרבידיטעט באַ דער אידישער באַפעלקערונג איז דאָ אַ ערשיינונג, וואָס חזרט זיך שוין איבער פון יאָר צו יאָר — הן אין די יאָרן פון פאַלן און כמעט פולשטענדיגן פאַרשווינדן פון דער דאָזיגער קראַנקהייט, הן אין די יאָרן פון איר שטייגנדיגער קאָניונקטור. ווי אין וואַרשע, טרעפן מיר אויך דאָ אינם באַזונדערס שווערן יאָר 1918, ווען די פלעק־טיפוס־קראַנקע מאַכן אויס זיבעציג פראָצענט פון אַלע עפידעמיש־קראַנקע, אַ קאָעפיציענט פון 84,3 באַ דער אידישער און כמעט אויף צוויי דריטל אַ קלענערן קאָעפיציענט באַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג.

אויך באַ מאָזלען, וועלכע האָבן אין וואַרשע אַלע יאָרן פאַרכאַפט גרעסערע קרבנות באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג, איז געווען אַ יאָר — 1921, — ווען גענן דער מאָרבידיטעט־ציפער פון 8,4 באַ דעם אידישן טייל פון שטאָט איז באַ די קריסטן געשטאַנען אַ קאָעפיציענט פון בלויז 6,5.

Tab. — XII — טאַב

## די מארבידיטעט פון עפידעמישע חולאתן בא דער איד· און ניט־איד· באפעלקערונג אין לאדז

## Die Verbreitung der epid. Krankheiten unter der jüd. und nichtjüd. Bev. in Lodz

| 1926 | 1925 | 1924 | 1923 | 1922 | 1921 | 1920 | 1919 | 1918 | | Krankheit — קראנקהייט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | 8 | 49 | 55 | 96 | 213 | 259 | 558 | 1 157 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | פלעק־טיפוס Typhus exanthematicus |
| — | 0,4 | 2,8 | 3,2 | 5,9 | 13,6 | 17,3 | 38,5 | 84,3 | p. 10 000 | |
| 4 | 2 | 17 | 26 | 99 | 150 | 419 | 1 035 | 628 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 0,1 | 0,1 | 0,5 | 0,8 | 3,1 | 5,1 | 14,8 | 35,9 | 30,7 | p. 10 000 | |
| 205 | 160 | 74 | 38 | 26 | 36 | 49 | 70 | 61 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | דיפטעריט Diphterie |
| 10,9 | 8,8 | 4,3 | 2,2 | 1,6 | 2,3 | 3,3 | 4,8 | 4,5 | p. 10 000 | |
| 486 | 387 | 261 | 110 | 44 | 76 | 83 | 86 | 72 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 12,9 | 10,7 | 7,6 | 3,3 | 1,4 | 2,5 | 2,9 | 3,0 | 3,5 | p. 10 000 | |
| 292 | 130 | 153 | 169 | 91 | 81 | 468 | 176 | 121 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | סקאַרלאַטין Scharlach |
| 15,6 | 7,2 | 8,8 | 9,9 | 5,6 | 5,2 | 31,2 | 12,1 | 8,8 | p. 10 000 | |
| 647 | 470 | 613 | 247 | 121 | 196 | 835 | 330 | 198 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 17,1 | 13,0 | 18,0 | 7,4 | 3,8 | 6,6 | 29,5 | 11,4 | 9,7 | p. 10 000 | |
| 399 | 306 | 184 | 496 | 58 | 131 | 6 | 157 | — | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | מאָזלען Masern |
| 21,3 | 16,9 | 10,6 | 29,0 | 3,6 | 8,4 | 0,4 | 10,8 | — | p. 10 000 | |
| 1 364 | 1 031 | 709 | 1 169 | 210 | 192 | 25 | 347 | 1 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 36,1 | 28,6 | 20,8 | 35,3 | 6,7 | 6,5 | 0,9 | 12,0 | 0,1 | p. 1 00 | |
| 11 | 8 | 9 | 26 | 36 | 72 | 113 | 94 | 18 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | דיזענטעריע Dysenterie |
| 0,6 | 0,4 | 0,5 | 1,5 | 2,2 | 4,6 | 7,5 | 6,5 | 1,3 | p. 10 000 | |
| 61 | 42 | 109 | 200 | 238 | 331 | 601 | 417 | 43 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 1,6 | 1,2 | 3,2 | 6,0 | 7,5 | 11,2 | 21,2 | 14,5 | 2,1 | p. 10 000 | |
| 354 | 210 | 351 | 346 | 199 | 465 | 311 | 173 | 137 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | בויך־טיפוס Typhus abdominalis |
| 18,9 | 11,6 | 20,1 | 20,2 | 12,2 | 29,8 | 20,7 | 11,9 | 10,0 | p. 10 000 | |
| 450 | 493 | 694 | 696 | 546 | 1 024 | 720 | 300 | 185 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 11,9 | 13,7 | 20,4 | 21,0 | 17,3 | 34,6 | 25,5 | 10,4 | 9,0 | p. 10 000 | |
| 121 | 94 | 339 | 936 | 285 | 171 | 197 | 284 | 141 | . . . . Jüdische Bevölk. — אידן | אנדערע Sonstige |
| 6,4 | 5,2 | 19,4 | 54,7 | 17,5 | 11,0 | 13,1 | 19,6 | 10,3 | p. 10 000 | |
| 285 | 347 | 854 | 2 035 | 794 | 245 | 336 | 721 | 207 | . . . . . Nichtjuden — ניט־אידן | |
| 7,5 | 9,6 | 25,1 | 61,4 | 25,1 | 8,3 | 11,9 | 25,0 | 10,1 | p. 10 000 | |

וויכטיגע אָפּווייכונגען פון אַלגעמיין אָנגענומענעם כלל— דגם ניט אַזעלכע אָפטע, ווי באַ דער מאָרבידיטעט — קאָנסטאַטירן מיר אויך באַ די מ אָ ר ט אַ ל י ט ע ט ־ קאָעפיציענטן פון די נאָך־וואָס באַהאַנדלטע עפידעמישע קראַנקהייטן. אין דער וואַרשעווער סטאַטיסטיק (טאַבעלע XIII) ווענן דער שטאַרבליכקייט פון סקאַרלאַטין זיינען אין ביידע יאָרן פון דער גרויסער סקאַרלאַטין־עפידעמיע — 1920 און 1926 — די קאָעפיציענטן באַ דער אידישער באַפעלקערונג כמעט די זעלבע ווי באַ דער ניט־אידישער. אין 1920־טן יאָר זיינען די ציפערן אַנטשפּרעכנדיג 6,4 און 6,1, אין 1926־טן יאָר — 5,4 און 5,5.

די קאָעפיציענטן פון דער פּאָקן־שטאַרבליכקייט שטייען די גאַנצע צייט כמעט אויף דער גלייכער הויך. פונקט אַזוי גלייכן זיך אויס די קאָעפיציענטן באַ דער שטאַרבליכקייט פון דיפ־טעריט די יאָרן 1922 ביז 1926 (באַ אידן 0,5, 0,4, 0,7, 0,9, 0,7; אויף דער קריסטליכער זייט — 0,7, 0,7, 0,8, 0,9 0,9) און באַ פלעק־טיפוס די יאָרן 1923 ביז 1926.

Tab. — XIII — טאַב.

## די שטאַרבליכקייט פון די וויכטיגסטע עפידעמישע קראַנקהייטן באַ אידן און ניט־אידן אין וואַרשע
## Die Sterblichkeit an epidemischen Krankheiten bei der jüd. und nichtjüd. Bev. in Warschau

| Krankheit — קראַנקהייט | 1916 abs. | 1916 per 10 000 | 1917 abs. | 1917 per 10 000 | 1918 abs. | 1918 per 10 000 | 1919 abs. | 1919 per 10 000 | 1920 abs. | 1920 per 10 000 | 1921—1926 abs. | 1921—1926 per 10 000 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| **אידישע באַפעלקערונג — Jüdische Bevölkerung** | | | | | | | | | | | | |
| פלעק־טיפוס — Typhus exanthematicus | 222 | 6,3 | 851 | 24,8 | 738 | 23,1 | 134 | 4,3 | 55 | 1,7 | 71 | 0,4 |
| בויך־טיפוס — Typhus abdominalis . | 62 | 1,8 | 98 | 2,9 | 73 | 2,3 | 31 | 1,0 | 72 | 2,2 | 220 | 1,1 |
| רעצידיוו־טיפוס — Typhus recurrens | — | — | 2 | 0,1 | 2 | 0,1 | 1 | — | 4 | 0,1 | 1 | — |
| דיפטעריט — Diphterie . . . . | 12 | 0,3 | 7 | 0,2 | 25 | 0,8 | 14 | 0,4 | 21 | 0,6 | 115 | 0,6 |
| שאַרלאַך — Scharlach . . . . . | 19 | 0,5 | 6 | 0,2 | 14 | 0,4 | 27 | 0,9 | 208 | 6,4 | 390 | 2,0 |
| מאָזלען — Masern . . . . . | — | — | 1 | — | 22 | 0,7 | 15 | 0,5 | 8 | 0,2 | 118 | 0,6 |
| פּאָקן — Pocken . . . . . . . | 7 | 0,2 | 2 | 0,1 | 1 | — | 13 | 0,4 | 10 | 0,3 | 90 | 0,5 |
| דיזענטעריע — Dysenterie . . . | 38 | 1,1 | 770 | 22,4 | 50 | 1,6 | 12 | 0,4 | 50 | 1,5 | 23 | 0,1 |
| **ניט־אידישע באַפעלקערונג — Nichtjüdische Bevölkerung** | | | | | | | | | | | | |
| פלעק־טיפוס — Typhus exanthematicus | 111 | 2,6 | 589 | 11.9 | 739 | 16,9 | 4[illegible]9 | 9,7 | 187 | 3,0 | 173 | 0,4 |
| בויך־טיפוס — Typhus abdominalis . | 92 | 2,1 | 191 | 3,9 | 141 | 3,2 | 112 | 2,2 | 210 | 3,4 | 696 | 1,8 |
| רעצידיוו־טיפוס — Typhus recurrens | — | — | — | — | 2 | — | 2 | — | 2 | — | 6 | — |
| דיפטעריט — Diphterie . . . . | 43 | 1,0 | 62 | 1,3 | 58 | 1,3 | 49 | 1,0 | 60 | 1,0 | 298 | 0,8 |
| שאַרלאַך — Scharlach . . . . | 60 | 1,4 | 53 | 1,1 | 66 | 1,5 | 104 | 2,1 | 374 | 6,1 | 1.182 | 3,0 |
| מאָזלען — Masern . . . . . | 16 | 0,4 | 54 | 1,1 | 166 | 3,8 | 183 | 3,6 | 34 | 0,6 | 642 | 1,6 |
| פּאָקן — Pocken . . . . . . | 14 | 0,3 | 2 | — | 3 | 0,1 | 7 | 0,1 | 28 | 0,5 | 204 | 0,5 |
| דיזענטעריע — Dysenterie . . . | 144 | 3,4 | 1.668 | 33,8 | 128 | 2,9 | 100 | 2,0 | 334 | 5,4 | 241 | 0,6 |

אין לאָדז (טאַבעלע XIV) האָבן מיר די זעלבע ערשיינונג באַ דיפטעריט אין 1923־טן יאָר (1,1 באַ אידן און 1,4 באַ קריסטן) און אין יאָר 1926 (1,7 באַ אידן און 1,9 באַ קריסטן); באַ בויך־טיפוס אין 1924 און 1925 (אַנטשפּרעכנדיג 2,6 און 1,4 באַ אידן; 2,9 און 1,7 באַ ניט־אידן), ווי אויך באַ פלעק־טיפוס אין די יאָרן 1923 און 1924 (0,2 און 0,3 באַ אידן, 0,1 און 0,1 באַ ניט־אידן).

בעת דער עפּידעמיע פון אַזיאַטישער כאָלערא דאָס יאָר 1915 אין *לעמבערג* — די איינציגע שטאָט, וואו די דאָזיגע עפּידעמיע האָט זיך ברייט פאַנאַנדערגעשפּרייט, — זיינען באַ דער אידישער באַפעלקערונג (אַן ערך 65000 נפשות) געשטאָרבן 225 אָדער 34,6 אויף יעדע 10.000, ווען באַ די ניט־אידישע איינוואוינער זיינען צו דער גלייכער צייט געשטאָרבן 557 נפשות, אָדער 37,8 אויף 10 000.

אַזעלכע אָפּווייכונגען פון אַלגעמיינעם כלל קאָן מען אין דער נייעסטער סטאַטיסטיק געפינען ניט ווייניג. אָבער שוין פון די ביישפּילן, וועלכע זיינען דאָ אויפגעפירט געוואָרן, ווערט קלאָר, אַז דער אַלגעמיין אָנגענומענער כלל וועגן דער מינדער־קרענקעוודיגקייט און מינדערשטאַרבליכקייט פון עפּידעמישע קראַנקהייטן באַ אידן קאָן בשום אופן ניט אויסגעשפּראָכן ווערן מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט און קאַטעגאָרישקייט. עס זיינען נויטיג באַגרענצונגען און גאַנץ ממשותדיגע קאָרעקטיוון, פונקט ווי ס'איז אין יעדן באַזונדערן פאַל נויטיג אַ גענויער אַנאַליז פון די קאָנקרעטע און ספּעציפישע סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען באַ דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג. נאָכן אַנאַליז פון די אויבן געבראַכטע מאַטעריאַלן לאָזט זיך אָבער מיט באַשטימטקייט זאָגן, אַז די ספּעציפישע באַזונדערקייט און די געוויסע פּריווילעגיע פון דער אידישער באַפעלקערונג לגבי די עפּידעמישע קראַנקהייטן קומען אַ סך קלאָרער און מיט אַ סך אַ שטרענגערער געזעצמעסיגקייט צום אויסדרוק אין דער שטאַרבליכקייט איידער אין דער מאָרבידיטעט. די אויסנאַמעס לטובת דער ניט־אידישער באַפעלקערונג ווערן דאָ זעלטענער, דער מהלך צווישן די אידישע און ניט־אידישע קאָעפיציענטן פיל ווייטער.

צו די אינטערעסאַנטסטע אויסנאַמען, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן ביים אַנאַליז פון דער מאָרטאַליטעט, געהערט די *באַדייטנדיג העכערע שטאַרבליכקייט באַ אידן פון פלעק־טיפוס גראָד אין די יאָרן פון זיין הויך־קאָניונקטור*. אַזוי זעהען מיר אין יאָר 1917 אין וואַרשע אַ אידישע שטאַרבליכקייט־ציפער — 24,8, — וואָס איז מער ווי צוויי מאָל העכער פון דער ניט־אידישער (11,9). אין יאָר 1916 איז די שטאַרבליכקייט פון פלעק־טיפוס באַ דער אידישער באַפעלקערונג כמעט דריטהאַלבן מאָל העכער ווי באַ דער ניט־אידישער (6,3 געגן 2,6) און אין 1918־טן

Tab. — XIV — טאב.

**שטארבליכקייט פון עפידעמישע קראנקהייטן בא דער אידי׳ און ניט־אידי׳ באפעלקערונג אין לאדז**

**Die Sterblichkeit an epidemischen Krankheiten bei den Juden u. Nichtjuden in Lodz**

| 1926 | | 1925 | | 1924 | | 1923 | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| בא ניט־אידן bei den Nichtjuden | בא אידן bei den Juden | בא ניט־אידן bei den Nichtjuden | בא אידן bei den Juden | בא ניט־אידן bei den Nichtjuden | בא אידן bei den Juden | בא ניט־אידן bei den Nichtjuden | בא אידן bei den Juden | קראנקהייטן Krankheiten |
| 79 | 23 | 103 | 25 | 118 | 25 | 32 | 10 | סקאַרלאַטין — Scharlach . . . . . . |
| 2,1 | 1,2 | 2,9 | 1,4 | 3,5 | 1,4 | 1,0 | 0,6 | p. 10 000 |
| 55 | 11 | 48 | 13 | 33 | 3 | 172 | 39 | מאָזלען — Masern . . . . . . . . . . |
| 1,5 | 0,6 | 1,3 | 0,7 | 1;0 | 0,2 | 5,2 | 2,3 | p. 10 000 |
| 8 | — | 18 | 2 | 25 | 5 | 198 | 20 | דיזענטעריע — Dysenterie . . . . . . |
| 0,2 | — | 0,5 | 0,1 | 0,7 | 0,3 | 6,0 | 1,2 | p. 10 000 |
| 71 | 32 | 76 | 31 | 66 | 15 | 46 | 19 | דיפטעריט — Diphterie . . . . . . . |
| 1,9 | 1,7 | 2,1 | 1,7 | 1,9 | 0,9 | 1,4 | 1,1 | p. 10 000 |
| 70 | 42 | 61 | 26 | 120 | 46 | 120 | 41 | בויך־טיפוס — Typhus abdominalis . . |
| 1,9 | 2,2 | 1,7 | 1,4 | 2,9 | 2,6 | 3,6 | 2,4 | p. 10 000 |
| — | — | 2 | — | 2 | 5 | 3 | 4 | פלעק־טיפוס — Typhus exanthemat. . . |
| — | — | 0,1 | — | 0,3 | 0,1 | 0,1 | 0,2 | p. 10 000 |

יאָר שטייט גענן דער קריסטליכער שטאַרבליכקייט פון 16,9 אויף 10 000 אַ אידישע פון 23,1. בעת דער עפידעמיע פון פלעק־טיפוס אין לעמבערג, אין יאָר 1920, זיינען פון דער דאָזיגער קראַנקהייט געשטאָרבן באַ אידן 18,5 אויף יעדע 10,000, באַ די ניט־אידן — נאָר 17,4. עס חזרט זיך דאָ איבער אַלזאָ די זעלבע ערשיינונג, וואָס האָט זיך אַזוי בולט אַנטפּלעקט באַ די מאָרבידיטעט־פאַרהעלטענישן אין וואַרשע און אין לאָדז.

די איינציגע עפידעמישע קראַנקהייט, וואו אויסנאַמעס לטובת דער ניט־אידישער באַפעלקערונג קומען אויף זייער זעלטן אין וואו עס האַלט כמעט די גאַנצע צייט אָן אַ שאַרפע דיסקרעפּאַנץ צווישן די אידישע און ניט־אידישע שטאַרבליכקייט־ און מאָרבידיטעט־ציפערן, איז ד י ז ע נ ט ע ר י ע. נעמען מיר הידעראַמאָל דאָס יאָר 1920, אויף וועלכן ס'איז אויסגעפאַלן אין וואַרשע און אין לאָדז אַ שטאַרקע דיזענטעריע־עפּידעמיע, שטעלט זיך אַרויס, אַז אויף יעדע 10 000 אידן זיינען אין וואַרשע קראַנק געוואָרן בלויז 8,3 און אין לאָדז 7,5, בשעת אויף דער זעלבער צאָל ניט־אידישע איינוואוינער זיינען אויסגעקומען אַנטשפּרעכנדיג 25,9 און 21,2 קראַנקע. געשטאָרבן זיינען אין זעלבן יאָר באַ אידן אין וואַרשע בלויז 1,5 אויף 10 000, באַ ניט־אידן — 5,4. אין 1918, ווען די עפּידעמיע פון דיזענטעריע אין וואַרשע האָט געהאַלטן באַ נאָך אַ העכערער מדרגה, זיינען באַ די ניט־אידישע איינוואוינער פון שטאָט געשטאָרבן 33,8 אויף 10 000, באַ די אידישע אָבער נאָר 22,4.

די דאָזיגע ביז גאָר אינטערעסאַנטע אויסנאַם־לאַגע פון דער דיזענטעריע טרעפט מען ניט נאָר אין וואַרשע און אין לאָדז, נאָר אויך אין אַלע אַנדערע שטעט. פאַר זעלבע מיר פאַרמאָגן אַ גענויע שטאַרבליכקייט־ און מאָרבידיטעט־סטאַטיסטיק. מיר וועלן ברענגען דאָ נאָר איינציגע ביישפּילן וועגן די שטעט קראָקע, לעמבערג, בודאַפּעשט און לענינגראַד, באַנוצנדיג דערביי נאָר די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, וואָס באַציען זיך אויף די לעצטע יאָרן.

לויט די נאָך ניט פאַרעפנטליכטע סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן פון קראָקער שטאָטישן סטאַטיסטישן אַמט, וועלכע מיר קאָנען דאָ באַנוצן, האָט די דיזענטעריע־שטאַרבליכקייט אין די יאָרן 1915 ביז 1921 באַ דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג פון קראָקע באַטראָפן:

Tab. — XV — טאב.

**די שטארבליכקייט פון דיזענטעריע בא אידן און ניט־אידן אין קראָקע**

**Die Sterblichkeit an Dysenterie in Krakau**

| בא ניט־אידן bei den Nichtjuden | | בא אידן bei den Juden | | יאר Jahr |
|---|---|---|---|---|
| per 10.000 | absolut | per 10.000 | absolut | |
| 2,3 | 34 | 0,7 | 3 | 1915 |
| 1,7 | 25 | 0,2 | 1 | 1916 |
| 15,8 | 226 | 11,0 | 49 | 1917 |
| 6,0 | 84 | 9,0 | 40 | 1918 |
| 6,1 | 87 | 0,7 | 3 | 1919 |
| 18,1 | 245 | 4,9 | 22 | 1920 |
| 8,7 | 121 | 2,4 | 11 | 1921 |

באַ דער אידישער באַפעלקערונג שטייט בלויז אין 1918־טן יאָר אַ העכערער קאָעפיציענט, אין אַלע איבעריגע יאָרן איז די לאַגע פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג אַ סך אומגינציגער ווי באַ דער אידישער באַפעלקערונג פון שטאָט.

וועגן דער שטאַרבּליכקייט פון דיזענטעריע אין לעמבּערג גיט אַ פאָרשטעלונג די ווייטערדיגע טאַבּעלע:

Tab. — XVI — טאַבּ.

**די שטאַרבּליכקייט פון דיזענטעריע בּאַ אידן און ניט־אידן אין לעמבּערג**

Die Sterblichkeit an Dysenterie in Lemberg

| Jahr — יאָר | Juden — אידן | | Nichtjuden — ניט־אידן | |
|---|---|---|---|---|
| | absolut | per 10000 | absolut | per 10 000 |
| 1915 | 40 | 6,2 | 199 | 13,5 |
| 1920 | 37 | 4,9 | 231 | 17,3 |
| 1921 | 12 | 1,6 | 63 | 4,4 |
| 1922 | 2 | 0,2 | 26 | 1,7 |

אין די שטילע צוויי יאָר 1924 און 1925 זיינען אין בּודאַפּעשט געשטאָרבּן פון דיזענטעריע אויף יעדע 10 000 נפשות:

**Es starben an Dysenterie in Budapest per 10000 Einwohner:**

| | בּאַ אידן<br>bei den Juden | בּאַ ניט־אידן<br>bei den Nichtjuden |
|---|---|---|
| 1924 | 0,5 | 2,1 |
| 1925 | 0,1 | 1,6 |

און צום סוף, אין לענינגראַד, וואו די שרעקליכע הונגער־יאָרן פון 1918—20 זיינען געווען בּאַגלייט מיט אַ שווערער דיזענטעריע־עפּידעמיע, האָט די שטאַרבּליכקייט־ציפער (אויף יעדע 10 000 איינוואוינער) דערגרייכט [1]):

Tab. — XVII — טאַבּ.

**די שטאַרבּליכקייט פון דיזענטעריע אין לענינגראַד**
**Es starben an Dysenterie in Leningrad p. 10 000 Einw.:**

| Jahr — יאָר | בּאַ אידן<br>bei den Juden | בּאַ ניט־אידן<br>bei den Nichtjuden |
|---|---|---|
| 1910—14 | 0,8 | 1,6 |
| 1915—17 | 3,5 | 5,5 |
| 1918—20 | 16,8 | 23,4 |
| 1922—24 | 2,5 | 9,0 |

חוץ איין יאָר 1918 אין קראָקע, האָט די אידישע בּאַפעלקערונג אין אַלע אויסגערעכנטע שטעט אַפילו אין די יאָרן פון די שווערסטע עפּידעמיעס אַ סך ווייניגער געליטן פון דער דיזענטעריע, ווי די ניט־אידישע,—אַ ערשיינונג, וואָס איז פּונקט דער היפּך פון דעם, וואָס מיר האָבּן נאָרוואָס געקאָנט פעסטשטעלן בּנוגע דער פלעק־טיפוס־עפּידעמיע.

די דאָזיגע צוויי קראַנקהייטן — די דיזענטעריע און פלעקטיפוס, — בּאַ וועלכע די שטאַרבּליכקייט און די מאָרבּידיטעט פון דער אידישער בּאַפעלקערונג האָבּן אַרויסגעוויזן אין אונזערע מאַטעריאַלן אַזעלכע אינטערעסאַנטע און גאַנץ סתירות'דיגע אייגנשאַפטן, שיינען אונז צו זיין פאַר דער פאָרשונג פון פּראָבּלעם פון גאָר בּאַזונדערער וויכטיגקייט. דערגייען מיר אָט דאָ די סיבּות פון די כאַראַקטעריסטישע אויסנאַמעס, האָבּן מיר געפונען אויך דעם שליסל צו דער לעזונג פון פּראָבּלעם בּכלל.

מיר האָבּן דאָ פאַר זיך צוויי קראַנקהייטן, וואָס לויט דער פאָרם פון זייער פאַרשפּרייטונג מוזן זיי שטרייננג אויסגעטיילט ווערן פון אַלע אַנדערע מינים אַקוטע אינפעקציעס. להיפּך צו אַזאַ קראַנקהייט, ווי גריפּ, וואו דער אויפרעגער איז אוּבּיקוויטאַר און ווייסט ניט פון קיין אָפּהאַלט פאַר קיינע שיכטן פון דער בּאַפעלקערונג, איז דיזענטעריע לאָקאַליזירט און דער דעצידירנדיגער מאָמענט אין איר פאַרשפּרייטונג איז דער גראַד פון סאַניטאַר־היגיענישער קולטורעלקייט בּאַ דער בּאַפעלקערונג. מיר קאָנען זי דעריבּער בּאַצייכענען אַלס די אויסגעשפּראָכנסטע פאָרם פון ניט־קאָנטאַקט־אינפעקציעס. פאַרקערט, אין דער פאַרשפּרייטונג פון פלעק־טיפוס מוז מען אַלס הויפּט־פאַקטאָר אַוועקשטעלן אַזאַ אָבּיעקטיוון מאָמענט, ווי דער גראַד פון בּאַפעלקערטקייט, צו וועלכן ס'קומען נאָך צו די מאָמענטן פון לבוש, פון פּערזענליכער היגיענע און ריינקייט. אויף אַזאַ אופן ערשיינט דער פלעק־טיפוס אַלס ריינסטע פאָרם פון קאָנטאַקט־אינפעקציען.

פון דעם נאָרוואָס געזאָגטן פאָלגט:

1) בּעת שטאַרקע דיזענטעריע־עפּידעמיעס וועט ווייניגער קרבּנות טראָגן דער רייכערער טייל בּאַפעלקערונג, וואָס געפינט זיך אין בּעסערע סאַניטאַרע בּאַדינגונגען און איז אין אַ געהעריגער מאָס פאַרזאָרגט מיט מעדיצינישער הילף;

2) אַ אָרימערע בּאַפעלקערונג מיט אַלטע און פאַרוואָרצלטע סאַניטאַר־היגיענישע געוואוינהייטן און מיט אַ גרעסערער זאָרגעוודיגקייט פאַרן געזונט קאָן פון דער דיזענטעריע געשאַנעוועט ווערן מער ווי אַ רייכערע, בּאַ וועלכער די דאָזיגע געוואוינהייטן און מעלות זיינען יונגער און שוואַכער;

3) בּאַ שווערע אויסבּרוכן פון פלעק־טיפוס וועט די רייכערע אָבּער געדיכטערע בּאַפעלקערונג בּריינגען דער עפּידעמיע אַ סך מער קרבּנות ווי אַפילו די אָרימסטע און קולטורעל־אָפּגעשטאַנענסטע בּאַפעלקערונג, אויבּ די לעצטע וואוינט נאָר צעשפּרייטער און פרייער;

4) בּאַ גלייכער געדיכטקייט וועט זיך בּעת אַ פלעק־טיפוס־עפּידעמיע געפינען יענע בּאַפעלקערונג אין אַ בּעסערער לאַגע, וועלכע קליידעט זיך ריינער און צייכנט זיך אויס מיט פּערזענליכער ריינקייט און היגיענישע רגילותן.

וויל מען קאָנטראָלירן די ריכטיגקייט פון אָט די טעאָרעטישע הנחות אויף די בּיישפּילן פון דער קאָנקרעטער אידישערווירקליכקייט, קאָן מען קיין בּעסער עקספּערימענט־פעלד ווי וואַרשע ניט געפינען. ניט נאָר וויל אין וואַרשע זיינען אָט די בּיידע עפּידעמיעס אויפגעטראָטן אין אַ „אידעאַלער" פאָרם און אין אַ פאַרנעם, צו וועלכן ס'איז ניטאָ קיין גלייכנס אין וועלכער ס'ניט איז אַנדער שטאָט פון מזרח־אָדער גאָר פון מערבּ־אייראָפּע; ניט נאָר וויל וואַרשע איז די גרעסטע און טיפּישסטע אידישע קהלה פון דער וועלט; ניט אויך דערפאַר, וואָס דאָ טרעפן מיר בּאַ דער אידישער בּאַפעלקערונג אַלע גראַדאַציעס פון קולטור און וואוילשטאַנד, אָנהויבּנדיג פון די געדיכטע, כמעט אין מיטלאַלטער — לויט זייערע מנהגים, בּאַדערפעניש א. א. וו. — פאַרגליווערטע מאַסן בּיז די שפּיצן פון דער אַסימילירטער בּורזשואַזיע און דער מאָדערנער אינטעליגענץ, — נאָר דערפאַר, וויל דאָ זיינען אָט די אַלע קלאַסן

1) ד"ר בּ. בּינשטאָק און ד"ר ס. נאַוואָסעלסקי: טויט־סיבּות בּאַ דער אידישער בּאַפעלקערונג פון פּעטערבּורג.—אין די „בּלעטער פאַר אידישע דעמאָגראַפיע, סטאַטיסטיק און עקאָנאָמיק". № 4, זייט 252, בּערלין, 1924, ווי אויך (פאַר די יאָרן 1922-24) די מאַטעריאַלן פון געזעלשאַפט „אָזע" אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג „געזאָליי", דיוסעלדאָרף 1926, בּאַאַרבּעט פון יעקבּ לעשצינסקי און י. קאָראַלניק.

און שיכטן, צווישן וועלכע ס׳זיינען אַזוי אויך פֿאַראַן גענוג מחיצות, אויך טעריטאָריאַל כמעט אָפּגעגרעניצט איינער פֿון אַנדערן.

צום צוועק פֿון אונזער אונטערזוכונג האָבן מיר אויסגעקליבן די שטאָטישע ראַיאָנען I, III, IV, V, VI, VII, VIII, IX, X, XI, XII און XIII. האָט יעדער פֿון זיי שטעלט פֿאָר מיט זיך אַ גאַנץ באַזונדערע איינהייט מיט אַ גאַנץ פֿאַרשיידענעם און אייגנאַרטיגן נאַציאָנאַלן, קולטורעלן, פּראָפֿעסיאָנעלן און סאָציאַלן פּנים.

נעמענדיג אָט די אויסגערעכנטע באַצירקן צום יאָר 1917, אין דער צייט פֿון די גרעסטע פֿלעק־טיפֿוס־ און דיזענטעריע־עפּידעמיעס אין וואַרשע, טרעפֿן מיר אין זיי פֿאָלגנדיגן נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל און גראַד פֿון באַפֿעלקערטקייט (די באַצירקן זיינען אויסגעשטעלט לויט דער גרויס פֿון פּראָצענט אידן).

Tab. — XVIII — טאַב.

## די איינטיילונג פֿון די באזונדערע שטאָט־ראַיאָנען אין וואַרשע לויטן פּראָצענט אידן און געדיכטקייט

## Die nationale Zusammensetzung und die Bevölkerungsdichte der einzelnen Stadtbezirke in Warschau

| ראַיאָן<br>Stadtbezirk | די גאַנצע באַפֿעלקערונג — 1917 —<br>Gesamt-bevölkerung | פֿון דעם אידן<br>davon Israeliten<br>absolut | <br><br>% | צאָל נפֿשות אויף 1 העקטאַר — 1918 —<br>Bevölkerungs-dichte pro ha | צאָל נפֿשות אויף איין צימער — 1919 —<br>Durchschnittszahl der Einw. pro Zimmer | % איינוו. אין דירות מיט 5 און מער צימער<br>% d. Bevölkerung in 5- und mehr Zimmer-Wohnungen |
|---|---|---|---|---|---|---|
| IV | 56 834 | 53 665 | 94,4 | 462,6 | 2,09 | 16,1 |
| V | 77 716 | 61 181 | 78,7 | 329,6 | 2,69 | 11,6 |
| III | 76 648 | 48 371 | 63,1 | 396,9 | 2,15 | 3,8 |
| VIII | 63 050 | 37 425 | 59,4 | 596,4 | 1,74 | 31,8 |
| XII | 23 555 | 10 606 | 45,0 | 185,9 | 1,32 | 39,6 |
| VII | 78 152 | 34 421 | 44,1 | 416,1 | 2,15 | 9,7 |
| VI | 62 734 | 20 865 | 33,3 | 283,2 | 2,32 | 5,9 |
| XIII | 43 271 | 4 918 | 11,4 | 285,5 | 1,39 | 32.5 |
| I | 32 464 | 3 508 | 10,8 | 265,4 | 1,70 | 17,2 |
| XI | 38 180 | 4 079 | 10,7 | 208,8 | 1,44 | 31,5 |
| X | 37 814 | 3 476 | 9,2 | 345,0 | 1,37 | 31,8 |
| IX | 29 402 | 2 336 | 7,9 | 58,9 | 1,61 | 24,0 |

לויט דער דאָזיגער טאַבעלע האָבן מיר און וואַרשע:

1) איין אויסשליסליך אידישן ראַיאָן — דעם ראַיאָן IV (די גוט באַקאַנטע נאַלעווקים);

2) דריי ראַיאָנען מיט 60 ביז 80 פּראָצענט אידן — ראַיאָן V (הויפּטגאַסן—אָקאָפּאָווע, סטאַווקי, מילאַ, גענשאַ, סמאָטשאַ, פּאַוויאַ); ראַיאָן III (הויפּטגאַסן — דזשיעלנאַ, נאָוואָליפּקי, נאַלעווקי, לעשנאָ); ראַיאָן VIII (געגנט פֿון מאַרשאַלקאָווסקאַ, שיענאַ, טוואַרדאַ);

3) פֿינף כמעט אויסשליסליך קריסטליכע ראַיאָנען — די ראַיאָנען X און XI (געגנט פֿון אַלעיאַ יעראָזאָלימסקאַ און טייל מאַרשאַלקאָווסקאַ; נאָווי שוויאַט, אָגראָד סאַסקי), ראַיאָן I (קראַקאָווסקיע פּשעדמיעשציע און אַנד.) ווי אויך דער פֿאַרהעלטניסמעסיג נייער טייל שטאָט: ראַיאָן IX (געגנט פֿון די לאַזשענקיס, אַלעיאַ אויאַזדאָווסקאַ, אַלעיאַ ראָז) און ראַיאָן XIII (געגנט פֿון טשערניאַקאָווסקאַ).

4) די ראַיאָנען VI (געגנט פֿון כמיעלנאַ, גזשיבאָווסקאַ א. א. וו.), XII (געגנט פֿון פּלאַץ טעאַטראַלני) און VII (געגנט פֿון פּלאָצקאַ, אָנטאָראָווצאַ און אַנד.), וואָס פֿאַרנעמען דעם מיטעלן פּלאַץ.

ווי ס׳איז צו זעהען פֿון דער טאַבעלע, געהערן די ראַיאָנען מיט דער אידישער מערהייט צו די אַם געדיכטעסטן באַפֿעלקערטע, די אידן־ריינע — צו די שיטערסטע ראַיאָנען.

אייב נעמען דעם פּראָצענט באַפֿעלקערונג, וואָס באַוואוינט דירות מיט 5 און מער צימערן, אַלס איינעם פֿון די אָביעקטיווע קריטעריומס פֿאַרן וואוילשטאַנד פֿון ראַיאָן, וועט זיך אַרויסשטעלן, אַז פֿון די ראַיאָנען מיט אַ איבערוויגנדיגער אידישער מערהייט האָט דער ראַיאָן VIII געהאַט 31,8 פּראָצענט אַזעלכע איינוואוינער, דער ראַיאָן IV — 16,1 פּראָצענט, ראַיאָן V — 11,6 פּראָצענט און ראַיאָן III — נאָר 3,8 פּראָצענט. אין די צוויי ראַיאָנען, וואָס פֿאַרנעמען לויטן פּראָצענט אידן דעם מיטלדיגן פּלאַץ, האָט דער פּראָצענט רייכע איינוואוינער באַטראָפֿן: אין VI־טן — 5,9, און VII־טן — 9,7. אין די איבעריגע, איבערוויגנדיג קריסטליכע, ראַיאָנען איז ער געווען אַ סך העכער.

אין אַלגעמיין לאָזן זיך די אויסגערעכנטע ראַיאָנען לויטן גראַד פֿון וואוילשטאַנד, פּראָפֿעסיאָנעלן און סאָציאַלן כאַראַקטער ווי אויך סאַניטאַרע באַדינגונגען איינטיילן אין פֿאָלגנדיגע זעקס גרופּעס:

גרופּע A — וואוהין ס׳גייט אַריין דער אידישער ראַיאָן IV מיט אַ באַפֿעלקערונג, וועלכע באַשטייט אין איר מערהייט פֿון פֿאַרמעגליכן סוחרים־קלאַס;

גרופּע B — מיט די איבערוויגנדיג אידישע ראַיאָנען III און V, וואו ס׳זיינען קאָנצענטרירט דאָס אידישע קליינהענדלערטום, די אידישע בעלי־מלאכות און דער אידישער פּראָלעטאַריאַט (דער לעצטער באַזונדערס אין ראַיאָן V);

גרופּע C — ראַיאָן VIII מיט דעם רייכערן, אַסימילירטערן טייל פֿון וואַרשעווער אידנטום;

גרופּע D — ראַיאָנען I, X און XII (מיטלשטאָט) מיט אַ רייכער קריסטליכער באַפֿעלקערונג;

ג ר ו פ ע E — ראַיאָנען XI ,IX און XIII מיט אַ רייכער קריסטליכער באַפעלקערונג און זייער אַ הויכן פּראָצענט פּראָ־פעסיאָנעלע אינטעליגענץ און באַאַמטע;

ג ר ו פ ע F — וואָס נעמט אַריין די ראַיאָנען VI און VII, אין וועלכע ס׳איז אַריינגעשפּאַרט דער קריסטליכער פּראָלע־טאַריאַט.[1]

די רעזולטאַטן, וואָס באַקומען זיך בײַם גלידערן דעם מאַ־טעריאַל און אָט אַזאַ סדר, אַנטשפּרעכט אויף אַ גלענצענדיג־סטען אופן די טאָערעטישע דערוואַרטונגען (טאַב. XIX)

נעמט מען צוערשט די דיזענטעריע־מאָרבידיטעט, וועט אין דער שפּיץ פון דער רייע, מיטן קלענסטן קאָעפיציענט שטיין דער אידישער ראַיאָן — גרופּע A. באַלד נאָך אים קומט די רייכע גרופּע C, וואו די אידישע באַפעלקערונג מאַכט אויס זעכציג פּראָצענט. די רייכע גרופּע D, וואו אידן בילדן ניט מער ווי 18,1 פּראָצענט, גייט ערשט אויפן דריטן אָרט מיט אַ קאָעפיציענט, וואָס איז אויף פערציג פּראָצענט גרעסער ווי אינם אויסשליסליך אידישן ראַיאָן. מיט נאָך אַ העכערן קאָעפיציענט פאָלגט די גרופּע E, די ראַיאָנען מיטן הויכן אָנטייל פון פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ און באַאַמטע. דעם פינפטן און זעקסטן אָרט טיילן צווישן זיך די אָרימסטע ראַ־יאָנען — גרופּע B און F. דערבײַ איז דער קאָעפיציענט אין גרופּע B — מיט 71,0 פּראָצענט אידן — כמעט דריי מאָל אַזוי גרויס ווי אין דעם ראַיאָן IV, אויף די נאַלעווקיס מיט זייער פאַרמעגליכער אידישער באַפעלקערונג.

Tab. — XIX — טאַב.

## די קרענקעווידיגקייט און שטארבליכקייט פון דיזענטעריע אין רייכע און ארימע ראיאנען

## Die Dysenterie-Morbidität und Mortalität in den armen und reichen Bezirken Warschaus

| Mortalität — שטאַרבליכקייט | | | | | | Morbidität — קרענקקעווידיגקייט | | | | | | ראיאן Stadtbezirk* |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1919—25 | | 1918 | | 1917 | | 1919—25 | | 1918 | | 1917 | | |
| p. 10000 | abaolut | p. 10000 | absolut | p. 10000 | absolut | p. 10000 | absolut | p. 10000 | absolut | p. 10000 | absolut | |
| 0,4 | 16 | 1,7 | 9 | 13,2 | 75 | 3,2 | 117 | 2,2 | 12 | 38,2 | 217 | A |
| 0,7 | 34 | 1,2 | 7 | 15,9 | 100 | 4,6 | 220 | 3,7 | 22 | 47,9 | 302 | C |
| 1,1 | 86 | 1,1 | 10 | 18,5 | 174 | 6,4 | 518 | 4,3 | 39 | 53,8 | 505 | D |
| 1,3 | 131 | 2,7 | 30 | 22,9 | 254 | 7,0 | 725 | 5,5 | 61 | 60,0 | 665 | E |
| 1,2 | 105 | 3,2 | 38 | 36,4 | 513 | 5,3 | 552 | 11;6 | 138 | 101,5 | 1 430 | F |
| 1,0 | 85 | 2,8 | 38 | 41,5 | 640 | 5,0 | 532 | 4,6 | 63 | 105,1 | 1 623 | B |

* A—Bemittelte jüd. Bev.; B—Arme jüd. Bev.; C—Reiche jüd. Bev.; D—Reiche christ. Bev.; E—Christ. Beamte u. Berufsintelligenz; F—Christ. proletarische Bev.

וואָלט אין גרופּע C געווען מעגליך עלימינירן די ווירקונג פון די פערציג פּראָצענט ניט־אידישער באַפעלקערונג, וואָלט די רייע געוויס זיך אויסגעשטעלט און גאָר אַ אידעאַלן סדר: רייכע אידישע באַפעלקערונג — פאַרמעגליכע אידישע באַפעלקע־רונג — רייכע און פאַרמעגליכע ניט־אידישע באַפעלקערונג — אָרימע און אָרימסטע אידישע און ניט אידישע באַפעלקערונג.[2]

אין די נאָרמאַלע, שטילע יאָרן, ווען זייטיגע מאָמענטן און צופעליגקייטן ווירקן אויף דער געשטאַלטונג פון דער מאָר־בידיטעט אַ סך שטאַרקער ווי בײַ גרויסע אויסברוכן פון דער עפּידעמיע, ווערט דער דאָזיגער סדר געשטערט; אָבער אויך דעמאָלט (1918—25) בלייבט דער ריין־אידישער רייכערער ראַיאָן IV אין דער גינציגסטער לאַגע, מיט אַ צוויימאָל נידעריגן מאָרבידיטעט־קאָעפיציענט ווי די רייכע ניט־אידישע געגנטן, און דער אידישער אָרימער ראַיאָן בלייבט ווייטער בײַ אַ העכערער קרענקעווידיגקייט ווי די רייכערע אידישע באַפעלקערונג.

וואָס איז שייך דער ש ט אַ ר ב ל י כ ק י י ט פון דיזענטעריע, קאָן מען אויך דאָ פעסטשטעלן דעמזעלבן כמעט אידעאַלן סדר — פון רייך צו אָרים, מיט דער רייכערער אידישער באַ־פעלקערונג אויף דער נידעריגסטער שטופע — אין יאָר פון דער גרויסער עפּידעמיע און אַ געוויסן אָפּקער פון דער דאָזיגער אָרדנונג — אָבער ווידעראַמאָל אויסער די ראַיאָנען מיט דער אידישער מערהייט — אין די יאָרן פון פאַלנדיגער באַוועגונג.

מיר זיינען צוגעקומען צום אינטערעסאַנטעסטן פונקט — צו די פאַרהעלטענישן בײַם פלעק־טיפוס, וואו אונזערע טעאָרע־טישע הנחות ווערן באַשטעטיגט אין דער אידעאַלסטער פאָרם.

ס׳איז גענוג אַ קוק צו טאָן אויף טאַבעלע XX, כדי באַלד צו באַמערקן, אַז דער גאַנצער סדר, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס פעסטגעשטעלט אין דער קרענקעווידיגקייט און שטאַרבליכקייט פון דיזענטעריע, האָט זיך בײַם פלעק־טיפוס געביטן פון אָנ־הויב ביזן סוף. צי נעמען מיר די יאָרן פון דער גרויסער עפּי־דעמיע 1917 און 1918 צי אַפילו די רוהיגע צייט 1919 ביז 1925, — אין אַלע פאַלן טרעפן מיר די נידעריגסטע קרענקעווידיג־קייט אין גרופּע E, וואָס האָט אויך דעם נידעריגסטן גראַד באַפעלקערטקייט (124,7 נפשות פּראָ העקטאַר). פונקט אַזוי וועט אין אַלע פאַלן פיגורירן אויפן צווייטן אָרט די רייכע גרופּע D, ד. ה. אויף דעם זעלבן אָרט, וואָס קומט איר לויט איר באַפעלקערטקייט — 250,9 נפשות פּראָ העקטאַר. דעם דריטן אָרט פאַרנעמען די אָרימסטע שיכטן פון דער קריסט־ליכער באַפעלקערונג, די ראַיאָנען VI און VII מיט אַ גע־דיכטקייט, וואָס איז מער ווי אַנדערטהאַלבן מאָל גרעסער און אַ מאָרבידיטעט, וואָס איז מער ווי צוויי מאָל אַזוי גרויס, ווי אין דער גרופּע D. די אידישע ראַיאָנען, די באַפעלקערונג פון

[1] די דאזיגע איינטיילונג פאלט כמעט אינגאנצן צונויף מיט דער סכעמע, וואס איז אנגענומען געווארן אין ווארשעווער סטאטיסטישן אמט ביים באארבעטן די רעזולטאטן פון דער פאלקציילונג פון יאר 1921. זעה: Statystyka Polski wydana przez Glówny Urząd Statystyczny Rzeczypospolitej Polskiej. Załącznik do tomu XIV. M. St. Warszawa. Dane dla obwodów spisowych. Warszawa 192

[2] נעמט מען אן פאר דער ניט־אידישער באפעלקערונג פון דאזיגן ראיאן די גינציגע קרענקעווידיגקייט פון 60,9 אויף יעדע 10 000, באקומט מען פאר דער אידישער א קרענקעווידיגקייט פון 39,5.

הויכן גראַד וואָרגעוודיגקייט פאַרן אייגענעם געוווּנט, די באַפעלקערונג; וואָס האָט אַזוי גלענצנדיג באַשטאַנען די פייערפּראָבע בעת דעם אויסברוך פון דער דיזענטעריע־עפּידעמיע 1917, גראָד זי שטייט דאָסמאָל הייט אונטער דעם ראַיאָן פון די קריסטליכע פּראָלעטאַריער. האָבנדיג די העכסטע צווישן אַלע גרופּעס באַפעלקערטקייט — אין דורכשניט 450,3 נפשות פּראָ העקטאַר — גיט די פאַראייניגטע אידישע גרופּע אין יאָר 1917 אַ מאָרבידיטעט פון 308,3 אויף יעדע 10.000 איינוואוינער, ד. ה. פיר ביז פופטהאַלבן מאָל אַזוי פיל ווי די מאָרבידיטעט אין די רייכע קריסטליכע ראַיאָנען (82,5 און 70,4) און אָנדערטהאַלבן מאָל אַזוי פיל ווי די פּראָלעטאַרישע קריסטליכע מאָרבידיטעט. אין יאָר 1918, ווען די עפּידעמיע פאַלט, בלייבט זי אין דער אידישער גרופּע אַלץ נאָך צוויי און דריטהאַלבן מאָל אַזוי גרויס ווי אין די רייכע קריסטליכע ראַיאָנען און באַדייטנדיג העכער ווי באַ דער ניט־אידישער פּראָלעטאַרישער באַפעלקערונג.

Tab. — XX — טאַב.

## קרענקעוודיגקייט און שטארבליכקייט אויף פלעק־טיפוס אין באזונדערע ראיאנען פון ווארשע

**Der Fleck-Typhus in den armen und reichen jüd. bzw. christlichen Stadtteilen in Warschau**

| Mortalität — שטארבליכקייט 1919–25 p. 10000 | Mortalität 1919–25 absolut | Mortalität 1918 p. 10000 | Mortalität 1918 absolut | Mortalität 1917 p. 10000 | Mortalität 1917 absolut | Morbidität — קרענקעוודיגקייט 1919–25 p. 10000 | Morbidität 1919–25 absolut | Morbidität 1918 p. 10000 | Morbidität 1918 absolut | Morbidität 1917 p. 10000 | Morbidität 1917 absolut | נפשות פּראָ העקטאַר Bevölkerungsdichte (pro ha) | ראיאן Stadtbezirk |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1,5 | 278 | 24,3 | 604 | 25,5 | 700 | 13,0 | 2 491 | 198,0 | 4 925 | 308,3 | 8 445 | 450,3 | A—B—C |
| 1,3 | 61 | 16,8 | 99 | 16,8 | 106 | 11,2 | 540 | 165,7 | 978 | 172,7 | 1 089 | 636,9 | davon in: / דערפון אין: C |
| 1,4 | 52 | 25,7 | 138 | 26,9 | 153 | 13,6 | 497 | 177,0 | 950 | 279,4 | 1 588 | 489,9 | A |
| 1,6 | 165 | 27,0 | 367 | 28,6 | 441 | 13,7 | 1 454 | 220,3 | 2 997 | 374,3 | 5 778 | 405,2 | B |
| 1,5 | 158 | 20,2 | 241 | 19,1 | 269 | 11,9 | 1 233 | 174,5 | 2 076 | 198,0 | 2 790 | 411,9 | F |
| 1,4 | 113 | 9,0 | 81 | 9,6 | 90 | 10,6 | 853 | 79,6 | 714 | 82,5 | 774 | 250,9 | D |
| 1,6 | 161 | 9,0 | 99 | 8,8 | 97 | 10,1 | 1 051 | 72,1 | 798 | 70,4 | 780 | 124,7 | E |

צו נאָך איבעראַשענדערע רעזולטאַטן קומט מען, ווען מען גלידערט די פאַראייניגטע אידישע גרופּע לויט די באַזונדערע קאָמפּאָנענטן. אָט איז די מאָרבידיטעט־ציפער פאַר יעדן איינצלנעם ראַיאָן מיט אַ פאַרגלייך פון דער געדיכטקייט אין די וואוינונגען (לויט דער צאָל נפשות אויף איין צימער):

| Morbidität—מאָרבידיטעט 1918 | 1917 | נפשות פּראָ צימער Einwohn. pro Zimmer | ראַיאָן Bezirk |
|---|---|---|---|
| 263,6 | 470,3 | 2,69 . . . . . | V |
| 177,7 | 277,0 | 2,15 . . . . . | III |
| 177,0 | 279,4 | 2,02 . . . . . | IV |
| 165,7 | 172,7 | 1,74 . . . . . | VIII |

דאָס פאַרהעלטעניש צווישן די דורכשניטן פון דער צאָל נפשות פּראָ צימער גיט, נאַטירליך, נאָך ניט דעם אמתן באַגריף וועגן די וואוינונגס־באַדינגונגען און גראַד ענגשאַפט באַ דער באַפעלקערונג אין די פאַרגליכענע ראַיאָנען. ס׳איז קלאָר, אַז 1,74 נפשות פּראָ צימער אין רייכן ראַיאָן VIII איז אַ פיל גינציגערע מדרגה ווי 1,74 אין אָרימסטן V־טן ראַיאָן, וואו די צימער זיינען באַדייטנדיג קלענער, די סאַניטאַרע באַדינגונגען אָן אַ שיעור ערגער, וואו אומריינקייט איז אַ נאָרמאַלע ערשיינונג.

פון די געבראַכטע ציפערן איז צו זעהן, אַז די גרעסטע מאָרבידיטעט פאַלט אויס אויף דער אָרימסטער און צונויפגעפּרעסטער אידישער באַפעלקערונג, די קלענסטע מאָרבידיטעט— אויף די רייכסטע און פרייער וואוינענדיגע עלעמענטן. די ערשטע איז 2,7 מאָל אַזוי גרויס ווי די לעצטע. דער פאַרגליכער ראַיאָן IV ווייזט די זעלבע קרענקעוודיגקייט ווי דער אָרימערער אָבער געדיכטערער ראַיאָן, באַ וועלכן ס׳קומט נאָך צו — פונקט ווי אין ראַיאָן VIII — אַזאַ וויכטיגער מאָמענט ווי אַן׳ערך פערציג פּראָצענט קריסטליכע באַפעלקערונג. דער אָרימסטער אידישער ראַיאָן גיט אין יאָר 1917 2,4 מאָל אַ העכערע מאָרבידיטעט ווי די אָרימסטע קריסטליכע געגנט; דער רייכסטער אידישער ראַיאָן — 2,1 מאָל אַ העכערע ווי דער רייכסטער קריסטליכער; דער אויסשליסליך אידישער טייל שטאָט די „נאַלעווקיס" (ראַיאָן IV), וואָס האָט די גאַנצע צייט געגעבן די קלענסטע דיפטעריט־מאָרבידיטעט ווי אויך די קלענסטע שטאַרבליכקייט פון דיזענטעריע, דערזעלבער ראַיאָן, וואָס צייכנט זיך אין גאַנץ וואַרשע אויס מיט זיין קלענסטער שטאַרבליכקייט־ציפער בכלל, האָט אַפילו אין פאַרגלייך מיט דעם אָרימסטן קריסטליכן פּראָלעטאַרישן טייל פון שטאָט 1,4 מאָל אַ העכערע מאָרבידיטעט (277,0 געגן 198,0).

ווען מיר זאָלן זיך וועלן איצט אָפּשטעלן אויף דער *שטאַרבליכקייט* פון פלעק־טיפוס אין די עפּידעמיע־יאָרן באַ די איינצלנע גרופּעס און ראַיאָנען, וואָלט דאָס געהייסן איינגאַנצן איבערחזרן דאָס, וואָס מיר האָבן נאָרוואָס געזאָגט וועגן דער מאָרבידיטעט, אַזוי ענליך זיינען דאָ אי דער סדר פון די באַזונדערע גרופּעס און ראַיאָנען אי די פאַרהעלטנישן צווישן רייך און אָרים, צווישן געדיכט־באַפעלקערט און שיטער־באַזעצט, צווישן אידן און ניט־אידן, ווי אויך באַ אידן צווישן זיך אין אייגענעם קרייז גופא. בלויז אין דעם רוהיגן פעריאָד טרעטן אַרויס ענדערונגען, וואָס טראָגן כמעט דעם זעלבן כאַראַקטער ווי באַ דער שטאַרבליכקייט פון דיזענטעריע אין די יאָרן פון שטילשטאַנד, — צופעליגקייטן און

באַזונדערס די כמעט פאַר אַלע שיכטן פון באַפעלקערונג גלייכע מעגליכקייט רעכטצייטיג צו באַקעמפן די אינפעקציע ווישן כמעט אָפּ די אונטערשידן און גלייכן אויס רייך און אָרים, ענגשאַפט מיט גערוימקייט.

די ענגשאַפט און צונויפגעפרעסטקייט, די נידעריגע מדרגה פון פערזענליכער ריינקייט און היגיענע, דער אַנטי־היגיענישער לבוש, די לאַנגע בגדים, וואָס באַהאַלטן אונטער זיך בערג מיט שמוץ, די לאַנגע ניט געקעמטע בערד [1] א.א.וו. א.א.וו. צוזאַמען מיטן הונגער און אַלגעמיינער אָפּגעשוואַכטקייט, וועלכע זיינען געקומען נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע (אין וואַרשע זיינען אין 1917 פון אויסגעצערטקייט [„inanitio"] געשטאָרבן 39,4 אויף יעדע 10 000 אידישע נפשות און נאָר 24,3 באַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג; אין 1918 דריקן זיך די ציפערן אויס אַנטשפּרעכנדיג מיט 20,0 און 10,2) — אָט אָ דער גאַנצער קנויל סיבות און ווירקונגען האָט גורם געווען אין דער דאָזיגער מוראדיגער מגפה פון פלעק־טיפוס באַ דער אידישער באַפעלקערונג, געגן וועלכער ס'זיינען געווען מאַכטלאָז אַלע סאַניטאַר־היגיענישע טראַדיציעס, די גאַנצע זאָרגעוודיגקייט פאַרן געזונט און אַפילו דער הויכער ניוואָ פון מאַטעריעלן וואוילשטאַנד.

און עס איז באַזונדערס באַלערנדיג, וואָס אַפילו אין די רוהיגע יאָרן 1919—25, ווען די שטאַרבליכקייט פון פלעק־טיפוס האָט זיך שוין אין אַלע ראַיאָנען כמעט אויסגעגלייכט, בלייבט די אידישע געגנט אין פּרט פון קרענקעוודיגקייט אַלץ נאָך די פאַרפעסטעטע און דער ריין־אידישער פאַרמעגליכער ראַיאָן IV שטייט נאָך אַלץ אין דער שפּיץ פון דער רייע.

מיט די דאָזיגע ביישפּילן וועגן די צוויי פאָלוסן פון די אינפעקציע־פאָרמען — פלעק־טיפוס און דיזענטעריע — אין וואַרשע, וואו יעדער פון די באַהאַנדלטע אידישע ראַיאָנען איז לויט דער צאָל פון זיין באַפעלקערונג אַ סך גרעסער ווי אַנדערע גרויסע אידישע קהלות פון מזרח־ און מערב־אייראָפּע, האָבן מיר געבראַכט דעם קלאָרן באַווייז פאַר דעם קולטורעל־ און סאָציאַל־עקאָנאָמישן כאַראַקטער פון דער אידישער מינדער־שטאַרבליכקייט און מינדער־קרענקעוודיגקייט פון עפּידעמישע חולאַת'ן. אָט דער איינציגער און אייגנאַרטיגער אויסנאַם־פאַל באַ פלעק־טיפוס דעקט אַליין שוין אויף מיט אַ באַזונדערער איבערציינגונג־קראַפט און קלאָרקייט יענע ווירקליכע, איינפאַכע, גאָר ניט מיסטישע אָדער ראַסישע סיבות, וועלכע ברענגען צו אָט דער מערקווירדיגער ערשיינונג, וואָס פאַרנעמט שוין אַזאַ לאַנגע צייט די מוחות פון די וויסנשאַפטלער און פאָרשער.

אויב די שטאַרבליכקייט און מאָרבידיטעט פון עפּידעמישע קראַנקהייטן באַ אידן איז גלייך ווי באַ אַנדערע פעלקער אָפּהענגיג פון זייער קולטורעלן און סאָציאַל־עקאָנאָמישן צושטאַנד און אַ גרויסע פאַרשפּרייטונג פון פלעק־טיפוס באַ דער אידישער באַפעלקערונג איז דער עיקר אָפּהענגיג פון גראַד ענגשאַפט, אָרימקייט, שמוץ, לבוש, גראַד פערזענליכער היגיענע און ריינקייט, ווי אויך פון הונגער און אויסגעצערטקייט, איז קלאָר, אַז דאָרט, וואו די דאָזיגע עלעמענטן זיינען אַלע

פאַראַן, מוז מען דערוואַרטן אַ באַזונדערס שווערע פאָרם פון דער דאָזיגער עפּידעמיע. און גיט מען אַ קוק אין די פּוילישע שטעט און שטעטלאַך צו דער צייט פון מלחמה און דייטשער אָקופּאַציע, ווען די דאָזיגע אַלע פאָרבאַדינגונגען זיינען געווען פאָרגעשטעלט אין דער אידעאַלסטער פאָרם, קאָן מען דאָ זעהען אַ בילד, וואָס וועט לויט זיין שווידערליכקייט ניט פאַרלירן זיך אַפילו אין פאַרגלייך מיט וואַרשע און לאָדז. אַזוי דערוויסן מיר זיך פון אַ עסטרייכישער מיליטער־סטאַטיסטיק פון ראַדאָם פאַרן יאָר 1915 — דעם ערשטן יאָר פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע, — אַז אויף די אַנ'ערך צוואַנציג טויזנט אידישע איינוואוינער פון אָט דער שטאָט זיינען אויסגעפאַלן 1166 קראַנקע מיט פלעק־טיפוס, ד. ה. אַנ'ערך 583,0 אויף יעדע 10 000 נפשות, בעת אויף די 25000 קריסטליכע איינוואוינער און דעם 9000־קעפּיגן גאַרניזאָן זיינען געווען נאָר 162 טיפוס־קראַנקע אָדער בלויז 47,7 אויף יעדע צען טויזנט נפשות. [2]

פאַרקערט, פאַר יענע שטעט, וואו די אידישע באַפעלקערונג איז ציוויליזירטער, וואוינט פרייער און ריינער, אַזוי אַז די פון דורות אָנגעקליבענע און איינגעוואורצעלטע היגיענישע רגילותן, מדות און געוואוינהייטן קאָנען גובר זיין אַפילו די אומגינציגע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, — מוזן מיר דערוואַרטן באַ דער אידישער באַפעלקערונג אַ פיל נידעריגערע שטאַרבליכקייט ווי באַ דער ניט־אידישער. עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז אין אַזאַ שטאָט ווי לענינגראַד, למשל, זאָל די אידישע באַפעלקערונג מיט איר איבערוויגנד בורזשואַזן כאַראַקטער אַרויס פון דער פלעק־טיפוס־עפּידעמיע אַ סך וועניגער באַרירט איידער די קריסטליכע. מיר זעהען טאַקע, אַז אויף יעדע צען טויזנט נפשות זיינען דאָ פון אָט דער עפּידעמיע געשטאָרבן: [3]

Es starben an Typhus exanthematicus in Leningrad (p. 10000):

| יאר<br>Jahr | באַ אידן<br>Juden | באַ ניט־אידן<br>Nichtjuden |
|---|---|---|
| 1918—20 | 12·8 | 33,2 |
| 1922—24 | 2·5 | 5·6 |

וואָלט אויך באַ דעם דאָזיגן מאַטעריאַל געווען מעגליך אויסטיילן די באַזונדערע ראַיאָנען און עלימינירן די ווירקונג פון דער אָרימסטער און פּראָלעטאַרישער באַפעלקערונג, וואָלטן מיר באַ דער אַנטשפּרעכנדיגער ניט־אידישער באַפעלקערונג געוויס געהאַט אַ שטאַרבליכקייט גאַנץ נאָענט צו דער אידישער.

אין די מערב־אייראָפּייאישע שטעט, וואו די טיפוס־עפּידעמיעס זיינען אַ זעלטענער גאַסט און ווערן גיך ליקווידירט, מוז די אידישע שטאַרבליכקייט זיין פאַרשווינדענדיג קליין. נעמט מען אַפילו אַזאַ שטאָט, ווי בודאַפּעשט, וואָס האָט נאָך גענוג גרויסע מאַסן אידישע אָרימקייט, באַקומט מען, אַז אַפילו אין די ערגסטע יאָרן איז די שטאַרבליכקייט באַ אידן פון פלעק־טיפוס ניט געגאַנגען העכער פון 0,5 אויף יעדע 10 000, פּונקט ווי די שטאַרבליכקייט פון בויך־טיפוס איז ניט געגאַנגען העכער פון 1,5. עס זיינען געשטאָרבן אין בודאַפּעשט:

1) זייער כאראקטעריסטיש פארן סאניטארן צושטאנד פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ווארשע איז דער פאקט, וואס אין 1916־טן יאר זיינען צווישן די 8902 נפשות, וועלכע זיינען געווען איינגעשפארט אין שטאטישער איזאליר־קאמער, געווען 6741 אדער 75% פראצענט אידן. זעה: Rocznik Wydzialu statystycznego Magistratu m. st. Warszawy. Rok 1916. Sluzba sanitarna i zaklad sanitarne—Warszawa 1919.

2) Hygienische und sanitäre Verhältnisse Polens. Ein Beitrag zur Ostjudenfrage, von k. k. Regimentsarzt Privatdozent Dr. E. Starkenstein, Kommandant des k. u. k. Epidemiespitals in Radom in Polen.—Archiv für Soziale Hygiene und Demographie, Bd. XII. 1917.

3) В. И. Биншток и С. А. Новосельский: Евреи в Ленинграде (Петербурге) 1900-1924. Демографический очерк. — Вопросы биологии и патологии евреев. Сборник I. Ленинград 1926. p. 57

Tab. — XXI — טאב.

**Es starben in Budapest an Fleck- u. Abdominaltyphus (per 10 000)**

| יאר Jahr | פון פלעק־טיפוס an Flecktyphus: אידן Juden | פון פלעק־טיפוס an Flecktyphus: ניט־אידן Nichtjuden | פון בויך־טיפוס an Abdominaltyphus: אידן Juden | פון בויך־טיפוס an Abdominaltyphus: ניט־אידן Nichtjuden |
|---|---|---|---|---|
| 1915 | 0,1 | 0,8 | 1,3 | 7,8 |
| 1917 | 0,1 | 0,3 | 0,9 | 2,5 |
| 1919 | 0,5 | 1,4 | 0.5 | 1,5 |
| 1921 | — | — | 1,5 | 3,2 |

מיר שליסן אונזער אונטערזוכונג מיט זייער א אינטערע־סאנטער סטאטיסטיק, וואס איז אויפגעשטעלט געווארן פון דער אפטיילונג פאר שול־היגיענע בא דעם פוילישן בילדונג־מיניסטעריום אויפן גרונט פון די מעדיצינישע קארטן פון די מיטל־שולעס אין קאנגרעס־פוילן און גאליציע אין יאר 1921/22, און באהאנדלט די פראגע וועגן דער פארשפרייטונג פון עפידעמישע קראנקהייטן צווישן די תלמידים.[1] די דאזיגע סטאטיסטיק נעמט ארום 61.586 קריסטליכע (37.572 אינגלאך און 24.014 מיידלאך) און 16.292 (7.684 אינגלאך און 8.608 מיידלאך) אידישע תלמידים און ווייזט פאלגנדיגס:

Tab. — XXII — טאב.

**קראנקהייט־פאלן צווישן תלמידים פון די פוילישע מיטלשולעס**

— (per 1000) —

Auf je 1000 Schüler der polnischen Mittelschulen entfielen Krankh.

| Krankheit — קראנקהייט | איד. תלמיד. bei den jüd. Schülern | קריס. תלמיד. bei d. christl. Schülern |
|---|---|---|
| סקארלאטין — Scharlach . . . . | 6.9 | 8,3 |
| שווינקע — Mumps . . . . . | 7,4 | 6,5 |
| מאזלען — Masern . . . . . | 6,6 | 8,1 |
| פאקן — Pocken . . . . . . | 4,1 | 3,4 |
| בויך־טיפוס — Typhus abdominalis . | 2,8 | 3,3 |
| דיזענטעריע — Dysenterie . . . | 1,0 | 1,4 |
| קאקלוש — Keuchhusten . . . . | 2,5 | 1,7 |
| דיפטעריט — Diphterie . . . . | 0,8 | 1,3 |
| רויז — Rose . . . . . . . | 0,4 | 1,0 |
| רעצידיוו־טיפוס — Rückfalltyphus . | 0,3 | 0,3 |
| פלעק־טיפוס — Typhus exanthematicus | 0,5 | 0,6 |
| מענינגיט — Meningitis cerebrospinalis | 0,1 | — |
| צוזאמען — Überhaupt | 33,5 | 34,9 |
| פארלייזונג — Verläusung . | 52,6 | 35,5 |

בא א פאתגלייך פון כמעט גלייכע סאציאלע און קולטו־רעלע גרופעס פון אידישע און ניט־אידישע שול־קינדער, שטעלט זיך אלזא ארויס, אז די קרענקלעכקייט בא אידן איז בלויז עטהאס קלענער ווי אויף דער ניט־אידישער זייט.

באזונדערס אינטערעסאנט איז דער פאקט, וואס פאר־לייזונג איז בא די אידישע גימנאזיסטן א סך אפטערע ערשיינונג ווי בא די קריסטליכע. אזוי איז אויף יעדע 1000 אידישע גימנאזיסטן אויסגעקומען 52,6 פאלן פון פאר־לייזונג, אויף יעדע 1000 קריסטליכע — נאר 35,5. דאס הייסט, אז אפילו די רייכערע אידישע באפעלקערונג איז שמוציגער און פארלייזטער ווי די קריסטליכע, — א איבעריגער באווייז פאר דער ריכטיגקייט פון אונזער צוגאנג צו דער פראגע וועגן פלעק־טיפוס בא אידן.

* * *

**טובערקולאז** די פראבלעם פון טובערקולאז בא אידן **Tuberkulose** איז מער פון אלע שטודירט געווארן און איז מיט דער צייט מער פון אלע ארומגעוואקסן געווארן מיט די פארשיידנסטע טעאריעס און השערות. די פארשפרייטסטע און אם מייסטן אנערקענטע צווישן זיי איז די סעלעקציע־ און צופאסונגס־טעאריע פון מאריס פישבערג.

אין דעם פאקט, וואס די אידישע באפעלקערונג גיט אין אלע לענדער און צו אלע צייטן אן אַן־ערך א קלענערע שטארב־ליכקייט פון טובערקולאז, ווי די ניט־אידישע, זעהט פישבערג ניט די ווירקונג פון דער געגענווערטיגער אידישער סביבה, ד. ה. פון די איינגעארטיגע באדינגונגען פון לעבן און ארבעט פון די אידישע מאסן אין ״געגנבענעס לאנד און אין געגנבענעס מאמענט, אויך ניט די ווירקונג פון די ספע־ציעלע אידישע שפייז־געזעצן, ריטועלע מנהגים, געוואוינהייטן א. א. וו., נאר א רעזולטאט פון א דורות לאנגן פראצעס, וואס האט בא די שטאטישע אידישע מאסן, וועלכע זיינען געווען הונ־דערטער יארן איינגעשפארט אין די געטאס און געלעבט בא די ערגסטע סאניטאר־היגיענישע באדינגונגען, געבראכט דערצו, אז אלע שוואכע, לעבנס־אומפייאיגע און טובערקולאז־דיספאַ־נירטע זיינען אויסגעראטן געווארן. צוזאמען מיט רייב־מאיער'ן זאגט פישבערג: „Die Juden haben eine große Widerstandskraft gegen Tuberkulose gezüchtet und durch Inzucht fixiert".[2]

די דאזיגע טעאריע זיינע פון רעלאטיווער אימוניטעט, דערגרייכט דורך אפקלייב און צופאסונג, האט פישבערג דא ניט לאנג צוזאמען מיט דעם ענגליש־אידישן אנטראפאלאג רעדקליף נ. סאלאמאן אויסגני און ווידעראמאל אין א קאטעגארישער פארם איבערגעחזרט אויף דעם צווייטן אינטער־נאציאנאלן עווגענישן קאנגרעס, אין ניו־יארק 1921.[3]

די פארדינסטן פון מאריס פישבערג פאר דער פארשונג פון טובערקולאז־פראבלעם בא אידן זיינען בלי ספק זייער גרויס, — שוין דורך דעם אליין, וואס מיט זיין ערנסטן אנאליז פון פארא־נענעם מאטעריאל האט פישבערג געלעגט א סוף צו די באדנ־לאזע ראסן־אימוניטעט־טעאריעס און צו די אנדערע אפט נאאיווע דערקלערונגען, ווי, למשל, די דערקלערונג פון לאמ־בראזא, וועלכע האט די קלענערע טובערקולאז־שטארבליכקייט בא אידן ארויסגעפירט פון דעם, וואס אידן — א דאנק דעם כאראקטער פון זייערע באשעפטיגונגען — געפינען זיך א סך ווייניגער אויף דער פרייער לופט און דאס היט אפ די לונגען פונם אידן פון די שעדליכע מעטעאראלאגישע ווירקונגען.

פישבערג האט זיך אבער אויסגעקליבן זייער א גרינגן און באקוועמען וועג. ניט קאנענדיג אויפדעקן אין אט דעם איינ־

1) Rocznik Statystyki Rzeczypospolitej Polskiej. Rok Wydania II. 1923 Warszawa 1924. XIX. Administracja sanitarna p. 153.

2) Dr. Maurice Fishberg: Die Rassenmerkmale der Juden—München. 1913. p. 135.

3) Eugenics in Race and State. Volume II of the Second International Congress of Eugenics. Baltimore. 1923. p. 472.

אַרטיגן פענאָמען די ווירקונג פון די סאָציאַלע און ווירטשאַפט־ליכע באַזונדערקייטן און אידישן לעבן פון דער מאָדערנער צייט, האָט ער אונז אָפּגעשיקט צו די פריערדיגע דורות. ער איז אָבער געבליבן שולדיג דעם באַווייז, אַז אין די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטן זיינען אידן באמת מאַסנווייז אויסגעשטאָרבן פון טובערקולאָז. ער האָט ניט געקאָנט ברייננען אַזעלכע באַווייזן ניט פון דער ליטעראַטור פון יענער צייט, ניט פון דער סטאַטיסטיק.

די איינציגע סטאַטיסטיק, וועלכע פישבערג ברייננט אַלס באַווייז פאַר זיין טעאָריע, באַציט זיך אויף דער שטאַרבליכ־קייט אין ווינער אידישן געטאָ פאַר די יאָרן 1648 ביז 1656, 1659 ביז 1662 און 1667 ביז 1669. לויט דער דאָזיגער סטאַטיס־טיק, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן פון ד"ר איגנאַץ שוואַרץ[1]) אויפן גרונט פון די folia Judeorum אין די ווינער שטאָטישע „טאָטענפּראָטאָקאָלס", קומט אויס, אַז פאַר די גענומענע 16 יאָר זיינען אין צווייטן אידישן געטאָ פון ווין געשטאָרבן 883 נפשות, פון זיי 124 פון „Dörr" 92 פון „Schwindsucht" און 62 פון „Lungensucht" אויף אַלע דריי קראַנקהייטן, וועלכע פישבערג באַצייכנט אַלס טובערקולאָז־קראַנקהייטן, זיינען אויסגעפאַלן 31,5% פון אַלע געשטאָרבענע.[2])

ווייניגער פון אַלץ קאָן די דאָזיגע סטאַטיסטיק באַשטעטיגן פישבערגס השערות. שוין אָפּגערעט פון דעם, אַז אַזאַ הויכן פּראָצענט געשטאָרבענע פון טובערקולאָז קאָן מען אויך איצט ניט זעלטן באַגעגענען אין דער אידישער שטאַרבליכקייט (אין לאָדז און אין וואַרשע, למשל, אין 1917—18), איז דער סטאַטיסטישער מעטאָד פון פישבערג בכלל ניט קאָרעקט. ס'איז קלאָר, אַז דער פּראָצענט געשטאָרבענע פון וועלכער ס'ניט איז קראַנקהייט לגבי דער אַלגעמיינער צאָל שטאַרבפאַלן דריקט אויס ניט די מאָרטאַליטעט פון דער באַפעלקע־רונג נאָר דעם רעלאַטיוון וואָג פון דער געגעבענער קראַנקהייט אינם גאַנצן סכום טויט־סיבות. עס קאָן אַלזאָ גרייליך טרעפן, אַז אַ קראַנקהייט, אויף וועלכער ס'איז אויס־געפאַלן זייער אַ גרויסער טייל פון די געשטאָרבענע, זאָל אַן און פאַר זיך גיבן גאָר אַ נידעריגע מאָרטאַליטעט.

די דערמאָנטע דריי קראַנקהייטן קאָן מען אָבער בכלל ניט באַטראַכטן אַלס ריין־טובערקולאָזע חולאתן. ווי שוואַרץ באַמערקט שוין, איז אין די מתים־רשימות די „Dörr" אָפּט אידענטיש מיט געבוירענער שוואַכקייט און זקנות. און די זעלבע קראַנקהייטן גייען געוויס אַריין אויך אין די גרופּעס Schwind-sucht און Lungensucht.

אַז די דאָזיגע באַהויפּטונג פישבערגס איז אינגאַנצן פאַלש, קאָן מען זיך אַם בעסטן איבערציינגן, ווען מען קוקט זיך צו דעם עלטער־צוזאַמענשטעל פון די געשטאָרבענע בײַ יעדער פון די אויסגערעכנטע דריי קראַנקהייט־גרופּעס.

אויפן גרונט פון די אָנגאַבן וועגן עלטער פון יעדן גע־שטאָרבענעם באַזונדער האָבן מיר אויפגעשטעלט פאָלגנדיגע טאַבעלע מיט גאַנץ אייגע יאָר־אינטערוואַלן באַזונדערס אין דער גרופּע פון די קינדער און אַלטע לייט, אַזוי אַז די ווירקונג פון דער געבוירענער שוואַכקייט און זקנות מוז זיך אַרויסווייזן באַזונ־דערס בולט.

1) Dr. Ignaz Schwarz: Zur Mortalitätsstatistik der Wiener Ghettobe-wohner 1648—1669, — Zeitschrift für Demographie u. Statistik der Juden. 1910. Heft. 4.

2) בײַ פישבערגן זיינען די יאָרן פאַלש ציטירט. די 883 געשטאָרבענע פאַר־טיילן זיך ניט אויף 22 יאָר, ווי פישבערג גיט אָן, נאָר אויף 16 יאָר.

| עלטער־גרופּע Alter | Dörr | Lungen-sucht | Schwind-sucht | צוזאַמען Zus. |
|---|---|---|---|---|
| 0—1 | — | 1 | 14 | 15 |
| 1—3 | — | — | 36 | 36 |
| 3—5 | 2 | 1 | 26 | 29 |
| 5—10 | 7 | 1 | 10 | 18 |
| 10—20 | 13 | 4 | 5 | 22 |
| 20—40 | 18 | 17 | 1 | 36 |
| 40—50 | 20 | 6 | — | 26 |
| 50—60 | 21 | 13 | — | 34 |
| 60—70 | 14 | 5 | — | 19 |
| 70—80 | 17 | 11 | — | 28 |
| 80— | 11 | 3 | — | 14 |
| אומבאַק.—Unbek. | 1 | — | — | 1 |
| צוז.—Zus. | 124 | 62 | 92 | 278 |

עס באַקומט זיך, אַז אויף די מיטעלסטע, אַרבעטנדיגע עלטער־גרופּעס, וועלכע וואָלטן באַדאַרפט אויסמאַכן דעם גרעסטן טייל צווישן די געשטאָרבענע, פאַלט אויס ניט מער ווי 34,5 פּראָצענט פון אַלע שטאַרב־פאַלן, בשעת די גרופּע מיט דער קלענסטער טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט — פון 0 ביז 20 יאָר — איז באַטייליגט מיט 43,2 און די גרופּע אַלטע לייט — מיט 22,3 פּראָצענט. די געשטאָרבענע פון „שווינדזוכט" באַ־שטייען אינגאַנצן פון קינדער, די געשטאָרבענע פון „דערר"—אויף אַ גאַנץ דריטל פון אַלטע לייט. טיילט מען אָבער אויס אָט די באַדייטנדיגע צאָל געשטאָרבענע פון זקנות, געבוירענער שוואַכ־קייט און אַנדערע ניט־טובערקולאָזע קראַנקהייטן, באַקומט מען פאַר דער אידישער באַפעלקערונג פון געטאָ (אַן ערך 3000 נפשות צום יאָר 1669) אַ טובערקולאָז־מאָרטאַליטעט, וואָס וועט זיך זייער ווייניג אונטערשיידן פון שטאַרבליכקייט־קאָעפיציענט בײַ טובערקולאָז בײַ דער אידישער באַפעלקערונג פון מזרח־אייראָפּע צום אָנהויב פון איצטיגן יאָרהונדערט.

געגן פישבערגן האָט ניט לאַנג צוריק נ. האַלטרעכט[3]) אַרויסגערוקט זייער אַ וויכטיגן אַרגומענט.

אויב — מיינט האַלטרעכט — ס'וואָלט געווען ריכטיג די באַהויפּטונג פון פישבערג, אַז די זעכציג דורות פון אידישן גלות האָבן אויסגעראָטן אַלע לעבנס־אומפייאיגע, אַלע שוואַכע און צו טובערקולאָז נייגנדיגע משפחות, וואָלט דאָך געמוזט פאַרשניטן ווערן אויך יענער פיזישער מין, וואָס איז דער טרעגער פון אָט דער קראַנקהייט, דאָס הייסט דער אַם שטאַרקסטן עמפּפינדליכער טיפּ מיטן habitus phthisicus. אַלע נייעסטע פאָרשונגען ווי אויך די טאָג־טעגליכע פּראַקטיק לערנען אונז אָבער, אַז דער טיפּ פון איינגעבויגענעם, איינגעהויקערטן, שמאָל־ברוסטיגן א. א. וו. אידן איז אין אַלע לענדער נאָך היינטצוטאָג אַ אָפטע דערשיינונג.

לייקנדיג די אָפּקלייב־טעאָריע, מיינט האַלטרעכט, אַז חוץ די ספּעציעלע אידישע שפּייז־געזעצן, ריטועלע מנהגים, מעסיגקייט אין אַלקאָהאָל־קאָנסום, זעלטנקייט פון סיפיליס בײַ אידן, באַזונדערע זאָרגעוודיגקייט פאַרן געזונט, קומט נאָך צו אַ אידן אַ ספּעציעלע אימוניטעט געגן טובערקולאָז, וועלכע אַרבעט זיך בײַ אים אויס שוין אין די פריהע קינדער־יאָרן.

3) Dr, N. Haltrecht: Das Tuberculoseproblem bei den Juden. Eine Rassen-und Sozialpathologische Studie: — Beiträge zur Klinik der Tuberculose. B d. 62. Heft 3—4. 1926.

אָפּערירנדיג מיט דעם זעלבן כמעט מאַטעריאַל, ווי מאָריס פישבערג, האַלטרעכט און אַלע אַנדערע פאָרשער, ד. ה. מיט די זעלבע גאַנץ אַלגעמיינע שטאַרבליכקייט־ציפערן, וויל גוטמאַן [1]) פעסטשטעלן, אַז בײַ באַזונדערס שלעכטע אויסערליכע פאַרהעלטענישן קאָן אויך בײַ דער אידישער באַפעלקערונג דערגרייכן די טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט צו זייער אַ הויכער מדרגה. לאָזנדיג אָפן די פראַגע וועגן אָפּקלייב און צופּאַסונג, שטרייכט גוטמאַן אונטער דעם רעלאַטיוון כאַראַקטער פון דער אידישער טובערקולאָז־אימוניטעט.

מיר זאָגן זיך אויך אין אָט דעם קאַפּיטל בכיון אָפּ אַריינצוציען אין אונזער באַטראַכטונג די שוין זייער גוט באַקאַנטע, אָבער, ווי געזאָגט, גאַנץ אַלגעמיינע ציפערן. מיר ווילן צוגייען צום פּראָבלעם מיט נייע און זיכערערע מאַטעריאַלן און וועלן זיך פּרובן אָנווענדן אַ פּינקטליכערן און ברייטערן סטאַטיסטישן אַנאַליז.

אין טאַבעלע XXIII גיבן מיר די אַנטוויקלונג פון דער טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט בײַ אידן און ניט־אידן אין וואַרשע, לאָדז, קראָקע און בודאַפּעשט פאַר דעם פּעריאָד 26—1914.

Tab. — XXIII — טאַב.

**די שטארבליכקייט פון טובערקולאז בא אידן און ניט־אידן אין ווארשע, לאדז, קראקע און בודאפעשט**

**Die Sterblichkeit an Tuberkulose (sämtl. Formen) in Warschau, Lodz, Krakau und Budapest**

| Budapest — בודאפעשט | | | | Krakau — קראָקע | | | | Lodz — לאדז | | | | Warschau — ווארשע | | | | יאר |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| per 10000 | | די צאל גע־שטארבענע Sterbefälle | | per 10000 | | די צאל גע־שטארבענע Sterbefälle | | per 10000 | | די צאל גע־שטארבענע Sterbefälle | | per 10000 | | די צאל גע־שטארבענע Sterbefälle | | Jahr |
| ניט־אידן Nichtjuden | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjuden | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjuden | אידן Juden | ניט־אידן Nichjudent | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjuden | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjuden | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjuden | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjuden | אידן Juden | |
| 36,5 | 19,0 | 2.745 | 395 | . | . | . | . | . | . | . | . | . | . | . | . | 1914 |
| 44,4 | 22,7 | 3.412 | 471 | 30,7 | 8,8 | 453 | 39 | . | . | . | . | . | . | . | . | 1915 |
| 58,4 | 25,3 | 4.556 | 523 | 48,8 | 15,1 | 716 | 66 | . | . | . | . | 77,4 | 38,9 | 3.322 | 1.365 | 1916 |
| 73,1 | 29,2 | 5.727 | 600 | 58,4 | 16,3 | 833 | 73 | . | . | . | . | 114,6 | 72,8 | 5.658 | 2.500 | 1917 |
| 72,9 | 31,3 | 5.608 | 636 | 51,8 | 22,7 | 731 | 101 | 92,5 | 64,0 | 1.892 | 878 | 98,2 | 51,2 | 4.305 | 1.640 | 1918 |
| 54,4 | 25,2 | 4.102 | 509 | 53,0 | 20,4 | 761 | 91 | 64,0 | 47,1 | 1.878 | 659 | 76,0 | 32,6 | 3.842 | 1.025 | 1919 |
| 51,0 | 23,7 | 3.690 | 511 | 42,5 | 16,9 | 587 | 76 | 44,5 | 24,1 | 1.260 | 361 | 40,2 | 22,2 | 2.486 | 727 | 1920 |
| | | 3.079 | 410 | 35,7 | 10,0 | 495 | 45 | 38,1 | 16,9 | 979 | 264 | 30,5 | 14,5 | 1.891 | 471 | 1921 |
| 44,1 | 18,9 | 3.160 | 414 | 33,9 | 13,7 | 474 | 63 | 37,8 | 13,0 | 1.196 | 211 | 33,6 | 11,2 | 2.132 | 361 | 1922 |
| | | 3.335 | 400 | 36,5 | 8,5 | 511 | 39 | 37,4 | 13,6 | 1.242 | 282 | 34,1 | 12,3 | 2.178 | 394 | 1923 |
| 41,9 | 19,0 | 3.416 | 400 | 40,9 | 13,0 | 573 | 60 | 38,4 | 13,5 | 1.310 | 235 | 34,9 | 12,5 | 2.247 | 399 | 1924 |
| 33,3 | 14,0 | 2.494 | 294 | . | . | . | . | 32,2 | 11,3 | 1.160 | 205 | 28,9 | 10,9 | 1.939 | 351 | 1925 |
| . | . | . | . | . | . | . | . | 34,4 | 13,7 | 1.301 | 258 | 31,4 | 11,6 | 2.202 | 364 | 1926 |

אויפֿן גרונט פון דער דאָזיגער טאַבעלע קומט מען בנוגע דער שטאַרבליכקייט פון טובערקולאָז צו דעם זעלבן אויספיר, וועלכן מיר האָבן אויבן געקאָנט מאַכן נאָך דעם אַנאַליז פון דער שטאַרבליכקייט פון עפּידעמישע קראַנקהייטן בכלל: — די שטאַרבליכקייט פון טובערקולאָז האָט זיך אומעטום שוין אומגעקערט צו דער הויך פון פאַר דער וועלט־מלחמה, און האָט אין איינציגע פאַלן אַפילו באַוויזן שוין צו פאַלן נידעריגער, ווי פאַר דער מלחמה. די שרעקליכע פאַרהעלטענישן פון דער מלחמה־צייט, די גרויזאַמע טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט איז שוין אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

וואָס איז שייך דער אַנטוויקלונג גופא פון דער טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט, לאָזט זיך פעסטשטעלן, אַז בײַ דער אידישער באַפעלקערונג איז זי געגאַנגען מיט אַ גאַנץ אַנדערן טעמפּ, ווי בײַ דער ניט־אידישער. אין דעם פּרט דאַרפן די גע־בראַכטע שטעט איינגעטיילט ווערן אין צוויי באַזונדערע גרופּעס.

אין בודאַפּעשט, וואו די אידישע באַפעלקערונג שטייט אויף אַ העכערער שטופע פון וואוילשטאַנד איידער אין לאָדז אָדער וואַרשע, און וואו די באַפעלקערונג האָט בכלל ניט געליטן פון דער מלחמה אַזוי דירעקט ווי אין די אַנדערע שטעט, איז דאָס וואַקסן פון דער טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט געווען אַ סך לאַנגזאַמער ווי בײַ דער איבעריגער באַפעלקערונג. רעכנט מען די מאָרטאַליטעט־ציפער פון 1914־טן יאָר פאַר 100, באַקומט מען דאָ פאָלגנדיגע באַוועגונג פון דער שטאַרבליכקייט:

| | בא אידן | בא ניט־אידן |
|---|---|---|
| 1914 | 100 | 100 |
| 1915 | 119 | 122 |
| 1916 | 133 | 160 |
| 1917 | 154 | 200 |
| 1918 | 165 | 200 |

די העכסטע אידישע שטאַרבליכקייט איז אַלזאָ געווען בלויז אויף 65 פּראָצענט העכער פון דער נאָרמאַלער אידישער, די

1) Dr. M. J. Gutmann: Zur Morbidität der Juden. Die Tuberculose.— Beiträge zur Klinik der Tuberculose. Bd. 64.; Jüdische Eigenart und moderne Biologie (Probleme der Biologie und Pathologie der Juden). — Sammelschrift „Zur Hygiene der Juden", herausgegeben von Rab. Dr. Max Eschelbacher und Dr. Adolf Sindler. Wien 1926.

העכסטע ניט־אידישע שטאַרבליכקייט אָבער שוין אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט העכער פון דער נאָרמאַלער ניט־אידישער שטאַרבליכקייט.

אין די פּוילישע שטעט, וואו די אידישע באַפעלקערונג האָט אין די אָקופּאַציע־יאָרן אַ סך שווערער געליטן ווי די קריסטליכע, זעהען מיר אַ פאַרקערטע דערשיינונג. מעסטענדיג די שטאַרבליכקייט פון 1917 און 1918 מיט דעם קאָעפיציענט פון 1916, באַקומט מען פאַר וואַרשע:

| | בא אידן | בא ניט אידן |
|---|---|---|
| 1916 | 100 | 100 |
| 1917 | 187 | 148 |
| 1918 | 132 | 127 |

פאַר קראָקע וועלן מיר באַקומען (נעמענדיג 1915 פאַר 100):

| | בא אידן | בא ניט־אידן |
|---|---|---|
| 1915 | 100 | 100 |
| 1916 | 172 | 158 |
| 1917 | 185 | 190 |
| 1918 | 258 | 169 |

דער העכסטער קאָעפיציענט בּאַ דער אידישער באַפעלקערונג איז אויף קאַרגע 160 פּראָצענט גרעסער ווי אין 1915־טן יאָר, בשעת בּאַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג איז דער מאַקסימאַלער קאָעפיציענט נאָר אויף אַן־ערך 70% העכער.

אין לאָדז איז די שטאַרבליכקייט בּאַ דער אידישער באַפעלקערונג אין 1918־טן יאָר געווען נאָר אויף 31,0 פּראָצענט נידעריגער ווי די קריסטליכע. דאָס באַטייט ווידעראַמאָל, אַז בּאַ דער אידישער באַפעלקערונג איז דער טובּערקולאָז געוואַקסן מיט אַ סך אַ שנעלערן טעמפּ.

די דאָזיגע אויספירן שטייען אין אַ אויסגעשפּראָכענער סתירה ניט נאָר צו די טעאָריעס פון אַבסאָלוטער אימוניטעט בּאַ אידן, נאָר אַפילו אין אַ געוויסער מאָס צו דער טעאָריע פון רעלאַטיווער אימוניטעט. מיר זעהען, אַז דער אידישער אָרגאַניזם האָט זיך גיכער אונטערגעגעבּן די קאַטאַסטראָפאַלע ווירקונגען. בלתי ספק האָט דאָ גאָר אַ גרויסע ראָלע געשפּילט דאָס, וואס די פאַראָרימטע אידישע באַפעלקערונג איז ניט געווען בכח צו באַקעמפן די קראַנקהייטן מיט אַזאַ עקשנות ווי אין די נאָרמאַלע צייטן.

אַ איינהייטליכער בילד זעהען מיר, ווען מיר קוקן זיך צו צו די עטאַפּן, וואָס די שטאַרבליכקייט האָט דורכגעמאַכט אויף דעם וועג צוריק צו דעם נאָרמאַלן צושטאַנד. דאָ גייט דער פּראָצעס בּאַ דער אידישער באַפעלקערונג כמעט אומעטום פיל שנעלער ווי בּאַ דער איבעריגער באַפעלקערונג. די טובּערקולאָז־סטאַטיסטיק פון בודאַפּעשט פאַר 1918־25 ווייזט אונז אין פאַרגלייך צו 1914 (=100) פאָלגנדיגעס:

| | בא אידן | בא ניט־אידן |
|---|---|---|
| 1914 | 100 | 100 |
| 1918 | 165 | 200 |
| 1919 | 133 | 149 |
| 1920 | 125 | 140 |
| 1921—23 | 99 | 121 |
| 1924 | 100 | 115 |
| 1925 | 74 | 91 |

אין פאַרגלייך מיט די קאָעפיציענטן פון 1916־טן יאָר האָט די שטאַרבליכקייט אין וואַרשע געהאַלטן:

| | בא אידן | בא ניט־אידן |
|---|---|---|
| 1916 | 100 | 100 |
| 1919 | 84 | 98 |
| 1925 | 28 | 37 |

בּאַ דער שטאַרבליכקייט אין לאָדז דריקן זיך די מעסטציפערן אויס אויף פאָלגנדיגן אופן (דאָס יאָר 1918 = 100):

| | בא אידי | בא ניט־אידן |
|---|---|---|
| 1918 | 100 | 100 |
| 1919 | 74 | 69 |
| 1920 | 38 | 48 |
| 1921 | 26 | 36 |
| 1925 | 18 | 35 |

צו די נאָרוואָס געבּראַכטע דאַטן וועגן וואַרשע, לאָדז, קראָקע און בודאַפּעשט וועלן מיר צוגעבּן נאָך איניגע וועגן לעמבערג, ווין, לענינגראַד און ריגע.

Tab. — XXIV — טאַב.

**די שטאַרבליכקייט פון טובערקולאז אין לעמבערג האט באטראָפן:**

**Es starben an Tuberkulose (sämtl. Formen) in Lemberg:**

| בא ניט־אידן bei den Nichtjuden | | בא אידן bei den Juden | | Jahr — יאר |
|---|---|---|---|---|
| per 10000 | abs. | per 10000 | abs. | |
| 62,5 | 929 | 24,7 | 142 | 1912—14 |
| 47,6 | 678 | 17,3 | 133 | 1915 |
| 47,1 | 672 | 20,8 | 160 | 1921 |
| 69,3 | 1019 | 36,9 | 240 | 1922 |

ווידעראַמאָל קאָנען מיר זיך איבערצייגן, אַז די מלחמה־יאָרן האָבּן אין די פּוילישע שטעט די אידישע באַפעלקערונג שווערער געטראָפן איידער די ניט־אידישע. די דיפערענץ צווישן דער נאָרמאַלער צייט און דעם יאָר 1915 שטעלט זיך בּאַ דער ערשטער אויף 49 פּראָצענט, בּאַ דער לעצטער נאָר אויף 11 פּראָצענט.

אין יאָר 1919, ווען די טובּערקולאָז־שטאַרבליכקייט אין לעמבערג האָט דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פּונקט, איז די צאָל געשטאָרבענע פון טובּערקולאָז בּאַ קריסטן געווען בלויז 2,5 מאָל מער ווי בּאַ דער אידישער באַפעלקערונג, בשעת אין 1912/14־טן יאָר איז זי געווען 6,5 מאָל גרעסער. ווען די עפּידעמיע פאַלט, ענדערט זיך די פאַרהעלטניש און דערנענטערט זיך צו דעם נאָרמאַלן צושטאַנד. מיר זעהען דאָס אויפן ביישפּיל פון די יאָרן 1916־19, פאַר ווען מיר פאַרמאָגן אָבער ניט, צום בּאַדויערן, קיין ידיעות וועגן דער אַבסאָלוטער צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג און האָבּן אויך ניט געהאַלטן פאַר מעגליך זיך פאַרלאָזן אויף שאַצונגען, צוליב די גרויסע ענדערונגען, וואָס די כוואַליעס היימלאָזע פליגן דאָ אַריינטראָגן. מיר באַגרעניצן זיך דאָ דעריבער נאָר מיט די אַבסאָלוטע צאָלן פון די געשטאָרבענע.

עס זיינען געשטאָרבן אין לעמבערג פון טובערקולאָז (אין אַבסאָלוטע צאָלן):

| יאר | בא אידן | בא ניט־אידן |
|---|---|---|
| 1916 . . . . . | 191 | 960 |
| 1917 . . . . . . | 230 | 1 153 |
| 1918 . . . . . . | 280 | 1 017 |
| 2919 . . . . . . | 462 | 1 162 |

אויך די ווינער סטאַטיסטיק פון די לעצטע יאָרן ווייזט בא דער אידישער באַפעלקערונג אַ באַדייטנדיג נידעריגערן טובער־קולאָז־קאָעפיציענט ווי אין די יאָרן פאַר דער וועלט־מלחמה. פאַרגלייכנדיג 1924 און 1925 מיט דעם יאָר 1914, באַקומט מען אַ דיפערענץ פון העכער פערציג פּראָצענט דורכשניט־ליך. עס זיינען געווען אין ווין געשטאָרבענע פון טובערקולאָז:

Tab. — XXV — טאַב.

Es starben in Wien an Tuberkulose (sämtl. Formen):

| בא ניט־אידן bei den Nichtjuden | | בא אידן bei den Juden | | Jahr—יאָר |
|---|---|---|---|---|
| per 10000 | abs. | per 10000 | abs. | |
| 29,2 | 5 916 | 17,5 | 307 | 1914 |
| 23,5 | 3 911 | 11,1 | 224 | 1924 |
| 20,8 | 3 469 | 9,5 | 191 | 1925 |

בעסער ווי פאַר דער וועלט־מלחמה איז די לאַגע פון דער אידישער באַפעלקערונג אויך אין לענינגראַד, וואו די טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט האָט בעת די הונגער־יאָרן פון 1918—20 מיט אַמאָל אָנגענומען זייער געפערליכע פאָרמען. די אַנטוויקלונג פון דער טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט אין לענינגראַד פון 1910 ביז 1924 דריקט זיך אויס אין פאָלגנדיגע ציפערן [1]):

Tab. — XXVI — טאַב.

Es starben an Tuberkulose (sämtlicher Formen) in Leningrad per 10000

| בא ניט־אידן bei den Nichtjuden | בא־אידן bei den Juden | Jahr — יאָר |
|---|---|---|
| 34,3 | 14,7 | 1910—14 |
| 36,1 | 15,9 | 1915—17 |
| 45,7 | 23,0 | 1918—20 |
| 33,3 | 11,7 | 1922—24 |

בא דער אידישער באַפעלקערונג אין ריגע איז די שטאַרבליכקייט פון טובערקולאָז אין 1925־טן יאָר אויף אַן־ערך עלף פּראָצענט העכער ווי אין דורכשניט פון די פאַרמלחמה־יאָרן 1909/11 (טאַב. XXVII).

דער וויכטיגסטער אויספיר פון אַט די אַלע נאָרמאַס גע־בראַכטע ציפערן איז, אַז בא אַלע באַדינגונגען, — סיי אין די יאָרן פון איר קאַטאַסטראָפאַלן וואוקס סיי בא איר אומקערן זיך צום נאָרמאַלן צושטאַנד אָדער אַפילו ביים פאַלן נידריגער פון די פאַרמלחמהדיגע ציפערן, — איז די טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט בא דער אידישער באַפעלקערונג אומעטום געבליבן פיל קלענער איידער בא דער אַרומיגער באַפעלקערונג.

Tab. — XXVII — טאַב.

די שטאַרבליכקייט פון טובערקולאָז (אַלע פאָרמען) אין ריגע

Es starben an Tuberkulose (sämtl. Formen) in Riga:

| בא ניט־אידן bei den Nichtjuden | | בא אידן bei den Juden | | Jahr—יאָר |
|---|---|---|---|---|
| per 10000 | abs. | per 10000 | abs. | |
| 25,9 | 993 | *12,2 | 41 | 1909—11 |
| 21,9 | 558 | 12,3 | 37 | 1922 |
| 21,7 | 590 | 13,0 | 43 | 1923 |
| 22,2 | 635 | 15,1 | 56 | 1924 |
| 23,1 | 689 | 13,4 | 53 | 1925 |

* באמערקונג: די שטארבליכקייט איז בארעכענט לגבי דער צאל אידן אין יאר 1913 (33.651 נפשות). מיר גלויבן אבער, אז מיר מאכן ניט קיין טעות, ווייל די אפיציעלע ציפערן וועגן דער אידישער באפעלקערונג אין ריגע זיינען, ווי באקאנט, געווען נידעריגער ווי אין דער ווירקליכקייט, אזוי אז אין 1909/11 איז זי געווען געוויס ניט פיל קלענער ווי די אפיציעלע ציפער פונם יאר 1913.

עס פעלן אונז — ווייל אין ערגיץ עקזיסטירט נאָך ניט קיין געזעץ וועגן אָבליגאַטאָרישער מעלדונג פון טובערקולאָז־קראַנ־קע — כאָטש וואָסערע ס׳ניט איז אָנגאָבן וועגן דער מאָרבי־דיטעט פון טובערקולאָז בא אידן, אָבער אויף אַ אינדירעקטן אופן לאָזט זיך פעסטשטעלן, אַז אויך אין פּרט פון מאָרבידיטעט שטייען די אידישע קאָעפיציענטן פיל גינציגער איידער בא דער איבריגער באַפעלקערונג.

דער שוין אויבן פון אונז ציטירטער ד״ר מ. י. גוטמאַן חזרט איבער[2]) די פון פישבערג אַרויסגעזאָגטע מיינונג, אַז בא דער אידישער באַפעלקערונג פון ניו־יאָרק, באַזונדערס פון זיינע אַרבעטער־געגנטן איז די טובערקולאָז־מאָרבידיטעט די לעצטע יאָרן שטאַרק געשטיגן. געגן דער דאָזיגער מיינונג — יעדנפאַלס בנוגע דער אַרבעטער באַפעלקערונג, ד.ה. גראָד דעם וויכ־טיגסטן טייל, — רעדן די רעזולטאַטן פון דער מעדיצינישער אויספאָרשונג, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן אָנהויב 1923 בא די מיטגלידער פון דער יוניאָן פון די דאַמען־שניידער (International Ladies Garment Workers' Union), פון אַ יוניאָן, וואָס ציילט צווישן אירע 150 000 מיטגלידער (פון זיי 65 000 אין ניו־יאָרק—סיטי) בלויז 15 פּראָצענט איטאַליענער, פינף פּראָצענט רוסן און פּאָליאַקן, גאָר אַ קליינעם פּראָצענט נעגערס און אַמעריקאַנער, אַלזאָ אַן־ערך אַכציג פּראָצענט אידישע אַר־בעטער. די דאָזיגע אויספאָרשונג[3]) האָט אַרומגעכאַפּט פופציג טויזנט אַרבעטער און איז געווען די ערשטע גרויסע און ברייט אַוועקגעשטעלטע אויספאָרשונג, וואָס איז ווען ס׳ניט געמאַכט געוואָרן צווישן די אַמעריקאַנישע אידישע אַרבעטער. זי גיט אַזוי אַרום אַ טיפּיש און זיכערער בילד, איידער די פריער־דיגע אויספאָרשונגען צווישן די אידישע אַרבעטער — פון

1) В. И. Биншток и С. А. Новосельский: Евреи в Ленинграде (Петербурге) 1900-1924 г. г. — Вопросы биологии и патологии евреев. Сборник I. Ленинград 1926. р. 29.

[2]) ד״ר מ. גוטמאַן: ״קראנקהייטן בא אידן״, בלעטער פאר אידישע דעמא־גראפיע, סטאטיסטיק און עקאנאמיק, №5. בערלין, 1925, זייט 68—72.

[3]) די רעזולטאטן זיינען פארגעלעגט געווארן פון באקאנטן אידישן דאקטאר פרייס, דעם אנפירער מיט דער מעדיצינישער צענטראלע פון דער יוניאן, אויף דער פאראייניגטער זיצונג פון דער American Association of Industrial Physicians and Surgeons און דעם Health Service Section of the National Safety Counsil אין באפאלא, דעם 3־טן אקטאבער 1923, און דערנאך פארעפנטליכט גע־ווארן אין זשורנאל פון דער יוניאן The Union Health Center. ניו־יארק, מערץ 1924 אונטערן נאמען: George M. Price, M. D.: The Physical Examination of fifty thousand Garment Workers.

דעם U. S. Public Health Service [1] אָדער פון ד״ר לענדיס [2], וועלכע האָבן זיך באַצויגן אויף אַ סך אַ קלענערע מאַסע און אויף די פיזיש שוואַכסטע עלעמענטן צווישן די אַרבעטער.

18 פראָצענט פון די אויסגעפאָרשטע זיינען געווען פרויען אין עלטער פון 20 ביז 30 יאָר. די איבעריגע 82 פראָצענט זיינען מענער פון 20 ביז 65 יאָר מיט אַ דורכשניט־עלטער פון אַנ׳ערך 40 יאָר. עס האָט זיך דערבײַ אַרויסגעשטעלט, אַז נאָר איין פראָצענט פון די אַרבעטער, — אַ פיל קלענערער איידער באַ די פריערדיגע פאָרשונגען, — איז קראַנק אויף לונגן־טובערקולאָז, און אַז די מאָרבידיטעט־ציפער איז פאַר די לעצטע פינף־זעקס יאָר באַדייטנדיג געפאַלן. פון לונגן־קראַנקהייטן, הויפטזאַכליך פון פיבראָידע, פטיזיס, אַסטמאַ, עמפיזעם און כראָנישן בראָנכיט האָבן געליטן אַרום און אַרום אַנ׳ערך צוויי פראָצענט פון אַלע אויסגעפאָרשטע יוניאָן־מיטגלידער.

אין 1924־טן יאָר האָט דער מעדיצינישער דעפּאַרטאַמענט פון דער זעלבער דאַמען־שניידער־יוניאָן געהאַט צווישן 10 536 פאַציענטן ניט מער ווי 109, אַלזאָ ווידעראַמאָל נאָר איין פראָצענט קראַנקע אויף טובערקולאָז. [3]

ספּעציעל באַ די פרעסערס (אַנ׳ערך 6000 מיטגלידער, אַלע מענער, פון זיי העכער ניינציג פראָצענט באַווײַבטע, 80 פראָצענט אידן, 15 פראָצענט איטאַליענער און 5 פראָצענט רוסן און פּאָלאַקן), וואָס זיינען לויט דעם כאַראַקטער פון זייער פראָפעסיע די קערפּערליך קרעפטיגסטע אַרבעטער און זיינען מערסטנטיילס דערוואַקסענע מענער, אָבער מוזן אַרבעטן באַ אומגעזונטערע פאַר די לונגן באַדינגונגען (שאַרפער איבערגאַנג פון היץ צו קעלט אין די שאָפּס), האָט דער פראָצענט טובערקולאָז־קראַנקע אויך ניט באַטראָפן מער פון איינס. אויך באַ אָט דער גרופּע איז די מאָרבידיטעט־ציפער פאַר די לעצטע יאָרן באַדייטנדיג געפאַלן. אַזוי איז דאָ אויסגעצאָלט געוואָרן „טובערקולאָז־בענעפיט“ אין יאָר 1914 — אין 30 פאַלן, 1915 — אין 14 פאַלן, 1917 — אין 13 פאַלן, 1918 — אין 6; 1919 — אין 10; 1920 — אין 6; 1921 — אין 8 און 1922 ניט מער ווי אין דריי פאַלן, דורכשניטליך פאַר דער גאַנצער צייט צו דרייצן פאַלן אַ יאָר. [4]

ווען מיר נעמען די קראַנקן־סטאַטיסטיק פון דער גרעסטער אידישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין די פאַראייניגטע שטאַטן — פון „אַרבייטער רינג“, — זעהען מיר נאָך אַ נידעריגערן קאָעפיציענט ווי אין דער שניידער יוניאָן. אויף די 82 824 מיטגלידער פון רינג זיינען אין 1923־טן יאָר געווען טובערקולאָז־קראַנקע ווייניגער פון אַ האַלב פראָצענט, אָדער 40,1 אויף יעדע צען טויזנט. אין 1924־טן יאָר זיינען אויף יעדע צען טויזנט מיטגלידער (די אַלגעמיינע צאָל מיטגלידער האָט אין דעם יאָר באַטראָפן 84 477) געווען קראַנק אויף טובערקולאָז נאָר 37,5. [5]

דאָס פאַלן פון דער טובערקולאָז־מאָרבידיטעט צווישן די אידישע אַרבעטער אין די פאַראייניגטע שטאַטן און באַזונדערס אין ניו־יאָרק איז אַ רעזולטאַט ניט נאָר פון דער — אין דער לעצטער צייט זייער ברייט אַוועקגעשטעלטער — מעדיצינישער זעלבסטהילף, נאָר אויך, אין זייער אַ גרויסער מאָס, פון יענע קאָלאָסאַלע פאַרבעסערונגען און פאַרענדערונגען, וואָס זיינען די לעצטע 10—15 יאָר פאָרגעקומען אין די סאַניטאַרע באַדינגונגען פון דער אידישער אַרבעט. די זעלבע אידישע שניידער־בראַנזשע האָט נאָך ביז 1910 געאַרבעט באַ די שרעקליכסטע באַדינגונגען; אַ געוואַלדיג גרויסער טייל שניידערס, מאָדיסטינס, צושניידערס א. א. וו. פלעגט באַקומען די אַרבעט אַ היים; דער גרעסטער טייל שאָפּס האָט זיך געפונען אין די איינגע, פינסטערע, שלעכט אָדער בכלל ניט ווענטילירטע לאָקאַלן אויף דער איסט־סאַיד, אין די אונטערשטע גאָרנס. היינט צו טאָג אָבער שטייט שוין דער גרעסטער טייל שאָפּס ניט אויף דער איסט־סאַיד, נאָר אין די לופטיגערע דיסטריקטן, אין מאַנהעטן א.א.וו. די צאָל שאָפּס פון דער קלאָוק־אינדוסטריע אויף דעם איסט־סאַיד דיסטריקט איז פון 639 אין 1912־טן יאָר אַרונטער ביז 276 אין יאָר 1921. פאַרקערט, אין דער בעסערער געגנט, צווישן פערטער און זיבעטער עבעניו, זיינען די זעלבע שאָפּס אויסגעוואַקסן פון 486 אין 1912 ביז 1131 אין 1921־טן יאָר. אַ ענליכע איבערוואַנדערונג פון די שלעכטע אין די בעסערע געגנטן איז פאָרגעקומען אויך אין דער דאַמען־קליידער־אינדוסטריע א. א. וו. א.א.וו. פון די אונטערשטע גאָרנס זיינען די שאָפּס אַרויף אין די העכערע. אין 1921־טן יאָר זיינען 2141 שאָפּס מיט 57,4 פראָצענט פון אַלע אַרבעטער אין דער פרויען־מאַנטל־אינדוסטריע געליגן אויפן זעקסטן עטאַזש; צווישן זיבעטן און צוועלפטן שטאָק זיינען געליגן 1001 שאָפּס מיט 17.576 אַרבעטער, אָדער 36,3 פראָצענט פון אַלע באַשעפטיגטע אין דער דאָזיגער בראַנזשע. פון דער צווייטער זייט, איז געגאַנגען צוריק אַ פראָצעס פון דעצענטראַליזאַציע אין דער שניידער־אינדוסטריע, די שאָפּס זיינען געוואָרן קלענער. אין 1914־טן יאָר איז אין דער דאַמען־קליידער און וועסטן־אינדוסטריע, למשל, אין ניו־יאָרק געווען באַשעפטיגט דורכשניטליך 45 פערזאָן אין אַ שאָפּ, אין 1921־טן יאָר — נאָר 13. אין דער פרויען־מאַנטל־אינדוסטריע איז דער דורכשניט געפאַלן פאַר דער זעלבער צייט פון 27 ביז 12. ס׳זיינען איינגעפירט געוואָרן, אַ דאַנק דער שטרייגער השגחה פון Joint Board of Sanitary Control, אַ רייע פאַרבעסערונגען אין סאַניטאַר־טעכנישער איינריכטונג פון די שאָפּס א.א.וו. א.א.וו. [6]

אויפן גרונט פון די מאַטעריאַלן, וואָס מיר פאַרמאָגן וועגן דער מאָרבידיטעט פון דער אידישער באַפעלקערונג, לאָזט זיך באַווייזן די ניט ריכטיגקייט אויך פון אַ צווייטער באַהויפּטונג, לויט וועלכער דער פראָצענט אידן צווישן די טובערקולאָז־קראַנקע אין די מזרח־אייראָפּייאישע, באַזונדערס רוסישע שטעט אין דער צייט פון 1916—1922 איז געווען באַדייטנדיג העכער פון פראָצענט אידן אין דער אַנטשפּרעכנדיגער באַפעלקערונג.

נ. האַלטערכט [7] האָט געמאַכט די דאָזיגע באַהויפּטונג אויפן גרונט פון דער סטאַטיסטיק אין די באַריכטן וועגן דער באַוועגונג פון די פאַציענטן אין די טובערקולאָז־דיספּאַנסערן אין אָדעס

1) Schereschewsky, J. W.: The Health of Garment Workers. — U. S. Public Health Bulletin Nr. 71. 1915. part I.

2) Landis, H. R. M.: Factors affecting the Health of Garment Makers.— Eighth Report of the Henry Phipps Institute. 1915.

3) Union Health Center of the International Ladies' Garment Workers' Union New-York Locals. Report for the Jear 1924.—New-York.

4) George M. Price, M. D: „Diseases of the pressers“.—The Union Health Center, March 1924, Health Department of the International Ladies Garment Workers' Union. New-York.

5) אויסגערעכנט פון מיר לויט די באריכטן פון גענעראל־סעקרעטאר פון ״ארבייטער רינג״ צו דער 25־טער יובילעום־קאנווענשאן. זעה: ״דער פריינד״, אפיציעלער ארגאן פון ״ארבייטער רינג״, קאנווענשאן יובילעום נומער: מאי 1925. ניו־יארק.

6) Eleventh Annual Report of the Joint Board of Sanitary Control in the Cloak, Suit and Skirt and Dress and Waist industries. 1910—1922. — Joint Board of Sanitary Control. New-York. 1922.

7) Op. cit.

אין יעליסאַוועטגראַד און אין דער טובערקולאָזן־וואָרגשטעלע פון אוקראַינישן רויטן קרייץ אין קרעמענטשוג, און האָט גע־וואָלט מיט דעם דערווייזן די פאַלשקייט פון פישבערגס אָפּ־קלײַבן און צופּאַסונג־טעאָריע. ער האָט אָבער, ווי עס שיינט, ניט גאַנץ ריכטיג פאַרשטאַנען דעם באַטײַט פון דער דאָזיגער סטאַטיסטיק. אין דער ווירקליכקייט באַווייזט דער גרויסער פּראָצענט אידישע פּאַציענטן ניט דעם זייער שטאַרקן גראַד קרענקעוודיג־קייט בײַ דער אידישער באַפעלקערונג, נאָר איר באַקאַנטע װאָר־גערידיגקייט פאַרן געזונט. אויף אַ גלענצנדן אופן באַשטעטיגט אָט די השערה די סטאַטיסטיק פון דער שטאָטישער טובער־קולאָז־קאָנסולטאַציע אין לאָדז פאַר די יאָרן פון 1919 ביז 1926. זייענדיג נאָר 35 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקע־רונג אין לאָדז, האָבן די אידן צווישן די פּאַציענטן פון דער קאָנסולטאַציע געגעבן דורכשניטליך פערציג פּראָצענט. דער פּראָצענט טובערקולאָז־קראַנקע האָט זיך אָבער צווישן די אידי־דישע פּאַציענטן אַרויסגעוויזן קלענער ווי צווישן די קריסטליכע. די קאָנסולטאַציע האָבן באַזוכט:

Tab. — XXVIII — טאַב.

**דער % איד. פּאַציענטן אין לאָדזער טובערקולאָז־דיספּאַנסער**

Prozentsatz der Juden unter den Besuchern der Lodzer städtischen Beratungsstelle für Tuberkulose:

| פון דעם אידן davon Juden % | absolut | פּאַציענטן בכלל Ges. Zahl der Kranken | Jahr—יאַר |
|---|---|---|---|
| 49,4 | 2 898 | 5 880 | 1919 |
| 41,2 | 1 882 | 4 567 | 1920 |
| 36,9 | 1 622 | 4 397 | 1921 |
| 35,5 | 1 718 | 4 845 | 1922 |
| 40,4 | 2 118 | 5 237 | 1923 |
| 33,1 | 2 508 | 7 585 | 1924 |
| 40,2 | 3 108 | 7 737 | 1925 |
| 43,3 | 3 133 | 7 228 | 1926 |

בײַ דער אונטערזוכונג אויף טובערקולאָז האָבן די אידי־שע פּאַציענטן אין דורכשניט 1919—26 רעאַגירט פּאָזיטיוו אין 14,8 פּראָצענט, די ניט־אידישע אָבער אין 19,9 פון הונדערט פאַלן.

Tab. —XXIX— טאַב.

**דער פּראצענט טובערקולאז־קראנקע צווישן די איד. און ניט־איד. פּאציענטן פון טובערקולאָז־דיספּאנסער אין לאדז**

TBC-Kranke unter den Besuchern der Beratungsstelle in Lodz

| Christen — קריסטן: רעאגירט פּאזיטיוו davon reagierten positiv % | abs. | בכלל אונטערזוכט Gesamtzahl d. Untersuchten | Juden אידן: רעאגירט פּאזיטיוו davon reagierten positiv % | abs. | בכלל אונטערזוכט Gesamtzahl d. Untersuchten | Jahr—יאַר |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 34,4 | 394 | 1 158 | 19,8 | 209 | 1 058 | 1919 |
| 22,7 | 203 | 896 | 16,6 | 107 | 645 | 1920 |
| 23,7 | 218 | 919 | 18,5 | 101 | 547 | 1921 |
| 19,9 | 177 | 890 | 14,6 | 81 | 554 | 1922 |
| 10,5 | 84 | 803 | 6,7 | 44 | 657 | 1923 |
| 15,2 | 140 | 919 | 8,5 | 44 | 520 | 1924 |
| 11,9 | 113 | 951 | 14,3 | 84 | 589 | 1925 |
| 16,9 | 165 | 979 | 15,6 | 141 | 901 | 1926 |

בײַ דער סטאַטיסטיק פון דער לאָדזער „שטאָטישער סעקציע אויף צו קעמפן געגן טובערקולאָז" לוינט זיך בכלל אַביסל לענגער אויפהאַלטן. מען געפינט דאָ אייניגע אינטערעסאַנטע פאַקטן און איינצלהייטן, וואָס דינען פאַר דער פאָרשונג פון דער טובערקולאָז־פּראָבלעם בײַ אידן פון באַזונדערער וויכ־טיגקייט. מיר נעמען אַרויס פון דאַנען בלויז די דאַטן, וואָס אילוסטרירן די וואוינונג־פאַרהעלטענישן בײַ די קראַנקע. אַזוי ווי די פּאַציענטן פון די שטאָטישע טובערקולאָז־אַנשטאַלטן גע־הערן ווי תמיד צו דעם אָרימסטן גראַד, באַקומען מיר פון אָט די דאַטן גלייכצייטיג אַ לפיערך'דיגע פאָרשטעלונג בכלל וועגן די וואוינונג־פאַרהעלטענישן בײַ דער אָרימער אידישער און קריסטליכער באַפעלקערונג.

בײַ די אויספאָרשונגען אין די יאָרן 1923, 1924 און 1925 האָט די סעקציע געקאָנט פעסטשטעלן פאָלגנדיגעס:

Tab. —XXX— טאַב.

**די וואוינונג־פארהעלטנישן בא די טובערק.־קראנקע אין לאָדז**

Die Wohnungsverhältnisse der jüd. TBC-Kranken in Lodz

| צוז. Zus. | מער פון 3 mehr als 3 | 3 | 2 | 1 | Krankengruppe—קראַנקע |
|---|---|---|---|---|---|
| עס האבן געלעבט אין וואוינונגען מיט / Von je 100 Kranken hatten Wohnungen mit — Zimmern — צימער | | | | | |
| 100,0 | 3,1 | 7,6 | 32,9 | 56,4 | 1923: אידן—Juden . . . |
| 100,0 | 0,2 | 3,7 | 17,6 | 78,5 | קריסטן—Chritsen. |
| 100,0 | 0,9 | 8,0 | 27,2 | 63,9 | 1924: אידן—Juden . . . |
| 100,0 | 0,6 | 2,5 | 15,7 | 81,2 | קריסטן—Christen. |
| 100,0 | 6,2 | 12,5 | 30,0 | 51,3 | 1925: אידן—Juden . . . |
| 100,0 | 1,0 | 1,0 | 13,3 | 84,7 | קריסטן—Christen. |

פון די קריסטליכע קראַנקע האָבן אַלזאָ אין די 1־צימער־וואוינונגען, ד. ה. אין די ערגסטע פאַרהעלטנישן געלעבט דורכ־שניטליך העכער אַכציג פּראָצענט, פון די אידישע — נאָר עטליכע און פופציג פּראָצענט. דער פּראָצענט קראַנקע, וואָס לעבן אין 2־צימער־וואוינונגען, איז אויף דער אידישער זייט דורכשניטליך צוויי מאָל גרעסער ווי אויף דער קריסטליכער, און נאָך גרעסער איז בײַ דער אידישער גרופּע דער פּראָצענט פון די, וועלכע באַוואוינען דירות פון 3 און מער צימערן.

דער גראַד באַפעלקערטקייט אין די וואוינונגען פון די טובערקולאָז־קראַנקע דריקט זיך אויס אין פאָלגנדיגע ציפערן:

Tab. — XXXI — טאַב.

**די וואוינונג־באדינגונגען בא אידישע און קריסטליכע טובער־קולאז־קראנקע אין לאדז**

Die Wohnungsverhältnisse der jüd. TBC-Kranken in Lodz

| צוז. Zus. | 7 און מער 7 u. mehr | 5—6 | 3—4 | 1—2 | Krankengruppe—קראנקע |
|---|---|---|---|---|---|
| פּראצענט פאלן, ווען אין צימער פון קראנקן האבן געוואוינט נאך: / % der Fälle, wo im selben Zimmer mit dem Kranken noch — Personen mitwohnen — פערזאנען | | | | | |
| 100,0 | 22,5 | 36,0 | 30,4 | 11,1 | 1923: אידן—Juden . . . |
| 100,0 | 11,1 | 36,7 | 37,7 | 14,5 | קריסטן—Christen. |
| 100,0 | 22,5 | 37,1 | 33,8 | 6,6 | 1924: אידן—Juden . . . |
| 100,0 | 16,1 | 32,2 | 38,5 | 13,2 | קריסטן—Christen. |

די פאַלן, ווען אין זעלבן צימער מיטן טובערקולאָז־קראַנקן האָבן געוואוינט נאָך 5 און 6 פּערזאָן, האָבן בײַ דער אידישער גרופּע אויסגעמאַכט אין ביידע יאָרן אַנ׳ערך 36 פּראָצענט, בײַ דער קריסטליכער—אומגעפער אַ דריט פון אַלע פאַלן. זיבן און מער נפשות אין איין צימער מיטן קראַנקן זיינען פאַרצייכנט בײַ אידן אין 22,5 פּראָצענט פאַלן, בײַ חער אַנדערער גרופּע — נאָר אין 11,1 (יאָר 1923) און 16,1 (יאָר 1924) פּראָצענט פאַלן. אַחוץ און אַרום זיינען, לויט דער אַנקעטע פון 1923־טן יאָר, אויסגעקומען אויף יעדע הונדערט אידישע קראַנקע 403 מיטבאַוואוינער, אויף יעדע הונדערט ניט־אידישע — 348 מיטבאַוואוינער; אין פאָלגנדיגן יאָר האָבן די ציפערן געהאַלטן אַנטשפּרעכנדיג בײַ 472 און 375.

אָן די ידיעות וועגן דער קובאַטור פון די צימער דריקן די פאָרגעבראַכטע ציפערן נאַטירליך נאָך ניט אויס די אמתע באַפעלקערטקייט. אָבער נעמט מען זיי אַפילו אַזוי, ווי זיי זיינען, און נעמט מען דערצו אין באַטראַכט, אַז די אידישע פאַציענטן, וואָס ווענדן זיך נאָך הילף אין די שטאָטישע מעדיצינישע אינסטיטוציעס, זיינען געוויינליך פון אַ אָרימערן גראַד ווי די קריסטליכע, מוז מען קומען צום אויספיר, אַז בײַ אַ פאַרגלייך צווישן סאָציאַל און מאַטעריעל גלייכגעשטעלטע גרופּעס וועט די אידישע זיין אין דער גינציגערער, בכל אופן ניט אין דער ערגסטער לאַגע. פאַר די גרויסע שטעט — און וועגן אַזעלכע האַנדלט עס זיך מערסטנטיילס, ווען מען קומט צו דער סטאַטיסטיק פון טובערקולאָז בײַ אידן, — איז דאָס באַזונדערס ריכטיג, ווייל בײַ דער קריסטליכער אַרבעטערשאַפט גייט דאָ די גאַנצע צייט אַ באַדייטנדיגער צושטראָם פון נייע עלעמענטן פון דאָרף, בשעת די אידישע אַרבעטער־מאַסע איז אַ סטאַבילערע און וואַקסט לאַנגזאַמער.

די דאָזיגע פעסטשטעלונג איז באַזונדערס וויכטיג דערפאַר, ווייל ס׳איז שוין געוואָרן אַ באַנאַליטעט, אַז ווען מען רעדט וועגן טובערקולאָז בײַ אידן, שטעלט מען כמעט תמיד פאָר די אידישע באַפעלקערונג אַלס אַ איינהייטליכע אָרימע, עלנדע מאַסע, וואָס געפינט זיך אין ערגערע באַדינגונגען, ווי די אַרומיגע שטאָטישע באַפעלקערונג. מיט דעם וויל מען נאָך מער אונטערשטרייכן דעם וואונדער פון דער אידישער מינדערשטאַרבליכקייט.

פונקט אַזוי האָט מען איבערגעכאַפּט די מאָס, ווען מען האָט דעם Habitus phtisicus פאָרגעשטעלט אַלס דעם דאָמינירינדיגן, בכל אופן באַזונדערס אָפטן טיפּ בײַ דער אידישער באַפעלקערונג. ווען מען נעמט אָבער אויך דאָ צום פאַרגלייך סאָציאַל און פּראָפעסיאָנעל גלייכאַרטיגע גרופּעס, שטעלט זיך אַרויס, אַז די טעאָריעס וועגן דער קערפּערליכער מינדערווערטיגקייט פון דער אידישער באַפעלקערונג איז ניט גאָר אינגאַנצן ריכטיג. דאָס האָבן באַוויזן די רעזולטאַטן פון דער זייער אויספירליכער און וויסנשאַפטליך אויסגעהאַלטענער אַנטראָפּאָמעטרישער אונטערזוכונג פון אַ גרויסער צאָל אידישע, רוסישע און אוקראַינישע יוגנטליכע אַרבעטער אין אוקראַינע אין 1923־טן יאָר אין פינף אינדוסטריעלע שטעט: כאַרקאָוו, יעקאַטערינאָסלאַוו, אָדעס, קיעוו און ניקאָלאַיעוו; אין פינף ניט־אינדוסטריעלע גובערניעס: וואָלינער, פּאָדאָליער, טשערניגאָווער, פּאָלטאַווער און קיעווער (אָן דער שטאָט קיעוו) און אין דאָנעצער באַסיין — צוזאַמען פון 11.149 יוגנטליכע אַרבעטער, פון זיי 4289 רוסישע, 3776 אידישע און 2622 אוקראַינישע. עס האָט זיך דערביי אַרויסגעשטעלט, אַז בנוגע דעם פאַר אונז דאָ באַזונדערס וויכטיגן מאָמענט — דער פאַרהעלטעניש פון ברוסט־אומפאַנג צום וואוקס — זיינען די אידישע אַרבעטער געשטאַנען ניט אויף דעם לעצטן אָרט, נאָר באַלד נאָך די רוסישע. פאַר אוקראַינע, סומאַריש גענומען, האָבן זיך באַקומען פאָלגנדיגע פאַרהעלטנישן צווישן די אינדעקסן[1]:

Tab. — XXXII — טאַב.

**די פאַרהעלטניש פון ברוסט־אומפאַנג צום וואוקס בײַ די יוגנטליכע אַרבעטער אין אוקראַינע**

Das Verhältnis des Brustumfangs zur Körperlänge bei den jüd. und nichtjüd. jugendl. Arbeitern in der Ukraine

| עלטער—Alter / נאַציע—Nationalität | 15 | 16 | 17 | 18 |
|---|---|---|---|---|
| רוסן — Russen | 49,60 | 49,55 | 50,38 | 51,11 |
| אידן — Juden | 49,46 | 49,74 | 50,31 | 51,06 |
| אוקראַינער — Ukrainer | 48,81 | 49,24 | 50,31 | 50,55 |

אַ קאָרעקטערער פאַרגלייך, אַ געגנאַנאַנדערשטעלונג פון אַרבעטער פון איין און דערזעלבער סביבה, דאָס מיינט אָן די פּריש פון דאָרף אָנגעקומענע אַרבעטער, וועלכע געהערן נאָך צום פּויערישן טיפּ, וואָלט בלי ספק פאַרווישט אויך אָט דעם קליינעם אונטערשיד.

אַז מען וועט גענוי אונטערזוכן די אידישע באַפעלקערונג גופא, וועט מען זיך גרינג קאָנען איבערצייגן, אַז לויט די קערפּערליכע סמנים איז דאָס ווייט ניט קיין איינהייטליכע מאַסע, אַז די ווירטשאַפטליך און סאָציאַל העכערע קלאַסן זיינען אויך אין פּרט פון קערפּערליכער אַנטוויקלונג די העכערע.

אין דער ווייטערדיגער טאַבעלע XXXIII פאַרגלייכן מיר די לענג פון קערפּער בײַ די יוגנטליכע אידישע אַרבעטער אין אָדעס און אוקראַינע מיט דער לענג פון קערפּער בײַ די בורזשואַזע אידישע קינדער פון גלייכן עלטער אין ק אַ ז אַ ן און באַקומען פאָלגנדיגע אינטערעסאַנטע רעזולטאַטן: די רייכערע אידישע קינדער האָבן זיך אַרויסגעוויזן באַדייטנדיג העכער ניט נאָר פון די אידישע אַרבעטער־קינדער, נאָר אַפילו אויך פון די רוסישע און אוקראַינישע אַרבעטער אין גלייכן עלטער.

אַ ווערטפולן אַנטראָפּאָמעטרישן מאַטעריאַל, קאָמבינירט מיט דער סאָציאַלער לאַגע פון די אויסגעפאָרשטע, האָט אונז געגעבן די אויספאָרשונג פון די קינדער אין די פאָרשול־ און שול־אַנשטאַלטן פון מינסק אין 1925־טן יאָר[2]. דער פאָלגנדיגער אויסצוג וועגן קערפּער־לענג, ברוסט־פאַרנעם און פאַרהעלטעניש פון ברוסט־פאַרנעם צו דער לענג פון קערפּער, וועלכן מיר האָבן געמאַכט אין דער טאַבעלע XXXIV, ווייזט, אַז די גרייסן און אינדעקסן בײַ דער סאָציאַל העכער־געשטעלטער גרופּע אידישע קינדער, בײַ די קינדער פון די גייסטיגע אַרבעטער (באַצייכנט אין טאַבעלע מיט B) זיינען פיל גינציגער, ווי בײַ די קינדער פון די פיזישע אַרבעטער (באַצייכנט מיט A);

1) Первый Украинский Институт рабочей медицины. Труды и материалы. Выпуск второй. Под редакцией Э. М. Кагана и Э. Л, Фридзель. Результаты обследованя рабочих подростков на Украине в 1923 году. — Проф. Э, М. Каган: Физическое состояние рабочих подростков на основании данных антропометрического исследования. — р. 66 — Харьков 1923.

2) Статыстычны Штогоднік. — ЦСУ БССР. Мэнск 1926.

Tab. — XXXIII — טאַב·

## די לענג פון דעם קערפּער בא אידישע ארבעטער־ און רייכע־קינדער
### Die Körperlänge (in cm) bei den armen und reicheren jüdischen Kindern

| אידישע רייכע אינגלאַך אין קאַזאַן *** — 1923 — Jüd. Kinder gutbemittelter Eltern in Kasan*** | יוגנטל· ארבעט· אין אָדעס** — 1923 — Jug. Arbeiter in Odessa ** | | יוגנטל· אַרבעטער אין גאַנץ אוקראַינע * — 1923 — Jugendliche Arbeiter in der Ukraine * | | | Alter — עלטער |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | רוסישע russische | אידישע jüdische | אוקראַינישע ukrainische | רוסישע russische | אידישע jüdische | |
| 149,8 | 147,8 | 143,5 | . | . | . | 14 |
| 158,4 | 153,8 | 149,1 | 150,6 | 149,2 | 147,7 | 15 |
| 163,1 | 157,3 | 153,9 | 156,9 | 155,8 | 154,2 | 16 |

* Труды Украинского Института Рабочей Медицины. Вып. второй. p. 52. — Харьков 1925.

** בלעטער פאר אידישע דעמאגראפיע, סטאטיסטיק און עקאנאמיק, № 5, זייט 130. — בערלין 1925

*** М. Вишневский: Результаты антропометрического обследования американскаго общества АРА среди детей гор. Казани. — Еврейская Старина. Ленинград 1925.

אין די ראַמען פון איינער און דער זעלבער סאָציאַלער גרופּע זייַען די אידישע גהיסן און אינדעקסן אָפּטמאָל אַפילו גינ־ציגער, ווי בא די ווייסרוסישע קינדער. אין דער גרופּע פון די 10־יאָריגע קינדער זעהען מיר בא די אידישע אינגלאַך פון די גייסטיגע אַרבעטער אַ קערפּער־לענג פון 129,1 סאַנטימעטער, בא די אידישע אינגלאַך פון פיזישע אַרבעטער—אַ לענג פון נאָר 123,2 סאַנטימעטער. בא די אידישע מיידלאַך פון דעם זעלבן עלטער האָבן מיר אַנטשפּרעכנדיג: 128,8 און 123,7 סאַנטימעטער. די קינדער פון די אינטעליגענטע פּראָפעסיעס האָבן בא די ווייסרוסן אַ קלענערן וואוקס ווי בא דער אידישער גרופּע. בא די 14־יאָריגע קינדער זעהען מיר ווידער: 143,8 סאַנטימעטער בא די אידישע אינגלאַך פון די פיזישע אַרבע־טער און שוין 145,8 סאַנטימעטער בא די אידישע אינגלאַך פון די אינטעליגענטע פּראָפעסיעס; בא די אידישע מיידלאַך— 143,0 אין גרופּע A און שוין 146,1 אין סאָציאַלער גרופּע B. די אידישע אינגלאַך פון גרופּע B צייכענען זיך ווידער־אַמאָל אויס מיט אַ העכערן וואוקס איידער די ווייסרוסישע. דער ברוסט־פאַרנעם באַטרעפט בא די אידישע אינגלאַך פון די אַר־בעטער 69,6, בא די אידישע מיידלאַך פון דער זעלבער גרופּע— 69,3 סאַנטימעטער; בא די אידישע קינדער פון די אינטע־ליגענטע פּראָפעסיעס שטייען אַנטשפּרעכנדיג 70,2 און 72,0 סאַנטימעטער.

די אָפּווייכונגען, וואָס מען טרעפט בא די אנטראָפּאָמעטרי־שע סמנים אין איינצע עלטער־גרופּעס, וואַרפן בשום אופן ניט אום אונזער באַהויפּטונג. זיי נעמען זיך אויסשליסליך דערפון, וואָס אין יעדער איינער פון די צוויי סאָציאַלע גרופּעס געפינט

Tab. — XXXIV — טאַב·

## די וויכטיגסטע אנטראפאמעטרישע סימנים בא די אידישע און ווייסרוסישע קינדער אין מינסק
### Anthropometrische Merkmale bei den jüd. und weißruß. Kindern in Minsk

| פאַרהעלטניש פון ברוסט־פאַרנעם צום וואוקס Verhältnis des Brustumfangs zur Körperlänge | | | | ברוסט־פאַרנעם (אין סאַנטימעטער) Brustumfang in cm | | | | לענג פון קערפּער (אין סאַנטימעטער) Körperlänge in cm | | | | עלטער און סאָציאַלע לאַגע Alter u. Soziale Stellung | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| Mädchen—מיידלאַך | | Knaben—אינגלאַך | | Mädchen—מיידלאַך | | Knaben—אינגלאַך | | Mädchen—מיידלאַך | | Knaben—אינגלאַך | | | |
| ווייסרוס. weißruß. | אידישע jüdische | ווייסרוס. weißruß. | אידישע jüdische | ווייסרוס. weißruß. | אידישע jüdische | ווייסרוס. weißruß. | אידישע jüdische | ווייסרוס. weißruß. | אידישע jüdische | ווייסרוס. weißruß. | אידישע jüdische | | |
| 48,03 | 49,02 | 49,41 | 50,13 | 60,4 | 60,7 | 62,1 | 61,8 | 125,5 | 123,7 | 125,7 | 123,2 | A | . . . 10 |
| 47,24 | 46,63 | 49,96 | 48,80 | 59,9 | 60,1 | 63,0 | 62,9 | 126,9 | 128,8 | 126,1 | 129,1 | B | |
| 48,04 | 48,31 | 49,01 | 49,52 | 62,6 | 62,6 | 63,7 | 64,1 | 130,2 | 129,1 | 130,0 | 129,5 | A | . . . 11 |
| 47,17 | 48,60 | 48,98 | 47,84 | 62,6 | 63,9 | 64,5 | 62,4 | 132,7 | 131,5 | 131,6 | 130,3 | B | |
| 47,68 | 47,97 | 48,85 | 49,07 | 64,5 | 65,3 | 66,0 | 65,5 | 135,3 | 136,1 | 135,0 | 133,4 | A | . . . 12 |
| 47,16 | 46,56 | 48,68 | 47,72 | 65,4 | 64,7 | 66,1 | 65,3 | 138,7 | 138,9 | 135,7 | 136,7 | B | |
| 47,71 | 47,88 | 49,57 | 49,00 | 66,7 | 66,7 | 68,9 | 67,9 | 139,9 | 139,4 | 138,9 | 138,6 | A | . . . 13 |
| 47,03 | 48,31 | 47,90 | 47,24 | 67,3 | 68,1 | 66,8 | 66,4 | 143,2 | 140,9 | 139,4 | 140,5 | B | |
| 48,29 | 48,46 | 48,40 | 48,80 | 70,3 | 69,3 | 70,9 | 69,6 | 145,8 | 143,0 | 146,5 | 143,8 | A | . . . 14 |
| 47,35 | 49,28 | 48,72 | 48,15 | 70,5 | 72,0 | 70,3 | 70,2 | 148,9 | 146,1 | 144,3 | 145,8 | B | |

A — Physische Berufe; B—Intelligente Berufe; — באַמ·: A — קינדער פון עלטערן מיט פיז· פּראָפ·; B — קינדער פון עלטערן מיט אינטעל· פּראָפ·;

זיך אַ געוויסער פּראָצענט עלעמענטן פון דער צווייטער סאָציאַלער גרופּע. ס'איז אַ גענוג באַקאַנטער פאַקט — און אין ווייסרוסלאַנד איז עס באַזונדער אָפט, — אַז אַמאָליגע אַרבעטער פאַרנעמען איצט אין רוסלאַנד די פירנדיגע שטעלעס אין די אַזוי גערופענע „אינטעליגענטע פּראָפעסיעס“, פּונקט ווי ניט ווייניג פון די פריערדיגע גייסטיגע אַרבעטער זיינען איבערגעגאַנגען אין קאַטעגאָריע פון די אַזוי־גערופענע „פיזישע פּראָפעסיעס“.

קאָנצענטרירט מען זיך אויף די דערצידערנדיגע מאָמענטן—און דאָס מיינט אויף דער סאָציאַלער און פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור באַ דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג, אויף די אַרבעט־באַדינגונגען באַ דער און באַ יענער גרופּע, אויף דעם אָנטייל פון דער אידישער און ניט־אידישער אינדוסטריעלער באַפעלקערונג אין באַזונדערע פאַכן,—דעמאָלט מוז דער „וואונדער“ פון דער אידישער מינדערשטאַרבליכקייט פון טובערקולאָז פאַרשוואונדן און זי אַנטפּלעקט זיך אַלס אַ פיל איינפאַכערע, דורך געוויינליכע סיבות דערקלערליכע ערשיינונג.

מיר קאָנען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף די אַנטשפּרעכנדיגע מאַטעריאַלן און שיקן אָפּ צו דער גרעסערער אַרבעט פון יעקב לעשצינסקי אין דעם זעלבן באַנד „שריפטן“ פון דער עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישער סעקציע ביים אידישן וויסנשאַפטליכן אינסטיטוט [1], וואו אַ טייל פון אָט די פראַגעס איז גאַנץ אויספירליך באַאַרבעט געוואָרן. מיר ווילן נאָר זאָגן, אַז די שאַרפע קאָנטראַסטן, וואָס ווייזן זיך דאָ אַרויס באַזונדערס צווישן דער שטאָטישער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג, באַרעכטיגן גיכער צו דעם אויספיר, אַז, ווען די פאַרשפּרייטונג און שטאַרבליכקייט פון אָט דער אויסגעשפּראָכן סאָציאַלער קראַנקהייט, דער „קראַנקהייט פון פּראָלעטאַריאַט“, ווי דאָס איז דער טובערקולאָז, וואָלטן געווען באַ דער אידישער באַפעלקערונג אַזוי אָפט ווי באַ דער ניט־אידישער, וואָלט מען געמוזט רעדן וועגן אַ ספּעציעלער אימוניטעט באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג.

באַ דעם אַנאַליז פון דער טובערקולאָז־פּראָבלעם באַ אידן און פון דער אידישער מינדערשטאַרבליכקייט האָבן מיר צו פאָרשן קודם כל פאָלגנדיגע וויכטיגסטע מאָמענטן:

1) דעם „ספּעציפישן געוויכט“ פון די באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע און סאָציאַלע גרופּעס אין דער אידישער און ניט־אידישער שטאַרבליכקייט בכלל און אין דער שטאַרבליכקייט פון טובערקולאָז בפרט;
2) דעם געשלעכט־צוזאַמענשטעל פון די געשטאָרבענע פון טובערקולאָז און דעם אונטערשיד צווישן דער שטאַרבליכקייט פון מענער און פרויען באַ דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג;
3) דעם אונטערשיד צווישן דער אידישער און ניט־אידישער שטאַרבליכקייט ביים פאַרגלייך פון איינע און די זעלבע פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס; און
4) צי אונטערשיידן זיך צווישן זיך אין פרט פון טובערקולאָז די באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע און סאָציאַלע גרופּעס אין די ראַמען פון דער אידישער באַפעלקערונג גופא, ווען מ'נעמט פאַרן פאַרגלייך ניט— ווי מען האָט דאָס געפּרובט טאָן—גאַנצע אידישע קבוצים מיט זייער פאַרשיידנאַרטיגער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור, נאָר בפירוש די קאָנקרעטע סאָציאַלע גרופּעס אויפן שטח פון איין און דער זעלבער שטאָט.

ס'איז אויך אָן איבעריגע באַווייזן קלאָר, אַז די לעצטע פראַגע איז פון דערצידערנדיגן באַטייט פאַר דער גאַנצער פּראָבלעם. דער ענטפער אויף אָט דער פראַגע ברענגט אויך די לעזונג פון דער פראַגע וועגן רעלאַטיווער אימוניטעט. פאַלט ער אויס פּאָזיטיוו, זאָל זיך אַרויסשטעלן, אַז צו איין און דער זעלבער צייט, אויף דער טעריטאָריע פון איין און דער זעלבער שטאָט גיבן פאַרשיידענע סאָציאַלע גרופּעס אין דער אידישער באַפעלקערונג אויך פאַרשיידענע טובערקולאָז־קאָעפיציענטן, דעמאָלט האָבן מיר דערוויזן, אַז די סיבות פון דער אידישער מינדערשטאַרבליכקייט דאַרף מען זוכן ניט אין דער ראַסן־אימוניטעט און אַפילו ניט אין דער רעלאַטיווער אימוניטעט, נאָר אין די ספּעציפישע באַזונדערקייטן פון דער ווירטשאַפטליכער און סאָציאַלער סטרוקטור באַ דער אידישער באַפעלקערונג. איז אָבער דער ענטפער אויסגעפאַלן נעגאַטיוו, האָט דער אַנאַליז ניט געוויזן קיין אונטערשיד צווישן באַזונדערע סאָציאַלע גרופּעס, ד.ה. רעאַגירט די אידישע באַפעלקערונג אויף טובערקולאָז אין אַלע אירע שיכטן איינהייטליך און ווייזט אַרויס דעם זעלבן ווידערשטאַנד, — דעמאָלט מוז מען גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון ספּעציפישע באַזונדערקייטן אין דער אידישער קאָנסטיטוציע.

די ערשטע פראַגע — וועגן דעם „ספּעציפישן געוויכט“ פון די באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס אין דער אידישער שטאַרבליכקייט — קאָנען מיר באַלייכטן מיט רעזולטאַטן פון דער וואַרשעווער און לאָדזער אָפיציעלער סטאַטיסטיק פאַר די יאָרן 1923 ביז 1926.

די רעזולטאַטן, וואָס מיר האָבן באַקומען ביים באַאַרבעטן די וואַרשעווער סטאַטיסטיק, זיינען געבראַכט אין טאַבעלע XXXV.

פון דער דאָזיגער טאַבעלע שטעלט זיך אַרויס, אַז די פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס, וועלכע גיבן די העכסטע טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט, זיינען צווישן די ניט־אידישע געשטאָרבענע פאָרגעשטעלט מיט אַ סך אַ גרעסערן פּראָצענט ווי צווישן די אידישע. שוואַרץ־אַרבעטער, הויז־דינסטן און „אַנדערע“, וואָס אַ גרויסער פּראָצענט פון זיי באַשטייט פון אַרבעטסלאָזע, אַרבעטער אָן באַשטימטע פּראָפעסיעס א.א.וו. זיינען אין דער ניט־אידישער שטאַרבליכקייט פאַרטראָטן מיט 51,8 פּראָצענט, אין דער אידישער — נאָר מיט 33,1 פּראָצענט. די גרופּע „ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטע“, וואָס איז באַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג זייער שטאַרק באַזעצט מיט נידעריגערע און מיטעלע באַאַמטע, איז אין דער אידישער גרופּע פאַרטראָטן מיט 6,2 פּראָצענט, באַ דער ניט־אידישער אָבער — מיט 10,2 פּראָצענט. אויך אינדוסטריע און מלאכה איז באַ דער ניט־אידישער גרופּע געשטאָרבענע שטאַרקער פאָרגעשטעלט ווי אין דער אידישער. הערפאַר אָבער איז די האַנדל־באַפעלקערונג אין דער אידישער גרופּע צען מאָל שטאַרקער, הגם אין דער גאַנצער באַפעלקערונג פון דער שטאָט וואַרשע זיינען די אידן באַשעפטיגט אין האַנדל בלויז דריי מאָל שטאַרקער ווי די ניט־אידישע איינוואוינער (41,6 געגן 13,8 פּראָצענט—אין 1921־טן יאָר [1]).

---

[1] יעקב לעשצינסקי: די אַנטוויקלונג פון אידישן פאָלק פאַר די לעצטע הונדערט יאָר. 2־טער טייל. איבערשיכטונג און צעגלידערונג. — שריפטן פון אידישן וויסנשאַפטליכן אינסטיטוט. עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע סעריע. באַנד I. — בערלין 1928.

[1] Pierwszy Powszechny Spis Rzeczypospolitej Polskiej z dnia 30 Wrzesnia 1921 roku. M. St. Warszawa.—Statystyka Polski. Tom. XIV. Tab. XX.—Warszawa 1926.

Tab. — XXXV — טאַב.

## דער פראפעסיאנעלער באשטאנד פון די אידישע און ניט־אידי. געשטארבענע איז ווארשע
## Gliederung der gestorbenen Juden und Nichtjuden in Warschau nach Beruf 1924—25

| Nichtjuden — ניט־אידן | | | | Juden — אידן | | | | Beruf — פראפעסיע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פון טובערקולאָז Sterbefälle an TBC | | געשטאָרבענע בכלל Sterbefälle insges. | | פון טובערקולאָז Sterbefälle an TBC | | געשטאָרבענע בכלל Sterbefälle insges. | | |
| % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | |
| 0,5 | 19 | 1,1 | 238 | 0,3 | 2 | 0,2 | 13 | לאַנדווירטשאַפט — Landwirtschaft . . |
| 2,8 | 117 | 3,4 | 734 | 29,7 | 223 | 33,1 | 2.204 | האַנדל און פאַרזיכערונג — . . Handel und Versicherung |
| 32,4 | 1.359 | 26,6 | 5.715 | 28,8 | 216 | 23,4 | 1.559 | אינדוסטריע און מלאכה — . . . Industrie und Gewerbe |
| 6,5 | 274 | 6,3 | 1.343 | 5,3 | 40 | 4,0 | 269 | טראַנספּאָרט און קאָמוניקאַציע — . . . Verkehr und Transport |
| 11,4 | 478 | 10,8 | 2 312 | 5,1 | 38 | 6,2 | 413 | ליב. פראָפעסיעס און באַאַמטע — Öffentl. Dienst u. freie Berufe |
| 18,1 | 760 | 15,3 | 3.290 | 7,9 | 59 | 8,3 | 554 | שוואַרץ־אַרבעטער — . . Lohnarbeit wechselnd. Art |
| 9,6 | 402 | 8,4 | 1.813 | 3,3 | 25 | 1,8 | 121 | הויז־און פערזענליכער דינסט — Hausdienst und persönl. Dienste |
| 18,7 | 785 | 28,1 | 6.042 | 19,6 | 147 | 23,0 | 1,529 | אנדערע און אומבאַקאַנט — . . . Sonst. und unbekannt |
| 100,0 | 4.194 | 100,0 | 21.487 | 100,0 | 750 | 100,0 | 6.662 | Insgesamt — צוזאמען |

באַ דער סטאַטיסטיק פון דער שטאַרבליכקייט אין לאָדז האָבן מיר זיך געמוזט האַלטן באַ אַן אַנדערער איינטיילונג פון די פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס. מיר טיילן דאָ אויס באַזונדער: 1) די סוחרים און הענדלער, 2) די גאַנצע אינדוסטריע־באַפעל־קערונג, 3) די באַאַמטע, ביוראָ־ און האַנדל־אָנגעשטעלטע און צולעצט 4) אַלע אַנדערע פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס און די אומ־באַקאַנטע. עס באַקומען זיך דעמאָלט פאָלגנדיגע זייער אינ־טערעסאַנטע פאַרהעלטנישן:

Tab. — XXXVI — טאַב.

## דער פראפעסיאנעלער באשטאנד פון די אידישע און ניט־אידישע געשטארבענע אין לאדז
## Gliederung der gestorbenen Juden und Nichtjuden in Lodz nach Beruf 1924—1926

| Nichtjuden — ניט־אידן | | | | Juden — אידן | | | | Beruf — פראפעסיע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פון טובערקולאָז Sterbefälle an TBC | | געשטארבענע בכלל Sterbefälle insges. | | פון טובערקולאָז Sterbefälle an TBC | | געשטארבענע בכלל Sterbefälle insges. | | |
| % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | |
| 0,6 | 24 | 1,2 | 292 | 14,9 | 104 | 14,0 | 1038 | סוחרים און הענדלער—Kaufleute u. Händler |
| 75,6 | 2 850 | 75,8 | 18 838 | 38,7 | 270 | 39,3 | 2 908 | אינדוסטריע-באפעלק. Industrie Beschäftigte |
| 4,1 | 154 | 3,8 | 942 | 5,4 | 38 | 8,7 | 644 | באַאַמטע. ביורא־און האנדל־אנגעשט. — Öff. Dienst, Büro- u. Handelsangestellte |
| 19,7 | 743 | 19,2 | 4 760 | 41,0 | 286 | 38,0 | 2 813 | אנדערע. אן באשעפט. און אומבאק. — . . Sonstige, ohne Beruf u. unbekannt |
| 100,0 | 3 771 | 100,0 | 24 832 | 100,0 | 698 | 100,0 | 7 403 | . . Insgesamt — צוזאמען |

באמערקונג: די צאל געשטארבענע בכלל באציט זיך אויף די יארן 1923 ביז 1926; די צאל געשטארבענע פון טובערקולאז—נאר אויף די יארן 1924 ביז 1926.
Anmerkung: Die „Sterbefälle insgesamt" entfallen auf die Jahre 1923 bis 1926; die TBC-Sterbefälle—auf 1924 bis 1926.

דאָס אינדוסטריעלע לאָדז ווייזט אונז נאָך גרעסערע קאָנ־טראַסטן צווישן דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג, ווי וואַרשע. די אַרבעטער גיבן דאָ אין דער ניט־אידישער שטאַרבליכקייט כמעט צוויי מאָל אַ העכערן פּראָצענט ווי באַ די אידן, בעת סוחרים און הענדלער זיינען ווידעראַמאָל באַ אידן אָן אַ ערך שטאַרקער פאַרגעשטעלט, ווי באַ די ניט־אידן.

פון אָט די צוויי בײַשפּילן, פון וואַרשע און לאָדז, איז קלאָר, אַז אַפילו בײַ אַ גלײַכער טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט בײַ אידן און ניט־אידן, אין די ראַמען פון די באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע און סאָציאַלע גרופּעס, מוז דער סך־הכל פון אַלע גרופּעס, די אַלגעמיינע טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט זײַן גרעסער אויף דער זײַט פון דער מער „פּראָלעטאַרישער" שטאַרבליכקייט, ד.ה. בײַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג.

אַלס צווייטער וויכטיגער פאַקטאָר, וואָס זעצט אַראָפּ די אַלגעמיינע שטאַרבליכקייט־ציפער פון טובערקולאָז בײַ אידן, ווירקט די גינציגערע טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט בײַ די אידישע פרויען.

ס'איז אַ באַקאַנטער פאַקט — און ער חזרט זיך איבער אין אַלע לענדער און בײַ אַלע פּראָפעסיאָנעלע ציילונגען, — אַז די אידישע פרוי איז אין אַקטיוון עקאָנאָמישן לעבן אַרײַנגעצויגן פיל ווייניגער ווי די ניט־אידישע. באַזונדערס קליין איז איר באַטייליגונג אין די אינדוסטריעלע פאַכן. דאָס מוז, נאַטירליך, האָבן דעם רעזולטאַט, אַז די קראַנקעוודיגקייט און שטאַרבליכקייט פון טובערקולאָז זאָל זײַן בײַ דער אידישער פרוי קלענער ווי בײַ דער ניט־אידישער ווײַבליכער — זעלבסטפאַרשטענדליך שטאָטישער — באַפעלקערונג.

מיר קאָנען אילוסטרירן די דאָזיגע פעסטשטעלונג מיט דער סטאַטיסטיק פון לעמבערג, וואו מיר האָבן פאַרגליכן די צאָל געשטאָרבענע פון טובערקולאָז אין יאָר 1922 מיט דער אַלגעמיינער צאָל נפשות אין די אַנטשפּרעכנדיגע עלטער־גרופּעס לויט דער ציילונג פון 1921.[1]

1) Pierwszy Powszechny Spis Rzeczypospolitej Polskiej. Wojewodstwo Lwowskie. Statystyka Polski, Tom XXVII — Warszawa 1927.

Tab. — XXXVII — טאַב.

**שטאַרבליכקייט פון טובערקולאז בײַ אידי. און ניט־אידי. מענער און פרויען אין לעמבערג לויטן עלטער**
**Auf je 10 000 Männer bzw. Frauen des gleichen Alters starben an TBC in Lemberg —1922—**

| עלטער Alter | Jüdische Bevölkerung — אידישע באַפעלקערונג: Männer — מענער: בכלל ges. Zahl | | | Jüdische Bevölkerung: Frauen — פרויען: בכלל ges. Zahl | | | Nichtjüdische Bevölkerung — ניט־אידישע באַפעלקערונג: Männer — מענער: בכלל ges. Zahl | | | Nichtjüdische Bevölkerung: Frauen — פרויען: בכלל ges. Zahl | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | געשטאַרב. פון טובערק. es starben an TBC: abs. | per 10 000 | | געשטאַרב. פון טובערק. es starben an TBC: abs. | per 10 000 | | געשטאַרב. פון טובערק. es starben an TBC: abs. | per 10 000 | | געשטאַרב. פון טובערק. es starben an TBC: abs. | per 10 000 |
| 0—20 | 14 153 | 29 | 20,5 | 14 591 | 24 | 16,4 | 23 678 | 95 | 40,1 | 25 598 | 109 | 42,6 |
| 20—40 | 12 554 | 34 | 27,1 | 15 261 | 22 | 14,4 | 21 529 | 138 | 64,1 | 31 001 | 102 | 32,9 |
| 40—60 | 7 547 | 27 | 35,8 | 7 701 | 10 | 13,0 | 13 926 | 92 | 66,1 | 17 450 | 64 | 36,6 |
| 60+ | 2 390 | 9 | 39,2 | 2 657 | 5 | 19,0 | 3 489 | 27 | 78,3 | 5 863 | 45 | 77,3 |
| צוז. — Zus. | **36 644** | **99** | **27,0** | **40 210** | **61** | **15,2** | **62 622** | **352** | **56,2** | **79 912** | **320** | **40,0** |

פון דער טאַבעלע XXXVII איז זייער גרינג צו זעהען, אַז דער אונטערשיד צווישן דער שטאַרבליכקייט־ציפער פון מענער און פרויען איז בײַ אידן גרעסער ווי בײַ ניט־אידן. דער אונטערשיד צווישן דער שטאַרבליכקייט בײַ אידישע און קריסטליכע פרויען איז גרעסער, ווי דער אונטערשיד, וואָס צייגט זיך, ווען מען פאַרגלײַכט די שטאַרבליכקייט־ציפערן בײַ אידישע און ניט־אידישע מענער.

די זעלבע ערשײַנונג טרעפן מיר אויך אין דער אַמסטערדאַמער סטאַטיסטיק.

אין טאַבעלע XXXVIII גיבן מיר די אַנטשפּרעכנדיגע דאַטן פאַר די יאָרן 1901/13. מיר נעמען די דאָזיגע דאַטן פון דער מאָנאָגראַפיע וועגן די אידן אין אַמסטערדאַם פון ה' וואַנ צאַנט, דעם פאַרוואַלטער פון אַמסטערדאַמער שטאָטישן סטאַטיסטישן אַמט.[2]

דער אָנטייל פון די פרויען צווישן די געשטאָרבענע איז בײַ אידן בכלל אומעטום עטוואָס קלענער ווי בײַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. פאַר דעם דורכשניט 1918—26 האָט ער, צום בײַשפּיל, אין לאָדז באַטראָפן בײַ קריסטן 48,3 פּראָצענט, בײַ אידן — נאָר 45,0 פּראָצענט.

פון דעם אַלעם, וואָס מיר האָבן מאָרוואָס געזאָגט, מוז לאָגיש ווייטער פאָלגן דער רעזולטאַט, אַז דער סך־הכל פון דער טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט מוז caeteris paribus אויספאַלן אויף דער אידישער זײַט פיל גינציגער ווי אויף דער זײַט פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג.

Tab. — XXXVIII — טאַב.

**די שטאַרבליכקייט פון טובערקולאָז בײַ אידן אין אַמסטערדאַם**
**Auf je 10000 Lebende gleichen Alters entfielen Gestorbene an TBC in Amsterdam 1901/13**

| עלטער—Alter | Juden—אידן: מענער männl. | Juden—אידן: פרויען weibl. | Nichtjuden—ניט־אידן: מענער männl. | Nichtjuden—ניט־אידן: פרויען weibl. |
|---|---|---|---|---|
| 0—1 | 4,1 | 2,8 | 13,7 | 9,2 |
| 1—4 | 3,1 | 2,6 | 9,3 | 7,2 |
| 5—13 | 1,3 | 1,6 | 2,8 | 3,8 |
| 14—19 | 5,9 | 6,0 | 10,2 | 14,7 |
| 20—29 | 14,0 | 5,8 | 20,5 | 17,3 |
| 30—39 | 12,2 | 8,5 | 18,9 | 17,6 |
| 40—49 | 14,0 | 10,4 | 24,5 | 16,9 |
| 50—64 | 17,8 | 9,1 | 31,1 | 17,8 |
| 65—79 | 17,1 | 8,6 | 24,3 | 18,6 |
| 80+ | 23,7 | — | 8,5 | 13,2 |

2) H. Van Zanten: Quelques données démographiques sur les Israelites à Amsterdam,—Metron. Vol. V. Nr. 1. del I-VI 1925. Padova

מיר גייען איבער צו די פונדאַמענטאַלע פראַגעס — וועגן דער שטאַרבלעכקייט בּאַ אידן און ניט־אידן אין די ראַמען פון איינע און די זעלבּע פּראָפעסיאָנעלע און סאָציאַלע גרופּעס.

כּדי אַרויסצובּאַקומען די אַנטשפּרעכנדיגע ציפערן, קלייבּן מיר אויס פאָלגנדיגן מעטאָד: די צאָל געשטאָרבּענע פון טובּערקולאָז אין וועלכער ס׳ניט איז פּראָפעסיאָנעלער גרופּע שטעלן מיר אַנטקעגן דער אַלגעמיינער צאָל נפשות אין אָט דער גרופּע צום מאָמענט פון דער נאָענטסטער פאָלק־ציילונג. אין אונזער קאָנקרעטן בּיישפּיל — וועגן וואַרשע — האָבּן מיר די שטאַרבּ־ליכקייט אין די יאָרן 1924 און 1925 פאַרגליכן מיט די רעזולטאַטן פון דער פאָלק־ציילונג אין 1921־טן יאָר.

דער דאָזיגער מעטאָד איז, גלויבּן מיר, סטאַטיסטיש פולקאָם קאָרעקט. אויב אַפילו די גרויס פון די אַרויסבּאַקומענע קאָעפיציענטן וועט בּאַ אַזאַ מעטאָד אין אַ געוויסער מאָס — צוליבּ קליינע ענדערונגען אינם כּמות׳דיגן בּאַשטאַנד פון די פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס — ניט אינגאַנצן צונויפפאַלן מיט דער ווירקליכער מאָרטאַליטעט־ציפער, וועט אָבּער די פאַרהעלטניש צווישן די קאָעפיציענטן בּאַ די פאַרגליכענע בּאַפעלקערונג־טיילן בּלייבּן ניט בּאַרירט. און אין אונזער פאַל אינטערעסירן אונז דאָך אויסשליסלעך די פאַרהעלטנישן צווישן די קאָעפיציענטן, אָבּער ניט זייער ווירקליכע גרויס.

מיר מיידן דאָ פּרינציפּיעל אויס דעם מעטאָד, וועלכער ווערט געוויינלעך אָנגעווענדעט אין ענליכע פאַלן און וועלכער בּאַשטייט אין פאַרגלייכן צווישן זיך די אידישע און ניט־אידישע פּראָצענטן, וואָס די געשטאָרבּענע פון טובּערקולאָז מאַכן אויס לגבּי דער אַלגעמיינער צאָל שטאַרבּפאַלן אין דער געגעבּענער נאַציאָנאַלער, פּראָפעסיאָנעלער אָדער סאָציאַלער גרופּע [1]. מיר האַלטן, אַז דאָרט וואו עס האַנדלט זיך וועגן סאָציאַל, פּראָפעסיאָנעל און קולטורעל פאַרשיידענע בּאַפעלקערונג־טיילן מיט אַ גאַנץ פאַרשיידענעם בּאַשטאַנד און בּוי פון דער שטאַרבּליכקייט, קאָן דאָס אָנווענדן פון אָט דעם מעטאָד זייער אָפט פירן צו גאַנץ פאַלשע רעזולטאַטן. אין ווירקליך, בּאַצייכענען מיר די אידישע בּאַפעלקערונג מיט $P_j$, די אַלגעמיינע צאָל שטאַרבּ־פאַלן בּאַ אידן מיט $M_j$, די צאָל אידישע געשטאָרבּענע פון טובּערקולאָז מיט $m_j$ און בּאַ דער קריסטליכער בּאַפעלקערונג די אַנטשפּרעכנדיגע צאָלן מיט $P_c$, $M_c$, $m_c$ בּאַקומען מיר:

I. $\frac{m_j}{M_j} = \frac{m_c}{M_c}$ בּאַ $\frac{m_j}{P_j} \gtrless \frac{m_c}{P_c}$

II. $\frac{m_j}{M_j} \gtrless \frac{m_c}{M_c}$ בּאַ $\frac{m_j}{P_j} = \frac{m_c}{P_c}$

שטעלן מיר זיך פאָר דערבּיי פאָלגנדיגן בּיישפּיל: מיר האָבּן אַ בּאַפעלקערונג פון 10 000 אידישע און 10 000 קריסטליכע נפשות. די אַלגעמיינע צאָל שטאַרבּפאַלן בּאַ דער אידישער בּאַפעלקערונג בּאַטרעפט 200 און די אַנטשפּרעכנדיגע צאָל שטאַרבּפאַלן בּאַ די קריסטן — 300. נעמען מיר איצט אָן, אַז בּאַ דער אידישער גרופּע זיינען געשטאָרבּן פון טובּערקולאָז 20 נפשות, בּאַ דער קריסטליכער — 30. בּאַ דעם געוויינלעכן מעטאָד, אויף וועלכן מיר האָבּן דאָ נאָרוואָס אָנגעוויזן, וואָלטן מיר בּאַקומען, אַז די שטאַרבּליכקייט פון טובּער־קולאָז איז בּאַ בּיידע גרופּעס איינע און די זעלבּע, ווייל סיי אויף דער אידישער סיי אויף דער קריסטליכער זייט מאַכן אויס די שטאַרבּפאַלן פון טובּערקולאָז איין און דעמזעלבּן פּראָצענט (10%) לגבּי דער אַלגעמיינער צאָל שטאַרבּפאַלן. אין דער ווירקליכקייט אָבּער איז דאָס בּילד גאָר אַנדערש: אויף 10 000 אידישע נפשות שטאַרבּן פון טובּערקולאָז נאָר 20,0, אויף דער זעלבּער צאָל קריסטליכע נפשות—שוין 30,0.

פאַר אונזער פאַרגלייך בּנוגע וואַרשע נעמען מיר נאָר די פעסט בּאַשטימטע פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס — האַנדל, אינדוסטריע, ליבּעראַלע פּראָפעסיעס און די גרופּע „הויז־דינסט און אַנדערע פּערזענליכע דינסטן". די טאַבּעלע XXXIX ווייזט די רעזולטאַטן פון אָט דעם פאַרגלייך.

מיר האָבּן דאָ בּאַקומען אַ בּילד פון גאָר אַ בּאַזונדערן אינטערעס און פון גרעסטער וויכטיגקייט. צום ערשטן מאָל זעהען מיר דאָ דעם סטאַטיסטישן בּאַווייז, אַז די אידישע בּאַפעלקערונג איז ניט תּמיד די פּריווילעגירטע און מער געשאַנעוועטע.

די שטאַרקסטע פּראָפעסיאָנעלע גרופּע בּאַ דער אידישער בּאַפעלקערונג — די בּאַשעפטיגטע אינם האַנדל — גיט אין אונזער טאַבּעלע אַ שטאַרבּליכקייט־ציפער, וואָס איז כּמעט אויף אַ דריטל העכער ווי בּאַ דער ניט־אידישער האַנדל־גרופּע. אויף יעדע 10.000 אידן פון דער דאָזיגער גרופּע זיינען פון טובּערקולאָז געשטאָרבּן 8,7 נפשות, בּשעת אויף דער זעלבּער צאָל ניט־אידישע נפשות איז אויסגעקומען נאָר 6,7 טויטפאַלן פון טובּערקולאָז. די סיבּה פון דער אומגינציגערער שטאַרבּ־ליכקייט אויף דער אידישער זייט ווערט קלאָר און פאַרשטענד־ליך, ווען מען נעמט אין בּאַטראַכט, אַז דער רוב מנין פון דער אידישער האַנדל־בּאַפעלקערונג אין אַלע מזרח־אייראָפּייאישע לענדער און בּאַזונדערס אין פּוילן שטעלט פאָר מיט זיך אַ אָרימע, פאַרהאָרעוועטע מאַסע, וואָס לעבּט אין די שווערסטע בּאַדינגונגען, וואָס קעמפט מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג פאַר אַ קלאָגעדיגער עקזיסטענץ, אַ פּראָלעטאַרישע מאַסע, וואָס לעבּט נאָך אָרימער און אומזיכערער אפשר ווי דער אידישער פאַבּריק־ און האַנטווערק־פּראָלעטאַריאַט. גאָר אַנדערש איז דער קריסטליכער שטאָטישער האַנדלס־קלאַס: ער פאַרמאָגט אפשר ניט אַזאַ מין רייכן אויבּערשטן שיכט, ווי דער אידישער, אָבּער ער האָט אויך ניט אָט דעם אָרימען און עלנדן האַנדלס־פּראָלעטאַריאַט, — דער הויפּט־קאָנטינגענט איז דאָ דער בּאַלעבּאַטישער, גוט־פאַרזאָרגטער מיטל־קלאַס.

דעם צווישן העכסט אינטערעסאַנטן און בּאַלערנדיגן פאַל זעהען מיר בּאַ די „ליבּעראַלע פּראָפעסיעס". כּדי די פאַרהעלטנישן זאָלן ווערן בּולט, האָבּן מיר געטיילט די גרופּע אויף: 1) „שולוועזן" און 2) „אַנדערע" און האָבּן בּאַקומען צוויי קאַטעגאָריעס, וואָס זיינען בּאַ דער אידישער בּאַפעלקערונג אין גרונט—סיי מאַטעריעל, סיי סאָציאַל א.א.וו. — אַנדערש ווי בּאַ דער קריסטליכער בּאַפעלקערונג.

בּאַ דער אידישער בּאַפעלקערונג בּאַשטייט די קאַטעגאָריע „שולוועזן" הויפּטזאַכליך פון מלמדים, בּאַהעלפערס, פּריוואַטע הויז־לערער, צום טייל פון לערער אין די פּריוואַטע אידישע שולעס — אַלזאָ ווידעראַמאָל אַ אָרימע מאַסע; אויף דער ניט־אידישער זייט שטייט די לערערשאַפט אין די קאָמונאַלע און מלוכה׳שע שולעס פון אַלע טיפּן, אַלזאָ אַ מאַסע פון העכערן קולטורעלן ניוואָ מיט אַ זיכערער עקזיסטענץ, מיט אַ העכערן

[1] דער דאזיגער מעטאד ווערט, צום ביישפּיל, באנוצט אין דער נייעסטער אמטליכער פובליקאציע וועגן טובערקולאז אין אונגארן: Mortalité par la tuberculose dans les pays du Royaume de Hongrie 1901 - 1915. — N. S. Bd. 62. Budapest 1925, ווי אויך אין ווארשעווער סטאטיסטישן יארבוך פאר 1925 און 1926.

וואוילשטאַנד. קלאָר, אַז די שטאַרבליכקייט פון טובערקולאָז מוז בײַ דער לעצטער זיין פיל גינציגער ווי אויף דער אידישער זייט. זי באַטרעפט נאָר 8,6 אויף יעדע 10000 נפשות, בשעת די שטאַרבליכקייט פון טובערקולאָז בײַ דער אידישער אונטער־גרופע „שולוועזן" דריקט זיך אויס מיט אַ קאָעפיציענט פון 14,3 אויף 10000.

Tab. — XXXIX — טאַב.

## די שטארבליכקייט פון טובערקולאז בא אידן און ניט־אידן אין ווארשע לויט באזונדערע פראפ. גרופעס

Durchschnitt — 1924/1925 — דורכשניט

## Die TBC-Sterblichkeit bei den Juden und Nichtjuden in Warschau nach einzelnen Berufsgruppen

| Beruf — פראפעסיע | Juden — אידן | | | Nichtjuden — ניט־אידן | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | די גאנצע צאל לויט דער ציילונג 1921 Gesamtbestand im Jahre 1921 | געשטארבן פון טובערקול. Sterbefälle an TBC | | די גאנצע צאל לויט דער ציילונג 1921 Gesamtbestand im Jahre 1921 | געשטארבן פון טובערקול. Sterbefälle an TBC | |
| | | absolut | per 10 000 | | absolut | per 10 000 |
| האַנדל און פארזיכערונג — Handel u. Versicherung | 129 251 | 112 | 8,7 | 86 360 | 59 | 6,7 |
| אינדוסטריע און מלאכה — Industrie u. Gewerbe | 115 707 | 108 | 9,4 | 206 731 | 680 | 32,8 |
| פון דעם אין: davon in: מעטאַל — Metallindustrie | 7 413 | 6 | 8,1 | 45 551 | 208 | 45,6 |
| באַקליידונג — Bekleidungsgewerbe | 54 808 | 66 | 12,0 | 51 459 | 174 | 33,8 |
| שפייז — Nahrungsmittelindustrie | 13 942 | 8 | 5,4 | 20 394 | 35 | 17,2 |
| ליבעראַלע פראָפעסיעס און באַאַמטע — Öffentl. Dienst und freie Berufe | 14 189 | 19 | 13.4 | 109,740 | 239 | 21,8 |
| פון דעם אין: davon in: שולוועזן — Bildungswesen | 5 597 | 8 | 14,3 | 12 692 | 11 | 8,6 |
| אנדערע — Sonstige | 8 592 | 11 | 12,8 | 97 048 | 228 | 23,5 |
| הויז־ און פערזענליכער דינסט — Haus- u. Pers. Dienst | 10 003 | 13 | 12,5 | 36 621 | 201 | 54,9 |
| הויז־דינסט — Hausdienst | 7 034 | 8 | 10,6 | 28 512 | 40 | 14,0 |
| די גאנצע באפעלקערונג — Gesamtbevölkerung | 310 334 | 375 | 12,1 | 626 379 | 2,097 | 33,5 |

אַנדערש מוזן זיין די פאַרהעלטנישן אין דער אונטערגרופע „אַנדערע". דאָ איז שוין דער אידישער טייל דער סאָציאַל, קולטורעל און אויך מאַטעריעל העכער־שטייענדיגער. ער באַשטייט הויפּטזאַכליך פון אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים א.א.וו., בשעת דער ניט־אידישער טייל איז איבערוויגנד אַ באַאַמטן־מאַסע, וואו דאָס קולטורעל־אָפּגעשטאַנענע און מאַטעריעל־שוואַכע קליין־באַאַמטענטום פאַרנעמט דעם אויבן אָן. דעריבער זעהען מיר די נידעריגערע שטאַרבליכקייט אויף דער אידישער זייט.

מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט טרעטן אַרויס די קאָנטראַסטן צווישן דער אידישער און ניט־אידישער טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט אין דער גרופּע „אינדוסטריעלע באַפעלקערונג". אין דורכשניט באַטרעפט דאָ די דיפערענץ כמעט ביז צוויי־הונדערט פּראָצענט. מיר טרעפן דאָ אָבער אינטערעסאַנטע גראַדאַציעס.

די שטאַרקסטע דיסקרעפּאַנץ צווישן די אידישע און ניט־אידישע מאָרטאַליטעט־ציפער ווייזט זיך אַרויס בײַ די מעטאַליסטן, — די ניט־אידישע איז דאָ מער ווי אויף פיר־הונדערט־פּראָצענט העכער פון דער אידישער. ס'איז אָבער גענוג אַ קוק טון אויף דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער מעטאַל־בראַנזשע בײַ אידן און ניט־אידן אין וואַרשע, כדי אָט דער באַזונדערס שטאַרקער חילוק זאָל ווערן פאַרשטענדליך. בשעת בײַ אידן באַשטייט זי אין איר גרעסטן טייל פון זעלבשטענדיגע בעלי־מלאכות און — אין דער גרויסער אינדוסטריע — פון זעלבשטענדיגע און אָנגעשטעלטע, זיינען בײַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג, פאַרקערט, די אַרבעטער דער איבערוויגנדיגער טייל.

מער נאָך פון אָט דעם אונטערשיד אין דעם סאָציאַלן בוי שפּילן דאָ אַ ראָלע די אַרבעט־באַדינגונגען. בײַ די אידן זיינען זיי ווידעראַמאָל גאַנץ אַנדערש — און גינציגער — ווי בײַ די ניט־אידישע מעטאַליסטן. בשעת די ערשטע אַרבעטן הויפּטזאַכליך אין די וואַרשטאַטן און בײַ די פאַר די לונגען ווייניגער שעדליכע פאַכן, זיינען די ניט־אידישע מעטאַליסטן קאָנצענטרירט אין די פאַבריקן און אין פאַכן, וואָס רופן זיך אָפּ באַזונדערס שעדליך אויף די לונגען.

אין דער שפּייז־בראַנזשע איז דער ניט־אידישער שטאַרבליכקייט־קאָעפיציענט אויף מער ווי צוויי־הונדערט פּראָצענט העכער פון אידישן. און דאָס נעמט זיך ווידעראַמאָל דערפון, וואָס דער באַשטאַנד פון אָט דער גרופּע און די אַרבעט־באַדינגונגען זיינען בײַ דער אידישער באַפעלקערונג גאַנץ אַנדערש ווי בײַ דער ניט־אידישער. די ניט־אידישע שפּייזלער אַרבעטן אין די פאַבריקן, מילן, זאַוואָדן, בײַ דער אידישער גרופּע איז דאָס הויפּטזאַכליך אַ היים־אַרבעט, בײַ גינציגערע פאַר די לונגען באַדינגונגען (קצבים, קאָנדיטערס א.א.וו.).

אין דער גרופּע „הויז־דינסט" שטייט געגן אידישן מאָרטאַליטעט־קאָעפיציענט פון 10,6 אויף יעדע צען טויזנט אַ מאָרטאַליטעט פון 14,0 אויף דער ניט־אידישער זייט. אָבער „הויז־דינסט" באַשטייט בײַ אידן כמעט אויסשליסליך פון הויז־דינסטן—און די שטאַרבליכקייט פון טובערקולאָז בײַ פרויען איז בכלל נידעריגער, — בשעת אין דער ניט־אידישער גרופּע גייען אַריין אַהער אויך די סטרוזשעס ווי אויך אַנדערער נידעריגער מענליכער הויז־דינסט־פּערסאָנאַל. שוין דער מאָמענט אַליין, וואָס אין דער ניט־אידישער גרופּע איז דער אַלקאָהאָליזם זייער אַ אָפטע דערשיינונג, ווען אין דער אידישער איז ער כמעט ניט צו טרעפן, איז אַ גענוגענדע ערקלערונג פאַר דעם—

פאַרהעלטניסמעסיג קליינעם — אונטערשיד צווישן דער אידי־שער און ניט־אידישער ציפער.[1]

האָלטן מיר געהאַט די מעגליכקייט פאָרטזעצן דעם אַנאַליז אין דער זעלבער ריכטונג אין מיטן זעלבן מעטאָד, וואָלט זיך זיכער אַרויסגעשטעלט, אַז די דיסקרעפּאַנץ צווישן דער אידי־שער און קריסטליכער טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט שטייגט גלייך פּראָפּאָרציאָנעל צו דער דיסקרעפּאַנץ צווישן דער סאָ־ציאַלער סטרוקטור בײַ אידן און ניט־אידן אין דער געגעבענער פּראָפעסיאָנעלער גרופּע. אָבער, צום באַדויערן, מוז דער אַנאַליז בײַ אָט דעם פּונקט אָפּגעבראָכן ווערן.

אַ אינטערעסאַנטן פאַרגלייך צווישן דער אידישער און ניט־אידישער שטאַרבליכקייט, וועלכער איז זייער ענליך צו דעם, וואָס מיר האָבן דאָ געפּרובט מאַכן, געפינען מיר בײַ בינשטאָק און נאָוואָסעלסקי אין זייער שוין דערמאָנטער אַרבעט וועגן די אידן אין לענינגראַד. זיי האָבן סטאַנדאַרטיזירט די טו־בערקולאָז־קאָעפיציענטן בײַ דער אידישער באַפעלקערונג און בײַ דער באַפעלקערונג פון דעם רייכסטן ראַיאָן אין לענינגראַד און האָבן באַקומען, אַז אויף יעדע 10.000 אידישע איינ־וואוינער זיינען אין 1900־01 געשטאָרבן פון טובערקולאָז 13,6 נפשות, אויף יעדע 10000 נפשות פון רייכסטן ראַיאָן — שוין 15,3 נפשות.

פון די דאָזיגע ציפערן האָבן די דערמאָנטע מחברים גע־מאַכט אַ גאַנץ אומערוואַרטעטן אויספיר — דעם אַלטן אויס־פיר וועגן אַ אידישער אימוניטעט געגן טובערקולאָז. דער דאָזיגער אויספיר איז אָבער בשום אופן ניט באַרעכטיגט און ניט באַגרינדעט. וואָלט זיך זיי איינגעגעבן ניט נאָר צו סטאַנ־דאַרטיזירן די קאָעפיציענטן (ה.ה. אויסגלייכן לויטן עלטער פון די ביידע באַפעלקערונג־טיילן), נאָר עלימינירן אין דער שטאַרבליכקייט בײַ דעם רייכן ראַיאָן די ווירקונג פון די אָרימסטע עלעמענטן, וואָס געפינען זיך אַפילו אין די רייכסטע ראַיאָנען, די שטאַרבליכקייט פון די הויזדינסטן, סטרוזשעס א.א.וו., וועלכע ווירקט זייער שטאַרק אויף דער אַלגעמיינער שטאַרבליכקייט־ציפער פון ראַיאָן, וואָלטן זיי ווייטער עלימינירט די ווירקונג פון דער אידישער באַפעלקערונג, וואָס געפינט זיך אין זעלבן רייכן ראַיאָן, וואָלטן די רעזולטאַטן אויסגעזעהן געווים פיל אַנדערש. דער אידישער קאָעפיציענט וואָלט זיך אפשר אַרויסגעשטעלט אַלס דער העכערער, יעדנפאַלס ניט אַלס דער נידעריגערער.

אַז די אונטערשידן צווישן דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג מוזן בײַם פאַרגלייך פון סאָציאַל־איינאַרטיגע גרופּעס אָפּגעשוואַכט ווערן, קאָנען מיר זעהן פון די רעזולטאַטן פון דער אַרבעטער־אונטערזוכונג פון דעם שוין דערמאָנטן אוק־ראַינישן אינסטיטוט פאַר אַרבעטער־מעדיצין אין כאַרקאָוו. מיר נעמען דאָ אַרויס דעם מאַטעריאַל וועגן לונגען־טובערקולאָז, ד.ה. יענער פאָרם פון טובערקולאָז, וואָס גיט הן בײַ אידן און הן בײַ ניט־אידן אַנערך אַכציג פּראָצענט פון דער גאַנצער טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט.

[1]) אינטערסאנטע ציפערן וועגן אלקאהאליזם בא דער אידישער באפעלק. געפינען מיר אין דער סטאטיסטיק פון לאדזער מאגיסטראט. פון יולי 1923 ביז סוף 1926 זיינען פון דער לאדזער פאליציי פארהאלטן געווארן 14383 שכורים, פון זיי זיינען געווען אידן בלויז 113 אדער 0·8 פראצענט. צווישן די 4574 שכורע ארבעטער, וואס זיינען פארהאלטן געווארן די יארן 1925־26, זיינען געווען בלויז 12 אידישע אדער 0·3 פראצענט. זעה: a) Edward Rosset, Alkoholizm w Lodzi w świetle badań statystycznych.—Lodz 1925. b) Annuaire Statistique de la ville de Lodz, année 1925 et 1926.—Lodz 1926 27

Tab. — LX — טאַב.

**אויף יעדע הונדערט יוגנטליכע אַרבעטער זיינען געווען קראַנק אויף לונגען־טובערקולאָז[1]:**

**Auf je 100 jugendl. Arbeiter in Ukraine hatten Lungen-TBC:**

| עלטער — Alter | רוסן און אוקראַינער Russen u. Ukrainer | אידן Juden |
|---|---|---|
| 15 | 13,9 | 14,2 |
| 16 | 17,4 | 11,7 |
| 17 | 16,3 | 13,7 |
| 18 | 16,7 | 14,0 |
| דורכשניט — Durchschnitt | 16,4 | 13,3 |

אין דורכשניט איז דער פּראָצענט קראַנקע בײַ די אידישע אַרבעטער בלויז אויף אַ קאַרגן פינפטן חלק קלענער ווי בײַ די אוקראַינישע און רוסישע. בײַ די פינפצניאָריגע אַרבעטער איז דער פּראָצענט טובערקולאָז־קראַנקע אויף דער אידישער זייט אַפילו עטוואָס גרעסער ווי אויף דער ניט־אידישער.

אין די באַזונדערע בראַנזשעס וועלן מיר געפינען נאָך מערקווירדיגערע רעזולטאַטן. טיילט מען אויס די דריי פאַר די לונגן געפערליכע בראַנזשעס, ווי די מעהל־ און גרויפּן־אינדוסטריע, די שיך־אינדוסטריע און די מעטאַל־אינדוסטריע, אַזוי שטעלן זיך אַרויס פאָלגנדיגע פאַרהעלטנישן:

Tab. — LXI — טאַב.

**אויף יעדע הונדערט יוגנטליכע ארבעטער זיינען אויסגעקומען קראַנקע אויף לונגען־טובערקולאָז:[1]**

**Auf je 100 jugendlicher Arbeiter der Ukraine entfielen Kranke an Lungentuberkulose:**

| אינדוסטריע — Industrie | רוסן און אוקראַינער Russen u. Ukrainer | אידן Juden |
|---|---|---|
| מעטאַל — Metall . . . . . | 10,1 | 12,6 |
| שיך — Schuhwaren . . . . | 9,4 | 14,1 |
| מעהל און גרויפּן — Mehl u. Graupen . . . | 25,0 | 33,3 |

די אידישע טובערקולאָז־קוואָטע איז העכער פון דער ניט־אידישער אין מעטאַל־אינדוסטריע אויף 24,8 פּראָצענט, אין דער מעהל־ און גרויפּן־אינדוסטריע אויף 33,2 פּראָצענט; אין דער שיך־אינדוסטריע איז זי שוין גרעסער אויף גאַנצע 50,0 פּראָצענט.

אין דער אידישער גרופּע אַליין זעהען מיר ווידעראַמאָל באַדייטנדיגע אונטערשידן צווישן איינצעלנע בראַנזשעס. אַזוי קומט אויס אויף יעדע 100 אידישע יוגנטליכע אַרבעטער אין דער האָליך־אינדוסטריע — 17,9, אין דער טאַבאַק־אינדוסטריע — 18,7, אין דער שניידער־אינדוסטריע — 18,1 און אין דער לונגען־שעדליכער פּאָליגראַפישער אינדוסטריע — 21,3 פאַלן פון לונגען־טובערקולאָז.

[1]) קראנקע אויף טובערקולאז, פארדעכטיגטע אויף טובערקולאז און מיט סמנים פון פריערדיגן טובערקולאז. זעה: Труды Украинского Института Рабочей Медицины. Выпуск второй. pp. 107-108.

נעמען מיר איצט אַ געגנגעזעצטן שיכט — די בורזשואַזע יוגנט פון די מיטעלע שולעס אין פוילן, — וועלן מיר דאָרט לויט די רעזולטאַטן פון דער שול־מעדיצינישער אויספאָרשונג אין 1920/21־טן יאָר קאָנען פעסטשטעלן פאָלגנדיגע צאָל פאַלן פון קראַנק־ווערן אויף טובערקולאָז (בּאַרעכנט אויף יעדע 1000 פון די אויסגעפאָרשטע):

Tab. — XLII — טאבּ.

**די טובערקולאָז-מאָרבּידיטעט בּא אידישע גימנאַזיסטן אין פוילן**

**Auf je 1000 Schüler d. Mittelschulen in Polen waren i. Jahre 1920/21 Erkrankungen an TBC:** [1])

| | אינגלאך Knaben | מיידלאך Mädchen | צוז. Zus. |
|---|---|---|---|
| אידישע—jüdische . . . | 12,2 | 10,7 | 11,2 |
| קריסטליכע—christl. . . | 8,9 | 12,7 | 10,6 |

אויך דאָ איז דער טובּערקולאָז אויף דער אידישער זייט אָפּטער ווי אויף דער ניט־אידישער. אמת, בּאַ דער צווייטער אויספאָרשונג, אין 1921/22־טן יאָר האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די אידישע תלמידים זיינען שוין געווען אין דער בעסערער לאַגע: אויף יעדע 1000 אידישע תלמידים זיינען שוין אויסגעפאַלן נאָר 6,7 פאַלן פון קראַנק ווערן אויף טובּערקולאָז, בשעת בּאַ די קריסטליכע איז די ציפער שוין דערגאַנגען בּיז 10,3 [1]).

דעם אויבּן אָנגעווענדעטן מעטאָד פון פאַרגלייכן בּאַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע און סאָציאַלע גרופּעס קאָן מען פאַרבּייטן מיטן מעטאָד פון פאַרגלייכן צווישן זיך בּאַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן, — פאַרשטייט זיך, אויבּ יעדע פון אָט די נאַציאָנאַליטעטן האָט אַ מער אָדער ווייניגער אויסגעשפּראָכענע פּראָפעסיאָנעלע אָדער סאָציאַלע פיזיאָנאָמיע. אַ אינטערעסאַנטן רעזולטאַט בּאַקומען מיר בּיים אָנווענדן אָט דעם צווייטן מעטאָד בּנוגע דער בּאַפעלקערונג פון ריגע. אויסרעכענענדיג די צאָל געשטאָרבּענע פון טובּערקולאָז אין דורכשניט 1924/25 לגבּי דער בּאַפעלקערונג פון 1925 (לויט דער פאָלקציילונג), בּאַקומען מיר פאָלגנדיג בּילד:

Tab. — XLIII — טאבּ.

**די שטארבּליכקייט פון טובערק. אין ריגע לויט בּאַזונד. נאַציעס**

**Sterblichkeit an TBC (sämtl. Formen) bei den verschiedenen Nationalitäten in Riga 1924/25 (auf je 10 000)**

| | |
|---|---|
| אידן — Juden . . . . . . . . . . | 13,9 |
| דייטשן — Deutsche . . . . . . . | 19,6 |
| לעטן — Letten . . . . . . . . . | 22,5 |
| רוסן — Russen . . . . . . . . . | 24,1 |
| פּאָלאַקן — Polen . . . . . . . . | 25,2 |
| ליטווינער — Litauer . . . . . . . | 28,4 |
| עסטן — Esten . . . . . . . . . . | 30,0 |

די אידישע שטאַרבּליכקייט שטייט דאָ אַם נאָענטסטן צו דער מער בּורזשואַזער דייטשער בּאַפעלקערונג און גיט אַ בּאַדייטנדיג קלענערן קאָעפיציענט איידער די אָרימערע גרופּעס איינוואוינער — די רוסן, פּאָלאַקן און עסטן.

ס'איז קלאָר, אַז אַזעלכע פאַרגלייכן האָבּן אַ זין נאָר דעמאָלט, ווען די בּאַפעלקערונג פון „אידישער נאַציאָנאַליטעט" נעמט אַרום די גאַנצע בּאַפעלקערונג פון „אידישן גלויבּן". בּנוגע אַזעלכע לענדער, ווי טשעכאָ־סלאָוואַקיי, למשל, וואו גרויסע טיילן פון דער בּאַפעלקערונג פון אידישן גלויבּן גייען אַריין אַלס בּאַשטאַנד־טיילן פון די אָרטיגע נאַציאָנאַלע גרופּעס, וואָלט, פאַרשטייט זיך, געווען פאַלש צו מאַכן וועלכע ס'ניט איז בּאַשטימטע אויספירן פון אַזאַ פאַרגלייך. פּונקט אַזוי פאַלש איז אויך דער פאַרגלייך פון דער שטאַרבּליכקייט בּאַ בּאַזונדערע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע גרופּעס אין די שטעט און לענדער מיט אַ בּאַדייטנדיגער אידישער בּאַפעלקערונג, וואו די אידן פיגורירן בּכלל נאָר אַלס רעליגיעזע אָבּער ניט אַלס נאַציאָנאַלע געמיינשאַפט, ווי, למשל, אין בּודאַפּעשט, ווין א.א.וו. דער אָנטייל פון די אידן פאַרווישט דאָ די אמתע פאַרהעלטנישן צווישן די נאַציאָנאַליטעטן און דריקט אומעטום אַראָפּ די ווירקליכע שטאַרבּליכקייט־קאָעפיציענטן.

די אַלע בּיז איצט געבּראַכטע ציפערן בּאַווייזן יעדנפאַלס, אַז די קלענערע אידישע טובּערקולאָז־שטאַרבּליכקייט איז ניט קיין בּיאָלאָגישע אויסטערלישקייט פון דער אידישער בּאַפעלקערונג, ניט קיין גזירה מן השמים, נאָר אַז גלייכע סאָציאַלע און פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס בּאַ אידן און ניט־אידן ווייזן אַרויס כמעט גלייכע פאַרהעלטנישן אין פּרט פון טובּערקולאָז־שטאַרבּליכקייט. אָבּער נאָך ניט גענוג בּולט האָבּן זיי געוויזן די אונטערשידן צווישן פאַרשיידענע סאָציאַלע גרופּעס אין דער אידישער בּאַפעלקערונג גופא. אין די גרויסע פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס האָבּן זיך די פאַרהעלטנישן — צוליבּ דער פאַרשיידנקייט פון זייער אינעווייניגסטער סאָציאַלער סטרוקטור — ניט אַזוי קלאָר אַרויסגעשיילט.

אויף אַ בּולטערן אופן ווייזן זיך די דאָזיגע אונטערשידן אַרויס, ווען מיר פאַרגלייכן די פיר, שוין אין קאַפּיטל וועגן די עפּידעמישע קראַנקהייטן דערמאָנטע „אידישע" ראַיאָנען פון וואַרשע — III, IV, VIII און V. מיר פאַרגלייכן דאָ די שטאַרבּליכקייט צו צוויי כאַראַקטעריסטישע פּעריאָדן — אין 1917־טן יאָר, ווען דער טובּערקולאָז האָט אַם שטאַרקסטן געשניטן, און אין די יאָרן 1921־26, אין דעם נאָרמאַלן פּעריאָד. די צוויי רייכערע ראַיאָנען VIII און IV נעמען מיר צוזאַמען.

Tab. — XLIV — טאבּ.

**די שטארבּליכקייט פון טובּעקולאז בּא אידן אין די רייכע און ארימע "אידישע" ראַיאָנען פון ווארשע**

**TBC-Sterblichkeit der reichen und armen jüd. Bev. Warschaus**

| 1921—26 | | | 1917 | | | ראַיאָן Stadtbezirke |
|---|---|---|---|---|---|---|
| געשטארבּן פון טובּערקולאז Sterbefälle an TBC | | אידישע בּאַפעלקערונג jüd. Bevölk. | געשטארבּן פון טובּערקולאז Sterbefälle an TBC | | אידישע בּאַפעלקערונג jüd. Bevölk. | |
| per 10 000 | abs. | | per 10 000 | abs. | | |
| 8,6 | 74 | 86 005 | 42,9 | 391 | 91 090 | VIII און und IV |
| 15,5 | 84 | 54 226 | 80,9 | 495 | 61 181 | —V— |
| 17,1 | 79 | 45 818 | 79,2 | 383 | 48 371 | —III— |

בּאמ: IV און VIII — רייכערע ראַיאנען, V און III ארימע;
Anmerkung: IV u. VIII - wohlhabende; V u. III - arme Bezirke.

די ווירקונג פון דער ניט־אידישער בּאַפעלקערונג אין די דאָזיגע פיר ראַיאָנען האָבּן מיר עלימינירט דורך דעם, וואָס מיר האָבּן אַראָפּגערעכנט די ניט־אידישע שטאַרבּליכקייט. מיר האָבּן זיך דערבּיי בּאַנוצט מיט דעם העכסטן שטאַרבּליכקייט־קאָעפיציענט, וואָס איז געווען די אַנטשפּרעכנדיגע יאָרן אין די בּאַ־

1) Rocznik Statystyki Rzecsypospolitej Polskiej, 1922-1923. — Warszawa.—Administracja Sanitarna

זונדערע ראַיאָנען פון דער איינגטיילכער שטאָט וואַרשע (אַלזאָ אָן דער פאָרשטאָט). אמת, אויף אָט דעם אופן האָבן מיר געוויס פאַרקלענערט די ווירקליכע אידישע שטאַרבליכקייט אין די אָרימע „אידישע" ראַיאָנען. אָבער אַפילו דעמאָלט באַקומען מיר איבעראַשנדיגע קאָנטראַסטן צווישן דעם פאַראייניגטן רייכן ראַיאָן VIII—IV און די פּראָלעטאַרישע ראַיאָנען III און V.

די טאַבעלע XLIV גיט אונז אַ אויסגעצייכנטן באַווייז, אַז אויך באַ אידן רעאַגירן געגן טובערקולאָז רייך און אָרים פּונקט אַזוי גרונט־פאַרשיידן ווי באַ יעדער אַנדערער, ניט־אידישער באַפעלקערונג. סיי אין דעם יאָר פון דער טובערקולאָז־מגפה און סיי אין די נאָרמאַלע יאָרן האָבן די אידישע אָרימע מאַסן געגעבן כמעט צוויי מאָל אַ גרעסערן שטאַרבליכקייט־קאָעפיציענט ווי די פאַרמעגליכע און די רייכע אידישע באַפעלקערונג.

מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, אַז דער ענטפער אויף דער פראַגע וועגן דעם ווידערשטאַנד געגן טובערקולאָז באַ פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן אין דער אידישער באַפעלקערונג גופא וועט זיין פון דעציזיווער באַדייטונג אויך פאַר דער לייזונג פון דער פראַגע וועגן דעם, צי איז די מינדערשטאַרבליכקייט באַ אידן פון טובערקולאָז אַ פועל יוצא פון אַ ראַסן אימוניטעט. מיר מיינען, אַז די לעצטע טאַבעלע האָט געגעבן אַ גאַנץ קלאָרן ענטפער אויף אָט דער פראַגע. זי ווייזט גענוג איבערצייגנד, אַז פון קיין ראַסן־אימוניטעט באַ אידן קאָן קיין רייד ניט זיין.

אויב עס איז ריכטיג, אַז די מינדערשטאַרבליכקייט באַ אידן פון טובערקולאָז איז אַ פענאָמען פון פּראָפעסיאָנעלן און סאָציאַלן מין, מוז פון דעם לאָגיש פאָלגן, אַז דער אונטערשיד צווישן דער אידישער און ניט־אידישער טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט וועט זיין אַם שטאַרקסטן באַ יענע פאָרמען פון טובערקולאָז, וועלכע ווערן אוממיטלבאַר באַאיינפלוסט פון דער פּראָפעסיאָנעלער און סאָציאַלער סטרוקטור פון דער באַפעלקערונג און וואָס דער גראַד פון זייער פאַרשפּרייטונג שטייגט, וואָס מער ס'שטייגט דער „פּראָלעטאַרישער" כאַראַקטער פון דער באַפעלקערונג. אויף אַזאַ אופן וועט די שטאַרקסטע דיפערענץ צווישן אידן און ניט־אידן מוזן זיין באַ לונגען־טובערקולאָז, בשעת באַ טובערקולאָז פון מח און זיינע הייטלאַך (Meningitis tuberculose) ד. ה. באַ דער טובערקולאָז־פאָרם, וואָס טרעפט זיך הויפּטזאַכליך באַ קינדער [1], וועלן די אונטערשידן מוזן ווערן מינימאַל. אַז אין דער ווירקליכקייט איז דאָס טאַקי אַזוי, קאָן מען גרינג דערווייזן.

כדי צו ברענגען כאָטש איין ביישפּיל, וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף דער סטאַטיסטיק פון וואַרשע אין די יאָרן פון דער גרויסער טובערקולאָז־שטאַרבליכקייט — 1917 ביז 1920, און אויף דער לאָדזער סטאַטיסטיק פאַר די יאָרן 1918 ביז 1926.

Tab. — XLV — טאַב.

**שטארבליכקייט פון באזונדערע פארמעז פון טובערקולאז בא אידן און ניט־אידן אין ווארשע**

**Sterblichkeit an verschiedenen Formen der TBC bei Juden und Nichtjuden in Warschau**

| פארמען פון טובערקולאז<br>Formen der TBC | 1917 | | 1918 | | 1919 | | 1920 | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | באַ אידן<br>bei den Juden | באַ ניט־אידן<br>bei den N. Juden | באַ אידן<br>bei den Juden | באַ ניט־אידן<br>bei den N. Juden | באַ אידן<br>bei den Juden | באַ ניט־אידן<br>bei den N. Juden | באַ אידן<br>bei den Juden | באַ ניט־אידן<br>bei den N. Juden |
| לונגען־טובערקולאז — TBC der Lungen . . . | 60,0 | 93,0 | 40,4 | 74,0 | 22,1 | 52,9 | 15,7 | 32,8 |
| מענינגגיט — Meningitis tuberkulose . . . . | 8,0 | 8,1 | 5,8 | 6,3 | 5,3 | 5,9 | 4,0 | 4,1 |
| טובערקולאז פון די פארדייאָרגאַנען — TBC der Verdauungsorgane . | 2,2 | 7,3 | 2,7 | 5,4 | 2,2 | 5,1 | 1,6 | 1,5 |
| טוב. פון קעהל — Kehlkopftuberkulose . . | 0,7 | 1,7 | 0,9 | 1,4 | 0,5 | 0,9 | — | 0,2 |
| סקראָפולאָז — Skrofulose . . . . . . . . | 0,3 | 1,0 | 0,2 | 0,2 | 0,1 | 0,1 | 0,1 | 0,2 |
| טוב. מיליאַריס/TBC miliaris et multorum Org | 1,0 | 3,1 | 0,6 | 1,6 | 0,4 | 1,1 | 0,1 | 0,3 |
| אנדערע פארמען — Sonstige . . . . . | 0,7 | 2,7 | 0,1 | 2,4 | 1,4 | 2,4 | 0,8 | 1,2 |

די רעזולטאַטן פון דער דאָזיגער קאָנטראָלע אַנטשפּרעכן פולקאָם אונזערע טעאָרעטישע הנחות. מיר זעהען, אַז אַלע יאָרן בלייבט די שטאַרבליכקייט פון מענינגיט באַ אידן די גלייכע ווי באַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג. פּונקט אַזוי שטייען די גאַנצע צייט די שטאַרבליכקייט־ציפערן פון דער צווייטער פאָרם פון קינדער־קראַנקהייט — פון סקראָפולאָז — באַ אידן און ניט־אידן כמעט אויף דער זעלבער הויך, בשעת באַ לונגען־טובערקולאָז בלייבט די דיפערענץ יאָראויס יאָראיין די גינציגסטע פאַר דער אידישער באַפעלקערונג.

די סטאַטיסטיק פון לאָדז פאַר די יאָרן 1918־26, וועלכע מיר ברענגען אין טאַבעלע XLVI, גיט אונז דעם פּראָצענט, וואָס די געשטאָרבענע פון מענינגיט האָבן אויסגעמאַכט לגבי דער אַלגעמיינער צאָל שטאַרבפאַלן. דער דאָזיגער מעטאָד פון פאַרגלייך צווישן דער אידישער און ניט־אידישער שטאַרבליכקייט איז, ווי מיר האָבן שוין העכער דערוויזן, מעטאָדאָלאָגיש ניט פולקאָם קאָרעקט, אָבער דאָס אַלגעמיינע בילד, וואָס מען באַקומט פון די געבראַכטע ציפערן, איז דאָך אין אַ גרויסער מאָס נאָענט צו דער ווירקליכקייט. און מיר זעהען, אַז אין די מייסטע יאָרן און אין דורכשניט פאַר אַלע 9 יאָר, איז דער פּראָצענט געשטאָרבענע פון מענינגיט אויף דער אידישער זייט העכער איידער אויף דער ניט־אידישער, און אַז אַם שאַרפסטן זיינען די דיפערענצן לטובת דער אידישער באַפעלקערונג, ווידעראַמאָל ווי אין וואַרשע, ביים לונגען־טובערקולאָז.

---

[1]) די גרויס פון אנטייל פון די באזונדערע טובערקולאז־פארמען אין דער אידישער און ניט־אידישער שטארבליכקייט איז צו זעהען פון פאלגנדיגע ציפערן. אין דורכשניט 1924/25 האבן אין ווין די געשטארבענע פון לונגען־טובערקולאז אויסגעמאכט בא אידן 77.8 פראצענט, בא ניט־אידן — 82.0 פראצענט פון אלע טובערקולאז־פאלן; די געשטארבענע פון מענינגיט האבן אויסגעמאכט בא אידן 9.2, בא ניט־אידן — 9.3 פראצענט, פון אנדערע פארמען — בא אידן 13.0, בא ניט־אידן 8.7 פראצענט פון אלע געשטארבענע פון טובערקולאז.

Tab. — LXVI — טאַב.

## די שטאַרבליכקייט פון באַזונדערע פאָרמען פון טובערקולאָז בײַ אידן און ניט־אידן אין לאָדז

**Von je 100 Todesfällen bei den Juden bzw. Christen in Lodz entfielen auf:**

| יאָר—Jahr | טובערקולאָז פון די לונגען Lungentuberkulose | | מענינגיט Tuberkulose meningitis | | אַנדערע פאָרמען Sonst. Formen der TBC | | צוזאַמען Insgesamt | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | בײַ אידן bei Juden | בײַ ניט־אידן bei Christen | בײַ אידן bei Juden | בײַ ניט־אידן bei Christen | בײַ אידן bei Juden | בײַ ניט־אידן bei Christen | בײַ אידן bei Juden | בײַ ניט־אידן bei Christen |
| 1918 | 23,9 | 28,3 | 2,1 | 1,6 | 2,9 | 2,6 | 28,9 | 32,5 |
| 1919 | 20,1 | 23,3 | 2,5 | 1,8 | 2,0 | 2,1 | 24,6 | 27,2 |
| 1920 | 11,9 | 14,8 | 1,8 | 1,7 | 0,9 | 1,3 | 14,6 | 17,8 |
| 1921 | 4,1 | 15,0 | 2,4 | 1,2 | 1,5 | 1,3 | 8,0 | 17,5 |
| 1922 | 10.0 | 17,1 | 1,3 | 1,3 | 1,1 | 1,2 | 12,4 | 19,6 |
| 1923 | 9,4 | 16,3 | 1,7 | 1,2 | 1,3 | 1,3 | 12,4 | 18,8 |
| 1924 | 10,1 | 18,2 | 1,3 | 1,2 | 1,1 | 1,2 | 12,5 | 20,6 |
| 1925 | 9,4 | 16,8 | 1,2 | 1,9 | 1,0 | 1,1 | 11,7 | 19,9 |
| **1918—1925** | **14,0** | **18,7** | **1,9** | **1,5** | **1,6** | **1,5** | **17,5** | **21,7** |

, מיט אָט די אויספירן פאַרענדיקן מיר אונזער פאָרשונג. מיר האָבן נאָך ווייט ניט אויסגעשעפּט דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן אָנגעזאַמלט, כּדי צו שטודירן די דאָזיגע פּראָבלעם, אָבער מיר גלויבן, אַז מיט די פעסטשטעלונגען, וועלכע מיר האָבן דאָ געמאַכט, האָבן מיר אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפן זיך פאַנאַנדערקלייבן אין דער פּראָבלעם און זי אויפקלערן.

מיר האָבן זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן בײַ אַ ר ײ ן ־ ס ט אַ ־ ט י ס ט י ש ן מעטאָד פון אַנאַליז, כּדי אויסצופּרובן, ווי ווייט מען קאָן מיט אים אַליין אויסקומען בײַ דער ערקלערונג פון אָט חנער מערקווירדיגער ערשיינונג אין דער אידישער פּאַטאָלאָגיע. אונז שיינט, אַז דער ענטפער אויף אָט דער לעצטער פראַגע איז געגעבן אין פּאָזיטיוון זין. און אויב די מינדערשטאַרבליכקייט בײַ אידן פון טובערקולאָז איז עד היום נאָך אַרומגערינגעלט מיט אַ מיסטישן שיין, איז דאָס בּלי ספק דערפאַר, וואָס בײַ אַלע פּרובן צו לעזן די פּראָבלעם האָט מען זיך צו ווייניק באַנוצט מיטן סטאַטיסטישן מעטאָד.

* *

*

**קרעבס Krebs** דער אַנאַליז פון דער קרעבס־פּראָבלעם איז בּלי ספק דאָס שווערסטע און קאָמפּליצירטעסטע קאַפּיטל אין דער פאָרשונג פון די באַזונדערקייטן פון חנער שטאַרבליכקייט בײַ אידן: — כּל זמן דער פּאַטאָגענעז פון חנער קראַנקהייט גופא בלייבט אַ רעטעניש, בלייבן פאַרן פאָרשער פאַרבאָרגן סיי די וועגן פון אַנאַליז, סיי די הויפּט־מאָמענטן, אויף וועלכע דער אַנאַליז האָט זיך צו קאָנצענטרירן.

מיר האָבן העכער, אין דעם ערשטן טייל פון אונזער אַרבעט, געגעבן דאָס אַ ל ג ע מ ײ נ ע בילד פון דער שטאַרבליכקייט בײַ אידן און ניט־אידן פון דער קראַנקהייט־גרופּע „קרעבס און אַנדערע בייזע געשווילעכצן“. אינם פאָלגנדיגן אָפּשניט באַהאַנדלען מיר אויסשליסליך די שטאַרבליכקייט פון קרעבס (קאַרצינאָמע), באַגרעניצענדיג דעם אַנאַליז בלויז מיט איניגע פראַגעס און פּרטים.

די פראַגע, וואָס איז ביז איצט געבליבן באַזונדערס ווייניג אויפגעקלערט, איז די פראַגע מכּח דעם אָנטייל פון די פאַרשיידענע קרעבס־פאָרמען אין דער אידישער שטאַרבליכקייט. פישבערג,

אויערבאַך, טהיילהאַבער און די אַנדערע פאָרשער האָבן וועגן דעם געקאָנט ברייגען בלויז אָפּגעריסענע און ניט תּמיד דורכקאָנטראָלירטע אָנגאַבן פאַר גאַנץ קליינע פּעריאָדן.

די דאַטן, וואָס מיר ברייגען אין די ווייטערדיגע טאַבעלעס, באַאַרבעט אויפן גרונט פון די נייעסטע סטאַטיסטישע פּובליקאַציעס, גיבן אונז שוין אַ פּיל סיסטעמאַטישערן און גענויערן איבערבליק פון דער פראַגע. אַ באַזונדערס אינטערעסאַנטן און אויספירליכן מאַטעריאַל גיט אונז די סטאַטיסטיק פון ווינער מאַגיסטראַט פאַר די יאָרן 1925־26. [1]

אין טאַבעלע XLVII טיילן מיר איין די ווינער דאַטן אין פינף הויפּט־גרופּעס:

A) קרעבס פון די פאַרדײַ־אָרגאַנען;
B) קרעבס פון די געדערים און פון בויך־פעל;
C) קרעבס פון די געשלעכטס־אָרגאַנען;
D) קרעבס פון ווייבליכער ברוסט און
E) קרעבס פון די אַנדערע אָרגאַנען.

די דאַטן גליחערן מיר באַזונדער פאַר מענער און פרויען.

באַטראַכט מען צוערשט די מענער־גרופּע, אַזוי זעהט מען, אַז די דאָמינירנדיגע פאָרם איז דאָ סיי בײַ די אידן סיי בײַ די ניט־אידן דער קרעבס פון די פאַרדײַ־אָרגאַנען, בײַ די ערשטע קומט אויס אויף דער דאָזיגער גרופּע אַנערך פערציג פּראָצענט פון אַלע קרעבס־פאַלן, בײַ די ניט־אידישע מענער — שוין אַנערך פופציג פּראָצענט. דעם גרעסטן חלק האָט אין אָט דער גרופּע דער מאָגן־קרעבס. ער שטייט בײַ די אידישע מענער מיט 26,6 פּראָצענט, בײַ די קריסטליכע — מיט 30,2 פּראָצענט. אויף קרעבס פון לעבער פאַלן אויס בײַ אידן אַ צוואַנציגסטל פון אַלע קרעבס־פאַלן, בײַ ניט־אידן — 6,4 פּראָצענט; אויף קרעבס פון שפּייזקעהל — בײַ אידן קאַרגע פיר פּראָצענט, בײַ ניט־אידן — שוין קאַרגע ניין פּראָצענט. אָבער בײַ דעם קרעבס פון גאַלנטויעג ענדערט זיך די פאַרהעלטניש לטובת די ניט־אידישע מענער.

נאָך דעם קרעבס פון די פאַרדײַ־אָרגאַנען פאָלגט דער קרעבס פון די געדערים און פון בויך־פעל מיט אַ באַדייטנדיגן

1) Statistische Mitteilungen der Stadt Wien. Einmalige Nachweisungen. Sterbefälle i. J. 1924, 1925, 1926.— Wien. 1927, 1928.

איבערגעחיכט שוין אויף דער אידישער זייט: געגן בלויז 17,6 פּראָצענט בײַ די ניט־אידישע מענער שטייען אויף דער אידי־שער זייט 24,4 פּראָצענט פאַלן פון געדערים־ און בויך־פעל־קרעבס. דעם איבערגעחיכט גיבן אָבער נאָר די דיקע געדערים און די געדערים אָן אַ גענויערער באַצייכענונג. די אַנדערע צוויי קרעבס־פאָרמען — דער קרעבס פון די גראָדע געדערים און דער קרעבס פון בויך־פעל — שטייען בײַ דער אידישער מענליכער באַפעלקערונג כמעט מיט די זעלבע פּראָצענטן, ווי בײַ דער ניט־אידישער (בײַ קרעבס פון די גראָדע געדערים אַנטשפּרעכנדיק 9,1 און 8,4, ביים קרעבס פון בויך־פעל — 0,3 און 0,4 פּראָצענט).

פון די „אַנדערע" פאָרמען פון קרעבס לוינט זיך פאַרצייכענען בײַ די אידישע מענער דעם קרעבס פון די לונגען, פון אורינ־זאַק, פון די לימפאַטישע גילן און פון דער פליישיגער גיל. אויף די לעצטע דריי פאָרמען קומט אויס בײַ דער אידישער מענ־ליכער באַפעלקערונג כמעט צוויי מאָל אַ גרעסערער פּראָצענט געשטאָרבענע (13,1), ווי בײַ דער ניט־אידישער מענליכער באַפעלקערונג (7,0 פּראָצענט).

וואָס ס'איז שייך דער באַזונדערס אינטערעסאַנטער פאָרם, דעם קרעבס פון די געשלעכט־אָרגאַנען, אַזוי ווייזט אונז די ווינער סטאַטיסטיק, אַז בײַ די אידישע מענער איז ער בשום אופן ניט זעלטענער ווי בײַ די ניט־אידישע מענער. פון דער זעלבער טאַבעלע זעהען מיר, אַז פון יעדע הונדערט מענער, וואָס זייַנען געשטאָרבן פון קרעבס, זיינען פון קרעבס פון די גע־שלעכט־אָרגאַנען געשטאָרבן בײַ אידן 3,4, בײַ ניט־אידן — 4,1 פּראָצענט. דערבײַ האַנדלט זיך בײַ ביידע גרופּעס, כמעט אויסשליסליך וועגן קרעבס פון די פּראָסטאַטאַ־גילן, קרעבס פון גליד איז בײַ ביידע גאָר אַ זעלטענע דערשיינונג.

Tab. — LXVII — טאַב.

## די וויכטיגסטע פארמען פון קרעבס בא די אידישע און ניט־אידישע געשטארבענע אין ווין

## 1925 – 1926

## Die häufigsten Formen des Carcinoms unter den Gestorbenen in Wien

| Organ | bei den Anderen — בא ניט־אידן | | | | bei den Juden — בא אידן | | | | אָרגאַן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | weibl.—פרויען | | männl.—מענער | | weibl.—פרויען | | männl.—מענער | | |
| | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | |
| Magen . . . . . . . . | 23,0 | 722 | 30,2 | 742 | 16,2 | 63 | 26,6 | 94 | מאָגן . . . . . . . . . |
| Gallenwege . . . . . . | 5,8 | 182 | 2,2 | 53 | 5,4 | 21 | 3,1 | 11 | גאַלנוועג . . . . . . . . |
| Leber . . . . . . . . . | 5,0 | 156 | 6,4 | 157 | 7,2 | 28 | 5,1 | 18 | לעבער . . . . . . . . |
| Speiseröhre . . . . . . | 0,8 | 26 | 8,5 | 209 | 1,3 | 5 | 3,7 | 13 | שפּייזקעהל . . . . . . . |
| Pharynx . . . . . . . . | — | 1 | 0,8 | 19 | — | — | — | — | שלונג . . . . . . . . . |
| Zusammen . . . . | 34,6 | 1087 | 48,0 | 1180 | 30,0 | 117 | 38,5 | 136 | סך־הכל . . . . . |
| Bauchfell . . . . . . . | 0,6 | 19 | 0,4 | 9 | 1,8 | 7 | 0,3 | 1 | בויך־פעל . . . . . . |
| Dickdarm . . . . . . . | 3,8 | 118 | 5,0 | 122 | 3,8 | 15 | 7,9 | 28 | דיקע געדערים . . . . . |
| Mastdarm . . . . . . . | 4,5 | 142 | 8,4 | 206 | 6,4 | 25 | 9,1 | 32 | גראדע געדערים . . . . |
| Gedärme ohne nähere Bez. | 4,3 | 137 | 3,8 | 93 | 7,0 | 28 | 7,1 | 25 | געדערים אָן ספּעציפיקאַציע |
| Zusammen . . . . | 13,2 | 416 | 17,6 | 430 | 19,2 | 75 | 24,4 | 86 | סך־הכל . . . . . |
| Gebärmutter . . . . . . | 20,6 | 647 | — | — | 6,6 | 26 | — | — | מוטערטראכט . . . . . . |
| Eierstock . . . . . . . | 4,6 | 144 | — | — | 7,7 | 30 | — | — | אייערפעסל . . . . . . . |
| Scheide . . . . . . . . | 1,8 | 58 | — | — | 1,0 | 4 | — | — | שייד . . . . . . . . . |
| Männl. Genitalien . . . | — | — | 4,1 | 101 | — | — | 3,4 | 12 | מענל. געשלעכט־אָרגאנען |
| Zusammen . . . . | 27,0 | 849 | 4,1 | 101 | 15,4 | 60 | 3,4 | 12 | סך־הכל . . . . . |
| Weibliche Brust . . . . | 10,5 | 330 | — | — | 16,6 | 65 | — | — | ווייבליכע ברוסט . . . . |
| Kehlkopf. . . . . . . . | 0,2 | 7 | 4,0 | 98 | 0,3 | 1 | 2,8 | 8 | קעהלדעקל . . . . . . . |
| Lunge u. Luftröhre . . . | 2,5 | 77 | 6,8 | 168 | 3,3 | 13 | 5,9 | 21 | לונגען . . . . . . . . |
| Bauchspeicheldrüse . . . | 1,1 | 33 | 1,7 | 43 | 2,1 | 8 | 4,0 | 14 | פליישיגע גיל (פּאַנקרעאַס) |
| Niere u. Nebendrüse . . | 1,0 | 30 | 1,7 | 43 | 1,5 | 6 | 2,3 | 8 | נירן . . . . . . . . . . |
| Harnblase . . . . . . . | 1,3 | 42 | 2,2 | 54 | 1,8 | 7 | 4,8 | 17 | אורינזאַק . . . . . . . |
| Lymphdrüsen . . . . . | 1,7 | 54 | 3,0 | 73 | 2,6 | 10 | 4,3 | 15 | לימפאטישע גילן . . . . |
| Knochen . . . . . . . . | 1,5 | 46 | 2,0 | 49 | 1,0 | 4 | 0,8 | 3 | ביינער . . . . . . . . |
| Kiefer . . . . . . . . . | 0,2 | 6 | 1,4 | 34 | 0,8 | 3 | 1,4 | 5 | קימען . . . . . . . . . |
| Sonstige . . . . . . . . | 3,6 | 114 | 6,5 | 162 | 4,4 | 16 | 6,5 | 23 | אנדערע . . . . . . . . |
| Ohne Angabe . . . . . | 1,6 | 50 | 0,9 | 21 | 1,3 | 5 | 1,4 | 5 | אומבאקאנט . . . . . . |
| Zusammen . . . | 100,0 | 3 142 | 100,0 | 2 456 | 100,0 | 390 | 100,0 | 353 | צוזאמען . . . |

בײַ חער ווײַבליכער גרופּע האָבן מיר אין פילע פּרטים אַ אַנדער בילד. עס האָבן זיך דאָ געענדערט סיי די גרויס פון אָנטייל פון די באַזונדערע קרעבס־פאָרמען, סיי דער סדר פון די גרופּעס, סיי די פאַרהעלטעניש צווישן די אידישע און ניט־אידישע פּראָצענטן. בלויז דער קרעבס פון די פאַרדײַ־אָרגאַנען איז אויך דאָ פאַרבליבן אויף חעם ערשטן אָרט (מיט 30,0 פּראָצענט בײַ די אידישע פרויען און מיט 34,6 פּראָצענט בײַ די ניט־אידישע פרויען). אַלע אַנדערע פאָרמען האָבן פאַרביטן זייערע פּלעצער. בײַ די אידישע פרויען איז דער סדר: פאַרדײַ־אָרגאַנען, געדערים און בויך־פעל, ברוסט און ערשט דערנאָך געשלעכט־אָרגאַנען; בײַ די ניט־אידישע פרויען — פאַרנעמט דער קרעבס פון די געשלעכט־אָרגאַנען שוין דאָס צווייטע אָרט, קרעבס פון די געדערים און בויך־פעל ערשט דאָס דריטע און קרעבס פון ברוסט — ערשט דאָס פערטע אָרט.

אין דער גרופּע „קרעבס פון די פאַרדײַ־אָרגאַנען" שטייט שוין נאָר דער מאָגן־קרעבס מיט אַ נידעריגערן פּראָצענט אויף דער אידישער זייט. די איבעריגע צוויי פאָרמען — דער לעבער־קרעבס און דער קרעבס פון שפּײַזקעהל — זײַנען אויף דער אידישער זייט שטאַרקער פאַרטראָטן איידער אויף דער ניט־אידישער.

גאָר באַזונדערס אינטערעסאַנט ווערן די פאַרהעלטנישן בײַ דעם קרעבס פון די געשלעכט־אָרגאַנען. בשעת בײַ די מענער האָט עס געהאַלטן כמעט בײַ אַ גלײַכגעוויכט, האָבן מיר בײַ די פרויען זייער אַ שאַרפן איבערגעוויכט אויף דער ניט־אידישער זייט. באַזונדערס וויכטיג איז אָבער די ווינער סטאַטיסטיק מיט דעם, וואָס זי ווײַזט אונז, אַז ניט בײַ אַלע אָרגאַנען איז די פאַרהעלטניש די זעלבע. דער פּראָצענט געשטאָרבענע פון קרעבס פון מוטערטראַכט איז בײַ די ניט־אידישע פרויען דרײַ מאָל גרעסער (20,6 געגן 6,7), דער פּראָצענט געשטאָרבענע פון קרעבס פון דער שייד — כמעט צוויי מאָל גרעסער (1,8 געגן 1,0) ווי בײַ די אידישע פרויען, דערפאַר אָבער איז דער קרעבס פון אייערפעסל שוין אויף דער אידישער זייט באַדייטנדיג העכער ווי אויף חער ניט־אידישער (7,7 געגן 4,6 פּראָצענט). מיר האָבן דאָ אויף אַזאַ אופן זייער אַ וויכטיגן קאָרעקטיוו צו דעם באַקאַנטן, פון אַלע ביזאיצטיגע פאָרשער געמאַכטן אויספיר וועגן דער זעלטנקייט פון קרעבס פון די געשלעכט־אָרגאַנען בײַ די אידישע פרויען.

נאָך מער. די ווינער סטאַטיסטיק ווײַזט אונז אויף אַ איבערצײַגנדיגן אופן, אַז ס'איז בכלל פאַלש צו רעדן וועגן זעלטנקייט פון אָט דער קרעבס־פאָרם בײַ די אידישע פרויען, — פאַר זיך אַליין גענומען איז דער קרעבס פון די ווײַבליכע געשלעכט־אָרגאַנען אַ גאַנץ באַדייטנדיגער און וואָגיגער באַשטאַנד־טייל אין דער אידישער שטאַרבליכקייט. אַזוי פאַרנעמט ער אין דער ווינער סטאַטיסטיק 15,4 פּראָצענט, בשעת דער קרעבס פון די געדערים און בויך־פעל שטייט דאָ נאָר מיט 19,2 פּראָצענט און די גאַנצע גרופּע „קרעבס פון אַנדערע אָרגאַנען" פאַרנעמט בלויז 17,3 פּראָצענט פון אַלע ווײַבליכע קרעבס־פאַלן.

די ריכטיגקייט פון טאָרוואָס געזאָגטן קאָן אונז באַשטעטיגן די בודאַפּעשטער קרעבס־סטאַטיסטיק פאַר די יאָרן 1924־25 (טאַב. XLVIII) און נאָך מער די טאַבעלע LXIX מיט דער סטאַטיסטיק פאַר 1908—09 (פאַרעפנטליכט ערשט אין די מלחמה־יאָרן), וואו מיר האָבן געקאָנט גלידערן דעם מאַטעריאַל לויטן געשלעכט פון די געשטאָרבענע. פון אַלע געשטאָרבענע פון קרעבס (מענער און פרויען) זײַנען נאָר פון קרעבס פון מוטערטראַכט אַליין געשטאָרבן בײַ אידן אין בודאַפּעשט: 1924/25 — 10,0 און 1908/09 — 10,2 פּראָצענט. די געשטאָרבענע פון דער דאָזיגער קרעבס־פאָרם האָבן אין יאָר 1908/09 באַטראָפן 17,0 פּראָצענט פון אַלע אידישע פרויען, וואָס זײַנען געשטאָרבן פון קרעבס, — ד.ה. אַ סך אַ גרעסערן פּראָצענט, ווי ס'האָבן געגעבן אין זעלבן יאָר די געשטאָרבענע פון קרעבס פון געדערים אָדער פון ברוסט־קרעבס.

Tab. — XLVIII — טאַב.

די וויכטיגסטע פארמען פון קרעבס בײַ אידישע און ניט־אידישע געשטארבענע אין בודאפּעשט 1925—1924

Die häufigsten Formen des Carcinoms unter den Gestorbenen in Budapest

| רעפאָרמירטע Reformierte | רוימ.־קאַטאָל. Röm./Kathol. | ניט־אידן Nichtjuden überhaupt | | אידן Juden | | Organ—אָרגאַן |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | | % | abs. | % | abs. | |
| 31,3 | 31,9 | 32,3 | 546 | 25,5 | 141 | Magen — מאָגן |
| 7,1 | 9,5 | 9,4 | 159 | 18,3 | 101 | געדערים — Gedärme |
| 8,9 | 9,7 | 9,4 | 159 | 5,4 | 30 | צונג׳ א׳ א׳* — Zunge, u. a.* |
| 8,9 | 10,0 | 9,6 | 162 | 11,8 | 65 | Leber—לעבער |
| 5,4 | 4,6 | 4,5 | 75 | 6,9 | 38 | ברוסט — Weibl. Brust |
| 20,5 | 20,2 | 20,1 | 339 | 10,0 | 55 | מוטערטראַכט — Gebärmutter |
| 17,9 | 14,1 | 14,7 | 248 | 22,1 | 122 | אַנדערע — Sonstige |
| 100,0 | 100,0 | 100,0 | 1,688 | 100,0 | 552 | Ins.—צוז. |

* צונג׳ שפּײַזקעהל׳ גומען — Zunge, Speiseröhre, Larynx

די בודאַפּעשטער קרעבס־סטאַטיסטיק גיט אונז אויך בנוגע אַנדערע פּונקטן אַ ענליך בילד ווי די ווינער מאַטעריאַלן. די דאָמינירנדיגע פאָרם בײַ די מענער איז אויך דאָ דער מאָגן־קרעבס, מיט אַ סך אַ העכערן פּראָצענט אויף דער ניט־אידישער זייט (43,3 בײַ די ניט־אידישע און נאָר 33,6 פּראָצענט בײַ די אידישע מענער אין 1908/09־טן יאָר); קרעבס פון די געדערים איז דאָ ווידעראַמאָל אויף דער אידישער זייט שטאַרקער פאַרטראָטן ווי אויף דער ניט־אידישער זייט (21,2 געגן 11,0 אין 1908/09 יאָר). ווי אין דער ווינער סטאַטיסטיק, זעהען מיר דאָ בײַ די אידישע מענער אַ העכערן פּראָצענט געשטאָרבענע פון לעבער־קרעבס; די אידישע פרויען ווײַזן, ענליך ווי די ווינער אידישע פרויען, אַ איבערגעוויכט בײַ קרעבס פון די געדערים, בײַ קרעבס פון לעבער און קרעבס פון ברוסט. אַ אָפּווײַכונג פון די ווינער פאַרהעלטנישן אין דער פרויען־גרופּע זעהען מיר בלויז בײַם מאָגן־קרעבס: דער אידישער פּראָצענט (24,8) פאַלט דאָ אינגאַנצן צונויף מיט דעם ניט־אידישן (24,6%). קרעבס פון מוטערטראַכט שטייט אין בודאַפּעשט אין 1908/09 מיט 17,0 פּראָצענט בײַ די אידישע און מיט 38,8 פּראָצענט בײַ די ניט־אידישע פרויען. אין 1924/25 באַטרעפט דער פּראָצענט געשטאָרבענע פון קרעבס פון מוטערטראַכט לגבי דער גאַנצער צאָל מענער און פרויען צוזאַמען: בײַ אידן — 10,0, בײַ די ניט־אידן בכלל — 20,1, בײַ די רוימיש־קאַטוילישע,

Tab. — XLIX — טאַב·

## די וויכטיגסטע פארמען פון קרעבס בא די אידי· און ניט־אידישע געשטארבענע אין בודאפעשט 1908—1909

### Die häufigsten Formen des Carcinoms unter den Gestorbenen in Budapest

| Nichtjüdische Bevölk.—ניט־אידישע באפ· | | | | | | Jüdische Bevölk. — אידישע באפעלק· | | | | | | Organ — ארגאן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צוזאמען Zusammen | | פרויען Frauen | | מענער Männer | | צוזאמען Zusammen | | פרויען Frauen | | מענער Männer | | |
| % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | |
| 32,1 | 405 | 24,6 | 188 | 43,3 | 217 | 28,3 | 97 | 24,8 | 51 | 33,6 | 46 | . . . . . . . . . . . Magen — מאָגן |
| 8,5 | 108 | 7,0 | 53 | 11,0 | 55 | 15,1 | 52 | 11,2 | 23 | 21,2 | 29 | . . . . . . . . . Gedärme — געדערים |
| 8,1 | 102 | 0,9 | 7 | 19,0 | 95 | 7,3 | 25 | 0,9 | 2 | 16,8 | 23 | Zunge, Speiseröhre, Larynx—צונג א· א· |
| 11,7 | 148 | 11,5 | 88 | 12,0 | 60 | 12,5 | 43 | 15,0 | 31 | 8,7 | 12 | . . . . . . . . . . . Leber — לעבער |
| 3,6 | 46 | 6,0 | 46 | — | — | 8,5 | 29 | 14,1 | 29 | — | — | . . . . . . . Weibl. Brust — ברוסט |
| 23,4 | 296 | 38,8 | 296 | — | — | 10,2 | 35 | 17,0 | 35 | — | — | . . . . Gebärmutter — מוטערטראכט |
| 12,6 | 159 | 11,2 | 85 | 14,7 | 74 | 18,1 | 62 | 17,0 | 35 | 19,7 | 27 | . . . . . . . . . Sonstige — אנדערע |
| **100,0** | **1 264** | **100,0** | **763** | **100,0** | **501** | **100,0** | **343** | **100,0** | **206** | **100,0** | **137** | . . Insgesamt—צוזאמען |

יעלכע מיר האָבן אין טאַבעלע XLVIII אויסגעטיילט באַ־זונדער, — 20,2 און באַ די רעפאָרמירטע כמעט דער זעלבער — 20,5 פראָצענט.

אַנדערש ווי אין דער ווינער און בודאַפעשטער קרעבס־סטאַטיסטיק זעהען אויס די פאַרהעלטנישן, ווען מיר גייען איבער צו דער סטאַטיסטיק פון דער גרעסטער אידישער קהלה אין מזרח־איראָפּע — פון וואַרשע (טאַב. L און LI). דעם שאַרפסטן אונטערשיד, וועלכער וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן, באַמערקט מען ווען מ'האָט פאַר זיך די בודאַפעשטער דאַטן, טרעפן מיר באַ דער פרויען־גרופּע, באַ דעם קרעבס פון מוטערטראַכט. פאַר די פינף יאָר 1921—25 האָט די גרופּע גע־שטאָרבענע פון קרעבס פון מוטערטראַכט און פון אַלע אַנדערע בייזע געשווילעכצן פון די ווייבליכע געשלעכט־אָרגאַנען אויסגעמאַכט בלויז 5,3 פראָצענט פון אַלע געשטאָרבענע פון קרעבס באַ אידן אין וואַרשע; אין די יאָרן 1916—20, פאַר וועלכע מיר האָבן דאַטן באַזונדער פאַר פרויען און באַזונדער פאַר מענער, זיינען אויף קאַרצינאָמע פון מוטערטראַכט אויס־געקומען נאָר 4,9 פראָצענט פון אַלע קרעבס־פאַלן באַ די אידישע פרויען. די דיסקרעפּאַנץ צווישן דער אידישער און ניט־אידישער ציפער ווערט דאָ אַ סך שאַרפער, ווי אין ווין און בודאַפעשט. דאָרט — אַ אונטערשיד פון צוויי ביז דריי מאָל, דאָ שוין אַ חילוק פון קאַרגע זעקס מאָל.

Tab. — L — טאַב·

## די וויכטיגסטע פארמען פון קרעבס בא די אידישע און ניט־אידישע געשטארבענע אין ווארשע

### Die häufigsten Formen des Carcinoms unter den Gestorbenen in Warschau 1916-1920

| Nichtjüd. Bevölk. — ניט־איד· באפ· | | | | | | Jüdische Bevölk. — אידישע באפעלק· | | | | | | Organ — ארגאן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צוזאמען Zusammen | | פרויען Frauen | | מענער Männer | | צוזאמען Zusammen | | פרויען Frauen | | מענער Männer | | |
| % | abs. | % | .abs | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | |
| 34,7 | 585 | 24,8 | 248 | 49,0 | 337 | 34,9 | 405 | 30,6 | 198 | 40,4 | 207 | . . . . . . . . Magen — מאָגן |
| 13,3 | 224 | 16,0 | 159 | 9,5 | 65 | 15,5 | 180 | 19,8 | 128 | 10,1 | 52 | . . . . . . . . Leber — לעבער |
| 16,6 | 280 | 28,0 | 280 | — | — | 2,8 | 32 | 4,9 | 32 | — | — | . . . Gebärmutter — מוטערטראַכט |
| 4,4 | 75 | 7,3 | 73 | 0,3 | 2 | 2,9 | 34 | 5,1 | 33 | 0,2 | 1 | . . . . . . . . . Brust — ברוסט |
| 31,0 | 523 | 23,9 | 239 | 41,2 | 284 | 43,9 | 509 | 39,6 | 256 | 49,3 | 253 | . . . . . . . Sonstige — אנדערע |
| **100,0** | **1 687** | **100,0** | **999** | **100,0** | **688** | **100,0** | **1 160** | **100,0** | **647** | **100,0** | **513** | . Insgesamt — צוזאַמען |

באַ קרעבס פון דער ברוסט שטייען די אידישע פרויען אין וואַרשע ווידעראַמאָל נידעריגער ווי אין ווין און בודאַפעשט. אין 1916—20 שטייט אויף דער זייט פון די אידישע פרויען 5,1% געשטאָרבענע פון ברוסט־קרעבס, אויף דער זייט פון די ניט־אידישע פרויען — שוין 7,3 פראָצענט. אין פאַרגלייך צו די אידישע פרויען פון בודאַפעשט און ווין, גיבן די אידישע פרויען אין וואַרשע כמעט דריי מאָל אַ קלענערן פראָצענט געשטאָרבענע פון ברוסט־קרעבס.

אַ אָפּווייכונג פון די בודאַפעשטער און ווינער פאַרהעלט־נישן זעהען מיר אויך באַ דעם מאָגן־קרעבס. די אידישע פרויען

שטייען דאָ שוין מיט אַ העכערן פּראָצענט (30,6 אין 1916/20), ווי די ניט־אידישע (24,0% אין זעלבן יאָר). אָבער די אידישע מענער בלייבן אויך אין וואַרשע אין דער גינציגערער לאַגע. אויך אין וואַרשע באַהאַלט דער מאָגן־קרעבס זיין דאָמינירנדיגע שטעלונג.

Tab. — LI — טאַב.

**די וויכטיגסטע פאָרמען פון קרעבס און אנד. שווערע געשווילעכצן בא די געשטאָרבענע אין ווארשע**

Die häufigsten Formen des Carcinoms u. sonst. malign. Neubildungen in Warschau 1921—25

| Organ — אָרגאַן | אידי. באפּ. Jüdische Bev. abs. | % | ניט־איד. באפ Nichtjüd. Bev. abs. | % |
|---|---|---|---|---|
| מאָגן און לעבער — Magen u. Leber | 598 | 53,3 | 1 280 | 47,6 |
| געדערים — Gedärme | 141 | 12,6 | 194 | 7,2 |
| מויל — Mundhöhle | 5 | 0,5 | 44 | 1,6 |
| ווייבל. געשלעכט־אָרגאַנען — Weibl. Genitalien | 59 | 5,3 | 448 | 16,7 |
| ברוסט — Brust | 42 | 3,7 | 130 | 4,8 |
| הויט — Haut | 10 | 0,9 | 38 | 1,4 |
| אנדערע — Sonstige | 266 | 23,7 | 557 | 20,7 |
| צוז. — Insgesamt | 1 121 | 100,0 | 2 691 | 100,0 |

פון די ביז איצט געבראַכטע טאַבעלעס האָבן מיר באַקומען אַ גענוי בילד וועגן דער אינעווייניגסטער סטרוקטור פון דער קרעבס־שטאַרבליכקייט בײַ אידן און ניט־אידן. מיר קאָנען איצט איבערגייען צו דער צווייטער גרונט־פראַגע פון אונזער אונטערזוכונג — וועגן דער אינטענסיווקייט פון דער קרעבס־שטאַרבליכקייט בײַ דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג. ס'איז פאָראויס שוין קלאָר, אַז די פאַרהעלטנישן, וועלכע מיר האָבן ביז איצט געקאָנט פעסטשטעלן, וועלן זיך בײַ דער נייער באַטראַכטונג מוזן אין פאַרשיידענע ריכטונגען מאָדיפיצירן.

כדי צו פאַרענטפערן די דאָזיגע צווייטע פראַגע, איז קודם כל נויטיג צו באַשטימען דעם סכום באַפעלקערונג, אויף וועלכן מיר באַציען די געגעבענע צאָל קרעבס־פאַלן. אַז דאָס באַציען די צאָל קרעבס־פאַלן אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג איז מעטאָדאָלאָגיש פאַלש, פאַרשפּאָרט מען צו באַווייזן.

אין דער טאַבעלע LII ברייגגען מיר דעם עלטער־צוזאַמענשטעל פון די געשטאָרבענע פון קאַרצינאָמע (פון אַלע פאָרמען) בײַ דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג פאַר פינף יאָר — פון 1921 ביז 1925. די דאָזיגע טאַבעלע, וואו די העכערע עלטער־גרופּעס זיינען גענומען געוואָרן אין גאַנץ ענגע גרעניצן, פירט אונז צו זייער אינטערעסאַנטע און באַלערנדיגע רעזולטאַטן.

סיי בײַ דער אידישער, סיי בײַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג וואַקסט דער אָנטייל פון די באַזונדערע עלטער־גרופּעס באַשטענדיג ביז צו דער עלטער־גרופּע 60—65 יאָר. דער נול־פונקט שטייט דערביי בײַ דער עלטער־גרופּע אינגער פון דרייסיג יאָר. פון דער גרופּע 60—65 זינקט די ליניע שטופנווייז און דערגרייכט דעם נול בײַ דער עלטער־גרופּע פון העכער 85 יאָר. די עלטער־גרופּע פון 0 ביז 40 יאָר, וואָס מאַכט אויס אין דער אידישער באַפעלקערונג פון בודאַפּעשט אַנ'ערך זעקס און זעכציג פּראָצענט און בײַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג אַנ'ערך פינף און זיבציג פּראָצענט, באַטייליגט זיך אין דער קרעבס־שטאַרבליכקייט מיט נאָר 4,9 פּראָצענט אויף דער אידישער און מיט 8,9 פּראָצענט אויף דער ניט־אידישער זייט. אויף די איינע פינף און צוואַנציג יאָר — פון 50 ביז 75 — פאַלן אויס: בײַ אידן 71,8 פּראָצענט פון אַלע געשטאָרבענע פון קרעבס, בײַ די ניט־אידן — 66,2 פּראָצענט.

Tab. — LII — טאַב.

**דער עלטער פון די געשטאָרבענע פון קרעבס אין בודאַפּשט**

— 1921-25 —

Altersaufbau der an Ca Gestorbenen in Budapest

| Alter — עלטער | Juden — אידן abs. | % | Nichtj.—ניט־אידן abs. | % |
|---|---|---|---|---|
| 0—20 | 2 | 0,1 | 8 | 0,2 |
| 20—25 | 2 | 0,1 | 13 | 0,3 |
| 25—30 | 9 | 0,7 | 31 | 0,7 |
| 30—35 | 18 | 1,3 | 127 | 3,0 |
| 35—40 | 37 | 2,7 | 202 | 4,7 |
| 40—45 | 49 | 3,6 | 321 | 0,5 |
| 45—50 | 98 | 7,2 | 442 | 10,4 |
| 50—55 | 151 | 11,1 | 587 | 13,8 |
| 55—60 | 188 | 13,8 | 581 | 13,7 |
| 60—65 | 251 | 18,4 | 655 | 15,4 |
| 65—70 | 221 | 16,2 | 581 | 13,7 |
| 70—75 | 168 | 12,3 | 409 | 9,6 |
| 75—80 | 101 | 7,4 | 221 | 5,2 |
| 80—85 | 51 | 3,7 | 48 | 1,1 |
| 85— | 20 | 1,4 | 17 | 0,4 |
| Zus. — צוז. | 1 366 | 100,0 | 4 255 | 1,000 |

די פאַרהעלטניש צווישן די אידישע און ניט־אידישע פּראָצענטן אַנטשפּרעכט גענוי דער דיווערגענץ צווישן עלטער־אויפבוי בײַ דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג: — די גרופּע ביז 50 יאָר, וועלכע איז אין דער אידישער באַפעלקערונג שוואַכער פאַרטראָטן איידער אין דער ניט־אידישער, איז אויך אין דער קרעבס־שטאַרבליכקייט בײַ אידן שוואַכער באַטייליגט ווי בײַ די ניט־אידן; די גרופּע פון העכער 50 יאָר, וואָס איז אין דער אידישער באַפעלקערונג שטאַרקער פאַרטראָטן ווי בײַ ניט־אידן, איז אויך ביים קרעבס—בײַ די אידן שטאַרקער פאָרגעשטעלט ווי אויף דער ניט־אידישער זייט.

די ראָלע פון קרעבס אין דער שטאַרבליכקייט פון די העכערע עלטער־גרופּעס בײַ דער אידישער באַפעלקערונג זעהט מען אַרויס באַזונדערס בולט, ווען מ'שטעלט אַקעגן די אַלגעמיינע צאָל שטאַרבפאַלן אין די דאָזיגע גרופּעס און די צאָל שטאַרבפאַלן פון קרעבס. אָנהויבנדיג מיט דער גרופּע 25—30 יאָר, זעהען מיר אין בודאַפּעשט פאָלגנדיגן פּראָצענט געשטאָרבענע פון קרעבס: גרופּע 25־30 — 3,2 פּראָצענט, 30־35 יאָר — 4,2 פּראָצענט, 35־40 יאָר — 6,4 פּראָצענט, 40־45 יאָר — 7,9 פּראָצענט, 45־50 יאָר — 9,2%, 50־55 יאָר — 13,0%, 55־60 יאָר — 17,4%, 60־65 יאָר — 19,3 פּראָצענט. פון דאַנען אָן פאַלן די פּראָצענטן: בײַ 65־70 יאָר — ביז 16,0, בײַ 70־75 יאָר — ביז 12,4, בײַ 75־80 יאָר — ביז 10,1, בײַ

80־85 יאָר — ביז 9,8; בײַ דער גרופּע פֿון 85 אָן — ביז 5,2 פּראָצענט. צו אַ באַזונדערס בולטן אויסדרוק קומען די אונטערשידן צווישן די פֿאַרשידענע עלטער־גרופּעס אין טאַבעלע LIII, וואו מיר האָבן די צאָל שטאַרבפֿאַלן פֿון קרעבס אין יעדער עלטער־גרופּע באַרעכנט אויף 10000 פֿון דער באַפֿעלקערונג אין דער זעלבער גרופּע. מיר זעהען, אַז די באַפֿעלקערונג ביז 40 יאָר בלײַבט הן בײַ אידן והן בײַ ניט־אידן כמעט אינגאַנצן געשאַנעוועט פֿון קרעבס. אינטענסיוו ווערט די מאָרטאַליטעט ערשט אין דער גרופּע 40—60. דעם העכסטן פּונקט דערגרייכט זי אין דער גרופּע עלטער פֿון זעכציג יאָר. דאָ איז די מאָרטאַליטעט־ציפֿער בײַ אידן קנאַפּע פֿינף מאָל שטאַרקער ווי אין דער גרופּע 40־60, בײַ די ניט־אידן — קנאַפּע פֿירט־האַלבן מאָל שטאַרקער.

Tab. — LIII — טאַב.

**די מאָרטאַליטעט פֿון קרעבס אין בודאַפּעשט לויטן עלטער**
— 1921-25 —
Auf je 10 000 des gleichen Alters starben an Ca in Budapest:

| Alter — עלטער | בײַ אידן bei den Juden | בײַ ניט־אידן bei den Nichtjuden |
|---|---|---|
| 0—20 | 0,1 | 0,1 |
| 20—40 | 1,7 | 2,5 |
| 40—60 | 18,2 | 26,2 |
| 60— | 84,1 | 89,6 |
| Überhaupt—צוזאמען | 12,7 | 11,9 |

אָבער נאָך אינטערעסאַנטער איז אין דער דאָזיגער טאַבעלע דער אַלגעמיינער סך־הכל, — מיר זעהען אים מיט אַ איבערגעוויכט אויף דער זייט פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג, הגם אין די באַזונדערע עלטער־גרופּעס איז דער איבערגעוויכט תמיד אויף דער ניט־אידישער זייט. די סיבה הערפֿון איז גאַנץ קלאָר: אַזוי ווי דער „ספּעציפֿישער געוויכט" פֿון די העכערע עלטער־גרופּעס איז אין דער אידישער באַפֿעלקערונג שטאַרקער ווי בײַ דער ניט־אידישער, וועט דער אַלגעמיינער סך־הכל תמיד מוזן אויספֿאַלן מיט אַ העכערן קאָעפֿיציענט אויף דער אידישער זייט, ווען אַפֿילו אין די באַזונדערע עלטער־גרופּעס זאָל די מאָרטאַליטעט בײַ אידן זיך אויסדריקן מיט גלײַכע ציפֿערן ווי בײַ ניט־אידן, אָדער גאָר — ווי מיר האָבן עס אין אונזער פֿאַל — אַפֿילו מיט נידעריגע ציפֿערן.

אין טאַבעלע LIV האָבן מיר אַ צווייטן אינטערעסאַנטן פֿאַל. מיר נעמען דאָ פֿאַר לעמבערג דעם זעלבן פּאַראַלעל־מעטאָד, ווי אין בודאַפּעשט, און זעהען דאָ פֿאָלגנדיגעס: אין עלטער־גרופּע 0—20 בײַ אידן און ניט־אידן די זעלבע אומבאַדײַטנדיגע מאָרטאַליטעט־ציפֿער, אין גרופּע 20—40 בײַ אידן אַ נידעריגערע מאָרטאַליטעט און אין די גרופּעס 40—60 און עלטער פֿון זעכציג יאָר בײַ אידן אַ העכערע ציפֿער ווי בײַ ניט־אידן (צוליב דעם, וואָס חוץ קרעבס, נייט אַרײַן אַהער די שטאַרבליכקייט פֿון אַלע אַנדערע בייזע געשווילעכצן), — אין אַלגעמיינעם סך־הכל אָבער איז די מאָרטאַליטעט אויף ביידע זייטן אַרום איינע און דיזעלבע.

פֿון די דאָזיגע צוויי בײַשפּילן איז קלאָר, ווי ווייניג עס טאָגן אונז — גראָד בײַ דער קרעבס־סטאַטיסטיק — די אַלגעמיינע סך־הכלען און ווי אומפּאַסיכטיג און פֿאַלש עס איז צו מאַכן וואָסערע ס'ניט איז באַשטימטע אויספֿירן אין בזיען טעאָריעס, ווען מ'האָט ניט קיין גענויעם, אַלע פּרטים אויפֿקלערענדיגן סטאַטיסטישן מאַטעריאַל. אָבער, לײַדער, זײַנען מיר נאָך דיער ווייט פֿון אָט דעם האָדיגן אידעאַלן צושטאַנד.

די געבראַכטע מאַטעריאַלן האָבן אונז געגעבן אַ קלאָרן ענטפֿער אויך אויף דער פֿראַגע, וואָס מיר האָבן אויבן געשטעלט — וועגן דעם סכום פֿון דער באַפֿעלקערונג, אויף וועלכער מיר קאָנען באַציען די שטאַרבפֿאַלן פֿון קרעבס: די ניהעריגסטע גרעניץ פֿון אָט דער מאַסע הייבט זיך ערשט אָן מיט דעם עלטער פֿון 40 יאָר. אין די פֿאָלגנדיגע טאַבעלעס וועגן בודאַפּעשט און וואַרשע זײַנען די אַבסאָלוטע ציפֿערן פֿון די געשטאָרבענע באַרעכנט שוין אויסשליסלעך לגבי דער באַפֿעלקערונג פֿון 40 יאָר און עלטער.

Tab. — LIV — טאַב.

**די מאָרטאַליטעט פֿון קרעבס אין לעמבערג לויטן עלטער**
Auf je 10 000 des gleichen Alters starben an Krebs und sonst. Neubildungen in Lemberg—1922—

| Alter — עלטער | בײַ אידן bei Juden abs. | בײַ אידן bei Juden % | בײַ ניט־אידן bei Nichtjuden abs. | בײַ ניט־אידן bei Nichtjuden % |
|---|---|---|---|---|
| 0—20 | 3 | 1,0 | 5 | 1,0 |
| 20—40 | 17 | 6,1 | 43 | 8,2 |
| 40—60 | 52 | 34,1 | 101 | 32,2 |
| 60— | 40 | 79,3 | 61 | 65,2 |
| Insgesamt—צוזאמען | 112 | 14,6 | 210 | 14,7 |

פֿון טאַבעלע LV וועגן דער קרעבס־שטאַרבליכקייט בײַ אידן און ניט־אידן אין בודאַפּעשט פֿאַר די יאָרן 1924 ביז 1926 זעהען מיר, אַז בלויז בײַ דרײַ גרופּעס שטייט די אידישע באַפֿעלקערונג מיט העכערע מאָרטאַליטעט־ציפֿערן: בײַ קרעבס פֿון די געדערים, פֿון ברוסט און פֿון אַנדערע אָרגאַנען. בײַ מאָגן־קרעבס, קרעבס פֿון צונג, שפּייזקעהל און גומען, ווי אויך בײַ קרעבס פֿון מוטערטראַכט — שטייען די העכערע קאָעפֿיציענטן שוין אויף דער ניט־אידישער זייט. בײַם לעבער־קרעבס גלײַכן זיך די קאָעפֿיציענטן אויס.

Tab. — LV — טאַב.

**די שטאַרבליכקייט אין בודאַפּעשט פֿון פֿאַרשיידענע פֿאָרמען**
**קרעבס אויף יעדע 10000 נפשות עלטער פֿון 40 יאָר**
Auf je 10 000 der Bev. über 40 Jahre entfielen Todesfälle an folgenden Formen des Carcinoms in Budapest 1924-26

| Organ — אָרגאַן | בײַ אידן bei den Juden | ניט־אידן bei den Nichtjud. |
|---|---|---|
| מאָגן — Magen . . . . . . . . | 10,0 | 14,5 |
| געדערים — Gedärme . . . . . . | 6,8 | 4,3 |
| לעבער — Leber . . . . . . . | 4,8 | 4,2 |
| מוטערטראַכט — Gebärmutter . . . | 4,3 | 9,2 |
| ברוסט — Weibl. Brust . . . . . | 2,6 | 1,9 |
| צונג, שפּייזקעהל, גומען — Zunge, Speiseröhre, Larynx . . | 2,2 | 4,1 |
| אנדערע — Sonstige . . . . . . | 8,5 | 6,7 |
| צוזאמען — Insgesamt . . | 39,0 | 44,9 |

די דיפערענץ צווישן די אידישע און ניט־אידישע קאָעפיציענטן באַוועגט זיך — אויף דער פּאָזיטיווער ווי אויף דער נעגאַטיווער זייט — צווישן אַנדערך פופציג און הונדערט פּראָצענט. ענליכע דיפערענצן באַגעגענען מיר אויך אין טאַבעלע LVI וועגן בודאַפּעשט אין דורכשניט 1908/09 און אין טאַבעלע LVII וועגן וואַרשע אין דורכשניט 1916—20.

Tab. —LVI— טאַב.

די מאָרטאַליטעט פון קרעבס אין בודאַפּעשט 1908־09

Auf je 10000 der Bev. über 40 Jahre starben in Budapest an Ca:

| Organ — אָרגאַן | Männer — מענער: אידישע Juden | Männer — מענער: ניט־אידישע Nichtjuden | Frauen — פרויען: אידישע Jüdische | Frauen — פרויען: ניט־אידישע Nichtjüd. |
|---|---|---|---|---|
| מאָגן — Magen . . . . | 5,4 | 12,4 | 7,8 | 10,0 |
| געדערים — Gedärme . . | 4,0 | 3,2 | 3,5 | 2,9 |
| צונג, שפּייזקעהל, גומען — . Zunge Speiseröhre, Larynx | 3,2 | 5,5 | 0,3 | 0,3 |
| לעבער — Leber . . . . . | 1,7 | 3,4 | 4,7 | 4,7 |
| מוטערטראַכט — Gebärmutter | — | — | 5,3 | 15,8 |
| ברוסט — Brust . . . . . | — | — | 4,4 | 2,5 |
| אנדערע — Sonstige . . . | 3,8 | 4,2 | 5,3 | 4,5 |
| צוז. — .Insgesamt. | 19,1 | 28,7 | 31,3 | 40,7 |

די לעצטע צוויי טאַבעלעס, וואו דער מאַטעריאַל איז געגלידערט לויטן געשלעכט, שטעלט מיט זיך פאָר גאָר אַ באַזונדערן אינטערעס. מיר טרעפן דאָ אַ ריִע פאַלן, ווען בײַ איין און דערזעלבער קרעבס־פאָרם שטייען בײַ איין געשלעכט בײַ אידן דיזעלבע קאָעפיציענטן ווי בײַ די ניט־אידן, בשעת בײַ די קאָעפיציענטן פון צווייטן געשלעכט זיינען די דיפערענצן צווישן אידן און ניט־אידן גאַנץ באַדייטנדיג. אַזוי זעהען מיר אין בודאַפּעשט ביים קרעבס פון צונג בײַ די אידישע מענער 3,2 געשטאָרבענע אויף יעדע 10000, בײַ די ניט־אידישע מענער — 5,5, בײַ די אידישע און ניט־אידישע פרויען — צו 0,3 אויף יעדע 10000. בײַ דעם קרעבס פון לעבער האָבן מיר: בײַ אידישע מענער 1,7, בײַ ניט־אידישע — 3,4, בײַ אידישע און ניט־אידישע פרויען — צו 4,7. אין וואַרשע זעהען מיר ביים לעבער־קרעבס 3,0 בײַ אידישע מענער, 2,5 בײַ קריסטליכע, בשעת בײַ די פרויען שטייען אַנטשפּרעכנדיג 6,8 און 4,0.

זיינען די געבראַכטע ציפערן ריכטיג — און די בודאַפּעשטער און וואַרשעווער קרעבס־סטאַטיסטיק געהערן דאָך צו די בעסטע, — אַזוי פאָלגט פון זיי דער אויספיר, אַז די סיבות פון די באַזונדערקייטן, וועלכע די אידישע באַפעלקערונג ווייזט אַרויס בײַ דער קרעבס־שטאַרבליכקייט, דאַרף מען זוכן ניט אין ראַסן־באַזונדערקייטן, נאָר אין גאָר אַ אַנדער ריכטונג.

צו די באַזונדערס פעסט איינגעבירגערטע טעאָריעס וועגן דער אידישער פּאַטאָלאָגיע געהערט די טעאָריע וועגן דער ראַסן־באַזונדערקייט פון די אידישע פרויען בנוגע דעם קרעבס פון מוטערטראַכט. בײַ דער דאָזיגער פאָרם פון קרעבס איז די דיסקרעפּאַנץ צווישן אידישע און ניט־אידישע קאָעפיציענטן אומעטום און אין אַלע יאָרן געווען די שטאַרקסטע, דערגרייכנדיג אָפט ביז צו עטליכע הונדערט פּראָצענט. מיר זעהען אויך פון די נאָרוואָס געבראַכטע מאַטעריאַלן, אַז בשעת בײַ די ניט־אידישע פרויען פון בודאַפּעשט אין עלטער פון 40 יאָר און מער זיינען אויף יעדע 10000 געשטאָרבן פון קרעבס פון מוטערטראַכט 15,8 (אין דורכשניט 1908/09), זיינען בײַ די ניט־אידישע פרויען געשטאָרבן 5,3; אין וואַרשע שטייען געגן 7,1 בײַ ניט־אידן בלויז 1,7 בײַ די אידישע פרויען.

Tab. —LVII — טאַב.

די מאָרטאַליטעט פון קרעבס אין וואַרשע 1916־20

Auf je 10 000 der Bev. über 40 Jahre starben in Warschau an Ca:

| Organ — אָרגאַן | Männer — מענער: אידישע Juden | Männer — מענער: ניט־אידישע Nichtjuden | Frauen — פרויען: אידישע Jüdische | Frauen — פרויען: ניט־אידישע Nichtjüd. |
|---|---|---|---|---|
| מאָגן — Magen . . . . | 11,8 | 13,1 | 10,5 | 6,3 |
| לעבער — Leber . . . . . | 3,0 | 2,5 | 6,8 | 4,0 |
| מוטערטראַכט — Gebärmutter | — | — | 1,7 | 7,1 |
| ברוסט — Brust . . . . . | — | — | 1,6 | 1,9 |
| אנדערע — Sonstige . . . | 14,4 | 11,0 | 13,6 | 6,1 |
| צוז. — . Insgesamt. | 29,2 | 26,7 | 34,4 | 25,4 |

אָבער אויך בנוגע דער דאָזיגער זייער אינטערעסאַנטער און מערקווירדיגער ערשיינונג, איז בײַ דעם איצטיגן צושטאַנד פון דער קרעבס־סטאַטיסטיק נאָך צו פריה צו מאַכן וועלכע ס׳ניט איז קאַטעגאָרישע און ענטגילטיגע אויספירן.

פיל באַרעכטיגטער איידער די ראַסן־טעאָרעטישע סברות וואָלט געווען די ערקלערונג פון אָט דער ערשיינונג דורך די סאָציאַלע און פּראָפעסיאָנעלע אונטערשיידן צווישן דער אידישער און ניט־אידישער פרוי. אויפן ביישפּיל פון דער בערלינער קרעבס־סטאַטיסטיק פאַר די יאָרן 1915־1917, קאָנען מיר זעהען, אַז דער הויפּט־קאָנטינגענט פון די געשטאָרבענע פון קרעבס בײַ אידן געהערט צו די רייכערע, פאַרמעגליכערע קלאַסן, בשעת בײַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג קומט דער איבערוויגנדיגער קאָנטינגענט פון די געשטאָרבענע הויפּטזאַכליך פון דער אַרבעטער־באַפעלקערונג. בײַ דער גלידערונג פון די געשטאָרבענע פון קרעבס אין די דערמאָנטע דריי יאָר לויט דער צאָל צימער אין די וואוינונגען פון די געשטאָרבענע, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין וואוינונגען מיט ווייניגער פון פיר צימערן האָבן געוואוינט: בײַ ניט־אידן קאַרגע 68 פּראָצענט, בײַ אידן — נאָר 15,4%.

עס איז אָבער אַ גענוג באַקאַנטער פאַקט, אַז די צאָל פעהלגעבורטן, צאָל אַבאָרטן און גאָר באַזונדערס די אָפטקייט פון שוועננגערונג איז בײַ דער אַרבעטער־פרוי פיל שטאַרקער ווי בײַ דער פרוי פון די בורזשואַזע קלאַסן. און דאָס הייסט, אַז די פּאַטאָלאָגישע רייצונגען, וואָס רופן אַרויס דעם קרעבס פון מוטערטראַכט, מוזן בײַ דער אידישער, מערסטנטייל בורזשואַזער, ווייבליכער באַפעלקערונג זיין פיל זעלטענער און שוואַכער איידער בײַ דער קריסטליכער ווייבליכער באַפעלקערונג פון די שטעט, וואָס איז אין איר גרויסער מערהייט אַ פּראָלעטאַרישע באַפעלקערונג.

# וואָס פעלט אין אונזער עקאָנאָמישער געשיכטע?

פּראָפ׳ שמעון דובנאָוו

## Probleme der Wirtschaftsgeschichte der Juden

von Prof. **Simon Dubnow**

מע קאָן פון דעם „היסטאָרישן מאַטעריאַליזם" ניט צופיל האַלטן און דאָך אָנערקענען, אַז דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר איז איינער פון די וויכטיגסטע אין דער געשיכטע פון אַלע פעלקער. די אויסשליסליך מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסונג, וואָס לייגט די ווירטשאַפטליכע אינטערעסן א י ן ג ר ו נ ט פון אַלע היסטאָרישע פּראָצעסן, איז געוויס איינזייטיג: דאָס איז נאָר אַ שאַרפע אַנטיטעזע געגן דער פריערדיגער טעאָלאָגישער אָדער אידעאַליסטישער פילאָסאָפיע פון דער געשיכטע. אַמאָל פלעגט מען זאָגן: גאָט פירט די היסטאָרישע וועלט, אַזוי ווי די פיזישע און דעם גאַנצן קאָסמאָס, און גיי טרעף גאָט'ס וועגן! שפּעטער האָט מען אַ טראַכט געטאָן: אויב מ'קאָן אויספאָרשן די געזעצן פון דער נאַטור, פאַרוואָס זאָל מען ניט קאָנען פאָרשן די געזעצן פון דער מענשליכער געשיכטע? דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די היסטאָרישע וויסנשאַפט. מען האָט געזוכט אַ פאַרבינדונג צווישן נאַטור־געזעצן און געשיכטע־געזעצן, אָבער אַזוי ווי אין דער געשיכטע ווירקן אויך פּסיכאָלאָגישע אָדער גייסטיגע פאַקטאָרן, האָבן פאַרשידענע גרויסע דענקער (טיילווייז אונטער דעם איינפלוס פון זייער אייגענער פּסיכיק) צופיל געוויכט געלייגט אויף דעם אידעען־קאַמף, וואָס פירט די פעלקער פון איין טרעפּ אויף די אַנדערע אויף דעם גייסטיגן לייטער, ביז וואַנען זיי ווערן דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה (קאָנט'ס און באָקל'ס ריכטונגען, שפּעטער אויסגעבעסערט דורך ספּענסער'ס עוואָלוציאָניזם). שוין אין יענער צייט איז אויפגעשוואומען די פראַגע: וועלכע קראַפט איז שטאַרקער אין דער געשיכטע — די קראַפט פון א י ד ע ע ן אָדער פון א י נ ט ע ר ע ס ן? דאָ האָט דער מאַרקסיזם געגעבן אַן אַבסאָלוטן ענטפער: עקאָנאָמישע אינטערעסן ליגן אין גרונט פון אַלע היסטאָרישע פּראָצעסן, און יעדער אידעען־קאַמף איז נאָר אַ רעזולטאַט פון אַ קלאַסן־קאַמף. ביז היינט איז נאָך ניט שלום געוואָרן צווישן דעם היסטאָרישן אידעאַליזם און דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, אָבער צו אַן אמתער וויסנשאַפטליכער סינטעזע מוז דאָך קומען. פרייע דענקער, אָן שום פאַרטייאישע פניות, מוזן פאַרשטיין, אַז געשיכטע איז אַ גאַנצער קאָמפּלעקס פון פאַרשידענע פאַקטאָרן: פיזישע, פּסיכישע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע. אַזוי ווי נאַטור, גייסט און עקאָנאָמיק שאַפן דאָס לעבן פון דעם יחיד, אַזוי שאַפן זיי אויך דאָס לעבן פונם קאָלעקטיוו. פונם ברייטן סאָציאָלאָגישן שטאַנדפונקט קאָן מען ניט שטרייטן, וואָס איז וויכטיגער, — מען דאַרף פאָרשן די ווירקונג פון אַלע פאַקטאָרן, וואָס שאַפן די אַנטוויקלונג פון דעם אָדער יענעם סאָציאַלן, פּאָליטישן אָדער נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם.

עס זיינען דאָ סימנים, אַז מיר דערנענטערן זיך צו אַזאַ סינטעזע. אָט האָט שוין דער גרעסטער טעאָרעטיקער פון דער מאַרקסיסטישער שול, קאַרל קאַוטסקי אין זיין ערשט געדרוקטן נייעם ווערק („די מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסונג פון דער געשיכטע", צוויי בענדער, בערלין 1927) שטאַרק מאָדיפיצירט די מאַרקסיסטישע געשיכטע־פילאָסאָפיע אויפן גרונט פון נייע פאָרשונגען. אין זיין לעצטן אַרטיקל אין דער אַמעריקאַנישער אידישער „צוקונפט" (מערץ 1928), וואו ער מאַכט אַ סך הכל פון זיין גרויסן בוך, שרייבט קאַוטסקי: „צוערשט האָב איך אָפּגעוואָרפן אירע (פון דער מאַטעריאַליסטישער אויפפאַסונג) פּרימיטיווע פאַרגרעבטע פאָרמען, וואָס דריקן זיך אויס אין דער מיינונג, אַז דער מענש ווערט באַוועגט נאָר דורך עקאָנאָמישע אינטערעסן, אָדער אַנדערש געזאָגט — דאָס גייסטיגע לעבן פון דעם מענשן ווערט באַשטימט בלויז פון די מאַטעריעלע באַדינגונגען, אין וועלכע ער לעבט. דאָס גייסטיגע לעבן פון אַ געוויסער צייט ווערט אין העכסטן גראַד באַשטימט פון די איינגעבוירענע פעיִקייטן, פון די אינסטינקטן, פון די אידעען און געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען, וואָס די מענשן האָבן געירשנט. אָבער דאָס נייע אין דעם גייסטיגן לעבן פון אַ באַשטימטן פעריאָד, דאָס, וואָס קומט צו צו דער מענשליכער נאַטור, צו אידעען און געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, לאָזט זיך דערקלערן מיט עקאָנאָמישע באַדינגונגען" (דאָרטן, ז. 140). קאַוטסקי קערט זיך אום אַביסל צוריק צו ספּענסער'ס עוואָלוציאָניזם און זאָגט ווייטער (ז. 141): „מיין גאַנצע אונטערזוכונג... איז וועגן אַזאַ געביט, מיט וועלכן מאַרקס און ענגעלס האָבן זיך ווייניג אָפּגעגעבן. זיי האָט איבערהויפּט אינטערעסירט געשיכטע אין אַן איינגערן זין, מערסטנס די געשיכטע פון די מלוכות, וואָס זיינען געבויט אויף געגנזעצליכע קלאַסן. זיי האָבן ווייניגער באַהאַנדלט דעם קאַמף פון דעם מענשן מיט דער נאַטור..., איידער דעם קאַמף פון די קלאַסן אין דער מלוכה, וואו דער רעגירונג־אַפּאַראַט דינט דעם הערשענדן און עקספּלואַטירענדן קלאַס". „ווען אונזערע לערער (מאַרקס און ענגעלס) וואָלטן נאָך געלעבט, — איז מוסיף קאַוטסקי, — וואָלטן זיי זיכער אַליין די דאָזיגע ערפאַרונגען באַטראַכט און אויסגענוצט". [1]

יעדנפאַלס מוז מען מודה זיין, אַז אין דער אידישער געשיכטע איז דער עקאָנאָמישער טייל ביז דער לעצטער צייט ניט געווען באַאַרבעט אין אַ געהעריגער מאָס און אויך ניט אין אַ גלייכער מאָס פאַר אַלע פעריאָדן. דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדליך, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז די אייראָפּייאישע פעלקער האָבן צו טון מיט אַ צייט־רוים פון העכסטנס טויזנט יאָר און דאָס אויך אויף איין טעריטאָריע; דער אידישער היסטאָריקער האָט אָבער צו טון מיט אַ דרייטויזנט־יאָריגער געשיכטע אויף טעריטאָריעס פון דער גאַנצער וועלט. דאָס איז אָבער קיין תירוץ ניט געגן די נויטיגקייט אַריינצופירן דעם עקאָנאָמישן עלעמענט אין אונזער געשיכטע, אויף וויפיל ס'איז נאָר מעגליך. פאַרשטייט זיך, אַז אין די נייערע צייטן וועט ער זיין פיל רייכער און קאָמפּליצירטער, ווי אין די עלטערע. און דאָ שטעלט זיך די פראַגע: וואָס איז ביז אַהער אין דער דאָזיגער הינזיכט געטאָן געוואָרן און וואָס פעלט אונז נאָך אין אונזער עקאָנאָמישער געשיכטע?

---

1) מיר רעקאמענדירן קאוטסקי'ס גרויסן בוך יענע "קריטיקער" אין סאוועט־רוסלאנד, וואס דאס לעצטע ווארט איז בא זיי די באלשעוויסטישע פירושים צו מארקסן פון פאקראוווסקי אד"ג. זעה: ט. ה יי ל י ק מ א ן — געשיכטע פון דער געזעלשאפטליכער באוועגונג פון די אידן אין פוילן און רוסלאנד. ערשטער טייל. מאסקווע 1926

איך וועל זיך דאָ ניט לאַנג אָפּשטעלן אויף אונזערע אַלטע אָריענטאַלישע תקופות: די אַזוי גערופענע ביבל־תקופה, די העלעניסטיש־רוימישע און די פּערסיש־אַראַבישע, און וועל נאָר אָנווייזן עטליכע מעטאָדאָלאָגישע כללים. דער גלייכסטער וועג צו פאָרשן די עקאָנאָמישע געשיכטע פון יענע צייטן איז די קאָמבינירונג־מעטאָדע: שטודירן די אַלגעמיינע עקאָנאָמיק אין אַלטערטום און באַזונדערס אין יענע מיטל־ים־לענדער פונם אַלטן מזרח, וואו ס׳האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס אידישע פאָלק, און קאָמבינירן די דאָזיגע ידיעות מיט דעם מאַטעריאַל, וואָס איז צעשפּרייט אין דער ביבל־ און אַפּאָקריפן־ליטעראַטור, אין יוסף פלאַוויוס ווערק און אין די פראַגמענטן פון גריכיש־רוימישע שרייבער וועגן אידישער ווירטשאַפט, אין דער גרויסער תלמודישער און גאונישער ליטעראַטור און אין די באַשרייבונגען פון אַראַבישע וועלטרייזער ביז צום XI יאָרהונדערט. די קוועלן־אָנווייזונגען געפינט מען טיילווייז אין די ביבל־אַרכעאָלאָגיעס פון בענצינגער און נאָוואַק, און אין דער „תלמודישער אַרכעאָלאָגיע“ פון קרויס, אין ריינאַקס „טעקסטן פון גריכישע און רוימישע שרייבער וועגן אידן“ און אין פיל אַנדערע זאַמלביכער און פאָרשונגען[1]. ספּעציעלע פאָרשונגען האָבן מיר אויף דעם געביט זייער קנאַפּע: פאַר דער ביבל־עפּאָכע — די פאַראַלטעטע מאָנאָגראַפיע הערצפעלד׳ס „האַנדעלסגעשיכטע דער יודען דעס אַלטערטומס“ (1879), בול׳ס (Buhl) „די סאָציאַלען פערהעלטניסע דער איזראַעליטען“ (1899) און עטליכע נייע אַרטיקלען פון דער לעצטער צייט[2]). פאַר דער גריכיש־רוימישער עפּאָכע האָט אַ גרויסן ווערט זשוסטער׳ס (Juster) פראַנצויזיש בוך וועגן די אידן אין דער רוימישער אימפּעריע (צוויי בענדער, פּאַריז 1914), באַזונדערס חער לעצטער קאַפּיטל פון צווייטן באַנד, וואו עס האַנדלט זיך וועגן דער אידישער ווירטשאַפט אין דער דיאַספּאָראַ; אָבער, צום באַדויערן, איז גראָד דער דאָזיגער לעצטער טייל ניט פאַרענדיגט, ווייל דער מחבר — אַ געלערנטער יוריסט און אַ טיפער אידישער פאָרשער — איז געפאַלן אין דער וועלט־מלחמה. די תלמודישע און גאונישע ליטעראַטור איז גאָר ווייניג אויסגעפאָרשט פון דער עקאָנאָמישער זייט, אָבער האָרט געפינט זיך אַ גאַנצער אוצר, באַזונדערס אין די צוגעקומענע האַנטשריפטליכע דאָקומענטן, וואָס זיינען אַרויסגענומען פון די אַלטע „גניזות“. פון די אַלע מאַטעריאַלן וואָלט מען געדאַרפט צוערשט מאַכן סיסטעמאַטישע „רעגעסטן“— אויסצוגן פון די שטעלן, וואָס זיינען נוגע צום עקאָנאָמישן לעבן, און דאָס וואָלט גרינגער געמאַכט די אַרבעט פאַר פאָרשער.

אַ פעסטערן באָדן אונטער די פיס האָבן מיר אין אונזער אייראָפּעאישער געשיכטע פונם מיטלאַלטער ביז היינטיגער צייט. דאָ איז פּאָליטישע געשיכטע אַזוי פאַרבונדן מיט עקאָנאָמישער, אַז מען קאָן זיי ניט אָפּטיילן. די רעכטליכע לאַגע פון אידן האָט געווירקט אויף זייער עקאָנאָמישער טעטיגקייט און צוריק — זייער ראָלע אין דער ווירטשאַפט האָט שטענדיג געווירקט אויף די באַציאונגען צו זיי מצד רעגירונגען און שטאַנדן. באַ געאָרג קאַראָ אין זיין גרינדליכן ווערק „סאָציאַל־ און ווירטשאַפטסגעשיכטע דער יודען אים מיטעלאַלטער“ (1908 און 1920; צוויי בענדער) וועט איר ניט טרעפן, ווען ענדיגט זיך פּאָליטישע געשיכטע און וואו הויבט זיך אָן עקאָנאָמישע. אין פרי־מיטלאַלטער (ביז די קרייצצוגן) איז די אידישע ווירטשאַפט נאָך ניט געווען אַזוי געבונדן דורך געזעצן און רעגלאַמענטן: אידן האָבן זיך פאַרנומען מיט גרויס־ און קליין־האַנדל, מיט פינאַנץ־ און קרעדיט־געשעפטן, מיט פאַרשיידענע האַנטווערקן און אין עטליכע מדינות (דרום־פראַנקרייך, דרום־איטאַליע, שפּאַניע) אויך מיט לאַנדווירטשאַפט, מייסטנס אַלס פּאַכטער באַ פעאָדאַלן[3]). אין שפּעטערן מיטלאַלטער אָבער, ווען ס׳האָבן זיך אין מערב־אייראָפּע אַנטוויקלט די שטעט מיט דער אָרגאַניזירטער קריסטליכער בירגערשאַפט, האָט מען רעגולירט יעדן טריט אינם אידישן עקאָנאָמישן לעבן און מען האָט זייערע געשעפטן שטאַרק באַגרעניצט. נאָר אין שפּאַניע און דרום־פראַנקרייך האָט זיך נאָך אויפגעהאַלטן דער טיפּ פון דעם אידישן גרויס־הענדלער און פינאַנץ־מאַן, וואָס איז אָפט אַ קרוב למלכות און פאַרנעמט אַפילו דעם פּאָסטן פון אַ שאַצמייסטער אָדער ניט־אָפיציעלן פינאַנץ־מיניסטער[4]). אין אַנדערע לענדער אָבער (צפון־פראַנקרייך און ענגלאַנד, דייטשלאַנד, עסטרייך, צפון־איטאַליע) זיינען אידן פאַרטריבן אין קליינהאַנדל. מען האַנדלט סיי מיט סחורות, סיי מיט געלד. דער קליינער געלד־האַנדל, די מיאוסע וואוכער־פּרנסה, וואָס די קריסטליכע בירגער האָבן דעם אידן איבערגעלאָזט, ווערט פאַר אים אַ פּלאָג. דער וואוכערניק ווערט פאַרהאַסט, דער קליינהענדלער דערנידעריגט. קלייבן זיי אָן אַביסל געלט, פאַלט אויף זיי אָן דאָ אַ האַבגיריגער הערשער, דאָ דער המון פון שטאָט און מען באַראַבעוועט זיי אויפן „געזעצליכן“ וועג אָדער מיט געוואַלט[5]). די סיסטעם פון „יודענשטייערן“ איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

דאָ איז פאַר דעם עקאָנאָמישן היסטאָריקער גענוג מאַטעריאַל. פּאָליטישע און רעליגיעזע רדיפות אויף אידן זיינען געוויינליך פאַרבונדן מיט עקאָנאָמישע סיבות און דאָ האָבן מיר אַ באַרג דעקרעטן, אָפּמאַכונגען, געריכטליכע אַקטן און אַנדערע דאָקומענטן, וואָס גיבן אַ בילד פון דעם דעמאָלטיגן לעבן. אין די דייטשע רעגעסטן־זאַמלונגען (אַראָניוס, ווינער, באָנדי־דוואָרסקי פאַר בעהמען, ראַבינישע רעגעסטן אין קאָפּמאַנ׳ס „געלד—האַנדעל דער דייטשען יודען“), די גרויסע שפּאַנישע אַקטן־רשימה פון Regné אינם פראַנצויזיש־אידישן „Revue des etudes juives“, (1910־1924), די סיצילישע אַקטן־זאַמלונג פון לאַגומינאַ און אַנדערע[6]) איז אָנגעזאַמלט נאָר אַ טייל פונם מאַטעריאַל; פיל מער ליגט נאָך באַגראָבן אין אַרכיוון אָדער אין אַלטע פאַרגעסענע ביכער. קאַראָ האָט, צום באַדויערן, זיין גרויס ווערק ניט פאַרענדיגט: דער צווייטער טייל

1) א ביבליאגראפיע פון דער וויכטיגסטער ליטעראטור אין דעם פאך אין אנגעמערקט אין די ערשטע דריי בענדער פון מיין „וועלטגעשיכטע פון אידישן פאלק“, וואס זיינען שוין ערשינען אין דער דייטשער אויסגאבע און וועלן אינגיכן ערשיינען אויך אויף אידיש (זעה באזונדערס באנד I, §§ 10, 46-48, 66, 82; באנד II, §§ 6, 34 62-64; באנד III, §§ 46, 57, 59). — איך ברייגג ניט דא און ווייטער די אריגינעלע טיטלען פון אלע דערמאנטע ווערק און שיק אפ דעם לעזער צו יענער ביבליאגראפיע.

2) ניט לאנג איז ערשינען א ארבעט פונם יונגן פארשער מענעס: „Die vorexilischen Gesetze Israels“. Berlin 1928

איך קאן ניט רעקאמענדירן די נייע דיסערטאציע פון מ. לוריע: Studien zur Geschichte der wirtschaftlichen u. sozialen Verhältnisse im israelitisch-jüdischen Bereiche, Giessen 1927 (67 Seiten) — נאך גאר א "גרינגע" ארבעט מיט א טענדענץ צו מאדערניזירן די אלטע געשיכטע און שאפן אין ארץ־ישראל פון דער ביבל־צייט א בילד פון קלאסן־קאמף, וואס איז קאפירט פון א היינטיגן אייראפייאישן לאנד.

3) „וועלטגעשיכטע פון אידישן פאלק“ באנד IV, §§ 5, 12, 14, 26, 52 און אנדערע.

4) דארטן. באנד IV, § 43, און באנד V, §§ 9, 10, 13, 28, 33–36, און ביבליאגראפיע צו זיי.

5) דארטן. באנד IV, §§ 35, 37, 38; באנד V, §§ 3, 5, 6-8, 20 און ווייטערע; 43 און ווייטערע; ביבליאגראפיע.

6) דארט . די ערשטע עקסקורסן צו באנד IV און V.

פון זיין בוך איז שוין אַרויס נאָך זיין טויט (1920), ניט גענוג באַאַרבעט און אָפּגעשטעלט אויפן XIV יאָרהונדערט. ס'דאַרפן קומען פאָרטזעצער פון דער דאָזיגער אַרבעט און זי פאַרענדיגן אין דער פאָרם פון אַן אַלגעמיין־אידישער ווירטשאַפט־געשיכטע אין מיטלאַלטער אָדער אין מאָנאָגראַפיעס פאַר באַזונדערע לענדער.

אַ גרויס פעלד, כמעט אומבאַאַרבעט, ליגט אין דער עקאָנאָמישער געשיכטע פון דער „נייצייט", ד. ה. פון XVI, XVII און XVIII יאָרהונדערטן. דער שטראָם פון די פאַרטריבענע שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע ספרדים האָט אַריינגעטראָגן אַ שטאַרקע באַוועגונג אין ווירטשאַפט־לעבן פון דער נייער טערקיי און דער אַלטער איטאַליע. דער לעוואַנטע־האַנדל צווישן אייראָפּע און אַזיע האָט אויפגעלעבט. ווידער האָבן זיך באַוויזן אידישע קרעפטן אינם אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל. אין XVII־טן יאָרהונדערט האָט אויפגעבליט דער וועלט־האַנדל פון האָלאַנד און ענגלאַנד — און אַהין האָבן זיך אַ שאָט געטאָן מאַראַנען־ספרדים און שפּעטער אשכנזים. אידישע רינגלעך האָבן זיך איינגעפלאָכטן אין דער גרויסער קייט, וואָס האָט פאַרבינדן אייראָפּע מיט אירע אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס [1]. אין יענעלבער צייט שטייט אויף דער נייער אשכנזישער צענטער אין פוילן. צום אונטערשייד פון די אשכנזים אין דייטשלאַנד, וואָס זיינען געווען פאַרטריבן אין אַן איינגן ווירטשאַפטליכן געטאָ מיט קליין־האַנדל און וואוכער, האָט זיך אין פוילן אַנטוויקלט אַ ברייטע עקאָנאָמישע טעטיגקייט אויף פאַרשידענע געביטן: דער שטאָטישער איד האָט געפירט גרויס־ און קליין־האַנדל און האָט זיך פאַרנומען מיט האַנטווערק; דער דאָרף־איד האָט זיך באַשעפטיגט מיט לאַנדפּאַכט, מיט אַרענדעס באַ פּריצים און האָט געשפּילט אַ גרויסע פאַרמיטלערישע ראָלע אין לאַנדווירטשאַפט [2]. צווישן די דאָזיגע אַרענדאַרישע עסקים איז געווען איינער, וואָס האָט געבראַכט גרויסע פאַרדינסטן, אָבער איז מיט דער צייט געוואָרן אַזאַ פּלאָג פאַר די מזרח־אידן, ווי דער וואוכער פאַר זייערע נאָענטע מערב־ברידער: די שענקערייי. מען האָט געשענקעוועט אומעטום, אין דאָרף און אין די פּריצישע שטעטלאַך, מען האָט פאַרקויפט בראָנפן, ביר און מעט, מ'האָט רייך געמאַכט דעם פּריץ און געמאַכט אַליין אַ גוט לעבן, אָבער די שיכרות האָט רואינירט דעם פּויער און האָט אים פאַרווילדעט. אַזוי אַרום איז פון די פּריציש־אידישע אַרענדעס און שענקען אַרויס יענע ווילדע כמעלניטשישנע און האַידאַמאַטשינע, וואָס האָבן אין דער צווייטער העלפט XVII און אין XVIII יאָרהונדערט חרוב געמאַכט אוקראַינע. מיט דער צעפוילטקייט פונם שלאַכטישן פוילן פאַרשטאַרקט זיך די אָרעמקייט באַ די אידישע מאַסן. עס גייט אַן עמיגראַציע צוריק קיין דייטשלאַנד און אין די עסטרייכישע לענדער און נאָך ווייטער צו מערב־אייראָפּע [3].

אין דער דאָזיגער איבערגאַנג־צייט האָט זיך אין דייטשלאַנד גראַד אַ הייב געטאָן דאָס אידישע עקאָנאָמישע לעבן. נאָך דעם שווערן XVI יאָרהונדערט און דער ערשטער העלפט פונם XVII, מיט זייערע שרעקליכע פּראָטעסטאַנטיש־קאַטוילישע מלחמות, און נאָך דעם חורבן פונם דרייסיגיאָריגן קריג האָט זיך מיטל־אייראָפּע באַוויזן און אָנגעהויבן אויפבויען די חורבות. אין פּרייסן און אַנדערע דייטשע לענדער האָט זיך

1) זעה: די „וועלטגעשיכטע פון אידישן פאלק" באנד VI. §§ 2 און ווייטער. 9–10. 47. 49.

2) דארטן. § 33 און ווייטער.

3) באנד VII. §§ 2. 10 און ווייטערע.

פאַרשטאַרקט די סיסטעם פון מערקאַנטיליזם און קאַפּיטאַליזם. מען האָט זיך געיאָגט נאָך האַנדל און אינדוסטריע, מ'האָט געוואָלט נאָכמאַכן די האָלענדער און ענגלענדער — און דאָ האָט מען אָן דעם אידן ניט געקאָנט אויסקומען. אַזוי איז אַרויסגעשוואומען אויבנאָן דער אידישער פינאַנץ־מאַן, דער הויף־פאַקטאָר, דער ליפעראַנט און באַנקיר פון קסרים, קעניגס, הערצאָגן און פירשטן. דער אידישער קאַפּיטאַליסט איז געוואָרן אַ מיוחס: אים האָט מען געגעבן פאַרשידענע פּריווילעגיעס, ער האָט געמעגט וואוינען, וווּ ער האָט געוואָלט, אין דער צייט ווען דעם מיטעלן און אָרימען אידן האָט מען געשטיקט אין די געטאָס, געטריבן פון די גרויסע שטעט—ווין, בערלין, לייפּציג, דרעזדן א. א. [4]) מ'האָט פּשוט געשטופּט דעם אידן צום קאַפּיטאַליזם — און אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דאָס, וואָס אַמאָל מאַרקס און שפּעטער זאָמבאַרט האָבן אָנגערופן „דער אידישער קאַפּיטאַליסטישער גייסט".

אין זיין ווערק „די יודען און דאָס ווירטשאַפטסלעבען" (1911) האָט זאָמבאַרט זייער ריכטיג באַמערקט און אָנגעוויזן די קאַפּיטאַליסטישע שטרעמונג, וואָס האָט זיך פאַרשטאַרקט אין דער „נייצייט" באַ די מערב־אייראָפּייאישע אידן. ער האָט שטודירט אידישע געשיכטליכע קוועלן און אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ סך באַווייזן פאַר דער דאָזיגער דערשיינונג. צום אומגליק אָבער, איז זאָמבאַרט מער טעאָרעטיקער ווי היסטאָריקער, און דערצו נאָך פּאַראַדאָקס־טעאָרעטיקער, און דערפאַר האָט ער זיין גרונט־געדאַנק קאַליע געמאַכט מיט זיינע פּאַראַדאָקסאַלע טעאָריעס. ער האָט שוין צופיל פאַנאַנדערגעבלאָזן די ראָלע פון אידן אין דער שאַפונג פונם אַלוועלטליכן קאַפּיטאַליזם, ער האָט זיך פאַרטיפט אין פּסיכאָלאָגיע, מאָראַל און רעליגיע און אַרויסגעפונען, אַז דער „קאַפּיטאַליסטישער גייסט" איז כמעט אָנגעבויגן דעם אידישן פאָלק פון שלמה המלך'ס צייטן, אַז קאַפּיטאַליזם איז איינג פאַרבונדן מיט דער אידישער רעליגיע, מיט דער גאַנצער אידישער פּסיכיק. די בעסטע אייראָפּייאישע עקאָנאָמיקער — ברענטאַנאָ, בעלאָך, ראַכפאַל, וועטייען, אָפּפּענהיימער — זיינען אַרויסגעטראָטן געגן זאָמבאַרט'ס גוזמאות און פּאַראַדאָקסן [5], און דערפון האָט אויך געליטן דער ריכטיגער גרונטגעדאַנק זאָמבאַרט'ס. איצט איז די רעכטע צייט, עס זאָל קומען אַן ערנסטער עקאָנאָמיסט־היסטאָריקער, וואָס זאָל אָן טענדענצן און דאָקטרין־שפּילעריי אויפדעקן דעם גאַנצן אַנטוויקלונג־פּראָצעס פון דער אידישער ווירטשאַפט אין דער „נייצייט". און ניט אַליין די אַנטוויקלונג פון מערב־קאַפּיטאַליזם דאַרף מען אויספאָרשן, נאָר אויך די אַנדערע עקאָנאָמישע פאָרמען: די אידישע לאַנדווירטשאַפט אָדער ריכטיגער: לאַנד־פּאַכטעריי און שענקעריי אין פוילן, דאָס האַנטווערק, אין די הויז־אינדוסטריע, די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אידישן האַנדל אין מערב־ און מזרח־אייראָפּע — בכלל דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון דער אידישער עקאָנאָמיק. מאַטעריאַל דערצו איז פאַראַן פיל מער, ווי פאַר די פריערדיגע תקופות. (די וויכטיגסטע קוועלן און ליטעראַטור האָב איך פאַרצייכנט אין דער „ביבליאָגראַפיע" צו באַנד VI און VII פון מיין „געשיכטע").

דאָס וויכטיגסטע אָבער איז צו פאָרשן און קלאָר מאַכן יענע גרויסע איבערקערענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אידישן

4) דארטן, §§ 32, 35, 36, 37, 39.

5) L. Brentano: Die Anfänge des modernen Kapitalismus (München 1916) S. 158-199; זעה אויך „יעווריייסקאיא סטארינא" פון יאר 1914, זייט 109–120, אין טערעשקאוויטש'ס ארטיקל: „זאמבארט פאר דעם געריכט פון דייטשע קריטיקער".

עקאָנאָמישן לעבן אין דער „נייעסטער צייט“, פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע 1789 ביז צו היינטיגער צייט. דאָ שטייט די פראַגע גאַנץ קלאָר: אידן זיינען אַריין אין 19־טן יאָרהונדערט אין דער צאָל פון צוויי מיט אַ האַלבן ביז דריי מיליאָן אויף דער גאַנצער וועלט און היינט מאַכן זיי אויס ביז 15 מיליאָן. מיט אַ הונדערט יאָר צוריק זיינען זיי געווען קאָנצענטרירט אין אייראָפּע און אין די מיטל־ים־לענדער פון אַזיע־אַפריקע, איצט געפינט זיך שוין אַ דריטל פונם פאָלק אין אַמעריקאַנישע לענדער; אין אָנהויב פון XIX יאָרהונדערט איז נאָך דער גרעסטער טייל אידן געבליבן בײַ די אַלטע פּרנסות, און אין אָנהויב פון XX־טן יאָרהונדערט זעהן מיר גאָר אַן אַנדער בילד: אין מערב־אייראָפּע פאַרנעמען אידן אַ פיל גרעסערן אָרט אין פאַרגלייך מיט זייער צאָל אין דער הויך־פינאַנץ, אין זעלבסטשטענדיגער אינדוסטריע, אין האַנדל און אין פרייע פּראָפעסיעס; אין דער אַרבעטערשאַפט, אין האַנטווערק פיגורירן זיי ווייניגער און אין לאַנדווירטשאַפט, באַזונדערס צווישן פויערטום, כמעט גאָר ניט; אין מזרח־אייראָפּע איז דער איבערגאַנג פון דער אַלטער עקאָנאָמישער אָרדנונג צו דער נייער פיל לאַנגזאַמער, ווייל די פּאָליטישע אַנטוויקלונג גייט דאָ (רוסלאַנד, פּוילן) זייער לאַנגזאַם, אָבער דאָך זעהט מען גרויסע ענדערונגען: עס וואַקסט אַ אידישע גרויס־בורזשואַזיע און, פון דער אַנדער זייט, אַן אַרבעטער־קלאַס, כאָטש ער איז אין דער פאַבריק־אינדוסטריע אַ סך קלענער ווי אין דער הויז־אינדוסטריע אָדער האַנטווערק; עס וואַקסן אויס די פרייע אָדער די „אינטעליגענטע פּראָפעסיעס“; די שענקעריי ווערט בטל מיט דער מלוכה־מאָנאָפּאָליע; עס פאַרשטאַרקט זיך אַ טענדענץ צו לאַנדווירטשאַפט. יענער טייל רוסלענדישע און פּוילישע אידן, וואָס האָבן הזּך דער עמיגראַציע פון די לעצטע פופציג יאָר געשאַפן דעם גרויסן צענטער אין די פאַראייניגטע שטאַטן, האָט זיך שטאַרק דערנעהענט צו דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג און קאָן שוין באַווייזן אין זיין אַקטיוו אַ גרויסע אַרמיי אינדוסטריע־אַרבעטער מיט אַ פּראָפּאָרציאָנעלער צאָל קאַפּיטאַליסטן.

ווי זיינען פאָרגעקומען אָט די אַלע ענדערונגען, ווי איז דער אַמאָליגער געטאָ־קרעמער מגולגל געוואָרן אין אַן׳אייגנטימער פון אַ קאָלאָסאַלן „וואַרענהויז“, אַ מין טיץ אָדער איזראַעל, ווי איז דער אַלטער געלד־הענדלער אָדער הויף־פאַקטאָר מיט דעם קליינעם זעקל געלט געוואָרן אַ באַנקיר מיט גרויסע באַנקהייזער אין די הויפּטשטעט פון אייראָפּע, וואָס גיט מלוכה־הלוואות און הערשט אויף אַלע בירזשעס פון דער וועלט? און ווי, פון דער אַנדערער זייט, האָט זיך אויסגעבילדעט דער טיפּ פון אַ אידישן פאַבריק־אַרבעטער און אַ שטאַרקער, כאָטש נאָך קליינער עמבריאָן פון אַן ערד־אַרבעטער? דאָס אַלץ דאַרף אונז דערציילן די אידישע עקאָנאָמישע געשיכטע פונם XIX יאָרהונדערט. די פאָרשונגען אויף דעם געביט האָבן נאָך אַ גרויסע מעלה: זיי קאָנען זיך באַנוצן מיט סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן — מיט מאָס און וואָג פון דער עקאָנאָמיק, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן ערשט אין דער נייעסטער צייט.

אין מיין „נייעסטער געשיכטע פונם אידישן פאָלק“ (באַנד I-III, בערלין—וואַרשע, 1923—1928) איז אויספירליך באַאַרבעט די פּאָליטישע געשיכטע פון דער תקופה 1789—1914; די עקאָנאָמישע דינאַמיק איז דאָרטן באַרירט געוואָרן נאָר אין פאַרבינדונג מיט דער עמאַנסיפּאַציע־באַוועגונג פון איין זייט, און דער עמיגראַציע, פון דער אַנדערער, אַזוי איז שוין געשאַפן געוואָרן אַ פּאָליטישער פונדאַמענט פאַר אַ ספּעציעלער עקאָנאָמישער געשיכטע, וואָס דאַרף נאָך געשריבן ווערן. זי דאַרף אַריינעמען אין זיך אי די סטאַטיק אי די דינאַמיק פונם ווירטשאַפטליכן לעבן אין אַלע לענדער און געבן אונז אַ קלאָר עקאָנאָמיש־סטאַטיסטיש בילד פון דער שטורמישער תקופה אין אונזער געשיכטע. צו דעם דאָזיגן צוועק מוז מען נאָך פיל הכנות מאַכן, און איך באַגריס מיט פרייד די אונטערנעמונג פון דער עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישער סעקציע פונם אידישן וויסנשאַפטליכן אינסטיטוט — צוגרייטן מאַטעריאַל און שטודיען פאַר אַזאַ נויטיק ווערק. דאָס איז דער ריכטיגער וועג, וואָס וועט אונז צופירן דורך די פאָרשונגען פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט צו די פּערספּעקטיוון פון אונזער נאָענטער צוקונפט.

---

# אידישע שולעס אין וויטעבסקער גובערניע 1863־1849

פּראָפ. באַלעסלאַוו ברעזשגאַ

## Das Schulwesen bei den Juden im Gouv. Witebsk im XIX Jhdt.

von Prof. **Boleslaw Brezgo**

די אידישע שולעס, וואָס האָבן עקזיסטירט אין וויטעבסקער גובערניע אין צווייטער העלפט פון XIX־טן יאָרהונדערט, קאָנען איינגעטיילט ווערן אין דריי גרופּעס: 1) „קאַזיאָנע אוטשילישטשעס“, 2) פּריוואַטע שולעס, און 3) ישיבות, תלמוד־תורות און חדרים.

די מלוכהשע שולעס האָבן זיך געטיילט אויף שולעס פון ערשטן און צווייטן ראַנג. די ערשטע זיינען געפירט געוואָרן לויט דעם סטאַטוט, וואָס איז באַשטעטיגט געוואָרן פונם בילדונג־מיניסטעריום דעם 13־טן נאָוועמבער 1844. זיי זיינען געווען פון זעלבן טיפּ כמעט ווי די רוסישע „פּריכאָדסקע“ 2־קלאַסן־שולעס. מען האָט דאָרט געלערנט די רוסישע שפּראַך, אַריטמעטיק און אייניגע אידישע למודים. דער פּעדאַגאָגישער פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון דריי לערער: איינער פאַר רוסיש און אַריטמעטיק און די איבעריגע צוויי פאַר חומש, דאַווענען און העברייאיש. דער לערער פאַר רוסיש און אַריטמעטיק איז גלייכצייטיג געווען דער משגיח פון דער שולע.

אַזעלכע מלוכה׳שע שולעס פון 1־טן ראַנג פאַר אידישע אינגלאַך זיינען אין וויטעבסקער גובערניע אין צווייטער העלפט פון XIX־טן יאָרהונדערט געווען אַכט. צום ערשטן מאָל איז אַזאַ שולע געעפנט געוואָרן אין וויטעבסק דעם 24־טן יאַנואַר

1849. אין 1851־טן יאָר זיינען צוגעקומען צוויי נייע שולעס — די פּאָלאָצקער (געעפנט דעם 8־טן נאָוועמבער) און די דינאַבורגער (געעפנט דעם 18־טן נאָוועמבער). אין 1852־טן יאָר באַקומען אַזעלכע שולעס וועליזש (דעם 9־טן נאָוועמבער) און נעװעל (דעם 25־טן נאָוועמבער). אין 1855 ווערט געעפנט די צווייטע שולע אין וויטעבסק (דעם 2־טן אָקטאָבער), איינע אין לעפּעל (דעם 9־טן אָקטאָבער) און איינע אין ביעשענקאָוויטשי (דעם 20־טן אָקטאָבער). די לעצטע איז אין 1858־טן יאָר אָפּגעברענט געוואָרן. אויף איר אָרט איז געעפנט געוואָרן אַ שולע אין סוראַזש.

לויט די אָפיציעלע באַריכטן פון דער וויטעבסקער דירעקציע פאַר די פאָלק־שולעס האָבן זיך אין אָט די שולעס געלערנט:

| יאר | צאל שולעס | צאל תלמידים |
|---|---|---|
| 1850 . . . | 1 | 19 |
| 1855 . . . | 8 | 177 |
| 1860 . . . | 8 | 170 |
| 1863 . . . | 8 | 180 |

די צאָל תלמידים, וואָס איז אָנגעגעבן אין די באַריכטן, באַציט זיך אויפן 1־טן דעצעמבער פון יעדן יאָר, ד. ה. צום אָנהייב לערן־יאָר אין די אַלגעמיינע שולעס, ווען זי איז, נאַטירלעך, געווען אַם גרעסטן. אין די אידישע שולעס האָט זיך דאָס לערן־יאָר אָבער אָנגעהויבן נאָך סוכּות און דעריבער זיינען די אָנגעגעבענע צאָלן נידעריגער ווי אין דער ווירקליכקייט.

פון די דאָזיגע צאָלן ווערט יעדנפאַלס קלאָר, אַז אין דורכשניט 1855 ביז 1863 איז אויף איין מלוכה׳שע אידישע שולע אויסגעקומען 20 תלמידים.

אין 1863/64 לערן־יאָר זיינען די מלוכה׳שע אידישע שולעס באַשטאַנען פון צוויי קלאַסן. בלויז די צוויי שולעס אין וויטעבסק זיינען געווען איינקלאַסיגע.

אויסגעהאַלטן געוואָרן זיינען די שולעס אינגאַנצן פונם ליכט־אָפּצאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג. פון די שוין דערמאָנטע באַריכטן פון דער וויטעבסקער שול־אינספּעקציע איז צו זעהן, אַז אין 1862־טן איז אויף די שולעס פאַר אידישע קינדער אויסגעגעבן געוואָרן:

| שולע | רובל |
|---|---|
| 1־טע וויטעבסקער . . . . . . . . . . | 1 161 |
| 2־טע 〃 . . . . . . . . . . | 1 161 |
| דינאַבורגער . . . . . . . . . . | 1 106 |
| וועליזשער . . . . . . . . . . | 1 086 |
| פּאָלאָצקער . . . . . . . . . . | 1 111 |
| נעװעלער . . . . . . . . . . | 1 066 |
| לעפּעלער . . . . . . . . . . | 1 111 |
| סוראַזשער . . . . . . . . . . | 1 066 |
| צוזאַמען . . . . . . . . . . | 8 868 |

175 תלמידים האָבן אַלזאָ אָפּגעקאָסט 8868 רובל אַ יאָר, ד. ה. אַז יעדער תלמיד האָט דעם אידישן קהל אָפּגעקאָסט דורכשניטלעך 50,67 רובל. לויט די באַרעכענונגען פון דער שול־דירעקציע איז אָט די סומע כמעט פיר מאָל מער, ווי ס׳האָט אָפּגעקאָסט אַ שילער פון דער וויטעבסקער „פּריכאָדסקער" שולע.

ווער האָט זיך געלערנט אין די „קאַזיאָנע אידישע אוטשילישטשעס"? מער־ווייניגער פאַרמעגליכע עלטערן האָבן זייערע קינדער אַהין ניט געשיקט. געגאַנגען זיינען אַהין הויפּטזאַכליך קינדער פון די אָרימע קלאַסן. אין אַ אָפיציעלן באַריכט פון 1855 פון משגיח איבער די קאַזיאָנע אידישע שולעס אין וויטעבסק, אולבריק, ווערט געזאָגט: „אַזוי ווי די מערהייט תלמידים אין די קאַזיאָנע אידישע שולעס זיינען געווען שרעקליך אָרים, האָט מען די בעסערע און לייטישערע פון זיי אַרויסגעגעבן — אויף וויפיל די מיטלען האָבן ערלויבט — ביכער, פּאַפּיר, פעדערס און אַנדערע שול־מכשירים. די בעסטע לויט די פאָרטשריטן אין באַנעמונג האָבן באַקומען קאָרטענע סערדעטן". דאָסזעלבע באַשטעטיגט אין 1857־טן יאָר דער משגיח יעזעלסקי. ער גיט אַפילו צו, אַז „אַזוי ווי כמעט אַלע תלמידים האָבן אין דער היים צוליב דער אָרימקייט און ענגשאַפט ניט געהאַט קיין שום מעגליכקייט צו מאַכן זייערע שול־אַרבעטן, האָט מען זיי ערלויבט צו פאַרבלייבן אין שולע ביז 9 אַ זייגער אין אָוונט".

חוץ די קאַזיאָנע שולעס פון 1־טן ראַנג, איז אין וויטעבסק אין צווייטער העלפט פון XIX־טן יאָרהונדערט נאָך געווען אַ מלוכה׳שע אידישע שולע מיט 4 קלאַסן. זי איז געעפנט געוואָרן דעם 24 אָקטאָבער 1852. דאָס אויסהאַלטן אָט די שולע האָט אָפּגעקאָסט 2935,20 רובל אַ יאָר. ס׳האָבן זיך דאָ געלערנט: אין 1855־טן יאָר 29 תלמידים, אין 1856־טן יאָר—16, אין 1857־טן—23 און אין 1858־טן יאָר—29 תלמידים.

דעם 4־טן מאַי 1859 איז באַשטעטיגט געוואָרן דער סטאַטוט פון קאָמיטעט אויף איינצואָרדנען אידן אין רוסלאַנד, לויט וועלכן ס׳האָבן געמוזט געשלאָסן ווערן צוליב שפּאָרזאַמקייט די אידישע שולעס פון צווייטן ראַנג אין די אַלע שול־ראַיאָנען, וואו ס׳זיינען געווען גימנאַזיעס און קרייז־שולעס („אוּיעזדנע"), חוץ אין אָדעסער ראַיאָן און אין די ראַיאָנען, וועלכע דער בילדונג־מיניסטר וועט געפינען פאַר נויטיג. אַזוי ווי אין וויטעבסק האָבן עקזיסטירט אַ גימנאַזיע און אַ קרייז־שולע, איז אָט די מלוכה׳שע אידישע שולע פון צווייטן ראַנג פאַרמאַכט געוואָרן נאָך אין זעלבן 1859־טן יאָר.

לויטן זעלבן סטאַטוט פון קאָמיטעט אויף איינצואָרדענען אידן אין רוסלאַנד האָבן אידישע קינדער פון סוחרים־קלאַס באַקומען דאָס רעכט צו לערנען זיך אין די אַלגעמיינע שולעס. פון די באַריכטן, וואָס זיינען צוגעשיקט געוואָרן דער וויטעבסקער שול־דירעקציע, זעהט מען אָבער, אַז אין 1860־טן יאָר איז אין קיין איין אַלגעמיינער שולע נאָך ניט געווען קיין אידישע תלמידים. אָבער אין 1862־טן יאָר זיינען דאָ שוין געווען 18 אידישע תלמידים — אין די „פּריכאָדסקי" שולעס 10, אין די קרייז־שולעס— 7 און אין וויטעבסקער גימנאַזיע 1.

אין די 50־60־ער יאָרן באַווייזן זיך אויך שול־אַנשטאַלטן פאַר אידישע מיידלאַך. דעם 14־טן אָקטאָבער 1857 עפנט די אַדעליגע וואַלטצער אין וויטעבסק אַ 3־קלאַסיגן פּאַנסיאָן פאַר אידישע מיידלאַך. אין צווייטן יאָר איז אין פּאָלאָצק פון איינעם מאַרקילס געעפנט געוואָרן אַ איינקלאַסיגער פּאַנסיאָן. 1861־טן יאָר האָט לייב חיפין געעפנט אַ צוויי קלאַסיגן פּאַנסיאָן אין דינאַבורג, אָבער אין אַ יאָר אַרום האָט ער זיך שוין פאַרמאַכט און אויף זיין אָרט האָט אין 1862־טן יאָר שמעון אַראַנאָוויטש געעפנט אַ צווייקלאַסיגן פּאַנסיאָן. די צאָל מיידלאַך אין אַלע פּאַנסיאָנען האָט באַטראָפן: אין 1857—20, אין 1861—60, אין 1863—34.

פון אַלע פּריוואַטע אידישע פּאַנסיאָנען פאַר מיידלאַך האָט נאָר דער וויטעבסקער באַקומען פון דער רעגירונג צו 600 רובל

אַ יאָר שטיצע. אַלע איבעריגע האָבן זיך געמוזט אויסהאַלטן אויף אייגענעם חשבון.

לויט אָפיציעלע דאַטן זיינען אין וויטעבסקער גובערניע געווען רעגיסטרירט חדרים, מלמדים תלמוד־תורות און ישיבות:

| י אָ ר | צאל שולעס און מלמדים * | צאל תלמידים |
|---|---|---|
| 1850 | · | 1533 |
| 1854 | 224 | 1287 |
| 1859 | 210 | 1102 |
| 1860 | · | 1821 |
| 1863 | 285 | 1626 |

* מלמדים, וואס האבן ניט געהאט קיין אייגענעם חדר.

כמעט אַ העלפט פון אַלע תלמידים איז געווען אין וויטעבסק. אין 1854־טן יאָר זיינען דאָ בּאַ 96 מלמדים געווען 633 אינגלאַך, אין 1856־טן יאָר בּאַ 104 מלמדים — 672 אינגלאַך, אין 1860־טן יאָר בּאַ 74 מלמדים — 500 אינגלאַך.

פאַרשטייט זיך, אַז אָט די אַלע צאָלן זיינען ווייט ניט קיין ריכטיגע. זיי נעמען אַרום בּלויז יענע חדרים און מלמדים, וועלכע האָבן בּאַקומען פון דער שול־דירעקציע ערלויבענישן צו לערנען מיט קינדער. בּאַקומען אַזאַ ערלויבעניש איז אָבער געווען ניט אַזוי גרינג: ערשטנס, האָט מען געמוזט דורכמאַכן אַ ספּעציעלן עקזאַמען, חוץ דעם האָט מען די ערלויבעניש געדאַרפט בּייטן יעדעס יאָר און יעדעס מאָל בּאַצאָלן פופציג קאָפּיקעס; די אידישע למודים האָט מען געדאַרפט לערנען לויט דער פּראָגראַם פון דירעקציע. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז די מלמדים האָבן אויסגעמיטן צו רעגיסטרירן זיך בּאַ דער שול־דירעקציע.

---

# סטאַטיסטיק פון אידן אין פוילן סוף XVIII יאָרהונדערט

ד״ר נ׳ געלבער

## Zur Statistik der Juden in Polen am Ausgang des XVIII Jhdts

von Dr. **N. M. Gelber**

### I

בּאַ דער פעסטשטעלונג פון דער צאָל אידן אין פוילן אין 18־טן יאָרהונדערט דינען אונז הויפּטזאַכליך די אַזוי גערופענע טאַבּעלעס וועגן די אידישע קאָפּ־שטייער. די דאָזיגע מאַטעריאַלן זיינען, פאַרשטייט זיך, גאָר אַ שוואַכער יסוד. לויטן געזעץ האָבּן אידן געהאַט צו צאָלן צוויי זלאָטים פּראָ קאָפּ. מיר וויסן אָבער פון קוועלן פון יענער צייט און אויך פון אידישע מעמואַרן, אַז ווי נאָר ס׳האָט זיך אין אַ שטאָט בּאַוויזן דער צייילונג־קאָמיסאַר, פלעגן די אידן פאַרלאָזן דאָס אָרט, כדי זיך אויסדרייען פון דער ציילונג. דערפאַר קאָנען די סטאַטיסטישע אויסרעכענונגען וועגן דער צאָל אידן אין פוילן צו יענער צייט בּשום אופן ניט פּרעטענדירן אויף פּינקטליכקייט. פונדעסטוועגן איז זייער אינטערעסאַנט צו פאַרעפנטליכן יעדן אַרכיוו־מאַטעריאַל, וואָס האָט נאָר אַ שייכות צו דער פראַגע מכח די אידישע שטייער־אָפּצאָלן. איניגע אַזעלכע מאַטעריאַלן פאַרעפנטליכן מיר אין די פאָלגנדיגע טאַבּעלעס.

Tab. — I — טאב.

**די אידישע קאפ־שטייער אפצאלן אין פארשיידענע פוילישע וואיעוואודסטוועס אין יאר 1778**

**Zusammenstellung der jüdischen Kopfsteuerleistung aus dem Jahre 1778**

| וואיעוואודסטווע Wojewodschaft | די גאנצע שטייער־סומע (אין פוילישע גולדנס) Gesamtsteuer-summe (Polnische Gulden) | שטייער פון אידן (אין פוילישע גולדנס) darunter von Juden |
|---|---|---|
| **גרויס־פוילן — Wielkopolska** | | |
| פוזין — Poznań | 587 764,17 | 31 062 * |
| קאַליש — Kaliskie | 320 386,00 | 13 923 |
| שיעראַדז — Sieradzkie | 231 169,14 | 15 984 |
| ראַווא — Rawskie | 169 419,23 | 11 580 |
| לענטשיץ — Łęczyckie | 119 315,24 | 5 382 |
| ברעסט־קויאַווסק — Brześkie-Kujawskie | 69 993,50 | 5 244 |
| פלאצק — Plockie | 104 752,24 | 8 862 |
| מאַזאָוויע — Ziemia Mazowiecka | 1 014 136,23 | 21 945 |

| וואיעוואודסטווע Wojewodschaft | די גאנצע שטייער־סומע (אין פוילישע גולדנס) Gesamtsteuer-summe (Polnische Gulden) | שטייער פון אידן (אין פוילישע גולדנס) darunter von Juden |
|---|---|---|
| **קליין־פוילן — Malopolska** | | |
| קראקע — Krakowskie | 518 440,27 | 15 820 |
| סאנדאָמיר — Sandomierskie | 729 757,12 | 52 077 |
| פּאָדליאשיע — Podlaskie | 424 989,20 | 35 565 |
| קיעוו — Kijowskie | 1 019 484,21 | 52 872 |
| וואָלין — Wolynskie | 877 928,60 | 85 416 |
| לובלין — Lubelskie | 435 361,24 | 32 190 |
| פאדאליע — Podolskie | 943 252,20 | 57 069 |
| בראַצלאַוו — Bracławskie | 651 507,23 | 41 931 |
| רוסק און כעלם — Rusk.u.Chelm | 208 633,16 | 11 631 |
| בעלז — Bełzkie | 29 867,50 | 565 |

* פוילישע זלאטעס.

אין טאַבעלע I ברײנגען מיר אַ סטאַטיסטיק פון די אידישע קאָפּ־שטײערן אין גרױס־ און קלײן־ פױלן פאַרן יאָר 1778.

די טאַבעלע האָבן מיר צונױפגעשטעלט אױפן גרונט פון דער האַנטשריפט נומער 806, זײט 636—646 אין קראָקער טשאַרטאָריסקי מוזעאום [1]. מיר זעהען פון איר, אַז די סומע פון אידישן שטײער־אָפּצאָל האָט באַטראָפן אין גרױס־פױלן אַן ערך 114.000 פױלישע גולדנס, אין קלײן־פױלן — 385.136 פױלישע גולדנס, צוזאַמען — 499.118 גולדנס. דער אַלגעמײנער אָפּצאָל פאַרן זעלבן יאָר האָט באַטראָפן 8.721.406,52 פױלישע גולדנס, אַרײנרעכענענדיג אַהער אױך דעם אָפּצאָל פון די װאָיעװאָדסטװעס גנעזן, װיעלון, אינאָװראַצלאַװ און זשיעמיאַ דאָבזשינסקאַ, װעלכע מיר האָבן אױסגעשלאָסן פון אונזער טאַבעלע, װײל באַ זײ איז קײן אידישער אָפּצאָל ניט אָנגעגעבן. אױף אַזאַ אופן באַקומט זיך, אַז די אידן האָבן אַרײנגעטראָגן 5,7 פּראָצענט פון דער גאַנצער קאָפּשטײער־סומע. די צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג װאָלט לױט דער אָפּגעצאָלטער סומע באַטראָפן אױסמאַכן 249.519 נפשות. מיר װײסן אָבער, אַז אין דער װירקליכקײט איז די געװען באַדײטנדיג גרעסער.

אין דער זעלבער האַנטשריפט 806 פון קראָקער טשאַרטאָריסקי־מוזעאום געפינען מיר אױך זײט 475 ידיעות װעגן דער צאָל אידן אין קרױן־פױלן לױט צװײ לוסטראַציעס — פון 1765 און 1775. מיר גיבן זײ דאָ אין טאַבעלע II. די ידיעות זײנען ניט קײן פולע. אַהער זײנען ניט אַרײן די צײלונגס־רעזולטאַטן פון קרײז ראַדאָם, פון כעלמער לאַנד און פון די װאָיעװאָדסטװעס װאָלין, פּאָדאָליע, קיעװ און בראַצלאַװ. [2]

Tab. — II — טאַב.

**די צאַל אידישע נפשות אין די קרױן־װאָיעװאָדסטװעס לױט די לוסטראַציעס פון 1765 און 1775 [3]**

**Die Ergebnisse der jüdischen Kopfzählung aus den Jahren 1765 und 1775 [3]**

| 1775 | 1765 | Wojewodschaft — װאָיעװאָדסטװע |
|---|---|---|
| 7 761 | 16 021 | . . . . . . . . . Poznańskie — פױזן |
| 4 065 | 7 130 | . . . . . . . . . Kaliskie — קאַליש |
| 5 328 | 7 930 | . . . . . . . Sieradzkie — שיעראַדז |
| 4 181 | 7 992 | . . . . . . . Krakowskie — קראָקע |
| 9 393 | 17 685 | . . . . . . . . . Lubelskie — לובלין |
| 1 607 | 2 184 | . Brzeskie-Krjawskie—ברעסט־קױאַװסק |
| 11 855 | 19 033 | . . . . . . Podlaskie — פּאַדלאַשיע |
| 2 954 | 3 964 | . . . . . . . . . Płockie — פלאָצק |
| 7 123 | 10 407 | . . . . . . Mazowieckie — מאַזאָװיע |
| 3 860 | 5 340 | . . . . . . . . . . Rawskie — ראַװאַ |
| 1 794 | 2 749 | . . . . . . . . Łęczyckie — לענטשיץ |
| 72 822 | 129 710 | . . . Zusammen — צוזאַמען |

1) Zbiór miast, miasteczek y wsiów tak Królewskich, Duchownych jakoteż y ziemskich w Polszcze znajdujących się, oraz Podatków Podymnego, Pulpodymnego, Pultorykwarty, Czopowego i Pogłownego żydowskiego. Przez województwa spisane Roku 1778

2) זײ זענען פאַרעפנטליכט אין: Архивъ Юго-Западной Россіи. Кіевъ 1890. часть V томъ II. אונטערן קעפּל: Переписи еврейскаго населенія Юго-Западнаго Края въ 1763-1791 г. г.

3) Summaryusz Głów Żydowskich w Województwach koronnych znajdujących się według dwóch Lustracyj wypisany.

װײער אױספירליכע סטאַטיסטישע דאַטן געפינען מיר אין דער דערמאָנטער האַנטשריפט װעגן דער אידישער דאָרף־באַפעלקערונג אין פלאָצקער, ראַװער און מאַזאָװער װאָיעװאָדסטװעס. אַ קיצור פון אָט די מאַטעריאַלן גיבן מיר אין טאַבעלע III.

Tab. — III — טאַב.

**די צאל אידן אין די דערפער פון פלאצקער, מאַזאװער און ראװער װאיעװאודסטװעס**

**Zahl der Juden in den Dörfern der Kirchlichen Pfarreien der Wojewodschaften Plock, Masowie und Rawa**

| דיסידענטן Dissidenten | קאַטאָליקן Katholiken | אידן Juden | צאָל דערפער Zahl d. Dörfer | Landschaft — געביט |
|---|---|---|---|---|
| 194 | 32 038 | 2 960 | 595 | A. פלאָצקער — Plock . . . |
| 276 | 2 592 | 2 868 | 41 | געב. פון פרייס. קאָרדאָן Geb. d. Preuß. Kordons |
| 3 096 | 21 535 | 1 235 | 365 | Dobrzyn — דאָבזשינער |
| 302 | 20 162 | 1 052 | 349 | Zawskrzyn — זאַװסקשין |
| 230 | 39 389 | 4 535 | 564 | B. לאָמזשער — Lomza . . |
| 6 | 32 777 | 1 955 | 549 | נורסק — Nursk . . . . |
| 22 | 11 904 | 1 688 | 194 | ראָזשאַני — Różany . . |
| 290 | 17 118 | 1 486 | 265 | װיזקער — Wizk . . . |
| 367 | 32 872 | 1 294 | 636 | Ciechanow—טשעכאַנאָװ |
| 63 | 9 159 | 1 211 | 175 | Wyszogrod—װישאָגראָד |
| 8 | 15 189 | 904 | 291 | Zakroczyn—זאַקראָטשין |
| 110 | 8 504 | 280 | 76 | טײל פון װאַרש. געביט— Teil d. Ziemia Warszaw. |
| 39 | 2 921 | 244 | 50 | טײל פון ליװער געביט— Teil der Ziemia Liwska |
| . | 266 | 26 | 4 | טשערסקער — Czersk . |
| 69 | 3 103 | 114 | 44 | C. טײל פון גאָסטינ. געביט Teil d. Ziem. Gostynska |
| 5 072 | 249 529* | 21 852 | 4 213 | Zus.—צוזאמען |

* חוץ דעם 60 894 קאַטױלישע קינדער — Dazu noch 60 894 kathol. Kinder

באַמ. A — פלאצקער װאיעװאודסטװע; B — מאזאװער װאיעװאודסטװע; C — ראװער װאיעװאודסטװע.

אין טאַבעלע IV ברײנגען מיר די אונטערשטע סך־הכלען װעגן דער אידישער באַפעלקערונג אין מערב־גאַליציע, אָנהױבנדיג פון 1796/97 ביז 1803. די מאַטעריאַלן נעמען מיר פונם אַרכיװ פון אינערן־מיניסטעריום אין װין. אַ טײל פון די מאַטעריאַלן, װאָס האָבן אונז געדינט בײם צונױפשטעלן די װײטערדיגע טאַבעלעס, זײנען באַ דער שׂרפה אין װינער אינערן־מיניסטעריום, בעת די אומרוהען אין װין, פאַרברענט געװאָרן.

ס'באַקומט זיך, אַז פאַר די װעקס יאָר איז ניט נאָר ניט פאַרגרעסערט געװאָרן די צאָל אידן, נאָר נאָך פאַרקלענערט געװאָרן כמעט אױף אַ זיבעטן חלק. אַזױ האָט די צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג באַטראָפן: אין 1796/97־טן יאָר — 117.676 נפשות, אין יאָר 1798 — שױן 109 862, אין פאָלגנדיגן 1799־טן יאָר — 103651 נפשות, און אין 1803 — שױן ניט מער װי 99 180 נפשות. די פאַרקלענערונג מאַכט אױס פאַר די װעקס יאָר 15,7 פּראָצענט. צי איז אָט די פאַרקלענערונג פון אידישן

קבוץ אין מערב־גאַליציע אַ רעזולטאַט פֿון איבערוואַנדערונג אין אַנדערע טיילן פֿון עסטרייך, פֿון אויסוואַנדערונג אין אַנדערע מלוכות, פֿון אַ אויסשטאַרבן פֿון מגפות און עפּידעמיעס, וועלכע האָבן באַגלייט די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, אָדער גאָר פּשוט פֿון טעותן אין פֿעלערן אין דער רעגיסטראַציע, — די דאָזיגע אַלע פֿראַגעס דאַרפֿן ערשט אויסגעפֿאָרשט און אויפֿגעקלערט ווערן. ס'איז זייער מעגליך, אַז דאָ האָבן געווירקט צוזאַמען אַלע אויסגערעכנטע סיבות.

Tab. — IV — טאַב.

## די גרויס פון דער אידישער באפעלקערונג אין אמאליגער מערב־גאליציע *

1796 — 1803

## Die Zahl der jüdischen Bevölkerung des ehemaligen Westgaliziens

| 1803 | | 1801 | | 1800 | | 1799 | | 1798 | | 1796/97 | | Kreis — קרייז |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| נפשות Seelen | משפחות Familien | נפשות Seelen | משפחות Familien | נפשות Seelen | משפחות Familien | נפשות Seelen | משפחות Familien | נפשות Seelen | משפחות Familien | נפשות Seelen | משפחות Familien | |
| 12 619 | 3 154 | 12 380 | 3 026 | 12 686 | 3 042 | 13 370 | 3 265 | 13 728 | 3 310 | 16 381 | 3 930 | לובלין — Lublin . . . . |
| 11 193 | 2 668 | 10 107 | 2 380 | 10 069 | 2 357 | 10 879 | 2 595 | 12 000 | 2 962 | 12 337 | 3 023 | שיעדלעץ — Siedlce . . . |
| 10 043 | 2 354 | 9 569 | 2 167 | 9 243 | 2 079 | 9 667 | 2 295 | 9 745 | 2 346 | 11 156 | 2 885 | ביאַלאַ — Biala . . . . . |
| 9 469 | 3 241 | 9 982 | 2 396 | 9 681 | 2 407 | 10 427 | 2 629 | 10 200 | 2 890 | 11 525 | 2 926 | סאַנדאָמיר — Sandomier . |
| 8 668 | 2 178 | 8 413 | 1 938 | 8 644 | 2 093 | 9 115 | 2 251 | 10 317 | 2 474 | 10 876 | 2 568 | יאָזעפּאָוו — Josephow . . |
| 7 951 | 1 728 | 7 513 | 1 526 | 7 627 | 1 618 | 8 265 | 1 869 | 8 929 | 2 084 | 9 028 | 2 079 | קאָנסק — Konskie . . . |
| 7 728 | 2 022 | 7 332 | 1 785 | 7 175 | 1 747 | 8 035 | 1 811 | 9 716 | 2 419 | 9 999 | 2 529 | ראַדאָם — Radom . . . . |
| 7 665 | 1 600 | 7 028 | 1 604 | 7 107 | 1 513 | 7 522 | 1 703 | 8 027 | 1 805 | 9 439 | 2 042 | כעלם — Chelm . . . . |
| 7 567 | 1 747 | 7 278 | 1 722 | 7 600 | 1 773 | 8 153 | 1 883 | 8 427 | 2 002 | 9 405 | 2 411 | קיעלץ — Kielce . . . . |
| 7 043 | 1 649 | 6 941 | 1 633 | 6 974 | 1 647 | 7 616 | 1 799 | 7 706 | 1 811 | 7 162 | 1 746 | קראָקע — Krakau . . . |
| 7 008 | 1 656 | 7 009 | 1 604 | 7 281 | 1 708 | 8 415 | 1 878 | 8 679 | 2 113 | 7 959 | 2 043 | ראַדזין — Radzin . . . . |
| 2 226 | 550 | 2 035 | 440 | 2 016 | 437 | 2 187 | 504 | 2 388 | 540 | 2 409 | 555 | אָלקוש — Olkusz . . . . |
| **99 180** | **24 547** | **95 587** | **22 221** | **96 103** | **22 421** | **103 651** | **24 482** | **109 862** | **26 756** | **117 676** | **28 737** | סך־הכל — Zusammen . |

* Quelle: Archiv des Ministeriums für Inneres (Wien), Galizische Akten IV. T. ad. N, 16 ex anno 1805 : „Hauptausweis über die Judenbevölkerung Westgaliziens nach den Konskriptionen der Jahre 1796-97 bis 1803 nebst der Bilanz wie hoch die Population de anno 1803 gegen jene anno 1801 und der früheren Jahre und dann, warum gestiegen und gefallen sey".

II

ווען יוסף דער 2־טער האָט אין פּראָגראַם פֿון זיינע אידן־רעפֿאָרמען באַשלאָסן אַריינצונעמען אויך דעם פּונקט וועגן איינאָרדענען אידן אויף ערד, האָט ער זיך געווענדעט אין יאָר 1781 צו דעם לעמבערגער גובערניום מיט אַ אָנפֿראַגע, צי וואָלט ניט מעגליך געווען באַזעצן אידן דאָרט אויף די פֿרייע רעגירונגס־פֿאָנדן און זיי מאַכן פֿאַר לאַנדווירטן. כדי צוציען אידן צו ערד־אַרבעט, האָט מען באַ די קאָלאָניסטן אַראָפּגענומען אַ גאַנצע העלפֿט פֿון טאָלעראַנץ־שטייער און צוגעזאָגט שפּעטער זיי אינגאַנצן באַפֿרייען פֿון אים [1].

צוליב אַ גאַנצער ריי שוועריגקייטן האָט מען זיך געמוזט אָפּזאָגן פֿון אָט דעם פּלאַן פֿון אַ באַלדיגער קאָלאָניזאַציע אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב. אין 1785 האָט מען זיך אָנגעהויבן פּראַקטיש פֿאַרנעמען מיט דער קאָלאָניזאַציע.

די ערשטע אידישע קאָלאָניע איז געווען דאָמבּראָווקאַ, נאָענט צו דער שטאָט נאָווי סאָנטש. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1786.

דער „יודען־פּאַטענט" פֿון 1785 האָט צוגענומען דאָס ברויט באַ טויזנטער אידישע פֿאַמיליעס. און באַלד האָבן זיך אַ שיט געטאָן בקשות וועגן באַזעצן אויף ערד; אויף אַזאַ אופֿן זיינען אין אַ ריי דערפֿער אויפֿגעקומען נייע אידישע ישובים.

מיר ברענגען דאָ דעם „אונטערשטן סך־הכל פֿון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין די קעניגרייכס גאַליציע און לאָדאָמעריע", וואָס איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן סוף אָקטאָבער 1803 אויפֿן גרונט פֿון די חשבונות פֿון די קרייז־אַמטן און פֿון דער פּראָווינציאַל־שטאַאַטס־בוכהאַלטונג פֿון דער גאַליצישער לאַנדגובערניע. (טאַב. V).

אין דער טאַבעלע ווערן געבראַכט ידיעות מכח דער צאָל פֿאַמיליעס, וואָס יעדער קרייז האָט געהאַט צו קאָלאָניזירן, און די פֿאַקטישע צאָל באַזעצטע אויף ערד; מכח דעם באַשטאַנד פֿון די קאָלאָניזירטע פֿאַמיליעס און זייער אינווענטאַר. מיר נעמען די טאַבעלע פֿון די אַרכיוו־מאַטעריאַלן פֿון ווינער אינערן־מיניסטעריום, אָפּטייל גאַליציע.

פֿון דער דאָזיגער טאַבעלע זעהען מיר, אַז דער רעגירונג האָט זיך ניט איינגעגעבן צו קאָלאָניזירן די געפּלאַנטע צאָל אידישע משפּחות. דער פּלאַן איז געווען צו באַזעצן 1400 משפּחות; קאָלאָניזירט געוואָרן זיינען נאָר 1099 משפּחות. בסך־הכל זיינען דאָס געווען 4415 נפשות — 2250 מענער און 2165 פֿרויען. צווישן זיי זיינען געווען אינגער פֿון 18 יאָר 1887 נפשות — 954 מענער און 933 פֿרויען.

[1]) ד"ר א. בראווער: „יוסף השני והיהודים". השלח 1910. זעה אויך: Dr. M. Balaban: Historja Zydow w Galicyi — Lemberg 1914.

Tab. — V — טאַב.

## די רעזולטאטן פון דער אידישער קאלאניזאציע אין די קעניגרייכן גאליציע און לאָדאמעריע

— צום סוף אקטאבער פון יאר 1803 —

## Ergebnisse der jüd. Kolonisation in den Königreichen Galizien und Lodomerien bis Oktober 1803

[Quelle: Archiv des Ministerium für Inneres (Wien), Galizien, IV T. ad Nr 201 ex Junio 1804]

| אינוועטאר פון די קאלאניסטן Das Vermögen der Angesiedelten | | | | | | | צוזאמענשטעל פון די קאלאניסטן Bestand der Angesiedelten: | | צאל משפחות, וואס דער קרייז: Der nebenbezeichnete Kreis | | Kreis — קרייז |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קי Kühe | אָקסן Ochsen | פערד Pferde | אַקערס Ackergerätschaft. | גרונדשטיק Grundstück | שייערן און שטאַלן Scheuer u. Stallungen | הייזער Häuser | קינדער ביז 18 יאר Kinder unter 18 Jahr. | דערוואקסענע Erwachsen. | האט קאלאניזירט hat angesiedelt | האט געוואלט קאלאניזירן hatte anzusiedeln | |
| 25 | 16 | 15 | 8 | 58 | 8 | 8 | 14 | 26 | 8 [1] | 18 | . . . . . Bochnia — באָכניאַ |
| 56 | 40 | 32 | 20 | 298 | 24 | 20 | 48 | 58 | 20 [2] | 60 | . . . . . Tarnow — טאַרנאָוו |
| — | — | — | — | — | — | — | — | — | 6 | 43 | . . . . . . Jdsło — יאַסלאָ |
| 37 | 37 | 62 | 28 | 332 | 28 | 28 | 72 | 63 | 28 [3] | 32 | . . . . Przemysl — פשעמישל |
| 131 | 30 | 95 | 60 | 743,5 | 60 | 60 | 142 | 216 | 60 [4] | 98 | . . . . Rzeszów — זשעשאָוו |
| 206 | 130 | 128 | 117 | 908 | 117 | 117 | 179 | 278 | 117 [5] | 72 | . . . . Sambor — סאַמבאָר |
| 88 | 68 | 47 | 47 | 623 | 94 | 47 | 170 | 94 | 47 | 71 | . . . . . Sanok — סאַנאָק |
| 248 | 162 | 144 | 75 | 1 270,5 | 78 | 75 | 137 | 233 | 75 [6] | 75 | . . . . Żołków — זשאָלקאָוו |
| 196 | 157 | 169 | — | 1 176,5 | — | 18 | 153 | 212 | 78 [6] | 78 | . . . . Zamoscie — זאַמאָשץ |
| 7 | — | 7 | 2 | 14 | 2 | 2 | 1 | 5 | 3 | 136 | . . . . Lemberg — לעמבערג |
| 147 | 83 | 124 | 66 | 828 | 66 | 66 | 171 | 171 | 69 [6] | 69 | . . . . Brzeżan — בזשעשאַן |
| 360 | 323 | 411 | — | 2 719 | 219 | 197 | 222 | 435 | 196 | 228 | . . . . Złoczów — זלאָטשאָוו |
| — | — | — | — | — | — | — | — | — | 79 | 84 | . . . . Tarnopol — טאַרנאָפּאָל |
| 266 | 294 | 241 | 143 | 1 954 | 156 | 143 | 260 | 377 | 143 [7] | 147 | . . Stanislawów — סטאַניסלאַוו |
| 25 | 46 | 30 | 23 | 334 | 23 | 23 | 25 | 46 | 40 | 42 | . . . . . . Stryj — סטרי |
| 217 | 238 | 209 | 387 | 1 678 | 105 | 105 | 210 | 255 | 115 [8] | 117 | . . . Zeleszczyki — זאַלעשציקי |
| 35 | 48 | 31 | 15 | 309 | 15 | 15 | 47 | 59 | 15 [9] | 15 | . . . Czernowitz — טשערנאָוויץ |
| — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 10 | . . . . Miślenic — מישלעניץ |
| — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 15 | . . . Nowy Sącz — נאָוויסאָנטש |
| 2 044 | 1 677 | 1 745 | 991 | 13 245,5 | 995 | 984 | 1 887 [11] | 2 528 [10] | 1 099 | 1410 | . Insgesamt — צוזאמען |

באמערקונגען: 1) קאלאניזירט געווארן ביז סוף 1796־טן יאר; 2) ביז סוף 1797; 3) אין די יארן 97־1795; 4) ביז סוף 1793; 5) די פארגעשריבענע צאל משפחות איז דערגרייכט געווארן אין יאר 1793; 6) פארענדיגט ביז סוף 1795; 7) ביז סוף 1793; 8) אלע, חוץ 2, ביז סוף 1794; 9) דאס יאר 1791; 10) מענער — 1296, פרויען — 1232; 11) אינגלאך — 954, מיידלאך — 933.

העכער אַ העלפט פון אַלע פאַמיליעס זיינען קאָלאָניזירט געוואָרן אין די פיר קרייזן: זלאָטשאָוו (196 פאַמיליעס), סטאַניסלאַוו (143 פאַמיליעס), סאַמבאָר (117 פאַמיליעס) און זאַלעשציקי (115 פאַמיליעס).

SCHLUSS DES ERSTEN TEILES / סוף פון דעם ערשטן טייל

# פּראָפעסיאָנעלער און סאָציאַלער באַשטאַנד פון די אידן אין מזרח־און־צענטראַל אייראָפּע

יעקב לעשצינסקי

# Berufliche und soziale Struktur der Juden in Ost-u. Mitteleuropa

von **Jakob Lestschinsky**

אין פאָלגנדיגן אַרטיקל ווערן מיר ברייגנען דעם נייעסטן אָפיציעלן מאַטעריאַל וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער און סאָציאַלער גלידערונג פון די אידן אין פּוילן, אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיי און רומעניע. מיר קאָנען, ליידער, זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף אַ גענויען אַנאַליז פון די האָזיגע וויכטיגע מאַטעריאַלן, ווי מיר זאָגן אויך ניט צו אויסשעפּן דאָ דעם גאַנצן פאַראַנענעם מאַטעריאַל, — אונזער ציל איז געבן די אַלגעמיינסטע און וויכטיגסטע רעזולטאַטן פון די לעצטע פאָלק־ציילונגען.

די אַלע ווייטער געבראַכטע מאַטעריאַלן האָבן איין געמיינזאַמען חסרון — זיי זיינען געזאַמלט געוואָרן באַלד נאָך דער מלחמה, איידער דאָס עקאָנאָמישע לעבן איז אינגאַנצן אויסגעשטעלט געוואָרן; זיי שפּיגלען דעריבער אָפּ דעם אומנאָרמאַלן צושטאַנד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין רעזולטאַט פון דער מלחמה און פון די פּאָליטישע אומענדערונגען, וועלכע האָבן זי באַגלייט. מען מוז אָבער געדענקען, אַז אויף וויפיל סרעדט זיך וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער און סאָציאַלער גלידערונג און ניט וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון איינצעלנע קלאַסן, האָט די מלחמה קיין גאָר גרויסע ענדערונגען ניט אַריינגעטראָגן. חוץ דעם איז דער דערמאָנטער חסרון אויך אַ שטיק מעלה — ער גיט אונז אַ מעגליכקייט פאַרפיקסירן אַ צושטאַנד, וואָס באַטייט געוויס אַ סוף פון אַ אָפּשניט פון אַ לאַנגער עפּאָכע פון אַנטוויקלונג, פון אַ גלענצנדער עפּאָכע פון קאַפּיטאַליסטישן אויפבלי, אין וועלכן דאָס אידנטום האָט געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָלע.

## I. Polen — I. פּוילן

טאַבעלע II גיט די אַבסאָלוטע צאָלן איבער דעם פּראָפעסיאָנעלן באַשטאַנד פון דער עקאָנאָמיש־אַקטיווער באַפעלקערונג אין פּוילן באַ אידן און ניט־אידן. אין טאַבעלע I זיינען געגעבן די רעלאַטיווע צאָלן, וואָס ווייזן דעם פּראָפעסיאָנעלן בוי פון אידן און ניט־אידן אין באַזונדערע טיילן פון פּוילן. די לעצטע שורה פון רעכטס צו לינקס ווייזט די פאַרטיילונג לויט ווירטשאַפטצווייגן אין גאַנץ פּוילן. און מיר זעהען, אַז באַ ניט־אידן מאַכן אויס די באַשעפטיגטע באַ לאַנדווירטשאַפט גאַנצע 80,7 פּראָצענט, צען מאָל מער, ווי באַ אידן (9,8); פאַרקערט, אין האַנדל זיינען אידן באַשעפטיגט 23 מאָל שטאַרקער, ווי ניט־אידן; אין אינדוסטריע פיר מאָל שטאַרקער און אַלס באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס צוויי מאָל שטאַרקער. אידן זיינען דער עיקר פאַרנומען צווישן די ליבעראַלע פּראָפעסיעס און גאָר ווייניג צווישן די באַאַמטע.

Tab. — 1 — טאַב.

### די פאַרטיילונג פון דער עקאנאמיש אקטיווער באפעלקערונג אין באזונדערע קאנטן פון פוילן

### Gliederung der erwerbstätigen Bev. der einzelnen poln. Gebiete nach Beruf

| Beruf — פּראָפעסיע | קאָנגרעס־פּוילן Kongreß-Polen | | גאַליציע Galizien | | קרעסן Randgebiete | | פּויזן, פּאָמערן, שלעזיע Posen, Pommern Schlesien | | סך־הכל Polen überhaupt | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | באַ אידן bei den Juden | באַ ניט־אידן bei den Christen | באַ אידן bei den Juden | באַ ניט־אידן bei den Christen | באַ אידן bei den Juden | באַ ניט־אידן bei den Christen | באַ אידן bei den Juden | באַ ניט־אידן bei den Christen | באַ אידן bei den Juden | באַ ניט־אידן bei den Christen |
| לאַנדווירטשאַפט — Landwirtschaft . . . . . | 4,0 | 76,4 | 18,3 | 85,5 | 15,8 | 94,2 | 2,1 | 63,0 | 9,8 | 80,7 |
| אינד. און מלאכה — Industrie u. Gewerbe . . | 38,7 | 10,5 | 20,7 | 5,2 | 30,6 | 1,7 | 19,9 | 13,2 | 32.2 | 7,7 |
| האַנדל, פאַרזיכער. — Handel, Versicherung | 33,7 | 2,0 | 38,5 | 0,9 | 33,0 | 0,3 | 46,1 | 3,7 | 35,1 | 1,5 |
| טראַנספּאָרט — Verkehr . . . . . . . . . . . | 3,0 | 1,8 | 2,1 | 1,4 | 2,5 | 0,6 | 1,4 | 3,9 | 2,7 | 1,7 |
| באַאַמטע, ליב. פּראָפ. — Öff. Dienst, Fr. Berufe | 4,1 | 2,6 | 4,9 | 2,1 | 4,4 | 1,1 | 5,3 | 3,5 | 4,4 | 2,3 |
| הויז־דינסט — Haus-u. Privatdienst . . . . | 6,4 | 2,1 | 3,5 | 1,6 | 2,8 | 0,6 | 3,2 | 3,2 | 5,0 | 1,8 |
| אַנדערע — Sonstige . . . . . . . . . . . . . | 10,1 | 4,6 | 12,0 | 3,3 | 10,9 | 1,5 | 22,0 | 9,5 | 10,8 | 4,3 |
| צוזאַמען — Insgesamt . . . . | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

Tab. — 1 — טאב.

# דער פראפעסיאנעלער באשטאנד פון דער עקאנאמיש אקטיווער אידישער באפעלקערונג אין פוילן

## Die berufliche Gliederung der erwerbstätigen jüdischen Bevölkerung in Polen

| פראפעסיע — Beruf / וואיע־וואודסטווע Wojewodschaft | לאנדווירטשאפט Landwirtschaft | | אינדוסטריע און מלאכה Industrie u. Gewerbe | | האנדל און פארזיכערונג Handel u. Versicherung | | טראנספארט Transport u. Verkehr | | באאמטע און ליבע־ראלע פראפ. Öff. Dienst u. Fr. Berufe | | הויז־דינסטן און הויז־משרתים Haus- u. Privatdienst | | אנדערע Sonstige | | סך־הכל Überhaupt | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjud. | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjud. | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjud. | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjud. | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjud. | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjud. | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjud. | אידן Juden | ניט־אידן Nichtjuden | צוזאמען Zusammen |
| **Kongreß-Polen — קאנגרעס־פוילן** | | | | | | | | | | | | | | | | | |
| Warschau-St.- ווארשע־שט. | 159 | 3 925 | 41 178 | 87 666 | 40 003 | 38 583 | 4 180 | 27 783 | 6 326 | 43 601 | 7 850 | 31 321 | 13 112 | 56 434 | 112 808 | 289 313 | 402 121 |
| Warschau — ווארשעווער | 2 040 | 784 440 | 22 519 | 67 048 | 21 467 | 13 303 | 1 729 | 14 075 | 2 097 | 18 649 | 3 209 | 17 986 | 7 028 | 53 214 | 60 089 | 968 715 | 1 028 804 |
| Lodz — לאדזער | 1 694 | 695 058 | 46 461 | 169 510 | 34 856 | 21 944 | 3 551 | 13 919 | 4 165 | 20 970 | 7 383 | 22 961 | 9 354 | 50 361 | 107 464 | 994 723 | 1 102 187 |
| Bialystok — ביאלאסטאקער | 5 903 | 571 500 | 27 005 | 25 131 | 15 809 | 4 095 | 1 976 | 9 061 | 3 097 | 11 487 | 2 567 | 7 163 | 8 918 | 19 519 | 65 275 | 647 956 | 713 231 |
| Kielce — קיעלצער | 4 655 | 941 772 | 32 484 | 146 591 | 33 060 | 14 712 | 2 288 | 17 661 | 2 698 | 20 030 | 7 184 | 17 968 | 6 973 | 35 007 | 89 342 | 1 193 741 | 1 283 083 |
| Lublin — לובלינער | 6 750 | 920 597 | 32 247 | 40 931 | 30 966 | 8 599 | 2 163 | 10 383 | 2 859 | 16 747 | 4 996 | 11 267 | 7 259 | 24 771 | 87 240 | 1 033 295 | 1 120 535 |
| **Insgesamt — צוזאמען** | **21 201** | **3 917 292** | **201 894** | **536 877** | **176 161** | **101 236** | **15 887** | **92 882** | **21 242** | **131 484** | **33 189** | **108 666** | **52 644** | **239 306** | **522 218** | **5 127 743** | **5 649 961** |
| **Galizien — גאליציע** | | | | | | | | | | | | | | | | | |
| Krakau — קראקער | 7 396 | 868 318 | 11 758 | 98 839 | 23 594 | 16 535 | 1 099 | 24 330 | 2 656 | 29 988 | 2 620 | 26 252 | 6 061 | 43 492 | 55 184 | 1 107 754 | 1 162 938 |
| Lemberg — לעמבערגער | 20 045 | 1 243 466 | 24 206 | 71 217 | 43 214 | 15 009 | 2 237 | 21 985 | 5 834 | 33 473 | 3 903 | 26 308 | 14 019 | 53 859 | 113 458 | 1 465 317 | 1 578 775 |
| Stanislau — סטאניסלאווער | 13 667 | 667 377 | 10 431 | 24 657 | 16 600 | 2 185 | 1 261 | 8 634 | 2 288 | 10 589 | 1 574 | 6 705 | 5 767 | 22 546 | 51 588 | 742 693 | 794 281 |
| Tarnopol — טארנאפאלער | 7 445 | 752 733 | 8 394 | 20 596 | 18 589 | 1 998 | 961 | 4 572 | 2 222 | 10 704 | 1 160 | 5 938 | 5 855 | 18 333 | 44 626 | 814 874 | 859 500 |
| **Insgesamt — צוזאמען** | **48 553** | **3 531 894** | **54 789** | **215 309** | **101 997** | **35 727** | **5 558** | **59 521** | **13 000** | **84 754** | **9257** | **65203** | **31 702** | **138230** | **264856** | **4130638** | **4 395 494** |
| **Randgebiete — קרעסן** | | | | | | | | | | | | | | | | | |
| Polessie — פאליעסיער | 7 739 | 446 733 | 12 954 | 5 264 | 9 401 | 1 230 | 1 024 | 5 551 | 1 582 | 5 334 | 1 008 | 2 702 | 4 893 | 5 585 | 38 601 | 472 399 | 511 000 |
| Wilno — ווילנער | 1 990 | 260 475 | 2 717 | 4 370 | 3 841 | 460 | 224 | 1 201 | 307 | 2 247 | 190 | 1 511 | 652 | 2 742 | 9 921 | 273 006 | 282 927 |
| Nowogród — נאוואגרודער | 4 795 | 425 747 | 8 633 | 7 162 | 7 376 | 939 | 655 | 2 494 | 1 160 | 5 337 | 606 | 3 215 | 3 469 | 11 295 | 26 694 | 456 189 | 482 883 |
| Wolhyn — וואלינער | 5 626 | 726 151 | 14 575 | 17 780 | 21 460 | 2 965 | 1 326 | 3 760 | 2 567 | 8 815 | 1 767 | 4 716 | 4 916 | 8 495 | 52 237 | 772 682 | 824 919 |
| **Insgesamt — צוזאמען** | **20 150** | **1 859 106** | **38879** | **34576** | **42 078** | **5594** | **3 229** | **13006** | **5616** | **21733** | **3571** | **12 144** | **13 930** | **28 117** | **127 453** | **1 974 276** | **2 101 729** |
| **Posen, Pommern, Schlesien — פויזן, פאמערן, שלעזיע** | | | | | | | | | | | | | | | | | |
| Posen — פויזן | 83 | 554 256 | 752 | 117 382 | 2 378 | 36 312 | 49 | 35 710 | 223 | 30 907 | 133 | 30 345 | 1 193 | 86 274 | 4 811 | 891 186 | 895 997 |
| Pommern — פאמערן | 43 | 281 573 | 192 | 42 176 | 606 | 12 230 | 15 | 15 177 | 52 | 13 697 | 28 | 10 628 | 458 | 39 546 | 1 394 | 415 027 | 416 421 |
| Schlesien — שלעזיע | 72 | 35 230 | 941 | 22 600 | 1 392 | 3 037 | 70 | 2 756 | 223 | 3 450 | 140 | 3 613 | 458 | 6 160 | 3 296 | 76 846 | 80 142 |
| **Insgesamt — צוזאמען** | **198** | **871 059** | **1 885** | **182158** | **4 376** | **51 579** | **134** | **53 643** | **498** | **48 054** | **301** | **44 586** | **2 109** | **131 980** | **9 501** | **1 383 059** | **1 392 560** |
| **Polen — גאנץ פוילן** | **90 102** | **10179351** | **297 447** | **968 920** | **324 612** | **194 136** | **24 808** | **219 052** | **40 356** | **286 025** | **46 318** | **230 599** | **100 385** | **537 633** | **924 028** | **12 615 716** | **18 539 744** |

באמערקונג: לויט די דאטן פון Miesięcznik Statystyczny מאר 6 :1925. די סך־הכלען זיינען אביסל אנדערש ווי אינם באנד XXXI פון דער Statystyka Polski, וואס אנטהאלט די ענטגילטיגע רעזולטאטן פארן שטח פון גאנץ פוילן.

דער גרויסער פראצענט לאנדווירטשאפטליך באשעפטיגטע בא ניט־אידן ווירקט מעכאניש אויף אלע אנדערע פראפעסיע־גרופעס און פארווישט דאס אמתע בילד פון דער פארטיילונג פון די שטאטישע באשעפטיגונגען בא אידן און ניט־אידן. מיר וועלן דעריבער פרובן אויסרעכענען די פראצענטועלע פארטיילונג פון אלע פראפעסיעס אן דער לאנדווירטשאפט. דאס וועט, ווארשיינליך, געבן רעלאטיווע צאלן, וועלכע אנטשפרעכן בערך דער פארטיילונג פון דער באפעלקערונג לויט די פראפעסיעס אויף דארפישע און שטאטישע. מיר באקומען:

| פראפעסיע | בא אידן | בא ניט־אידן |
|---|---|---|
| האנדל און קרעדיט . . . . . . . . | 38,8 | 8,0 |
| אינדוסטריע און מלאכה . . . . . . | 35,9 | 40,0 |
| ליבעראלע פראפ׳ און באאמטע . . . | 4,8 | 11,7 |
| טראנספארט . . . . . . . . . . . | 3,0 | 9,0 |
| הויז־דינסט . . . . . . . . . . | 5,5 | 9,5 |
| פארשיידענע . . . . . . . . . . | 12,0 | 21,8 |
| סך־הכל . . . . . . . . | 100,0 | 100,0 |

פון דער דאזיגער טאבעלע זעהט מען, אז דער גרויסער חילוק אין פרט פון באשעפטיגונג צווישן אידן און ניט־אידן ווערט ניט אויסגעשעפט מיט דער פארשיידענער באטייליגונג אין דער לאנדווירטשאפט. אפילו אן דער לאנדווירטשאפט טיילט אפ א גאנצער תהום די אידישע פון דער ניט־אידישער באפעלקערונג. אין האנדל זיינען אידן אליין נאך כמעט פינף מאל מער באשעפטיגט; אין אלע איבעריגע פראפעסיאנעלע גרופעס איז שוין בא ניט־אידן דער פראצענט העכער, אלזא גאנץ פארקערט, ווי אין טאבעלע I און II.

גייט מען איבער צו באזונדערע קאנטן פון פוילן, זעהט מען, ראשית, אז דעם גרעסטן פראצענט באשעפטיגטע בא לאנדווירטשאפט בא אידן גיט גאליציע אין דעם קלענסטן—פויזן, פאמערן און שלעזיע און אויך קאנגרעס־פוילן; בא ניט־אידן גיבן דעם העכסטן פראצענט באשעפטיגטע בא לאנדווירטשאפט די קרעסן און דעם קלענסטן—דיזעלבע קאנטן, וואס בא אידן. בנוגע צו אינדוסטריע זיינען בא אידן באשעפטיגט אין דעם דאזיגן ווירטשאפט־צווייג דער גרעסטער פראצענט אין קאנגרעס־פוילן און דער קלענסטער אין פויזן, פאמערן און שלעזיע און אין גאליציע; בא האנדל, פארקערט, גיבן שוין פויזן, פאמערן און שלעזיע און גאליציע דעם העכסטן פראצענט באשעפטיגטע אידן און די קרעסן און קאנגרעס־פוילן דעם נידריגסטן.

טאבעלע III גיט דעם אנטייל פון אידן אין איינצעלנע ווירטשאפט־צווייגן אין באזונדערע קאנטן. אפילו דארטן, וואו ס׳פארנעמט זיך א גאנץ היפשער טייל פון דער אידישער באפעלקערונג מיט לאנדווירטשאפט, מאכן דאך אידן אויס א נישטיגן פראצענט לגבי דער אלגעמיינער צאל באשעפטיגטע אינם דאזיגן ווירטשאפט־צווייג. דעם גרעסטן פראצענט מאכן אידן אויס אינם האנדל—62,6 פראצענט, זעקס מאל מער, ווי אין דער באפעלקערונג. אויף די קרעסן זיינען פון הונדערט הענדלער גאנצע 88,3 אידן; אין גאליציע—74,1; אין קאנגרעס־פוילן—63,5 און אין פויזן, פאמערן און שלעזיע נאר 7,8 פראצענט.

Tab. — III — טאב׳

## פראצענט אידן אין די באזונדערע פראפעסיעס אין באזונדערע קאנטן פון פוילן

## Anteil der Juden an den einzelnen Berufen in den versch. poln. Ländern

| פראפעסיע — Beruf | קאנגרעס־פוילן Kongreß-Polen | גאליציע Galizien | קרעסן Randgebiete | פויזן־פאמערן־שלעזיע Posen, Pommern, Schlesien | סך־הכל Polen überhaupt |
|---|---|---|---|---|---|
| לאנדווירטשאפט — Landwirtschaft . . . . . . . . . . | 0,5 | 1,4 | 1,1 | 0,02 | 0,9 |
| אינדוסטריע און מלאכה — Industrie u. Gewerbe . . | 27,3 | 20,3 | 52,9 | 1,0 | 23,5 |
| האנדל׳ פארזיכערונג — Handel, Versicherung . . . . | 63,5 | 74,1 | 88,3 | 7,8 | 62,6 |
| טראנספארט — Verkehr . . . . . . . . . . . . . . | 14,6 | 8,5 | 19,9 | 0,2 | 10,2 |
| באאמטע׳ ליב׳ פראפ׳ — Öff. Dienst. u. Freie Berufe | 13,9 | 13,3 | 20,5 | 1,0 | 12,4 |
| הויז־און פערזענל׳ דינסט — Haus-u. Privatdienst . . . | 23,4 | 12,4 | 22,7 | 0,7 | 16,7 |
| אנדערע — Sonstige . . . . . . . . . . . . . . . . | 18,0 | 18,7 | 33,1 | 1,6 | 15,7 |
| **צוזאמען — Insgesamt** . . . . . . . . . . | **9,2** | **6,0** | **6,1** | **0,7** | **6,8** |

אין דער אינדוסטריע מאכן די אידן אין גאנץ פוילן אויס אביסל ווייניגער פון א פערטל: אויף די קרעסן מער פון א העלפט; אין קאנגרעס־פוילן מער פון א פערטל; אין גאליציע מער פון א פינפטל און אין פויזן, פאמערן און שלעזיע—נאר 1,0 פראצענט. צווישן די ליבעראלע פראפעסיעס און באאמטע מאכן אידן אויס אן אכטל אין גאנץ פוילן: דעם העכסטן פראצענט אויף די קרעסן און דעם נידריגסטן אין פויזן, פאמערן און שלעזיע.

מיר גייען איבער צו דער סאציאלער גלידערונג. (טאב. IV).

נעמען מיר גאר די אונטערשטע שורה, זעהען מיר, אז ס׳איז פאראן א גאנץ גרויסער חילוק צווישן אידן און ניט־אידן. פון יעדע הונדערט באשעפטיגטע אין אלע ווירטשאפט־צווייגן צוזאמען זיינען געווען:

| | בא אידן | בא ניט־אידן |
|---|---|---|
| זעלבשטענדיגע . . . . . | 51·1 | 24·4 |
| אנגעשטעלטע . . . . . . . | 5·1 | 2·8 |
| ארבעטער . . . . . . . . | 22·2 | 22·0 |
| העלפנד׳ פאמיליע־גלידער . | 13·8 | 47·8 |
| אומבאקאנט . . . . . . . . | 7·8 | 3·0 |
| סך־הכל . . . | 100·0 | 100·0 |

די זעלבשטענדיגע מאכן אויס בא אידן צוויי מאל א גרעסערן פראצענט, ווי בא ניט־אידן; דאס זעלבע כמעט בא

Tab. — IV — טאב·

## די סאציאלע גלידערונג פון דער עקאנאמיש־אקטיווער באפעלקערונג אין פוילן*

## Soziale Stellung der erwerbstätigen jüdischen Bevölkerung in Polen*

| Beruf — פראפעסיע | Jüdische Bev. — אידישע באפ·: זעלבשטענדיגע Selbständige | Jüdische Bev.: אנגעשטעלטע Angestellte | Jüdische Bev.: ארבעטער Arbeiter | Jüdische Bev.: מיטהעלפנדיגע פאמיליע־גלידער Mithelf. Familien-Angehörige | Jüdische Bev.: צוזאמען** Insgesamt | Nichtjüd. Bev. — ניט־אידישע באפ·: זעלבשטענדיגע Selbständige | Nichtjüd. Bev.: אנגעשטעלטע Angestellte | Nichtjüd. Bev.: ארבעטער Arbeiter | Nichtjüd. Bev.: מיטהעלפנדיגע פאמיליע־גלידער Mithelf. Familien-Angehörige | Nichtjüd. Bev.: צוזאמען** Insgesamt |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| לאנדווירטשאפט — Landwirtschaft . . . | 24 970 | 2 023 | 9 406 | 53 534 | 89 987 | 2665280 | 36 294 | 1477204 | 5999537 | 10 179 880 |
| % | 27,7 | 2,2 | 10,5 | 59,5 | 100,0 | 26,2 | 0,4 | 14,5 | 58,9 | 100,0 |
| אינד· און מלאכה—Industrie u. Gewerbe . | 156534 | 11 262 | 102056 | 27 399 | 297417 | 291 482 | 45 889 | 598099 | 32 863 | 968 965 |
| % | 52,6 | 3,8 | 34,3 | 9,2 | 100,0 | 30,1 | 4,7 | 61,7 | 3,4 | 100,0 |
| האנדל· פארזיכערונג — Handel Versicher. | 248838 | 11 095 | 20 776 | 43 677 | 324615 | 76 320 | 38 597 | 69 748 | 9 242 | 194 151 |
| % | 76,6 | 3,4 | 6,4 | 13,5 | 100,0 | 39,3 | 19,9 | 35,9 | 4,8 | 100,0 |
| טראנספּארט — Verkehr . . . . . . . . . | 16 200 | 2 924 | 4 392 | 1 276 | 24 807 | 7 054 | 51 884 | 159 470 | 492 | 219 063 |
| % | 65,3 | 11,8 | 17,7 | 5,1 | 100,0 | 3,2 | 23,7 | 72,8 | 0,2 | 100,0 |
| באאמ·· פרייע פראפ·/Öff. Dienst, Fr. Berufe | 19 644 | 16 071 | 4 427 | 282 | 40 520 | 28 343 | 173145 | 84 318 | 350 | 286 763 |
| % | 48,5 | 39,7 | 10,9 | 0,7 | 100,0 | 9,9 | 60,4 | 29,4 | 0,1 | 100,0 |
| הויז־און פערז· דינסט/Haus-u. Pers. Dienst | 6 251 | 89 | 39 102 | 634 | 46 121 | 15 797 | 664 | 212 289 | 575 | 229 584 |
| % | 13,5 | 0,2 | 84,8 | 1,4 | 100,0 | 6,9 | 0,3 | 92,5 | 0,2 | 100,0 |
| עקאנ· אקטיווע בכלל/Erwerbst. überhaupt | 472620 | 47 360 | 205104 | 126832 | 924028 | 3084932 | 357714 | 2781056 | 6043944 | 12 642 202 |
| % | 51,1 | 5,1 | 22,2 | 13,8 | 100,0 | 24,4 | 2,8 | 22,0 | 47,8 | 100,0 |

* אן דער ארמיי—ohne Militärbevölkerung / ** צוזאמען מיט די "אומבאקאנטע" — ** einschl. „Unbekannt"

די אָנגעשטעלטע; בנוגע צו אַרבעטער איז קיין שום חילוק ניטאָ צווישן אידן און ניט־אידן. די דאָזיגע ציפער זיינען אָבער צו אַלגעמיינע און פאַרווישן דאָס קאָנקרעטע בילד צו שטאַרק— די גרויסע צאָל העלפנדיגע פאַמיליע־גלידער אין דער לאַנדווירטשאַפט ווירקט מעכאַניש אויף אַלע איבעריגע סאָציאַלע גרופּעס. מען מוז דעריבער באַטראַכטן יעדן ווירטשאַפט־צווייג באַזונדער. אין דער לאַנדווירטשאַפט איז די סאָציאַלע גלידערונג בײַ ביידע באַפעלקערונג־גרופּעס זייער ענליך. אין אַלע איבעריגע איז שוין פאַראַן אַ גאַנץ גרויסער חילוק צווישן אידן און ניט־אידן. אין האַנדל איז בײַ אידן דער פּראָצענט זעלבשטענדיגע כמעט צוויי מאָל גרעסער, ווי בײַ ניט־אידן; פאַרקערט, דער פּראָצענט אַרבעטער און אָנגעשטעלטע זיינען בײַ אידן פינף מאָל ווייניגער, ווי בײַ ניט־אידן. אין אינדוסטריע און מלאכה מערקן מיר די זעלבע ערשיינונג, נאָר אין אַ שוואַכערער פאָרם. דער פּראָצענט זעלבשטענדיגע איז בײַ אידן נאָר אנדערטהאַלבן מאָל גרעסער און דער פּראָצענט אַרבעטער און אָנגעשטעלטע צוויי מאָל קלענער, ווי בײַ ניט־אידן. די גרעסערע דיפערענצירטקייט פון דער ניט־אידישער גרופּע טרעט אַם בולטסטן אַרויס אין דער גרופּע ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום, וואו דער פּראָצענט זעלבסטשטענדיגע איז בײַ אידן פינף מאָל גרעסער, ווי בײַ ניט־אידן.

דער הויכער פּראָצענט זעלבשטענדיגע בײַ אידן און גאַנץ באַזונדערס אינם האַנדל ערקלערט זיך ניט נאָר מיט דעם, וואָס אויף דער קליינער גרופּע גרויסע קרעמער און פאַבריקאַנטן איז בײַ אידן פאַראַן אַ צו גרויסע מאַסע קליינע קרעמערלאַך און כאַלופּניקעס, נאָר נעווים אין אַ גאַנץ באַחיטנדיגער מאָס מיט דעם נאָכמלחמה׳דיגן צושטאַנד. דאָס וואַרפט זיך באַזונדערס שטאַרק אין די אויגן אינם האַנדל, וואו אויף 248,838 אידישע זעלבשטענדיגע הענדלער זיינען געווען סך־הכל אָנגעשטעלטע מיט אַרבעטער—31,871. ס׳איז גאָר קיין ספק ניט, אַז פאַר די לעצטע יאָרן האָט זיך די לאַגע שטאַרק געביטן, בשעת מלחמה און באַלד נאָך דער מלחמה האָבן די אָפּגעזאָגטע משרתים און אַרבעטער געעפנט איגענע קרעמלאַך און וואַרשטאַטלאַך. מיט דער געזונדונג פון פּוילישן עקאָנאָמישן לעבן האָט זיך אַ געווויסער פּראָצענט „זעלבשטענדיגע" אומגעקערט אין זיין פאַרמלחמה׳דיגן און פאַראינפלאַציעדיגן צושטאַנד.

מיר האָבן ביז אַהער גערעדט וועגן אינעווייניגסטן סאָציאַלן בוי פון יעדער באַפעלקערונג־גרופּע. לאָמיר נאָך באַטראַכטן די וואָג פונם אידישן עלעמענט אין באַזונדערע סאָציאַלע קלאַסן. פון יעדע הונדערט באַשעפטיגטע זיינען געווען אידן:

| ווירטשאפט־אפטייל | זעלב־שטענדיגע | אנגעשטעלטע | ארבע־טער | עקאנ· אקטיווע בכלל |
|---|---|---|---|---|
| לאנדווירטשאפט . . . . | 0,9 | 5,3 | 0,6 | 0,9 |
| אינדוסטריע און מלאכה | 34,9 | 19,7 | 14,6 | 23,5 |
| האנדל־ און פארזיכערונג | 76,5 | 22,3 | 23,0 | 62,0 |
| טראנספארט . . . . . . . | 69,7 | 5,3 | 2,7 | 10,2 |
| באאמטע און ליב· פראפ· | 40,9 | 8,5 | 5,0 | 12,4 |
| הויז־ און פערז· דינסט | 28,3 | 11,8 | 15,5 | 16,7 |
| צוזאמען . . . | 13,3 | 11,7 | 6,9 | 6,8 |

דעם גרעסטן פּראָצענט מאַכן אידן אויס צווישן די זעלבשטענדיגע — צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי צווישן אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע. פאַרשטייט זיך, אַז אויך דאָ פאַרווישט די לאַנדווירטשאַפט די אמתע לאַגע. נעמט מען דעם פּראָצענט אידן אין די

דריי וויכטיגסטע סאָציאַלע גרופּעס (זעלבשטענדיגע, אָנגע־שטעלטע און אַרבעטער) אָן דער לאַנדווירטשאַפט, באַקומט מען, אַז דער פּראָצענט אידן מאַכט אויס: פון אַלע זעלבשטענ־דיגע 51,6, פון אַלע אָנגעשטעלטע 12,4, פון אַלע אַרבעטער 13,0.

אַלזאָ, אָן דער לאַנדווירטשאַפט מאַכן שוין אידן אויס פיר מאָל אַ גרעסערן פּראָצענט צווישן די בעלי־בתים און כמעט צוויי מאָל אַ גרעסערן צווישן די אַרבעטער. דאָס הייסט, אַז צווישן דער שטאָטישער גרויסר, מיטל־ און קליין־בורזשואַזיע פון פּוילן מאַכן די אידן אויס אַ גאַנצע העלפט; צווישן די שטאָטישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע — נאָר אײן אַכטל.

אין באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן זיינען די פאַרהעלטע־נישן זייער פאַרשיידן. אינם האַנדל זיינען מער פון דריי פערטל פון אַלע בעלי־בתים אידן; אין אינדוסטריע נאָר אַ דריטל; בײַ די באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס — 40,9%. די אידישע אָנגעשטעלטע מאַכן אויס דעם העכסטן פּראָצענט אין האַנדל, אי דאָס נאָר 22,3%; אין אינדוסטריע נאָר 19,7 און צווישן די באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס סך־הכל 8,5 פּראָצענט. די אידישע אַרבעטער מאַכן אויך אויס דעם העכ־סטן (23,0) פּראָצענט אין האַנדל; אין אינדוסטריע נאָר איין זיבעטל און צווישן באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס $^{1}/_{20}$.

שטעלן מיר זיך אַביסל גענויער אָפּ אויף דער באַפעלקערונג, וואָס איז פאַרנומען אין דער אינדוסטריע. טאַבעלע V גיט די וואָג און ראָל פון אידישן בעל־הבית און אַרבעטער אין באַזונ־דערע בראַנזשעס, ווי אויך דעם פּראָפעסיאָנעלן בוי פון די דאָזיגע צוויי קלאַסן בײַ אידן און ניט־אידן.

די דאָזיגע טאַבעלע אילוסטרירט גלענצנדיג דעם אַזוי אויך גענוג באַקאַנטן פאַקט, אַז דער אידישער קאַפּיטאַל ווייסט ניט פון קיין צוימען און באַגרענעצונגען, וואָרום דוקא אין די אינדוסטריע־צווייגן, אין וועלכע דער אידישער אַרבעטער האָט כמעט גאָר קיין צוטריט ניט, פאַרנעמען די אידישע בעלי־בתים אַ גאַנץ בכבודיגן פּלאַץ. אַזוי האָט דער פּראָצענט אידן באַ־טראָפן: אין מעטאַלורגישער בראַנזשע—צווישן די בעלי־בתים 35,4, צווישן די אַרבעטער — ניט מער ווי 0,2; אין באַרג־אינ־דוסטריע—אַנטשפּרעכנדיג 43,4 און 1,8; אין וואַסער, גאַז עלעקטריע־בראַנזשע — 40,2 און 1,5; אין מינעראַל־אינדו־סטריע—22,4 און 1,9; אין מאַשינען־ און עלעקטראָ־טעכנישער בראַנזשע — 26,5 און 3,0, אין אַלע פינף אויסגערעכנטע בראַנ־זשעס צוזאַמען — 25,3 און 1,9 פּראָצענט.

Tab. — V — טאַב·

**פארטיילונג פוז די זעלבשטענדיגע און ארבעטער אין דער פוילישער אינדוסטריע לויט בראנזשעס**

**Gliederung der Industrie-Bevölkerung Polens nach einzelnen Branchen**

| Branche — בראנזשע | Selbständige — זעלבשטענדיגע: די גאנצע צאָל Ges. Zahl | Selbständige: פון דעם אידן davon Juden abs. | Selbständige: davon Juden % | Selbständige: פון יעדע 100 von je 100 אידישע jüdisch. | Selbständige: von je 100 ניט־אידי nichtjüd. | Arbeiter — ארבעטער: די גאנצע צאָל Ges. Zahl | Arbeiter: פון דעם אידן davon Juden abs. | Arbeiter: davon Juden % | Arbeiter: פון יעדע 100 von je 100 אידישע jüdisch. | Arbeiter: von je 100 ניט־אידי nichtjüd. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| באקליידונג — Bekleidung | 207 601 | 80 447 | 38,8 | 51,4 | 43,6 | 101 190 | 44 512 | 44,0 | 43,6 | 9,5 |
| שפייז — Nahrungsmittel | 58 283 | 25 305 | 43,4 | 16,2 | 11,3 | 73 443 | 12 745 | 17,4 | 12,5 | 10,1 |
| האָלץ — Holz | 49 888 | 10 336 | 20,7 | 6,6 | 13,6 | 56 496 | 5 876 | 10,4 | 5,8 | 8,5 |
| בוי — Bau | 44 993 | 9 083 | 20,2 | 5,8 | 12,3 | 51 438 | 2 988 | 5,8 | 2,9 | 8,1 |
| מעטאל — Metall | 38 323 | 8 881 | 23,2 | 5,7 | 10,1 | 44 658 | 3 473 | 7,8 | 3,4 | 6,9 |
| טעקסטיל — Textil | 16 548 | 6 548 | 39,6 | 4,2 | 3,4 | 133 928 | 13 979 | 10,4 | 13,7 | 20,1 |
| לעדער — Leder | 9 692 | 4 590 | 47,4 | 2,9 | 1,7 | 13 194 | 5 197 | 39,4 | 5,1 | 1,3 |
| עדלמעטאלן — Edelmetallverarbeitung | 5 494 | 3 780 | 68,8 | 2,4 | 0,6 | 3 354 | 1 760 | 52,5 | 1,7 | 0,3 |
| דרוק — Druck | 4 468 | 2 689 | 60,2 | 1,7 | 0,6 | 11 131 | 2 404 | 21,6 | 2,4 | 1,5 |
| כעמישע — Chemie | 1 778 | 1 225 | 68,9 | 0,8 | 0,2 | 16 222 | 1 666 | 10,3 | 1,6 | 2,4 |
| מינעראל — Steine u. Erden | 4 502 | 1 009 | 22,4 | 0,6 | 1,2 | 30 845 | 591 | 1,9 | 0,6 | 5,1 |
| פאַפּיר — Papier | 834 | 706 | 84,7 | 0.5 | — | 7 435 | 1 007 | 13,5 | 1,0 | 1,1 |
| מאשינען, אפאראטן — Masch., Apparate | 2 372 | 628 | 26,5 | 0,4 | 0,6 | 24 929 | 758 | 3,0 | 0,8 | 4,0 |
| בארג־אינדוסטריע — Bergbau | 442 | 192 | 43,4 | 0,1 | 0,1 | 85 351 | 1 548 | 1,8 | 1,5 | 14,0 |
| מעטאלורגיע — Hüttenwesen | 82 | 29 | 35,4 | — | — | 14 472 | 36 | 0,2 | — | 2,4 |
| וואסער, גאז א· א· וו· — Gas. Wasser usw. | 92 | 37 | 40,2 | — | — | 7 580 | 116 | 1,5 | 0,1 | 1,2 |
| אומבאקאנט — Unbekannt | 2 624 | 1 049 | 40,0 | 0,7 | 0,7 | 27 489 | 3 400 | 13,9 | 3,3 | 3,5 |
| **צוזאמען — Insgesamt** | **448 016** | **156 534** | **34,9** | **100,0** | **100,0** | **700 155** | **102 056** | **14,6** | **100,0** | **100,0** |

אין די נאָרוואָס אויסגערעכנטע פינף אינדוסטריע־צווייגן זיינען געווען פאַרנומען 7490 זעלבשטענדיגע און פון זיי אידן — 1895 אָדער 25,3 פּראָצענט; אַרבעטער זיינען געווען באַשעפטיגט אין די דאָזיגע פינף צווייגן 163.177 און פון זיי אידן סך־הכל 3049 אָדער ווייניגער פון צוויי פּראָצענט, דרייצן מאָל ווייניגער, ווי דער פּראָצענט בעלי־בתים. אינטערעסאַנט איז, אַז אין די דאָזיגע פינף אינדוסטריע־צווייגן זיינען געווען פאַר־נומען: פון אַלע בעלי־בתים: בײַ אידן — 1,2 פּראָצענט, בײַ ניט־אידן — 1,9 פּראָצענט; פון אַלע אַרבעטער: בײַ אידן — 3,0 און בײַ ניט־אידן — 26,7 פּראָצענט.

די אידישע אַרבעטער זיינען ניין מאָל שוואַכער פאַרגע־שטעלט אין די דאָזיגע פינף אינדוסטריע־צווייגן, ווי די פוילישע אַרבעטער, ווען די אידישע בעלי־בתים שטייען כמעט ניט אָפּ פון זייערע פוילישע קאָלעגן. העכער אַ פערטל פון אַלע פוילי־שע אַרבעטער זיינען קאָנצענטרירט אין די נאָרוואָס אויסגע־רעכנטע פינף אינדוסטריע־צווייגן, וואָס זיינען די אויסגעשפּראָ־כענסטע גרויס־פאַבריק־צווייגן, ווען פון די אידישע אַרבעטער זיינען אין זיי פאַרנומען נאָר דריי פּראָצענט. פאַרקערט, אין דער באַקליידער־אינדוסטריע זיינען פאַרנומען ווייניגער פון אַ פערטל פון אַלע פוילישע אַרבעטער, אָבער גאַנצע 43,6 פּראָ־צענט פון אַלע אידישע אַרבעטער. אין דער טעקסטיל־אינדו־סטריע מאַכן אויס די אידישע בעלי־בתים 39,6 פּראָצענט פון אַלע טעקסטיל־פאַבריקאַנטן און די אידישע אַרבעטער נאָר 10,4 פון אַלע טעקסטיל־אַרבעטער; אין דעם דאָזיגן אינדוס־טריע־צווייג זיינען פאַרנומען 20,1 פּראָצענט פון אַלע ניט־אידישע אַרבעטער און נאָר 13,7 פּראָצענט פון אַלע אידישע אַרבעטער. מען מוז פונדעסטוועגן מודה זיין, אַז דאָס איז שוין אַ גאַנץ באַדייטנדיגער ערפאָלג פון שטאַנד־פּונקט פון אַריינ־דרינגען פון אידישע אַרבעטער אין דער גרויס־אינדוסטריע.

איבער גאַליציע פאַרמאָגן מיר אַ סך בעסערן מאַטעריאַל, ווי וועגן די געוועזענע רוסישע טיילן פון איצטיגן פוילן; מיר וועלן דעריבער זיך אַביסל גענויער אָפּשטעלן אויף דעם דאָזיגן קאַנט. טאַבעלע VI און VII גיבן דעם מאַטעריאַל פאַר 1900 און 1921, באַזונדער פאַר מזרח און מערב־גאַליציע.

Tab. — VI — טאַב.

## דער אנטייל פון אידן אין באזונדערע פראפעסיאנעלע גרופעס אין מערב־גאליציע 1900 און 1921

## Der Anteil der Juden an den einzelnen Berufsgruppen in Westgalizien 1900 und 1921

| פראפעסיאנעלע גרופעס<br>Berufsgruppen | אלע עקאנאמיש־אקטיווע Erwerbstätige überhaupt: די גאנצע צאל Gesamtzahl | פון דעם אידן: darunter Juden: abs. | פון דעם אידן: darunter Juden: % | פראצענט אידן אין יאר 1900 Prozentsatz der Juden i. J. 1900 | זעלבשטענדיגע Selbständige: די גאנצע צאל Gesamtzahl | פון דעם אידן: darunter Juden: abs. | פון דעם אידן: darunter Juden: % | פראצענט אידן אין יאר 1900 Prozentsatz der Juden i. J. 1900 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| האנדל — Warenhandel | 27 559 | 19 687 | 71,4 | 81,0 | 17 836 | 13 639 | 76,5 | 84,8 |
| קרעדיט און פארזיכערונג — Geld-u Versicherung | 2 291 | 494 | 21,6 | 29,8 | 52 | 41 | 78,8 | 81,4 |
| ליב. פראפ. און באאמטע — Öff. Dienst u. Freie Berufe | 32 586 | 2656 | 8,2 | . | 3 800 | 1242 | 32,7 | . |
| באקליידונג — Bekleidungsindustrie | 22 485 | 5 214 | 23,2 | 24,9 | 12 497 | 2 488 | 19,9 | 23,8 |
| לעדער און פאפיר — Leder-u. Papierindustrie | 3 042 | 348 | 11,4 | 20,0 | 467 | 113 | 24,2 | 31,6 |
| שפייז — Nahrungsmittelindustrie | 10 377 | 2 550 | 24,6 | 39,6* | 3 004 | 1 286 | 42,8 | 53,2* |
| מעטאל — Metallindustrie | 8 407 | 529 | 6,3 | 8,5 | 2 154 | 294 | 13,6 | 13,5 |
| מאשינען — Maschinenindustrie | 3 150 | 112 | 3,6 | 14,6 | 128 | 30 | 23,4 | 22,7 |
| יובעלירן, אינסטרומענטן א.א.וו. — Edelmetallverarb. usw. | 784 | 464 | 59,2 | 32,0 | 368 | 214 | 58,2 | 56,6 |
| כעמישע אינדוסטריע — Chemische Industrie | 4.641 | 317 | 6,8 | 13,6 | 136 | 94 | 69,1 | 35,0 |
| בוי־אינדוסטריע — Bauindustrie | 10 368 | 624 | 6,0 | 6,9 | 2727 | 368 | 13,5 | 17,0 |
| פאליגראפישע אינד. — Polygraph. Industrie | 1 610 | 317 | 19,7 | 16,4 | 296 | 142 | 48,0 | 37,2 |
| האלץ־אינדוסטריע — Holzindustrie | 8 304 | 572 | 6,9 | 5,6 | 2 842 | 232 | 8,2 | 8,8 |
| מינעראל־אינדוסטריע — Ind. der Steine u. Erden | 5 636 | 182 | 3,2 | 5,1 | 332 | 71 | 21,4 | 19,3 |
| בארג־אינדוסטריע — Bergbau u. Hüttenwesen | 20 841 | 163 | 0,8 | 0,8 | 47 | 19 | 40,4 | 12,9 |
| טעקסטיל — Texstilindustrie | 7 784 | 192 | 2,5 | 5,8 | 547 | 97 | 17,7 | 20,5 |

* אן אינדוסטריע פון געטראנקען — * Ohne „Erzeugung von Getränken, Gasthöfen usw."

די ערשטע פיר שפּאַלטן פון ביידע טאַבעלעס ווייזן דעם פּראָצענט אידישע עקאָנאָמיש־אַקטיווע אין 1900 און 1921. ראשית, וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז אין אַלע בראַנזשעס, חוץ גאָר ווייניגע אויסנאַמען, האָט זיך פון 1900 ביז 1921 דער פּראָצענט אידן אין ביידע טיילן פון גאַליציע באַדייטנדיג פאַר־קלענערט. פאַרגרעסערט האָט זיך דער פּראָצענט אידן צווישן די באַשעפטיגטע בײַ עדל־מעטאַלן און אין פּאָליגראַפיע; עט־וואָס האָט זיך אויך פאַרגרעסערט דער פּראָצענט אידן אין מזרח־גאַליציע אין דער לעדער־ און פּאַפּיר־אינדוסטריע און אין מערב־גאַליציע אין דער האָלץ־אינדוסטריע. אין אַלע איבעריגע בראַנזשעס האָט זיך דער פּראָצענט אידן זייער באַדייטנדיג פאַר־קלענערט. אַפילו צווישן די ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַ־אַמטע האָט זיך דער פּראָצענטועלער אָנטייל פון אידן פאַרקלע־נערט: אין מזרח־גאַליציע מער ווי צוויי מאָל און אין מערב־גאַליציע כמעט פיר מאָל. אין קרעדיט און פאַרזיכערונג איז אויך די פאַרקלענערונג אַ גאַנץ אָנגעזעענע אין ביידע טיילן. אין האַנדל בכלל איז די פאַרקלענערונג פון אידישן אָנטייל באַדייטנדיג נאָר אין מערב־גאַליציע. פון די אינדוסטריע־צווייגן איז דאָס פאַלן פון אידישן אָנטייל באַדייטנדיג אין דער כע־מישער, מאַשינען־ און מינעראַל־אינדוסטריע. אַפילו אין דער באַקלייד־אינדוסטריע איז דאָ אַ פאַרקלענערונג פון פּראָצענ־טועלן אָנטייל פון דער אידישער באַפעלקערונג.

מיר קאָנען זיך דאָ ניט גענויער אָפּשטעלן אויף דער וויכ־טיגסטער פראַגע בנוגע צו דער דאָזיגער פּראָבלעם: צי איז די פאַרקלענערונג אַ רעזולטאַט פון אַ נ אַ ב ס אָ ל ו ט ן פאַלן פון דער צאָל אידישע אָנטיילנעמער אין די אַנטשפּרעכנדיגע

ווירטשאַפט-צווייגן, אָדער גאָר אַ פּועל יוצא פון אַ פאַרלאַנג-זאַמטן טעמפּ פון אַנטוויקלונג פון די דאָזיגע צווייגן צווישן אידן אין פאַרגלייך מיט דעם אַנטוויקלונג-טעמפּ באַ דער אַרומיגער באַפעלקערונג. אין אַלגעמיינעם קאָן מען זאָגן, אַז, חוץ זעלטענע אויסנאַמען, איז די פאַרקלענערונג געווען ניט קיין אַבסאָלוטע, נאָר אַ ר ע ל אַ ט י ווע. אַ באַדייטנדיגע אַבסאָלוטע פאַרקלענערונג פון אידן קאָן מען פעסטשטעלן נאָר צווישן די באַאַמטע: אין 1900-טן יאָר זיינען געווען אין גאַנץ גאַליציע אידישע באַאַמטע 12312 און אין 1921 נאָר 4186, דריי מאָל ווייניגער. די לעצטע פיר שפּאַלטן פון די טאַבעלעס VI און VII גיבן די פאַרהעלטנישן פאַר צוויי צייט-פונקטן באַ די זעלבשטענדיגע פון ביידע באַפעלקערונג-גרופּעס. ניט אָפּשטעלנדיג זיך דאָ אויף קיין פּרטים, מוז מען באַמערקן, אַז כמעט אין אַלע בראַנזשעס איז די פאַרקלענערונג פון די אידישע זעלבסטשטענדיגע קנאַפער, ווי דאָס פאַלן פונם פּראָצענט אידישע עקאָנאָמיש-אַקטיווע בכלל.

Tab. — VII — טאַב׳

## דער אנטייל פון אידן אין די באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס אין מזרח-גאַליציע 1900 און 1921

**Der Anteil der erwerbstätigen jüd. Bevölk. in den wichtigsten Berufen in Ostgalizien 1900 u. 1921**

| Beruf — פּראָפעסיע | עקאָנ. אַקטיווע באַפעלקערונג Erwerbstätige Bevölk. überhaupt: די גאַנצע צאָל Ges. Zahl | פון זיי אידן davon Juden: abs. | פון זיי אידן davon Juden: % | אידן אין % 1900 יאָר Prozentsatz der Juden i. J. 1900 | זעלבשטענדיגע Selbständige: די גאַנצע צאָל Ges. Zahl | פון זיי אידן davon Juden: abs. | פון זיי אידן davon Juden: % | אידן אין % 1900 יאָר Prozentsatz der Juden i. J. 1900 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| האַנדל — Warenhandel | 74 891 | 66 156 | 88,3 | 91,2 | 55 794 | 50 637 | 90,8 | 93,5 |
| קרעדיט און פאַרזיכערונג — Geld-u. Versicherungswesen | 3 573 | 1 098 | 30,7 | 48,9 | 152 | 137 | 90,1 | 85,4 |
| באַאַמטע און ליב. פּראָפ. — Öffentl. Dienst u. Freie Berufe | 65 110 | 10 765 | 16,5 | . | 9 200 | 4 809 | 52,3 | . |
| באַקליידונג — Bekleidungsindustrie | 43 849 | 15 889 | 36,2 | 41,2 | 29 226 | 9 525 | 32,6 | 41,0 |
| לעדער און פּאַפּיר — Leder-u. Papierindustrie | 2 479 | 1 327 | 53,5 | 52,8 | 1 058 | 536 | 50,7 | 56,7 |
| שפּייז — Nahrungsmittelindustrie | 19 130 | 8 750 | 45,7 | 53,8 | 8 313 | 4 987 | 60,0 | 63,4 |
| מעטאַל — Metallindustrie | 12 991 | 2 393 | 18,4 | 17,1 | 6 935 | 1 452 | 20,9 | 24,3 |
| מאַשינען — Maschinenindustrie | 2 031 | 295 | 14,5 | 18,5 | 250 | 86 | 34,4 | 22,4 |
| יובעלן, אינסטרומענטן א.א.וו. / Edelmetallverarbeitung usw. | 1 602 | 1 331 | 83,1 | 56,9 | 895 | 759 | 84,8 | 77,5 |
| כעמישע אינדוסטריע — Chemische Industrie | 3 928 | 871 | 22,2 | 56,7 | 220 | 168 | 76,4 | 64,8 |
| בוי — Baugewerbe | 16 708 | 2 382 | 14,3 | 17,1 | 7 924 | 1 501 | 18,9 | 28,2 |
| פּאָליגראַפ. אינדוסטריע — Polygraph. Industrie | 2 317 | 1 012 | 46,8 | 24,3 | 693 | 498 | 71,9 | 48,5 |
| האָלץ — Holz- u. Schnitzstoffindustrie | 23 456 | 4 444 | 18,9 | 23,6 | 8 426 | 1 814 | 21,5 | 32,1 |
| מינעראַל — Industrie der Steine u. Erden | 4 016 | 433 | 10,8 | 15,1 | 1 010 | 225 | 22,3 | 25,6 |
| באַרג-אינדוסטריע — Bergbau u. Hüttenwesen | 17 338 | 2 217 | 12,8 | 16,3 | 164 | 102 | 62,2 | 45,0 |
| טעקסטיל — Textilindustrie | 4 217 | 512 | 12,1 | 28,3 | 3 109 | 281 | 9,0 | 23,5 |

טאַבעלע VIII גיט אונז די דעטאַלירטע צאָלן פון די עקאָנאָמיש-אַקטיווע באַ אידן און ניט-אידן און זייער סאָציאַלע גלידערונג אין וואַרשע, אין דער גרעסטער שטאָדט פון פּוילן און אין דער גרעסטער אידישער קהלה אין אייראָפּע. טאַבעלע IX גיט די פאַרטיילונג פון דער אידישער און פּוילישער באַפעלקערונג לויט גאַנצע ווירטשאַפט-צווייגן און לויט זייער סאָציאַלער גלידערונג אין חלאַטיווע צאָלן.

די עקאָנאָמיש-אַקטיווע האָבן אויסגעמאַכט באַ אידן 36,4% פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג, באַ פּוילן—47,9% פון דער גאַנצער פּוילישער באַפעלקערונג. פאַרגלייכט מען די סאָציאַלע גלידערונג באַ אידן און פּוילן אין וואַרשע, זעהט מען, אַז אַ גאַנצער תהום טיילט אָפּ איין גרופּע פון דער אַנדערער. די זעלבשטענדיגע מאַכן אויס באַ אידן 44,0 פּראָצענט פון אַלע עקאָנאָמיש-אַקטיווע און באַ פּוילן נאָר 13,4, אַלזאָ מער ווי דריי מאָל ווייניגער. דער גרעסטער חילוק איז באַ טראַנספּאָרט און קאָמוניקאַציע, וואו באַ אידן זיינען 62,7% בעלי-בתים און באַ פּוילן נאָר — 6,4%. אין האַנדל זיינען באַ אידן 67,4% בעלי-בתים און באַ פּוילן — 25,6% א.א.וו. אין דער אינדוסטריע איז דער חילוק אַ סך אַ קלענערער: באַ אידן — 39,5% בעלי-בתים און באַ פּוילן—22,5%. דער פּראָצענט אַרבעטער מאַכט אויס באַ די פּוילן 53,1 פון אַלע עקאָנאָמיש-אַקטיווע און באַ אידן — 32,8 פּראָצענט. דעם העכסטן פּראָצענט אַרבעטער גיט, פאַרשטייט זיך, די אינדוסטריע: באַ פּוילן — 68,2 פון אַלע באַשעפטיגטע אין דעם דאָזיגן ווירטשאַפט-צווייגן און באַ אידן — 49,9. נעמט מען באַזונדערע אינדוסטריע-צווייגן, באַקומט זיך אַ אַנדער בילד. אַזוי זיינען געווען אַרבעטער פון אַלע באַשעפטיגטע אין די ווייטער געבראַכטע בראַנזשעס:

| | באַ אידן | באַ ניט-אידן |
|---|---|---|
| מעטאַל | 45,0 | 80,5 |
| טעקסטיל | 59,6 | 73,0 |
| באַקליידונג | 49,2 | 51,3 |

אין דער באַקלייד-אינדוסטריע, וואָס טראָגט אומעטום אַ האַנטווערקערישן כאַראַקטער, איז דער פּראָצענט אַרבעטער כמעט אַלצאיינס באַ אידן און פּוילן; אין דער מעטאַל-אינדו-

Tab. — VIII — טאבי

# דער פראפעסיאנעלער באשטאנד און די קלאסן־דיפערענצירונג פון דער עקאנאמיש־אקטיווער באַ־פעלקערונג אין ווארשע

— 1921 —

**Berufliche Gliederung und soziale Schichtung der erwerbstätigen Bevölkerung in Warschau**

| Nichtjuden — ניט־אידן | | | | | | Juden — אידן | | | | | | קלאסן־ Soziale Stellung / פראפעסיעס Berufsgruppen |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צוזאמען Zusammen | אומבאקאנט Unbekannt | העלפנד. פאמ.־גלידער Mithelf. Fam. Angehör. | ארבעטער Arbeiter | אנגעשטעלטע Angestellte | זעלבשטענדיגע Selbständige | צוזאמען Zusammen | אומבאקאנט Unbekannt | העלפנד. פאמ.־גלידער Mithelf. Fam. Angehör. | ארבעטער Arbeiter | אנגעשטעלטע Angestellte | זעלבשטענדיגע Selbständige | |
| **3 925** | **47** | **577** | **1 821** | **325** | **1 155** | **159** | **2** | **12** | **48** | **27** | **70** | I. Landwirtschaft — לאנדווירטשאפט |
| **87 666** | **79** | **1 306** | **59 096** | **7 349** | **19 836** | **41 178** | **22** | **2 814** | **20 560** | **1 539** | **16 243** | II. Industrie u. Gewerbe — אינדוסטריע |
| 10 727 | 6 | 66 | 8 633 | 991 | 1 031 | 1 951 | 1 | 149 | 876 | 119 | 806 | . . . . . Metallindustrie — מעטאל |
| 6939 | 3 | 11 | 5 544 | 1 016 | 365 | 457 | 2 | 12 | 200 | 76 | 167 | Masch., Apparate — מאשינען, אַפּאַראט. |
| 1 377 | 2 | 43 | 709 | 113 | 320 | 1 507 | — | 90 | 592 | 49 | 776 | Edelmet., Instr. — איידלמעט., אינסטר. |
| 2 139 | 1 | 9 | 1 411 | 587 | 131 | 765 | — | 51 | 271 | 207 | 236 | . . . . Chemische Ind. — כעמישע |
| 3 527 | 5 | 45 | 2 570 | 182 | 725 | 2 983 | 3 | 220 | 1 773 | 149 | 838 | . . . . Textilindustrie — טעקסטיל |
| 631 | — | 7 | 478 | 98 | 48 | 780 | 1 | 74 | 377 | 49 | 279 | . . . . . Papierindustrie — פאפיר |
| 2 290 | 6 | 33 | 1 797 | 160 | 294 | 1 825 | — | 130 | 1 022 | 61 | 612 | . . . . . Lederindustrie — לעדער |
| 4 708 | 6 | 167 | 2 673 | 199 | 1 663 | 2 372 | — | 178 | 909 | 124 | 1 161 | . . . . . . Holzindustrie — האלץ |
| 8 022 | 6 | 161 | 5 938 | 810 | 1 107 | 3 993 | 1 | 267 | 2 379 | 277 | 1 069 | . . . . . Nahrungsmittel — שפייז |
| 26 332 | 17 | 676 | 13 516 | 321 | 11 802 | 20 907 | 9 | 1 500 | 10 292 | 129 | 8 977 | . . . . Bekleidung — באקליידונג |
| 4 545 | 8 | 28 | 3 358 | 746 | 405 | 1 131 | 1 | 79 | 624 | 68 | 359 | . . . . Polygragh. — פאליגראפישע |
| 8 263 | 3 | 54 | 5 848 | 855 | 1 503 | 1 002 | 1 | 49 | 218 | 43 | 691 | . . . . . . . Bauindustrie — בוי |
| 2 420 | — | — | 1 889 | 525 | 6 | 12 | — | — | 6 | 5 | 1 | . Gas, Wasser, Elektr. — גאז, וואסער, |
| 5 946 | 16 | 16 | 4 732 | 746 | 426 | 1 493 | 3 | 15 | 1021 | 183 | 271 | . . . . . . . Sonstige — אנדערע |
| **38 583** | **50** | **1 025** | **16 667** | **10 874** | **9 967** | **40 003** | **35** | **3 377** | **6 286** | **3 356** | **26 949** | III. Handel u. Versich. — האנדל, פארזיכ. |
| 19 340 | 30 | 845 | 5 880 | 4 318 | 8 267 | 34 495 | 31 | 3 176 | 5 800 | 1 770 | 23 718 | . . . . . Warenhandel — קראמעו |
| 1 578 | 5 | — | 536 | 1 037 | — | 86 | 2 | — | 37 | 47 | — | . Kooperativhandel — קאאפ. האנדל |
| 11 893 | 12 | 170 | 9 573 | 852 | 1 286 | 2 000 | 1 | 169 | 415 | 773 | 642 | Hot. u. Schankw. — האטעלן, רעסטאָר. |
| 4 289 | 2 | 1 | 556 | 3 676 | 54 | 598 | — | 6 | 13 | 475 | 104 | . . . . Geldhandel — געלט־האנדל |
| 790 | — | — | 50 | 732 | 8 | 115 | — | — | — | 109 | 6 | . . . Versicherung — פארזיכערונג |
| 693 | 1 | 9 | 72 | 259 | 352 | 22 709 | 1 | 26 | 21 | 182 | 2 479 | . . . . Vermittlung — פארמיטלונג |
| **27 783** | **13** | **91** | **18 148** | **7 772** | **1 759** | **4 180** | **4** | **104** | **830** | **620** | **2 622** | IV. Transport u. Verkehr — טראנספארט |
| 4 056 | 1 | — | 1 387 | 2 668 | — | 15 | — | — | 2 | 13 | — | Post, Telegr., Teleph. — פאסט, טעלעגר. |
| 19 188 | 8 | — | 14 784 | 4 396 | — | 142 | 1 | — | 86 | 55 | — | Eisen-, Straßenb. — אייזנבאן, טראמוויי |
| 2 752 | 2 | 81 | 1 322 | 198 | 1 149 | 865 | 2 | 55 | 351 | 39 | 418 | . . Sonst. Verkehr — אנד. קאמוניק. |
| 1 787 | 2 | 10 | 655 | 510 | 610 | 3 158 | 1 | 49 | 391 | 513 | 2 204 | Ortstransport — ארטיגער טראנספ. |
| **43 601** | **98** | **30** | **13 962** | **24 239** | **5 272** | **6 326** | **8** | **36** | **648** | **2 492** | **3 142** | V. Freie Berufe, Beamte — ליב. פראפ. |
| 22 293 | 30 | 3 | 7 921 | 13 837 | 502 | 507 | 1 | — | 69 | 297 | 140 | Beamte, Anwälte — באאמטע, אדוואקאטן |
| 5 754 | 11 | 10 | 2 535 | 1 896 | 1 302 | 1 547 | 4 | 20 | 257 | 270 | 996 | . . Sanitätswesen — מעד. פערסאנאל |
| 3 833 | 43 | — | 1 681 | 2 109 | — | 497 | 1 | — | 107 | 389 | — | . . Öeffentl. Dienst — געז. אינסטיט. |
| 677 | 3 | — | 170 | 504 | — | 367 | — | — | 135 | 232 | — | . . . . Kirche — קירכע, כלי קודש |
| 7 879 | 8 | 9 | 999 | 4 372 | 2491 | 2 841 | 2 | 10 | 59 | 1 065 | 1 705 | . . . . Bildungswesen — שול־וועזען |
| 3 165 | 3 | 8 | 656 | 1 521 | 977 | 567 | — | 6 | 21 | 239 | 301 | . . Schöne Künste — קונסט, ליטער. |
| **10 948** | **17** | — | **5 171** | **5 760** | — | **214** | **2** | — | **131** | **81** | — | VI. Militär, Marine u.s.w. — ארמיי, פלאט |
| **31 321** | **25** | **70** | **28 575** | **124** | **2 527** | **7 850** | **3** | **60** | **7 025** | **25** | **737** | VII. Haus- u. Privatdienst — הויז־דינסט א. וו. |
| 26 695 | 17 | — | 26 667 | 11 | — | 6 471 | 3 | — | 6 468 | — | — | . . . . . Hausdienst — הויז־דינסט |
| 4 626 | 8 | 70 | 1 908 | 113 | 2 527 | 1 379 | — | 60 | 557 | 25 | 737 | . . Privatdienst — פערזענל. דינסט |
| **39659** | **39 659** | — | — | — | — | **9 591** | **9 591** | — | — | — | — | VIII. ארבעטסלאזע, ראנטיערן א. א. וו. . . Rentner, Pension., Arbeitslose |
| **16 775** | **1 977** | **4** | **12 312** | **2 429** | **53** | **3 521** | **794** | **4** | **1 602** | **1 096** | **25** | IX. . . . . Unbekannt — אומבאקאנט |
| **300261** | **41 965** | **3 103** | **155752** | **58 872** | **40 569** | **113 022** | **10 461** | **6 407** | **37 130** | **9 236** | **49 788** | . . . **Insgesamt** — צוזאמען |

Tab. — IX — טאַב.

## די סאָציאַלע דיפערענצירונג פון דער עקאָנאָמיש אַקטיווער באַפעלקערונג אין וואַרשע

## Die soziale Gliederung der erwerbstätigen Bevölkerung der Stadt Warschau

| Beruf — פּראָפעסיע | | A | B | C | D | E | A-E |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| I. האַנדל און פאַרזיכערונג — Handel u. Versicherung | Juden — אידן | 67,4 | 8,4 | 15,7 | 8,4 | 0,1 | 100,0 |
| | Polen — פּוילן | 25,6 | 27,0 | 44,7 | 2,6 | 0,1 | 100,0 |
| II. אינדוסטריע און מלאכה — Industrie und Gewerbe | Juden — אידן | 39,5 | 3,7 | 49,9 | 6,8 | 0,1 | 100,0 |
| | Polen — פּוילן | 22,5 | 7,7 | 68,2 | 1,5 | 0,1 | 100,0 |
| III. טראַנספּ. און קאָמוניקאַציע — Transport u. Verkehr | Juden — אידן | 62,7 | 14,8 | 19,9 | 2,5 | 0,1 | 100,0 |
| | Polen — פּוילן | 6,4 | 27,3 | 65,9 | 0,3 | 0,1 | 100,0 |
| IV. באַאַמטע און ליב. פּראָפ. — Öff. Dienst u. Freie Berufe | Juden — אידן | 49,7 | 39,4 | 10,2 | 0,6 | 0,1 | 100,0 |
| | Polen — פּוילן | 11,3 | 54,8 | 33,6 | 0,1 | 0,2 | 100,0 |
| V. לאַנדווירטשאַפט — Landwirtschaft | Juden — אידן | 44,0 | 17,0 | 30,2 | 7,5 | 1,3 | 100,0 |
| | Polen — פּוילן | 28,6 | 8,2 | 47,6 | 14,4 | 1,2 | 100,0 |
| **עקאָנ. אַקטיווע צוזאַמען — Erwerbstät. überhaupt** | **Juden — אידן** | **44,0** | **8,2** | **32,8** | **5,7** | **9,3** | **100,0** |
| | **Polen — פּוילן** | **13,4** | **18,9** | **53,1** | **1,0** | **13,6** | **100,0** |

באַמ.: די סאָצ. גרופּעס זיינען באַצייכנט מיט: A—זעלבשטענדיגע; B—אַנגעשטעלטע; C—אַרבעטער; D—מיטהעלפ. פאַמיליע־גלידער; E—אומבאַקאַנט;
Anmerkung: A—Selbständige; B—Angestellte; C—Arbeiter; D—Mithelf. Fam.-Angehörige; E—Unbekannt.

סטריע, אין וועלכער די פּוילן אַרבעטן דער עיקר אין די גרויסע פאַבריקן און די אידן אין די וואַרשטאַטן, איז שוין אַ גרויסער חילוק — בײַ אידן מאַכן אויס די אַרבעטער נאָר 45,0 פּראָצענט און בײַ פּוילן — 80,5.

ליידער, פעלן נאָך די דאַטן וועגן דער שטאָט לאָדז, — די דאָזיגע דאַטן שטעלן גראַדע פאָר אַ קאָלאָסאַלן אינטערעס אויף פעסטשטעלן די אַנטוויקלונג פון דער אידישער עקאָנאָמיק פאַר די לעצטע צענדליגער יאָרן אין אַ אויסגעשפּראָכן אינדוס־טריעלער שטאָט. וועגן די ענדערונגען אין פּראָפעסיאָנעלן באַ־שטאַנד פון דער אידישער באַפעלקערונג אין וואַרשע האָבן מיר טיילוויז גערעדט אין אונזער אויבנגעדרוקטער אַרבעט „די אַנטוויקלונג פון אידישן פאָלק פאַר די לעצטע 100 יאָר“. מיר האָבן זיך אָבער דאָרטן באַגרענעצט מיט דאַטן וועגן גאַנצע ווירטשאַפט־צווייגן; וויל מען אָבער אַריינדרינגען טיפער אין דער קאָנקרעטער ווירקליכקייט פון די קאָמפּליצירטע פּראָצעסן, וואָס דאָס פּוילישע אידנטום מאַכט דורך, מוז מען די דאָזיגע אינטערעסאַנטע פראַגע באַאַרבעטן מער דעטאַלירט און לויט איינצלנע בראַנזשעס הן אינם האַנדל און הן אין דער אינדו־סטריע.

מיר האָבן אינגאַנצן ניט אָנגערירט די פראַגע וועגן אָנטייל פון דער אידישער פרוי אין אידישן עקאָנאָמישן לעבן, — דאָס איז ביז גאָר אַ אינטערעסאַנט קאַפּיטל און באַלייכט ניט נאָר די פראַגע וועגן אידישער פרויען־אַרבעט אין ענגן זין פון וואָרט, נאָר קען אויך וואַרפן אַ אינטערעסאַנטן שיין אויף די טיפע שנוים, וואָס קומען פאָר אין סאָציאַלן לעבן פון גאַנצן אידנטום. פון די פאַרגאַנגענע צייטן ווייסן מיר פון אַ אידישער פרוי, וואָס העלפט אָדער פאַרבייט גאָר אינגאַנצן דעם מאַן אין קראָם, אין געשעפט — פון אַ האַנטווערקערין אָדער אַרבעטערין איז קיין זכר ניטאָ. פאַרקערט, די לעצטע 30—40 יאָר זיינען כאַראַקטעריסטיש מיטן אַריינציען פון דער אידישער פרוי אין דער פּראָדוקציע, אין וואַרשטאַט און פאַבריק. אויפדעקן דעם אָנהויב פונם דאָזיגן פּראָצעס, זיין פאַרנעם און אַנטוויקלונג איז זייער אַ דאַנקבאַרע טעמע, און גראַדע די פּויליש־אידישע פרוי איז אין דעם פּרט דער דאַנקבאַרסטער מאַטעריאַל.

## II. Ungarn — אונגאַרן .II

טאַב. I גיט אונז די הכנסה־קוואַלן פון די אונגאַרישע אידן אין 1920. סך־הכל אַביסל מער פון פיר פּראָצענט לעבן פון לאַנדווירטשאַפט בײַ אידן, ווען בײַ חער ניט־אידישער באַפעלקערונג לעבן גאַנצע 59,8 פון באַאַרבעטן ערד, ד. ה. כמעט 14 מאָל מער. בײַ האַנדל איז די לאַגע פונקט פאַרקערט— בײַ ניט־אידן סך־הכל 3,6 פּראָצענט, 13 מאָל ווייניגער. פון אינ־דוסטריע לעבן בײַ אידן 29,5 פּראָצענט און בײַ ניט־אידן 18,0, כמעט צוויי מאָל ווייניגער; דאָס זעלבע איז מיט באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס — בײַ אידן לעבט פון די דאָזיגע פּראָפעסיעס צוויי מאָל אַ גרעסערער פּראָצענט, ווי בײַ ניט־אידן. קאַפּיטאַליסטן און ראַנטיעס, מענשן, וואָס לעבן פון רייטן, פון אָנגעזאַמלטן אָדער געירשנטן קאַפּיטאַל, זיינען בײַ אידן פאַראַן גאַנצע 4,1 פּראָצענט און בײַ ניט־אידן — 2,4%.

אידן זיינען אַלזאָ אין אונגאַרן אַן־אויסגעשפּראָכן שטאָטישע נאַציע, ווען די ניט־אידישע באַפעלקערונג איז דער עיקר נאָך אַגראַריש, אָבער מיט אַ שוין גוט אַנטוויקלטן שיכט שטאָטישע עלעמענטן, וועלכער שטרעבט זיך פאַרשפּרייטן און וואַקסן און וועלכער איז חעריבער אַזוי אַגרעסיוו לגבי דער אידישער באַפעלקערונג, וואָס איז געקומען פריער און פאַרנומען אי אַ סך פלעצער אי אפשר די בעסטע פלעצער.

Tab. — I — טאַב·

**הכנסה־קוואלן פון דער אידישער באפעלקערונג אין אונגארי**

**Erwerbsquellen der jüd. u. nichtjüd. Bev. in Ungarn**

| | | | ניט־אידן Andere | אידן Israeliten |
|---|---|---|---|---|
| I. | לאנדווירטשאפט | abs. | 4 428 300 | 20 804 |
| | Landwirtschaft | % | 59,8 | 4,4 |
| II. | אינדוסטריע און מלאכה | abs. | 1 329 493 | 139 629 |
| | Industrie u. Gewerbe | % | 18,0 | 29,5 |
| III. | האנדל און קרעדיט | abs. | 264 098 | 215 699 |
| | Handel u. Kredit | % | 3,6 | 45,5 |
| IV. | קאָמוניקאציע | abs. | 332 140 | 17 646 |
| | Verkehr | % | 4,5 | 3,7 |
| V. | באאמטע און פרייע פראָפ· | abs. | 331 174 | 40 992 |
| | Öff. Dienst u. Freie Berufe | % | 4,5 | 8,7 |
| VI. | מיליטער | abs. | 121 357 | 3 243 |
| | Armee | % | 1,6 | 0,7 |
| VII. | שווארץ־ארבעט | abs. | 96 104 | 1 365 |
| | Taglöhner | % | 1,3 | 0,3 |
| VIII. | קאפיטאליסטן א· א· וו· | abs. | 177 453 | 19 372 |
| | Retner, Anstalteninsassen | % | 2,4 | 4,1 |
| IX. | אנדי און אומבאקאנט | abs. | 150 408 | 11 311 |
| | Sonst. und unbekannt | % | 2,0 | 2,4 |
| X. | דינסטן | abs. | 172 212 | 3 249 |
| | Dienerschaft | % | 2,3 | 0,7 |
| | **צוזאמען** | abs. | **7 402 739** | **473 310** |
| | Zusammen | % | **100,0** | **100,0** |

באמערקונג: די אנגעשטעלטע פון דער בראנזשע "האטעל און קאפעס" זיינען פארערכנט געווארן מיט זייערע פאמיליע־גלידער צו אינדוסטריע· די בעלי־בתים און ארבעטער—צום האנדל·

טאַב. II גיט אונז דעם פּראָפעסיאָנעלן באַשטאַנד פון דער עקאָנאָמיש־אַקטיווער באַפעלקערונג. די רעלאַטיווע צאָלן פאַלן כמעט צוזאַמען מיט די נאָרמאָס באַהאַנדלטע בנוגע די הכנסה־קוואַלן, און מיר וועלן זיי דעריבער ניט איבערחזרן. אינטערעסאַנט איז דער פּראָצענט, וואָס אידן מאַכן אויס אין יעדער גרופּע לגבי דער גאַנצער צאָל — דאָס ווייזט אונז די ראָל און די וואָג פון אידן אין באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן. אַזוי האָבן אידן אויסגעמאַכט פון יעדע הונדערט באַשעפטיגטע אין:

| | |
|---|---|
| האנדל | 40·6 |
| קאפיטאליסטן | 10·6 |
| באַאמטע | 10·3 |
| אינדוסטריע | 9·3 |
| קאָמוניקאציע | 5·7 |
| מיליטער | 2·8 |
| דינסט | 2·0 |
| לאנדווירטשאפט | 0·4 |
| שווארץ־ארבעט | 0·1 |
| **פון אלע עקאָנאָמיש־אקטיווע** | **5·5** |
| **פון דער גאנצער באַפעלקערונג** | **5·9** |

אין האַנדל זיינען אַלזאָ אידן פאַרטראָטן 8—7 מאָל מער ווי צווישן אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע; צווישן קאַפּיטאַליסטן און ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום—באַ צוויי מאָל מער; אין מיליטער—צוויי מאָל ווייניגער; אין דינסט—דריי מאָל ווייניגער; אין לאַנדווירטשאַפט—14 מאָל ווייניגער און אין שוואַרץ־אַרבעט—55 מאָל ווייניגער. די דאָזיגע ציפער באַווייזן גאַנץ קלאָר, ווי ריכטיג ס'איז, אַז די אידן אין אונגאַרן האָבן פאַרנומען די פּלעצער פון די שטאָטישע פּראָפעסיעס און פון די בעסער באַצאָלטע שטאָטישע פּראָפעסיעס.

טאַב. III גיט אונז העכסט אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל וועגן דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון דער לאַנדווירטשאַפטליכער באַפעלקערונג. שטעלן מיר זיך צוערשט אָפּ אויף דער אידישער גרופּע פאַר זיך. ס'שטעלט זיך אַרויס, אַז אַ גאַנץ דריטל פון אַלע אידישע עקאָנאָמיש־אַקטיווע לאַנדווירטן געהער צו עקספּלואַטירטע עלעמענטן: אַרבעטער, אָנגעשטעלטע און דינסטן.

Tab. — II — טאַב·

**דער פראפעסיאנעלער באשטאנד בא דער איד· און ניט־איד· באפעלק· אין אונגארי**

**Berufsgliederung der erwerbstätigen jüdischen u. nichtjüd. Bev. in Ungarn**

| | Beruf | Andere — ניט־אידן % | Andere — ניט־אידן abs. | Israeliten — אידן % | Israeliten — אידן abs. | פראפעסיע | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| I. | Landwirtschaft | 59,7 | 2 118 033 | 4,2 | 8 655 | לאנדווירטשאפט | I. |
| II. | Industrie und Gewerbe | 17,5 | 622 586 | 31,2 | 63 872 | אינדוסטריע און מלאכה | II. |
| III. | Handel u. Kredit | 3,7 | 130 404 | 43.6 | 89 065 | האנדל און קרעדיט | III. |
| VI. | Verkehr | 3,1 | 108 655 | 3,2 | 6 516 | קאמוניקאציע | IV. |
| V. | Öffentl. Dienst u. Freie Berufe | 4,2 | 150 177 | 8,6 | 17 554 | באאמטע און ליב· פראפעסיעס | V. |
| VI. | Armee | 2,4 | 85 704 | 1,2 | 2 435 | מיליטער | VI. |
| VII. | Taglöhner | 1,4 | 49 452 | 0,4 | 666 | שווארץ־ארבעט | VII. |
| VIII. | Rentner, Anstalteninsassen usw. | 2,5 | 88 472 | 5,1 | 10 482 | קאפיטאליסטן א·א·וו· | VIII. |
| XI. | Sonstige und unbekannt | 1,2 | 41 859 | 1,0 | 2 235 | אנדערע און אומבאקאנט | IX. |
| X. | Dienerschaft bei I-VIII | 4,3 | 152 865 | 1,5 | 3 027 | דינסטן בא די גרופעס I-VIII | X. |
| | Insgesamt | 100,0 | 3 548 207 | 100,0 | 204 507 | צוזאמען | |

באמערקונג: אין דער גרופע "אינדוסטריע און מלאכה" זיינען אויך אריינגעגאנגען די אנגעשטעלטע פון דער האטעל־און קאפע־בראנזשע· די בעלי־בתים און ארבעטער פון דער דאזיגער בראנזשע זיינען צוגעציילט געווארן צו דער גרופע "האנדל און קרעדיט"·

בּאַ 45 פּראָצענט פוּן אַלע אידישע לאַנדווירטן זיינען קליינע ערד־בּאַזיצער, וועלכע בּאַאַרבּעטן געוויס אַליין זייער לאַנד. אויף אַזאַ אופן בּאַקומט זיך, אַז בּערך 70־75 פּראָצענט פוּן דער אידישער לאַנדווירטשאַפטליכער בּאַפעלקערונג קאָן אויף געוויס צוגערעכנט ווערן צו די אַרבּעטנדיגע עלעמענטן. גאָר גרויסע ערד־בּאַזיצער זיינען געווען בּאַ אידן סך־הכל 1,6 פּראָצענט. די איבּעריגע זיינען מיטעלע ערד־בּאַזיצער.

Tab. —III— טאַבּ.

**די עקאָנ. אקטיווע לאנדווירטשאפטליכע באפ. אין אונגארן**

**Gliederung der erwerbstät. landwirtschaft. Bev. in Ungarn**

| קאַטעגאָריע — Soz. Stellung | אידן Juden | ניט־אידן Andere |
|---|---|---|
| גרויסבּאַזיץ — Großgrundbesitz . . . | 137 | 661 |
| % | 1,6 | 0,03 |
| מיטעלבּאַזיץ / Mittelbesitz-200-1000 ha . | 528 | 2 505 |
| % | 6,0 | 0,1 |
| —100—200 ha— | 361 | 5 020 |
| % | 4,2 | 0,2 |
| —100 ha— | 1 030 | 2 040 |
| % | 12,0 | 0,1 |
| קליינבּאַזיץ — Kleinbesitz-50-100 ha . . . | 617 | 23 502 |
| % | 7,2 | 1,1 |
| —20—50 ha— | 947 | 133 161 |
| % | 11,0 | 6,3 |
| —10—20 ha— | 686 | 230 996 |
| % | 7,9 | 10,9 |
| — 5—10 ha — | 620 | 282 521 |
| % | 7,2 | 13,4 |
| — 5 ha — | 796 | 407 151 |
| % | 9,2 | 19,3 |
| קאָלאָנען — Kolonen . . . . . . . . . | 95 | 33 243 |
| % | 1,1 | 1,6 |
| אַרענדאַרן און שאָף־ציכטער Pächter u. Schafzüchter | 3 | 497 |
| % | 0 | 0,02 |
| גערטנער — Gärtner . . . . . . . . | 22 | 3 169 |
| % | 0,3 | 0,2 |
| אָנגעשטעלטע — Landw. Angestellte . . . | 1191 | 4140 |
| % | 14,0 | 0,2 |
| דינסטן — Dienerschaft . . . . . . . . . | 617 | 244 512 |
| % | 7,2 | 10,6 |
| לאַנדוו. אַרבּעטער — Landw. Arbeiter . | 893 | 748 276 |
| % | 10,4 | 35,5 |
| גערטנער־אַרבּעטער / Gärtnerei-Arbeiter . | 61 | 8 147 |
| % | 0,7 | 0,4 |
| צוזאַמען — Insgesamt . . | 8 604* | 2 109 541* |
| % | 100,0 | 100,0 |

* די אומבּאַקאַנטע זיינען אין סך־הכל ניט אריינגערעכנט.

פאַרגלייכט מען די אידישע לאַנדווירטשאַפטליכע בּאַפעלקערונג מיט דער ניט־אידישער, איז קלאָר, אַז די ערשטע בּאַשטייט פוּן רייכערע עלעמענטן. די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן מאַכן אויס בּאַ די ניט־אידן 47 פּראָצענט; די קליינע ערד־בּאַזיצער מער פוּן אַ העלפט; גאָר גרויסע ערד־בּאַזיצער—סך־הכל 0,03%.

מיר האָבּן שוין העכער געזעהן, אַז כמעט אַ דריטל פוּן דער אידישער בּאַפעלקערונג אין אונגאַרן לעבּט פוּן אינ־דוסטריע און מלאכה. ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אַז דאָס אונ־גאַרישע אידנטום האָט אין משך פוּן 19־טן יאָרהונדערט דורכ־געמאַכט אין אַלגעמיינעם דעם זעלבּן פּראָצעס פוּן פּראָדוק־טיוויזאַציע, וואָס דאָס גאַנצע מזרח־אייראָפּייאישע אידנטום. צום סוף 18־טן יאָרהונדערט האָבּן קוים צען פּראָצענט אידן געלעבּט אין אונגאַרן פוּן פּראָדוקטיווע בּאַשעפטיגונגען, ווען איצט לעבּן פוּן אַזעלכע פּרנסות מער פוּן 38 פּראָצענט און מיט ליבּעראַלע פּראָפעסיעס בּערך 45 פּראָצענט. דער גרעסטער טייל פוּן אידן, מיט פּראָדוקטיווע בּאַשעפטיגונגען בּאַשטייט פוּן בּעלי־מלאכות.

טאַבּ. IV גיט אונז די וויכטיגסטע מלאכה־בּראַנזשעס בּאַ אידן און ניט־אידן, און אַפילו פוּן דער האָזיגער פּאַרטיילונג איז קלאָר, אַז מיר האָבּן אין אונגאַרן אַ טיפּישע אידישע האַנטווער־קערישע מאַסע פוּן מזרח־אייראָפּייאישן שניט. נאָר אין דריי בּראַנזשעס פוּן דער בּאַקלייד־אינדוסטריע זיינען בּאַ אידן פאַר־נומען: 47 פּראָצענט פוּן אַלע אידישע בּעלי־בּתים אין דער אינדוסטריע און בּאַ די אַרבּעטער — 28 פּראָצענט. בּאַ בּיידע גרופּעס צוזאַמען זיינען פאַרנומען אין די דריי בּאַקלייד־בּראַנזשעס 36% פוּן אַלע בּאַשעפטיגטע אין אינדוסטריע. ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אַז בּנוגע צו מלאכה אַליין וועלן די בּאַ־שעפטיגטע אין דער בּאַקלייד־אינדוסטריע אויסמאַכן בּערך 45 אָדער מער פּראָצענט, וואָס ס'איז טיפּיש פאַר אידישע בּעלי־מלאכות אומעטום. אין צוויי בּראַנזשעס פוּן דער מעטאַל־אינדוסטריע — שמידן און שלאָסער — זיינען געווען בּאַשעפ־טיגט בּאַ אידן: 10,0 פּראָצענט פוּן אַלע אַרבּעטער און 2,3 פוּן אַלע בּעלי־בּתים; בּאַ בּיידע גרופּעס צוזאַמען 6,5 פּראָצענט פוּן דער גאַנצער אידישער אינדוסטריעלער בּאַפעלקערונג. ס'איז קלאָר, אַז אין דער גאַנצער גרופּע מעטאַל־אינדוסטריע וועלן זיין בּאַשעפטיגט 8—9 פּראָצענט פוּן אַלע אידישע בּעלי־מלאכות, — אויך דאָס איז טיפּיש פאַר די אידישע בּעלי־מלאכות אין מזרח־אייראָפּע.

פאַרגלייכט מען די אידישע אינדוסטריעלע בּאַפעלקערונג מיט דער ניט־אידישער, וואַרפן זיך אין די אויגן די חילוקים, וועלכע זיינען אונז בּאַקאַנט פוּן מזרח־אייראָפּע: בּאַ מעטאַל זיינען פאַרנומען ניט־אידישע אַרבּעטער צוויי מאָל מער און ניט־אידישע בּעלי־בּתים פינף מאָל מער; בּאַ סטאָלערײַ—בּערך דאָס זעלבּע; אין דער בּוי־אינדוסטריע זיינען בּאַ ניט־אידן פאַרנומען בּערך זעקס פּראָצענט פוּן דער גאַנצער אינדוסטרי־עלער בּאַפעלקערונג, ווען בּאַ אידן איז אין דעם דאָזיגן אינדוס־טריע־צווייג פאַרנומען סך־הכל 0,1 פּראָצענט. אין דער בּאַ־קלייד־אינדוסטריע אָבּער זיינען שוין אידן מער בּאַשעפטיגט — צוויי מאָל מער, ווי ניט־אידן.

דער חילוק צווישן אידן און ניט־אידן בּנוגע דער סאָ־ציאַלער גלידערונג איז צו זעהן פוּן דעם, וואָס פוּן הונדערט בּאַשעפטיגטע אין אינדוסטריע זיינען געווען:

| | בּעלי־בּתים | אַרבּעטער |
|---|---|---|
| בּאַ אידן . . . . . . . . | 45·2 | 54·8 |
| ״ ניט־אידן . . . . . | 33·2 | 66·8 |

בּאַ דער ניט־אידישער בּאַפעלקערונג איז דער פּראָצענט בּעלי־בּתים נידריגער ווי בּאַ אידן. דער פּראָצענט אַרבּעטער איז בּאַ די ניט־אידן צוויי מאָל גרעסער פוּן פּראָצענט בּעלי־בּתים, בּאַ אידן—נאָר אויף אַן ערך אַ פינפטל גרעסער.

Tab. — IV — טאַב.

## פאַרטיילונג פון די בעלי־בתּים און אַרבעטער אין אונגאַרן לויט איינצעלנע בראַנזשעס

## Gliederung der Selbständigen u. Arbeiter in der Industrie Ungarns nach Branchen

| Branche | ניט־אידישע באַפעלקערונג Andere | | | | אידישע באַפעלקערונג Israeliten | | | | בראַנזשע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אַרבעטער Arbeiter | | זעלבשטענדיגע Selbständige | | אַרבעטער Arbeiter | | זעלבשטענדיגע Selbständige | | |
| | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | |
| 1. Schneider . . . . . . . | 6,7 | 25 453 | 17,8 | 33 795 | 20,2 | 5 894 | 35,9 | 8 656 | 1· שניידער . . . . . . . . . |
| 2. Schuh-u. Stiefelmacher | 8,7 | 33 112 | 17,9 | 33 971 | 7,0 | 2 038 | 10,2 | 2 458 | 2· שוסטער . . . . . . . . . |
| 3. Kürschner . . . . . . . | 0,2 | 825 | 0,4 | 822 | 0,8 | 227 | 0,8 | 199 | 3· קירזשנער . . . . . . . . . |
| 4. Tischler usw. . . . . . | 10,3 | 39 505 | 13,6 | 25 892 | 4,5 | 1 328 | 3,1 | 737 | 4· סטאָליאַרעס . . . . . . . |
| 5. Schmiede, Schlosser usw. | 19,9 | 76 263 | 10,9 | 20 728 | 10,0 | 2 912 | 2,3 | 561 | 5· שמידן און שלאָסערס . |
| 6. Mauerarbeiter . . . . . | 6,0 | 22 971 | 5,1 | 9 651 | 0,1 | 31 | 0,1 | 12 | 6· בוי־אַרבעטער . . . . . |
| 7. Typo-u. Litographen . | 2,1 | 8 105 | 0,1 | 198 | 5,7 | 1 658 | 1,4 | 331 | 7· דרוקער . . . . . . . . . |
| 8. Weber . . . . . . . . . | 1,1 | 4 176 | 0,8 | 1 495 | 0,3 | 104 | 0,2 | 53 | 8· וועבער . . . . . . . . . |
| 9. Bäcker . . . . . . . . . | 1,4 | 5 348 | 0,9 | 1 806 | 3,2 | 924 | 2,5 | 605 | 9· בעקערס . . . . . . . . |
| 10. Müller . . . . . . . . . | 3,6 | 13 934 | 1,7 | 3 190 | 0,9 | 254 | 1,0 | 238 | 10· מילנער . . . . . . . . . |
| 11. Fleischer . . . . . . . . | 2,5 | 9 579 | 3,1 | 5 890 | 3,6 | 1 062 | 5,5 | 1 316 | 11· קצבים . . . . . . . . . |
| 12. Frisierer . . . . . . . . | 2,0 | 7 538 | 3,1 | 5 932 | 1,4 | 412 | 2,9 | 698 | 12· שערער . . . . . . . . . |
| 13. Sonstige . . . . . . . . | 35,5 | 135 728 | 24,6 | 46 684 | 42,3 | 12 375 | 34,1 | 8 220 | 13· אַנדערע . . . . . . . . . |
| Zusammen . . . | 100,0 | 382 537 | 100,0 | 190 054 | 100,0 | 29 219 | 100,0 | 24 079 | צוזאַמען . . . . . |

באַמערקונג: די פאַרטיילונג פון די אַנגעשטעלטע לויט בראַנזשעס ווערט אין דער אָפיציעלער אונגאַרישער אויסגאַבע וועגן דער ציילונג ניט געבראַכט.

Anmerkung: Über die Verteilung der Angestellten nach Branchen werden in den amtlichen Publikationen keine Angaben gemacht.

טאַב. V גיט אונז דעם פּראָפעסיאָנעלן באַשטאַנד פון דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג אין בודאַפּעשט. לאָמיר צוערשט פאַרגלייכן דעם פּראָצענט באַפעלקערונג אין בודאַפּעשט מיט דעם פּראָצענט עקאָנאָמיש־אַקטיווע. ס'איז געווען אין 1920־טן יאָר:

| אין בודאַפּעשט % | אין בודאַפּעשט abs. | אין גאַנץ אונגאַרן | גרופּעס |
|---|---|---|---|
| 9·7 | 717 511 | 7 402 739 | באַפעלקערונג — ניט־אידן . . . |
| 44·9 | 212 736 | 473 310 | באַפעלקערונג — אידן . . . . . . |
| 10·9 | 386 281 | 3 548 207 | צאָל עקאָנאָמיש־אַקטיווע — ניט־אידן . . . |
| 50·5 | 103 265 | 204 507 | צאָל עקאָנאָמיש־אַקטיווע — אידן . . . . . |
| · | 53·8 | 47·2 | % עקאָנאָמיש־אַקטיווע — בּאַ ניט־אידן |
| · | 48·5 | 43·5 | % עקאָנאָמיש־אַקטיווע — " אידן . . . |

דער גרויסער חילוק צווישן אידן און ניט־אידן געפינט זיין בולטסטן אויסדרוק אין דעם, וואָס בּאַ אידן וואוינט אין בודאַפּעשט כמעט אַ העלפט פון אַלע אונגאַרישע אידן און בּאַ ניט־אידן סך־הכל אַ צענט חלק. דער פּראָצענט עקאָנאָמיש־אַקטיווע אין בודאַפּעשט איז בּאַ ביידע גרופּעס באַפעלקערונג אַ גרעסערע, ווי דער פּראָצענט באַפעלקערונג און כמעט אין איין און דער זעלבער מאָס; דער חילוק טרעט אָבער אַרויס אינם פּראָצענט עקאָנאָמיש־אַקטיווע בּאַ אידן און ניט־אידן: אי אין אונגאַרן בכלל, אי אין בודאַפּעשט בפרט איז בּאַ אידן דער פּראָצענט עקאָנאָמיש־אַקטיווע קלענער בערך אויף 8—10 פּראָצענט.

די אידישע באַפעלקערונג פון בודאַפּעשט איז לויט איר פּראָפעסיאָנעלן באַשטאַנד גאַנץ נאָענט צו דער איבעריגער אידישער באַפעלקערונג, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס אין בודאַפּעשט איז דער פּראָצענט הענדלער קלענער אויף עטליכע פונקטן און דער פּראָצענט באַשעפטיגטע בּאַ אינדוסטריע און מלאכה איז אַביסל גרעסער. בּאַ ניט־אידן איז דער חילוק צווישן בודאַפּעשט און גאַנץ אונגאַרן זייער גרויס. אין בודאַפּעשט פאַרנעמט מען זיך בּאַ ניט־אידן מיט האַנדל מער ווי דריי מאָל מער ווי אין גאַנץ אונגאַרן; נעמט מען אַראָפּ די בודאַפּעשטער באַפעלקערונג פון דער באַפעלקערונג פון גאַנץ אונגאַרן, וועט זיך באַקומען, אַז דער פּראָצענט באַשעפטיגטע אין האַנדל בּאַ ניט־אידן איז אין בודאַפּעשט פיר מאָל שטאַרקער, ווי אין פּראָווינץ, ווען, פאַרקערט, בּאַ אידן איז דער פּראָצענט הענדלער אין בודאַפּעשט קלענער אויף אַ גאַנץ פערטל, ווי אין דער פּראָווינץ, וואו פון יעדע הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע אידן פאַרנעמען זיך מיט האַנדל 47. פאַר דער ניט־אידישער באַפעלקערונג, וועלכע גייט פון דאָרף, איז די גרויסע שטאָט ניט נאָר אַ אָרט פון אינדוסטריאַליזאַציע, נאָר אויך פון קאָמערציאַליזאַציע; פאַרקערט, בּאַ אידן, וואָס גייען פון קליין שטעטל, אַלזאָ ניט פון לאַנדווירטשאַפט, נאָר פון מאַרק און קראָם, איז די גרויסע שטאָט נאָר אַ צענטער פאַר אינדוסטריאַליזאַציע. אויף וויפיל די גרויסשטאָטישע אינדוסטריע ציט אַריין גרויסע אַרבעטער־מאַסן, איז נאַטירליך, וואָס זי קאָמפּלעקטירט זיי אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס פון די ניט־אידישע דאָרף־מאַסן, ווי פון די קליינשטעטלדיגע אידישע קרעמערשע און הענדלערשע מאַסן. דער איד גייט דערעיקר אין מלאכה און ניט אין גרויס־אינדוסטריע, און דעריבער איז דער פּראָצענט באַשעפטיגטע בּאַ אינדוסטריע און מלאכה בּאַ ניט־אידן אין בודאַפּעשט

כמעט דריי מאָל גרעסער, ווי אין דער פראָווינץ; באַ אידן מערקט מען די זעלבע ערשיינונג, נאָר ניט אין אַזאַ מדרגה — אין בודאַפּעשט איז באַ אידן דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ אינדוסטריע און מלאכה אַנדערטהאַלבן מאָל גרעסער, ווי אין דער פראָווינץ. דאָס זעלבע איז בנוגע די באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס. אין בודאַפּעשט איז באַ ניט־אידן דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ די דאָזיגע פּראָפעסיעס פיר מאָל גרעסער, ווי אין דער פראָווינץ; באַ אידן—נאָר אויף איין דריטל גרעסער. דער פּראָצענט קאַפּיטאַליסטן און ראַנטיעס איז כמעט גלייך באַ בײדע באַפעלקערונג־גרופּעס; באַ דינסט זיינען אידן אַכט מאָל וויינציגער באַשעפטיגט, ווי ניט אידן; באַ שוואַרץ־אַרבעט—זיבן מאָל ווייניגער.

Tab. — V — טאַב·

**דער פראפעסיאנעלער באשטאנד פון דער אידישער און ניט אידי· באפעלקערונג אין בודאפעשט**

— 1920 —

**Berufsgliederung der jüdischen bzw. nichtjüdischen Bevölkerung in Budapest**

| Wirtschaftsabteilung | Andere — ניט־אידן % | Andere — ניט־אידן abs. | Israeliten — אידן % | Israeliten — אידן abs. |ווירטשאפט־אפטייל |
|---|---|---|---|---|---|
| I. Landwirtschaft | 1,2 | 454 | 0,6 | 608 | I. לאנדווירטשאַפט |
| II. Industrie u. Gewerbe | 39,4 | 152.220 | 37,3 | 38.489 | II. אינדוסטריע און מלאכה |
| III. Handel u. Kredit | 10,4 | 40.085 | 39,8 | 41.097 | III. האנדל און קרעדיט |
| IV. Verkehr | 7,1 | 27·564 | 3,7 | 3.805 | IV. קאָמוניקאַציע און טראַנספּאָרט |
| V. Öffentl. Dienst u. Freie Berufe | 13,8 | 53.460 | 9.6 | 9.897 | V. באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפ· |
| VI. Armee | 4,2 | 16.266 | 0,5 | 580 | VI. מיליטער |
| VII. Taglöhner | 1,4 | 5.249 | 0,2 | 253 | VII. שוואַרץ־אַרבעט |
| VIII. Rentner, Kapitalisten usw. | 5,1 | 19.547 | 4,9 | 5.069 | VIII. קאַפּיטאַליסטן, ראַנטיעס, א· א· וו· |
| IX. Sonstige u. unbekannt | 4.4 | 16.870 | 1,7 | 1.718 | IX. אנדערע און אומבאַקאַנט |
| X. Dienerschaft bei I-VIII | 13.0 | 50.426 | 1,7 | 1.749 | X. דינסטן באַ די גרופּעס I-VIII |
| Insgesamt | 100.0 | 386.281 | 100.0 | 103.265 | סך־הכל |

באמערקונג: אין „אינדוסטריע און מלאכה" זיינען ארייננערעכנט געווארן אויך די האטעל־, קאפע־ א. א. וו· באזיצער, אנגעשטעלטע און ארבעטער·

## III. Tschechoslovakei — טשעכאסלאוואקיי ·III

טשעכאָסלאָוואַקיי באַשטייט פון צוויי גאַנץ פאַרשיידענע טיילן—בעהמען, מעהרן און שלעזיע מיט אַ הויך אַנטוויקלטער אינ־דוסטריע און מיט אַ טיפּיש מערב־איראָפּייאישן אידנטום, פון איין זייט; סלאָוואַקיי און קאַרפּאַט־רוסלאַנד, אויסגעשפּראָכענע אַגראַר־לענדער מיט אַ טיפּיש מזרח־איראָפּייאישן אידנטום, פון דער צווייטער זייט.

טאַבעלע I גיט דעם פּראָפעסיאָנעלן באַשטאַנד פון די עקאָנאָמיש־אַקטיווע אידן און ניט־אידן אין איינצלנע טיילן פון טשעכאָסלאָוואַקיי. ס'איז גרינג צו באַמערקן, וואָס פאַר אַ תהום ס'טיילט אָפּ די מערב־איראָפּייאישע אידן פון די מזרח־איראָפּייאישע. באַ לאַנדווירטשאַפט, למשל, זיינען געווען באַ־שעפטיגט פון יעדע הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע אידן:

| | | |
|---|---|---|
| אין | בעהמען | 2,8 |
| " | מעהרן | 1,7 |
| " | סלאָוואַקיי | 10,4 |
| " | קאַרפּאַטאָרוס | 27,6 |

באַזונדערס בולט טרעט אַרויס דער חילוק, ווען מען פאַר־גלייכט דאָס אינדוסטריעל הויך־אַנטוויקלטע בעהמען, פון איין זייט, און די לאַנדווירטשאַפטליכע, אָפּגעשטאַנענע קאַרפּאַטאָרוס, פון דער צווייטער. אַזוי זיינען געווען באַשעפטיגט פון הונ־דערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע אין:

| | בעהמען | קאַרפּאַטאָרוס |
|---|---|---|
| לאַנדווירטשאַפט | 2,8 | 27,6 |
| אינדוסטריע און מלאכה | 18,5 | 25,6 |
| האנדל און קרעדיט | 43,8 | 24,4 |
| קאָמוניקאַציע און טראַנספּאָרט | 1,8 | 3,3 |
| באַאַמטע און ליב· פּראָפ· | 9,7 | 5,5 |
| אנדערע | 23,4 | 15,6 |

די קאַרפּאַטאָרוסער אידן זיינען פאַרנומען באַ לאַנדווירטשאַפט צען מאָל מער, באַ אינדוסטריע אויף העכער אַ דריטל מער. פאַרקערט, באַ האַנדל כמעט צוויי מאָל ווייניגער; אין קאָמוניקאַ־ציע—דאָס זעלבע; באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס אויך כמעט צוויי מאָל ווייניגער, און אין דער לעצטער גרופּע, וואוהין ס'גייען אַריין אויך קאַפּיטאַליסטן און ראַנטיעס זיינען באַ די בעהמער אידן באַשעפטיגט כמעט אַ פערטל פון אַלע אידן און באַ די קאַרפּאַטאָרוסער אידן נאָר אַ זיבנטל.

פאַרגלייכט מען אידן מיט ניט־אידן, זעהט מען גלייך, אַז בנוגע צו האַנדל פאַרנעמען אידן אומעטום נאָך עד היום אַ גאַנץ באַזונדערע לאַגע. דער פּראָצענט באַשעפטיגטע באַ האַנדל איז באַ אידן אין אַלע לענדער אַ סך אַ גרעסערער, ווי באַ דער אַרומיגער באַפעלקערונג: אין בעהמען און מעהרן 8—7 מאָל, אין סלאָוואַקיי—21 מאָל און אין קאַרפּאַטאָרוס—עטליכע

Tab. — I — טאב.

## די באשעפטיגונגען פון דער אידישער און ניט־איד. באפעלקערונג אין דער טשעכאסלאוואקיי

### Die Berufsgliederung der jüdischen und nichtjüd. Bev. in der Čechoslovakei

| Land / Wirtschaftsabteilung | קאַרפּאַטאָרוס Karpatorus ניט־אידן Andere | אידן Israeliten | סלאָוואקיי Slovakei ניט־אידן Andere | אידן Israeliten | מעהרן און שלעזיע Mähren u. Schlesien ניט־אידן Andere | אידן Israeliten | בעהמען Böhmen ניט־אידן Andere | אידן Israeliten | געגנט /ווירטשאפט־אפטייל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| In absoluten Zahlen — אבסאלוטע צאָלן | | | | | | | | | |
| I. Landwirtschaft | 143 179 | 8 398 | 745 941 | 5 837 | 564 817 | 410 | 960 082 | 1 257 | I. לאנדווירטשאפט |
| II. Industrie u. Gewerbe | 16 317 | 7 798 | 214 255 | 12 941 | 587 470 | 5 655 | 1 359 331 | 8 335 | II. אינדוסטריע און מלאכה |
| III. Handel u. Geldwesen | 1 254 | 7 431 | 24 054 | 23 333 | 71 804 | 9 436 | 204 528 | 19 648 | III. האנדל און קרעדיט |
| IV. Verkehr | 3 858 | 1 018 | 39 165 | 784 | 57 635 | 652 | 138 955 | 831 | IV. קאָמוניקאציע |
| V. Öff. Dienst, Fr. Ber., Milit. | 12 660 | 1 685 | 82 740 | 4 442 | 96 683 | 2 024 | 214 850 | 4 347 | V. באאמטע, ליב. פראפ., מיליט. |
| VI. Sonstige | 20 203 | 4 157 | 117 208 | 8 120 | 216 156 | 5 416 | 472 034 | 10 510 | VI. אנדערע |
| Zusammen | 197 471 | 30 487 | 1 223 363 | 55 457 | 1 589 565 | 23 593 | 3 349 780 | 44 928 | צוזאמען |
| Prozentualiter — אין פראצענטן | | | | | | | | | |
| I. Landwirtschaft | 72,5 | 27,6 | 61,0 | 10,4 | 35,5 | 1,7 | 28,7 | 2,8 | I. לאנדווירטשאפט |
| II. Industrie u. Gewerbe | 8,3 | 25,6 | 17,5 | 23,4 | 37,0 | 24,0 | 40,6 | 18,5 | II. אינדוסטריע און מלאכה |
| III. Handel u. Geldwesen | 0,6 | 24,4 | 2,0 | 42,1 | 4,5 | 40,1 | 6,1 | 43,8 | III. האנדל און קרעדיט |
| IV. Verkehr | 2,0 | 3,3 | 3,2 | 1,4 | 3,6 | 2,8 | 4,1 | 1,8 | IV. קאָמוניקאציע |
| V. Öff. Dienst, Fr. Ber., Milit. | 6,4 | 5,5 | 6,7 | 8,0 | 6,1 | 8,5 | 6,4 | 9,7 | V. באאמטע, ליב. פראפ., מיליט. |
| VI. Sonstige | 10,2 | 13,6 | 9,6 | 14,7 | 13,6 | 22,9 | 14,1 | 23,4 | VI. אנדערע |
| Zusammen | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | צוזאמען |

אין פערציג מאָל. וואָס אָפּגעשטאַנענער אַ לאַנד, וואָס גרעסער דער חילוק צווישן דעם פּראָצענט הענדלער בײַ אידן און ניט־אידן, אַלץ מער ליגט דער האַנדל אין אידישע הענט.

אַזוי זיינען געווען פון הונדערט באַשעפטיגטע בײַ האַנדל און קרעדיט אידן:

אין בעהמען און מעהרן . . 9,5
" סלאָוואקיי . . . . 49,2
" קארפּאטאָרוס . . . 85,6

גאָר אַ אַנדער בילד זעהען מיר בײַ דער אינדוסטריע. אין לענדער מיט אַן אַנטוויקלטער אינדוסטריע איז בײַ ניט־אידן דער פּראָצענט באַשעפטיגטע אין דעם דאָזיגן ווירטשאַפט־צווייג בערך צוויי מאָל גרעסער, ווי בײַ אידן; פאַרקערט, אין די אַגראַר־לענדער איז בײַ אידן די אינדוסטריעלע באַפעלקערונג גרעסער, ווי בײַ ניט־אידן. בנוגע באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס איז בײַ אידן אומעטום, חוץ קאַרפּאַטאָרוס, דער פּראָצענט אַ העכערער, ווי בײַ ניט־אידן.

Tab. — II — טאב.

## ענדערונגען אין דעם פראפעסיאנעלן באשטאנד בא אידן און ניט־אידן אין דער טשעכאסלאוואקיי

### Veränderungen in der Berufsgliederung der jüdischen Bev. in der Čechoslovakei

| Wirtschaftsabteilung | סלאָוואקיי און קארפּאטאָרוס Slovakei u. Karpatorus ניט־אידן Andere 1921 | 1910 | אידן Israeliten 1921 | 1910 | בעהמען, מעהרן און שלעזיע Böhmen, Mähren u. Schlesien ניט־אידן Andere 1921 | 1910 | אידן Israeliten 1921 | 1910 | ווירטשאפט־אפטייל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| A. Landwirtschaft | 62,6 | 65,4 | 16,6 | 13,7 | 30.8 | 39,4 | 2,4 | 3,0 | A. לאנדווירטשאפט |
| B. Industrie u. Gewerbe | 16,2 | 16,5 | 24,1 | 34,2 | 39,4 | 35,4 | 20,4 | 21,0 | B. אינדוסטריע און מלאכה |
| C. Handel, Kredit, Transport | 4,8 | 3,3 | 37,9 | 34,6 | 9,6 | 9,6 | 44,6 | 51,0 | C. האנדל, קרעדיט, טראנספּאָרט |
| D. Sonstige | 16,4 | 14,8 | 21,4 | 17,5 | 20,2 | 15,6 | 32,6 | 25,0 | D. אנדערע |
| A-D Zusammen | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | A-D צוזאמען |

טאַבעלע II ווייזט די אַנטוויקלונג פון 1910 ביז 1921. קיין גרויסע ענדערונגען זיינען ניט פאָרגעקומען אין קיין שום טייל פון טשעכאָסלאָוואַקיי. בײַ ניט־אידן איז אין בעהמען, מעהרן און שלעזיע באַדייטנדיג פאַרקלענערט געוואָרן דער פּראָצענט באַשעפטיגטע בײַ לאַנדווירטשאַפט און ס'איז אויסגעוואַקסן די גרופּע באַשעפטיגטע בײַ אינדוסטריע און די גרופּע „אַנדערע".

בא די אידן פון די דאזיגע קאנטן איז געפאלן דער פראצענט באשעפטיגטע אין האנדל און אויף דעם חשבון איז אויסגע־וואקסן די גאר לעצטע גרופע „אנדערע“, וואוהין ס׳גייען אויך אריין די באאמטע און די ליבעראלע פראפעסיעס. אין די לענ־דער פון מזרח־אייראפייאישן טיפ איז אינטערעסאנט צו אונטער־שטרייכן די פארגרעסערונג פונם פראצענט באשעפטיגטע בא לאנדווירטשאפט בא אידן, כאטש בא ניט־אידן איז ער אביסל געפאלן. באזונדערס שטארק איז געווען דער צוואקס פון לאנדווירטשאפטליכע עלעמענטן בא אידן אין דער סלאוואקיי. ס׳זיינען דא געווען באשעפטיגטע בא לאנדווירטשאפט אידן:

| | 1910 abs. | 1910 % | 1921 abs. | 1921 % |
|---|---|---|---|---|
| סלאוואקיי . . . | 5170 | 8,2 | 5837 | 10·4 |
| קארפאטארוס . | 8147 | 23·8 | 8398 | 27,6 |

פארקערט, אין דער אינדוסטריע איז אין די דאזיגע לענדער געפאלן דער פראצענט באשעפטיגטע בא אידן, כאטש בא ניט־אידן איז ער געבליבן סטאביל.

טאבעלע III און IV ווייזן די סאציאלע גלידערונג אין באזונדערע טיילן פון טשעכאסלאוואקיי און באזונדער אין האנדל און אינדוסטריע פאר צוויי צייט־פונקטן.

Tab. — III — טאב.

## די סאציאלע גלידערונג פון דער האנדל־און אינדוסטריע־באפעלקערונג אין בעהמען, מעהרן און שלעזיע
## Soziale Stellung der Beschäftigten in Industrie u. Handel in Böhmen, Mähren u. Schlesien

| באפעלקערונג־גרופע Konfession | | אינדוסטריע און מלאכה Industrie und Gewerbe: אנדערע Sonstige % | abs. | ארבעטער* Arbeiter % | abs. | זעלבשטענדיגע Selbständige % | abs. | האנדל, קרעדיט און קאמוניקאציע Handel, Kredit und Verkehr: אנדערע Sonstige % | abs. | ארבעטער* Arbeiter % | abs. | זעלבשטענדיגע Selbständige % | abs. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אידן . . . Israeliten | 1910 | 36,1 | 5 292 | 26,1 | 3 833 | 37,8 | 5 546 | 33,0 | 12 770 | 19,5 | 6 946 | 47,5 | 16 963 |
| | 1921 | 34,0 | 4 755 | 27,1 | 3 798 | 38,9 | 5 437 | 24,8 | 7 578 | 22,5 | 6 865 | 52,7 | 16 124 |
| ניט־אידן . Andere | 1910 | 4,5 | 84 720 | 81,2 | 1 560 669 | 14,3 | 275 667 | 19,0 | 99 978 | 46,6 | 243 635 | 34,4 | 179 902 |
| | 1921 | 4,2 | 83 501 | 82,4 | 1 603 243 | 13,4 | 260 057 | 24,2 | 114 463 | 50,0 | 236 681 | 25,8 | 121 778 |

* ארבעטער, לערן־אינגלאך, טאג־ארבעטער — Arbeiter, Lehrlinge, Taglöhner

מיר ברענגען ווייטער דעטאלירטע טאבעלעס איבער דער אינדוסטריע־באפעלקערונג אין בעהמען און קארפאטארוס, כדי גענויער צו באקענען זיך מיט דעם באשטאנד פון אידישן אר־בעטער־קלאס און זיין סאציאלער וואג אין א טיפיש מערב־אייראפייאיש לאנד און אין א אויסגעשפראכן מזרח־אייראפייאיש לאנד. דא אין די טאבעלעס III און IV האבן מיר פאר זיך די סאציאלע גלידערונג אין די ראמען פון גאנצע ווירטשאפט־צווייגן. מיר זיינען דא געצוואונגען פארגלייכן אין איין פאל נאר זעלבשטענדיגע און ארבעטער פאר צוויי צייט־פונקטן און אין צווייטן פאל נאר זעלבשטענדיגע און אנגעשטעלטע, מחמת די אפיציעלע מאטעריאלן, מיט וועלכע מיר באנוצן זיך, גיבן ניט קיין אנדערע מעגליכקייטן.

Tab. — IV — טאב.

## די סאצי׳ גלידערונג פון דער האנדל־און אינדוסטריע־באפעלק׳ אין סלאוואקיי און קארפאטארוס
## Soziale Stellung der Beschäftigten in Industrie u. Handel in der Slovakei u. Karpatrußland

| באפעלקערונג־גרופע Konfession | | אינדוסטריע און מלאכה Industrie u. Gewerbe: אנדערע Sonstige % | abs. | אנגעשטעלטע Beamte % | abs. | זעלבשטענדיגע Selbständige % | abs. | האנדל און קרעדיט (אן קאמוניקאציע) Handel u. Kredit (ohne Verkehr): אנדערע Sonstige % | abs. | אנגעשטעלטע Beamte % | abs. | זעלבשטענדיגע Selbständige % | abs. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אידן . . . Israeliten | 1910 | 40,0 | 13 261 | 5,3 | 1 752 | 54,7 | 18 119 | 31,0 | 9 408 | 8,0 | 2 426 | 61,0 | 18 494 |
| | 1921 | 44,6 | 9 268 | 9,9 | 2 049 | 45,5 | 9 422 | 34,5 | 10 589 | 5,1 | 1 581 | 60,4 | 18 594 |
| ניט־אידן . Andere | 1910 | 69,1 | 165 824 | 1,2 | 2 894 | 29,7 | 71 345 | 46,9 | 8 363 | 13,0 | 2 330 | 40,1 | 7 158 |
| | 1921 | 74,0 | 170 567 | 2,6 | 6 016 | 23,4 | 53 989 | 46,2 | 11 685 | 17,0 | 4 313 | 36,8 | 9 310 |

Anmerkung: Vor dem Kriege umfaßte Böhmen eine Fläche von 51.946 km²; im J. 1921 – 52.064 km²; Mähren – 22.222 km² u. 22.315 km²; Schlesien – 5147 km² u. 4.423 km² (ein Teil ist an Polen abgetreten). Die Slovakei u. Karpatrußland wurden in ihren Grenzen erst durch den Frieden von Trianon geschaffen.

דער פראצענט זעלבשטענדיגע האט זיך פון 1910 ביז 1921 אין בעהמען, מעהרן און שלעזיע בא אידן פארגרעסערט אין האנדל גאנץ באדייטנדיג; בא ניט־אידן, פארקערט, האט ער זיך אומעטום פארקלענערט. דער פראצענט ארבעטער האט זיך בא ביידע גרופעס אביסל פארגרעסערט. אין סלאוואקיי און קארפאטארוס האט זיך דער פראצענט זעלבשטענדיגע פארקלענערט אי בא אידן, אי בא ניט־אידן — אין דער אינ־דוסטריע א סך מער, ווי אינם האנדל; בא ניט־אידן שטארקער,

חי באַ אידן; דער פּראָצענט אָנגעשטעלטע איז באַ ניט־אידן אומעטום אויסגעוואַקסן, און באַ אידן איז ער אינם האַנדל געפאַלן און אין דער אינדוסטריע באַדייטנדיג אויסגעוואַקסן. אין אַלגעמיינעם קאָן מען זאָגן, אַז קיין גרויסע ענדערונגען זיינען פאַר די עלף יאָר ניט פאָרגעקומען. אינטערעסאַנט איז צו פאַרגלייכן די סאָציאַלע גלידערונג באַ אידן און ניט־אידן. דער פּראָצענט זעלבשטענדיגע איז אין ביידע טיילן פון טשעכאָסלאָוואַקיי באַ אידן אין האַנדל פון אַנדערטהאַלבן ביז צוויי מאָל גרעסער און אין אינדוסטריע פון צוויי ביז דריי מאָל גרעסער ווי באַ ניט־אידן. באַזונדערס גרויס איז דער חילוק אין דער אינדוסטריע אין בעהמען, מעהרן און שלעזיע, וואָס ס'באַווייזט, אַז אַפילו אינם דאָזיגן הויך־אַנטוויקלטן אינדוסטריע־לאַנד זיינען אידן אין אַ גרויסער מאָס פאַרנומען אינם האַנטווערק. דאָס קאָן מען גרינג זעהען פון טאַבעלע V, וואו אין דער באַקליידער־אינדוסטריע זיינען פאַרנומען באַ אַ דריטל פון אַלע אידישע זעלבשטענדיגע און פון אַלע אידישע אַרבעטער אין דער אינדוסטריע.

Tab. — V — טאב·

## די פארטיילונג פון דער אינדוסטריע־באפעלקערונג אין בעהמען לויט באזונדערע פאכי

## Gliederung der industriellen Bevölkerung Böhmens nach Branchen

| אינדוסטריע־באפ· בכלל Ind.-Bev. überhaupt | | | | ארבעטער Arbeiter | | | | אנגעשטעלטע Beamte | | | | בעלי־בתים Selbständige | | | | Branche — פאך |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ניט־אידן Andere | | אידן Israeliten | | ניט־אידן Andere | | אידן Israeliten | | ניט־אידן Andere | | אידן Israeliten | | ניט־אידן Andere | | אידן Israeliten | | |
| % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | |
| 15,6 | 212 680 | 24,5 | 2 037 | 9,7 | 94 006 | 31,8 | 509 | 2,6 | 1 294 | 9,6 | 268 | 36,8 | 68 097 | 30,6 | 1 040 | Bekleidung — באקליידונג |
| 9,0 | 122 620 | 17,7 | 1 477 | 7,8 | 74 892 | 16,0 | 257 | 11,3 | 5 699 | 14,5 | 404 | 14,5 | 26 857 | 21,5 | 731 | . Nahrungsmittel — שפייז |
| 14,9 | 202 849 | 12,4 | 1,030 | 18,9 | 181 794 | 9,0 | 144 | 15,2 | 7 649 | 16,1 | 450 | 5,3 | 9 863 | 12,0 | 406 | . . . Textil — טעקסטיל |
| 1,3 | 17 207 | 4,0 | 333 | 1,1 | 10 922 | 3,7 | 60 | 0,9 | 476 | 3,7 | 102 | 2,0 | 3 660 | 4,4 | 148 | . . . . Leder — לעדער |
| 6,9 | 93 245 | 4,3 | 370 | 6,2 | 59 897 | 4,3 | 69 | 5,1 | 2 585 | 4,3 | 121 | 9,6 | 17 683 | 4,7 | 159 | . . . . . Holz — האלץ |
| 12,0 | 163 164 | 4,1 | 344 | 12,8 | 123 155 | 2,7 | 43 | 10,1 | 5 107 | 4,4 | 122 | 7,3 | 13 547 | 4,9 | 165 | . . . . . . . Bau — בוי |
| 1,8 | 24 051 | 6,8 | 566 | 1,9 | 17 866 | 5,0 | 80 | 8,5 | 4 275 | 11,9 | 333 | 0,8 | 1 387 | 4,3 | 145 | . . Chemische — כעמישע |
| 7,8 | 106 550 | 6,8 | 570 | 7,4 | 71 005 | 6,8 | 110 | 15,4 | 7 767 | 10,5 | 292 | 5,8 | 10 716 | 3,0 | 103 | Masch., Apparate/מאשינען |
| 10,9 | 148 170 | 6,5 | 538 | 10,7 | 103 481 | 7,9 | 126 | 6,6 | 3 313 | 8,4 | 234 | 9,4 | 17 354 | 3,9 | 132 | . . . . Metall — מעטאל |
| 1,5 | 20 140 | 2,9 | 241 | 1,7 | 16 720 | 2,9 | 46 | 2,0 | 1 002 | 3,8 | 105 | 0,7 | 1 253 | 2,4 | 82 | . . . . Papier — פאפיר |
| 1,3 | 17 919 | 1,7 | 141 | 1,3 | 12 542 | 2,9 | 46 | 3,5 | 1 752 | 1,5 | 42 | 0,9 | 1 586 | 1,3 | 43 | Polygraph.—פאליגראפישע |
| 3,7 | 50 238 | 2,0 | 167 | 4,4 | 42 226 | 1,5 | 25 | 3,6 | 1 801 | 3,2 | 90 | 2,0 | 3 668 | 1,4 | 47 | . . . . . . Glas — גלאז |
| 6,4 | 87 144 | 1,6 | 130 | 8,6 | 82 449 | 1,4 | 22 | 7,1 | 3 568 | 2,9 | 82 | — | 62 | 0,7 | 24 | . Bergbau ·בארג־אינדוסטר |
| 4,4 | 59 344 | 2,1 | 175 | 5,4 | 52 231 | 1,4 | 23 | 4,0 | 2 007 | 2,8 | 79 | 1,3 | 2 478 | 2,1 | 70 | Steine u. Erden — מינעראל |
| 0,5 | 6 892 | 0,2 | 16 | 0,5 | 5 056 | 0,3 | 5 | 3,1 | 1 582 | 0,3 | 8 | — | 74 | — | 1 | Gas, Wasser usw. גאז· וואסער |
| 1,3 | 17 835 | 0,9 | 77 | 0,8 | 8 041 | 1,1 | 17 | 0,2 | 88 | 0,3 | 7 | 3,5 | 6 371 | 1,4 | 50 | . . Reinigung — ריייניגונג |
| 0,7 | 9 283 | 1,5 | 123 | 0,8 | 8 191 | 1,3 | 21 | 0,8 | 421 | 1,8 | 51 | 0,1 | 239 | 1,4 | 49 | . . . Sonstige — אנדערע |
| **100,0** | **1359331** | **100,0** | **8 335** | **100,0** | **964 474** | **100,0** | **1 603** | **100,0** | **50 386** | **100,0** | **2790** | **100,0** | **184 895** | **100,0** | **3 395** | Zus. — צוזאמען |

טאַבעלע V גיט אונז דעם דעטאַלירטן באַשטאַנד פון דער אידישער און קריסטלעכער אינדוסטריע־באַפעלקערונג אין בעהמען לויט באַזונדערע סאָציאַלע קלאַסן. ראשית, ווי איז די פאַרטיילונג פון דער אינדוסטריעלער באַפעלקערונג לויט קלאַסן באַ אידן און ניט־אידן? פון הונדערט באַשעפטיגטע אין אינדוסטריע זיינען געווען:

| | באַ אידן | באַ ניט־אידן |
|---|---|---|
| בעלי־בתים · · | 40·7 | 13·6 |
| אָנגעשטעלטע · | 33·5 | 3·7 |
| ארבעטער · · | 20·0 | 71,0 |
| אנדערע · · · | 5·8 | 11·7 |
| סך־הכל · · | 100·0 | 100·0 |

אין דער אידישער גרופּע מאַכן אויס די אַרבעטער סך־הכל אַ פינפטל און באַ די ניט־אידן 71,0 פּראָצענט; די בעלי־בתים מאַכן אויס באַ אידן צוויי מאָל אַ שטאַרקערע גרופּע ווי די אַרבעטער, ווען באַ ניט־אידן זיינען די קוואַנטיטאַטיוו פינף מאָל שוואַכער; די אָנגעשטעלטע בילדן באַ אידן אַ גאַנץ דריטל פון אַלע באַשעפטיגטע אין אינדוסטריע און באַ ניט־אידן צען מאָל ווייניגער. אין דער אידישער גרופּע שטייען געגן מער פון פערציג פּראָצענט בעלי־מלאכות אַביסל מער פון פופציג פּראָצענט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן (אַרבעטער און אָנגעשטעלטע), דאָס הייסט כמעט איינס אויף איינס, ווען באַ ניט־אידן קומט אויס אויף איין בעל־הבית כמעט זעקס עקספּלואַטירטע. פאַרשטייט זיך, מען דאַרף דאָס אַלץ ניט פאַרשטייען אין פּראָדוקציאָנעלן זין, נאָר אין געזעלשאַפטליך־פּאָליטישן זין, ווייל אידישע בעלי־בתים באַשעפטיגן אַ סך מער ניט־אידישע אַרבעטער, ווי אידישע.

ס'איז קלאָר, אַז באַ אַזאַ קלאַסן־בוי פון דער אידישער באַפעלקערונג מוז די כמותדיגע וואָג פון איינצלנע אידישע קלאַסן זיין גאַנץ פאַרשיידן. אַזוי איז געווען דער פּראָצענט אידן אין באַזונדערע אינדוסטריעלע קלאַסן פון בעהמען:

| | |
|---|---|
| צווישן בעלי־בתים . . . . | 1·8 |
| אנגעשטעלטע . . . . . . | 5·2 |
| ארבעטער . . . . . . . | 0·2 |

אַלע דריי צאָלן זיינען אַזעלכע קליינע, אַז ס'קאָן ניט זיין קיין רעד וועגן אַ באַדייטנדיגן כמותדיגן איינפלוס אין איינער פון די אויסגערעכנטע סאָציאַלע גרופּעס, אָבער ס'איז דאָך אַ גרויסער חילוק צווישן 5,2 און 0,2, און אויב די אידישע אָנגעשטעלטע זיינען פונדעסטוועגן אַ אָנגעזעענער טייל פון זייער פּראָפעסיאָנעלער גרופּע, מאַכן די אידישע אַרבעטער אויס גאָר אַ נישטיגן חלק.

לאָמיר פאַרגלייכן אין דעם פּרט די לאַגע אין בעהמען מיט דער לאַגע אין קאַרפּאַט־רוס. אין קאַרפּאַטאָרוס מאַכן אויס:

| | בא אידן | בא ניט־אידן |
|---|---|---|
| די בעלי־בתים | 55·4 | 27·9 |
| " ארבעטער . . | 42,0 | 69·9 |

דער פּראָצענט אידן אין באַזונדערע סאָציאַלע קלאַסן אין קאַרפּאַטאָרוס אין דער אינדוסטריע איז געווען:

| | |
|---|---|
| צווישן בעלי־בתים . . . . . | 47,7 |
| " ארבעטער . . . . . | 21,6 |

פונם קלאַסן־בוי פון דער אידישער אינדוסטריעלער באַפעלקערונג זעהט מען ווייטער, אַז די אָנגעשטעלטע, וועלכע מאַכן אויס אין בעהמען אַ גאַנץ דריטל פון אַלע באַשעפטיגטע אין דער אינדוסטריע אידן, מאַכן אויס אין קאַרפּאַטאָרוס כמעט צוויי מאָל אַ קלענערן פּראָצענט.

די אַרבעטער מאַכן דאָ אויס 30,0 פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיגטע. אינטערעסאַנטער איז אָבער צו פאַרגלייכן די כמותדיגע וואָג פון איינצלנע אידישע קלאַסן אין די דאָזיגע צוויי פאַרשיידענע פּראָווינצען. די אידן מאַכן אויס צווישן:

| | בעהמען | קאַרפּאַטאָרוס |
|---|---|---|
| בעלי־בתים . . . | 1·8 | 47·7 |
| ארבעטער . . . . | 0·2 | 21·6 |
| אנגעשטעלטע . . . | 5·2 | 35,1 |

דער חילוק איז אַזוי שרייענדיג, אַז פּירושים זיינען אַבסאָלוט איבעריג. אמת, דער פּראָצענט אידן לגבי דער אַרומיגער באַפעלקערונג איז אין קאַרפּאַטאָרוס 13 מאָל גרעסער, ווי אין בעהמען, דער פּראָצענט אידישע אַרבעטער אָבער איז אין קאַרפּאַטאָרוס העכער הונדערט מאָל שטאַרקער, ווי אין בעהמען.

נעמט מען ניט די גאַנצע אינדוסטריע, נאָר איינצלנע בראַנזשעס, ווערט ערשט בולט, אַז אין די אַגראַר־לענדער איז נאָך עד־היום די מלאכה אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס אין אידישע הענט; אין די אינדוסטריעלע לענדער אָבער שפּילן די אידן אַפילו אין די מלאכה־בראַנזשעס אַ נישטיגע ראָלע און זייער כמותדיגע וואָג איז גאָר אַ קליינע. אַזוי האָבן אידן אויסגעמאַכט צווישן:

Tab. — VI — טאַב.

**פּראָצענט אידן צווישן די זעלבשטענדיגע און ארבעטער**
**אין דער אינדוסטריע פון בעהמען און קארפּאטארוס**

**Prozentsatz der Juden unter den Selbständigen und Arbeitern in der Industrie von Böhmen und Karpatorus**

| אינדוסטריע־צווייג Branche | זעלבשטענד. Selbständige בעהמען Böhmen | זעלבשטענד. Selbständige ק.־רוס K.-Rus | ארבעטער Arbeiter בעהמען Böhmen | ארבעטער Arbeiter ק.־רוס K.-Rus |
|---|---|---|---|---|
| באקליידונג — Bekleidung . | 1,5 | 63,6 | 0,5 | 63,4 |
| שפּייז — Nahrugsmittel . . | 2,6 | 60,7 | 0,3 | 24,9 |
| טעקסטיל — Textil . . . | 3,9 | 12,2 | 0,1 | 14,2 |
| לעדער — Leder . . . . | 3,9 | 44,1 | 0,5 | 52,3 |
| האָלץ — Holz . . . . . | 0,9 | 26,7 | 0,1 | 12,1 |
| בוי — Bau . . . . . . | 1,2 | 22,4 | 0,03 | 4,5 |
| כעמישע — Chemische . . | 9,5 | 55,3 | 0,5 | 8,8 |
| מאַשינען און אפּאראטן — Maschinen und Apparate | 1,0 | 27,3 | 0,2 | 17,3 |
| מעטאַל — Metall . . . . | 0,8 | 26,1 | 0,1 | 10,8 |
| פּאַפּיר — Papier . . . . | 6,1 | 73,7 | 0,3 | 53,8 |
| פּאָליגראַפּישע—Polygraphische | 2,6 | 56,0 | 0,4 | 58,8 |
| גלאָז — Glas . . . . . . | 1,3 | 26,7 | 0,1 | 17,5 |
| בארג־אינדוסטריע — Bergbau | 27,9 | — | 0,03 | — |
| מינעראַל—Steine u. Erden . | 2,7 | 19,6 | 0,04 | 2,5 |
| גאַז, וואַסער—Gas, Wasser usw. | 1,3 | — | 0,1 | 23,1 |
| ריי‍ניגונג — Reinigung . . . | 0,8 | 36,2 | 0,2 | 31,8 |
| אנדערע — Sonstige . . . | 17,0 | 66,7 | 0,3 | 13,8 |
| **צוזאמען — Zusammen .** | **1,8** | **47,7** | **0,2** | **21,6** |

דאָ טרעט אַם בולטסטן אַרויס דער גרויסער תהום, וואָס טיילט אָפּ דאָס מערב־אייראָפּייאישע פונם מזרח־אייראָפּייאישן אידנטום אין פּרט פון וואָג און ראָל אינם אַרומיגן לעבן. די קאַרפּאַטאָרוסער אידן מאַכן אויס העכער אַ העלפט צווישן די בעלי־בתים אין פינף אינדוסטריע־צווייגן און די אַרבעטער אין פיר; אין בעהמען מאַכן די אידישע בעלי־בתים אויס אַ באַדייטנדיגן פּראָצענט אין איין אינדוסטריע־צווייג—כעמיע; און צווישן די אַרבעטער איז ניטאָ קיין איין צווייג, אין וועלכן זיי זאָלן אויסמאַכן אַפילו איין פּראָצענט. אַפילו אין דער טראַדיציאָנעל־אידישער אינדוסטריע, ווי באַקליידונג, מאַכן אין בעהמען די אידישע אַרבעטער אויס סך־הכל אַ האַלבן פּראָצענט און די בעלי־בתים אָנדערטהאַלבן.

## IV. Rumänien — רומעניע .IV

מיר ברענגען ווייטער מאַטעריאַלן וועגן די רומענישע אידן פאַר 1913, אַלזאָ פון דער פאַרמלחמה'דיגער רומעניע. ליידער, זיינען קיין שפּעטערדיגע דאַטן וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער און סאָציאַלער גלידערונג פון די רומענישע אידן ניט פאַראַן. די געבראַכטע אָבער ווייטערדיגע דאַטן שטעלן פאַר מיט זיך אַ גרויסן אינטערעס און זעלן קאָנען שפּעטער אויסגענוצט ווערן פאַר פאַרגלייכונגען מיט די רעזולטאַטן פון די נייע ציילונגען. טאַב. I גיט דעם פּראָפעסיאָנעלן באַשטאַנד פון דער עקאָנאָמיש־אַקטיווער באַפעלקערונג בא אידן און ניט־אידן. מיר זעהען, אַז אַ גאַנצער תהום טיילט אָפּ די אידן פון דער אַרומיגער באַפעלקערונג. בא לאַנדווירטשאַפט זיינען אידן באַשעפטיגט קוים 2,4 פּראָצענט פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע

אידן: ניט אידן–גאַנצע 80,5 פּראָצענט. אין האַנדל, פאַרקערט, איז בײַ אידן באַשעפטיגט מער פון אַ דריטל און בײַ ניט־אידן ווייניקער פון צוויי פּראָצענט. אין אינדוסטריע און מלאכה איז בײַ אידן פאַרנומען גאַנצע 41,9% און בײַ ניט־אידן סך־הכל 7,1–זעקס מאָל ווייניקער. בײַ דער אידישער באַפעלקערונג איז דער פּראָצענט באַשעפטיגטע בײַ ליבעראַלע פּראָפעסיעס און באַאַמטנטום צוויי און אַ האַלב מאָל גרעסער, ווי בײַ ניט־אידן.

Tab. — I — טאַב.

## דער פּראָפעסיאָנעלער באַשטאַנד פון דער עקאָנ. אַקטיווער באַפעלקערונג אין רומעניע

## Die berufliche Gliederung der erwerbstätigen Bevölkerung Rumäniens

| Wirtschaftsabteilung | Sonstig — ניט־אידן | | Mosaisch — אידן | | פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס |
|---|---|---|---|---|---|
| | % | abs. | % | abs. | |
| 1. Landwirtschaft | 80,5 | 3 165 876 | 2,4 | 2 245 | 1. לאַנדווירטשאַפט |
| 2. Industrie u. Gewerbe | 7,1 | 270 806 | 41,9 | 37 514 | 2. אינדוסטריע און מלאכה |
| 3. Handel u. Kredit | 1,9 | 73 414 | 37,2 | 33 410 | 3. האַנדל און קרעדיט |
| 4. Verkehr | 1,7 | 68 383 | 3,5 | 3 092 | 4. טראַנספּאָרט |
| 5. Armee | 2,6 | 102 273 | 1,6 | 1 146 | 5. מיליטער |
| 6. Öffentl. Dienst u. Freie Berufe | 1,3 | 75 494 | 3,2 | 2 858 | 6. באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעס. |
| 7. Sonstige | 4,9 | 193 316 | 10,2 | 9 135 | 7. אַנדערע |
| Zusammen | 100,0 | 3 949 562 | 100,0 | 89 400 | צוזאַמען |

באמערקונג: די דינסטן (25 921) זיינען ניט אריינגערעכנט געווארן אין סך־הכל

וויפיל אַ ראָלע שפּילן אידן אין רומעניע אין פאַרשיידענע ווירטשאַפט־צווייגן? דאָס זעהט מען פונם פּראָצענט, וואָס אידן מאַכן אויס אין איינצלנע ווירטשאַפט־צווייגן. פון הונדערט עקאָנאָמיש־אַקטיווע זיינען געווען אידן אין:

לאַנדווירטשאַפט . . . . . . . . . 0·1
אינדוסטריע און מלאכה . . . . . . 12·2
האַנדל און קרעדיט . . . . . . . . 31·3
טראַנספּאָרט . . . . . . . . . . . 4,3
באַאַמטע און ליב. פּראָפ . . . . . 3·6

כמעט אַ דריטל פון אַלע באַשעפטיגטע אין האַנדל און קרעדיט זיינען אידן; פון די פאַרנומענע אין אינדוסטריע און מלאכה זיינען נאָר אַביסל מער פון אַ צענטל אידן און פון באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס נאָר איין דרייסיגסטל. מען דאַרף געדענקען, אַז די אידן האָבן אין 1923־טן יאָר אויסגעמאַכט ווייניקער פון פינף פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, אַזוי אַז אין האַנדל זיינען זיי פאַרטרעטן זעקס מאָל מער און אין אינדוסטריע צוויי מאָל מער, אין דער באַפעלקערונג פון לאַנד.

Tab. — II — טאַב.

## די פאַרטיילונג פון דער עקאָנאָמיש־אַקטיווער אינדוסטריע־באַפעלקערונג איז רומעניע

## Gliederung der erwerbstätigen Industriebevölkerung Rumäniens nach Branchen

| Industrie überhaupt-אינד. בכלל | | | | Arbeiter — אַרבעטער | | | | Selbständige — זעלבשטענדיגע | | | | בראַנזשע Branchen |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ניט־אידן Andersgläub. | | אידן Mosaisch | | ניט־אידן Andersgläub. | | אידן Mosaisch | | ניט־אידן Andersgläub. | | אידן Mosaisch | | |
| % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | |
| 26,6 | 72 068 | 52,2 | 19 592 | 21,7 | 32 520 | 54,7 | 9 567 | 32,9 | 27 503 | 48,8 | 6 771 | Bekleidung — באַקליידונג |
| 11,3 | 30 537 | 9,1 | 3 421 | 12,5 | 18 713 | 7,7 | 1 352 | 8,9 | 7 479 | 10,1 | 1 408 | Nahr.-u. Genußmitt. - שפּייז |
| 19,3 | 52 258 | 10,5 | 3 937 | 17,7 | 26 464 | 9,6 | 1 675 | 22,1 | 18 482 | 12,9 | 1 790 | Metall — מעטאַל |
| 15,4 | 41 752 | 8,2 | 3 055 | 15,7 | 23 441 | 7,4 | 1 293 | 14,5 | 12 134 | 8,4 | 1 169 | Holz — האָלץ |
| 12,6 | 34 197 | 6,1 | 2 301 | 15,7 | 23 443 | 7,3 | 1 283 | 11,2 | 9 382 | 6,4 | 884 | Bau — בוי |
| 3,6 | 9 653 | 3,9 | 1 470 | 3,1 | 4 667 | 3,3 | 583 | 4,2 | 3 483 | 5,4 | 745 | Animalien — לעדער א.א.וו. |
| 2,5 | 6 915 | 1,6 | 606 | 3,0 | 4 538 | 0,6 | 108 | 0,6 | 475 | 0,8 | 113 | Chemikalien — כעמישע |
| 4,0 | 10 841 | 4,9 | 1 842 | 4,7 | 7 006 | 5,9 | 1 034 | 3,3 | 2 794 | 4,5 | 622 | Textil — טעקסטיל |
| 2,2 | 5 839 | 0,6 | 223 | 2,7 | 4 023 | 0,3 | 45 | 1,6 | 1 293 | 0,6 | 90 | Steine u. Erden — מינעראַל |
| 1,5 | 4 081 | 2,0 | 726 | 2,8 | 4 027 | 2,1 | 373 | 0,5 | 384 | 1,8 | 250 | Polygraph. u. a. — דרוק |
| 1,0 | 2 665 | 0,9 | 341 | 1,4 | 2 026 | 1,1 | 192 | 0,2 | 158 | 0,3 | 48 | Sonstige — אַנדערע |
| 100,0 | 270 806 | 100,0 | 37 514 | 100,0 | 149 868 | 100,0 | 17 505 | 100,0 | 83 567 | 100,0 | 13 890 | Zus. — צוזאַמען |

טאַבעלע II גיט דעם באַשטאַנד פון דער אידישער און ניט־אידישער אינדוסטריע־באַפעלקערונג אין רומעניע. אויך דאָ מערקט זיך אַ חילוק צווישן אידן און ניט־אידן, וועלכן מיר האָבן שוין פיל מאָל קאָנסטאַטירט. פון הונדערט באַשעפטיגטע אין דער אינדוסטריע אידן זיינען געווען פאַרנומען אין דער באַקלייד־אינדוסטריע 52,2 פּראָצענט און באַ ניט־אידן נאָר 26,6; אין מעטאַל, פאַרקערט, אידן 10,5 און ניט־אידן 19,3, אין האָלץ און בוי איז אויך באַ ניט־אידן באַשעפטיגט צוויי מאָל אַ גרעסערער פּראָצענט, ווי באַ אידן. דער באַשטאַנד פון דער אידישער מלאכה אין רומעניע איז בכלל זייער ענליך צום באַשטאַנד פון דער אידישער מלאכה אין רוסלאַנד און פּוילן. און דאָס באַשטעטיגט נאָך אַמאָל דעם שוין פיל מאָל פון אונז קאָנסטאַטירטן פאַקט, אַז מזרח־אייראָפּייאיש אידנטום איז ניט נאָר אַ געאָגראַפישער באַגריף, נאָר אויך אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישער. דאָס אַנטפּלעקט זיך ניט נאָר אינם סאָציאַלן בוי פון דער אידישער באַפעלקערונג פאַר זיך, נאָר אויך אין דער ראָל און געוויכט, וואָס די מזרח־אייראָפּייאישע אידישע באַפעלקערונג שפּילט אומעטום אינם אַרומיגן לעבן. דאָס זעהט מען אויך פונם פּראָצענט, וואָס אידן מאַכן אויס אין פאַרשיידענע אינדוסטריע־צווייגן אין רומעניע. די פאָלגנדיגע רייע ציפערן ווייזט דעם פּראָצענטועלן אָנטייל פון די אידן צווישן די בעלי־בתים און אַרבעטער.

| אינדוסטריע־צווייג | פון די בעלי־בתים | פון די ארבעטער |
|---|---|---|
| באקליידונג | 13,8 | 22,7 |
| טעקסטיל | 18,2 | 12,9 |
| לעדער | 17,6 | 11,1 |
| פּאָליגראפיע | 36,4 | 11,0 |
| שפּייז | 15,8 | 6,7 |
| מעטאל | 8,8 | 6,0 |
| בוי | 8,6 | 5,2 |
| האָלץ | 8,8 | 5,2 |
| כעמיע | 19,2 | 2,3 |
| מינעראל | 6,5 | 1,1 |
| אנדערע | 23,3 | 8,7 |
| **צוזאמען** | **14,3** | **10,5** |

צווישן די בעלי־בתים זיינען די אידן שטאַרקער פאָרגעשטעלט, ווי צווישן די אַרבעטער. די אידישע בעלי־בתים מאַכן אויס אַ באַדייטנדיגן פּראָצענט—פון אַ זעקסטל און מער פון אַלע זעלבשטענדיגע — אין זעקס אינדוסטריע־צווייגן און די אידישע אַרבעטער נאָר אין איינעם — אין דער באַקליידונג.

Tab. — III — טאַב.

## די סאציאלע גלידערונג בא דער עקאנאמיש־אקטיווער באפעלקערונג אין רומעניע

## Die soziale Stellung im Beruf der erwerbstätigen Bevölkerung Rumäniens

| סאציאלע קלאסן<br>Soziale Stellung | עק־אַקטיווע באפעלקי בכלל<br>Erwerbstätige überhaupt: שטאָט—Stadt: אידן mosaisch | שטאָט—Stadt: ניט־אידן sonstig | דאָרף—Land: אידן mosaisch | דאָרף—Land: ניט־אידן sonstig | אינדוסטריעלע באפעלקערי<br>Industrielle Bevölkerung: שטאָט—Stadt: אידן mosaisch | שטאָט—Stadt: ניט־אידן sonstig | דאָרף—Land: אידן mosaisch | דאָרף—Land: ניט־אידן sonstig | האַנדלס־באַפעלקערונג<br>Handelsbevölkerung: שטאָט—Stadt: אידן mosaisch | שטאָט—Stadt: ניט־אידן sonstig | דאָרף—Land: אידן mosaisch | דאָרף—Land: ניט־אידן sonstig |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| זעלבשטענדיגע—Selbständ. | 34 242 | 176 846 | 8 899 | 1 194 972 | 10 780 | 41 453 | 3 110 | 42 114 | 14 755 | 23 782 | 4 323 | 17 357 |
| % % | 46,7 | 34,0 | 54,4 | 36,0 | 34,8 | 25,4 | 47,6 | 39,2 | 54,0 | 47,5 | 71,0 | 74,2 |
| Angestellte — אנגעשטעלטע | 15 734 | 169 381 | 2 514 | 77 622 | 1 148 | 5 977 | 446 | 2 018 | 11 513 | 25 384 | 774 | 4 580 |
| % % | 21,5 | 32,7 | 15,4 | 2,3 | 3,7 | 3,6 | 6,8 | 1,9 | 42,0 | 50,7 | 12,7 | 19,6 |
| . . . Arbeiter — אַרבעטער | 18 429 | 127 744 | 3 146 | 255 756 | 15 185 | 95 145 | 2 320 | 54 723 | 19 | 141 | — | 2 |
| % % | 25,1 | 24,7 | 19,2 | 7,7 | 49,0 | 58,2 | 35,5 | 51,0 | 0,1 | 0,3 | — | — |
| . . Lehrlinge — לערן־אינגלאך | 3 871 | 20 510 | 615 | 5 407 | 3 853 | 20 392 | 614 | 5 399 | — | 5 | — | — |
| % % | 5,3 | 4,0 | 3,8 | 0,2 | 12,4 | 12,5 | 9,4 | 5,0 | — | — | — | — |
| העלפנדיגע משפחה־גלידער — . Mithelf. Famil.-Angehör. | 1 075 | 23 576 | 1 175 | 1 784 454 | 16 | 453 | 42 | 3 132 | 1 036 | 723 | 990 | 1 440 |
| % % | 1,4 | 4,5 | 7,2 | 53,8 | 0,1 | 0,3 | 0,7 | 2,9 | 3,9 | 1,5 | 16,8 | 6,2 |
| . . Zusammen — צוזאמען* | 73 351 | 518 057 | 16 349 | 3 318 211 | 30 982 | 163 420 | 6 532 | 107 386 | 27 323 | 50 035 | 6 087 | 23 379 |
| % % | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

* און דער הויז־דינערשאפט (113294 נפשות).

טאַבעלע III ווייזט די סאָציאַלע גלידערונג פון דער עקאָנאָמיש־אַקטיווער באַפעלקערונג.

דער פּראָצענט זעלבשטענדיגע איז באַ אידן אומעטום גרעסער — אין שטאָט און אין דאָרף, אין האַנדל און אין אינדוסטריע. אַזוי ווי די גרויסע צאָל העלפנדיגע משפחה־גלידער אין דער לאַנדווירטשאַפט פאַרווישט די אמתע פאַרהעלטנישן צווישן אידן און ניט־אידן אין פּרט פון סאָציאַלער גלידערונג, איז בעסער באַטראַכטן באַזונדערע ווירטשאַפט־צווייגן. אין דער אינדוסטריע מאַכן אויס די בעלי־בתים באַ אידן אין שטאָט אַ דריטל און אין דאָרף כמעט אַ העלפט און באַ ניט־אידן

אַנטשפּרעכנדיק אַ פערטל און אַן ערך 40 פּראָצענט. די אַרבעטער מאַכן אויס בײַ אידן אין שטאָט אַביסל ווייניגער פון אַ העלפט און בײַ ניט־אידן 58,2 פּראָצענט; אין דאָרף—בײַ אידן נאָר 35,5 און בײַ ניט־אידן — 51,0%. די לערן־אינגלאַך מאַכן אויס בײַ די באַפעלקערונג־גרופּעס אין שטאָט בערך אַ אַכטל פון אַלע באַשעפטיגטע אין אינדוסטריע און מלאכה און אין דאָרף: בײַ אידן 9,4 און בײַ ניט־אידן 5,0%. אינם האַנדל איז דער חילוק צווישן אידן און ניט־אידן אין פּרט פון סאָציאַלער גלידערונג אַ סך אַ קלענערער.

טאַבעלע IV ברענגט דעם אָנטייל פון אידן אין באַזונדערע האַנדל־צווייגן און ווייזט אויך דעם באַשטאַנד פונם אידישן און ניט־אידישן האַנדל. אין פיר האַנדל־בראַנזשעס (פאַרקויף פון זעק, פון מעבעל, פון שפּילצייג און פון ביכער) מאַכן די אידן אויס צוויי דריטל און מער פון אַלע הענדלער אין די דאָזיגע בראַנזשעס; אין זעקס האַנדל־בראַנזשעס פון 16 מאַכן די אידן אויס מער פון אַ העלפט פון אַלע באַשעפטיגטע; אין פינף בראַנזשעס מאַכן זיי אויס פון אַ דריטל ביז אַ העלפט; ווייניגער פון אַ פערטל מאַכן זיי אויס נאָר אין צוויי האַנדל־בראַנזשעס: אין די האָטעלן און רעסטאָראַנען און ביים בלומען־פאַרקויף. צווישן די קאָמיסיאָנערן און וואָיאַזשאָרן מאַכן די אידן אויס 59,5 פּראָצענט און צווישן די באַשעפטיגטע אין קרעדיט־אַנשטאַלטן נאָר 28,0.

Tab. — IV — טאַב.

## די פארטיילונג פוז דער האנדל־באפעלקערונג אין רומעניע לויט באזונדערע בראנזשעס

## — 1913 —

## Verteilung der Handelsbevölkerung Rumäniens auf die einzelnen Branchen

| % אידן Von je 100 waren mosaisch | ניט־אידן Andersgläubig | | אידן Mosaisch | | Branche — בראנזשעס |
|---|---|---|---|---|---|
| | % | abs. | % | abs. | |
| 28,0 | 4,3 | 3 140 | 3,7 | 1 223 | באנקן, פארזיכערונג א.א.וו. — Geld-u. Versicherungswesen |
| 59,5 | 2,6 | 1 881 | 8,3 | 2 768 | קאָמיסיאָנערן, וואָיאזשערן, עקספּעדיטאָרס א.א.וו. — Spediteure, Commis usw. |
| 49,4 | 9,5 | 6 953 | 20,3 | 6 781 | טעקסטיל — Textil |
| 79,7 | — | 27 | 0,3 | 106 | זעק — Säcke |
| 55,6 | 0,6 | 442 | 1,7 | 554 | לעדערווארג — Leder |
| 39,4 | 2,0 | 1 466 | 2,9 | 954 | געהילץ — Holz |
| 43,5 | 1,2 | 930 | 2,1 | 715 | אייזנווארג — Eisenwaren |
| 47,0 | 0,5 | 357 | 0,9 | 317 | מינעראַלן — Mineralien |
| 29,7 | 0,7 | 484 | 0,6 | 204 | כעמיקאליען, אפטעק־סחורות — Chemikalien, Apothekwaren |
| 12,6 | 33,1 | 24 290 | 10,5 | 3 515 | האטעלן, רעסטאָראנען א.א.וו. — Hotels, Restaurants usw. |
| 27,5 | 16,6 | 12 222 | 13,9 | 4 632 | שפייז־ארטיקלען — Nahrungsmittel |
| 37,8 | 7,9 | 5 820 | 10,6 | 3 538 | פיה, פיש, א.א.וו. — Vieh, Fische usw. |
| 21,8 | 11,2 | 8 232 | 6,9 | 2 300 | בלומען א.א.וו. — Blumen usw. |
| 71,9 | 0,3 | 241 | 1,8 | 618 | מעבל — Möbel |
| 69,5 | 0,1 | 47 | 0,3 | 107 | שפילצייג, פארשידענע אינסטרומענטן — Spielzeug und Instrumente |
| 65,4 | 0,8 | 593 | 1,2 | 388 | ביכער — Bücher |
| 42,7 | 8,6 | 6 289 | 14,0 | 4 690 | אומבאקאנט — Unbekannt |
| 31,3 | 100,0 | 73 414 | 100,0 | 33 410 | צוזאמען — Insgesamt |

וואָס ס'איז שייך דעם באַשטאַנד פונם האַנדל בײַ אידן און ניט־אידן איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז בײַ אידן מאַכן אויס די באַשעפטיגטע אין האָטעלן, רעסטאָראַנען און שענקען נאָר איין צענטל און בײַ ניט־אידן אַ גאַנץ דריטל פון אַלע באַשעפטיגטע אין האַנדל. די גרעסטע גרופּע הענדלער איז בײַ אידן די טעקסטיל־קרעמער (20,3 פּראָצענט פון אַלע הענדלער), בײַ דער ניט־אידישער האַנדל־באַפעלקערונג מאַכן די טעקסטיל־קרעמער אויס סך־הכל נאָר 9,5 פּראָצענט.

Quellen — קוועלן

Statystyka Polski. Spis ludnosci Rzeczypospolitej Polskiej. Warszawa. — 1926-28.

Recensement de la population en 1920. Troisieme partie et quatrieme partie. Public. Stat. Hongroises. N. S. 72° Volume—Budapest 1926;

Ergebnisse der Volks- und Berufszählung in der Tschechoslovakischen Republik—herausg. vom Statistischen Staatsamt. — Prag 1926—27.

Statistisches Handbuch der Tschechoslovakischen Republik. II.—Prag. 1925;

Statistica profesiunilor din Romania dupa recensamantul general al populatiunei din 1 Januarie 1923. —Ministerul Industriei si Comertului.—Bucuresti 1924

# דאס אידנטום פון פוילן און רוסלאנד לויט די לעצטע פאלק־ציילונגען

י׳ קאראלניק

# Demographische Wandlungen im osteuropäischen Judentum

von **I. Koralnik**

## I. Polen — I. פוילן

די פאַרעפנטליכונג פון די רעזולטאַטן פון דער פוילישער פאָלק־ציילונג פון 30־טן סעפּטעמבער 1921 איז איצט — מיטן 1928 — שוין כמעט אינגאַנצן פאַרענדיגט. עס פעלן נאָך בלויז די אַנטגילטיגע און קאָמפּלעטע רעזולטאַטן פאַר דער וואָיעוואודסטווע לאָדז.

ניט געקוקט דערויף, וואָס זייט דעם טאָג פון דער דאָזיגער פאָלק־ציילונג זיינען שוין באַלד פאַרגאַנגען זיבן יאָר, האָבן איהרע רעזולטאַטן אויך בײַ היינטיגן טאָג ניט פאַרלוירן דעם אַקטועלן ווערט און באַטייט. זיי גיבן אונז אַ באַזונדערס אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל אויף צו פאָרשן די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אינם דעמאָגראַפישן בוי פון דעם פּוילישן און גאַליצישן אידנטום פאַר די לעצטע עטליכע און צוואַנציג יאָר. אָבער זיי שפּיגלען אויך אָפּ די דעמאָגראַפישע סטרוקטור פון דעם פּוילישן און גאַליצישן אידנטום אַזוי, ווי זי זעהט אויס בײַ היינטיגן טאָג, — ווי רייך מיט ענדערונגען עס איז ניט געווען דאָס אידישע לעבן אין פּוילן פאַר די לעצטע זיבן יאָר, האָט דאָס אָבער אויף דעם דעמאָגראַפישן בוי פון דער באַפעלקערונג ניט געהאַט קיין ממשותדיגע ווירקונג.

* * *

אין דעם געביט פון פּוילן, וואו ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן די פאָלק־ציילונג פון 30־טן סעפּטעמבער 1921, זיינען פאַרצייכנט געוואָרן 25.694.700 איינוואוינער; פון זיי 2.771.949 אידן. אַהער גייט ניט אַריין די באַפעלקערונג פון באַרג־שלעזיע, פון דער שטאָט ווילנע און פון דריי קרייזן אין ווילנער קאַנט — טראָקער, אָשמיאַנער און שווענציאַנער.

אינם סטאַטיסטישן יאָרבוך פאַר 1925־26 מאַכט די צענטראַלע סטאַטיסטישע פאָרוואַלטונג פון פּוילן אַ פּרוב צו פאַרפולן אָט דעם בלויז און באַנוצט זיך הערצו מיט די רעזולטאַטן פון דער ציילונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין באַרג־שלעזיע און אין ווילנער קאַנט אין 1919 יאָר. אַזוי ווי אָבער די באַרג־שלעזישע ציילונג גיט נאָר די אַ ל ג ע מ יי נ ע ציפער פון דער באַפעלקערונג, האָט די סטאַטיסטישע פאָרוואַלטונג בײַ דער גלידערונג פון דער באַפעלקערונג לויט דער אמונה גענומען די פּראָפּאָרצן פון דער פאָלק־ציילונג 1910.

נאָך אָט די אַלע קאָרעקטיורן קומט די סטאַטיסטישע פאַרוואַלטונג צו אַ צאָל פון 27.176.717 פאַר דער גאַנצער און פון 2.845.364 נפשות פאַר דער אידישער באַפעלקערונג. [1] די פאַרטיילונג פון דער אַלגעמיינער און פון דער אידישער באַפעלקערונג לויט באַזונדערע וואָיעוואודסטוועס און דער אָנטייל פון אידן אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג ווערט געגעבן אין פאָלגנדיגער טאַבעלע I.

Tab. — I — טאב.

**די אלגעמיינע צאל אידן אין פוילן און איר פארטיילונג לויט באזונדערע וואיעוואודסטוועס**

Zahl und Verteilung der jüdischen Bevölk. Polens

| פון דעם אידן darunter Juden % | abs. | די גאנצע באפעלק. Gesamt-Bevölk. | וואיעוואודסטווע Wojewodschaft |
|---|---|---|---|
| 33,1 | 310 322 | 936 713 | Stadt Warschau—ווארשע שטאט |
| 9,6 | 203 425 | 2 112 798 | . . . . Warschau — ווארשעווער |
| 14,5 | 326 973 | 2 252 769 | . . . . . . . . Lodz — לאדזשער |
| 11,9 | 300 489 | 2 535 781 | . . . . . . . . Kielce — קעלצער |
| 13,8 | 287 639 | 2 087 951 | . . . . . . . Lublin — לובלינער |
| 14,8 | 194 095 | 1 307 826 | . . . Bialystok — ביאליסטאקער |
| 9,4 | 91 784 | 973 404 | . . . . . . . . Wilno — ווילנער |
| 9,0 | 74 467 | 825 028 | . . . Nowogrod — נאוואגרודער |
| 12,6 | 110 639 | 881 005 | . . . . . . Polessie — פאלעסיער |
| 11,5 | 164 740 | 1 437 907 | . . . . . . Wolhyn — וואלינער |
| 0,5 | 10 397 | 1 967 865 | . . . . . . . . . Posen — פויזנער |
| 0,3 | 2 927 | 935 643 | . . . . . Pommern — פאמערשע |
| 1,5 | 16 650 | 1 124 967 | . . . . . . Schlesien — שלעזישע |
| 7,7 | 152 926 | 1 992 810 | . . . . . . . . Krakau — קראקער |
| 11,5 | 313 206 | 2 718 014 | . . . . Lemberg — לעמבערגער |
| 10,6 | 141 524 | 1 339 191 | . . . Stanislau — סטאניסלאווער |
| 9,0 | 128 965 | 1 428 520 | . . . Tarnopol — טארנאפאלער |
| 4,5 | 14 196 | 318 525 | Unbek.—געציילט פון דער ארמיי |
| 10,5 | 2 845 364 | 27 176 717 | Zusammen—סך־הכל |

פון דער דאָזיגער פאַרטיילונג איז צו זעהן, אַז דאָס קאָנגרעס־פּוילישע אידנטום שטעלט פאָר דעם גרעסטן טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג אין איצטיגן פּוילן. פון יעדע הונדערט אידישע נפשות פאַלן אויס אויף:

| | |
|---|---|
| קאָנגרעס־פוילן . . . . . . . . . . | 60·2 |
| גאליציע . . . . . . . . . . . | 25·9 |
| געוו. דייטשע טיילן . . . . . . . . | 1·1 |
| אנדערע (קרעסן) . . . . . . . . . | 12·1 |
| צוזאמען . . . . . . . . . . | 100,0 * |

* 0·7 פראצענט פון דער אידישער באפעלקערונג זיינען געציילט געווארן פון מיליטער, זייער פארטיילונג לויט באזונדערע געגענטן איז ניט באקאנט.

1) Rocznik Statystyczny Rzeczypospolitej Polskiej. Rok wydawnictwa IV. 1925/26. — Warszawa 1927

די טעריטאָריע פון איצטיגן פּוילן שטעלט זיך צוזאַמען פון: 1) די אַמאָליגע רוסיש־פּוילישע גובערניעס; 2) גאַליציע; 3) גראָדנער און ווילנער גובערניע; 4) טיילן פון וואָלינער און מינסקער גובערניעס און 5) טיילן פון פּרייסן און עסטרייכישער שלעזיע.

די צאָל אידישע איינוואוינער אויף אָט דער טעריטאָריע צום אָנהויב יאָרהונדערט שטעלן מיר צונויף אויף פאָלגנדיגן אופן:

Tab. — II — טאַב.

**די צאל אידן אין איצטיגן פוילן ארום 1897/1900 יאר**

Zahl der jüd. Bev. Polens zu Beginn des XX. Jhdts.

| Gebiet — קאנט | יאר Jahr | צאל אידן Jüd. Bev. |
|---|---|---|
| I. קאנגרעס־פוילן—Kongreß-Polen . . . | 1897 | 1 321 100 |
| II. גראדנער גוב.—Gouv. Grodno . . . | 1897 | 280 489 |
| III. ווילנער גוב.—Gouv. Wilno . . . . | 1897 | 204 686 |
| IV. טיילן פון וואָלינ. גוב./Gouv. Wolhyn | 1897 | 195 000 |
| V. טיילן פון מינסק. גוב./Gouv. Minsk . | 1897 | 100 000 |
| VI. גאליציע — Galizien . . . . . . . . | 1900 | 811 183 |
| VII. טיילן פון פרייסן און עסטר. שלעזיע—Ehem. preuß. und österr. Gebiet | 1900 | 40 000 |
| צוזאמען—Insgesamt . . . | 1897/900 | 2 952 458 |

באמערקונג: צו IV־פון דער בערכדיגער צאל 195000 זיינען געווען: אין וולאדימיר־וואלינער קרייז 28 936 אידן, אין דובנער — 22485, אין קאוולער — 25 243, אין קרעמענעצער—26 965, אין לוצקער—35 819 און אין ראוונער—44016 אידן; דער רעסט—אין די טיילן פון אסטרער קרייז א. א.; צו V — פון די אנ׳ערך 100 000 אידן זיינען געווען: אין פינסקער קרייז 45 119, אין נאוואגרודער — 30483; דער רעסט—אין די טיילן פון סלוצקער, מאזירער און מינסקער קרייזן.

רעכנט מען אַראָפּ די צאָל אידן פון סוואַלקער און ווילנער גובערניעס, וואָס זיינען אָפּגעגאַנגען צו ליטע, און גיט מען צו צו אַלע אַמאָליגע טיילן פון רוסלאַנד דעם צוּוואַקס פאַר די יאָרן 1897 ביז 1900, אַזוי באַקומט מען פאַר גאַנץ פּוילן אין 1900־טן יאָר אַ צאָל פון אַנ׳ערך 3.000.000 אידישע נפשות. געגן דער דאָזיגער צאָל שטייט אַלזאָ אין 1921־טן יאָר אַ צאָל פון 2 845 364 אידן. די דיפערענץ מאַכט אויס מינוס 5,2 פּראָצענט.

וואָלטן די דריי מיליאָן אידן פון 1900־טן יאָר זיך נאָרמאַל פאַרגרעסערט (בײַ דער געוויינלעכער אָנדערטהאַלב־פּראָצענטיגער קוואָטע פון נאַטירליכן צוּוואַקס), וואָלטן מיר איצט באַדאַרפט האָבן אין פּוילן אַנ׳ערך פיר מיליאָן אידישע נפשות. די פאַקטישע צאָל איז אויף אַזאַ אופן מער ווי אויף אַ מיליאָן נידעריגער פון דער זאָל־צאָל — אַ רעזולטאַט צום גרעסטן טייל פון דער אויסוואַנדערונג איבערן ים, טיילווייז פון דער מלחמה און אירע באַגלייט־ערשיינונגען: די אויסשיקונגען פון די פראָנט־געגנטן, עוואַקואַציעס, ווי אויך פון געבורטן־פאַל, עפּידעמיעס א.א.וו.

ווי די ווייטערדיגע טאַבעלע III ווייזט, איז דער סך־הכל פון די עטליכע און צוואַנציג יאָר פאַר די פאַרשיידענע טיילן פון פּוילן איבערהויפּט גאַנץ פאַרשידן. דאָס אידנטום פון קאָנגרעס־פּוילן, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהאַט אַ נידעריגערע אויסוואַנדערונג־קוואָטע ווי די אידישע באַפעלקערונג פון גאַליציע אָדער אַפילו פון מינסקער און ווילנער געגנט און האָט דערצו נאָך אין די יאָרן 1900/1914 באַקומען אַ גאַנצן היפּשע מאַסע צוּוואַנדערער פון אַנדערע טיילן פון רוסישן תחום, איז צום 1921־טן יאָר אַרויס מיטן גינציגסטן באַלאַנס. די צאָל אידן אין קאָנגרעס־פּוילן (אַריינגערעכנט אַהער די טעריטאָריע פון אַמאָליגער גראָדנער גובערניע) איז צום מאָמענט פון דער לעצטער פאָלק־ציילונג געווען אויף 6,9 פּראָצענט העכער ווי אין 1897־טן יאָר. מינסקער, ווילנער און וואָלינער געגנטן, וואָס זיינען באַזונדערס שווער געטראָפן געוואָרן פון דער וועלט־מלחמה און פון דעם קריג צווישן די סאָוויעטן און פּוילן, האָט פאַרמאָגט שוין מיט 29,5% ווייניגער אידן, איידער בעת דער ערשטער אַלרוסישער פאָלק־ציילונג. אין די אַמאָליגע פּרייסישע און עסטרייכישע טיילן, פון וואַנען ס׳איז נאָך פאַר דער וועלט־מלחמה שטענדיג געגאַנגען אַ שטאַרקע אויסוואַנדערונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין די אינעווייניגסטע דייטשע און עסטרייכישע געביטן און וואו די דאָזיגע אויסוואַנדערונג האָט ערב דעם איבערגאַנג פון אָט די געגנטן צו פּוילן אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער, זעהט מען אין 1921־טן יאָר בלויז דריי פערטל פון דער צאָל אידן אין 1900־טן יאָר. די קלענסטע נעגאַטיווע דיפערענץ — פון מינוס 9,2 פּראָצענט — שטייט בײַ דער אידישער באַפעלקערונג פון גאַליציע.

Tab. — III — טאַב.

**די ענדערונגען פון דער צאל אידישע איינוואוינער אין די באזונדערע טיילן פון פוילן**

Zu-bzw. Abnahme der jüd. Bev. in den einzelnen Gebieten

| Gebiet — קאנט | 1897 | 1921 | דיפערענץ — % — Differenz |
|---|---|---|---|
| קאנגרעס־פוילן—Kongreß-Polen . | 1 601 589 | 1 712 144 | 6,9 |
| גאליציע — Galizien . . . . . . . | 811 183* | 736 621 | —9,2 |
| פרייס. און עסטר. טיילן — Ehem. preuß. und österr. Gebiet | 40 000* | 29 974 | -25,1 |
| אנדערע — Sonstiges Gebiet . . | 499 686 | 352 429 | -29,5 |
| צוזאמען — Insgesamt . . | 2 952 458 | 2845364.. | —3,6 |

* 1900; ** 14 196 איד. נפשות זיינען געציילט געווארן פונם מיליטער און זייער פארטיילונג לויט באזונדערע קאנטן איז ניט אנגעגעבן.

פאָלגנדיגע טאַבעלע שטעלט פאָר די גרויס פון דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג אין גאַליציע אין פיר ציילונג־יאָרן: 1890, 1900, 1910 און 1921. פון איר זעהט מען, אַז אין 1921־טן יאָר האָט די צאָל אידן אין גאַליציע נאָך ניט דערגרייכט אַפילו דעם שטאַנד פון 1890־טן יאָר; די דיפערענץ באַטרעפט מינוס 4,2 פּראָצענט. אויף דער ניט־אידישער זייט אָבער שטייט אַ צוּוואַקס פון 15,5 פּראָצענט.

Tab. — IV — טאַב.

**וואוקס פון דער איד. און קריסט. באפעלק. אין גאליציע**

Entwicklung der jüd. u. christ. Bev. in Galizien

| Jahr — יאר | Juden — אידן abs. | Juden — אידן % | Christen — קריסטן abs. | Christen — קריסטן % |
|---|---|---|---|---|
| 1890 | 768 845 | 100,0 | 5 838 971 | 100,0 |
| 1900 | 811 183 | 105,5 | 6 504 756 | 111,4 |
| 1910 | 871 895 | 113,4 | 7 153 780 | 122,5 |
| 1921 | 736 621 | 95,8 | 6 741 914 | 115,5 |

דער גרעסטער טייל פֿון די מלחמה־פֿאַרלוסטן בײַ דעם גאַליצישן אידנטום פֿאַלט אויס, נאַטירליך, אויף זײַן מזרח־דיגן טייל. מזרח־גאַליציע, וואו די אידישע באַפֿעלקערונג איז שוין פֿאַר דער וועלט־מלחמה — צוליב דער שטאַרקער אויסוואַנדערונג — זייער לאַנגזאַם געוואַקסן, און וואו די וועלט־מלחמה האָט זיך דירעקט אָפּגעשפּילט, ציילט אין 1921־טן יאָר אויף 18,6 פּראָצענט ווייניגער אידישע אײַנוואוינער, איידער אין 1910־טן יאָר. מערב־גאַליציע, וואָס האָט פֿון דער מלחמה ווייניגער געליטן, האָט פֿאַרלוירן בלויז 5,2 פּראָצענט פֿון זײַן אידישער באַפֿעלקערונג אין 1910־טן יאָר.

בײַ דער ניט־אידישער באַפֿעלקערונג סיי פֿון מזרח־ און סיי פֿון מערב־גאַליציע זעהען מיר אַ פֿיל גינציגערן סך־הכל: אין ערשטן טייל דריקט זיך איר פֿאַרלוסט אויס מיט 6,6 פּראָצענט, אין צווייטן — מיט 4,1 פּראָצענט.

Tab. — V — טאַב.

## די אנטוויקלונג פון דער אידישער און ניט־אידי. באפעלק. אין מזרח־און אין מערב־גאליציע

**Veränderungen in der jüdischen Bevölkerung Ost- u. Westgaliziens**

| Nichtjuden — ניט־אידן: דיפערענץ — % — Zu- bzw. Abnahme 1910—1921 | 1900—1910 | 1921 | 1910 | 1900 | Juden — אידן: דיפערענץ — % — Zu- bzw. Abnahme 1910—1921 | 1900—1910 | 1921 | 1910 | 1900 | Land — קאַנט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| −6,6 | 13,7 | 4 460 925 | 4 774 892 | 4 200 680 | −18,6 | 7,2 | 544 667 | 669 474 | 624 639 | ....Ostgalizien — מזרח־גאליציע |
| −4,1 | 6,0 | 2 280 989 | 2 378 888 | 2 243 364 | −5,2 | 8,5 | 191 954 | 202 421 | 186 544 | ..Westgalizien — מערב־גאליציע* |
| **−5,8** | **11,0** | **6 741 914** | **7 153 780** | **6 444 044** | **−15,5** | **7,5** | **736 621** | **871 895** | **811 183** | .....Zus. — צוזאמען |

* קראקער וואיעוואודסטווע און 6 פאוויאטן פון לעמבערגער וואיעוואודסטווע: פשעוואָרסק, קאָלבושאָוואַ, טאַרנאָבזשעג, ניסקאָ, זשעשאָוו און קראָסנאָ;
* Wojewodschaft Krakau samt 6 Kreisen der Wojew. Lemberg: Przeworsk, Kolbuszowa, Tarnobrzeg, Nisko, Rzeszow und Krosno

אין אַ רייע געגנטן פֿון מזרח־גאַליציע איז די פֿאַרקלענערונג פֿון דער אידישער אײַנוואוינערשאַפֿט פּראָצענטועל עטליכע מאָל העכער פֿון דורכשניט. אין עלף קרייזן באַטרעפֿט די פֿאַרקלענערונג העכער דרייסיג פּראָצענט: אין פּשעמישליאַני—31,2 פּראָצענט, קאַמיאָנקאַ—31,6, טרעמבאָווליאַ—32,4, סקאַלאַט—35,1, ראָגאַטין—38,1, זאַליעשטשיקי—39,3, פּאָדהאַיצע—40,5, בראָד און זבאָראָוו — 46,6, בוטשאַטש — 49,0 און באָהאָראָדטשאַני—58,2 פּראָצענט.

* * *

דער קריטעריום פֿאַר שטאָט, שטעטל און דאָרף איז אין דער פּוילישער פֿאָלק־ציילונג פֿון 1921 ניט אײַנהייטליך: בנוגע די אַמאָליגע רוסישע טיילן ווינען כמעט אינגאַנצן געבליבן גילטיג די אַלטע רוסישע אַדמיניסטראַטיווע באַגריפֿן, פֿאַר גאַליציע — די אַלטע גאַליצישע טיילונג. בײַ דער גלידערונג פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג לויט באַזונדערע טיפּן וואוין־ערטער איז דעריבער צוועקמעסיג צו באַהאַנדלען יעדן פֿון די באַשטאַנד־טיילן פֿון היינטיגן פּוילן — דעם רוסישן, דעם גאַליצישן און דעם געוועזענעם דייטשן און עסטרייכישן טייל — סעפּאַראַט.

מען מוז אויך נעמען אין אַכט, אַז דאָס שטעטל, אַלס אַדמיניסטראַטיווע אײַנהייט, איז אין פּוילן געוואָרן כמעט אַ זעלטענע דערשײַנונג. אַ גרויסער טייל פֿון די אַמאָליגע שטעטלאַך אין די געוועזענע רוסישע געביטן אין גאַליציע איז אַרײַנגענומען געוואָרן אין דער קאַטעגאָריע „שטעט". כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דערווירטשאַפֿטליכער סטרוקטור און באַדײַטונג פֿון די נאָך פֿאַרבליבענע שטעטלאַך איז דער פֿאַקט, וואָס אין די אַנטגילטיגע רעזולטאַטן פֿון דער ציילונג האָט די סטאַטיסטישע פֿאַרוואַלטונג זיי צוגערעכנט צו די ישובים פֿון דאָרפֿישן טיפּ.

באַנוצנדיג די ערשטע ציילונג־העפֿטן, די אַזוי גערופֿענע „רשימות פֿון די וואוין־ערטער אין דער פּוילישער רעפּובליק" (Skorowidz miejscowosci Rzeczypospolitej Polskiej), קאָנען מיר אויפֿשטעלן פֿאָלגנדיג בילד פֿון דער פֿאַרטיילונג פֿון דער אידישער און ניט־אידישער באַפֿעלקערונג צווישן די באַזונדערע טיפּן וואוין־ערטער:

Tab. — VI — טאַב.

## די פארטיילונג פון דער אידי. באפי. לויטן טיפ פון וואוין־ארט אין פארשיידענע טיילן פון פוילן

**Gliederung der jüdischen und nichtjüd. Bevölk. nach den Typen des Wohnorts**

| Nichtjüd. Bevölk. — ניט־אידישע באפעלק.: דאָרף Dorf % | abs. | שטעטל Städtchen % | abs. | שטאָט* Stadt % | abs. | Jüdische Bevölk. — אידישע באפעלק.: דאָרף Dorf % | abs. | שטעטל Städtchen % | abs. | שטאָט* Stadt % | abs. | Land — קאַנט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 74,5 | 7 733 800 | 3,3 | 345 366 | 22,2 | 2 302 095 | 7,1 | 124 270 | 14,3 | 247 425 | 78,6 | 1 361 887 | . Kongreß-Polen — קאנגרעס־פוילן |
| 78,7 | 5 306 244 | 3,6 | 241 774 | 17,7 | 1 193 896 | 20,3 | 149 836 | 9,0 | 66 286 | 70,7 | 520 499 | . . . . . . Galizien — גאליציע |
| 89,8 | 2 608 943 | 2,3 | 67 531 | 7,9 | 228 874 | 13,0 | 42 843 | 17,2 | 57 069 | 69,8 | 231 079 | . . . . . Randgebiet — קרעסן |

* לויט דער אדמיניסטראטיווער טיילונג צום 1־טן יאנואר 1926. די רשימה פון די שטעט ווערט געבראכט אויך אין Rocznik Statystyki Rzeczypospolitej Polskiej 1925/26

אינם גרעסטן טייל פון היינטיגן פּױלן, אין דער קאָנגרעסאָזקע, וואַקסט נאָר אַ מ י נ י מ אַ ל ע ר פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין די דאָרפישע ישובים. דער דורכשניטלעכער פּראָצענט דאָרפישע אידן באַטרעפט דאָ 7,1. ער וואַקלט צווישן 3,0 אין די צוויי אינדוסטריעל און קאָמערציעל הויך־אַנטוויקלטע וואָיעוואָדסטווען וואַרשע און לאָדז און 17,4 אין דער אָפּגעשטאַנענער פּאָלעסיער געגנט. ווייער נאָענט צו פּאָלעסיע איז די לובלינער וואָיעוואָדסטווע—מיט 13,5% דאָרפישע אידישע איינוואוינער.

דעם העכסטן פּראָצענט דאָרפישע אידן פאַרמאָגט גאַליציע. דער דורכשניט באַטרעפט דאָ 20,3. דער מינימום (אין קראָקער וואָיעוואָדסטווע) לאָזט זיך אַראָפּ צו 17,2 פּראָצענט; דער מאַקסימום (סטאַניסלאַווער וואָיעוואָדסטווע) דערגרייכט ביז 24,8 פּראָצענט.

דעם מיטן צווישן קאָנגרעס־פּױלן און גאַליציע פאַרנעמען די קרעסן—וואָלינער, ווילנער און נאָוואָגרודער וואָיעוואָדסטוועס— מיט 13,0% אידן, וואָס וואוינען אין דערפער. דער מינימום (נאָוואָגרודער וואָיעוואָדסטווע) האַלט דאָ בײַ 10,4 פּראָצענט, דער מאַקסימום (ווילנער געגנט) — בײַ 14,6 פּראָצענט.

די ניט־אידישע באַפעלקערונג פון פּױלן איז נאָך אַלץ אַ אויסגעשפּראָכן דאָרפישע מאַסע. דער פּראָצענט דאָרפישע איינוואוינער באַטרעפט בײַ ניט־אידן אין קאָנגרעס־פּױלן 74,5% (מער ווי צען מאָל העכער ווי בײַ אידן), אין גאַליציע— אַכציק פּראָצענט (פיר מאָל מער ווי בײַ אידן) און אין ראַנד־געביט ניינציג פּראָצענט (זיבן מאָל מער ווי בײַ דער אידישער באַפעלקערונג). בלויז די צוויי וואָיעוואָדסטוועס מיט אַ אַנטוויקלטער שטאָטישער אינדוסטריע—וואַרשעווער און לאָדזער — האָבן שוין נים מער ווי צוויי דריטל דאָרפישע עלעמענטן צווישן זייער ניט־אידישער באַפעלקערונג: וואַרשעווער — 61,4 פּראָצענט און לאָדזער וואָיעוואָדסטווע—67,5 פּראָצענט.

אין די שטאָטישע ישובים (שטאָט און שטעטל צוזאַמען) וואוינען איצט 80 ביז עטליכע און ניינציג פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פּױלן. פון די דריי קאַנטן, וואָס מיר האָבן געבראַכט אין דער טאַבעלע, האָט קאָנגרעס־פּױלן דעם העכסטן פּראָצענט—92,9; די ראַנד־געביטן—87,0 און גאַליציע—79,7 פּראָצענט אידן, וואָס וואוינען אין די שטאָטישע ישובים. בײַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג וואַקלט דער פּראָצענט צווישן 10,2 (אין די ראַנד־געביטן) און 25,5 (אין קאָנגרעס־פּױלן). אין גאַליציע וואוינט אין די שטאָטישע ישובים אַ פינפטל פון דער גאַנצער ניט־אידישער מאַסע.

טיילט מען אויס דאָס שטעטל—אינם זין פון היינטיגער פּױלישער סטאַטיסטיק, — אַזוי בלייבן אין אָט די ווירטשאַפטלעך און סאָציאַל אָפּגעשטאַנענע פּונקטן דורכשניטלעך 13,2 פּראָצענט פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין די גענומענע דריי טיילן פון פּױלן.

כדי צו זייזן, אויף וויפיל דאָס טאַרוואָס געגעבענע בילד איז אַנדערש ווי אין 1897/900, וועלן מיר געבן די אַנטוויקלונג אין דאָרף און אין די „איבעריגע טיפּן וואוין־ערטער" ד.ה. אין די שטעט און שטעטלאַך צוזאַמען. ווי געזאָגט, ווייטן די דאָזיגע „איבעריגע וואוין־ערטער" אין 1921־טן יאָר אַנדערש איינגעטיילט צווישן זיך, ווי בעת די ציילונגען פון 1897 אין רוסלאַנד און פון 1900—1910 אין גאַליציע. דעריבער פאַראייניגן מיר די שטאָטישע און שטעטלשע ישובים און מיידן אויס חעם טעות פון פאַרגלייכן צווישן זיך פאַרשיידענע העטעראָגענע גרויסן. אין פאָלגנדיגער טאַבעלע ווערן געוויזן צוערשט די ענדערונגען ביים גאַליצישן אידנטום. מיר נעמען צום פאַרגלייך די רעזולטאַטן פון די ציילונגען 1900, 1910 און 1921.

Tab. — VII — טאַב.

**די ענדערונגען אין דער צאָל דאָרפישע און שטאטישע איינוואוינער ביים גאליצישן אידנטום**

**Die Verschiebungen in der Gliederung der galizischen Judenheit nach Stadt und Land**

| Jahr — יאר | דארפישע ישובים Flaches Land abs. | % | אנדערע ישובים Sonstige Siedlungen abs. | % | אינאיינעם Zusammen abs. | % |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1900 | 324 086 | 40,0 | 487 097 | 60,0 | 811 183 | 100,0 |
| 1910 | 322 069 | 36,9 | 549 826 | 63,1 | 871 895 | 100,0 |
| 1921 | 149 836 | 20,3 | 586 785 | 79,7 | 736 621 | 100,0 |

דער פּראָצענט דאָרפישע איינוואוינער איז ביים גאַליצישן אידנטום ביזן 1900 יאָר געווען סטאַביל. אין מערב־גאַליציע האָט ער בעת דער ציילונג פון 1880 געהאַלטן בײַ 38,0, אין 1890־טן יאָר — בײַ 38,1; אין מזרח־גאַליציע—אַנטשפּרעכנדיג 40,5 און 41,6. אין 1900־טן יאָר באַטרעפט ער אין דורכשניט, ווי מיר זעהען דאָס פון דער נאָרוואָס געבראַכטער טאַבעלע, 40,0. דערביי גיט מערב־גאַליציע אַ פאַרקלענערונג פון 38,1 אויף 34,1 פּראָצענט, מזרח־גאַליציע בלייבט בײַ 41,7%. פון 1900 ביז 1910 רוקט זיך דער דורכשניטלעכער פּראָצענט דאָרפישע אידן אַראָפּ סך־הכל אויף פיר פּונקטן: מערב־גאַליציע פאַרמאָגט שוין נאָר 28,8, מזרח־גאַליציע—נאָר 39,4 פּראָצענט דאָרפישע אידן. אָבער די געשייענישן צווישן 1910 און 1921 רייסן אַרויס פון די דערפער אַ גוואַלטיג גרויסע אידישע מאַסע, אַזוי אַז צו דער צייט פון דער לעצטער פאָלק־ציילונג געפינט מען דאָ שוין ניט מער ווי אַ פינפטל פון גאַנצן גאַליצישן אידנטום, ד.ה. כמעט צוויי מאָל אַ קלענערן חלק ווי ערב דער מלחמה.

אין דער טאַבעלע VIII גיבן מיר די צאָל אידישע און ניט־אידישע איינוואוינער אין 39 גאַליצישע שטעט צום מאָמענט פון די פאָלק־ציילונגען 1900 און 1921. בײַ דער גרופּירונג פון די שטעט האָבן מיר זיך גערעכנט מיט דער אַלגעמיינער צאָל איינוואוינער אין זיי אין 1900 יאָר.

פון דער דאָזיגער טאַבעלע זעהען מיר, אַז די צאָל אידישע איינוואוינער איז געפאַלן ניט נאָר אין דאָרף: אין די שטעט מיט ווייניגער פון צען טויזנט איינוואוינער איז די צאָל אידן אין 1921־טן יאָר אויף 2,2 פּראָצענט נידעריגער ווי אין 1900־טן; מיר זעהען ווייטער, אַז אין דער גרופּע שטעט מיט 10 001 ביז 20 000 איינוואוינער דריקט זיך דער צוואַקס פון דער אידישער באַפעלקערונג אויס מיט בלויז 6,1 פּראָצענט. באַדייטנדיג איז דער וואוקס פון דער אידישער איינוואוינערשאַפט אין די שטעט מיט 20 001 ביז 50 000, גאָר שטאַרק — אין די צוויי גרעסטע שטעט קראָקע און לעמבערג. אויף דער זייט פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג ווייזט די טאַבעלע פאַרן יאָר 1921 אין די ערשטע דריי גרופּעס העכערע צאָלן ווי אין 1900־טן. אין די צוויי נידעריגסטע גרופּעס שטעט איז צו דער ניט־אידישער באַפעלקערונג צוגעקומען כמעט אַ פינפטל פון איר צאָל אין יאָר 1900, ד. ה. מער ווי זעקס מאָל אַ העכערער פּראָצענט ווי בײַ די אידן. אין

Tab. — VIII — טאַב.

## די ענדערונגען פון דער צאל אידישע איינוואוינער אין די גרעסטע שטעט פון גאליציע

## Zu- bzw. Abnahme der jüd. Bev. in den größten Städten Galiziens 1900—1921

| Nichtjuden — ניט־אידן | | | Juden — אידן | | | גרויס פון שטאט<br>Größe der Gemeinde |
|---|---|---|---|---|---|---|
| דיפערענץ — % — Differenz | 1921 | 1900 | דיפערענץ — % — Differenz | 1921 | 1900 | |
| 18,4 | 98 740 | 83 365 | —2,2 | 43 197 | 44 188 | .I — 10 000 |
| 19,4 | 127 349 | 106 672 | 6,1 | 82 863 | 78 104 | .II 10 001 — 20 000 |
| 29,6 | 129 213 | 99 738 | 23,9 | 96 552 | 77 930 | .III 20 001 — 50 000 |
| 69,3 | 281 081 | 165 983 | 77,2 | 122 013 | 68 842 | .IV 50 001 + |
| 39,6 | 636 383 | 455 758 | 28,1 | 344 625 | 269 064 | Zusammen — צוזאמען |

I. Bochnia, Sokol, Żolkiew, Trembowlia, Biala, Jaslo, Gorlice, Sanok, Wadowice, Wieliczka, Krosno, Dolina, Rawa, Zbaraż, Tyszmenice, Kalusz, Nadworna
II. Jaroslaw, Drohobycz, Brody, Sambor, Nowy Sącz, Rzeszow, Grodek, Zloczow, Buczacz, Sniatyn, Brzezan, Jaworow, Horodenka, Chrzanow;
III. Przemysl, Kolomea, Tarnow, Tarnopol, Stanislau, Stryj;
IV. Lemberg, Krakow.

דער דריטער גרופּע שטעט — מיט אַ איינוואוינערשאַפט פון 20 001 ביז 50 000 נפשות — איז שוין דער אונטערשיד באַדייטנדיג שוואַכער, און אין דער גרופּע פון שטעט מיט העכער פופציג טויזנט נפשות איז שוין דער צוואַקס בײַ די ניט־אידן (69,3) אַפילו עטוואָס קלענער ווי בײַ די אידישע איינוואוינער (77,2). אין דער פאָלגנדיגער טאַבעלע גיבן מיר די אַנטוויקלונג פון דער באַפעלקערונג אין קראָקע און לעמבערג. צום פאַרגלייך מיט די נייעסטע דאַטן פון 1921־טן יאָר ציען מיר אַריין די רעזולטאַטן פון די עסטרייכישע פאָלק־ציילונגען אין 1900 און 1910־טן יאָר.

Tab. — IX — טאַב.

## דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין לעמבערג און קראקע

## Das Wachstum der jüd. und nichtjüd. Bev. in Lemberg und Krakau

| Nichtjuden — ניט־אידן | | | | | Juden — אידישע באפעלקערונג | | | | | Stadt — שטאט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| דיפערענץ — % — Differenz | | 1921 | 1910 | 1900 | דיפערענץ — % — Differenz | | 1921 | 1910 | 1900 | |
| 1910—1921 | 1900—1910 | | | | 1910—1921 | 1900—1910 | | | | |
| —19,6 | 40,1 | 119 565 | 148 726 | 106 139 | 33,8 | 32,2 | 76 784 | 57 387 | 43 412 | לעמבערג — Lemberg . . . . |
| 5,8 | 27,8 | 135 838 | 128 380 | 100 438 | 18,1 | 20,7 | 45 401 | 38 434 | 31 852 | קראָקע* — Krakau . . . . . |

* צום פארגלייך איז גענומען געווארן די באפעלקערונג פון איין און דרײַסיגער טעריטאריע, ביים פארגלייך פון דער צאל איינוואוינער אין די אדמיניסטראטיווע גרעניצן פון דער שטאט באקומט זיך א פאלש בילד, ווייל פאר די לעצטע צוואנציג יאר זיינען צו דער שטאט צוגערעכנט געווארן אסך פון די פריערדיגע פארשטאט־ערטער. זעה: Ogólne wyniki spisu ludnosci w Krakowie, z 30 Wrzesnia 1921 roku. — Biuro Stat. m. Krakowa. — Kraków 1924

בײַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג האָט זיך דער וואוקס כמעט אָפּגעשטעלט, — אין לעמבערג זעהען מיר אַפילו אַ פאַרקלענערונג פון דער צאָל ניט־אידן אויף אַ גאַנץ פּינקטל. פאַרקערט, בײַ דער אידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט אויפגענומען אַ גרויסע מאַסע פון דאָרף און שטעטל, איז דער טעמפּ פון וואַקסן געבליבן דערזעלבער ווי פאַר דער וועלט־מלחמה.

גייט מען איבער פון גאַליציאַנער אידנטום צום קאָנגרעס־פּוילישן, טרעפט מען אַ ריי ענליכע ענדערונגען און טענדענצן. פאַרטיילנדיג די אידישע באַפעלקערונג אין קאָנגרעס־פּוילן אויף „דאָרפישע" און „אַנדערע", באַקומען מיר פאָלגנדיג בילד:

Tab. — X — טאַב.

## דער אנטייל פון דער דארפישער באפעלקערונג בא די אידן פון קאנגרעס־פוילן

## Die Stärke der dörfischen jüdischen Bevölkerung in Kongreß-Polen

| Nichtjuden — ניט־אידן | | | | Juden — אידן | | | | Jahr — יאר |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| Sonstige — אנדערע | | Dörfische — דאָרף | | Sonstige — אנדערע | | Dörfische — דארף | | |
| % | abs. | % | abs. | % | abs. | % | abs. | |
| 20,4 | 1 915 280 | 79,6 | 7 488 793 | 86,5 | 1 384 624 | 13,5 | 216 965 | 1897 |
| 25,5 | 2 647 461 | 74,5 | 7 733 800 | 92,7 | 1 587 874 | 7,3 | 124 270 | 1921 |

איך אין קאָנגרעס־פּױלן האָבן מיר אַלזאָ אין 1921־טן יאָר כמעט צװײ מאָל אַ נידעריקערן פּראָצענט דאָרפֿישע אידן װי אין יאָר 1897. די אַבסאָלוטע צאָל פֿון דער דאָרפֿישער אידי־שער באַפֿעלקערונג שטײט מיט 42,7 פּראָצענט נידע־ריגער װי מיט עטליכע און צװאַנציג יאָר צוריק. באַ דער ניט־אידישער דאָרפֿישער באַפֿעלקערונג פֿון קאָנגרעס־פּױלן קאָן מען פֿאַרצײכענען נאָר אַ פֿאַרהעלטניסמעסיג אומבאַדײטנדיגע רע־דוקציע.

װי אין גאַליציע, איז דער צוװאַקס פֿון דער שטאָטישער אידישער באַפֿעלקערונג (געמײנט װידעראַמאָל שטאָט און שטעטל צוזאַמען) אין קאָנגרעס־פּױלן אַ גאַנץ שװאַכער — 14,7 פּראָצענט—, שױן כמעט דרײ מאָל נידעריגער װי דער צו־װאַקס באַ דער ניט־אידישער שטאָטישער אײנװאױנערשאַפֿט (38,2 פּראָצענט).

שטאַרק פֿאַרקלענערט האָט זיך דער פּראָצענט דאָרפֿישע אידן איך אין די אַזױ גערופֿענע „קרעסן“. אין 1897 יאָר האָט דער פּראָצענט דאָרפֿישע אידן באַטראָפֿן פֿאַר די גובערניעס מינסקער, װילנער און װאָלינער אין הורכשניט 21,7, איצט נאָר 13,0 פּראָצענט.

כדי צו געבן אַ באַגריף װעגן דער אידישער באַפֿעלקערונג אין די ישובים, װאָס שטײען איצט אין דער פּױלישער סטאַ־טיסטיק אין דער רובריק „שטעט“ האָבן מיר אין דער װײטער־דיגער טאַבעלע געגלידערט אָט די שטעט לױט זײער גרױס. אַלס מאָס האָבן מיר גענומען די אַלגעמײנע באַפֿעלקערונג, װאָס האָט זיך אין זײ געפֿונען צום מאָמענט פֿון דער פֿאָלק־צײלונג. די רשימה פֿון די שטעט איז גענומען לױט דער אַדמיניסטראַטיװער אײנטײלונג צום 1־טן יאַנואַר 1926. גלײכצײטיג מיט דער גלידערונג פֿון די קאָנגרעס־פּױלישע שטעט ברײנגען מיר אױך די אַנטשפּרעכנדיגע רעזולטאַטן פֿאַר גאַנץ פּױלן און גאַליציע.

טאַב. — Tab. — XI

**די פאַרטיילונג פון דער שטאט· איד· באפעלק· אין פוילן לויט דער גרויס פון די שטעט**

**Gliederung der jüdischen Bev. Polens nach Größe der Gemeinden**

| גרויס פון ישוב<br>Größe d. Gemeinde | קאנגרעס־פוילן—Kongreß-Polen<br>אידן Juden abs. | %  | ניט־אידן Nichtjuden abs. | % | גאליציע — Galizien<br>אידן Juden abs. | % | ניט־אידן Nichtjuden abs. | % | פוילן בכלל—Polen insgesamt<br>אידן Juden abs. | % | ניט־אידן Nichtjuden abs. | % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| — 2 000 | 6 088 | 0,4 | 15 191 | 0,7 | 11 233 | 2,2 | 23 497 | 2,4 | 19 080 | 0,9 | 119 129 | 2,5 |
| 2 001— 5 000 | 140 607 | 10,3 | 187 021 | 8,1 | 98 654 | 18,9 | 193 348 | 19,3 | 318 237 | 14,9 | 644 746 | 13,7 |
| 5 001— 10 000 | 264 693 | 19,4 | 315 378 | 13,6 | 86 934 | 16,7 | 187 774 | 18,7 | 380 964 | 17,8 | 685 220 | 14,5 |
| 10 001— 20 000 | 129 350 | 9,5 | 212 491 | 9,2 | 72 850 | 14,0 | 142 550 | 14,2 | 243 563 | 11,4 | 570 247 | 12,1 |
| 20 001— 50 000 | 216 959 | 15,9 | 389 744 | 16,9 | 105 507 | 20,3 | 146 825 | 14,6 | 373 084 | 17,4 | 681 319 | 14,4 |
| 50 001—100 000 | 137 713 | 10,1 | 262 060 | 11,4 | 23 248 | 4,4 | 28 143 | 2,8 | 162 607 | 7,6 | 448 841 | 9,5 |
| 100 001+ | 466 477 | 34,4 | 922 210 | 40,1 | 122 083 | 23,5 | 281 011 | 28,0 | 640 415 | 30,0 | 1 569 946 | 33,3 |
| **צוזאמען—Zus.** | **1 361 887** | **100,0** | **2 302 095** | **100,0** | **520 499** | **100,0** | **1 003 148** | **100,0** | **2 137 950** | **100,0** | **4 719 448** | **100,0** |

די טאַבעלע אַנטפּלעקט אַ גאַנץ הױכע מדרגה פֿון קאָנ־צענטראַציע בײם אידנטום פֿון פּױלן. אין די זיבן גרױסע שטעט פֿון קאָנגרעס־פּױלן מיט העכער 50.000 אײנװאױנער (װאַרשע, לאָדז, טשענסטאָכאָװ, ראַדאָם, סאָסנאָװיעץ, לובלין און ביאַ־ליסטאָק) טרעפֿט מען זעקס מאָל הונדערט טױזנט אידן, ד. ה. 45 פּראָצענט פֿון דער גאַנצער אידישער שטאָטישער באַפֿעלקע־רונג פֿון קאַנט. אין די צװײ שטעט װאַרשע און לאָדז װױנען אַלײן שױן פֿאַראַן קנאַפּע 35 פּראָצענט פֿון דער דאָזיגער באַפֿעלקערונג. אין די 45 מיטעלע שטעט, מיט אַ אַלגעמײנער באַפֿעלקערונג פֿון 10.001 ביז 50.000, װאױנט ניט מער װי 25 פּראָצענט פֿון דער אידישער שטאָטישער באַפֿעלקערונג. אױף די קלײנע שטעט פֿאַלט אױס אַ רעשט פֿון 30 פּראָצענט. אין דעם זין שטײט דאָס קאָנגרעס־פּױלישע אידנטום אַ סך העכער, װי דאָס גאַליצײשע אָדער װי די אידישע באַפֿעלקערונג פֿון די ראַנד־געביטן. אין גאַליציע װאױנען אין די שטעט מיט העכער 50 000 אײנװאױנער בלױז 28 פּראָצענט פֿון דער גאַנצער אידישער שטאָטישער מאַסע, אין די מיטעלע שטעט — שױן קנאַפּע 35 פּראָצענט און אין די קלענסטע נאָך מער — 38 פּראָ־צענט. דער פֿאַרהעלטניס אָבער מיט דער ניט־אידישער קאָנגרעס־פּױלישער באַפֿעלקערונג פֿאַלט אױס לטובת דער לעצטער. פֿון יעדע הונדערט שטאָטישע אײנװאױנער האָבן מיר דאָ: אין די גרױסע שטעט — 51,5 פּראָצענט, אין די מיטעלע כמעט װי באַ אידן—26,1 פּראָצענט, אָבער אין די קלײנע — שױן נאָר אַנזערך 20 פּראָצענט.

באַ דער גלידערונג פֿון דער אײנװאױנערשאַפֿט לױט דער גרױס פֿון די שטעט געװינט מען זײער אַ אינטערעסאַנט בילד פֿון דעם געװיכט פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג אין באַ־זונדערע גרופּעס שטאָטישע ישובים. די רעזולטאַטן גיבן מיר אין פֿאָלגנדיגער טאַבעלע. XII.

ס'װאָלט געװען אינטערעסאַנט אַװעקצושטעלן דערבײ אױך די ציפֿערן װעגן דעם נ א צ י אָ נ אַ ל ן באַשטאַנד פֿון דער באַפֿעלקערונג אין די באַזונדערע גרופּעס שטעט, אָבער, לײדער, האָט די פּױלישע צײלונג גראָד בנוגע אָט דער פֿראַגע געגעבן ציפֿערן, צו װעלכע מען מוז זיך באַציען זײער פֿאָרזיכטיג. די טענדענץ פֿון דער רעגי־רונג בעת דער צײלונג איז געװען — צו פֿאַרקלענערן די װירקליכע גרױס פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהײטן אין לאַנד. און באַזונדערס גלענצנד האָט זיך דאָס אײנגע־געבן דורכצופֿירן אין די קלענערע ישובים, װאו די רעגיסטראַ־טאָרס און די באַאַמטע פֿלעגן אַלײן באַשטימען די נאַציע־אָנגעהעריגקײט פֿון דער באַפֿעלקערונג.

Tab. — XII — טאב.

**דער געוויכט פון דער איד. באפעלק. אין באזונדערע גרופעס שטאטישע ישובים**

**Prozentzatz der Juden in den einzelnen Städtegruppen**

| ראנד־געביטן Rand-gebiet | גאליציע Galizien | קאנגרעס־פוילן Kongreß-Polen | גאנץ פוילן Polen insgesamt | גרויס פון ישוב Größe der Gemeinde |
|---|---|---|---|---|
| 22,8 | 32,3 | 28,6 | 13,8 | — 2 000 |
| 57,9 | 33,8 | 42,9 | 33,0 | 2 001— 5 000 |
| 51,7 | 31,6 | 45,8 | 35,7 | 5 001 — 10 000 |
| 44,0 | 33,8 | 37,8 | 29,9 | 10 001 — 20 000 |
| 68,1 | 41,8 | 35,8 | 35,4 | 20 001 — 50 000 |
| — | 45,2 | 34,4 | 26,6 | 50 001—100 000 |
| 36,1 | 30,3 | 33,6 | 29,0 | 100 001+ |
| **50,2** | **34,2** | **37,2** | **31,2** | Zus. — צוז. |

דער דורכשניטליכער פראצענט, וואס אידן מאכן אויס לגבי דער גאנצער באפעלקערונג פון די שטאטישע ישובים, איז דריימאל גרעסער פונם דורכשניט־פראצענט אידן אין פוילן בכלל. אין גאליציע און אויף די קרעסן איז דער אונטערשיד נאך שטארקער. אזוי האט דער פראצענט אידן באטראפן אין:

**Von je 100 Einw. der bezeichneten Gebiete waren Juden:**

| | אין גאנצן קאנט insgesamt | אין די שטעט in den städt. Siedl. |
|---|---|---|
| קרעסן — Randgebiet . . . . | 10,2 | 50,2 |
| גאליציע — Galizien . . . . | 9,9 | 34,2 |
| קאנגרעס־פוילן/Kongr.-Polen | 14,3 | 37,2 |
| בכלל — Überhaupt . . | 10,5 | 31,2 |

אם שטארקסטן איז די אידישע באפעלקערונג אין די שטעט פון די קרעסן. אין דער גרופע שטעט מיט 20.001 ביז 50.000 איינוואוינער שטעלן זיי שוין אפילו פאר בא זיבעציג פראצענט פון דער באפעלקערונג. אין גאליציע באשטייען די מיטעלע שטעט אויף העכער פערציג פראצענט פון אידישע איינוואוינער. אין קאנגרעס־פוילן איז דער אנטייל פון דער אידישער באפעלקערונג אם שטארקסטן — מיט העכער 40% — אין די קליינע שטעט פון 2001 ביז 10.000 נפשות. אין די מיטעלע שטעט לאזט זיך דער פראצענט אראפ ביז אנ׳ערך 35 און פאלט ביז אנ׳ערך 33 אין די גרויסע שטעט.

ביים פעסטשטעלן דעם געוויכט פון דער אידישער באפעלקערונג אין פארשיידענע קאטעגאריעס שטעט דארף מען זיך באגרעניצן נאר מיט די דריי נארוואס באהאנדלטע קאנטן. דער דורכשניט פאר גאנץ פוילן איז ניט אינגאנצן ריכטיג. דאס צוגעבן די שטעט פון פויזן, פאמערן און שלעזיע, וואס האבן א נישטיגע אידישע באפעלקערונג, פארווישט דאס אמתע בילד.

א אינטערעסאנטע דערגענצונג צו די נארוואס געבראכטע ציפערן שטעלט מיט זיך פאר די פאלגנדיגע טאבעלע, וואו מיר האבן די שטאטישע ישובים פון קאנגרעס־פוילן, גאליציע און די קרעסן גרופירט לויט דעם פראצענט פון די אידישע איינוואוינער. די טאבעלע ווייזט, אז די רעלאטיווע מערהייט פון די שטאטישע ישובים אין קאנגרעס־פוילן (כמעט פערציג פראצענט) באשטייט אויף העכער א דריטל ביז פופציג פראצענט פון אידישע איינוואוינער; אין קנאפע דרייסיג פראצענט פונקטן בילדן די אידן פון א העלפט ביז דריי פערטל פון דער גאנצער באפעלקערונג; די צאל שטאטישע פונקטן, וואו אידן מאכן אויס ווייניגער פון א דריטל פון דער אלגעמיינער צאל איינוואוינער, באטרעפט נאר 26,6 פראצענט. אין דער מערהייט פון אט די פונקטן שטייט דער פראצענט אידן צווישן 20 און 33 1/3.

אין גאליציע, וואו די אידישע באפעלקערונג איז א סך שיטערער ווי אין קאנגרעס־פוילן, ליגט די רעלאטיווע מערהייט שטעט אין דער גרופע פון 10 ביז 33 1/3 פראצענט אידן; שטעט מיט 50 ביז 75 פראצענט טרעפט מען דא צוויי מאל זעלטענער ווי אין קאנגרעס־פוילן; העכער א דריטל פון אלע שטעט האבן דא צו 33 1/3 ביז 50 פראצענט אידישע איינוואוינער.

אין די קרעסן ליגט די רעלאטיווע מערהייט שטעט אין די גרעניצן צווישן 50 און 75 פראצענט אידן. העכער 75 פראצענט אידן צווישן די איינוואוינער געפינען מיר דא אין מער ווי צוואנציג פראצענט פון אלע שטעט.

אין פויזן, פאמערן און שלעזיע, וואס האבן 165 שטאטישע ישובים, האבן בלויז 2 שטעט עטוואס מער ווי 10% אידן אין זייער גאנצער באפעלקערונג. אין אלע איבעריגע שטעט פון דאזיגן קאנט איז דער פראצענט אידן גאר א נישטיגער.

Tab. — XIII — טאב.

**פארטיילונג פון די פוילישע שטעט לויט דעם פראצענט אידן אין דער באפעלקערונג**

**Gliederung der polnischen Städte nach der relativen Größe der jüdischen Bevölkerung**

| צוזאמען Insgesamt % | abs. | קרעסן Randgebiet % | abs. | גאליציע Galizien % | abs. | קאנגרעס־פוילן Kongreß-Polen % | abs. | פראצ. אידן Prozentsatz der Juden |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 4,8 | 12 | 3,3 | 2 | 2 | 21 | 2,8 | 7 | — 10 |
| 29,5 | 72 | 8,2 | 5 | 5 | 143 | 26,6 | 66 | 10 — 33 1/3 |
| 36,5 | 64 | 27,9 | 17 | 17 | 177 | 38,7 | 96 | 33 1/3 — 50 |
| 24,7 | 25 | 39,3 | 24 | 24 | 120 | 28,7 | 71 | 50 — 75 |
| 5,0 | 3 | 21,3 | 13 | 13 | 24 | 3,2 | 1 | 75 — |
| **100,0** | **176** | **100,0** | **61** | **61** | **485** | **100,3** | **248** | Ins. — צוז. |

כדי צו פארענדיגן די כאראקטעריסטיק פון די שטאטישע ישובים אין איצטיגן פוילן, וועלן מיר אין דער פאלגנדיגער טאבעלע גיבן דעם אינעווייניגסטן בוי פון די אידישע קהלות גענומען פאר זיך. מיר גרופירן זיי לויט דער אבסאלוטער צאל אידישע נפשות.

מיר האבן שוין אין א פריערדיגער טאבעלע געוויזן די קאנצענטראציע־מדרגה פון דער אידישער שטאטישער באפעלקערונג אין פוילן. אבער דער באגריף קאנצענטראציע, אין דעם זין, ווי מיר האבן אים דארט באנוצט, דריקט בלויז אויס די מאס פון גרויס־אדער קליינשטאטישקייט פון דער באפעלקערונג, בשעת די נארוואס געבראכטע טאבעלע ווייזט דעם גראד קאנצענטראציע פון דער אידישער באפעלקערונג אין גרויסע א י ד י ש ע קהלות.

כמעט די העלפט אידישע שטאטישע קהלות אין קאנגרעס־פוילן און אין די קרעסן און צוויי דריטל קהלות אין גאליציע געהערן צו דער גרופע קליין־קהלות, מיט ווייניגער פון צוויי

מויזנט אידישע נפשות אין יעדער. די דורכשניטליכע צאָל אידן אין אַ קהלה פון דער דאָזיגער גרופּע באַטרעפט: פאַר קאָנ־גרעס־פּוילן 1109, פאַר די קרעסן — 1207, פאַר גאַליציע — 970. דער טייל אידן, וואָס געפינט זיך אין אָט די קהלות, מאַכט אויס לגבי דער גאַנצער אידישער איינוואוינערשאַפט פון אַנט־שפּרעכנדיגן געביט: פאַר דעם געביט פון קאָנגרעס־פּוילן 8,9, פאַר די קרעסן־געביטן 15,9 און פאַר דעם גאַליצישן טייל — 21,1 פּראָצענט.

Tab. — XIV — טאב.

## די גרויס פון די אידישע קהלות אין קאנגרעס־פוילן גאליציע און אויף די קרעסן

**Gliederung der jüd. Gemeinden Polens nach der Größe ihrer Seelenzahl**

| גרויס פון קהלה<br>Größe der Gemeinde | קאָנגרעס־פוילן Kongreß-Polen: קהלות Gemeinden abs. | % | צאָל אידן Zahl d. Juden abs. | ⁰/₀ | גאַליציע Galizien: קהלות Gemeinden abs. | ⁰/₀ | צאָל אידן Zahl d. Juden abs. | ⁰/₀ | קרעסן Randgebiet: קהלות Gemeinden abs. | ⁰/₀ | צאָל אידן Zahl d. Juden abs. | ⁰/₀ |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| — 1 000 | 50 | 20,2 | 29 761 | 2,2 | 65 | 36,9 | 35 658 | 6,8 | 8 | 13,1 | 4 657 | 2,0 |
| 1 001 — 2 000 | 59 | 23,8 | 91 096 | 6,7 | 51 | 29,0 | 73 908 | 14,2 | 22 | 36,0 | 32 162 | 13,9 |
| 2 001 — 5 000 | 93 | 37,5 | 294 915 | 21,7 | 42 | 23,9 | 115 958 | 22,3 | 20 | 32,8 | 53 595 | 23,2 |
| 5 001 — 10 000 | 28 | 11,3 | 183 127 | 13,4 | 8 | 4,5 | 53 146 | 10,2 | 7 | 11,5 | 44 786 | 19,4 |
| 10 001 — 20 000 | 12 | 4,8 | 172 444 | 12,7 | 7 | 4,0 | 96 498 | 18,5 | 2 | 3,3 | 27 618 | 12,0 |
| 20 001 — 50 000 | 4 | 1,6 | 124 067 | 9,1 | 2 | 1,1 | 68 477 | 13,2 | 2 | 3,3 | 68 261 | 29,5 |
| 50 001 — 100 000 | — | — | — | — | 1 | 0,6 | 76 854 | 14,8 | — | — | — | — |
| 100 001 — | 2 | 0,8 | 466 477 | 34,2 | — | — | — | — | — | — | — | — |
| Insgesamt — צוזאמען | 248 | 100,0 | 1 361 887 | 100,0 | 176 | 100,0 | 520 499 | 100,0 | 61 | 100.0 | 231 079 | 100,0 |

די גרופּע קהלות מיט 2001 ביז 5000 אידישע נפשות באַטרעפט פון אַנ׳ערך אַ פערטל (גאַליציע) ביז אַנ׳ערך אַ דריטל (קאָנגרעס־פּוילן און קרעסן) פון אַלע קהלות. דער דורכשניט פון דער צאָל אידישע נפשות ליגט דאָ אומעטום נידעריגער פון 3500. ער באַטרעפט אין קאָנגרעס־פּוילן 3171, אין גאַ־ליציע 2760 און אויף די קרעסן 2670.

קהלות מיט 5001 ביז 10 000 אידישע נפשות זיינען אין קאָנגרעס־פּוילן און אין די קרעסן פאַראַן עלף פּראָצענט. זייער אידישע באַפעלקערונג מאַכט אויס 13,4 (אין קאָנגרעס־פּוילן) ביז 19,4 פּראָצענט (אין די קרעסן) פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג פון קאַנט. אין גאַליציע זיינען אַזעלכע קהלות פאַראַן נאָר פיפטהאַלבן פּראָצענט. עס וואוינט אין זיי דער צענטער חלק פון גאַנצן גאַליצישן אידנטום.

העכער 10 000 אידישע נפשות פאַרמאָגן אין קאָנגרעס־פּוילן 18 שטעט. אָבער אין אָט די 18 שטעט אַליין וואוינען שוין 56⁰/₀ פון גאַנצן קאָנגרעס־פּוילישן אידנטום. אין גאַ־ליציע זיינען פאַראַן נאָר 10, אויף די קרעסן — נאָר 4 אַזעלכע קהלות, מיט 46,5 (אין גאַליציע) און 41,5 פּראָצענט (אויף די קרעסן) פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג.

מיר קערן זיך אום צו דער פראַגע וועגן די פערטורבאַציעס אין דער פאַרטיילונג פון קאָנגרעס־פּוילישן אידנטום לויט באַ־זונדערע טיפּן וואוין־ערטער. כדי דאָס בילד זאָל זיך באַקומען קלאָר, האָבן מיר אין דער פאָלגנדיגער טאַבעלע אויסגערעכנט אַלע טיפּן, דעם דאָרפישן בתוכם. אַזוי אָבער אַ רייע פּונקטן, וואָס האָבן אין 1897 זיך גערעכנט פאַר שטעטלאַך, זיינען, ווי שוין געזאָגט, אין 1921־טן יאָר פאַררעכנט געוואָרן פאַר שטעט, האָבן מיר געפינען פאַר נייטיג צו פאַראייניגן די גרופּע „שטעטלאַך" מיט די שטעט פון אַ אַלגעמיינער איינוואוינער־שאַפט ביז 10.000 נפשות. אויף אַזאַ אופן איז די ווירקונג פון די ריין אַדמיניסטראַטיווע ענדערונגען עלימינירט געוואָרן.

דאָס אינטערעסאַנטעסטע אין דער טאַבעלע XV איז די אַנטוויקלונג פון די צוויי עקסטרעמען — פונם דאָרף און פון די שטעט מיט העכער פופציג טויזנט איינוואוינער. אין ביידע אַ שאַרפער און גאַנץ היפּך׳דיגער שנוי: דער פּראָצענט אידן, וואָס וואוינען אין די דערפער, איז איצט, ווי מיר האָבן דאָס שוין אויבן פעסטגעשטעלט, כמעט צוויי מאָל נידעריגער ווי אין 1897־טן יאָר; דער פּראָצענט אידן, וואָס וואוינען אין די גרעסטע שטעט, איז, פאַרקערט, כמעט אָנדערטהאַלבן מאָל שטאַרקער געוואָרן, — פון 23,9 איז ער אַרויף אויף 34,8⁰/₀.

באַטראַכטנדיג די אַבסאָלוטע גרויס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין יעדער גרופּע באַזונדער, זעהען מיר אַ פאַר־טאָפּעלונג אין דער גרופּע שטעט פון 50001 ביז 100000 איינ־וואוינער, אַ צוואַקס פון כמעט פופציג פּראָצענט אין דער העכסטער גרופּע שטעט און פון נאָר צוואַנציג פּראָצענט אין די שטעט מיט 10 001 ביז 50 000 נפשות. אין די שטעטלאַך און קלענסטע שטעט פאַרלירט די אידישע באַפעלקערונג קנאַפּע אַכט פּראָצענט און אין די דערפער כמעט די העלפט.

כאַ חער קריסטליכער באַפעלקערונג איז די אַבסאָלוטע צאָל אין ערגיץ ניט געוואָרן באַרירט. אָבער בשעת דאָס דאָרף און באַזונדערס דאָס קליינע שטעטל האָבן בלויז אומבאַדייטנדיג איבערגעוואַקסן זייער צאָל פון 1897־טן יאָר, וואַקסט די ניט־אידישע באַפעלקערונג אין די גרויסע שטעט אינטענסיווער אַפילו ווי די אידישע באַפעלקערונג. דער דאָזיגער צוואַקס ווערט זיך אָבער אַבסאָלוט גענומען — און אין פאַרגלייך צו דער דאָרפישער מאַסע — פיל ווייטגער אָן איידער באַ דער אידישער באַפעלקערונג, אַזוי אַז די פאַרטיילונג פון חער ניט־אידישער

Tab. — XV — טאַב.

**פאַרטיילונג פון דער אידישער באַפעלק. אין קאנגרעס־פוילן לויט באזונדערע טיפן וואוין־ערטער**

**Gliederung der jüdischen und nichtjüd. Bevölk. Kongreß-Polens nach Wohnortstypen**

| טיפן פון וואוין־אָרט Wohnortstypen | אידישע באַפעלקערונג — Jüdische Bevölkerung 1897 abs. | 1897 % | 1921 abs. | 1921 % | דיפערענץ — % — Differenz 1921—1897 | ניט־אידישע באַפעלק. — Nichtjüdische Bevölkerung 1897 abs. | 1897 % | 1921 abs. | 1921 % | דיפערענץ — % — Differenz 1921—1897 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| I | 216 965 | 13,6 | 124 270 | 7,2 | — 42,7 | 7 488 793 | 79,6 | 7 830 598 | 75,4 | 4,6 |
| II | 712 883 | 44,5 | 658 813 | 38,0 | — 7,6 | 752 538 | 8,0 | 764 158 | 7,4 | 1,5 |
| III | 287 759 | 18,0 | 346 309 | 20,0 | 20,3 | 432 595 | 4,6 | 602 235 | 5,8 | 39,2 |
| IV | 66 183 | 4,1 | 137 713 | 7,9 | 108,1 | 50 234 | 0,6 | 262 060 | 2,5 | 421,6 |
| V | 317 799 | 19,8 | 466 477 | 26,9 | 46,8 | 679 913 | 7,2 | 922 210 | 8,9 | 35,6 |
| **Insgesamt — צוזאמען** | **1 601 589** | **100,0** | **1 733 582** | **100,0** | **8,2** | **9 404 073** | **100,0** | **10 381 261** | **100,0** | **10,4** |

באמערקונג: I — דערפער; II — שטעטלאך און שטעט מיט אַנ'אַלגעמיינער צאל איינוואוינער ביז 10 000 נפשות; III — שטעט מיט 10 001 ביז 50 000 איינוו. IV — שטעט מיט 50001 ביז 100 000 איינוואוינער; V — שטעט מיט העכער 100 000 איינוואוינער.

Anmerkung: I—Dörfer; II — Ortschaften (Städtchen) und Städte mit weniger als 10 000 Einwohnern; III — Städte mit 10 001 bis 50 000 Einwohnern; IV — Städte mit 50 001 bis 100 000 Einwohnern; V — Städte mit über 100 000 Einwohnern.

באַפעלקערונג לויט באַזונדערע טיפן וואוין־ערטער אין 1921־טן יאָר דיפערירט ניט קיין סך געגן 1897.

די גינציגערע אַנטוויקלונג בײַ דעם ניט־אידישן טייל באַפעלקערונג פון קאָנגרעס־פוילן האָט ממילא געצויגן נאָך זיך פאַרענדערונגען אינם נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל פון די איינצעלנע טיפן וואוין־ערטער. חוץ דער גרופע גאָר גרויסע שטעט— וואַרשע און לאָדז, — וואו די אידישע באַפעלקערונג האָט איבערגעיאָגט דעם וואוקס פון דער ניט־אידישער, איז דער פראָצענט אידישע איינוואוינער אומעטום געפאַלן. פאַרשטייט זיך, אַם שטאַרקסטן אין די דערפער און אין דער גרופע שטעט מיט 50 001 ביז 100 000 איינוואוינער, וועלכע האָט געהאַט אַ באַזונדערס שטאַרקן צוואַקס גראָד אויף דער ניט־אידישער זייט (טאַב. XVI).

Tab. — XVI — טאַב.

**אנטייל פון דער אידישער באפ. אין באזונד. טיפן וואוין־ערטער**

**Relative Stärke der jüd. Bev. in einzelnen Wohnortstypen**

| טיפ פון וואוין־אָרט | 1897 | 1921 |
|---|---|---|
| דערפער . . . . . . . . . . . . . . . . . | 2,8 | 1,6 |
| שטעטלאך און שטעט ביז 10 000 איינוואוינער | 48,6 | 46,3 |
| שטעט מיט 10 001 ביז 50 000 איינוואוינער . . | 39,9 | 36,5 |
| שטעט מיט 50 001 ביז 100 000 איינוואוינער . | 56,9 | 34,4 |
| שטעט מיט העכער 100 000 איינוואוינער . . . | 31,9 | 33,6 |
| **קאנגרעס־פוילן בכלל . . .** | **14,6** | **14,3** |

Anmerkung: I—Dörfer; II—Ortschaften und Städte unter 10 000 Einw.; III—Städte mit 10 001—50 000 Einw.; IV—Städte mit 50 001—100 000 Einw.; V — Städte mit über 100 000 Einw.; I—V — Kongreß-Polen insgesamt.

פון די אַלע געבראַכטע מאַטעריאַלן וועגן דער פאַרטיילונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אויף שטאָט, שטעטל און דאָרף קאָן מען נאָך ניט מאַכן קיין אויספיר וועגן דעם אמתן טעמפּ פון קאָנצענטראַציע און אורבאַניזירונג בײַ דעם פוילישן אידנטום אין משך פון די לעצטע עטליכע און צוואַנציג יאָר. מיר האָבן געזעהן אין אוקראַינע, אַז די מלחמה און באַזונדערס די שפּעטערדיגע יאָרן האָבן געגעבן אַ געוואַלטיגן שטויס דעם אורבאַניזירונג־פראָצעס בײַ דער אידישער באַפעלקערונג. אין פוילן אָבער האָט די מלחמה אָפּגעהאַקט די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג־ליניע און האָט אָפּגעוואָרפן די אידישע באַפעלקערונג אויף פיל יאָרן צוריק. אַם בעסטן איבערצייגט מען זיך אין דעם, ווען מ'שטעלט אַריין צווישן 1897 און 1921 די ציפערן פון דער אידישער באַפעלקערונג אין די שטעט פון קאָנגרעס־פוילן אין יאָר 1909.

אין טאַבעלע XVI גיבן מיר די אַנטוויקלונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין 47 שטעט פון קאָנגרעס־פוילן פאַר דריי צייט־פונקטן: 1897, 1909 און 1921. די שטעט זיינען אויסגעשטעלט אין גרופע I (שטעט, וואו די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך זייט 1909 פאַרקלענערט) לויט חעם פאַלנדיגן פראָצענט פון פאַרלוסט, אין גרופע II (שטעט, וואו די אידישע באַפעלקערונג איז זייט 1909 אויסגעוואַקסן) לויט חעם פאַלנדיגן פראָצענט פון צוואַקס.

נאָכפאָלגנדיג די אַנטוויקלונג פון אָט די גרעסטע אידישע קהלות אין קאָנגרעס־פוילן — העכענענדיג אַלס אַזעלכע נאָר די קהלות, וואָס האָבן אין 1909 יאָר געציילט מער פון 5 000 אידישע נפשות, — קומט מען צו זייער אינטערעסאַנטע רעזולטאַטן.

צוויי דריטל פון אַלע קהלות האָבן אין 1921־טן יאָר געהאַט אַ קלענערע צאָל אידן ווי אין 1909. אין לעצטן, 1909־טן יאָר איז דאָ די צאָל אידישע נפשות אויף זעכציג פראָצענט העכער ווי אין 1897־טן יאָר, אין יאָר פון דער לעצטער פאָלק־ציילונג — שוין מיט צוואַנציג פראָצענט נידעריגער ווי אין 1909־טן יאָר, ד. ה. כמעט אַ צוריקקער צו דעם שטאַנד בעת דער ערשטער אַלרוסלענדישער פאָלק־ציילונג פון 1897־טן יאָר.

קהלות, האָס זײנען צום יאָר פֿון דער לעצטער פֿאָלק־צײי־לונג אַרױס מיט אַ גרעסערער צאָל אידן װי ערב דער מלחמה, טרעפֿן מיר נאָר 15. דער דורכשניטליכער צוּוואַקס באַ דער אידישער באַפֿעלקערונג פֿון 1897 ביז 1909 דריקט זיך דאָ אױס מיט 35,2 פּראָצענט, דער צוּוואַקס פֿון 1909 ביז 1921— מיט 13,5 פּראָצענט.

די גרעסטע פֿאַרקלענערונג זעהען מיר, נאַטירליך, באַ די פּראָװינץ־שטעט. דאָ דערגרײכט זי ביז אַנ׳ערך זיבעציג פּראָצענט. אינטערעסאַנט איז, װאָס אױך אין לאָדז שטײט אין 1921־טן יאָר אַ קלענערע ציפֿער װי אין אין 1909. ערשט אין די שפּעטערדיגע יאָרן, אַרום 1925־26 האָט זיך דאָ די אידישע באַפֿעלקערונג באַװיזן אומצוקערן צו דעם שטאַנד פֿון 1909.

Tab. — XVII — טאב.

## די אנטוויקלונג פון די גרעסטע אידישע קהלות אין קאנגרעס־פוילן פון 1897 ביז 1921

### Das Wachstum der grössten jüdischen Gemeinden Kongreß-Polens

| Stadt — שטאָט | צאל אידישע נפשות Stärke der jüd. Bev. 1897 | 1909 | 1921 | דיפֿערענץ 1921—1909 Differenz — % — |
|---|---|---|---|---|
| I. Augustow | 3 637 | 6 969 | 2 261 | — 67,6 |
| Prasnysz | 3 637 | 5 243 | 2 158 | — 58,8 |
| Suwalki | 7 548 | 13 394 | 5 747 | — 57,1 |
| Kalwarja | 3 581 | 6 598 | 2 961 | — 55,1 |
| Wlodawa | 3 738 | 8 521 | 4 196 | — 50,8 |
| Ostrolęka | 4 323 | 6 219 | 3 352 | — 46,1 |
| Wloszczowa | 2 530 | 5 168 | 2 910 | — 43,7 |
| Kaluszin | 6 447 | 8 602 | 5 033 | — 41,5 |
| Plonsk | 4 447 | 7 563 | 4 460 | — 41,0 |
| Rawa | 2 819 | 5 109 | 3 018 | — 40,9 |
| Hrubieszow | 5 352 | 9 504 | 5 679 | — 40,2 |
| Plock | 7 721 | 11 981 | 7 352 | — 38,6 |
| Sokolow | 4 248 | 7 092 | 4 430 | — 37,5 |
| Ozorkow | 5 838 | 7 476 | 4 949 | — 33,8 |
| Węgrow | 5 150 | 7 605 | 5 148 | — 32,3 |
| Staszow | 4 903 | 6 821 | 4 704 | — 31,0 |
| Ciechanow | 4 223 | 6 125 | 4 403 | — 28,1 |
| Kutno | 5 347 | 9 083 | 6 784 | — 25,3 |
| Lomza | 9 244 | 12 088 | 9 131 | — 24,5 |
| Mlawa | 4 873 | 7 738 | 5 923 | — 23,5 |
| Pinczow | 5 194 | 5 593 | 4 324 | — 22,7 |
| Będin | 10 839 | 22 074 | 17 298 | — 21,6 |
| Piotrkow | 9 543 | 13 960 | 11 630 | — 16,7 |
| Pultusk | 5 603 | 6 950 | 5 919 | — 14,8 |
| Chmielnik | 5 977 | 6 602 | 5 908 | — 10,5 |
| Konsk | 4 453 | 5 563 | 5 037 | — 9,5 |
| Szydlowiec | 5 298 | 5 971 | 5 501 | — 7,9 |
| Lodz | 98 677 | 166 628 | 156 155 | — 6,3 |
| Ostrow | 5 960 | 7 209 | 6 812 | — 5,5 |
| Kolo | 4 013 | 5 242 | 5 159 | — 1,6 |
| Pabjanice | 5 017 | 7 325 | 7 230 | — 1,3 |
| Tomaszow | 3 646 | 10 106 | 10 070 | — 0,9 |
| Insgesamt — סך־הכל | 264 326 | 422 622 | 335 642 | — 20,6 |
| II. Chelm | 7 615 | 6 813 | 12 064 | 77,1 |
| Radom | 11 277 | 16 979 | 24 465 | 44,1 |
| Wloclawek | 4 248 | 6 831 | 9 595 | 40,5 |
| Kielce | 6 399 | 11 206 | 15 530 | 38,6 |
| Ostrowiec | 6 146 | 7 799 | 10 095 | 29,4 |
| Lublin | 24 280 | 31 607 | 37 337 | 18,1 |
| Warszawa | 219 149 | 281 754 | 310 322 | 10,0 |
| Siedlec | 11 440 | 13 470 | 14 685 | 9,0 |
| Zdunska Wola | 7 259 | 7 297 | 7 885 | 8,1 |
| Opatow | 4 138 | 5 092 | 5 462 | 6,3 |
| Kalisz | 7 597 | 14 740 | 15 566 | 5,6 |
| Zamoście | 7 234 | 9 008 | 9 383 | 4,2 |
| Dzialoszice | 3 526 | 5 445 | 5 618 | 3,2 |
| Częstochowa | 11 980 | 22 024 | 22 663 | 2,9 |
| Sosnowice | 2 921 | 13 261 | 13 646 | 2,9 |
| Insgesamt — סך־הכל | 335 209 | 453 326 | 514 316 | 3,0 |
| Zusammen — אינאיינעם | 599 535 | 875 948 | 849 958 | 13,5 |

אין װאַרשע איז די אידישע באַפֿעלקערונג פֿון 1897 ביז 1909 אױסגעװאַקסן אױף קאַרגע דרײסיג (28,6) פּראָצענט. אין 1921 האַלט זי באַ 310.000 נפשות, ד. ה. בלױז אױף 10 פּראָצענט מער װי אין 1909 יאָר.

די אַנטװיקלונג פֿון די גרױסע אידישע שטעט אין פּױלן איז אױך נאָכן 1921־טן יאָר געגאַנגען זײער לאַנגזאַם. װאַרשע, לאָדז און ביאַלאָסטאָק האָבן צוליב די שטענדיגע װירטשאַפֿטליכע קריזיסן אָנגעװאָרן זײער צוציאונג־קראַפֿט פֿאַר די אידישע מאַסן.

## II. Sowjet-Rußland — סאוויעט־רוסלאנד .II

קיין אַנטגילטיגע און אויספירליכע רעזולטאַטן פון דער פאָלק־ציילונג פון 17־טן דעצעמבער 1926 זיינען נאָך ניט פאַראַן. די ביז־איצט ערשינענע דריי פּובליקאַציעס: „דער נאַציאָנאַלער באַשטאַנד פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג אין אוקראַינע" (Національний склад сільского населення України. Выдання Центрального Статистичного Управління УССР. Харків 1927), „פאָלקשאַפט און מוטער־שפּראַך פון דער באַפעלקערונג אין ראַטן־רוסלאַנד" (Народность и родной язык населения СССР. Центральное Статистическое Управление СССР. Москва 1928) און „דער נאַציאָנאַלער און עלטער־באַשטאַנד, מוטער־שפּראַך און אַלפאַבעטישקייט פון דער באַפעלקערונג אין אוקראַינע" (Національний і віковий склад, рідна мова і письменнисть населення. Центральне Статистичне Управління УССР. Харків 1928) זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן בחפזון און האָבן אַ פּראָוויזאָרישן כאַראַקטער. די קאָמבינאַציעס מיט חעם מאַטעריאַל זיינען מעגליך אין גאָר אַ באַגרעניצטער צאָל, אַזוי אַז מיר באַגנוגענען זיך בלויז מיט אַנ׳אַלגעמיין בילד פון דער אידישער באַפעלקערונג סוף 1926 און בלויז מיט קורצע פאַרגלייכן מיט די פאָלק־ציילונגען 1897, 1920 און מיט דער שטאָטישער ציילונג פון 1923.

אַלס אָנגעהעריגע צו דער אידישער נאַציאָנאַליטעט האָבן זיך בעת דער פאָלק־ציילונג פון 1926 אין גאַנץ רוסלאַנד אָנגעגעבן 2.672.398 נפשות. דער באַגריף „נאַציאָנאַליטעט" איז דאָסמאָל באַצייכנט געוואָרן גאָר אַנדערש, איידער בײַ אַלע פריערדיגע ציילונגען. סײַ אין 1897, סײַ בעת די ציילונגען פון 1920 און נאָך אין 1923־טן יאָר איז דער סימן פון נאַציאָנאַליטעט געווען הויפּטזאַכליך די מוטער־שפּראַך. די אינסטרוקציע צו דער ציילונג פון 1926 מאַכט די באַשטימונג פון נאַציאָנאַליטעט־אָנגעהעריגקייט פריי פון שפּראַך, טעריטאָריע און אַנדערע סימנים. די נאַציאָנאַליטעט באַשטימט דער געציילטער אַליין. דער, וואָס פילט זיך גייסטיג אָפּגעריסן פון זיין פאָלק, האָט געקאָנט אָנגעבן די נאַציאָנאַליטעט, מיט וועלכער ער פילט זיך איצט פאַרבונדן.

ס׳איז קיין ספק ניט, אַז ניט ווייניג אידן — און ניט נאָר אין צענטראַל־רוסלאַנד, נאָר אויך אין אוקראַינע, קאַווקאַז און אין די אַזיאַטישע געביטן, — האָבן זיך צוגעשריבן צו דער אָרטיגער, צו דער מערהייט־נאַציע, און נאָך אָפטער מסתמא צו דער גרויס־רוסישער נאַציע, אַזוי אַז, ווען מען זאָל נעמען דעם פּרינציפּ פון רעליגיע, וועט די צאָל אידן אין גאַנצן ראַטן־פאַרבאַנד זיין געווים ניט נידעריגער פון 2.800.000 — 2.850.000 נפשות.

פון די 2.672.398 נפשות אָפיציעל רעגיסטרירטע אַלס אידן זיינען געווען:

Tab. — I — טאַב.

**דער עטנישער צוזאמענטשטעל פון רוסלענדישן אידנטום**
**Gliederung des russischen Judentums nach ethnischen Gruppen**

| Gruppe—גרופע | מענער männl. | פרויען weibl. | צוז׳ zus. | % |
|---|---|---|---|---|
| אייראָפּייאישע אידן . Europäische Juden | 1 229 515 | 1 371 430 | 2 600 945 | 97,3 |
| קרימטשאַקעס ........Krim-Juden | 2 955 | 3 428 | 6 383 | 0,2 |
| בארג־אידן ........Berg-Juden | 12 476 | 13 390 | 25 866 | 1,0 |
| גרוזינער אידן ..Grusinische Juden | 10 794 | 10 363 | 21 157 | 0,8 |
| מיטל־אזיע־אידן .. Mittelasiat. Juden | 9 296 | 8 751 | 18 047 | 0,7 |
| ..Insgesamt—צוז׳ | **1 265 036** | **1 407 362** | **2 672 398** | **100,0** |

די ניט־אייראָפּייאישע גרופּעס מאַכן אויס אַלע צוזאַמען ניט מער ווי 2,7 פּראָצענט.

אינטערעסאַנט איז אין די געבראַכטע ציפערן דאָס געשלעכט־פאַרהעלטניש בײַ דער אידישער באַפעלקערונג, נעמליך דער שטאַרקער איבערגעוויכט פון די פרויען. אויף יעדע 100 מענער זיינען דאָ פאַראַן 111,2 פרויען.

די פאַרטיילונג פון דער באַפעלקערונג לויט באַזונדערע רעפּובליקן גיט טאַבעלע II.

Tab. — II — טאַב.

**די פארטיילונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין ראטן־פארבאנד לויט באזונדערע רעפובליקן**
**Verteilung der jüdischen Bevölk. der UdSSR auf die einzelnen Republiken**

| Republik — רעפובליק | די גאנצע באַפעלקערונג Gesamtbevölkerung | dav. Juden — אידן abs. | dav. Juden — אידן % | פון יעדע הונדערט אידן וואוינען אין דער אנטשפרעכנדיגער רעפובליק: Von je 100 Juden wohnen in der nebenbez. Republik |
|---|---|---|---|---|
| אוקראינע — Ukraine | 29 018 187 | 1 574 428 | 5,4 | 58,9 |
| ר. ס. פ. ס. ר. — R. S. F. S. R. | 100 775 780 | 588 843 | 0,6 | 22,1 |
| ווייסרוסלאנד — Weißrußland | 4 983 240 | 407 059 | 8,2 | 15,2 |
| טראנסקאַווקאז — Transkaukasus | 5 861 529 | 62 194 | 1,1 | 2,3 |
| אוזבעקיסטאַן — Uzbekistan | 5 272 801 | 37 834 | 0,7 | 1,4 |
| טורקמען־רעפובליק — Turkmen. Republik | 900 026 | 2 040 | 0,2 | 0,1 |
| צוזאמען — Insgesamt | **146 811 563** | **2 672 398** | **1,8** | **100,0** |

די פאָלגנדיגע טאַבעלע ווײַזט, ווי אַזוי די אידישע באַפעלקערונג פון ר.ס.פ.ס.ר. פאַרטײלט זיך צווישן די באַזונדערע גובערניעס און קאַנטן.

דעם ערשטן אָרט פאַרנעמט דער אַזוי גערופענער צענטראַל־אינדוסטריעלער ראַיאָן (גובערניעס: וולאַדימירער, איוואַנאָוואָ־וואָזנעסענסקער, קאַלוגער, קאָסטראָמער, מאָסקווער, ניזשעגאָראָדסקער, ריאַזאַנער, טולער און יאַראָסלאַווער) מיט אַ אידישער באַפעלקערונג פון 169.918 נפשות. פון דעם זײַנען אין מאָסקווער גובערניע פאַראַן 142.368 אידן — 131.244 אין שטאָט מאָסקווע און 11.124 אין דער פּראָווינץ.

Tab. — III — טאַב.

## די פארטיילונג פון דער אידי. באפי. אין צענטראל־רוסלאנד לויט באזונדערע גובערניעס

**Zahl der jüdischen Bevölkerung in den zentralrußischen Gouvernements**

| גובערניע Gouvernement | די גאנצע באפעלק. Gesamt-bevölk. | פון דעם אידן davon Juden abs. | % | גובערניע Gouvernement | די גאנצע באפעלק. Gesamt-bevölk. | פון דעם אידן davon Juden abs. | % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| מאסקווער — Moskau | 4 570 836 | 142 368 | 3,1 | טולער — Tula | 1 505 263 | 3 750 | 0,2 |
| לענינגראַדער — Leningrad | 2 792 129 | 88 193 | 3,2 | פערמער — Perm | 716 169 | 3 100 | 0,4 |
| קרימער רעפובליק — Rep. Krim | 713 823 | 45 921 | 6,4 | יאַראָסלאַווער — Jaroslaw | 1 343 163 | 3 024 | 0,2 |
| בריאנסקער — Briansk | 2 006 438 | 37 331 | 1,9 | שטאָט גראָזני — Stadt Grozny | 97 087 | 2 787 | 2,9 |
| סמאָלענסקער — Smolensk | 2 292 712 | 35 656 | 1,6 | טאַגאַנראָגער — Taganrog | 268 394 | 2 708 | 1,0 |
| סיביר — Sibirien | 8 663 792 | 31 050 | 0,4 | אָרענבורגער — Orenburg | 744 183 | 2 679 | 0,4 |
| דאָן — Don | 1 132 270 | 27 164 | 2,4 | טשערנאָמאָרער — Tschernomorje | 291 437 | 2 358 | 0,8 |
| פסקאָווער — Pskow | 1 788 418 | 22 664 | 1,3 | פענזער — Penza | 2 208 780 | 2 217 | 0,1 |
| דאַגעסטאַן — Dagestan | 7 291 104 | 18 183 | 0,2 | באַשקירער רעפובל. — Baschkirien | 2 694 907 | 2 185 | 0,1 |
| ניזשעגאָראָדסקער — Nižegorodsk | 2 743 344 | 10 679 | 0,4 | טאַמבאָווער — Tambow | 2 726 914 | 2 196 | 0,1 |
| סאַמארער — Samara | 2 413 403 | 7 655 | 0,3 | סטאַלינגראדער * — Stalingrad | 1 408 419 | 2 147 | 0,1 |
| סאַראַטאָווער — Saratow | 2 897 363 | 7 481 | 0,3 | טערסקער — Tersk | 643 369 | 2 102 | 0,3 |
| קורסקער — Kursk | 2 906 360 | 6 140 | 0,2 | קובאַנער — Kuban | 1 488 411 | 1 965 | 0,1 |
| אַסטראַכאַנער — Astrachan | 510 386 | 6 089 | 1,2 | קאַלוגער — Kaluga | 1 151 591 | 1 630 | 0,1 |
| וואָראָנעזשער — Woronesch | 3 308 023 | 6 026 | 0,2 | סטאַווראָפּאָלער — Stawropol | 727 585 | 1 530 | 0,2 |
| אָרלאָווער — Oriol | 1 884 533 | 5 293 | 0,3 | אַרכאַנגעלסקער — Archangelsk | 429 184 | 1 469 | 0,3 |
| טאָטערן־רעפובל. — Tataren-Republ. | 2 594 032 | 4 265 | 0,2 | אוליאַנאָווער ** — Uljanow | 1 384 220 | 1 452 | 0,1 |
| טווערער — Twer | 2 242 350 | 4 132 | 0,2 | וואָלאָגדער — Wologda | 1 053 832 | 1 342 | 0,1 |
| סווערדלאָווסקער — Swerdlowsk | 619 995 | 4 098 | 0,7 | טשעליאַבינסקער — Tscheljabinsk | 496 488 | 1 184 | 0,2 |
| נאָווגאָראָדער — Nowgorod | 1 050 604 | 3 871 | 0,4 | וולאַדימירער — Wladimir | 1 321 140 | 1 051 | 0,1 |

* אמאליגע צאריצינער גובערניע; ** אמאליגע סימבירסקער גובערניע.

אויפן צווייטן אָרט גייט דער לענינגראַד־קאַרעלער ראַיאָן (לענינגראַדער גובערניע, קאַרעלער רעפּובליק, מורמאַנער גוב., נאָווגאָראָדער, פּסקאָווער און טשערעפּאָוועצער גובערניע) מיט 115.892 אידן, פון דעם אין דער שטאָט לענינגראַד — 84.480 אידישע אײנוואוינער.

נאָך לענינגראַד־קאַרעלער ראַיאָן פאָלגט דער מערב־ראַיאָן מיט 72.987 אידישע נפשות. ער באַשטייט פון צוויי גובערניעס: סמאָלענסקער און בריאַנסקער, ד. ה. פון טײלן פון אַמאָליגער סמאָלענסקער און קורסקער גובערניעס.

דאָס פערטע אָרט פאַרנעמט דער צפון־קאַווקאַזער ראַיאָן מיט דעם דאָנער געביט — סך־הכל 43.088 אידן. אַהער קאָן אויך צוגעגעבן ווערן דאַגעסטאַן מיט אַ אידישער באַפעלקערונג פון 18.183 נפשות. לויטן סדר גייען ווייטער: די קרימער רעפּובליק, דער וואָלגאַ־געביט, סיביר, דער צענטראַלער שוואַרץ־ערד ראַיאָן, די אוראַלער געגנט, די געגנט פון ווייטן מזרח און דער בוריאַט־מאָנגאָלער געביט. די אַבסאָלוטע צאָל אידישע אײנוואוינער האָט צום מאָמענט פון דער פאָלק־ציילונג באַטראָפן אין:

| | | | |
|---|---|---|---|
| קרים | . . . . . . . | 45 921 | אידן |
| וואָלגאַ־געביט [1] | . . . . . | 34 255 | " |
| סיביר | . . . . . . . | 31 050 | " |
| צענטר. שוואַרץ־ערד־ראַיאָן [2] | | 19 655 | " |
| אוראַל | . . . . . . . | 11 828 | " |

פון די 588.843 אידישע אײנוואוינער אין די אַלע נאָרוואָס אויסגערעכנטע געביטן זײַנען 553.613 אָדער 94,0 פּראָצענט שטאָטישע אײנוואוינער. דער רעשט פון 35.230 נפשות לעבט אין די דאָרפישע ישובים.

די אַנטוויקלונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין די צענטראַל־רוסישע געביטן פאַר די יאָרן 1897 ביז 1926 שטעלט פאָר אַ העכסט־אינטערעסאַנט בילד.

[1] טאטערן־רעפובליק, טשובאשער רעפובליק, ארענבורגער גוב., פענזער, סאמארער, אוליאנאווער, אסטראכאנער, קאלמיקן־געביט, סאראטאווער גוב., סטאלינגראדער גוב. און דייטשער געביט.

[2] וואראנעזשער, קורסקער, ארלאווער און טאמבאווער גובערניעס.

אַ באַדייטנדיגער צוואַקס זייט 1897־טן יאָר איז געווען אין די גובערניעס: סאַראַטאָווער, סאַמאַרער, קאַזאַנער, פענזער, ניזשעגאָראָדסקער און אין יעקאַטערינבורג, וואוהין ס׳זיינען בשעת מלחמה עוואַקואירט געוואָרן די אַרויסגעשיקטע פון די פראָנט־געגנטן. אין 1926־טן יאָר טרעפן מיר אָבער דאָ אַ קלענערע אידישע באַפעלקערונג ווי 1920 און אַפילו — ווי, למשל, אין סאַראַטאָווער גובערניע — אַ קלענערע ווי אין 1923: די היימלאָזע האָבן זיך מערסטנטיילס רעפאַטריאירט, און די נאָרמאַלע איבערוואַנדערונג פון די געדיכטע אידישע ישובים איז אַהער כמעט ניט געגאַנגען. די אַנטוויקלונג פון דער שטאָטישער אידישער באַפעלקערונג אין די נאָרוואָס אָנגערופענע זעקס גובערניעס זעהען מיר פון פאָלגנדיגער טאַבעלע:

Tab. — IV — טאַב.

## די אנטוויקלונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין די גובערניעס פון צענטראַל־רוסלאנד

## 1897—1926

## Veränderungen in der Zahl der jüd. Bev. des zentralrußischen Gebietes

| גובערניעס Gouvernement | 1897 | 1920 abs. | 1920 צוואַקס זייט 1897 אין פראַצענטן Perzentuelle Zunahme seit 1897 | 1923 abs. | 1923 צוואַקס זייט 1920 אין פראַצענטן Perzentuelle Zunahme seit 1920 | 1926 abs. | 1926 צוואַקס זייט 1923 אין פראַצענטן Perzentuelle Zunahme seit 1923 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| סאַראַטאָווער — Saratow | 2 683 | 13 462 | 401,8 | 8 029 | — 40,4 | 7 345 | — 8,5 |
| סאמאַרער — Samara | 1 650 | 12 535 | 659,7 | 7 032 | — 43,9 | 7 461 | 6,1 |
| קאַזאַנער — Kasan | 1 999 | 5 351 | 167,7 | 4 084 | — 23,7 | 4 237 | 3,7 |
| פענזער — Penza | 471 | 4 228 | 797,7 | 1 991 | — 52,9 | 2 175 | 9,2 |
| ניזשעגאָראָדער — Nizegorodsk | 2 522 | 9 983 | 295,8 | 8 848 | — 11,4 | 10 562 | 19,4 |
| יעקאַטערינבורג — Jekaterinburg | — | 4 373 | — | 3 422 | — 21,7 | 4 066 | 18,8 |

די נאָרמאַלע איבערוואַנדערונג פון די געדיכטע אידישע ישובים איז געגאַנגען כמעט אויסשליסליך אין די צוויי גרויסע שטעט — מאָסקווע און לענינגראַד. אַזוי זיינען געוואַקסן אידן אין:

Das Wachstum der jüd. Bev. in Moskau und Leningrad

| | 1926 | 1923 | 1920 |
|---|---|---|---|
| מאסקווע — Moskau | 131 244 | 86 171 | 28 263 |
| לענינגראַד — Leningrad | 84 480 | 52 373 | 25 529 |

אַרום און אַרום באַטרעפט דער צוואַקס פון דער אידישער באַפעלקערונג פאַר די יאָרן 1923—26 אין די געביטן מחוץ אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד אַנע׳רך 120.000 נפשות, אַ ציפער, וואָס איז גרעסער ווי דער נאַטירליכער צוואַקס בּאַ די אידן אין אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד פאַר דער זעלבער צייט.

* *

*

פון דער פאָלק־ציילונג פון 1926־טן יאָר באַקומען מיר צום ערשטן מאָל אַ פאָרשטעלונג וועגן דער אַלגעמיינער צאָל אידן אויף דער טעריטאָריע פון דער איצטיגער ווייס־רוסלענדישער סאָוויעט׳שער רעפובליק, אין 1920־טן יאָר, ווען ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן די ערשטע אַלרוסלענדישע סאָוויעט־ציילונג, איז ווייסרוסלאַנד געווען אָקופּירט פון די פּאָליאַקן, און די ציילונג פון 1923־טן יאָר האָט געגעבן בלויז די צאָל איינוואוינער אין די שטאָטישע ישובים.

די אַלגעמיינע צאָל איינוואוינער אין דעם פאַרגרעסערטן ווייסרוסלאַנד (מיט האָמלער, וויטעבסקער און סמאָלענסקער גובערניעס) האָט אין 1926־טן יאָר באַטראָפן 4,983240 נפשות. בּאַ דער אידישער באַפעלקערונג זיינען געציילט געוואָרן 407.059 נפשות, ד.ה. 8,2 פראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

לויט דער אבסאלוטער צאל שטייען די אידן אין ווייס־רוסלאַנד אויפן ערשטן אָרט נאָך די ווייסרוסן (4.017.301 נפשות—80,6 פראָצענט). נאָך זיי גייט די גרויס־רוסישע נאַציאָנאַלע גרופּע (383.806 נפשות — 7,7 פראָצענט), די פּוילישע באַפעלקערונג (97.498 נפשות — 2,0 פראָצענט) און די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן (צוזאַמען 77.576 נפשות — 1,5 פראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין ווייסרוסלאַנד).

Tab. — V — טאַב.

## צאל און פארטיילונג פון דער אידי. באפי. אין ווייסרוסלאנד

## Zahl der jüd. Bev. in der Weissruß. Sowjet-Republik

| Kreis — קרייז | די גאַנצע באַפעלקערונג Ges.-Bevölk. | פון דעם אידן davon Juden abs. | % |
|---|---|---|---|
| מינסקער — Minsk | 539 529 | 70 713 | 13,1 |
| וויטעבסקער — Witebsk | 583 391 | 53 428 | 9,2 |
| באָברויסקער — Bobruisk | 530 914 | 52 353 | 9,9 |
| האָמלער — Gomel | 408 074 | 45 598 | 11,2 |
| מאָהילעווער — Mogilew | 530 842 | 34 643 | 6,5 |
| מאָזירער — Mosyr | 330 024 | 27 254 | 8,3 |
| אָרשער — Orscha | 416 309 | 24 533 | 5,9 |
| באָריסאָווער — Borisow | 381 173 | 23 508 | 6,2 |
| סלוצקער — Slutzk | 309 384 | 20 861 | 6,7 |
| קאַלינינער — Kalinin | 374 923 | 19 289 | 5,1 |
| רעטשיצער — Retschitza | 254 816 | 17 545 | 6,9 |
| פּאָלאָצקער — Polotzk | 323 861 | 17 334 | 5,3 |
| **צוזאַמען — Insgesamt** | **4 983 240** | **407 059** | **8,2** |

אין די שטאָטישע ישובים האָבן געוואוינט 83,6 פראָצענט פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג, כמעט אַכט מאָל אַ גרעסערער פראָצענט ווי באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג (11,0 פראָצענט), צען מאָל אַ העכערער ווי באַ די ווייסרוסן און דריטהאַלבן מאָל אַ העכערער ווי באַ די רוסן. עס האָבן געוואוינט אין די שטאָטישע ישובים באַ:

Von je 100 der betreffenden Nationalität wohnen in den Städten Weissrußlands:

| | abs. | % פון דער נאַציאָנאַליטעט<br>% der nebenbez. Bev. |
|---|---|---|
| ווייסרוסן — Weißrussen . | 332 860 | 8,3 |
| רוסן — Russen . . . . . | 132 203 | 34,4 |
| פאַליאַקן — Polen . . . . | 19 665 | 20,2 |
| אידן — Juden. . . . . . | 340 162 | 83,6 |
| אנדערע — Sonstige . . . | 22 940 | 2,7 |
| **סך־הכל — Zusammen** | **847 830** | **17,0** |

די רעלאַטיווע מערהייט אין די שטעט איז באַ דער אידישער באַפעלקערונג. צוזאַמען מיט די ווייסרוסן בילדן זיי דאָ אַכציג פראָצענט. אין די דערפער איז דער אָנטייל פון די אידן 25 מאָל קלענער ווי אין די שטעט — 1,6 פראָצענט קעגן 40,1.

Tab. — VI — .טאַב

**נאַציאָנאַלער באַשטאַנד פון די שטעט און דערפער אין ווייסרוסלאַנד**

Die Bevölk. der Städte und Dörfer Weissrußlands nach Nationalität

| נאַציע — Nationalität | אין די שטאָטישע ישובים<br>in den Städten | אין די דערפער<br>auf dem flachen Lande |
|---|---|---|
| אידן — Juden . . . . | 40,1 | 1,6 |
| ווייסרוסן — Weißrussen . . | 39,3 | 89,1 |
| רוסן — Russen . . . . | 15,6 | 6,1 |
| פאַליאַקן — Polen . . . | 2,3 | 1,9 |
| אנדערע — Sonstige . . | 2,7 | 1,3 |
| **צוזאַמען — Zusammen** | **100,0** | **100,0** |

אין די באַזונדערע קרייזן באַוועגט זיך דער פראָצענט אידן אין דער שטאָטישער באַפעלקערונג צווישן 35,0 און 50.3. ער מאַכט אויס אין:

| | |
|---|---|
| סלוצקער קרייז . . . . . . . | 50,3 |
| מאַזירער " . . . . . . . | 46,4 |
| באַברויסקער " . . . . . . . | 43,1 |
| רעטשיצער " . . . . . . . | 41,5 |
| קאַלינינער " . . . . . . . | 41,4 |
| מינסקער " . . . . . . . | 40,9 |
| האָמלער " . . . . . . . | 40,2 |
| וויטעבסקער " . . . . . . . | 39,6 |
| פּאָלאָצקער " . . . . . . . | 36,2 |
| באָריסאָווער " . . . . . . . | 36,2 |
| אָרשער " . . . . . . . | 35,2 |
| מאָהילעווער " . . . . . . . | 35,0 |

צום באַדויערן, זיינען נאָך ניט פאַרעפנטליכט געוואָרן די אַנטשיידנדע רעזולטאַטן בנוגע דער צאָל אידישע איינוואוינער אין באַזונדערע שטעט פון ווייסרוסלאַנד, — די דאָזיגע ציפערן וואָלט געקאָנט אויפדעקן באַזונדער'ס אינטערעסאַנטע מאָמענטן אין דער אַנטוויקלונג פון ווייסרוסלענדישן אידנטום פאַר די לעצטע דרייסיג יאָר. גראָד פאַר ווייסרוסלאַנד פאַרמאָגן מיר דאַטן וועגן דער צאָל אידישע איינוואוינער אין 1917־טן יאָר צום מאָמענט פון דער ערשטער רעוואָלוציע, אַזוי אַז דורך אַ פאַרגלייך פון די דאַטן פאַר 1897, 1917, 1923 און 1926 וואָלטן מיר געקאָנט אַרויסבאַקומען דאָס בילד פון דער אַנטוויקלונג פון די אידישע שטאָטישע קבוצים אין דעם נאָרמאַלן פאַרמלחמה'דיגן פעריאָד, אין דער צייט פון רעוואָלוציע, מיליטערישן קאָמוניזם און נעפּ און, צום סוף, אין די לעצטע פאָר יאָר פון סטאַביליזירטע פאַרהעלטנישן.

נעמט מען די דאַטן פון 1897, 1917 און 1923 פאַר מינסק, באָברויסק, סלוצק, באָריסאָוו און מאָזיר, באַקומט מען: אין 1897־טן יאָר — 91939 אידן, אין 1917 יאָר — 128.577 און אין 1923 יאָר — 89075 אידן. פון 1897 ביז 1917 האָבן מיר אַלזאָ אַ צוואַקס פון 39,9 פראָצענט; פון 1917 ביז 1923 אַ פאַרקלענערונג אויף אַנ׳ערך 40000 נפשות, ד.ה. 30,7 פראָצענט. אין 1923 איז די צאָל אידן קלענער מיט 3,1% ווי אין 1897.

אין די שטעט וויטעבסק, האָמעל, מאָהילעוו, פּאָלאָצק, אָרשאַ און ראָגאַטשאָוו זיינען געווען אידן: אין 1897־טן יאָר 101.283, אין 1910־טן יאָר — שוין 160.787, אָבער אין 1923 — נאָר 114.911, ווייניגער מיט 28,5 פראָצענט ווי אין 1910־טן יאָר.

אין אַלגעמיין האָט די אידישע באַפעלקערונג פון די שטעט פון פאַרגרעסערטן ווייסרוסלאַנד אָנגעוואוירן זייט 1917־טן יאָר אַנ׳ערך 100.000—125.000 נפשות.

* * *

די אָפיציעלע אוקראַאינישע סטאַטיסטיק טיילט איין די טעריטאָריע פון אוקראַאינע אין זעקס ווירטשאַפט־ראַיאָנען: 1. פּאָלעסיע—מיט די קרייזן וואָלין, גלוכאָוו, קאָנאָטאָפּ, קאָראָסטען און טשערניגאָוו; 2. — רעכטברעגיגע אוקראַאינע — מיט די קרייזן בערדיטשעוו, ביעלאָצערקאָוו, וויניצע, אומאַן, קאַמענעץ, קיעוו, מאָהילעוו, פּראָסקוראָוו, טולטשין, שעווטשענקאָ (געוו. טשערקאַס) און שעפּעטאָווקע; 3. לינקברעגיגע אוקראַאינע — קרייזן קרעמענטשוג, קופּיאַנסק, לובני, ניעזשין, איזיום, פּאָלטאַוואַ, פּרילוקי, ראָמני, סומי און כאַרקאָוו; 4. באַרג־אינדוסטריע־ראַיאָן — קרייזן אַרטעמאָווסק, לוגאַנסק, סטאַלינסק; 5. דניעפּר־אינדוסטריעלער ראַיאָן—קרייזן דניעפּראָפּעטראָווסק, קריוואָי ראָג און זאַפּאָראָזשיע; 6. סטעפּ־קרייזן זינאָוויעווסק, מאַריופּאָל, מעליטאָפּאָל, ניקאָלאַיעוו, אָדעס, פּערוואָמאַיסק, סטאַראָבעלסק, כערסאָן און די מאָלדאַווער רעפּובליק. די צאָל איינוואוינער לויט די דאָזיגע באַזונדערע ווירטשאַפט־ראַיאָנען און קרייזן גיבן מיר אין טאַבעלע VII (זייט 225).

די נייע איינטיילונג האָט אינגאַנצן איבערגעדרייט דעם אַלטן סדר און האָט געמאַכט פאַר אוממעגליך דעם פאַרגלייך פאַר באַזונדערע גובערניעס ניט נאָר מיט 1897, נאָר אַפילו מיט 1920 און 1923. דעם דאָזיגן פאַרגלייך מוז מען אָפּלייגן, ביז ס׳וועלן פאַרעפנטליכט ווערן די אויספירליכע רעזולטאַטן פון דער ציילונג לויט די קלענסטע טעריטאָריאַלע איינהייטן.

פון דער ווייטער געבראַכטער טאַבעלע פאָלגט יעדנפאַלס, אַז דער רוב פון דער אידישער באַפעלקערונג—1.076.991 נפשות אָדער 68,4 פראָצענט — איז קאָנצענטרירט אין דער

Tab. — VII — .טאַב

## די פאַרטיילונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אוקראַינע לויט קאַנטאָן און ראַיאָנען

— 1926 —

## Verteilung der jüdischen Bevölkerung in der Ukraina auf die einzelnen Rayons

| ראַיאָן — Rayon | די גאַנצע באַפעלק. Gesamt-bevölk. | פון דעם אידן davon Juden abs. | % |
|---|---|---|---|
| **I. פּאָלעסיע — Polessie** | **2 959 441** | **146 691** | **5,0** |
| וואָלינער — Wolhyn | 690 537 | 65 589 | 9,5 |
| קאָראָסטענער — Korosten | 522 652 | 40 648 | 7,8 |
| טשערניגאָווער — Tschernigow | 534 230 | 17 565 | 3,3 |
| קאָנאָטאָפּער — Konotop | 660 129 | 14 047 | 2,1 |
| גלוכאָווער — Gluchow | 551 893 | 8 842 | 1,6 |
| **II. רעכטסברעגיגע אוקראַינע — Rechtes Dniepr-Ufer** | **8 997 757** | **682 812** | **7,6** |
| קיעווער — Kiew | 1 594 810 | 162 211 | 10,2 |
| וויניצער — Winnitza | 775 618 | 77 254 | 10,0 |
| בערדיטשעווער — Berditschew | 732 571 | 69 649 | 9,5 |
| אומאַנער — Uman | 893 072 | 57 328 | 6,4 |
| טולטשינער — Tultschin | 706 528 | 48 356 | 6,8 |
| שעפּעטאָווקער — Schepetowka | 659 746 | 48 027 | 7,3 |
| פּראָסקוראָווער — Proskurow | 572 967 | 46 470 | 8,1 |
| קאַמענעצער — Kamenetz | 541 096 | 46 163 | 8,5 |
| שעווטשענקער — Schewtschenko | 1 138 062 | 44 266 | 3,9 |
| בעלאָצערקווער — Belozerkow | 861 251 | 43 572 | 5,1 |
| מאַהילעווער — Mogilew | 522 036 | 39 516 | 7,6 |
| **III. לינקברעגיגע אוקראַינע — Linkes Dniepr-Ufer** | **7 066 900** | **197 425** | **5,8** |
| כאַרקאָווער — Charkow | 1 603 623 | 85 425 | 5,3 |
| קרעמענטשוגער — Krementschug | 791 831 | 38 098 | 4,8 |
| פּאָלטאַווער — Poltawa | 1 089 554 | 22 886 | 2,1 |
| פּרילוקער — Priluki | 510 064 | 15 075 | 3,0 |
| ראָמנער — Romni | 536 305 | 13 606 | 2,5 |
| לובנער — Lubni | 568 825 | 10 275 | 1,8 |
| ניעזשינער — Nieschin | 471 871 | 8 022 | 1,7 |
| סומער — Sumi | 690 726 | 3 179 | 0,5 |
| איזומער — Izjum | 378 095 | 554 | 0,1 |
| קופּיאַנסקער — Kupjansk | 426 015 | 306 | 0,1 |
| **IV. בארג־אינדוסטריע־ראַיאָן — Bergbau-Rayon** | **2 036 252** | **40 716** | **2,0** |
| אַרטעמאָווסקער [1] — Artemowsk | 766 668 | 17 622 | 2,3 |
| סטאַלינער [2] — Stalin | 654 941 | 12 909 | 2,0 |
| לוגאַנסקער — Lugansk | 614 643 | 10 185 | 1,7 |
| **V. דניעפּער־אינדוסט. ראַיאָן — Dniepr-Industr. Rayon** | **2 391 155** | **112 568** | **4,7** |
| דניעפּראָפּעטראָווסקער [3] — Dniepropetrowsk | 1 292 828 | 72 719 | 5,6 |
| קריוואָראָגער — Kriwoj Rog | 565 012 | 21 461 | 3,8 |
| זאַפּאָראָזשער — Zaporoschie | 533 315 | 18 388 | 3,4 |
| **VI. סטעפּ — Neurußland** | **5 568 233** | **394 179** | **7,1** |
| אָדעסער — Odessa | 864 399 | 170 451 | 19,8 |
| מאָלדאַווער רעפּובליק — Moldawa-Republik | 572 339 | 48 564 | 8,5 |
| פּערוואָמאַיסקער — Perwomaisk | 665 922 | 41 158 | 6,2 |
| ניקאָלאַיעווער — Nikolajew | 497 326 | 36 696 | 7,4 |
| כערסאָנער — Cherson | 565 865 | 35 509 | 6,3 |
| זינאָוויעווער [4] — Sinowjewsk | 770 298 | 32 777 | 4,3 |
| מעליטאָפּאָלער — Melitopol | 736 166 | 15 301 | 2,1 |
| מאַריופּאָלער — Marjupol | 415 540 | 13 483 | 3,1 |
| סטאַראָבעלסקער — Starobielsk | 480 378 | 240 | 0,1 |

1) אמאליגער באכמוט — ehem. Bachmut; 2) אמאליגער יוזאוו — ehem. Jusow; 3) אמאליגער יעקאטערינאסלאוו — ehem. Jekaterinoslaw; 4) אמאליגער יעליסאווועטגראד — ehem. Jelisabethgrad

רעכטסברעגיגער אוקראַינע און אין דער סטעפּ, דער צענטער פון דער רעכטסברעגיגער אוקראַינע פאַלט אויס אין דער אַמאָליגער קיעווער גובערניע (קרייזן: באַרדיטשעווער, בעלאָצערקווער, אומאַנער, קיעווער, שעווטשענקער) מיט 377.026 אידישע איינוואוינער. דער צענטער פון דער סטעפּ—ניי־רוסלאַנד איז די אַמאָליגע כערסאָנער גובערניע (קרייזן דינאָוויעווער, ניקאָלאַיעווער, אָדעסער, פּערוואָמאַיסקער, כערסאָנער און די מאָלדאַווער רעפּובליק) מיט 365.155 אידן.

די קלענסטע גרופּע אידישע באַפעלקערונג פאַלט אויס אויף דעם באַרג־אינדוסטריע־ראַיאָן — 40.716 נפשות,—אַ ישוב, וואָס איז אויסגעוואַקסן כמעט ערשט אין די מלחמה־יאָרן.

די רעכטסברעגיגע אוקראַינע און ניי־רוסלאַנד האָבן אויך די געדיכטעסטע אידישע באַפעלקערונג: די לעצטע מאַכט דאָ אויס לגבי דער אַלגעמיינער צאָל איינוואוינער 7,6 פּראָצענט (רעכטסברעגיגע אוקראַינע) און 7,1 פּראָצענט (סטעפּ), בשעת דער דורכשניט פאַר גאַנץ אוקראַינע איז 5,4 פּראָצענט. אַם שטאַרקסטן איז די אידישע באַפעלקערונג אין אָדעסער קרייז, וואו איר פּראָצענט דערגרייכט ביז 19,8, אין קיעווער קרייז —

מיט 10.2 פּראָצענט און חיניצער קרייז—מיט 10,0 פּראָצענט.

די שיטערסטע אידישע באַפעלקערונג פאַלט אויס אויף דער לינקבּרעגיגער אוקראַינע (2,8 פּראָצענט) און דעם באַרג־אינדוסטריע־ראַיאָן (2,0 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון ראַיאָן).

לויט הער גרויס פון איר אָנטייל אין דער איינוואוינערשאַפט שטייט די אידישע באַפעלקערונג אין אוקראַינע אויפן דריטן אָרט — נאָך די אוקראַינער און רוסן. נאָר אין דער רעכטברעגיגער אוקראַינע גייט דער פּראָצענט אידן אויפן ערשטן אָרט נאָך די אוקראַינער. פון יעדע הונדערט איינוואוינער זיינען געווען אין:

| | אוקראַינער | רוסן | אידן | פּאָליאַקן |
|---|---|---|---|---|
| פּאָליעסיע . . . . | 81,0 | 5,4 | 5,0 | 4,4 |
| רעכטברעגיגע אוקראַינע | 86,2 | 2,6 | 7,9 | 3,1 |
| לינקברעגיגע אוקראַינע | 87,9 | 8,6 | 2,8 | 0,2 |
| באַרג־אינדוסטריע־ראַיאָן | 60,2 | 31,5 | 2,0 | 0,4 |
| דניעפּר־אינדוסטר. ראַיאָן | 73,0 | 8,9 | 4,7 | 0,4 |
| סטעפּ . . . . . | 66,3 | 14,4 | 7,1 | 0,6 |
| **אוקראַינע** . . | **80,1** | **9,2** | **5,4** | **1,6** |

איבּ זיך רעכענען מיט דער אָפיציעלער טיילונג פון דער באַפעלקערונג אין אוקראַינע אויף שטאָט און דאָרף, וועלן מיר באַקומען פאָלגנדיג בילד פון דעם נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל אין די באַזונדערע טיפּן וואוין־ערטער:

Tab. — VIII — טאַב.

**דער נאַצ. צוזאמענשטעל פון שטאט און דארף אין אוקראינע**

**Gliederung der städtischen und ländlichen Bevölkerung in der Ukraina nach Nationalität**

| דאָרפישע ישובים— Flaches Land % | abs. | שטאָטישע ישובים— Stadt u. Städchen % | abs. | Nationalität—נאַציע |
|---|---|---|---|---|
| **100.0** | **23.646.194** | **100,0** | **5.373.553** | Ges. Bev.—**די גאַנצע באַפ.** |
| 1,5 | 355.776 | 22,8 | 1.218.615 | . . . . . Juden—**אידן** |
| 87,6 | 20.683.361 | 47,4 | 2.536.499 | Ukrainer-**אוקראַינער** |
| 5,6 | 1.333.477 | 25,1 | 1.343.689 | . . . . Russen—**רוסן** |
| 1,6 | 377.688 | 1,8 | 98.747 | . . Polen—**פּאָליאַקן** |

דער דורכשניטליכער פּראָצענט אידן אין דער שטאָטישער באַפעלקערונג איז אַזוי אַרום פיר מאָל גרעסער פונם דורכשניט פאַרן גאַנצן לאַנד. דער דורכשניט פאַר די דאָרפישע ישובים איז, פאַרקערט, פיר מאָל קלענער פון דורכשניט פאַרן לאַנד.

דעם העכסטן פּראָצענט אידן אין דער שטאָטישער איינוואוינערשאַפט טרעפט מען אין דער רעכטברעגיגער אוקראַינע. דאָ מאַכן די אידן אויס גענוי אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג אין די שטעט און זיי זיינען די ערשטע נאַציאָנאַלע גרופּע נאָך די אוקראַינער, וועלכע האָבן אַ אָנטייל פון 49,1 פּראָצענט. אין ניירוסלאַנד קאָנקורירן אַלע דריי נאַציעס — די אוקראַינישע, די אידישע און גרויס־רוסישע — מיט כמעט גלייכע פּראָצענטן: 33,1 פּראָצענט באַ אוקראַינער, 33,2—באַ די גרויס־רוסן און 27,9 — באַ אידן. די פּאָליאַקן האָבן אומעטום אַ מינימאַלן פּראָצענט.

פון יעדע הונדערט שטאָטישע איינוואוינער זיינען געווען אין:

| | אוקראַינער | גרויסרוסן | אידן | פּאַליאַקן |
|---|---|---|---|---|
| פּאָלעסיע . . . . . . . . . | 52,9 | 15,4 | 27,5 | 2,4 |
| רעכטברעגיגע אוקראינע . | 49,1 | 12,2 | 33,3 | 3,3 |
| לינקברעגיגע אוקראינע . | 60,9 | 19,5 | 16,9 | — |
| באַרג־אינדוסטריע־ראַיאן . | 40,6 | 49,1 | 4,6 | 0,1 |
| דניעפּר־אינד. ראַיאן . . . | 49,8 | 25,2 | 20,0 | 1,6 |
| סטעפּ . . . . . . . . . . . | 33,1 | 33,2 | 27,9 | 1,5 |
| אוקראַינע . . . . | 47,4 | 25,1 | 22,8 | 1,8 |

וואָס ס'איז שייך דער אידישער דאָרפישער באַפעלקערונג, איז דער אויבן אָנגעוויזענער פּראָצענט פון 1,5 צו אַ הויכער און איז אַרויסגערופן געוואָרן דורכדעם, וואָס צו די דאָרפישע ישובים זיינען צוגערעכנט געוואָרן העכער צוויי־הונדערט אידישע שטעטלאַך. דאָס זיינען יענע שטעטלאַך, וואָס זיינען אין די יאָרן פון רעוואָלוציע ווירטשאַפטליך דעגראַדירט געוואָרן און האָבן פאַרלוירן זייער שטאָטישן כאַראַקטער. די אַלגעמיינע צאָל אידישע איינוואוינער פון אָט די שטעטלאַך (202 פונקטן) האָט אין 1923־טן יאָר באַטראָפן 221.000. נעמט מען אַראָפּ אָט די צאָל פון די 355.776 אידישע איינוואוינער, וואָס זיינען פון צענטראַלן אוקראַינישן סטאַטיסטישן אַמט צוגערעכנט געוואָרן צו די דאָרפישע ישובים, באַקומט זיך, אַז די ווירקליכע צאָל אידן אין די דערפער פון אוקראַינע דאַרף זיין אין 1926 יאָר אַרום 130.000—135.000, ד.ה. אַניערך אַ האַלב פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער דאָרפישער באַפעלקערונג, אָדער פיר מאָל ווייניגער ווי אין 1897־טן יאָר.

כדי צו באַקומען די ריכטיגע פאָרשטעלונג וועגן דער גרויס פון דער אידישער דאָרפישער באַפעלקערונג אין אוקראַינע, איז נויטיג צו מאַכן נאָך אַ ווייטערדיגן קאָרעקטיוו. מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז די מערהייט פון די איצטיגע דאָרפישע אידן אין אוקראַינע זיינען קאָנצענטרירט הויפּטזאַכליך אין די אַלטע און נייע אידישע קאָלאָניעס. לויט אָפיציעלע דאַטן האָט די צאָל אידישע נפשות אין אָט די קאָלאָניעס באַטראָפן אין 1926 יאָר אַניערך 107000[1]. אַזוי אַז, ווען מען נעמט אַראָפּ די דאָזיגע צאָל פון דער אויבנאויסגערעכנטער צאָל 130־135.000, באַקומט זיך, אַז אין די ניט־אידישע דערפער, ד.ה. דאָרט, וואו מיט דרייסיג יאָר צוריק האָבן געוואוינט עטליכע הונדערט טויזנט אידישע נפשות, זיינען אין 1926־טן יאָר געווען ניט מער ווי אַ פאָר צענדליג טויזנט אידן, — אַ אומבאַדייטנדיגער שיכט לגבי דעם אוקראַינישן אידנטום גופא און נאָך מער נישטיג אין פאַרגלייך צו דער אַרומיגער ניט־אידישער פויערישער מאַסע.

זיך אָפּשטעלנדיג באַ דער צאָל פון 135 000 אידישע דאָרפישע איינוואוינער (קאָלאָניעס און ניט־אידישע דערפער), קומען מיר צו פאָלגנדיגע רעזולטאַטן וועגן דער גלידערונג פון דער באַפעלקערונג אין אוקראַינע לויט שטאָט און דאָרף. פון יעדע הונדערט נפשות האָבן געלעבט אין 1926־טן יאָר:

**Von je 100 der betreffenden Nationalität in Ukraina wohnten :**

| | אין שטאָט. ישובים In den Städten u. Städtchen | אין דערפער Auf dem flachen Lande |
|---|---|---|
| באַ אידן—Juden . . . . . . . . . | **91,4** | **8,6** |
| " אוקראַינער—Ukrainer . . . . | **10,9** | **89,1** |
| " רוסן—Großrussen . . . . . . . | **50,2** | **49,8** |
| " ניט־אידן בכלל — Nichtjuden überhaupt | **14,3** | **85,7** |

1) Диманштейн: Советская власть и нацмены. — Новый Восток. Ленинград, 1927.

בלויז דער צוועלפטער טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג פון אוקראַינע לעבט אין דאָרפישע ישובים; העכער ניינציג פראָצענט פון איר געפינט זיך אין די שטעט. באַ דער איבעריוויגנדיגער מערהייט פון דער באַפעלקערונג — באַ די אוקראַינער — לעבן אין די שטעט נאָר 10.9 פראָצענט, באַ די רוסן — שוין 50,2 פראצענט, בא ניט־אידן בכלל – 14,3 פראצענט.

איינטיילנדיג די ישובים (שטאטישע און דארפישע) לויט דער גרויס פון זייער באַפעלקערונג, באַקומט מען פאָלגנדיגע אינטערעסאַנטע דיפערענצן צווישן דער אידישער באַפעלקערונג און די אוקראַינער מיט די גרויס־רוסן:

Tab. — IX — טאב.

## פארטיילונג פון דער באפעלקערונג אין אוקראינע לויט דער גרויס פון ישוב
## Gliederung der Bevölkerung in der Ukraina nach Größe des Wohnorts

| גרויס פון ישוב / Größe der Gemeinde | אידן—Juden abs. | % | אוקראינער—Ukrainer abs. | % | גרויסרוסן—Russen abs. | % |
|---|---|---|---|---|---|---|
| — 20.000 | 767.267 | 48,8 | 22.004·073 | 95,2 | 1.885.048 | 70,4 |
| 20.001 — 50.000 | 166.950 | 10,6 | 387.564 | 1,7 | 109.690 | 4,1 |
| 50.001 — 100.000 | 181.716 | 11,5 | 261.994 | 1,1 | 119.533 | 4,5 |
| 100.001 + | 458.458 | 29,1 | 565.229 | 2,0 | 562.895 | 21,0 |
| **צוזאמען—Zusammen** | **1.574.391** | **100.0** | **23.218.860** | **100.0** | **2.677.166** | **100.0** |

אין די פיר שטעט מיט העכער 100.000 איינוואוינער זיינען אין 1926 יאָר קאָנצענטרירט כמעט אַ דריטל פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין אוקראַינע. די דאָזיגע שטעט זיינען: קיעוו, אָדעס, כאַרקאָוו און יעקאַטערינאָסלאַוו (איצט דנעפּראָפּעטראָווסק). פון דער אוקראַינישער באַפעלקערונג וואוינט דאָ בלויז דער פופציגסטער חלק, פון דער רוסישער באַפעלקערונג — אַ פינפטל. אין די מיטעלע שטעט — מיט אַ איינוואוינערשאַפט פון צוואַנציג ביז פופציג טויזנט — לעבן 22,1 פראָצענט פון דער אידישער, קאַרגע ניין פראָצענט פון דער גרויס־רוסישער און בלויז קאַרגע דריי פראָצענט פון דער אוקראַינישער באַפעלקערונג. אין די קלענסטע שטאָטישע ישובים בלייבט אויף אַזאַ אופן — נאָכן אַראָפּרעכענען דעם אויבנאָנגעוויזענעם פּראָצענט דאָרפישע איינוואוינער באַ יעדער נאַציע — 40,2 פּראָצענט באַ אידן, 20,6 פּראָצענט באַ גרויס־רוסן און בלויז 6,1 פּראָצענט באַ דער אוקראַינישער באַפעלקערונג.

אויפן גרונט פון די רעזולטאַטן פון דער פאָלק־ציילונג 1926, וועלכע האָט שוין אַרומגענומען די גאַנצע טעריטאָריע פון אוקראַינע, לאָזט זיך פעסטשטעלן אַ גאַנצע ריי ענדערונגען אינם באַשטאַנד און אין דער פאַרטיילונג פון דער אידישער באַפעלקערונג פאַר די דריי צענדלינג יאָר — פון 1897 ביז 1926. מיר פאַרגלייכן צוערשט די פאַרטיילונג פון דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג לויט באַזונדערע טיפן וואוין־ערטער אין 1897 און 1926 (טאַב. X).

אין דער טאַבעלע X ווייזט זיך מיט אַ באַזונדערער בולטקייט אַרויס די גרונט־פאַרשיידענע ריכטונג, אין וועלכער ס'איז געגאַנגען די אַנטוויקלונג פון דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג אין דער אוקראַינע. 1926 איז די גרופּירונג באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג דיזעלבע ווי מיט דרייסיג יאָר צוריק: די גאַנצע מאַסע אין דאָרף; אין די שטעט — נאָר אַ דינינקער שיכט. באַ דער אידישער באַפעלקערונג אָבער זיינען פאַר די זעלבע דרייסיג יאָר פאָרגעקומען איבעראַשנדיגע ענדערונגען. דער פּראָצענט אידן, וואָס וואוינען אין די פיר גרויסע שטעט מיט העכער הונדערט טויזנט איינוואוינער אין יעדער, האָט זיך מער ווי פאַרטאָפּלט. די אונטערשטע באַזע, די באַפעלקערונג אין די ישובים מיט ווייניגער ווי צוואַנציג טויזנט איינוואוינער, האָט זיך באַדייטנדיג פאַרשמעלערט: מיט דרייסיג יאָר צוריק האָט זי אויסגעמאַכט צוויי דריטל פון גאַנצן אוקראַינישן אידנטום, איצט ניט מער ווי אַן ערך 50 פּראָצענט. די מיטלדיגע גרופּעס זיינען געבליבן באַ דער זעלבער גרויס — אַרום צוואַנציג פּראָצענט — ווי אין 1897־טן יאָר.

נאָך אינטערעסאַנטער איז דער וואוקס פון דער צאָל אידן און ניט־אידן אין יעדער גרופּע וואוין־ערטער באַזונדער. באַ דער ניט־אידישער איז זייער אומעטום זייער גרויס: אין די פיר גרעסטע שטעט — אַ וואוקס אויף העכער פופציג פּראָצענט, אין דער מיטלדיגער גרופּע — אויף 49,8 פּראָצענט, אין דער באַזע — אויף פערציג פּראָצענט און אין אַלגעמיין שוין ממילא אויף פערציג פּראָצענט. באַ דער אידישער באַפעלקערונג בלייבן די מיטלדיגע גרופּעס אומפאַרענדערט, די פיר שטעט גיבן אַ קאָלאָסאַלן צוואַקס פון העכער הונדערט פּראָצענט, בשעת דער גאַנצער פריערדיגער יסוד — דאָס קליינע שטעטל און נאָך מער דאָס דאָרף — איז צעבראָכן און איז געוואָרן קלענער כמעט אויף אַ גאַנץ דריטל.

די גרופּע ישובים מיט ווייניגער ווי צו צוואַנציג טויזנט איינוואוינער קאָנען מיר באַ דער אידישער באַפעלקערונג צעטיילן אויף אַזאַ אופן:

Abnahme der jüdischen ländlichen Bevölk. in der Ukraina

| | 1897 | 1926 | פארקל. (%) Abnahme (%) |
|---|---|---|---|
| דערפער—Flaches Land . . | 485.000 | 135.000 | 72,2 |
| די איבעריגע ישובים—Sonstige Siedlungen . . | 641.251 | 632.267 | 1,4 |

אין די דערפער פון דער אוקראַינע געפינט זיך אין 1926 אַזוי אַרום בלויז עטוואָס מער פון אַ פערט חלק פון דער צאָל אידן אין 1897־טן יאָר.

דער אונטערשטער סך־הכל פון דער אידישער באַפעלקערונג איז אַ נעגאַטיווער—מינוס זעקס פּראָצענט.

די דאָזיגע אַלע ענדערונגען אין דער צאָל און פאַרטיילונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אוקראַינע האָבן געצויגן נאָך זיך פאָלגנדיגע פאַרענדערונגען אין דעם אָנטייל, וואָס די אידן מאַכן אויס לגבי דער אַלגעמיינער צאָל איינוואוינער.

Tab. — X — טאַב.

## פּאַרטײלונג פון דער איד. און ניט־איד. באַפעלק. אין אוקראַינע לויט באַזונדערע טיפּן וואױן־ערטער
## Gliederung der jüd. und nichtjüd. Bevölkerung in der Ukraina nach Wohnortstypen

| Nichtjüd. Bevölk.—ניט־אידישע באַפעלקערונג | | | | | Jüdische Bevölkerung—אידישע באַפעלקערונג | | | | | גרויס פון ישוב Größe der Gemeinde |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צוואוקס אין % Prozent. Zunahme | 1926 | | 1897 | | צוואוקס אין % Prozent. Zunahme | 1926 | | 1897 | | |
| | % | abs. | % | abs. | | % | abs. | % | abs. | |
| 52,3 | 4,5 | 1.231.217 | 4,1 | 808.154 | 106,3 | 29,1 | 458.458 | 13,3 | 222.224 | 100.000 + |
| 61,1 | 1,5 | 412.158 | 1,3 | 255.801 | 6,6 | 11,5 | 181.716 | 10,2 | 170.535 | 50.000 — 100.000 |
| 42,0 | 1,9 | 526.189 | 1,9 | 370.516 | 7,7 | 10,6 | 166.950 | 9,2 | 154.990 | 20.000 — 50.000 |
| 39,7 | 92,1 | 25.275.792 | 92,7 | 18.091.529 | -31,9 | 48,8 | 767.267 | 67,3 | 1.126.251 | — 20.000 |
| **40,6** | **100,0** | **27.445.356** | **100,0** | **19.526·000** | **— 6,0** | **100,0** | **1.574.391** | **100,0** | **1.674.000** | Zusammen—**צוזאַמען** |

אַזױ האָט דער פּראָצענט אידן אין באַזונדערע טיפּן באַטראָפן:

Von je 100 Einw. der betreff. Städtegruppe waren Juden:

| 1926 | 1897 | גרויס פון ישוב Größe der Gemeinde |
|---|---|---|
| 27,2 | 21,6 | . . . . . . 100.000 + |
| 30,6 | 40,0 | . . . . . . 50.000—100.000 |
| 24,1 | 29,5 | . . . . . . . 20.000—50.000 |
| 2,9 | 5,9 | . . . . . . . — 20.000 |
| **5,6** | **8,0** | Zusammen—**בכלל** |

אױסגעוואַקסן איז דער פּראָצענטועלער אָנטײל פון דער אידישער באַפעלקערונג נאָר אין דער גרופּע שטעט מיט העכער הונדערט טױזנט אײנוואױנער. אין אַלע אַנדערע גרופּעס — באַזונדערס אין די דערפער — און אין אַלגעמײנעם דורכשניט איז דער אָנטײל פון דער אידישער באַפעלקערונג געפאַלן.

די נאַציאָנאַלע פאַרהעלטנישן אין אוקראַינע זעהען אין 1926 יאָר בכלל גאָר אַנדערש אױס װי אין 1897־טן יאָר. אױב אין אַלגעמײנעם — פאַר אוקראַינע אַליץ גאַנצע גענומען — זעהען זיך די ענדערונגען ניט אַזױ שטאַרק אָן, זײנען זײ אָבער אין די שטעט ראַדיקאַל און שאַרף. צוזאַמען מיטן אידישן איז אױך געפאַלן דער אָנטײל פון דער גרױס־רוסישער און פּױלישער באַפעלקערונג און ס'איז אױסגעוואַקסן אַ שטאַרקע אוקראַינישע מערהײט. פאַר גאַנץ אוקראַינע האָבן מיר:

Von je 100 Einwohnern in der Ukraina waren:

| 1926 | 1897 | |
|---|---|---|
| 80,8 | 76,7 | . . . Ukrainer—**אוקראַינער** |
| 8,4 | 10,0 | . . . . . . . . Russen—**רוסן** |
| 5,6 | 8,0 | . . . . . . . . Juden—**אידן** |
| 1,6 | 1,3 | . . . . . . . Polen—**פּאָלאַקן** |
| 3,6 | 4,0 | . . . . . Sonstige—**אַנדערע** |
| **100.0** | **100.0** | Zusammen—**צוזאַמען** |

אין די באַזונדערע גרופּעס שטעט זײנען געװען (אין %):

Von je 100 Einw. der betreff. Städtegruppe waren:

| Polen—פּאָלאַקן | | Russen—רוסן | | Ukrainer—אוקר. | | גרױס פון ישוב Größe d. Gemeinde |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1926 | 1897 | 1926 | 1897 | 1926 | 1897 | |
| 2,1 | 4,3 | 33,3 | 53,4 | 33,5 | 15,9 | . . 100.000 -- |
| 2,7 | 4,0 | 20,1 | 27,6 | 44,1 | 26,2 | . . 50.000—100.000 |
| 1,4 | 1,9 | 15,8 | 23,8 | 55,9 | 41,4 | . . . 20.000—50.000 |

דער פּראָצענט אידן איז אין די שטעט פון אוקראַינע געװען אַם העכסטן אין יאָר 1920, באַלד נאָך דעם װי עס האָבן זיך אַ גאַס געטאָן אַהער גרױסע אידישע מאַסן פון די מיטלדיגע, קלענערע און קלײנשטעטישקע שטעט און װען די אוקראַינישע און רוסישע באַפעלקערונג איז געלאָפן פון דער הונגעריגער שטאָט אין דאָרף אַרײן. אין 1923־טן יאָר, װען די קריסטליכע באַפעלקערונג קערט זיך צוריק אױס אין די שטעט און װען, פון דער צװײטער זײט, די אידן פון די גרױסע און מיטלדיגע שטעט לאָזן זיך מאַסנװײז קײן מאָסקװע און לענינגראַד, טרעפן מיר שױן אין די אוקראַינישע שטעט אַ קלענערן פּראָצענט אידן. צום סוף 1926 האַלט ער נאָך נידעריגער. אין דער גרופּע שטעט מיט העכער הונדערט טױזנט אײנוואױנער זײנען געװען אידן:

Stärke der jüd. Bev. in den Städten mit über 100.000 Einw.:

| % פון דער באַפעלק. v. H. Einwohnern | abs. | |
|---|---|---|
| 21,6 | 222.224 | 1897 |
| 35,5 | 435.578 | 1920 |
| 31,1 | 373.816 | 1923 |
| 27,2 | 458.458 | 1926 |

אין די שטעט מיט 20.000—100.000 אײנוואױנער זײנען געװען אידן:

Stärke der jüd. Bev. in den Städten mit 20000-50000 Einw.:

| % פון דער באַפעלק. v. H. Einwohnern | abs. | |
|---|---|---|
| 34,2 | 325.525 | 1897 |
| 29,1 | 367.752 | 1923 |
| 27,1 | 348.666 | 1926 |

אין די שטעט מיט העכער 100.000 נפשות זײנען געװען:

Nationale Zusammensetzung der Städte mit über 100000 Einw.

| 1926 | 1920 | 1897 | |
|---|---|---|---|
| 33,5 | 10,6 | 15,9 | . . . Ukrainer—**אוקראַינער** |
| 33,3 | 46,6 | 53,4 | . . . . . Großrussen—**רוסן** |
| 27,2 | 35,5 | 21,6 | . . . . . . . . . Juden—**אידן** |

אין 1920־טן יאָר, װען די אוקראַינישע באַפעלקערונג איז געלאָפן, װי געזאָגט, אין דאָרף אַרײן און װען אין די גרױסע שטעט, אין די אַדמיניסטראַטיװע צענטרען פון דער קאָמוניסטישער מאַכט האָט געהערשט דער גרױס־רוסישער גײסט, איז דער פּראָצענט אוקראַינער אױך אַ דריטל נידעריגער װי אין 1897. זיבן יאָר שפּעטער, נאָך דער אינטענסיװער אוקראַיניזאַציע, איז ער שױן דרײ מאָל העכער װי אין 1920.

# די אידישע באפעלקערונג אין דייטשלאנד 1910 און 1925

## Die Juden in Deutschland nach der Volkszählung 1925

דעם 16־טן יוני 1925 האָט די צאָל אידן אין דייטשלאַנד באַטראָפן 564.379 נפשות. די גאַנצע באַפעלקערונג פון לאַנד האָט געציילט 62.410.619 נפשות. אויף דער זעלבער, פאַר־קלענערטער טעריטאָריע פון דייטשלאַנד זיינען געווען אין 1910־טן יאָר: אידן—535.122, איינוואוינער בכלל—57.798.369. באַ ביידע פאָלק־ציילונגען בלייבט דער פראָצענט אידן 0,9. דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג — 0,9.

ווי ס'איז צו זעהען פון די ווייטערדיגע ציפערן, איז די אידישע באַפעלקערונג אויסגעוואַקסן נאָר אין פרייסן, זאַקסן, האַמבורג און ליבעק. אין פרייסן — אויף 10,1 פראָצענט, אין העסן בלויז אויף 2,2 פראָצענט, אין ליבעק אויף 1,0 פראָ־צענט, אין זאַקסן, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן צוּוואַקס פון מזרח־אייראָפּייאישע אידן (אין לייפּציג) — אויף גאַנצע 32,2 פראָ־צענט. אין די איבעריגע דייטשע לענדער איז איר צאָל געפאַלן.

Tab. — I — טאַב.

### די צאל אידישע איינוואוינער אין די איינצלנע לענדער פון דייטשלאנד

### Stand der jüdischen Bevölkerung in den einzelnen Ländern des Deutschen Reiches

| דיפערענצוווישן 1910 און 1925 — % — Zunahme der Juden seit 1910 | 1925 | | | 1910 | | | Länder — לאַנד |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | פון דעם אידן davon Juden | | די גאַנצע באפעלקערונג Gesamt-bevölkerung | פון דעם אידן davon Juden | | די גאַנצע באפעלקערונג Gesamt-bevölkerung | |
| | % | abs. | | % | abs. | | |
| 10,1 | 1,10 | 403 969 | 38 120 173 | 1,05 | 366 876 | 35 000 830 | . . . . . . . . . Preußen — פרייסן |
| — 10.8 | 0,67 | 49 145 | 7 379 594 | 0,80 | 55 117 | 6 882 237 | . . . . . . . . . . Bayern — בייערן |
| 32,2 | 0,40 | 23 252 | 4 992 320 | 0,40 | 17 585 | 4 806 661 | . . . . . . . . . . Sachsen — זאַקסן |
| — 9,6 | 0,42 | 10 827 | 2 580 235 | 0,49 | 11 982 | 2 437 574 | . . . . Württemberg — ווירטעמבערג |
| — 7,1 | 1,04 | 24 064 | 2 312 462 | 1,21 | 25 896 | 2 142 833 | . . . . . . . . . . . Baden — באַדן |
| — 5,7 | 0,22 | 3 603 | 1 609 300 | 0,25 | 3 820 | 1 510 538 | . . . . . . . Thüringen — טירינגען |
| — 15,2 | 1,52 | 20 401 | 1 347 279 | 1,88 | 24 063 | 1 382 051 | . . . . . . . . . . Hessen — העסן |
| 2,2 | 1,73 | 19 904 | 1 152 523 | 1,92 | 19 472 | 1 014 664 | . . . . . . . . Hamburg — האמבורג |
| — 13,3 | 0,18 | 1 225 | 674 045 | 0,22 | 1 413 | 639 958 | Mecklenb.Schwerin/מעקלענבורג שווערין |
| — 0,8 | 0,28 | 1 513 | 545 172 | 0,31 | 1 525 | 483 042 | . . . . . . Oldenburg — אָלדענבורג |
| — 0,2 | 0,35 | 1 753 | 501 875 | 0,40 | 1 757 | 494 339 | . . . . . Braunschweig — ברוינשווייג |
| — 17,6 | 0,32 | 1 140 | 351 045 | 0,42 | 1 383 | 331 128 | . . . . . . . . . . Anhalt — אַנהאַלט |
| — 18,2 | 0,40 | 1 508 | 388 846 | 0,60 | 1 843 | 299 552 | . . . . . . . . . . Bremen — ברעמען |
| — 22 2 | 0,37 | 607 | 163 648 | 0,52 | 780 | 150 937 | . . . . . . . . . . . Lippe — ליפּע |
| 1,0 | 0,49 | 629 | 127 971 | 0,54 | 623 | 116 599 | . . . . . . . . . . Lübeck — ליבעק |
| —28,3 | 0,16 | 182 | 110 629 | 0,24 | 254 | 106 442 | . Meckl. Streliz—מעקלענבורג שטרעליץ |
| — 5,4 | 0,80 | 477 | 55 816 | 0,95 | 501 | 52 358 | . . . . . . . . . Waldeck — וואַלדעק |
| — 21,7 | 0,37 | 180 | 48 046 | 0,49 | 230 | 46 652 | . Schaumburg Lippe — שוימבורג ליפּע |
| **5,5** | **0,9** | **564 379** | **62 410 619** | **0,09** | **535 122** | **57 798 369** | . **Insgesamt — צוזאמע׳** |

די ניט־אידישע באַפעלקערונג, פאַרקערט, גיט אומעטום אַ צוּוואַקס.

דער פראָצענט אידן איז דעריבער אומעטום, חוץ פרייסן און זאַקסן, געפאַלן.

די ירידה פון דער צאָל אידן אין די גרעסערע אידישע קבוצים, ווי די בייערישע און העסישע, איז אַרויסגערופן פונם נעגאַטיוון באַלאַנס פון דער נאַטירליכער באַפעלקערונג־באַוועגונג, פון שמד און געמישטע חתונות און דער עיקר פון אָפּוואַנדערונג אין די פרייסישע געביטן, הויפּטזאַכליך אָבער קיין בערלין. אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן אין דעם פּרט פאַר־מאָגן מיר וועגן העסן.

די סטאַטיסטישע צענטראַלע פון העסן שטעלט צונויף פאָלגנדיגן חשבון פון דער העסישער באַפעלקערונג פאַר דער צייט פון 1־טן דעצעמבער 1910 ביזן 16־טן יוני 1925:

Die Entwicklung der jüdischen Bevölkerung in Hessen 1910—1925

| | בכלל Ges.-Bev. | אידן Israeliten |
|---|---|---|
| 1. צאָל איינוואוינער צום I. XII. 1910. . Bev.Stand am I. XII. 1910 . . . . . | 1 282 051 | 24 063 |
| 2. געבוירן — Lebendgeborene . . . . | 389 225 | 4 423 |
| 3. געשטאָרבן — Sterbefälle . . . . . | 289 903 | 5 002 |
| 4. געבורטן־עודף — Geburtenüberschuß | 99 321 | — 579 |
| 5. דעם 16 יוני האָבן באדארפט זיין Soll-Bev.-Stand am 16.VI.1925 | 1 381 372 | 23 484 |
| 6. די פאקטישע צאָל איינוואוינער Wirklicher Bev.-Stand . . . . . . . . | 1 347 280 | 20 401 |
| 7. פעלט — Demnach Verlust . . . . . | — 34 092 | —3 083 |

פון די 3662 נפשות, וואס דער העסישער אידישער קיבוץ האט אנגעוואוירן אין משך פון די 15 יאר, פאלן אויס אויף דעם שטאטבליבקייט־עירף בלויז 579 ד.ה. נאר 15,8 פראצענט. דעם גרעסטן טייל פונם רעשט האט אפגענומען די איבערוואנדערונג — פריער פון אלץ קיין בערלין.

אין פריסן, וואו די אידישע באפעלקערונג האט געהאט א צוואוקס פון 10 פראצענט, זיינען אויך פאראן גאנצע פראווינצן, וואו די צאל אידן האט זיך פארקלענערט. דאס זיינען די פראווינצן: מזרח־פרייסן, פאמערן, דער גרעניץ־געביט פויזן—מערב־פרייסן און די פראווינץ האנאווער.

Tab. — II — טאב.

## די אנטוויקלונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין פארשיידענע פרייסישע פראווינצן

### Die Entwicklung der jüdischen Bevölkerung in den einzelnen Provinzen Preußens

| 1925 | | | 1910 | | | Provinzen — פראווינץ |
|---|---|---|---|---|---|---|
| פון דעם אידן davon Israeliten | | די גאנצע באפעלקערונג Gesamt Bevölkerung | פון דעם אידן davon Israeliten | | די גאנצע באפעלקערונג Gesamt Bevölkerung | |
| ‰ | abs. | | ‰ | abs. | | |
| 5,02 | 11 337 | 2 256 349 | 5,93 | 12 715 | 2 147 342 | . . . . . . . . Ostpreußen — מזרח־פרייסן |
| 3,26 | 8 442 | 2 592 419 | 3,02 | 7 349 | 2 429 615 | . . . . . . . Brandenburg — בראנדענבורג |
| 42,91 | 172 672 | 4 024 165 | 38,56 | 144 007 | 3 734 258 | . . . . . . . Stadt Berlin — שטאט בערלין |
| 4,13 | 7 761 | 1 878 781 | 5,16 | 8 862 | 1 718 934 | . . . . . . . . . . Pommern — פאמערן |
| 10,34 | 3 437 | 332 485 | 12,37 | 3 835 | 310 114 | Grenzmark-Posen-Westpreußen — פויזן—מערב־פרייסן |
| 9,56 | 29 953 | 3 132 328 | 8,91 | 26 654 | 2 991 670 | . . . . . . . Niederschlesien — נידערשלעזיע |
| 7,30 | 10 069 | 1 377 278 | 7,66 | 9 700 | 1 267 028 | . . . . . . . Oberschlesien — אויבערשלעזיע |
| 2,55 | 8 341 | 3 278 476 | 2,54 | 7 833 | 3 089 275 | . . . . . . . . . . . Sachsen — זאקסן |
| 7,73 | 4 152 | 1 519 365 | 2,28 | 3 311 | 1 454 656 | . . . . Schleswig-Holstein — שלעזוויג־האלשטיין |
| 4,67 | 14 895 | 3 190 619 | 5,28 | 15 596 | 2 991 862 | . . . . . . . . . . Hannover — האנאווער |
| 4,49 | 21 595 | 4 811 219 | 5,10 | 20 935 | 4 109 675 | . . . . . . . . . Westfallen — וועסטפאלן |
| 22,01 | 52 775 | 2 396 871 | 23,31 | 51 781 | 2 221 021 | . . . . . . . . Hessen Nassau — העסן־נאסוי |
| 8,02 | 58 223 | 7 256 978 | 8,29 | 53 889 | 6 504 369 | . Rheinprovinz (ohne Saargebiet) — רהיין־פראווינץ |
| 4,66 | 335 | 71 840 | 5,70 | 405 | 71 011 | . . . . . . Hohenzollern-Lande — האהענצאלערן |
| **10,60** | **403 969** | **38 120 173** | **10,48** | **366 876** | **35 000 830** | . . . . . . . **Preußen — בכלל** |

צווישן די פראווינצן, וואו די אידישע באפעלקערונג איז איינגעוואקסן, האבן דעם אבסאלוט העכסטן צוואקס געהאט די רהיין־פראווינץ (פון 53889 אויף 58223) און נאך מער די שטאט בערלין, וועלכע רעכנט זיך פאר א זעלבשטענדיגער אדמיניסטראטיווער איינהייט. פון 144.007 אין יאר 1910 איז די צאל אידישע איינוואוינער פון אזוי גערופענעם גרויס־בערלין, ד. ה. פון אלט־בערלין און אלע זיינע נייע טיילן — שארלאטענבורג, שענעבערג א. א. וו. — אויסגעוואקסן ביז 172.672.

דער צוואקס אין פריסן איז איינגאנצן געגאנגען לטובת דער שטאטישער אידישער באפעלקערונג: בשעת דאס גאנצע פרייסישע אידנטום האט זיך פארגרעסערט אויף 37.093, איז די צאל אידישע איינוואוינער אין די שטעט מיט העכער הונדערט טויזנט איינוואוינער אויסגעוואקסן אויף 44.555 נפשות — פון 249.875 ביז 294.430. אין די שטעט מיט ווייניגער פון 100.000 איינוואוינער און אין די דערפער האט די אידישע באפעלקערונג אלזא אנטוואוירן 7.462 נפשות פון איר באשטאנד אין 1910.

דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין שטעט מיט העכער 100.000 איינוואוינער איז צו זעהען פון טאב. IV.

צווישן די שטעט, וואו די צאל אידישע איינוואוינער איז געפאלן, געפינען זיך קעניגסבערג, האלע, אאכען און קרעפעלד.

Tab. — III — טאב.

## די צאל אידן אין קעניגסבערג, האלע, אאכען און קרעפעלד 1910 און 1925

### Abnahme der jüd. Bev. in Königsberg, Halle, Aachen u. Krefeld

| 1925 | | | 1910 | | | Stadt — שטאט |
|---|---|---|---|---|---|---|
| פון דעם אידן davon Juden | | די גאנצע באפעלקערונג Ges.-Bevölk. | פון דעם אידן davon Juden | | די גאנצע באפעלקערונג Ges.-Bevölk. | |
| ‰ | abs. | | ‰ | abs. | | |
| 14,46 | 4 049 | 279 926 | 18,56 | 4 565 | 245 994 | . . . . . Königsberg — קעניגסבערג |
| 6,35 | 1 236 | 194 575 | 7,72 | 1 397 | 180 843 | . . . . . . . . . . . Halle — האלע |
| 9,11 | 1 420 | 155 816 | 9,98 | 1 565 | 156 824 | . . . . . . . . . . Aachen — אאכען |
| 12,40 | 1 626 | 131 098 | 14,03 | 1 815 | 129 406 | . . . . . . . . . Krefeld — קרעפעלד |

Tab. — IV — טאבּ

## די צאל אידן אין די שטעט פון דייטשלאנד מיט העכער הונדערט טויזנט איינוואוינער
## Die Zahl der Juden in den deutschen Städten mit über 100 000 Einwohnern

| 1925 | | | 1910 | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| פון דעם אידן davon Israeliten | | די גאנצע באַפעלקערונג | פון דעם אידן davon Israeliten | | די גאנצע באַפעלקערונג | Stadt — שטאט |
| ‰ | abs. | Ges. Bevölk. | ‰ | abs. | Ges. Bevölk. | |
| 42,91 | 172 672 | 4 024 165 | 38,56 | 144 007 | 3 734 258 | Berlin — בערלין |
| 22,98 | 16 093 | 700 222 | 20,65 | 12 393 | 600 291 | Köln — קעלן |
| 41,71 | 23 240 | 557 139 | 39,25 | 20 212 | 514 979 | Breslau — ברעסלוי |
| 62,85 | 29 385 | 467 520 | 63,26 | 26 228 | 414 576 | Frankfurt a. M. — פראנקפורט אַם מאַין |
| 8,95 | 4 209 | 470 524 | 7,18 | 2 944 | 410 214 | Essen — עסן |
| 13,06 | 5 521 | 422 745 | 14,11 | 5 386 | 381 678 | Hannover — האנאָווער |
| 11,86 | 5 130 | 432 633 | 11,11 | 3 985 | 358 728 | Düsseldorf — דיסלדאָרף |
| 8,01 | 2 356 | 293 959 | 6,59 | 1 843 | 279 629 | Magdeburg — מאַגדעבורג |
| 11,87 | 3 820 | 321 743 | 10,93 | 2 830 | 258 962 | Dortmund — דאָרטמונד |
| 14,46 | 4 049 | 279 926 | 18,56 | 4 565 | 245 994 | Königsberg — קעניגסבערג |
| 16,06 | 2 750 | 171 234 | 17,46 | 2 675 | 153 196 | Kassel — קאַסעל |
| 30,06 | 3 088 | 102 737 | 25,17 | 2 744 | 109 002 | Wiesbaden — וויסבאדן |
| 13,93 | 2 335 | 167 577 | 11,28 | 1 919 | 170 195 | Elberfeld — עלבערפעלד |

אין אַלגעמיין לעבּן אין 1925־טן יאָר אין שטעט מיט העכער הונדערט טויזנט איינוואוינער 72,9 פּראָצענט פון גאַנצן פּרייסישן אידנטום. אין 1910־טן יאָר האָט דער אַנטשפּרעכנדיגער פּראָצענט געהאַלטן בּאַ 68,1. פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג אין פּרייסן האָבּן דאָ געוואוינט: אין 1910־טן יאָר 28,6 פּראָצענט און אין 1925־טן יאָר 28,8 פּראָצענט. אין איין בּערלין ווינען אין 1925־טן יאָר געווען קאָנצענטרירט 42,7 פּראָצענט פון גאַנצן פּרייסישן אָדער 30,6 פּראָצענט פון גאַנצן דייטשן אידנטום. אין 1910־טן יאָר האָט דאָס איצטיגע גרויס־בּערלין פאַרמאָגט 39,3 פּראָצענט פון פּרייסישן אָדער 26,9 פּראָצענט פון גאַנצן דייטשן אידנטום. פון דער גאַנצער ניט־אידישער באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד האָבּן געוואוינט אין בּערלין אין 1925־טן יאָר נאָר 10,2 פּראָצענט און אין 1910־טן יאָר 10,4 פּראָצענט.

Tab. — V — טאבּ

### די צאל אידן אין די באזונדערע טיילן פון בערלין
### Zahl der jüd. Bev. in den einzelnen Teilen Berlins

| פון דעם אידן davon Israeliten | | די גאנצע באפעלק. Gesamt-bevölk. | Stadtteil — שטאט־טייל |
|---|---|---|---|
| 0/0 | abs. | | |
| 4,4 | 87 262 | 1 971 118 | I. אלט־בערלין—Alt-Berlin |
| 4,2 | 85 410 | 2 053 047 | II. נײַ־בערלין—Neu-Berlin |
| 8,9 | 30 553 | 345 139 | שאַרלאָטענבורג/Charlottenbg. |
| 13,0 | 22 704 | 174 884 | ווילמערסדאָרף — Wilmersdorf |
| 7,1 | 17 785 | 231 664 | שענעבערג — Schöneberg |
| 1,1 | 14 368 | 1 301 360 | אנדערע טיילן—Sonstige |
| 4,3 | 172 672 | 4 024 165 | I-II. גרויס־בערלין—Groß-Berlin |

די פאַרטיילונג צווישן אַלט־ און נײַ־בּערלין איז בּאַ דער אידישער באַפעלקערונג כמעט די זעלבּע ווי בּאַ דער ניט־אידי־שער — ד. ה. כמעט האַלבּ אויף האַלבּ. אין נײַ־בּערלין גופא איז די פאַרטיילונג צווישן די באַזונדערע שטאָט־טיילן גאַנץ פאַרשידן: אין די דריי טיילן — שאַרלאָטענבּורג, ווילמערסדאָרף און שענעבּערג קאָנצענטרירן זיך 83,2 פּראָצענט פון אַלע אידן אין נײַ־בּערלין און נאָר 36,6 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. דעריבּער איז דאָ דער פּראָצענט אידישע איינוואוינער באַדייטנדיג העכער ווי אין דורכשניט.

פון די ניט־פּרייסישע שטעט איז לייפּציג די איינציגע, וואָס קאָן פאַרצייכענען אַ באַדייטנדיגן צוואַקס פון איר אידישער איינוואוינערשאַפט. אין 1910־טן יאָר האָט די לעצטע באַטראָפן 9532 נפשות, אין 1925 זעהען מיר שוין אין לייפּציג 12594 אידן, ד. ה. אויף 32,1 פּראָצענט מער. לגבּי דער אַלגעמיינער צאָל איינוואוינער האָבּן די אידן דאָ אויסגעמאַכט: אין 1910־טן יאָר 1,5 פּראָצענט (פון 644644 נפשות), אין 1925־טן יאָר — 1,8 פּראָצענט (פון 679159 נפשות).

די צאָל אידישע איינוואוינער אין כעמניץ, אין דער צווייטער שטאָט פון זאַקסן, וואוהין ס'איז די לעצטע יאָרן געגאַנגען אַ איינוואַנדערונג פון מזרח־אייראָפּייאישע אידן, האָט באַטראָפן: אין 1910־טן יאָר 1607 נפשות, ד. ה. 0,5 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער איינוואוינערשאַפט (301295 נפשות), און אין 1925־טן יאָר — 2796 נפשות אָדער 0,8 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג (331.655 נפשות).

אין דרעזדן האָט די צאָל אידן דערגרייכט: אין 1910־טן יאָר בּיז 3865 נפשות (די גאַנצע באַפעלקערונג 608841 נפשות), אין 1925־טן יאָר — 5120 נפשות (בּאַ אַן אַלגעמיינער צאָל פון 619.157 איינוואוינער).

* קוועלן: Statistische Korrespondenz des Preuss. Stat. Landesamts No. 18. 1927-Berlin; Wirtschaft und Statistik-herausg. vom Statistischen Reichsamt. Berlin, 1927; Statistisches Taschenbuch der Stadt Berlin 1927; Mitteilungen der hessischen Zentrale für die Landes-Statistik, Darmstadt 1927. Zeitschrift des Sächsischen Statistischen Landesamts. Jhg. 72 u. 73. 1926 u. 1927.

## די רעזולטאטן פון דער פאלק־ציילונג אין לעטלאנד 1925
## Ergebnisse der Volkszählung in Lettland 1925

די פאָלגנדיגע טאַבעלע גיט דעם נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג אין לעטלאַנד לויט די פאָלק־ציילונגען פון 1920 און 1926־טן יאָר.

Tab. — I — טאב.

**נאציאנאלער באשטאנד פון דער באפעלקערונג אין לעטלאנד**
**Nationale Zusammensetzung der Bevölkerung Lettlands**

| 1925 % | 1925 abs. | 1920 % | 1920 abs. | Nationalität — נאַציע |
|---|---|---|---|---|
| 5,2 | 95 675 | 5,0 | 79 644 | . . . . . Juden — אידן |
| 73,4 | 1 354 126 | 72,8 | 1 161 404 | . . . . Letten — לעטן |
| 12,6 | 231 658 | 12,6 | 200 376 | . . . . Russen — רוסן |
| 3,8 | 70 964 | 3,6 | 58 113 | . . Deutsche — דייטשן |
| 5,0 | 92 382 | 6,0 | 96 594 | . Sonstige — אנדערע |
| 100,0 | 1 844 805 | 100'0 | 1 596 131 | Insges. — צוזאמען |

דער צוואַקס פאַר די פינף יאָר — אַ רעזולטאַט הויפּטזאַכליך פון דער רעפּאַטריאַציע פון די אַנטלאָפענע און אַרויסגעשיקטע בעת דער וועלט־מלחמה — האָט באַטראָפן: באַ אידן — 20,1 פּראָצענט, באַ די לעטן — 16,6, באַ די דייטשן — 22,1, באַ די רוסן (גרויס־ און ווייסרוסן) — 15,6 פּראָצענט.

אַ פאַרגלייך פון די לעצטע צוויי פאָלק־ציילונגען מיט 1897 לאָזט זיך דורכפירן נאָר פאַר 17 דיסטריקטן פון היינטיגן לעטלאַנד. ווי די סטאַטיסטישע פאַרוואַלטונג פון לעטלאַנד גיט אָן, האָבן אויף דער טעריטאָריע פון אַט די 17 דיסטריקטן געוואוינט:

Tab. — II — טאב.

**אנטוויקלונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין לעטלאנד**
**Die Entwicklung der jüdischen und nichtjüdischen Bevölkerung in Lettland**

| 1925 | 1920 | 1897 | Nationalität — נאַציע |
|---|---|---|---|
| 95 474 | 79 368 | 142 315 | . . . . . Juden — אידן |
| 1 350 706 | 1 159 396 | 1 318 112 | . . . . Letten — לעטן |
| 182 216 | 157 671 | 232 204 | . . . . Russen — רוסן |
| 161 538 | 151 621 | 236 756 | . . . Sonstige — אנדערע |
| 1 796 934 | 1 548 056 | 1 929 387 | . Zus. — צוזאמען |

די איינציגע גרופּע, וואָס האָט פון 1920 ביז 1926 דערגרייכט איר צאָל פון 1897־טן יאָר און אַפילו זי איבערגעוואַקסן — אויף 2,3 פּראָצענט — איז די לעטישע. די אידישע באַפעלקערונג איז נאָך אַליץ ניט געקומען צו זיך און ציילט מיט 32,9 פּראָצענט נפשות ווייניגער ווי אין 1897 יאָר, בשעת די צאָל ניט־אידישע נפשות (אַריינגערעכנט אויך די לעטן) איז בלויז אויף 5,1 פּראָצענט נידעריגער ווי אין 1897. דער פּראָצענט אידן איז פון 7,4 אין 1897־טן יאָר געפאַלן ביז 5,2.

די פאַרטיילונג פון דער לעטלענדישער באַפעלקערונג לויט באַזונדערע געגנטן אין 1920 און 1925 גיט טאַבעלע III.

Tab. — III — טאב.

**די פארטיילונג פון דער לעטלענדישער באפעלקערונג לויט באזונדערע געגנטי**
**Zahl und relative Stärke der jüd. Bev. in den einzelnen Teilen Lettlands**

| 1925 Juden — אידן % | 1925 Juden — אידן abs. | 1925 די גאנצע באפעלק. Ges.-Bevölkerung | 1920 Juden — אידן % | 1920 Juden — אידן abs. | 1920 די גאנצע באפעלק. Ges.-Bevölkerung | Landteil — געגנט |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 5,9 | 31 760 | 539 682 | 6,1 | 30 331 | 497 350 | . . . . . Lettgallen — לעטגאלן |
| 5,6 | 41 358 | 737 489 | 4,9 | 29 090 | 594 017 | . . . . . Livland — ליפלאנד |
| 5,0 | 14 911 | 298 422 | 5,1 | 14 396 | 282 453 | . . . . . Kurland — קורלאנד |
| 2.8 | 7 646 | 269 212 | 2,6 | 5 827 | 222 311 | . . . . . Semgallen — זעמגאלן |
| 5,2 | 95 675 | 1 844 805 | 5,0 | 79 644 | 1 596 131 | . Zusammen — צוזאמען |

43,2 פּראָצענט פונם לעטלענדישן אידנטום לעבט אין ליפלאַנד; 33,2 פּראָצענט — אין לאַטגאַלן; 15,6 פּראָצענט — אין קורלאַנד; דער רעשט פון 8,0% געפינט זיך אין זעמגאַלן. דער צוואַקס, וואָס די אידישע באַפעלקערונג פון לעטלאַנד האָט געהאַט פאַר די פינף יאָר, איז געגאַנגען כמעט אינגאַנצן אויף ליפלאַנד, ריכטיגער אויף דער שטאָט ריגע, וואו סע געפינט זיך 95,4 פּראָצענט פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין אָט דער געגנט.

פון 24.791 אין 1920־טן יאָר איז די צאָל אידן אין ריגע אויסגעוואַקסן ביז 39.459 אין 1925־טן, ד.ה. אויף 59,6 פּראָצענט. די צאָל אידן אין דער ליפלענדישער פּראָווינץ איז פון 4228 געפאַלן ביז 1899, ד.ה. אויף 55,1 פּראָצענט. ריגע איז אַלזאָ געוואַקסן ניט נאָר פון דער רעפּאַטריאַציע נאָך אויך אויפן חשבון פון דער פּראָווינץ.

די ענדערונגען אין דער צאָל און אין באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג אין ריגע פון 1897 ביז 1926 זעהט מען פון טאַב. IV.

Tab. — IV — טאַב.

## דער נאַציאָנאַלער באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג אין ריגע
## 1897—1925
## Die nationale Zusammensetzung der Bevölkerung in Riga

| 1925 % | 1925 abs. | 1920 % | 1920 abs. | 1913 % | 1913 abs. | 1897 % | 1897 abs. | Nationalität — נאַציע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 11,7 | 39 459 | 13,6 | 24 721 | 6,6 | 33 569 | 6,0 | 16 922 | . . . . . Juden — אידן |
| 58,8 | 198 736 | 54,9 | 99 580 | 41,4 | 209 888 | 45,0 | 127 046 | . . . . . . . Letten — לעטן |
| 13,0 | 43 792 | 15,7 | 28 571 | 13,5 | 68 728 | 23,8 | 67 286 | . . . . . . Deutsche — דײַטשן |
| 8,7 | 29 235 | 6,7 | 12 125 | 19,5 | 98 891 | 16,0 | 45 182 | . . . . . . . Russen — רוסן |
| 7,8 | 26 477 | 9,1 | 16 446 | 19,0 | 96 559 | 9,2 | 25 794 | . . . . . . Sonstige — אַנדערע |
| 100,0 | 337 699 | 100,0 | 181 443 | 100,0 | 507 635 | 100,0 | 282 230 | Zusammen — צוזאַמען |

אין 1925־טן יאָר האָט ריגע שוין כמעט די זעלבע צאָל אידן ווי אין 1913־טן יאָר (די אָפיציעלע ציפער פאַר דער אידישער באַפעלקערונג אין 1897 און 1913 איז נידעריגער פון דער אמתער צאָל אידן, ווײַל אידן האָבן ניט געהאַט קיין וואוין־רעכט אין ריגע. — י. ק.) די ניט־אידישע באַפעלקערונג שטייט נאָך אָפּ פון 1913־טן יאָר אויף 37,1 פּראָצענט. אַ דאַנק דעם האָט זיך דער פּראָצענט אידן פאַרגרעסערט און איז כמעט צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי אין 1913־טן יאָר (11,7 געגן 6,6). דער פּראָצענטועלער אָנטייל פון די רוסן איז פאַר דער זעלבער צייט געפאַלן פון 19,5 ביז 8,7; דער אָנטייל פון די אַנדערע — פון 19,0 ביז 7,8 פּראָצענט; אויסגעוואַקסן, אָבער שוואַכער ווי בײַ אידן, איז דער פּראָצענט לעטן: פון 41,4 אין 1913־טן יאָר ביז 58,8 אין 1925־טן יאָר. די דײַטשן זײַנען געבליבן בײַ די זעלבע פּאָזיציעס ווי אין 1913־טן יאָר.

לויט זייער אַבסאָלוטער צאָל שטייען איצט די אידן אין ריגע אויפן דריטן אָרט.

אין ליבוי און דווינסק — נאָך ריגע די צוויי גרעסטע שטעט פון לעטלאַנד — איז די אידישע באַפעלקערונג געבליבן כמעט אויף דער זעלבער הויך ווי אין 1920־טן יאָר, בשעת די ניט־אידישע באַפעלקערונג קאָן דאָ פאַרצייכענען אַ גאַנץ באַדייטנדיגן צוואַקס. ס׳זײַנען געווען איינוואוינער אין:

| | אידישע 1920 | אידישע 1925 | ניט־אידישע 1920 | ניט־אידישע 1925 | צוואַקס בײַ אידן | צוואַקס בײַ ניט־איד |
|---|---|---|---|---|---|---|
| דווינסק . . . | 11 838 | 12 657 | 17 165 | 25 983 | 6,9 | 51,4 |
| ליבוי . . . . | 9 788 | 9 851 | 41 795 | 50 911 | 0,7 | 21,8 |

אין אַ סך שטעט און שטעטלאַך איז די צאָל אידישע איינוואוינער אַפילו געפאַלן. געפאַלן איז אויך די צאָל אידן אין די דאָרפישע ישובים. פון 7605 אין 1920 איז אין 1925־טן יאָר געבליבן אין די דערפער נאָר 7302 אידן, ד.ה. ווייניגער מיט 4,0 פּראָצענט.

אין די שטעט און שטעטלאַך פון לעטלאַנד האָבן אין 1925־טן יאָר געלעבט 88.373 אידישע נפשות, אָדער 92,4 פּראָצענט פון גאַנצן לעטלענדישן אידנטום. בײַ דער דײַטשער באַפעלקערונג האָט דער פּראָצענט שטאָטישע איינוואוינער באַטראָפן 82,7, בײַ דער לעטישער באַפעלקערונג — 28,3 און בײַ דער רוסישער — 22,5.

אין טאַבעלע V (זייט 234) ווערן געבראַכט די דאַטן מכח דעם עלטער־צוזאַמענשטעל פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ריגע. מיר שטעלן דאָ געגנאַנאַנדער דרײַ פאָלק־ציילונגען: 1881, 1897 און די לעצטע פאָלק־ציילונג פון 1925, ווען די פאַרהעלטנישן אין דער ריגער באַפעלקערונג האָבן זיך שוין כמעט אינגאַנצן סטאַביליזירט. מיר קאָנען אַלזאָ פאַרפאָלגן די ענדערונגען אין דעם עלטער־צוזאַמענשטעל פון דער באַפעלקערונג אין ריגע אין אַ משך פון כמעט אַ האַלבן יאָר־הונדערט.

1881 איז דער עלטער־אויפבוי פון דער אידישער באַפעלקערונג נאָך נאָרמאַל: די אינגסטע עלטער־גרופּע — פון 0 ביז 9 — איז די ברייטסטע, און וואָס העכער די גרופּעס ליגן, אַלץ שמאָלער זײַנען זיי. אין 1897־טן יאָר ווערט שוין די גרופּע 0 ביז 9־יאָריגע שמעלער פון דער גרופּע 10 ביז 19־יאָריגע. דאָס ווייטערדיגע פאַלן פון דער געבורטליכקייט פירט דערצו, אַז אין 1925 איז די אינגסטע קינדער־גרופּע שוין אויף אַ גאַנץ דריטל קלענער פון דער יוגנטליכער גרופּע 10 ביז 19. פון 1881 ביז 1925 איז דער פּראָצענט קינדער בײַ אידן געפאַלן כמעט אויף אַ גאַנצער העלפט, פון 1897 ביז 1925—אויף אַ דריטל. דערפאַר זײַנען איצט די מיטלדיגע און עלטערע גרופּעס באַדייטנדיג שטאַרקער באַזעצט איידער אין די פריערדיגע יאָרן.

בײַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג איז דער פּראָצענט קינדער ביז 9 יאָר פאַר דער צייט פון 1881 ביז 1925 אויך געפאַלן אויף אַ העלפט. פון 1897 ביז 1925 איז דער גראַד פון פאַלן בײַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג שטאַרקער ווי בײַ אידן.

די גרופּע ביז 19 יאָר איז אויך אין 1925 בײַ אידן העכער ווי בײַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. בײַ די ווייטערדיגע גרופּעס איז דער איבערגעוויכט אויף דער ניט־אידישער זייט. דאָס הייסט, אַז אויך איצט זײַנען די שטאַרבליכקייט־פאַרהעלטנישן בײַ דער אידישער קינדער־באַפעלקערונג גינציגער ווי בײַ דער ניט־אידישער.

Tab. — V — טאַב.

## עלטער־צוזאַמענשטעל פון דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג אין ריגע
**Altersaufbau der jüdischen und nichtjüdischen Bevölkerung in Riga**

| Nichtjuden — ניט־אידישע באַפעלק. | | | | Jüd. Bevölk. — אידישע באַפעלקערונג | | | | עלטער־גרופּע Altersklasse |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1881 | 1897 | 1925 | | 1881 | 1897 | 1925 | | |
| | | % | abs. | | | % | abs. | |
| 19,1 | 17,5 | 10,5 | 31 488 | 28,0 | 21,8 | 14,9 | 5 872 | 0 — 9 |
| 16,7 | 17,1 | 15,9 | 47 430 | 25,0 | 28,2 | 21,6 | 8 527 | 10 — 19 |
| 20,8 | 22,3 | 20,4 | 60,818 | 17,2 | 19,3 | 19,2 | 7 569 | 20 — 29 |
| 15,5 | 16,3 | 16,5 | 49,047 | 11,9 | 10,0 | 14,5 | 5 713 | 30 — 39 |
| 11,8 | 11,0 | 15.1 | 45 034 | 8,6 | 9,1 | 12,7 | 5 025 | 40 — 49 |
| 8,4 | 7,6 | 11,3 | 33,666 | 5,5 | 6,1 | 8,9 | 3 503 | 50 — 59 |
| 5,1 | 5,1 | 6,8 | 20 193 | 2,9 | 3,7 | 5,1 | 2 009 | 60 — 69 |
| 2,5 | 3,0 | 3,3 | 9 799 | 0,8 | 1,7 | 2,7 | 1 080 | 70 — |
| 0,1 | 0,1 | 0,2 | 764 | 0,1 | 0,1 | 0,4 | 161 | unbekannt — אומבאַקאַנט |
| 100,0 | 100,0 | 100,0 | 298,240 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 39 459 | Zusammen — צוזאַמען |

Quellen: [1]) Latvijas Statistika Gada Gramata. 1926-27. Riga; [2]) Statistisches Jahrbuch der Stadt Riga 1926; [3]) Ergebnisse der Volkszählung in Lettland 1925 — Riga 1927.

## די אנטוויקלונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אונגאַרן 1910 ביז 1926
**Zahl und Gliederung der jüdischen Bevölkerung in Ungarn**

דער נייעסטער יאָרבוך פונם אונגאַרישן סטאַטיסטישן אַמט Annuaire Statistique Hongrois. Noveau Cours. XXXI,XXXII,XXXIII (1923, 1924, 1925. Budapest. 1927) ברענגט צום ערשטן מאָל ידיעות וועגן דער צאָל אידן אין 1910־טן יאָר אויף דער טערי־טאָריע פון אונגאַרן אין זיינע איצטיקע גרעניצן.

די באַפעלקערונג פון אונגאַרן אין זיינע איצטיקע גרעניצן האָט באַטראָפן:

Tab. — I — טאַב.

**פאַרטיילונג פון דער באַפעלק. אין אונגאַרן לויט דער אמונה**

Stärke der verschiedenen Konfessionsgruppen in Ungarn

| 1920 | | 1910 | | Konfession — אמונה |
|---|---|---|---|---|
| °/o | abs. | °/o | abs. | |
| 5,9 | 473310 | 6,2 | 471355 | . . . . . . . Israeliten — אידן |
| 63,9 | 5096729 | 62,8 | 4778421 | . Röm.-Kathol. — רוימ.־קאַטוילישע |
| 2,2 | 175247 | 2,2 | 165238 | . Griech.-Kathol. גריכ.־קאַטוילישע |
| 21,0 | 1670144 | 21,4 | 1632273 | . . . . Calvinisten — קאַלוויניסטן |
| 6,2 | 497012 | 6,4 | 485036 | . . . . Lutheraner — לוטעראַנער |
| | | | | . . . . . . . Sonstige — אנדערע |
| 100,0 | 7980143 | 100 0 | 7606971 | . . . Zus. — צוזאַמען |

קאַנטע צוויי דריטל (61,1 פּראָצענט) פון גאַנצן אונגאַרישן אידנטום וואוינט אין די געביטן צווישן דונאַי און טישאַ. פון זיי וואוינען אין דער שטאָט בודאַפּעשט 215.000 נפשות, ד.ה. 45,4 פּראָצענט פון גאַנצן אונגאַרישן אידנטום.

דעם אַנטייל פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג ביים אונגאַרישן אידנטום ווייזט פאָלגנדיקע טאַבעלע:

Tab. — II — טאַב.

**פאַרטיילונג פון דער באַפעלק. אין אונגאַרן לויט באַזונדערע טיפּן וואוין־ערטער**

Gliederung der Bev. Ungarns nach Wohnortstypen

| Andere — ניט־אידן | | Juden — אידן | | וואוין־אָרט Wohnort |
|---|---|---|---|---|
| % | abs. | % | abs. | |
| 83,1 | 6 237 564 | 44,1 | 208 955 | Komitaten — קאָמיטאַטן |
| 16,9 | 1 269 269 | 55,9 | 264 355 | מוניציפּאַל־שטעט — . Municip. Städte |
| 100,0 | 7 506 833 | 100,0 | 473 310 | . . Zus. — צוז. |

פון די ניט־אידן וואוינען אין די מוניציפּאַל־שטעט נאָר אַ זעקסטל, פון דער אידישער באַפעלקערונג — העכער אַ העלפט. די אידן מאַכן דאָ אויס 17,2 פּראָצענט, ד.ה. דריי מאָל אַזוי פיל ווי לגבי דער באַפעלקערונג פון גאַנצן לאַנד. אין די קאָ־מיטאַטן באַטרעפט דער פּראָצענט פון דער אידישער באַפעל־קערונג 3,2.

דער אָפיציעלער סטאַטיסטישער אָרגאַן פון אונגאַרן ברייננגט פאָלגנדיגע ידיעות וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער באַפעלקערונג פון לאַנד די יאָרן פון 1921 ביז 1926 (Dr. Béla Szabó: Mouvement de la population de la Hongrie en 1926.- Magyar Statisztikai Szemle N. 10. 1927):

Entwicklung der jüd. Bev. in Ungarn 1921 — 1926

| Jahr — יאר | די גאנצע באפ. Ges. Bev. | אידישע באפ. Israeliten | % |
|---|---|---|---|
| 1921 . . . . . . | 8 065 537 | 474 306 | 5,9 |
| 1922 . . . . . . | 8 141 465 | 474 820 | 5,8 |
| 1923 . . . . . . | 8 221 149 | 475 687 | 5,8 |
| 1924 . . . . . . | 8 274 943 | 476 136 | 5,8 |
| 1925 . . . . . . | 8 368 273 | 477 003 | 5,8 |
| 1926 . . . . . . | 8 457 852 | 477 431 | 5,6 |

די אידישע באַפעלקערונג איז דאָ קאַלקולירט אויפן גרונט פון דער פאָלק־ציילונג 1920, פון דער נאַטירליכער באַפעלקע־רונג־באַוועגונג און פון דער שמד־סטאַטיסטיק.

אין 1926־טן יאָר איז די צאָל אידן אין אונגאַרן געוועזן ניט מער ווי אויף 0,9 פּראָצענט העכער ווי אין 1920־טן יאָר און ניט מער ווי אויף 1,3 פּראָצענט גרעסער ווי אין 1910־טן יאָר. די ניט־אידישע באַפעלקערונג איז פון 7.506.833 נפשות בעת דער פאָלק־ציילונג פון 1920־טן יאָר אויסגעוואַקסן ביז 7.980.421, ד. ה. אויף 6,3 פּראָצענט. דער צוּוואַקס לגבי 1910 באַטרעפט בּאַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג 11.8 פּראָצענט.

לויט אָפיציעלע סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן וואָס זיינען איצט פאַרעפנטליכט געוואָרן (Dr. Jules Mike: Le perte de sang de la Hongrie ancienne et de la Hongrie actuelle dans la guerre mondiale. — Magyar Statisztikai Szemle. Budapest. No. 7. 1927). ציילט די באַפעלקערונג פון אונגאַרן אין אירע איצטיגע גרעניצן 155.799 געהרגעטע און פאַרפאַלענע אין דער וועלט־מלחמה, 352.292 פאַרוואונדעטע און 74.860 מלחמה־אינוואַלידן. אידן זיינען פאַראַן צווישן די געהרגעטע און פאַרפאַלענע 5.116 ד.ה. 3,3 פּראָצענט, צווישן די פאַרוואונדעטע — 15.339, ד.ה. 4.4 פּראָצענט און צווישן די אינוואַלידן 3.770 אָדער 5,0 פּראָצענט.

שטעלט מען די דאָזיגע צאָלן געגן דער אַלגעמיינער צאָל מענער אין אונגאַרן אין 1910—234.971 אידן און 3.554.897 ניט־אידן (אין די היינטיגע גרעניצן) — באַקומט מען, אַז אויף יעדע 1000 מענער זיינען פאַראַן:

Auf je 1000 der männl. Bevölkerung Ungarns entfallen:

| | בא אידן Juden | בא ניט־אידן Nichtjuden |
|---|---|---|
| געהרגעטע און פארפאלענע — Tote . . | 21,8 | 42,4 |
| פארוואונדעטע — Verwundete . . . | 65,3 | 94,8 |
| אינוואלידן — Invaliden . . . . . | 16,0 | 19,9 |

די אידישע באַפעלקערונג גיט די נידעריגסטע קאָעפיציענטן. דעם גרעסטן קאָעפיציענט געהרגעטע און פאַרפאַלענע גיבן די לוטעראַנער — 46,5, דעם העכסטן קאָעפיציענט פאַרוואונדעטע געפינט מען בּאַ דער גריכיש־קאַטוילישער באַפעלקערונג — 100,7. דער הויפּט־טייל פון דער באַפעלקערונג אין אונגאַרן — די רוימיש־קאַטוילישע—האָבן צו פאַרצייכענען 42,0 געהרגעטע און פאַרפאַלענע, 94,3 פאַרוואונדעטע און 19,9 אינוואַלידן. די אידן שטייען באַגלייך מיט די סלאַוון (גריכיש־אָריענטאַלישע). בּאַ די לעצטע דריקן זיך די אַנטשפּרעכנדיגע צאָלן אויס מיט 22,7, 79,1 און 16,7.

סאיז אינטערעסאַנט, וואָס אין דער אונגאַרישער סטאַטי־סטיק געפינען מיר כמעט דאָס אייגענע בילד. ווי אין דער רוסישער (זעה: בלעטער פאַר אידישע דעמאָגראַפיע, סטאַטיסטיק און עקאָנאָמיק, נומער 4, ז. 284): אי דאָ אי דאָרט איז דער אידי־שער אָנטייל צווישן די מלחמה־קרבנות נידעריגער ווי זייער אָנטייל אין דער באַפעלקערונג. אין רוסלאַנד שטייט געגן 4,2 פּראָצענט אידן אין דער באַפעלקערונג (לויט דער פאָלק־ציילונג פון 1897) נאָר 2,8 פּראָצענט אידן צווישן די מלחמה־קרבנות; אין אונגאַרן האָבן די אידישע מענער אויסגעמאַכט 6,2 פּראָצענט פון אַלע מענער, בשעת צווישן די קרבנות געפינען מיר נאָר 4,2 פּראָצענט אידן.

## די צאל אידישע איינוואוינער אין בולגאריע 1920־ 1887
## Das Wachstum der jüdischen Bevölkerung in Bulgarien

די אידישע באַפעלקערונג פון בולגאַריע האָט לויט דער פאָלק־ציילונג פון 1920 באַטראָפן 43.232 נפשות, אויף קאַרגע אַכט פּראָצענט מער ווי בעת דער ציילונג פון 1910־טן יאָר.

Tab. — I — טאב.

**דער וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין בולגאריע**
**Die Entwicklung der jüd. Bev. in Bulgarien**

| יאר Jahr | ניט־איד. באפ. Nichtjuden | איד. באפעלק. Juden | אנטוויקל. —%— Entwickl.: בא ניט אידן der nichtjüd. Bev. | בא די אידן der jüd. Bev. |
|---|---|---|---|---|
| 1887 | 3 130 023 | 24 352 | 100 | 100 |
| 1892 | 3 282 406 | 28 307 | 105 | 116 |
| 1900 | 3 710 620 | 33 663 | 119 | 138 |
| 1905 | 3 997 919 | 37 656 | 128 | 155 |
| 1910 | 4 297 446 | 40 067 | 137 | 165 |
| 1920 | 4 803 739 | 43 232 | 154 | 178 |

אין טאַבעלע I ווערט געוויזן די אַנטוויקלונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין בולגאַריע פון 1887, דעם יאָר, ווען ס'איז פאָרגעקומען געוואָרן די ערשטע רעגירונג־ציילונג פון דער אידישער איינוואוינערשאַפט, ביז צום יאָר 1920.

אין משך פון אַ דריטל יאָרהונדערט האָט זיך די אידישע באַפעלקערונג פאַרגרעסערט אויף 78 פּראָצענט, די ניט־אידישע—אויף 54 פּראָצענט. פאַר די יאָרן 1910 ביז 1920 האָט די אידי־שע באַפעלקערונג אָנגעהויבן אָפּצושטייען פון דער ניט־אידי־שער: די לעצטע פאַרגרעסערט זיך אויף 11,3 פּראָצענט, די אי־דישע—נאָר אויף 7,9 פּראָצענט.

אַלע 33 יאָר בלייבט דער פּראָצענט אידן אין לאַנד איינער און דערזעלבער. אין 1887 באַטרעפט ער 0,8, בּאַ אַלע איבעריגע פאָלק־ציילונגען—0,9. אין די שטעט הויבט ער זיך אויף ביז 4,6 אין 1905 און 4,4 אין 1900 און 1920־טן יאָר. דאָס דער־קלערט זיך מיט דעם כמעט אויסשליסליך שטאָטישן כאַראַקטער פון בולגאַרישן אידנטום.

Tab. — II — טאב.

**די אנטוויקלונג פון דער שטאטישער באפעלק. אין בולגאריע**

**Das Wachstum der städtischen Bevölkerung Bulgariens**

| באַ די אידן bei den Juden | | באַ ניט־אידן bei den Nichtjuden | | Jahr — יאר |
|---|---|---|---|---|
| % | abs. | % | abs. | |
| 95,9 | 36 097 | 18,9 | 7 53 592 | 1905 |
| 96,0 | 38 483 | 18,4 | 7 91 039 | 1910 |
| 98,2 | 42 464 | 19,2 | 9 23 911 | 1920 |

פון פאַרגלייכן די רעזולטאַטן פון 1910 און 1920 זעהט מען, אַז אין רער מערהייט דעפּאַרטאַמענטן האָט זיך די אידישע באַפעלקערונג פאַרקלענערט. אויף דעם חשבון פון אַלע איבעריגע דעפּאַרטאַמענטן איז באַדייטנדיג אויסגעוואַקסן—אויף 27% —דער אידישער ישוב פון דעפּאַרטאַמענט סאָפיאַ, וועלכער קאָנצענט־רירט זיך כמעט אינגאַנצן אין דער הויפּטשטאָט.

אין 1920־טן איז האָט די שטאָט סאָפיאַ געציילט 17038 אידישע איינוואוינער. די דאָזיגע שטאָט האָט אין משך פון די לעצטע 50 יאָר געהאַלטן אין איין אײנזיגן די אידישע באַ־פעלקערונג פון דער פּראָווינץ. אין 1881 יאָר פאַרמאָגט סאָפיאַ אַ אידישע באַפעלקערונג פון 4274 נפשות, 1888—פון 5102 נפשות, אין 1893 — פאַרגרעסערט זיך די צאָל ביז 6872; אין 1910 יאָר — ציילט שוין סאָפיאַ 12852 אידן און אין 1920־טן יאָר — 17038 אידישע איינוואוינער, ד. ה. 39,4 פּראָצענט פון גאַנצן בולגאַרישן אידנטום.

**Die Entwicklung der jüd. Bev. in den wichtigsten Provinzen Bulgariens 1):**

| | 1920 | 1910 |
|---|---|---|
| Sofia | 17 568 | 13 844 |
| Plovdiv | 6 663 | 6 273 |
| Roustschuk | 3 956 | 4 444 |
| Bourgas | 3 228 | 3 432 |
| Kustendil | 2 671 | 2 696 |
| St.-Zagora | 2 229 | 2 150 |
| Varna | 2 132 | 2 456 |
| Vidin | 1 979 | 2 242 |

1) Статистически Годишникъ на Българското Царство. 1923-24 София 1925. — Annuaire Stat. du Royaume de Bulgarie. Sofia 1925.

* * *

**צאל אידן אין דער שטאט פויזן**

**Zahl der Juden in Posen-Stadt**

די Wiadomości Statystyczne m. Poznania נומ. 14 פון 1925 פאַרעפנטלעכן פאָלגנדיגע ציפערן וועגן דער באַפעלקערונג פון שטאָט צום 30־טן סעפּטעמבער 1921 (פאָלק־ציילונג) און צום 30־טן סעפּטעמבער 1925.

| | 30.IX.1921 | 30.IX.1925 |
|---|---|---|
| רוים.־קאט. — röm.-kathol. | 158 534 | 207 910 |
| פּראָטעסטאנטן — protestantisch | 8 759 | 7 217 |
| אידן — mosaisch | 2 131 | 1 742 |
| אנדערע — sonst. u. unbek. | 369 | 585 |
| צוז. — Zus. | **169 793** | **217 454** |

פאַר די פיר יאָר פון 1921 ביז 1925 האָט זיך די צאָל אידן פאַרקלענערט אויף 18,2 פּראָצענט, די צאָל רוימיש־קאַטוי־לישע (פּאָליאַקן) איז אויסגעוואַקסן אויף 31,1 פּראָצענט. געפאַלן איז אויך די צאָל דייטשן — אויף 17,6 פּראָצענט. פון 1,3 איז רער פּראָצענט אידן אין דער באַפעלקערונג געפאַלן אויף 0.8. די צאָל נעשטאָרבענע באַ דער אידישער באַפעלקערונג איז פאַר די אָנגעוויזענע פיר יאָר געווען אויף 40 נפשות העכער פון רער צאָל געבוירענע, אַזוי אַז די אָפּוואַנדערונג באַטרעפט 349 נפשות. באַ די דייטשן האָבן אָפּגעוואַנדערט 1 107 נפשות.

* * *

**די צאל אידן אין טוניס 1926**

**Zahl der Juden in Tunis**

די לעצטע ציילונג פון 20־טן אַפּריל 1926 אין טוניס האָט געגעבן פאָלגנדיגע רעזולטאַטן: (Journal de la Societé de Statistique de Paris, Novembre 1927. Nr. 11)

| | |
|---|---|
| אייראָפּייער — Europ. Bevölkerung | 173 000 |
| אידן — Israeliten | 54 000 |
| אָרטיגע — Eingeborene | 1 932 000 |
| צוזאמען — Insgesamt | **2 159 000** |

די אידן מאַכן אויס 2,5 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעל־קערונג. זייט דער ציילונג פון 1921־טן יאָר איז זייער אַבסאָלוטע צאָל אויסגעוואַקסן אויף 6.000 ד. ה. אויף 12,5 פּראָצענט. די אייראָפּייאישע באַפעלקערונג איז פאַר דער זעלבער צייט אויסגעוואַקסן אויף 10.9 פּראָצענט, די אָרטיגע — אויף 2.2 פּראָצענט.

# שול-בילדונג בא אידן אין רוסלאנד און אין פוילן

י. מינצין

# Die Bildungsverhältnisse bei den Juden in Rußland und Polen

von **I. Minzin**

## I. Rußland — I. רוסלאנד

די לעצטע אפיציעלע שול-סטאטיסטיק פארן ראטן-פארבאנד באציט זיך צום לערן-יאר 26-1925.[1] ספעציעל פאר אוקראינע ווי אויך פאר איניקע געגנטן פון צענטראל-רוסלאנד זיינען שוין פארעפנטליכט אנגאבן צום 1-טן יאנואר 1927.[2] פונם גאנצן קאמפלעקס—פארשול, -שול- און אויסערשול-בילדונג—באהאנדלען מיר דא אויסשליסליך די פראגע מכח דער שול-בילדונג.

אין אלע טיפן פון דער אזוי גערופענער „סאוויעטישער ארבעט-שולע"—שולעס פון 1-טער שטופע, 7-יאריגע, שולעס פון 2-טער שטופע און 9-יאריגע,—אלזא אין די פאלק- און מיטל-שולעס זיינען אין 1926-טן יאר געציילט געווארן 9.650.254 תלמידים, פון זיי 286.451 אדער 2,97 פראצענט אידישע. פון די לעצטע פאלן אויס אויף:

| | |
|---|---|
| אוקראינע | 159 931 |
| רספסר. | 71 571 |
| ווייסרוסלאנד | 50 102 |
| אנדערע טיילן | 4 847 |
| **צוזאמען** | **286 451** |

אין אלגעמיין פאלט די דאזיגע פארטיילונג פון די תלמידים צונויף מיט דער פארטיילונג פון דער אידישער באפעלקערונג לויט די זעלבע קאנטן. אויף אוקראינע פאלן אויס 55,8 פראצענט פון אלע תלמידים און 58,9 פראצענט פון דער גאנצער אידישער באפעלקערונג אין ראטן-פארבאנד; די צאל תלמידים, וואס פאלט אויס אויף צענטראל-רוסלאנד, באטרעפט 24,9 פראצענט, די צאל אידן פון דעם קאנט באטרעפט 22,1 פראצענט פון רוסישן אידנטום; בא ווייסרוסלאנד שטעלן זיך די פראצענטן אנטשפרעכנדיג אויף 17,5 און 15,2.

פארגלייכט מען די צאל אידישע שול-קינדער מיט דער צאל קינדער אין שול-עלטער 14-8 יאר, באקומט מען:[3]

| קאנט | צאל קינדער פון 14-8 יאר | צאל קינדער אין די שולעס | % |
|---|---|---|---|
| ראטן-פארבאנד בכלל .. | 400 000 | 286 451 | 71,6 |
| פון דעם: אוקראינע ... | 204 864 | 159 931 | 78,1 |
| אנד. טיילן .. | 195 136 | 126 520 | 64,8 |

די ראטן-שולע נעמט אלזא ארום אין דורכשניט העכער זיבעציג פראצענט פון אנטשפרעכנדיגן קאנטינגענט אידישע קינדער. אין אוקראינע הויבט זיך דער דאזיגער פראצענט אויף צו אנ'ערך אכטציג.[4]

פון אלע אידישע שול-קינדער האבן זיך אין לערן-יאר 26-1925 געלערנט אין שולעס מיט אידישער אונטערריכט-שפראך: אין אוקראינע — 58 738, ד. ה. 36,7 פראצענט, אין ווייסרוסלאנד—17 201—34,3%, אין רספסר—5 212 ד.ה. 7,2%.

פארן גאנצן ראטן-פארבאנד באטרעפט די צאל קינדער אין אידישע שולעס 81.908, ד.ה. 28,6 פראצענט פון דער אלגעמיינער צאל אידישע שול-קינדער,[5] אדער 20,5 פראצענט פון אלע אידישע קינדער אין שול-עלטער.

פאר אוקראינע פארמאגן מיר, ווי געזאגט, א שפעטערדיגע ציפער, וואס באציט זיך שוין צום 1-טן יאנואר 1927. זי באטרעפט — פאר די שולעס מיט אידישער אונטערריכט-שפראך— 61.222. חוץ דעם, זיינען געווען קינדער אין שולעס מיט: אוקראיניש און אידיש—6 075, מיט אידיש און רוסיש—13 331.

וויפיל פון אט די לעצטע 19.406 קינדער זיינען געווען אידישע, איז ניט אנגעגעבן.

אז די אידישע שולע פארנעמט אין ראטן-פארבאנד נאך ניט דעם געהעריגן פלאץ, קאן מען זעהען אם בולטסטן, ווען מען פארגלייכט די פארטיילונג פון די שולעס און שול-קינדער לויט דער שפראך פון דער שולע און די פארטיילונג פון דער באפעלקערונג לויט באזונדערע נאציעס. מיר מאכן דא אזא פארגלייך פאר אוקראינע, ווייל די שול-אויספארשונג פון 1926 פאלט דא אויס כמעט אין איין צייט מיט דעם פאלק-ציילונג.

עס שטעלט זיך ארויס, אז דער פראצענט אידישע שולעס איז אין אלגעמיין כמעט אויף צוויי דריטל און דער פראצענט קינדער אין זיי — צוויי מאל קלענער פון פראצענט אידן אין אוקראינע. פארגלייכנדיג די אידן מיט אלע איבעריגע נאציעס פון אוקראינע, זעהט מען, אז בא דער אידישער באפעל-

1) Народное образование в СССР в 1925/26 учебном году по даннным текущего обследования на 1 Декабря 1925. — Труды Центрального Статистического Управления. Отдел статистики просвещенія. Том XXVIII, Вып. 3. Москва 1927

2) Статистична Хроника Центрального Статистичного Управління УССР. № 71. 1 Сериня 1927. — Харків.

3) די צאל אידישע קינדער אין שול-עלטער אין אוקראינע גיבן מיר לויט דער פאלק-ציילונג פון 1926. פארן גאנצן ראטן-פארבאנד (אנ'ערך 2 800 000 אידן) האבן מיר גענומען דעם זעלבן פראצענט קינדער אין שול-עלטער (13,1 %) ווי אין אוקראינע.

4) דעם זעלבן פארגלייך האט פארזוכט צו מאכן מ. קיפער אין זיין בוך "X יאר אקטיאבר. די אקטיאבער-רעוואלוציע און די אידישע ארבעטנדיגע פון אוקראינע", קיעוו 1927, פארלאג "קולטור-ליגע". ער האט אבער אפערירט מיט א ניט ריכטיגער (צו הויכער — 270 000) צאל קינדער אין שול-עלטער און האט דעריבער באקומען, אז די ראטן-שולע אין אוקראינע כאפט ארום בלויז 60 פראצ. פון די אידישע קינדער אין אט דעם עלטער. קיפערס ציפערן ווערן איבער-געחזרט בא א. טשעמעריסקי אין דעם באריכט וועגן "אלפארבאנדישער בארא-טונג פון די אידישע סעקציעס פון דער אל. ק. פ. (ב.)", פארלאג "שול און בוך", מאסקווע 1927, און אין פארשיידענע אנדערע אויסגאבעס.

5) די פראצענטן, וואס מיר האבן דא באקומען, זיינען נידעריגער ווי בא קיפערן און טשעמעריסקין. לויט קיפער באטרעפט דער אוקראינישער פראצענט — 46,0.

Tab. — I — טאַב.

## פאַרטיילונג פון די פאָלק־שולעס אין אוקראַינע לויט דער לימוד־שפּראַך

| אונטערריכט־שפּראַך און נאַציע | שולעס | | | קינדער אין די שולעס | | | % אין דער באַפעלקערונג |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | פון 1־טער שטופע | 7־יאָריגע | אינגאַנצן | פון 1־טער שטופע | 7־יאָריגע | אינגאַנצן | |
| אידישע . . . . . | 1,5 | 7,2 | 2,2 | 1,5 | 5,4 | 2,8 | 5,4 |
| אוקראַינישע . . . | 83,0 | 61,8 | 80,7 | 82,6 | 57,1 | 73,8 | 80.1 |
| רוסישע . . . . . | 6,4 | 13,1 | 7,1 | 7,9 | 16,7 | 10,9 | 9,2 |
| פּוילישע . . . . . | 1,6 | 1,1 | 1,5 | 1,0 | 0,6 | 0,9 | 1,6 |
| דייטשע . . . . . | 2,8 | 2,0 | 2,7 | 1,6 | 0,9 | 1,4 | 1,4 |
| אנדערע . . . . . | 4,7 | 14,8 | 5,8 | 5,4 | 19,3 | 10,2 | 2,3 |
| צוזאַמען . % | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |
| abs. | 16 180 | 1992 | 18 172 | 1 411 888 | 738 409 | 2 150 297 | 29 019 747 |

קערונג זיינען דערוייל די אומגינציגסטע פאַרהעלטנישן. באַזונ־דערס בולט ווערט דאָס, ווען מען האָט פאַר זיך ניט נאָר דעם סך־הכל פאַר אַלע שולעס צוזאַמען, נאָר די פּראָצענטן בּאַ די זיבּן־יאָריגע שולעס, וואוהין די אידישע קינדער גייען פיל מער ווי אין די שולעס פון 1־טער שטופע (בלויז פיר גרופּע־דיגע) און וואָס געפינען זיך, פאַרשטייט זיך, כמעט אַלע אין די שטאָטישע ישובים. צו דער צייט, ווען די אידן גיבּן אין אָט די ישובים עטליכע און צוואַנציג פּראָצענט פון דער באַפעל־קערונג, זיינען שולעס מיט אידישער אונטערריכט־שפּראַך פאַראַן ניט מער ווי 7,2 פּראָצענט, און די קינדער, וואָס לערנען זיך דאָרט, בילדן ניט מער ווי 5,4 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער קינדער־מאַסע. אמת, די דיפערענץ ווערט קלענער, ווען מען שטעלט אַוועק נעבּן אָט די לעצטע צוויי פּראָצענטן ניט דעם פּראָצענט אידן בכלל, נאָר דעם פּראָצענט איינוואוינער, וואָס האָבּן בעת דער פאָלק־ציילונג 1926 אָנגעגעבּן אידיש אַלס מוטער־שפּראַך. פאַר די שטאָטישע ישובים (לויט דער נייער אַדמיניסטראַטיווער איינטיילונג) האָט דער לעצטער באַטראָפן 16,0 פּראָצענט פון דער גאַנצער שטאָטישער באַפעלקערונג אין אוקראַינע.

אַ שטאַרקע צוציאונג־קראַפט פאַרמאָגט אין דער אוקראַינע נאָך אַלץ די רוסישע שולע: געגן 9,2 פּראָצענט רוסן אין דער באַפעלקערונג פון לאַנד שטייט בּאַ די רוסישע 7־יאָריגע שולעס 13,1 און בּאַ די תלמידים פון די דאָזיגע רוסישע שולעס 16,7 פּראָצענט. די פאָלק־שולע מיט רוסישער אונטערריכט־שפּראַך ציהט נאָך עד היום צו כמעט דעם גרעסטן פּראָצענט פון די אידישע שול־קינדער.

ווען אידיש בּאַ די אידישע שול־קינדער פון צ ע נ ט ר אַ ל־ר ו ס ל אַ נ ד (רספסר) געפינען מיר ידיעות אין דער נייעסטער אויסגאַבּע פונם בּילדונג־קאָמיסאַריאַט פון רספסר[1]), וועלכע דערגענצן די ציפער, וואָס מיר האָבּן איבּן געבּראַכט פאַר די שולעס פון 1־טער שטופע אין די 7־יאָריגע, ד. ה. פון העכערן טיפּ שולעס. לויט אָט די ידיעות האָבּן זיך אין רספסר (אָן דער קירגיזער און יאַקוטער אויטאָנאָמע רעפּובּליקן, ווי אויך אָן דעם אַדאַיעווער קרייז פון דער קאַזאַקער אויטאָנאָמער רע־פּובּליק און אָן דעם קאַמטשאַטקער באַצירק פון ווייטן מזרח) געלערנט צום 1926 .I. XII אין שולעס פון 1־טער שטופע :

Von je 100 Schulkindern der betreff. Nationalität besuchten Schulen :

| | אין דער אייגענער שפּראַך in d. Muttersprache | אין דער רוסישער שפּראַך in d. russ. Sprache |
|---|---|---|
| בּאַ אידן — Juden . . . . | 14,6 | 82,1 |
| " רוסן — Großrußen . . | 99,6 | 99,6 |
| " אוקראַינער—Ukrainer . | 24,5 | 75.2 |
| " דייטשן — Deutsche . . | 93,0 | 6,6 |
| " ארמענער—Armenier . | 65,6 | 29,5 |
| " עסטן — Esten . . . . | 49,8 | 45,6 |
| " ווייסרוסן—Weißrußen . | 7,7 | 87,3 |
| " קירגיזן — Kirgiser . . . | 23,1 | 17,1 |

דעם קלענסטן פּראָצענט קינדער אין שולעס אין דער מוטער־שפּראַך האָבּן די ווייס־רוסן. נאָך זיי גייען די אידן. אַפילו בּאַ די אוקראַינער און עסטן אָדער קירגיזן איז דער פּראָצענט קינדער, וואָס לערנען זיך אין דער מוטער־שפּראַך, העכער ווי בּאַ דער אידישער בּאַפעלקערונג.

* *
*

אַ בּאַזונדערס וויכטיגן פּלאַץ צווישן די אידישע בּילדונג־פראַגן אין ראַטן־רוסלאַנד האָט די לעצטע פאָר יאָר פאַרנומען די פּראָבּלעם פון פּראָפעסיאָנעל־טעכנישער בּילדונג. אינם פאַר־גרעסערן די צאָל אידישע קינדער אין די פּראָפטעכנישע שו־לעס האָט מען געזעהען אַ מיטל צו פאַרגרינגערן דער אידי־שער יוגנט דאָס אַריינדרינגען אין דער גרויס־אינדוסטריע.

לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק פון לערן־יאָר 1925־26 האָט די צאָל תלמידים דערגרייכט אין גאַנצן פאַרבאַנד:

| | אינגאַנצן | אידן | % |
|---|---|---|---|
| אין די פּראָפעס. שולעס . . | 111 174 | 15 102 | 13,6 |
| " " קורסן . . | 104 563 | 12 571 | 12,0 |
| " " פאַבריק־שולעס . . | 88 796 | 5 743 | 6,5 |
| צוזאַמען . . . . . | 304 533 | 33 416 | 11,0 |

1) Народное просвещение в РСФСР. Статистический сборник Наркомпрос РСФСР. Госисдат. Москва 1928.

די אויסגערעכנטע בילדונג־אַנשטאַלטן געפינען זיך כמעט אַלע אין די שטאָטישע ישובים און אין אַרבעטער־צענטרען און ווערן בּאַזוכט כמעט אויסשליסליך פון שטאָטישע עלעמענטן. דאָס דערקלערט דעם פאַרהעלטניסמעסיג שטאַרקן אָנטייל פון די אידישע תלמידים, וואָס דערגרייכט ביז 11,0 פּראָצענט.

אויפן ערשטן אָרט לויט דער צאָל אידישע תלמידים שטייט אוקראַינע; דאָ איז דער אָנטייל פון די אידן דריטהאַלבן מאָל אַזוי גרויס ווי אין דורכשניט. אויפן צווייטן אָרט לויט דער אַבסאָלוטער צאָל תלמידים שטייט צענטראַל־רוסלאַנד, אויפן דריטן—ווייסרוסלאַנד. דער פּראָצענט אידן לגבי דער אַל־געמיינער צאָל תלמידים פון די אויסגערעכנטע מינים שולעס איז כמעט פיר מאָל גרעסער פון דורכשניט.

Tab. — II — טאַב.

## די צאל אידן אין די פראפעסיאנעלע שולעס אין קורסן לויט באזונדערע רעפובליקן
### Besuch der Berufsschulen und Berufskursen in den einzelnen Republiken

| Republik — רעפּובּליק | פּראָפעסיאָנעלע שולעס Berufsschulen: די גאַנצע צאָל תלמידים Gesamtzahl der Schüler | פון זיי אידן davon Juden: abs. | פון זיי אידן davon Juden: % | פּראָפעסיאָנעלע קורסן Berufsskursen: די גאַנצע צאָל תלמידים Gesamtzahl der Schüler | פון זיי אידן davon Juden: abs. | פון זיי אידן davon Juden: % |
|---|---|---|---|---|---|---|
| אין גאַנצן ראַטן פאַרבאַנד | **111 174** | **15 102** | **13,6** | **104 563** | **12 571** | **12,0** |
| ר.ס.פ.ס.ר. — R.S.F.S.R. | 55 884 | 2 287 | 4,1 | 80 217 | 7 501 | 9,1 |
| אוקראַינע — Ukraina | 43 999 | 11 605 | 26,4 | 16 319 | 4 544 | 27,8 |
| ווייסרוסלאַנד — Weissrußland | 2 730 | 1 012 | 37,1 | 1 075 | 466 | 43,3 |
| טראַנסקאַווקאַז — Transkaukasus | 5 711 | 59 | 1,0 | 5 248 | 50 | 1,0 |
| אוזבעקיסטאַן — Usbekistan | 2 295 | 139 | 6,1 | 1 399 | 10 | 0,7 |

פון די 5.743 אידן אין די פאַבריק־שולעס געפינען זיך 4.674 אין אוקראַינע, ד.ה. 18,8 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל (24.886). פאַרן איבעריגן רוסלאַנד בלייבּן 1.069 אידן אָדער 1,7 פּראָצענט פון דער גאַנצער צאָל תלמידים אין אַט די שולעס (63.910).

ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס די צאָל אידן אויף די פּראָפעסיאָנעלע קורסן איז אין רספסר פיל העכער (אויף 65,1 פּראָצענט) ווי אין אוקראַינע, בשעת אין די פּראָפעסיאָנעלע שולעס האָבן זיך אין צענטראַל־רוסלאַנד געלערנט פינף מאָל ווייניגער אידן איידער אין אוקראַינע; אין צענטראַל־רוסלאַנד איז די צאָל אידן אויף די קורסן מער ווי דריי מאָל העכער ווי אין די שולעס; אין אוקראַינע, פאַרקערט, איז די צאָל אידן אין די שולעס דריטהאַלבן מאָל העכער ווי אויף די קורסן. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס די אידישע יוגנט, וועלכע איז זיך צונויפגעלאָפן קיין צענטראַל־רוסלאַנד, הויפּטזאַכליך קיין מאָסקווע און לענינגראַד, איז געצוואונגען זיך פּראָלעטאַריזירן און זוכט אויף גיך זיך אויסלערנען אַ וועלכן ס'ניט איז פאַך.

כמעט אַ ענליכע ערשיינונג זעהען מיר אין דעם אוקראַינישן אימיגראַציע־צענטר פאַר אידן— אין כאַרקאָוו.[1] די אידישע באַפעלקערונג פון אַט דער שטאָט באַטרעפט איצט אַנ'ערך פינף פּראָצענט פון גאַנצן אוקראַינישן אידנטום, אָבער די צאָל אידן, וואָס לערנען זיך דאָ אין די פּראָפעסיאָנעלע שולעס (1139), באַטרעפט 9,8 פּראָצענט פון דער צאָל אידן אין די פּראָפעסיאָנעלע שולעס פון גאַנץ אוקראַינע; די צאָל אידן אין די כאַרקאָווער פאַבריקשולעס (502) באַטרעפט 10,7 פּראָצענט פון דער אַלגעמיין־אוקראַינישער צאָל; אויף די פּראָ־פעסיאָנעלע קורסן לערנען זיך דאָ 644 אידן אָדער 14,2 פּראָ־צענט פון אַלע אידישע קורסאַנטן אין אוקראַינע. דער פּראָצענט אידן לגבי דער אַלגעמיינער צאָל תלמידים איז אין כאַרקאָוו באַזונדערס הויך. ער באַטרעפט: אין די פּראָפשולעס 34.6, אין די פאַבריק־שולעס — 17.8, אויף די לאַנגטערמיניגע פּראָפעסי־אָנעלע קורסן — 22,0 און אויף די קורצטערמיניגע קורסן — 20,2 פּראָצענט.

וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער בילדונג אין אידישער שפּראַך גיט אונז ידיעות די שוין דערמאָנטע אוקראַינישע שול־סטאַטיסטיק צום 1־טן יאַנואַר 1927. ס'זיינען צו אַט דעם טער־מין געווען אין גאַנץ אוקראַינע 14 פּראָפעסיאָנעלע שולעס מיט אידישער אונטעררריכט־שפּראַך (2,7 פּראָצענט פון די 518 פּראָפשולעס אין גאַנץ אוקראַינע). די צאָל תלמידים האָט דאָ באַטראָפן ניט מער ווי 1.338, ד.ה. אַנ'ערך 12 פּראָצענט פון אַלע אידן אין די פּראָפשולעס פון אוקראַינע. פאַבריק־שו־לעס מיט אידישער אונטעררריכט־שפּראַך זיינען געווען 4 מיט 359 תלמידים אָדער אַנ'ערך 8 פּראָצענט פון די אידן אין אַלע פאַבריק־שולעס פון אוקראַינע. קיין פּראָפעסיאָנעלע קורסן מיט דער אידישער אונטעררריכט־שפּראַך איז ניט געווען ניט אין אוקראַינע און ניט אין די איבעריגע קאַנטן.

די סטאַטיסטיק פון די אַזוי־גערופענע טעכניקומס, ד.ה. מיטעלע טעכנישע, לאַנדווירטשאַפטליכע, מעדיצינישע, פּעדאַ־גאָגישע, סאָציאַל־עקאָנאָמישע, קונסט־ און פּראָפעסיאָנעל־טעכנישע שולעס גיט אונז די טאַבעלע III.

צענטראַל־רוסלאַנד ווייזט דאָ ווידעראַמאָל אַ פיל העכערע אַבסאָלוטע צאָל אידישע תלמידים, ווי אוקראַינע, אַ העכערע אַפילו ווי אוקראַינע מיט ווייסרוסלאַנד צוזאַמען. דאָ קומט צום אויסדרוק דער שטאַרקער דראַנג פון דער אידישער שטודירנדיגער יוגנט צו די גרויסע צוויי צענטרען פונם ראַטן־פאַרבאַנד — מאָסקווע און לענינגראַד.

1) Ів. Коваленко: Народна освіта в Харкові на 1 січня 1925 року. — Статистичний бюлетень № 7. V рік видання. ЦСУ УССР. Харків.

Tab. — III — טאַב.

**צאל אידן אין די טעכניקומס לויט באזונדערע רעפובליקן**

**Zahl der Juden an den Technischen Schulen Sowjet-Rußlands**

| Republik — רעפובליק | די גאנצע צאָל תלמידים Ges. Zahl der Schüler | פון זיי אידן davon Juden abs. | % |
|---|---|---|---|
| Ukraina — אוקראַינע | 25 631 | 5 111 | 19,9 |
| . . RSFSR — רספסר | 130 400 | 8 567 | 6,6 |
| ווייסרוסלאַנד — . Weißrußland | 4 171 | 1 199 | 28,7 |
| טראַנסקאַווקאַז — Transkaukasus | 11 955 | 63 | 0,5 |
| אוזבעקיסטאַן — . . Usbekistan | 3 054 | 19 | 0,6 |
| . Zus. — צוז. | 175 211 | 14 959 | 8,5 |

אידישע טעכניקומס זיינען אין אוקראַינע צום 1־טן יאַנואַר 1927 געווען 4 מיט סך־הכל 567 תלמידים. אַנ׳ערך אַ צענטל פון אַלע אידישע תלמידים אין די טעכניקומס פון אוקראַינע האָבן אַלזאָ באַזוכט אידישע טעכניקומס.

* * *

אַ העכסט אינטערעסאַנט קאַפּיטל איז די העכערע בילדונג באַ די אידן אין ראַטן־פאַרבאַנד. צום באַדויערן, זיינען אָבער עד היום נאָך ניט פאַראַן קיין סטאַטיסטישע סך־הכלען פאַר אַלע רעפובליקן. מען מוז זיך צופרידנשטעלן מיט ציפערן פאַר איינצלנע טיילן און פאַר איינצלנע אוניווערסיטעטן.

די צאָל אידישע סטודענטן אין ראַטן־פאַרבאַנד שאַצט מען געוויינליך אין פיל צענדליגער טויזנטער. באַ אַ מער פאָרזיכטיגער רעכנונג קומט מען צו אַ ציפער פון אַנ׳ערך 25.000 פאַרן לערן־יאָר 1926־27.

פאַר אוקראַינע ניט אָן מ. קיפער אין זיין שוין אויבן דערמאָנטן בוך, 8.332 אידישע סטודענטן, אַריינגערעכנט אַהער די צוהערער פון אַלע טיפּן הויכשולעס—אוניווערסיטעטן, אינסטיטוטן, טעכנישע הויכשולעס א.א.וו. די אַלגעמיינע צאָל סטודענטן האָט זיך צו דער זעלבער צייט באַטראָפן 28952. די צאָל אידישע סטודענטן האַלט די גאַנצע צייט סיי אַבסאָלוט סיי רעלאַטיוו אין איין פאַלן, בשעת די ניט־אידישע וואַקסט פון יאָר צו יאָר. עס זיינען געווען אין אוקראַינע סטודענטן:

| | אינגאנצן | אידן | % |
|---|---|---|---|
| 1924/25 . . | 25 611 | 10 387 | 29,0 |
| 1925/16 . . | 27 322 | 8 320 | 30,5 |
| 1927/27 . . | 28 952 | 8 332 | 28,8 |

די אידישע צאָל איז אין פאַרגלייך צו 1925 געפאַלן אויף 19,8 פּראָצענט, די ניט־אידישע איז אויסגעוואַקסן אויף 27,1 פּראָצענט. אָבער נאָך פיל נידעריגער וועט אויס די איצטיגע צאָל אידישע סטודענטן אין אוקראַינע אין פאַרגלייך צו 1923. דעמאָלט האָט זי געהאַלטן באַ 18.428, אַלזאָ 2,2 מאָל מער ווי אין 1927 יאָר. לגבי דער אַלגעמיינער צאָל האָט זי אין 1923־טן יאָר אויסגעמאַכט 47,4 פּראָצענט. די ניט־אידישע צאָל איז אין 1927 געבליבן די זעלבע ווי אין 1928 (20.574).

מיט איר איצטיגער צאָל אידישע סטודענטן שטייט סאָוויעט־אוקראַינע אויפן ערשטן אָרט צווישן אַלע אַנדערע אייראָפּייאישע מלוכות. אַזוי האָט די צאָל אידישע סטודענטן באַטראָפן אין:

Tab. — IV — טאַב.

**צאל אידישע סטודענטן אין אוקראינע און אין אנדערע אייראָפּייאישע לענדער**

**Hochschulbesuch bei den Juden in der Ukraina und in anderen europäischen Staaten**

| Staat — מלוכה | יאָר Jahr | די גאנצע צאָל סטוד. Zahl der Studenten | פון זיי אידן davon Juden abs. | % |
|---|---|---|---|---|
| . Ukraine — אוקראינע | 1927 | 28 952 | 8 332 | 28,8 |
| . . . . Polen — פוילן | 1926 | 36 590 | 7 744 | 21,2 |
| טשעכאָסלאָוואַקיי — Tschechoslovakei | 1926 | 28 997 | 3 522 | 12,1 |
| . . Preußen — פרייסן | 1927 | 51 226 | 2 312 | 4,5 |
| Österreich — עסטרייך | 1925 | 21 505 | 3 198 | 14,8 |
| . . Ungarn — אונגארן | 1927 | 15 011 | 12 84 | 8,6 |
| . Rumänien — רומעניע | 1927 | 19 088 | 800 | 4,2 |

אין פּוילן, וואָס פאַרמאָגט כמעט צוויי מאָל אַ גרעסערע צאָל אידן, ווי אוקראַינע, זייַנען פאַראַן מיט אַנ׳ערך זיבן פּראָצענט ווייניגער אידישע סטודענטן, הגם די ניט־אידישע באַפעלקערונג פון פּוילן, וועלכע איז בלויז מיט אַ פּאָר מיליאָן קלענער פון דער ניט־אידישער איינוואוינערשאַפט אין אוקראַינע, האָט אַ גרעסערע הויכשול־קוואָטע ווי די לעצטע. דאָס אונגאַרישע אידנטום, וואָס איז אַנ׳ערך דריי מאָל קלענער פון אוקראַינישן, האָט אין די הויכשולעס פון אונגאַרן קאַרגע זיבן מאָל אַ קלענערע צאָל סטודענטן, ווי די אידן אין אוקראַינע. דאָס אידנטום פון רומעניע, בלויז צוויי מאָל קלענער פון אוקראַינישן, האָט די מעגליכקייט אויסצובילדן אין די רומענישע הויכשולעס אַ צען מאָל קלענערע צאָל סטודענטן.

די פאַרטיילונג פון די אידישע סטודענטן אין אוקראַינע לויט באַזונדערע פאַקולטעטן קאָן מען זעהען פון טאַבעלע V.

ס׳וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן, אַז פון דער „ריינגונג" פון די בורזשואַזע עלעמענטן, וואָס איז די לעצטע יאָרן סאָתגעטמען געוואָרן אין די אוקראַינישע אוניווערסיטעטן און האָט גורם געווען צו דער אויבן אָנגעוויזענער רעדוקציע פון דער אַבסאָלוטער און רעלאַטיווער צאָל אידישע סטודענטן, האָבן אַם שטאַרקסטן געליטן די אידישע מעדיצין־סטודענטן. זייער צאָל איז אין 1927 אויף אַ דריטל (בערך 32,6 פּראָצענט) נידעריגער ווי אין לערן־יאָר 1924־25. ניט געקוקט דערויף בלייבט זייער פּראָצענט לגבי דער אַלגעמיינער צאָל מעדיצין־סטודענטן נאָך אַלץ זייער הויך, פיל העכער ווי אין אַלע איבעריגע פאַכן. אין פאַרגלייך צו 1924־25 איז דער פּראָצענט אידן אין לעצטן לערן־יאָר אומעטום שטאַרק געפאַלן: אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט פון 51,8 אויף 44,8; אויף דעם אינדוסטריעל־טעכנישן פאַקולטעט — פון 42,9 אויף 31,9, אויפן פּעדאַגאָגישן — פון 30,1 אויף 22,4, אויפן סאָציאַל־עקאָנאָמישן פאַקולטעט — פון 55,5 אויף 32,1.

Tab. — V — טאב.

## דער פראצענט אידן אין פארשיידענע פאקולטעטן פון די הויכשולעס אין אוקראינע

### Prozentsatz der jüd. Studenten an den einzelnen Fakultäten der Ukraina

| 1927 | | | 1926 | | | 1925 | | | Fakultät — פאקולטעט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פון זיי אידן davon Juden | | די צאל סטודענטן Zahl der Studenten | פון זיי אידן davon Juden | | די צאל סטודענטן Zahl der Studenten | פון זיי אידן davon Juden | | די צאל סטודענטן Zahl der Studenten | |
| % | abs. | | % | abs. | | % | abs. | | |
| 44,8 | 2 622 | 5 853 | 40,9 | 2 871 | 7 020 | 51,8 | 3 893 | 7 515 | Medizinische — מעדיצינישע |
| 31,9 | 2 138 | 6 702 | 35,5 | 2 018 | 5 684 | 42,9 | 2 206 | 5 142 | Industr.-Technische — אינד.־טעכנישע |
| 22,4 | 1 419 | 6 335 | 22,9 | 1 466 | 6 402 | 30,1 | 1 891 | 6 282 | Pädagogische — פעדאגאגישע |
| 32,1 | 1 374 | 4 280 | 42,0 | 1 357 | 3 231 | 55,5 | 1 753 | 3 159 | Soz.-Wirtschaftliche — סאצ.־עקאנאמ. |
| 28,5 | 440 | 1 544 | 23,2 | 282 | 1 215 | 31,0 | 323 | 1 035 | Kunst — קונסט |
| 8,0 | 339 | 4 238 | 8,7 | 328 | 3 770 | 9,2 | 320 | 3 478 | Landwirtschaftliche — לאנדווירט. |
| **28,8** | **8 332** | **28 952** | **30,5** | **8 322** | **27 322** | **39,0** | **10 386** | **26 611** | Insgesamt — צוזאמען |

אינטערעסאַנט איז צו פאַרגלייכן דעם פּראָצענט אידישע מעדיצין־סטודענטן אין אוקראַינע און אין אַנדערע לענדער. דעם דאָזיגן פאַרגלייך גיבן מיר אין פאָלגנדיגער טאַבעלע.

Tab. — VI — טאב.

### פראצענט אידן צווישן די מעדיצין־סטודענטן אין פארשיידענע לענדער

### Prozentsatz der Juden unter den Medizin-Studenten

| 1927 | 1925 | Staat — מלוכה |
|---|---|---|
| 44,8 | 51,8 | Ukraine — אוקראינע |
| 18,2 | 25,8 | Polen — פוילן |
| 10,6 | 14,2 | Ungarn — אונגארן |
| 26,1 * | 26,8 | Tschechoslovakei — טשעכאָסלאָוואַקיי |
| 21,8 ** | 23,1 | Österreich — עסטרייך |
| 9,2 | 13,1 | Preußen — פרייסן |
| 45,7 * | 42,6 | Litauen — ליטע |

*) 1926 ;**) 1925.

אוקראַינע שטייט אַלזאָ—אין איין רייע מיט ליטע—מיט באַדייטנדיג העכערע פּראָצענטן ווי פוילן און אונגאַרן און ווי די מערב־איראָפּייאישע לענדער. אמת, ווען מען פאַרגלייכט דעם פּראָצענט מעדיצינער מיט דעם פּראָצענט אידן אין באַטרעפנדיגן לאַנד אָדער גאָר מיטן פּראָצענט אידן אין דער שטאָטישער באַפעלקערונג, ענדערט זיך דאָס בילד לטובת די מערב־איראָפּייאישע לענדער.

אינטערעסאַנט איז, וואָס אויף די לאַנדווירטשאַפטליכע פאַקולטעטן פון אוקראַינע מאַכן שוין די אידישע סטודענטן אויס אַ גאַנץ הויכן פּראָצענט, אַ סך אַ העכערן ווי אין אַלע אַנדערע לענדער.

אין טאַבעלע VII ווערט געגעבן די אינעווייניגסטע סטרוקטור פון דער אידישער און ניט־אידישער סטודענטנשאַפט אין אוקראַינע פאַר פיר יאָר: 1923, 1925, 1926 און 1927.

דער אונטערשיד, וואָס טרעט דאָ אַרויס צווישן אידן און ניט־אידן, איז שוואַכער ווי אין אַנדערע לענדער, אָבער נאָך אַלץ צו גרויס. אין לעצטן לערן־יאָר האָבן אַ דריטל פון אַלע אידישע סטודענטן שטודירט מעדיצין, בײַ די ניט־אידן נאָר 15,7 פּראָצענט. בײַ אַלע אַנדערע דיסציפּלינעס, חוץ לאַנדווירטשאַפט, ווערט די דיפערענץ באַדייטנדיג קלענער. די סאָציאַל־

Tab. — VII — טאב.

## פארטיילונג פון די אידישע סטודענטן אין אוקראינע לויט פאקולטעטן

### Verteilung der jüdischen Studenten in Ukraina nach Fakultäten

| 1923 | 1927 | | 1926 | | 1925 | | Fakultät — פאקולטעט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אידן Juden | ניט־אידן Andere | אידן Juden | ניט־אידן Andere | אידן Juden | ניט־אידן Andere | אידן Juden | |
| 43,9 | 15,7 | 31,5 | 21,8 | 34,5 | 22,3 | 37,5 | Medizinische — מעדיצינישע |
| 18,1 | 22,1 | 25,7 | 19,3 | 24,3 | 18,0 | 21,2 | Industr.-Technische — אינדוסטריע־טעכנישע |
| 18,7 | 23,8 | 17,0 | 26,0 | 17,6 | 27,1 | 18,2 | Pädagogische — פעדאגאָגישע |
| 12,7 | 14,1 | 16,5 | 9,9 | 16,3 | 8,7 | 16,9 | Soz.-Wirtschaftliche — סאצ.־עקאנאָמישע |
| 3,9 | 5,4 | 5,3 | 4,9 | 3,4 | 4,4 | 3,1 | Kunst — קונסט |
| 2,7 | 18,9 | 4,0 | 18,1 | 3,9 | 19,5 | 3,1 | Landwirtschaftliche — לאנדווירטשאפטליכע |
| **100,0** | **100,0** | **100,0** | **100,0** | **100,0** | **100,0** | **100,0** | Zusammen — צוזאמען |

עקאָנאָמישע, פּעדאַגאָגישע און די קונסט־גרופּע, וואָס געהערן אין אַנדערע לענדער צום פילאָזאָפישן פאַקולטעט, שטייען באַ אידן און ניט־אידן מיט זייער גאָענטע פּראָצענטן, בשעת אין אַלע אַנדערע לענדער גייען זיי זיך גאָר ווייט פאַנאַנדער.

די מעדיצין־גרופּע ווייזט באַ די אידן אין אוקראַינע אַ טענדענץ צום פאַלן; פאַרקערט, די אינדוסטריע־טעכנישע גרופּע געווינט אַלץ אַ גרעסערן אָרט. די זאַמל־גרופּע „פילאָזאָפישע דיסציפּלינעס" שטייט ערשט אויפן דריטן אָרט.

אַ היפּך'דיג בילד זעהען מיר אין די אַנדערע לענדער: אין אונגאַרן, רומעניע, פּוילן, ליטע און אַפילו אין די לענדער, וואו ס'זיינען ניט פאַראַן קיין נומערוס־קלאַוזוס־טענדענצן. די אידישע סטודענטן ווערן דאָ וואָס ווייטער אַלץ מער אַרויסגעשטויסן פון די מעדיצינישע פאַקולטעטן און די פילאָזאָפישע גרופּע פאַרנעמט דעם אויבן־אָן.

אַזוי, למשל, זעהען מיר אין אונגאַרן, אַז פון יעדע הונדערט אידישע סטודענטן האָבן געהערט:

| | 1921 | 1924 | 1927 |
|---|---|---|---|
| מעדיצין . . . . | 69,3 | 52,7 | 29,2 |
| פילאָזאָפיע . . | 11,1 | 18,5 | 33,5 |

באַ די אידישע סטודענטן אין פּוילן האָבן פון יעדע הונדערט געלערנט:

| | 1923 | 1925 | 1926 |
|---|---|---|---|
| אויף די מעד. פאַקולטעטן . . | 22,1 | 17,1 | 12,0 |
| " " פילאָזאָפישע פאַקול. | 49,5 | 53,7 | 56,9 |

די טענדענצן באַ דער אידישער סטודענטנשאַפט פון אוקראַינע זיינען מסתמא כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אידישער סטודענטנשאַפט אין ראַטן־רוסלאַנד בכלל.

## II. פּוילן — II. Polen

אינם סטאַטיסטישן יאָרבוך פון פּוילן פאַרן יאָר 1927, וואָס איז ערשינען אָנהײב 1928, געפינען מיר די שול־סטאַטיסטיק ערשט פאַרן לערן־יאָר 1925־26. די וויכטיגסטע רעזולטאַטן פון אָט דער סטאַטיסטיק [1]) האָבן מיר קאָמבינירט אין טאַבעלע I.

די טאַבעלע נעמט אַרום סיי די מלוכה'שע פאָלק־שולעס, סיי די פּריוואַטע, קאָנצעסיאָנירטע שולעס. אין ביידע טיפּן האָבן זיך אין דערמאָנטן לערן־יאָר גערעכנט 286.323 אידישע און 2.953.612 ניט־אידישע תלמידים. נעמט מען אָן, אַז די צאָל קינדער אין שול־עלטער פון 7—13 יאָר איז צום 1925־טן יאָר געבליבן די זעלבע ווי בעת דער פאָלקציילונג פון 1921, ד. ה. 509.470 באַ אידן און 4.292.841 באַ ניט־אידן, באַקומט מען, אַז פון יעדע הונדערט קינדער אין שול־עלטער האָבן באַזוכט די פאָלק־שולע: באַ ניט־אידן — 68,8, באַ אידן — נאָר 55,1. פאַר שטאָט און דאָרף באַזונדער באַקומט זיך: באַ די שטאָטישע אידן — 58,5 פּראָצענט, באַ די דאָרפישע — 50,3 פּראָצענט; באַ דער שטאָטישער ניט־אידישער באַפעלקערונג — 90,8, באַ דער דאָרפישער ניט־אידישער באַפעלקערונג — 64,5 פּראָצענט.

אַ גרויסער טייל אידישע קינדער בלייבט אַלזאָ נאָך אַלץ מחוץ פון דער פאָלק־שולע. ער ווערט אָבער פון יאָר צו יאָר קלענער, אַזוי אַז די אידישע פאַרהעלטנישן דערנעהענטערן זיך, וואָס ווייטער אַלץ מער, צו די ניט־אידישע.

1) Rocznik Statystyki Rzeczypospolitej Polskiej 1927. Warszawa.

Tab. — I — טאַב.

### די צאָל אידישע תלמידים אין די מלוכהשע און פּריוואַטע פאָלק־שולעס אין פּוילן
### Zahl der jüdischen Schüler in den öffentl. u. privaten Volksschulen in Polen

| Land — קאַנט | עפנטליכע פאָלק־שולעס Öffentliche Volksschulen: תלמידים Ges. Zahl | פון דעם אידישע davon mosaisch: abs. | % | פּריוואַטע פאָלק־שולעס Private Volksschulen: תלמידים Ges. Zahl | פון דעם אידישע davon mosaisch: abs. | % | אַלע שולעס אינאיינעם Zusammen: תלמידים Ges. Zahl | פון דעם אידישע davon mosaisch: abs. | % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קאָנגרעס־פּוילן — Kongreß-Polen . . . | 1 368 384 | 135 019 | 9,9 | 45 188 | 32 752 | 72,5 | 1 413 572 | 167 771 | 11,9 |
| פון דעם: װאַרשע — dav. Warschau | 67 512 | 14 432 | 21,4 | 14 623 | 11 649 | 80,7 | 82 135 | 26 081 | 31,8 |
| קרעסן — Randgebiet . . . . . . . . | 341 619 | 22 407 | 6,6 | 23 940 | 15 801 | 70,5 | 365 559 | 38 208 | 10,5 |
| גאַליציע — Galizien . . . . . . . . . | 859 279 | 76 873 | 8,9 | 11 323 | 2 247 | 19,8 | 870 602 | 79 120 | 9,1 |
| פּויזן־פּאָמערן־שלעזיע/Posen,Pommern,Schlesien | 582 854 | 1 059 | 0,2 | 7 348 | 165 | 2,2 | 590 202 | 1 224 | 0,2 |
| **צוזאַמען — Insgesamt . . . .** | **3 152 136** | **235 358** | **7,5** | **87 799** | **50 965** | **58,0** | **3 239 935** | **286 323** | **8,8** |
| פון דעם: davon: אין די שטעט — in den Städten | 786 824 | 170 656 | 21;7 | 66 490 | 46 935 | 70,6 | 853 314 | 217 591 | 25,5 |
| אין די דערפער/in den Dörfern | 2 365 312 | 64 702 | 2,7 | 21 309 | 4 030 | 18,9 | 2 386 621 | 68 732 | 2,9 |

דער פּראָצענט אידן צווישן די קינדער פון שול־עלטער באַטרעפט אין דורכשניט פאַר גאַנץ פּוילן 10,6 (לויט דער פאָלקציילונג), דער דורכשניטליכער פּראָצענט אידישע קינדער אין די פאָלק־שולעס דערגרייכט נאָר ביז 8,8. אין די שטאָטישע ישובים איז די דיפערענץ צווישן די אַנטשפּרעכנדיגע פּראָצענטן נאָך גרעסער: אין די שולעס האָבן די אידן נאָר 25,5 פּראָצענט,

אין דער באַפעלקערונג פון שול־עלטער אָבער 34,8 פּראָצענט.

אַ גרויסן פלאַץ פאַרנעמט באַ דער אידישער באַפעלקערונג די פּריוואַטע פאָלק־שולע. פון אַלע אידישע פאָלק־שול־קינדער פאַלן אויס אויף די פּריוואַט־שולעס דורכשניטליך 17,8 פּראָצענט, בשעת באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג באַטרעפט דער דאָזיגער פּראָצענט ניט מער ווי 1,2. אין די שטאָטישע ישובים וואַקסט ער אויס באַ אידן צו 21,6, באַ קריסטן—צו 3,1. אין די דערפער—פאַלט ער ביז 5,9 באַ אידן און 0,7 באַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. אין די באַזונדערע קאַנטן האָט דער פּראָצענט קינדער, וואָס באַזוכן אַ פּריוואַטע פאָלק־שולע, באַטראָפן:

| | באַ אידן | באַ ניט־אידן |
|---|---|---|
| קאָנגרעס־פּוילן | 19·5 | 1,0 |
| קרעסן | 41·4 | 2·5 |
| גאַליציע | 2·8 | 1,1 |
| פּויזן, פּאָמ. שלעז. | 13·5 | 1·2 |

אין שטאָט וואַרשע לערנען זיך אין די פּריוואַטע פאָלק־שולעס 44,7 פּראָצענט פון אַלע אידישע פאָלק־שול־קינדער און 5,3 פּראָצענט פון די ניט־אידישע.

פון די אויסגערעכנטע 286.323 אידישע פאָלק־שול־קינדער לערנען זיך אין שולעס מיט:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אידישער אונטערריכט־שפּראַך | 10 971 | אָדער 3,8 | פּראָצ |
| העברייאישער " " | 12 115 | " 4·2 | " |
| איד. און העב. " " | 1 059 | " 0·4 | " |
| אנדערער " " | 262 178 | " 91·6 | " |

די שולעס מיט אידיש אָדער העברייאיש אַלס אונטערריכט־שפּראַך שפּילן אַ ראָלע נאָר אין די קרעסן. דאָ וואַקלט דער פּראָצענט אידישע פאָלק־שול־קינדער, וואָס באַזוכן אַזעלכע שולעס, צווישן 40 און 75. אַ מינימאַלן אָרט פאַרנעמען זיי אין קאָנגרעס־פּוילן. אין גאַליציע, פּויזן, פּאָמערן און שלעזיע זיינען אַזעלכע שולעס לגמרי ניט פאַראַן. די ציפער פאַר באַזונדערע וואָיעוואודסטוועס קאָן מען זעהען פון פאָלגנדיגער טאַבעלע:

Tab. — II — טאב.

## צאל תלמידים אין די פאלק־שולעס מיט אידישער און העברייאישער לימוד־שפראך
**Besuch der Volksschulen mit jüdischer und hebräischer Unterrichtssprache**

| וואיעוואודסטווע — Wojewodschaft | עס לערנען זיך אין שולעס: es besuchen Volksschulen — מלוכהשע Öffentl. | פּריוואַטע Private | צוזאַמען Zus. | פון דעם שולעס מיט: davon Schulen mit — איד. אונטער.־שפּראַך jüdischer Unterrichtssprache — abs. | % | העבר. אונטער.־שפּראַך hebräischer Unterrichtssprache — abs. | % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| וואַרשעווער — Warschau | 14 432 | 11 649 | 26 081 | 1 534 | 5,9 | 578 | 2,2 |
| שטאָט וואַרשע — Stadt Warschau | 21 299 | 1 535 | 22 834 | 252 | 1,1 | 112 | 0,5 |
| לאָדזער — Lodz | 34 184 | 7 264 | 41 448 | 580 | 1,4 | 303 | 0,7 |
| קיעלצער — Kielce | 28 455 | 2 391 | 30 846 | 119 | 0,4 | 65 | 0,2 |
| לובלינער — Lublin | 26 473 | 3 003 | 29 476 | 568 | 1,9 | 228 | 0,8 |
| ביאַליסטאָקער — Bialystok | 10 176 | 6 910 | 17 086 | 1 936 | 11,3 | 3 569 | 20,9 |
| ווילנער — Wilno | 2 118 | 5 397 | 7 515 | 2 565 | 34,1 | 1 927 | 25,6 |
| נאָוואָגרודער — Nowogrodek | 2 605 | 2 673 | 5 278 | 744 | 14,1 | 1 384 | 26,2 |
| פּאָליעסיער — Polessie | 4 822 | 5 335 | 10 157 | 2 589 | 25,5 | 2 176 | 21,4 |
| וואָלינער — Wolhyn | 12 862 | 2 396 | 15 258 | 84 | 0,6 | 1 773 | 11,6 |
| **צוזאַמען — Zusammen** | **157 426** | **48 553** | **205 979** | **10 971** | **5,3** | **12 115** | **5,9** |

די שולעס מיט אידישער אונטערריכט־שפּראַך האָבן די לעצטע עטליכע יאָר פאַרלוירן הן אין צאָל הן אין באַשטאַנד פון זייערע תלמידים. עס האָבן זיך גערעכנט שולעס מיט אידישער אונטערריכט־שפּראַך:

| | שולעס | תלמידים |
|---|---|---|
| 1923/24 | 104 | 15 066 |
| 1924/25 | 102 | 12 944 |
| 1925/26 | 81 | 10 971 |

פאַר דריי יאָר — אַ פאַרקלענערונג פון דער צאָל תלמידים אויף 27,5 פּראָצענט, פון דער צאָל שולעס — אויף העכער אַ פינפטל (22,2 פּראָצענט).

די שולעס מיט העברייאישער אונטערריכט־שפּראַך זיינען אין 1925־26 געבליבן באַ דער זעלבער צאָל ווי 1924־25. אָבער די צאָל תלמידים איז אויך דאָ געפאַלן. פון 1924 ביז 1925 איז די צאָל תלמידים אויסגעוואַקסן אויף אַ גאַנץ דריטל, פון 1925 ביז 1926 איז זי געפאַלן אויף 16 פּראָצענט. דאָס ווייזן פאָלגנדיגע ציפערן:

| | צאָל | תלמידים |
|---|---|---|
| 1923/24 | 90 | 10 830 |
| 1924/25 | 109 | 14 437 |
| 1925/26 | 110 | 12 115 |

קלענער איז געוואָרן אויך די צאָל קאָמבינירטע שולעס — אידיש־העברייאישע, אידיש־פּוילישע און העברייאיש־פּוילישע. צוזאַמען זיינען געווען אין פּוילן דאָס לערן־יאָר 1923־24 — 18 אַזעלכע שולעס מיט 2,333 תלמידים. אין 1925־26 זיינען פון זיי געבליבן נאָר 13 מיט 1,780 תלמידים.

אינטערעסאַנט זיינען די אָנגאַבן פון דער פּוילישער סטאַטיסטיק וועגן דער מוטער־שפּראַך פון די פאָלק־שול־קינדער. אין זעלבן 1925־26־טן לערן־יאָר האָבן אָנגעגעבן אידיש אַלס זייער מוטער־שפּראַך 227.283 ד. ה. 79,4 פּראָצענט פון אַלע

אידישע פאָלק־שול־תלמידים; פון דעם אין די מלוכה־ישע שולעס — 179.963 אָדער 76,5 פּראָצענט און אין די פּרי־וואַטע—47.320 אָדער 92,8 פּראָצענט. פון די אידישע קינדער אין די מלוכהשער און קאָמונאַלע פאָלק־שולעס האָבן אָנגעגעבן אידיש אַלס זייער מוטער־שפּראַך אין:

| | צאָל | % פון אלע איד· תלמידים |
|---|---|---|
| קאָנגרעס-פוילן | 113 387 | 84·0 |
| קרעסן | 21 175 | 94·5 |
| גאליציע | 45 302 | 58·9 |
| פויזן· פּאָמ· שלעז· | 99 | 9·3 |
| **צוזאמען** | **179 963** | **76,5** |
| אין שטאָט | 126 530 | 74·1 |
| " דאָרף | 53 433 | 82·6 |

אין שטאָט וואַרשע אַליין האָבן 20.609 קינדער, אָדער 79,0 פּראָצענט אָנגעגעבן אידיש אַלס זייער מוטער־שפּראַך, פון זיי זיינען אָבער 10.657 געווען אין די פּריוואַט־שולעס. אין די מלוכהשע שולעס זיינען אַזעלכע געווען נאָר 9952 אָדער 69,0% פון דער גאַנצער צאָל אידישע תלמידים, אַלזאָ נידעריגער ווי דער דורכשניט פאַר קאָנגרעס־פוילן בכלל.

וועגן די אידישע שול־קינדער אין וואַרשע געפינען מיר ספּעציעלע אָנגאַבן אין סטאַטיסטישן יאָרבוך פון וואַרשעווער מאַגיסטראַט *) פאַר 1926. זיי זיינען דאָ דערפירט געוואָרן שוין ביזן 1927־טן יאָר.

סאיז אינטערעסאַנט צוערשט נאָכצופאָלגן, ווי די אידישע קינדער ווערן אַריינגעצויגן אין דער שולע. אין פאָלגנדיגער טאַבעלע גיבן מיר די אַנטוויקלונג פון 1920/21 ביז 1926/27.

*) Rocznik Statystyczny Warszawy. 1926. Warszawa 1928.

Tab. — III — טאַב

## די צאל אידישע קינדער איז די ווארשעווער פאלק־שולעס 1920—1927

**Volksschulbesuch bei der jüdischen Bevölkerung in Warschau**

| לערן־יאר Lehrjahr | אינגלאך — Knaben: אין שול־עלטער im Schulalter | Knaben: פון זיי לערנען זיך dav. in der Schule abs. | Knaben: % | מיידלאך — Mädchen: אין שול־עלטער im Schulalter | Mädchen: פון זיי לערנען זיך dav. in der Schule abs. | Mädchen: % | צוזאמען — Insgesamt: אין שול־עלטער im Schulalter | Insgesamt: פון זיי לערנען זיך dav. in der Schule abs. | Insgesamt: % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1920/21 | 29 652 | 5 832 | 19,6 | 31 455 | 10 815 | 34,4 | 61 107 | 16 647 | 27,3 |
| 1921/22 | 28 302 | 5 127 | 18,1 | 30 751 | 12 316 | 40,1 | 59 053 | 17 443 | 29,5 |
| 1924/25 | 22 881 | 6 013 | 26,3 | 25 123 | 14 707 | 58,5 | 48 004 | 20 720 | 43,2 |
| 1925/26 | 19 767 | 5 955 | 30,1 | 21 397 | 14 486 | 67,7 | 41 164 | 20 441 | 49,7 |
| 1926/27 | 19 532 | 6 526 | 33.4 | 20 479 | 15 247 | 74,5 | 40 011 | 21 773 | 54,4 |

פאַר די זיבן יאָר האָט זיך דער פּראָצענט אידישע קינדער אין עלטער פון 7 ביז 13 יאָר, וואָס לערנען זיך אין וועלכער סיניט איז שולע — פאָלק־שולע, מיטל־ און פּראָפעסיאָנעלע שולע — פאַרטאָפּלט: פון 27,3 אין 1920־21 איז ער אַרויף ביז 54,4. די מיידלאַך ווערן אַריינגעצויגן אין שולע אין אַ סך שנעלערן טעמפּ ווי די אינגלאַך: אין 1926־27 לערנען זיך שוין אין די שולעס 75 פּראָצענט פון אַלע אידישע מיידלאַך אין שול־פליכטיגן עלטער; אָבער אויך בײַ די אינגלאַך האָט זיך די לאַגע פיל געבעסערט: אין לעצטן לערן־יאָר האָט שוין אַ דריטל פון זיי באַזוכט אַ שולע, בשעת אין 1920־21 האָט דער פּראָצענט נאָך געהאַלטן בײַ 19,6.

בײַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג האָט די שולע אין 1926־27 שוין באַוויזן אַרומכאַפּן גאַנצע ניינציג פּראָצענט פון אַלע שול־פליכטיגע קינדער, און די מיידלאַך אין אַ גלייכער מאָס ווי די אינגלאַך. די אַנטשפּרעכנדיגע פּראָצענטן בײַ דער קריסטליכער באַפעלקערונג פון וואַרשע באַטרעפן:

| | בא אינגלאך | בא מיידלאַך | בכלל |
|---|---|---|---|
| 1920 21 | 55·1 | 63·0 | 59·3 |
| 1921/22 | 66·2 | 64·4 | 65·3 |
| 1924/25 | 84·0 | 84·1 | 84·1 |
| 1925 26 | 90·1 | 89·6 | 89·9 |
| 1926/27 | 90·1 | 89·6 | 89·9 |

פון די 18.423 אידישע תלמידים אין די פאָלק־שולעס פון וואַרשע האָבן זיך 3.359 אָדער 18,2 פּראָצענט געלערנט אין פּריוואַט־שולעס. אין 1920־21 האָבן זיך נאָך געלערנט דאָ 46,8 פּראָצענט. די אַבסאָלוטע צאָל אידישע קינדער אין די מלוכה׳ישע און קאָמונאַלע פאָלק־שולעס האָט זיך פאַר די לעצטע זיבן יאָר כמעט פאַרדרייפאַכט, אין די פּריוואַטע שולעס איז זי, פאַרקערט, געפאַלן אויף אַ דריטל. די דאָזיגע אַנטוויקלונג זעהען מיר פון טאַבעלע IV.

Tab. — IV — טאַב·

**צאל איד· תלמיד· אין ווארש· מלוכהשע און פריוו· פאלקשולעס**

**Zahl der jüd. Schüler in den öffentl. u. privaten Volksschulen**

| לערן־יאר Lehrjahr | אינגלאך / Knaben: אין מלוכה־שולעס in öffentlichen Schulen | Knaben: אין פריוואטע שולעס in privaten Schulen | מיידלאך / Mädchen: אין מלוכה־שולעס in öffentlichen Schulen | Mädchen: אין פריוואטע שולעס in privaten Schulen | צוזאמען / Zus.: אין מלוכה־שולעס in öffentlichen Schulen | Zus.: אין פריוואטע שולעס in privaten Schulen |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1920/21 | 1 670 | 2 324 | 3 992 | 2 569 | 5 662 | 4 988 |
| 1921/22 | 1 136 | 1 763 | 5 897 | 2 051 | 7 033 | 3 814 |
| 1924/25 | 2 356 | 1 983 | 10 558 | 1 625 | 12 914 | 3 608 |
| 1925/26 | 2 222 | 2 134 | 10 777 | 1 554 | 12 999 | 3 688 |
| 1926/27 | 2 933 | 2 060 | 12 131 | 1 299 | 15 064 | 3 359 |

אין אָנהויב פון דאָזיגן פּעריאָד — 1920־21 — לערנען זיך אין די מלוכהשע און קאָמונאַלע פאָלק־שולעס 5,6 פּראָצענט פון אַלע אינגלאַך אין שול־עלטער; אין 1926־27 — שוין 15,0 פּראָצענט. אין די פּריוואַטע פאָלק־שולעס: אין 1920־21—7,8 און אין 1926־27 — נאָר 10,6 פּראָצענט.

פון אַלע מיידלאַך אין שול־עלטער האָבן זיך געלערנט אין די מלוכהשע און קאָמונאַלע פאָלק־שולעס: 1920־21 נאָר 12,7 פּראָצענט, 1926־27 — שוין 59,2 פּראָצענט. אין די פּריוואַטע פאָלק־שולעס: 1920־21 — 8,2, אָבער 1926־27 שוין נאָר 6,3 פּראָצענט.

די נאָרוואָס אָנגעגעבענע צאָל אידישע תלמידים אין די פאָלק־שולעס איז נידעריגער, ווי די ווירקליכע צאָל זייערע. מיט די קינדער, וואָס זיינען שוין אַריבערגעוואַקסן דעם שול־עלטער אָדער וואָס האָבן אים נאָך ניט דערגרייכט, וועט די צאָל אידישע תלמידים אין די עפנטליכע פאָלק־שולעס באַטרעפן:

| | |
|---|---|
| 1920/22 | 7 500 |
| 1922/23 | 11 697 |
| 1923/24 | 12 641 |
| 1924/25 | 14 088 |
| 1925/26 | 14 284 |
| 1926/27 | 16 701 |

אין די פּריוואַט־שולעס האָט די צאָל אידישע קינדער באַטראָפן:

| | |
|---|---|
| 1921/22 | 4 318 |
| 1922/23 | 3 199 |
| 1923/24 | 3 392 |
| 1924/25 | 4 914 |
| 1925/26 | 4 403 |

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַציאונג פון דער אידישער באַפעלקערונג צו דער מלוכהשער פאָלק־שולע איז דער פאַקט, וואָס דער פּראָצענט אינגלאַך איז דאָ צווישן די אידישע קינדער באַדייטנדיג נידעריגער פון פּראָצענט מיידלאַך. אין 1926־27 האָט ער דאָ באַטראָפן בלויז 19,5 פּראָצענט, בשעת צווישן די קריסטליכע שול־קינדער האָט ער געהאַלטן באַ 49,7. אַנדערש אין די פּריוואַט־שולעס: צווישן די קריסטליכע קינדער זיינען געווען אינגלאַך 49,8 פּראָצענט, פון יעדע הונדערט אידישע קינדער אָבער — 61,3.

באַדייטנדיג גרעסער ווי אין די פאָלק־שולעס איז די צאָל אידישע אינגלאַך אין די חדרים. אין די קאָנצעסיאָנירטע חדרים זיינען געווען פאַרשריבן אין:

| | | |
|---|---|---|
| 1924/25 | 5 912 | אינגלאַך |
| 1925/26 | 7 146 | ″ |
| 1926/27 | 7 377 | ″ |

פון דער צאָל 7377 אין 1926־27 זיינען 5.950 געווען אין שול־עלטער פון 7—13 יאָר, דאָס מאַכט אויס 30,5 פּראָצענט פון אַלע אידישע אינגלאַך אין שול־עלטער, אין אַלע אַנדערע טיפּן פאָלק־שולע (מלוכהישע, קאָמונאַלע און פּריוואַטע) צוזאַמען מיט די מיטל־ און פּראָפעסיאָנעלע שולעס האָבן זיך אין זעלבן יאָר געלערנט 33,4 פּראָצענט פון אַלע אידישע אינגלאַך אין שול־עלטער.

ידיעות וועגן דער צאָל אידישע קינדער אין די עפנטליכע פאָלק־שולעס פון לאָדז פאַר דעם פּעריאָד 1919—26 געפינען מיר אין לעצטן יאָרבוך פון לאָדזער מאַגיסטראַט פאַר 1926.[1] זי האָט באַטראָפן:

| | אינגאַנצן | אידישע | % |
|---|---|---|---|
| 1919/20 | 48 440 | 12 601 | 26,0 |
| 1920/21 | 55 144 | 15 154 | 27,5 |
| 1921/22 | 59 930 | 10 277 | 27,5 |
| 1922/23 | 61 459 | 17 033 | 27,7 |
| 1923/24 | 60 643 | 17 787 | 29,3 |
| 1924/25 | 58 892 | 17 236 | 29,3 |
| 1925/26 | 55 737 | 16 589 | 29,8 |
| 1926/27 | 53 843 | 15 750 | 29,3 |

פון די דאָזיגע צאָלן איז צו זעהען, אַז די פאַרהעלטנישן באַ דער אידישער באַפעלקערונג זיינען אין לאָדז גאָר אַנדערש ווי אין וואַרשע. דער פּראָצענט אידישע קינדער אין די עפנטליכע פאָלק־שולעס אַנטשפּרעכט דאָ כמעט דעם פּראָצענט אידן אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, בשעת אין וואַרשע איז ער געשטאַנען כמעט אויף אַ דריטל נידעריגער.

ערב דער וועלט־מלחמה — דעם 15 מערץ 1914 — האָט די צאָל אידישע קינדער אין די עפנטליכע פאָלק־שולעס פון לאָדז נאָך געהאַלטן באַ 2.980 ד. ה. 19,4 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל שול־קינדער (15.330). יוני 1919 האָט זי שוין דערגרייכט ביז 7.694 אָדער 25,3 פּראָצענט פון דער גאַנצער צאָל (30.388).

אָבער אויך אין לאָדז בלייבט נאָך אַ גאַנץ היפּשע צאָל אידישע קינדער אויסער דער פאָלק־שולע. דאָס איז אַם בולטסטען צו זעהען פון דעם פּראָצענט אינגלאַך צווישן די אידישע און רוימיש־קאַטוילישע אָדער לוטעראַנישע תלמידים. ער האָט אויסגעמאַכט:

| | באַ אידן | באַ רוימ.־קאַט. |
|---|---|---|
| 1919/20 | 31,8 | 50,1 |
| 1922/33 | 35,6 | 50,4 |
| 1925/26 | 35,6 | 50,2 |
| 1926/27 | 36,0 | 49,3 |

אין די פּריוואַטע פאָלק־שולעס האָבן זיך אין 1926־27 געלערנט אין לאָדז 5.003 אידישע קינדער, אָדער 94,5 פּראָצענט פון דער גאַנצער צאָל תלמידים אין אָט די שולעס (5.298). דאָ האָט דער פּראָצענט אינגלאַך צווישן די אידישע קינדער שוין באַטראָפן 86,6.

1) Annuaire Statistique de la ville de Lodz. Année 1926.—Lodz 1927

# סטאטיסטיק פון שולבאזוך בא דער אידישער באפעלקערונג אין ריגע
## Schulbesuch bei der jüdischen Bevölkerung in Riga

אין די פאַרעפנטליכונגען פון ריגער מאַגיסטראַט [1]) געפי־נען מיר אַ אינטערעסאַנטע סטאַטיסטיק װעגן שול־באַזוך באַ פאַרשײדענע נאַציאָנאַלע גרופּעס אין דער ריגער באַפעל־קערונג. די פאַקטישע צאָל קינדער אין די שולעס װערט דאָ פאַרגליכן מיט דער צאָל קינדער אין שול־פליכטיגן עלטער לױט דער לעצטער פאָלק־ציילונג פון 1925־טן יאָר.

מיר ברענגען דאָ נאָר די ציפערן פאַר װעקס נאַציעס — אידן, לעטן, דײטשן, רוסן, פאָליאַקן און ליטװינער, — פאַר די ערשטע דריי די אַבסאָלוטע און רעלאַטיװע ציפערן, פאַר די לעצטע נאָר די רעלאַטיװע.

די טאַבעלע װײזט, אַז לױט דער שול־פרעקװענץ שטײט די אידישע באַפעלקערונג אױפן דריטן אָרט, נאָך די דײטשן און לעטן. באַ די דײטשן באַזוכן די שולע 93,0 פּראָצענט פון אַלע שול־פליכטיגע קינדער, באַ די לעטן — 91,5 פּראָצענט און באַ די אידן — 88,9 פּראָצענט.

פון די אינגלאַך אין שול־פליכטיגן עלטער באַזוכן די שול: באַ דײטשן—92,9 פּראָצענט, באַ לעטן — 91,6 פּראָצענט, באַ אידן — 88,7 פּראָצענט.

באַ די אידישע מײדלאַך איז די שול־פרעקװענץ כמעט די זעלבע װי באַ די אידישע אינגלאַך.

באַ דער ריגער אידישער באַפעלקערונג טרעפן מיר אַלזאָ נאָרמאַלע פאַרהעלטענישן, להיפך צו די אַנדערע שטעט פון מזרח־אײראָפּע, באַזונדערס די פּױלישע, װאו די פאָלק־שולע כאַפּט אַרום נאָר אַ טײל פון די אידישע שול־פליכטיגע קינדער.

1) Statistisches Jahrbuch der Stadt Riga. 1926-1927.

Tab. — 1 — טאַב.

די שול־פרעקווענץ בא די פארשיידענע נאציעס אין ריגע
— 1925 —
Schulbesuch in Riga nach Nationalität

| צוזאמען Zusammen | מיידלאך Mädchen | אינגלאך Knaben | a/b/c | Nationalität — נאציע |
|---|---|---|---|---|
| 4 214 | 2 122 | 2 092 | a | Juden — אידן |
| 3 748 | 1 893 | 1 855 | b | |
| 88,9 | 89,3 | 88,7 | c | |
| 12 347 | 6 273 | 6 074 | a | Letten — לעטן |
| 11 296 | 5 735 | 5 561 | b | |
| 91,5 | 91,4 | 91,6 | c | |
| 3 125 | 1 533 | 1 592 | a | Deutsche — דייטשן |
| 2 906 | 1 427 | 1 479 | b | |
| 93,0 | 93,1 | 92,9 | c | |
| 84,2 | 83,9 | 84,5 | c | Russen — רוסן |
| 85,0 | 84,4 | 85,7 | c | Polen — פוילן |
| 87,1 | 85,3 | 89,1 | c | Litauer — ליטווינער |

באמערקונג: a — די צאל קינדער אין שול־פליכטיגן עלטער; b — די צאל קינדער אין שול־פליכטיגן עלטער, וועלכע באזוכן די שולע; c — דער פראצענט קינדער, וואס באזוכן די שולע;

Anmerkung: a — Anzahl der Kinder im schulpflichtigen Alter; b — darunter besuchen die Schule; c — Prozentsatz der die Schule besuchenden Kinder

SCHLUSS DES ZWEITEN TEILES / סוף פון דעם צווייטן טייל

# ווענן די פּראָבלעמעס פון דער נאַטירליכער באַפעלקערונג־באַוועגונג באַ אידן

פּראָפ. ל. הערש

**Jakob Lestschinsky: Probleme der Bevölkerungs-Bewegung bei den Juden**

(סעפּאַראַט־אָפּדרוק פון אינטערנאַציאָנאַלן סטאַטיסטישן זשורנאַל Metron, פּאַדואַ, 1926; 157 זז. גרויסער in 8⁰)

יעקב לעשצינסקיס ווערק, פון וועלכן געוויסע טײלן זײנען דערשינען אויך אין די „בלעטער פאַר אידישע דעמאָגראַפיע, סטאַטיסטיק און עקאָנאָמיק", איז געוויס אַ געשײעניש אין דער אידישער וויסנשאַפטליכער ליטעראַטור. צום ערשטן מאָל האָבן מיר דאָ אַן ערנסטע און אײנהאַלטסרײכע פּראָבע צו געבן אַן אַלגעמײנעם איבערבליק איבער די גרונטדערשײנונגען פון דער נאַטירליכער באַוועגונג בײם אידישן פאָלק אין אַלע וויכטיגערע אידישע וואוינונג־לענדער פון אײראָפּע און פאַר אַזאַ ברײטן היסטאָרישן פּעריאָד, פאַר וועלכן עס זײנען נאָר פאַראַן גענוגענדיגע סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן. בעת מען נעמט אין אַנבאַטראַכט, ווי קנאַפּ עס זײנען די גענויע סטאַטיסטישע ידיעות וועגן דער אידישער באַפעלקערונג אין פאַרשײדענע לענדער, ווי פאַרשײדנאַרטיג זײ זײנען און ווי ווייניג זײ זײנען בכלל צוגעפּאַסט צו באַדערפענישן פון אַ פאַרגלײכנדיגער סטאַטיסטישער פאָרשונג איבער אידן, דאַן באַגרײפט מען ערשט, ווי שווער עס איז געווען די אויפגאַבע, וואָס לעשצינסקי האָט זיך געשטעלט. און מיר מוזן באַלד זאָגן, אַז די דאָזיגע שווערע פּראָבע האָט זיך אים בכלל גאַנץ גוט אײנגעגעבן.

מיר געפינען אין לעשצינסקיס אַרבעט, ערשטנס, צוזאַמענגעקליבן זײער אַ רײכן (באַ די באַדינגונגען פון דער אידישער סטאַטיסטיק) מאַטעריאַל, וואָס איז ביז איצט געווען פאַרשפּרײט אויף שבעה ימים. מיר געפינען ווײטער מאַטעריאַלן איבער די געבורטן און טויט־פאַלן באַ אידן אין אַ גאַנצער רײע שטעט און שטעטלאַך פון רוסלאַנד, וואָס דער פּראָפעסער, באַ דער מיטאַרבעט פון ה. י. קאָראַלניק האָט דירעקט אויסגעשטעלט אויף דעם סמך פון די באַפעלקערונג־ביכער פון די אידישע קהלות. דריטנס, די ידיעות וועגן דער באַפעלקערונג־באַוועגונג באַ אידן ווערן סיסטעמאַטיש פאַרגליכן מיט דער סטאַטיסטיק פון די זעלביגע דעמאָגראַפישע דערשײנונגען באַ דער אַרומיגער ניט־אידישער באַפעלקערונג, מיט דעם צוועק פעסטצושטעלן די אײגנאַרטיגקײט פון דער אידישער דעמאָגראַפיע. די אידישע סטאַטיסטיק גופא ווערט ווײטער סיסטעמאַטיש פאַרגליכן צווישן זיך אין פאַרשײדענע פּעריאָדן און פאַרשײדענע לענדער; דערבײ שטעלט זיך דער מחבר ספּעציעל אָפּ אויף דער לאַגע אין די אַכציגער יאָרן פון פאָריגן יאָרהונדערט, צום אָנהויב פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט, ערב דער וועלט־מלחמה, בעת דער מלחמה און נאָך איר, גרופּירענדיג פון אײן זײט די אידן פון מערב־אײראָפּע און, פון דער אַנדערער, די מזרח־אײראָפּײאישע אידן. עטליכע סטאַטיסטישע אָנגאַבן באַציען זיך אויך אויף די אידן אין אַמעריקע און פּאַלעסטינע. דורך די אַלע פאַרגלײכונגען שטעלט דער פּראָפעסער אויף אַ בילד פון דעם איצטיגן מצב און די אַנטוויקלונג־טענדענצן פון דער באַפעלקערונג־באַוועגונג באַ אידן, אַ בילד, וואָס בכלל גענומען איז עס פרײ פון טענדענציעזע פּרושים, נאָר איז געבויט טאַקע אויף דעם אָביעקטיוון מאַטעריאַל גופא. אין אײנצל גענומען, האָט ער זיך נישט געלאָזט פאַרפירן דורך דעם ביליגן און פלאַכן תירוץ „ראַסע" און שטענדיג געזוכט די סאָציאַל־עקאָנאָמישע און קולטורעלע סבות פון די פעסטגעשטעלטע דערשײנונגען.

פאַר יעדע אײנציגע פון די אײגנשאַפטן, וואָס איך האָב דאָ אָנגעמערקט, וואָלט לעשצינסקיס אַרבעט פאַרדינט אַ גרויסן דאַנק מצד די אַלע, וואָס אינטערעסירן זיך מיט אידישער דעמאָגראַפיע. און די פאַראײניגונג פון די אַלע אײגנשאַפטן צוזאַמען מאַכט, אַז די „פּראָבלעמע דער באַפעלקערונגס־בעוועגונג בײ דען יודען" וועלן געוויס פאַרנעמען אַ פּלאַץ אויבן־אָן אין דער אידישער וויסנשאַפט, און אַז אויך אין דער אַלגעמײנער דעמאָגראַפישער ליטעראַטור וועלן זײ פאַרנעמען אַ בכבודיגן אָרט אַלס ווערטפולע פאָרשונג איבער יענעם טײל פון דער מענשהײט, וואָס רופט זיך די אידישע באַפעלקערונג פון אײראָפּע. עס איז דעריבער צו ווינשן, אַז דאָס בוך זאָל וואָס גיכער דערשײנען אויך אויף אידיש, וואו עס איז זײן ערשטער פּלאַץ.

נאָר טאַקע נעמענדיג אין אַכט דעם גרויסן ווערט פון לעשצינסקיס ווערק און האָבנדיג אין זינען זײן נאָענטע דערשײנונג אויף אידיש, האַלט איך פאַר מײן חוב דאָ אָנצוווײזן אויף יענע זײטן פון זײן אַרבעט, אין וועלכע עס איז מיר אוממעגליך ניט אײנצוזעהען וויכטיגע חסרונות, שטרײטבאַרע אויספירן און אויך אײנפאַכע פעלערן.

מײן ערשטע טענה, וועלכע איך פּערזענליך האַלט פאַר דאָס וויכטיגסטע, איז נוגע דער באַציאונג צו די קוועלן פון די באַנוצטע מאַטעריאַלן.

די באַציאונג צו די קוועלן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן סטאַטיסטיק, מוז זײן אַ באַזונדער פאָרזיכטיגע. פאַרוואָס? — מחמת אַ ציפער האָט אין אַלע פאַלן דאָס אויסזעהן פון אַ גענוי פעסטגעשטעלטן פאַקט, בעת אין אמתן קאָן זי זײן דער רעזולטאַט טאַקע פון אַ גענוי באַאָבאַכטעטער דערשײנונג, און קאָן אויך זײן דער רעזולטאַט פון אַ פיל־ווייניג באַגרינדעטער שאַצונג, פון אַ הוילער השערה אָדער אַפילו פון סתם אַ גרײז. אין די אַלע פאַלן באַקומט זיך אַ ציפער; איר ווערט אָבער קאָן זיך וואַקלען צווישן גאָר און גאָרנישט — לויט דעם אופן, אויף וועלכן מ'האָט די ציפער באַקומען. ווייל מען זיך שטיצן אויף ציפערן, מוז דעריבער ווייזן, ווי אַזוי זײ זײנען געשאַפן געוואָרן, אָדער גענוי אָנווײזן די קוועלע, וואו זײ זײנען גענומען געוואָרן (און וואו עס ווערט שוין נאַטירליך געוויזן, ווי אַזוי מ'האָט זײ באַקומען). אַ חוץ דעם, זײנען מיר דאָך נישט מער ווי מענשן, און בײם איבערשרײבן אַ ציפער פון אַ וועלכער נישט איז קוועלע קאָנען מיר לײכט זיך טועה זײן; און דער בחור הזעצער קאָן דאָך אוודאי און אוודאי מאַכן אַ פעלער. ווערט דערבײ ניט אָנגעוויזן גענוי די קוועלע, וואו די ציפער איז גענומען געוואָרן, דאַן איז מערסטנטײלס פאַר דעם לעזער אוממעגליך דעם גרײז צו פאַרריכטן, און דער גרײז בלײבט גרײז, ד. ה. די פאַקטן בלײבן פאַלש איבערגעגעבן.

נאָך פאָרזיכטיגער מוז זײן די באַציאונג צו די קוועלן, בעת מען פאַרגלײכט צווישן זיך ציפערן, וואָס שטאַמען פון פאַרשײדענע קוועלן. אויסער דעם, וואָס דאָ דיזיקירט מען צו שטעלן אין אײן רײע פעסטגעשטעלטע פאַקטן, השערות און פּשוטע גרײזן, איז פאַראַן נאָך אַן אַנדער געפאַר: נישט בלויז דער ווערט פון די ציפערן קאָן זײן גאַנץ פאַרשײדן, נאָר אויך זײער זין, זײער אינהאַלט. אַפילו ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזעלכע אײנפאַכע באַגריפן ווי געבורטן אָדער טויט־פאַלן, וואָס זײנען, דאַכט זיך, גאַנץ קלאָר, קאָנען פאָרקומען צונויפמישונגען פון פאַרשײדענע זאַכן. אין אײן קוועלע צ. ב. קאָנען די ציפערן זיך באַציען בלויז אויף די לעבעדיג געבוירענע, אין אַן־אַנדערער קאָנען זײ מײנען אַלע געבורטן, ד.ה. אַז די טויט־געבוירענע זײנען אויך אַרײנגערעכנט. בעת עס האַנדלט זיך צ.ב. וועגן אידישע געבורטן, קאָנען אַ חוץ דעם זײן נאָך אַנדערע באַגריפס־פאַרשידענהײטן: אין אײן קוועלע קאָנען די ציפערן נוגע זײן בלויז קינדער פון רײן אידישע עלטערן; אין אַן־אַנדערער קאָנען זײן אַרײנגערעכנט אויך קינדער פון אַ אידישן טאַטן אָבער נישט פון אַ אידישער מאַמע א. ד. גל. ווייל מען סטאַטיסטיק פון פאַרשײדענע קוועלן פאַרגלײכן צווישן זיך, מוז מען דעריבער קריטיש אַנאַליזירן די באַנוצטע קוועלן און ווײזן, אויף וויפיל דער אמת'ער ווערט און דער גענויער זין פון די ציפערן מאַכן מעגליך אַזאַ פאַרגלײך.

די געפאַר פון ניט פאַרגלײכבאַרקײט איז באַזונדער שטאַרק אויף דעם געביט פון דער אידישער סטאַטיסטיק, וועלכע באַציט זיך אויף פאַר־

שיינען לענדער מיט פאַרשיידענע באַאָבאַכטונג־מעטאָדן, וואו עס פעלט געוויינטליך אַלגעמיינע מלוכה־סטאַטיסטיק, און וואו ס'איז ווייער אָפּט אָנ־געוויזן אויף פּריוואַטע פאָרשונגען, וואָס ווערן געמאַכט אויף די פאַר־שיידנסטע אופנים און ווייער אָפּט (צו אָפּט!) אויף אַ גאַנץ פעלערהאַפטן שטייגער.

און ווען אַפילו דער מחבר האָט אַליין פריער געבודקט אין העכסטן גראַד אי די ריכטיגקייט און דעם ווערט פון די ציפערן אי די פאַרגלייכ־באַרקייט ווייערע, דאַרף ער סוגדעססטוועגן נישט פאָדערן, דער לעזער זאָל אים שוין גלויבן אויפן וואָרט, און זיך דערייבער באַפרייען פון אַנאַליזירן אין זיין ווערק דעם ווערט און דעם זין פון די ציטירטע ציפערן. ערשטנס, ווייל ער האָט אַליין געקאָנט האָבן אַ טעות; און צווייטנס, ווייל אויף אַזאַ אופן, ניט אַנאַליזירנדיג און אַפילו גענוי ניט אָנווייזנדיג די קוועלן, עפנט ער אַ דרך פאַר עם־הארצים, וועלכע פאַרגלייכן סתם ציפערן צווישן זיך אומאָפּהענגיג פון זייער באַדייטונג, און פאַר שאַרלאַטאַנעס, וואָס פאַר־דרייען און פעלשן ציפערן.

איך האָב זיך דערווייל לענגער אָפּגעשטעלט, ווייל אַלץ, וואָס לעשצינסקי האָט אין דער הינזיכט געגעבן, איז אַן אַלגעמיינע ליסטע פון 76 ביכער און אַרטיקלען, וועלכע געפינט זיך צום סוף פון זיין בוך. אין לויף פון זיין גאַנצן ווערק האָט ער אָבער (אַ חוץ אַ פאָר אויסנאַם־פאַלן) סיסטעמאַטיש זיך אָפּגעהאַלטן פון אַנאַליזירן און קריטיקירן זיינע קוועלן און אַפילו פון פשוט אָנצווייזן די קאָנקרעטע קוועלע, וואו ער האָט די פאַרשיידענע ציפער גענומען.

דערמיט האָט לעשצינסקי — איך בין פולקאָם זיכער — אָן שום נויט־ווענדיגקייט אין אַ באַדייטנדיגער מאָס פאַרקלענערט דעם גרויסן ווערט פון זיין אַרבעט. עס איז דעריבער העכסט ווינשנסווערט, אַז די אידישע אויסגאַבע זאָל דערגאַנצט ווערן מאַקע דורך גענויע קוועלן־אָנווייזונגען און דורך אַ קריטיק פון די געברויכטע קוועלן, וועלכע זאָל ווייזן, ווי ווייט די פאַר־שיידן־קאַליבערדיגע סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן זיינען פונדעסטוועגן פאַר־גלייכבאַר.

די נויטיגקייט פון גענויע קוועלן־אָנווייזונגען און קוועלן־קריטיק איז אין לעשצינסקיס ווערק נאָך באַזונדער שטאַרק דערפאַר, ווייל דער מחבר ברענגט געוויינטליך נישט די אַבסאָלוטע צאָל (געבוירטן, טויט־פאַלן, א.א.וו.), אויף וועלכע זיינע פאַרהעלטעניש־ציפערן (פער טויזנט פון דער באַפעלקערונג א.ד.גל.) זיינען געבויט, נאָר ער באַגנוגנט זיך בלויז מיט אָט די אויס־גערעכנטע רעלאַטיווע ציפערן. דאָס גופא איז נישט קיין גוטער מנהג, וואָרום ביים אויסרעכענען די פאַרהעלטניש־ציפערן קאָנען לייכט פאָרקומען ווי מעטאָדאָלאָגישע טעותים אַזוי אויך איינפאַכע אַריטמעטישע גרייזן און דרוק־פעלערן — און דאָס סיי אין דער קוועלע, וואו די ציפערן זיינען גענומען, סיי אין דעם ווערק, וואו די מאַטעריאַלן זיינען באַאַרבעט געוואָרן. ליידער, געפינען מיר ניט אין לעשצינסקיס בוך אַפילו יענע איינפאַכע קאָנטראָל־מעגליכקייט, וועלכע באַשטייט אין דעם גלייכצייטיגן ציטירן די אַבסאָלוטע צאָלן מיט די רעלאַטיווע.

עס זיינען פאַראַן פאַלן, ווען אַזעלכע ציטירונגען מיט קריטיק פון די קוועלן זיינען באַזונדער נויטווענדיג, ווייל עס שטעלט זיך ביים לעזער אַ פראַגע, ווי אַזוי האָט מען בכלל געקאָנט אויסשטעלן געוויסע פאַרהעלטעניש־צאָלן. מיר האָט געקאָנט גלויבן, אַז לעשצינסקי מיידט כמעט באַוואוסט־זיניג אויס אָנצייגן זיינע קוועלן. אַזוי אין איין אָרט, וואו ער האָט זיך כמעט געפילט געצוואונגען אויף עמיצן זיך צו פאַררופן, האָט ער זיך אויס־געדריקט (ז. 103): „לויט די באַרעכענונגען פון אַ אידישן סטאַטיסטיקער, איז געווען“ א. א. וו., — פרעגט זיך: צי וואָס אַזעלכע אַנאָנימען?

די גענויע אָנווייזונג פון דער קוועלע איז לסוף נויטיג געווען פשוט צוליב דעם, ווייל אין די „פראָבלעמע דער בעפעלקערונגס־בעוועגונג“ זיינען די סטאַ־טיסטישע אָנגאַבן אָפּט מאַקע פעלערהאַפטיג ציטירט. מען קאָן לייכט באַמערקן, אַז ווען די זעלבינע ידיעות ווערן אין בוך ציטירט אַ פאָר מאָל, שטימען זיי אָפּט נישט איינגאַנצן צווישן זיך. אַזוי צ. ב. אויף זייטל 135 (אין דער פּיטערדיגער טאַבעלע LIV) ווערן אָנגעגעבן די ציפערן פון דער נאַטירליכער באַפעלקערונג־באַוועגונג צום אָנהויב פון 90־טן יאָר־צענדליג בא ניט־אידן אין רוסלאַנד, פרייסן, גאַליציע, פראַנקרייך, בעלגיען, האָלאַנד, ווין און אַנדערשוואו, בעת אויף די אַנטשפּרעכנדיגע זייטן פון טעקסט (ז. 35, 36, 38, 46, 70, 78 א. אנד.) איז צו זעהן, אַז די ציפערן באַציען זיך אויף די גאַנצע באַפעלקערונג פון די אָנגע־וויזענע לענדער און שטעט. און דאָס איז נאָך ספּעציעל באַמערקנסווערט, ווייל ווען דערנעבן ווערט אויף דערוועלבינער טאַבעלע (ז. 138) באַזונדער

אָנגעמערקט, אַז עס האַנדלט זיך ניט וועגן דער ניט־אידישער, נאָר וועגן דער גאַנצער באַפעלקערונג.

בכלל דרוק־פעלערן און אַנדערע גרייזן זיינען, צום באַדויערן, אין בוך פאַראַן גאָר נישט ווייניג. אַזוי צ. ב. די אָנגאַבן פאַר 1900—1904 איבער דער נאַטירליכער באַוועגונג בא אידן אין אייראָפּייאישן רוסלאַנד (אויף טויזנט איינוואוינער) ווערן ציטירט דריי מאָל אויף די פאָלגנדיגע אופנים:

| | | לעבעדיג־געבוירענע | טויטפאַלן | געבורטן־איבערפלוס |
|---|---|---|---|---|
| ז. | 70 | 34,40 | 16,17 | 18,23 |
| „ | 73 | 34,4 | 16,7 | 18,23 |
| „ | 135 | 34,4 | 16,7 | 17,7 |

וועגן דער אידישער באַפעלקערונג פון בערלין זיינען פאַר דאָס יאָר 1900 די ציפערן אַזוי ציטירט:

| | לעבי־געבוירענע | טויטפאַלן | געבורטן־איבערפלוס |
|---|---|---|---|
| ז. 135: | 19,0 | 13,2 | 5,8 |
| זז. 138 און 141: | 18,0 | 13,2 | 4,8 |

וועגן ווין פאַר דעם זעלבינגן יאָר 1900 זיינען געבראַכט די פאָלגנדיגע אָנגאַבן:

| | לעבי־געבוירענע | טויטפאַלן | געבורטן־איבערפלוס |
|---|---|---|---|
| ז. 38 (גאַנצע באַפ.): | 31,7 | 20,7 | 11,0 |
| זז. 135 און 141 (ניט־אידן): | 31,7 | 24,4 | 7,3 |

אין די אַלע דריי פאַלן האָט מען פשוט באַגאַנגען אַ טעות ביים איבער־שרייבן די ציפער פון די געבורטן (בערלין) אָדער פון די טויט־פאַלן (רוסלאַנד, ווין) און נאָכדעם „פאַרריכט“ דעם איבערפלוס פון די געבורטן, ד. ה. געמאַכט אַ נייעם טעות.

געוויס ווערן פעלערן אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס געמאַכט דורך יעדן איינציגן. נאָר מאַקע דערפאַר דאַרף מען זיך ניט באַגנוגענען מיט הוילע פאַרהעלטניש־ציפערן און דערצו נאָך אָן גענויע קוועלן־אָנווייזונגען. איך רעד שוין נישט וועגן דעם, אַז הוילע פאַרהעלטעניש־ציפערן, און דערצו נאָך פון איין מין, גיבן אָפּט אַ צו איינזייטיג בילד פון דער ווירקליכקייט.

אין בוך זיינען פאַראַן דעטאַל־פעלערן נאָך פון אַנדערע מינים. ניט איינגאַנצן ריכטיג זיינען געמאַכט די צייכענונגען אויף די ז. 39, 98 און 111—113. אויף זייט 114 איז געזאָגט: „אין אַזעלכע פאַרשיידענע שטעט, ווי לאָנדאָן און קראָקע, איז די שטאַרבליכקייט פון זויג־קינדער בא אידן נידעריגער ווי בא דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין אַ גלייכער מאָס, געמליך אויף אומגעפער 20 פּראָצענט“. דאָס איז שוין ריכטיג; דער מחבר איז געקומען צו אַזאַ אויספיר בנוגע צו לאָנדאָן דורכדעם, וואָס ער האָט פאַרגליכן די אידישע שטאַרבליכקייט פון זויג־קינדער (12,8) אין 1903 מיט דער אַלגעמיינער שטאַרבליכקייט פון זויג־קינדער אין לאָנדאָן (16,1) אין 1896—1900; און דאָס איז אַ פעלער, וואָרום די זויג־קינדער־שטאַרבליכקייט האַלט אין אַלע לענדער פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע אין שנעלן פאַלן, און לאָנדאָן איז אין דער הינזיכט קיין שום אויסנאַם נישט. איך קאָן סתם נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס האָט לעשצינסקי פאַר די אַלגעמיינע באַ־פעלקערונג ניט גענומען דאָס זעלבינע יאָר (1908) ווי פאַר די אידישע. וואָרום אויב וועגן אידן זיינען פאַראַן בלויז צופעליגע, ספּאָראַדישע ידיעות, איז דאָך וועגן לאָנדאָן בכלל פאַראַן רעגעלמעסיגע און נישט קיין איבער־געריסענע סטאַטיסטיק. וואָלט ער אָבער אי פאַר די אידישע זויג־קינדער אי בכלל פאַר לאָנדאָן גענומען דאָס זעלבינע יאָר 1908, וואָלט ער דאָן געפונען 12,8 געשטאָרבענע אויף 100 לעבעדיג געבוירענע בא די אידישע זויג־קינדער (לויט זיינע ציטירטע אָנגאַבן) און 18,1 בכלל צווישן די זויג־קינדער אין לאָנ־דאָן, ד. ה. כמעט די זעלבינע ציפער פאַר אידן ווי פאַר נישט־אידן.

בכלל ביים פאַרגלייכן אָנגאַבן פון פאַרשיידענע צייטפונקטן זיינען אין דעם בוך אָפּט פאָרגעקומען מיספאַרשטענדענישן. דער פאַרפאַסער פאַרגלייכט גע־וויינטליך די ערשטע און די לעצטע דאַטע פון זיין טאַבעלע און רעכנט אויס דעם פּראָצענט פון דעם זינקען אָדער פון דעם שטייגן פון די באַהאַנדלטע דערשיינונגען צווישן די ביידע עקסטרעמע צייטפונקטן. כדי אַזאַ מעטאָדע זאָל זיין ריכטיג, איז נויטיג קודם, אַז די ביידע דאַטן זאָלן זיין נאָרמאַלע. עס פאַסירט אָבער, אַז די ערשטע איז געווען אַן אויסנאַמדיגע. אַזוי צ. ב. אין דער טאַבעלע XVII, ז. 62, איז בא דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון אונגאַרן אין 1891־95 די שטאַרבליכקייט (33,1) געווען אויסנאַמדיג הויך

און דער נאַטירליכער צוּוואַקס (8,6) אויסנאַמווייז קליין (פאַר די פריערדיגע פינף יאָר 1886—90, וואָס געפינען זיך שוין נישט אויף דער טאַבעלע, איז די שטאַרבליכקייט געווען באַדייטנדיג נידעריגער—31,9, דאָסגלייכן אין די שפּעטערדיגע פינף יאָר 1896—1900 איז זי געווען בלויז 27,6; דער נאַטירליכער צוּוואַקס איז ווידער געווען 11,6 אין 1886—90 און 12,0 אין 1896—1900). דאָסגלייכן און נאָך עפטער פּאַסירט עס, אַז די לעצטע דאַטע, ווען עס האַנדלט זיך וועגן די נאָך־מלחמה־יאָרן, איז אַן אויסנאַמווייזע. אַ חוץ דעם, אין אָט דעם לעצטן פאַל פּאַסירט אָפט, אַז דעם פאַרפאַסערס סטאַטיסטיק ענדיגט זיך פאַר פאַרשיידענע לענדער מיט פאַרשיידענע יאָרן, אַזוי אַז לסוף באַציט זי זיך אַ מאָל שוין אויף אַן אומגעפער נאָרמאַלן צושטאַנד און אַמאָל אויף אַ מצב, וואָס איז נאָך באַאיינפלוסט דורך דער מלחמה און די שפּעטערדיגע אומרוהען. דער מחבר פאַרגעסט עס אָבער אָפט, ווען ער פאַרגלייכט דעם לעצטן צושטאַנד אין די פאַרשיידענע לענדער. אַזאַ מיספאַרשטענדניש איז באַגאַנגען געוואָרן צ. ב. בנוגע צו דער שטאַרבליכקייט פון זויג־קינדער אין בודאַפּעשט, וועלכע האָט זיך כלומרשט אַלס אויסנאַם פון אַלגעמיינעם כלל „אויף אַ גאַנצן פערטל" אויפגעהויבן — אַ דאַנק בלויז דעם, וואָס לעשצינסקיס סטאַטיסטיק האָט זיך אין בודאַפּעשט אָפּגעשטעלט מיטן שווערן יאָר פאַר אונגאַרן 1920 (טאַבעלע XXXIX און ז. 114). ענליך איז פאָרגעקומען מיט רומעניע; פון דער מלחמה־צייט האָט רומעניע סטאַטיסטיק בלויז פאַר דאָס יאָר 1918; דאָס איז געווען אַ יאָר פון שרעקליכסטער שטאַרבליכקייט כמעט אין דער גאַנצער וועלט אַ דאַנק דער אינפלוּענצע־עפּידעמיע; דער פאַרפאַסער פאַרגלייכט אָבער די רומענישע שטאַרבליכקייט פון דעם איינעם יאָר מיט דעם דורכשניט פון די קריגס־יאָרן אין אַנדערע לענדער און זאָגט, אַז דער וואוקס פון דער שטאַרבליכקייט איז אין רומעניען געווען העכער ווי אומעטום (ז. 147).

די טיטעלס פון די טאַבעלן זיינען זייער אָפט פאָרמולירט נישט ווי מען באַדאַרף. אין אַ נייער אויסגאַבע וואָלט מען געדאַרפט ענדערן כמעט דעם רוב פון זיי. גאָר דאָס זיינען בלויז ניט־גענויע פאָרמולירונגען. איין טאַבעלע אָבער (די טאַבעלע IV ז. 16) האָט אַזאַ מין טיטל, אַז עס קומט אויס פשוט צו קוועטשן מיט די פּלייצעס. איר אמת'ער אינהאַלט איז: די גלידערונג פון דער מענליכער, ווייבליכער און גאַנצער אידישער באַפעלקערונג פון אוקראַינע, אין עלטער פון 10 יאָר און מער לויט די עלטער־גרופּעס אין 1897 און 1920 (פּראָצענטיש־צאָלן). ווייסט איר, ווי איז דער טיטל פון דער דאָזיגער טאַבעלע? — „די פאַרלוסטן פון דער אידישער מענליכער באַפעלקערונג אין דער עלטער־גרופּע פון 20—29 יאָר דורך דער מלחמה און די פּאָגראָמען"! קיין איינציגע ציפער פון דער טאַבעלע ווייזט ניט קיין צאָל געהרגעטע אָדער פשוט געשטאָרבענע; עס זיינען דאָרטן בכלל קיין אַבסאָלוטע צאָלן נישטאָ, בלויז די רעלאַטיווע פאַרטיילונג פון לעבעדיגע צווישן די פאַרשיידענע עלטער־גרופּעס; דער כלומרש'דיגער טיטל איז באמת בלויז אַ פּירוש צו אַ געוויסן טייל פון דער טאַבעלע, צו דער ענדערונג, וואָס איז געשייען אין דער עלטער־גלידערונג פון אַ געוויסן טייל פון דער באַפעלקערונג (יונגע מאַנסלייט) צווישן 1897 און 1920; און אַ פּירוש איז דאָס דערצו נאָך אויך נישט קיין גענויער, וואָרום, שוין לאָזנדיג אַנדערע זאַכן אין אַ זייט, דאַרף מען דאָך נישט פאַרגעסן, אַז צווישן 1897 און 1920 ליגן ניט בלויז די מלחמה און די פּאָגראָמען, נאָר אויך דער גאַנצער פּאַס פון דער גרויסער אידישער עמיגראַציע, וועלכע האָט אַוועקגעטראָגן יונגע מאַנסלייט אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס, ווי אַלע איבעריגע עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג.

דער פאַרפאַסער געברויכט אָפט אויך ניט גענויע אָדער נישט־ריכטיגע אויסדרוקן. צווישן זיי דאַרף מען באַזונדער אונטערשטרייכן דאָס וואָרט „שטאַרבליכקייט". בײַ אים האָט דאָס וואָרט פאַרשיידענע באַדייטונגען: ניט בלויז די אַבסאָלוטע צאָל געשטאָרבענע און די פאַרהעלטעניש פון דער צאָל געשטאָרבענע צו דער צאָל פון די לעבעדיגע פון אַ געוויסער גרופּע, נאָר זייער אָפט אויך — און דאָס איז לחלוטין פאַלש — די פאַרהעלטעניש פון דער צאָל געשטאָרבענע פון אַ געוויסער גרופּע צום סך הכל פון די געשטאָרבענע. אַזוי געפינען מיר בײַ אים פראַזן ווי די פאָלגנדיגע: „בײַ די אידן אין העסן איז די שטאַרבליכקייט פון זויג־קינדער $2\frac{1}{2}$ ביז 3 מאָל נידריגער ווי בײַ דער אַרומיגער באַפעלקערונג" (ז. 130); דאָס וואָלט געווען ריכטיג, ווען פון אַ גלייכער צאָל קינדער (לעבעדיגע) וואָלטן בײַ אידן געשטאָרבן פון $2\frac{1}{2}$ ביז 3 מאָל ווייניגער ווי בײַ דער נישט־אידישער באַפעלקערונג; באמת אָבער וויל דער מחבר זאָגן: די זויג־קינדער בילדן צווישן די געשטאָרבענע $2\frac{1}{2}$ ביז 3 מאָל אַ קלענערן פּראָצענט בײַ די אידן ווי בײַ דער אַרומיגער באַפעלקערונג. דער מחבר פאַרשטייט אַליין, אַז דאָס איז ניט דיזעלביגע זאַך; ער ווייס, אַז דער פּראָצענט, וואָס אַ געוויסע גרופּע (צ. ב. זויג־קינדער) בילדעט צווישן די געשטאָרבענע פון אַ וועלכער ניט איז באַפעלקערונג, הייגנט אָפּ ניט בלויז פון דער שטאַרבליכקייט פון דער דאָזיגער גרופּע (פאַרהעלטעניש פון איר צאָל געשטאָרבענע צו איר צאָל לעבעדיגע), נאָר אויך פון דער צאָל לעבעדיגע פון דער זעלביגער גרופּע און פון דער צאָל לעבעדיגע פון דער איבעריגער באַפעלקערונג. צו דעם דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז עס הייגנט אָפּ אויך פון דער שטאַרבליכקייט פון די איבעריגע גרופּעס פון דער באַפעלקערונג. עס איז דעריבער גאַנץ מעגליך ניט בלויז, אַז בײַ אַ באַפעלקערונג (A), וואו די קינדער האָבן אַ קלענערע שטאַרבליכקייט, זאָלן זיי בילדן אַ גרעסערן פּראָצענט פון די געשטאָרבענע, אויב די דאָזיגע באַפעלקערונג ציילט אַ גרעסערן פּראָצענט קינדער (לעבעדיגע), ווי אַן אַנדערע באַפעלקערונג (B); עס איז מעגליך אַפילו, אַז בײַ A זאָלן די קינדער אי זיין אַ קלענערער פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, אי האָבן אַ קלענערע שטאַרבליכקייט און פונדעסטוועגן בילדן אַ גרעסערן פּראָצענט פון די געשטאָרבענע ווי בײַ דער באַפעלקערונג B, — אויב די שטאַרבליכקייט פון די איבעריגע עלטער־גרופּעס זיינען בײַ A באַדייטנדיג קלענער ווי בײַ B. גיט מען זיך אין דעם אָפּ אַ קלאָרן חשבון, דאַן פאַרלירן אַ גרויסן טייל פון זייער באַווייז־קראַפט אי די טאַבעלע 45 (וועגן פּרייסן), אי די טאַבעלע 49 (וועגן קראָקע), אי די טאַבעלע 51 (וועגן העסן); יעדנפאַלס קאָן מען שוין בשום אופן נישט געברויכן דאָס וואָרט „שטאַרבליכקייט" אָנשטאָט „פּראָצענט צווישן די געשטאָרבענע", און ווייניגער נאָך קאָן מען מעסטן דעם אונטערשייד אין דער שטאַרבליכקייט בײַ צוויי פעלקערשאַפטן אָדער אין פאַרשיידענע עפּאָכעס לויט דעם פּראָצענט צווישן די געשטאָרבענע, ווי דאָס ווערט געטאָן אין די קאָמענטאַרן צו די דאָזיגע טאַבעלעס (זז. 121 און 128—131).

נישט אין גאַנצן כשורה איז אַן אַנטקעגנשטעלונג ווי די פאָלגנדיגע (וועלכע געפינט זיך אויף ז. 26; ענליכע געפינען זיך אויך אַנדערשוואו): פון 1822—40 ביז 1914 איז די געבורטן־שטופע אין פּרייסן געפאַלן בײַ דער גאַנצער באַפעלקערונג פון 40,0 פּער טויזנט איינוואוינער אויף 27,8 און בײַ די דאָרטיגע אידן פון 35,5 פּער טויזנט אויף 14,3; פאַרגלייכט דער פאַרפאַסער די גרויס פון דעם זינקען בײַ אידן און בײַ דער איבעריגער באַפעלקערונג (צוליב פאַרשיידענע סבות האַלט איך דאָס דאָזיגע פאַרגלייכן צווישן 1820 און 1914 פאַר אויך נישט אינגאַנצן באַרעכטיגט, נאָר דאָס איז אַן אַנדערע פראַגע) און זאָגט: „בעת בײַ דער אידישער באַפעלקערונג איז די געבורטן־שטופע געזונקען $2\frac{1}{2}$ מאָל, האָט זי זיך אין דער זעלביגער צייט בײַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג פאַרקלענערט בלויז אויף אַ דריטל". קלערער וואָלט געווען צו זאָגן, אַז בײַ אידן איז זי געפאַלן $2\frac{1}{2}$ מאָל און בײַ נישט־אידן $1\frac{1}{2}$ מאָל (ד. ה. צעטיילט רעספּעקטיוו אויף פינף צווייטל און דריי צווייטל), אָדער אַז בײַ אידן איז זי געפאַלן אויף דריי פינפטל (60 פּראָצענט) און בײַ אַנדערע בלויז אויף אַ דריטל (31 פּראָצענט); בעת מ'שטעלט אָבער אַנטקעגן פון איין זייט $2\frac{1}{2}$ מאָל און פון דער אַנדער זייט אויף איין דריטל, ווערט וועגן דעם חלוק צווישן דער געבורטליכקייט בײַ אידן און נישט־אידן געשאַפן בײַם לעזער (וועלכער האָט נישט די צייט און די מעגליכקייט נאָכצוגריבלען זיך אין די ציפערן) אַ פאָרשטעלונג אַ פאַרגרעסערטע, ד.ה. נישט קיין ריכטיגע. און דערין לאָזט זיך שוין שפּירן אַ שטיקל טענדענץ פון דעם מחבר.

ווי איך האָב שוין אויבן געזאָגט, איז איינס פון די גרעסטע פאַרדינסטן פון יעקב לעשצינסקי דאָס, וואָס זיין סטאַטיסטישע אונטערזוכונג איז גאַנץ אָביעקטיוו און פריי פון פאָראורטיילן. דאָס איז אַזאַ גרויסע מעלה און אַזאַ זעלטענע מעלה ניט בלויז אין אונזער אידישן וועלטל, אַז שוין אַנטקעגן דעם אַליין ווערן בטל'יך אַלע פאַרשיידענע איינצלנע פּגימות, וואָס מ'קאָן געפינען אין לעשצינסקיס בוך. און נאָר דערפאַר, ווייל דער מחבר איז אין זיין ווערק אין דעם פּרט אַ צדיק, בין איך מיט אים מדקדק אין דער הינזיכט כחוט השערה. אין דעטאַלן, אין איינצלהייטן לאָזט זיך בײַ אים אָפּטמאָל פילן דער איינפלוס פון זיינע פאָרויסגעזעצטע געדאַנקען און פערזענליכע סימפּאַטיעס.

אויף ז. 7 זאָגט דער פאַרפאַסער: „אומעטום, אין אַלע לענדער אָן אויסנאַם שטייגן די אידן אַריבער די אַרומיגע באַפעלקערונג ווי אין סאָציאַלער אַזוי אויך אין קולטורעלער הינזיכט". מילא אין סאָציאַלער, קאָן מען דאָס נאָך מיט באַדייטנדיגע שוועריגקייטן מעסטן, הגם עס איז אַ ספק, צי דער מחבר האָט דאָס טאַקע אומעטום געמאָסטן; אין קולטורעלער הינזיכט אָבער דאָס ווי געהעריג פעסטצושטעלן, איז שוין גאָר אַ האַרבע סדרה. דער מחבר איז אָבער דערין זיכער, און נאָך ווי זיכער: „אומעטום", „אין אַלע לענדער אָן אויסנאַם". שוין אָט די קאַטעגאָרישקייט, אָט דער אַב־

פאַרטײַב, ײַזם, אַז מ׳האָט דאָ צו טאָן נישט מיט װיסנשאַפטליך פעסטגעשטעלטע פאַקטן, נאָר מיט אַ גלויבן־זאַך, מיט פאָראויסגעזעצטע איבערצײַגונגען, מיט דעם געפיל פון אתה בחרתנו, װאָס אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס לעבט כמעט בײַ יעדן אידן און נישט בלויז בײַ אידן.

די אידישע „פאַמיליע־טראַדיציעס“ שפּילן אַ װיכטיגע ראָלע אין לעשצינסקיס בוך בײַם דערקלערן געװיסע דעמאָגראַפישע דערשײַנונגען בײַ אידן און ספּעציעל בנוגע דער פאַרהעלטנישמעסיג קלײנער קינדער־שטאַרבליכקײט. אַ געװיסער טײל אמת איז בלי ספק פאַראַן אין בײדע זאַכן: סײ אין דעם געװײנטליכן פאַקט גופא פון אַ קלענערער קינדער־שטאַרבליכקײט, סײ אין דער דערקלערונג דורך דעם פאַמיליע־לעבן. דער פּראָפעסאָר מאַכט אָבער פון דעם אָפטן דעמאָגראַפישן פאַקט אַ אוניװערסאַלן געזעץ: „די אידישע זױגקינדער־ און קינדער־שטאַרבליכקײט איז אומעטום קלענער װי די זױגקינדער־ און קינדער־שטאַרבליכקײט בײַ די נישט־אידן“ (ז. 133). דערבײַ פאַרגעסט ער צ. ב. אַז גראָד אין װילנע, װעלכע ער שטעלט כסדר אַרויס אַלס „היטערין פון די בעסטע אידישע פאַמיליע־טראַדיציעס“, געפינט מען בײַ אידן אַ גרעסערע שטאַרבליכקײט פון זױגקינדער, װי בײַ דער נישט־אידישער באַפעלקערונג. װילנע איז דערבײַ נישט דער אײנציגער, הגם אפשר דער שטאַרקסטער אויסנאַם. פון די שטעט, װאָס װערן געבראַכט אין לעשצינסקיס בוך, קאָן מען נאָך אָנרופן לעמבערג, און, װי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, לאנדאָן, װאו די זױגקינדער־שטאַרבליכקײט איז בײַ אידן נישט קלענער װי בײַ דער איבעריגער באַפעלקערונג.

אָבער די אַלע באַמערקונגען מײַנע און נאָך אַנדערע, װאָס מ׳װאָלט געקאָנט מאַכן, זײַנען סוף כל סוף נוגע מער אָדער װעניגער װיכטיגע פּרטים, אָבער בלויז פּרטים, פון לעשצינסקיס װיסנשאַפטליכער געבײַדע. אויב איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם, װאָס שײַנט מיר אַלס טײלװײַזע חסרונות, איז דאָס בלויז דערפאַר, װײַל איך גלויב, אַז זײ קאָנען אַלע באַזײַטיגט װערן, און אַז עס איז כדאי זײ צו באַזײַטיגן צוליב דעם גרויסן װערט פון לעשצינסקיס װערק גענומען אין גאַנצן.

װעגן אײן ענין װאָלט איך סונדערסטװעגן געװאָלט מיטן מחבר דיסקוטירן—בנוגע צו די הויפּט־שטריכן גופא פון דעם בילד, װאָס ער האָט אונז געגעבן. איך זאָג דײַטליך דיסקוטירן, װײַל בלויז די צײַט װעט װײַזן, װער פון אונז איז גערעכט; דערװײַלע קאָנען דעריבער זײַן חלוקי דעות.

לעשצינסקיס בילד איז דורכאויס פּעסימיסטיש בנוגע צו די מערב־אײראָפּײאישע אידן און איז, פאַרקערט, דורכאויס אָפּטימיסטיש בנוגע צום מזרח־אײראָפּײאישן אידנטום. איך בין אַ ביסל װעניגער פּעסימיסט בנוגע די „װעסט־יודן“ און — אין לעשצינסקיס זין — אַ סך װעניגער אָפּטימיסט בנוגע די אידן פון מזרח־אײראָפּײאישער אָפּשטאַמונג (מזרח־אײראָפּע, אַמעריקע, א.ד.גל.).

לויט לעשצינסקין, װאָלטן די „װעסט־יודען“ „געװיס און ענטגילטיג דעגענערירן (װאָס הײסט דאָ אײגנטליך דעגענערירן? — ל. ה.), װען עס זאָל זײ נישט צוקומען אַ שטענדיגער צוגוס פון אידיש בלוט פון די מזרח־לענדער“ (ז. 49); פאַר זיך אַלײן זײַנען דאָס אָפּגעדאַרטע אָדער אָפּדאַרנדיגע צװײַגן פון אידישן לעבנס־בוים; „אָבער דער שטאַם פון דעם בוים, דאָס מזרח־אידנטום װײַזט זיך אַרויס געזונט און פרוכטבאַר“ (ז. 164); „דאָס מזרח־אידנטום האַלט אויס דעם פאַרגלײַך מיט די געזונטסטע און פרוכטבאַרסטע פעלקער פון אײראָפּע און האָט נאָך איבער זײ דעם פאָרטײל“, װעלכער באַשטײט דערין, װאָס בײַ די „אָסט־יודן“ איז נישט צו גרויס די געבורטליכקײט, נאָר פיל קלענער די שטאַרבליכקײט (ז. 164).

מיר דוכט זיך, אַז לעשצינסקי באַגײט דאָ אַ טעות, נישט נעמענדיג גענוג אין אָנבאַטראַכט דעם פאַקטאָר צײַט און די אַלגעמײנע דעמאָגראַפישע דערפאַרונג.

צוזאַמען מיט אַנדערע פאָרשער, נאָר װי געװײנטליך צופיל קאַטעגאָריש, זאָגט לעשצינסקי, אַז „אומעטום יאָגט די אידישע באַפעלקערונג אַריבער די נישט־אידישע אויף עטליכע צענדליג יאָר פאַראויס, באַזונדער בנוגע צום פאַלן פון דער געבורטליכקײט“ (ז. 23). בנוגע צו מערב־אײראָפּע איז דאָס אין 19־טן יאָרהונדערט געװען ריכטיג, מחמת בײַ אידן האָט די געבורטליכקײט און שטאַרבליכקײט אָנגעהויבן פאַלן טאַקע אַ סך פריער װי בײַ דער איבעריגער באַפעלקערונג. הײַנט אָבער איז דאָס שוין דאָרטן, בכלל גענומען, נישט מער ריכטיג (אויב מען פאַרגלײַכט שטאָטישע באַפעלקערונג מיט שטאָטישער). מיט די אידן איז דאָ געשען אַן ענליכע דערשײַנונג װי מיט פראַנקרײַך. אין פראַנקרײַך האָט דער „נײַער דעמאָגראַפישער קורס“ פון קלײנער געבורטליכקײט און קלײנער שטאַרבליכקײט אָנגעהויבן זיך זײַט אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט (און אפשר נאָך פריער), אַזוי אַז צום סוף פון יאָרהונדערט האָט זי אין דער הינזיכט װײַט געלאָזן הינטער זיך אַנדערע אײראָפּײאישע לענדער (אַלע לענדער אין הינזיכט פון קלײנער געבורטליכקײט). אין אַנדערע לענדער האָט זיך דער דאָזיגער קורס אָנגעהויבן דאָס רוב ערשט אין לעצטן פערטל פון 19־טן יאָרהונדערט און איז געװאָרן דאָמינירנדיג בלויז זײַט דעם אָנפאַנג פון 20־טן יאָרהונדערט. פראַנקרײַך האָט אַזוי אַט געזען װײַט פאָראויס, װאוהין עס גײען אַנדערע לענדער פון אונזער אײראָפּײאיש־בורזשואַזער ציװיליזאַציע. דערפאַר אָבער אין די „הינטערגעבליבענע“ לענדער האָט דער נײַער קורס גענומען גײן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז לסוף האָבן זײ אין צען יאָר דורכגעמאַכט אָפטמאָל אַ מהלך, װאָס פראַנקרײַך איז עס דורכגעגאַנגען אין משך פון אַ יאָרהונדערט; הײַנט צו טאָג איז כמעט אין אַלע מערב־אײראָפּײאישע לענדער די שטאַרבליכקײט באַדײַטנדיג קלענער װי אין פראַנקרײַך; אין געװיסע לענדער, װי למשל אין ענגלאַנד, שװעדן, שװײץ, איז שוין אַפילו די געבורטליכקײט אויך עפּעס קלענער װי די פראַנצויזישע.

דאָס גלײַכע זעהען מיר, װען מיר פאַרגלײַכן די געבורטליכקײט פון דער אידישער און אַלגעמײנער באַפעלקערונג צ. ב. אין בערלין (לויט די אָנגאַבן, װאָס געפינען זיך בײַ לעשצינסקין גופא, ז. 30). דאָס טעמפּאָ פון דעם פאַלן איז דאָרטן בײַ דער נישט־אידישער באַפעלקערונג אין אָנפאַנג גאַנץ שװאַך (ביז 1880 איז די געבורטליכקײט בכלל נישט געפאַלן). עס װערט אָבער שפּעטער אַלץ שטאַרקער, אַזוי אַז לסוף, אין 1923 איז שוין די אַלגעמײנע געבורטליכקײט אין בערלין אויך אַזוי נידריג װי בײַ די דאָרטיגע אידן. אין פראַנקפורט־אַם־מײַן איז זי געפאַלן אַפילו װײַט נידריגער װי בײַ די אידן (ז. 35). פאַרשטײט זיך, װען מ׳פאַרגלײַכט די אידישע באַפעלקערונג פון אַ גאַנצער מדינה מיט דער נישט־אידישער באַפעלקערונג פון אַ גאַנצער מדינה, ד.ה. בעת מ׳פאַרגלײַכט אַ שטאָטישע באַפעלקערונג (אידן) מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג, איז דער רעזולטאַט הײַנט צו טאָג אַן אַנדערער; די טענדענץ בלײַבט פונדעסטװעגן אַן ענליכע, װי מ׳קאָן עס זעהען למשל אין פּרײַסן (ז. 26).

צי גײט מערב־אײראָפּע מיט אויסערסט ראַשע טריט צו דעגענעראַציע? צי איז דאָס פראַנצויזישע פאָלק שוין אַן אָפּדאַרנדיגער אָדער אפשר גאָר אָפּגעדאַרטער צװײַג פון אײראָפּײאישן בוים? — דאַן און נאָר דאַן קאָן מען אויפן יסוד פון די דעמאָגראַפישע אָנגאַבן זאָגן, אַז דאָס מערב־אײראָפּײאישע אידנטום שטײט פאַר דעגענעראַציע (שוין נישט רעדנדיג װעגן פּאָזיטיװע אויסנאַמען, װי בײַ די אידן אין אַמסטערדאַם, װאו די גאַנצע פראַגע שטעלט זיך גאָר נישט).

נאָר אויב יאָ, אויב דאָס ראַשע פאַלן פון דער געבורטליכקײט דאַרף אויסגעטײַטשט װערן אַלס אַ דערנענטערונג צו דעגענעראַציע, דאַן האַלט עס זײער שלעכט אויך מיט דער צוקונפט פון דעם מזרח־אײראָפּײאישן אידנטום (װי מיט דער גאַנצער ציװיליזירטער װעלט בכלל). דאָס, װאָס דערװײַלע איז די געבורטליכקײט נאָך נישט געפאַלן אַזוי טיף, אַז עס זאָל קוים בלײַבן אַ װעלכער ניט איז נאַטירליכער צוװאַקס, אָדער עס זאָל אין גאַנצן שוין קײן נאַטירליכער צוװאַקס ניט בלײַבן, ענדערט זײער װעניג די צוקונפט־פּערספּעקטיװן. די געבורטליכקײט האַלט אין מזרח אויך אין ראַשן פאַלן, און עס איז דעריבער בלויז אַ פראַגע פון צײַט, װען זי װעט דערגרײכן יענע מדרגה, װאו עס בלײַבט קוים פּלאַץ פאַר אַ צוװאַקס פון דער באַפעלקערונג.

בכלל אין אַלע פאַרגעשריטענע לענדער פון דער מאָדערנער אײראָפּײאישער ציװיליזאַציע, װי אין אײראָפּע אַזוי אויך אויסער איר, פאַלט סײַ די געבורטליכקײט סײַ די שטאַרבליכקײט; זײ פאַלן אָבער אין ערגעץ נישט מיט אַ גלײַכער קראַפט. אין אָנפאַנג פאַלט געװײנטליך די שטאַרבליכקײט פיל שטאַרקער, אַזוי אַז דער נאַטירליכער צוװאַקס פאַרגרעסערט זיך נאָך; שפּעטער אָבער װערט דאָס פאַלן פון דער שטאַרבליכקײט אַלץ שװאַכער (מיר זײַנען דאָך נישט אומשטערבליך), בעת, פאַרקערט, די געבורטליכקײט הויבט אָן זײער שטאַרק צו זינקען; דער נאַטירליכער צוװאַקס, דער איבערפלוס פון די געבורטן, װעלכער האָט אין אָנפאַנג פון בײדנס פאַלן געהאַט דערגרײכט זײַן מאַקסימום, װערט אויף אַזאַ אַרט שפּעטער כסדר אַלץ קלענער, אָפטמאָל פאַרשװינדט אינגאַנצן אָדער װערט אַפילו נעגאַטיװ. גראַפיש קאָן מען דאָס פאָרשטעלן אויף פאָלגנדיגן אופן: מיר האָבן צװײ קרומע ליניעס, װאָס דערנענטערן זיך בײדע צום אַקס פון די אַבציסן; בעת אָבער די אויבערשטע קרומע, װאָס שטעלט פאָר די געבורטליכקײט, האָט אַן אויסגעבויגענע פאָרם, האָט די אונטערשטע קרומע, די שטאַרבליכקײט, אַן אײַנגעבויגענע פאָרם; קומט אויס, אַז אין אָנפאַנג דערװײַטערן זיך די קרומע אײנע פון דער אַנדערער און עס פאַרגרעסערט זיך דער שטח צװישן זײ (איבערפלוס פון געבורטן); שפּעטער דערגרײכט אָט דער שטח בײַ אַ געװיסן פּונקט זײַן מאַקסימום, און נאָך שפּעטער דערנענטערן זיך שוין די קרומע צװישן זיך,

אַזוי אַז דער שטח צווישן זיי ווערט כסדר קלענער. די פאַרשיידענע לענדער פון אונזער מאָדערנער ציוויליזאַציע געפינען זיך געגנוואַרטיג אויף פאַרשיידענע פונקטן פון דער דאָזיגער עוואָלוציע, אָבער איינס נאָך דעם אַנדערן טרעטן זיי אַריין אין די פאַזע, ווען ביידע קרומע ליניעס דערנענטערן זיך אַלץ מער איינע צו דער אַנדערער. און די פאַרשיידענע אָנגאַבן, וואָס געפינען זיך אין לעשצינסקיס ווערק איבער די נאַטירליכע באַוועגונג פון דער מזרח־אייראָפּייאישער אידישער באַפעלקערונג, ווייזן דייטליך, אַז אויך דאָס מזרח־אידנטום האָט שוין ווייט הינטער זיך דעם פונקט, וואו דער געבורטן־איבערפלוס האָט זיך געפונען אויף זיין מאַקסימום און אַז דער נאַטירליכער צוואַקס האַלט שוין אין דאַשן פאַלן. אין אַ רייע וויכטיגערע מזרח־אייראָפּייאישע שטעט, איז די אידישע באַפעלקערונג שוין גאָר נאָענט צו יענעם מצב, אויף וועלכן עס געפינען זיך די מערב־אייראָפּייאישע אידן, אָדער אויף וועלכן זיי האָבן זיך געפונען גאָר ניט לאַנג צוריק, בעת מ'האָט זיי שוין אויך געהאַלטן פאַר אָפּדאַרנדיגע צווייגן פון אידישן בוים.

ווי ווייניג מ'קאָן מאַכן אַ ראַדיקאַלן קוואַליטאַטיוון אונטערשיד צווישן דער נאַטירליכער באַוועגונג פון מזרח־ און מערב־אייראָפּייאישן אידנטום, קאָן מען איבעריגנס זעהן פון דער פאָלגנדיגער קליינער טאַבעלע, וועלכע באַציט זיך אויף 10 מזרח־ און מערב־אייראָפּייאישע שטעט (די ציפערן זיינען גענומען אין פאַרשיידענע ערטער פון לעשצינסקיס בוך). אויף יעדע טויזנט פון דער אידישער באַפעלקערונג זיינען אויסגעקומען:

| שטעט | געבורטן | טויטפאַלן | געבורטן־איבערפלוס |
|---|---|---|---|
| I | 14,1 | 10,4 | 3,7 |
| II | 15,3 | 10,3 | 5,0 |
| III | 16,0 | 13,6 | 2,4 |
| IV | 18,3 | 13,9 | 4,4 |
| V | 18,9 | 12,7 | 6,2 |
| VI | 19,2 | 10,9 | 8,3 |
| VII | 19,4 | 12,0 | 7,4 |
| VIII | 20,0 | 14,1 | 5,9 |
| IX | 23,4 | 14,3 | 9,1 |
| X | 23,5 | 11,1 | 12,4 |

איך האָב עקסטרע נישט אָנגערופן די שטעט באַ זייער נאָמען, נאָר באַצייכנט זיי מיט רוימישע נומערן, כדי דער לעזער זאָל אַליין קאָנען מאַכן די פּראָבע. זאָל מען עמיצן פרעגן — אַפילו לעשצינסקין גופא, — וועלכע שטעט זיינען דאָ, לויט זייער באַפעלקערונג־באַוועגונג, מזרח־אייראָפּייאישע און וועלכע זיינען מערב־אייראָפּייאישע; איך בין איבערצייגט, אַז אין אַ העלפט פאַלן וועט ער זיך טועה זיין. באמת, אונטער I מיט איר בולטן כאַראַקטער פון „וועסט־אידישער" נאַטירליכער באַוועגונג (אויסערסט נידריגער געבורטליכקייט, אויסערסט נידריגער שטאַרבליכקייט און קליינינטשקען נאַטירליכן צוזואוקס), איז באַצייכנט די שטאָט וואַרשע אין 1923—24; דאָס—גלייכן אונטער II איז באַצייכנט פּעטערבורג אין 1913; מיט III איז באַצייכנט בערלין און מיט IV ווין, ביידע אָבער פאַר די צייט 1901—1910; מיט V איז באַצייכנט פראַנקפורט אַם מאַין אין 1906; מיט VI איז באַצייכנט אַמסטערדאַם אין 1919—22, מיט VII לאָדז כמעט אין דיזעלביגע יאָרן (1922—24) און מיט VIII לובלין אין 1924; מיט IX איז באַצייכנט לעמבערג אין 1924 און מיט X גראַץ אין 1903—1904.

ווי מ'זעהט, באַציען זיך די אַלע ציפערן אויף דעם ערשטן פערטל פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט. ס'איז אָבער גענוג געווען צו נעמען פאַר איין שטאָט די ציפערן פון אַ צענדליג יאָר פריער אָדער שפּעטער (דער גרעסטער חילוק איז דאָ אין צוואַנציג יאָר), כדי די שטריכן זאָלן ווערן אַזוי מטושטש, מ'זאָל נישט קאָנען אונטערשיידן צווישן מזרח און מערב. דער אונטערשיד צווישן דער נאַטירליכער באַוועגונג פון דעם „אָסט"־ און „וועסט"־יודענטום" איז אַלזאָ בלויז אַ פראַגע פון צייט.

און נישט פון קיין לאַנגער צייט. וואָרום, ווי איך האָב שוין געזאָגט, די „אָפּגעשטאַנענע" באַפעלקערונגען מאַכן דורך דעם זעלביגן וועג, וואָס די „פאָרגעשריטענע" אָן אַן ערך ראַשער. איך מיין דעריבער, אַז לעשצינסקיס אָפּטימיזם מכוח דער פרוכטבאַרקייט פון דעם מזרח־אידנטום קאָן קיין לאַנגן דויער ניט האָבן. וואַרשע האָט שוין היינט אַן אויסערסט קליינעם נאַטירליכן צוזואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג, און דאָס אויך ניט קוקנדיג דערויף, וואָס די עלטער־גלידערונג אירע, אַ דאַנק דעם שטענדיגן צוגוס פון דערוואַקסענע יונגע מענשן פון דער פּראָווינץ, איז באַזונדער גינציג פאַר אַ הויכער געבורטליכקייט־ציפער און פאַר אַ נידריגער שטאַרבליכקייט־ציפער. אין ווילנע, וואו דער עלטער־בוי איז בלי ספק אַ סך ווייניגער גינציג, איז גאַנץ מעגליך, אַז עס זאָל שוין גאָר אינגאַנצן נישט זיין קיין איבערפלוס פון געבורטן איבער טויטפאַלן. אויב די מערב־אייראָפּייאישע אידן זיינען אָפּדאַרנדיגע צווייגן, דאַן איז אַלזאָ אויך „דער שטאַם פון בוים", דאָס מזרח־אייראָפּייאישע אידנטום שוין ערנסט קראַנק.

נאָר אויב אַ קנאַפּער נאַטירליכער צוזואוקס איז אַ קרענק, דאַן זיינען דערויף קראַנק, און וואָס ווייטער אַלץ מער, אַלע לענדער פון אונזער געגנוואַרטיגער ציוויליזאַציע. קיין ספּעציפיש אידישע קרענק איז דאָס נישט. און דערין באַשטייט—אויב מען וויל דוקא אָפּטימיזם — מיין פאַרהעלטניסמעסיגער אָפּטימיזם.

נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, לעשצינסקי'ס בוך, ווי איך האָב שוין אין אָנפאַנג געזאָגט, וועט פאַרנעמען אַן אָנגעזעהענעם אָרט אין דער דעמאָגראַפישער ליטעראַטור צוליב דעם גרויסן ליכט, וואָס עס וואַרפט אויף אַזאַ טונקלען, צעברעקלטן און וויכטיגן געביט, ווי די נאַטירליכע באַוועגונג באַ דער אידישער באַפעלקערונג פון אייראָפּע. מ'וועט דעריבער דאָס ווערק לייענען און שטודירן נישט בלויז באַ אידן, נאָר אויך בכלל.

* * *

# א קורצער ענטפער אויף א לאנגע קריטיק

## יעקב לעשצינסקי

מיר מוזן מודה זיין, אַז מיר האָבן זיך שטאַרק געשלאָגן מיט דער דעה, צי מיר זאָלן געבן די העבער געבראַכטע רעצענזיע, כאָטש זי קומט פון אַזאַ אויטאָריטעט, ווי פּראָפעסאָר הערש. מיר ווילן איינפירן אין אונזער ביבליאָגראַפיע, אַז פריער פון אַלץ זאָל דער לעזער באַקומען אַ אָביעקטיווע קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן זאַכליכן און געדאַנקליכן אינהאַלט פון רעצענזירטן בוך, און אין דער צווייטער רייע זאָלן קומען מעלות און חסרונות פון בוך, מיינונגען און אָפּשאַצונגען פון רעצענזענט. פּראָפעסאָר הערש אָבער, כאָטש ער זאָגט אַליין, אַז דאָס רעצענזירטע בוך איז „אַ געשייעניש אין דער אידישער וויסנשאַפטליכער ליטעראַטור", אַז דאָס בוך „וועט געוויס פאַרנעמען דעם אויבן־אָן אין דער אידישער וויסנשאַפט", האָט זיך אַזוי געלאָזט פאַרפירן פון די פּאָר טעכנישע פעלערן און דרוק־טעותן, אַז ער האָט שוין פאַרגעסן באַקענען דעם לעזער מיט די פּראָבלעמעס און פראַגעס, וועלכע פאַרנעמען אין בוך אַזאַ וויכטיגן פּלאַץ און וועלכע וואָלטן געוויס געווען פאַרן אידישן לעזער און אפשר טאַקי גאַנץ באַזונדערס פאַרן ,דאָזיגן לעזער אַ סך אינטערעסאַנטער און וויכטיגער, ווי די לאַנגע חקירות איבער אַ אלף־בית־אמת, אַז מען דאַרף ניט צולאָזן קיין טעותן און קיין דרוק־פעלער.

אמת, פּראָפעסאָר הערש רעכנט אוים די קעפּלאַך פון די קאַפּיטלאַך פונם בוך, אָבער דאָס הייסט דאָך ניט געבן דעם לעזער אַ פאָרשטעלונג וועגן תוך פון בוך, וועגן זיינע אויפטוען אין די באַהאַנדלטע פּראָבלעמעס, וועגן די נייע אויספירן, צו וועלכע דער מחבר קומט. באַ אונזער אָרימקייט אין וויסנשאַפטליכער זאַכליכער פּאָלעמיק, באַ דער מדבר־סביבה, אין וועלכער דעם אידישן וויסנשאַפטלער קומט אוים צו אַרבעטן און צו צעוויקלען זיינע געדאַנקען, וואָלט אַ אינהאַלטליכע וויסנשאַפטליכע דיסקוסיע אַ סך מער באַפרוכפערט און באַרייכערט אונזער פעלד, ווי דאָס לאַנגע פאַרשפּרייטן זיך וועגן זאַכן, וועלכע מען דאַרף פּשוט דערמאָנען און אָנווייזן.

מיר קאָנען דעם רעצענזענט נאָר זאָגן אַ דאַנק פאַר זיין מי אויפצוזוכן אַלע דרוק־פעלער און אַלע צרות פון בחור הזעצער און וואָלטן געקאָנט איינגנטליך איבערגייען צו די ערנסטערע טענות, אויף וועלכע מיר געפינען פאַר נויטיג אין קורצן צו ענטפערן. מאָלט אָבער פּראָפעסאָר הערש דעם שד אַזוי שוואַרץ, אַז מיר מוזן כאָטש אויף איין ביישפּיל זיך אָפּשטעלן. נעמען מיר טאַקי דעם ערשטן ביישפּיל פון דער רעצענזיע. אין דער ערשטער שורה—באַ די געבורטן שטייט איינמאָל 34,40 און ווייטער צוויי מאָל 34,4. נו, דאָס איז ניט קיין טעות. אין דער צווייטער שורה—באַ די טויט־פאַלן — שטייט צוויי מאָל 16,7 אויפן אָרט פון 16,17. דער בחור הזעצער האָט

פשוט פאַרלאָרן די אײנס און דער קאָרעקטאָר האָט עס ניט אױסגעבעסערט אָדער די זעצער האָבן דאָס אױסגעבעסערטע ניט ערנסט גענומען. דער געניטער סטאַטיסטיקער װעט אָבער קײנמאָל באַ אַזאַ פאַל ניט געשטרױכלט װערן, װײַל ער װעט גרינג מערקן, װאו דער טעות שטעקט. אַ טעות איז נאָר דאָ אױף זײַט 135, װאו ס׳שטײט 17,7 אױפן אָרט פון 18,28, אָבער אױך דאָ קען דער פאַכמאַן באַמערקן, פון װאַנען דער פעלער איז געקומען—דער זעצער האָט פאַרשלעפּט די 17,7 פון דער שכנישער שורה, װאו זי איז אױפן ריכטיקן פּלאַץ, און האָט ניט געפאָלגט קײנע אױסבעסערונגען. מען דאַרף געדענקען, אַז די אַרבעט האָט זיך געדרוקט קאַפּיטלאַך־װײַז אין אַ זשורנאַל, װאָס גײט אַרױס אין פּאַריז — אַלזאָ גאַנץ װײַט פונם מקום פון מחבר, אין אַ איטאַליענישער זעצערײַ און דערבײַ אױף דײַטש. און איך זאָג גאַנץ אָפן, אַז איך בין גליקלעך, װאָס באַ אַזאַ לאַגע האָט דאָך אַפילו פּראָפעסאָר הערש מיט זײַן פאַרגרעסער־גלאָז אָנגעצײלט ניט מער פון אַזעלכע 7—8 פעלער און טעותן. אָבער לאָמיר ניט נאָכטוען דעם רעצענזענט און זיך ניט פאַרהאַלטן צו לאַנג באַ זאַכן, װעלכע זײַנען דאָס ניט װערט און לאָמיר בעסער איבערגײן צו די ערנסטע טענות.

די װיכטיקסטע טענה איז, אַז איך האָב באַראַפּט אָנגעגעבן באַ יעדער טאַבעלע די קװעלן און ברײַנגען די אַבסאָלוטע צאָלן. די דאָזיקע טענה איז אַרײַנגעשטעלט אין אַזאַ פּראָפעסאָרישן טאָן און אין אַזאַ קאַטעגאָרישער פאָרם, אַז דער לעזער קען מײנען, אַז דאָס בין איך דער ערשטער אין דער װיסנשאַפטלעכער װעלט, װעלכער ערלױבט זיך אַזאַ זאַך. װיל איך, ערשטנס, דערמאָנען, אַז מײַן אַרבעט האָט זיך געדרוקט אין אײנעם פון די אָנגעזעענסטע און אױטאָריטעטסטע זשורנאַלן, אין אַ אינטערנאַציאָנאַלער סטאַטיסטישער אױסגאַבע (דײַטש, פראַנצױזיש, ענגליש און איטאַליעניש), װאָס װערט רעדאַגירט פון אַ קאָלעגיע פון 16 פּראָפעסאָרן, — און די רעדאַקציע האָט אָנגענומען מײַן אַרבעט און האָט קײנע קשיות ניט געמאַכט. איך װאָלט געקאָנט ברײַנגען צענדליגע סטאַטיסטישע אױסגאַבעס פון די גרעסטע אײראָפּעיִשע אױטאָריטעטן, אין װעלכע ס׳איז ניטאָ קײן אַבסאָלוטע צאָלן און אין װעלכע די קװעלן װערן אױסשליסלעך אָנגעװיזן צום סוף און ניט באַ יעדער טאַבעלע. פון דערפון איז געדרונגען, אַז איך האָב נאָר איבערגענומען אַ מנהג, װאָס איז שטאַרק אָנגענומען אין דער װיסנשאַפטלעכער װעלט. אָבער צי איז דאָס אַ גוטער מנהג? צי איז פּראָפעסאָר הערש אין תוך גערעכט? איך מײן, אַז ער איז געװיס ניט גערעכט.

אָפּגערעדט דערפון, װאָס דאָס ברײַנגען אַבסאָלוטע צאָלן און דאָס אָנװײַזן קװעלן באַ יעדער טאַבעלע װאָלטן געמאַכט דעם בוך מינימום צװײ מאָל גרעסער און טײַערער, אױף אַזאַ אופן פאַרשװערט זײַן ערשײַנען, איז דאָס אין געגעבענעם פאַל אַבסאָלוט ניט נױטיק און בנוגע די קװעלן פשוט ניט מעגלעך. די טאַבעלעס זײַנען ניט קײן ציטאַטן גרײט גענומענע פון באַשטימטע קװעלן. די זײַנען אַ ר ע ז ו ל ט אַ ט פון באַאַרבעטע קװעלן. און דער, װאָס װיל קאָנטראָלירן די ריכטיקײט פון די דאָזיקע רעזולטאַט־טאַבעלעס, קאָן דאָס זײער גרינג מאַכן. יעדער געאָגראַפישער פונקט, יעדעס לאַנד און יעדע שטאָט איז פון זיך אַלײן געבונדן מיט אַ באַשטימטער קװעלע פון דער רשימה, װאָס װערט געגעבן צום סוף בוך. און ס׳איז מער װי נאַטירלעך, אַז די קװעלן צו די רעזולטאַט־טאַבעלעס פון בערלין זאָל מען זוכן אין די אָנגעװיזענע אין דער רשימה סטאַטיסטישע אױסגאַבעס פון בערלינער סטאַטיסטישן אַמט, און דאָס זעלבע בנוגע צו פּרײַסן, און בנוגע צו עסטרײַך און װין, און בנוגע צו אונגאַרן און בודאַפּעשט, און בנוגע צו פּױלן און װאַרשע און לאָדז א. א. װ. א. א. װ. קײנע טעותן קאָנען דאָ ניט זײַן, אײַב דער, װאָס װיל קאָנטראָלירן, למשל, די אונגאַרישע דאַטן, װעט זיך װענדן צו די אָנגעװיזענע אין דער רשימה אונגאַרישע אױסגאַבעס און ניט צו די װינער. און דאָ איז אַפילו ניט נױטיק זיך אָפּשטעלן אױף די מעטאָדן, װײַל אין 95 פּראָצענט פון 100 איז דער מעטאָד אַ אַלגעמײן־אָנגענומענער— מען רעכנט אױס די געבורטן און שטאַרב־פאַלן אױף 1000 פון דער באַפעלקערונג. און אין די פאַלן, װאו דער מעטאָד איז אַ מער קאָמפּליצירטער, האָב איך דאָס גאַנץ קלאָר און גענױ אָנגעװיזן, װי, למשל, באַ דער קינדער־שטאַרבלעכקײט. און אין די פאַלן, װאו דער קאָנטראָל איז ניט אַזױ אָנצומאַכן, װי אױבן אָנגעװיזן, האָב איך די קװעלן אױפן אָרט אָנגעװיזן, װי אױף זײַט 67, 88, 105, 119, 126, 127 און 146. און דאָרטן, װאו די רעלאַטיװע צאָלן קאָנען אַרױסרופן ספקות, האָב איך בפירוש געבראַכט אױך די אַבסאָלוטע צאָלן, װי, למשל, באַ רוסלאַנד, לעטלאַנד, אַדעס, ביאַליסטאָק, װילנאַ, א. א.

ס׳איז פשוט לעכערלעך װעלן אַרײַנלײגן באַזונדערע כונות אינם צופעליקן ניט אָנװײַזן דעם נאָמען פון מחבר פון די דאַטן איבער דער באַפעלקערונג־באַװעגונג באַ אידן אין לאָנדאָן. די סיבה איז אַ גאַנץ אַנדערע און פון נאָר אַנאַנדער כאַראַקטער. אין דער גאַנצער אידישער סטאַטיסטישער ליטעראַטור איז פאַראַן נאָר דער אײנער פון מיר ציטירטער סטאַטיסטישער אַרטיקל איבער די באַפעלקערונג־באַװעגונג באַ אידן אין לאָנדאָן און ער איז יעדן, װאָס פאַרנעמט זיך מיט אידישער סטאַטיסטיק, גוט באַקאַנט. און װײַטער נאָר מיט עטלעכע זײַטלאַך װערט דאָס זעלבע אַרטיקל ציטירט, און דער מקור װערט אָנגעװיזן צ ח ײ ט אָ ל — װאָס זשע פאַר כונות קאָנען דאָ שטעקן? און צוװאָס נאָר זוכן באַזונדערע כונות אין אַזאַ ניט װיכטיקן פאַל?

זאָל דער לעזער מיר מוחל זײַן, װאָס איך האָב אױך געמוזט אָפּגעבן אַזױ פיל פּלאַץ פראַגעס, װעלכע האָבן נאָר אַ קנאַפּן װערט, — ס׳איז דאָך אַ אמתער פאַרדראָס, װען אַפילו אַזאַ רעצענזענט, װי פּראָפעסאָר הערש, קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן פון קלײנינקע שטאָכן און פון לאָזן אַ שפּילקע דאָ און דאָרט. אין אונזער יונגער אידישער װיסנשאַפט דאַרף מען גאַנץ באַזונדערס זײַן פאָרזיכטיג און זיך ניט טשעפּען צו קלײניקײטן און ניט װעלן פּאַקן יענעם באַ אַ פאַרברעכן, װען ס׳איז אַפילו קײן שאָטן פון קײן עולה ניטאָ. צו קלײן איז אונזער משפּחה — און אױב יעדע זאַכלעכע, אױפריכטיגע און אָביעקטיװע קריטיק קאָן באַפרוכפּערן די װיסנשאַפטלעכע אַרבעט און זי טרײַבן פאָרװערטס, קאָנען, פאַרקערט, איבערגעטריבענע קלײנינקײטן־קריטיק, פאַלשע חשדים און אױסטײַטשונגען און סתם אָנפאַלן אַזױ פאַרסמען די לופט פון אונזער יונגער װיסנשאַפט, אַז ס׳זאָל גאָר ניט זײַן מיט װאָס צו אָטעמען.

מיר מוזן נאָך ענטפערן אױף אײניגע גאַנץ װיכטיגע פראַגעס, װעלכע זײַנען געשטעלט אין דער רעצענזיע פון פּראָפעסאָר הערש. מיר זײַנען געצװאונגען דאָס מאַכן גאַנץ קורץ, אָבער מיר האָפן צו די דאָזיקע ערנסטע טעמעס זיך אומקערן אין צװײטן באַנד „שריפטן” באַריכות און באַהאָפנט מיט נײַע מאַטעריאַלן.

ראשית, װעגן מײַן ליבע צו די מזרח־אידן. איך האָב אין מײַן גאַנצן בוך ניט געזאָגט, אַז די מזרח־אידן װעלן ניט איבערנעמען די מדה פון רעגולירן די געבורטן און װעלן אײביג האָבן אַ גרױסן נאַטירלעכן צוװאַקס. פאַרקערט, באַ מיר איז גאַנץ קלאָר פאָרמולירט די פראַגע אין דעם זין, אַז דאָס איז נאָר אַ פראַגע פון צײַט. װען איך זאָג אױף זײַט 6, אַז די װירטשאַפטלעך־ראַציאָנאַליסטישע אײַנשטעלונג פונם מאָדערנעם מענטשן, װעלכע ברײַנגט צו דעם באַגרענעצן דאָס קינדער־האָבן, כאַפּט צוביסלעך אַרום די גאַנצע מענטשהײט און טראָגט זיך איבער פון די אינדוסטריע־לענדער און די אַגראַר־לענדער, פון שטאָט אין דאָרף, פון די בורזשואַזע קלאַסן צו די אַרבעטער־מאַסן, איז דערמיט קלאָר געזאָגט, אַז די מזרח־אײראָפּעיִשע אידן קאָנען ניט זײַן קײן אױסנאַם. און אַ צענדליגע פאַלן װערט באַ מיר אילוסטרירט, װי אַזױ דער דאָזיקער טײל פון אידנטום פאַלט אונטער דער השפּעה פון דער דאָזיקער סבת הזמן. איך האָב בכלל נאָר גערעדט װעגן עבר און ניט װעגן צוקונפט — און אָט דאָ האָב איך, אַזױ רעכן איך, צעשלאָגן אַ לעגענדע, װעלכע איז געװען באַ אונז שטאַרק פאַרשפּרײט, נעמלעך, אַז אידן גײען אונטער אין גלות. איך האָב דערװיזן, אַז בײַם איצטיגן צושטאַנד האָבן מיר אַ נאַטירלעכן צוװאַקס פון אַזאַ בערך גרױס, װי די דײַטשן — און אָט אין דעם שטעקט דער שורש פון מײַן אָפּטימיזם. איך האָב ניט געזאָגט קײן נביאות װעגן דער צוקונפט — איך האָב נאָר קאָנסטאַטירט פאַקטן פון עבר און הוה און האָב געזאָגט, אַז די דאָזיגע פאַקטן פון לעבן פון מזרח־אײראָפּעיִשן אידנטום גיבן דערװײַל ניט קײן שום גרונט צו פּעסימיסטישע אױספירן, װעלכע די אידישע סטאַטיסטיקער פון ציוניסטישן חדר האָבן אַזױ אָפט געמאַכט. און די דאַטן װעגן נאַטירלעכן צוװאַקס באַ די מזרח־אײראָפּעיִשע אידן פאַר די גאָר לעצטע יאָרן, שױן נאָכן ערשײַנען פון מײַן בוך, באַשטעטיגן פולשטענדיג מײַן אָפּטימיזם. לײדער, באַשטעטיגט זיך אױך מײַן מײנונג װעגן די מערב־אײראָפּעיִשע אידן — זײ האָבן כמעט אומעטום אַ נעגאַטיװן צוװאַקס, און אַמסטערדאַם איז אין דעם פּרט ניט קײן װידערשפּרוך, נאָר אַ באַשטעטיגונג פון מײַן מײנונג, װעלכע איך האָב אין בוך אַרױסגעזאָגט, אַז מערב־אײראָפּעיִש אידנטום איז ניט קײן געאָגראַפישער באַגריף, נאָר אַ סאָציאָלאָגישער. אַמסטערדאַם האָט אַ אידישע אַרבעטער־מאַסע און האָט דעריבער אַ גאַנץ אַנדערע באַפעלקערונג־באַװעגונג, װי פראַנקפורט אָדער האַמבורג, װאו די אידישע קהלות באַשטײען כמעט נאָר פון גרױס־ און מיטל־בורזשואַזיע.

מײַן ענטפער האָט זיך שױן צו צעצױגן און איך מוז ענדיגן. איך חזר נאָך אַמאָל איבער, אַז איך בין באמת דאַנקבאַר פּראָפעסאָר הערש פאַר זײַן אױסזוכן אַלע טעותן אין מײַן בוך, פון אים אָבער האָב איך אַ סך מער ערװאַרט. װער ס׳פאַרמאָגט אַ סך, דער מוז אױך געבן אַ סך.

# וועגן דער אינדוסטריע־באַפעלקערונג בײַ אידן אין רוסלאַנד 1897

(יק״א־אַנקעטע און די פאָלק־ציילונג)

א. מענעס

כמעט גלייכצייטיג זיינען אין רוסלאַנד סוף פאָריגן יאָרהונדערט דורכגעפירט געוואָרן די ערשטע אַלגעמיינע פאָלק־ציילונג (1897) און די אויספאָרשונג פון דער געזעלשאַפט יק״א (1897—99). די ציילונג גיט אונז אַ פולשטענדיגן מאַטעריאַל וועגן דער פאַרטיילונג פון דער אידישער באַפעלקערונג לויט אַלע פרנסה־קוואַלן, אָבער ניט קיין בילד וועגן איר סאָציאַלער גלידערונג. די יק״א־אַנקעטע האָט דעם חסרון, וואָס זי באַרירט נאָר אַ טייל אידישע פרנסות און האָט לגמרי אויסגעלאָזן דעם האַנדל, פרייע פּראָפעסיעס, דינסטן א. אנד. זי האָט אויסער דעם אַרומגענומען ניט דעם גאַנצן אידישן תחום: אַ גאַנצע רייע גרעסערע פונקטן און כמעט אַלע דאָרפישע ישובים זיינען געבליבן מחוץ דער אויספאָרשונג. ניט געקוקט דערויף האָט די יק״א־אַנקעטע זייער אַ גרויסן ווערט, הייל זי דערגאַנצט די ציפערן פון דער ציילונג און גיט אונז אויך אַ בילד וועגן דער פאַרטיילונג פון דער אידישער אינדוסטריע־באַפעלקערונג לויט דער סאָציאַלער שטעלונג און צום טייל אַפילו לויט דער קאַטעגאָריע אונטערנעמונגען.

אַ פאַרגלייך צווישן די ביידע דערמאָנטע מאַטעריאַלן ברייננט צו גאַנץ אינטערעסאַנטע רעזולטאַטן און ווייזט, אַז ביידע נויטיגן זיך אין אויסבעסערונגען און דערגאַנצונגען.

די אָפּטיילונג „בעלי־מלאכות און פאַבריק־אַרבעטער“ פון דער יק״א־אַנקעטע אַנטשפּרעכט די פּאַראַגראַפן 40—22 אין דער אָפּטיילונג „אינדוסטריע און מלאכה“ פון דער פאָלק־ציילונג. מען קאָן דעריבער רוהיג מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן די ביידע רעזולטאַטן.

אויפן ערשטן בליק קומט אויס, אַז די יק״א־אַנקעטע האָט געגעבן כמעט דיזעלביגע רעזולטאַטן ווי די ציילונג. פאַרגלייכט מען גאַנצע ראַיאָנען, באַקומט מען: פאַרן דרום־ראַיאָן לויט יק״א 213,766 באַשעפטיגטע אין דער אינדוסטריע, לויט דער ציילונג—211,998; פאַר פוילן—131,751 (יק״א) און 127,659 (ציילונג); פאַרן צפון־מערב קאַנט—201,782 (יק״א) ,און 178,417 (ציילונג). דער איינציגער ראַיאָן אַלזאָ, וואו די יק״א־אַנקעטע גיט אַנדערע רעזולטאַטן ווי די ציילונג, איז דער צפון־מערב קאַנט; דאָ באַטרעפט דער אונטערשייד 13,1 פּראָצענט. אין די אַנדערע צוויי ראַיאָנען איז דער חילוק גאָר קליין. פאַרגלייכט מען אָבער איינצלנע גובערניעס, באַקומט זיך אַ גאַנץ אַנדער בילד. פאַר פוילן, למשל, באַקומען זיך אזעלכע ציפערן: פאַר וואַרשעווער גובערניע — 27,468 באַשעפטיגטע אין דער אינדוסטריע לויט יק״א, 36,010 לויט דער ציילונג, ד.ה. 31 % מער; פאַר פעטריקאָווער גובערניע — 19,468 לויט יק״א, 25,820 לויט דער ציילונג, אַן־אונטערשיד אין 32,6 פּראָצענט. אין די אינדוסטריעל אַנטוויקלטסטע גובערניעס מיט די גרויסע צענטרען וואַרשע און לאָדז גיט אַלזאָ די רוסישע סטאַטיסטיק באַדייטנדיג גרעסערע ציפערן ווי די יק״א־אַנקעטע. און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך, הייל די מלוכה־ציילונג איז דאָך געווען פולשטענדיגער. פאַרגלייכט מען אָבער די איבריגע אַכט גובערניעס, באַקומט זיך ווידער אַ אַנדער רעזולטאַט: דאָ האָט די ציילונג געגעבן 65,879 באַשעפטיגטע אין דער אינדוסטריע, די יק״א־אַנקעטע אָבער — 84,815, ד. ה. אויף 29 פּראָצענט מער. אין פלאָצקער און ראַדאָמער גובערניע באַטרעפט דער אונטערשיד 50 און 70 פּראָצענט. די דיפערענץ איז אין דער אמתן אָבער נאָך אַ סך גרעסער, וואָרום מ׳דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז פון 744,334 אידן, וואָס האָבן צו יענער צייט אין די דערמאָנטע 8 גובערניעס געוואוינט, האָט די יק״א־אַנקעטע אַרומגענומען בלויז 626,131, ד.ה. אַז אַ גאַנצע רייע פונקטן מיט 118,000 נפשות זיינען אין דער אויספאָרשונג ניט אַריין. די ווירקליכע פאַרהעלטעניש צווישן די ביידע רעזולטאַטן ווערט אונז ערשט קלאָר, ווען מען נעמט ניט די אַבסאָלוטע נאָר די רעלאַטיווע ציפערן. אויף 100 אידן אין קאָנגרעס־פוילן האָט די יק״א־אַנקעטע געציילט 13,5 באַשעפטיגטע אין דער אינדוסטריע, די ציילונג אָבער בלויז 8,8; דאָס מאַכט אויס אַן־אונטערשייד אין 53 און אַ האַלב פּראָצענט.

דערזעלביגער רעזולטאַט באַקומט זיך אין דרום־ראַיאָן. אין כערסאָנער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניעס, מיט די גרויסע צענטרען אָדעס און יעקאַטערינאָסלאַוו, גיט די יק״א־אַנקעטע אַ באַדייטנדיג קלענערע צאָל באַשעפטיגטע בײַ דער אינדוסטריע ווי די ציילונג. דער אונטערשיד באַטרעפט: פאַר כערסאָנער גובערניע — 46,4%, פאַר יעקאַטערינאָסלאַווער—43,5 פּראָצענט. אַ גאַנץ אַנדער רעזולטאַט באַקומט זיך אין די איבעריגע זיבן גובערניעס: דאָ מאַכט אויס די צאָל באַשעפטיגטע אין דער אינדוסטריע: לויט יק״א—180,319, לויט דער פאָלק־ציילונג — 163,273, אַלזאָ לויט דער יק״א־אַנקעטע מער מיט 10,4 פּראָצענט. באַזונדערס גרויס איז די דיפערענץ אין פּאָדאָלער גובערניע, וואו די יק״א־אַנקעטע גיט אָן 40 פּראָצענט מער באַשעפטיגטע אין דער אינדוסטריע ווי די ציילונג. אויך דאָ דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז די יק״א־אַנקעטע האָט אַרומגענומען אַ סך אַ קלענערן ראַיאָן ווי די ציילונג. אין קיעווער גובערניע, למשל, וואו עס האָבן געוואוינט 427,863 אידן, האָט די יק״א־אַנקעטע בלויז אַרומגענומען אַ באַפעלקערונג פון 269,305 אידן, און, למשל, אַזאַ וויכטיגער פונקט ווי קיעוו איז געבליבן ניט אויסגעפאָרשט. אין ווילנער גובערניע מיט 397,772 אידן זיינען פון דער יק״א־אַנקעטע באַרירט געוואָרן ניט מער ווי 241,612 אידן ד.ה. קנאַפּע 61 פּראָצענט. און ניט געקוקט דערויף גיט די יק״א־אַנקעטע פאַר די ביידע גובערניעס אַ גרעסערע צאָל באַשעפטיגטע אין דער אינדוסטריע ווי די ציילונג. די רעלאַטיווע צאָלן פאַר די זיבן דרום־מערב־גובערניעס (אַ חוץ כערסאָנער און יעקאַטערינאָסלאַווער) זיינען: לויט יק״א 15,2 פּראָצ. פאַבריק־אַרבעטער און בעלי־מלאכות, לויט דער רוסישער מלוכה־ציילונג 9,5, אַ חילוק אַלזאָ אין 60 פּראָצענט.

נישט קיין סך אַנדערש איז די לאַגע אין צפון־מערב ראַיאָן. פאַרן גאַנצן ראַיאָן גיט די יק״א־אַנקעטע אויף 100 אידן 16,6 בעלי־מלאכות און פאַבריק־אַרבעטער, די ציילונג — בלויז 12,6.

פאַרן גאַנצן אידישן תחום, וואו עס האָבן געוואוינט 4,874,636 אידן אין 1897, זיינען פון דער יק״א־אַנקעטע אויסגעפאָרשט געוואָרן אַנערך 1.200 פונקטן מיט אַ באַפעלקערונג פון 3,809,361 אידן; העכער אַ מיליאָן אידן זיינען אַלזאָ געבליבן מחוץ דער אויספאָרשונג. ניט געקוקט דערויף, גיט די יק״א־אַנקעטע אַ באַדייטנדיג גרעסערע צאָל באַשעפטיגטע אין דער אינדוסטריע ווי די ציילונג. אַ אויסנאַם בילדן בלויז די גרויסע שטעט: וואַרשע, אָדעס, לאָדז, יעקאַטערינאָסלאַוו און ווילנע. ס׳פרעגט זיך, פאַרוואָס האָבן די גרויסע שטעט אַזוי שלעכט אָפּגעשניטן בײַ דער יק״א־אויספאָרשונג און די קלענערע און מיטעלע פונקטן בײַ דער ציילונג? און דאָס וויכטיגסטע — וועלכע ציפערן זיינען ריכטיג און ווי גרויס איז באמת געווען די אידישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד, וואָס האָט געצויגן חיונה פון מלאכה און פאַבריק־אַרבעט?

וואָס ס׳און שייך די גרויסע שטעט, איז קלאָר, אַז די ציפערן פון דער ציילונג זיינען געווים ריכטיגער, ווי די יק״א־דאַטן. די יק״א־מאַטעריאַלן גופא ווייזן אָן, אַז פאַר וואַרשע האָבן זיי געקאָנט געבן בלויז די צאָל אידישע מייסטערס, וועגן די אידישע לערן־אינגלאַך און אַרבעטער האָבן זיי קיין מאַטעריאַלן ניט געהאַט; פאַר אָדעס פעלן דאַטן איבער אידישע פאַבריק־אַרבעטער; שלעכט איז די אויספאָרשונג דורכגעפירט געוואָרן אויך אין ווילנע, ביאַליסטאָק און יעקאַטערינאָסלאַוו; וועגן לאָדז האָבן די באַאַרבעטער פון די יק״א־מאַטעריאַלן ניט געהאַלטן פאַר נויטיג צו געבן אַזאַ הערה, אין אמתן אָבער איז דאָ די אַנקעטע דורכגעפירט געוואָרן נאָך אַ סך ערגער ווי אין אַנדערע שטעט. אין גאַנץ לאָדז האָבן די יק״א־קאָרעספּאָנדענטן צוזאַמענגעציילט בלויז 2026 אידישע טעקסטיל־אַרבעטער (שוין צוזאַמען מיט זעלבשטענדיגע בעלי־מלאכות); לויט דער פאָלק־ציילונג אָבער זיינען אין דערזעלביגער בראַנזשע געווען באַשעפטיגט איבער 5,600 אידן. לויט די ידיעות פון די קאָרעספּאָנדענטן פון דער דעמאָלטיגער אומלעגאַלער אַרבעטער־פּרעסע זיינען אין לאָדז אין יענער צייט געווען ווייניגסטענס 000 10—000 9 אידישע טעקסטיל־אַרבעטער. 1) טעותים בײַ אַ פּריוואַטער אַנקעטע האָבן געמוזט פאָרקומען. די יק״א־קאָרעספּאָנדענטן האָבן נאָך געקאָנט געבן מער אָדער ווייניגער ריכטיגע ציפערן פאַר קלענערע אָדער מיטעלערע שטעט, אָבער ניט פאַר די גרעסערע שטעט.

ווי אַזוי אָבער לאָזט זיך דערקלערן דער פאַקט, וואָס בײַ די קלענערע און מיטעלערע פונקטן איז די ציילונג אויף אַזוי פיל הינטערשטעליג הינטער דער יק״א־אַנקעטע? זיינען די יק״א־ציפערן גוזמאדיגע אָדער ליגט דער

1) די מאַטעריאַלן פון דער אומלעגאַלער אַרבעטער־פּרעסע האָבן די מעלה, וואָס זיי לאָזן זיך גרינדליך קאָנטראָלירן. מיר געפינען פאַר אַזאַ אינדוסטריע־צענטר ווי לאָדז פאַר יענער צייט אַ גאַנצע רייע באַריכטן און אָפּטמאָל מיט אויספירליכע ידיעות וועגן איינצלנע פאַכן אָדער אונטערנעמונגען.

פעלער אין דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק; ס׳איז, נאַטירליך, גענוים מעגליך, אַז פאַר איינצלנע פונקטן האָבן די יק״א־קאָרעספאָנדענטן אָנגעגעבן איבערגעטריבענע דאַטן, ס׳איז אָבער אויסגעשלאָסן, אַז זיי האָבן אומעטום אָן אויסנאַם אָנגעגעבן גוזמאדיגע ציפערן. איז אָבער מעגליך דער אַנדערער פאַל, אַז די אָפיציעלע סטאַטיסטיק האָט אומעטום אָן אויסנאַם אָנגעגעבן צו קליינע ציפערן; ס׳זיינען דאָ איינציגע ראיות, אַז דאָס איז מעגליך.

אין גאַנץ רוסלאַנד זיינען אין יאָר 1897 געווען טאַבאַק־אַרבעטער: לויט די ידיעות פון די פאַבריק־אינספעקטאָרן — 87,340; לויט דער אַלגעמיינער פאָלק־ציילונג אָבער ניט מער ווי 81,485. אין דער שמעבעלאַך־אינדוסטריע האָט די צאָל אַרבעטער באַטראָפן: לויט די ידיעות פון דער פאַבריק־אינספעקציע — 14,615, אָבער לויט די אָנגאַבן פון דער אַלגעמיינער פאָלק־ציילונג בלויז 11,756. דערביי דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז אויך די ציפערן פון דער פאַבריק־אינספעקציע זיינען בדרך כלל געווען נידריגער ווי די ווירקליכע. וועגן גוזמאות קאָן אָבער דאָ אויף אַלע אופנים קיין רעד ניט זיין. באַזונדערס גרויס זיינען די דיפערענצן אין אידישן תחום: אין גראָדנע זיינען אין דער טאַבאַק־פאַבריק שערעשעווסקי געווען באַשעפטיגט 1,594 אידישע אַרבעטער; די אינספעקציע ווייס נאָר פון 1110. פאַר גאַנץ ווארשע ניט אָן די אינספעקציע 363 אידישע טאַבאַק־אַרבעטער — 161 פרויען און 202 מענער, בעת אין איין טאַבאַק־פאַבריק, פון פּאָליאַקעוויטש זיינען געווען באַשעפטיגט 417 אידישע פרויען און 217 אידישע מענער. אַ חוץ דעם, זיינען אין וואַרשע געווען נאָך אַ גאַנצע רייע אַנדערע טאַבאַק־פאַבריקן מיט אידישע אַרבעטער, ווי ברין, פראָגרעס, קאַלינאָווסקי און פשעפאָרסקי א.אנד. פאַר גאַנץ פוילן פאַרצייכנט די יק״א־אַנקעטע 1,688 טאַבאַק־אַרבעטער, דערפון 1,298 אידן; די אינספעקציע אָבער — נאָר 867 אַרבעטער (אידן און ניט־אידן). אין באָריסאָוו, וואו ס׳זיינען געווען צוויי גרויסע שוועבעלאַך־פאַבריקן מיט צוזאַמען 800—7 אַרבעטער (צייטנווייז אַפילו איבער 1000 אַרבעטער), האָט די ציילונג געגעבן ניט מער ווי 166 פרויען און 105 מענער, וואָס זיינען געווען באַשעפטיגט אין דער כעמישער אינדוסטריע. ענליכע רעזולטאַטן באַקומען מיר פאַר אַ גאַנצע רייע אַנדערע שטעט, ווי מאזיר, פינסק, לאָדז, ביאַליסטאָק, ווילקאָווישקי, מעזשיריטש א. אנד. 1)

באַזונדערס שלעכט אָפּגעשניטן האָבן אין דער ציילונג די אידישע פרויען. די צאָל פרויען, וואָס זיינען געווען באַשעפטיגט אין דער באַקליידער־אינדוסטריע, איז לויט דער יק״א־אַנקעטע כמעט 4 מאָל אַזוי גרויס ווי לויט דער פאָלק־ציילונג. אַזאַ קאָלאָסאַלע דיפערענץ קאָן בשום אופן ניט דערקלערט ווערן דורך גוזמאדיגע אָנגאַבן מצד די יק״א־קאָרעספאָנדענטן.

די איינציג מעגליכע, כאָטש ניט גענוגענדיגע דערקלערונג איז, אַז דער איר האָט בײַ דער ציילונג ניט געוואָלט דערציילן, אַז זיין פרוי אָדער טאָכטער אַרבעטן ערגעץ־וואו.

אַז אין די פּראָווינץ־שטעטלאַך איז די רוסישע ציילונג זייער שלעכט דורכגעפירט געוואָרן, קאָן מען אויך זעהען דערפון, וואָס די אַזוי גערופענע „אויעזדן״ גיבן אין פאַרגלייך מיט די גרויסע שטעט אַ אומגעוויינליך גרויסן פּראָצענט עקאָנאָמיש פאַסיווע. אַזוי, למשל, האָבן אין אידישן תחום אויף 100 עקאָנאָמיש אַקטיווע געגעבן: די קרייזן 281 משפחה־מיטגלידער, די שטעט מיט איבער 100 טויזנט איינוואוינער — 166. אמת, אויך בײַ דער ניט־אידישער באַפעלקערונג איז דער פּראָצענט עקאָנאָמיש פאַסיווע אין די „אויעזדן״ באַדייטנדיג גרעסער ווי אין די שטעט. אָבער דאָרטן דערקלערט עס זיך דורך דעם גאַנץ אַנדערן צוזאַמענשטעל פון דער גרויס־שטאָטישער באַפעלקערונג, וואו די צאָל פרויען און קינדער איז לגבי דער דערוואַקסענער מענליכער באַפעלקערונג געווען זייער קליין; בײַ אידן אָבער איז אין דעם פּרט צווישן די גרויסע שטעט און די „אויעזדן״ קיין גרויסער אונטערשייד ניט געווען.

כדי פעסטצושטעלן די ריכטיגע צאָל אידישע בעלי־מלאכות און פאַבריק־אַרבעטער, מוזן מיר דעריבער אַרויסגיין פון דער הנחה, אַז ביידע ציילונגען האָבן גרויסע חסרונות. נעמט מען פאַרן יסוד די יק״א־אַנקעטע, דאַרף מען פאַר די גרעסערע שטעט דערגאַנצן די דאָזיגע ציפערן אויפן גרונט פון די רעזולטאַטן פון דער פאָלק־ציילונג. דאָס וועט אויסמאַכן פאַר וואַרשע און לאָדז אַליין אַנ׳ערך 20000—18 בעלי־מלאכות און לוין־אַרבעטער; פאַר די איבריגע גרעסערע שטעט (אָדעס, יעקאַטערינאָסלאַוו, ווילנע, ביאַליסטאָק) באַטרעפט דער אונטערשייד מינדעסטענס 15,000. אין די אַלע ערטער, וואו די יק״א־אַנקעטע איז דורכגעפירט געוואָרן, האָט באַדאַרפט לויט דער דאָזיגער רעכנונג זיין בערך בײַ 580,000 אידישע בעלי־מלאכות און אַרבעטער. שווערער איז פעסטצושטעלן ווי גרויס האָט געקאָנט זיין די צאָל אידישע בעלי־מלאכות און אַרבעטער אין די ערטער, וואו די יק״א־אַנקעטע איז ניט דורכגעפירט געוואָרן. זיכער איז, אַז אין די דאָזיגע פונקטן (הויפּטזאַכליך דאָרפישע ישובים) איז דער פּראָצענט אידן, וואָס האָבן געלעבט פון מלאכה און פאַבריק־אַרבעט, געווען קלענער ווי אין תחום בכלל. לויט דער ציילונג זיינען אין די גרויסע שטעט געווען בערך 40 פּראָצענט פון אַלע עקאָנאָמיש אַקטיווע, אין די „אויעזדן״ אָבער נאָר 26 פּראָצענט אין אינדוסטריע און מלאכה.

מען מוז אויף אַזאַ אופן קומען צום אויספיר, אַז אין די ערטער, וואו די יק״א־אַנקעטע איז ניט דורכגעפירט געוואָרן, איז געווען בערך פון 80 ביז 90 טויזנט באַשעפטיגטע אין אינדוסטריע און מלאכה. מיר וואָלטן אַלזאָ באַקומען, אַז אין 1897־טן יאָר זיינען געווען באַשעפטיגט בײַ אינדוסטריע און מלאכה ניט 555,000, ווי ס׳קומט אויס אי לויט דער ציילונג אי לויט דער יק״א־אַנקעטע, נאָר בערך בײַ 650 טויזנט אידן. פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיגע השערה איז שווער צו דערווייזן. אונזער ציל איז אָבער געווען דער עיקר וועגן די אויפמערקזאַמקייט אויף די פעלער פון די ביידע קוועלן, וועלכע זיינען געוואָרן דער יסוד פון אַלע אונזערע קענטעניש וועגן אידן אין רוסלאַנד סוף 19־טן יאָרהונדערט.

1) די דאַטן וועגן די צאָל אידישע פאַבריק־אַרבעטער אין די איינצלנע שטעט אין תחום האָבן מיר גענומען פון פאַרשיידענע מקורות, הויפּטזאַכליך אָבער פון די יק״א־מאַטעריאַלן און פון די קאָרעספּאָנדענציעס אין דער דעמאָלטיגער אומלעגאַלער אַרבעטער־פּרעסע. מיר גלויבן, אַז יעדנפאַלס בנוגע די פאַבריקן פאַרדינען די יק״א־קאָרעספּאָנדענטן פולן צוטרוי,— קיין שום פאַבריקאַנט וועט דאָך ניט אָנגעבן קיין גרעסערע צאָל אַרבעטער, ווי ער באַשעפטיגט אין דער ווירקליכקייט.

# עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע אויסגאַבעס 1927–1928

(אויסגאַבעס, וואָס זיינען באַצייכנט מיט א שטערן, וועלן ווערן רעצענזירט אין II באַנד ״שריפטן״)

---

* צייטשריפט פאַר יידישער געשיכטע, דעמאָגראַפיע און עקאָנאָמיק, ליטעראַ־טורפאָרשונג, שפּראַכוויסנשאַפט און עטנאָגראַפיע — אויסגאַבע פונם אינסטיטוט פאַר ווייסרוסלענדישער קולטור, יידישער סעקטאָר, באַנד II-III, 449 ז. מינסק, 1928.

ד״ר מ. ווישניצער: די סטרוקטור פון יידישע צעכן אין פוילן, ליטע און ווייסרוסלאַנד אינם 17־טן און 18־טן יאָרהונ־דערט; י. ס.: דער ערשטער פּרוב צוציען ווייסרוסישע יידן צו ערדאַרבעט; ש. באַראַוואַי: די יידישע קאָלאָניעס נאָך דער צווייטער איבערוואַנדערונג פון ווייסרוסלאַנד; א. בוזשעוויטש: די לאַגע פון די יידישע קאָלאָניסטן נאָך דער דריטער איבערוואַנדערונג פון ווייסרוסלאַנד; פּראָפ. ב. ניקאָלסקי: א נייַ בוך וועגן דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער גע־שיכטע פון פאָלק־יישׂראל; י. אוגאַרסקי: די יידישע ערדאַרבעט אין ווייסרוסלאַנד; א. קאַז: די יידישע קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן אין ווייסרוסלאַנד; ה. אַלעקסאַנדראָוו: די יידישע באַפעלקערונג אין די שטעט און שטעטלעך פון ווייס־רוסלאַנד; ד״ר ד. אײַנהאָרן: די יידישע אַרבעטער־יוגנט אין ווייסרוסלאַנד (לויט דער אונטערזוכונג פון 1925־טן יאָר); ה. אַלעקסאַנדראָוו: צאָל יידן אין די שטעט און שטעטלעך פון מינסקער גובערניע אין יאָר 1808.

* פנקס המדינה או פנקס ועד הקהלות הראשיות במדינת ליטא. — קובץ תקנות ופסקים משנת שפ״ג עד שנת תקכ״א. — ערוך בצרוף מבוא והערות ע״י שמעון דובנוב. ברלין תרפ״ה.

א. קירזשניץ: דער אידישער אַרבעטער. דריטער באַנד. די יאָרן 16־1908. אונטער דער רע־דאַקציע און מיט אַריינפיר־אַרטיקלען פון מ. ראַפעס. — פאַרלאַג ״שול און בוך״. מאָסקווע, 1927; פערטער באַנד. די יאָרן 1918־1917. מאָסקווע, 1928.

די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין ווייסרוסלאַנד. זאַמלבוך, אַרטיקלען און זיכרוינעס. צונויפ־געשטעלט פון ש. (ס) אַגורסקי. מינסק, 1927.

מ. קיפּער: X יאָר אָקטיאַבר. די אָקטיאַבר־רעוואָלוציע און די אידישע אַרבעטנדיקע פון אוקראַינע. קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג ״קולטור־ליגע״. קיעוו 1927.

ב. באָראָכאָוו: געקליבענע שריפטן. אונטער דער רעדאַקציע פון ב. לאָקער. אַרויסגעגעבן פונם באָראָכאָוו־בראַנטש 14, אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד. ניו־יאָרק, 1928.

יעקב לעשצינסקי: די אידישע וואַנדערונג פאַר די לעצטע 25 יאָר. — אַרויס־געגעבן פון צענטראַל־ביוראָ ״האיאַס־עמיגדירעקט״, בערלין, 1927.

פּראָפ. ד״ר ליבמאַן־הערש — די עליה און ירידה (איינוואַנדערונג און אויסוואַנדערונג פון פּאַלעסטינע). — פאַרלאַג אַרבעטער עמיגראַציע־ביוראָ. וואַרשע, 1927.

* דין וחשבון לועידה השלישית של ההסתדרות. (אדר תרפ״ג — תמוז תרפ״ז). — הסתדרות העובדים העברים הכללית בארץ־ישראל. הועד הפועל. תמוז תרפ״ז.

היינט 1928־1908. יובילײַ־בוך. רעדאַקציע א. גאָלדבערג.

א. קליינמאַן: פוילען, איר שטח, גרעניצען, באַפעלקערונג און מלוכה־אָרדנונג; ד״ר י. שיפּער: די פּראָבלעמען פון פּראָדוקטיווירען די אידישע מאַסען אין פוילען; א. צייטלין: די פּוילישע הויכשולען און די אידישע אַקאַדעמיקער; ה. שאַשקעס: די אידישע קרעדיט־קאָאָפּעראַציע אין פוילען; א. י. פּראַוואַלסקי: די אידישע האַנדווערקער און די קאָאָפּעראַציע; י. אייגעס: דאָס אידישע שול־וועזן אין פוילען; מ. נאַוואַדוואָרסקי: די אידישע אַרבייטער־בעוועגונג אין פוילען; א. אַלפּערין: לאָדז די שטאָט פון אידישער ריעזען־אַרבייט; פּראָפ. מ. באַלאַבאַן: וואַרשאַ די גרעס־טע אידישע קהלה אין אייראָפּאַ; די בעוועגונג פון די גמ״ח־קאַסעס אין פוילען; ד״ר ג. לעווין: אידען און שווינדזוכט.

יידישער אַרבעטער־פּנקס. צו דער געשיכטע פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג. רעדאַגירט פון זרבבל. I באַנד. פאַרלאַג ״נייע קולטור״. וואַרשע, 1927.

אידישער אַרבעטער יאָר־בוך און אַלמאַנאַך 1927. רעדאַגירט פון א. וואָהלינער. — אויסגאַבע פון דער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. ניו־יאָרק, 1927.

דער אידישער וועלט־אַלמאַנאַך 1927. צווייטער יאָרגאַנג. יאָר־בוך פאַר סאָציאַליסטישער, אידישער און אַלגעמיינער געשיכטע, סטאַטיסטיק און אינפאָרמאַציע. ניו־יאָרק, 1927.

פון יאָר צו יאָר. אילוסטרירטער געזעלשאַפטליכער לוח. דריטער יאָרגאַנג, 1928. — אויסגאַבע פון פאַרבאַנד פון צענטראַלעס פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג אין פוילן. רעדאַקטאָר מ. שאַליט.

* **Encyclopaedia Judaica.** Das Judentum in Geschichte und Gegenwart. Probeheft. 1926; Bd. 1 u. 2. 1927 u. 1928. — Verlag Eschkol A.-G. Berlin.

גרעסערע סטאַטיסטישע און עקאָנאָמישע אַרטיקלען: וועגן האַנטווערק בא אידן (אין פּראָבעהעפט), שמד און אַרויסטריט (צווייטער באַנד), אַפּצאַלונגען און שטייערן בא אידן אין פאַרשידענע לענדער און צייטן (באַנד I) א. א.

* **Jüdisches Lexikon.** Ein enzyklopädisches Handbuch des jüdischen Wissens in vier Bänden. Herausgeg. von Dr. Georg Herlitz und Dr. Bruno Kirschner. Bd. I u. II. Jüdischer Verlag. Berlin 1927 u. 1928.

פאַר סטאַטיסטיק און עקאָנאָמיק ווערט אָפּגעגעבן זייער ווייניג אָרט. אין די פאַראַנענע אַרטיקלען און נאָטיצן פעלט גרינד־ליכקייט. די מאַטעריאַלן, מיט וועלכע די מחברים אָפּערירן, באַציען זיך מערסטנטיילס נאָך אויף די פאַר־מלחמה־דיגע יאָרן, הגם די לעצטע צייט איז ערשינען אַ סך סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן און מאָנאָגראַפיעס, וועלכע באַלייכטן די נאָך־מלחמה־דיגע פאַרהעלטנישן בא דער אידישער באַפעלקערונג כמעט אין אַלע לענדער.

* Dr. **Leo Goldhammer: Die Juden Wiens.** Eine statistische Studie.—R. Löwit Verlag. Wien 1927.

**E. Eberlin: Les Juifs d'aujourd'hui.** — Les Editions Rieder. Etudes publiées sous la Direction de P.-L. Couchoud. Paris.

**Jacob Billikopf and Dr. Maurice B Hexter: The Jewish situation in Eastern Europe** including Russia and the work of the Joint Distribution Committee. — Chicago.

**H. S. Linfield,** Ph. D. — **Survey of Jear 5687.** A Survey of Jewish Conditions in the United States and Abroad during April, 1926—March, 1927.—American Jewish Jear Book, 5688. Philadelphia. 1927.

**Jewish Colonization Association.** Rapport de la Direction Generale au Conseil d'Administration pour l'année 1926. — Paris. 1928.

* **Report and General Abstracts of the Census of Jewish Agriculture** taken by the Palestine Zionist Executive in April 1927. — Department of Agricultural Colonisation, Palestine Zionist Executive, Keren Hayesod. — Jerusalem. 1928.

* **The Jewish Agricultural Society,** Inc.—Annual Report for the Jear 1927. New-York.

**Збірник праць Жидівскої Історично-археографічної Комісії, Кн. I.** За редагуванням Керівничого над працями Комісії Іллі Галанта. Всеукраїнська Академія Наук. Збірник історично-філологічного відділу. № 73. Київ. 1928.

ברענגט אַ רייע אַרבעטן און נאָטיצן פון אוקראַאינישע און אידישע פאָרשער. פּראָפ. וולאַד. ריבינסקי: צו דער געשיכטע פון אידן אין דער לינקברעגיגער אוקראַינע אין ערשטער העלפט פון XVIII־טן יאָרהונדערט; דוד ווײַנשטיין: צו דער געשיכטע פון די אידישע לאַנדווירטשאַפטליכע קאָלאָניעס אין צאַרישן רוסלאַנד; צו דער געשיכטע פון די אידן אין פּאָדאָליע: אַ קאָפּשטייער אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק אויף יעדן אידן, וואָס קומט אַריין אין שטאָט; די צאָל אידן־מיעשטשאַנעס און דער קאָפּשטייער־אָפּצאָל אין 1795־יאָר א. א. — צום סוף ווערט געבראַכט אַ איבערבליק איבער דער אידישער וויסנשאַפט־ליכער אַרבעט אין רוסלאַנד און אין אויסלאַנד פאַר די יאָרן 1917־27.

* **Еврейское население СССР.** Материалы и исследования. Вып. I. под общей редакцией З. Л. Миндлина. Обработка материала и текст Л. Г. Зингера. Издание ЦК. ОРТ. Москва. 1927.

די וויכטיגסטע רעזולטאַטן וועגן דער צאָל און פאַרטיילונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ראַטן־פאַרבאַנד לויט דער סטאַטישער פאָלק־ציילונג פון 1923־טן יאָר. אין טעקסט צו די מאַטעריאַלן ווערן אין קורצן אָנגעמערקט די ענדערונגען און אַנטוויקלונג־טענדענצן פונם רוסישן אידנטום זייט 1897 און 1920.

די סטאַטיסטישע קאָמיסיע ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון רוסישן „אָרט" שטרעבט צו ווערן די צענטראַלע פאָרשונג־שטעלע פאַר סטאַטיסטישע פראַגעס פון רוסישן אידנטום און גרופּירט אַרום זיך די אַקטיווסטע טוער אויף דעם דאָזיגן געביט.

**С. Я. Боровой: Еврейская земледельческая колонизация в старой России.** Политика, Идеология, Хозяйство, Быт. — Изд. М. и С. Сабашниковых. Москва. 1928.

* **1905. Материалы и документы под общей редакцией М. Н. Покровского.** Еврейское рабочее движение. Составил А. Д. Киржниц. — Гос. Издат. Москва-Ленинград. 1928.

---

SCHLUSS DES DRITTEN TEILES / סוף פון דעם דריטן טייל

# הוספות און תיקונים

## צו יעקב לעשצינסקי׳ס: „די אנטוויקלונג פונם אידישן פאלק פאר די לעצטע 100 יאר" (ז. 64־1)

**צו טאַב. I.** — די צאָל אידן אין אַלט־רומעניע אין 1925־טן יאָר איז גענומען צו נידעריג. די ניט־לאַנג פאַרעפנטליכטע אָפיציעלע מאַטעריאַלן וועגן דער פאָלק־ציילונג אין אַלט־רומעניע 1913, וועלכע זיינען מיר באַקאַנט געוואָרן שוין נאָכדעם, ווי די טאַבעלע איז געווען אָפגעדרוקט, גיט אָן 316.578 אידן.

**צו דער טעקסט־טאַבעלע אויף זייט 11.** — בערך 200.000 ספרדישע אידן לעבן אויסער אַזיע און אַפריקע. נעמט מען אָן, אַז צוויי דריטל פון זיי האָבן אין 1825־טן און 1925־טן יאָר געלעבט צווישן מזרח־אייראָפּיאישע און איין דריטל צווישן מערב־אייראָפּיאישע אידן, באַקומט מען, אַז דער מזרח־אייראָפּיאישער קבוץ האָט געציילט בערך: אין 1825־טן יאָר — 2.232.000 נפשות, אין 1925־טן יאָר — 12.643.000 נפשות. די פאַרגרעסערונג באַטרעפט 465 פּראָצענט. די צאָל מערב־אייראָפּיאישע אידן האָט באַטראָפן אין 1825־טן יאָר 438.000 און אין 1925־טן יאָר 1.292.000 נפשות, אַ פאַרגרעסערונג פון 192 פּראָצענט.

**צו טאַב. IV.** — די צאָל אידן אין מזרח־אייראָפּע אין 1850־טן יאָר באַטרעפט 693.500, דער צוואַקס פון 1850 ביז 1900־טן יאָר 635.000.

**צו טאַב. VII** — צוליב אַ צופאַל איז אונגאַרן (מיט 473000 אידן) אַריינגערעכנט געוואָרן אין דער גרופּע „אַנדערע לענדער". דער סדר פון די מלוכות לויט דער גרויס פון זייער אידישער באַפעלקערונג דאַרף אין טאַבעלע און אין טעקסט צו איר אויסגעשטעלט ווערן אויף אַזאַ אופן: פאַראייניגטע שטאַטן, פּוילן, רוסלאַנד, רומעניע, דייטשלאַנד, אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיי, ענגלאַנד, עסטרייך, פראַנקרייך, אַרגענטינע, ליטע, קאַנאַדע, האָלאַנד, פּאַלעסטינע, גריכנלאַנד, לעטלאַנד, אַנדערע לענדער. אין די אויסגערעכנטע 17 לענדער מיט העכער הונדערט טויזנט אידן האָבן אין 1925־טן יאָר געלעבט 13.421.000 אידן, אָדער 90,7 פּראָצענט פונם וועלט־אידנטום.

**צו טאַב. VIII.** — די צאָל אידן, וואָס לעבן אין קהלות מיט 10000—25000 אידישע איינוואוינער, באַטרעפט נאָר 8,8 פּראָצענט פון דער גאַנצער איינוואוינערשאַפט אין די זעלבע קהלות.

**צו טאַב. IX און XI.** — לויט די רעזולטאַטן פון דער פאָלק־ציילונג 1926 האט די צאהל איינוואוינער באטראפן אין: אדעס 420862, פון זיי אידן 153.194, אין קיעוו 513637 און 140223, אין מאסקווע 2018286 און 131.244, אין לענינגראד 1611103 און 84480, אין יעקאטערינאסלאוו 232925 און 83911, אין כאַרקאָוו 417342 און 81.130, אין בערדיטשעוו 55613 און 30810, אין קרעמענטשוג 58832 און 28945, אין אומאַן 44812 און 19404, אין יעליסאַוועטגראַד 66467 און 18345, אין פּאָלטאַווע 91984 און 18489, אין בעלאָצערקאָוו 42974 און 15642, אין טשערקאַס 39511 און 10905, אין טשערניגאָוו 35234 און 10605. די נייע צאָלן ענדערן ניט, פאַרשטייט זיך, דאָס בילד פון דער אידישער קאָנצענטראַציע און די אויספירן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אויפן סמך פון די טאַבעלעס.

**צו זייט 32, באַמערקונג 8.** — וועגן דער געוואַנט־פאַבריק אין כאַבנאָ דערציילט **פונדוקליי**: „צווישן די אַרבעטער זיינען פאַראַן 30 אידן, וועלכע אַרבעטן גלייך מיט די קריסטן פון שטיק. צווישן זיי זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס אַרבעטן שטענדיג, שוין עטליכע יאָר, און האָבן איצט שוין אייגענע הייזער. דאָס איז באַ אונז זייער אַ זעלטענער פאַל פון אַרבעט־ליבע באַ אידן." פון 362 אַרבעטער זיינען געווען 31 אידן. פון זיי האָבן געאַרבעט 17 (בתוכם איין פרוי) ביים סאָרטירן די וואָל, צען ביים ריינִיגן די וואָל און 4 ביים וועבן האָליץ. — פונדוקלייס בוך איז ערשינען ניט אין 1855, נאָר אין 1852. די באַמערקונג איז גענומען פון זייט 140 פון בוך.

**צו טאַב. XVI און XVII.** — די דאַטן וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור פון דער באַפעלקערונג אין סאָוויעט־רוסלאַנד זיינען מיינע שאַצונגען. פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג זיינען גענומען די ציפערן פון דער אָפיציעלער אויסגאַבע: Контрольные цифры народного хозяйства СССР на 1927/28 Госплан СССР. Издат. „Плановое хозяйство". Москва 1928. זייט 463־462.

באַ די שאַצונגען בנוגע דער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור פון דער **עקאָנאָמיש אַקטיווער** אידישער באַפעלקערונג זיינען אַלס יסוד גענומען געוואָרן די אָנגאַבן וועגן דער צאָל אידן אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (קיפער, טשעמעריסקי א. א.) און וועגן דער צאָל אידישע ערד־אַרבעטער. באַ אַ רייע פראַגעס זיינען גענומען געוואָרן אין אַכט די רעזולטאַטן פון די פאָלק־ציילונגען אין אַנדערע מזרח־אייראָפּיאישע לענדער, ווי, למשל, פּוילן, וואו די פאַרהעלטנישן זיינען אין געוויסע פּרטים ענליך צו די פאַרהעלטנישן באַ די אידן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אויפן גרונט פון די דאָזיגע רעזולטאַטן איז פעסטגעשטעלט די צאָל פון דער אידישער עקאָנאָמיש־אַקטיווער לאַנדווירטשאַפטליכער באַפעלקערונג (90.000). אין פּוילן איז אין 1921־טן יאָר געווען אַנ׳ערך 160.000 אידן, וואָס האָבן געלעבט פון לאַנדווירטשאַפט, אַלזאָ פונקט די זעלבע צאָל ווי באַ די אידן אין ראַטן־פאַרבאַנד. אָננעמענדיג פאַר רוסלאַנד די זעלבע פּראָפּאָרצן צווישן די אַקטיווע און פּאַסיווע גלידער ווי פאַר פּוילן, באַקומט מען די אויבנאָנגעוויזענע צאָל 90000 עקאָנאָמיש אַקטיווע. די ריכטיגקייט פון אָט דער שאַצונג האָט באַשטעטיגט די ציילונג פון 1926. פאַר אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד באַטרעפט די צאָל עקאָנאָמיש אַקטיווע אין דער לאַנדווירטשאַפט לויט דער ציילונג 79.443 נפשות.

די גרופּע באַשעפטיגטע אין אינדוסטריע און מלאכה (325.000 נפשות) שטעלט זיך צונויף פון 160.000 בעלי־מלאכות, 140.000 אַרבעטער און 25.000 אָנגעשטעלטע. באַ דער שאַצונג פון דער צאָל אָנגעשטעלטע אין אינדוסטריע איז גענומען געוואָרן אין אַכט די ערפאַרונג, אַז אין דורכשניט באַטרעפן די אָנגעשטעלטע אַנ׳ערך 15 פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיגטע אין אינדוסטריע.

די גרופּע באַשעפטיגטע אין האַנדל באַשטייט פון 100.000 אָנגעשטעלטע (אין קאָאָפּעראַטיוון, מלוכה׳שע קראָמען, מלוכה׳שע האַנדל־אינסטיטוציעס) און 150.000 זעלבשטענדיגע הענדלער, קרעמער און סוחרים.

אין דער גרופּע באַאַמטע און ליבעראַלע פּראָפעסיעס זיינען די באַאַמטע געשאַצט געוואָרן מיט 55.000, די ליבעראַלע פּראָפעסיעס (אינאיינעם מיט די כלי קודש,—ווי דאָס ווערט פאַראייניגט באַ די גרופּירונגען פון די אַלע לענדער, וועלכע ווערן אויסגערעכנט אין די טאַבעלעס) מיט 25.000 נפשות.

אין דער גרופּע „אַנדערע" זיינען אַריינגערעכנט געוואָרן אויך אַנ׳ערך 40.000 ניט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער, פּערזאָנען וואָס לעבן פון צופעליגער פיזישער אַרבעט א. א. וו.

אין אַלגעמיין באַטרעפן די אַרבעטער 180.000 און די זעלבע צאָל גיבן אויך די אָנגעשטעלטע.

באַ דעם באַרעכענען די פאַרטיילונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין סאָוויעט־רוסלאַנד לויט די חיונה־קוואַלן (עקאָנאָמיש אַקטיווע +פּאַסיווע פאַמיליע־גלידער, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן פון זיי) זיינען גענומען געוואָרן פאָלגנדיגע קאָעפיציענטן: פאַר די זעלבשטענדיגע בעלי־מלאכות, זעלבשטענדיגע הענדלער און פאַרן טראַנספּאָרט (מערסטנטיילס בעלי־עגלות, בינדיוזשניקעס, דראָשקאַזשעס א.א.וו.) צו פיר נפשות, באַ אָנגעשטעלטע צו דריטהאַלבן נפשות, באַ ליבעראַלע פּראָפעסיעס און כלי קודש צו דריי נפשות, באַ די שוואַרץ־אַרבעטער, דינסטן א.א.וו. — צו איין נפש. די אינדוסטריע־אַרבעטער זיינען געטיילט געוואָרן אין צוויי גרופּעס: 1) 120000 אַרבעטער באַוויבטע, מולטיפּליצירט מיט צוויי און 2) 20.000 אומפאַרהייראַטע, מולטיפּליצירט מיט 1.

די רעזולטאַטן פון דער פאָלק־ציילונג 1926, וועלכע זיינען פאַרעפנטליכט געוואָרן, נאָכדעם ווי די אַרבעט איז שוין לאַנג געווען אָפגעדרוקט, (M. Ходес: Предварительные данные о социальном составе самодеятельного населения СССР по переписи 1926 года—Статистическое обозрение. Книга V. стр. 84-85. — Москва Май 1928) האָבן אין די רעלאַטיווע צאָלן בנוגע דער ניט־אידישער באַפעלקערונג קיין גרויסע ענדערונגען ניט אַריינגעבראַכט. אין קיין איין ווירטשאַפט־צווייג איז ניטאָ קיין באַדייטנדיגע דיפערענצן. וואָס איז שייך דער אידישער באַפעלקערונג, זיינען דערווייל פאַרעפנטליכט נאָר די דאַטן פאַר אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד, מאָסקווע און לענינגראַד, ד.ה. פאַר אַנ׳ערך אַכציג פּראָצענט פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין סאָוויעט־רוסלאַנד. מען קאָן רעכענען, אַז די דאָזיגע דאַטן זיינען טיפּיש פאַרן גאַנצן סאָוויעט־רוסישן אידנטום. די שנוים, וואָס די ציילונג־רעזולטאַטן טראָגן אַריין, זיינען אויך דאָ ניט קיין באַדייטנדיגע, און דאָס בילד, וואָס איז אויסגעשטעלט אויפן גרונט פון די שאַצונג־ציפערן, בלייבט גענוג ריכטיג. מער־וועניגער וויכטיגע קאָרעקטיוון ווערן אַריינגעטראָגן נאָר באַ דער צאָל אָנגעשטעלטע. באַ דער שאַצונג פון דער צאָל עקאָנאָמיש אַקטיווע אין סאָוויעט־רוסלאַנד צום 1925־טן יאָר האָב איך אָנגענומען די זעלבע פאַרהעלטנישן ווי לויט דער שטאָטישער פאָלק־ציילונג פון 1923־טן יאָר (אַנ׳ערך אַ דריטל עקאָנאָמיש אַקטיווע). לויט דער ציילונג פון 1926 קומט אָבער אויס, אַז אין אוקראַינע האָט דער פּראָצענט עקאָנאָמיש אַקטיווע באַ דער אידישער באַפעלקערונג באַטראָפן אַנ׳ערך 39, אין ווייסרוסלאַנד 37, אין לענינגראַד העכער פון 50 און אין מאָסקווע אַפילו מער פון 53 פּראָצענט. די לעצטע צוויי שטעט זיינען, פאַרשטייט זיך, ניט כאַראַקטעריסטיש, אָבער בכלל דאַרף מען רעכענען, אַז אין צענטראַל־רוסלאַנד, וואו די אידישע באַפעלקערונג איז אַ פרישע איינגעוואַנדערטע, איז דער פּראָצענט עקאָנאָמיש אַקטיווע העכער, ווי אין די אַלטע מקומות פון אידישן ישוב. מען קאָן אָננעמען, אַז אין דורכשניט פאַר גאַנץ רוסלאַנד מאַכן אויס די עקאָנאָמיש אַקטיווע עלעמענטן אַנ׳ערך פערציג פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג.

די צאָל אידישע אָנגעשטעלטע אין אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד, מאָסקווע און לענינגראַד האָט לויט די זעלבע ציילונג־רעזולטאַטן פון 1926־טן יאָר באַטראָפן 204.797 נפשות, ד. ה. אַז פאַר גאַנץ רוסלאַנד וועט די צאָל אידישע אָנגעשטעלטע זיך שטעלן אויף אַנ׳ערך 240.000.

בכלל אָבער קאָן מען זיך ניט באַנוצן מיט די רעזולטאַטן פון דער ציילונג 1926, ניט קוקנדיג פריער קיין גאַנץ ערנסטע אויסבעסערונגען, — די סאָויעטישע פרעסע האָט בשעתּו אַליין דערציילט, אַז גרויסע גרופּעס מענשן האָבן אויסגעמיטן צו אָנגעבן זייערע אמתע באַשעפטיגונגען. וועגן די "איינגע אויסבעסערונגען רעד איך באַריכות אין אַרטיקל „די סאָציאַלע גלידערונג פון די אידן אין אוקראַינע", אין זשורנאַל „װירטשאַפט און לעבן", נומער 2, בערלין, 1928, אויסגאַבע פון „אָרט".

די סך־הכלען פון דער טאַבעלע באַ פּוילן זיינען צונויפגעשטעלט געװאָרן לויט די דערהיילנגע רעזולטאַטן פון דער פאָלק־ציילונג 1921, וואָס זיינען געדרוקט געװאָרן פאַרעפנטליכט אין Miesięcznik Statystyczny פאַר די יאָרן 1924—26. (זעה באַמערקונג צו טאַבעלע I אויף זייט 192. די זעלבע באַמערקונג באַציהט זיך אויך אויף די טאַבעלעס פון די זייטן 198 ביז 199).

צו טאַב. XIX. — „רוסלאַנד" נעמט אַרום די טעריטאָריע פון אַמאָליגער רוסישער אימפּעריע אָן די צען פּוילישע גובערניעס און אָן גראָדנער און װילנער גובערניעס. די קליינע צאָל עקאָנאָמיש אַקטיווע, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן באַ דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג פון רוסלאַנד און קאָנגרעס־פּוילן, ערקלערט זיך מיט דעם, וואָס באַ דער פאָלק־ציילונג פון 1897 האָט מען די העלפנדיגע פאַמיליע־גלידער ניט פאַררעכנט צו די עקאָנאָמיש אַקטיווע.

צו זייט 44־45. — דער פּראָצענט, וואָס אידן מאַכן אויס אין פאַרשידענע ליבעראַלע פּראָפעסיעס אין פּוילן (זייט 44) און אין דייטשלאַנד (ז. 45), איז באַרעכנט געוואָרן נאָר לגבי די זעלבשטענדיגע. די אָנגעשטעלטע אין אַרבעטער זיינען ניט גענומען געװאָרן אין אַכט. ביידע גרופּעס באַשטייען דער עיקר פון באַאַמטע און פון גאָר נידריגן דינסטפּערסאָנאַל, און דער אָנטייל פון אידן איז דאָ זייער א קליינער. דאָס אַריינציען אין חשבון אויך אָט די צוויי גרופּעס וואָלט שטאַרק אַראָפּגעזעצט דעם פּראָצענט אידן און וואָלט פאַרווישט דאָס אמתע בילד.

צו זייט 61. — בנוגע דער צאָל פּראָלעטאַרישע עלעמענטן באַ אידן אין אַמעריקע. — ווען די אַרבעט איז שוין געווען פאַרענדיגט און אָפּגעדרוקט, זיינען אין „פאָרווערטס" (ניו־יאָרק) פאַרעפנטליכט געװאָרן א רייע אַרטיקלען פון קאָמפּעטענטע פאַכמענער, וואו ס'ווערט דערוויזן, אַז דער געוואַלד וועגן דעם בורזשואַזן גלגול פון אידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַמעריקע איז שטאַרק איבערטריבן און אַז פאַר די לעצטע יאָרן זיינען אויסגעוואַקסן אין א סך פאַר אידן נייע פאַכן, ווי בוי־אַרבעט, קאַנאַליזאַציע, בלעכערייַ און אין אַנדערע גרויסע אַרבעט־צווייגן באַדייטנדיגע אידישע אַרבעטער־מאַסן, וועלכע דעקן מיט א מותר דעם אָפּשטראָם פון דער שניידעריי. פון א רייע שמועסן מיט פירער פון די אידישע יוניאָנס אין אַמעריקע האָב איך באַקומען דעם איינדרוק, אַז די אָנגעשטעלטע מאַכן אויס ניט א דריטל פון אַלע אידישע פּראָלעטאַרישע עלעמענטן, נאָר א העלפט.

צו זייט 53. — ביים אויסרעכענען דעם פּראָצענט פון אידישן אַרבעטערקלאַס לגבי דעם גאַנצן אין דער אונטערשטער טעקסט־טאַבעלע לינקס זיינען אין ביידע פאַלן גענומען געוואָרן נאָר די אינדוסטריע־אַרבעטער.

צו זייט 58. — די דאַטן וועגן דער צאָל און פאַרטיילונג פון די בעלי־מלאכות אין מינסקער גובערניע אין 1802 יאָר זיינען גענומען באַ העסעניען, אין זיין בוך Евреи в Россіи.

צו טאַב. XXIII.— אין דער רובריק „אַרבעטער" זיינען פאַראייניגט די אַרבעטער און די לערן־אינגלאַך.

# קוועלן צו די טאַבעלעס I ביז XXIV


Statistik des Judentums, von Gustav Schimmer. — Wien 1873

Handbuch der Geographie und Statistik, von Ch. G. D. Stein. — Leipzig 1825

Statistik des Judentums im Deutschen Reiche, von Dr. Engelbert. — Frankfurt a. M. 1875

Dr. Dieterici: Mitteilungen des Statistischen Bureaus in Berlin. — Berlin 1849

Statistische Tabellen des Preußischen Staates, herausg. von Dr. W. Dieterici. — Berlin 1845

Dr. J. G. Hofmann: Zur Judenfrage — Statistische Erörterung. Anzahl und Verteilung der Juden im Preußischen Staate, nach einer Vergleichung der Zählungen zu Ende der Jahre 1840 und 1822. — Berlin 1842

Mitteilungen des Statistischen Bureaus der Stadt Leipzig. H. XIV

Beiträge und Beschreibung von Süd- und Neuost-Preußen. I. Band. — Berlin 1803

Geographie und Statistik West-Süd-und Neuost-Preußens nebst einer Geschichte des Königreichs Polen. Bearbeitet und herausgegeben von H. C. Holsche. — Berlin 1804. B. II

Joseph Rohrer: Versuch über die jüdischen Bewohner der Oesterreichischen Monarchie

Handbuch der Statistik des Oesterreichischen Kaiserstaates, von Joseph Hain. — Wien 1852.

Dr. Brawer: Galizien, wie es zu Oesterreich kam. — Leipzig u. Wien 1910

Michaël Stöger: Darstellung der Gesetzlichen Verfassung der Galizischen Judenschaft. — Lemberg 1833

Dr. Salomon Kassner: Die Juden in der Bukowina

Dr. Johann Polak: Statistik des Judentums in der Bukowina. — Statistische Monatsschrift. — Wien 1889

Dr. Adolf Ficker: Die Bevölkerung des Königreichs Böhmen. S. 6. — Wien und Olmütz 1864

J. J. Benjamin: Reise in den östlichen Staaten der Union und San-Franzisco. — Hannover 1862

Dr. A. Berliner: Geschichte der Juden in Rom. — Frankfurt a. M. 1893

Dr. J. M. Jost: Neuere Geschichte der Israeliten. — Berlin 1846 — 1847

Simon Dubnow: Weltgeschichte des Jüdischen Volkes. Bd. VII. — Berlin 1928

Dr. Gerson Wolf: Die Juden. — Wien u. Teschen 1883.

Alfred Nossig: Materialien zur Statistik des jüdischen Stammes. — Wien 1887

Allgemeine Zeitung des Judentums — Herausg. von Rab. Dr. L. Philippson. — Leipzig 1837 — 1855

Monatsschrift für Geschichte und Wissenschaft des Judentums. 1851 — 1870

Jüdische Statistik — Herausgeg. vom Bureau für Statistik der Juden. — Berlin 1903

Zeitschrift für Demographie und Statistik der Juden. — Berlin 1905 - 1927.

Jewish Encyklopeadia. — New-York—London.

American Jewish Jear Book. — American Jewish Committee. Philadelphia. 1925-27

The Jewish Jear Book - 1921 — London

Statsmans Jearbook. — London 1925-1928

Canada Jearbook 1926. — Ottawa.
Dr. Arthur Ruppin: Die Juden der Gegenwart. — Berlin 1920
Dr. Jacob Thon: Die Juden in Oesterreich — Herausg. vom Bureau für Statistik der Juden. — Berlin 1909
Dr. Jacob Segall: Die beruflichen und sozialen Verhältnisse der Juden in Deutschland. — Berlin 1912
Oesterreichische Statistik LXIII-LXVI. Ergebnisse der Volkszählung 1900. — Wien
Oesterreichische Statistik. N. F. H. 1-3. Ergebnisse der Volkszählung 1910. — Wien
Volkszählung in den Ländern der Ungar. Heil. Krone i. J. 1900.—Veröffentl. des König. Ungar. Stat. Zentralamts N. S. Bd. I.—Budapest.
Volkszählung in den Ländern der Ungar. Heil. Krone im Jahre 1910. Sechster Teil. Ungar. Stat. Mitteilungen. — Budapest 1924.
Statystyka Polski. Spis ludnosci Rzeczypospolitej Polskiej. Warszawa. — 1926-28
Recensement de la population en 1920. I—IV. Public. Stat. Hongroises. N. S.—Budapest 1925-27
Ergebnisse der Volks- und Berufszählung in der Tschechoslovakischen Republik. — Herausg. vom Statistischen Staatsamt — Prag 1926-27
Statistisches Handbuch der Tschechoslovakischen Republik. II. — Prag. 1925
Statistica profesiunilor din Romania dupa recensamantul general al populatiunei din 1 Januarie 1923.—Bucuresti 1924
Wirtschaft und Statistik. — Herausg. vom Stat. Reichsamt—Berlin 1927-28.
Statistische Nachrichten. — Redigiert u herausgeg. vom Bundesamt für Statistik. — Wien 1926-27.
Recensement da la population de Lettonie. 10 Fevr. 1925. 1—5. — Riga.
Статистическій временникъ Россійской Имперіи.—Изд. Центр. Стат. Комит. Минист. Внутр. дѣлъ.—Петербургъ 1866
Записки Одесскаго Общества Исторіи и Древностей. — Одесса. 1863, Томъ V
Скальковскій: Опытъ статистическаго описанія Новороссійскаго Края. — Одесса 1850
Русскій еврей. Еженедъльникъ. — Петербургъ. 1879—1884
Восходъ. Ежемѣсячникъ. — Петербургъ. 1881—1900
Еженедѣльная Хроника Восхода. — Петербургъ. 1882—1900
Описание дел бывшего Архива Мин. Нар. Просвещения. Казенные Еврейские Училища. т. I. — Петербург 1920
Б. Милютинъ: Устройство и состояніе еврейскихъ обществъ въ Россіи. — СПБ. 1849
Ю. Гессен: История еврейского народа в России. т. I. — Ленинград
Первая всеобщая перепись населенія Россійской Имперіи 1897
Еврейское населеніе по даннымъ1897 г. и по новѣйшимъ источникамъ.—Изд. Евр. Стат. О-ва. — Петроградъ 1917
Сборникъ матеріаловъ объ экономическомъ положеніи евреевъ въ Россіи. — С-Петербургъ 1904
Труды Варшавскаго Статистическаго Комитета. — т. XXXIII, XXXIV, XXXVIII. — Варшава
Б. Бруцкусъ: Профессіональный составъ еврейскаго населенія. — Петербургъ. 1908.
А. Закржевскій: Польша. Стат. - Этнографическій очеркъ. — Кіевъ 1916
Еврейская Энциклопедія. — С-Петербургъ.
יעקב לעשצינסקי: דאס אידישע פאָלק אין ציפערן. — בערלין 1921
י. קאָראלניק: די אידן אין אוקראַינע. — בלעטער פאר אידישע דעמאָגראפיע, סטאטיסטיק און עקאָנאָמיק. 4־3 .N.
יעקב לעשצינסקי: די אנטוויקלונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין קיעוו 1920-1897. — בלעטער פאר אידישע דעמאָגראפיע, סטאטיסטיק און עקאנאמיק .N 5. בערלין 1925

SCHLUSS DES ERSTEN BANDES / סוף פון דעם ערשטן באנד

---

## באמערקטע פעלער:

(פעטע ציפער—נומער פון זייט; מאגערע ציפער—שורה פון אויבן; רוימישע ציפער—שפאלט)

20, 17, I — 29,8; 21, 5, II — ניין און צוואנציג קהלות; 26, 26, II — מָאהילעוו איפן דניעסטר; 47, 54, II, — XX; 50 — ניט־אידישע זעלבשטענדיגע אין אינדוסטריע און מלאכה אין פוילן — 298482, ניט־אידישע אנגעשטעלטע אין האנדל און קרעדיט אין רומעניע — 29964, זעלבשטענדיגע אין אינדוסטריע און מלאכה בא אידן אין בעהמען, מעהרן און שלעזיע — 5437; 69, 37, I — גאַרדעזי, איבן כאַאוקאַל, מוקאַדעסי; 42, I — cap. 9 און גאַרדעזי; 70, 45, II — איד איברהים אבן יאקוב, וועלכער האט געלאזן א; 71, 50, I אַל־בעקרי; 51, II ראַבן; 72, 12, I — ראַבן; 49, I — תקו; 73, 37, I — סאמקארש; 51, I — גרינהויז; 21, II — אלי; 23, II — תקו; 48, II — איז דערמאנט אין קיעוו; 54, II — אור זרוע; 74, 37, II — XIII; 90, 18, I — 1819, 50, II — די שורה פאלט ארויס; 91, 32, I — אנקלאגע[7]; 34, I — בקשה, 16, II — הזדקקו; 40, II — אין דאקומענט איז די דאזיגע שורה בכלל ניט לייענבאר; 42, II — (זכר׳ ?) פאלט ארויס; 97, 41, I— פארגרעסערונג; 109, I, II — איבערגעלעבט צו איין פאגראם; טאב. III, רובריק I, רעכטס, פארלעצטע שורה — 10 און מער פאגראמען; 177, טאב. LII, עלטער־גרופע 40-45 — 7,5 פראצענט ניט־אידן; 216, טאב. XI- גרופע 5001-10000 — 313378; 217, טאב. XIII. — צווייטע רובריק רעכטס, פינפטע שורה—8; דריטע רובריק רעכטס, זעקסטע שורה — 100,0; אין רובריק 4 פון רעכטס קומען אריין די ציפערן פון רובריק 8, די ציפערן פון רובריק 5 זיינען—6·8, 40·9, 36·4, 14·2, 1·7, 100·0; אין רובריק 8 קומען די ציפערן פון רובריק 4.

# צילן און וועגן פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

ד ע ר  י י ד י ש ע ר  װ י ס נ ש א פ ט ל ע כ ע ר  א י נ ס ט י ט ו ט  ד א ר ף  ז י י ן: א) דער צענטער פון דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אין אידיש, אין דער ערשטער ריי פון דער פאָרשונג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור; ב) דאָס אָרט, וואו עס בילדן זיך נייע אַרבעטער אויפן פעלד פון יידישער וויסנשאַפט און קולטור; ג) דער צענטראַלער רעגיסטריר־פּונקט פאַר דעם יידישן קולטורלעבן אין אַלע עקן וועלט.

כּ ד י  צ ו  ד ע ר פ י ל ן  ד י  ד א ז י ג ע  א ו י פ ג א ב ע: א) קלייבט און סיסטעמאַטיזירט דער אינסטיטוט וויסנשאַפטלעכע מאַטעריאַלן; ב) גיט אַרויס זאַמלביכער („שריפטן“) און איינצלנע ווערק פון וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער; ג) פאַרבינדט די פאָרשער, וואָס אַרבעטן אין יידיש אָדער אין אַנדערע שפּראַכן איבער יידיש, אינפאָרמירט זיי וועגן וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, וואָס זיינען אין גאַנג און אָרגאַניזירט אַ קעגנזייטיקע הילף; ד) וויל שאַפן אַ צוגרייט־אַנשטאַלט פאַר יונגע וויסנשאַפטלער, פאַר קומענדיקע לערער פון די יידישע מיטלשולן און לערער־סעמינאַרן; ה) זאַמלט און פאַרשפּרייט אינפאָרמאַציעס וועגן צושטאַנד און אויפטוען פון דער יידישער קולטור־באַוועגונג אין אַלע לענדער.

ד ע ר  א י נ ס ט י ט ו ט  ב א ש ט י י ט  פ ו ן  4  ס ע ק צ י ע ס: פילאָלאָגישע, היסטאָרישע, פּעדאַגאָגישע און עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע.

דער פאָרשונג־געביט פון דער ע ק א נ א מ י ש ־ ס ט א ט י ס ט י ש ע ר סעקציע נעמט אַרום די פּראָגעס פון יידישער עקאָנאָמיק, דעמאָגראַפיע, פון יידישן קולטורעלן און פּאָליטישן לעבן.

די סעקציע אָרגאַניזירט אין פאַרשיידענע לענדער גרופּעס מיטאַרבעטער און מיטווירקער פון פאַך־געלערנטע און פון אַרטיקע געזעלשאַפטלעכע, פּראָפעסיאָנעלע, קולטורעלע און פּאָליטישע טוער פון די פאַרשיידנסטע ריכטונגען. די דאָזיקע גרופּעס זאַמלען עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן וועגן דער יידישער באַפעלקערונג פון זייער לאַנד אין רויער און אין באַאַרבעטער פאָרם, פירן דורך סטאַטיסטיש־עקאָנאָמישע אויספאָרשונגען, שטעלן אַוועק אין די געזעלשאַפטלעכע אינ־סטיטוציעס און קהלות סטאַטיסטישע רעגיסטראַציעס, וואָס וועלן דערנאָך קאָנען דינען פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. די סעקציע פאַרזאָרגט די פּרעסע מיט נייעסטע עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע ידיעות וועגן אַקטועלע יידישע פּראָגעס.

צום פאָרזיצער פון דער סעקציע איז אויסגעקליבן געוואָרן י ע ק ב  ל ע ש צ י נ ס ק י, צום וויסנשאַפטלעכן סעקרעטאַר י. קאָראַלניק.

---

## אויסגאַבעס פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

באַנד I. פילאָלאָגישע שריפטן, 1. לאַנדויבוך, — XVI + 428 + XXVIII שפּאַלטן גרויס־קוואַרט. — ווילנע 1928.

באַנד II. פילאָלאָגישע שריפטן, 2. — XVI + 516 + XXXVI שפּאַלטן גרויס־קוואַרט. — ווילנע 1928.

באַנד III. שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק, 1. — 304 זייטן גרויס־קוואַרט. — בערלין 1928.

באַנד IV. פילאָלאָגישע שריפטן, 3. — ווילנע 1928 (אין דרוק).

באַנד V. היסטאָרישע שריפטן, 1. — וואַרשע 1928 (אין דרוק).

דער פּנקס. אַ פערטליאָריקער זשורנאַל פאַר יידישע ליטעראַטור־געשיכטע, שפּראַכפאָרשונג, פאָלקלאָר און ביבליאָגראַפיע. אַרויסגעגעבן פון דער אַמעריקאַנישער סעקציע פון ייוו״א. — באַנד I. העפט 1־4. ניו־יאָרק 1927־28.

יידישע פילאָלאָגיע. צווייחודשדיקע בלעטער פאַר שפּראַכוויסנשאַפט, ליטעראַטור־פאָרשונג און עטנאָגראַפיע. העפט 4־6. אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פאַר דעם ייוו״א. 156 + VIII זייטן אָקטאַווו. — וואַרשע 1926.

ביבליאָגראַפישע יאָרביכער. באַנד I. 1926. יידישע צייטשריפטן, יידישע ביכער. וויסנשאַפט, ליטעראַטור און קונסט אין דער יידישער פּרעסע. צוגאָב: ביכער און ניי־געגרינדעטע צייטשריפטן אין 1927. — XXIII + 446 זייטן אָקטאַווו. — וואַרשע 1928.

סעריע „אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער וויסנשאַפט“. 1. די אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער וויסנשאַפט — נ. שטיף: וועגן אַ יידישן אַקאַדעמישן אינסטיטוט. ווילנע 1925; 2. פאָרבאַראַטונג וועגן דעם וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט 7־12 אויגוסט 1925. בערלין 1925; 3. צוויי יאָר אַרבעט פאַר דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (1925־1927). ווילנע 1927.

I. Minzin (Berlin)
Die Bildungsverhältnisse bei den Juden in Rußland und Polen
(S. 237-245)

Volksschulen mit russisch als Unterrichtssprache untergebracht, ungeachtet aller Bemühungen der nationalen Politik in der Sowjetunion.

Inbezug auf Polen konstatiert Verf. die zunehmende Rolle der Volksschule für die jüdische Bevölkerung. Verfasser hebt die Umstimmung in dem Verhalten der jüdischen Bevölkerung gegenüber den weltlichen Volksschulen hervor. Während noch 1920/1921 nur 37,3% aller im schulpflichtigen Alter stehenden jüdischen Kinder Volksschulen besuchten, erreicht dieser Prozentsatz im Jahre 1926/27 bereits 54,4%. Aber immer noch ist die Frequenz der Cheders höher als die der Volksschulen.

## Ziele und Wege des Jüdischen Wissenschaftlichen Instituts

*Das Jüdische Wissenschaftliche Institut bestrebt zu sein:*

1) *ein Zentrum der wissenschaftlichen Forschung für die jüdische Sprache, namentlich auf dem Gebiete des Studiums und der Entwickelung der jüdischen Literatur;*
2) *eine Vorbildungsstätte zukünftiger Kräfte zur Entwickelung der jüdischen Wissenschaft;*
3) *eine Zentralstelle zur Festhaltung aller Erscheinungen des jüdischen Kulturlebens.*

*Das Institut gibt Sammelbücher („Schriften") und Monographien heraus, stellt Verbindungen zwischen den Forschern her, die Arbeiten in jüdischer Sprache oder über Jüdisch in anderen Sprachen veröffentlichen, erteilt ihnen Auskünfte über die in Angriff genommenen wissenschaftlichen Untersuchungen, regt sie zu gemeinsamen Arbeiten an. Das Institut trifft ferner Vorkehrungen zur Gründung einer Lehranstalt zur Vorbildung junger Wissenschafter, künftiger Lehrer für jüdische höhere Schulen und Lehrerseminare, sammelt und verbreitet Informationen über den Zustand und die Erfolge der jüdischen Kulturbewegung in allen Ländern.*

*Bestand des Instituts: 1) Philologische Sektion; 2) Historische Sektion; 3) Pädagogische Sektion und 4) Sektion für Wirtschaft und Statistik.*

*Das Forschungsgebiet der Sektion für Wirtschaft und Statistik umfaßt die Probleme der Oekonomik, Demographie, des Kultur- und politischen Lebens des Judentums.*

*Die Sektion organisiert Ortsgruppen von Mitarbeitern und Förderern, sowohl aus der Mitte der Spezialforscher als auch aus den gesellschaftlichen, kulturellen, politischen und sozialpolitischen Kreisen aller Richtungen. Die Aufgaben der Ortsgruppen sind: a) Sammlung oekonomisch-statistischer Materialien betreffend die jüdische Bevölkerung ihres Landes, sowohl in bearbeiteter als auch in roher Form, b) Organisierung des statistischen Registrationswesens in den öffentlichen jüdischen Institutionen, Gemeinden usw., um Material für künftige Untersuchungen vorzubereiten.*

*Die Sektion vermittelt der Presse die neuesten statistischen Nachrichten über aktuelle jüdische Fragen.*

*Zum Vorsitzenden der Sektion ist Herr Jakob Lestschinsky, zum wissenschaftlichen Sekretär Herr I. Koralnik gewählt worden.*

**Zentralverwaltung:**
**Towarzystwo Przyjaciól Zydowskiego Instytutu Naukowego, W. Pohulanka 18, Wilno, Polen**
**Sektion für Wirtschaft u. Statistik:**
**Jakob Lestschinsky, Berlin-Steglitz, Bugge Straße 7**

SCHLUSS DES DEUTSCHEN TEILES

